# טעוויע גען
# אונדזערע
# צײַטן

ראָמאַן • דערציילונגען • נאָוועלן



פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״. מאָסקווע. 1972

טעוויע גען איז געבוירן געוואָרן אין 1912 יאָר אין שטעטל שאַ־דאָווע, קאָוונער גובערניע. זײַן ערשטע דערציילונג „א שלעכטער טאָג" איז געווען געדרוקט אין זשורנאַל „די רויטע וועלט" אין 1931, פון דעמלט אָן באַוויַזן זיך סיסטעמאַטיש געגנס דערציילונגען און נאָ־וועלן קימאַט אין אַלע יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס פון סאָוועטנ־פארבאַנד.

טעוויע געגנס דערציילונגען, וועלכע זײַנען דערשינען אין א בוך־פאָרם („נאָוועלן", 1932, „אין גוטן מוט", 1940, „דאָס פאַרבליבענע העפטל", 1944, אין רוסיש — „באַשיידענע מענטשן", 1962, „יאָרן וויַטע, יאָרן נאָענטע", 1967) אנטהאַלטן א גרויסע און פאַרביקע גאַלעריי פון אונדזערע מיטצייַטלער — אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, סטודענטן, געלערנטע. א שרייַבער מיט א שאַרף אויג פאַר אַלדאָס נייַע, וואָס קומט אויף אין לעבן, האָט טעוויע גען אין זײַן אייגנאַרטיקן נוסעך, מיט א גוט־געשליפענער זאַפטיקער שפּראַך און מיט א פייַנעם הומאָר, אַרויסגעבראַכט אין זײַן שאַפונג העלדן, וואָס זײַנען ניַי פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

אין ראָמאַן, וואָס לויט זײַן נאָמען איז אָנגערופן דער דאָזיקער בוך, — „אונדזערע צײַטן" — איז אין צענטער אַוועקגעשטעלט דער אָנגעזעענער געלערנטער, מעטאַלורג לעוו באָריסאָוויטש כאַנין. די האַנדלונג פון ראָמאַן קומט פאָר אין מאָסקווע, אין סיבירער אַקאַדע־מישן שטעטל, אין די טראַנסקאַרפּאַטן. דער אַוטאָר באַוויַזט פאַר־שיידענע ווינקלען פון אונדזער לאַנד און שילדערט מיט ליבע די מענטשן, וואָס לעבן דאָרטן. די דערציילונגען, וואָס זײַנען איינגע־שלאָסן אין דער זאַמלונג, זײַנען אויך אויף הייַנטצייַטיקער טעמאַטיק. דער סיפּער־האַמיַסע וויקלט זיך פאַנאַנדער אָדער אין א גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט פון דאָנבאַס („אין דער היימשטאָט"), אָדער אַפן וויַטן מיזרעך („א פּאָשעטע געשיכטע"), צי גאָר אַפן וויַטן צאָפן („די בעסטע מיטיקן").

דער בוך „אונדזערע צײַטן" דערשייַנט צום זעכציקסטן געבורטס־טאָג פון זײַן מעכאַבער. אינעם בוך איז אַרײַן נאָר דאָס, וואָס איז אָנגעשריבן די לעצטע יאָרן, און ער פּירט, געוויינלעך, ניט אונטער קיין סאַכאַקלען, ער גיט אָבער א גענויע פאָרשטעלונג וועגן איינעם פון די טאַלאַנטפולסטע יידישע שרייַבער — טעוויע גען.

# דאָס נײַע הויז



ו דער היפשער צאָל מויערן אינעם נײַעם מיקראָ־ראַיאָן איז צו־געקומען נאָך א הויז — דער קאָרפּוס נומער 26. דער קויל־שוואַר־צער געפאַרבטער נומער גלאַנצט פריש אף דער פאָדערשטער וואַנט און פאַרנעמט א דריטל בעטאָנענע פּליטע — פּונקט אַזויפיל, וויפל עס פאַר־נעמען די נומערן אף די פריערדיקע מויערן, וואָס זײַנען שוין אַלט א יאָר, און צוויי, און אפילע דרײַ. יענע, די פריערדיקע, האָבן שוין זיך אָנגעזאַפּט מיט אַלע רייכעס פון א וווינונג. דער בעטאָן האָט זיך אָנגעוואָרעמט פון די באַהייצונגס־באַטאַרייעס און פון מענטשלעכן אָטעם. די פריילעכע אָפּבריזגע־דיקע כאַנוקאַס־האַבאַזס־קעלישעקלעך האָבן אויך צוגעגעבן א היפּש ביסל וואַרעמקײַט. די יונג־פאַרפלאַנצטע בעז־ביימער דערגרייכן ביז צום מיטן פון צווייטן שטאָק, און די דעמבלעך מיט די ליפּעס האָבן מיט זייערע שפּיצן זיך אַרופגעכאַפּט נאָך העכער. די באַלקאָנען פון די דירעס זײַנען היימיש־אַקוראַט אַרומגעשלאָגן מיט הילצערנע שטאַכעטן, יעדער באַלקאָן האָט זײַן קאָליר (אָפּהענגיק פון עם געשמאַק פון באַלעבאָס): רויט, אָראַנזש, געל, בלוי, גרין. די אַמערסטן באַנוצטע פאַרב איז גרין, זי איז מילדער פאַרן אויג, דערמאָנט אין דער נאַטור. אף די אַספאַלטירטע סטעזשקעס, וואָס פירן צו די הײַזער, שפּילן מיידעלעך אין „קלאַסן״, אָפּן אַספאַלט זײַנען מיט קרײַד אָנגעמאָלט קרומע קוואַדראַטן און לאָמע ציפערן. יעדעס פּיצל ערד בא די אַלטע מויערן האָט שוין אַלע סימאָנים פון א פאַרפונדעוועט, אײַנרעגולירט לעבן. דער נײַער, אָקאָרשט־אויסגעפאַרטיקטער מויער, וואָס האָט זיך אוועקגעשטעלט דער לעצטער אין דער לאַנגער ריי הײַזער, איז נאָך רוי און הויל, צוקומען צו אים איז ניט אַזוי פּאַשעט, מע דאַרף קריכן איבער קופּעס ערד און מיסט, דורכגיין, ווי א צירקאַטש, דאָס ברעטל, וואָס איז אַריבערגעוואָרפן איבער א קאַנאַווע. א בריגאַדע אַרבעטער דעמאָנ־טירט דעם הייב־קראַן, צענעמט און צעגלידערט זײַן מעגוּשעמדיקן גוף, דערבײַ שטייט אָפּן שיידוועג צווישן צוויי אויסגעטראָטענע סטעזשקעס א פרוי און זי וואָרנט די פאַרבײַגייער, זיי זאָלן זיך האַלטן פונדערווײַטנס: עס קאָן געבן א פּיק דער שנאָבל, א פּלעט — דער טראָס מיטן האַטשיק. עס שטייט אף דער ערד די קאַבינע פונעם קראַן. לאַנגע כאַדאָשים איז זי געהאַנגען הויך אינדערלופטן, און מעטושטעשדיק האָט פון איר זיך אַרויס־געזען דער קאָפּ פונעם מאַשיניסט. איצט זעט זי אויס, ווי א פאַרלאָזענע שטײַג.

ביכלאַל, אָן דעם האָרעפּאַשניק דעם הייב־קראַן, וואָס האָט דורך די טעג און אָפּטמאָל, דערהויפּט ערעוו א יאָמטעוו, אויך דורך די נעכט גע־האָרעוועט ווינטער און זומער, געשלעפּט אַרופצו קאָלערליי מאַסעס, און צו וועלכן מע האָט זיך שוין גוט צוגעוווינט, ווי מע געוווינט זיך צו צו אָן אומרויִקן, טומלענדיקן, אָבער אין אַלגעמיין זייער געמיטלעכן שאָכן, — אָן דעם הייב־קראַן האָט שוין אין דעם אַרומיקן פּייזאַזש עפּעס געפעלט, ווי ס׳פעלט א שויב אין א פענצטער, דער הימל אין יענעם אָרט האָט

אויסגעוויזן פּוסטלעך, אַ ליאַדע וואָלקן האָט ניט געהאַט באַ וואָס זיך אָנצוהענגען.

אויף די בײַשטידלעך פֿון די טירן אין נײַעם הויז זײַנען שוין פֿאַראַן די קנאָפּקעס פֿון די גלעקלעך, אָבער ס׳קלינגט נאָך ניט. די פֿריש־געפֿאַרבטע דילן זײַנען אויסגעשפּרייט מיט אַלטע צײַטונגען; אַרײַנטרעטן אינעווייניק אין די בלאַנקענדיקע צימערן פֿאַרגינט זיך נאָר דער מײַסטער סערגיי אַפֿאַנאַסיעוויטש באָראָדולין — אַ באַיאָרטער און פֿאַרזאָרגטער מאַנספּאַרשוין מיט צוויי בינטלעך שליסלען אין ביידע קעשענעס פֿונעם בלויען אַרבעטס־רעקל. באָראָדולינען איז ניטאָ וואָס מעקאַנע צו זײַן. ער מיט די צוויי שלאָסערס און מיטן איין־און־איינציקן סטאָליער פֿון דער הויז־פֿאַרוואַלטונג דאַרפֿן פֿאַריכטן אַלע בלויזן, וואָס די בויער האָבן איבערגעלאָזט. סערגיי אַפֿאַנאַסיעוויטש האָט אַ לאַנג צעטל דעפֿעקטן: אין איינער אַ דירע איז אָפּגעפֿאַלן אַ שטיק שטוקאַטורקע, אין אַ צווייטער אַרבעט ניט די קאַנאַליזאַציע, אין אַ דריטער פֿאַרמאַכט זיך ניט די טיר. ער איז פֿאַרטאָן, פֿאַרהאָוועט, לויפֿט אום פֿון איין שטאָק אויפֿן צווייטן, ניט איבערצוציילן, וויפֿל מאָל דער מענטש שמײַעט אום אין מעשעך פֿון טאָג אויף און אָפּ איבער די פֿאַרליאַפּעטע טרעפּ. דערבײַ טיילט ער אַרײַן אַ גוטן מישעביירעך דעם פּראָראַב, דעם דעסיאַטניק. אויב ער געפֿינט אַ שטיקל צײַט, איז נאָר אויף צוצוגיין צום נאָענטן קיאָסק און זיך אויפֿמונטערן מיט אַ קופֿל ביר. דאָס איז אים מעכאַבעד אַ באַלסימכע, וועלכער האָט אָקאָרשט געקראָגן דעם שליסל פֿון דער נײַער דירע.

אָבער ניט געזאָרגט, ביסלעכווײַז ווערט אויך אײַנגעשרומפּן באָראָדולינס דעפֿעקטנע צעטל, עס שעפּט זיך אויס, ווי אַלץ אויף דער וועלט. גרויסע לאַסטמאַשינעס האָבן אוועקגעפֿירט דאָס מיסט, אַנדערע האָבן געבראַכט פֿאַרטיקערהייט די קלעפּיקע שוואַרצע אַספֿאַלט־מאַסע. אַ טאָג צײַט איז אינעם קוואַרטאַל געשטאַנען אַ הייסער און שאַרפֿער, טשאַדענדיקער רייעך, דערפֿאַר האָט זיך פֿאַזע דעם הויז אוועקגעלייט אַ טראָטואַרל, אַ שוואַרצס, ווי שוואַרצער רויג, און צו אַלע פֿינף אַרײַנגאַנגען אין מויער האָבן זיך דורכגעשלענגלט פּונקט אַזעלכע געשמאַקע סטעזשקעס. זיי האָבן ניט באַוויזן גוט זיך צו פֿאַרהאַרטעווען, ווי ס׳איז שוין צוגעפֿאָרן די ערשטע מאַשין מיט די געקינצלט־אָנגעמאָלטע טישן, שטולן, דיוואַנען. עס איז די פֿריילעכסטע בויד אויף דער וועלט. פֿון אינעווייניק, פֿון צווישן די איבערגעבונדענע קלומעקעס, האָבן פֿון אַ קוישל אַרויסגעלויכטן די גרינע אויגן פֿון אַ קאַץ. זי זאָל ניט אַרויסשפּרינגען, האָט מען זי געהאַלטן פֿאַרבונדן אין אַ טיכל. קוים האָט זיך די מאַשין אָפּגעשטעלט, איז אַ צעהיצטער און אַ צעפּלאַמטער אַראָפּ פֿון איר אַ יונגערמאַן און מיט אַ יאַם ענערגיע זיך אַ כאַפּ געטאָן צו די שווערע זאַכן, וואָס מע דאַרף טראָגן אינצווייען אָדער אינדרײַען. ער האָט געוואָלט נעמען אויפֿן רוקן די שאַפֿע. דאָס ווײַב זײַנס האָט אָפּגעקילט זײַן מעשוגאַס, ער זאָל זיך ניט אונטערײַסן. מיט אַ פּאַוואָליען, געמאָסטענעם גאַנג — עלעהיי יעדער טראָט באַטרעפֿט אַ רובל נײַ געלט — איז צוגעגאַנגען דער שאָפֿער, וואָס ווייסט זייער גוט,

פון וועלכן ברעג מע דארף די מאסע אָנעמען און וו׳אזוי מע דארף זי טראָגן, קעדיי ניט צו בלײַבן שטעקן מיט איר אף די טרעפּ. אלע באוועגונגען זײַנען בא אים אויסגערעכנט און אויסגעמאָסטן. דאָס פּינפּערל, וואָס ער קריגט פאר דער טירכע, טוט ער אָן שום רעספּעקט א קנייטש צונויף אין דער דלאָניע און שטופּט עס ארײַן אין קעשענע.

דערווײַל לויפט שוין ארום איבער די צימערן די קאַץ, זי באקענט זיך מיט די ווינקלען. דאָס מיידעלע, וואָס האָט זי ארופגעטראָגן, איז צוגעפאלן מיטן נעזל צום פענצטער — אָנצוקוקן אלץ, וואָס עס רינגלט ארום איר נײַע היים.

נאָך דער ערשטער מעבל־מאשין איז געקומען א צווייטע, א דריטע, א צענטע... און אָוונט לײַכט זיך שוין אין א סאך פענצטער. די העלע קריפּטאָנעווע לעמפּלעך — דערווײַל נאָך אָן אבאַזשורן — באשײַנען די איינפאכע געמעלן פון די טאפּעטן. אינעם הויז איז אכציק דירעס, און יעדע דירע איז א גלײַכער יאכסן מיט אלע איבעריקע — די זעלבע טאָפּלטע שויבן, די זעלבע שנירלעך, וועלכע מע דארף א צי טאָן אף אָנצינדן און אויסלעשן די עלעקטרע, די זעלבע צוויי רעדלעך פונעם קראַן — א רעדל מיט א בלוי קנאָפּקעלע פאר קאלט וואסער און א רעדל מיט א רויט קנאָפּקעלע פאר הייס וואסער. די פריידן און די זאָרגן בא די נײַע אײַנוווינער זײַנען אין א היפּשער מאָס אויך איינע און די זעלבע, האגאם מיט שאַטירונגען און ניואַנסן. מע ווייסט שוין, אין וועלכער דירע עס וווינט א דאָקטער, און, ניט דאָ געדאכט, אין וועלכער עס האָט זיך ארײַנגעקליבן א שיקער. דעם עמעס געזאָגט, גיין איינער צום צווייטן צוגאַסט אײַלט מען זיך דערווײַל ניט. די, וואָס האָבן פריִער געלעבט מיט שכיינים, און אזעלכע זײַנען קימאַט אלע, ווילן זיך א ביסל אָפּרוען אין דער באזונדערער קיך און אין באזונדערן קאָרידאָר. א פארגעניגן: ניט די גוטע שכיינע, ניט די שלעכטע קוקן ניט ארײַן אין טעפּל.

גיכער פון די דערוואקסענע באפרײַנדן זיך די קינדער. ס׳איז זיי א וווּנדער, וו׳אזוי זײַנען זיי עס ניט געווען באקאנט פון פריִער. צוויי אונטערגעוואקסענע מיידלעך, ביידע הייסן לײַודמילע, האָבן זיך צונויפגערעדט, אז איינע וועט זיך רופן לײַודע, די אנדערע — מילע, מע זאָל זיי ניט פּלאָנטערן. לײַודע און מילע גייען ארום געארעמט, ווי זיי וואָלטן צוזאמען אויסגעוואקסן.

די נײַע אײַנוווינער לייגן זיך שפּעט שלאָפן. זיי קלאַפּן מיט העמערלעך, דרעלעווען דעם הארטן בעטאָן, שלאָגן ארײַן טשוועקעס. יעדע לאָך אין דער וואנט איז א ריס אין הארצן — אוועקגעפּאטערט אזא נײַע שיינע וואנט, אָבער די צאָרע איז גאָר ניט אזוי גרויס. די לעכער ווערן פארקלעפּט, פארשמירט, פארווײַסט. אויב ס׳איז ערגעץ געבליבן א סימען פון א שפּעלטל, א טונקעלער פלעק, באהאלט מען אים הינטער א טעפּיך, הינטער א צאַצקע אפן פינקלענדיקן סערוואַנט, הינטער א גראָבן בוך אף דער ביכער־פּאָליצע. און גופע דאָס קלאַפּן מיטן דרעלעווען ווערט פארטויבט פון דער הילכיקער מוזיק, וואָס טראָגט זיך דורך די ווענט אף אלע שטאָקן.

# וואסער

דער אלטער מיכל פּרילוצקי מיט זײַן ווײַב איטע און דער טאָכטער ליזע האָבן זיך אהער אריבערגעקליבן ניט פון ווײַט. זיי איז ניט אויסגעקומען צו נעמען א מאשין אף אריבערצופירן די זאכן. פינף געציילטע מעטער פונעם נײַעם הויז איז געשטאנען זייערס אן אייגן שטיבל, אן ארומגעצאמטס מיט ניט קיין הויכן שיטערן פּלויט, וואָס יעדן ווינטער פלעגט ער אומפאלן און יעדן פרילינג ווידער ווערן אופגעשטעלט. בא דער שטוב איז געווען א סעדל מיט צוויי ווײַנשלביימער, איין עפּלבוים און א בעשוטפעסדיקן בארנבוים — דער שטאם איז געוואקסן בא מיכלען, די צווײַגן מיט די פּיירעס זײַנען געווען באם שאָכן. אין הויף איז געשטאנען א שטעלכל פאר האָלץ, א קאטוך פאר הינער און, בימכילע, אן אָפּטריט־אָרט מיט א שלעסל אפן צעבראָכענעם טירל. די נאכלע האָט מיכל אײַנגעשאפן אריבער דרײַסיק יאָר צוריק, ווען ער איז פונעם שטעטל לײפּאָוועץ געקומען צו פאָרן קיין מאָסקווע, ווו עס האָט שוין דאן געוווינט זײַנער א פעטער — א גוטער און געטרײַער פעטער, וואָס האָט אלע זײַנע קרויווים געייצעט איבערוואנדערן קיין מאָסקווע. בעסער, ווי אין מאָסקווע, — האָט ער געשריבן, — איז אין ערגעץ ניט. ײדן האָבן דאָ ברויט און צום ברויט. אין שטעטל איז מיכל געווען דער אָרעמסטער באָכער, און כאסענע האָט ער געהאט פאָרן אָרעמסטן מיידל. א קליינוווקסיקער, מיט א קײַלעכיק, ליכטיק, פול פּאָנעם, האָט ער אויסגעזען אזוי, פּונקט ווי ער וואָלט אפילע אינדערוואָכן געגעסן טשאָלנט און פארטרונקען מיט ווישניק. דער שטערן בא אים — א הויכער, מיט א פּאָר פריזע קנייטשן, ווי בא אן עמעסן טאלמיד־כאָכעם. אָבער ניט מיט טוירע, ניט מיט כאָכמע האָט ער זיך ניט געקאָנט בארימען. קלוגשאפט איז געווען בא איטען. נאָך דער כאסענע האָט זי איבער מיכלען גענומען די אויבערהאנט אזוי פעסט, אז דער יונגערמאן איז אינעם שטעטל גלײַך געקרוינט געוואָרן מיטן צונאָמען: דאָס עקסעלע. ער האָט זיך גוט געלאָזן גיין אין שפּאן, געטרײַ געשלעפט דעם וואָגן, פארלאָפן דעם ווײַבל אלע גענג, ניט געלאָזט זי אן איבעריק מאָל זיך אָנבייגן. דער צונאָמען האָט מיכלען זיך נאָכגעשלעפט אזש קיין מאָסקווע. די אלטע באקענטע און קרויווים רופן אים אזוי הינטער די אויגן ביז הײַנטיקן טאָג.

די גאס אין עק שטאָט, ווו מע האָט זיך באזעצט נאָכן אראָפּקומען פון ליפּאָוועץ, האָט מיט אירע נידעריקע הילצערנע הײַזקעס און קליינע ענגע הויפן קנאפּ זיך אונטערשיידט פון דער שטעטלשער גאס. א מינוט צען גאנג פונדאנען איז געלעגן דער ראכוועסדיקער שאָסיי־וועג, וואָס רופט זיך „לענינגראדער”. דאָרטן האָט געווימלט, מע האָט געדארפט בענטשן גוימל, ווען מע איז אים בעשאָלעם דורכגעגאנגען און ניט ארונטערגעפאלן אונטער א מאשין, און דאָ, אף דער קאזארמע־גאס, — זי האָט אזוי געהייסן, ווײַל אמאָל זײַנען אף איר געווען סאָלדאטישע קאזארמעס, — איז געווען אזוי שטיל, אז דער קריי פון א האָן אף איין עק גאס האָט זיך געהערט

אפן צווייטן עק. א הײסינער ײדענע מיט א ײדענע פון כמעלניק האָבן גע־מיטלעך זיך דורכגעשמועסט דורך די אָפענע פענצטער.

מע האָט זיך דאָ אין אלגעמיין נישקאָשעדיק אויסגעלעבט די יאָרן — אין די צײַטן פון נעפּ איז מען געווען קוסטארן, געשוסטערעוועט, געקירזש־נעוועט, געשנײַדערט, די אויסגעפּארטיקטע פאַר סאָפּאָזשקעלעך, דאָס בע־געדל, די קעפּקע לויט דער לעצטער מאָסקווער מאָדע האָט מען געטראָגן אפן פּעראָווער מארק, ווו — א קערבל ארוף, א קערבל אראָפּ — דאָס שטיקל סכוירע האָט געפונען אן אָפּזאץ. שפּעטער איז מען ארײַנגעטראָטן אין די ארטעלן, אָבער קעדײ אויסצושלאָגן די פּארנאָסע, האָט מען נאָך אלץ אונטערגעארבעט אין דער היים. באטאָג איז די נײ־מאשין געווען פארדעקט מיט א סערוועט און אף איר איז געשטאנען א גלאָז מיט בלימ־לעך — פארן פין־אינספּעקטאָר, אויב ער וועט אין א גוטער שאָ ארײַנ־בלאָנדזשען אהער. און בישטיקע, באדערנאכט, בא פארמאכטע לאָדנס, האָט מען גענייט. אונטערגעוואקסענע קינדער האָבן שוין געשטרעבט אין די אינסטיטוטן, געהאט באם אָנקומען א היפּש ביסל מאטערנישן — דער סאָציאַלער אָפּשטאם איז בא זײ געווען ניט קיין געהויבענער. אין א יאָר פיר־פינף ארום האָבן טאטע־מאמעס זיך אָפּגעגעבן מאזלטאָוו:

— אונדזערע האָט שוין האיאָר געקאָנטשעט... און אײַערער?

— מע לאָזט אים איבער אין אספּיראנטור.

מע האָט פארענדיקט דעם אוניווערסיטעט, דעם מעדיצינישן אינסטי־טוט, דעם איניאז[1]. קאָראָסטישעווער און כאשטשעוואטער מיידלעך האָבן גערעדט ענגליש און פראנצויזיש, ווי זײ וואָלטן געבוירן געוואָרן אין לאָנדאָן און פּאריזש. מילכאָמע־צײַט האָט מען דאָ, אף דער ראנד־גאס, גע־מאכט א גרויסע טראנשײ, א קעגנטאנקען־גרוב. די עלטערע לײַט מיט די קינדער האָט מען עוואקויִרט, די יוגנט איז אוועק אפן פראָנט אָדער אף די מיליטערישע זאוואָדן. נאָך דער מילכאָמע האָט די גאס ווידער אופגעלעבט, מע האָט זיך אומגעקערט אין די אלטע שטיבער...

איצט טראָגט מען די גאס אראָפּ — שטוב נאָך שטוב. אייגנטלעך, האָט מען זי שוין אראָפּגעטראָגן. איטע שטייט אין איר נײַער קיך, קאָכט דעם וואַרמעס און קוקט בײסמײַסע אין גרויסן פענצטער מיט די צווייענדיקע שויבן. זי זעט, ווי אן ארבעטער איז ארופגעקראָכן אפן דאך פון איר גע־וועזענעם שטיבל און רײַסט אראָפּ דאָס בלעך. יעדע בלאט איז פארזשאַ־ווערט, אויסגעביסן, דורכגעלעכערט, זי פאלט אראָפּ מיט א טויבן קלונג אף דער קופּע פרישער ליים בא דער טראנשײ, וואָס דער עקסקאוואטאָר גראָבט פון אינדערפרי אָן. אין דער טראנשײ וועט מען ארײַנלייגן די טרויבן פון דער צענטראלער באהייצונג פאר דעם נײַעם מיקראָ־ראיאָן. וויפל קויכעס און געלט האָט געקאָסט דעקן דעם דאך, אלע יאָר אָדער איבער א יאָר האָט מען אים געמוזט לאטען. אזוי גרינג איז געווען צו קריגן א שטיקל בלעך? דאָס עקסעלע פלעגט ברענגען צו שלעפּן א פּעקל טאָל, א ביסל שיפער, ס'זאָל ניט רינען איבערן קאָפּ.

---

[1] אינסטיטוט פאר אויסלענדישע שפּראכן.

פונעם דאָך איז שוין ניט געבליבן קיין סימען, עס שטאַרצט נאָר דער קוימען. דער עקסקאַוואַטאָר האָט אַ ווײַלע אופגעהערט גראָבן די טראַנשייַ, שווער, מיט די אָנגעוואַקסענע הרודעס ליים אַף די רויפּן, האָט ער צוגעטאַראַכקעט צום שטיבל און, ניט אויסקערעווענדיק זיך, געגעבן הינטן־אַרום אַ זעץ אין דער וואַנט. די הײַזקע איז אײַנגעפאַלן. קיין איין גאַנצן קײַלעכיקן סלופּ זעט מען ניט, בלויז האַלבע, פּאַלאָווינקעס — דערפאַר האָט אַזוי געבלאָזן פון די ווענט. אייניקע ברעטער האָבן זיך פאַרהיט, מע וואָלט זיי נאָך געקאָנט אויסנוצן, אָבער די מערהײַט איז טרוכליאַווע, עס שיט זיך פון זיי שטויב. מיכל, וואָס דרייט זיך אומרויִק אַרום אין הויף, ווי אַ הינדל, באַ וועלכן מע צענעמט די סידעלע, איז זשוואַוו אַרופגעקראָכן אַף דער כורווע און גענומען אָפּקלײַבן ברעטלעך אַף אַרומצושלאָגן דעם באַלקאָן פון דער נײַער דירע. ער האָט אויסגעזוכט און אַרויסגעשלעפּט פונעם אָנגעוואַלגער לענגערע דרענגלעך פאַר די שטריך צו הענגען גרעט. ס׳וועט אים שוין סטײַען ברעטלעך און דרענגלעך ניט פאַר איין באַלקאָן און ניט פאַר איין שטריקל, נאָר ער בייגט זיך ווידער, זוכט, גראָבט, נישטערט. וואָס זוכט ער? וואָס וועט ער אין דער קופּע מיסט געפינען? קאַרג זאַכן איז אויסגעקומען איבערצולאָזן? צוויי קעראָסינקעס, אַ קעראָגאַז, אַ פּרימוס, — איטע האָט געפּרוווט עס פאַרקויפן האַלב אומזיסט, האָט מען נאָר געקנייטשט מיט די פּלייצעס; האָט זי געוואָלט אָפּגעבן עס אינגאַנצן אומזיסט, האָבן זיך אויך ניט געפונען קיין באַלאָנים. וואַרפן אַף הפקר האָט ניט דערלאָזן דאָס האַרץ, יאָרנלאַנג האָבן די כפּייצים געטרײַ געדינט — געזשומעט, גערייכערט, געטשאַדעט, געשלונגען בידאָנען קעראָסין. דעם קעראָגאַז האָט איטע באַשטאַט אין אַ ווינקל אויפן באַלקאָן פון דער נײַער וווינונג, איבערגעדעקט אים מיט אַ שוואַרץ טיכל, ווי אַ באַרמינען. די קעראָסינקעס מיטן פּרימוס האָט זי נאָך אַ יִישעוו־האַדאַס מיט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אין הויף אַף אַן אָנגעזעען אָרט, נעענטער צו דער גאַס — ווער עס דאַרף, זאָל נעמען. נאָר אַפילע קיין אויטילשטשיק האָט זיך ניט געיאַוועט. כעוורע קונדייסים האָבן גענומען מיט זיי שפּילן, ווי מיט פּילקעס, געוואָרפן זיי און געשלײַדערט.

די בערעזע, וואָס וואַקסט אַף דער גאַס און וואָס פריִער האָט מען דורכן נידעריקן פענצטערל פונעם שטיבל געזען בלויז אירס אָן אונטערשט צווײַגל, קוקט איצט אַרײַן אינעם הויכן פענצטער און אין דער גלעזערנער טיר פון דעם גרויסן צימער מיט דער גאַנצער מילדער ווײַסקײַט פון אירע צוויי מעכטיקע שטאַמען, וועלכע ציִען זיך פון איין שווירעש, און מיטן גאַנצן טונקל־גרינעם געבלעטער פון די זאַפטיקע צווײַגן. דער שיינער בוים האָט גליקלעך אויסגעלעבט און געבליבן מיט זײַן לאַנגאָניקער פאַרוואָרצלטקײַט אַ ניט־גערירטער אויפן באַצירק פון דער בויונג. אויבן, באַ דער קרוין, הענגט די סקוואָרעשניע, און די פייגל פליִען אין דער אַלטער נעסט, זיי באַמערקן אַפילע ניט, אַז די פריִערדיקע גאַס איז ניטאָ און אַז אַלץ אַרום האָט זיך געביטן. די שאָפערן האָבן אַן אַרבעט צו קוקן, זיי זאָלן ניט צעשעדיקן דעם בוים, ניט אַרופאָרן אַף אים מיט אַ ראָד, ניט פאַרטשעפּען אים. איצט האָט אַ זאָרג דער מאַשיניסט פונעם עקסקאַוואַטאָר, ער

האלט אין איין ארויסקוקן פון זײַן הויכן טורעמל אױף רעכטס און אױף לינקס. ער ברעכט זיך אויס די הענט באם רודער, מאנעווורירט, דרייט די מעגו־שעמדיקע רויפן־רעדער אהער און אהין, ניט ארופצוקריכן מיט זיי אױף די איידעלע פרוכטביימלעך, וואָס וואקסן א שפּאן ווײַטער פונעם אָרט, ווו ער גראָבט. דעם עפּלבוים, דעם בארנבוים און איין ווײַנשלביימל האָט ער אויסגעהיט. דאָס צווייטע ווײַנשלביימל האָט ער פארטשעפּעט, א גראבל געטאָן עס מיטן קאָווש. דאָס געוויקס איז אומגעפאלן, די וואָרצלען, באַ־קלעפּט און באהאנגען מיט אשקאָליריקע הרודקעס ערד, האָבן זיך ארויס־געגומען פון דער ערדישער שויס, ווי א קוגל פון אויוון.

איטע האָט צעפּראלט דאָס פענצטער און צוזאמען מיט אנדערע שכיינעס, וואָס זייערע פענצטער קוקן ארויס אין סעדל, אופגעהויבן א גוואלד:

— וואָס האָסטו, רעצייעך, געטאָן? — האָט זי אפּן עקסקאוואטאָרשטשיק געגומען מאכן מיט די פויסטן. — ווייסט ניט, אז גרינס טאָר מען ניט רירן? איך לויף גלײַך צום פּראָקוראָר!

דער עקסקאוואטאָרשטשיק, שוין ניט קיין יונגער מענטש, — ניט איין טויזנט קובאָמעטער ערד האָט ער אױף זײַן לעבן אויסגעגראָבן און ניט איין בוים איז אים אויסגעקומען אראָפּטראָגן, — האָט צוערשט אױף די ווײַבערשע קוילעס ניט געוואָלט ענטפערן, ער האָט זיך געמאכט ניט הערנדיק. דער־נאָך איז ער פונדעסטוועגן ארויסגעקראָכן פון דער קאבינע און אופגע־הויבן א פּאָר ריינע, הימל־בלויע אומשולדיקע אויגן ארופצו צו די באל־קאָנען. זײַן בליק האָט ער אָפּגעשטעלט אױף איטען, זי האָט מער און העכער געשריִען פון די איבעריקע.

— ווײַבעלעך, טומלט ניט, וויפל איך וועל דארפן, אזויפיל וועל איך אויסהאקן. קיין איבעריק צווײַגל וועל איך ניט נעמען. עפּל און ווײַנשל וועט אײַך סטײַען פון די פארבליבענע ביימער, איר וועט מיך נאָך מע־כאבעד זײַן. כ׳מיין, אז דרײַ קיסליצעס האָסטו, מאמאשע, געהאט פון א בוים? — האָט ער ווילי‌ונגעריש א פרעג געטאָן בא איטען און מיט דער דאָזיקער פראגע שוין איינגאנצן זי ארויסגעבראכט פון די קיילים.

— כ׳האָב פּאָווידלע פון די אייגענע עפּל נאָך פון פארצווייייאָרן, — האָט זי געכאפּט א פארבונדענעם סלאָיִק פון א ווינקל אפּן באלקאָן און אים אופגעהויבן איבער דער פּאָרענטשע. — אזא גוט יאָר זאָל איך האָבן, וואָס פארא עמער עפּל איך האָב פארצווייייאָרן אראָפּגענומען!..

— און פאראיאָרן? — דער עקסקאוואטאָרשטשיק האָט, קענטיק, געהאט האנאָע פונעם איבערריידן זיך, ס׳איז געווען פאר אים א שטיקל אָפּרו.

— וועגן פאראיאָרן רעדט מען ניט. פאראיאָרן איז געווען אן אומגע־רעטעניש. און אײַנגעמאכטס פון ווײַנשל האָב איך ניט?

— נאָך דער ארבעט וועל איך ארײַנקומען און פארזוכן, — האָט דער פריילעכער עקסקאוואטאָרשטשיק צוגעזאָגט. — ווישניק איז אויך פאראן?

— דארפסט נאָך ווישניק?

— א גלאָז בראנפן מאכט אויך ניט אויס.

— כאָכמע זיך ניט, ס׳וועט אזוי גלאט ניט אראָפּ, — האָט איטע מיטביידע הענט געטײַטלט אפּן אומגעפאלענעם ביימל.

דער עקסקאַוואַטאָרשטשיק איז אַרײַנגעקראָכן אין דער קאַבינע און שוין פון דאָרטן אַ זאָג געטאָן ערנסט און אַפילע ווי באַליידיקט, וואָס אים קומט אויס זיך צו פאַרענטפערן:

— ווינטער וועט איר פאַרפראָרן ווערן, אויב מע וועט ניט צופירן צו אײַער הויז קיין טרויבן פון דער צענטראַלער באַהייצונג, — די לעצטע ווערטער זײַנע האָט פאַרטויבט די הודזשערײַ פונעם עקסקאַוואַטאָר.

מיכל, וואָס האָט אין ערגעץ ניט פאַרזאַמט, געווען אַפן באַצירק דאָ און דאָרט, — האָט גענומען דאָס אומגעוואַלגערטעביימל און איבערגעטראָגן עס אַף דער אַנדערער זײַט פון דער טראַנשיי, אַנטקעגן די פענצטער פון זײַן דירע. צום דריטן שטאָק וועלן די פייערס ניט דערלאַנגען, אָבער אַ ביסל גרינס וועט מען זען. ער האָט מיט דער לאָפּעטע פּלײַסיק גענומען מאַכן אַ גריבל אַף איבערצוזעצן דאָס געוויקס, און איטע האָט אים פון אויבן, דורכן פענצטער, געהאָלפן מיט אַן אייצע.

אַ סאַך צײַט גייט בא איטען אַוועק אַף קוקן אין די פענצטער. פריִער, אין איר שטיבל, האָט זי דורך די נידעריקע שײַבלעך געזען בא די פאַרבײַגייער בלויז די פיס ביז די קני. דעם גאַנצן טאָג האָט זי געזען קני, עס האָט געקניט אין די אויגן. איצט זעט זי אַ מענטשן אינגאַנצן, און פריִער פון אַלץ זײַן קאָפּ. וואָס איטע זאָל ניט טאָן, מוז זי אויך צוגיין צום פענצטער. ווען זי שטייט בא דער פּליטע, איז — אַ קוק צום טעפּל און אַ קוק אין פענצטער. ווען זי וואַשט דאָס געפעס, איז דאָס זעלבע: אַ וואַש, אַ וויש און אַ קוק. אין דרויסן, אַף דער אַראָפּגעטראָגענער גאַס, קומען נאָכאַנאַנד פאָר געשעעענישן, וואָס זי דאַרף לעמאַנהאַשעם זײַן פון זיי אַן איידעס. פונדעסטוועגן בלײַבט גענוג צײַט אויך פאַר דער שטוב. קיין האָלץ פון דרויסן דאַרף מען ניט טראָגן, דעם אויוון — ניט הייצן, נאָך קעראָסין — ניט לויפן. צוגעטראָגן אַ שוועבעלע צום גאַז־קאָלפּעק, און ס׳צינדט זיך אָן אַ בלוי פלאַטערנדיק בלימעלע, אַ כיִעס צו קוקן. אַוועקגעשטעלט אַף די קאָנפאָרקעס קאָכן דעם מיטיק, מע באַווײַזט ניט אָפּדעקן די דעקלעך פון די טעפּ — עס זידט שוין, עס לויפט שוין, ס׳איז שוין באַלד פאַרטיק! וויפל צײַט האָט עס פאַרנומען אָפּקאָכן אַ זופּ מיט פלייש אַף דער קעראָסינקע, וואָס אָט ציִען זיך אַרויף די קנויטן, עס ווערט שיר ניט אַ סריי־פּע, אָט פאַלן זיי אַראָפּ, ווי אין אַ טהאָם אַרײַן.

אָפּגעפּאַרטיקט דעם וואַרעמעס און גוט אים באַוואָרנט — אײַנגעוויקלט אין מיכלס אַן אַלטן וואַטניק דאָס עסיק־פלייש, מע זאָל ניט דאַרפן נאָכאַמאָל וואַרעמען, ווײַל דאַן פאַרלירט עס דעם טאַם, אַוועקגעשטעלט לויט דער אַלטער געוווינשאַפט אַפן פענצטער אויסקילן דעם קאָמפּאָט (כאָטש פונעם איצטיקן פענצטער בלאָזט שוין ניט), — איז איטע זיך דורכגעגאַנגען איבער די צוויי צימערן און באַטראַכט דאָס מעבל. מיטן מעבל האָט קאָמאַנדעוועט די טאָכטער ליזע. דאָס גאַנצע לעבן זײַנען איטע און מיכל, מיט לײַטן צוגלײַך, געשלאָפן אַף אַ בעט מיט אַ מאַטראַץ, אַפילע מיט צוויי מאַטראַצן, און ס׳איז געווען אַ פערענע און קישנס ביז דער סטעליע. די קישנס זײַנען געווען איטעס נאַדן, די פעדערן פאַר זיי האָט נאָך געפליקט די באָבע. איצט איז באַטאָג קיין סימען פון אַ קישן ניטאָ

אין ״טוב. אינדערפרי שטופט איטע אריַין דאָס גאנצע בעטגעוואנט אין דער שאפּע, וואָס איז איַינגעמויערט אין דער וואנט, ס׳בליַיבט נאָר אוף דער טאכטא א מאָנטשינק סאמעטן קישעלע מיט אן אויסגענייט בערעלע. די טאכטא איז דריַי ווערשקעס פון דער ערד; ווען מע ליגט אוף איר, איז ווי מע וואָלט געלעגן אוף דער פּאָדלאָגע. אזויפיל גוטע יאָר זאָל נאָך צוגעגעבן ווערן צום לעבן, וויפל מע האָט נאָך געקאָנט שלאָפן אוף דעם אלטן בעט. עמעס, ס׳האָט א ביסל געסקריפּעט, און דאָס ווענטל, קעדיי עס זאָל ניט אומפאלן, האָט מען געדארפט האלטן צוגעשפּארט צו דער וואנט, עס זיַינען געווען וואנצן... דארף מען צוליב דעם ארויסווארפן א בעט?

ווען איטע, מיכל און ליזע זיַינען אריַין אין גרויסן מעבל־מאגאזין אפן לענינגראדער פּראָספּעקט, האָט ליזע ניט געלאָזן דעם טאטן און די מאמע צוגיין צו די בעטן, זי האָט זיי נאָר געשלעפּט צו די סאָפקעס און טאכטא.

— וויפל דארף מען איַיך דערקלערן, אז אוף א בעט שלאָפט מען איצט ניט, ס׳איז אן אנאכראָניזם, — האָט ליזע שטיל, אנדערע זאָלן ניט הערן, איַינגעקנעלט מיט טאטע־מאמע. — דאָרטן, ווו עס שטייט א בעט און ס׳איז אָנגעלייגט א פּיראמידע מיט קישנס, קאָן מען אין שטוב ניט אריַינגיין...

ווען ליזע נערווירט, טרייסלט זיך בא איר אפן קאָפּ די הויכע פריזור מיטן ווײַדעלע אפן נאקן, ס׳פינקלען די אויגן — גאָר עפּעס פרעמדע אויגן. זיי גלאנצן מיט פארב פון דער פּאריקמאכערסקע.

לויט איר עלטער וואָלט ליזע געמעגט זיַין איטעס און מיכלס אן אייניקל. ווען מיכל האָט נאָך דער מילכאָמע זיך אומגעקערט פון פראָנט מיט הענט און מיט פיס, — וויאזוי האָט מען די סימכע ניט געזאָלט אָפּמערקן לעדוירעס? דאָס פּאָרפאָלק, וואָס איז שוין דעמלט געווען וויַיט ניט יונג, האָט זיך פארגונען, און פונקט אין ניַין כאדאָשים ארום נאָך דער דעמאָביליזאציע איז געבוירן געוואָרן א מיידעלע. עמעס, א שוואכינקע, פּאָרט א שפּעט צוויַיגעלע...

א היפּשע וויַילע איז איטע געשטאנען אין גרעסערן צימער און מארקירט, וויאזוי ס׳וואָלט געווען בעסער איבערצושטעלן דאָס מעבל. דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן דעם ניַיעם ציצענעם כאלאט, די בלימלדיקע שטעקשיך און אריַינגעשוועבט, ווי א מאלקע, אין וואנע־צימער, אריַינכאפּן א וואנע. קאָלזמאן מיכל איז אין דרויסן און די טאָכטער האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט פון דער ארבעט. איטע האָט גענומען רעגולירן די קראנען — דאָס איז איר באליבטע מעלאָכע. זי האָט געעפנט דעם הייסן קראן, געעפנט דעם קאלטן, געדרייט די קראנען אהין און אהער, געמישט ווארעמס מיט קאלטס, ביז דאָס וואסער איז איר געוואָרן געפעלן, ס׳איז אזא ווי זי דארף. דאן האָט זי איַינגעשלאָסן דעם דוש, און ס׳האָט גענומען גיסן פון אויבן. מיטאמאָל איז אוועק רויט וואסער, ווי אויסגעמישט מיט ליים, און איטע האָט אָנגעהויבן באניַיס א קאָן — ארויסגעלאָזט דאָס וואסער, וואָס האָט זיך שוין אָנגעגאָסן, אויסגעשווענקט און אויסגעוואשן די דעק מיט די ווענטלעך פון דער וואנע און גענומען אָנגיסן ניַי וואסער, דערביַי יעדעס מאָל אונטערגעשטעלט די הענט אונטערן שטראָם, געגעבן א טאפּ, צי ס׳האלט די טעמפּעראטור, וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן. זי האָט זיך גע־

נומען פּליושקען, און גרינג איז געוואָרן דאָס אלטע לײַב — א העלפט יאָרן זײַנען אוועקגעשווומען.

אלץ איז פארגעניגנדיק אין דער נײַער דירע, אָבער דער גרעסטער אויצער איז דאָס וואסער.

דאָס גאנצע לעבן האָט איטע געפּילט א מאנגל אין וואסער. פון קינדווײַז אָן האָט זי פארגעדענקט, ווי אין שטוב האָט מען זיך געקריגט, ווער עס זאָל גיין נאָך וואסער, און טאָמיד האָט מען געהערט ריידן, ווער עס האָט אויסגעגאָסן אָן איבעריקע קוואָרט. הײַנט וויפל עמער זײַנען ארײַנגעפאלן אין ברונעם און וויפל מאָל איז מען שיר אליין ניט ארײַנגעפאלן, ווינטער־צײַט שיר ניט געבראָכן האלדז־און־נאקן, ווען מע איז געשטאנען אפן אָנגעוואקסענעם גליטשיקן בערגל און מיטן עמער אף דער שטריק געבאָמבלט אינווייניק, אינעם טונקעלן שמאָלן כאָלעל, צווישן די דיקע פלעכטלעך אײַז, וואָס זײַנען אָנגעוואקסן אף די ווענטלעך פונעם ברונעם. זומער איז געווען גרינגער, אָבער איידער עס פלעגט זיך אָנעמען א פולער עמער, האָט מען לאנג געדארפט מיט אים קלינגען און קאלויצען, צען מאָל אים אופהייבן און צען מאָל צוריק אראָפּלאָזן צום אויסגעשעפּטן דעק.

מילכאָמע־צײַט האָט איטע געלעבט אין א דאָרף, ווו מע האָט געטראָגן וואסער פונעם טײַך. מיטן ליידיקן איז מען געלאָפן אראָפּ־בארג. מיטן פולן — זיך געשלעפּט ארוף־בארג. ס׳זאָל זײַן פארקערט, וואָלט מען אינגאנצן ניט געקאָנט זיך געבן אָן אייצע. דערנאָך איז זי אריבערגעפאָרן אין איסיק־קולער געגנט, אין קירגיזיע, דאָרטן שעפּט מען וואסער פון אן אריק — א ריטשקע, וואָס פליסט אין אן אויסגעגראָבענער שמאָלער קאנאווע. דאָס וואסער דארף א צײַט זיך אָפּשטיין, עס זאָל אפן דעק זיך אָפּזעצן דער שמוץ. דאָס אריקל איז געווען לענגויס דער גאס, פארבײַ די געפלאָכטענע פלויטן פון די הויפן. מיט אירע אייגענע הענט האָט איטע געהאָלפן גראָבן א גרויסן אריק, א גאנצן קאנאל אין א נײַ אָרט, א וויסטעניש. וואסער פאר די בויער האָט מען אהין געפירט פונדערווײַטנס, אין ציסטערנעס, אײַנגעטיילט יעדן בעצימצעם, צוזאמען מיטן כיילעק ברויט, ווי א גלאָז מאשקע און נאָך עפּשער ציטעריקער פון מאשקע. ווען אינעם קאנאל האָט גענומען פליסן דאָס ערשטע ליימיק־רויטע געדיכטע און קלעפּיקע וואסער, איז איטע צוגעפאלן צו א קירגיזקע און זיך געקושט מיט איר, ווי מיט א שוועסטער.

אין מאָסקווע האָט מען גענומען וואסער פון א קאָלאָנקע — ס׳איז ניט צו פארגלײַכן מיט א ברונעם און מיט אן אריק, איז זי אָבער, די קאָלאָנקע, געווען ווײַטלעך, א גוטע פאָר הונדערט שפאן פון דער שטוב.

דער געטרײַער מיכל האָט צוליב זײַן ווײַב געטאָן אלע שווערע ארבעטן, נאָר אין צוויי זאכן האָט ער איר ניט געקאָנט העלפן: גיין פאר איר צו קימפּעט און טראָגן וואסער. א קליינטשקער, מיט קורצע הענט און קורצע פיס, האָט ער בעשום־אויפן ניט געקאָנט טראָגן צוויי עמער וואסער און ניט צעגיסן זיי. אפן וועג האָט ער האלב צעפּליעסקעט. עס האָט זיך געצויגן א ריטשקע פון דער קאָלאָנקע ביז דער שטוב — א געלעכטער פאר לײַטן, א קוויקעניש פאר די אומאנער, בערשאדער, כאשטשעוואטער, נאָ־

וואַזיבקאָווער לייצאָנים, וואָס האָבן געוווינט אַף דער גאַס: עקסעלע דער גיבער! איטע האָט געטראָגן די עמער אַף אַ קאָראָמיסלע, דער טיפער אויסבייג פון דער דוהע איז ווי אַ צוגעשמידטער געלעגן אַפן אקסל, דער הויכער בוזעם איז געווען אַ גוטער גלײַכגעוויכט צו די פולע עמער, און זי איז געגאַנגען גלײַך, ניט געבויגן, קיין טראָפּן וואַסער האָט זי ניט פאַרגאָסן ניט אַפן ברוק, ניט אַפן טראָטואַר.

איטע האָט די קאָראָמיסלע מיטגענומען אין דער נײַער דירע, אַוועקגע־שטעלט אַפן באַלקאָן. ערשטנס, קאָן עס דינען פאַר אַ שטעקן, צווייטנס, זאָגט מען, אַז ס׳מאַכט זיך אַף די אייבערשטע שטאָקן הערט אויף צו גיין וואַסער, וועט דאַן דאָס שטיקל אַלטוואַרג נאָך צוניץ קומען. די קאָראָ־מיסלע איז אויסגעריבן און גלאַט אָפּגעפּאָלירט, באַזונדערס יענץ אָרט, וואָס פלעגט ליגן אַפן אקסל, ס׳איז ווי אַ שטיינדל, וואָס איז געלעגן אַפן דעק פון יאַם.

די וואַנע ווערט אַלץ פולער, עס קלאַפּט דער וואַרעמער שטראָם, דאָס וואַסער נעמט אַרום, גלעט די ביינער, ציט אַרויס די מידקײַט פון די פיס. אַזאַ וואַנע — כאָטשבי מיט אַ צען יאָר צוריק... איטע רײַבט איין פוס אינעם צווייטן און פילט מאַמעש, ווי ס׳גייט אַראָפּ פון זיי דאָס געשווי־לעכץ. זי דערמאָנט זיך, וויאַזוי מיכל איז די ערשטע צײַט נאָכן אַראָפּ־קומען פונעם שטעטל קיין מאָסקווע געשטאַנען אַף דער גאַס און געהאַנדלט מיט פּאַפּיראָסן. אין די פרעסט פלעגן בײַ אים אָפּפאַלן די הענט פון קעלט, די פינגער פון די הענטשקעס זײַנען פון אויבן געווען אָפּגעשניטן, קעדיי מיכל זאָל קאָנען נעמען דאָס געלט, געבן אויסגאָב. האַנדלען מיט די פּאַפּיראָסן אַפן שטיק, פונעם אָפענעם פּעקל, קאָן מען אויך ניט מיט פאַר־קוטעטע הענט, מע דאַרף דעם פּאַפּיראָס אַרויסשלעפּן פון פּעקל. גראָד פון די פּאַפּירעסלעך, וואָס מיכל האָט פאַרקויפט אייַנציקווײַז, האָט מען געצויגן די כאַיונע... אַהיים פלעגט ער קומען מיטן פראָסט אונטער די נעגל. מע זאָל אים דאַן געווען אַרײַנזעצן אין אַ הייסער וואַנע, וואָלט ער זיך דערפילט ווי אין אַ גאַניידן...

די טאָכטערקע ליזע, — טראַכט איטע ווײַטער, — שטייט אין אַ גרויסן ביכער־מאַגאַזין, אין צענטער פון מאָסקווע, ס׳איז דאָרטן וואַרעם, און זי האָט צו טאָן מיט אַ פײַנעם עולם — ניט קיין פײַנע מענטשן קויפן ניט קיין ביכער, — און פונדעסטוועגן שעמט זי זיך, ליזע, מיט איר אַרבעט, זי האָט בעקיוון זיך אײַנגעאָרדנט וואָס ווײַטער פון דער שטוב און פאָרט יעדן טאָג מיטן אווטאָבוס און מיטן מעטראָ, אַבי נאָר באַקענטע זאָלן זי ניט זען בײַ דער ביכער־פּאָליצע. עפּשער איז זי גערעכט: אַן איצטיקער באָכער, אַן אינזשעניער, וויל אַ ווײַב אַן אינזשעניערשע, אַ דאָקטערשע; אַ פעלדשעריצע נעמט מען שוין ניט גערן. הײַנטיקע יונגלעך פרעגן גלײַך: ווו אַרבעט זי? וואָס איז זי? אַף דער גאַס, וואָס מע האָט אַראָפּגעטראָגן, האָט איטע געהאַט אין אויג אַ פּאָר ווױלע ייִדישע באָכערים. אויב מיט איינעם וועט ניט אַרויסקומען, איז פאַראַן אַ צווייטער, נאָך אַ בעסערער. זײַנען די ייִנגלעך זיך צעפלויגן, זיי האָבן געקראָגן דירעס — איינער אין קוזמינקע, דער צווייטער — אויך ערגעץ אין אויסרײַסעניש, גיי זוך זיי,

מע הערט זיי ניט און מע זעט זיי ניט. זיי האָבן געגנוג מיידלעך אפֿן נײַעם אָרט.

וויפֿל קאָן מען אין דער וואנע זיך קוויקן אינמיטן העלן טאָג? איטע האָט זיך אופגעהויבן, דערבײַ זיך אויסגעגליטשט, א נעס, וואָס זי האָט מיט דער האנט אָנגעכאפּט זיך פֿארן שטריקל, וואָס הענגט אונטער דער סטעליע. שוין גאָר פֿאוואָליע און באדאכט האָט זי אוועקגעשטעלט איין פֿוס אף דער צעראטע, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אפֿן דיל, דערנאָך אוועקגעשטעלט דעם צווייטן פֿוס. אָן אָפּגעשוואכטע און א צעמאָרעטע, האָט איטע ניט גוט פֿארדרייט דעם קראַן, און דאָס וואסער האָט ניט אופגעהערט צו רינען. זי האָט זיך אײַנגעוויקלט אין א קנאקנדיקן אויסגעפּרעסטן לײַלעך, דעם קאָפּ פֿארבונדן מיט א בלאנקעגדיקן ווײַסן טשיפּעק און אוועקגעשלײַכט אין צימער.

איטע האָט געכאפּט א געשמאקן דרעמל. ס׳איז דורך עפּשער א גאנצע שאָ, ביז זי האָט אופגעעפֿנט די אויגן. דוכט זיך, אז מע קלינגט. צי עס ווײַזט זיך איר אויס? אין קאָפּ הודזשעט, ווי פֿון א וואסערפֿאל. ניין, כוץ דעם, וואָס עס הודזשעט, קלינגט מען טאקע, יעדער מאָל שטארקער, לענגער, ס׳לעכערט די אויערן. ווער קאָן דאָס זײַן? מיכל האָט א שליסל פֿון דער שטוב, ליזע — אויך. עס מאכט זיך — ס׳קלינגט כעוורע קליינוואַרג, שטיפֿערס, זיי קאָנען ניט דורכגיין רויִק פֿארבײַ א גלעקל. אָבער מע קלינגט ווידער... איטע האָט פֿארשפּיליעט די קנעפּלעך פֿון כאלאט און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— וואָס איז געשען? עס ברענט? ס׳איז א סרייפֿע? — איטע האָט אומפֿרײַנטלעך, פֿארדעכטיק באקוקט דעם אומגעדולדיקן באָכער, וואָס ווי נאָר זי האָט געעפֿנט די טיר, האָט ער אָן אָן אײַנלאדונג, ווי א צעהיצטער לאָשעק, זיך ארײַנגעריסן אינווייניק אין קאָרידאָר.

— ניט קיין סרייפֿע, נאָר א פֿארפֿלייצונג, — האָט דער כעוורעמאַן געענטפֿערט מיט אַן אומרויִק קאָל, מיט וועלכן מע רופֿט געוויינלעך ארויס דורכן טעלעפֿאָן די „גיכע הילף”. — בא אונדז איז די גאנצע סטעליע געוואָרן נאס. דערלויבט א קוק טאָן, וואָס טוט זיך דאָ בא אײַך...

איטע איז א מעוווּלוועלע און איבערראשטע געבליבן שטיין אין קאָרידאָר. דער אומגעריכטער גאסט האָט געגעבן א גרעסערן שפּאַן און איז ארײַן אין וואנע־צימער. דאָ איז טאקע געווען א פֿארפֿלייצונג, פֿון דער איבערפֿולטער וואנע האָט געגאָסן אפֿן דיל, דאָס וואסער האָט שוין פֿארכאפּט א שטיקל קאָרידאָר און די קיך. דער באָכער האָט קווּדעמקאָל גוט פֿארדרייט דעם קראַן, דערנאָך האָט ער פֿון זיך אראָפּגעוואָרפֿן דאָס פּידזשאקל, א שלײַדער געטאָן עס אף דער טאבורעטקע, אף וועלכער עס זײַנען פֿון פֿריִער געלעגן אייניקע איטעס זאכן, פֿארקאטשעט דעם ארבל פֿונעם לאווסאַן־העמדל און ארײַנגעטאָן די גאנצע האנט, ביז דער פּלייצע, אין דער וואנע — געזומען דורכרייניקן דעם פֿארפֿראָפּטן רינשטאָק. מיט א פֿריילעכער היכצערײַ און פֿארכלינעטקײַט האָט דאָס וואסער גענומען אראָפּפֿליסן. דאַן האָט דער פֿלינקער יונגאטש ארויסגעכאפּט אין דער קיך פֿונעם שאפֿקעלע אונטערן קראַן דעם עמער און גענומען שעפּן דאָס וואסער

פונעם דיל. ווען מיטן עמער האָט זיך שוין ניט אָנגענומען, איז אוועק אין גאַנג אַ שמאַטע. איטע איז דערווײַל געקומען צו־זיך, די אָפּגעליימטקייט איז אַראָפּ פון איר, און זי האָט אָנגעהויבן רײַסן די שמאַטע באַם באָכער פון די הענט, זי קען בעסער, נאָר יענער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר אַלט בלאַס פּנים און באַשלאָסן פאַרזעצן אַליין. ער האָט פון די פּיס אַראָפּגע־וואָרפן די פּיטש־נאַסע סאַנדאַליעטן און העכער אונטערגעהויבן און פאַר־קאַטשעט די הויזן — דאָס איז אָנגעקומען ניט אַזוי גרינג, ווײַל די הויזן זײַנען געווען שמאָלע. די שמאַטע האָט ער יעדער מאָל אויסגעדרייט מיט אַזאַ קראַפט און אָנשטרענגונג, פונקט ווי זי וואָלט געווען אַ פּאָדקעווע, וואָס ער דאַרף איבערברעכן. ער איז געווען פאַרטאָן אין דער דאָזיקער אַרבעט, בייס עס איז אַרײַנגעקומען ליזע. דאָס בלויע גרינגע שטאָף פונעם פּלאַשטש „באָלאָניע” האָט אויף איר געגלאַנצט און זיך געמיניעט, געהאָרכ־זאַם איבערגעכאַזערט יעטווידע באַוועגונג פונעם שטאַלטנעם מיידלשן קערפּער. אין איין האַנט האָט ליזע געהאַלטן אַ קליין זאַמשן רידיקיולעכל, פאַרמאַכט אויף אַ בליץ־שלאָס, אין דער צווייטער האַנט — אַ גראָבן בוך אין זייער אַ פאַרביקער סופּער־הילע. דאָס לענגלעכע טונקל־ראָזע פּאָנעם, וואָס ציִנדט זיך, ווײַזט אויס, אָן פון דער מינדסטער אויפרעגונג, האָט אויפגעפלאַמט.

— מאַמע, וואָס קומט דאָ פאָר? — האָט זי אויסגעשריִען.

— אוי, אַן אומגליק, קינד מײַנס! — האָט איטע זי אַרומגעכאַפּט. — איך וואָלט דאָ אַליין דערטרונקען געוואָרן און דאָס וואַסער וואָלט פאַרגאָסן דאָס גאַנצע הויז! זאָג אַ דאַנק דעם יונגנמאַן. ווען ניט ער...

דערזען דאָס יונגע מיידל, האָט דער באָכער באַשטימט, אַז ער האָט שוין וועמען איבערצוגעבן די שמאַטע. ער האָט אײַליק פאַריכט די הויזן, אַרויסגעגאָסן פון די סאַנדאַליעטן דאָס וואַסער און אַרופגעשלעפּט זיי נאַסערהייט אויף די פּיס. אָנגעטאָן דאָס פּידזשאַקל, האָט ער מיט אַ מענערשן באַס אַ זאָג געטאָן „זײַט געזונט” און זיך געלאָזט צו דער טיר. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער אַרויס, נאָר ער האָט זיך געמוזט פאַרהאַלטן — ניט געקענט אויפשליסן דעם קונציקן שלאָס, וואָס עפנט זיך ניט ווי געוויינלעכע שלעסער, מע דאַרף אַ דריי טאָן מיטן שליסל ניט פון לינקס אויף רעכטס, נאָר פאַרקערט — פון רעכטס אויף לינקס. ליזע האָט אים באַוויזן, וויאַזוי מע דאַרף עפענען, בייסמײַסע האָבן אירע וואַרעמע טרוקענע ציכטיק־ריינע פינגער זיך באַרירט מיט זײַן פײַכטער שמוציקער האַנט. דער באָכער איז פײַל־אויסן־בויגן אַרויסגעלאָפן.

— אַ דאַנק, — האָט אים איטע נאָכגעשריִען, ווען ער איז שוין געווען אויף די טרעפּ.

— ווער איז ער? — האָט ליזע געפרעגט, אָנווײַזנדיק אויף דער טיר.

— איך ווייס? — האָט איטע אַ קנייטש געטאָן מיט אַן אַקסל. — אַ מאַלעך פון הימל. איך וואָלט דאָ אומגעקומען.

— ווי איז ער אַרײַן?

— וואָס הייסט ווי? דורך דער טיר.

— און אויב ער וואָלט געווען פון מאָסגאַז?

— פון וועלכן מאַסגאַז? — האָט איטע פאַרוווּנדערט איבערגעפרעגט.
— געדענקסט ניט, מאַמע, פון אווּעלכן? דער באַנדיט, וואָס איז אומ־געגאַנגען אין די הײַזער און געקוילעט קלײנע קינדער און אַלטע לײַט[1]...
— אָך, טאָכטער מײַנע, — האָט איטע אַ זיפץ געטאָן. — אויף מײַן לעבן האָב איך שוין געזען ניט אײן באַנדיט, איך האָב געזען פּעטליוראָווצעס, דעניקינצעס, מאַכנאָווצעס, איך האָב פאַר קײנעם ניט קײן מוירע. און די פּאַשיסטן, מײַנסטו, האָב איך ניט געזען, ווען מע האָט זײ געפירט איבער מאָסקווע, צום קרעמל? — אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן, דערנאָך זיך דער־לויבט צו געבן אַ שמייכל. — דאָס באָכערל איז טאַקע ענלעך אויף אַ גאַזלען?
— אָבער וויאַזוי איז דאָס אַלץ געשען? — האָט ליזע זיך נאָכגעפרעגט.
— איך האָב זיך געבאָדן אין דער וואַנע, דערנאָך זיך אַ ביסל צוגע־לייגט... אין שלאָף האָב איך טאַקע געזען אַ וואַסער. כ׳בין געשוווּמען אין אונדזער שטעטלשן טײַכל, דערנאָך אין דער אַזערע איסיק־קול. וואַסער איז אַ שלעכטער סימן.
— און ווו איז דער טאַטע?
— מיטן שײנעם טאַטן וועל איך נאָך אַ רעד טאָן, — איז איטע אופגע־קאָכט געוואָרן. — ווען נאָר ס׳איז אַן אומגליק, ווערט ער פאַרפאַלן!
— מער זאָלסטו, מאַמע, זיך ניט באַדן, ווען קײנער איז ניטאָ אין שטוב, — האָט ליזע קאַטעגאָריש באַפוילן. זי האָט זיך איבערגעטאָן און גענומען פאַרווישן די לעצטע שפּורן פון דעם מאַבל. איטע האָט שוין אויך באַלעבאַטעוועט, דערבײַ איז איר אַרויף אַפן זינען עפּעס אַ זאַך, וואָס האָט אַפילו אָפּגערוקט אין הינטערגרונט די פאַרפלייצונג.
— וואָלסט אים כאָטש געזאָגט אַ דאַנק, — האָט זי זיך אָנגערופן צו דער טאָכטער.
— וועמען אַ דאַנק?
— מאַכסט זיך טאַמעוואַטע... איך מײן דעם באָכער... דוכט זיך, אַ ייִדיש ייִנגל.
— גוט, מאַמע, כ׳וועל אים אָפּדאַנקען, — איז ליזע אַפגיך מאַסקים גע־ווען, זי האָט ניט געוואָלט זיך פאַרטיפערן אינעם איניען.

## נעענטערע באַקאַנטשאַפט

דער באָכער הײסט וואָלאָדיע, ער וווינט אויף אַ שטאָק נידעריקער פון די פרילוצקיס, אונטער זײער דירע. בא דער אַלטער איטע האָט וואָלאָדיע שטאַרק נויסע־כײן געווען, ס׳האָט זיך איר פאַרקריצט אין זיקאָרן, וויאַזוי ער האָט פלײַסיק געדרייט די שמאַטע. אַן אַרבעטזאַם ייִנגל, און זעט אויס צו זײַן אַ באַשיידענער. די פּאָר ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט, זײַנען געווען מאָלע־טאַם: „ניט קײן סרייפע, נאָר אַ פאַרפלייצונג". איטע

[1] דאָ רעדט זיך וועגן אַ ווירקלעכן צופאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע, ווען אַ מעטורעף, וועלכער האָט זיך אויסגעגעבן אַלס אָנגעשטעלטער פון דער גאַז־פאַרוואַלטונג, איז אַרײַנגעדרונגען אין פּריוואַטע דירעס און געהאַרגעט מענטשן.

ווינטשט דער טאָכטער צו האָבן אזא מאַן, ווי זי אליין האָט. אין די שווערסטע צײַטן פלעגט מיכל אינדערפרי צוטראָגן איטען צום בעט א גלאָז טיי מיט סאכארין און א סעכערל. איצט דערלאנגט ער א גלאָז קאווע מיט א קאלאָריע־בולקעלע. וואָלאָדיע איז א הײַנטיקער באָכער, ער טראָגט שמאָלע הויזן, אָבער אָן עקסעלע, זעט אויס, איז ער סײַוויסײַ, מע דאַרף אים נאָר קענען נעמען אין שפּאַן.

איטע האָט אָפּט גערעדט מיט ליזען וועגן די נײַע שכיינים, און יעדן מאָל האָט זי געפרעגט בא דער טאָכטער, צי זעט זי וואָלאָדיען, צי ווייסט זי, ווו ער ארבעט אָדער לערנט, און צי דאַרף ער גיין אין ארמיי?

— פונוואנען זאָל איך וויסן און וואָס גייט עס מיר אָן? — האָט ליזע נערוועז יעדן מאָל אָפּגעהאקט.

— יאָ, יאָ, טאָכטערקע, וואָס גייט עס דיר טאקע אָן, כ'ווייס אליין ניט, וואָס איך פּלאפּל, — האָט איטע זיך געכאַפּט, אז ס'איז ניט גוט אזוי אָפּן און מאמאָשעסדיק זיך נאָכצופרעגן בא א יונג מיידל וועגן א ייִנגל. אָבער דער געדאנק וועגן וואָלאָדיען האָט זי ניט פארלאָזט. אף דער אלטער אראָפּגעטראָגענער גאס האָט איטען זיך אײַנגעגעבן צונויפּירן עטלעכע שטילע שידוכים. די יונגעלײַט האָבן אליין ניט געוווּסט, ווער עס האָט זיי געשלייערט. איטע האָט עס געטאָן ניט צוליב געלט, ניט צוליב טײַערע מאַטאָנעס — עמעס, פון דעם האָט זי זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט, — דער איקער איז בא איר געווען די אײַנגעוואָרצלטע נייגונג, וואָס מערקט זיך דער־הויפּט בא עלטערע פרויען, צו שאדכאָנעס. זי האָט פּאָשעט ליב דעם איי־סעק. אף דער נײַער גאס איז איר פאַרגעשטאנען צו מאכן דעם ערשטן נײַעם שידעך, ניט אבי וועמען, נאָר דער אייגענער טאָכטער, און ס'האָט זיך איר געדוכט, אז זי האָט שוין פאר ליזען געפונען דעם גליקלעכן זיוועג.

דעם ערשטן טאָג פּייסעך איז מיכל אוועקגעפאָרן דאווענען אין דער גרויסער כאָר־שול — האלעווײַ וואָלט שוין איטע אויך געפאָרן, זי האָט שטארק איבערגעלעבט פאר אים. פארטאָג איז געגאנגען א רעגן, דערנאָך איז פּלוצעם אויסגעפאלן א שניי, ס'האָט געכאַפּט א פרעסטל. אפן גאס איז גליטשיק, פון אויבן איז ווײַס צוגעפּוצט, און אונטן איז מאמעש גלאָז. מיכל האָט כאָלילע געקאָנט אומפאלן. און עפּשער איז אים אין שול ניט גוט געוואָרן, דאָרט איז זייער הייס, און ער איז אָנגעטאָן אין א קיטײַסקע פּאָרל גרעט, וואָס מע קאָן אין דעם צעשמאָלצן ווערן.

זיצנדיק אזוי אינעם יאָמטעוודיק־אויסגעפּוצטן צימער און קימערנדיק זיך וועגן מאַן, האָט איטע דורכן פענצטער דערזען וואָלאָדיען. ער און נאָך א פּאָר כעווערע אין בלויע טריקאָטאזשנע העמדלעך האָבן צווישן די צוויי מויערן געיאָגט מיט קרומע שטעקלעך א פּילקעלע איבערן אײַז. דאָס דינע הײַטל אײַז האָט זיך געבראָכן אונטער די פיס, און די פּילקע איז יעדער מאָל ארײַנגעפאלן אין א שפּאָגל־נײַער קאליוזשע. איטע האָט מיט די קני זיך אוועקגעשטעלט אף א ווייך בענקל און געעפנט די פאָרטקע.

— וואָלאָדינקע! — האָט זי היימיש, ווי אַן אייגענעם זון, אים א רוף געטאָן.

וואָלאָדיע האָט אוועקגענומען פונעם פארשוויצטן שטערן די צעווי־

כערטע האָר, ארופגעשארט זיי העכער און פאריסן דעם קאָפּ ארופצו. „ווידער א פארפלייצונג",— איז ער געפאלן אפן געדאנק, ווי נאָר ער האָט דערזען איטעס פארזאָרגט פּאָנעם. מיט דער קליושקע אין די הענט איז ער ארופגעלאָפן אף די טרעפּ. קלינגען האָט ער ניט באדארפט, איטע האָט פאר אים באצייטנס געעפנט די טיר.

— איך האָב צו דיר א גרויסע באקאָשע,— האָט איטע געזאָגט נאָך דעם, ווי זי האָט אים מיט קאָוועד ארייַנגעפירט אין פאראדנע צימער, אוועקגעזעצט אף א שטול און אליין אויך זיך צוגעזעצט אנטקעגן.— איך וואָלט אליין געגאנגען, דינען שלעכט די פיס. און אין אזא וועטער בין איך גאָר א געליימטע... זאָג מיר, וואָלאָדינקע, דו ווייסט, ווו עס געפינט זיך די שול, די גרויסע כאָר־שול?

— ניין, קיינמאָל דאָרטן ניט געווען,— וואָלאָדיע האָט זיך אף אלץ געריכט, נאָר ניט אף אזא פראגע.

— מייַן אלטער איז אהין אוועקגעפאָרן גאנצפרי, ווי נאָר ס'האָבן אָנ־געהויבן גיין די אווטאָבוסן... אז היינט איז פּייסעך, ווייסטו?

— ניין, כ'ווייס ניט.

— ווייסט ניט, אז היינט איז פּייסעך? בא אייַך אין שטוב האָט מען אפילע ניט דערמאָנט?

וואָלאָדיע האָט זיך דערפילט ניט באקוועם. עפּעס גאָר מאָדנע פראגעס שטעלט אים די אלטע, און עס קומט אויס, אז ער איז א קייַלעכדיקער אמהאָרעץ. נאָר פונוואנען זאָל ער וויסן, ווען ס'איז פּייסעך? דער טאטע זייַנער איז א געלערנטער, די מאמע — א דאָקטערשע, קיין שפּור פון רעליגיע איז ניטאָ בא זיי אין שטוב.

— איך האָב געהערט וועגן אזא יאָמטעוו. בא די רוסישע הייסט ער פּאסכא, מע עסט קוליטש,— האָט וואָלאָדיע דאָך געפּרווווט ארויסווייַזן זייַנע קענטעניש.— און ייִדן, דוכט זיך, עסן... איך האָב פארגעסן, ווי דאָס הייסט...

— מאצע,— האָט איטע אים אונטערגעזאָגט מיטן כשיוועסדיקן קאָל פון א מענטש א לאמדן,— מע עסט מאצע א גאנצע וואָך, אָן א פּיצל ברויט.

— און איר זייַט ניט הונגעריק?— וואָלאָדיע האָט מיט מיטגעפיל א קוק געטאָן אף איטעס אלט בלייך פּאָנעם. דערנאָך האָט ער פונעם צימער, ווו ער איז געזעסן, געכאפּט א קוק צו דער קיך, ווו ס'איז טאקע ניט געווען קיין סימען פון א ברעקל ברויט אפן טיש. די קיך האָט געפינקלט פון ריינקייַט, די גאזעווע פּליטע איז געשטאנען ליידיק, די וואסער־קראנען האָבן שטארק געהודזשעט, גלייַך ווי פארוווּנדערטע, פארוואָס מע צאַפּט ניט פון זיי.

— מיינסט, מיר פראווען יאָמטעוו נאָר פּייסעך און ראָשעשאָנע?— האָט איטע באשלאָסן ארויסבאווייַזן איר וועלטלעכקייַט, דער באָכער זאָל ניט האָבן וועגן איר מישפּאָכע אן איינזייַטיקע פאָרשטעלונג.— פּערווע מייַ און אָקטיאבערסקע זייַנען בא מיר ניט ערגער. איך גרייט צו, קיין אייַנ־האָרע, א טיש מיט א כאָלאָדיעץ, מיט געפילטע פיש, מיט געהאקטע לעבער, אונדזערע סאָנים זאָלן עס קיינמאָל ניט זען. הייַנטיקע צייַטן מיינט מען

דען די האגאָדע? מײַן ליזע האָט דאפקע ליב מאַצע. הײַנט אינדערפֿרי האָב איך איר אַרײַנגעבראַקט מאַצע אין א גלאָז וואַרעמער מילך, איז זי זיך מעכײַע געווען, דערנאָך אָבער האָט זי געזאָגט, אַז זי וויל א שטיקל ברויט. זי איז זייער א געבילדעטע, לייענט אָן א שיר, יעדן טאָג — א נײַ בוך... נו, און אַז עס איז פאראן יאַמקיפּער, האָסטו אוואדע געהערט? — איז איטע, נאָכן קאָמפּלימענט, וואָס זי האָט פאַרבײַגייענדיק געגעבן דער טאָכטער, ווידער אַריבער צום פּריזערדיקן.

— ניין, — איז וואָלאָדיע זיך מוידע געווען. — ס׳איז אויך א ייִדישער יאָמטעוו?

— וואָס זשע, א קריסטלעכער? האָסטו אפילע ניט געהערט? — איז איטע בעעמעס געווען פאַרוווּנדערט. — א גאַנצן טאָג פאַסט מען...

— איר פאַסט אויך? — האָט וואָלאָדיע ווידער מיט מיטגעפיל א קוק געטאָן אף דער אַלטער פרוי.

— פאַראַיאָרן יאַמקיפּער האָב איך געזינדיקט, — האָט איטע א זיפץ געטאָן. — עס איז מיר געוואָרן ניט גוט, און כ׳האָב גענומען א פלוים פון דער וואַרעניע, א ביסל געהאַלטן די פלוים אין מויל און זי אַרויסגע־שפּיגן, נאָר דער זיסער טאַם איז געבליבן אין מויל, און ס׳איז מיר גע־וואָרן נאָך ערגער. ס׳האָט אָנגעהויבן אַזוי מלאָשניען, אַז כ׳האָב געמוזט נעמען א טרונק וואַסער. ס׳איז געווען א שווערער טאָנעס... נאָך דער מילכאָמע איז שוין ניטאָ קיין קויעך צו פאַסטן. פייסעך איז פרײַלעכער... מײַן עקסעלע... כ׳וויל זאָגן, מײַן מאַן, מיכל... — האָט איטע אײַליק זיך פאַריכט, — אינדערפֿרי איז ער אוועקגעפאָרן אין שול, און איך לעב שטאַרק איבער. ער האָט ראַדיקוליט, און ס׳איז א גרויסער גליטש אפן גאַס. ס׳קאָן, כאָלילע, געשען אַן אומגליק. און אין אַלץ איז שולדיק מײַן אָפּגעשוואַכ־טער זיקאָרן. כ׳האָב אינדערפֿרי פאַרגעסן אָנזאָגן ליזען, אַז זי זאָל אַרײַנ־גיין נאָך אים אין שול. זי אַרבעט גראָד ניט ווײַט פון דאָרטן. עפּשער וועט זי זיך אַליין כאַפּן, נאָר איך צווייפל אין דעם...

די פרומע איטע האָט דאָ בעפּיירעש געזאָגט א ליגן. זי האָט ניט פאַר־געסן אָנצוזאָגן ליזען, נאָר זי האָט געהאַלטן, אַז די אַווירע פונעם ליגן זאָגן וועט זיך דעקן מיט דער מיצווע, וואָס וואָלאָדיע וועט פייסעך, אין אַזאַ פײַן אָרט, ווי די גרויסע כאָר־שול, אומגעריכט זיך באַגעגענען מיט איר טאָכטער. אַזאַ באַגעגעניש וועט דאָס פּאָרל פאַרגעדענקען.

— ביסט אוואדע הונגעריק, כ׳וועל דיך באַלד מעכאַבעד זײַן מיט א ביסל קאַלטן ראָסל מיט מאַצע. ס׳איז אַן אַנטיק. אָנבײַסן וועלן מיר עסן שפּעטער, ווען איר וועט זיך אומקערן. ס׳איז, קיין אײַנהאָרע, דאָ פון קאָלטוּוו — א גילדענע יויך און קניידלעך, און אַן עסיק־פליישׁ, — האָט איטע אָנגעוויזן אפן אײַז־אַלמער „סאַראַטאָוו‟, וואָס האָט ווײַס געבלאַנקט אין א ווינקל פון דער קיך.

צו וואָלאָדיען האָט אָנגעהויבן דערגיין, וואָס מע וויל פון אים. ער האָט זיך אופגעהויבן פונעם בענקל און ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. די פאָרשטייענדיקע יאַזדע איז פאַר אים געווען א ווילדע זאַך, ער וואָלט שוין פיל בעסער נאָכאַמאָל מיט דער שמאַטע געווישט דעם דיל אינעם

וואנע־צימער. צום ערשטן מאָל פאַר די קאַרגע עלף יאָר, וואָס ער איז א שילער, האָט ער באַדויערט, וואָס גראָד הײַנט לערנט ער ניט. הײַנט איז פּראַקטיק אין די וואַרשטאַטן, און אַזוי־ווי אין דער פּריוועדיקער שול האָט ער געלערנט אַף א פאַך, וואָס איז אין דער איצטיקער ניטאָ, און קריגן דעם פאַך, וואָס עס איז יאָ פאַראַן, איז פאַר אים, אין עלפטן קלאַס, שוין צו שפּעט. האָט וואָלאָדיע צוויי טעג אין וואָך, אויסער זונטיק, פרײַע. הײַנט איז ער גראָד פרײַ. ער וואָלט אַוואַדע געקאָנט געפינען א טערעץ, זאָגן א ליגן, נאָר אַפּנאַרן אַן אַלטן מענטשן האָט ער ניט געוואָלט.

— דו ווערסט דערפאָרן אין מעטראָ ביז דזערזשינסקע, — האָט איטע אָנגענומען זײַן שווײַגן אַלס א האַסקאָמע און מיט גרויס פלײַס אים אָנגעהויבן אויסמאָלן דעם וועג. — פון מעטראָ וועט דיך מיטן אוילעם אַרויסטראָגן אַף אויבן, אַף דער גאַס, ווערסטו זיך לאָזן גיין צו מאַראָסייקע, ביזן געסל, אין וועלכן דו ווערסט דערזען א סאַך ייִדן. אַרײַנגייענדיק אין שול, זאָלסטו אָנטאָן דאָס היטל...

— קיין היטל טראָג איך ניט.

— ווערסטו אַרופלייגן א טיכעלע אַפן קאָפּ... אײַנגאַנצן מיט א נאַקעטן קאָפּ טאָר מען ניט. זאָג דער מאַמען דײַנער, אַז איך האָב געבעטן טאָן אַזאַ טויווע. שפּעטער וועל איך אַליין אַראָפּגיין צו איר.

— די מאַמע איז ניטאָ אין דער היים.

— און דער טאַטע?

— אויך ניט.

— ביסטו דאָך אַוואַדע הונגעריק. כ'האָב שוין פאַרגעסן, אַז איך וויל דיר געבן ראָסל מיט מאַצע...

— א דאַנק, איך בין זאַט.

— מײַן פייסעכדיקן ראָסל עסט מען אויך זאַטערהייט, — איטע האָט אָנגעגאָסן א פולן טעלער ראָזלעכע פּליסקײַט, אַרײַנגעבראָקט אַהין מאַצע. דאָס מײַכל איז געווען נײַ, פריש און געשמאַק. וואָלאָדיע האָט שנעל אויסגעזופּט דעם טעלער און העפלעך אָפּגעדאַנקט.

— ביסט ניט געוווינט, — האָט איטע געזאָגט מיט באַדויערונג.

וואָלאָדיע איז אַרײַן צו זיך אין שטוב און דאָ ערשט זיך אונטערגעקרעפּטיקט מיט א קאַלטער פּרעזשעניצע, וואָס ער האָט געדאַרפט הייסערהייט אופעסן אינדערפרי. פאַרביסן האָט ער מיט א רויטן מאַראָקאַנער אַפּעלסין, ער האָט אים אײַנגעשלונגען צוזאַמען מיט די יאָדערן — ווען די מאַמע איז אין דער היים, פאַרגעסט זי קיינמאָל ניט דערמאָנען, אַז מע דאַרף זיי אַרויסנעמען. דערנאָך האָט וואָלאָדיע א ווײַלע געקלערט, צי ער דאַרף זיך אויספּוצן, אָנטאָן דעם גרינעם אָנצוג — דעם ערשטן מאָלבעש זײַנעם, וואָס איז געקויפט געוואָרן ניט אין „דעטסקי מיר", נאָר אין „גום", אינעם אָפּטייל, ווו מע האַנדלט מיט גאַרניטערס, אָנגעהויבן פון דער 48־טער מאָס און העכער. ער האָט באַשלאָסן, אַז פאַר אים איז די רײַזע קיין יאָמטעוו ניט, בלויז אַן אָנגעצווונגענע שליכעס, פון וועלכער ער האָט זיך ניט געקענט אָפּזאָגן, און באַשטימט פאָרן אינעם זעלבן בלויען טריקאָטאַזש־קאָסטיום, וואָס איז אַף אים געווען. ער האָט נאָר אַראָפּגעוואָרפן

פון די פיס די שווערע פײַכטע קעדעס מיט די ברייטע בולדאָגישע נעז, וואָס האָבן אױף זיך געטראָגן אַלע סימאָנים פון דער פײַכטער פּילקע, און אָנגעטאָן זומערדיקע געלע סאַנדאַליעטן. ווען איטע, וואָס איז ניט אָפּגע־טראָטן פונעם פּענצטער, האָט מיט איר ווײַטזיכטיקער ריזע דערזען אים ארויסגיין פון הויז, האָט זיך באַ איר פון האַרצן ארויסגעריסן: „מיר זאָל זײַן פאַר אים, אַ קראַסאַוועץ".

וואָלאָדיע האָט זיך ארײַנגעזעצט אין אוטאָבוס. עס איז געווען ווינציק פּאַסאַזשירן, און דער באָכער האָט באַקוועם און בעהאַרכאָוועדיק פאַרנו־מען די פאָדערשטע קרעסלע, פונוואַנען ער האָט געקענט קוקן ניט נאָר דורך דער שויב, באַ וועלכער ער איז געזעסן, נאָר אויך דורך די שויבן פונעם שאָפערס קאַבינע. זינט וואָלאָדיע האָט מיט די עלטערן זיך איבער־געקליבן אין דער נײַער דירע, איז אים נאָך קימאַט ניט אויסגעקומען צו פאַרלאָזן דעם מיקראָ־ראַיאָן. אַלץ איז דאָ אויפן אָרט — די שול, ווו ער לערנט, די מאַגאַזינען, דער קינאָ־טעאַטער, עס איז פאַראַן אַן אייגענער מיקראָ־סטאַדיאָן, און אַן אייגן יוגנטלעך מיקראָ־קאַפע־הויז. די אויסטער־לישע פּאַנאָראַם פונעם מיקראָ־ראַיאָן, די פינף־, נײַן־, צוועלף־שטאָקיקע מויערן, די גרויסע לויכטנדיקע שילדן און די שויפענצטער פון די מאַגאַ־זינען אױף די ערשטע שטאָקן, די קאָלערליי מאַשינעס, וואָס פּילן אָן דעם ארום מיט אַ הודזשערײַ און טראַסקערײַ, גראָבן, שלעפּן, הייבן מאַסעס, פּרעסן דעם באָדן נאָכאַנאַנד, די אָנצאָליקע אוטאָמאָבילן, וואָס טראָגן זיך הין און צוריק איבערן פּראָספּעקט, די מענגעס פוסגייער, וואָס פאַר זיי איז ענג דער ברייטער טראָטואַר, — די דאָזיקע באַלעבטע גרויסע פּאַנאָראַם האָט זיך עפּעס ווייניק געקלעפּט מיטן וואָרט מיקראָ, וואָס עס באַטײַט קליין, אָבער דער אוטאָבוס איז טאַקע ניט מער ווי אין געציילטע מינוטן דורכגעלאָפן דעם גאַנצן מיקראָ־ראַיאָן, עס זײַנען פאַרשוווּנדן די באַקאַנטע מאַגאַזינען, דער קינאָ־טעאַטער „קאָסמאָס", די קאַפע „יונאָסט". דער אוט־טאָבוס האָט פאַרקערעוועט און דורכגעשווינדלט פאַרבײַ אַ דערפל מיט אַ צענדליק הילצערנע שטיבער, וועלכע האָבן גאַנץ געמיטלעך, אָן אַג־מעסנעפּעש געלעבט זייערע לעצטע עטלעכע כאָדאָשים אָדער טעג. אױף די דעכער האָבן געשטאַרצט די שטעקנס פון אַנטענעס, יעדער שטעקן — גרעסער פון דער הײַזקע. דאָס הילצערנע אינדזעלע איז שוין געווען אין אײַזן־בעטאָנענעם קלעם פון די מויערן, וואָס האָבן ארום דעם זיך געבויט. נאָכן דערפל איז דער אוטאָבוס ארויף אױף אַ לאַנגער אײַזערנער בריק. וואָלאָדיע האָט באַוויזן איבערצולייענען דאָס וואָרט „מאָסקוואַ", וואָס איז מיט לעמפּעלעך אָנגעצייכנט פון אויבן, אױף דער אַזשורער באַלקע. אונטער דער בריק ליגט דער מאָסקווע־קאַנאַל.

אויפן לינקן ברעג פונעם קאַנאַל און אויפן רעכטן, האַרט באַם וואַסער, זײַנען געשטאַנען אָנגעבויגן אָדער געזעסן אױף די קני איינצלנע פישפאַנ־גער, יעדערער מיט איין און דעם זעלבן אָנגעשטרענגטן און אויסערגע־וויינלעך ערנסטן אויסדרוק אויפן פּאָנעם: „באַלד וועל איך ארויסכאַפּן אַן אָנהייב־פרילינגדיקן פיש, וואָס אַזאַ האָט נאָך די וועלט ניט געזען"... אויפן וואַסער האָבן געלאָזן זיך געהוידעט שיפלעך, אויך מיט פישפאַנגער.

גלײַך נאָך דער בריק איבערן קאַנאַל האָבן פֿון בײדע זײַטן פֿונעם ברײטן לעניִנגראַדער שאָסײ, לענגויס און אין דער טיף, אױף װיפֿל נאָר עס האָט אױפֿגעכאַפּט דאָס אױג, װידער זיך אװעקגעצױגן שערענגעס מױ־ערן, פּונקט אַזעלכע, װי אין װאָלאָדיעס מיקראָ־ראַיאָן. אַנטקעגן די הױכע, װי פֿעלדזן, מױערן זעט זיך קױם אָן די מעטראָ־סטאַנציע „רעטשנאָי װאָקזאַל" מיטן פֿלאַכן נידעריקן דאַך און קלײנעם װעסטיביול. צו דער פּלאַטפֿאָרמע איז צען שפּאַן, און דער קורצער עסקאַלאַטאָר אַרבעט נאָר אױף אױפֿצוהײבן די פּאַסאַזשירן אַרױפֿצו. װאָלאָדיע איז אַראָפּגעלאָפֿן פֿון די עטלעכע טרעפּ און באַװיזן אַרײַנשפּרינגען אין לעצטן װאַגאָן, װען די בײדע העלפֿטן פֿון דער טיר האָבן שױן געגומען זיך צוזאַמענשליסן,— ער האָט זײ צוגעהאַלטן מיט די הענט. די דעזשורנע פֿון דער סטאַנציע האָט צוגעהאָלפֿן אים אַרײַנשטופּן זיך אינװײניק. װאָלאָדיע האָט דאַנקבאַר א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו איר, און יענע — אין רױטן היטל מיטן שװאַרצן לאַקירטן דאַשעק, װאָס האָט איר זײער געפּאַסט צום קײַלעכיקן ראָזעװן יונג־מײדלשן פּאָנעם,— האָט שטרענג א פֿאָך געטאָן צו אים מיטן סיגנאַל־שטעקעלע, און דאָס האָט געדאַרפֿט באַטײַטן, ער זאָל פֿאַרגעדענ־קען אױף װײַטער, אַז נאָכאַמאָל װעט ער אַזױ גרינג ניט אָפּקומען. אַלײן איז זי געשטאַנען אױפֿן װײַסן גרענעץ־פּאַס פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע א רויִקע און זיכערע, אַז אַלע געפֿאַרן, פֿון װעלכע זי באַװאָרנט און היט אױס די מעשונע־אײַלנדיקע, צעיאָצטע פּאַסאַזשירן, האָבן אױף איר ניט קײן שליטע. דער צוג האָט זיך אַװעקגעטראָגן װײַטער, און אין צװאַנציק מינוט אַרום איז װאָלאָדיע אַראָפּגעשטיגן אױף דער סװערדלאָװ־סטאַנציע, קעדײַ פֿון דאָרטן אַריבערצוגײן אױף דער סטאַנציע פֿונעם מאַרקס־פּראָספּעקט. הילכיק האָבן איבערן שפּיגלדיק־אָפּגעשליפֿענעם מירמלנעם דיל געקלאַפּט די טריט פֿון הונדערטער מענטשן, װאָס האָבן געפּלײצט אין צװײ שטראָמען, אין קעגנזײַטלעכע ריכטונגען. אײן לאַנגער קאָרידאָר האָט פֿאַרקערעװעט און זיך אָנגעקײטלט אין א צװײטן, אין א דריטן קאָרידאָר. אין װעסטיביול האָט װאָלאָדיע פֿרײַער אָפּגעטעמט און זיך מעכאַבעד געװען מיט אײַז־קרעם. דאָס העל־ברױנע װאַפֿלנע טעפּעלע איז געװען מיט א גרױסן בלענדיק־װײַסן קויפּ. דאָס פֿאַרגעניגנדיקע מײַכל האָט װאָלאָדיען געקלעקט קימאַט ביז דער דזערזשינסקע־סטאַנציע, פֿונװאַנען ער איז, װי איטע האָט אים ריכטיק פֿאָרױסגעזאָגט, אַרױסגעטראָגן געװאָרן מיטן געדיכטן אױלעם אױפֿן פּלאַץ. װאָלאָדיע האָט פֿאַרגעסן דעם אַדרעס. ער האָט אָפּגעשטעלט א פֿרױ, װאָס האָט אים אױסגעװיזן צו זײַן א ייִדישקע, און געפֿרעגט, װוּ איז די כאַר־שול. זי האָט ניט געװוּסט און געהײצט פֿרעגן באַם מיליציאָנער. װאָ־לאָדיע האָט פֿאַריכט דעם צעקנײטשטן מאַלבעש, אַרױפֿגעשאַרט דעם יאָ־זשיק העכער אױפֿן קאָפּ און האָט זיך געלאָזט גײן צום מיטן פּלאַץ, װוּ דער אײַזערנער פֿעליקס דזערזשינסקי, א שטרענגער, מיט שאַרפֿע קינבאַקן און א שאַרפֿן קוק פֿון די אױגן, שטײט אױפֿן הױכן פּאָסטאַמענט, און אונ־טער אים, װי אונטער זײַן שוץ, שטײט א לעבעדיקער מיליציאָנער. בײדע, דער לעגענדאַרער טשעקיסט און דער געװײנלעכער מיליציאָנער, זײַנען אױף דורך־און־דורך געװען דורכגענומען מיט די װינטן פֿון דער ראַשיקער

טראנספּאָרט־באַוועגונג,ביידנס לאַנגע שינעלן האָבן געגלאַנצט פונעם רעגנדל, וואָס האָט מאַראַקעט. די לעצטע פּאָר מעטער צום מיליציאָנער, וואָס האָט אינטענסיוו געאַרבעט מיטן רעגולירשטעקל, איז וואַלאַדיע דורכגעגאַנגען מיט אַ געמאָסטענעם טראָט. ווען ער האָט אין אַ געוויסער פאַרלעגנהייט אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט „סינאַגאָגאַ", האָט דער מיליציאָנער, ניט פאַטערנדיק קיין איבעריקע סעקונדן, אָנגעוויזן די ריכטונג, אין וועלכער מע דאַרף גיין אַהין.

וואַלאַדיע איז אַוועק אַרופצו, פאַרקערעוועט אויף דער שמאָלער און ענגער מאַראָסייקע, און זײַענדיק שוין גאָר נאָענט פונעם שול־געסל, איז ער אַ טיף־פאַרוווּנדערטער געבליבן שטיין אויפן ראָג, זיך אײַנקוקנדיק איינעם מיידל, וואָס האָט מיט אַ קליין ביכער־פּורגאָנדל זיך געלאָזט איבערגיין די גאַס. וואַלאַדיען האָט געשווינדלט אין די אויגן פונעם גאַסן־געווימל, אָבער קיין סאָפּעק איז ניט געווען: דאָס וועגעלע האָט געשטופּט ליזע, איטעס טאָכטער. מיט יעדער באַוועגונג און מיט יעדן שטויס אירן האָט זיך בא איר אויפן קאָפּ אַ באָמבל געטאָן די פריזור מיטן ווײַדעלע, וואָס איז אַריבערגעפאַלן דאָ אויף איין אַקסל, דאָ אויף אַ צווייטן. אויף אַזאַ באַגעגעניש האָט וואַלאַדיע זיך ניט געריכט. ער האָט אָבער לאַנג ניט געטראַכט און איז צוגעלאָפן, אָנגעכאַפּט אַ שטיקל פרײַ הענטל פונעם ביכער־פּורגאָנדל און גענומען העלפן פירן די מאַסע. מאַשינעל האָט דאָס מיידל געגעבן אַ שטופּ דעם פּלוצעמדיקן באַהעלפער. איר פּײַכטע, שטאַרק אָנגעוואַרעמטע האַנט האָט געפּרוּווט אַוועקנעמען די פרעמדע האַנט, אָבער דער באַכער האָט געהאַלטן פעסט, און ער איז נישט נאָר ניט אָפּגעגאַנגען, נאָר, פאַרקערט, ער האָט ענערגיש איבערגענומען אײַנגאַנצן דאָס וועגעלע אין זײַנע ביידע הענט, אַזוי אַז די איבעריקע איז שוין געוואָרן ליזע. דערווײַל האָט דער גרינער סוועטאָפאָר געגעבן אַ וועג דעם אַווטאָטראַנספּאָרט, און די מאַשינעס האָבן זיך אַ טראָג געטאָן, מאַנעוורירנדיק פאַרבײַ דעם האַנט־וועגעלע. צוויי אַווטאָמאַשינעס איז אַפילע אויסגעקומען זיך אָפּשטעלן און געדולדיק אויסוואַרטן, ביז דאָס פּורגאָנדל האָט זיך דורכגעשלעפּט. ווען דאָס וועגעלע איז אַרויף אויפן טראָטואַר, האָבן ליזע און וואַלאַדיע געקראָגן צײַט גוט אָנקוקן איינער דעם צווייטן און זיך איבערצײַגן, אַז יעדערער פון זיי זעט טאַקע דעם, וועמען ער מיינט. ליזע איז געווען ווײַט ניט צופרידן מיט דער באַגעגעניש. זי האָט גאָר ניט געוואָלט, אַז אינעם הויז, ווו זי וווינט, זאָל מען וויסן, אַז נאָך אירע קלאַסן און דער גאַנצער שײַנקײַט אירער און די פײַיקײַטן, וואָס זי פאַרמאָגט, שטייט זי בעסאַכאַקל אויף מאַראָסייקע אין אַ ביכער־מאַגאַזין. און מע שיקט זי נאָך אָפּטמאָל מיטן פּורגאָן האַנדלען אויף דער גאַס צוליב אויספּילן דעם פּלאַן. אויב ס'איז אַזאַ טאָג, ווי הײַנט, איז עס גאָר אַ קנאַפּער פאַרגעניגן. זי האָט ערשט באַוויזן פאַנאַנדערצולייגן די ביכער, האָט אָנגעטראָגן אַ וואָלקן און ס'האָט גענומען רעגענען.

— אַ פײַנער „מאָסקוויטש", — האָט וואַלאַדיע אַ גלעט געטאָן דאָס באַמאָלטע ווענטל פונעם פּורגאָן, — ווײַט פאָרסטו אויף אים?

די איראָניע האָט ליזען אַ שניט געטאָן, ווי מיט אַ מעסער.

— ווּהין איך דאַרף, אַהין פֿאָר איך! — האַסטיק מיטן גאַנצן קויעך האָט זי געגומען קײַקלען דאָס װעגעלע איבערן טראָטואַר. איר פֿאַרלאַנג איז געװען: װאָס גיכער פֿאָטער װערן פֿון דער פּלוצעמדיקער אָנשיקעניש. װאַלאָדיע איז אָבער ניט אָפּגעשטאַנען, ער האָט װידער גענומען העלפֿן. װען זײ זײַנען צוגעקומען צום מאַגאַזין און זי האָט באַדאַרפֿט אַרײַנטראָגן אַהין די ביכער, האָט ער באַ איר פֿון די הענט איבערגעכאַפּט די פּעקלעך, דערבײַ נאָך געגעבן לאַקאָנישע אָפּשאַצונגען דעם און יענעם בוך.

ליזע האָט באַמערקט, אַז דער פֿלינקער שטאַלטנער באָכער האָט אויס־גענומען באַ אירע כאַװערטעס, די פּאַרקױפֿערנס, זײ קוקן אױף אים מיט נײַגעריקײַט. אױב אַזױ, איז ער איר אױך שױן אַ ביסל געפֿעלן געװאָרן און זי האָט אופֿגעהערט צו קאָכן זיך. װען ער האָט אַרײַנגעטראָגן דאָס לעצטע פּעקל, האָט זי מילד אים אָפּגעדאַנקט פֿאַר דער טירכע, און אַזױ־װי װאַלאָדיע האָט זיך ניט געײַלט אװעקצוגײן, האָט זי צוגעגעבן, אַז זי פֿאָרט נאָך ניט אַהײם.

— איך פֿאָר נאָך אױך ניט, — איז װאַלאָדיע געװען צופֿרידן, װאָס זײַערע פּלענער פֿאַלן זיך צונויף. — די מאַמע דײַנע האָט מיך געבעטן אַרײַנגײן אין שול, אַ קוק טאָן, װאָס עס מאַכט דײַן טאַטע, זי לעבט שטאַרק איבער פֿאַר אים, אַפֿן גאַס איז אַ גליטש, און איך דאַרף אים אַ גאַנצן און געזונטן ברענגען אַהײם.

איטעס גרויס גליק, װאָס זי איז איצט ניט געװען דאָ, לעבן דער טאָכ־טער, זי װאָלט פֿון איר געקראָגן די עמעסע גאָב. נאָר אַזאַ ספּריטנע, װי איר מאַמע, קאָן זיך דערטראַכטן צו שיקן אַ פֿרעמדן מענטשן אין אַזאַ שליכעס. דערצו האָט מען זיך דאָך צונױפֿגערעדט, אַז אין מיטיק־איבערײַס װעט זי, ליזע, אַרײַנגײן צום טאַטן.

— דאָס האָט דיך טאַקע מײַן מאַמע געבעטן ספּעציעל פֿאָרן? — האָט ליזע אַ דערשטױנטע און דערצאָרנטע איבערגעפֿרעגט.

— װײַזט אױס, אַז אַף דער טאָכטער פֿאַרלאָזט זי זיך ניט, — האָט װאַלאָדיע געגעבן אַן איראָנישן שמײכל, פֿון װעלכן ליזע איז נאָך מער געװאָרן אָנגעצונדן. אַ יונגער כעװרעמאַן זאָל ליב האָבן צו װאַרפֿן שטעכ־װערטלעך!

דאָס באַרג־אַראָפּיק געסל, אין װעלכן ליזע און װאַלאָדיע זײַנען אײַנ־געכן אַרײַן, איז געװען זײער באַלעבעט. באַ דעם געלן מױער מיט די גרױ־סע מאַסיװע זײַלן און ברײטע טרעפּ זײַנען געשטאַנען פֿיל מאַנצבלען און פֿרױען, יאָמטעװודיק געקלײדט. דורכגײענדיק צװזאַמען מיט ליזען צװישן אױלעם, האָט װאַלאָדיע געהערט, װי מע כאָכמעט זיך, װי מע דערצײלט זיך מײַסעס. ער האָט געהאַלטן ליזען פֿעסט פֿאַר דער האַנט, קעדײ זי ניט פֿאַרלירן. זײ זײַנען אַרױף אַף די טרעפּ און אַרײַן אין אַ געראַמען פּירהױז, װוּ עס איז געװען טונקל, קיל און אומדערװאַרט לײדיקלעך. אַ נידעריקער מאַנספּאַרשױן אין אַ לאַנגן אַלט־פֿאַרגעלטן טאַלעס איז אומגעגאַנגען הין און צוריק, יעדן מאָל זיך אָפּגעשטעלט לעבן די מױדאָעס, װאָס זײַנען געװען אופֿגעקלעפּט אַף דער װאַנט, פּונקט װי ער װאָלט זײ געלערנט אַף אױסװײניק. דער ייִד האָט גענומען מאַכן מיט די הענט צו ליזען, װײַזנדיק

אף שטומלאַשן, אַז זי דאַרף אַרײַן ניט אין דער גרויסער טיר, נאָר אין דער זײַטיקער, וואָס פֿירט אויפֿן העכערן שטאָק. וואָלאָדיען האָט ער אַנגעוויזן אויף זײַן אַנטבלויזטן קאָפּ, און דער כעוורעמאַן האָט אַנגעטאָן די ספּאָר־טיווע בערעטקע מיטן פֿרענדזל פֿון אויבן, וואָס ער האָט פֿאַרכאַפּט פֿון שטוב און די גאַנצע צײַט געהאַלטן צוניפֿגעלייגט אינצווייען אין דער בוזעם־קעשענע. ליזע האָט ניט געוואָלט גיין אויף דער ווײַבערישער שאַלקע, און זי האָט זיך צוניפֿגערעדט מיט וואָלאָדיען, אַז זי וועט אויסוואַרטן אין דרויסן, באַם אַרײַנגאַנג, ביז דער טאַטע וועט אַרויסגיין.

— וועסט וואַרטן נאָר אויפֿן טאַטן, און אויף מיר ניט? — האָט וואָלאָדיע קלוימערשט זיך אָנגעברויגעזט.

— כ'האָב גאָר ניט געוווסט, אַז איך האָב אַ שאָכן, וואָס האָט זיך ליב אַזוי צו ווילצלען, — האָט זי געענטפֿערט.

וואָלאָדיע איז אַרײַן אין שול. נאָכן כמורנעם אינדרויסן און טונקעלן, קימאַט פֿינצטערן פּירהויז האָט אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן די שטאַרק העלע שײַן פֿון די גרויסע ליוסטרעס אונטערן הויכן באַלקן און פֿון די פּיל־צאַליקע מענוירעס מיט די עלעקטרישע ליכטלעך באַ די ווענט און אויף דער בימע. די אײַנגעשטאַנענע הייסע לופֿט האָט פֿאַרשווערט דעם אָטעם. וואָלאָדיע האָט נײַגעריק זיך אײַנגעקוקט אינעם אוילעם, וואָס האָט פֿלײַ־סיק נאָכגעפֿאָלגט דעם כאַזן, הויך, מיט אַ ניגן געדאַוונט. וואָלאָדיע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ אַרויפֿצו, צו דער גאַלעריי, און דאָרטן דערזען אַ מענגע עלטערע, אַלטע און גאָר אַלטע פֿרויען, וואָס זײַנען געזעסן אָנגע־שפּיגעוועט אייגנע לעבן דער אַנדערער האַרט באַ דער פּאַרענטשע. אַלע־מענס פּענעמער, אומאָפּהענגיק פֿון דער עלטער, האָבן אַנטקעגן די העלע ליכט אויסגעזען ראָזעווע, אַפּילע רויט. די ווײַבער האָבן געוויינט, עמעצן האָט מען אַפּילע געמינטערט. „פֿרויען וויינען שטענדיק", — וואָלאָדיע האָט אָוועקגענומען די אויגן פֿון דער שאַלקע און גענומען קוקן צום אָמעד. דעם כאַזנס פּאָנעם האָט וואָלאָדיע ניט געזען, ער האָט נאָר געזען די פּע־נעמער פֿון די זעקס מעשוירערים, וואָס זײַנען געשטאַנען באַ ביידע זײַטן פֿונעם אָמעד — יונגע, ריין־געגאָלטע באָכערים, נאָר באַ איינעם האָבן פֿון אונטער דער הויכער ווײַסער יאַרמלקע זיך אַרויסגעזען גראָווע האָר.

זיך דערמאָנט, צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען, האָט וואָלאָדיע אָנגעהויבן זוכן מיכלען. דער אַלטער האָט זיך אײַנגעמאָסטיעט אין אַ מיטלסטער ריי, אויף איין „שטאָט" מיט נאָך אַ ייִדן. ביידע, פֿאַרפּלאָמטע און צעהיצטע, האָבן עפּעס אונטערגעזונגען, דערבײַ יעדער מאָל זיך אונ־טערגעהויבן פֿון אָרט. וואָלאָדיע האָט זיך דורכגעשטופּט צו זיי. מיכל האָט אים באַמערקט, צופֿרידן אונטערגערוקט דעם סידער און געגעבן מיטן ווײַז־פֿינגער אַ טײַטל, ווו מע האַלט. וואָלאָדיע האָט אַרײַנגעקוקט אין סידער. ער האָט אַזאַ בוך ביז איצט קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען. פֿרעמד זײַנען אים געווען די אויסיעס, פֿרעמד די ווערטער.

וואָלאָדיע האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ערגעץ געלייענט צי געהערט דערציילן, וויאַזוי מילכאָמע־צײַט האָבן די פֿאַשיסטן פֿאַרברענט ייִדן אין די שולן, און דאָס געוויין און די קלאָגערײַ פֿון די ווײַבער אויף דער שאַלקע

האָט אים שוין ניט אויסגעוויזן צו זײַן איבעריק, ווי מיט א פּאָר מינוט צוריק, עס האָט אים אליין פארקלעמט באם הארצן. ער האָט זיך פּאָרגעשטעלט, וו׳אזוי די שול ברענט, עס ברענען אלע, און ער, וואָלאָדיע, איז אויך מיט אלעמען אין פלאם. א שוידער איז אים דורך איבערן לײַב.

דערווײַל איז אין שול שוין געוואָרן א וואָכיקער גערודער. דער כאזן מיט די באהעלפערס האָבן פארלאָזט דעם אָמעד, דער אוילעם האָט גענומען פארמאכן די סידורים, אראָפּנעמען פון די׳ אקסל און צונויפלייגן די טאלייסים. א יי׳ד, וואָס האָט דעם טאלעס אײַנגעוויקלט אין אן „איזוועסטי׳א״, האָט ארופגעשרי׳ען אין דער הייך צום ווײַב: „קום שוין גיכער, איך כאלעש עסן״. די בענק זײַנען געוואָרן פרײַ, עס זײַנען געבליבן זיצן נאָר אייניקע אלטע לײַט. מיכל האָט זיך ניט געײַלט אופצוהייבן, ער האָט, ווי לויט דער אינערציע, אלץ נאָך געמורמלט. „א לעבן אָפּגעלעבט אין מאָסקווע, און אזוי פאנאטיש״, — האָט וואָלאָדיע פארוואונדערט א קלער געטאָן וועגן אים.

— ליזע וואַרט אף אײַך, — האָט וואָלאָדיע אים דערמאָנט.

— ליזע איז דאָ? — האָט מיכל מיט אן אומגעריכטער זשוואוקײַט זיך אויסגעדרייט צו וואָלאָדיען. — אָט שוין גיי איך, כ׳וועל נאָר א קאָפּעטשקע דערדאַווענען.

ווען זיי זײַנען ארויס פון שול, איז דאָס געסל שוין געווען א געוויינלעך געסל. רוישנדיק מיט די מאָטאָרן און גליטשנדיק זיך מיט די נאסע רעדער, זײַנען בארג־אראָפּ און בארג־ארוף געלאָפן מאשינעס, וואָס האָבן א האלבן טאָג ניט געקאָנט דורכפאָרן און געדארפט מאכן אן אומקרײַז דורך אנדערע גאסן. פונעם צווישטאָקיקן מויער, הארט בישכיינעס מיט דער שול, האָט א מיידלשע שטים זאפטיק און מיט געפיל געזונגען:

У моря, у синего моря,
Со мною ты рядом, со мною.
И солнце светит лишь для нас с тобой, —
Целый день поет прибой...[1]

אין אן אנדער הויז אנטקעגן דער שול האָט זייער הויך גערעדט די ראדי׳אָ. דער ספּאָרט־איבערזיכטלער יאן ספּארע מיט זײַן לײַדנשאפטלעך קאָל פון א מענטשן, וואָס דארף, ווי א מאמע פאר די קינדער, ווייטעקן פאר אלע קאָמאנדעס גלײַך, האָט געמאכט פּראָגנאָזן צום פאָרשטייענדיקן פוטבאָל־מאטש. נאָך דער מאָדנער, אומגעוויינלעכער סוויווע, אין וועלכער וואָלאָדיע האָט אין שול זיך אָפּגעטונקען, ווי אין א שטייענדיק וואַסער, איז ער איצט ווידער געווען אין זײַן היימישער, גוט־באקאנטער וועלט. ליזע איז געשטאנען בא די טרעפּ. ווי נאָר זי האָט דערזען וואָלאָדיען מיטן טאטן, האָט זי זיך געלאָזט זיי אנטקעגן און גענומען דעם אלטן אונטער דער האנט, דערבײַ קוים געשאָנקען א בליק זײַן באגלייטער,

[1] באם יאם, באם בלאָוון יאם, ביסטו מיט מיר באנאנד, מיט מיר. און ס׳שײַנט די זון נאָר פאר אונדזביידן. א גאנצן טאָג זינגען כוואליעס...

אונטערשטרײַכנדיק דערמיט, אז ניט אף אים האָט זי עס אומגעדולדיק געוואַרט און ארויסגעקוקט.

— עפשער וועלן מיר נעמען א טאַקסי? — האָט וואָלאָדיע געגעבן א נעגידישן קלאַפּ איבער דער קעשענע פון די טריקאָטאַזשנע הויזן, ווי איינער זאָגט: „מיר קאָנען זיך פאַרגינען".

— אפן מעטראָ און מיטן אווטאָבוס איז בעסער, — האָט מיכל, באַנעצנ־דיק מיט דער צונג די פאַרטריקנטע ליפּן, נאָכגעשריען, בײַס דער באָכער האָט זיך שוין געלאָזט זוכן א טאַקסי. וואָלאָדיע האָט אזוי לאַנג אימפּעט־דיק געהויבן די רעכטע האַנט צו די פאַרבײַשווינדלענדיקע מאַשינעס מיט די אָנגעמאָלטע שאַך־קעסטעלעך, ביז איינע, א העל־גרינע „וואָלגע", האָט פון דער מיטן גאַס פאַרקערעוועט צום טראָטואַר און ארײַנגענומען דעם דרײַלינג. ליזע מיטן טאַטן האָבן זיך געזעצט פון הינטן, וואָלאָדיע — לעבן שאָפער. דאָס דינע בערשטעלע האָט באַלעבאַטיש געווישט די שויב פון דער קאַבינע. פאָרויס האָט זיך געשפּרייט דער וועג, א מעטושטעשדיק־באַלויכטענער פון דער דרויסנדיקער פאַרנעפּלטער שײַן. דער אַספאַלט האָט, ווי מאַקוכע, געגלאַנצט פון די טראָפּנס רעגן, וואָס האָבן אים אַלץ מער און מער געפּלעקט. א פּאָר מאָל האָט וואָלאָדיע אויסגעדרייט דעם קאָפּ אף הינטן, און דאַן האָט ער אין דער טונקל זיך געטראָפן מיט ליזעס גרויע אויגן, אונטערגעפּירטע מיט שווארצער פאַרב, — מאָדנע גרוי־שווארצע אויגן, וואָס ציִען צו און שטויסן אָפּ. דעם בליק זייערן האָט ער געפילט בא זיך אפן רוקן. ווען עס איז געקומען די צײַט צו באַצאָלן דעם שאָפער, איז צווישן ליזען, מיכלען און וואָלאָדיען פאָרגעקומען א שטיקל סיכסעך, ווער עס זאָל צאָלן. ליזע האָט ארויסגענומען פון איר רידיקיול א פּאַפּירל און עס געוואָלט דערלאַנגען דעם שאָפער, נאָר מיכל האָט ענערגיש אָפּגעווענדט איר צו גוטע האַנט און זיך אָנגעהויבן גריבלען אינעם אייגע־נעם לעדערנעם בײַטעלע, באַקוקט יעדע מאַטבייע, צי ס'איז קופּער אָדער זילבער. דערווײַל האָט וואָלאָדיע ארײַנגערוקט דעם שאָפער אין האַנט דאָס גאַנצע ביסל פאַרמעגן, וואָס דער טאַטע זײַנער, וועלכער וויל ניט באַלע־ווען דעם זון, גיט אים בעצימצעם, אויסגערעכנט אף א כוידעש — אף צו גיין א פּאָר מאָל אין קינאָ און אף זיך אונטערשערן.

— אזוי לאַנג דאַוונט מען? — איז איטע אָנגעפאַלן אף מיכלען גלײַך נאָכן „גוט־יאָמטעוו", מיט וועלכן ער איז ארײַנגעקומען אין שטוב. — ייִדן האָבן שוין באַוויזן דרײַ מאָל אָפּעסן, און דו ביסט נאָך אַלץ א פאַרכליאַ־נעטער. ווו איז דאָס ייִנגל? — האָט זי געפרעגט א ביסל שפּעטער. — ער איז אין שול געוועזן?

— אוואַדע געוועזן, צוזאַמען מיט ליזען.

— וויאַזוי האָסטו אים דאָרטן דערזען? — האָט איטע גענומען אויס־פרעגן די טאָכטער.

— איך געדענק ניט, מאַמע.

— ער האָט פריִער דיך דערזען, צי דו פריִער אים?

— מאַמע, לאָז רויִק אָפּעסן...

— עס, עס, קינד מײַנס, פאַרבײַס, — האָט איטע אוועקגעלייגט אין

איר טעלער א מיטלסט שטיקל געפילטע פיש. — ער האָט דיר ניט דער־ציילט, — איז זי אין צוויי מינוט ארום ווידער צוגעשטאנען, — עס האָט זיך שוין בא זיי אויסגעטריקנט דער באלקן נאָך דער פארפלייצונג?

— ניין, מאמע, עס האָט זיך נאָך ניט אויסגעטריקנט!—האָט ליזע אויסגעשריִען. — ווּ האָסטו באהאלטן דאָס ברויט? איך קאָן די פיש ניט עסן מיט מאצע, ס׳איז אזוי ווי קלאָטשע.

— ווּ זאָל איך דיר, מעשומעדעסטע, נעמען ברויט? איך האָב אויסגע־רייניקט ביז א ברעקל.

— ריר איך זיך ניט צו צו די פיש!

— נארעלע, מיט מאצע איז דאָך געשמאקער, טאם־גאניידן. נעם א ביסל כריין, — האָט אָנגעהויבן איַנריידן מיכל. ער האָט שוין דערהאלטן די נעשאָמע מיט צוויי קעלישעקלעך פאראיאָריקן ווישניק, אופגעגעסן א טעלער גילדענע יויך מיט מאצעלעך און איצט געשמאק באארבעט דעם געדיכט־אָנגעשטאָפּטן קאָפּ פונעם העכט.

קעדיי דער ווארמעס זאָל בא ליזען ניט ווערן צעשטערט, איז איטע אוועק אין קיך און ארויסגענומען א האלב לעבל ברויט, וואָס איז צווישן אנדערע כאָמעצדיקע זאכן געווען פארוקט אף דער אונטערשטער פּאָליצע פונעם בופעט.

— נא, ביסט נאָך געווען א שמאד־שטיק בא מיר אין בויך, — האָט זי אוועקגעלייגט לעבן ליזען דאָס ברויט, און יענע האָט אפצולאָכעס מיט גרויס אפעטיט גענומען ריַיבן אףביידע באקן.

— קיינמאָל שלינגט זי גאָר ניט אזוי קיין ברויט, — האָט איטע אי געהאט הארצווייטעק, אי זיך געפרייט, וואָס די טאָכטער וועט זיך גוט אָנעסן.

אין שטוב איז געווען הייס, די קאָטשעהארקע האָט געהאט איבעריקע קוילן און איצט, פרילינג־ציַיט, געהייצט בעסער, ווי אין די גרויסע פרעסט. צו די באטארייעס האָט מען ניט געקאָנט זיך צורירן. ליזע האָט אָפּגעגעסן איר פּייסעכדיק־כאָמעצדיקן ווארמעס און ארויס אין הויף זיך אָפּקילן. קיין הויף איז, אייגנטלעך, ניטאָ. צווישן איין קאָרפּוס און א צווייטן איז א פריַיער פּאס ערד, וואָס האלט פונקט אזויפיל, וויפל עס וואָלט געהאלטן דער מויער, ווען מע זאָל אים אוועקלייגן אף דער ערד. וואָס איז נאָר ניט פאראן אף אָט דעם קליינעם שמאָלן, „פריַיען" שעטעך: יעדער מעטער איז אויסגערעכנט ניט ערגער, ווי אין די דירעס. פיר סטויפּטשיקעס מיט א לאַ־בירינט שטריקלעך אף צו הענגען גרעט, א טיש פאר די ליבהאָבער פון דאָמינאָ און שאָך, א הילצערן טורעמל מיט א מעשופּעדיקער ברעט, פון וועלכער די קינדער פאָרן אראָפּ אף די געזעסלעך, א קארוסעל מיט בענק־לעך. און אומעטום, ווּ עס איז נאָר פאראן א ניט־פארנומען פּיצל ערד, איז אריַינגעשטעקט א ביימל, א קוסט. דער פארשפּעטיקטער פרילינג האָט פון אונטערן נאסן שניי שוין גענומען זיך דורכשלאָגן א וועג צו די יונגע, איידעלע לינדנביימלעך און בערעזקעס, אונטערגעמונטערט זיי מיט א וואַ־רעם דאָרעמדיק ווינטל, אונטערגעהאָדעוועט מיט די ערשטע זאפטן, וואָס ער טראָגט מיט זיך. ליזע האָט זיך געלאָזט גיין צווישן די ביימלעך. די

שטיוועלעך אירע זײַנען אַלץ מער ארומגעוואַקסן מיט בלאָטע. זי האָט זיך צוגעזעצט אַפן בענקעלע פון דער קאַרוסעל און צוזאַמען מיט דרײַ קליינע קינדער, וואָס זײַנען גלײַך מיט איר געוואָרן שותפים און האָבן זיך אויסגעזעצט אַף די איבעריקע בענקלעך, האָט זי גענומען זיך דרייען און הוידען מיט ניט ווייניקער אימפּעט, ווי דאָס קליינוואַרג. איר איז געווען פרייליך — זי האָט אַליין ניט געוווּסט פון וואָס. וואָלאָדיע האָט זי דערזען דורכן פענצטער, און, ניט לאַנג געטראַכט, איז ער אויך אַרויס אין דרויסן. ליזע האָט זיך אַליין ניט געוואָלט מוידע זײַן, אַז זי האָט געוואַרט אַף דעם. וואָלאָדיע האָט אין דער האַנט געהאַלטן צוויי ראַקעטקעס און דאָס פּאַרביקע קאַפּראָן־פּילקעלע, דעם וואָלאַן, אַף צו שפּילן אין דער שפּיל, וואָס איז אָקאָרשט דאָ אַרײַן אין דער מאָדע, — באַדמינטאָן.

— ווי פילט זיך דער טאַטע? — האָט ער געפרעגט, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו איר.

— גוט. די מאַמע האָט דיך געוואָלט מכבד זײַן מיט פּייסעכדיקע קניידלעך.

— ס'איז געשמאַק?

— זייער געשמאַק. די מאַמע מאַכט זיי אַזעלכע גרויסע, אַז מער ווי איין קניידל קאָן מען ניט אופּעסן...

וואָלאָדיע האָט געגעבן ליזען א ראַקעטקע, און זיי האָבן גענומען שפּילן אין באַדמינטאָן.ביידע האָבן זיך צערויטלט. בייס ליזע איז אונטערגעשפּרונגען אָפּצושלאָגן דעם וואָלאַן, האָבן בא איר זיך אַרויסבאַוויזן די קײַלעכיקע ראָזעווע קני אונטער די דורכזיכטיקע קאַפּראָנאָווע זאָקן, וואָלאָדיע האָט זיך פאַרקוקט, און די פּילקע איז געפאַלן אַף דער ערד.

נאָך דער שפּיל זײַנען זיי פון הויף אַרויס אַף דער גאַס און פון דאָרט אַרויף אַף איינער פון די צעצווײַגטע סטעזשקעס, וואָס פירן צום פּאַרק און צום קאַנאַל. אַף א סאַך ביימער אין פּאַרק זײַנען געווען צו צוויי און אַפילע צו דרײַ נעסטן — זייער גראַמע און, ווײַזט אויס, אויך זייער באַקוועמע סכאַך־קוישעלעך, זאַרגזאַם און ליבלעך אויסגעפּלאָכטענע אונטער די קרוינען. די זון האָט זיי עטוואָס באַלויכטן, און זיי האָבן געגליט, ווי האַלב־אויסגעלאָשענע שײַטערס.

א שפּאַן פאָרויס פון ליזען און וואָלאָדיען זײַנען געגאַנגען צוויי פּאָרלעך, איינס הינטערן אַנדערן. די כעוורעלײַט האָבן פרײַ געהאַלטן די הענט אַף די אַקסל פון די מיידלעך. וואָלאָדיע האָט ניט לאַנג געטראַכט און אויך אַרופגעלייגט די האַנט אַף ליזעס אַקסל.

— מײַנע אַלטיטשקע איז גוט, — האָט ליזע א זאָג געטאָן.

— און דיר איז שלעכט? — וואָלאָדיע האָט זי צוגעצויגן נעענטער צו זיך.

— וועגן זיך רייד איך ניט, — האָט זי געענטפערט. — זיי איז גוט, ווײַל זיי גלייבן...

— זיי גלייבן דאָך אין גאָט, — האָט וואָלאָדיע זיך פאַרכידעשט.

— און אין וואָס גלייבסטו? — צום ערשטן מאָל, זינט זיי קענען זיך, האָט זי אים טיפער אַרײַנגעקוקט אין די אויגן.

די פראַגע איז געווען אומגעריכטע, ער האָט זי קיינמאָל זיך ניט פאַרגעבן, פונקט ווי ער האָט זיך ניט געפרעגט, צוליב וואָס עסט ער.

— איך... — האָט וואָלאָדיע געפּרוווט אָפּקומען מיט א כאָכמע, — איך גלייב אין זיך.

— און מער אין קיינעם ניט?

— איך גלייב אין דיר אויך...

— א דאַנק פאַרן צוטרוי, וואָס דו האָסט שוין צו מיר... מיר קענען זיך נאָך זייער ווינציק. אָבער ענטפער מיר ערנסט אף מײַן פראַגע.

— אויב ערנסט ריידן, גלייב איך אין זייער א סאַך זאַכן. איך גלייב אין גרויסע, גענ׳אַלע אַנטדעקונגען. איך גלייב אין איינשטיינען, איך גלייב אין לענינען, איך גלייב אין אַלץ, וואָס עס איז גוט... און דו דען ניט?

— איך אויך. נאָר אין זיך אַליין גלייב איך ניט שטאַרק... איך וויל דיך וועגן עפּעס בעטן, — האָט זי אָנפאַרטרוילעך א זאָג געטאָן, און ס׳איז געווען צו זען, אַז די דאָזיקע ביטע איז שוין פון פריִער געלעגן איר שטאַרק אין זינען. — נאָר זאָג מיר צו, אַז דו וועסט עס אויספילן.

— איך זאָג צו, — וואָלאָדיע איז געווען פאַרינטריגירט און אויסער דעם זייער צופרידן, וואָס זי האָט צו אים א באַקאָשע.

— כ׳וואָלט ניט געוואָלט, זאָלסט דאָ דערציילן, אַז דו האָסט מיך געזען מיטן וועגעלע.

— וואָס האָסטו מוירע?

— קיין מוירע האָב איך ניט, נאָר איך וויל ניט. ס׳איז בא מיר א צופע־ליקע אַרבעט.

— איך האָב גראָד זיך געקליבן עפּעס אויסלײַען בא דיר פון דײַנע נײַע ביכער...

— וועסט זיי אויסשמירן, און קיינער וועט דערנאָך זיי ניט וועלן קויפן.

— איך וועל די ביכער אײַנוויקלען אין א צײַטונג.

— גוט. נאָר זאָלסט קיינעם ניט זאָגן, בא וועמען דו האָסט גענומען. האָסט ליב ביכער וועגן שפּיאָנען?

— איך פאַרצוקער זיי.

דער הימל, וואָס האָט פון אינדערפרי זיך געלײַטערט און דאָך יעדער מאָל אַרויס מיט א נײַ זיפּנדיק רעגנדל, האָט ענדלעך גוט זיך אויסגעלײַ־טערט.

— וועגן מיר ווייסטו שוין קימאַט אַלץ, — האָט ליזע געזאָגט. — איצט דערצייל וועגן זיך.

— מײַן ביִאָגראַפיע איז א קאָמפּליצירטע. אף איין פוס — ניט אויסצו־דערציילן.

— איז דערצייל אףביידע פיס.

וואָלאָדיע האָט זיך געקווענקלט, צי דאַרף ער טאַקע איצט נעמען דער־ציילן אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט ניט גערעדט מיט די נאָענטסטע כאַווײרים. דער פאַרלאַנג זיך אַרויסצורײדן איז אָבער געווען בא אים אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך אַנטשלאָסן. אַזוי טרעפט אָפט: פון די נאָענטסטע

מענטשן, אפילע פון דער אייגענער מאמען באהאלט מען אויס, און פאר א פרעמדן אנטפלעקט מען זיך. איבעריקנס, איז ליזע פאר אים שוין ניט אינ־גאנצן געווען קיין פרעמדע.

— לאָמיר זיך צוזעצן, — האָט וואָלאָדיע אָנגעוויזן אף א באנק אין א זײַט פון דער צענטראַלער אליי.

— זי איז דאָך נאס, — האָט ליזע זיך צעלאכט.

וואָלאָדיע האָט ארויסגעריסן א בינטל אײַנגעלעגערט, אויסגעוויינטיקט גראָז, געמאכט פון דעם א בעזעמל און זאָרגזאם־באלעבאטיש די באנק אויס־געווישט. „ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אף צו ווישן", — האָט ליזע א טראכט געטאָן, דערמאָנענדיק זיך די געלעגנהײַט, בא וועלכער עס איז פּאָרגעקומען זייער ערשטע באגעגעניש. זיי האָבן זיך ביידע אוועקגעזעצט אף דער קי־מאט טרוקענער באנק.

— האָסט געזען מײַן טאטן? — האָט ער האסטיק א פרעג געטאָן.

— אוואדע.

— ער איז ניט מײַן טאטע. איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם, ווען איך בין אלט געוואָרן זעכצן יאָר און כ'האָב געקראָגן א פּאס... מײַן עמעסער טאטע איז אומגעקומען אפן פראָנט. ער האָט געהייסן דאָוויד. דעם שטיפּ־טאטן רופט מען לעוו באָריסאָוויטש...

קימאט דעם גאנצן וועג אף צוריק האָבן זיי געשוויגן. זיי האָבן זיך צע־שיידט אף די טרעפּ פון זייער הויז. זי האָט זיך אופגעהויבן אף א צען טרעפּלעך העכער, וואָלאָדיע איז געבליבן שטיין אף זײַן שטאָק, ביז ער האָט דערהערט, ווי עס האָט זיך געעפנט און זיך פארמאכט נאָך ליזען די טיר. דאן איז ער אויך ארײַן אין שטוב.

## אין דער דירע נומער 25

ניטאָ אזא נײַע ווױנונג, ווו מע זאָל ניט פּראָוועו כאנוקאס־האבאיס. אין אייניקע דירעס מאכט מען די יאָמטעוודיקע וועטשערע גלײַך, ווי מע קלײַבט זיך ארײַן, מע לייגט ניט אָפּ אין דער לאנגער באנק, מע צעשטעלט אין די צימערן שילדלעך מיט אָנזאָגנדיקע אופשריפטן, אז בא דער־אָ וואנט וועט שטיין א טשעכישער סערוואנט, און אז בא יענער וועט מען אוועקשטעלן א פּיאנע. ס'וועט זײַן א דיוואן, וואָס איז באנאכט א בעט, און ס'וועט זײַן א בעט, וואָס איז באטאָג א שטול. ס'וועט זײַן א גרויסארטיקער שרײַבטיש, און ס'וועט זײַן אן עס־טיש, וואָס אז מע צענעמט אים, קאָנען זיך בא אים אויסזעצן דרײַסיק פארשוין. דערווײַל איז נאָך פון די אלע אנטיקלעך ניטאָ קיין זייכער, מע זיצט בא זייער א פּאָשעטן טיש אף אן אפגיך צונויפגע־שלאָגענער באנק. מע איז אָבער פריילעך און לוסטיק, עס גיסט זיך ווײַן, און ס'טראָגן זיך ווינטשעוואניעס...

אין אנדערע דירעס, דערהויפּט דאָרט, ווו די באלעבאטים זײַנען באיאָר־טע מענטשן, אײַלט מען זיך ניט אָפּצוקומען מיט דער סימכע אבי־ווי, אף איין פוס, מע פּוצט און מע באשטאט יעדעס ווינקעלע פון דער שטוב, און

אויב עס פעלט נאָך א שטיקל מעבל, פארבעט מען ניט קיין געסט. אלץ דארף פינקלען און שעמערירן.

היינט איז כאַנוקאַס־האַבאַיִס אין דער דירע נומער 25, ווו עס וווינט דער עלטערער וויסנשאַפט־טוער לעוו באַריסאָוויטש כאַנין מיט דער פרוי פּאָלינע יאַקאָוולעווּנע און זײַן ניט־אײגענעם זון וואָלאָדיע. ווי אין א גוטער וויטרינע פון א קראָם, זײַנען אין קאָרידאָר געהאַנגען קאָלערליי מאַנטלען און רעגן־מאַנטלען, אופגעגייטע פון סינטעטישע שטאָפן. אויבן, אף דער פּאָלקע, זײַנען געלעגן צוויי פּעטראָווע היט און א גאַנץ בערגל פרויִשע שליאַפּקעס. דאָס טישל, וואָס איז אָנגעגרייט פאר א טעלעפאָן־אפּאַראַט, איז געווען באַלייגט מיט די געבראַכטע מאַטאָנעס, דאָסראָוו טאָרטן און שאָקאָלאַד־קאָנפעטן אין שיינע קאַרטאָנענע שאַכטלעך, איבערגעבונדענע מיט דינע זײַדענע סטענגעס.

עס האָבן זיך צוזאַמענגענומען א סאַך געסט. ווען פּאָלינע יאַקאָוולעווּנע האָט מיט צוויי וואָכן צוריק גענומען א ריינעם בויגן פּאַפּיר צו פאַרשרײַבן, וועמען מע דארף אײַנלאַדן אף דער סימכע, האָט זי געהאַט אין אויג א מענטשן פופצן, נאָר אינגיכן האָט זי געמוזט צום ערשטן בייגעלע פּאַפּיר צוגעבן א צווייטס און דערנאָך אויך א דריטס. זי און לעוו באַריסאָוויטש האָבן געהאַלטן אין איין דערמאָנען זיך וועגן נאָך און נאָך פרײַנט און באַקענטע. וואָלאָדיע האָט ניט דרייסט אָנגערופן ליזען.

— ווער איז זי? — האָט געפרעגט די מאַמע.

— אונדזערע א שכיינע. זי וווינט אקוראַט איבער אונדז.

— דאָס האָט זי אונדז פארגאָסן מיט וואַסער?

— ניט זי, די מאַמע אירע.

— אויב אזוי, דארף מען דאָך רופן די מאַמע. און א טאַטן האָט זי?

— זי האָט. א גאַנץ ווילער אַלטיטשקער.

— איז נאָך דרײַ מענטשן, — האָט פּאָלינע יאַקאָוולעווּנע מיט האַרץ ארײַנגעשריבן אינעם צעטל די ציפער „3”.

דער אוילעם האָט געזאָגט מעווינעס אפן נײַעם טשעכישן מעבל־גאַרניטור און אף דער „פּוילישער קיך” מיט די מיניאַטיורישע שאַפקעס און פּאָליצעס, אף די גאַרדינען מיט די אָנגעמאָלטע געאָמעטרישע פיגורן. די פרויען האָבן זיך געטיילט מיט זייערע אײַנדרוקן און דערבײַ געהאַט א טײַנע צום יונגנמאַן, וואָס אלע האָבן אים גערופן אַנטאָשע. ער האָט ניט לאַנג צוריק כאַסענע געהאַט פאר פּאָלינע יאַקאָוולעווּנעס א פּלעמעניצע און איז א סטודענט פונעם פינפטן קורס פון ארכיטעקטור־אינסטיטוט.

— פאַרוואָס איז אזוי קליין די קיך? — האָט מען זיך בא אים נאָכגעפרעגט, און אַנטאָשע האָט מיט דער ווירדע פון א גוט־באַהאַוונטן מענטשן מיטגעטיילט, אז אין די נײַע פּראָיעקטן איז די קיך שוין גרעסער.

— און ווו זײַט איר פריִער געווען? — האָבן אף אים אָנגעגריפן די ווײַבער.

— וואָס האָט איר צו אים זיך צוגעטשעפּעט? — האָט זײַן יונג ווײַבל, ניוסיע, אים גענומען אונטער איר שוץ. זי קאָן ניט פארטראָגן, אז מע זאָל מיט איר אַנטאָשען אפילע שפּאַסן.

בא לעוו באָריסאָוויטשן אין קאבינעט האָט זיך פארזאמלט א היפּש ביסל מאנצבלעך. דורכן אָפענעם פאָרטקעלע האָט ניט באוויזן זיך ארויסצוציִען דער רויך פון די פּאפּיראָסן, און כאָטש ס׳איז געווען א ווינט אין דרויסן, האָט מען געמוזט עפענען דאָס פענצטער. צווישן די געסט זײַנען געווען דרײַ מיטארבעטער פון דער לאבאָראטאָריע, מיט וועלכער לעוו באָריסאָוויטש פּירט אָן, — יונגעלײַט, ייִנגער פון אים עפּשער אין צוויי מאָל. ווײַטער זײַנען געווען אלטע גוטעפרײַנט, לאנגאָניקע כאווײרים, מיט וועלכע דער הײַנטיקער באַל־סימכע האָט אמאָל צוזאמען געלערנט, געארבעט, געווען אפן פראָנט. מע זעט זיך גאנץ זעלטן, עס קומט אלץ ניט אויס, מע איז פארנומען, מע ווױנט ווײַט איינער פונעם צווייטן. דערפאר אָבער, אז מע טרעפט זיך שוין, מע נעמט זיך צונויף אף מײַ אָדער אף אָקטיאבער־יאָמטעוו, אָדער אף נײַ־יאָר, אָדער בא אן אנדער געלעגנהײַט, איז עס א גרויסע סימכע. מע לאכט, מע וויצלט זיך, מע דערמאָנט זיך אין פריילעכע זאכן, די טרויעריקע לאָזט מען צורו, און אויב עמעצער הייבט אָן דערציילן אן אומעטיקע געשיכטע, איז ניט אף לאנג. לעוו באָריסאָוויטש איז א מענטש אין די פופציקער, ער איז א הויכער, א ברייטביינערדיקער, זעט אויס יונג, כאָטש די שלייפן זײַנען שוין גראָוו. עס איז בא לעוו באָריסאָוויטשן ניטאָ קיין סימען פון דעם, וואָס די שנײַדער רופן „א סאָלידע פיגור“. לעוו באָריסאָוויטש האָט, צום גליק, אויך ניט דאָס פארמעגן, וואָס הייסט בא איידעלע פּאריקמאכערס „שיטערע האָר“. ווי ער וואָלט געהאט אראָפּגעוואָרפן פון זיך א גאנצן יאָרצענדליק, האָט ער באזונדערס יונג אויסגעזען איצט, זיצנדיק מיט די געסט בא זיך אין קאבינעט. ער איז געזעסן בא זײַן שרײַבטיש, נאָר ניט, ווי געוויינלעך, מיטן פּאָנעם צום פענצטער. ער האָט געקוקט צו דער טיר, וועלכע האָט זיך אָפט געעפנט, — די פרויען האָבן א שמעק געטאָן, וואָס עס טוען די מאנצבלעך, אייניקע זײַנען אליין אויך ארײַן, אָבער זיך ניט פארהאלטן, זיי האָבן געהאט זייער אייגן רעדל און זייערע אייגענע געשפּרעכן, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט די באלעבאָסטע פּאָלינע יאַקאָוולעוונע. אויסער דעם, וואָס פּאָלינע יאקאָוולעוונע קען גוט אונטערהאלטן א געשפּרעך, נעמט זי נאָך אויס מיט אירע מיידלש־רייצנדיקע כיין־גריבעלעך אף די ליכטיקע ברייטע באקן. פון קינדווײַז אָן וואקסט בא איר אפן קאָפּ א זילבער־ווײַס טשוביקל, אמאָל האָט עס אויסטערליש זיך אויסגעטיילט איבעם יאם שווארצע געקרײַזלטע לאָקנס, איצט האָט דאָס ווײַסע פּאסמעלע נאָך אויך א סאך כיין, עמעס דאָ און דאָרט ווארפן זיך דורך גראָוע פעדעמער.

לעוו באָריסאָוויטש האָט די גאנצע צײַט געפילט אין רוקן אן אָנגענעם ווינטל פונעם פענצטער, דער ווינט האָט אויך געזוכט עפּעס אראָפּצוּווארפן פונעם שרײַבטיש, דעם אייגציקן שטיקל אלט מעבל, וואָס לעוו באָריסאָוויטש האָט געבראכט פון דער פריִערדיקער דירע. ס׳איז א גרויסער שווערער טיש מיט צען לאנגע, טיפע קעסטלעך, צו פינף באביידע זײַטן, און מיט גאָר א גרויסן טיש־קאסטן אינמיטן. „לייגט ארײַן אין אונדז וויפל איר ווילט“, — ציִען זיך די קעסטלעך גרייט־פארטיק ארויס מיט א מעלאָדישער סקריפּערײַ. דער טיש איז ווי א לעבעדיק וועזן. א סאך יאָרן, טויזנטער שאָען האָט זײַן

באלעבאָס בא אים פארבראכט, ניט איין מאָל אויך געשלאָפן אף אים. באם דאָזיקן טיש האָט לעוו באַריסאָוויטש געמאכט זײַן ערשטע דערפינדונג — זייער א פּראָסטן לויט דער קאָנסטרוקציע, אָבער א גאנץ שארפזיניקן מעכאניזם אף איבערצולייגן פון איין קאנט אף א צווייטן באלקעס, רעלסן. אין רעלסן־צעך פונעם מעטאלורגישן זאוואָד, ווו לעוו באַריסאָוויטש האָט דאן געארבעט, איז דאָס איבערלייגן שווערע שטיקער אײַזן געווען א גרויסע פּלאָג פאר די שווארצארבעטער, זיי זײַנען אָפּגעגאן מיט שווייס. לעוו באַריסאָוויטש האָט אויסגעבויט אף אָט דעם טיש א קונציקע אײַנריכטונג און אזוי לאנג זי פארפולקומט, ביז דער מיניאטיורישער רעלס האָט מיט איר הילף געהאָרכזאם געגומען זיך איבערקערעווען אף א זײַט. מיט יאָרן שפּעטער האָט לעוו באַריסאָוויטש באם זעלבן טיש אָנגעשריבן די קאנדידאט־דיסערטאציע.

און איצט זיצט ער דורך די נעכט באם טיש און ארבעט איבער א זאך, וואָס אויב זי וועט זיך אים אײַנגעבן, וועט עס זײַן דער גרעסטער אופטו און דאָס גרעסטע גליק אין זײַן לעבן. עס איז אומעגלעך ארויסוואַרפן אזא טיש, — אזא אויסגעצייכנטן טרײַען האָרעפּאַשניק, וואָס שטייט אף די גראָבע קלעצלדיקע פיסלעך, ווי א צוגעשמידטער צו דער פּאָדלאָגע, — אים פארבײַטן עפּעס אף א נײַ פריש־לאַקירט טישל, אָקאָרשט פון אונטערן הובל...

וויפל פּאָלינע יאקאָוולעוונע האָט ניט געטײַנעט, אז אזא אלטע שווערע באנדורע טאָר מען ניט שלעפּן אין דער נײַער קליין־גאבאריטער דירע, און וויפל זי האָט לעוו באַריסאָוויטשן ניט געפּירט אין די מעבל־מאגאזינען, פּרווונדיק באצויבערן אים מיט די נײַסטע נידעריקע, גרינגע טישן, האָט ער זיך אלץ געקנייטשט און געבליבן גלײַכגילטיק.

אויסערן אלטן טיש, איז אין קאבינעט דאָס גאנצע מעבל געווען נײַ. אפן נײַעם דיוואן, אף די נײַע געבעטע שטולן זײַנען געזעסן די געסט, און צוזאמען מיטן באלעבאָס האָט מען זיך דערציילט מײַסעס, קעדייי צו פארטרײַבן די צײַט ביזן אָנהייב פון דער סודע. לעוו באַריסאָוויטש האָט דערציילט וועגן די „ווינקלען", אין וועלכע ס'איז אים אויסגעקומען צו לעבן אין די יונגע יאָרן.

— ווי איר ווייסט, פארמאָגט דאָס וואָרט „ווינקל" פארשיידענע באַטײַטן, — האָט לעוו באַריסאָוויטש אָנגעהויבן, — אין געגעבענעם פאל האָב איך אין זינען א ווינקל אף צו וווינען. א מאָסקווער טוישעוו בין איך אן אלטער, איך לעב אין דער הויפּטשטאָט א שאָק מיט יאָרן, נאָך פון יענער צײַט, ווען אף דער טווערסקאיא, איצט גאָרקי־גאס, האָט זיך געשלעפּט א טראמוויַ און מיט אים האָבן קאָנקורירט די בארימטע מאָסקווער איזוואָזטשיקעס מיט זייערע קאַרעטעס און פּראָליאָטקעס אף ווייכע רעסאָרן.

איך בין דאן אלט געווען קוים אכצן יאָר. אין דער פאנטאזיע האָב איך זיך שוין געזען אלס גרויסער מאָסקווער געלערנטער, אן ארומגערינגלטער מיט א כאָפּטע פארערער, וואָס שלינגען יעדעס וואָרט מײַנס. ס'האָט זיך אָבער צוגעמישט א קלייניטשקע, א מינדערווערטיקע, מאמעש א נישטיקע פּראָבלעם, וואָס האָט יעדן טאָג, איבערהויפּט פארנאכט־צו, געלאָזט מיר

דערמאָנען וועגן זיך. דער אינסטיטוט, ווו איך בין אָנגעקומען לערנען, האָט געהאט א צוזאמענווינונג, וואָס האָט געקאָנט באפרידיקן ווײַט ניט אלע סטודענטן. איך, מיט מײַן צײַגעניש, אז מײַן טאטע איז א קוסטאר, בין געווען אין דער לעצטער ריי צו באקומען דאָרטן א בעטל. איך האָב געדארפט געפינען א וווינונג אף א פּריוואטן אופן. אין איינעם א שיינעם טאָג, ריכטיקער געזאָגט, אין איינעם א שיינעם אָוונט האָט אָנשטאָט מײַנעם אן עפּאָכאַל ארטיקל אין א וויסנשאפטלעכן זשורנאל, וואָס זאָל מאכן א רוישעם אף דער גאנצער וועלט, זיך באוויזן אף דער פערטער זײַט פון דער „וועטשאָרקע"[1] אזא פּראָזאַישע מודעה:

„א סטודענט וועט דינגען א טייל פון א צימער, פאָרשלאָגן שיקן לויטן אדרעס: הויפּט־פּאָטשטאמט, צום אופאָדערן, ל. ב. כאנינען".

— ווען איך בין אין א פּאָר טעג ארום געקומען אפן פּאָטשטאמט און ארײַנגערוקט דעם קאָפּ אין פענצטערל, ווו מע גיט ארויס די בריוו „צום אופאָדערן", האָט מען מיר דערלאנגט א קארטל. א באפליגלטער און אופּ־געמונטערטער, האָב איך זיך טייקעף געלאָזט גיין לויט דעם אָנגעוויזענעם אדרעס. א דאך איבערן קאָפּ, קימאט אף א גאנץ גליקלעך יאָר, האָב איך געפונען אף דער ווײַטלעכער, פארשלאָפענער גאס, וואָס הייסט גאָראָכאָווו־סקע, אין א צווייִשטאָקיק הויז, אנטקעגן דעם אינסטיטוט פון פיזקולטור. אלע אײַנוווינער פון גאָראָכאָווסקע, קליין און גרויס, זײַנען געווען פיז־קולטורניקעס. אינדערלופטן האָבן זיך געטראָגן די ווערטער „סטארט", „גאָלקיפּער", „שטאנגע". איינע פון די ערשטע פראגעס, וואָס מײַן קינפטיקע באלעבאָסטע האָט מיר פארגעבן, ווען כ'בין ארײַן צו איר אין שטוב, איז געווען — צי בין איך א פיזקולטורניק. דער מאן אירער איז געווען א שלאָ־סער, זי אליין איז געווען באשעפטיקט אין אן ארטעל „כימטשיסטקא", דאָס צעניאָריקע מיידעלע זייערס איז געגאנגען אין שול, אין דריטן קלאַס. אינ־דערפרי האָט דער באלעבאָס געארבעט מיט די האַנטעלן, די באלעבאָסטע איז געשפּרונגען איבער די קאָזלעס, דאָס טעכטערל האָט געטאנצט מיט דער „סקאקאַלקע". זיי האָבן מיך אויך ארײַנגעצויגן, און מײַנע דערפאָלגן זײַנען געווען אזוי גרויס, אז איך בין אינגיכן געוואָרן זייער קאפּיטאַן. פריִער האָבן זיי געריסן פון מיר די קאָלדרע און געוועקט מיך צו דער פרימאָרגעדיקער גימנאסטיק, איצט האָב איך געריסן די קאָלדרעס פון זיי. דירע־געלט האָב איך געצאָלט ניט קיין סאך, נאָר די געוויסנהאפטע באלעבאטים האָבן אראָפּגעזעצט נאָך אף א צענערל, אזויארום איז מײַן קאפּיטאנישע טירכע אפילו געוואָרן באלוינט. איך וואָלט מיסטאמע געוואָרן אן ערשטקלאסיקער ספּאָרטסמען, נאָר אינגיכן איז אראָפּגעקומען זייער עלטערער זון, וואָס האָט געדינט אין ארמיי און וועמענס בעט איך האָב געהאט פארנומען. מיר האָבן זיך צעזעגנט אפן בעסטן אופן, מיט אן אויסגעשריי „פיזקולט־הוראַ!", און איך האָב ווידער זיך געלאָזט געבן אין דער „וועטשאָרקע" א מעלדונג וועגן א ווינקל...

— רו זיך אָפּ א ביסל מיט דײַנע ווינקלען, — האָט איבערגעריסן לעוו

[1] די צײַטונג „וועטשערניאיא מאָסקווא" (אָוונטיקע מאָסקווע).

באַריסאָוויטשן איינער פון זײַנע אלטע באקענטע, א זשורנאליסט, וואָס איז געזעסן אָנגעשפּארט מיטן רוקן אפן מיטלסטן קישן פונעם דיוואן און אומ־געדולדיק איבערגעלייגט איין פוס אף דעם צווייטן. — איך וועל אײַך דער־ציילן וועגן מײַנע אינטערוויוען...

— און איך וועגן מײַנע מיטיקן, ס'וועט אונדז צוגעבן אפּעטיט, — האָט באנעצט מיט דער צונג די ליפּן איינער פון די אויסגעהונגערטע געסט. — איך האָב אויסגערעכנט, וויפל מיטיקן איך האָב פאר מײַן לעבן אופגעגעסן...

עס איז שוין טאקע צײַט געווען אָנצוהייבן די סודע, אלע געסט, אף וועלכע מע האָט געוואַרט, זײַנען שוין געקומען, און לעוו באָריסאָוויטש מיט פאָלינע יאקאָוולעווונען האָבן גענומען רופן דעם אוילעם אין גרויסן גאסט־צימער, ווו עס זײַנען געשטאנען דרײַ פײַן־געדעקטע צונויפגעשטעלטע טישן. דער אוילעם האָט זיך גענומען אויסזעצן. ס'איז געווען זייער ענג און זייער פריילעך. די שכיינע איטע איז מיט איר מיכלען געזעסן אף איין שטול — זי האָט פארנומען דרײַ פערטל, ער — דאָס איבעריקע. ווי א גוטע מאמע און ווי א טרײַע קינפּטיקע שוויגער האָט איטע געזאָרגט, אז ליזעס און וואָלאָדיעס טעלערלעך זאָלן ניט זײַן פּוסט און די קינדער זאָלן געניסן פון אלע מײַכאָלים. נאָך די ערשטע צוויי קעלישקעס האָט וואָלאָדיען זיך פארדרייט דער קאָפּ, ער האָט זיך דערפילט שיקערלעך. קיינמאָל ביז איצט האָט ער ניט געטראכט, אז עס קאָן זײַן אזוי גוט אף דער וועלט. ער האָט גענומען א שאָקאָלאדקע, אראָפּגעצויגן פון איר דאָס אייבערשטע פארביקע העמדל און דאָס קנאקנדיקע זילבער־פּאפּיר און צוגעטראָגן עס ליזען צום מויל, זי זאָל אָפּבײַסן א ציגעלע. דאָס מיידל איז רויט געוואָרן און אָפּגע־שטופּט זײַן האנט. „בײַס אָפּ, נארעלע, בײַס אָפּ, ס'איז זיס", — האָט איטע איבערן טיש געשריִען צו דער טאָכטער. ליזע איז נאָך רויטער געוואָרן, נאָר פונדעסטוועגן אָפּגעביסן.

די סימכע איז געווען אינעם רעכטן ברען, ווען מע האָט אָנגעקלונגען אין דער טיר. וואָלאָדיע איז אוועק עפענען, גלײַך זיך אומגעקערט און ארויס־גערופן דעם טאטן. א ספּעציעלער שאָליעך פון איינעם פון די אינסטיטוטן פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע האָט געבעטן לעוו באָריסאָוויטשן טייקעף קומען, מע וואַרט דאָרט אף אים. צום טיש האָט לעוו באָריסאָוויטש שוין מער זיך ניט געזעצט, ער איז נאָר ארײַן, קעדיי זיך געזעגענען מיט די געסט, די סימכע אין זײַן שטוב איז אים שוין קנאפּ אָנגעגאנגען. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער דארף זיך ניט נעמען אָנטאָן, — אף אים איז דער בעסטער אָנצוג זײַנער, דער שענסטער שניפּס און די טײַערסטע זאפּאָנקעס, וואָס ער האָט גראָד הײַנט צום ערשטן מאָל ארײַנגעשטעקט אין די מאנ־זשעטן. ער האָט געבעטן דעם אוילעם פאָרזעצן די סודע, און דער אוילעם איז גערן אײַנגעגאנגען אף דעם, מע האָט נאָר אויסגעדריקט דעם פארלאנג, אז ער זאָל זיך גיכער אומקערן, מע וועט אף אים וואַרטן. ביכלאל איז באם טיש שוין געווען אזוי פריילעך, אז ס'איז קנאפּ עמעצן אָנגעגאנגען, צי ס'זיצט דער באלעבאָס אָדער ניט. לעוו באָריסאָוויטש האָט ארופגעכאפּט אף זיך זײַן גרויסן זומערדיקן מאנטל, אָנגעטאָן אפן קאָפּ דאָס קײַלעכיקע „אקאדעמישע" ווייכע היטעלע. בא דער שוועל פון דער האלב־אָפענער טיר

האָט ער ארומגענומען זײַן פרוי, וואָס איז אים ארויס באגלייטן. פון אירע באקן איז אראָפּ די ראָזע פארב. אויסגעזעען האָט זי שטארק פארמאטערט, אָבער אלציינס איז זי געווען רייצנדיק־שיין. זי איז שטענדיק שיין, די אויגן אירע לויכטן העל און ווארעם. לעוו באָריסאָוויטש האָט ליב זײַן ווײַב, און זי אים, ניט געקוקט אף די קאָמפּליקאציִעס, וואָס זײַנען לעצטנס פאראן אין זייערע באציִונגען.

ווען לעוו באָריסאָוויטש איז ארויס פון שטוב, איז פאָלינע יאקאָווּלעוונע, ווי געוויינלעך טייקעף נאָך זײַן אוועקגיין, ארײַן צו אים אין קאבינעט א קוק טאָן, צי האָט ער גאָרניט פארגעסן — די ברילן, דעם בלאָקנאָט, די פען, דעם זייגער, די בלויע פּאפּקע, — עפּעס מוז ער פארגעסן. די ברילן זײַנען געלעגן אפן טיש, ער האָט אין דער קעשענע ארײַנגעשטופּט דאָס פּוסטע שיידל. פּאָלינע יאקאָוולעוונע איז ארויסגעלאָפן און אים גענומען אָניאָגן אף די טרעפּ.

— האָסט פארגעסן די אויגן, — האָט זי אים דערלאנגט די ברילן.

— טאקע, וואָס וואָלט איך אָן זיי געטאָן? — האָט ער צופרידן ארויס־געמורמלט.

— זאָג בעסער, וואָס וואָלסטו געטאָן אָן מיר?

ער האָט זי א קוש געטאָן און ווי אָן אָפּגעבריטער אָפּגעשפּרונגען — עמעצער איז געגאנגען פון אויבן.

עס איז געווען נאָך ניט שפּעט אין אָוונט. אין מיקראָ־ראיאָן איז עס די געמיטלעכסטע צײַט אין מעסלעס, ווען די פּילצאָליקע באטאָגיקע זאָרגן פון די אײַנוווינער זײַנען שוין אין א היפּשער מאָס אראָפּ און די שפּעט־טערע, באנאכטיקע אויסגעשלאָסנקײַט פונעם קלאל, בייס יעדער מענטש איז פארנומען מיט זײַנע אייגענע קליינע און גרויסע פארגעניגנס און טארומעס, איז נאָך ניט אָנגעקומען. די קווארטאלן פונעם מיקראָ־ראיאָן האָבן געפינקלט מיט זייערע נײַע מאָדערנע לאמטערנס אף די נײַע מאָ־דערנע שטיינערנע סלופּעס. נײַ זײַנען געווען די העל־באלויכטענע שילדן, די וויטרינעס, נײַ איז געווען דער אספאלט — א קלעפּיקער און נאָכגיביקער, די פּאָדעשוועס פון די שיך האָבן זיך אף אים אָפּגעשטעמפּלט, ווי אף טרי־וואקס. לעוו באָריסאָוויטש איז געווען אין א גלענצנדיקער שטימונג. עס האָט זיך געלאָזן געבן צו וויסן דער קאָניאק, וואָס ער האָט געטרונקען, אָבער ווען ער וואָלט אפילע ניט געטרונקען, אלציינס וואָלט אים איצט געווען גוט און פריילעך אפן הארצן. ס'האָט אים געפרייט, וואָס מע האָט אים עקסטרע ארויסגערופן. דאָס איז א גוטער סימען, א באשײַמפּערלעכער באווײַז, אז מע גיט צו א וויכטיקע באדײַטונג זײַן לאבאָראטאָריע. מיטן איצטיקן עקסטרע ארויסרוף איז, קאָן זײַן, פארבונדן זײַן גאנץ ווײַטערדיק לעבן, די פּארווירקלעכונג פון זײַנער אן אידיי, מיט וועלכער ער טראָגט זיך ארום אין מעשעך פון די לעצטע יאָרן. די לאבאָראטאָריע, מיט וועל־כער ער, לעוו באָריסאָוויטש, פירט אָן, האָט נאָך, אייגנטלעך, ניט קיין שום וועזנטלעכע אופטוען, זי האָט נאָך אפילע ניט קיין פּאסיקע געבײַדע, די וויסנשאפט־טוער און לאבאָראנטן זיצן געענגט אין דרײַ צימערן, ניטאָ ווו דורכצוגיין צווישן די טישן און די אָנגעשטעלטע מאכשירים. עס האָט

זיך געשאפן א פארקישעפטער קרײַז: מע קאָן ניט פּראַקטיש צוטרעטן צו קיין גרויסער ארבעט, ווײַל עס זײַנען ניטאָ די געוויינטלעכע באַדינגונגען, און די באַדינגונגען ווערן ניט געשאפן, ווײַל מע זעט ניט קיין ארבעט. אייניקע טוער, ספּעציאַליסטן פונעם אינסטיטוט, אין וועלכן ס'גייט אַרײַן די לאַבאַראַטאָריע, גלייבן ניט, אַז דאָס, וואָס לעוו באַריסאָוויטש כאַנין און זײַנע מיטאַרבעטער טוען, איז טאַקע גראָד איצט נייטיק, און אַז מע דאַרף ניט קאַרגן אַף דעם קיין הויצאָעס. גופא ער, לעוו באַריסאָוויטש, זעט שוין לאַנג אין דימיען, ווי אַזוי פונעם שמעלץ־אויוון גיסט זיך, פּלייצט אומופהערלעך די צעשמאָלצענע פײַערדיקע שטאָלענע מאַסע. דער אויוון איז ניט קיין מאַרטען, ניט קיין קאָנווערטאָר, ניט קיין דוהאָווע עלעקטראָווניע, אין וועלכער דער מעטאַל ווערט פּאַרטיק און גיסט זיך אַרויס פּעריאָדיש, — די שמעלצונג קומט דאָרטן לעפּיערעך פּאַר איין מאָל אין דרײַ שאָ. דער נײַער אַגרעגאַט, וואָס איז נאָך ניט פאַראַן אין דער נאַטור און וואָס כאַנין זעט געדאַנקלעך פאַר די אויגן, איז אַן אַנדערער, ער איז געבויט אַף אַ ראַדיקאַל אַנדערשדיקן פּרינציפּ — אַפן פּרינציפּ פון אַן אומופהערלעכן פּראָצעס — אַן אומופהערלעכן שטראָם. דער מעטאַל שטראָמט די גאַנצע צײַט, ווי אַ רויקער, נאָר אייביקער טײַך, אָן אַן אופהער און אָן איבערײַס...

דער דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט אַלעקסיי אַנטאָנאָוויטש סטראָפּאָוו האַלט אונטער די דאָזיקע אידיי. ערשט הײַנט באַטאָג, ווען זיי ביידע האָבן צווישן זיך גערעדט, האָט סטראָפּאָוו נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכן, אַז די לאַבאַראַטאָריע טוט אַן אויסערגעוויינלעך וויכטיקע ארבעט און אַז מע דאַרף פאַרשנעלערן די אויספאָרשונג. דעם באַטאָגיקן געשפּרעך האָט לעוו באַריסאָוויטש צוזאַמענגעבונדן מיטן איצטיקן דרינגענדיקן אַרויסרופן אים. אַלעקסיי אַנטאָנאָוויטש איז אַן אָנגעזעענער מעטאַלורג, אַ טעאָרעטיקער און אַ פּראַקטיקער. זײַן מיינונג שעצט מען און מע הערט זיך צו איר צו. לעוו באַריסאָוויטש שעצט סטראָפּאָוון ניט נאָר ווי אַ טרײַער דאַנקבאַרער טאַלמיד. עס קאָן זייער זײַן, אַז ווען ניט סטראָפּאָוו, וואָלט ער קיינמאָל ניט דערגרייכט צו דעם, צו וואָס ער האָט דערגרייכט, ער וואָלט זיך קיינמאָל ניט אונטערגענומען צו שרײַבן אַ דאָקטאָר־דיסערטאַציע. עס איז געווען אַ צײַט, ווען מע האָט סטראָפּאָוון געגעבן אָנצוהערן, אַז מע דאַרף אייניקע מיטאַרבעטער באַזײַטיקן פונעם אינסטיטוט, לעמאָשל אַזאַ דאָן קיכאָט, ווי לעוו באַריסאָוויטש כאַנין, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט ניט־געשטויגענע אידייען און פּראָיעקטן.

— איך מיין ניט, — האָט אַלעקסיי אַנטאָנאָוויטש געענטפערט, — אַז אַפילו אין אונדזער אויסערגעוויינלעך ניכטערער צײַט האָבן דאָן קיכאָטן שוין אינגאַנצן ניט קיין רעכט אַף עקזיסטענץ, ביפּראַט, אַז אָפּטמאָל קומט זיי אויס זיך צו שלאָגן ניט מיט קיין אויסגעטראַכטע ווינטמילן, נאָר מיט גאַנץ רעאַלע שטערונגען. ביכלאַל, מיר פאַרזענלעך איז דאָן קיכאָט זייער צום האַרצן, דערהויפּט נאָך, ווען ער באַנוצט די עלעקטראָנישע מאַשין און יעדער האַלב זײַטל טעקסט אַרגומענטירט ער מיט צען זײַטן טאַבעלן און ציפערן...

מיט א פריידיקן פאַרגעפיל איז לעוו באַריסאָוויטש איצט געגאַנגען איבער דער גרויסער קאַלוזשסקער גאַס — א גאַס פון וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן און מעדיצינישע אנשטאַלטן. ער איז אַרײַנגעגאַנגען אינעם פּאַלאַץ, וואָס באַצירט דעם גאַנצן אַרום ניט נאָר מיט דער אייגענער אימפּאָזאַנטקייט, נאָר מיטן פּרעכטיקן גאָרטן, וואָס ציט זיך אַוועק אין דער טיף הינטער דעם אָרנאַמענטאַלישן מאַסיוון אײַזערנעם פּלויט. דער גאָר־דעראָבשטשיק איז, ווי אַלע גאַרדעראָבשטשיקעס אין כאַשעווע אנשטאַלטן, אַליין אויך געווען זייער כאַשעוו און סאָליד, ער האָט געגלאַנצט אין זײַן אוניפאָרם מיט די בלאַנקענדיקע קנעפּ, מיטן סאַמעטענעם קאָלנער און סאַמעטענע אָבשלאַגן פון דעם רעקל. ניט געײַלט, מיט א סאַך אָפּשײַ און כשיוועס צו זײַן אייגענער פּערזאָן, האָט ער באַקוקט דעם שפּעטן באַזוכער אויך נאָכדעם, ווי ער האָט שוין געהאַט דעם מאַנטל אופגעהאַנגען לעבן עטלעכע געציילטע מאַנטלען. לעוו באַריסאָוויטש האָט גענומען זיך אופ־הייבן אף די ברייטע טרעפּ, און ווי דער טעפּיך איז ניט געווען ווייך, האָט זיך אים פאָרט געדוכט, אז זײַן גאַנג הערט זיך אינעם גאַנצן מויער, פון עק צו עק. אינעם קאָרידאָר איז אים ניט אנטקעגנגעקומען קיין איין מענטש. א שטילקײַט איז געלעגן באַ די צוגעמאַכטע הויכע טירן מיט די אויסגעשײַערטע מעשענע הענטלעך. לעוו באַריסאָוויטש האָט אופגעעפנט איינע פון די טירן, און גלײַך האָט זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט באַם טיש און איז אַרויס אים אנטקעגן דער באַלעבאָס פונעם קאַבינעט — א באַ־ווּסטער אקאַדעמיקער אין לאַנד. ער האָט פרײַנטלעך זיך באַגריסט מיט לעוו באַריסאָוויטשן. סטראַפּאָוו איז געזעסן באַ דער זײַט פונעם טיש, ער האָט ניט דערלאַנגט כאַנינען די האַנט, נאָר גוטברודעריש, ווי א מענטשן, מיט וועלכן מע זעט זיך א סאַך מאָל אין טאָג, א קלאַפּ געטאָן אים איבער דער פּלייצע.

— די זיצונג האָט זיך שוין פאַרענדיקט? — האָט א ביסל מעוואַלוול געפרעגט לעוו באַריסאָוויטש, וואָס האָט זיך געריכט צו טרעפן א היפּשן אוילעם און דערזען פאַר זיך נאָר די דאָזיקע צוויי מענטשן. אין האַרצן איז ער געווען העכסט צופרידן, גראָד זייביידן האָט ער באַדאַרפט מער ווי אַלעמען, מע וועט זיך קאָנען גוט דורכריידן.

דער אקאַדעמיקער האָט אַרופגעשאַרט די אַשיק־גראָווע קוטשמע האָר אַרופצו, אנטבלויזט דעם ניט־הויכן, נאָר ברייטן שטערן. דאָס לענגלעכע פּאָנעם זײַנס איז געווען זייער א פּאַשעטס, פּאַשעטער און געוויינלעכער ווי באַם גאַרדעראָבשטשיק. אויסגעזען האָט ער יונג, און ער איז נאָך טאַקע געווען פאַרהעלטניסמעסיק יונג, ניט לאַנג צוריק האָט מען אָפּגעמערקט זײַן פּופּציקיאָריקן יובילײ. „ווען האָט ער באַוויזן אַזויפיל צו דערגרייכן? — האָט לעוו באַריסאָוויטש ניט ווילנדיק א קלער געטאָן, זיך פאַרגלײַכנדיק מיט אים. — ער איז דאָך נאָך ייִנגער פון מיר”.

— אַלעקסיי אַנטאָנאָוויטש האָט מיר גאַנץ גענוי דערציילט וועגן אײַער לאַבאָראַטאָריע, אַזוי אז א פאָרשטעלונג האָב איך שוין, — דער אקאַדע־מיקער האָט אַוועקגעלייגט אפן טיש ביידע הענט מיט ברייט־צעשפּרייטע פינגער, ווי ער וואָלט זיך געקליבן עפּעס אויסשפּילן אף א פּיאַנע. — איך

בין פּולקום מאסקים מיט אים, אַז די אַרבעט איז אַ וויכטיקע. אויב אין די נאָענטסטע יאָרן קאָן נאָך די פּראָבלעם ניט ווערן געלייזט פּראַקטיש, איז זי אָבער זייער אַקטועל אין דער ניט־ווײַטער צוקונפט, ווען מע וועט מוזן זי לייזן. מיר האָבן שוין דאָ מיט אַלעקסיי אַנטאָנאָוויטשן גערעדט און זײַנען געקומען צו אַזאַ אויספיר, אַז ס׳וואָלט געווען צוועקמעסיק, אין אַ סאַך פּראָטים, איר זאָלט דורכפירן אײַערע אויספאָרשונגען אויף דער מעכטיקער באַזע פון אונדזער דאָרעמדיקער אָדער, נאָך בעסער, מיזרעכדיקער מעטאַלורגיע. לויט מײַן מיינונג איז בעסער פון אַלץ די מיזרעכדיקע. דאָרטן האָבן מיר אַ גרויסן פיליאַל פון דער אַקאַדעמיע. אײַער לאַבאָראַטאָריע וועט האָבן מיט איר אַן ענגן קאָנטאַקט, זי וועט אָרגאַניש זיך אײַנגלידערן אין איר סיסטעם, מיט דער פּערספּעקטיוו פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ זעלבשטענדיקן אינסטיטוט. אַלעקסיי אַנטאָנאָוויטש האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט געאַרבעט דאָרט אויף אַ מעטאַלורגישן זאַוואָד...

— יאָ, מילכאָמע־צײַט.

— זײַט איר, הייסט עס, שוין אַן עלטער טוישעוו אויפן מיזרעך... אַ סאַך יונגע ספּעציאַליסטן אַרבעטן בײַ אײַך אין דער לאַבאָראַטאָריע?

— העכער אַ העלפט, אַ פּראָצענט זעכציק.

— איך האָב עס געפרעגט ניט דערפאַר, ווײַל איך האַלט, אַז יונגע וויסנשאַפט־טוער, בכלל אונדזער יוגנט, אויב זיי ווילן קומען צום געווונטשענעם ברעג, מוזן זיי אומבאַדינגט זיך פאַרהאַרטעווען אין די ווײַטערע מעקוימעס — וואָס ווײַטער, אַלץ בעסער. איך האָב אין אויג אַן אַנדער זאַך. אונדזערע פיליאַלן זײַנען אַזוי אויסגעוואַקסן, דער שווונג און דער פאַרנעם פון די וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען און עקספּערימענטן, די דרייסטקײַט באַם פאַנאַנדעראַרבעטן די נײַע טעמאַטיק זײַנען דאָרט אַזוי גרויס, די גאַנצע וויסנשאַפטלעכע טעטיקײַט האָט זיך אַזוי צעצווײַגט און פאַרברייטערט, אַז אין אייניקע געביטן, דערבײַ גאַנץ וויכטיקע, זײַנען מיר דאָ, אין צענטער, אינדערעמעסן גאָר זייערער אַ פיליאַל, מיר זעצן פאָר טאָן דאָס, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן און טוען שוין און האָבן שוין פיל אויפגעטאָן. דערמיט איז ניטאָ וואָס זיך צו שעמען, און קיין אומגליק איז עס אַוודע ניט, פאַרקערט, עס איז זייער אַ געזונטער פּראָצעס. ווייסט איר, לעמאָשל, אַז אינעם סיבירער פיליאַל זײַנען אַכציק פּראָצענט געלערנטע אין עלטער פון צוויי און צוואַנציק ביז דרײַסיק יאָר?

— איך בין שוין אַריבער די פופציק, — האָט לעוו באָריסאָוויטש באַמערקט.

— אויך מיר אַן עלטער! וואָס זאָל איך שוין זאָגן? — האָט סטראָפּאָוו אַ לאַך געטאָן און זיך פאַרהוסט. ער האָט גענומען מאַכן מיט די הענט אויף צו פאַרטרײַבן דעם הוסט, און בײַסמײַסע האָט ער טאַקע אויסגעזען זייער אַלט — אַ זאָקן, וואָס רוקט זיך צו די זיבעציקער. אפשר, אַז איצט, שפּעט אין אָוונט, האָט זיך אויך געלאָזט שפּירן די מידקײַט נאָכן לאַנגן טאָג. עס איז דורך אַ היפּשע ווײַלע, ביז דער הוסט איז אַריבער און אַלעקסיי אַנטאָנאָוויטש איז געקומען צו־זיך. — מיר קענען זיך מיט לעוו באָריסאָוויטשן שוין ניט איין צענדליק יאָר, — האָט סטראָפּאָוו, אַ באַרויקטער,

ארומגענומען מיט די הענט די אָפּגעשליפענע פּאָרענטשע פונעם פּאָטערשטול, — איך געדענק אים נאָך פון יענער צייַט, ווען ער פלעגט אין אינסטיטוט קומען אָפּגעבן די עקזאמענעס פאר אנדערע סטודענטן. איך האָב אים אָבער געפּאקט, דערקענט לויט זייַנע צעריסענע שיך. די צעפליקטע שיך, האָב איך באמערקט, האָבן שוין איין מאָל און א צווייט מאָל מיר אָפּגעגעבן דעם עקזאמען. — סטראָפּאָוו האָט זיך געוואָלט צעלאכן, נאָר פארטריבן דעם דאָזיקן פארלאנג, קעדיי עס זאָל ווידער ניט אָנפאלן דער הוסט. — די לעקציעס האָט ער, געדענק איך, באזוכט אלס א פרייַער צוהערער, ווייַל פאר א סטודענט האָט מען אים לעכאטכילע ניט אָנגענומען... דוכט זיך, עפּעס האָט ניט אינגאנצן געטויגט זייַן סאָציאַלע אָפּשטאמונג, זייַן טאטע איז געווען...

— א קוסטאר... — האָט לעוו באָריסאָוויטש אונטערגעזאָגט. — ער האָט געהאט א פּאטענט.

— א דערפינדער, הייסט עס... — האָט דער אקאדעמיקער א שמייכל געטאָן.

— א פּאטענטירטער... — סטראָפּאָוו האָט זיך אָנגעבלאָזן, ער זאָל אפּסניי זיך ניט צעלאכן. — א פּאטענטירטער קאפּצן... נאָר מייַנע לעקציעס האָט ער געהערט זייער אופמערקזאם. דערנאָך בין איך געווען זייַן אָנפירער, ווען ער האָט געשריבן די קאנדידאט־דיסערטאציע...

דער אקאדעמיקער האָט אַף סטראָפּאָוון א קוק געטאָן מיט פארמאטערטע אויגן. וואָס קאָן מען טאָן מיט א מענטשן, אויב אים האָט זיך אינמיטנדערינען פארגלוסט אריַינצולאָזן זיך אין זיכרוינעס? קיין ברייַרע איז ניטאָ, מע דארף הערן... סטראָפּאָוו האָט דעם קוק פארשטאנען און איבערגעביטן דעם געשפּרעך.

— אין אייַער ארבעט, לעוו באָריסאָוויטש, — האָט ער אוועקגענומען די פלייצע פונעם ווענטל פון דעם פּאָטערשטול און אָנגעבויגן פאָרויס דעם שווערן קערפּער און דעם קאָפּ, — אין אייַערע זוכענישן און אויספאָרשונגען וועט אייַך נאָך אויך אויסקומען האָבן צו טאָן מיט א פּסיכאָלאָגישן מאָמענט אָדער, בעסער געזאָגט, מיט א פּסיכאָלאָגישן באריער. מיר ווייסן דאָך, אז בא די אלטע מעטאלורגן, און ניט נאָר בא די אלטע, בא די יונגע אויך, ביכלאל בא אלעמען — בא די געלערנטע, ספּעציאַליסטן, אינזשענירן, מייַסטערס, בא די ארבעטער, בא אלע, קליין און גרויס, איז א יאָמטעוו, ווען עס ווערט ארויסגעגעבן א נייַע שמעלצונג. א פּאָשעטע פרוי, וואָס ווויַנט אינעם ייִשעוו פון א מעטאלורגישן זאוואָד, קוקט פארכידעשט און פארצויבערט אַף דער פּראכטפולער שיינקייַט, וואָס עס צעגיסט זיך דאָן איבערן הימל. איך אליין, ווען כ׳קום צו פאָרן אין א קאָמאנדירונג, באמי איך זיך אָפּצושטעלן אינעם האָטעל, פונוואנען מע זעט, ווען ס׳ווערט ארויסגעלאָזן די שמעלצונג. דאָס איז מייַן כאלאס און דאָס כאלאס פון שטאָלגיסערס, זייערע באהעלפערס, פון אלעמען, ווער עס האָט נאָר א שייַכעס צו אונדזער הייסן צעך. הייַנט שטעלט זיך פאָר, אז איר קומט אראָפּ און זאָגט, אז דאָס דאָזיקע הערלעכע בילד דארף מען פארניכטן, מע דארף מאכן צו דעם א סאָף... כ׳בין ניט זיכער, אז אפילע אייַערע סי־

בירער אלטע גוטעפרײַנט װעלן אײַך מיט פרײד אונטערהאלטן, דאָס אײַנ־געװאָרצלטע עסטעטישע געפיל קומט דאָ אין א געװיסן קאָנפליקט מיט די ראציאָנעלע אױסרעכענונגען פון דער עקאָנאָמיק. די דאָזיקע באמערקונג מײַנע איז נעגײיע נאָר א בײַזאך. בעצמעס שײן איז בלױז דאָס, װאָס עס איז פארנונפטיק. די מאגיסטראלע אנטװיקלונג פון דער מעטאלורגיע ליגט אפן װעג פון אומופהערלעכע פראָצעסן. די פערספעקטיװ איז א גרױסע, און אנטשפרעכיק גרױס דארף אױך זײַן די אױספאַרשערישע אר־בעט.

— אלזאָ, קײנע פרינציפיעלע כלוקעדײעס זײַנען ניט פאראן, — האָט דער אקאדעמיקער געמאכט א סאכאקל, — כ׳װעל אײַך, לעװ באָריסאָװיטש, בעטן צו אונדזער נאָענטסטער זיצונג צוגרײטן קאָנקרעטע פאָרשלאָגן.

— איר האָט, דוכט מיר, זיך אריבערגעקליבן אין א נײַער דירע, — האָט סטראָפּאָװ זיך דערמאָנט.

— הײַנט איז געװען בא מיר נאָװאָסעליע[1].

— אזױ גאָר? עס גײט אום א װערטל, אז צװײ נאָװאָסעליעס זײַנען געגליכן צו אײן סרײפע...

— אָבער עפשער לױנט אמאָל א סרײפע, אָפּסמאליען די האָר, װי מײנט איר? — דער אקאדעמיקער האָט אף לעװ באָריסאָװיטשן א קוק געטאָן ניט אזױ מיט די מידע אױגן, װי מיט די אױסגעבױגענע שװארצע ברעמען. זײער שװארצקײַט האָט זיך באזונדערס אױסגעטײלט אין פאר־גלײַך מיט די גראָװע האָר אפן קאָפּ.

— איך האלט אױך אזױ, — איז לעװ באָריסאָװיטש גערן מאסכים געװען.

— װי פילט איר זיך אין געזונט? — האָט דער אקאדעמיקער װײַטער א פרעג געטאָן.

— ניט צו פארזינדיקן, — האָט לעװ באָריסאָװיטש געענטפערט. — אין די יונגע יאָרן האָט מען בא מיר געפונען א הארץ־פעלער און מע האָט מיר געגעבן א װײַסן בילעט. מילכאָמע־צײַט בין איך אװעק אין דער אָפּאָלטשעניע, געװען אפן פראָנט, געלעגן אין די טראנשײען, מארשירט צענדליקער קילאָמעטער אין דער פולער אמוניציע, פאָרסירט א פּאָר טײַכן, געװאָרן שװער פארװונדעט, געלעגן אין שפּיטאָל אפן אָפּעראציע־טיש, אלץ מיטן הארץ־פעלער — און אױסגעהאלטן.

— אלזאָ, האָבן מיר זיך דערעדט, — האָט א צופרידענער געזאָגט דער אקאדעמיקער, — אױב איר דארפט, לעװ באָריסאָװיטש, צײַט אף זיך צו באטראכטן װעגן אריבערפאָרן, איז ביטע, מיר װעלן אױסװארטן.

— מיר דוכט, אז דער פלאן איז א גוטער, ער איז מיר געפעלן, און ער װעט געפעלן װערן אלעמען אין מײַן לאבאָראטאָריע, יעדנפאלס דער גרעסטער מערהײַט.

לעװ באָריסאָװיטש האָט זיך געזעגנט מיטן אקאדעמיקער און מיט סטראָפּאָװן.

[1] כאנוקאס־האבאיס.

זיצנדיק אין דער טאַקסי־מאַשין אויפן וועג אַהיים, האָט לעוו באָריסאָוויטש געטראַכט, אַז ער קאָן נישט ניט פאָרן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער זאַך, וואָס ער ווידמעט איר זײַן גאַנץ לעבן. אָבער עס זײַנען גלײַך אַרויף אויפן זינען די פּיל שוועריקײַטן, וואָס עס וועט אויסקומען בײַצוקומען און וועגן וועלכע ער האָט דערווײַל ניט געוואָלט טראַכטן. ער איז געזעסן לעבן שאָפער, געקוקט אויפן טונקעלן וועג, וואָס האָט זיך געטראָגן אַנטקעגן, און בייסמײַסע גאָר געפּרוווט צו דערמאָנען זיך, ווי־אַזוי האָט געהייסן דער גראַף אָדער דער פירשט, וואָס האָט אַמאָל געוווינט אינעם פּאַלאַץ, ווו ער איז איצט געווען. ער האָט איבערגעקליבן אין קאָפּ אַלע נאַרישקינס, אַלע טרובעצקאָיס, אַלע גאָליצינס און טאַקע זיך ניט דערמאָנט...

## שפּעט באַנאַכט

אין אָוונט לויכט דער מיקראָ־ראַיאָן מיט אַלע זײַנע טויזנטער פענצטער, אָבער שאָ נאָך שאָ ווערט די העלקײַט קלענער. פריִער, איידער אין די אַנדערע צימערן, לעשט זיך, געוויינלעך, אויס דאָס ליכט אין די קיכן, עס איז געקומען זייער צײַט אָפּצורוען — מע האָט שוין אָפּגעגעסן וועטשערע, די שטוב־באַלעבאָסטעס האָבן אויסגעוואַשן דאָס געפעס און לײַכטער אָפּגעעטעמט, אַראָפּגענומען די פאַרטעכער. עלף אַזייגער, אַמאָל אַ ביסל שפּעטער, ווינטשט די מילדע דיקטאָרשע פון דער טעלעוויזיע אַ גוטע נאַכט, און די פאַרמאַטערטע, פאַרטשאַדעטע מענטשן ווערן פּאָטער פון דער לאַנג־אָוונטיקער פרײַוויליקער טעלע־אָפּקומעניש. דורך די גאַרדינען אויף די פענצטער זיפט זיך מער ניט די בלוילעכע ווירבלענדיקע שײַן פון די עקראַנען. קימאַט אין יעדער דירע איז באַלויכטן בלויז איין פענצטער, אָבער אויך אין יענעם איינציקן לעשט זיך איינגיכן אויס די שײַן, איצט ברענען שוין נאָר די דעזשורנע לעמפּ בײַ די אַרײַנגענג אויף די טרעפּ. און בלויז ערגעץ־ווו אויף אַ שטאָק אין אַ צימער לײַכט אַ לעמפּל אַ מאַסמיד. דער העלער פלעק זײַנער ליגט, ווי אַ ליכטיק באַבעלע אויף אַ פיצל טראָטואַר, אָדער אויף אַ שטיקל סטעזשקע, אָדער גאָר אין אַ טראַנשיי, אויפן שוואַרצן רוקן פון אַ פריש־אויפגעלייגטער טרויב.

עס איז שוין געווען נאָך איינס באַנאַכט, נאָר לעוו באָריסאָוויטש איז נאָך געזעסן באַשעפטיקט אין זײַן קאַבינעט. די שײַן פונעם טיש־לאָמפּ האָט זיך אַרויסגעגאַנוועט אין דרויסן דורכן שפּאַלט צווישן די ביידע העלפטן פון די גאַרדינען. אויך אינעם קאָרידאָר, אויפן רויטן קאַנט פונעם טעפּיך איז געלעגן אַ בינטל שטראַלן — זיי האָבן זיך אַהין אַרויסגעצויגן דורך דער עטוואָס אָפענער טיר. לעוו באָריסאָוויטש האָט דורכגעקוקט די פּאָטשט, וואָס מע ברענגט, געוויינלעך, דרײַ מאָל אין טאָג: אינדערפרי — די פרימאָרגנדיקע צײַטונגען, אין אָוונט — די „וועטשאָרקע", באַטאָג — בריוו. ווען ער קומט אין אָוונט פון דער אַרבעט, טוט ער אויף דער קאָרעספּאָנדענץ אַן אויבנאויפיקן בליק, כאַפּט אַרויס דאָס וויכטיקערע.

געגוי לייענט ער די בריוו שפעטער, ערעוו דער פּיזקולטור־זאַריאַדקע, וואָס ער פאַרגעסט ניט, ווי אַ פרומער ייִד קרישמע, צו מאַכן פאַרן שלאָף. איצט האָט ער מיט אינטערעס דורכגעקוקט אַ בוך, וואָס איז נאָרוואָס אַרויס פון דרוק און וואָס עס האָט אים צוגעשיקט מיט אַ פריינטלעכן אופשריפט דער אווטאָר, אַ באַקאַנטער מעטאַלורג. לעוו באַריסאָוויטש האָט, ווי זיין שטייגער איז, געלייענט און בייסמיייסע גלייך עפּעס פאַרנאָטירט אינעם גראָבן אויסגעשריבענעם בלאָקנאָט, וועלכן מע דאַרף שוין ביטן, נאָר ס׳איז אַ שאָד זיך מיט אים צו צעשיידן, פונקט ווי מיטן אַלטן אויסגעדינטן שרייבטיש. לעוו באַריסאָוויטש שרייבט אויף די ראַנדן, באַמיט זיך וואָס מער אַריינפּרעסן, דערפאַר אָבער געפינט ער אין בלאָקנאָט אַלץ, וואָס ער דאַרף, — עמעס, אָפּטמאָל מיט היפּשער מאַטערניש (ער האַלט, אַז אַ דריטל לעבן גייט בא אים ביכלאַל אַוועק אויף זוכן).

אין דער שפּעט־באַנאַכטיקער שאָ איז ניט נאָר לעוו באַריסאָוויטש ניט געשלאָפן. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, איז שוין קיינער פון די געסט ניט געווען. פאַליע האָט שוין אין שלאָפצימער געהאַט אויסגעבעט, און אַ מידע נאָכן אַרומהאַוועט און באַדינען דעם אוילעם איז זי געלעגן אָפּן שטיקל מעבל, וואָס באַטאָג איז עס אַ דיוואַן און באַנאַכט ווערט עס אַ ברייטע בעט — פּאָר צווייען. ווי געווייינלעך, האָט זי פאַרנומען דאָס אָרט בא דער וואַנט, זי האָט געוואַרט אויף לעבאָרן — אַזוי רופט מען לעוו באַריסאָוויטשן פריינטלעך. וואָלאָדיע בא זיך אין צימער איז אויך נאָך ניט געשלאָפן, ער האָט געשלונגען אַ מאָדערנעם ראָמאַן, וואָס ליזע האָט אים געגעבן ביז מאָרגן אינדערפרי. אַ צופרידענער, וואָס דאָס הויזגע־זינדל שלאָפט נאָך ניט, האָט לעוו באַריסאָוויטש, קוים האָט ער נאָר באַ־וויזן אויסטאָן דעם מאַנטל, גלייך זיך אָוועקגעשטעלט אין קאָרידאָר אַנט־קעגן ביידע צימערן און אין אַ געהויבענעם טאָן, זייער אַ צופרידענער, אויב ניט קיין גליקלעכער, גענומען דערציילן, צוליב וואָס מע האָט אים עקסטרע אַרויסגערופן און וועגן וואָס מע האָט באַם אַקאַדעמיקער גערעדט. דערביי האָט ער מיט דער לאַנגער פיגור, מיטן לענגלעכן פּאָנעם, אויף וועלכן עס האָבן געברענט די אויגן, טאַקע אויסגעזען, ווי דאָן קיכאָט, אַ מעשונעדיקער פאַנטאַזיאָר, עס האָט אים נאָר געפעלט די שפּאַגע און דער העלם פון דעם זינלאָזן ריטער. אין די רייד זיינע איז געווען עפּעס גאָר קינדערשס, וואָס עס קלעפּט זיך ניט מיט דער ערנסטקייט פון אַ וויסנשאַפטלעכן טוער, אַן עלטערן מענטשן.

זיין היציקע באַנאַכטיקע רעדע האָט פאַלינע יאַקאָוולעוונע געהערט מיט אַ שאַרף־ווידערשפּרעכלעך געפיל. אוואדע האָט זי געהערט מיט פרייד וועגן דעם, אַז מע ווייזט אַרויס צו איר מאַן גרויסן צוטרוי, מע שעצט זיין אַרבעט, און מע גיט אים די מעגלעכקייט זי טאָן ווייטער אין דער פולער קראַפט. עס האָט זי אָבער שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער פאַרגעסט בייסמיייסע, אַז אַ שטוב איז אַ שטוב, און אַ פאַמיליע איז אַ פאַמיליע, מיט אַ מישפּאָכע עקספּערימענטירט מען ניט, ס׳איז ניט קיין שמעלץ־אויוון און ניט קיין וואַלץ־געשטעל. אַלע אירע פּראַגעס און דעם לאַנגן געשפּרעך, וואָס דאַרף קומען, האָט זי אָבער אָפּגעלייגט אויף אינדערפרי. איצט האָט

זי נאָר געוואָלט, אַז ער זאָל זיך לייגן שלאָפֿן, דאַן וועט זי אויך אײַנשלאָפֿן. ער איז נאָך אָבער אַרײַן צו זיך אין קאַבינעט און פּונקט ווי פֿאַרגעסן, אַז זי איז דאָ אויף דער וועלט. פֿאָליע איז געוואָרן אופּגעבראַכט. ניין, שוין ניט מאָרגן אינדערפֿרי וועט זי ריידן מיט אים, נאָר איצט, ניט ריידן, נאָר שעפּטשען, עס זאָל ניט הערן וואָלאָדיע, דאָס ייִנגל שלאָפֿט נאָך אויך ניט. זי, פֿאָליע, טאָר זיך ניט פֿאַרגינען דאָס, וואָס עס פֿאַרגינען זיך אַנדערע ווײַבער, זי טאָר זיך אַפֿילע ניט קלאָגן. מיט דער הײַנטיקער פּלוצעמדיקער געשיכטע וועגן אַריבערפֿאָרן קיין סיביר איז לעבאָר, אַפֿאָנעם, ווידעראַמאָל אויסן אויסצופּרוון איר געטרײַשאַפֿט צו אים, צי וועט זי זיך גלײַך אָנכאַפּן און אַ געשריי טאָן: „איך פֿאָר מיט דיר!", אָדער זי וועט זיך אײַנשפּאַרן און נעמען טײַנען, אַז זי וויל זיך ניט שיידן מיט מאָסקווע, מיט די פֿרײַנט און באַקענטע, וואַרפֿן אַ נײַע פּרעכטיקע דירע, וואָס מע האָט אויף איר אַזוי אַרויסגעקוקט. ניין, ניט אין דער דירע גייט עס. זי האָט אים ליב און שטעלט זיך ניט פֿאָר דאָס לעבן אָן אים. ווען ער פֿאָרט אויף אַ פּאָר וואָכן אַוועק אין אַ קאָמאַנדירונג, קוקט זי אויס די אויגן. זי וועט פֿאָרן מיט אים אומעטום — אויף קאַמטשאַטקע, קיין סאַכאַלין, אין אויסרײַסעניש. עס פֿאַרדריסט זי נאָר ביז צום קלעמען אין האַרצן, פֿאַרוואָס נאָך אַזויפֿיל יאָרן צוזאַמענלעבן קוקט ער נאָך אַלץ אויף איר, ווי אויף עפּעס אַ פֿרעמדער, אַלע אירע רייד, אַלע אירע שריט און געגנג מעסט ער ביז הײַנטיקן טאָג מיט אַ צווייטער מאָס. ער פֿאַרגלײַכט זי מיטן ערשטן ווײַב זײַנס, מיט סאָניען, וואָס איז אומגעקומען בײַס דער מילכאָמע. ער זאָגט עס ניט, נאָר זי, פֿאָליע, פֿילט, אַז אַלץ, וואָס זי ברענגט אַרויס פֿונעם מויל, און יעדע טווּנג אירע רופֿן בא אים אַרויס אַ פֿראַגע, צי וואָלט יענע אויך אַזוי געזאָגט און געהאַנדלט. ער וויל גאָרניט און דאַרף ניט, אַז מע זאָל הענדעם־פֿענדעם אויך פֿאָרן מיט אים, וואַרפֿן די אַרבעט, פֿאַרלאָזן די דירע. ער האָט נאָר געוואָלט הערן, אַז זי, פֿאָליע, איז גרייט צו דעם, ווי ער וואָלט עס אָן סאָפֿעק געוויס דערהערט פֿונעם ערשטן ווײַב. און ווײַבאַלד זי, פֿאָליע, האָט אַזוי ניט געזאָגט, האָט ער זיך אָנגעבלאָזן, אַרײַן אין קאַבינעט און זיצט דאָרטן. די צווייטע ליבע איז ניט די ערשטע ליבע, און די צווייטע פֿרוי מיט אַלע אירע שיינע און גוטע מײַלעס בלײַבט דאָך די צווייטע. אין איינעם פֿון די טיפֿע טישקעסטלעך פֿון זײַן שרײַבטיש, וועלכן ער האָט געבראַכט צו שלעפּן אין דער נײַער דירע, ליגן סאָניעס בריוו, אַפֿילע די קאָנווערטן האָט ער ניט אַרויסגעוואָרפֿן, יעדעס בײַגעלע פּאַפּיר ליגט אינעם קאָנווערט, מיט וועלכן ס'איז אָנגעקומען. אַ באַזונדער פּעקלע זײַנען די בריוו, וואָס סאָניע האָט אים נאָך באַוויזן צו שיקן אַפֿן פֿראָנט, און ס'איז פֿאַראַן נאָך אַ פּעקל — אירע פֿאָטאָגראַפֿיעס. אויף אַ פּאָר פֿאָטאָ־קאַרטלעך שטייען זיי ביידע צוזאַמען — ער מיט איר. אויף אים זעט מען גלײַך, אַז ס'איז אַ באָכער מיט אַ פֿאַרנעם, מיט אַ העכערער שטרעבונג, מיט אַ ציל, די אָנגעשפּיצטע אויערן האָבן שוין אויסגעהערט פֿיל לעקציעס איבער אַלע מינים וויסנשאַפֿט און דאָרשטן צו הערן נאָך און נאָך. דער בליק זײַנער — אַ פֿאַרטרוימטער און אַ פֿאַרכושטער — איז פֿון אַ פֿאַרשוין, וואָס איז אַרײַנ־

געטאָן אין די העכערע ספערן און האָט ווייניק וואָס צו טאָן מיט זיך גופע. דאָס אויסגעצערטע פּאָנעם איז אָן איידעס, אז ניט יעדן טאָג עסט ער א ווארמעס, ער יאָגט זיך ניט נאָכן געשמאקן ביסן, איז צופרידן, אויב ער האָט אבי־ווי געשטילט דעם הונגער. ס׳איז א באָכער א טאַלמיד־כאָכעם, א וויסנשאפט־מענטש, ער איז אריַינגעטאָן אין דער וויסנשאפט מיט לייַב־און־לעבן. סאָניע זעט אויס דאָרפיש־געזונט, אָנגעטאָן דאפקע פייַן, עלעגאנט, ווי מע טוט זיך געוויינלעך אָן, ווען מע גייט זיך פאָטאָגראפירן. אָבער די וואָכעדיקייַט און פּראָסטקייַט קוקט בא איר ארויס פון דער יאָמטעוודיקער אויסגעפוצטקייַט. פּאָלינע יאקאָוולעוונען קומט אפן זינען ניט קיין פייַנער געדאנק, און זי וויל אים פארטרייַבן. זי טראכט וועגן דעם, אז ווען די זעלבע סאָניע זאָל געווען בלייַבן לעבן, וואָלט זי, ווי אנדערע ווייַבער בא די מענער, אוואדע אופגעהערט בא אים צו זייַן דער אידעאל. אָבער די אומשולדיק־אומגעקומענע זייַנען קדושים, הייליקייַטן. פּאָליען ווערט קאלט אונטערן אייגנציקן דינעם לייַלעך, מיט וועלכן זי איז צוגעדעקט, זי רוקט זיך צו נעענטער צו דער וואנט, נאָר די וואנט איז אויך קאלט, דער בעטאָן ווארעמט ניט. זי נעמט די וואטאָווע קאָלדרע, וואָס ליגט אפן בענקל, — געוויינלעך דארף מען זי פארטאָג, ווען עס ווערט קילבלעך, — און דעקט זיך מיט איר אייַן. עס ווערט הייס, א ברענענדיקע היץ גייט דורך איבערן לייַב, שלאָגט אינעם רוקן, דאָס פּאָנעם ווערט באדעקט מיט א שווייס. ווו טוט מען זיך אהין פון די שווערע דערמאָנונגען? צי דען מוז די פארגאנגענהייַט, ווי א שאָטן, אייביק נאָכלויערן און פארפאָלגן די קעגנווארט? ער, לעוו באָריסאָוויטש, האָט געהאט א ווייַב, און זי, פּאָליע, האָט געהאט א מאן, און ער איז אויך אומגעקומען. דאָוויד איז נאָך געווען גאָר א יונגער, אין דער ארמיי האָט מען אים גענומען ערשט אין 1944 יאָר, מע האָט אים געשיקט אף קורצטערמיניקע קורסן, און נאָכדעם איז ער, א יינגערער לייטענאנט, אוועק אפן פראָנט.

סאכאקל עטלעכע וואָכן האָבן זיי געלעבט צוזאמען, און ווען ער איז נאָך די קורסן געפאָרן אין זייַן פּאָלק, האָט ער זיך ארויפגעכאפּט צו איר אף צוויי געציילטע שאָ. מער האָט זי אים ניט געזען. זי ווייסט אפילע ניט גענוי, ווו ס׳איז זייַן קייווער, — ערגעץ אין די הויכע קארפּאטן האָט ער געפונען זייַן אייביקע רו.

דעם 9 מייַ 1945 יאָר, ווען די בריוו־ און טעלעגראמע־טרעגער זייַנען, פארהאוועט און פארשוויצט, ארומגעלאָפן פון שטוב צו שטוב, געטראָגן באגריסונגס־קארטלעך און דעפּעשעס, אין וועלכע עס האָט געפינקלט און געלויכטן דאָס וואָרט „פּאָבעדאַ"[1], איז אינעם הילצערנעם ניט־געפארבטן בריווקעסטל אף דער טיר פון דער געדיכט־באפעלקערטער קאָמונאלער דירע, אין וועלכער פּאָליע האָט דאן געוווינט, געווען אויך פאר איר א בריוו — ניט קיין רויטארמייישער דרייַעק און ניט קיין פּאָשטעטער קאָנווערט מיט א מארקע, — ס׳איז געווען א קאָנווערט מיט א גרויסן קאזיאָנע שטאמפּ פון אויבן, און אפן ווייַסן לענגלעכן פּאפּיר, וואָס זי האָט ארויס־

---

[1] ניצאָכן.

גענומען פון קאָנווערט, זײַנען געווען א צען שורעס, אָפּגעדרוקטע אף א מאשינקע. איר הארץ איז נאָך געווען איבערפולט מיט דער צאַפּלדיקער פרייד, וואָס האָט אלעמען ארומגעכאַפּט, אין די אויערן האָט געקלונגען דער מארש פון ניצאָכן. אין דעם טאָג פון זיג איז איר שוין אפילע אפן זינען ניט געקומען דער געדאנק, וואָס האָט פריִער טאָג און נאכט געעגבערט דעם מויעך; איצט, ווען ס'איז געקומען דער ניצאָכן און די הארמאטן אפן פראָנט זײַנען אנשטומט געוואָרן, איז שוין געבליבן נאָר א שטראלנדיקע האָפענונג, אן אומגעדולדיקע דערווארטונג אף א גליקלעכער באגעגעניש.

ווען ס'איז צו איר דערגאנגען דער שרעקלעכער אינהאלט פונעם בריוו, האָט זיך פון איר הארץ ארויסגעריסן א ווילדער איבערמענטשלעכער געשריי און זי איז אומגעפאלן. אין איין אויגנבליק איז זי געוואָרן די אומגליקלעכסטע פרוי אין דער וועלט, דאָס לעבן האָט פארלאָרן דעם טאַם. זי האָט אָנגעטאָן א שווארץ קלייד און א שווארץ טיכל אפן קאָפּ. לויט דער נאטור אן ענערגישע, א לעבנסווילנדיקע און לעבנספריידיקע, איז זי בא זיך אראָפּגעפאלן, און ס'וואָלטן עפשער אינגאנצן זיך אונטערגעהאקט אירע קרעפטן, ווען ניט וואָלאָדיע — דער זון זײַנער, דער איינציקער יוירעש זײַנער, וואָס איז נאָך אים פארבליבן. וואָלאָדיע איז דאַן געווען אן אייפעלע. צוביסלעכווײַז האָט דער ווייטעק זיך אײַנגעשטילט, זי האָט ווידער כאסענע געהאט, און זי ווייסט, אז א סאך פרויען זײַנען איר מעקאנע. אזא מאַן, ווי זי האָט איצט, איז שווער צו געפינען. טיף, געטרײַ מיטן גאנצן הארצן קאָן מען ליב האָבן נאָר איין מענטשן, זי וויל ניט טראכטן וועגן פריִערדיקן מאַן, זי וויל אין אים פארגעסן. פאראַן מאנצבלען, וואָס אייפערן אפילע צו די טויטע. נאָר ער, לעוו באָריסאָוויטש, האלט דאפקע פאר נייטיק צו דערמאָנען דאָווידן. ער האָט אויסגעזאָגט וואָלאָדיען, אז ער איז ניט זײַן אייגענער טאטע. צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן, צוליב וואָס דארף מען טראוומירן א קינד? וואָלאָדיע וואָלט געוואקסן נאָר אין פריידן און גאָרנישט ניט געוווסט. איצט טראָגט דער באָכער זיך ארום מיט פארשיידענע געדאנקען, ער פארווארפט זי, די מאמע, מיט פראגעס וועגן זײַן עמעסן טאטן, און יעדע פראגע איז א פרישער שניט אין דער אלטער וווּנד. וואָלאָדיע האָט גענומען דאָס פארגלעטע פּאָטאָ־קארטל, אף וועלכן דאָוויד שטייט צוזאמען מיט איר, און עס אופגעהאנגען בא זיך איבערן דיוואַן, און זי קאָן שוין אין וואָלאָדיעס צימער גלײַכגילטיק ניט ארײַנגיין. ער קלײַבט זיך הײַנטיקן זומער, נאָך דעם, ווי ער וועט פארענדיקן לערנען, פאָרן אופזוכן דעם פאָטערס קייווער. דערווײַל לערנט ער זיך אלץ ערגער, ווײַל דער קאָפּ איז בא אים פארנומען נאָר מיט דעם.

פּאָליע הערט זיך צו צו די באנאכטיקע שטילע גערוישן פון דער דירע. פון צײַט צו צײַט בעמט הודזשען אין די וואסער־טרויבן, ס'טוט א קלאַפּ, ווי מיט א קלינגענדיק העמערל, אין די באטארייעס — עס גיסט זיך אין זיי איבער דאָס וואסער. אָט האָט א קלונג געטאָן דער זייגער בא לעבאָרן אין קאבינעט. עס האָט געקלונגען איין מאָל. וויפל זשע איז דער זייגער? איינס, האלב צוויי? עפשער האלב דרײַ? פּאָליע וויל וויסן, צי עס שלאָפט

שוין וואָלאָדיע. מיסטאמע ניט, ער איז אויך אופגערודערט. ער דרייט זיך פון איין זײַט אף דער צווייטער, עס סקריפּעט דער דיוואַן. נאָך דער הײַנטיקער יאָמטעוודיקער וועטשערע האָט וואָלאָדיע א צײַט שפּאצירט, און ווען ער האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט ער גענומען קושן די מאמע. אזא אופגעלייגטן צו איר, אזא צארטן האָט זי אים שוין לאנג ניט געזען.

וואָלאָדיע איז, ווירקלעך, נאָך ניט געשלאָפן. ער האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט, ווי אזוי ער געזעגנט זיך מיט זײַנע פּילצאָליקע כאווירים, וועלכע ער האָט דערוואָרבן דאָ, אין גרויסן הויף. פאַרן סאמע אוועקפאָרן, מיטן רוקזאק אף דער פּלייצע, וועט ער אָנקלאפּן אין דער טיר צו ליזען.

— זײַ געזונט, איך פאָר אוועק. כ'וועל דיר אָנשרײַבן, ווי אזוי ס'איז דאָרט דאָס לעבן.— צוליב די דאָזיקע עטלעכע ווערטער, וואָס זײַנען פול מיט מאנצבלשער ווירדע, לוינט צו פארלאָזן די שענסטע בײַסטע דירע.

ליזע וועט אף אים א קוק טאָן, ווי אזוי ער איז עקיפּירט — אן עמעסער סיביריאַק.

אָבער פריִער, איידער ער וועט פאָרן קיין סיביר, וועט ער וואנדערן צווישן די קארפּאטן־בערג און זוכן... — באם דאָזיקן געדאנק טוט וואָלאָדיען א שטויס, ווי פון אן עלעקטרישן שטראָם. אין פארשיידענע צײַטן האָט וואָלאָדיע געוואָלט זײַן ענלעך אף פארשיידענע העלדן, וועגן וועלכע מע האָט אים געלייענט אָדער ער האָט שוין אליין געלייענט אין די ביכער. ווען ער איז געווען א קליינער, האָט אים דער דיכטער סערגיי מיכאלקאָוו איבערראשט מיט א ליד וועגן פעטער סטיאָפּען, וואָס איז העכער פון אלעמען, דערלאנגט אזש ביז צו די דראָטן אף די סלופּעס. אך, ווען וואָלאָדיע זאָל אויסוואקסן אויך אזא הויכער און זײַן א מיליציאָנער, אומגיין מיטן פײַפל און פײַפן צו אלעמען, — ער מאכט א טראָט און פּאקט גלײַך ארײַן אין זײַנע לאנגע הענט דעם, וועמען ער דארף, קיינער קאָן זיך פון אים ניט אויסבאהאלטן... שפּעטער א ביסל האָט וואָלאָדיע זיך אויסגעלערנט אויסשניצן שווערדן. ער האָט זיך געזען אין דער ראָל פון איינעם פון די דרײַ געוואגטע מושקעטיאָרן — פּאָרטאָס, אראמיס און אָטאָס, געוואָלט זײַן ענלעך אף אלעקסאנדער מאטראָסאָוון — מיט דער אייגענער ברוסט פארדעקן די אמבראַזור פון א פאשיסטישן דאָט. די באליבטע העלדישע געשטאלטן האָבן לעצטנס בא וואָלאָדיען זיך אויסגעפורעמט אין איין אויסערגעוויינלעך געשטאלט פון זײַן אומגעקומענעם פאָטער. די קורצע, מעטושטעשדיקע יעדיִעס, וואָס אים האָט זיך אײַנגעגעבן ארויסצוקריגן בא דער מאמען, וועלכע האָט אָדער אליין ווייניק געוווּסט אָדער זי האָט פּאָשעט ניט געוואָלט א סאך דערציילן, האָט ער דערגאנצט מיט זײַן אייגענער פאנטאזיע. קוקנדיק אף דער אלטער פארגעלטער פאָטאָגראפיע, וואָס ער האָט אופגעהאנגען בא זיך אין צימער, האָט ער אייניקע מאָל געהאלטן אין דער האנט א שפּיגל צו פארגלײַכן זיך מיטן טאטן. די שטארקע ענלעכקײַט האָט אים איבערראשט, זיי זעען אויס, ווי אן עלטערער ברודער מיט א ביסל א ייִנגערן. ווען דער טאטע איז אוועק אפן פראָנט, איז ער אלט

געוועזן מיט צוויי יאָר מער, איידער ס'איז איצט אלט וואָלאָדיע. ער איז דאן געוועזן א קאָמאנדיר פון א ווזוואָד, א לייטענאנט. אף דער פאָטאָגראַ־פיע זעט זיך גוט דער אָדער באם לינקן שלייף. בא וואָלאָדיען איז אויך ביז גאָר קענטיק דאָס דאָזיקע אָדערל, מע זעט בוילעט, ווי עס פולסירט. די קליידונג איז באם טאטן אן אנדערע, ווי בא אים. וואָלאָדיע קוקט אפן טאטנס וואטניק מיט די צוויי שטערנדלעך אף די שליפעס — זיי זעען זיך קוים אָן, די מאָנטשינקע שטערנדלעך, דערפאר איז גרויס דער שטערן אפן ברייטן קאָמאנדירסקן רימען, וואָס גארטלט דעם וואטניק ארום. וואָלאָדיע שטעלט זיך פאָר, ווי אזוי דער טאטע, צוזאמען מיט זײַן ווזוואָד, קלעַ־טערט אף די קארפאטן־בערג, דערקלײַבט זיך אזש ביז צום העכסטן שפּיץ בארג גאָווערלאָ, וואָס האלט אריבער צוויי קילאָמעטער די הייך. אז עס איז פאראן אזא בארג און אז ער איז אזוי הויך, האָט וואָלאָדיע זיך דער־וווּסט פון דער ענציקלאָפּעדיע. לעצטנס לייענט ער אלץ, וואָס אָנבאלאנגט דער טראנסקארפאטער געגנט.

וואָלאָדיע האָט פעסט באשלאָסן, אז גלײַך נאָך די עקזאמענעס אין שול וועט ער פאָרן אהין, אין די קארפאטן. עפשער איז דער טאטע געבליבן לעבן? די מאמע ווייסט ניט, ווו עס געפינט זיך דעם טאטנס קייווער, זי ווייסט ניט גענוי, ווען ער איז אומגעקומען. עפשער איז ער ניט אומגעקו־מען? אָבער אויב ס'איז אזוי, אויב ער לעבט, איז פארוואָס גיט ער ניט צו וויסן וועגן זיך?

וואָלאָדיע האָט זיך אזוי פארקלערט וועגן זײַן עמעסן טאטן, אז ער האָט אופגעציטערט, ווען ס'איז צו אים אין צימער ארײַן דער שטיפטאטע.

דעם דאָזיקן מענטשן האָט ער ליב געהאט מער פון אלעמען אין דער וועלט, אפילע מער פון דער מאמען. ווען ער איז געווען א קלייכינקער, פלעגט ער אינדערפרי — אין א וואָכעדיקן טאָג אף א ווײַלע, אין א זונ־טיקדיקן און אין א יאָמטעוו־טאָג אף א שאָ און צוויי — ארופקריכן צו אים אפן דיוואַן און דאָרט, אונטערהייבנדיק זיך הויך אף דעם קישן, אראָפּ־קוקן פון אויבן־אראָפּ אף זײַן שטערן מיט די הויכע ווינקלען בא די שלייפן. ער האָט געצופּט און געריסן דעם טאטנס האָר, געפּאטשט אים איבער די באקן — יענער האָט אלץ אריבערגעטראָגן. די מאמע האָט געשריִען, פאר־וואָס ער לאָזט זיך אזוי פּײַניקן. ער האָט וואָלאָדיען דערציילט אָן א שיר מײַסעלעך, איינס שענער פונעם אנדערן. א יאָר צײַט האָט ער אים גע־לייענט מארק טווענס „דער פּרינץ און דער בעטלער". דאָס קאפּיטל „דעם פּרינצס צאָרעס הייבן זיך אָן" האָט וואָלאָדיע שוין געוווּסט אויסווייניק. הײַנט וויפל שפּילעכלעך פלעגט ער אים ברענגען. אין זײַן פּאָרטפעל האָט שטענדיק געשטארצט א נײַע צאצקע פאר אים. ווען וואָלאָדיע האָט אָנ־געהויבן לערנען אין שול, איז לעוו באָריסאָוויטש געגאנגען אף אלע על־טערן־פארזאמלונגען. עטלעכע מאָל איז אים אויסגעקומען צו שטיין מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אויסהערן די רייד וועגן זײַן זון, וואָס איז אנט־לאָפן פונעם לימעד אָדער האָט אָפּגעטאָן אן אנדער ניט־פײַנע זאך... אהיים פלעגט ער דאן קומען א פארומערטער. וואָלאָדיע געדענקט אָבער ניט אזא פאל, ער זאָל אים אָנהייבן לייענען נודנע מאָראל. לעוו באָריסאָוויטש

האָט אים זייער ליב געהאַט. וואָלאָדיען איז זייער געפעלן געווען, וואָס אױף דער אַרבעט רופט מען דעם טאַטן דאָן קיכאָט. די מאַמע האָט געהאַט דערפון גרויס אַגמעסנעפעש, און ער, וואָלאָדיע, האָט געבלעטערט דאָס בוך מיט די שיינע בילדער פונעם קינסטלער דאָרע, איינגעקוקט זיך אינעם לאַנגן, דאַרן שפּאַנישן הידאַלגאָ און געזוכט אַן ענלעכקייט מיט זײַן טאַטן, וואָס זיצט דורך די נעכט באַם טיש, אַרומגעלייגט מיט ביכער. אינדערפרי לויפט ער אַוועק, אין אָוונט קומט ער, אָפט ניט אין קיין געהויבענער שטימונג. ס׳ווײַזט זיך דאַן אויס, אַז בײַטאָג האָט ער זיך געשלאָגן מיט ווינטמילן און געקראָגן גוטע קלעפּ...

פּלוצעם האָט וואָלאָדיע זיך דערוווּסט, אַז דער דאָזיקער ליבסטער און טײַערסטער מענטש איז ניט זײַן טאַטע, ער איז אַ פרעמדער און ער האָט פאַרנומען דאָס אָרט פונעם לײַבלעכן טאַטן, וואָס איז אומגעקומען. ווען וואָלאָדיע איז אַלט געוואָרן זעכצן יאָר און געדאַרפט קריגן אַ פּאַס, איז לעוו באָריסאָוויטש צוגעגאַנגען צו אים, אַוועקגעלייגט די האַנט אױף זײַן אַקסל און געזאָגט:

— אָט ביסטו שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, קריגסט אַ פּאַס... עס וועט דיך אַוואַדע איבעראַשן דאָס, וואָס איך וועל דיר באַלד זאָגן... פריִער האָבן מיר ניט געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק צו דערציילן עס דיר, ווײַל דו ביסט נאָך געווען אַ קינד... איצט מעגסטו און דאַרפסט עס וויסן... דײַן פאָטערס נאָמען איז דאָוויד. ער איז אומגעקומען אױפן פראָנט בײַסן באַפרײַען די קאַרפּאַטן. דו ביסט דאַן געווען אַ פּיצל קינד. איך האָב פון דער מילכאָמע זיך אומגעקערט מיט מינען־שפּליטערס אין רוקן, קיין איין מענטשן פון מײַן געוועזענער מישפּאָכע האָב איך ניט געפונען אַ לעבעדיקן. דו ביסט פאַר מיר געווען די אַלע יאָרן אַ זון, וועסט זײַן מיר אַ זון אויך ווײַטער, ווי איך דיר אַ פאָטער. דו ביסט ניט געווען קיין יאָסעם. האָסט געהאַט אַ טאַטן און דו וועסט אים האָבן, ביזוואַנען כ׳וועל לעבן. אָבער יענעם טאַטן דאַרפסטו שטענדיק געדענקען, און ניט מײַן נאָמען וועט זײַן אַרײַנגעשריבן אין דײַן פּאַס, נאָר זײַנער.

— עס איז קיין נאַפקעמינע ניט, טראַוומירסט נאָר דאָס יינגל, — האָט די מאַמע געבראָכן די הענט.

די דערשיטערנדיקע נײַס איז צוערשט שווער דערגאַנגען. דערנאָך, ווען וואָלאָדיע איז געבליבן אַליין, האָט ער אָנגעהויבן זיך שטעלן פראַגן: זעכצן יאָר האָט מען אויסבאַהאַלטן פון אים דעם נאָמען פון זײַן אייגענעם טאַטן. צוליב וואָס האָט מען עס געטאָן און צי איז עס ריכטיק? פאַרוואָס הענגט ניט אױף דער וואַנט זײַן טאַטנס פּאָרטרעט? פאַרוואָס ווייסט ער וועגן זײַן אומגעקומענעם טאַטן אַזוי ווינציק? ווו איז דעם טאַטנס קייווער? די מאַמע האָט געזאָגט, אַז דער קייווער איז אומבאַוווּסט. ס׳זײַנען פאַראַן אַ סאַך קוואָרים פון אומבאַוווּסטע סאָלדאַטן. וואָלאָדיע האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט אויפצוזוכן דעם טאַטנס קייווער. איז דען מעגלעך, אַז קיינער און אין ערגעץ זאָל ניט וויסן וועגן אים?

צום שטיפטאַטן איז בײַ וואָלאָדיען אַ צווייענדיק ווידערשפּרעכלעך געפיל: ער האָט אים ליב, ווי פריִער, ווי די גאַנצע צײַט, נאָר עס דוכט זיך

אים אויס, אז דערמיט פעלשט ער און פארמינערט די ליבע צום עמעסן טאטן.

— שלאָפסט ניט, אזוי שפעט? — האָט לעוו באָריסאָוויטש א פרעג געטאָן, אריינקומענדיק צו וואָלאָדיען אין צימער.

— ניין... טאַטע.

פון א געוויסער צייט אָן פארהאקט ער זיך א ביסל, וואָלאָדיע, ווען ער רופט אים אָן „טאַטע". וואָלאָדיע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דעם קישן און זיך אוועקגעזעצט, אָפּדעקנדיק די פּלייצע מיט די שארפע ווינקל־דיקע לאָפּעטקעס. די עלעקטרע אין צימער איז געווען אויסגעלאָשן, נאָר ס'איז ליכטיק געווען פונעם דרויסנדיקן לאמטערן, וואָס האָט אריינגעקוקט אין פענצטער. אויבן, אויף דער וואנט, איבער דעם ווייַסן קישן, האָט, ווי אויף א קינאָ־עקראַן, זיך געוויגט דער שאָטן פון די בלעטער פון דער בע־רעזע, וואָס וואקסט אנטקעגן, און אינמיטן איז געלעגן נאָך א שאָטן — א פארגליוועטער, געדיכטער שווארצער פלעק — פון דער סקוואָרעשניע, וואָס איז צוגעשלאָגן צום שטאם פונעם בוים. אינעם ווירבלענדיקן איבער־געפלעכט פון דיביידע שאָטנס האָבן וואָלאָדיעס הענט אויף דער קאָלדרע אויסגעזען עפּעס באזונדערס לאנג, און די אונטערגעהויבענע אונטער דער קאָלדרע קני — הויך און שארף.

לעוו באָריסאָוויטש האָט א טראכט געטאָן וועגן דעם, אז ער האָט שוין א לענגערע צייַט ניט געשמועסט מיט וואָלאָדיען און אז זיי האָבן זיך דערווייַטערט איינער פונעם צווייטן. דער באָכער, וואָס פלעגט, געוויינלעך, וועגן אלץ אים דערציילן, ניט פארטייַען די מינדסטע קלייניקייַט, איז לעצטנס געוואָרן אייַנגעהאלטן, זאָגט ניט קיין איבעריק וואָרט, און אַז ער נעמט אים וועגן עפּעס אויספרעגן, ווערט ער אופגערעגט. עס איז פארשווונדן וואָלאָדיעס אָפנהארציקייַט, צוגעלאָזנקייַט. זייַנע באלן אין שול זייַנען ניט קיין גלענצנדיקע. ער האָט גענומען אויסבאהאלטן פון די על־טערן זייַן שילערישן טאָגבוך, ווו א זייַטל איבער א זייַטל שטייט א „צוויי".

— אויב דו ווילסט נאָך ניט שלאָפן, איז לאָמיר א ביסל א רעד טאָן, — לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א ברעג דיוואן לעבן וואָלאָ־דיען.

— לאָמיר... אָבער איך ווייס ניט וועגן וואָס, — וואָלאָדיע האָט צוזא־מענגענומען די קאָלדרע און זיך אָפּגערוקט ווייַטער צו דער וואנט, קעדיי דעם טאטן זאָל זייַן באקוועמער צו זיצן.

לעוו באָריסאָוויטש האָט פריִער פון אלץ געוואָלט בא וואָלאָדיען פרעגן וועגן די לעצטע שול־נייַס, א רעד טאָן וועגן די ארויסלאָז־עקזאמענעס, וואָס האָבן זיך אינגיכן געדארפט אָנהייבן. ער האָט אָבער באשלאָסן אָפּ־לייגן אזא געשפּרעך אויף אַן אנדערשמאָל.

— נו, כאָטשבי וועגן פוטבאָל, — האָט לעוו באָריסאָוויטש אָנגערופן א טעמע, וואָס ער איז געווען זיכער, אז זי אינטערעסירט וואָלאָדיען באטאָג און באנאכט.

אינעם הינטערגרונט פון דעם נייַעם ווינונגס־קווארטאל, צווישן דער הינטערשטער טויבער רויטער וואנט פון א גרויסן מאגאזין און דער וואנט

פונעם מויער נומער 26, האָט מען דאָס שטיקל פרײַ איבערגעבליבענעם שעטעך ארומגעצוימט מיט סלופּיקעס, אָנגעצויגן אויף זיי דינע אײַזערנע לאַנגע פּאַסן, וועלכע די זאוואָדן גיבן אָפּ אין מעטאַל־ברוך, און ס׳איז געוואָרן א ספּאָרט־פּלאַץ, א סטאַדיאָן, ווו דעם ערשטן האַלבן טאָג קוקן די צוויי גרינע פוטבאָל־טויערן גלײַכגילטיק איינער אויפן אַנדערן, דערפאַר אין דער צווייטער העלפט טאָג ווערן זיי די פאַרביטערטסטע קעגנער. עס שפּילט א מויער מיט א מויער, א הויף מיט א הויף. די הויפן זײַנען גרויסע, באַלאָנים צו שפּילן זײַנען פאַראַן א סאַך, און ס׳גייט א שטרענגער אָפּ־קלײַב. ארײַנצוגיין אַלס שפּילער אין א הויף־קאָמאַנדע איז א גרויסער קאָ־וועד. וואָלאָדיעס לאַנגע פיס האָבן באַקומען א שעם, ער איז א גוטער פאָרווארד, אויסער דעם איז ער א פוטבאָל־טעאָרעטיקער, ער איז באַ־קאַנט אין אַלע סיסטעמען — אין דער ענגלישער, בראַזילישער, אין אונדזער סאָוועטישער — ער געדענקט אויסווייניק דעם קאַלענדאַר פון די מאַטשן אין לאַנד און אין אויסלאַנד, ווייסט אויסגעצייכנט די מײַלעס און כעסרוינעס פון אַלע וועלט־שפּילער.

בײַ א וויכטיקן מאַטש זיצן ניט די פאַרברענטע פוטבאָליסטן אין שטוב, יעדערער בײַ זײַן טעלעוויזאָר. זיי קומען זיך צונויף אין א קאָמפּאַ־ניע, מע זאָל איבערלעבן און ווייטעקן צוזאַמען. בײַ וואָלאָדיען קלײַבט זיך צונויף א מיניען „באָלעלשטשיקעס“. לעבן אים זיצט, געוויינלעך, זײַן בעסטער כאַווער, וועלכן מע רופט ראָמיטש — פאַרצויגן פון ראָמאַן, — א צוויי־און־צוואַנציקיאָריקער באָכער, אן עלעקטראָמאָנטיאָר, וואָס מע זעט אים שטענדיק אין מיקראָ־ראַיאָן, ווי ער הייבט זיך אין דער הייך אין דער ליולקע פון דער מאַשין „טעכנישע הילף“, אָדער ווי ער קריכט אויפן לייטער בײַ די ארײַנגאַנג אין די הײַזער ארײַנצופירן נײַע לעמפּלעך אָנ־שטאָט די איבערגעברענטע. ראָמיטש האָט ליב צוויי זאַכן — ליטעראַטור און פוטבאָל. דאָס אכטמעטערדיקע צימערל, וואָס די עלטערן האָבן ראָמיטשן אָפּגעגעבן אין זײַן אייגענעם רעשוס, איז באַקלעפּט און באַהאַנגען מיט אויסצוגן פון פאַרשיידענע ווערק, אויף באַזונדערע פּאַסיקלעך פּאַפּיר זײַנען אָנגעצייכנט די נעמען פון די ליטעראַרישע העלדן, אָנגעהויבן פון פּאָנ־וויזינס מיטראָפאַנושקע און פאַרענדיקט מיט באַלויעוון פון קאָזשעווני־קאָווס הײַנטצײַטיקער דערציילונג. אויף די וויקטאָרינעס, וואָס קומען פאָר זונטיק אין פּאַרק פונעם מיקראָ־ראַיאָן, פאַרנעמט ראָמיטש דאָס ערשטע אָרט; ער איינער, לעמאָשל, האָט גלײַך געענטפערט, ווי־אַזוי מע האָט גע־רופן טאַטיאַנעס פאָטער, כאָטש אין „יעווגעני אָנעגין“ ווערט דער נאָמען, פאַרבײַגייענדיק, דערמאָנט נאָר איין מאָל. „טאַטיאַנאַ דמיטרִיעוונאַ“, — האָט ראָמיטש אויסגעשאָסן. אָבער דער גרעסטער גיבער האָט א שוואַך אָרט. ראָמיטשן לייגט אַוועק אויףביידע לאָפּעטקעס די קאָמע, די קליינינטש־קע, פּאָשעטע קאָמע, וועלכע ער שטעלט, געוויינלעך, א ביסל אָפּטער, איי־דער מע דאַרף. די איבעריקע דרײַ־פיר קאָמעס, וואָס ער האַקט ארײַן אין א שריפטלעכער אַרבעט, האָבן שוין בײַ אים אופגעפרעסן דרײַ פולע יאָר — ער וואָלט שוין געקענט אריבער אויפן פערטן קורס פון פילאָלאָגישן פאַקול־טעט. „כ׳וועל הײַנטיקס יאָר פּרוּוון נאָכאַמאָל אָנקומען אין אינסטיטוט, —

טרייסט ער זיך, — נאָר איצט וועל איך זײַן קליגער, כ׳וועל שרײַבן קור־צע זאצן, אין וועלכע מע דאַרף אינגאנצן ניט די פאַרשאָלטענע קאָמעס״.

אין דער זעלבער מינוט, ווען אַפן עקראַן פון טעלעוויזאָר באווײַזט זיך דאָס גרין־גראַזיקע סטאַדיאָן־פעלד מיט דער פעסט־צונויפגעשטוקעוועטער מאַלכעסדיקער פילקע אינמיטן, און אנטקעגן איר, דער גרויסאַרטיקער קיי־ניגן, שטעלן זיך אויס פון ביידע זײַטן אירע טרײַע דינער — די צוויי קאָ־מאַנדעס אין פאַרשיידנפאַרביקע מײַקעס מיט גרויסע נומערן אַפן רוקן, — אין דער זעלבער מינוט ווערן וואָלאָדיע, ראַמיטש און אלע איבעריקע כעוורע ניט ענלעך אַף זיך אליין. בא יעטווידער קאָמבינאַציע און אטאַקע שפרינגט מען אונטער אַפן בענקל, מע פּאַטשט בראַוואָ, מע שילט אין דער מאַמען אַרײַן, מע שרײַט, מע ליאַרעמט, מע פאַרגעסט, ווו מע איז. ווען ס׳ווערט אַרײַנגעקלאַפּט א גאָל, טוט זיך כוישעך. אויב לעוו באָריסאָוויטש איז אין דער היים, קומט ער אַרײַן אין צימער צו די כעווּרע, זעצט זיך אוועק אַף דער סאָפע און נעמט קוקן פון זײַן ווײַטערן ווינקל. ווי די באָ־כערים זײַנען ניט פאַרטראַגן און פאַרכושט, באַמערקן זיי פונדעסטוועגן זײַן אָנוועזנהײַט, רוקן זיך אָפּ מיט די שטולן אָן א זײַט, ער זאָל בעסער קאָנען זען. לעוו באָריסאָוויטש וויל אויך זײַן א „באָלעלשטשיק״, ער וויל ווייטעקן, ער וויל אַרײַנדרינגען אינעם קישעף, וואָס שטעקט אין דער שפּיל און וואָס צווינגט ערנסטע, קלוגע מענטשן אזוי אַרויס פון די קיילים, אזוי שטורמיש איבערלעבן. די שפּיל אָבער פאַרכאַפּט אים ניט, ער קוקט א ביסל, טוט א גענעץ, און קעדיי ניט צו פּאַטערן אומזיסט די צײַט, גייט ער אוועק צו זיך אין קאַבינעט און זעצט זיך אַרבעטן. נאָר די כעוורע מיט זיי־ערע אויסגעשרייען לעכערן מאַמעש די ווענט און די אויערן. לעוו באָרי־סאָוויטש קוקט אַפן זייגער און פּרוווט טרעפן, ווען עס וועט זיך שוין ענ־דיקן דער מאַטש.

אָפּהענגיק פון דעם, וועלכע קאָמאַנדע עס האָט געווּנען, צעגייען זיך די באָכערים נאָכן מאַטש אָדער מיט שײַנענדיקע, פריידיקע פּענעמער, אָדער פאַרומערטע, ווי די אווײלים, — אַף דער שוועל דערלאַנגט מען וואָלאָדיען די האַנט און מע גיט א מרוקע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ: „דאָ סווידאַניאַ״. וואָלאָדיע נעמט אין דער האַנט א לערנבוך, נאָר אלע געדאַנ־קען זײַנען נאָך אַפן סטאַדיאָן. ער קומט אַרײַן צום טאַטן.

— צוויי — דרײַ, — זאָגט ער.

— ווער ווּעמען? — פרעגט לעוו באָריסאָוויטש, וואָס פאַרגעסט יעדן מאָל, פאַר וועלכער קאָמאַנדע עס ווייטעקט וואָלאָדיע. בעמיילע דאַרף ער, דער טאַטע, אויך שוין ווייטעקן פאַר איר... ווען ער זאָל עס געדענקען, וואָלט ער פרעגן ניט באַדאַרפט. ער וואָלט דעם כעזשבן גלײַך אַרויסגעע־לייענט פון וואָלאָדיעס אויגן.

— א שאָד, וואָס דו האָסט ניט דערקוקט, האָסט ניט געזען, סאַרא שיי־נעם גאָל מע האָט אַרײַנגעקלאַפּט!

— כ׳שטעל זיך פאָר... פונדעסטוועגן באַנעם איך ניט, וואָס איז דאָ פאַראַן אזוי איבערצולעבן. הונדערט טויזנט מענטשן אַפן סטאַדיאָן און מיליאָנען בא די טעלעוויזאָרס גייען אַראָפּ פון זינען.

— דו פאַרשטייסט ניט... טאַטע.
— דאָס זאָג איך דאָך טאַקע, אַז איך פאַרשטיי ניט, איך באַנעם ניט. דערקלער מיר.
— עס איז שווער צו דערקלערן. ווען דו וואָלסט געגאַנגען אויפֿן סטאַ־דיאָן אָדער כאָטשבי געקוקט אין טעלעוויזאָר, וואָלסטו זיך אַריינגעצויגן און אומבאַדינגט געוואָרן אַ באָלעלשטשיק.
— ביסט זיכער?
— אויף אַלע הונדערט פּראָצענט.
— ווען איר קלייבט זיך צוזאַמען פֿאַרנאַכט אין הויף, רעדט איר מיס־טאָמע נאָר וועגן פֿוטבאָל...
— פֿאַרוואָס מיינסטו אַזוי? מיר שמועסן וועגן אַלץ.
— דעהייסט?
— איך פֿרעג דאָך דיך ניט, וועגן וואָס דו שמועסט מיט דיינע כאַוויי־רים...
— איך בין, וואָלאָדיע, אַ ביסל עלטער פֿון דיר...
זיצנדיק איצט, שפּעט באַנאַכט, בײַ וואָלאָדיען אויף אַ ברעג פֿון זײַן געלעגער, האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך דערמאָנט, אַז הײַנטיקע וואָך, ער געדענקט שוין ניט גענוי דעם טאָג, איז וואָלאָדיע געקומען אַהיים עפּעס זייער אַן אויפֿגערודערטער. די מאַמע האָט זיך געפּרוּווט דערוויסן די סיבה דערפֿון, נאָר ער האָט איר גאָרניט דערציילט.
— דערצייל מיר, וואָלאָדיע, וואָס האָט די טעג געטראָפֿן מיט דיר, דו ביסט געווען זייער אַ צערודערטער.
— ווידער וועגן דעם זעלבן... — האָט וואָלאָדיע אומצופֿרידן אַ מורמל געטאָן.
— כ'וויל פֿונדעסטוועגן וויסן...
וואָלאָדיע האָט געשוויגן. עס איז אים געווען שווער צו דערציילן, אַז ער איז געווען אויפֿגערודערט דערפֿאַר, ווײַל אין שול האָט די קלאַסן־אָנפֿירערן געבעטן די שילער אָנרופֿן זייער פֿאָטערס נאָמען, און לויט דער אַלטער געוווינשאַפֿט האָט זיך בײַ וואָלאָדיען אַרויסגעכאַפּט „לוואָוויטש", דערנאָך האָט ער זיך פֿאַריכט און געזאָגט „דאַווידאָוויטש", די לערערן האָט זיך צעלאַכט: „געדענקסט ניט, וויאַזוי מע רופֿט דײַן טאַטן?" דער גאַנצער קלאַס האָט געלאַכט. וואָלאָדיע איז אַרויסגעלאָפֿן אין קאָרידאָר.
— איך האָב ווידער געכאַפּט אַ „צוויי", — האָט וואָלאָדיע זיך אָפּגע־רופֿן נאָכן היפּשן שווײַגן, קעדיי כאָטשבי עפּעס צו זאָגן.
— נו, שלאָף, — האָט לעוו באָריסאָוויטש מיט ביידע הענט אים אָנגע־נומען פֿאַר די אַקסל, ווי אַמאָל, ווען וואָלאָדיע איז נאָך געלעגן אין וויגל און מע האָט געדאַרפֿט אָוועקלייגן באַקוועמער דעם קאָפּ זײַנעם אויפֿן קישן. וואָלאָדיען האָט פּלוצעם אַרומגעכאַפּט אַ געפֿיל פֿון שולדיקייט צום דאָזיקן מענטשן, וואָס כאָטש ער איז ניט זײַן אייגענער טאַטע, איז ער דאָך פֿאַר אים נעענטער פֿון אַלעמען אויף דער וועלט. ער האָט שאַרף זיך אַ דריי אויס געגעבן מיטן קערפּער און צוגעצויגן דעם שטיפֿטאַטן צו זיך. לעוו באָריסאָוויטש האָט דערפֿילט דעם באָכערס וואַרעמען געזונטן אָטעם.

— כ׳וועל אויך פאָרן מיט דיר, טאטע...
— ווי זשע אנדערש, זון מײַנער! אויב פאָרן, איז מיט דער גאנצער מישפּאָכע.
— אָבער כ׳מוז נאָך פריִער זײַן אין די קארפּאטן. כ׳וועל באווײַזן?
— וווהין? — האָט לעוו באָריסאָוויטש צוערשט ניט פארשטאנען. — אָך, יאָ, אוואדע וועסטו באווײַזן, — האָט ער אין פארלעגנהײַט אפגיך א זאָג געטאָן, וועלן ער האָט זיך דערמאָנט, וועגן א וועלכער רײַזע עס גייט א רייד. — נו, שלאָף, עס איז שוין שפּעט. א גוטע נאכט.
אף די שפּיץ פינגער איז לעוו באָריסאָוויטש ארײַן אין שלאָפצימער. פּאָליע האָט זיך געמאכט שלאָפנדיק. ער האָט זי שטילערהייט ארומגענומען.

## אינדערפרי

פון גאנצפרי אָן איז, ווײַזט אויס, בא פּאָלינע יאקאָוולעוונען שוין געווען אָנגעזאָלעט אפן הארצן. געוויינלעך בייסן פרישטיק האלט זי אין איין אונטערלייגן לעוו באָריסאָוויטשן אין זײַנע טעלערלעך נאָך א שפּראָטל, נאָך א שטיקל פרעזשעניצע. זי איז זיכער, אז אָן איר האזשגאָכע וועט ער בלײַבן הונגעריק, ער איז ביכלאל א קנאפּער עסער.
— ווילסט, איך זאָל האָבן א בויך, — רוקט ער אָפּ פון זיך דעם טעלער.
— כאָטשבי א בײַכל, — לאכט זי.
— איך קלער וועגן דער צײַט, — פילאָזאָפירט לעוו באָריסאָוויטש, — ווען מענטשן וועלן ניט שטופּן אזויפיל עסנווארג אין זיך. ס׳וועט זײַן גענוג א קליין פּראָשעקל, וואָס אנטהאלט אלע נייטיקע וויטאמינען, ארײַנגענומען אין מויל, אראָפּגעשלונגען, און זאט ביז מיטיק. א פארגעניגן! כ׳געדענק ניט, ווו איך האָב געלייענט, איינער א געלערנטער זאָגט פאָרויס, אז צום 1980 יאָר וועט נעמען א סאָף צו דער קיך, מע וועט זיך שפּײַזן אויסשליסלעך מיט קוביקעס.
— האלעווײַ, גאָטעניו, — רופט זיך אָפּ פּאָלינע יאקאָוולעוונע, — מיר, די ווײַבער, וועלן דאן אוואדע זײַן גליקלעך, כ׳האָב דאָך שוין א שטיקל צײַט געקאָכט יויכן פון אזעלכע קוביקעס.
— כ׳געדענק, כ׳געדענק, — פארקרימט זיך לעוו באָריסאָוויטש, — ניט זיי מיין איך. איך האָב אין זינען פיל בעסערס, אן ערעך די שפּײַז, וואָס מע גיט מיט אין וועג די קאָסמאָנאווטן.
— זי דארף זײַן ניט שלעכט. אָבער פונדעסטוועגן וועסטו דען ניט וועלן א יויך פון א יונג הינדל, א שטיקל געפילטע סאָנדעק־פיש, א פּאָר פרישע קנישיקעס מיט פלייש, הייסע לאטקעס, גלײַך פון דער פּאַן, — רייצט אונטער פּאָלינע זײַן אפּעטיט.
— הם, דאָס איז אוואדע גוט, — ווערט לעוו באָריסאָוויטש אופגעלעבט, — אָבער דו שטופּסט דאָך מיר מאנע־קאשע.
— עס זי טאקע אוף, — באשטייט פּאָלינע יאקאָוולעוונע, — ס׳איז אף מילך און אף פּוטער.

זי לאָזט אים ניט אופהייבן זיך פון טיש, ביז ער עסט ניט גוט אָפּ.

איצטיקס מאָל איז איר קנאַפּ אָנגעגאַנגען, צי ער עסט יאָ, צי ער עסט ניט. אויב מע האָט זיך ניט געקריגט, איז לעכאָלהאַפּאַכעס צו אַ קריג געווען נאָענט, ניט צו אַ קריג, וואָס קומט פּלוצעם צוליב עפּעס אַ קליי־ניקייַט, ווען היציקע, טעמפּעראַמענטפולע מענטשן צינדן זיך אָן, ווי אַ שוועבעלע, איינער דעם צווייטן איז גרייט דוירעס זייַן, עס שיטן זיך שרעקלעכע באַשולדיקונגען... אַזעלכע שטורעם־געוויטערס לאָזן פונדעסט־וועגן, נאָך אַלעמען, קיין גרויסע כורבוינעס ניט איבער, דער פייַער־שפּריצנדיקער ווולקאַן ווערט אײַנגיכן אויסגעלאָשן, און עס טליִעט אפילע שוין גאָרניט, מע שמייכלט שוין, מע לאַכט שוין, עס שייַנט שוין די העלע זון. געפערלעכער איז אַ קריג אָן איינגעהאַלטענע, אַ שטילע, אָן גוואַלדן, אָן געשרייען, נאָר יעדער שטיל אַרויסגעבראַכט וואָרט טרעפט ביזן מאַרך פונעם ביין, עגבערט דורך, ווי אַ פייַל, און בלייַבט דערנאָך אַ צייַט שטעקן, ניט לאָזנדיק פאַרגעסן וועגן זיך.

— ווען דו האָסט געגעבן די האַסקאָמע איבערצופאָרן, האָסטו כאָטש אַ טראַכט געטאָן, אַז מע דאַרף זיך אָן אייצע האַלטן מיט מיר? איך בין שוין גאָר קיין מענטש ניט? — די פראַגע האָט זי געוואָלט אויסשרייַען, נאָר באַצייַטנס דערשטיקט דעם געשריי אין דעם איבערגעטריקנטן האַלדז.

— נאַרעלע... וואָס רעדסטו? הוילע נאַרישקייַטן... — לעוו באָריסאָוויטש האָט פאַרווונדערט געקוקט אַף פאַליען, אַף איר אָנגעצונדן־נערווועז פּאָנעם און געוואָלט גלייַך שאָלעם מאַכן, ניט פאַרטיפערן זיך. ער האָט אַריבערגע־פירט דעם בליק אַפן טעלער, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „דערנאָך וועסטו דאָך אַליין טייַנען, אַז איך עס ניט..."

— אָבער איך רייד ניט וועגן זיך, — האָט זי פאַרגעזעצט, אַלץ אַזוי שטיל, ניט דערלויבנדיק זיך אַריבערצוגיין אַף אַ העכער קאָל, — כ'קלער וועגן וואָלאָדיען. גלייַך ווי ער וועט ענדיקן די שול, קלייַבט ער זיך פאָרן אין די קאַרפּאַטן... ערעוו די עקזאַמענעס אין אינסטיטוט. יעדע זאַך דאַרף האָבן אַ גרענעץ, און ווען עס גייט די גרענעץ אַריבער, ווערט עס אַ מע־שוגאַס. אָפּטמאָל דוכט מיר, אַז מייַן זון האָט מען פאַשעט פאַרביטן.

לעוו באָריסאָוויטש האָט מיט אומעט אַ קוק געטאָן אין פענצטער, פילנ־דיק, אַז עס שטייט פאַר אַ לאַנגער און שווערער געשפּרעך, וועלכן מע קאָן ניט אויסמייַדן.

— דער פעלער פון אַ סאַך עלטערן איז דאָס, וואָס זיי מיינען, אַז די קינדער זייַנען נאַרישער פון זיי, און מעג דער באַכער שוין אפילע אַלט זייַן אכצן צי נייַנצן יאָר, דאַרף מען אים נאָך פירן פאַרן הענטל. דו ווייסט דאָך, פאַליע, ווי מיר איז אויך געווען שווער, עפּשער נאָך שווערער איידער דיר. איך האָב אים געבאַלעוועט, מיר האָבן אים ביידע געבאַלעוועט, נאָר איך, דוכט מיר, נאָך מער פון דיר. איך האָב געוואָלט נויסע־כיין זייַן באַ אים, מער פון אַלץ האָב איך מוירע געהאַט, ער זאָל מיך האַלטן פאַר אַ בייזן שטיפטאַטן, אַלע טאָג געבראַכט אַ נייַ קינדער־ביכל אין פאָרטפעל, אַ נייַע צאַצקע פאַר וואָלאָדיען... מייַן עלינקען... — זייַן קאָל איז געוואָרן טויבלעך צוגעדעמפּט. — מענטשן, וואָס האָבן געזען, האָבן מיר דערציילט,

אז אין יענעם וויסטן טאָג, ווען מע האָט די קינדער צוזאַמען מיט זייערע מאַמעס געטריבן צו דער גרוב, האָט עלינקע געהאַלטן אין דער האַנט אַן עראָפּלאַנדל — דאָס לעצטע שפּילעכל, וואָס כ׳האָב אים באַוויזן צו קויפן...

לעוו באָריסאָוויטש איז אַנשוויגן געוואָרן, עס האָט אים פאַרפּעלט אָטעם, און ער האָט ניט געקאָנט אַרויסברענגען מער אַ וואָרט. בּאַ פּאָליען האָבן די אויגן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן.

— וויפל יאָר, ווי מיר לעבן צוזאַמען, און נאָכאַנאַנד אָדער איך, אָדער דו דערמאָנען מיר אונדזער גרויסן אומגליק. מיר זײַנען שוין פאַרוואַרטיילט דערצו. אָבער צוליב וואָס האָסטו אַזוי געטאָן, אַז אויך וואָלאָדיע זאָל קלערן וועגן דעם? איך, זײַן מאַמע, האָב אים גאָרנישט ניט דערציילט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַזוי וועט זײַן בעסער. ער האָט דאָך אַ טאַטן. אַ קינד דאַרף ניט האָבן קיין צוויי פּאָטערס...

— און איך בין איבערצײַגט, אַז פאַר קינדער דאַרף מען גאָרניט אויס־באַהאַלטן, — האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך אָפּגערופן. דאָס קאָל איז בּאַ אים נאָך געווען טויבלעך, אָבער דער נעפּל, וואָס האָט פריִער געהאַט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די אויגן, איז שוין געווען אַראָפּגעריסן און זיי האָבן טרוקן געגלאַנצט. — קינדער דערוויסן זיך פריִער אָדער שפּעטער אַליין אַלצדינג, און דאַן זעען די עלטערן בּאַ זיי אויס ווי שווינדלער. וואָלאָדיעס טאַטע איז אומגעקומען אויפן פראָנט, דאַרף מען דאָס לייקענען פאַר אים? האָבן מיר דאָס מינדסטע רעכט אויף דעם?

— איך האָב איצט ניט קיין קויעך זיך צו שפּאַרן מיט דיר. איך באַמי זיך צו פאַרגעסן, ווי שווער דאָס זאָל מיר ניט זײַן... דו ביסט באַשטאַנען אויף דעם, אַז אין וואָלאָדיעס פּאַס זאָל זײַן ניט דײַן נאָמען אַרײַנגעשריבן אַלס פּאָטער... אייגנטלעך, צוליב וואָס?

— וואָס הייסט, צוליב וואָס? וויאַזוי האָט עס געקאָנט זײַן אַנדערש? האָט דען זײַן טאַטע פאַרדינט, אַז אפילו זײַן נאָמען זאָל ניט דערמאָנט ווערן? איך קאָן דיך ניט פאַרשטיין.

— ניין, קינדער דאַרפן ניט טראָגן אויף זיך די ליידן און די פּײַנען פון די עלטערן, זיי וועלן אויסוואַקסן און האָבן גענוג אייגענע צאָרעס. קינדער דאַרפן וואַקסן גליקלעכע.

— אויב גליק הייסט פאַרגעסן אַ טאַטן, בין איך קעגן אַזאַ גליק.

— געוויינלעכע מענטשן דאַרפן נאָר אַ ביסל געוויינלעך גליק.

— אַזעלכס הער איך צום ערשטן מאָל. „געוויינלעך גליק״. איך באַנעם עס ניט.

— דו ביסט אַ מאַלעך, איך בין אַ פּאָשעטער מענטש, אַ פּאָשעטע פרוי. פאָר, פאָר, ווו דו ווילסט, און מיך מיטן זון לאָז צורו. — זי איז אַרויסגע־לאָפן פון צימער.

— פּאָליע, — האָט ער איר נאָכגעשריִען, — באַטראַכט זיך, וואָס דו האָסט געזאָגט... רעדסט דאָך הוילע נאַרישקײַטן...

די פולע טעפּעלעך קאַווע, צו וועלכע מע האָט זיך ניט צוגערירט, זײַנען געבליבן אויסגעקילטע שטיין אויפן טישל. ניט געפרישטיקט, זײַנען זיי ביידע אַוועק אויף דער אַרבעט. געוויינלעך גייען זיי אַרויס פון שטוב צוזאַ־

מען, זי דארף פריזער, צו ניַין אזייגער, גייט ער אויך ארויס פריזער, באגלייט זי ביז צום אווטאָבוס, זעצט זי אין אווטאָבוס אריַין. איצט איז זי אוועקגע־לאָפן אליין, קוים באוויזן אויסווישן די אויגן און צופודערן די באקן. לעוו באָריסאָוויטשן האָט שוין געגעסן דער געדאנק, אז ער האָט איבערגעכאפּט די מאָס, ניט אזוי זיך אויסגעדריקט, עפשער גערעדט צו שארף, צו הארב, ער זשאלעוועט זי ניט, א גאנצן טאָג וועט זי אין דער קליניק זיַין מיט די קראנקע, שטילן זייערע ווייטעקן, און אליין וועט זי אומגיין מיט א בראָטנ־דיקן ווייטעק אין הארצן.

לעוו באָריסאָוויטש גייט אף דער ארבעט א שטיק וועג צופוס, דאָס איז זיַין פרימאָרגעדיקער שפאציר, וועלכן ער מאכט דורך אין א באליבּיקן וועטער, זעלטן־ווען ער שאפט אים אָפּ. היַינט האָט ער גענומען א טאקסי, נאָר אינמיטן וועג איז ער פונדעסטוועגן ארויס פון דער מאשין און אוועק צופוס. ער איז געגאנגען פאמעלעך. אן איַילנדיקע פרוי האָט אומגערען אים א קלאפּ געטאָן מיטן קוישל, וואָס זי האָט שוין באוויזן אָנצופילן אין די מאגאזינען, אפגיך זיך אנטשולדיקט און אוועקגעלאָפן וויַיטער. דער גאסן־טומל, די לויפעניש האָבן אים ניט געשטערט צוזען דעם פאָדעם פון די געדאנקען, מיט וועלכע ער איז ארויס פון שטוב.

ווען ער איז שוין געווען גאָר ניט וויַיט פונעם אינסטיטוט, ער האָט נאָר געדארפט דורכגיין איין קווארטאל, האָט ער פלוצעם זיך דערפילט אזוי פארמאטערט, די פיס זיַינען מיטאמאָל אזוי שווער געוואָרן, אז ער האָט זיך געמוזט צוזעצן אף א באנק באם נאָענטסטן הויז. עס האָט שטארק גע־קלאפּט דאָס הארץ און ס׳האָט געמלאָשניעט. „אָט האָסטו דיר, כ׳האָב גאָר פארגעסן, אז איך האָב א הארץ, — ער האָט ארויסגענומען פון דער קע־שענע דאָס טיכעלע און געווישט דעם שווייס פונעם פאָנעם. — אבי איך האָב זיך נעכטן באַרימט מיט דעם״.

ער איז געזעסן א מינוט פינף, ביז ער האָט זיך דערפילט בעסער. „אָט איז שוין דורך, — האָט ער זיך דערפרייט. — אין די הייסע טעג דארף מען ניט גיין צופוס. היַינט פארעט פון גאנצפרי, עס וועט זיַין א רעגן״. לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך אופגעהויבן פון דער באנק, אויסגעגליַיכט די אקסל און, זיך אונטערמונטערנדיק, געלאָזט גיין. איצט האָט ער שוין באמיט זיך נאָר צו טראכטן וועגן דער אויסערגעוויינלעך וויכטיקער ניַס, וואָס ער וועט באלד אריַינברענגען אין דער לאבאראטאָריע...

ס׳איז אָבער פאָשעט געווען צו באוואונדערן, וואָס די מיטארבעטער האָבן נאָך, איידער ער איז געקומען, שוין אלץ געוווּסט. מע האָט אים באגעגנט, ווי א באלסימכע. דערנאָך איז יעדערער געגאנגען צו אים אין קאבינעט פירן א פערזענלעכן שמועס.

די לאבאראטאָריע «БП»[1] פארנעמט דריַי צימערן, אריַינגערעכנט דעם קאבינעט פון איר שעף לעוו באָריסאָוויטש כאנין. די מאכשירים,

[1] אברעוויַאטור פון רוסישן беспрерывный поток—אומופהערלעכער שטראָם.

װעלכע מע קאָן ניט אַרײַנשטופּן אין די צװײ אַלגעמײנע צימערן, שלעפּט מען צו לעװ באָריסאָװיטשן אין קאַבינעט. ס'איז אַ קלײנע לאַבאָראַטאָריע, עפּשער די קלענסטע צװישן די פֿיל אַנדערע לאַבאָראַטאָריעס פֿונעם גרױסן צעצװײַגטן װיסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישן אינסטיטוט, אָבער הערן הערט מען זי אױפֿן דריטן שטאָק איבערן גאַנצן קאָרידאָר, װאָס האַלט אַ האַלבן קילאָ־מעטער די לענג. עס קלאַפּן ניט קײן מאָטאָרן, עס קומען ניט פֿאָר קײן כימישע רעאַקציעס מיט אױפֿרײַסן, עס פּײַערט ניט, עס בליצט ניט, אָבער אַ דונער הערט זיך. צװײ דונערדיקע שטימען פֿאַרמאָגט די לאַבאָראַטאָ־ריע — אײן דונערדיקער באַס געהערט ניקאָלײַ מיטראָפֿאַנאָװיטש אָסקאָל־צעװון, דער צװײטער — װאַכטאַנג גאַגאָבערידזען. עס איז גענוג, אַז אָס־קאָלצעװו און גאַגאָבערידזע זאָלן עפּעס נעמען דערװײַזן אײנער דעם צװײטן און דערבײַ זאָל זיך נאָך אַרײַנמישן יאַשע קלײנערמאַן, װאָס האָט אױך אַ גאַנץ הילכיק קאָל, אַז דער לאַנגער קאָרידאָר פֿון אײן עק ביזן צװײטן זאָל װערן פֿול מיט אַ געדיכטער הודזשערײַ, װי פֿון טעלע־גראַף־דראָטן בײַס אַ שטורעם. קײן שום אַנדער לאַבאָראַטאָריע האָט ניט אינעם אינסטיטוט אַזױפֿיל הײסע אָנהענגער און הײסע קעגנער. און שױן דאָס גופֿא איז גורם דערצו, אַז די װיכּוחים און דיסקוסיעס צװישן די מיטאַרבעטער פֿון דער לאַבאָראַטאָריע זאָלן זײַן באַזונדערס לײַדנשאַפֿט־לעך.

די לאַבאָראַטאָריע האָט אַן אײגענעם פֿילאָסאָף (סאַשע קלעבאַנאָװ), אַן אײגענעם פּאָעט (יאַשע קלײנערמאַן), אַ געשװױרענעם אָפּטימיסט (ני־קאָלײַ אָסקאָלצעװו) און אַ קאַלטן פּעסימיסט (װאַכטאַנג גאַגאָבערידזע). ניקאָלײַ אָסקאָלצעװס קײַלעכיק רײן־געגאָלט פּנים איז קימאַט שטענדיק באַשײַנט מיט אַזאַ העלער פֿרײד און לעבנסלוסטיקײַט, פּונקט װי ער װאָלט געהאַט אָנצוזאָגן, אַז אָקאָרשט האָט ער געפֿונען דעם סינטעז פֿון דער פּלאַזמע און אַז די גאָרע מענטשהײַט איז שױן אױף אײביקע יאָרן באַ־זאָרגט מיט די ביליקע אומויסשעפּלעכע ענערגיע־קװאַלן פֿון דער זון. אײ־ניקע מאָל װערט ער אַזױ באַגײַסטערט, אַז עס דוכט, ניט נאָר די פּלאַזמע, נאָר די גאַנצע זון איז שױן באַ אים אין קעשענע. אַ קלײנער, באַשײדענער דערפֿאָלג רופֿט באַ אים אַרױס אַזאַ אַנציקונג און ענטוזיאַזם, אַז דאָס שטערט אים צו קאָנצענטרירן זיך אין דער װײַטערדיקער אַרבעט. ס'מאַכט זיך דעריבער, אַז ער בלײַבט מיט זײַן דערפֿאָלג שטעקן אינמיטן אָדער אַפֿילע אין סאַמע אָנהײב. װאַכטאַנג גאַגאָבערידזע מיט די פּײַערדיקע אױגן און מיט די פּעך־שװאַרצע באַקנבאַרדן, װאָס פֿאַרכאַפּן אַ האַלב פּאָנעם, נעמט דאַן אױף זיך די ראָל פֿון אַ מעפֿיסטאָפּעל. ער קילט אָפּ זײַן הײסן קאָ־לעגע מיטן קאַלטן שטראָם פֿון װאָגיקע אַרגומענטן און מיזרעכדיקע שפּריכ־װערטער. אָסקאָלצעװס זיסן יאָדער טוקט גאַגאָבערידזע אָפּ אין אַלע בי־טערע װאַסערן, דערנאָך קומט נאָך יאַשע קלײנערמאַן מיט אַ סאַטירישער סטראָפֿע, װאָס ער פֿאַרפֿאַסט גלײַך אױפֿן אָרט, צוגעפּאַסט צום הײסן מאָ־מענט, און סאַשע קלעבאַנאָװ מאַכט אַ פֿילאָסאָפֿישן סאַכאַקל צום װיכּועך, ברענגט אַן אַפֿאָריזם, װאָס ער אַלײן געדענקט ניט, צי ס'איז זײַן אײגענער אָדער ער האָט אים ערגעץ געלײענט. „מיר דאַרפֿן, — װאַרפֿט ער אַ טיפֿ־

זיניקן בליק אף אַסקאַלצעוון, — זיך אומקוקן אף צוריק, קעדיי זיך עפּעס אָפּצולערנען פון די פריִערדיקע פעלערן...״

שאפנדיק זײַן לאַבאַראַטאָריע, האָט לעוו באָריסאָוויטש כאַנין זיך באַ־מיט צו האַלטן באַ דרײַ וויכטיקע פּרינציפּן. ערשטנס, ווי ווײַט מעגלעך אונטערקלײַבן פייִקע, טאַלאַנטפולע מענטשן, וואָס האָבן אַ בוילעטע נײַ־גונג צו ווויסנשאַפטלעך־פאָרשערישער אַרבעט; צווייטנס, קיינמאָל ניט אַרויסשטעלן אַפן פאָדערשטן פּלאַן די אייגענע פּערזאָן, ניט וועלן דער־ווײַזן די מיטאַרבעטער, אַז ער איז קליגער און פייִקער און אַז די אידייִ, וואָס זיי פאַרווירקלעכן, איז דערהויפּט זײַנע; דריטנס, ניט פירן קיינעם פאַר דער האַנט, זיך ניט אַרײַנמישן אַף שריט און טריט אין יענעמס אַרבעט, נאָר ריכטן און אונטערזאָגן איידל, טאַקטיש, קלוג.

לעוו באָריסאָוויטש איז געווען זיכער, אַז די מערהײַט מיטאַרבעטער וועט גערן איבערפאָרן מיט אים קיין סיביר. אַף אַ פּאָר מענטשן האָט ער אַליין געהאָפּט, אַז זיי וועלן זיך אָפּזאָגן. איינער פון דער דאָזיקער אומגע־ווונטשענער פּאָר איז וויקטאָר רעמיזאָוו, אַ דרײַסיקיאָריקער קרעפּטיקער מאַנצבל, אַ פּוסטעפּאָסניק, וואָס זוכט נאָר דעם וויסנשאַפטלעכן טיטל און ווײַכט פון וואָכיקער אַרבעט. ער איז טאַקע דער ערשטער אַרײַן צו לעוו באָריסאָוויטשן אין קאַבינעט. מיט זײַנע קורצע פעסטע פיס האָט רעמיזאָוו פלינק זיך דורכגערוקט צום טיש. דערבײַ ענערגיש געמאַכט מיט די הענט און געוואָרפן מיט אַן אַקסל, ווי ער וואָלט געשוווּמען. ער האָט זיך אוועק־געשטעלט ניט פאַרנט פונעם טיש, נאָר אין אַ זײַט — אַזוי, האָט זיך אים געדוכט, איז געמיטלעכער צו ריידן מיטן שעף.

— באַ מיר אין שטוב איז אַן איבערקערעניש, — האָט ער מיט פרייד אָנגעזאָגט. — איך האָב שוין געמאָלדן, אַז איך פּאָר. דאָס ווײַב ליגט מיט אַ קאָפּווייטעק, דאָס יִנגל איז ניט געגאַנגען אין שול.

— די וויסנשאַפט דאַרף גאָר ניט אַזעלכע שווערע קאָרבאָנעס, — האָט לעוו באָריסאָוויטש דעליקאַט באַמערקט.

— מעגלעך טאַקע, אַז מײַנע אופטוען זײַנען נאָך דערווײַל גאָר ניש־טיקע, — האָט רעמיזאָוו זיך באַליידיקט, — אָבער ביז איצט האָט נאָך קיינער אין אונדזער לאַבאַראַטאָריע ניט געהאַט די מעגלעכקײַט צו געבן דאָס, אַף וואָס ער איז פייִק. איך האָב דאָך אפילו ניט קיין טישל.

— אַ טיש איז, פאַרשטייט זיך, זייער וויכטיק, אָבער פונדעסטוועגן איז עס ניט דאָס וויכטיקסטע.

— איר האַלט, אַז די באַדינגונגען שפּילן ניט קיין ראָל?

— ניין, איך האַלט עס ניט. נאָר איר האָט אוואַדע, כאָטש רעמיזאָוו, געהערט וועגן אַ געלערנטן, וואָס האָט געמאַכט אַ וויכטיקע אַנטדעקונג, האָבנדיק אין זײַן רעשוס נאָר אַ ליידיקע בלעכענע פּושקע.

— אָבער יענער האָט דאָך געלעבט און געשאַפן גאָר אין אַן אַנדער געזעלשאַפטלעכער פאָרמאַציע, — האָט רעמיזאָוו דערווידערט, אַ צופרי־דענער, וואָס ער קאָן אַרויסווײַזן ערודיציע. — די געלערנטע אין אונדזער לאַנד דאַרפן ניט אָנקומען צו אַזאַ עלנטיל, די מעלוכע קאַרגט ניט...

— יאָ, יאָ, דאָס זײַט איר גערעכט, זייער ריכטיק, — האָט אים איבער־

געשלאָגן לעוו באָריסאָוויטש. — די מעלוכע קאַרגט ניט. דערפאַר קאַרגן מיר אָפּטמאָל און ווייַזן ניט קיין אַרבעט. נו, גוט, — האָט לעוו באָריסאָוויטש, דערפילנדיק, אַז ער הייבט אָן צו נערווירן און ס׳נעמט אים ווידער ווײ טאָן דאָס האַרץ, באַשלאָסן פאַרענדיקן דעם שמועס. — מיר וועלן נאָך וועגן אַלץ אַ רעד טאָן. טוט גוט אַ טראַכט, באַשליסט...

— איך האָב שוין באַשלאָסן.

— איז אוואַדע גוט.

דער צווייטער מענטש פון דער ניט־געווונטשענער פּאָר איז די סעקרעטאַרשע מאָניקע.

מאָניקע איז אַן אידעאַלע סעקרעטאַרשע. זי איז זייער אַן אַרבעטזאַמע, אַ פּינקטלעכע, האָט אַ פענאָמענאַלן זיקאָרן, אין דער לאַבאָראַטאָריע איז זי ווי אַ גוטע שטרענגע באַלעבאָסטע. פון צייַט צו צייַט טוט זי אַ קאָמאַנדעווע צו די מיטאַרבעטער: „ייִנגלעך, לאָמיר זיך נאָר אַ נעם טאָן!״ און הייסט דעם היכן וואַכטאַנג גאָגאָבערידזע אויסווישן די פענצטער, סאַשע קלעבאַנאָוון און ניקאָלייַ אָסקאָלצעוון איבערוקן די שאַפעס, יאַשע קליינערמאַנען שלעפן דעם שטויבצייִער... דערנאָך צווינגט זי יעדן מאַכן אָן אָרדענונג אין די טישן, אַרויסוואַרפן די איבעריקע זאַכן, די ניט־בייטיקע פּאַפּירן. באַזונדערס טרעפט דאָס דעם פּאָעט יאַשע קליינערמאַנען, וואָס אומעטום פאַרזייט ער זייַנע לידער. ער קלייַבט זיי צונויף, לייענט דורך, טוט אַ זאָג דערבייַ: „דער אַלטער האָט געקאָנט שרייַבן״ און מיט האַרץ צערייַסט ער זיי און וואַרפט אין קאָרב...

מאָניקע האָט אייַנגעהאַנדלט אַ גרויסן קאָפּייַניק און אין די פרימאָרגנס, ווען די מיטאַרבעטער נעמען זיך צונויף בײַ לעוו באָריסאָוויטשן אויף דער קורצער פּופּצנמינוטיקער באַראַטונג, איז זי מעכאַבעד דעם אוילעם מיט טעפּעלעך שוואַרצער קאַווע. כעוורע לייִצים האָבן צום אַכטן מאַרט פאַרגעבן דער אינסטיטוטישער עלעקטראָן־מאַשין אַ גאַנצע פּראָגראַם אויף דער טעמע „מאָניקע״, און די מאַשין האָט געשאַפן אַ שעדעווער, ווו אַלע ווערטער הייבן זיך אָן מיט „מ״. אויב מע זאָל דאָס אַנטיקל איבערזעצן פון רוסיש, וואָלט עס געקלונגען אַן ערעך אַזוי:

מ אָ נ י ק ע — מ י מ אָ ז ע

(מאַרט־מיניִאַטיור)

מימאָזעס מאַרשרוט: מאַצעסטע — מאָסקווע,
מענגעס מאַנצבלען מיט מימאָזעס.
מימאָזעס — מייַן מילדער מאָניקען.
מאָנומענטן מימאָזישע — מאָניקען!

עלעקטראָן־מאַשין.

צווישן די צאַרטע מימאָזעס, וואָס מע האָט מאָניקען אונטערגעטראָגן דעם אַכטן מאַרט, האָט געשטעקט אַ לאַנג פּאַסיקל פּאַפּיר מיטן דאָזיקן קיבערנעטישן ווערק.

די מיטאַרבעטער האָבן אַנומלטן באַשלאָסן אָפּצייכענען מאָניקעס געבורטסטאָג — זי איז אַלט געוואָרן דרייַסיק יאָר. די צוגרייטונגען האָט מען

געמאכט אזוי קאָנספּיראַטיוו, אַז מאַניקע האָט וועגן דעם ערשט דער־שמעקט מיט אַ האַלבער שאָ פאַרן ענדיקן די אַרבעט, ווען מע האָט זי ספּעצ־יִעל געבעטן זיך פאַרהאַלטן. מאַניקע איז אַנטלאָפן. די דרײַ פלעשער שאַמפּאַניער, די צוויי פּרעכטיקע טאָרטן, די שאָקאָלאַד־קאָנפעטן זײַנען געלעגן ניט גערירטע אויפן טיש, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט מיט שניי־ווײַסע בויגנס פּאַפּיר. גאַגאַבערידזע און אַסקאַלצעוו, וועלכע האָבן זיך געקליבן צו האַלטן פּלאַמפּײַערדיקע טאָסטן, און יאַשע קליינערמאַן, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ ליד, און סאַשע קלעבאַנאָוו, וואָס האָט געדאַרפט זײַן אַרויסטרעטונג אָנהייבן מיט אַ ציטאַט פונעם אַלטערטימלעכן רוימישן פּאָעט אָווידי: „אין די ווערטער מײַנע אָרעמע באַמי זיך געפינען מער, וויפל עס איז אין זיי געזאָגט", און גופא לעוו באַריסאָוויטש, וואָס האָט אויך געוואָלט זאָגן אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער, און אַלע איבעריקע, וואָס האָבן שוין געלעכצט צו הערן דעם קנאַל פון די אַרויספּליִענדיקע קאָרקעס און שוין ווי געפילט דעם טאַם פונעם ברויזנדיקן ווײַן אויף די ליפּן און אויף דער צונג, זײַנען געשטאַנען בײַ דעם געשמאַקן זיסן טיש, ווי אווייליִם, און נאָר געקאָנט אַרויסברענגען:

— אָט האָסטו דיר מאַניקע!

גאַגאַבערידזע האָט פאָרגעלייגט, אַז מע זאָל אוועק צו איר אַהיים. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און די גאַנצע לאַבאָראַטאָריע, בראָש מיטן שעף, האָט זיך געלאָזט אין אַ צערעמאָניאַלן מאַרש צו דער יובי־ליאַרשע אין שטוב. מאַניקע איז אין דער היים אויך ניט געווען. בעיין־ברײַרע האָט מען דעם קיבעד און די הייסע ווונטשן איבערגעגעבן איר מאַמען, וועלכע האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, דערזעענדיק בײַ זיך אין צי־מער אַזויפיל כאָשעווע און אויפגעלייגטע געסט.

אויף מאָרגן, אויגן־אויף־אויג מיט לעוו באַריסאָוויטשן, בײַ אים אין קאַ־בינעט, האָט מאַניקע זיך פאַרענטפערט: „איך האָב מוירע געהאַט, אַז מע וועט זיך נעמען וויצלען איבער מיר, און אײַך וועט מען אויך אַרײַנמישן. אַלע האָבן בײַ אונדז ליב זיך צו כאָכמענען..."

ווען לעוו באַריסאָוויטש קומט אויף דער אַרבעט און באַגריסט זיך מיט איר, טוט זי אירע ברעמען אַ הייב אַרויפצו און גיט מיט די שמאָלע און לענגלעכע גרינע אויגן אַ קוק אויף אים מיט אַזויפיל גינציקײַט, ווי ער וואָלט געווען איר סאַמע נאָענטער און אָנפאַרטרויטער מענטש. אַרײַנקו־מענדיק צו אים וועגן אַן איניען, זוכט זי אַ געלעגנהײַט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ווײַלע נאָך דעם, ווי דער איניען איז שוין דערליידיקט, די דינע הענט מיט די ראָזעווע פינגער ליגן האַלב־צעשפּרייט אויפן ברעג טיש, אין איר טרײַ־דורכדרינגלעך קוקן, אינעם אויסדרוק פון נײַגער אויף איר פּאָנעם איז פאַראַן עפּעס איבעריקס, אַזעלכס, וואָס דאַרף ניט זײַן.

איצט האָט לעוו באַריסאָוויטש געטראַכט וועגן דעם, אַז מאַניקע דאַרף געוויס ניט פאָרן מיט דער לאַבאָראַטאָריע, ניטאָ צוליב וואָס, אַ סעקרע־טאַרשע וועט מען דאָרטן אויך געפינען, און די כאָכמע־זאָגערס פון אינ־סטיטוט וועלן דאַן ניט האָבן קיין שפּײַז אויף זיך צו כאָכמענען. בעעמעס, וואָס קאָן זײַן באַנאַלער, פּלאַכער, אויסגעדראָשענער, ווי די ליבע פון אַ

רייצנדיקער סעקרעטאַרשע צו איר באַיאָרטן, סאָלידן, מעיושעווּדיקן געלערנטן שעף, וואָס פאַרמאָגט שוין א זון א כאָסנבאָכער?

אַרײַנגעקומען איז הײַנט מאָניקע צו אים א שטראַלנדיקע. געווען איז זי אין א פּאָשעטע ציצן קלייד, מיט זייער קורצע אַרבל, אָבער עלעגאַנט, שיין אויפגענייט. דאָס נייען האָט, אַפּאָנעם, געקאָסט פיל מער, ווי דער בילימלדיקער שטאָף, דערפאַר איז אָבער דאָס קלייד געווען ווי אויסגעגאָסן אף איר, איידל אונטערגעשטראָכן די געטאָקטע פיגור. אף די אַקסל איז געלעגן א העלע ביילאָנאָווע קאָסינקע, מאָניקע אינגאַנצן האָט עפּעס געהעלט הײַנט מער ווי געווייגלעך. „קאָן זײַן, אז זי וויל גאָר ניט פּאָרן, — האָט לעוו באָריסאָוויטש באַרוּיקט א קלער געטאָן, — זי איז א געבוירענע א מאָסקווער". זײַן האָפענונג האָט מאָניקע צעשטערט מיט איין־און־איינציקער פראַזע.

— ווי ווּעמען, נאָר מיך שרעקן ניט די סיבירער פרעסט. א פּעלצל האָב איך, וואָליקעס וועל איך קויפן, — און זי האָט דורכדרינגלעך א קוק געטאָן אף אים מיט אירע שיינע גרינע אויגן, אַזוי אַז לעוו באָריסאָוויטשן איז נאָר געבליבן צו ענטפערן דערויף מיט א ליבנספולן שמייכל:

— אבי ס'וועלן זײַן וואָליקעס, וועט שוין זײַן גוט...

ער האָט ניט געוואָלט זיך מודיע זײַן, נאָר טיף אין זיך איז ער פונדעסטוועגן געווען צופרידן, וואָס מאָניקע וויל פאָרן.

איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין דער וואָך קומט צו לעוו באָריסאָוויטשן אַרײַן אין דער לאַבאָראַטאָריע זײַן שוועסטער העניע. הײַנט איז זי אויך אַרײַנגעקומען און, ווי געווייגלעך, א זאָג געטאָן, פּונקט ווי זי וואָלט זיך אַנטשולדיקט:

— אף א פּאָר מינוט... כ'קאָן ניט זיצן אין שטוב...

אויסער דער שוועסטער, האָט לעוו באָריסאָוויטש נאָך א ברודער — אָבער יענער איז ווײַט — אין אַמעריקע. העניע האָט יאָרן נאָכאַנאַנד, ביז איר באַליבטער ברודער ליאָווע האָט זיך געשטעלט אף די פיס און אפילע דערנאָך, ווען ער האָט שוין פאַרענדיקט דעם אינסטיטוט, אים געשטיצט און געהאָלפן; איר האָט זיך שטענדיק אויסגעוויזן, אז אים, דעם יונגן באָכער, פעלט א סאַך מער, ווי איר, אז ער איז זייער ניט צוגעפּאַסט צום לעבן, דאָס געלט צעקריכט זיך בא אים, ער אַנטלײַט אַלעמען און מע גיט אים ניט אָפּ, און ער גייט אַרום א נאַקעטער און באָרוועסער, שטענדיק א הונגעריקער. ווען זי האָט געוווינט אין כאַרקאָוו, האָט זי אים רעגולער געשיקט פּאָסילקעס, און אין אירע בריוו, צווישן די פאַרשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר, אָנגעשפּיגעוועטע מיט אייצעס, וויאַזוי מע דאַרף לעבן אף דער וועלט, איז געווייגלעך געלעגן פאַרבאַהאַלטן א צונויפגעלייגט אינפּירן געלט־פּאַפּירל. אין אורלויב־צײַט איז ליאָווע געפאָרן צו דער שוועסטער מיט א גרינג און פריידיק געמיט, ווי מע פאָרט אין א היים, ווו עס קאָן נישט זײַן ניט גוט. בייס דער מילכאָמע האָבן דער ברודער מיט דער שוועסטער פאַרלאָרן איינס דאָס אַנדערע, זי האָט זיך עוואַקויִרט, ער איז אַוועק אפן פראָנט. די ענערגישע העניע האָט דאַן פאַרשאָטן מיט אָנפראַגעס די אַדרעס־ביוראָען, מיליטער־קאָמיסאַריאַטן, שפּיטאָלן, ביז זי

האָט פונעם עוואַקאָ־שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געהאַט געפונען אין דער מאָסקווער טימיריאַזעוו־אַקאַדעמיע, דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז דער סאָלדאַט ל. ב. כאַנין האָט זיך דאָרטן נאָך אַ פאַרוווּנדונג געהיילט, זיך אויסגעהיילט, און מע האָט אים געשיקט אין קירגיזיע פאַרבעסערן דאָס געזונט.
„ווײַבאַלד אויף פּאָפּראַוווּקע, וועט ער זיך בעסער פּאָפּראַווען בײַ מיר", — האָט העניע באַשלאָסן און גלײַך אַרײַנגעשיקט אַ מעלדונג אין פרונזער מיליטער־קאָמיסאַריאַט, פון וועלכער מע האָט זיך געקאָנט דערוויסן, אַז אין נאַרימער קרײַז, דרײַ הונדערט קילאָמעטער פון דער שטאָט קאָלפּאַשעוואָ, אין דער געדיכטער ווײַט־צאָפנדיקער טײַגע, בײַם טײַך וואַסיוגאַן לעבט אַ העניע באָריסאָוונע, וואָס איז אימשטאַנד אַזוי צו פאַריכטן דאָס געזונט פון איר פאַרוווּנדעטן ברודער, אַז ווען ער וועט זיך אומקערן, וועט ער זײַן אַ גוואַר.
— גאַנץ מעגלעך, אַז זי איז טאַקע זייער רײַך, דײַן שוועסטער, — האָט דער קאָמיסאַר געזאָגט נאָכן אָנשרײַבן די רעזאָליוציע אויף העניעס מעלדונג, — פונדעסטוועגן פאַרגעס ניט עפּעס צו ברענגען איר פון דײַן פּראָדוקטן־אַטעסטאַט.
אַלץ, וואָס ליאָווע האָט געבראַכט: אַ שטיקל שפּעק, צוויי פּושקעס קאָנסערוון, דרײַ פּעקלעך הריקענע קאַשע, אַ לאַנגן און אַ שווערן ציגל גרינע טיי „קאָק טשײַ" — איז טאַקע זייער צוניץ געקומען, אָבער העניע האָט ניט אָפּגעגנאַרט. זי האָט ווירקלעך געהאַט אַ גרויס פאַרמעגן, — צוויי זעק קאַרטאָפל איז בײַ איר געלעגן אין פּידפּאָל, — אייגענע בולבע, וואָס זי האָט שוין באַוויזן אין דער עוואַקואַציע אַראָפּנעמען פונעם גאָרטן, וועלכן זי האָט געהאַט בײַ דער שטוב. ליאָווע האָט זיך צוגעכאַפּט צו די בולבענע מײַכאָלים, אַמאָל מיט מאַרגאַרין, אַמאָל מיט ליאַרד, אַמאָל געקאָכט נאָר אויף הוילער וואַסער.
ליאָווע איז געקומען צו פאָרן קיין וואַסיוגאַן אין סענטיאַבער מיטן לעצטן פּאַוואָזאָק[1] — פרי הערבסט אויף אין די דאָזיקע מעקומעס די נאַוויגאַציע, — און אָוועקגעפאָרן איז ער סאָף מײַ פון קומענדיקן יאָר, ווען דער טײַך וואַסיוגאַן האָט זיך באַפרײַט פונעם אײַז. ער איז אָוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט העניעס איינציקן זון, וועלכער איז דאַן אַלט געוואָרן אַכצן יאָר. דער פעטער ליאָווע, וואָס האָט שוין באַוויזן צו זײַן אויפן פראָנט, איז געפאָרן צוזאַמען מיטן פּלעמעניק, וועלכן מע האָט אָקאָרשט געהאַט מאָביליזירט. העניע איז געשטאַנען אויפן ניט הויכן ליימיק־בלאָטיקן ברעג, געקוקט אויפן אונטערגעוואַקסענעם שטאַלטנעם זון, וואָס שטייט אויף דער קליינער דעק פון דער שיף, און פון אים אַריבערגעפירט דעם בליק אויף איר ברודער, און אין די אויגן אירע איז צו אים, צום ברודער, געווען איין־און־איינציק הייס געבעט: „עס איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, מײַן גאַנץ גאָלד, מײַן גאַנצער אוצער, היט אים אויס, מײַן ליבער ברודער, ווי ווײַט מעגלעך דו וועסט נאָר קענען. ער איז דאָך נאָך גאָר אַ קינד..."
העניעס זון האָט זיך פון דער מילכאָמע ניט אומגעקערט. ווען מע זאָל אויף אַלע וואָגשאָלן, וואָס זײַנען פאַראַן אויף דער ערד, אָוועקלייגן די

[1] אַ שיף אויף קליינע, ניט קיין טיפע טײַכן.

גליקן, די פריידן, די גרעסטע פארגעניגנס, און נאָר אף איין וואָגשאָל אוועקלייגן דעם אומגליק פון א מוטער, וואָס האָט פארלאָרן איר איינציקן זון, וואָס וועט איבערוועגן? אין שלאָף זעט העניע דעם זון א לעבעדיקן: ער פאָרט אפן וועלאָסיפעד, שפילט אין שאָך, מאָלט א קאריקאטור אין דער שילערישער וואנטצייטונג... דאן לעבט זי, דאן איז זי גליקלעך. עס ווערט ליכטיקער אין שלאָף דאָס אלטע טונקעלע פּאָנעם, ס׳גלעטן זיך אויס די קנייטשן, ס׳ווערן מילדער, ווייכער די ליפּן — זיי זײַנען ניט אזוי הארט צוזאמענגעשלאָסן. זי רעדט מיט אים אין שלאָף. אלדאָסגוטס, וואָס זי האָט נאָר אמאָל געוווּנטשן איר קינד, קומט איר צו כאָלעם. די צײַט איז א גוטער דאָקטער, זי היילט און פארהיילט. עס זײַנען אָבער פאראן ווּנדן, וואָס ווערן קיינמאָל ניט פארהיילט; אן אייביק בלוטנדיקע ווּנד ברענט בא דער אומגליקלעכער מוטער אין הארצן.

ווי העניע וויל ניט זיך אײַנהאלטן און ניט מאכן ליאָוועס שווער דאָס געמיט, קאָן זי עס ניט אויספירן, און ווען זי זאָל ניט קומען צו אים, גיסן זיך בא איר די טרערן אליין פון זיך.

— וואָס האָט מיר געפעלט? — שעפטשעט זי מיט א געבראָכענער שטים. — איך בין געווען די גליקלעכסטע מאמע אין דער וועלט... ניין, די מאמעס טאָרן ניט איבערלעבן זייערע קינדער, עס איז קעגן דער נאטור, — שטיקן זי די טרערן. — איך זע ארום זיך יונגע באָכערים... אזא ליכטיק קינד, מײַן קינד... אזא שיינע וועלט פארלאָרן...

„ווי זאָגט מען איר איצט, — טראכט לעוו באָריסאָוויטש, — אז איך קלײַב זיך אוועקפאָרן? אָבער זאָגן מוז מען, האלטן פאר איר סאָד איז ניט גוט".

— מעגלעך, אז איך וועל אריבערפאָרן ארבעטן קיין סיביר...

— איך וועל פאָרן מיט דיר... ניין... ווּהין וועל איך שוין פאָרן? — האָט זי זיך גלײַך פארכאפּט. — איך האָב שוין נאָר איין אָרט...

— מע טאָר ניט אזוי ריידן, העניע...

— פאָליע וועט אויך פאָרן?

— פאָליע וועט, ווײַזט אויס, דערווײַל בלײַבן. פארוואָס האָסטו זיך דערווײַטערט פון איר?

— פאָליע איז א ווילע פרוי, נאָר... דו ווייסט דאָך, זי האָט ניט ליב צו דערמאָנען קיין אומגליקן, און איך — ניט דערמאָנען קאָן איך ניט... א ווײַב פארגעסט, א מאמע קיינמאָל ניט. איך וועל עפּשער די טעג ארײַנקומען אין אָוונט, — געזעגנט זי זיך מיט אים. — איך וויל זען וואָלאָדיען, איך האָב אים שוין לאנג ניט געזען.

דער נאָמען וואָלאָדיע קערט זי גלײַך ווידער אום צו איר אומגעקומענעם זון, און עס טוט איר א נײַער שניט אין הארצן. זי גייט ארויס פונעם קאבינעט, און דאן זעצט מאָניקע זי אוועק לעבן זיך. מאָניקע בעט העניען איין מינוט אויסוואַרטן, זי וועט זיך דערוויסן, צי ס׳האָט זיך אומגעקערט דער שאָפער מיטן אוטאָמאָביל, ער וועט גערן אָפּפירן העניע באָריסאָוונען אהיים. „א דאנק, מאָניטשקע, מע דארף ניט קיין אוטאָמאָבילן, איך האָב ליב גיין צופוס".

נאָך העניעס אוועקגיין איז לעוו באַריסאָוויטש היינט מער ווי ווען־עס־איז געבליבן זיצן א היפּשע צײַט אָפּהענטיק, פאַרומערט. צי מעג ער טאַקע ווארפן די איינזאַמע, אומגליקלעכע שוועסטער, וואָס האלט, אז נאָר ער פאַרשטייט זי און אז נאָר פאַר אים קאָן זי אויסגיסן איר ביטער האַרץ? אייגנטלעך, לאָזט ער דאָ איבער די גאַנצע פאַמיליע. ער וועט ניט האָבן לעבן זיך פּאָליען, וואָלאָדיען... ער האָט זיך מיטאַמאָל אליין דערפילט איינזאַם. די ניט־פרייִלעכע געדאַנקען האָט איבערגעשלאָגן סאשע קלעבאַנאָוו — דער געשווירענער פילאָסאָף פון דער לאַבאָראַטאָריע. געוויינלעך א ביסל א פאַרכאָלעמטער און צעטראָגענער, ווי עס פּאַסט פאַר א פילאָסאָף, איז ער דאָס מאָל ניט געווען ניט פאַרכאָלעמט און ניט צעטראָגן, נאָר קאָנצענטרירט, אָנגעשטרענגט, אָנעם מילדן פאַרכושטן אויסדרוק, וואָס באַשײַנט שטענדיק זײַן קלוג פּאָנעם. דורך די גרויסע גלעזער פון די ברילן האָט סאשע שולדיק א קוק געטאָן לעוו באַריסאָוויטשן אין די אויגן. ער האָט געבעטן דערוויַיל ניט אַרײַנשטעלן אים אין צעטל פון די, וואָס פאָרן. „הייבט זיך אָן א מײַסע!" — האָט לעוו באַריסאָוויטש אויסגעשריִען זײַנע באַליבטע עטלעכע יידישע ווערטער, וועלכע ער האָט אַמאָל איבערגענומען בא א צווייטן ייִדן, דעם שעף פונעם צעך, ווו ער האָט געאַרבעט. ווען מע פלעגט דעם שעף נעמען דערוויַיזן, אז מע קאָן ניט אויספילן דאָס, וואָס ער הייסט, און אָנהייבן ריידן קידער־ווידער, פלעגט ער א קלאַפּ טאָן מיט די הענט איבערן טיש און אויסשרײַען אָף ייִדיש: „הייבט זיך אָן א מײַסע!". אינעם צעך האָט מען געמיינט, אז ס'איז ווער ווייסט וואָס פאַר א קלאָלע, מיסטאָמע נאָך אָן ערגערע, ווי „אין דער מאַמען אַרײַן", און פילנדיק זיך שולדיק, וואָס מע האָט אים אזוי אַרויסגעבראַכט פון די קיילים, האָט מען זיך געײַלט אים נאָכצוגעבן:

— Ладно, не ругайся... Все сделаем[1].

אָף די מיטאַרבעטער פון דער לאַבאָראַטאָריע מאַכט לעוו באַריסאָוויטשעס „הייבט זיך אָן א מײַסע" אויך א גאַנץ שטאַרקן אײַנדרוק. אָבער אָף סאשען האָט עס איצט ניט געווירקט.

— מיט דער צײַט וועל איך קומען, — האָט ער צוגעזאָגט.

לעוו באַריסאָוויטש האָט געוואָלט מיט אים גענויער א רעד טאָן, נאָר סאשע האָט אַרויסגעמורמלט: „כ'וויל אײַך ניט פאַרהאַלטן!" און אַפּגיך אַרויס.

א מאָדנע זאַך, דערנאָך האָט שוין לעוו באַריסאָוויטש ניט אזויפיל געטראַכט וועגן זײַן פאַמיליע, וועגן זיך, וועגן העניען, נאָר דאַפקע וועגן סאשע קלעבאַנאָוון, און ס'האָט אים זייער פאַרדראָסן, פאַרוואָס דער כעוורעמאַן וויל ניט פאָרן...

## זומער־לעבן

אזא זומער, מיט אזויפיל נײַס, מיט אזויפיל פּאַסירונגען האָט וואָלאָדיע נאָך קיינמאָל ניט געהאַט. אָף מאָרגן נאָכן אַרויסלאָז־אָוונט אין שול

[1] גוט, זידל זיך ניט... מיר וועלן אַלץ אָפּטאָן.

איז וואָלאָדיע אופגעשטאַנען צוועלף אַזייגער. ער האָט ראַשיק אַראָפּגע־
וואָרפן פון זיך דעם ליילעך, מיט וועלכן ער איז געווען צוגעדעקט, און
אין דער מײַקע און די טרוסיקעס, א באָרוועסער צוגעגאַנגען צום פענצטער
און צעגומען די שטאָרעס. אף די צוויי עפּלביימער אונטערן פענצטער
זײַנען שוין געוואַקסן פּיצינקע גרינע עפּעלעך, זיי האָבן זיך קוים אַרויס־
געזען אף די צווײַגן. הינטער די עפּלביימער האָט טאַראַכקעט א בולדאָ־
זער, ער האָט פאַרשאָטן די קאַנאַווע, וואָס מע האָט אויסגעגראָבן מיט א
פּאָר כאַדאָשים צוריק און וואָס איז איצט געווען ביז האַלב פאַרפולט מיט
ליימיק שטייענדיק וואַסער. יעדער מאָל, ווען די ראַם פונעם בולדאָזער
האָט מיט איר אויסגעשליפענעם שאַרפן ראַנד זיך אופגעהויבן אַרופצו,
האָט בא וואָלאָדיען אין צימער, אף די ווענט און אף דער סטעליע, א
שפּיל געטאָן א העזל, ווי פון א שפּיגל. וואָלאָדיע האָט אופגעעפנט די
פאָרטקע, דערנאָך א האַלב פענצטער, נאָכדעם צעפּראַלט דאָס פענצטער
אינגאַנצן. דער שטויב, וואָס דער בולדאָזער האָט אופגעהויבן, האָט זיך
אַרײַנגעריסן אינווייניק אין צימער צוזאַמען מיט די פּוך־פעדערלעך פון
די טאָפּאָלן, וואָס וואַקסן אף דער אַנטקעגנדיקער זײַט גאַס.

וואָלאָדיע האָט גענומען די האַנטעלן, וואָס זײַנען געלעגן צווישן דער
ביכער־שאַפע און דעם פענצטער, און אָנגעהויבן מאַכן גימנאַסטיק, ער
האָט אַראָפּגעלאָזט די מאַסע און זי ווידער אופגעהויבן, איבערגעוואָרפן
זי פון האַנט אין האַנט, אַזוי לאַנג, ביז אים איז געוואָרן הייס. ער האָט
אַוועקגעלייגט די האַנטעלן אף אַן אָרט, זיך געגעבן א שטעל אף די הענט
און אַזוי אף די הענט אַוועקגעשפּאַנט איבערן קאָרידאָר צום וואַנע־צימער.
דאָ האָט ער זיך געשטעלט אף די פיס און זיך גענומען אַרומוואַשן מיט
קאַלט וואַסער. ווען ער האָט פאַרענדיקט די וואַש־פּראָצעדור, האָט ער
צוגענומען דאָס בעטגעוואַנט פונעם דיוואַן, אײַליק אַרײַנגערוקט די קישן
מיט די ליילעכער אין דער שאַפע, וואָס איז אַרײַנגעפּאַסט אין וואַנט;
איצט איז אים געבליבן אויסצופילן איינע פון זײַנע געציילטע שטוביקע
פליכטן — אויסקלאַפּן דעם טעפּיך פונעם גרויסן צימער און די סטעזשקע
פונעם קאָרידאָר. די עקזעקוציע קומט געוויינלעך פאָר אין הויף אף א
בעקאָוועדיקן מעהאַלעך פון די פיר דרענגלעך מיטן אויסגעהאַנגענעם גרעט.
וואָלאָדיע האָט געקלאַפּט אַזוי פלײַסיק מיטן שטעקן, אַז ער האָט פאַרטויבט
אַלע ריידנדיקע און זינגענדיקע ראַדיאָ־אופנעמערס. דעם גוט־אויסגעשלאָ־
גענעם טעפּיך צוזאַמען מיט דער סטעזשקע האָט ער אַרופגעלייגט אפן
אַקסל, אַרײַנגעטראָגן אין שטוב, אויסגעשפּרייט אפן דיל און זיך אומגע־
קוקט, וואָס ער האָט נאָך צו טאָן. דוכט זיך, אַלץ.

מיט א גרינג געמיט איז וואָלאָדיע צוגעגאַנגען צום טיש, אף וועלכן
עס איז געלעגן א באַרג לערנביכער. ער האָט אף זיי א קוק געטאָן אַן ערעך
מיטן זעלבן לײַכטן און זיסן געפיל, וואָס עס וואָלט געהאַט א דערוואַקסע־
נער מענטש, ווען ער וואָלט דערזען הענגען אין שאַפע זײַנע אַמאָליקע
בגאָדים — די קינדערשע הייזלעך און העמדלעך. לעבן די אַלטע לערנבי־
כער איז געלעגן דער נײַנקער מאַטורע־אַטעסטאַט, וואָס ער האָט נעכטן
אין אָוונט געקראָגן. ער האָט פאַרענדיקט די שול ניט מיט קיין גאָלדענער

מעדאל, ניט מיט קיין זילבערנער, „פירן" און „פינפן" ווארפן זיך שי־טערלעך דורך אינעם געדיכטן זײַלכל פון די „דרײַען". אַף מאטעמאטיק און פיזיק האָט ער „דרײַען". קיין גרויסע ראָליע שפּילט עס שוין איצט ניט. א גאנצע אייביקײַט איז, דוכט, אריבער, זינט ער, וואָלאָדיע, איז צום ערשטן מאָל אוועק אין שול און אן עלטערע שילערן האָט אים געגומען פאר א האנט און ארײַנגעפירט אין ערשטן קלאס. איצט וואָלט ער גלײַך געדאַרפט זיך נעמען גרייטן צו די עקזאמענעס אין אינסטיטוט. אָבער ער וועט מיט דעם צוווארטן. ער וועט זיך לאָזן אין זײַן לאנג־פארטראכטער רײַזע... מיט ליזען האָט ער זיך שוין געזעגנט.

נעכטן, נאָכן אָוונט אין שול, שוין שפּעט באנאכט, איז ער מיט ליזען און נאָך עטלעכע כעווריע און מיידלעך ארופגעקראָכן אפן דאך פונעם שכיינעסדיקן נאָך ניט אינגאנצן פארענדיקטן צוועלפשטאָקיקן הויז, א קוק טאָן פון דער הייך אף דער באנאכטיקער מאָסקווע. אופהייבנדיק זיך ארויף, האָט מען שיר ניט געבראָכן רוק־און־לענד. אף די טרעפּ איז ערטערווײַז געלעגן איבערגעוואָרפן א ברעט, און ווען מע האָט געשטעלט א פוס אף איין ברעג, איז דער אנדערער ברעג אונטערגעשפּרונגען אין דער הייך. בא ליזען איז דער הויכער קנאפּל פון דער טופליע ארײַן אין א שמאָלער שפּארונע פונעם דיל, און זי האָט געהאט היפּשע איבערלעבענישן, ביז זי האָט די „שפּילקע" ארויסבאקומען אף דער פרײַ. וואָלאָדיע האָט בייסמײַסע פּעסט אונטערגעהאלטן ליזען, זי זאָל ניט אומפאלן און ס'זאָל ניט געשען קיין אומגליק מיטן צווייטן קנאפּל. דער הימל איבער זייערע קעפּ איז געווען גאָר ניט אזוי טונקל, ווי ער דארף זײַן האלבע נאכט. דאָ, אינעם צאָפּנדיקן עק מאָסקווע, איז שוין, ווײַזט אויס, פאראן אן אָפּשײַן פון די ווײַסע נעכט, יעדנפאלס נעכטן איז געווען אזוי. ס'איז געווען ליכ־טיק, די שווימענדיקע ווײַסע וואָלקנס האָבן זיך קימאט צוזאמענגעגאָסן מיטן הימל־רוים — א ליכטיקן און ווײַסן. וואָלאָדיע מיט ליזען האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע כעווריע און מיט א פארכאפּטן אָטעם געבליבן שטיין באַם סאמע ראנד פונעם דאך.

— מיר וועלן ארויפּפאלן, — ליזע האָט געמאכט א קליינעם טראָט צו־ריק, צוציִענדיק וואָלאָדיען צו זיך. בא אים האָט היפּש געררוישט אין קאָפּ פונעם ווײַן. ביז היינטיקן אָוונט האָט ער נאָך קיינמאָל אזויפיל ניט אויס־געטרונקען. ער האָט זי ארומגענומען און געקושט, און זי האָט געשעפּ־טשעט, לײַכט אָפּשטויסנדיק אים פון זיך:

— מע דארף ניט...

— ווערסט מיך אראָפּשטויסן, — ער האָט בעקיוון געמאכט דעם שפּאַן, וואָס האָט געפעלט צום ראנד.

— מעשוגענער, — האָט זי זיך ניט אף קאטאָוועס איבערגעשראָקן, — ביסט דאָך ניט קיין העלד פון אן אלטן ראָמאַן.

— איך בין עפּשער א העלד פון א נײַעם.

— אזוי גאָר, — האָט זי זיך צעלאכט, — דערצייל מיר, וואָס שטעלט ער מיט זיך פאָר, דער נײַער העלד?

— דעם אויסערלעכן פּאָרטרעט זעסטו. שטאַלטנע, עלעגאַנט... — וואָ־לאָדיע האָט גערעדט אינעם זעלבן נוסעך, אין וועלכן עס רעדט אָפּטמאָל זײַן שטיפטאַטע: מיט אַ שפּאַס, מיט אַ גרינגן שמייכל און לײַכטער איראָניע איבער זיך אַליין. ער האָט אויסגעדרייט דאָס פּאָנעם צום לאַמטערן, וואָס זײַן שײַן האָט בלאַסלעך געגרייכט אויף אַהערצו, צום צוועלפטן שטאָק, — אַ פֿײַנע פריזור, קימאַט אַ רוימישע נאָז, אַ שײנער סוועטער, הויזן — האַלב־קליאָש, פֿון פֿאָרנט שמאָל און פֿון הינטן ברייט, איצט איז דאָס, ווי דיר איז מיסטאַמע באַוווּסט, די לעצטע מאָדע... ספּעציעל געניייט אין אַטעליע צום אַרויסלאָז־אָוונט.

— דערצייל בעסער וועגן אינעווייניקסטן פּאָרטרעט, — ליזע האָט אָפּגעהויבן דאָס לאַכנדיקע פּאָנעם אַרופֿצו, צו אַ וואָלקן, וואָס האָט זיך געוויקלט מיט מילכיק־ווײַסער אָנגעהויפּנטקייט. בײַ דער מעטושטעשער שײַן פֿונעם דאָזיקן וואָלקן האָט זי זיך באַמיט אַרײַנצוקוקן וואָלאָדיען אין די אויגן.

— אין אים האָב איך זיך נאָך אַליין ניט פֿאַנאַנדערגעקליבן, עס איז דערווײַל אַ מישמאַש... דעם אינעווייניקסטן פּאָרטרעט דאַרף מען נאָך באַ־שאַפֿן, — אין וואָלאָדיעס קאָל איז שוין ניט געווען די גרינגקייט און די פֿריִערדיקע איראָניע. — מײַן העלד האָט ליב צו לערנען זיך, נאָר אין שול האָט ער געלערנט ניט אַמבעסטן, אָן פֿלײַס. אַ מאַסע צײַט נעמט בײַ אים אָפּ דער פֿוטבאָל, וועלכן ער האַלט פֿאַר דער געניאַלסטער און שענסטער שפּיל פֿונעם יאָרהונדערט. די „דרײַען", וואָס ער האָט אַרײַנגעכאַפּט, פֿאַלן אויס דערהויפּט אויף דער צײַט, ווען עס זײַנען פֿאָרגעקומען וויכטיקע פֿוטבאָל־מאַטשן. הײַנט אין אָוונט האָט מען אים געגעבן דעם מאַטורע־אַטעסטאַט, און ער שעמט זיך אים צו ווײַזן די עלטערן. יעדער „דרײַ" דאָרטן וועט זײַן פֿאַר דער מאַמען אַ טראַגעדיע, נאָר דער העלד מאַכט זיך ניט קיין וועזן דערפֿון. דעם עמעס געזאָגט, ווייסט ער מער, ווי אויף „דרײַ"... כ'וווּנדער זיך, ליזקע, — האָט וואָלאָדיע אויפֿגעהערט ריידן וועגן זיך אין דער דריטער פּערזאָן, — עס וווּנדערט מיך, וויאַזוי גלײַך פֿון אונדזער ערשטער באַקאַנטשאַפֿט דערצייל איך דיר אַזוינס, וואָס איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט דערציילט. איצט ווײַטער...

— איך בין אויך אָפֿנהאַרציק מיט דיר... וואָלאָדיע, — האָט ליזע זיך אָפּגערופֿן נאָך אַ ווײַלע שטילשווײַגן. — האָסט מיר נאָך ניט געזאָגט, אין וועלכן אינסטיטוט דו וועסט אײַנגעבן די דאָקומענטן.

— דערווײַל אין ערגעץ ניט.

— נו, און טאַכלעס?

— וואָס באַטײַט עס?

— עס איז אַן אַלט ייִדיש וואָרט. מײַנע עלטערן ברויכן עס אָפֿט. „מע דאַרף טראַכטן וועגן טאַכלעס" — זאָגן זיי.

— אַ, כ'ווייס שוין. בײַ מײַן מאַמען הייסט עס „טאָלק". „וואָס וועט זײַן דער טאָלק?" — פֿרעגט זי מיך.

— ווייסטו גאָר וואָס, וואָלאָדיע, לאָמיר צוזאַמען זיך נעמען גרייטן אין אינסטיטוט. — ליזע האָט עס אַרויסגעבראַכט אַזוי פֿרײַ, אומבאַצווונ־

גען, פּונקט ווי דער אײַנפּאַל וואָלט אָקאָרשט איר געקומען אויפן געדאַנק, אינדערעמעסן האָט זי שוין פון פריִער געהאַט אין זינען אים עס צו פאַרלייגן.

— גוט, — האָט וואָלאָדיע לעבעדיק אָפּגעענטפערט.

— און לאָמיר אָנהייבן גלײַך פון מאָרגן.

— איך פאָר דאָך אַוועק.

— איך וועל פאָרן מיט דיר.

— ניין, ליזע, איך וועל פאָרן אַליין. ווייסט דאָך, צוליב וואָס איך פאָר...

זיי האָבן זיך צעשיידט, ווען עס האָט זיך שוין באַוויזן די זון און עס האָבן הילכיק געצוויטשערט די פייגל...

איצט זײַנען געבליבן געציילטע עטלעכע שעה, און ער וועט זיך געזעגענען אויך מיט דער מאַמען. ס'וועט זײַן שווער די געזעגעניש. די מאַמע וויל ניט, ער זאָל פאָרן. זי האָט עס אים אָפן ניט געזאָגט, נאָר ער ווייסט דאָס, ער פילט דאָס אין יעדן וואָרט אירן, אין יעדער דערמאָנונג אירער, אַז אינגיכן זײַנען די עקזאַמענעס אין אינסטיטוט און אַז מע דאַרף זיך צו זיי גרייטן. עפּשער אַוועקפאָרן אָן אַ זײַ־געזונט, ער וועט זיך דאָך אינגיכן אומקערן. וואָלאָדיע האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. די צײַט גייט. ער האָט גענומען אײַנפּאַקעווען דעם רוקזאַק, אַרײַנגעלייגט אַהין דעם סוועטער, אַ ביסל שפּײַז אויפן וועג. וואָס נאָך האָט ער אַרײַנצולייגן? דער אָנצוג איז אויף אים, די קעדעס זײַנען אויך אויף אים. ער האָט צונויפגענומען זײַנע דאָקומענטן: דעם פּאַס, דעם קאָמיוגישן בילעט, די צײַגעניש פון אַ פּריזיוונִיק. אינעם פּאַס האָט ער אַרײַנגעלייגט דעם טאַטנס פאָטאָקאַרטל. עס איז נאָר געבליבן אָפּצועסן מיטיק, דאַן מעג ער זיך שוין לאָזן אין וועג אַרײַן.

געגעסן האָט ער לאַנגזאַם, אַלץ זיך צוגעהערט, צי עס עפנט זיך ניט די טיר. ער האָט זיך באַטראַכט, אַז ס'איז פונדעסטוועגן ניט גוט אַוועקגיין אַזוי פון שטוב. אַזוי אַנטלויפן קליינע נאַרישע יִינגלעך, וואָס האָבן זיך אָנגעלייענט מיט מײַסע־ביכלעך. אָבער גראָד הײַנט האָט די מאַמע זיך פאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט. ער איז געזעסן און געוואַרט, דערנאָך אַנטשלאָסן אַרופגעוואָרפן אויף דער פּלייצע דעם רוקזאַק, אַ לעצט מאָל אַ קוק געטאָן אויפן טאַטנס גרויסן פּאָרטרעט, וואָס הענגט אויף דער וואַנט, און איז שטיל אַרויס. אויפן טיש האָט ער איבערגעלאָזט אַ צעטעלע:

„באַאומרויִקט זיך ניט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועל איך זיך אומקערן".

ער איז געפאָרן מיטן צוג מאָסקווע — טשאָפּ. דער צוג מיט די צוויי עלעקטרישע לאָקאָמאָטיוון, איינער פון פאָרנט, דער צווייטער פון הינטן, האָט געקלעטערט דורך די בערג, מיט אַ גערודער און קנאַלערײַ זיך אַרײַנגעריסן אין קלענערע און גרעסערע טונעלן, דורכגעדונערט דאָרטן אין דער פינצטערניש און דערנאָך צעשפּרייט אַ מעכטיקן עכאָ ווײַט אין די בערג. דעם גאַנצן וועג פון דער סטאַנציע, ווו די באַרג־קייט הייבט זיך אָן, ביזן פרײַען טאָל, ווו עס ליגט די אַלטע טראַנסקאַרפּאַטער שטאָט,

איז וואָלאָדיע געשטאַנען באַם פענצטער און ניט אָפּגעריסן די אויגן פון די קישעף־בילדער, וואָס האָבן זיך דורכגעטראָגן פאַרבײַ אים.

פאַרטאָג האָט דער צוג לײַכט אָפּגעטעמט, ער איז בײַגעקומען די קייט בערג און שוין גרינג געלאָפן צווישן די אראָפּבאַרגיקע ווײַנטרויבן־פּלאַנטאַציעס און געדיכטע קוקורוזע־פעלדער. דער צווייטער לאָקאָמאָטיוו האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו טאָן, דער מאַשיניסט האָט זאָרגלאָז און פריילעך אַרויסגעקוקט דורכן אָפענעם פענצטערל, געהאַלטן אונטערגע־שטעלט דאָס פּאָנעם אַנטקעגן דעם ווינטל, וואָס האָט פרײַ זיך געטראָגן איבערן פּליין.

וואָלאָדיע האָט באַשלאָסן אַראָפּשטײַגן אויף איינער פון די ניט־גרויסע סטאַנציעס. פון דער דאָזיקער סטאַנציע, האָט ער געהערט זאָגן, הייבן אָן די טוריסטן און עקסקורסאַנטן זייער באַקאַנטשאַפט מיט דער געגנט. אין דער שטאָט איז פאַראַן אַ טוריסטישע באַזע און ס׳זײַנען פאַראַן גוטע קאַנט־קענער. סאָפּקאָלסאָף דאַרף מען דאָך פון ערגעץ אָנהייבן.

די עטלעכע טאַקסי־מאַשינעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אויפן פּלאַץ באַם שטילן שטאָטישן וואָקזאַל, האָבן גיך אײַנגעשלונגען דאָס הײַפל אַראָפּגע־שטיגענע פּאַסאַזשירן, צוזאַמען מיט די, וואָס זײַנען געקומען באַגעגענען. וואָלאָדיע האָט זיך געלאָזט גיין צופוס. מיטן רוקזאַק אויף דער פּלייצע, וועלכער איז געוואָרן גאָר גרינג נאָך דעם, ווי ער האָט אין וואַגאָן פאַרטיק געמאַכט מיטן רעדל ווורשט און לעבעלע ברויט, וואָס ער האָט אין זעקל אַרײַנגעלייגט פאַרן אָפּפאָרן, איז ער אַוועק איבער דער לאַנגער, גלײַכער גאַס, וואָס פירט אין צענטער שטאָט. די איינשטאָקיקע שטיינערנע הײַזער האָבן ציכטיק־ווײַס און געמיטלעך אַרויסגעקוקט פון הינטער די געדיכט־צעוואַקסענע פּאַליסאַדניקעס און שטיינערנע אָדער סאַמאַנענע פּלויטן. עס האָבן נאָך געברענט די גאַסן־לאָמפּן, כאָטש די זון האָט שוין העל געשײַנט, מע האָט, אַפּאָנעם, זיי ניט אויסגעלאָשן, ווײַל זיי דאַרפן ברענען ביז אַזויפיל און אַזויפיל אַזייגער, פּונקט ווי ווינטער־צײַט לעשט מען זיי אויס, ווען עס איז נאָך פינצטער. דער בלאַנקענדיקער גרויסער זייגער אויפן שפּיציקן טורעם פון אַן אַלטער געבײַדע, געבויט אין גאָטישן סטיל, האָט געשלאָגן פינף. דאָ, בא דעם פּילשפּיציקן מויער, ווו ס׳איז אַמאָל געווען דער ראָטהויז און איצט איז דער שטאָט־סאָוועט, הייבט זיך, ווײַזט אויס, אָן דער סאַמע צענטער פון דער שטאָט. עס עפנט זיך דאָ אַ פּלאַץ, מיט אַ הויכן, ווײַסן שטיינערנעם אָבעליסק אינמיטן.

Вечная память героям, отстоявшим свободу Отчизны [1], —

בלענדט גאָלדיק די אויפשריפט אויף דער פּאָדערשטער זײַט פונעם דענק־מאָל. קיין נעמען און פאַמיליעס זײַנען ניט געווען אָנגעוויזן. וואָלאָדיע האָט געוואָלט איבערשפּאַנען די אײַזערנע קייט, וואָס האָט אַרומגעצאַמט דעם ברודער־קייווער, צוגיין נעענטער, פּונקט ווי גאָר פון דער נאָענט וואָלט די שטומע ערד געקאָנט אים אויסזאָגן איר סאָד. ער האָט זיך אָנגע־

[1] אייביקער אָנדענק די העלדן, וואָס האָבן באַשיצט די פרײַהײַט פונעם פאָטער־לאַנד.

בויגן, אריינגענומען אין דער האנט א רונג פון דער קייט און געהאלטן אזוי לאנג, ביז דאָס גלאטע געשליפענע אײַזן איז געוואָרן אָנגעהיצט אין דער דלאָניע.

עפּשער ליגט דער טאטע דאָ, אינעם דאָזיקן נאָמענלאָזן קייווער?

א פארמאטערטער, ווי ער וואָלט ניט נאָר דורכגעמאכט א האלבשאָיקן וועג פונעם וואָקזאל, נאָר נאָכאנאנד געגאנגען א גאנצן טאָג, האָט וואָלאָדיע זיך אוועקגעזעצט אַף א באנק אינעם דערבײַיִקן סקווער. ער האָט זיך צוגעשפארט מיטן רוקן צום ווענטל פון דער באנק, אוועקגעלייגט דעם קאָפּ אַף די אייבערשטע פארקײַלעכיקטע צוויי ברעטלעך. דורך דער קרוין פונעם היזכן און צעוואקסענעם קאשטאנען־בוים האָט די זון מילד געוואָרעמט דאָס פּאָנעם און באזונדערס צערטלעך די לעפּלעך פון די אויגן. ער האָט אײַנגעדרעמלט און געזען א מאָדנעם כאָלעם; געוויינלעך, פארגעדענקט ער ניט קיין כאלוימעס. איצט, ווען די זון האָט גענומען פאליען און ער האָט זיך אופגעכאפּט, האָט זיך אים א ווײַלע נאָך געדוכט, אז די זעונג איז ניט פארשווונדן, אז ער זעט נאָך אלץ דאָס בילד, וואָס איז אָקאָרשט דײַטלעך אים געשטאנען פאר די אויגן. ער איז אפן ארויסלאָזאָוונט אין דער שול, עס איז פריילעך, עס שפּילט מוזיק, מע טאנצט, ער, וואָלאָדיע, טאנצט אויך. פּלוצעם רופט אים די לערערן, די קלאסן־אָנפירערן, צום טאָוול און הייסט אים אָנשרײַבן, וויאזוי ער הייסט. „וואָלאָדיע" — האָט ער אָנגעשריבן מיט גרויסע בוכשטאבן. אין דער זעלבער מינוט האָט זיך אָנשטאָט דער קלאסן־אָנפירערן באוויזן א מיליטערמאן אין דער גאנצער אמוניציע. מיטן באגנעט פון דער ביקס האָט ער אפן טאָוול ארויסגעקריצט דעם נאָמען דאָוויד. וואָלאָדיע האָט זיך אײַנגעקוקט אינעם מענטשן און דערקענט דעם טאטן. „זוך מיך ניט, — האָט דער טאטע אריינגעשעפּטשעט אים אין אויער. — איך בין דאָך דאָ. אָט בין איך. זעסט מיך ניט?"

אזוי ווי א פארטשאדעטער, האָט וואָלאָדיע איצט געקוקט אפן ווײַסן, מיט זון פארגאָסענעם אָבעליסק, ווי וועלנדיק פארבינדן דעם כאָלעם מיט דער וואָר. צום ברודער־קייווער זײַנען צוגעגאנגען צוויי מיידלעך אין פּיאָנערישע האלדזטיכלעך און אוועקגעלייגט א בינטל גלאדיאָלוסן און עטלעכע שטענגלעך דעקאָראטיוון גערשטן — צארט־גרינבלעכע, ווייכע האָבן זיי געפעכערט און געאָטעמט מיט די לענגלעכע איידעלע זאנגען, ווי זיי וואָלטן נאָך אלץ געוואקסן אַף דער בלומען־בייט אין גאָרטן. אן אינוואליד מיט א שווערן שטעקן אין דער רעכטער האנט און מיט א קוליע אונטערן לינקן אָרעם האָט באשלאָסן מאכן א שטיקל אָפּרו אַף וואָלאָדיעס באנק. ער האָט מיט א שווערן היכץ א וואָרף געטאָן דעם שטעקן און די קוליע אַף דער באנק, באלד נאָכדעם אויך געגעבן א וואָרף דעם לײַביקן קערפּער און זיך אײַנגעמאָסטעט הארט לעבן וואָלאָדיען.

ער האָט ארויסגעשלעפּט פון דער קעשענע פונעם לײַוונטענעם זומערדיקן פּידזשאק א צעקנייטשט פּעקל „ווערכאָווינא", א שנאָל געטאָן מיט א פינגער דעם אָנגעמאָלטן בארג, גענומען א ציגאר און פארייכערט.

— פאַרייכער, בראַטאַק[1], — האָט ער אונטערגעטראָגן דאָס אָפענע פּעקל וואַלאַדיען, ער זאָל אויך זיך מעכאַבעד זײַן. וואַלאַדיע האָט זיך געשעמט צו זאָגן, אַז ער רייכערט ניט, ער האָט גענומען אַ פּאַפּיראָס און אָנגעהויבן פּיפּקען.

— וואָס זאָגסטו, בראַטאַק, אַף דעם? מע וויל זיי נאָר אָפּשנײַדן, — האָט דער אינוואַליד אָנגעוויזן אַף די ביידע פּיס זײַנע, וועלכע ער האָט געהאַלטן אויסגעצויגן ווי צוויי שטעקנס. — מע האָט זיי געוואָלט אַראָפּ־נעמען נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען מע האָט מיך געבראַכט אין גוס כרוסטאַלני, אין שפּיטאָל. האָסט אַוואַדע געהערט פון אַזאַ שטאָט, גוס כרוסטאַלני?

עס איז קענטיק געווען, אַז אים ווילט זיך ריידן, ער איז צופרידן, וואָס ער האָט געפונען גאַנצפרי אַ פרישן צוהערער — אַ יונגן באָכער, וועלכער ווייסט נאָך ניט די געשיכטע זײַנע.

— אַ גאַנץ וווּיל שטעטל גוס כרוסטאַלני, דאָרטן איז פאַראַן אַ גרויסע הוטע און מע פאַרטיקט אויס ניט נאָר פּאָשעטע גלאָז, נאָר שיינע וואַזעס, טײַער קרישטאָל־געפעס. נו, און די דאָקטוירים דאָרטן, אין שפּיטאָל, זײַ־נען געווען קאַצאָווים, ווי אומעטום. דרײַ טעג נאָכאַנאַנד זײַנען זיי צו מיר צוגעשטאַנען, איך זאָל זיך אונטערשרײַבן, אַז כ׳האָב גאָר ניט קעגן, מע זאָל מיר אַמפּוטירן ביידע פּיס.

„אַמפּוטירט מיר בעסער דעם קאָפּ, — האָב איך זיי געענטפערט. — אויב איר קאָנט מיר אַנדערש ניט העלפן און אויב כ׳דאַרף שטאַרבן, איז גיט מיר פאַרן טויט אַ גלאָז בראַנפן, און אַן עק״. זאָג אַליין, בראַטאָק, — האָט ער זיך אופגעהויבן העכער אַף דער באַנק, עס זאָל אים זײַן באַקוועמער צו זיצן, — זאָג אַליין, ווי־אַזוי האָב איך געקענט קומען אַהיים אָן די פּיס? פאַר דער מילכאָמע, אין קאַלינין, — איך שטאַם פון דער שטאָט טווער, איצט הייסט זי קאַלינין, — האָט מען אַזאַ „יאַבלאָטשקע״ און אַזאַ „לעז־גינקע״[2], ווי איך פלעג אויסטאַנצן, ניט געזען אַף ביידע ברעגן פון דער טווערצאַ און פון דער וואָלגע. איך באַרים זיך ניט, איך דערצייל דיר, בראַטאָק, דעם ריינעם עמעס. אין 1941 יאָר האָט מען אונדז צוזאַמענגע־נומען לעבן אַפאַנאַסי ניקיטינס דענקמאָל אַפן ברעג פון דער וואָלגע פאַרן אָפּשיקן אַפן פראָנט. אַרום איז געווען שוואַרץ פון די ווײַבער און קינדער, וואָס זײַנען געקומען זיך געזעגענען מיט אונדז; די ווײַבעלעך האָבן געקלאָגט הויך אַף אַ קאָל, און די קינדער, קוקנדיק אַף זיי, האָבן אויך גערעוועט און געגוואַלדעוועט. מײַן נאַטאַשע, כ׳מיין מײַן ווײַבל, מיטן טעכטערל אַף די הענט, רײַסט זיך צו מיר דורכן געדיכטן אוילעם. ס׳וועט באַ מיר דאָס האַרץ צעריסן. וואָס זשע, מיינסטו, טו איך? איך הייס דעם אוילעם אָפּטרעטן אַף דרײַ שפּאַן צוריק און מאַכן אַ קרײַז, אַ ברייטן קרײַז, דאַן גיב איך אַ ווונק צו מײַן כאַווער סעריאָגע, און ער צעפּעכערט זײַן האַרמאָשקע אין דער גאַנצער לענג, גיט אַ דערלאַנג אַ „יאַבלאָטש־קע״, איך בין צוערשט אַוועק שטיל, געלאַסן, ווי כ׳וואָלט ניט געהאַט

[1] ברודערל; [2] נעמען פון פּאָפּולערע טענץ.

קיין קויעך צו שטעלן א גרעסערן טראָט, דערנאָך אלץ גיכער און גיכער, איך קלאפּ שוין מיט די דלאָניעס איבער די כאָליעוועס, איך טופּע אזוי, אז ס'איז א ווונדער, וויאזוי דער אײַזערנער אפאנאסי ניקיטין בלײַבט שטיין אף זײַן פיעדעסטאָל. אין קרײַז קומט ארײַן נאָך א סאָלדאט, און ס'ווערט פריילעכער, דאָס „עפּעלע" קײַקלט זיך, ווי א מאראוויכער. קוים איבערגעכאפּט דעם אָטעם נאָך דער „יאבלאָטשקע", גיב איך ווידער א ווונק צו סעריאָגען, און ער פארשטייט גלײַך, וואָס איך וויל. ס'גייט אוועק א „ציגאנאָטשקע". איך האָב געטאנצט צוזאמען מיט נאטאשען. איך האָב זי מיט גוואלד ארײַנגעשלעפּט אין קרײַז. דאָס קינד האָט מען בא איר פון די הענט צוגענומען. א סאך מאָל האָבן מיר פריִער געטאנצט די זעלבע „ציגאנאָטשקע", פאר דער כאסענע, אף דער כאסענע און נאָך דער כאסענע, נאָר איצטיקס מאָל האָבן מיר אלעמען פארקישעפּט. איך בארים זיך ניט, בראטאָק, איך דערצייל דעם עמעס. נו, זאָג אליין, האָב איך געקענט קומען אהיים אָן פיס? זיי טוען שרעקלעך וויי, אָן אופהער יאטרען זיי, אָבער פונדעסטוועגן זײַנען דאָס פיס פון פלייש און ביין, ניט קיין קלעצלעך... האָסט געזען נעכטן אלעקסאנדראָווס אנסאמבל? האָסט ניט געזען? — האָט דער אינוואליד זיך שטארק פארוונדערט.

— איך בין ניט קיין היגער, — האָט וואָלאָדיע דערקלערט.

— ביסט פון ווערכאָווינע?

— ניין.

— פון כוסט? פון ווינאָגראדאָוו? פון סאָלאָטווין? — האָט דער אינוואליד געפּרוווט טרעפן, באקוקנדיק וואָלאָדיען און זײַן רוקזעקל, וואָס איז געווען אזוי אײַנגעשרומפּן, אז דער כעווערמאן האָט אפילע ניט געהאלטן פאר נייטיק עס אראָפּצונעמען פון די אקסל.

— איך בין פון מאָסקווע.

— א מאָסקווער? זײַנען מיר דאָך זעמליאקעס[1], פון מאָסקווע קיין קאלינין פאָרט מען אף דער עלעקטריטשקע... לאָמיר ארײַנגיין אויסטרינקען א קופל ביר, עס איז עפּעס טרוקן אפן גומען, — האָט ער אזוי טמימעסדיק א קוק געטאָן אף וואָלאָדיען, אז אָפּזאָגן זיך איז ניט געווען שײַעך, פונקט ווי פריִער פונעם פאפּיראָס.

ביידע האָבן זיך אופגעהויבן פון דער באנק און זיך געלאָזט אריבערגיין די ברוקירטע גאס. דער אינוואליד מיטן שטעקן און מיט דער קוליע האָט געמאכט עטלעכע ריזיקע טריט, און ער איז שוין געווען אפן טראָטואר. וואָלאָדיע האָט אים נאָכגעיאָגט. זיי זײַנען דורכגעגאנגען פארבײַ א ריי שיינע מאגאזינען און פארקערעוועט צום ניט־גרויסן טונקעלן און נידעריקן פאוויליאָן «Пиво—воды»[2], וואָס האָט זיך געפונען באנאנד מיטן הויכן און געראמען בלומען־פאוויליאָן. די בלומען זײַנען נאָך געווען אונטערן שלאָס, דער ביר האָט שוין פריילעך־שוימיק זיך געצאפּט פונעם קרענטל פון פעסל אין די האלב־ליטראָווע גלעזערנע קופלען.

[1] לאַנדסלײַט; [2] ביר און וואַסער.

— Здравствуй, Кларочка![1] — האָט דער אינוואַליד מיט דער האָפּערדיקײַט פֿון אַ היימישן מענטשן זיך געגריסט מיט דער פֿרימאָרגנדיק־אויסגערוטער, נאָך ניט פֿאַרהאָרעוועטער בופעטשיצע.

— Здравствуй, дядя Коля![2] — האָט קלאַרע אויך אַזוי היימיש־גוטמוטיק געענטפֿערט, טייקעף אונטערגעשטעלט אַ קופֿל אונטערן קרענטל און מיט דער קליינער קרעפּטיקער האַנט גענומען פּאָמפּען דעם ביר, דערבײַ האָט זי געוואָרפֿן אַ נײַגעריקן קוק אויפֿן פּעטער קאָליעס באַגלײַטער.

— אַ זון צי אַ פּלעמעניקל? — האָט זי געפֿרעגט.

— אַ זעמליאַטשאָק, גיס אים אויך אָן...

וואָלאָדיע האָט די צוויי קופֿלען ביר אוועקגעטראָגן אין אַ ווײַטערן ווינקל פֿון זאַל, וווּ ס'איז געווען אַ ליידיק טישל. דער פּעטער קאָליע האָט אַרײַנגעשאָטן אַ ביסל זאַלץ אינעם ביר, וואָלאָדיע האָט אים נאָכגעטאָן, און ביידע האָבן אויסגעטרונקען פֿאַר באַקאַנטשאַפֿט און גוטברודערשאַפֿט.

— טאַקע דאָ, ניט ווײַט, אין די בערג, האָט מען זיי איבערגעהאַקט, די פֿיס מײַנע, — האָט דער פּעטער קאָליע באַנײַט דעם געשפּרעך, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין סקווער. — איך בין, ברודערל, געווען אויף דער מילכאָמע פֿונעם ערשטן טאָג אָן, און ווו נאָר בין איך ניט אויסגעוועזן: אונטער מאָסקווע און אונטער קורסק, פֿאָרסירט דעם דניעפּער. נאָר כ'דאַרף דיר זאָגן, אַז אָט דאָ, אין די קאַרפּאַטן, כאָטש קיין גרויסע שלאַכטן זײַנען ניט פֿאָרגעקומען, איז געווען שווערער, ווי אומעטום, — ניט דורכצוגיין און ניט איבערצוקלעטערן. פּרוּוו פֿאָרסירן אַ באַרגיק טײַכל, אַ גענעץ די גרייס, פֿאַרדרייט עס דיך און טראָגט אוועק מיטן ווילדן שטראָם.

— בײַ אײַך אין פּאָלק איז ניט געווען אַ לייטענאַנט... כ'מיין, אַ ייִנגערער לייטענאַנט... ליפּשיץ, — האָט וואָלאָדיע געפֿרעגט, שווער איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם.

— ליפּשיץ, ליפּשיץ... — האָט דער פּעטער קאָליע איבערגעכאַזערט די פֿאַמיליע, פּרוּוונדיק זיך דערמאָנען. — ווי האָט ער געהייסן?

— דאָוויד.

— אַ ייִד?

— אַ ייִד.

— בײַ אונדז אין דער ראָטע זײַנען געווען עטלעכע ייִדן, — האָט דער פּעטער קאָליע ווידער גענומען דערציילן. — איינער איז געווען אַ היגער, איצט וווינט דאָ, אין שטאָט, זײַנע אַ שוועסטער. ער האָט געהייסן יאַקוב. גערופֿן האָבן מיר אים יאַקובטשיק. ער איז געווען זייער אַ פֿרומער. ער פֿלעגט אָפֿט זיך שטעלן אונטער אַ בוים און שעפּטשען אַ טפֿילע. קיין כאַזער האָט ער ניט געגעסן. ווײַטער איז בײַ אונדז געווען איינער אַ ייִד — אַ מאָסקוויטש. ער האָט יאָ געגעסן כאַזער, און אַז דאָס ווײַב האָט אים געשיקט אַ פּאָסילקע, איז דאָרטן שטענדיק געלעגן אַ שטיק שפּיג. אין איין האַלב שאָ פֿלעגט איבערבלײַבן דאָס הוילע קעסטל. אויך זייער אַ

[1] אַ גוט־מאָרגן, קלאַראָטשקע! [2] אַ גוט־מאָרגן, פּעטער קאָליע.

גוטער יאַט געווען. ס'הייסט, א יאַט. אים איז שוין געווען באַ די פופציק. א מאָסקווער אָפּאָלטשענעץ. דער פּאָלק, ווו ער האָט געדינט, איז אַרײַן אין אונדזער דיוויזיע, און ס'האָבן זיך אויסגעמישט די פּרײַזווילִיקע מיט די מאָביליזירטע... ס'איז נאָך געווען באַ אונדז א כעוורעמאַן, א ייִד, צי עפּשער א ציגײַנער, זייער א שוואַרצער, נאָך שוואַרצער פון דיר... ווערזשע איז ער דיר, ליפּשיץ? — האָט דער פּעטער קאָליע געפרעגט, באַמערקנדיק דעם אויסדרוק פון אומרויִקײַט און אומגעדולדיקײַט אף וואָלאָדיעס בלייך פּאָנעם. — ער איז דײַנער אן אייגענער?

— מײַן טאַטע.

— ער לעבט?

— ניין. איך וויל אופזוכן זײַן קייווער.

א היפּשע ווײַלע האָט באַם טישל געהערשט א שטילקײַט.

— לאָמיר נעמען נאָך א ביסל ביר, עס איז טרוקן אין האַלדז. קלאַראָטשקע! — האָט דער אינוואַליד הייזעריקלעך אויסגעשריִען אפן גאַנצן זאַל און אויסגעשטרעקט אין דער הייך צוויי פינגער פון דער האַנט. די בופעטשיצע האָט געבראַכט צוויי קופלען ביר.

וואָלאָדיע האָט אָפּגעשפּיליעט דאָס קנעפּל פון דער בוזעם־קעשענע, אַרויסגענומען דעם גוט־אויסגעוואָרעמטן, אײַנגעלעגערטן לעדערינעם טײַסטער מיט די דאָקומענטן און מיט די עטלעכע רובל אפן וועג און באַוויזן דעם פּעטער קאָליען דעם טאַטנס פּאָטאָ־קאַרטל.

— ענלעך, זייער ענלעך, — האָט אויסגערופן דער פּעטער קאָליע, אַרײַנעמענדיק אין זײַן גרויסער האַרטהויטיקער דלאָניע דאָס קליינע קאַרטעלע און אַריבערפירנדיק דעם בליק פון דער פּאָטאָ אף וואָלאָדיען און פון וואָלאָדיען אף דער פּאָטאָ, — א מענטש, וואָס האָט געקענט דײַן טאַטן, וועט נאָר א קוק טאָן אף דיר און גלײַך זאָגן, אז דו ביסט זײַן זון... ער איז אומגעקומען אפן פראָנט?

— ערגעץ אין די קאַרפּאַטן, — האָט וואָלאָדיע א קוק געטאָן אין פענצטער, ווי ער וואָלט געוואָלט דערזען פונדאַנען די קאַרפּאַטן־בערג. — און עפּשער...

— עפּשער לעבט ער? — האָט דער פּעטער קאָליע דערזאָגט דאָס ניט־דערזאָגטע. — כ'וועל דיר העלפן. — ער האָט גענומען אין די הענט דעם שטעקן און די קוליע און זיך אופגעהויבן. — מיר וועלן גיין אין וואָיענקאָמאַט... ניין, — האָט ער איבערגעטראַכט, — דאָרטן זײַנען אַלע נײַע, און זיי ווייסן ניט. איך וועל זיך נאָכפרעגן באַ די וועטעראַנען. כ'קען דאָ אַלעמען. א שאָד, וואָס איך דאַרף איצט גיין אין שפּיטאַל... קיין פּאַרטיזאַנער איז ער ניט געווען, דײַן טאַטע?

— מעגלעך, — האָט וואָלאָדיע ניט זיכער געענטפערט.

— איך וועל דיר אייצען, — האָט דער פּעטער קאָליע געזאָגט, א שטאַרק צופרידענער פונעם געדאַנק, וואָס איז אים אַרײַן אין קאָפּ, — איך וועל דיר אייצען זיך ווענדן צו אָלענע פּענטשוק. זי האָט שוין געהאָלפן אופזוכן ניט איין פאַרפאַלן געוואָרענעם. ביכלאַל העלפט זי אַלעמען. זי האָט זיך אויסגעסטאַרעט פאַר מיר אן אווטאָ־וועגעלע... עמעס, איך נוץ עס

ניט. אַלענע איז א דעפּוטאט און צוויי מאָל העלד. צוויי גילדענע שטערנד־לעך... זי ווינט דאָ ניט ווײַט אין א דאָרף, סאכאקל א שאָ פאָרן מיטן אווטאָבוס...

זיי זײַנען ארויס פונעם פּאוויליאָן. די זון האָט שוין געבראָטן גאָר שטארק. דער פעטער קאָליע האָט געגעבן וואָלאָדיען זײַן אדרעס. זיי האָבן זיך פרײַנטלעך געזעגנט.

אף דער אווטאָבוס־סטאנציע, וואָס האָט זיך אײַנגעקלאמערט צווישן דעם אלטן אונגיִאטישן קלויסטער און דעם מארק, איז געווען טומלדיק און לעבעדיק. גרויסע קאָמפּארטאבעלע אווטאָבוסן, וואָס פאָרן פונדאנען אף ווײַטערע שטרעקעס — קיין ראכאָוו, קיין לוואָוו, קיין סטאניסלאוו, און קלענערע אווטאָבוסן, וואָס קורסירן צו די בײַשטאָטישע דערפער, זײַנען געווען אויסגעשטעלט בא דעם הילצערנעם, אָן טיר און טויער, וואָקזאלכל. פארבײַ דער סטאנציע האָבן פלינק געשלײַכט אלטע און יונגע מאָנאש־קעס, אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז די פיס אין שווארצן. זיי האָבן פארענדיקט די טפילע אין קלויסטער און געײַלט צו זיך אהיים — אין מאָנאסטיר אפן אנדערן ברעג טײַך. וואָלאָדיע, וואָס האָט נאָך ביז איצט קיינמאָל ניט געזען קיין לעבעדיקע מאָנאשקע, האָט זיי אָנגעקוקט מיט גרויס נײַגער. ער איז צוגעגאנגען נעענטער צום קלויסטער באקוקן דאָס אלטערטימלעכע געבײַ מיט די דיקע טונקל־גרויע ווענט, וואָס ווארפן א געדיכטן שאָטן ביז צו דער אנדערער זײַט גאס. די מאָלערײַ אף די ווענט האָט מען, אפּאָנעם, ערשט ניט לאנג רעסטאוורירט, און די פּענעמער פונעם געקרייי־ציקטן און פון מאריִען, אויך פון די אנדערע „הייליקע", וואָס וואָלאָדיע האָט ניט געוווסט זייער יִכעס, האָבן אויסגעזען שיין און פריש. אין זייערע אויגן איז געווען אן אָפּגלאנץ פון מענטשלעכע באגערן און מענטשלעכן געוויין.

דערווײַל איז אונטערגעקומען דער אווטאָבוס, וואָס וואָלאָדיע האָט באדארפט. פון אונטן ביז אויבן איז ער געווען באדעקט מיט אן אש־גרויען שיכט שטויב. פוןביידע טירלעך — דעם פאָדערשטן און הינטערשטן — האָבן זיך ארויסגעפּעקלט די פּאסאזשירן, אלע פארשוויצטע, טונקלהויטיקע, מיט היפשע מאסעס אין די הענט און אפן רוקן. די גרויסע געפלאָכטענע קוישן, אָנגעפולטע מיט די ערשטע זומערדיקע עפּל, בארן, וואָס דארפן נאָך א ביסל זיך אויסליגן צו ווערן אינגאנצן רײַף, און די זעק יונגע קארטאָפל זײַנען דורך די טירלעך קוים דורכגעקראָכן. דער אראָפּגעקו־מענער אוילעם — די פרויען אין לאנגע קליידלעך, מיט אויסגענייטע פאר־טעכער און אין ווארעמע טיכלעך אפן קאָפּ, די מאנצבלען אין ווײַסע וואָלענע קורטקעס, מיטן וואָל אינדרויסן — האָט גלײַך פארקערעוועט צום מארק־צו, און אף זייער אָרט זײַנען אין אווטאָבוס ארײַן יונגע כעווררע און מיידלעך — טוריסטן, אין גרינגע ספּאָרטיווע אָנצוגן און מיט רוקזעק אף די פּלייצעס. וואָלאָדיע מיט זײַן הוילעך האָט זיך לאכלוטן ניט אונ־טערשיידט פון זיי. ווען ער איז דערנאָך איינער אליין אראָפּגעשטיגן אינעם דאָרף, ווו ס'ווינט אָלענע פענטשוק, האָט אפילע די עקסקורסיע־אָנפירערן געזומען שרײַען צו אים דורכן אָפענעם פענצטער:

— וואָס זײַט איר אראָפּ? מיר פֿאָרן דאָך ווײַטער!

דאָס דאָרף, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן אין דער לענג און איז, אייגנטלעך, באַשטאַנען פֿון איין גרויסער גאַס, האָט וואָלאָדיען דערמאָנט דעם קאָלווירט אונטער מאָסקווע, וווּהין ער איז פֿאַראיאָרן האַרבסט, צוזאַמען מיט זײַן קלאַס, געפֿאָרן העלפֿן אַראָפּנעמען קאַרטאָפֿל, אָבער דער טונקל־לילאָווער זוים פֿון די בערג, וואָס האָט זיך דאָ געזען פֿון דער נאָענט, די ווײַס־געקאַלכטע שטיינערנע הײַזער און די שטיינערנע ברינעמער, די שמאָלע ברוקירטע הויפֿן מיט די ווירטשאַפֿט־געבײַען גלײַך אַנטקעגן דער שטוב, און אין ווײַטערן הינטערגרונט — דאָס סעדל מיטן גאָרטן, אויך אויסגעצויגענע אין דער לענג, ביזן סאַמע צופֿוסנס פֿון די בערג, האָבן אונטערשיידט דעם יִשעוו פֿון יענעם, דעם אונטערמאָסקווער. אָף דער גאַס האָט מען, ווי געווײנלעך זומער־צײַט אין א דאָרף, זעלטן געזען דורכגיין א מענטשן. בלויז אפֿן פּלאַץ, דאָרטן, ווו עס קומען זיך צונויף די צווישטאָקיקע מויערן פֿון דער מיטלשול, פֿון דער קאָלווירט־פֿאַרוואַלטונג און פֿונעם דאָרף־סאָוועט, און די איינשטאָקיקע, אָבער אויך גאַנץ פֿאַרנעמלעכע, מיט גרויסע פֿענצטער און מאַסיווע טירן, געבײַדעס פֿון די צוויי מאַגאַזינען און דאָס רויטע מויערל «Чайная»[1], וואָס פֿאַרשפּרייט געשמאַקע רייכעס פֿון א צוגעפּעפּערטן אוקראַיִנישן באָרשטש און פֿון א גוטן גוליאַש פֿון רינדנפֿלייש, — איז געווען א ביסל לעבעדיקער. אין דער וואָכיקער אַרומרינגלונג פֿון די דאָזיקע ביניאָנים האָט אומגעריכט יאָמטעוודיק געבלאַנקט אָף א פּיעדעסטאַל א בראָנזענער ביוסט. וואָלאָדיע האָט פֿאַרשטעלט די אויגן פֿון דער זון און זיך גענומען אײַנקוקן אין דער סקולפּטור. פֿריִער פֿון אַלץ האָט זיך אים אין די אויגן געוואָרפֿן דאָס ווײַבערשע טיכל אפֿן קאָפּ. עס איז געווען פֿאַרבונדן מיט א היפּשן קנופּ אפֿן דאַרן האַלדז און געהאַט צוויי פֿאַנאַנדערגענומענע עקן, ווי צוויי שאַרפֿע פֿליגל. די בראָנזע מיט איר אייגנשאַפֿט צו פֿאַרפֿײַנערן און פֿאַרשענערן, אַרופֿלייגן א מאַיאָפּעסדיקן גלאַנץ אָף די פֿיגורן, וועלכע זי פֿאַרקערפּערט, האָט, דוכט, דאָס מאָל פֿאַראַטן איר באַרוף. דער העלער גלאַנץ און די האַרטקײַט פֿונעם מעטאַל האָבן דאָך ניט אוועקגענומען דעם ווייכן אויסדרוק, וואָס האָט זיך פֿאַרגאַנוועט אין פּאָנעם, אין די שמאָלע שאַרפֿע באַקן און אין די ווינקלען פֿון די ליפּן. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די פֿויערטע האָט נאָך א לאַנגן און שווערן זומערדיקן אַרבעטסטאָג אין פֿעלד מיטאַמאָל זיך פֿאַרטראַכט וועגן גאָר א זײַטיקער זאַך, זי רוט זיך אָפּ, דערמאָנט זיך עפּעס אַזעלכס, וואָס איז איר שטאַרק צום האַרצן. וואָלאָדיעס פֿאַרווונדערונג איז געווען זייער גרויס, ווען ער האָט איבערגעלייענט דעם אויפֿשריפֿט אונטערן ביוסט — אָלענאַ מיכײַלאָוונאַ פּענטשוק.

א קליין יִינגל, וואָס האָט מיט א מעשונעדיקער גיכקײַט און אופֿהייבנדיק א שטויב געקײַקלט זײַן רייפֿל איבערן פּלאַץ, אַזוי לאַנג, ביז דאָס רייפֿל איז פֿאַרמאַטערט, מיט א פֿאַרטויבטן זיפֿץ אומגעפֿאַלן צופֿוסנס פֿון פּיעדעסטאַל, האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן וואָלאָדיען.

[1] טיי־הויז.

— ווּ ווײנט אָלענע פּענטשוק? — האָט וואָלאָדיע געפרעגט בא אים.

— אָלענע? — האָט דער כעוורעמאַנטשיק איבערגעפרעגט, געבנדיק אַף דער סקולפּטור א טײַטל מיט דער אײַזערנער קאָטשערקע, וואָס איז געווען בא אים אין האנט. — אלע, וואָס קומען צו אונדז, פרעגן זיך נאָך אַף אָלענע פּענטשוק... קום מיט מיר, איך וועל דיר ווײַזן, ווּ זי ווײנט. נאָר אלציינס איז זי איצט ניטאָ אין שטוב, — האָט ער צוגעגעבן מיט א זיכער קאָל פון א מענטשן אן אלצווייסער. — זי איז מיט איר לאנקע[1] אין פעלד, און איר מאן סעמען איז אַף דער כאַזײַרים־פערמע, און זײער טאָכטער מארינע איז הײַנט אינדערפרי אוועקגעפאָרן אין שטאָט...

דאָס ייִנגל איז געלאָפן פאָרויס, קײַקלענדיק דאָס רייפל, און אלעמאָל זיך אומגעקוקט אַף הינטן, צי מע גייט אים נאָך. ער האָט ארײַנגעפירט וואָלאָדיען אין א שמאָלן און לאנגן ענג־פארבויטן הויף, ווּ פון איין געבײַ צום צווייטן זײַנען געווען איבערגעצויגן דראָטן מיט אראָפּהענגענדיקע שטענגלעך ווײַנטרויבן — נאָך ניט קיין רײַפע, גרינע און הארטע, אָבער זײער געפּאַקטע. פון דער אָפענער טיר פון שטאל האָט ארויסגעבלאנקט דער ראַדיִאטאָר פון א „פּאָבעדא״, בא דער זײַט האָט זיך צוגעמאָסטעט מיט דער איינציקער פֿארע און מיטן ברייטלעכן זאָטל א מאָטאָציקל.

— דאָס האָט אָלענע געקראָגן פרעמיעס אין מאָסקווע, אַף דער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג, — האָט דער אלצווייסער דערקלערט וואָלאָדיען.

דער גאנעק פון דער שטוב איז אויך געווען געדיכט באהאנגען מיט שטענגלעך ווײַנטרויבן. מע האָט זיך געדארפט אופהייבן אַף די טרעפּלעך, קעדיי צו דערזען, אז אַף דער טיר הענגט א שלאָס.

א גאנצן טאָג האָט וואָלאָדיע דערנאָך אומגעבלאָנקעט איבערן אומבאקאנטן דאָרף, געמאָסטן די לאנגע גאס הין און צוריק. דעם מיליציאָנער, וואָס האָט זיך אויך ארומגעדרייט איבער דער גאס און וואָס האָט וואָלאָדיען אלעמאָל באגעגנט, איז אפילע געוואָרן פארדעכטיק דאָס שלינג־און־שלאנג ארומבלאָנקענדיק באָכערל, און ער האָט סאָפּקאָלסאָף געבעטן אים ווײַזן די דאָקומענטן. די דאָקומענטן זײַנען געווען אין אָרדענונג, און דער פאָרשטייער פון דער מאכט — א יונגער מאדיאר קימאט אין איינע יאָרן מיט וואָלאָדיען און אויך אזא מאָגערער, — האָט צוגעטראָגן די האנט צום היטל און אים אָפּגעלאָזט. שפּעטער האָבן זיי זיך געטראָפן אין דער „טשײַנאיא״. דאָס זײַנען געווען די אייגציקע צוויי דערוואקסענע מענטשן אין דאָרף, וואָס האָבן אינעם לאנגן זומערדיקן טאָג ניט געהאט קיין שום ארבעט. פארנאכט־צו האָט וואָלאָדיע זיך אוועקגעזעצט אפן שמאָלן, גרינגעפארבטן בענקל לעבן אָלענעס קאליטקע, מיטן געדאנק מער שוין ניט אומגיין און זיצן און ווארטן, ביז עס וועלן ניט קומען די באלעבאטים. עס איז שוין געווען פינצטער, ווען צו דער שטוב איז מיט אײַליקע טריט צוגעגאנגען א קלייניטשקע פרוי מיט א טיכל אפן קאָפּ, דאָס דאָזיקע טיכל

[1] רינג.

האָט וואָלאָדיען גלײַך דערמאָנט אינעם ביוסט אפן דאָרפישן פּלאַץ. ער האָט זיך ראַשיק אופגעהויבן פונעם בענקל.

— אָלענא מיכײַלאָוונא? — האָט ער געפרעגט און זיך אַליין פאַרוווּנדערט, וואָס ער לעבט אזוי איבער די באַגעגעניש מיט דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער, פרעמדער פרוי.

— איך, — האָט אָלענע געענטפערט, אײַנקוקנדיק זיך אין דער פינצטער אינעם מענטשן, וואָס האָט זיך געווענדט צו איר.

זי האָט אים פאַרבעטן אַרײַנגיין, אָנגעצונדן אין פירהויז די עלעקטרע. איר פיגור איז געווען אַן איידעלע, אַ דינע, ווי בײַ אַ זעכצניאָריק מיידל. אָלענע האָט ווידער, איצט שוין אין דער ליכטיק, געוווּנדערט איר שטומען פרעגנדיקן בליק אפן באָכער. וואָלאָדיע האָט זיך פאַרלאָרן, די ווערטער, וואָס ער האָט פון פריִער באַטראַכט צו זאָגן, האָט ער זייער גוט געדענקט. ער האָט זיך געקליבן אָנהייבן מיט אַ געוויסער פײַערלעכקײַט: „מײַן פאָטער איז אומגעקומען אין די קאַרפּאַטן, ער האָט געהייסן דאָוויד ליפשיץ, איך בין זײַן זון...”. נאָר אָנשטאָט דעם האָט ער אומקלאָר און קוים צו הערן אַרויסגעמורמלט:

— אַן אינוואַליד האָט מיר געצײַצעט זיך ווענדן צו אײַך...

אָלענע האָט מיט אירע גרויסע טונקל־ברוינע אויגן, וואָס האָבן שטאַרק באַכיינט און פאַרמילדערט איר פאַרברענט מאָגער פּאָנעם, נאָכאַמאָל אָף אים אַ קוק געטאָן.

— גוט... נאָר וואָס זשע שטייסטו מיטן רוקזאַק? — און איידער וואָלאָדיע האָט נאָך באַוויזן צוטראָגן די האַנט צום אַקסל, האָט זי שוין מיט אירע קליינע, פעסטע הענט ענערגיש אַראָפּגענומען פון אים דאָס ליידיקע זעקל, אוועקגעלייגט עס אָף דער טאַבורעטקע, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער טיר. — קום אַרײַן אין שטוב.

ס'איז געווען קענטיק, אַז אינדערפרי איז די באַלעבאָסטע אוועקגעלאָפן אָף דער אַרבעט און ניט באַוויזן אופצוראַמען. די שאַפע איז געווען צעעפנט — באַגינען האָט מען אין אײַלעניש עפּעס אַרויסגעכאַפּט פון דאָרטן און פאַרגעסן צו פאַרמאַכן. אפן טיש זײַנען אָף אַ סקאָוורעדע געלעגן ריפּטלעך ווורשט, אײַנגעטונקט אין ווײַס־פאַרגליווערטן פעטס. מיט יעדער מינוט איז אָבער די פאַרלאָזענע הויז־ווירטשאַפט געבראַכט געוואָרן אַלץ מער אין אָרדענונג — אומבאַמערקט, פאַרבײַגייענדיק האָט אָלענע זיך צו אַלץ צוגערירט מיט אירע פלינקע הענט, און ס'איז געוואָרן ריין, אופגעראַמט, באַלעבאַטיש־היימיש. אין שטוב זײַנען אַרײַנגעקומען עטלעכע פרויען, אַלע מיט טיכלעך אָף די קעפּ, מיט פאַרברענטע פּנעמער און פאַרברענטע הענט, זיי האָבן אויסגעזען ווי אָלענעס שוועסטער, נאָר וווּקסיקער פון איר און ברייטפּלייציקער. אָלענע איז צווישן זיי געווען ווי אַ מיזינקע. וואָלאָדיען האָט זיך געדוכט, אַז ניט נאָר ער האָט דעם גאַנצן טאָג געוואַרט אָף אָלענען, נאָר די אַלע, וואָס זײַנען איצט געקומען צו איר.

— דו ווילסט אוודאי עסן, — האָט זי, ווי אַנטשולדיקנדיק זיך, וואָס בײַ איר איז נאָך ניט גרייט צום טיש, אַ זאָג געטאָן צו וואָלאָדיען. — אָט

שוין מאַך איך וועטשערע... סעמען מיכײַלאָוויטש וועט אויך באַלד קומען...

די אַרײַנגעקומענע ווײַבער זײַנען צוזאַמען מיט איר געשטאַנען אין דער קיך און, אַפּאָנעם, איר גאָר ניט געשטערט צו אײַסעקן זיך בײַ דער פּליטע. מע האָט גערעדט וועגן אַ פּאַס קוקורוזע, וואָס מע האָט ניט דורכגעיעט, און וועגן אַ באַצירק זונרויזן, וואָס שטייט אין וואַסער און ס'האָט זיך אַהין אַרײַנגעכאַפּט אַ ווערעמל, וואָס די פרויען האָבן גערופן „דראָטיאַניק"; צוויי פּאָדערשטע רייען זונרויזן האָבן אָנגעהויבן פאַרגעלט צו ווערן.

ווײַטער האָט מען גערעדט וועגן איינעם אַ מישוטקע, וואָס מע וועט מאָרגן ניט קענען אוועקפירן אין די יאַסליעס, ווײַל ער האָט זיך צוגעקילט און ער הוסט, און וועגן איינעם, וואָס הייסט מאַקוסי, וועלכער האָט אויסגעוווּנען אין דער לאָטערײ אַ וועלאָסיפּעד, נאָר ער דאַרף אים ניט, דעם וועלאָסיפּעד, ער האָט ניט לאַנג געקויפט אַ מאָטאָציקל, דאָס געווינס וועט ער געוויס פאַרטרינקען... דערנאָך האָט אַ ווײַבל גענומען עפּעס שעפּטשען. וואָלאָדיע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין פּאָדערצימער אויפן דיוואַן, האָט נאָר געהערט, ווי די איבעריקע ווײַבער האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. „אָט אַן אַלטער בוהײַ!" — האָט דורכן געלעכטער איינע אויסגעשריִען. דערווײַל האָט שוין פון דער קיך גענומען זיך טראָגן אַ געשמאַקער רייעך — אויף דער גרויסער סקאָווראָדע האָט זיך געפּרעגלט קאַרטאָפל, אויף אַ צווייטער סקאָווראָדע — וווּרשט מיט פּײַנקוכן.

עמעצער איז אַרײַן אין הויף, זיך אוועקגעשטעלט בײַם אונטערשטן טרעפּל פונעם גאַנעק און גענומען אָפּרייניקן די שטיוול. ער האָט היפּש זיך געייסעקט מיט זיי, אַראָפּנעמענדיק מיט אַ שטעקל דעם שיכט קויט, וואָס איז צוגעוואַקסן צו די פּאָדעשוועס און קנאַפּל. ווען ער האָט פאַרענדיקט די דאָזיקע אַרבעט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ איבערן גרינעם און ווייכן, מיט קליינע ראַנדן, הוט, האָט וואָלאָדיע דורך דער אָפענער טיר דערזען אַן אַלט געקנייטשט פּאָנעם. גוטמוטיק און פרײַנטלעך האָט דער מענטש, ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין שטוב, זיך באַגריסט מיט וואָלאָדיען, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן; ער האָט קיין וואָרט ניט געפרעגט בײַ אים, נאָר אַ קוק געטאָן אויף וואָלאָדיעס קעדעס, ווי וועלנדיק פאַרגלײַכן זייער ריינקײַט מיט דער ריינקײַט פון זײַנע שטיוול. די קעדעס האָבן אויך ניט געפינקלט, נאָר אַנטקעגן די שטיוול האָבן זיי אויסגעזען, ווי אָקאָרשט אַראָפּ פון דער וויטרינע.

— אויף דער פערמע איז דאָפּקע ריין. דער גאַנצער שמוץ איז אויף מיר, — האָט דער מאַנצבל נאָכאַמאָל אַ רײַב געטאָן די פּאָדעשוועס אין דעם אײַזערנעם גראַטקעלע, וואָס איז געלעגן בײַ דער שוועל, און איז פאַרשוווּנדן אין אַ זײַטיקן צימער, אַ היפּשע ווײַלע זיך געפּליושקעט דאָרטן, זיך איבערגעטאָן און אַרויס פון דאָרט אינגאַנצן אַן אַנדערער.

— הײַנט זײַט איר עפּעס צו פרי געקומען פון פעלד, ווײַבעלעך מײַנע, — האָט ער, אַרײַנקוקנדיק אין קיך, געזאָגט מיט אַ פרײלעך קאָל פון אַ מענטשן, וואָס האָט ליב זיך צו וויצלען און אַרויסרופן יענעם אויף רייד.

— און וויאזוי האָסטו דאָס, סעמען מיכײַלאָוויטש, אזוי פרי איבערגע־לאָזט די כאזיירים? — האָט אים גלײַך אָפּגעענטפערט א הילכיקע ווײַבער־שע שטים.

סעמען מיכײַלאָוויטש האָט אויך גענומען אָרודעווען אין דער קיך, און אינגיכן האָט ער מיט אָלענען גענומען טראָגן פון דער קיך אין שטוב אַרײַן די אפּגיך־צוגעגרייטע מײַכאָלים.

— קומט צום טיש, — האָט סעמען מיכײַלאָוויטש אײַנגעלאַדן די געסט, אָבער יענע האָבן אלע ראפּטום זיך דערמאָנט, אז די קינדער ווארטן אין שטוב אף וועטשערע, אז עס איז פאראן א וועלט מיט אנדער ארבעט, און גענומען זיך אײַליק געזעגענען. די ווײַבער זײַנען אוועק, און דאָס פּאָר־פאָלק און וואָלאָדיע האָבן זיך געזעצט צום טיש. סעמען מיכײַלאָוויטש האָט ארויסגענומען פונעם בופעט אן אָנגעהויבן פלעשל סטארקע, אייגנט־לעך, ניט קיין אָנגעהויבנס, נאָר שוין קימאט א פארענדיקטס, עס האָט אָבער פונקט געסטײַעט אף דרײַ קעלישעקלעך. דאָס פּאָרפאָלק האָט גע־געסן מיט גוטן אפּעטיט, דערבײַ ניט פארגעסן דעם גאסט.

— עס! — האָט אָלענע נעענטער צוגערוקט די סקאָוורעדע צו וואָ־לאָדיען.

ווי וואָלאָדיע איז ניט געווען פארמאטערט פונעם גאנצן טאָג — א לאנגן, ווי די אייביקײַט, הייסן זומערדיקן טאָג, און ווי ס'האָט זיך אים ניט פארדרייט דער קאָפּ נאָכן קעלישעק שטארקן ווײַן, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, האָט ער אף א רעגע ניט פארגעסן, וואָס עס האָט אים געבראַכט אהער, אזש פון מאָסקווע, אינעם דאָזיקן ווײַטן ווינקל. מיט אן אינערלעכן ציטער האָט ער געוואַרט אפן געשפּרעך, וואָס ער דארף דאָ האָבן. אָלענע האָט אָבער, ווײַזט אויס, געוואָלט, ער זאָל רויִק אָפּעסן, און אָפּגעלייגט דעם געשפּרעך אף שפּעטער.

— האָסט שוין געזען אונדזער דאָרף? ווי איז עס דיר געפעלן? — האָט זי געפרעגט בא אים.

— א גוט דאָרף. א סאך נײַע הײַזער, — האָט וואָלאָדיע געענטפערט.

— פיר הונדערט צוויי און זיבעציק נײַע הײַזער, — האָט סעמען מי־כײַלאָוויטש פארפינקטלעכט, ארופשטעקנדיק אפן גאָפּל א ריפּטל וווּרשט.

דער געשפּרעך איז שפּעטער פאָרגעקומען, נאָך דער וועטשערע, אינעם צווייטן צימער, וווּהין אָלענע האָט ארײַנגעפירט וואָלאָדיען. זי האָט אים אויסגעפרעגט וועגן דער מאמען, וועגן טאטן. א היפּשע ווײַלע האָט זי זייער אופמערקזאַם געקוקט אפן קליינעם פאָטאָ־קארטל, וואָס וואָלאָדיע האָט איר באוויזן. זי האָט אָנגעשטרענגט דעם זיקאָרן צו דערמאָנען זיך, צי האָט זי דעם דאָזיקן מענטשן ניט באַגעגנט אמאָל.

וואָלאָדיע האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, וואָס זי וועט זאָגן, אָבער זי האָט געשוויגן. זי האָט געטראַכט, מיט וואָס קאָן זי העלפן דעם יינגל? הונדערטער סאָלדאַטן זײַנען דורכגעגאַנגען פאַר אירע אויגן מילכאָמע־צײַט, קאָן זי זאָגן, צי האָט זי געזען אָדער ניט געזען אָט דעם מענטשן, וואָס אף דער פאָטאָגראַפיע? צוויי פארוווּנדעטע זײַנען געלעגן בא איר אין שטוב, ביז ס'איז אונטערגעקומען א סאניטאַר־מאַשין. איינער פון זיי,

א לייטענאנט, איז געווען א שווארצינקער, עפּשער איז דאָס טאקע זײַן טאטע, ווער ווייסט... איר האָט זיך זייער געוואָלט געפֿינען א טרייסט פֿאַר דעם באָכערל, וואָס האָט זיך געלאָזט אין אזא ווײַטן וועג, אין אזא ניט גרינגער שליכעס.

אָלענע האָט זיך פּאמעלעך אופגעהויבן פֿון אָרט, צוגעגאנגען צום שרײַבטיש און פֿון א טיש־קעסטל, ווו אין העל־ און טונקל־רויטע, אויסגעבעטע מיט סאמעט פּושקעלעך זײַנען געלעגן אירע אָרדענס און גאָלדענע שטערנס, האָט זי ארויסגענומען א מאנצבלשן זייגער, אינעם רימענדל איז געווען ארײַנגעפּאסט א קאָמפּאס.

— דאָס איז א מאטאָנע פֿון א שלאכטמאן, וואָס דו דערמאָנסט מיר מיט עפּעס אָן אים. נא, נעם, וועסט אים ווײַזן דער מאמען, עפּשער איז עס דײַן טאטנס, — האָט זי וואָלאָדיען דערלאנגט דעם זייגער, — ס'איז א זייגער, וואָס האָט ניט קיין מוירע פֿאַר נעץ און וואָס צעברעכט זיך ניט, מעג ער וויפֿל מאָל אראָפּפֿאלן. מײַן מארינקע, די טאָכטער מײַנע, ווען זי איז געווען א קינד, האָט זיך געשפּילט מיט אים.

ווי עפּעס א צארט לעבעדיק ווען האָט וואָלאָדיע גענומען אין האנט דעם זייגער. דאָס פֿארמאכטע דעקל האָט מיט קילקײַט א גלעט געטאָן די דלאָניע. דאָס טונקעלע רעדעלע פֿונעם זייגער, ווען וואָלאָדיע האָט אים גענומען אָנציִען, האָט געגעבן א שטילן גרילץ, און דער זייגער איז אוועק; ער האָט שוין ריטמיש געקלאפּט, ווי ער וואָלט קיינמאָל ניט גערוט. וואָלאָדיע האָט אים געהאלטן באם אויער, און דורכן רעגלמעסיקן פֿארוויגנדיקן טיק־טאק האָט ער געהערט אָלענעס ווערטער:

— דאָס איז גוט, וואָס דו געדענקסט וועגן טאטן. די ערד איז שטום, נאָר אָפּטמאָל דערציילט זי פֿונדעסטוועגן אירע סודעס. מע דארף זוכן...

— געוויס, — האָט צוגעשטימט סעמען מיכײַלאָוויטש, וואָס איז געזעסן בא זיך אין צימער, ניט וועלנדיק שטערן דעם אָנפֿארטרויילעכן שמועס צווישן אָלענען און דעם באָכער. ער האָט אָבער מיט נײַגער זיך צוגעהערט און איז איצט ארײַנגעקומען צו זיי. — ווי זשע קלערסטו פֿונדעסטוועגן זוכן? פֿונוואנען וועסטו אָנהייבן? — האָט ער געפֿרעגט.

— איך וועל דורכמאכן דעם זעלבן וועג, וואָס די ארמיי האָט דורכגעמאכט אין די בערג אין אָקטיאבער 1944. אף דער ווערכאָווינע זײַנען פֿאראַן דערפֿער, איינצלנע שטיבער. איך וועל אומעטום ארײַנגיין און פֿרעגן.

— נו, גוט, מיר וועלן נאָך וועגן דײַן פּלאן א טראכט טאָן, — האָט אָלענע געזאָגט, — וועסט דאָך נאָך בא אונדז זײַן. און דערווײַל, וואָלאָדיע, הײַדא שלאָפֿן. ביסט דאָך פֿארמאטערט פֿון וועג.

— אז איר וועט מאָרגן אופשטיין, וועקט מיך, ביטע, אוף...

— שלאָף זיך בעסער אויס, מיר גייען אוועק זייער פֿרי, — האָט אָלענע געענטפֿערט.

דער געלעגער איז געווען א הויכער און ווייכער. וואָלאָדיע איז געלעגן אפֿן דיוואן און שוין האלב־דרעמלענדיק האָט ער נאָך לאנג געהערט, ווי אינעם צווייטן צימער ריידן שטיל צווישן זיך אָלענע און איר מאן.

אף מאָרגן אינדערפרי, ווען וואָלאָדיע האָט זיך אופגעכאַפּט, איז שוין טאַקע דאָס פאָרפאָלק ניט געווען. באַלעבאַטעוועט האָט זייער טעכטערל, מאַרינקע, וואָס האָט געגעכטיקט בא א מומען אין שטאָט, א טונקל־ברוין, דרײַצן־ צי פערצניאָריק וווקסיק מיידל, פּונקט מיט אזעלכע שיינע, גוטע אויגן, ווי בא דער מאַמען, נאָר העלערע און פריילעכערע. דער באַגער פונעם באָכער צו געפינען זײַן טאַטנס קייוועך האָט בא מאַרינקען ארויס־ גערופן א סאַך מיטגעפיל, און זי האָט זייער געוואָלט כאָטש מיט עפּעס וואָס אים העלפן. אלעמאָל האָט זי א קוק געטאָן אף וואָלאָדיען, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט, אז ער וועט נעלעם ווערן, איידער זי האָט אים נאָך אָנגע־ האָדעוועט און מיטגעגעבן שפּײַז אפן וועג.

— מײַן מאַמע, — האָט זי אים דערציילט אף איר ווייכן, זינגעוודיקן הוצולישן דיאַלעקט, — האָט זייער ניט געוואָלט, מע זאָל אוועקשטעלן אין דאָרף איר ביוסט. וואָס איז זי, א הייליקע, צי א מאַלעך? זי קומט ארײַן אין מאַגאַזין קויפן א שטיקל ציץ, זי מעסט אף זיך דעם שטאָף, צי ס׳פּאַסטן איר די בלימלעך, און גלײַך אנטקעגן, דורך דער אָפענער טיר, זעט זי איר אייגענעם דענקמאָל... דערנאָך האָט זי זיך צוגעוווינט. און אלע אינעם דאָרף האָבן זיך שוין צוגעוווינט.

— די מאַמע זאָגט, — האָט דאָס מיידל פאָרגעזעצט דערציילן, — אז זי וואָלט נאָר געוואָלט, עס זאָל א קוק טאָן אף איר ביוסט דער גראַף שענבאָרן. א האַלבע טראַנסקאַרפּאַטער געגנט האָט צו אים אמאָל געהערט. ווען די רויטע ארמיי האָט אונדז באַפרײַט, איז ער אנטלאָפן קיין אויסלאַנד. ווילסט, איך זאָל דיר ווײַזן מאַטבייעס פון דער גאַנצער וועלט? — האָט זי אומגעריכט אים א פרעג געטאָן.

— ווײַז, — האָט וואָלאָדיע זיך אָפּגערופן, א פאַרוווּנדערטער פונעם פלוצעמדיקן פאָרשלאָג.

זי איז ארויסגעלאָפן אינעם אנדערן צימער און איז אינגיכן געקומען מיט א קליין הילצערן שאַכטל, וואָס זי האָט געטראָגן איןביידע הענט, קעדייִ, אָפּאָנעם, אונטערשטרײַכן די וואָגיקײַט פון דער מאַסע, וואָס עס ליגט דאָרטן. זי האָט אויסגעשאָטן אפן טיש א הויף בערגל מאַטבייעס, אָבער אלע נאָר פון מינדסטן, גראָשנדיקן ווערט — א פּפעניג, א פּעסאָ, א סענטל — דיינינקע, פאַראָסטעטע זילבערנע און קופּערנע פּרוטעס.

— עס איז מײַן ברודערס קאָלעקציע, — האָט זי גענומען איבערקלײַבן די מאַטבייעלעך און ווײַזן זיי איינס נאָכן צווייטן וואָלאָדיען, — בא אונדז איז דאָ ניטאָ קימאַט קיין איין מישפּאָכע, וואָס עמעצער פון איר זאָל אמאָל ניט האָבן אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע צי ערגעץ אנדערש־ ווו אין אויסלאַנד, און יעדערער האָט זיך פון דאָרטן אומגעקערט מיט א קליין פּרוטעלע אין קעשענע, אף אן אָנדענק פונעם לאַנד, ווו ער איז געווען. מײַן זיידע, מאַקוסי, איז אין 1912 יאָר אוועקגעפאָרן קיין טשיקאַ־ גאָ צו פאַרדינען געלט אף אויסצובויען אן אייגענע שטוב. ער האָט דאָרטן געאַרבעט אף די בוינעס... אין דער עקאָנאָם־געאָגראַפיע איז פאַראַן וועגן זיי, וועגן די דאָזיקע בוינעס. מע שעכט דאָרטן שאָף פאַר גאַנץ אמעריקע. אָט איז דאָס מאַטבייעלע, וואָס דער זיידע האָט געבראַכט... זעסט, ס׳איז

א ביסל רויטלעך, ווי פון פּאַרטריקנט בלוט. אָט איז א פּעסאָ פון ארגענטינע. אין ארגענטינע איז געווען מײַן טאטע, ער האָט אויך געוואָלט א שטוב. צוערשט איז ער אוועקגעפאָרן קיין עסטרײַך. אָט איז עסטרײַכיש געלט, — מארינקע האָט ארײַנגענומען אין האנט אן אָפּגעריבענעם שילינג. — אין עסטרײַך האָט ער זיך ניט אײַנגעאָרדנט, איז ער אוועקגעפאָרן קיין ענגלאנד. אין ענגלאנד זײַנען פונטן סטערלינגען, א הונדערטל צי א טויזנטל פון א פונט איז א פּענס... און אָט איז א יאפּאַניש יענעלע, אין יאפּאָניע איז געווען דער פעטער וואסיל.

די אלטע מאטבייעס זײַנען איבערגעגאנגען פון מארינקעס האנט צו וואָלאָדיען און פון וואָלאָדיען צו מארינקען. דאָס מיידל האָט זיך געפלײַסט צו ווײַזן דעם באָכער, אז אירע קענטענישן שטײַגן אריבער די פּראָגראם פון זיבעטן קלאס, וואָס זי האָט האיאָר פארענדיקט. עס איז איר זייער געפעלן געווען, ווי אזוי וואָלאָדיע זיצט באם טיש און הערט זי אופמערקזאם. א נײַגעריקער כעוורעמאַן, וואָס האָט ליב אלץ צו וויסן.

נאָכן פרישטיק, מיט וועלכן מארינקע האָט, ווי א גוטע באלעבאָסטע, מעכאבעד געווען דעם גאסט, האָט וואָלאָדיע ארופגעכאפּט אף דער פּלייצע זײַן רוקזאק, וועלכן מארינקע האָט פארפולט מיט עסנווארג, ארײַנגעשאָטן ניס, ארײַנגעלייגט עפּל — קימאט א פונט יעדערער. דער זאק איז געוואָרן שווער. מארינקע האָט וואָלאָדיען ארויסבאגלייט ביזן דאָרפישן פּלאַץ.

— ווּעסט נאָך קומען צו אונדז? — האָט זי געפרעגט.

— אוואדע, — האָט וואָלאָדיע געענטפערט.

## אף דער ערד און אינדערלופטן

בייס די צוגרייטונגען צום אריבערפאָרן אפן נײַעם אָרט האָט זיך ארויסגעוויזן, אז לעוו באָריסאָוויטש פארמאָגט גוטע אָרגאניזאטאָרישע פייִקײַטן און אז בא זײַן גאנצער צעשטרייטקײַט געדענקט ער אלץ, וואָס ער דארף, ניט ערגער פון אנדערע, וואָס זײַנען ניט צעשטרייט. דעם קאָמפּליצירטן אייסעק מיטן אריבערפאָרן האָט ער דורכגעטראכט אין אלע פּראָטים. די סעקרעטארשע מאָניקע האָט אפילע געהאלטן, אז דער שעף מישט זיך שוין צופיל אין קלייניקײַטן. לעוו באָריסאָוויטשן האָט זיך אלץ ניט אײַנגעגעבן צו דערווײַזן דעם הויפּט־בוכהאלטער פונעם אינסטיטוט, אז פליִען מיטן אעראָפּלאַן מאכט אויס ביליקער, ווי פאָרן מיטן צוג. ער האָט אים אויסגערעכנט, אז די מעלוכע־קאסע שפּאָרט דאַן אָפּ אזויפיל און אזויפיל רובל מיט קאָפּעקעס, אף וויפל מע דארף ניט אויסצאָלן די מיטארבעטער קיין מעסלעס־געלט. דער צוג שלעפּט זיך דרײַ מעסלעס, און דער „טו“ פליט דרײַ שאָ.

— איר דארפט וויסן, אז לויט דער אינסטרוקציע פונעם פינאנץ־מיניסטעריום, — האָט דער הויפּט־בוכהאלטער, וואָס די פּראָפּעסיע זײַנע צווינגט אים צו זײַן א גרויסער פּעדאנט, אײַנגעאקשנט געטײַנעט זיך

זײַנס, — האָבן די רעכט צו פליִען נאָר געוויסע קאַטעגאָריעס טוער. איר, לעוו באָריסאָוויטש, גייט אַרײַן אינעם צעטל, נאָר אײַערע מיטאַרבעטער ניט, זיי דארפן פאָרן מיט דער באַן.

— עס איז אַן אַלטע אינסטרוקציע. קאָלווירטניקעס פון גרוזיע פירן קיין מאָסקווע, אפן טישינסקער מארק, זייער סכוירע אפן עראָפּלאַן, ווײַל עס לוינט זיי בעסער.

— זיי זײַנען פּריוואַטע מענטשן און מעגן פליִען אַף וואָס זיי ווילן...

דער פעדאַנטישער בוכהאַלטער האָט זיך געלאָזט אײַנברעכן בלויז נאָך דעם, ווי לעוו באָריסאָוויטש האָט גערופן צוהילף דעם דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט סטראָפּאָוון און יענער האָט אָנגעשריבן אַן אָפיציִעל צעטל, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר ברעכן די אינסטרוקציע נעמט ער אַף זיך.

אין איינעם אַ הייסן יול־טאָג, זעקס אַזייגער אין אָוונט, איז פון דער אינסטיטוט־געבײַדע אָפּגעפאָרן אַ קאָמפּאָרטאַבעלער עקספּרעס־אווטאָבוס, וואָס איז ספּעציִעל באַשטעלט געוואָרן אין אַעראָפלאָט. אין אווטאָבוס אַף די צוויי לאַנגע רייען ווייכע שטולן, מיט די הויכע, אויסגעבויגענע ווענט־לעך, וואָס דארפן שאַפן דעם אײַנדרוק בײַ די פּאַסאַזשירן, אַז זיי זיצן שוין קימאַט אין אַעראָפּלאַן, האָט פאַרנומען די ערטער די ערשטע גרופּע אָפּפאָרנדיקע — אַן אָנדערהאַלבן צענדליק מענטשן, — און צוזאַמען מיט זיי נאָך דרײַ צענדליק באַגלייטערס — קרוֹיווים, פרײַנט, מיטאַרבעטער. נאָכן אויסערגעוויינלעך הייסן טאָג — אַריבער דרײַסיק גראַד היץ — איז אין מאָסקווע געווען אַ דושנער פאַרנאַכט, די שויבן פונעם אווטאָבוס זײַ־נען געווען אַראָפּגעלאָזט, אָבער דאָס ווינטל, וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסן, האָט ניט געבראַכט קיין קילקײַט, נאָר, פאַרקערט, אַרײַנגעטריבן נאָך מער הייסע לופט.

אַף די פאָדערשטע צוויי שטולן, אַנטקעגן דער ברייטער שויב פונעם שאָפערס קאַבינע, זײַנען געזעסן ניקאָלײַ אָסקאָלצעוו און וואַכטאַנג גאָגאָ־בערידזע, לינקס פון זיי, אין דער זעלבער ערשטער ריי, האָט פאַרנומען פּלאַץ יאַשע קליינערמאַן. די אייביקע דיסקוטאַנטן האָבן אויך איצט געהאַט וועגן עפּעס אַ וויקוּעך.

צווישן די, וואָס פאָרן הײַנט אָפּ, איז פאַראַן נאָר איין וויסנשאַפט־טוער — אַ פּרוּי. לעוו באָריסאָוויטש האַלט, אַז ווי מע זאָל ניט וועלן דערווײַזן דאָס פאַרקערטע, זײַנען פאָרט פאַראַן ניט קיין ווײַבערשע פּראָ־פעסיעס. אין ספּאָרט ווייסט מען גוט אַ גרענעץ, און, גאָט צו דאַנקען, קיין באָקסיאָרן און פוטבאָליסטן זײַנען צווישן פרויען ניטאָ.

בײַ אַ געלעגנהײַט האָט ער שוין אַ פּאָר מאָל איבערגעצאַזערט, אַז קאָמפּליצירטע טעכנישע פאָרשונגען זײַנען פונדעסטוועגן אַ מאַנצבלשע זאַך. אַ פּרוי איז פונקט אַזוי ווייניק צוגעפּאַסט צו זײַן אַ מעטאַלורג, ווי צו זײַן אַ קוילנגרעבער. אַן אויסנאַם אין דער לאַבאָראַטאָריע מאַכט לעוו באָריסאָוויטש נאָר פאַר יעוודאָקיִע פּאַוולאָוונען, אָדער ווי מע רופט זי פּאָשעט דוסיע. אָפּטמאָל מיטיק־צײַט כאַפּט דוסיע אַרויס פון איר שיין, מאָדערן קוישעלע די צוויי שפּיזלעך, און פון דאָרטן, פון קוישל, נעמען זיי, די שפּיזלעך, האַסטיק זויגן דאָס וואָלענע קנײַלכל. ווען מע גיט אַ

קוק, ווי פלײַסיק זי איז ארײַנגעטאָן אין דער ארבעט, טוט מען ניט ווילנדיק א טראכט, אז סעריאָזשע פון דער טערמישער לאבאָראטאָריע, פאר וועלכן זי האָט כאסענע געהאט, וועט שוין זײַן אף אייביק באזאָרגט מיט ווארעמע הענטשקעס און שקארפעטן. איצט האָט זי אויך א קנײַלכל אין קוישל, זי וועט שטריקן אין אעראָפּלאַן. אירע הענט קאָנען אָבער ניט נאָר שטריקן, זי איז א טאלאנטפולער עקספּערימענטאטאָר. לעוו באָריסאָוויטש לייגט אף איר ניט ווייניקער האָפענונגען, ווי אף זײַן באליבטן יונגן דרײַלינג — אָסקאָלצעוו, גאַגאָבערידזע, קליינערמאַן.

אויסער דוסיען, פאָרט מאָניקע. דאָס נײַע קלייד איז בא איר, ווי געוויינלעך, אופגעבייט לויט דער לעצטער מאָדע (ווו נעמט זי אזויפיל געלט אף נײַע קליידער, צי שפּאָרט זי ניט פון די פרישטיקן און מיטיקן?), העכער די קני אירע אף אזויפיל, וויפל ס'דארף זײַן העכער. די האָר פריש געפארבט, און קעדיי עס זאָל זײַן א טורעם אפן קאָפּ, איז אונטערגעלייגט א פרעמד בינטל האָר. א העלפט פון דעם שטול פארנעמט מאָניקע, די אנדערע העלפט איז פארנומען מיט איר ווײַס פעלצל פון קינסטלעכן פוטער. זאָלן אלע זען, אז צו די סיבירער פרעסט האָט זי זיך ניט שלעכט צוגעגרייט. פונקט ווי לעוו באָריסאָוויטש האָט דערוויזן דעם בוכהאלטער, אז עס לוינט בעסער צו פליען, איידער פאָרן מיט דער באן, אזוי האָט מאָניקע סאָפקאָלסאָף דערוויזן לעוו באָריסאָוויטשן, אז אפן נײַעם אָרט וועט ער אָן איר זײַן ווי אָן א האנט, לעכאָלהאפּאָכעס די ערשטע צײַט. זעלבסטפארשטענדלעך, געטאָן האָט זי עס אײַנגעהאלטן, פארשטעלט, בלויז מיט אָנצוהערענישן. ווען לעוו באָריסאָוויטש האָט נאָך אלץ זיך קלוימערשט געקווענקלט, האָט זי ניט אויסגעהאלטן און ארויס מיט אָפענע דיבורים, קוים דערשטיקנדיק דאָס געוויין, וואָס האָט זיך געריסן פון האלדז:

— אויב איר וועט מיך ניט דארפן, וועל איך אוועקפאָרן...

לעוו באָריסאָוויטשן האָט באגלייט די פרוי זײַנע. זיצנדיק לעבן אים אין אויטאָבוס, האָט פּאָלינע יאקאָוולעווגע זיך אלץ באמיט צו דערמאָנען, צי זי האָט גאָרניט פארגעסן אים מיטצוגעבן, צי האָט זי אלץ ארײַנגעלייגט אין טשעמאָדאן. „די ברילן זײַנען בא אים, די פילפעדער און דער בלאָקנאָט אויך. וואָס זשע פעלט פונדעסטוועגן?” — האָט זי איבערגעטראכט. אז עס פעלט עפּעס, איז זי געוועזן זיכער.

— כ'געדענק ניט, צי האָב איך ארײַנגעלייגט דאָס גאָל־אפּאראטל, — האָט זי באומרויִקט זיך אָנגעבויגן צו לעוו באָריסאָוויטשן.

— א נאפקעמינע, כ'וועל אנטלײַען בא אָסקאָלצעוון, — האָט ער הויך, אז אָסקאָלצעוו זאָל דערהערן, געענטפערט. — אויב ער וועט ניט וועלן לײַען, וועל איך פארלאָזן א באָרד.

ווי שטענדיק, האָט ער געשפּאסט, אָבער זי איז גאָרניט געווען געניגט דערצו. די צוגרייטונג, די אומפארמײַדלעכע האוועניש ערעוו דעם מאנס אָפּפאָרן זײַנען פאר איר געווען א גוטע רעפּוע, א ווײַל מיטל אוועקצושטופן, פארטרײַבן די געדאנקען, וואָס האָבן זי לעצטנס פארפאָלגט. וואָלאָדיע וואנדערט אום אין די קארפּאטן־בערג. עס האָט געדארפט אונטערוואקסן דער זון, וואָלאָדיע, ער זאָל נעמען זוכן דאָווידס קייווער. און ווו

איז זי אַליין געווען די גאַנצע צײַט? זי האָט געוואָלט מאַכן בעסער פאַר וואָלאָדיען און פאַר איר צווייטן מאַן, און באַקומען האָט זיך, אַז אין די אויגן פון זיי ביידן זעט זי אויס, ווי אַן אומהאַרציקע פרוי, וואָס קאָן פאַרגעסן דעם סאַמע נאָענטן מענטשן און די הייליקסטע פליכט בענעגייע אים. וואָלאָדיע וואַנדערט אום, ער זוכט, און זי פאַרלירט דערווײַל סײַ דעם מאַן, סײַ דעם זון. עס דוכט איר, אַז זי איז שוין ביידן איבעריק און צו לאַסט. זינט וואָלאָדיע איז אַוועקגעפאָרן, לייגט זי זיך יעדן אָוונט שלאָפן מיט פאַרווייַנטע אויגן, און לעוו באָריסאָוויטש, וואָס קאָן ניט איבערטראָגן קיין טרערן, באַמיט זיך ווי ווײַט מעגלעך זי צו באַרויִקן.

— דו ביסט איך, און איך בין דו, — טרייסט ער זי. — אונדזערע לעבנס זײַנען איבערגעפלאָכטן. איך וואָלט קיינמאָל ניט געקומען צוזיך נאָכן גרויסן אומגליק, ווען איך זאָל דיך ניט געווען טרעפן... איך כאַפּ אַמאָל איבער די מאָס, זאָג עפּשער צו שאַרף, צו האַרב, איך פאַרגעס, אַז דו האָסט איבערגעטראָגן ניט ווייניקער פון מיר... נו, וואָס ווייַנסטו שוין ווידער?..

ער טרייסט זי, נעמט זי אַרום, און ס'ווערט איר גרינגער, זי באַרויִקט זיך, נאָר אָט איז ער שוין אַף לאַנגע שאָען אַוועק צו זיך אין קאַבינעט, און ווידער כאַפּן זי אַרום שווערע מאַכשאָוועס. איצט פאָרט ער אַוועק אינגאַנצן.

דער אווטאָבוס איז שוין געפאָרן פאַרבײַ די שיטערע אונטערמאָסקווער וועלדלעך, וואָס יעדעס פון זיי ווערט מיט מאַטערניש אויסגעהיט, אַ נײַער ווױנונגס־מאַסיוו זאָל עס ניט אײַנשלינגען. העכער פון די אַלטע הויכע סאָסנעס און בערעזעס האָבן פון ביידע זײַטן וועג זיך געהויבן פילשטאָקיקע מויערן. פונדעסטוועגן איז דאָ געווען די לופט פיל פרײַער. פונדערווײַטנס האָט אין בלויען הימל אַ פינקל געטאָן דער העלער נעאָנאופשריפט „אַעראָפּאָרט”. דער אווטאָבוס איז אַרופגעפאָרן אַפן אַעראָדראָם ניט נאָר מיט די פּאַסאַזשירן, נאָר אויך מיט זײַנע באַגלייטער. אַפן ריזיקן פעלד איז געווען ווינטיק און קילבלעך. די שטאָלענע גיגאַנטן זײַנען געשטאַנען איינער פון דעם אַנדערן אָפּגערוקט אַף אַ ניט ווײַטן מעהאַלעך, אייניקע פון זיי נאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפל עס האָבן דערלויבט די פליגל. די „טו־104” און באַזונדערס די „טו־114” האָבן אַפילע דאָ, אַפן ראַכוועסדיקן פעלד, איבעראַשט מיט זייער גרייס און הייך. דאָ און דאָרט האָבן צײַטנווײַז אָנגעהויבן רוישן די מאָטאָרן פון אַן אַעראָפּלאַן, וואָס גרייט זיך אופצוהייבן אינדערלופטן; מיט אַ צוגעטויבטער טראַסקערײַ איז געקומען צו פליִען אַ מאַשין. זי איז געלאָפן איבער איר שטרענג אָנגעצייכנטער סטעזשקע, אונטערשפּרינגענדיק אַף די דרײַ קליינע גומענע רעדער, וואָס אין פאַרגלײַך מיטן מעכטיקן קאָרפּוס, וועלכן זיי טראָגן אַף זיך, מאַכן זיי דעם אײַנדרוק פון רעדלעך פון אַ קינדערשן וועלאָסיפּעד.

פון דעם אווטאָבוס האָט דער אוילעם פּאַסאַזשירן און באַגלייטער מיט האַנט־טאַשן, בונטפאַרביקע קוישלעך, אַף וועלכע עס איז מיט גרויסע אויסיִעס אָנגעשריבן „אַעראָפלאָט”, זיך אַרײַנגעזעצט אין נידעריקע און שמאָלע וואַגאָנדלעך, וואָס האָבן דאָ אויך אויסגעזען ווי אַ קינדערש שפּיל־

צײַג. מיט א הילכיקער קלינגערײַ, ווי א שול־גלעקל, האָט מען אלעמען אָפּגעפירט צום „טר־104". די פּאסאזשירן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין א ריי באַם רויטן הויכן לייטער פון לײַנער, און דאָ, בא די אונטערשטע טרעפּלעך פון לייטער, זײַנען פאָרגעקומען די לעצטע געזעגענישן.

די סטיוארדעסע האָט דורכקאָנטראָלירט בא לעוו באָריסאָוויטשן דעם בילעט, און ער האָט זיך גענומען אופהייבן אַף די טרעפּ. פּאָלינע יאקאָוולעוונע איז געבליבן שטיין בא דער פאָרענטשע. דאָס פּאָנעם אירס איז געווען רויט און אזוי ווי אָנגעברויגעזט, עס האָט זיך געדוכט, אז גראָד איצט, אין דער דאָזיקער רעגע, האָט זי אים צו זאָגן זייער וויכטיקס, אזעלכס, וואָס ביז איצט האָט זי אים נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט. לעוו באָריסאָוויטש איז פארשוווּנדן הינטער דער נידעריקער שטאָלענער טיר פונעם לײַנער. פּאָלינע יאקאָוולעוונע איז א צעטומלטע אָפּגעגאנגען פונעם לייטער און אן אונטערגעטריבענע פונעם פרײַען ווינט זיך געלאָזט גיין צופוס איבערן פעלד, צום אערא־וואָקזאל.

לעוו באָריסאָוויטש האָט דערווײַל שוין פארנומען זײַן פלאץ אין סאַלאָן. ער האָט באקוקט די ווירטשאפט זײַנע — די פעסטע רימענס אַף זיך צוצובינדן, דאָס לעמפּעלע אונטערן קאָלפּעקל, וואָס איז אײַנגעריכטעט אין דעם שטול, די האטשיקעס, וואָס מע דאַרף אָנדריקן, קעדיי ארויסצובאקומען דעם טאַץ, אַף וועלכן מע שטעלט דאָס עסנווארג. אינעם זעקל אפן ווענטל פונעם שטול — בעעמעס א שטול מיט קאָלטווו — איז געלעגן א פרישע צײַטונג, א פארביקע רעקלאמע, אז בעסער און לויַנבארער פון אלע מינים טראנספּאָרט איז דער לופט־טראנספּאָרט און אז אויב מע וויל האנאָע האָבן פון א רײַזע, זאָל מען פליִען נאָר אפן „טר".

דער לײַנער האָט מיט א געפערלעכן רויש דורכגעריסן דעם ערשטן הימל, וואָס איז געווען פארוואָלקנט, און צוגעקומען צו א צווייטן הימל — א ריינעם, א בלויען, אָן איין פּגימעלע. פון אונטן זײַנען אָנגעהויפנטע געלעגן קלאָר־ווײַסע וואָלקנס שעפּסעלעך, אַף וועלכע ס'האָבן געוואָרפן זייער שווארצן שאָטן די פליגל פונעם עראָפּלאַן. די פליגל פונעם לײַנער זײַנען געהאנגען, ווי צוויי שווארצערדיקע אינדזלען, ארײַנגעשניטענע אין אומענדלעכן אָקעאַן. בא זײַן גאנצער שיינקײַט, איז דער פּייזאַזש געווען אן איינארטיקער, און לעוו באָריסאָוויטש האָט א טראכט געטאָן, אז קוקן דורכן פענצטער פון א וואגאָן איז פונדעסטוועגן פריילעכער, ווי דורכן איליומינאטאָר, און ווען מע וואָלט געדארפט א צײַט פליִען, וואָלט שוין בעסער געווען פאָרן מיט דער באַן. בישכיינעס מיט אים איז געזעסן יאשע קליינערמאַן, ער האָט זיך ניט צוגעבונדן מיט די רימענס און ביכלאל זיך געהאלטן אזוי, ווי ער וואָלט שוין געפלויגן הונדערטער מאָל.

ד א ן איז לעוו באָריסאָוויטש ניט געווען עלטער פון קליינערמאַנען. בא די מענטשן פון דעם דאָר, צו וועלכן עס געהערט לעוו באָריסאָוויטש, איז דער צײַט־אָפּשניט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22 יוני 1941, און די אלע מילכאָמע־יאָרן, וואָס זײַנען דערנאָך געקומען, פארצייכנט מיטן קורצינקן וואָרט ד א ן. דאַן — דאָס איז דער שיידוועג צווישן איין שטיק לעבן און דעם צווייטן. ס'איז א מעכיצע; אלץ, וואָס עס איז פריִער געווען, שיידט

זיך גרײַלעך אונטער פון דעם, וואָס עס איז געווען דערנאָך. דאָן, דעם 28 אָקטיאַבער 1941, איז לעוו באָריסאָוויטש געלעגן אַף דער אונטערשטער פּאָלקע אין א סאַניטאַר־מאַשין, וואָס איז עקסטרע איבערגעמאַכט געוואָרן פון א געוויינלעכן אווטאָבוס. איבער אים זײַנען געהאַנגען נאָך צוויי פּאָלקעס. בא אים איז געווען איבערגעבונדן די האַנט און פאַרבאַנדאַזשירט די פּלייצע, ער איז געווען פאַרווּנדעט אין ביידע לאָפּעטקעס. מיט גרויס מאַטערניש האָט ער אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, קעדיי דורכן שמאָלן שטיקל פענצטער א קוק טאָן אַף מאָסקווע. דאָס אונטערשטע פאַסיקל שויב — זייער א קלייניק און פאַרשוויצט פּאַסיקל — האָט נאָר באַוויזן דעם גלאַנציקנאַסן ברוק, אַף וועלכן ס'איז צעגאַנגען דער שניי, און אײַליק־גייענדיקע פיס, קיין איין פוס האָט ניט געמאַכט קיין פאַמעלעכן טראָט. די פאַרווּנדעטע האָט מען געבראַכט אין דער טימיריאַזעוו־אַקאַדעמיע, ווו עס איז דאָן געווען אַן עוואַקאָ־שפּיטאָל; אין די הויכע געראַמע אַאודיטאָריעס זײַנען געווען אויסגעשטעלט רייען ציכטיק־ריינע ווייכע געלעגערס. דאָס ערשטע, וואָס לעוו באָריסאָוויטש האָט געבעטן באַם דאָקטער, ווען יענער איז צו אים צוגעגאַנגען, איז געווען, ער זאָל אים אַף צוויי שאָ צײַט אָפּלאָזן א שפּאַציר טאָן איבער מאָסקווע. דער דאָקטער האָט א קוק געטאָן אַף אים, ווי אַף א מענטשן, וואָס רעדט פון היץ. אינעם זעלבן אָוונט האָט מען אים אַפּן הויכן וועגעלע מיט די שטײַפע גומענע רעדער אַוועקגעפירט אין דער אָפּעראַציע־פּאַלאַטע, אײַנגעגעבן אים נאַרקאָז, געהייסן ציילן. ער האָט געציילט און דערבײַ שאַרף געפילט, ווי מיט יעדער צאָל, וואָס ער ברענגט אַרויס, שטאַרבן אָפּ די גלידער, עס שטאַרבט אָפּ דער גוף, נאָר דאָס האַרץ האַלט זיך — עס קלאַפּט הילכיק, רוישיק, פון קיינעם און פון גאָרנישט ניט פאַרטויבט, יעדער קלאַפּ פאַלט שווער אין אַן אויסגעליידיקטן רוים... „אַראָפּגעשאָסן א רויב־פויגל", — מיט די דאָזיקע ווערטער האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך אופגעכאַפּט נאָך דער אָפּעראַציע. „נא דיר, אַף אַן אָנדענק", — דער כירורג, א צופרידענער, וואָס די אָפּעראַציע איז דורך בעשאָלעם, האָט אים אַרײַנגעשטופּט אין דער האַנט אַן אויסגעקרימטן שפּליטער פון א מינע. דאָס שטיקל אײַזן, אָקאָרשט אַרויסגענומען פון דער לאָפּעטקע, איז געווען וואַרעם און פײַכט.

די שיינע עלעגאַנטע סטיואַרדעסע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן לעוו באָריסאָוויטשן מיטן טאַץ מײַכאָלים און געדולדיק געוואַרט, ביז ער וועט אַרויסברענגען פון דער אינגעווייד פון שטול דאָס קונציק־געמאַכטע טישל. די גוטסקײַט פון „אַעראָפּלאָט" איז גאָר איין־לעשײַער: שפּראָטן און א שטיקל ווייך קעלבערן פלייש מיט גרינע אַרבעסלעך, און טיי מיט לימענע, און א בולקעלע, אַן עפּל, א פּראָשעק זאַלץ, פּאַפּירענע טישטעכלעך... דער אוילעם האָט קוים באַוויזן אָפּצועסן די געשמאַקע וועטשערע, און ס'האָט שוין גענומען טאָגן. אין איין ריי איליומינאַטאָרס איז נאָך געווען נאַכט, אין דער אַנטקעגנדיקער איז שוין געווען אויסגעגאָסן א העלע ליכטיקײַט. אַפּן טאַבלאָ האָט זיך באַוויזן אַן אויפשריפט, מע זאָל זיך צובינדן מיט די רימענס און זיצן אַף די ערטער. דער לײַנער האָט גענומען אַראָפּנידערן. אין מינוטן אַרום האָבן שוין זײַנע רעדער זיך געקײַקלט

איבערן אעראָדראָם פון דער גרויסער סיבירער שטאָט. נאָך דער מאָסקווער היץ איז געווען אָנגענעם צו הערן די יעדיעס, וואָס די ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן, אַז דאָ איז איצט סאַכאַקל עלף גראַדוס וואַרעמקייט. פּונקט אַזעלכע וואַגאָנדלעך, ווי אויף אעראָדראָם אין מאָסקווע, האָבן אָפּגעפירט די פּאַסאַזשירן צום אעראָ־וואָקזאַל, ווו עס איז אויסגעקומען א ביסל צו וואַרטן, ביז עס איז אָראָפּגעקומען דער באַגאַזש און אויף לאַנגן טראַנספּאָרטיאָר האָבן אָנגעהויבן פאָרן די טשעמאָדאַנעס, די קוישן, די זעקלעך. ניט אַזוי גרינג איז געווען צו דערקענען דעם אייגענעם טשעמאָדאַן, קימאַט אַלע זייַנען זיי געווען ברוינע און מיט בלאַנקענדיקע נייַע שלעסער. לעוו באַריסאָוויטשן האָט אַרויסגעהאָלפן מאָניקע. פון אַלגעמיינעם ברוינעם שטראָם האָט זי אַרויסגעכאַפּט זייַן טשעמאָדאַן נאָך פריִער פון איר אייגענעם.

דאָ, אויף נייַעם אָרט, איז זי שוין אויך געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע. זי האָט אַלעמען אַרייַנגעזעצט אין טאַקסי און א קאָמאַנדעווע געטאָן צו די שאָפערס: Поехали![1]

זי אַליין האָט זיך באַזעצט אין דער „וואָלגע", אין וועלכער עס איז געפאָרן לעוו באָריסאָוויטש.

## דאָס שטעטל

דאָס שטעטל פון די געלערנטע — אייגנטלעך, א גאַנצע שטאָט מיט א היפּשער צאָל גאַסן און געסלעך, מיט א גרויסן פּראָספּעקט, לענגויס וועלכן עס זייַנען אויסגעשטעלט די בעטאָן־ און גלאָז־מויערן פון די וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אינסטיטוטן, — האָט אויף לעוו באָריסאָוויטשן און אויף די איבעריקע מיטאַרבעטער פון דער לאַבאָראַטאָריע געמאַכט א שטאַרקן אייַנדרוק. די ניי־געקומענע האָבן זיך אַפילע א ביסל געפילט אומבאַקוועם: אַראָפּגעפאָרן אויף אַלעם גרייטן. פון מאָסקווע האָט מען זיי אַרויסבאַגלייט, ווי העלדן, וואָס זייַנען זיך מאַקריוו צוליב דער וויסנשאַפט און וואָס לאָזן זיך פריַיוויליק אין דער טייַגע. אַרום־און־אַרום איז טאַקע געווען די טייַגע. אין די פענצטער קוקט אַרייַן דער וואַלד. ווי אין א קישעף־מייַסעלע שטייען הויכע שיינע פּאַלאַצן און לעבן זיי שפּרינגען וועווערקעס פון דעמב צו דעמב, פון דעמב אויף סאָסנע, פון סאָסנע אויף פיכטע. אָפטמאָל זעצט זיך צו א וועווערקע אויף א באַלקאָן, ווו פאַרן ליבן גאַסט איז שוין אָנגעגרייט א פּאָר ניסלעך, א געשמאַקע צוקערקע. אויף דער ערד שפּרייט זיך א וועלט פון פאַרשיידענע גראָזן: די מילדע קופּאַוויצע — א געוויקס, וואָס ציט גוט אַרויס א געשווילעכץ, דער פּאַפּאָראָטניק מיט זייַנע שאַרפע נאָדעלעך, דער שייבער, עמעס פוסטער, מעטליאַק, די בראַנדיקע קראָפּעווע. אינעם שטעטל איז פאַראַן א יאַם־פּראָספּעקט, וועלכער פירט צום יאַם. דאָס געזאַנג פון די שפּילפייגל, וואָס טראָגט זיך דאָ אין הימל פון

[1] פּאָרט!

יעמיי־בערײַשיס, מישט זיך איצט איבער מיטן געשריי פון די מעוועס, וועלכע האָבן זיך באוויזן סאַכאַקל מיט א פּאָר יאָר צוריק, ווען עס האָט זיך דאָ, בא דער אויסגעבויטער הידראָעלעקטראָסטאַנציע, פאַנאַנדערגעגאָסן א גאַנצער יאַם.

ווי נאָר לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך באַשטאַט אינעם האָטעל „עווריקאַ", האָט ער פון דאָרטן, פון זײַן „ליוקס"־נומער, גלײַך אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן דעם ערשטן טוישעוו און וועטעראַן פונעם שטעטל — דעם אַקאַדעמיקער אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש מעזענצעוו. אין טרײַבל האָט זיך דערהערט א פרויען־שטים, און לעוו באָריסאָוויטש האָט געפּרוווט טרעפן, ווער דאָס איז — מעזענצעווס פרוי, צי די דערוואַקסענע טאָכטער? ער האָט געבעטן צורופן צום טעלעפאָן אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטשן.

— יאָ, יאָ, איך הער, — האָט זיך אין א ווײַלע אַרום דערטראָגן צו אים א מונטער און אומגעדולדיק קאָל.

לעוו באָריסאָוויטש האָט קוים באוויזן זאָגן עטלעכע ווערטער, ווי אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש האָט אים איבערגעשלאָגן מיט א פאָרוואורף:

— פאַרוואָס האָט איר ניט געגעבן קיין טעלעגראַם? די באַשיידנקײַט איז אַן איבעריקע, און אָט האָט איר אײַער ערשטע שטראָף — קיינער האָט אײַך ניט באַגעגנט... אויב איר זײַט ניט שטאַרק פאַרמאַטערט פון וועג, איז קומט, ביטע, אַרײַן צו מיר. איך וואַרט.

ווי עס פּאַסט פאַר אַזא וויזיט, האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך אָנגעטאָן אינעם בעסטן אָנצוג, זיך צוגעקעמט, פאַרבונדן דעם שניפּס — אַן אייסעק, וואָס ער האָט נאָך אַדהײַעם פּולקום ניט באַהערשט; אין שטוב קומט אים אין עקסטרע פאַלן דערבײַ צוהילף דאָס ווײַב. ער האָט א קוק געטאָן אַף זיך אין שפּיגל און איז האַסטיק אַראָפּ פון די טרעפּ. אַף די גרין־געפאַרבטע בענק, אַרומגעשטעלטע לעבן דער שיינער בלומען־קלומבע אַנטקעגן דעם אַרײַנגאַנג אין האָטעל, זײַנען געזעסן א היפּש ביסל מענער און פרויען; אַלע זײַנען זיי, ווײַזט אויס, געווען צווישן זיך באַקענט.

לעוו באָריסאָוויטש האָט באוויזן אויפצוכאַפּן א פראַזע, וואָס אַן עלטערער ייִד מיט א נאַקעט־געגאָלטן קאָפּ האָט אַרויסגעבראַכט אַף א ריינעם ייִדיש מיטן אויסנאַם נאָר פאַרן רוסישן וואָרט „פּיאַטיאָרקאַ". גערעדט האָט ער, דער ייִד, אָנבייגנדיק זיך צום מענטשן, וואָס איז געזעסן דער פּערטער פון אים, אַזוי אַז די מיטלסטע צוויי האָבן בעמיילע שוין אויך געמוזט הערן, און ניט נאָר זיי, נאָר אויך אַלע איבעריקע פון זײַן באַנק און פון די שכיינעסדיקע בענק, ווײַל גערעדט האָט ער הויך.

— די פּיאַטיאָרקע, וואָס מײַן שמולעק האָט נעכטן געקראָגן, איז אָנגעקומען ניט גרינג. א גאַנצן זומער האָט ער ניט אַרויסגעלאָזט פון די הענט לאַנדסבערגס פיזיק, אַלע דרײַ בענדער...

לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס זײַנען די עלטערן פון די קינדער, וועלכע האַלטן דאָ איצט עקזאַמענעס אין אוניווערסיטעט. „וואָלאָדיע וואָלט דאָך אויך איצט געקאָנט דאָ זײַן און האַלטן עקזאַמענעס, — האָט לעוו באָריסאָוויטש א קלער געטאָן. — ס'וואָלט אונדז ביידן געווען היימלעכער און פרייעלעכער".

פון דער גאס, ווו עס געפינט זיך דער האָטעל, איז לעוו באָריסאָוויטש ארוף אפן יאם־פּראָספּעקט. עס האָט געבלאָזן א מעכײַעדיק קיל, פײַכט יאם־ווינטל. אויב מע וואָלט אים געפרעגט, וועלכע יאמען זײַנען פאראן, וואָלט ער, ווײַזט זיך ארויס, ניט אלע געקענט אָנרופן, — קאכאָווקער יאם, בראטסקער יאם, לעבן מאָסקווע איז פאראן א מאָסקווער יאם. אזויפיל נײַע יאמען. „מע וועט דארפן מיט דער גאנצער קאָמאנדע מײַנער זיך אויסבאָדן”, — האָט ער א טראכט געטאָן.

פונעם פּראָספּעקט, וואָס פירט צו היימלעכע וווינונגס־קווארטאלן, קימאט א קאָפּיע פון די מאָסקווער נײַע מיקראָ־ראיאָנען, האָט לעוו באָריסאָוויטש פארקערעוועט אף דער לאָמאָנאָסאָוו־גאס, וואָס האָט אים באצויבערט מיט איר שטילקײַט. אזא שטילקײַט איז אין מאָסקווע שוין ניט צו געפינען. די ווײַסע, בלויע, ראָזעווע צווייִשטאָקיקע קאָטעדזשן טוקן זיך אין גרינעם וואלד, אין דאָרפישער שטילקײַט. יעדער קאָטעדזש האָט זײַן אייגענעם שטיק וואלד; פון וואלד ארויס האָט זיך אומגעריכט געהערט, ווי עס מוקעט א בעהיימע. דער רוישיקסטער מין טראנספּאָרט, וואָס לעוו באָריסאָוויטש האָט באגעגנט, גייענדיק איבער דער לאנגער לאָמאָנאָסאָוו־גאס, איז געווען א קינדערשער וועלאָסיפּעד. צווישן די פּראכטפולע געראמע קאָטעדזשן האָט זיך, ווי א ווײַטע אָרעמע קרויווע, ארײַנגעשמוגלט אן איין־און־איינציק הילצערן שטיבל מיט א נידעריקלעכן טשערעפּיצענעם דאך און א שמאָלן פּידאשעק איבערן ארײַנגאנג. די דאָזיקע שטוב איז א מוזיי־זעלטנהײַט. אָבער ארײַנגיין אינווייניק אף צו באקוקן עס קאָן מען ניט, ווײַל עס איז ניט קיין מוזיי, נאָר א פּאָשעטע געוויינלעכע וווינונג, מע לעבט דאָרטן. און ניט קיין אנדערער, ווי אליין דער אקאדעמיקער מעזענצעוו — ער וויל זיך ניט שיידן מיטן שטיבל, ווי מע וויל זיך ניט שיידן מיט דער אייגענער יוגנט. עמעס, ער איז שוין גאָר ניט יונג געווען, ווען ער איז בעראָש פון א ספּעציעלער קאָמיסיע אראָפּגעקומען אהער אויסצוזוכן אין די אומגעגנטן פון דער גרויסער סיבירער שטאָט א פּאסיק אָרט פארן קינפטיקן שטעטל פון די געלערנטע. דער ניט־טיפער טאָל, באוואקסן מיט אוראלטן וואלד, דער ברייטער פּאָלוואסערדיקער טײַך, וואָס שנײַדט דורך דעם טאָל און וואָס האָט אין דער נאָענטער פּערספּעקטיוו, אדאנק דער בויונג פון א הידראָעלעקטראָסטאנציע, געזאָלט זיך דאָ ברייט צעגיסן און פארוואנדלען זיך אין א יאם, די נאָענטקײַט און גלײַכצײַטיק געוויסע אָפּגעזונדערטקײַט פון די טומלדיקע אײַזנבאן־ און שאָסיי־וועגן זײַנען דער קאָמיסיע געפעלן געוואָרן. אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש מעזענצעוו האָט ארײַנגעהאקט דאָס ערשטע פּלעקל אין דער טײַגע־ערד און דערבײַ איבערגעכאזערט אף א קאָל לאָמאָנאָסאָווס ווערטער:

Российское могущество прирастать будет Сибирью[1].

מעזענצעוו איז געווען דער ערשטער געלערנטער, וואָס האָט דאָ געבויט כאנוקאס־האבאיס — אינעם הילצערנעם דאָרפישן שטיבל, ווו ער לעבט ביז איצט. כוץ דער וווינונג זײַנער, האָט נאָך דער כאָשעווער

[1] די מעכטיקײַט פון רוסלאנד וועט פארגרעסערט ווערן דורך סיביר.

אקאַדעמיקער אַן אַלטן אויסגעדינטן „ווערזדעכאָדיק״, וואָס אים איז שוין לאַנג צײַט אָפּצוגעבן אין אויטיל. צווישן די שיינע „פּאַבעדעס״, מאַיעסטעטישע „וואָלגעס״, עלעגאַנטע „מאָסקוויטשן״, וואָס לויפן אום איבער די אַספּאַלטירטע וועגן פונעם שטעטל, דערמאָנט מעזענצעווס אווטאָמאָביל מיט די הויכע, שווערע רעדער און מיטן אַלטן, אָפּגעבליאַקעוועטן ברעזענטענעם אויבערדעק א פּאַרצײַטיקע מעגושעמדיקע בויד. אַפן דאָזיקן „ווערזדעכאָדיק״ איז ער דאָ אומגעפאָרן איבער די ערשטע וועגן, וואָס די בויער האָבן דורכגעהאַקט אין וואַלד. עמעס, נאָך אָפּטער איז ער אומגעקראָכן צופוס — אין די הויכע גומענע שטיוול און אין דער שטרויענער הוט מיט די ברייטע ראַנדן, וואָס האָבן כאָטשבי א ביסל באַשיצט דאָס פּאָנעם פון די וואָלקנס קאָמאַרן.

מעזענצעוו האָט אופגענומען לעוו באָריסאָוויטשן זייער פרײַנטלעך, אַרויסגעגאַנגען אים אַנטקעגן, אָפּגעגעבן א ברייטן שאָלעם־אַלייכעם און אַרײַנגעפירט דעם גאַסט צו זיך אין קאַבינעט. דאָס פענצטער, וואָס פאַרנעמט קימאַט די גאַנצע פאָרנטיקע וואַנט, באַ וועלכן עס שטייט דער שרײַבטיש, האָט בעשעפע דורכגעלאָזט די זון־שײַן. ביכלאַל איז דאָ געווען געמיטלעך און היימלעך. אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש האָט אוועקגעזעצט לעבן זיך דעם גאַסט און נײַגעריק אים גענומען אויספרעגן וועגן די מענטשן, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט. לעוו באָריסאָוויטש האָט דערציילט, און דער אַקאַדעמיקער האָט צוגעמורמלט: „דאָברע, דאָברע״.

— א פּאָר ליידיקגייערס, פּוסטעפּאַסניקעס האָט איר צופעליק ניט אַראָפּגעבראַכט? — האָט ער אומגעריכט א פרעג געטאָן.

— איינער האָט געמעגט ניט פאָרן, — האָט לעוו באָריסאָוויטש געענטפערט, דערמאָנענדיק זיך אין וויקטאָר רעמיזאָוון.

— אַזוי גאָר? און איר זײַט געווען אַזוי גוט און אים מיטגענומען?

— ביכלאַל איז ער א פּייַקער מענטש, און ער האָט זייער געבעטן, — לעוו באָריסאָוויטשן האָט פאַרדראָסן, וואָס דער געשפּרעך איז גאָר אַרוף אַף דער דאָזיקער טעמע, פאַראַן וויכטיקערע זאַכן, וועגן וואָס צו ריידן.

— איך, לעמאָשל, האַלט, — מעזענצעוו האָט זיך אופגעהויבן און גענומען אַרומגיין איבערן צימער, — אַז אייגנליבע, געוויינלעך ניט איבער דער מאָס, איז א קנאַפּער כיסאָרן. עס שרעקט מיך אויך ניט דאָס וואָרט „קאַריערע״. פאַרוואָס זאָל א טאַלאַנטפולער יונגערמאַן ניט שטרעבן צו מאַכן א קאַריערע, פאַרנעמען אַן אָרט אין דער וויסנשאַפט? נאָר צוויי קאַטעגאָריעס מענטשן קאָן איך ניט אַריבערטראָגן: פּוסטעפּאַסניקעס און מאָסרים. פון אונדזער שטעטל האָבן מיר שוין מעשאַלייעך געווען עטלעכע אַזעלכע נעפּאַשעס... נו, וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן, איצט לאָמיר א ביסל פאַרבײַסן, — האָט ער זיך אליין איבערגעשלאָגן. — איר האָט דאָך נאָך מיסטאָמע ניט געפרישטיקט? אָלינקע, — האָט ער א רוף געטאָן, און פון א זײַטיקן צימער האָט זיך באַוויזן אַן עלטערע פרוי מיט קורץ־געשוירענע בלאָנדע האָר, אין וועלכע עס האָבן געשטעקט עטלעכע ביגודי. זי האָט, אַפּאָנעם, גאָר פאַרגעסן וועגן זיי און איצט, דערזעענדיק א פרעמדן מענטשן, אײַליק זיי אַרויסגעכאַפּט און פאַרבאַהאַלטן אין דער האַנט.

אינעם פּאָשעטן דאָרפישן שטיבל האָט זיך געפונען א גוט פּלעשל קאָניאַק. צום טיש זײַנען דערלאַנגט געוואָרן פאַרשיידענע דעליקאַטעסן.

— א שאָד, וואָס עס פּאַרט זיך ניט. אַניט וואָלט איך אײַך מעכאַבעד געווען מיט ציגענער מילך, — האָט אָליע געזאָגט צום גאַסט, פּאַנאַנדער־שטעלנדיק אַפן צווייטן טישל, וואָס איז געשטאַנען אין א ווינקל פון קאַ־בינעט, די טעלערלעך מיט די מײַכאָלים.

— אַף ציגענער מילך בין איך אויסגעוואַקסן, — האָט לעוו באָריסאָ־וויטש זיך אָפּגערופן מיט א שמייכל. — דאָס ציגעלע איז געווען אונדזער איינציק פאַרמעגן אין שטוב.

— אָבער אַזא געשמאַקע מילך, ווי בא אונדז, האָט איר געוויס נאָך קיינמאָל ניט פאַרזוכט. נאָר לאָמיר פונדעסטוועגן לעקאָוועד אײַער קומען אויסטרינקען ניט קיין ציגן־מילך... — מעזענצעוו האָט אופגעעפנט דאָס פלעשל ווײַן, זיך אָנגעגאָסן א דריטל קעלישעקל און לעוו באָריסאָוויטשן — א פולס. — איך טאָר ניט, — האָט אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש זיך פאַר־ענטפערט. — איך דאַרף באַלד פירן די מאַשין, און מע קאָן בא מיר אָפּנע־מען מײַן שאָפער־דיפּלאָם. איך ציטער איבער אים מער, ווי איבער אַלע איבעריקע דיפּלאָמען.

לעוו באָריסאָוויטש האָט פון א זײַט געגעבן א קוק אַפן געטראַנק:

— מײַן „מאַשין" דערלויבט מיר אויך ניט.

— דאָס הארץ? — מעזענצעוו האָט אופמערקזאַם א קוק געטאָן אַף אים.

— ס'מאַכט זיך אַמאָל, — האָט לעוו באָריסאָוויטש לײַכט א שאָקל גע־טאָן מיטן קאָפּ.

ביידע האָבן אופגעהויבן די בעכערלעך. מעזענצעוו האָט מיט אַפּעטיט פאַרביסן מיט ווײַסע געזײַערטע שוועמלעך. לעוו באָריסאָוויטש האָט צו שוועמלעך א יערושעדיקן ווידערגעפיל, פּונקט ווי צו כאַזער. אָבער אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש האָט מיט אַזא פלײַסיקײַט יעדעס מאָל אַרופּ־געכאַפּט אַפן גאָפּל א נײַ ווײַס ריפּטל, אַז אײַנגעטונקנס אין זאַפט, אַז ער האָט אויך ארײַנגעכאַפּט אין מויל א פּאָר שטיקלעך.

בא א געלעגנהײַט האָט אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש ליב צו ווײַזן דאָס שטעטל, אליין זײַן דער גיד, ער זאָגט זיך ניט אָפּ פונעם פאַרגעניגן דורכצופאָרן זיך מיט א נײַעם מענטשן, א גאַסט, איבער די שטעטלשע גאַסן און געסלעך. ער האָט ארויסגעפירט פון גאַראַזש די מאַשין, אוועק־געזעצט לעבן זיך אין דער שאָפער־קאַבינע, אַפן אַלט־לעדערנעם גלאַנציקן שטול דאָס אייניקל, וואָס ער פירט אָפּ אַלע טאָג אינדערפרי אינעם קינ־דערגאָרטן, — הײַנט האָט ער שוין מיט איר א ביסל פאַרשפּעטיקט, — און אויך אײַנגעלאַדן לעוו באָריסאָוויטשן. באַם רודער, האָט זיך געדוכט, איז געזעסן ניט קיין זעכציקיאָריקער מאַן, א באַרימטער געלערנטער, נאָר זייער א פּאָשעטער מענטש, פון די רוסישע „אומעלצעס", וואָס קענען אַלץ און אַלץ גיט זיך זיי אײַן. די הענט אַרבעטן פּונקט אַזוי אויסגעצייכנט, ווי דער קאָפּ. די באַוועגונג אַף די גאַסן איז געווען ניט קיין גרויסע, דאָך האָט מען געדאַרפט זײַן וואַכזאַם, אָפּטמאָל איז אויסגעקומען עקסטרע טאָר־מאָזירן: די געלערנטע זײַנען פּאַרט צעשטרייטע מענטשן און אין ערגעץ

איז, אַף אזא פאַרהעלטניסמעסיק קלײנער טעריטאָריע, ווי דאָס דאָזיקע שטעטל, ניט פאַראַן אַזויפיל קאַנדידאַטן און דאָקטוירים פון וויסנשאַפטן, מיטגלידער־קאָרעספּאָנדענטן און אַקאַדעמיקער... אָט האָט אײנער אַ יונגער קאַנדידאַט ניט געפונען קײן בעסער אָרט צו דערווײַזן זײַן קאָלעגע עפּעס אַ פאָרמולע, ווי נאָר אײַנמיטן דער גאַס, אַפן סאַמע קרײצוועג. ער מאַכט מיט דער האַנט, „שרײַבט" אײַנדערלופטן... אַ צווײטער פאַרשווינדט האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין אַ בוך, וואָס ער לײענט גײענדיק, אַז ער האָט פאַרגעסן וועגן וויגעלע און וואָס עס ליגט דאָרטן. דאָס וויגל איז געבליבן פון הינטן, און דער טאַטע גײט זיך ווײַטער זײַן וועג.

— איר ווילט מיך מאַכן פאַר אַ קינדער־מערדער? — האָט אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש אַן אויפגעבראַכטער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון פענצטערל און זיך צעשריִען אַפן פאַרכושטן לײענער.

לעבן ליכטיק־ראָזעווען צווײשטאָקיקן מויערל פונעם קינדערגאָרטן, וווּ צווישן די בײמער זעט מען פאַרשײדנקאָליריקע שפּיל־אײַנריכטונגען — הוידלקעס, טורעמלעך, בײַדלעך, „שוועמלעך", האָט אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש איבערגעגעבן דאָס אײניקל דער דערציִערין, זיך אַנטשולדיקט פאַר דער פאַרשפּעטיקונג, און געבעטן לעוו באָריסאָוויטשן זיך איבערזעצן צו אים אין דער קאַבינע. די מאַשין האָט געמאַכט עטלעכע דרײדלעך פון אײן גאַס אַף דער צווײטער.

— בײַ אונדז איז דאָ פאַראַן אַ גאַס, וואָס רופט זיך זוכעניש־גאַס, אַן אַלײ פון פאַרבלאָנדזשעטע, אַ געסל פון אַנטוישטע, פאַר דעם דאָזיקן געסל דאַרף מען זיך היטן, ווי פון פײַער. מיר האָבן אויך אַ קאַפע־הויז «Совесть»[1]. דאָס פאָנעם פונעם אַקאַדעמיקער — די מאַגערע באַקן, די ווינקלען בײַ די ליפּן, די קישעלעך אונטער די יונג־גלאַנצנדיקע אויגן זײַנען פול געווען מיט שמײכלענדיקע קנײטשן. — בײַ אונדז אין שטעטל האָט מען ליב צו וויצלען זיך און כאָכמענען, אַלע און אַלץ איז פאַר דעם אַן אָביעקט... מיך שאַנעוועט מען אויך ניט.

איבערן וויסנשאַפטס־פּראָספּעקט איז אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש געפאָרן לאַנגזאַם. עס האָבן אים אַריבערגעיאָגט די אַוטאָבוסן און אַנדערע מאַשינעס, וואָס האָבן דאָ, אַף דער ברײטער מאַגיסטראַל, וועלכע פאַרבינדט דאָס שטעטל מיט דער גרויסער שטאָט, אָן אויפהער זיך געטראָגן אין בײדע ריכטונגען.

דורכגעמאַכט דעם קורצן שפּאַציר, איז אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש מיטן גאַסט אַרײַן אין אײנעם אינסטיטוט, מיט וועלכן ער, מעזשענצעוו, פירט אָן. פּונקט ווי די שטוב, אין וועלכער ער וווינט, איז געווען אין שטעטל די ערשטע וווינונג, אַזוי איז דער דאָזיקער אינסטיטוט דאָ געווען דער ערשטער וויסנשאַפט־אַנשטאַלט. איצט שײדט ער זיך מיט גאָרנישט ניט אונטער פון דער לאַנגער רײ אַנדערע אינסטיטוטן, וואָס האָבן זיך צוזאַמען מיטן שאָסײ־וועג אַרײַנגעשניטן אינעם וואַלד. אײגנטלעך, אויפנעמען מענטשן דאַרף מעזשענצעוו ניט אין זײַן אינסטיטוט, נאָר אין דער געבײַדע

---

[1] געוויסן.

פון געלערנטן ראט, ווו ער איז איינער פון די אָנפירער, אָבער ווי ער אליין איז זיך מודה, איז ער דאָרטן נאָר אף זיצונגען. ער האָט ליב דאפקע דעם קאבינעט פונעם אינסטיטוט, דאָ איז אים היימלעכער. פונדאנען קאָן ער יעדער מינוט ארײַנגיין, ארײַנלויפן אין איינער פון די לאבאָראטאָריעס, זיך דערוויסן, וויאזוי עס גייט די ארבעט, געבן אן אייצע, אליין זיך פארטראכטן אף א פלוצעם ארויסגעשוווּמענער נײַער פראגע.

בא אים אינעם אינסטיטוטישן קאבינעט איז איצט אויך פאָרגעקומען דער געשעפטלעכער געשפרעך מיטן שעף פון דער לאבאָראטאָריע «БП». דער אקאדעמיקער איז געווען גוט באקאנט מיט די פראָבלעמען, וואָס שטייען פאר דער מעטאלורגיע, כאָטש ער אליין איז באשעפטיקט אין אן אנדער געביט. ער האָט צוגעזאָגט לעוו באָריסאָוויטשן אלזײַטיקע הילף. אינעם נײַעם אינסטיטוט, וואָס בויט זיך, וועט א גאנצער שטאָק אָפגעגעבן ווערן פאר דער לאבאָראטאָריע; די מיטארבעטער וועלן אין די נאָענטסטע צוויי־דרײַ כאָדאָשים באזאָרגט זײַן מיט וווינונגען, דערווײַל וועט אויסקומען צו לעבן אין האָטעל. עמעס, די רעוויזאָרן טײַנען, אז מע האָט פארוואנדלט דעם האָטעל אין א פּאָשעט קאָמונאל הויז, אָבער וואָס קאָן מען טאָן?

אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש האָט אָנגעשריבן א בריוו דעם דירעקטאָר פונעם מעטאלורגישן זאוואָד.

לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך אומגעקערט צוריק אין האָטעל, ער איז אָבער ניט גלײַך ארײַן צו זיך אין נומער, נאָר זיך צוגעזעצט אף איינער פון די בענק, אף וועלכע עס זײַנען, ווי פריער, נאָך אלץ געזעסן די פארזאָרגטע טאטע־מאמעס, וואָס האָבן געבראכט די קינדער אף די עקזאמענעס.

— מײַן שמולעק דארף קריגן נאָך איין „פיאטיאָרקע", א „פיר" טויג ניט, און א „דרײַ" אוודאי ניט, — האָט דער ייִד מיטן גרויסן נאקעטן געגאָלטן קאָפּ געכעזשבנט האלב פאר זיך אליין, האלב פאר די שכיינים.

אף דער זעלבער באנק איז געזעסן אן אלטער אוזבעק מיט אן אָפּגעסארפעט פּאָנעם, און דער ייִד האָט פלוצעם גענומען ריידן מיט אים אף א פליסיקן אוזבעקיש. יענער האָט אָנגעקוואָלן פון פארגעניגן און אליין עפעס אָנגעהויבן דערציילן אף זײַן שפראַך.

— ער זאָגט, אז אויב זײַן בענאָקל וועט אויסהאלטן, וועט ער אונדז אלעמען מעכאבעד זײַן מיט אזא־אָ גרויסן קאַוון, — דער ייִד האָט ברייט פאנאנדערגענומען די הענט. — צוזאמען מיטן זון האָט ער אראָפּגעבראכט אהער א גאנצן אעראָפּלאן קאַווענעס און דיניעס, מיט זיי איז דאָ פול דער מאגאזין „אָוואָשטשי־פרוקטי"... זײַן לאָשן קען איך גוט, איך בין געווען אין עוואקואַציע... איר האָט אויך געבראכט? — האָט דער ברייטדעוודיקער ייִד זיך געווענדט צו לעוו באָריסאָוויטשן. ער האָט שוין עטלעכע מאָל אײַנגעקוקט זיך אינעם נײַעם פארשוין, וועלנדיק טרעפן, ווער ער איז און פונוואנען. די איבעריקע, וואָס זײַנען געזעסן אף די בענק, האָבן עס אויך, אפּאָנעם, געוואָלט וויסן.

— איך האָב אויך געבראכט, — האָט לעוו באָריסאָוויטש געענטפערט מיט א שמייכל.

— נו, און ווי? — האָבן דרײַ מיטאמאָל אים געפרעגט.

— דערווײַל גייט גוט... — לעוו באָריסאָוויטש האָט ניט געוואָלט זיך פארטיפערן אינעם געשפרעך, נאָר דער אוילעם האָט אים שוין ניט אָפּגעלאָזט.

— א זון צי א טאָכטער? — האָט צו אים אָנגעבויגן דעם קאָפּ א שיינע הויכע פרוי פון דער צווייטער באנק.

— בא מיר איז א מיידל, — האָט זי אים צו וויסן געגעבן, ניט דערווארטנדיק זיך פון אים קיין ענטפער, — אין טשערנאָוויץ האָט זי אָפּגעגעבן עקסטערנאָם, זי האָט גארניט אזוי וואָס צו אײַלן, עס איז דאָך ניט קיין יינגל, נאָר זי האָט געוואָלט פאָרן מיט איר קאָמפּאניע. און ווי לאָזט מען עס א מיידל אין אזא ווײַטן וועג איינע אליין? האָב איך גענומען בא מײַן מאן אורלויב. איך האָב פארכאפּט זײַנע גראמאָטעס, כאָטש איצט קוקט מען ניט אַף דעם, נאָר נא וזסיאקי סלוטשײַ...[1]

— דאָ איז גאָר אנדערש, — האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט דער ייִד מיטן געגאָלטן קאָפּ. — עס זעצט זיך אוועק דער פּראָפעסאָר באם טיש, ווו עס זיצט מײַן שמולעק, און נעמט אים אויספרעגן. פרעגט א שאָ, ער קאָן אפילע פרעגן צוויי שאָ, נאָר ער וועט אים ניט אָפּלאָזן, ביזוואַנען ער וועט זיך ניט דערקונדיקן, צי האָט דער באָכער א קאָפּ אַף די פּלייצעס, צי א שטיק האָלץ. אויב אפילע דער ענטפער אַף דער אופגאבע שטימט ניט, ווערט מען ניט ניספּאָעל, אבי מע זעט, אז דער קאָפּ ארבעט. שמולעק איז אַף אופגאבעס דאפקע א בעריע, ער לייענט „טעכניקא מאָלאָדיאָזשי", אַף אן אָלימפּיאַדע האָט ער פארנומען דאָס צווייטע אָרט... איך אליין, — האָט דער ייִד דערציילט ווײַטער, — בין ניט לאנג ארויס פון שפּיטאָל, היפּערטאָניע, א ביטערע קרענק. איך בין אזויפיל געלעגן, אז פון ניט האָבן וואָס צו טאָן האָב איך זיך דערטראכט און דערפונדן גאָר א וואזשנע זאך. נעכטן שפּעט באנאכט האָט מען מיר אהער אין האָטעל געבראכט א טעלעגראמע פונעם ווײַב, אז איך האָב געקראָגן א פּאטענט אַף מײַנע סאָטעס פון פּלאסטמאסע. לאָמיר זאָגן, דאָ, אינעם שטעטל, דערפינדעט מען גרעסערע זאכן, נאָר איר דארפט וויסן, אז אַף צו מאכן די סאָטעס פארשווענדן די בינען הונדערטער קילאָגראם האָניק. האָב איך ניט געזשאלעוועט, אויסגעגעבן זעקס הונדערט פּופציק רובל אלט געלט, און לויט מײַן באַשטעלונג האָט מען געמאכט א ספּעציִעלע פרעס־פאָרמע, און ס'האָט זיך באקומען דאָס, וואָס מע דארף — פּלאסטמאסעווע סאָטעס. אין מאָסקווע האָט מען גענוג געזוכט און געפאָרשט אין די ספּראוואָטשניקעס, צי האָב איך בא עמעצן ניט געגאנוועט, עפּשער איז שוין פאראן אזא דערפינדונג. דוכט זיך, א פּאָשעטע זאך, און קיינער האָט זיך ניט דערטראכט צו דעם, ביז איך, דער היפּערטאָניקער, בין ניט געפאלן אַפן סייכל... אויב שמולעק וועט אָנקומען, וועל איך נעמען מײַן אלטע, און מיר וועלן זיך אויך ארי־

[1] אַף יעדן פאל...

בערקלײַבן אהער, מע וועט דאָ צו מיר ניט דערלייגן... זי וועט זיך אויך מעגן אריבערקלײַבן, — האָט דער ייִד פילבאַדײַטנדיק און א ביסל גרויס־האַלטעריש, ווי א טאַטע, וואָס האָט ניט וואָס צו זאָרגן אפילע דאָ, אין סיביר, וועגן א שידעך פאר זײַן אויסגעשפילטן זון, א קוק געגעבן אף דער פרוי, וואָס האָט געבראכט אף די עקזאמענעס איר טאָכטער.

ווען לעוו באָריסאָוויטש איז ארײַן צו זיך אין נומער, האָט אים גלײַך אָפּגעשטעקט א וויזיט מאָניקע. זי האָט אים צו וויסן געגעבן, אז אפן ערשטן שטאָק איז פאראן אן אויסגעצייכנטער בופעט, אלץ איז דאָרטן דאָ, אפילע שווארצע און רויטע רויג.

— א דאנק, מאָניקע, איך האָב שוין געפרישטיקט. איצט וועל איך צו־פאָרן אפן זאוואָד.

— איר וואָלט זיך געדארפט אָפּרוען פון וועג, לעוו באָריסאָוויטש. איר קאָנט פאָרן מאָרגן.

— ניין, מאָניקע, איך דארף הײַנט.

— עפּשער דארף מען אײַך באגלייטן?

— ניין, מאָניקע.

דער נאָכאנאנדיקער „ניין" האָט מאָניקען גענומען נערווירן. צי וועט זײַן אמאָל א צײַט, ווען זי וועט כאָטש האָבן די קלענסטע מאכט אפן דאָזיקן מענטשן?

אנטקעגן דעם האָטעל, צווישן דער קלומבע און דעם טונקל־גרינעם ראַנד פונעם וואלד, האָבן דעזשורעט טאקסי־מאשינעס. לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך ארײַנגעזעצט אין א מאשין. פארמאכנדיק דאָס טירל, האָט ער באוויזן זיך אָנצובייגן צו די העל־געלע בלומען מיט די שמאָלע בלעטלעך און טיפע בעכערלעך, וואָס טראָגן א מאָדנע נאָמען: „דעם לייבס מויל". ער האָט זיך אָנגעבויגן צו איין בלימל, צו א צווייטן, טיף אײַנזאפנדיק אין זיך זייער דופטיקן רייעך...

## אין א באקאנט אָרט

דער וועג צום מעטאלורגישן זאוואָד איז לעוו באָריסאָוויטשן געווען גוט באקאנט. ארויסגעגליטשט זיך פונעם שטעטל און דורכגעדונערט אי־בערן לאנגן אײַזערנעם בריק, וואָס איז אריבערגעוואָרפן איבערן ברייט־צעגאָסענעם וואסער באַ דער הידראָסטאנציע, איז די מאשין ארײַן אין געפלאָנטער פון אלטשטאָטישע גאסן, וואָס האָבן אלע מײַלעס און כעסרוי־נעס פון א זייער האסטיק וואקסנדיקער שטאָט, מיט די „פּראָבקעס" פונעם טראנספּאָרט, טראנשייען אף די וועגן און פילצאָליקע אנדערע מעכי־צעס, — אין איין אָרט לייגט מען דורך א נײַע טראמווײַ־ליניע, אין א צווייטן נעמט מען זי אראָפּ, דאָ אספאלטירט מען, דאָרט ברעכט מען דעם אספאלט. די „וואָלגע" מיט די שאַך־קעסטעלעך איבערן טירל האָט, פונקט ווי אירע לײַבלעכע שוועסטער אין מאָסקווע, געדולדיק געוואַרט באַ די רויטע סוועטאָפאָרן און דערנאָך, אין דער געדיכטער מאשינען־ריי, לאנג־זאם זיך געקײַקלט פארבײַ די הויכע טורעמס — די נײַע מויערן.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער זאוואָדישער יִשעוו, וועלכער איז איצט זיך אינגאנצן צונויפגעוואקסן מיט דער שטאָט, האָט לעוו באָריסאָוויטש געבעטן דעם שאָפער אָפשטעלן די מאשין; ער האָט אים באצאָלט צוויי מאָל אזויפיל, וויפל עס איז יענעם געקומען, און פונקט ווי ער וואָלט מוירע געהאט, אז דער שאָפער וועט אים נאָכיאָגן מיטן אויסגאָב־געלט, אפגיך זיך צוזאמענגעמישט מיט די איבעריקע פוסגייער.

פאר די יאָרן, וואָס ער איז דאָ ניט געווען, האָט זיך פיל געביטן, אָבער עס זײַנען נאָך פארבליבן א סאך באקאנטע אָריִענטירן, און שטארק אייגנס און נאָענטס איז געווען אין יעדן אזא אָריִענטיר: די טרויבן פון דער „טעץ", דער בראָנזענער דענקמאָל קיראָוון אין סקווער באם ראיויס־פירקאָם, דער קולטור־פאלאץ מיט די זײַלן באם ארײַנגאנג און מיט די געדרייטע שמאָלע דרויסנדיקע טרעפ, וואָס פירן ארויף צו דער ביבליאָטעק און צו די צימערן. אין יענער צײַט איז דער פאלאץ געשטאנען אין א הוילער וויסטעניש, און ווײַט האָבן זיך אין דער ארומיקער פוסטקײַט געהערט די רעפעטיציעס פונעם כאָר־קרײַז.

Я встретил вас,
И все былое...[1]

צי האָט מען עס טאקע דאָרטן דאן געזונגען, צי עפשער האָט פּאָשעט איצט דער אלט־באקאנטער מאָטיוו גענומען שטיל קלינגען אין די אויערן?

נאָך דער צווייטער פארוווּנדונג, ווינטער 1943, איז לעוו באָריסאָוויטש אלס א „ניעסטראָיעוויק" געשיקט געוואָרן ארבעטן אפן מעטאלורגישן זאוואָד, וואָס האָט אהער זיך עוואקוירט פון דאָרעם־אוקראַינע.

איצט האָט ער זיך געהאלטן אין איין דערמאָנען, ווו וואָס איז געווען. די צוויי געדיכט־באפעלקערטע קווארטאלן, וואָס זײַנען דאן געווען פארבויט נאָענט פונעם זאוואָד, האָבן זיך קנאפ געענדערט און האָבן אויסגעזען פארעלטערט אנטקעגן די איבעריקע נײַע קווארטאלן; דער מאגאזין פון „אָרס" מיט דער שווערער אײַזערנער טיר איז איצט אויך א מאגאזין, נאָר אין דער וויטרינע ליגט איצט ניט קיין רויטער לײַוונט, עס ליגן רעדלעך וווּרשט, קעז מיט טיפע אויסגעטריקנטע אייגלעך. אפן ראָג שטייט דאָס נאקעט־רויטע ציגלנע מויערל פון דער באָד. אָט איז די צוזאמענוווינונג פון די יונגע ארבעטער. אפן קליינעם „פיאטאטשאָק" צווישן דער צוזאמענוווינונג און דעם מאגאזין האָבן די יִינגלעך און מיידלעך אין די אָוונטן געטאנצט; און אָט איז דער דרײַשטאָקיקער מויער פון די איטעעראָווצעס — ער איז געווען דער שענסטער אין דיביידע קווארטאלן. אינטערעסאנט, ווער פון די אלטע איטעעראָווצעס לעבט דאָ נאָך איצט? אין מאָסקווע, אין דער טאָגטעגלעכער וואָכעדיקער פארנומענקײַט און פארהאָוועטקײַט, האָט לעוו באָריסאָוויטש זעלטן־ווען זיך דערמאָנט אין זײַנע סיבירער באקענטע, אייניקע אפילע אינגאנצן פארגעסן, איצט זײַנען זיי פריש און קלאָר אופ־

---

[1] כ'האָב אײַך באגעגנט, און אלץ, וואָס איז פארגאנגען... (שורעס פון א פּאָפּולערן ראָמאנס).

געשווומען אפן זיקאָרן, פונקט ווי אליין די שטיינער פונעם ברוק, די אלטע ציגל פון די ווענט, דער אלטער הילצערנער זאוואָדישער פלויט מיט די שפארונעס, דער רויך פון די קוימענס, דער קאָלירטער הימל איבערן זאוואָד וואָלטן אים פאר די אויגן העל אָנגעצייכנט די פארגעסענע נעמען.

עס זײַנען אופגעשווומען בילדער פון יענער ווײַט־פארלאָפענער, פארשווונדענער צײַט, די שיינע, אומפארגעסלעכע פריילינגדיקע פרימאָרגנס און פריילינגדיקע אָוונטן, מאיאָווע ליכטיקע, זוניקע, ווארעמע טעג. לעוו באָריסאָוויטש — דאן האָט מען אים אפן זאוואָד גערופן פאָשעט ליאָווע אָדער אָפטער פון אלץ לויט דער פאמיליע — כאנין — האָט געהאט א געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונג — ער איז געווען „שעף” איבער דער געאָגראפישער מאפע.

די מאפע איז מיט א סאך קנאָפקעס געווען צוגעפעסטיקט צו א ברייטן הויכן טאָוול, וואָס האָט זיך געהאלטן אף צוויי גראָבע סטויפעס און איז פון הינטן געווען אונטערגעשפארט מיט א דריטן פעסטן סטויפטשיק. די געאָגראפישע אײַנריכטונג האָט זיך געפונען אפן זאוואָדישן פלאץ, אנטקעגן דעם בנין פון דער זאוואָד־פארוואלטונג. מיטן פריש־פארשריבענעם בלעטל פון דער לעצטער סוואָדקע פון סאָווינפאָרמביוראָ און מיטן קלאפערגעצײַג — א העמערל, א צווענגל אין איין האנט, א לייטערל אין דער צווייטער האנט, טשוועקלעך אין א פאפירל — אין דער רעקל־קעשענע, פלעגט ליאָווע אראָפקומען אפן פלאץ און נעמען זיך צו דער ארבעט. ווען די נײַס זײַנען געווען גוטע — און אין יענער צײַט זײַנען זיי שוין געווען נאָר גוטע, און וואָס ווײַטער — אלץ בעסערע, מאמעש אויסגעצייכנטע נײַס, — איז דער לייטער געווען איבעריק. דער אוילעם אין די הארטע ברעזענטענע קורטקעס האָט אים אונטערגעהויבן, דעם געאָגראף, און געהאלטן אף די הענט, ביז ער האָט פארטיק געמאכט די אָפעראציע, אויסגעצויגן דאָס רויטע סטענגעלע און פארפעסטיקט די רויטע פענדלעך צו די באפעלקערטע פונקטן, וואָס אונדזער ארמיי האָט אײַנגענומען.

ווען ליאָווע האָט ארײַנגעשלאָגן א רויט פענדל — א גרעסערס פון אלע פריִערדיקע — אינעם קרײַזל, ווו עס איז בערלין, האָבן די ארבעטער אים ניט געלאָזט אראָפגיין פונעם לייטער, ארײַנגעכאפט אין די הענט און גענומען הוידען, ווארפן אינדערלופטן, קוים א לעבעדיקן אראָפגעלאָזט אף דער ערד. נאָכן אײַנעמען בערלין האָט מען פון שאָ צו שאָ געווארט אף דער סאמע עקסטרע, אף דער סאמע פריידיקסטער יעדיִע פון סאָווינפאָרמביוראָ, אז דײַטשלאנד האָט קאפיטולירט און אז ס'איז א סאָף צו דער מילכאָמע.

א סאך מענטשן האָבן זיך דאן, דעם צווייטן מײַ, צונויפגעזאמלט אין דעם רויטן ווינקל פון מעכאנישן צעך. אפן באדעקטן מיט רויטן לײַוונט טיש איז אויבנאָן געשטאנען די ראדיִאָ, מע האָט זי ספעציִעל אראָפגענומען פון דער הויכער פאָליצע, קעדיי קאָנען רעגולירן, ווען זי וועט זיך, ווי עס טרעפט אָפטמאָל, פארהאקן און אָנהייבן ברומען. אלעמענס בליקן זײַנען געווען געווענדט צו דעם אלטן דינאמיקל, צום שווארצן טעלערל, וואָס האָט זיך רעליעף אויסגעטיילט פון אונטערן העלן שטאָף.

מיט וועלכן עס איז געווען איבערגעצויגן. מע האָט געוואַרט, געציילט יעדע מינוט, געוואָלט שוין דערהערן לעוויטאַנס שטים. מע האָט שוין באַוויזן דיסקוטירן און אַרומריידן, וויפל עס וועלן זײַן אַרטילערישע סאַ־ליוט־זאַלפּן. מע איז אײַנגעגאַנגען אַף הונדערט — ניט ווינציקער. דער־ווײַל אָבער האָט די ראַדיאָ, ווי ניט זי מיינט מען, איבערגעגעבן אַ מוזי־קאַלישע פּראָגראַם; ווען די מוזיק האָט זיך פאַרענדיקט, האָט קיינער אינעם רויטן ווינקל ניט געוואַגט אויסריידן אַ וואָרט. עס האָט זיך בלויז געהערט דער צוגעטויבטער, ענלעכער אַף אַ ווײַטן וואַסערפאַל, גערודער פונעם מאַשינען־זאַל, וואָס געפינט זיך אַפן אונטערשטן שטאָק, און דאָס כריפּערײַ, וואָס דער „טעלער" האָט אַרויסגעגעבן פון זיך, ווי אַ צוגריי־טונג צו דער אויסערגעוויינלעך־וויכטיקער און פײַערלעכער ידיעה, וואָס ער וועט באַלד אָנזאָגן.

— עס רעדט די געגנטלעכע ראַדיאָ, — האָט ענדלעך דער דיקטאָר געמאָלדן מיט זײַן האָפּערדיק מונטער קאָל. — מיר הייבן אָן דעם אָרדנט־לעכן שמועס פונעם ציקל „אייצעס פאַר די גאָרטנציכטלער. וויאַזוי מע דאַרף זעצן קאַרטאָפל".

אין איין אויגנבליק איז דאָס רויטע ווינקל געוואָרן פּוסט, אפילע דער פּאָרזיצער פון דער גאָרטן־קאָמיסיע איז פון די טרעפּ אַראָפּגעפלויגן פײַל־אויסן־בויגן. דער פּאַרוואַלטער פונעם „אָרס" נאָום מאַרקאָוויטש דובינסקי, וואָס האָט זיך צוגעײַלט צו קוילען צוויי בעהיימעס, איז אוועק־געלאָפן אין די גאָרקיכן אָנזאָגן, מע זאָל אויסוואַרטן מיטן יאָמטעוודיקן מיטיק... באַם טישל איז געבליבן די פאַרוואַלטערן פונעם רויטן ווינקל — אַ פרוי, וואָס בליט אויף, ווען זי זעט אַרום זיך מענטשן. זיצן אינעם גע־מיטלעכן, ציכטיקן און ליכטיקן רויטן ווינקל, ווען ער איז ליידיק, — און דעם עמעס געזאָגט, פּאַסירט עס גאָר אָפט, — איז פאַר איר אַ ביטערע אָפּקומעניש, אַן עמעסע פּײַן.

ער, לעוו באָריסאָוויטש, איז טאַקע פאַרשלאָפן די מינוט, ניט געהערט, ווען ס'איז געמאָלדן געוואָרן וועגן דער קאַפּיטוליאַציע פון דײַטשלאַנד. דעם נײַנטן מײַ אינדערפרי האָט ער זיך אופגעכאַפּט פון די שטאַרקע שטויסן אין זײַן אײַזערן בעטל. דער שאָכן זײַנער, וועלכן מע האָט אין דער צוזאַמענוווינונג גערופן „באָזשי טשעלאָוועק"[1], האָט געפּראַוועט די פרימאָרגעדיקע טפילע. געוויינלעך דאַוונט ער בעכיפּאַזן, אומקוקנדיק זיך אַפן זייגער, צי ער פאַרשפּעטיקט ניט אַף דער אַרבעט. איצטיקס מאָל האָט ער פאַרגעסן וועגן דער צײַט, ער האָט אויך, אַפּאָנעם, ניט באַמערקט, אַז ער שטויסט דעם שאָכנס בעטל. ער האָט געדאַוונט מיט האַרץ און מיט געפיל.

לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך אַפּגיך אָנגעטאָן און איז אַרויסגעגאַנגען אַפן באַלקאָן. דער שמאָלער פרײַער שטעטך צווישן דעם מויער, ווו ער האָט געוווינט, און די אַנטקעגנדיקע דרײַ מויערן, וואָס שטייען אויסגע־שטעלט איינער לעבן אַנדערן, און דער פּלאַץ הינטער זיי, און דער שאָסיי־

[1] געטלעכער מאַן.

וועג, וואָס פירט פונעם יִשעוו צו דער שטאָט, זײַנען געווען פול מיט מענטשן. די אײַנוווינער פון די קאָמונאַלע דירעס האָבן זיך צוזאַמענגע־מישט מיט דער יוגנט פון די באָכערישע און מיידלשע צוזאַמענוווינונגען. צווישן אוילעם האָט ער באַמערקט זײַן כאַווער און פרײַנט יאָנע שעפּאָ־וויטש לעוויט.

יאָנע שעפּאָוויטש האָט געהאַט א שוואַרץ, האַרט בערשטל האָר אפן קאָפּ, און פונעם דאָזיקן האַרטן, שוואַרצן, געדיכטן בערשטל איז, דוכט זיך, געגאַנגען די גאַנצע האַרבקײַט זײַנע, בייס ער, דער נאָרמיראָווטשיק פונעם מעכאַנישן צעך, האָט זיך געאַקשנט און בעשום־אויפן ניט געוואָלט אויסנאָרמירן א שטיקל אַרבעט אַזוי, אַז מע זאָל קאָנען באַקומען פאַר דעם מיט א פּאָר רובל מער. ער האָט זיך ניט געפוילט נאָכאַמאָל מאַכן א צייכענונג מיט אַלע גענויִקײַטן, אָף צו דערווײַזן, אַז מע קאָן ניט אַרופּ־וואַרפן אפילע א גראָשן. זײַן אייגן לעבן האָט יאָנע שעפּאָוויטש אויך אַזוי ביז גאָר ערלעך און פּינקטלעך נאָרמירט, אַלץ באַקלערט און אויסגערעכנט, נאָך דעם אייסעק כאַסענע־האָבן האָט ער א ביסל פאַרזען; נאָך פאַר דער מילכאָמע איז ער שוין אַרײַנגעפאָרן אין אַלטבאָכערישקײַט, און אין די מילכאָמע־יאָרן געוואָרן אינגאַנצן אַן אַלטער באָכער. דאָס וואָלט אים ניט געקימערט, ווײַל, ווי אַלע אַלטע באָכערים, איז ער געווען איבערצײַגט, אַז כאַסענע האָבן פאַרשפּעטיקט מען ניט. א הויכקוואַליפיצירטער נאָרמי־ראָווטשיק וואַלגערט זיך ניט אפן גאַס, ער וועט קריגן דאָס שענסטע מיידל, ווען נאָר ער וועט וועלן. האָט אָבער געטראָפן אַזוי, אַז זומער 1941, מיט א פּאָר וואָכן פאַר דער מילכאָמע, איז קיין זאַפּאָראָזשיע, ווו יאָנע שעפּאָוויטש האָט דאַן געלעבט צוזאַמען מיט די עלטערן, אַראָפּגעקומען די שוועסטער זײַנע, פייגע, מיט צוויי קינדער, זיי זאָלן, די קינדערלעך, פאַרברענגען באַם זיידן און באַ דער באָבען, זיך אָפּרוען באַם שיינעם דניעפּער. פייגע איז אוועקגעפאָרן, און אינגיכן איז אָף אייביק איר געביין פאַרשווונדן אין דער ליימיקער באַראַנאָוויטשער גרוב. יאָנע שעפּאָוויטש האָט זיך עוואַקויִרט צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן און מיט די צוויי פּלע־מעניקלעך, וואָס ביידע צוזאַמען זײַנען דאַן אַלט געווען קוים צען יאָר. יאָנע שעפּאָוויטשעס מאַמע איז שוין געשטאָרבן דאָ, אינעם זאַוואָדישן יִשעוו — זי איז געשטאָרבן פון אַלטקײַט, פון קרענק, פון צאָרעס — דער מאַלעכהאַמאָוועס שטאַלטיקט זיך אויס פון אַלץ צוביסלעך. נאָך איר טויט האָט אויך דער טאַטע זיך גלײַך אַראָפּגערוקט, גרײַלעך זיך געעלטערט, א האַלב־פּאַראַליזירטער איז ער געלעגן צוגעשמידט צום בעט. יאָנע שע־פּאָוויטש — דער באָכער, וואָס וויל ניט כאַסענע האָבן, איז אומגעריכט געוואָרן דער טאַטע און די מאַמע פון צוויי קליינע קינדער און פון א דריט „קינד" — א קראַנקן זאָקן. אין זאַוואָדישן יִשעוו איז יאָנע שעפּאָוויטש געווען א מין הודאָק, א באַוואָרעניש פאַרן אוילעם ניט צו פאַרשפּעטיקן אינדערפרי אָף דער אַרבעט. „דער נאָרמיראָווטשיק האָט שוין אוועקגע־פירט זײַנע קינדער אין קינדערגאָרטן". יאָנע שעפּאָוויטש איז יעדן טאָג אופגעשטאַנען מיטן געדאַנק, אַז הײַנט מאַכט ער א סאָף צו זײַן וויסט באָכעריש לעבן, ער וויל שוין ניט און דאַרף ניט די מאַנצבלשע פרײַהײַט,

ער וויל זײַן געבונדן, ער מוז כאַסענע האָבן. א מיידל האָט ער שוין דאַפקע געפונען, דאָרע מאַרקאָוונע דובינסקע — איינע פון די דרײַ דובינסקיס אַפן זאַוואָד. דער עלטערער ברודער, אבראַם מאַרקאָוויטש, איז געווען א מע־כאַניקער, דער צווייטער ברודער, נאַום מאַרקאָוויטש, האָט געאַרבעט אין „אָרס". דאָרע מאַרקאָוונע איז געווען אַן אינזשעניער אין „בריז"[1].

ווען דאָרע מאַרקאָוונע קומט אַרײַן אין צעך, וואַרפט יאָנע שעפּאָוויטש אַוועק זײַן אַרבעט און גיט זיך אײַנגאַנצן איבער אין רעשוס פון „בריז". ער איז גרייט אַפילע אַליין עפּעס צו דערפינדן, אַבי געפעלן צו זײַן דעם מיידל. דאָס וואָרט „בריז" איז פול מיט באַדײַט פאַר יאָנע שעפּאָוויטשן. ווען ער ברענגט עס אַרויס, ווייסט מען שוין, וועמען ער מיינט און צו־ליב וועמען ער זאָרגט זיך אַזוי. „איך גיי אין „בריז", „מע האָט געקלונ־גען פון „בריז", „הײַנט איז א זיצונג אין „בריז" — דאָס האַרטע ראָשע־טייוועס־וואָרט קלינגט בא אים אין מויל ווייך און געשמאַק, ווי אַמאָל בא א ייִדן דאָס וואָרט „טשאָלנט" אָדער „קוגל". מיטיק־צײַט שטעלט זיך יאָנע שעפּאָוויטש אַוועק אַפן זאַוואָדישן הויף, פאַרנעמט א פּלאַצדאַרם, וואָס דאָרע מאַרקאָוונע מוז אים דורכגיין אַפן וועג צו דער איטעעראָוו־סקער גאָרקיך. אַף אַזאַ אויפן קומט פאָר די „צופעליקע" באַגעגעניש מיט איר. אויב זי פאַרשפּעטיקט, פאַרנעמט ער פאַר איר אין דער סטאָלאָווע אַן אָרט, לייגט אַוועק אַפן צווייטן בענקל א צײַטונג אָדער די לאָגאַריפמישע וירע, וואָס שטאַרצט, געווינלעך, בא אים אַרויס פון דער אייבערשטער קעשענע פונעם בלויען ליוסטרינאָוון פּידזשאַקל. קאַלזמאַן די אָפּיציאַנטקע קריגט פון דער קיך און צעשטעלט אַף דער גרויסער טאַץ די גרין־עמאַ־לירטע אײַזערנע שיסעלעך מיט די הייסע באָרשטשן, באַווײַזט שוין דאָרע מאַרקאָוונע צו קומען.

איר מויל מיט די פריש־געפאַרבטע ליפּן איז פול מיט נײַס, אַפילע דאָס אָנגעפּודערטע געמיטלעך־צוגעלאָזטע נעזל, זעט אויס, איז אויך א באַלן עפּעס צו דערציילן. דאָרע מאַרקאָוונע איז נאָענט צו די העכערע זאַ־וואָדישע ספערן און אויך צו די נידעריקערע רינגען, לעמאָשל צו אַזא באַ־שיידן צעכאָוון רינגל, ווי יאָנע שעפּאָוויטש. עס איז אָבער ניט געווען צו זען, אַז זי זאָל אים שטאַרק אויסטיילן פון די איבעריקע. זי האָט, דוכט, גערייצט זיך מיט אים, מיטן אַלטן באָכער, וואָס מיינט, אַפּאָנעם, אַז מע וועט אים אויסכאַפּן.

דעם לעבנסוויכטיקן געשפּרעך מיט איר האָט יאָנע שעפּאָוויטש אַלץ אָפּגעלייגט, נאָר די אַלגעמיינע גרויסע פרייד און אויפמונטערונג אין יענע מאַיאָווע טעג און אָוונטן האָבן אים צוגעהאָלפן, און ער האָט געוואָגט...

אינעם פריִען באַגינען פונעם נײַנטן מײַ איז ער צווישן געדיכטן, יאָמ־טעוודיק־אויפגערודערטן אוילעם געשטאַנען צוזאַמען מיט דאָרע מאַרקאָוו־נען. ער האָט געהאַלטן פאַר א הענטל איין קינד, דאָרע מאַרקאָוונע — דאָס צווייטע קינד. אין אַן אינוואַלידישן אווטאָ־וועגעלע איז געזעסן יאָנע שע־פּאָוויטשעס טאַטע, וואָס האָט זיך דערפילט גרינגער און אַרויסגעפּאָרן

[1] ביוראָ פאַר ראַציאָנאַליזאַציע און דערפינדונגען.

פון שטוב א קוק טאָן אַף דער ליכטיקער פרידלעכער וועלט. ער האָט מיט די הענט געשטויסן הין און צוריק די אײַזערנע הייבערס פונעם וועגעלע, וואָס עס האָבן פאַר אים קאָלעקטיוו אויסגעמײַסטרעוועט צוויי צעכן — דער רעמאָנט־מעכאַנישער און דער בוי־צעך.

דער מאָלדאַוואַן כאַלאַבודא, וואָס האָט צוויי פּראָפעסיעס — באַטאָג איז ער א בלעכער, און אין אָוונט — א מוזיקאַנט, האָט עקסטרע געביטן די צײַט פון זײַנע אַרטיסטישע אַרויסטרעטונגען. ער האָט פאַרנומען זײַן פּלאַץ לעבן דער מיידלשער צוזאַמענוווינונג און זיך פאַרגאַנגען, ווי קיינ־מאָל ניט, מיט „אָטשי טשאָרנ׳ע״, און „אַגאַניאָק״, און „קאַטיושע״ — ער קען אַלץ...

געוויינלעך טאַנצט דאָס יונגוואַרג, מע קלאַפּט מיט די קנאַפּל, באַ דער מערהײַט זײַנען זיי הילצערנע, — מע הייבט דעם שטויב. איצטיקס מאָל האָבן אויסער די כּעוורע אַרײַנגערוקט זיך אין קרײַז אויך די עלטערע און אַפילע גאָר אַלטע לײַט, וואָס ביכלאַל האַלטן זיי ניט פון כאַלאַבודאס קונסט און זײַנען געגרן, ער זאָל זיך אָפּטראָגן ווײַטער פון זייערע פענצ־טער. אינעם קרײַז איז אַפילע געווען דער גראָוועער קאַסירער טייטלבוים מיט זײַן קליין־אײַנגעשרומפּן ווײַבל, וואָס ווען מע קומט צו איר ניט אַרײַן אין שטוב, לייענט זי טאָלסטאָיען אָדער באַלזאַקן, און אינעם צימערל איז ציכטיק, ריין, און דער וואַרמעס איז אָפּגעקאָכט, א כּ׳עסדיקער געשמאַקער וואַרמעס, אַקוראַט זי וואָלט אים גאָר ניט געגרייט פון די פּראָדוקטן, וואָס זי קריגט אַפן קאַרטל אין „אָרס״.

אין ׳ענעם פרימאָרגן האָט מען זיך דערוווּסט, אַז טייטלבוימס ווײַבל איז ניט נאָר אַן ערשטקלאַסיקע קעכן, זי איז אויך א פּרימאַ־טענצערן. אָך, ווי דאָס דאָזיקע ווײַבעלע אין די לײַוונטענע שיכלעך האָט עס גע־טאַנצט צוזאַמען מיט די זעכצניאָריקע מיידלעך!

נאָכן ערשטן נאָכמילכאָמעדיקן אַרבעטסטאָג איז אינעם געראַמען פײַן־אויסגעשטאַטן אופנאַם־צימער פונעם דירעקטאָר געווען איבערפולט, עס האָט ניט געקלעקט דער אַלטער אויסגעריבענער לעדערנער דיוואַן, וואָס האָט זיך קוים אַרײַנגעפּרעסט מיט זײַן לענג אינעם צימער. מע איז געזעסן אַפן פענצטער, געשטאַנען באַ דער צעעפנטער טיר, באַ די זײַטן פונעם קאַנצעליאַרסקן טיש, אַף וועלכן עס איז געלעגן דאָס לאַנגע צעטל פון די באַזוכער. מענטשן האָבן שוין געטראַכט וועגן נעמען אורלויב, די עוואַ־קויִרטע האָבן געטרוימט וואָס גיכער אָוועקצופאָרן אַהיים — א קוק טאָן מיט די אייגענע אויגן, וואָס און ווער איז דאָרטן געבליבן.

די סעקרעטאַרשע האָט אַנטקעגן יעדער פאַמיליע געשטעלט א פייגע־לע, דערנאָך, פון לאַנגווײַליקײַט, נאָך א פייגעלע און דאָס פייגעלע אַרומ־געפירט מיט א קרײַזל. יעדערער, וואָס איז אַרײַן צום דירעקטאָר, האָט זיך באַ אים היפּש פאַרהאַלטן, געהאַט וואָס צו ריידן, וואָס צו דערווײַזן, און פאַר די, וואָס האָבן געוואַרט אין דער ריי, האָט די צײַט זיך געצויגן אַן אייביקײַט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאַסירער טייטלבוים איז ניט נאָר א קאַסירער, נאָר אויך אַן אַפּטייק־טוער, א פּראָוויזאָר, ער האָט אַמאָל

פארענדיקט צוויי קורסן פון א פארמאצעווטישן אינסטיטוט. און דער אלטער פארוואלטער פון דער כערסאָנער אפטייק, ווו טייטלבוים האָט ביז דער מילכאָמע געארבעט, האָט זיך דערמאָנט אין אים און געקלאפט אים א דעפּעש: „טייקעף קומט צו פאָרן אין רעשוס פון דער כערסאָנער אפטייק־פארוואלטונג”. די טעלעגראם האָט מען טייטלבוימען איבערגעגעבן, ווען ער איז געפאָרן פון באנק מיט צוויי טשעמאָדאנעס געלט — ארבעטסלוין פאר א גאנצן צעך. דאָך האָט ער זיך ניט אײַנגעהאלטן, געבעטן דעם שאָפער פארקערעווען צו אים אהיים, ער האָט געמוזט גלײַך אָנזאָגן דעם ווײַב די פריידיקע בסורע.

אין איינעם א טאָג זײַנען צום זאוואָדישן טויער, ווו די רעלסן פון זאוואָד פארייניקן זיך מיט דער אײַזנבאַן־סטאנציע, צוגעפאָרן צוויי וואַגאָנעס און פארנומען א היפּש ביסל פּאסאזשירן מיט זייער באשיידענעם האָב־און־גוטס.

זאפּאָראָזשיע און כערסאָן זײַנען נאָענטע שכיינים, און פאר טייטלבוימען איז דער וואגאָן געווען ווי אָנגעמאָסטן. אין וועג וועט ער דארפן זיך איבערזעצן אין אן אנדער צוג נאָר איין מאָל. אין וואגאָן האָט ער פארנומען א גוט אָרט, אין א ווינקל, ווײַט פון דער טיר, און בא א פענצטערל. א זאוואָדישע לאסטמאשין האָט צום וואגאָן צוגעפירט טייטלבוימס פארמעגן — א זאק קארטאָפל — די רעשט פון דער פאראיאָריקער גוטער געדעטעניש, וואָס ער האָט ארויסגענומען פון זײַנע פינף „סאָטקעס” אינעם קאָלעקטיוון גאָרטן.

דעם זאק קארטאָפל האָבן געהאָלפן ארײַנשלעפּן אין וואגאָן אלע, וואָס זײַנען בייסמײַסע דורכגעגאנגען פארבײַ; יעדערער האָט, ווי א פרומער ייִד צו א סייפער־טוירע, געהאלטן פאר א קאָוועד צוצולייגן צום זאק כאָטשבי א שפּיץ פינגער. די גרעסערע מעבל־שטיק — די שאפע, דער טיש זײַנען פאר א ביליקער פּרײַז אריבער אין דער באלעבאטישקײַט פון יאָנע שעפּאָוויטשן און דאָרע מארקאָווגען, וועלכע האָבן ביז וואָס־ווען, ביז זיי וועלן אויך אריבערפאָרן, דערווײַל באשלאָסן אײַנשאפן א ווירטשאפט.

אן אָרט אין וואגאָן האָט זיך דאן אויך געפונען פאר אים, פאר לעוו באָריסאָוויטשן. ער איז געווען גאָר א לײַכטער פּאסאזשיר, געהאט בלויז אינעם זעקל א ביסל ציידע־לעדערעך — די פּראָדוקטן, וואָס ער האָט געקראָגן אפן שפּײַז־קארטל, א גײַ פּאָרל גרעט פון שיטערן לײַוונט — ער האָט עס באקומען אף א טאלאָן, וואָס ס׳האָט אים געגעבן דער בארעמהארציקער אָרסאָוועץ נאָום מארקאָוויטש דובינסקי, לויט א ספּעציעלער פערזענלעכער ביטע פון דאָרע מארקאָווגען. פונעם זעקל האָבן אויך געשטארצט אן עמאלירטער גרינער טעלער מיט א קענדל — אן אָנדענק פונעם צעך פאר ברייטן געברויך, און ס׳איז געלעגן א באזונדער, אקוראט־איבערגעבונדן פּעקעלע בריוו, וואָס ער האָט דערהאלטן, זײַענדיק אפן פראָנט, און דערנאָך געפירט די גאנצע צײַט מיט זיך — אין סאנבאט, אין שפּיטאָל, אין ווײַטן וואסיוגאַן, און אהער, אין זאוואָדישן יישעוו — אומעטום. ער האָט שוין גוט געוווּסט, אז זײַן פרוי מיטן קינד זײַנען אומגעקומען. געפאָרן איז ער קיין מאָסקווע אָנקומען לערנען אין דער אספּיראנטור.

און אָט איז ער איצט ווידער דאָ. אַלץ איז באַקאַנט און אומבאַקאַנט. ער קוקט זיך אײַן אין די מענטשן, וואָס גייען דורך פאַרבײַ אָדער קומען אים אַנטקעגן, ער לייענט אויפמערקזאַם די פּילצאָליקע שילדלעך, וואָס דאָ, אינעם זאַוואָדישן יישעוו, האָבן זיי פאַר אים עפּעס אַ נײַעם, ספּעציפישן באַדײַט, ווי געוויינלעך, בײַ אַ מענטשן, וואָס קומט אַראָפּ אין אַן אַלטבאַקאַנט אָרט און כאַפּט אויף מיט אַ פרישן נײַגעריקן בליק יעדער קליינינקײַט. ווי אַ גוטער שילער, האָט ער טרײַ איבערגעלייענט די אויפשריפט מיט די ריזיקע אויסיִעס אויף די ברעטער פונעם זאַוואָדישן פּלויט — יעדער אַס פאַרנעמט אַ ברעט: „אַרבעטער, געדענקט! אויב דו ווילסט זיך זען מיט דײַן פרוי און מיט די קינדער — היט אָפּ די קלאָלים פון דער געפאַרלאָזיקײַט־טעכניק!"

אינעם ציגלנעם איינשטאָקיקן מויערל פון דער ביוראָ פאַר דורכלאָזשײַנען, וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צום זאַוואָדישן צענטראַלן טויער, איז געווען פול מיט קאָמאַנדיראָוואָטשנע און פאַרשיידענע אַנדערע לײַט, וואָס האָבן געדאַרפט קריגן אַ דערלויבעניש אַרײַנצוגיין אויפן זאַוואָד. לעוו באָריסאָוויטש האָט אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן, אים האָט זיך זייער געוואָלט, אַז באַם אַנדערן עק טעלעפאָן־דראָט זאָל גראָד זיצן אַ באַקאַנטער, וואָס ווי נאָר ער וועט דערהערן די פאַמיליע כאַנין, וועט ער מיט פאַרוווּנדערונג און פרייד אויסרופן: „אָ, אַ גאַסט! אַ שיינער גאַסט!" אָבער אַ טרוקן קאָל האָט אים אומגעדולדיק דערקלערט, אַז קעדיי אַרײַנצוגיין אין דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג, דאַרף מען ניט האָבן קיין דורכלאָזשײַן, די קאָנטאָר געפינט זיך מיכוץ דער זאַוואָדישער טעריטאָריע; וויאַזוי האָט ער עס טאַקע ניט באַמערקט דעם דרײַשטאָקיקן מויער, פון דער זײַט פּלויט, ער האָט זיך גאָר בייסמײַסע פאַרקוקט אויף אַן אַנדער געבײַ.

גייענדיק איבער די לאַנגע קאָרידאָרן פון דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג, איז בײַ לעוו באָריסאָוויטשן געווען אַ פאַרלאַנג צו עפענען די און יענע טיר און אַ קוק געבן, ווער עס זיצט דאָרטן אין די צימערן, ער וועט געוויס דערזען אַ באַקאַנט פּאָנעם; ער איז אָבער דורכגעגאַנגען פאַרבײַ, אָפּלייגנדיק די באַגעגענישן און די געשפּרעכן אויף שפּעטער, ער האָט געאײַלט צום דירעקטאָר, וועלכן ער האָט זייער גוט געקענט. דאָס איז געווען דער געוועזענער שעף פונעם אָפּטייל פאַר קאַפּיטאַלער בויונג לעאָניד סערגייעוויטש דעוויאַטקין, דער זעלבער דעוויאַטקין, וואָס האָט נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק געוואָלט אַוועקפאָרן פון זאַוואָד, נאָר ער האָט זיך געמוזט פאַרהאַלטן צוליב אַ דרינגענדיקער קאַפּיטאַלער אַרבעט, דערנאָך האָט זיך אָנגערוקט אַ צווייטע קאַפּיטאַלע אַרבעט, און נאָך דער צווייטער — אַ דריטע, אַזוי לאַנג, ביז דער פריִערדיקער דירעקטאָר איז אַוועק אויף פּענסיע, און דעוויאַטקינען, וואָס האָט אין איין צעך אַוועקגעשטעלט אַ נײַעם הייב־קראַן, אין אַ צווייטן צעך געמאַכט אַ ראָלגאַנג, דעם דריטן צעך באַרײַכערט מיט נײַע שערן, וואָס שנײַדן די שטאָלענע בויגנס, — דעם פילדערפאַרענעם „קאַפּיטאַליסט" דעוויאַטקינען האָט מען פאָרגעלייגט צו ווערן דירעקטאָר.

לעוו באָריסאָוויטש איז אַרײַנגעקומען אין דער קאַנצעליאַריע גראָד

דאן, ווען דעוויאטקין איז געשטאנען אף דער שוועל פון זײַן צעעפנטן קאבינעט און זיך געקליבן אוועקגיין.

— א גוט־העלף, לעאָניד סערגייעוויטש, — האָט אים כאנין, ווי אן אלטבאקאנטן, דערלאנגט די האנט.

דער דירעקטאָר האָט צעשטרייט, מיט א גאנץ גלײַכגילטיקן בליק א קוק געטאָן אף אים, געגעבן א שטילן זיפץ, מע לאָזט אים בעשום־אויפן ניט אוועקגיין, אפילע אָפּעסן ווארמעס וועט ער שוין מיסטאמע היינט ניט באווײַזן, ער האָט זיך אוועקגעשטעלט מיטן רוקן צו דער טיר און, אויסבאהאלטנדיק די אומצופרידנקײַט, דורכגעלאָזט פאָרויס דעם ניט צו דער צײַט אראָפּגעקומענעם באזוכער.

— איר דערקענט מיך ניט? — האָט לעוו באָריסאָוויטש געפרעגט מיט א שמייכל, אוועקזעצנדיק זיך אפן שטול באם לאנגן טיש, וואָס האָט זיך צוזאמענגעשלאָסן מיטן טיש, וועלכן עס האָט פארנומען לעאָניד סערגייעוויטש.

— יאָ, יאָ, איר זײַט מיר טאקע זייער קענטלעך, — דעוויאטקין האָט אופמערקזאם זיך אײַנגעקוקט אין אים.

ניט צו פאטערן אומזיסט די טײַערע צײַט באם דירעקטאָר און אויך בא זיך, האָט לעוו באָריסאָוויטש דערמאָנט, אז זיי זײַנען באקאנט פון די מילכאָמע־יאָרן, זײַן פאמיליע איז כאנין.

— כאנין? כ׳געדענק, כ׳געדענק אײַך זייער גוט, — לעאָניד סערגייעוויטש האָט אפילע זיך אונטערגעהויבן פונעם וויכן שטול, א צופרידענער, וואָס ער געדענקט. — דאָס האָט איר דאָך ארײַנגעזאָגט אין דער מאמען ארײַן זאָלאָטאריאָוון און אים ארויסגעטריבן פון אײַער קאָנסטרוקטאָרסקע?

דעוויאטקין האָט מיט גרויס האנאָע געלאכט, לעוו באָריסאָוויטש האָט נאָר פון העפלעכקײַט־וועגן צוגעשמייכלט. עס האָט אים בעפיירעש פארדראָסן, וואָס גראָד די דאָזיקע אויסערגעוויינלעך נארישע געשיכטע, וועלכע מע האָט שוין לאנג געמעגט און געדארפט פארגעסן, האָט זיך פארגעדענקט. דער דעמלטיקער שעף פונעם אָפּטייל פאר ארבעטס־אָרגאניזאציע זאָלאָטאריאָוו — א נידערוווקסיק מענטשל, נאָר מיט א דונערדיקער שטים, האָט ליב געהאט צו שרײַען און צו ליארעמען, אף וועמען עס האָט זיך נאָר געמאכט. א גאנצן טאָג האָט ער געקלונגען אין טעלעפאָן און געהאלטן אין איין באפוילן די שעפן פון די צעכן און פון די אָפּטיילן, זיי זאָלן אים עקסטרע מאכן סוואָדקעס, באריכטן, צושטעלן סטאטיסטישע אָנגאבן, אניט וועט ער שטרענג באשטראָפן. איינמאָל, ווען ער האָט אָנגעקלונגען אינעם אָפּטייל פונעם הויפּט־מעכאניקער, האָט דאָס טרײַבל אראָפּגענומען לעוו באָריסאָוויטש. זאָלאָטאריאָוו האָט אים מיט זײַן קאטעגאָריש, באפעלעריש קאָל געהייסן טייקעף אופזוכן דעם הויפּט־מעכאניקער, ער וויל מיט אים ריידן.

— עפשער קאָן מען טאָן עס עטוואָס שפּעטער? — האָט לעוו באָריסאָוויטש נאַיִוו געפרעגט. — איך בין זייער פארנומען און האָב ניט קיין צײַט צו לויפן זוכן.

— ווער רעדט דאָס אזוי מיט מיר? — האָט זאַלאַטאַריאָוו א ברום געטאָן אינעם טרײַבל. — טייקעף גייט און געפינט אים! מארש! ראז, דווא אי אַבראטנאָ![1]

דאָ האָט לעוו באַריסאָוויטש ניט אויסגעהאלטן, געמאכט א מישעביירעך און אוועקגעוואָרפן דאָס טרײַבל. אין א מינוט ארום איז זאַלאַטאַריאָוו געקומען צו לויפן רויט, ווי א צוויק.

— ווער האָט מיט מיר אָקאָרשט גערעדט אין טעלעפאָן?

— איך! — לעוו באַריסאָוויטש האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ פון דער צייכענונג־ברעט, בא וועלכער ער האָט געארבעט. אויסערלעך האָט ער אויסגעזען רויק, נאָר אינדערעמעסן איז ער אויך געווען אן אופגעקאָכטער.

— דו? כ׳וועל טייקעף זאָגן, אז מע זאָל בא דיר אָפּנעמען די להאָטע און שיקן אפן פראָנט! געגוג זיך אויסצובאהאלטן הינטער דער צייכענונג־ברעט!

— איך באהאלט זיך אויס? מיך שרעקט איר מיטן פראָנט? איך האָב שוין דעם שטעמפל, — ראשיק האָט לעוו באַריסאָוויטש צעשפיליעט די גימנאסטיאָרקע, פארקאשערט נידעריק אפן האלדז דעם קאָלנער און באַוויזן א טיפן צונויפגעצויגענעם שראם אף דער פּלייצע. — נאט, קוקט, און איר... — מיט דער לאנגער ווירע האָט ער זיך א לאָז געטאָן אף זאַלאַטאַריאָוו, יענער איז קוים א לעבעדיקער ארויסגעלאָפן פון צימער. ערשט הינטער דער טיר איז זאַלאַטאַריאָוו געקומען צו־זיך און גענומען שרײַען, אז ער וועט אָנעמען הארבע מיטלען. דער אינצידענט איז ברייט באוווסט געוואָרן איבערן גאנצן זאוואָד; זאַלאַטאַריאָוו איז אפילע פון דענסטמאָל אָן געוואָרן אײַנגעהאלטענער, שטילער.

— ווו איז ער איצט? — האָט לעוו באַריסאָוויטש געפרעגט.

— אף פּענסיע. ביכלאל איז ער געווען ניט קיין שלעכטער מענטש, נאָר א טומלער... נו, דערציילט, וואָס האָט אײַך ארויפגעבראכט אין אונדזער ווײַטן קאנט?

די טעלעפאָנען אפן טיש האָבן אָפט געקלונגען, און אין דער דאָזיקער קלינגערײַ איז לעוו באַריסאָוויטשן שווער געווען צו פירן דעם געשפּרעך וועגן דער זאך, צוליב וועלכער ער איז געקומען. ס׳איז אן איניען אין א היפּשער מאָס מער א טעאָרעטישער, איידער א פּראַקטישער. דאָ, אפן זאוואָד, האָט ער טאקע פריִער פון אלץ געזוכט פּראַקטישע הילף; עס איז אָבער דערצו אויך זייער נייטיק געווען, מע זאָל גוט פארשטיין און באַנעמען די גאנצע וויכטיקײַט פון דער פאָרשטייענדיקער עקספּערימענטאַלער ארבעט. לעוו באַריסאָוויטש האָט באוויזן דאָס פּאפּיר מיטן שטאמפּ פונעם בעקאָוועדיקן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט, ווו ער ארבעט, און אויך דערלאנגט דאָס צעטל מיט מעזעגצעווס אונטערשריפט. די ביידע פּאפּירן פון הויכע וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס האָבן דערמאָנט לעאָניד סערגייעוויטשן וועגן זײַן אייגענער פארלאָזענער וויסנשאפטלעכער ארבעט. די דיסערטאציע, וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן מיט יאָרן צוריק, האָט

---

[1] מארש! איינס, צוויי און צוריק!

ער נאָך אַלץ ניט פאַרטיידיקט, זי וואַלגערט זיך דאָ באַ אים, אין אונטערשטן טישקעסטל.

— יונגע מענטשן, וואָס האָבן אָקאָרשט פאַרענדיקט דעם אינסטיטוט, קומען צו מיר און בעטן, איך זאָל געבן אַן אַקטועלע טעמע פאַר אַ דיסערטאַציע. איך גיב, די יונגעלײַט שרײַבן אָן, ווערן קאַנדידאַטן, נאָר מײַנע ליגט, — דעוויאַטקין האָט געכאַפּט אַ קוק אויפן טישקעסטל, ווי אויף אַ כוילע, וואָס איז צוגעשמידט צום בעט און, אַ סוואָרע, אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אויפהייבן. — פינף יאָר שרײַב איך מײַן דיסערטאַציע. איך האָב נײַעם מאַטעריאַל, פּרימאַ, גאָלד, כ'דאַרף אים נאָר אויספּורעמען. צײַט, ווּ נעמט מען צײַט? דו שרײַבסט שוין געוויס אַ דאָקטאָרסקע? — איז ער פאַרטרוילעך אַריבער אויף „דו”.

— אַפילו שוין אָפּגעדרוקט.

— וואָס זשע דאַרפסטו נאָך?

די פראַגע, דער טאָן איז לעוו באָריסאָוויטשן ניט געווען געפעלן.

— דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן מײַנער צי עמעצנס אַן אַנדערנס דיסערטאַציע, נאָר וועגן אַ סאַך וויכטיקערס, — האָט ער געזאָגט. — די מאַגיסטראַלע אַנטוויקלונג פון דער מעטאַלורגיע ליגט אויפן וועג פון אומאויפהערלעכע פּראָצעסן, פריִער צי שפּעטער וועלן אַלע זאַוואָדן אַרבעטן לויטן נײַעם פּרינציפּ.

— ווילסטו, הייסט עס, די רעוואָליוציע אין דער מעטאַלורגיע אָנהייבן פון מיר? זייער גוט, איך האָב גאָרניט קעגן, פאַרקערט, עס איז אַ גרויסער קאָוועד. אויב מע וועט דערנאָך צושטעלן צום פּרעמירן, וועל איך עפּשער אויך שטיין אין סאַך פונעם צעטל, לעכאָלהאַפּאָכעס, ביז די קאָמיסיע וועט ניט אײַנגעפינען, אַז דאָס צעטל איז צו גרויס און זי וועט דעם סאַך ניט אָפּהאַקן, — אַ לײַכטע איראָניע האָט זיך געפילט אין לעאָניד סערגייעוויטשעס יעדן וואָרט. — כ'זע, אַז דו קוקסט שוין אויף מיר, ווי אויף אַן עמעסן קאָנסערוואַטאָר. אײַל זיך ניט און מאַך ניט צו גיך קיין אויספיר. מע וועט מיר געבן אַ קאָמאַנדע פון אויבן, וועל איך אַלץ טאָן. עס איז נאָך ניט געווען די זאַך, וואָס מיר זאָלן ניט אויספילן. נאָר כ'וויל דיך פרעגן, ווי אַ מענטשן, וואָס האָט אַמאָל אַליין געאַרבעט אויפן זאַוואָד: וואָס וועט דער זאַוואָד האָבן דערפון און... ווען וועט איר, וויסנשאַפטלעכע טוער, אויפהערן צו קוקן אויף אונדז, ווי אויף אײַערע גיאַנקעס? — ס'איז געווען קענטיק, אַז דאָס, וואָס ער רעדט, איז באַ אים טיף דורכגעטראַכט און גייט פון האַרצן. — איך וויל, אַז דו זאָלסט מיך ריכטיק פאַרשטיין. אינעם פּלאַן, וואָס מיר האָבן, זײַנען קיין זײַטיקע וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אַרבעטן ניט פאָרויסגעזען. אונדזערע אייגענע זאָרגענישן קלעקן אונדז איבערן האַלדז, און מיר זאָגן אַ דאַנק דער זאַוואָדישער לאַבאָראַטאָריע, ווען זי העלפט רעאַליזירן די פאָרשלאָגן און די דערפינדונגען פון אונדזערע אייגענע אַרבעטער, אַלץ איז באַ אונדז אויסגערעכנט אויף צו באַפרידיקן נאָר די זאַוואָדישע נויטן, קיין איבעריקע שטאַטן האָבן מיר ניט. איר, געלערנטע, דאַרפט אונדז געבן אַ פּאַרטיקע, אויסגעפּרוווטע זאַך, מיט איר גאַנצער דעטאַליזירטער און גענויער טעכנאָלאָגיע, מיר זאָלן קאָנען גלײַך

אָנהייבן זי פּראָדוצירן מאסנווײַז. דאן וועלן די דערפינדונגען ניט ווערן פארעלטערט, ליגנדיק בא אונדז אין די צעכן.

— די פּראָבלעם איז זייער א וויכטיקע, — האָט לעוו באָריסאָוויטש באַ־מערקט. — אף וויפל מיר איז באוווסט, ווערט דאָ, אינעם שטעטל פון די געלערנטע, שוין היפּש געטאָן אף צו שאפן אייגענע קאָנסטרוקטאָרישע ביוראָען, טעכנאָלאָגישע אָפּטיילן, וואָס וועלן זיך טאקע ספּעציעל פאר־נעמען מיט דעם. וועגן וואָס איר רעדט, אָבער בא מיר, כ׳מיין אין דער לאבאָראטאָריע, מיט וועלכער איך פיר אָן, איז עפּעס אנדערש...

— בא יעדער וויסנשאפט־טוער איז עפּעס אנדערש, — האָט זיך צע־לאכט לעאָניד סערגייעוויטש. צו די געלערנטע פון שטעטל איז בא אים געווען א צווייעַנדיקע באציִונג. ער האָט זיי זייער געאכטעט, אפילע ליב געהאט, זיי האָבן אים געהאָלפן צו אווטאָמאטיזירן א סאך פּראָצעסן אפן זאוואָד, זיי האָבן אָבער אויך אריַינגעבראכט ניט ווינציק איבעריקע דײַ־געס און זאָרגן. מיטאמאָל דארפן זיי א נײַע מארקע שטאָל. איין קלייניקײַט אויסצוריידן: א נײַע מארקע! וויפל מי ווערט אוועקגעלייגט, אָבער אז מע דארף, איז ניט שײַעך... דערבײַ האָט זיך נאָך אויך צוגעמישט בא לעאָניד סערגייעוויטשן א ביסל קינאה. ער האָט דאָך אליין שוין געקאָנט זײַן אן אָנגעזעענער געלערנטער, ארבעטן אין אן ערשטקלאסיקער לאָ־באָראטאָריע, אונטער דער אָנפירונג פון א וועלטבארימטן אקאדעמיקער.

— עס גייט דאָך בא מיר א רייד וועגן דער קאפּיטאלער בויונג פון א גאנצן אגרעגאט, א שמעלץ־אויוון, — האָט לעוו באָריסאָוויטש פארענ־דיקט דעם איבערגעשלאָגענעם געדאנק.

דעוויאטקין — דער געוועזענער שעף פונעם אָפּטייל פאר קאפּיטאלער בויונג איז אויך איצט געווען א פארברענטער אָנהענגער פון גרויסע פארנעמלעכע ארבעטן. די ווערטער „קאפּיטאלע בויונג״ האָבן רעפלעקטיוו בא אים זיך פארבונדן מיט פול־אָנגעלאָדענע קאָנטיינערס, מאסיווע קאסטנס, ספּעציעלע מאָנטאזש־בריגאדעס און א ספּעציעלן נומער פון דער פילטיראזשקע מיט א גרויסן קאָפּ אף דער ערשטער זײַט „אלע אונדזערע קויכעס אף אויספילן די נײַע פאראנטוואָרטלעכע אופגאבע!״. בא אזא אר־בעט דערפילט זיך לעאָניד סערגייעוויטש ייִנגער און מונטערער. ער האָט נאָכאמאָל איבערגעלייענט די פּאפּירן, וואָס לעוו באָריסאָוויטש האָט אים פריִער דערלאנגט.

— גוט, — האָט ער געזאָגט שוין ווייכער, — זאָל מען געבן א קאָמאנדע פון אויבן, וועלן מיר אלץ טאָן, וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זײַן.

די צוויי טעלעפאָנען אפן טיש, וואָס האָבן א שטיקל צײַט מיט כעסעד געשוויגן, האָבן איצט, ווי זיי וואָלטן דערפילט, אז דער געשפּרעך איז פארענדיקט און מע מעג שוין, זיך הילכיק צעקלונגעןביידע מיטאמאָל. לעאָניד סערגייעוויטש האָט איין טרײַבל צוגעטראָגן צום אויער, דער אנדערער טעלעפאָן האָט בײַסמײַסע אָן אופהער געקלונגען. ער האָט אוועק־געלייגט דאָס ערשטע טרײַבל און גענומען דאָס צווייטע, און גלײַך האָט זיך בא אים געביטן דער אויסדרוק פון פּאָנעם.

— אָפּגעשטעלט דעם וואַלץ־געשטעלו! — האָט ער מיט פּאַרדראָס און אַגמעסנעפּעש אויסגעשריִען. — די גאַנצע וואָך גייט אונדז ניט, און ס'איז שוין באַלד סאָף כוידעש.

ער האָט זיך אופגעהויבן פון טיש, פּעסט א דריק געטאָן לעוו באָריסאָוויטשן די האַנט, און ס'איז געווען צו זען, אַז ער איז מיט אַלע זײַנע געדאַנקען שוין אין צעך, באַם אָפּגעשטעלטן אַגרעגאַט. א ניט־צופרידענער איז לעוו באָריסאָוויטש אַרויס פון קאַבינעט. די געהויבענע שטימונג, מיט וועלכער ער איז געקומען אַהער, איז בא אים היפּש געפאַלן. ער האָט געוואָלט, אַז דער דירעקטאָר זאָל זיך אָנצינדן מיט דער אידיי, מיט וועלכער ער, לעוו באָריסאָוויטש, לעבט. און יענער קוקט גאָר אַף דעם, ווי אַף אַן איבעריקער, א געצווונגענער זאַך. „זאָל מען געבן א קאָמאַנדע"... א געניטער שידעך טויג ניט...

נאָכן שמועס מיט לעאָניד סערגייעוויטשן האָט לעוו באָריסאָוויטש געהאַט בעדייע זיך דורכצוגיין איבערן זאַוואָד, א קוק טאָן אַף די אַלטבאַקאַנטע צעכן און אַף די נײַע קאָרפּוסן און אײַנריכטונגען. ער האָט זיך געלאָזט גיין צום טויער פונעם זאַוואָד, נאָר אַנטקעגנ־יבער דער גאַס, בא א געשטעלכל, האָט ער דערזען א קענטלעך פּאָנעם. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט פון דער זײַט און א היפּשע ווײַלע געקוקט, צי האָט ער ניט קיין טאָעס — צי איז טאַקע די באַיאָרטע פולבלעכע פרוי מיטן קובליקל האָר אונטער דער קאָסינקע און מיט די קאַרבן אַפן שטערן — צי איז זי טאַקע, די דאָזיקע פרוי, די, וועמען ער מיינט; ער האָט אופגעהערט צו צווייפלען, ווען ער האָט דערהערט איר קאָל און דעם נוסעך פון איר ריידן.

— וויטאַמין «C»... מײַן באָכער דאַרף עס איצט זייער האָבן... — האָט זי געזאָגט צו א צווייטער פרוי, אַרויסגייענדיק פון דער ריי און אָנווײַזנדיק אַפן קוישל אַפּעלסינען, וואָס זײַנען נידעריק אַראָפּגעהאַנגען בא איר ביז איבער די קני. היימיש און נאָענט־באַקאַנט, ווי ער וואָלט זי ערשט נעכטן געהערט, האָט די שטים אָנגענעם א קלונג געטאָן לעוו באָריסאָוויטשן אין די אויערן. די ענערגישע האַנט־באַוועגונג פון דער פרוי, בייס זי האָט אָנגעוויזן אַפן קוישל, איז אים אויך געווען גוט באַקאַנט. אוואַדע איז דאָס דאָרע מאַרקאָוונע דובינסקע. זי איז אוועק איבערן טראָטואַר, לעוו באָריסאָוויטש איז איר נאָכגעגאַנגען פון הינטן, דערנאָך זיך אויסגעגלײַכט מיט איר.

— א גוט־מאָרגן אײַך, דאָרע מאַרקאָוונע, — האָט ער זיך באַגריסט מיט איר.

דאָרע מאַרקאָוונע האָט האַסטיק אַריבערגענומען דאָס קוישל אין דער לינקער האַנט און אים אויסגעשטרעקט די רעכטע, בייסמײַסע צוגעזשמורעט א ביסל די אויגן, וואָס זײַנען, ווײַזט אויס, געוואָרן היפּש קורצזיכטיק.

— דערקענסט מיך ניט? — לעוו באָריסאָוויטש, וואָס איז מיט דאָרע מאַרקאָוונען קיינמאָל ניט געווען אַף „דו", האָט איצט, אויס סימכע פון דער באַגעגעניש, גענומען דוצן זי.

— איך דערקען, — האָט דאָרע מאַרקאָוונע אָנגעשטרענגט די ריִע.

— זאָג זשע, ווי איך הייס, — לעוו באָריסאָוויטש האָט נארישעוואטע געשמייכלט, ווי געוויינלעך א מענטש, וואָס שטייט אנטקעגן א צווייטן מענטשן און וויל, אז יענער זאָל טרעפן, ווער ער איז.

— ווארט נאָר אויס. אָט שוין זאָג איך. קיין סקלעראָז האָב איך נאָך ניט. כ׳ווייס שוין! — האָט זי זיך דערפרייט. — ראָגאָזין! איוואן וויקטאָראָוויטש ראָגאָזין!

— דאָרע מארקאָוונע, גאָט איז מיט דיר! צי דען בין איך ענלעך אף איוואן וויקטאָראָוויטשן? ראָגאָזין, דער פאָרזיצער פון דער גאָרטן־קאָמיסיע, איז דאָך געווען, געדענק איך, זייער א הויכער.

— יאָ, יאָ, טאקע. ווער זשע ביסטו? ניט קאָראָטון פון מעכאנישן צעך?

— ניין, ניט קאָראָטון. כ׳וועל דיך ניט מאטערן, דאָרע מארקאָוונע. איך בין כאנין, ליאָווע כאנין.

— ליאָווקע כאנין פון דער קאָנסטרוקטאָרסקע? האָסט זיך היפש געביטן, נאָר איצט זע איך שוין, אז דאָס ביסטו. עס האָט מיך פארפירט דײַן שעוועליורע... כ׳מיין, די פריערדיקע שעוועליורע... מיר האָבן דיך דאָ א סאך מאָל דערמאָנט. דו ביסט דעמלט אוועקגעפאָרן, און ריבקינס דערפינדונג איז געבליבן הענגען אינדערלופטן, אבי דו האָסט צוגעזאָגט...

— דאָס געדענקסטו גראָד? — האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך צעלאכט. ער האָט ווידער געזען פאר זיך די פרײַערדיקע דאָרע מארקאָוונע, וואָס טרעפט ניט אָפּ, ביז מע רעאליזירט ניט די פאָרשלאָגן פון „בריז״. — ארבעטסט נאָך אפן אלטן אָרט?

— נו, יאָ, אין „בריז״.

— וואָס מאכט יאָנע שעפּאָוויטש?

א שווארצער וואָלקן האָט זיך אוועקגעלייגט אף דאָרע מארקאָוונעס פארברענט פּאָנעם, די קארבן אפן שטערן זײַנען געוואָרן טיפער, די ליפּן האָבן א ציטער געטאָן.

— ניטאָ יאָנע שעפּאָוויטש... שוין צוויי יאָר... עס זײַנען בא אים געווען צוויי הארץ־אטאקעס, און די דריטע... איך בין ניט געווען אין שטוב. פארשפּעטיקט. ער ליגט דאָ אפן בעסוילעם, לעבן זײַן טאטן...

לעוו באָריסאָוויטש האָט א טראכט געטאָן, אז אין מעשעך פון די אלע יאָרן האָט ער יאָנע שעפּאָוויטשן ניט אָנגעשריבן אפילע קיין איין בריוו. אלץ אָפּגעלייגט אף שפּעטער — מע וועט זיך אמאָל באגעגענען, וועט מען זיך דורכריידן וועגן אלץ. נאָך דער נאכט אין ערעאָפּלאן, נאָכן ארומפאָרן איבער דער שטאָט, איבערן שטעטל און דעם ארומגיין דאָ איבערן יישעוו, נאָך די פיל אײַנדרוקן, וואָס ער האָט געהאט, האָט ער דאָך דעם גאנצן טאָג ווינציק־וואָס געפילט די מידקײַט. זייער מיד, פארמאטערט האָט ער זיך דערפילט ערשט איצט. די מידקײַט האָט זיך ארופגעוואלגערט אזוי, אז עס איז אים געוואָרן שווער צו שטיין אף די פיס און ס׳האָט גענומען שווינדלען אין די אויגן.

די פּילצאָליקע פראגעס, וואָס לעוו באָריסאָוויטש האָט פרײַער בעדייע געהאט צו שטעלן דאָרע מארקאָוונען וועגן לעבן אינעם יישעוו, וועגן די אלגעמיין־באקאנטע, זײַנען שוין איצט געבליבן ניט ארויסגעבראכט. דער

ווײַטערדיקער געשפּרעך האָט זיך געפֿירט נאָר מיט קורצע אָפּגעהאַקטע פֿראַזעס.

— וואָס מאַכן די קינדער?

— דאָס עלטערע מיידל האָט כאַסענע געהאַט, דאָס ייִנגל האַלט עקזאַ־מענעס אינעם אוניווערסיטעט. און דו?.. — האָט דאָרע מאַרקאָוונע גע־פֿרעגט. — לעבסט, דוכט זיך, אין מאָסקווע?

— איצט לעב איך דאָ. פֿון הײַנט אָן...

— געקומען א קוק טאָן אויף אונדזער זאַוואָד?

— ניט נאָר א קוק טאָן, איך האָב דאָ א וויכטיקן ענינעז. כ׳וועל דאָ בא אײַך זײַן זייער אָן אָפּטער גאַסט. ווײַז, כ׳וועל העלפֿן א ביסל טראָגן דעם קאָשעק, — האָט ער מיט דער האַנט זיך א צי געטאָן צום קוישל, כאָטש ער האָט געפֿילט, אַז ער וועט איצט ניט קאָנען טראָגן אפֿילע אַזאַ קליינע מאַסע.

— א דאַנק, עס איז ניט שווער. נעם אָן אַפּעלסין.

— איך האָב זיך מיט זיי אָנגעגעסן אין מאָסקווע.

— נעם, זאָג איך! — האָט זי אָנגעהויבן צושטיין, ווי זי קען. ער האָט געמוזט נעמען. זיי האָבן זיך צעזעגנט. דאָרע מאַרקאָוונע איז אוועק, און ער האָט זיך אומגעקערט אויף צוריק. אים האָט זיך זייער געוואָלט אַרײַנ־גיין אויפֿן זאַוואָד, נאָר שוין זײַענדיק לעבן טויער, האָט ער איבערגעקלערט און באַשלאָסן אָפּלייגן דעם באַזוך אויף אַן אַנדערשמאָל. ער איז ניט געווען בעקויעך איצט אומצוגיין איבער דער גרויסער זאַוואָדישער טעריטאָריע. ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין א טאַקסי־מאַשין און אוועקגעפֿאָרן אַהיים, אין דער נײַער היים — אין שטעטל.

## צוויי ברידער

אַזעלכע דושנע אָוונטן זײַנען, דוכט זיך, נאָר מעגלעך אין אַשכאַבאַד און אין טאַשקענט. פֿונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען דאָ אין סיביר? אין לעוו באָריסאָוויטשעס „ליוקס״־נומער זײַנען אָפֿן די פֿענצטער, נאָר קיין ווינטל, קיין שאָרך דערטראָגט זיך ניט. אויף דער גאַס, אויף די בענק בא דער קלומבע, זיצן די גליקלעכע עלטערן, וואָס זייערע קינדער זײַנען אָנגע־קומען אין אוניווערסיטעט. זיי טרײַבן פֿון זיך די קאָמאַרלעך און ריידן היימיש־אויפֿגעלייגט וועגן אַלץ אין דער וועלט, נאָר דעריקער וועגן אוי־ניווערסיטעט, מיט וועלכן זיי זײַנען שוין געקניפּט און געבונדן. די ווער־טער „אַביטוריענט״, „פּראָפֿעסור״, „לעקציעס״, „דעקאַנאַט״, „פּיזמאַט״, „סטיפּענדיע״ גליטשן זיך בא זיי גרינג פֿון די צינגער, פּונקט ווי מע וואָלט געבוירן געוואָרן מיט זיי.

— ווען מיר וועלן קומען קיין טשערנאָוויץ און מע וועט זיך דאָרטן דערוויסן, אַז צוועלף אונדזערע אַביטוריענטן האָבן אויסגעהאַלטן און זײַ־נען אָנגעקומען אויפֿן פּיזמאַט, מעכפּאַק, ביאָפֿאַק, — פֿאַרגייט זיך אין א האַ־נאָעדיקן געלעכטער דער ייִד דער היפּערטאָניקער, וואָס האָט דערפֿונדן די

פלאַסטמאַסעווע סאָטעס, — שווער איך אײַך, אַז איבעראיאָר וועט אַהער אַראָפּקומען אַ גאַנצער טשערנאָוויצער עשעלאָן.

ווײַטער אַ ביסל, הינטער דער קלומבע, באַם ראַנד פון וואַלד איז אַ גאַנצער לאַגער פון טוריסטן, וועלכע זײַנען געקומען אַהער צו פאָרן אויף זייערע אייגענע מאַשינעס. באַ די אָנגעצונדענע פאַרעס פאַרנעמט מען זיך מיט דער ווירטשאַפט, יעדער מאָל עפנט מען די טירלעך פון די מאַשינעס, עפּעס נעמט מען אַרויס, עפּעס לייגט מען אַרײַן, מע גרייט די נאַכטלעגערס, די „וואָלגעס" און „מאָסקוויטשן" ווערן פאַרוואַנדלט אין שלאָפצימערן. אין דער „וואָלגע", וואָס איז אַרויסגערוקט פאָרויס פון די איבעריקע מאַשינעס, האָט זיך באַשטאַט אַ פאַמיליע פון דרײַ מענטשן — אַ מאַנספאַרשוין, וואָס זינגט אַריעס, אַ פרוי, וואָס הייסט אים אופהערן זינגען, און אַ גראָבטשינק מיידעלע, וואָס דאַרף שוין שלאָפן און וויל ניט. דאָס פאָרפאָלק האָט באַשלאָסן נעכטיקן אונטערן פרײַען הימל, און דאָס מיידעלע האָבן זיי פאַרשפּאַרט אינווייניק, אין דער מאַשין, וויינט עס, קלאַפט און טופּעט מיט די פיסלעך, ביז מע באַפרײַט עס ניט און מע נעמט ניט צו זיך אויפן אויסגעשפרייטן געלעגער אויפן גראָז. איינעם שכיינעסדיקן „מאָסקוויטש" באַלעבאַטעוועט נאָר איין מענטש, ער גייט אום צוגאַסט פון איין מאַשין צו דער צווייטער, באַקוקט באַ יעדן די עקיפּירונג, און די גאַנצע צײַט זאָגט ער „מאָרגן", פאַרבינדנדיק מיטן מאָרגן אַלע בעסטע זאַכן, וואָס קענען נאָר זײַן געמאָלט: מאָרגן וועט מען זיך באַקענען מיטן שטעטל, מיט אַלע זײַנע אינסטיטוטן, מאָרגן וועט מען זיך באָדן אין יאַם, מאָרגן וועט מען כאַפּן אַ שנאַפּס. אין נאָך איינעם אַ „מאָסקוויטש" וווינט אַ יונג פּאָרל. די פאַרעס פון זייער מאַשין האָבן געברענט עטלעכע מינוט, ווי נאָר צוליב דעם, אַז מע זאָל קאָנען זען צוויי גליקלעכע יונגע פּנעמער, דערנאָך איז פינצטער געוואָרן, עס בלאַנקען נאָר די אַראָפּגעלאָזענע ווײַסע פאָרהענגלעך איבער די שויבן. דאָס איז די שטילסטע און רויִקסטע מאַשין.

עס איז ניטאָ דער טאָג, ווען אינעם שטעטל זאָלן ניט זײַן קיין געסט. עס קומען אייגענע, עס קומען אויסלענדער, מע קומט אויף עקסקורסיעס, מע קומט אויף פאַרווײַלונג. איבערן שטעטל גייען אַרום זשורנאַליסטן און פאַרשרײַבן די וווּנדער, וואָס זיי זעען אויף שריט און טריט. שפּעט אין אָוונט לייענען זיי איבער דאָס אָנגעשריבענע און ס'קומט זיי אויס זיך צו פאַרטראַכטן: צי האָבן זיי אין אײַלעניש ניט פאַרפּלאָנטערט דעם פּראָדוקט מיטן אַנטיפּראָדוקט, דעם פּאָזיטראָן מיטן נייטראָן, ניט פאַרצייכנט מיליאַרדן אָנשטאָט מיליאָנען?.. דאָס שטעטל איז אַזוי ווי אַ קאַלע־מיידל, וואָס האָט אַליין ניט באַמערקט, ווי גיך עס איז אויסגעוואַקסן, מיטאַמאָל זיך אַ הייב געטאָן, געוואָרן אַ שיינהײַט, אַ שײַנדלינג, וואָס מע פאָרט עס אָנקוקן, ווי אויף כידושים.

פון צײַט צו צײַט קומען פאָר אין שטעטל לאַנד־ און צווישנפעלקערלעכע קאָנפערענצן, פאַרשיידענע פאָרומס און סימפּאָזיומס. דאַן הייבט מען אָן מיט אַ וואָך אָדער צוויי פריִער קאַלכן, פאַרבן, ראַמען, פּוצן. אין האָטעל „עווריקאַ" בײַט מען די גאַרדינעס אויף די פענצטער און די סטעזשקעס אין די קאָרידאָרן. די וויצלינגען, וואָס זײַנען פאַראַן צווישן געלערנטע

נאָך מער, ווי צווישן שרײַבער און ארטיסטן, כאַכמענענן זיך, אז מע דארף אָפּלייגן דעם סימפּאָזיום, מע זאָל באַוויַיזן ווילײַנאַרדענען דאָס שטעטל.

אויך איצט האָט מען זיך דאָ געגרייט צו א באגעגעניש. עס האָבן גע־זאָלט אראָפּקומען געלערנטע פון פיל לענדער, וואָס זײַנען געווען אין מאָסקווע אף א קאָנפערענץ און האָבן באשלאָסן א טייל זיצונגען זייערע אריבערטראָגן אינעם ווײַטן סיבירער שטעטל. אף איינער א זיצונג האָט לעוו באַריסאָוויטש געדארפט האלטן א פאָרטראָג.

— אײַער פאָרטראָג וועט זײַן ביז גאָר אינטערעסאנט, — האָט אים אונ־טערגעמונטערט דער אקאדעמיקער מעזענצעוו, וועלכער האָט געשטרעבט, אז די געסט זאָלן קריגן א פול און גענוי בילד וועגן די ארבעטן, וואָס ווערן געפירט אינעם שטעטל.

זיצט ער, לעוו באַריסאָוויטש, בא זיך אינעם נומער און גרייט זיך אינ־טענסיוו צום פאָרטראָג. ער איז אזוי ארײַנגעטאָן אין זײַן באליבטער טע־מע, אז די גאנצע צײַט זעט ער געדאנקלעך פאר די אויגן אן אומופּהער־לעכן שטראָם פון צעשמאָלצענעם שטאָל, דער מעטאל פליסט — אן אייבי־קער שטראָם, ווי דאָס לעבן אליין.

ס'איז געווען נאָך ניט שפּעט אין אָוונט, ווען לעוו באַריסאָוויטש האָט זיך אופגעהויבן פון טיש, פארכושט א קוק געטאָן ארום זיך אינעם גרויס־ארטיקן „ליוקס"־נומער, געווענדט דעם בליק אפן שווארצן וואלד הינ־טערן פענצטער. די שטאָלענע פײַערדיקע מאסע, וואָס האָט פריִער אָן אופ־הער ווי געפלייצט פאר די אויגן, איז געוואָרן אויסגעלאָשן, זי האָט אופ־געהערט צו פליסן, און פונקט ווי דער שטראָם וואָלט טאקע געווען זײַן אפּדערעמעסן, ניט קיין אויסדאכטעניש, איז לעוו באַריסאָוויטשן געוואָרן קאלט. קאלט און אומעטיק. א מאָדנער אומעט, ניט צו פארשטיין, פונוואַ־נען האָט ער זיך מיטאמאָל גענומען. אָקאָרשט איז דאָך אים געווען אזוי גוט, אזוי געמיטלעך, ער האָט געהאט אזא האנאָע פונעם צייכענען דעם עסקיז פונעם נײַעם אגרעגאט, פון די אויסרעכענונגען, פון די כעזשבוינעס, וואָס פירן, ווי אים דוכט, צום געוווּנטשענעם רעזולטאט. דער אומעט, ווי א לעבעדיק וועזן, האָט אים ארומגעכאפּט און גענומען דריקן אונטערן הארצן. ער טאָר, ווײַזט אויס, ניט זײַן אליין. ווי גוט וואָלט געווען, ווען וואָלאָדיע זאָל איצט זײַן לעבן אים, זיצן אָט דאָ באם טיש און בלעטערן א בוך, ברעכן דעם קאָפּ איבער א קאָמפּליצירטער אופגאבע, פון די, וואָס מע גיט די כעוורע אף די מאטעמאטישע אָלימפּיאדעס. אין איינעם פון די גאָר אלטע בלאָקנאָטן איז בא לעוו באַריסאָוויטשן פארשריבן די דאטע פון א גרויסער סימכע, א פריידיקער און לוסטיקער געשעעניש: וואָלאָדיע דער־גרייכט שוין ביז דעם ברעטל פונעם פענצטער. ווען ער שטעלט זיך אף די שפּיץ פינגער, קאָן ער דאָס נעזל צופּלעטשן צו דער שויב. איצט איז וואָ־לאָדיע שוין העכער פון אים, און ער איז ווײַט, וואָלאָדיע, און פאָליע איז אויך ווײַט. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אז נאָכן גרויסן כורבן האָט ער ווידער אויסגעבויט א מישפּאָכע, אײַנגעאָרדנט דאָס פאמיליען־לעבן. נאָר אָט איז ער ווידער איינער אליין — אָנעם זון און אָן דער פרוי; דאָס הארץ זאָגט אונטער, אז צוזאמען וועלן זיי זײַן ניט אזוי גיך, עפּשער קיינמאָל ניט.

עס וועלן נאָר זײַן קורצע זעענישן, עפּיזאָדישע אויספלוגן הין און צוריק אפן „טו־104“ קיין מאָסקווע און פון מאָסקווע. פּאָליע וועט ניט קומען אף שטענדיק, און זי וועט אויך ניט אָפּלאָזן פון זיך וואָלאָדיען. לעוו באָריסאָוויטש כאפּט זיך באם געדאנק, אז נאָך וואָלאָדיען בענקט ער מער, ווי נאָכן ווײַב. עפּעס האָט זיך אײַנגעבראָכן בא אים אין די באציִונגען מיט פּאָליען. עס עגבערט אים אן עגאָיִסטישער געדאנק, אז פּונקט ווי זי האָט פּארגעסן דאָווידן, וואָלט זי דאָך אים אויך אינגאנצן פארגעסן, ווען ער זאָל זײַן אף יענעמס אָרט און האָבן יענעמס גורל — דעם גורל פון א סאָלדאט אין א נאָמענלאָזן קייווער. צי דען איז עס טאקע אין דעם מענטשנס נאטור צו פארגעסן אפילע די נאָענטסטע מענטשן?

ערגעץ איז געזאָגט, אז א ווײַב קאָן זײַן די פליגל פארן מאן און קאָן אים זײַן א שטיין אפן האלדז. פּאָליע איז ניט קיין פליגל און ניט קיין שטיין. זייערע לעבנס האָבן זיך ניט צוזאמענגעגאָסן, ער איז א וועלט פאר זיך, זי — פאר זיך. ער האָט ניט אויסגעזונגען די ערשטע ליבע, זינגט זיך ניט די צווייטע. עס מעגן די ציניקער לאכן, נאָר איצט גלייבט ער, אז א ליבע, א גרויסע, שיינע ליבע, איז פאראן נאָר איינע און מיט איר קאָן מען זײַן באגליקט נאָר איין מאָל אין לעבן.

„מע דארף מאכן א קליינעם שפּאציר פארן שלאָף“, — האָט ער הויך א זאָג געטאָן צו זיך אליין, ארופגעוואָרפן אף זיך דאָס רעקל, ארויס פון צימער און מיט א פּאמעלעכן גאנג, ווי עס פּאסט, ווען מע גייט אף א שפּאציר, זיך געלאָזט איבערן קאָרידאָר צום וועסטיביול און צו די טרעפּ. אין העל־באלויכטענעם וועסטיביול, ווו עס זיצן געוויינלעך בא די נידעריקע טישלעך די שאָך־שפּילער און לעבן זיי עטלעכע שטילע צושויער וואָס מוזן בייסמײַסע דערשטיקן אין זיך און ניט ארויסבאווײַזן די אייגענע קענטשאפטן און אײַנפאלן, איז דאָס מאָל, גאָר אומגעריכט פאר לעוו באָריסאָוויטשן, געווען אויסערגעוויינלעך לעבעדיק און טומלדיק. די טישלעך זײַנען געווען צוגערוקט צו די ווענט, און פון די שפּילער איז ניט געווען קיין זייכער. פון אונטן ארופצו איבער די טרעפּ האָט זיך געצויגן א בונטער מאנצבלשער אוילעם, עס האָבן זיך געלאָזט הערן פארשיידענע לעשוינעס — ענגליש, פראנצויזיש, דײַטש. אייניקע מאנספארשוינען, דאפקע פון די יִינגערע, ניט געקוקט אפן ווארעמען אָוונט, זײַנען געווען שטײַף פארפּאקעוועט, פארשפּיליעט אף אלע קנעפּ, מיטן הארטן קראוואט און שניפּס אפן האלדז און מיט די ווײַט־ארויסגעבראכטע פון אונטער די ארבל פון די שווארצע רעק בלענדיק־ווײַסע מאנזשעטן מיט די פינקלענדיקע זאפּאָנקעס. די אנדערע — אזעלכע זײַנען געווען אין דער מערהײַט — האָבן זיך געהאלטן פרײַער — דאָס רעקל אף דער האנט אָדער אריבערגעוואָרפן איבערן אקסל, די הוט — אויך אין האנט, דאָס קעלנערל פון דער טעניסקע — ברייט צענומען; עטלעכע פארשוין זײַנען געווען אין גאָלפן. דאָס שוכווארג האָט אָן אויסנאם בא אלעמען געבלאנקט. די אדמיניסטראטאָרס און די אופראמערנס פונעם האָטעל האָבן געהאָלפן טראָגן די טשעמאָדאנעס, אף וועלכע עס זײַנען געווען אופגעקלעפּט די עטיקעטקעס פון אעראָדראָמען פון אייראָפּע און אמעריקע.

האַלטנדיק זיך נאָענט צו דער פּאַרענטשע, ניט צו שטערן דער מענגע, וואָס גייט אַרויף, האָט לעוו באָריסאָוויטש גענומען אַראָפּגיין פון די טרעפּ. בײַסמײַסע האָט ער זיך פאַרקוקט און פּאָנעם צו פּאָנעם זיך צוזאַמענגע־שטויסן מיט אַ מאַנספאַרשוין, וואָס האָט זיך אויך געהאַלטן מיט אַ האַנט בײַ דער פּאַרענטשע; אין דער אַנדערער האַנט איז בײַ יענעם געווען אַ צוזאַמענגעקנייטשטע בערעטקע. ביידע — לעוו באָריסאָוויטש און דער גאַסט — האָבן אָוועקגעכאַפּט די הענט פון דער פּאַרענטשע און געמאַכט אַ טראָט אָן אַ זײַט, אַזוי אַז זיי האָבן זיך ווידער צוזאַמענגעטראָפן פּאָנעם צו פּאָנעם, דזשענטלמעניש אַ שמייכל געטאָן איינער צום אַנדערן און זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. „העלאָ, מיסטער כאַנין!” — האָט עמעצער פון די אונטערשטע טרעפּ הויך אַ רוף געטאָן. „יעס!” — האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ דער זעלבער פאַרשוין מיט דער בערעטקע אין דער האַנט, און לעוו באָריסאָוויטש האָט געקראָגן די מעגלעכקײַט אים צו זען אַ דריט מאָל, אָבער איצט האָט ער שוין זייער אויפמערקזאַם געגעבן אַ קוק אויפן מענטשן, וועלכער טראָגט דעם זעלבן פאַמיליע־נאָמען, וואָס ער. יענער האָט שוין אויך אַ ביסל מער פאַרהאַלטן זײַן בליק אויף לעוו באָריסאָוויטשן. עפּעס זייער באַקאַנטס און נאָענטס, ווי אַ מײַסעלע פון דער ווײַטער קינדהײַט, אַ ווײַטער קינדערשער כאָלעם האָט זיך אַ וועב געטאָן פאַר די אויגן פון די ביידע באַיאָרטע לײַט. לויט דער אינערציע האָבן נאָך ביידע געמאַכט צו איין טראָט — איינער אַרויפצו, אויף די טרעפּ, דער אַנדערער — אַראָפּצו, פון די טרעפּ, און זיי האָבן זיך צוריקגעקערט.

— דו? — האָט זיך אַרויסגעריסן באַם מעוווּלוועלן לעוו באָריסאָוויטשן. און טאַקע נאָר ווי פון אַ ווײַטן כאָלעם איז געקומען דער ענטפער — אויך אַ מעוווּלוועלער, אַ פאַרלוירענער און אַ פריידיקער.

— יעס, איך... האַרי כאַנין... הערשל, — האָט ער זיך פאַרכאַפּט און אָנגערופן זײַן גאָר אַמאָליקן, היימישן, שוין לאַנג ניט געברויכטן נאָמען.

זיי האָבן זיך אַרומגענומען און צעקושט.

— העלאָ, מיסטער כאַנין! — האָט נאָכאַמאָל, און העכער, אויסגעשריִען דאָס זעלבע קול, וואָס האָט אים גערופן פריִער. — אָ, אַ באַגעגעניש, קאָ־לעגע! אָלרײַט!

— אַלטע באַקאַנטע? — האָט געפרעגט דער אַקאַדעמיקער מעזענצעוו, וואָס האָט צוזאַמען מיט אַנדערע אָנפירער פונעם שטעטל באַגלייט די געלערנטע אין האָטעל און האָט צוגעזען די סצענע.

— Brothers[1].

— Братья[1], — האָבן לעוו באָריסאָוויטש און האַרי געענטפערט און מיט אַזאַ פאַרווונדערונג צוגעשמייכלט, ווי זיי וואָלטן נאָך ניט געגלייבט אין דער וואָרהאַפטיקײַט פון דער פּאָרגעקומענער געשעעניש.

דער פּאָטאָ־רעפּאָרטיאָר פון דער אָרטיקער צײַטונג האָט געהאַלטן אָנ־געצילט דאָס אייגל פונעם אַפּאַראַט אויף די ברידער, אָבער צו זײַן טיפן פאַרדראָס האָט ער דורכגעלאָזט דעם ערשטן מאָמענט און ניט באַוויזן זיי

---

[1] ברידער.

אָפּצופּאָרטרעטלען, ווען זיי האָבן זיך געהאלטן ארומגענומען. די געסט און די ניט־געסט האָבן מיט אינטערעס און מיט גינציקער לײַטזעליקײַט צוגע־קוקט די אויסטערלישע באגעגעניש.

אין עטלעכע מינוט ארום זײַנען די ברידער געזעסן בײַ לעוו באַריסאָ־וויטשן אין נומער, ביידע טאקע גאנץ ענלעך איינער אפן צווייטן. ווייניק געריקט אין די יאָרן, איינעם בײַ די פּופּציק (האריך), דעם אנדערן — א ביסל אריבער די פּופּציק (לעוו באַריסאָוויטשן). צוויי ברידער, וואָס זײַנען אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע געקומען צו פאָרן מיט די עלטערן אין א שטאָט אף אוקראַינע, נאָכדעם ווי מע האָט זיי ארויסגע־טריבן פון דער אלטער אײַנגעזעסענער היים אין דער ליטע. נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקײַט די בעזשענ־צעס זיך אומצוקערן אהיים. א סאך זײַנען דאן אוועקגעפאָרן, אָבער א סאך זײַנען אויך פארבליבן דאָרט, ווו זיי זײַנען פארוואָגלט געוואָרן. שווער איז געווען ווידער דורכמאכן דעם לאנגן וועג — און וווּהין פאָרן, וווּהין קו־מען, בײַ אוועלכער ארבעט זיך שטעלן — אינעם אלטן, וויסטן, כאָרעוון שטעטל, ווו, מעגלעך, עס איז שוין ניטאָ אפילע דאָס שטיבל, אין וועלכן מע האָט געוווינט (די ליטוואקעס זאָגן ניט „ווּינען", נאָר „וויינען", און אין געגעבענעם פאל זײַנען זיי געוויס געווען גערעכט). עס האָט געצויגן אהיים, אָבער וואָס איז דאָס, אייגנטלעך, געווען פאר א היים, ווער האָט דאָרטן אָנגעגרייט פאר די צוריקגעקערטע מילכאָמע־פּליטים א דאך איבערן קאָפּ, בולבע צו זאט, הייצונג אף ווינטער, — א גורל האָלץ איז דאָרטן שטענדיק, נאָך פאר דער מילכאָמע, געווען מיט גאָלד צוגלײַך. דער פּע־טער איטשע איז געווען א קאצעוו — ריכטיקער, א פליייש־העקער בײַ א קאצעוו, קיין אייגענע יאטקע האָט ער ניט געהאט. א געזונטער ייִד, מיט קנאָפּ געלט אין קעשענע, אָבער א סאך קויעך אין די הענט. דער פעטער איטשע האָט געזאָגט, אז אים שרעקט ניט דער וועג צוריק, ער קאָן אפילע מיט זיך פארכאפּן א קינד פון דער שוועסטערס כאליאסטרע — עס זאָל בײַ איר בלײַבן ווייניקער מיט אן עסער. שפּעטער, ווען ער וועט זיך ארומ־קוקן און זיך פארפונדעווען אין שטעטל, קריגן אן אייגענע יאטקע, וועט ער ארויסשיקן געלט אף הויצאָעס, און די ליבע שוועסטער מיטן מאן און מיט די איבעריקע קינדער וועלן אויך קומען צו פאָרן. ער איז געווען א גוטער פעטער, דער אָנשפאר פאר דער גאנצער כאנין־מישפּאָכע. ער האָט טאקע אייניקע מאָל גוט געהאָלפן — פון דער פרעמדער יאטקע האָט ער זיך אויסגעקליגערט ארײַנצוברענגען א שטיקל פליייש ניט נאָר צו זיך אין שטוב, נאָר אויך אין דער שוועסטערס כאלופּע.

מע האָט גענומען קלערן, וועמען פון די קינדער אוועקשיקן. דעם פּע־טער איטשעס ווײַב, די מומע סאָרע, האָט צוגערופן צו זיך איין קינד נאָכן צווייטן, ארײַנגעשטופּט אין הענטל א ווייכע אָפּגעגאנגענע צוקערקע און געפרעגט, צי האָט מען זי, די מומע, האָלט. דער ענטפער איז געווען, אז יאָ, מע האָט זי האָלט. דאן האָט די מומע סאָרע ווײַטער געפרעגט, צי האָט מען אויך האָלט דעם פעטער איטשע. אים האָט מען אוודע האָלט געהאט. „נאָך מער פון מיר?" — איז די מומע סאָרע אפילע שוין געווען

א ביסל באליידיקט. „גלײַך אַף גלײַך״, — האָט מען זי באַרויִקט. דאָס זיבנ־יאָריקע אויסגעדאַרטע הערשעלע — דער איצטיקער האַרי — האָט געהאַט גאָלדענע הענט — ער האָט געהאַלטן אין איין מײַסטרעווען, געשניצט, געקלעפּט. פון אונטער זײַנע לאַנגע שטעקלדיקע פינגער זײַנען אַרויס אַנטיקלעך, צו גיין קוקן אַף כּידושים: מענטשעלעך, פייגעלעך, שיפעלעך. וואָס פאַר א זאַך מע האָט אים ניט פאַרגעלייגט צו מאַכן, האָט ער געמאַכט, און אַז מע האָט בא אים געפרעגט, וויאַזוי באַקומט זיך דאָס בא אים, האָט ער מעיושעוודיק געענטפערט: „איך באַקלער״, דערבײַ געהאַלטן אָנגע־שטעלט אַפּן פּרעגער זײַנע קײַלעכיקע גרויסע אויגן — דאָס איינציקע לע־בעדיקע פאַרמעגן זײַנס, וואָס איז ניט געווען אײַנגעשרומפּן און באַשרענקט, נאָר פאַרקערט, געווען גרויס, אַפילע צו גרויס, און איבערפולט מיט שוואַרצן ברענענדיקן גלאַנץ, ווי גוטער קוילן־אַנטראַציט. באַם פעטער איטשע און בא דער מומע סאַרע איז דער אויסוואַל געפאַלן אַף אים, גלײַך נאָר, ווי זיי זיך האָבן באַשלאָסן צו נעמען מיט זיך א קינד. „הערשעלען האָב איך האָלטער פון אַלעמען״, — איז די מומע סאָרע אָפּנהאַרציק זיך מודע געווען. זי האָט אים לאַנג געהאַלטן אַף די קני, געווישט מיט א גרויסער טוך דאָס נעזל, און אויסער דער צוקערקע, וואָס יעדערער האָט באַקומען, האָט זי אים אַרײַנגערוקט נאָך איינע.

— וועסט לעבן, הערשעלע, מיט אונדז, בא אונדז אין שטוב.

— איך האָב אליין א סטוב.

— וועסט שלאָפן אין א בעט.

— איך האָב אליין א בײ־יעט, — האָט הערשעלע טאַקיפדיק אויסגעצויגן מיט זײַן גראָבלעכן קעלכל.

דער טאַטע האָט געהאַט נאַכעס פונעם זינדלס אײַנגעשפּאַרטקײַט, און די מאַמע האָט אוואָדע האַנאָע געהאַט פון הערשעלעס קלוגע ענטפערס. דער געדאַנק וועגן אוועקגעבן א קינד, זאָל זײַן אַפילע צו אַזאַ גוטן פע־טער, ווי דער פעטער איטשע, און צו אַזאַ גוטער מומע, ווי די מומע סאָרע, איז די עלטערן גאָר ניט געפעלן געווען.

— וואָסי, אים וועט זײַן בא אונדז ערגער, ווי בא אײַך? — האָט די מומע סאָרע אַף זיי זיך צעשריִען. — מיר נעמען אים, כּאַלילע, צו אַף אייביק? ווען איר וועט אים האָבן וואָס צו געבן עסן, וועלן מיר אים גלײַך אָפּשיקן, אָדער, אימירצעהאַשעם, איר וועט אליין אַראָפּקומען מיט די איבעריקע קינדער. אַן אַלטע היים פאַרוואַרפט מען ניט.

הערשעלע איז אוועקגעפאָרן, ניט ווייסנדיק, אַז ער געזעגנט זיך אַף שטענדיק מיט טאַטע־מאַמע, מיט די ברידער און שוועסטער, אַז ערשט מער ווי אין פערציק יאָר אַרום וועט ער זיך טרעפן מיטן סאָריד־אוּפּאָ־ליט פון דער געוועזענער גרויסער מישפּאָכע.

פון ליטע איז דער פעטער אוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. א יאָר צען איז ער נאָך אויך דאָרטן געווען א פליישר־הענקער, א קאַצעוו־יונג, ביז ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו אַן אייגענער יאַטקע „קאָשער פליישר״ און די פאַר־דינסטן זײַנען אוועק ניט שלעכט. ער האָט געקענט אײַנריידן זײַנע קוי־

נעטעס, אז א מארך־ביין איז בעסער פונעם ווייכסטן שטיקל פלייש. ער איז אויך שוין ניט געווען אזוי פרום, ווי אינעם שטעטל, און אייניקע מאָל געהאנדלט ניט נאָר מיט קאָשערס. דעם פלעמעניק האָט ער ליב געהאַט, געהאלטן פאר אן אייגן קינד, ניט באליידיקט און ניט געקארגט צוליב אים קיין סכאר־לימעד.

הערשעלע, וואָס האָט זיך שוין לאנג גערופן הארי, איז נאָך דער סקול אָנגעקומען אין א קאָלעדזש, אפן מעדיצינישן פאקולטעט. די גרויסע פליַי־סיקיַיט צום לערנען, דער אָפענער מויעך, די גאָלדענע הענט, מיט וועלכע ער האָט אמאָל פלינק און קונציק געמיַיסטרעוועט פארשיידענע צאצקעס, האָבן אים גוט צוגעהאָלפן. מיט דער ציַיט איז ער געוואָרן א קארדיאָ־כירורג. די פינגער, וואָס האָבן געקלעפט מענטשעלעך און געבויט פאפירענע שיפן, האָבן איצט געניט און פאכמענעריש געהאלטן דעם סקאלפעל, איידל און רעטונגספול אריַינגעדרונגען אין די צארטסטע געוועבן פונעם מענטש־לעכן ליַיב. הארי כאנין האָט זיך באַרימט געמאכט מיט זיַינע אָפעראציעס אפן הארצן, דערהויפּט בא קינדער, וואָס זיַינען געבוירן געוואָרן מיט א הארץ־פעלער.

ווי עס טרעפט בייס א באגעגעניש נאָך א לאנגער צעשיידונג, דערביַי נאָך אזא מין אויסערגעוויינלעכער צעשיידונג, ווען מע געדענקט אפילע ניט, וויַאזוי מע האָט אויסגעזען, איז מען איצט, זיצנדיק איינער אנטקעגן דעם אנדערן אינעם צימער, אָפּגעקומען מיט קורצע פראגעס, קורצע ענט־פערס און קורצע אָפּגעהאקטע אויסרופן אלס ענטפער אף די ענטפערס. אלץ, וואָס איינער האָט געזאָגט, איז געווען א גרויסע ניַיס פארן צווייטן, און מער ווי גערעדט האָט מען זיך אָנגעקוקט, און יעדערער האָט בייס־מיַיסע געטראכט וועגן דעם, אז ווען זיי זאָלן זיך געווען טרעפן אף דער גאס, וואָלט מען זיך אוואדע ניט דערקענט און זיך פאנאנדערגעגאנגען, ווי צוויי פרעמדע מענטשן.

— העניען האָסטו געזען אין מאָסקווע? — האָט לעוו באָריסאָוויטש געפרעגט.

— וועלכע העניען?

— העניען, נו, גאָלדען. אונדזער שוועסטער.

— זי לעבט? — האָט הארי פריידיק אויסגעשריַען.

— אוואדע לעבט זי.

— אך, איך ווייס דאָך גאָרניט! דערצייל מיר וועגן איר. ניין, דערצייל פון אָנהייב. איך וויל וויסן אלץ. ווען זיַינען געשטאָרבן דער טאטע און די מאמע? דו ביסט געווען אף זייער לעוויַיע?

— ניין, אף קיין איין לעוויַע פון אונדזערע אייגענע בין איך ניט געווען. די עלטערן זיַינען אומגעבראכט געוואָרן בא די דיַיטשן. די שווע־סטער שיפרע און פייגעלע מיט זייערע קינדער זיַינען אויך אומגעקומען, מע האָט זיי אלעמען אריַינגעשליַידערט אין א גרוב; העניעס איינציקער זון איז דערהארגעט געוואָרן אפן פראָנט.

„אומגעבראכט", „אומגעקומען", „דערהארגעט" — די טרויעריקע ווער־

טער האָבן נאָכאַנאַנד זיך איבערגעכאַזערט. שווער איז געווען האַרין צו הערן, און נאָך שווערער איז לעוו באָריסאָוויטשן געווען צו ריידן.

— מײַן פאַמיליע, — האָט לעוו באָריסאָוויטש געזאָגט, — די פרוי און א פינפיאָריק יינגעלע, זײַנען אויך אומגעקומען. איצט האָב איך א צווייטע פאַמיליע, — האָט ער צוגעגעבן נאָך א ווײַלע שווײַגן.

— שוין לאַנג ווױנסטו דאָ? — האָט האַרי געפרעגט.

— ניין, ניט לאַנג.

— אף א צײַט געקומען?

— אף שטענדיק. דאָס אָרט איז פאַרבונדן מיט מײַן אַרבעט.

— און די פאַמיליע?

— וואָס האַלטסטו אין איין פרעגן און אליין דערציילסטו גאָרניט? — האָט לעוו באָריסאָוויטש געזאָגט קלוימערשט מיט א שפּאַס. עס האָט זיך אים ניט געוואָלט ריידן וועגן זײַנע פאַמיליען־אָנגעלעגנהײַטן.

— ווי פילסטו זיך אין געזונט? ווי איז בא דיר דאָס האַרץ, דער בלוט־דרוק? — האַרי האָט זיך אײַנגעקוקט אינעם ברודער מיטן געניט־פּראָפע־סיאָנעלן אויג פון א דאָקטער. אים איז ניט געפעלן געווען דער קאָליר פונעם פּאָנעם, די קישעלעך אונטער די אויגן. בייסמײַסע האָט ער זיך אויך דערמאָנט וועגן די אייגענע קישעלעך.

— דאָס האַרץ איז א האַרץ, — האָט לעוו באָריסאָוויטש געפּרוווט אָפּ־קומען מיט א מאַך מיט דער האַנט, ווי וועגן עפּעס אַזעלכס, וואָס עס לוינט ניט וועגן דעם צו ריידן.

— מאָרגן, ניין, נאָך הײַנט וועל איך דיך אויסהערן, און איך וויל, אַז דו זאָלסט מאַכן א קאַרדיאָגראַמע, איידער איך וועל אוועקפאָרן.

— איך האָב שוין א קאַרדיאָגראַמע.

— וועסט מיר זי ווײַזן.

— כ׳האָב זי איבערגעלאָזט אין מאָסקווע.

— וועלן מיר דאָ מאַכן א צווייטע, — איז האַרי ניט אָפּגעטראָטן.

— איך זע, אַז דו זוכסט אומעטום פּאַציענטן, — האָט לעוו באָריסאָ־וויטש דאָך געוואָלט אָפּקומען מיט א כאָכמע.

— אָך, טײַערער ברודער, — האָט האַרי ליבלעך אוועקגעלייגט זײַן האַנט אים אפן אַקסל, — איך האָב גענוג פּאַציענטן, און א ביזנעס גאָר א פײַנעם. א היפּש ביסל דאָלער א וויזיט, צוואַנציק מאָל אַזויפיל אַן אָפּע־ראַציע.

— צוליב וואָס זשע דאַרף איך דיך? בא אונדז היילט מען אָן א קאָפּעקע געלט.

— ניין, אין אַמעריקע היילט מען ניט אומזיסט.

— אפילע אַן אייגענעם ברודער?

— אייגענע — מיט ראַבאַט, — האַרי האָט אַראָפּגענומען די האַנט פונעם ברודערס אַקסל און אויפמערקזאַם זי באַטראַכט. — זעסט זי, — ער האָט צעשפּרייט די פינגער פון דער האַנט און זי אוועקגעלייגט אפן טיש. — די סטאַטיסטיק צײַגט, אַז מיר, קאַרדיאָכירורגן, לײַדן אליין אין דער גרעסטער צאָל אף האַרץ־קרענק. איך בין אָלרײַט. נאָר, צום טײַוול,

קעדיי צו ראַטעווען איין קינד, ליקווידירן איין קינדערשן האַרץ־פעלער, דאַרף מען האָבן צען געזונטע מאַנצבלשע הערצער. איך וועל דיר נאָר איין צוויי ווערטער דערציילן וועגן אַ לעצטן צופאַל, וואָס האָט געטראָפן בא מיר אין דער קליניק האַרט פאַר מײַן אוועקפאָרן און וואָס לאָזט מיך ביז איצט ניט צורו. איך האָב געמאַכט אַ ייִנגעלע אַן אָפּעראַציע, אַלץ איז דורך נאָרמאַל, צו מיר איז צוגעגאַנגען דעם ייִנגלס מוטער און געפרעגט וועגן זײַן צושטאַנד. איך האַלט, אַז די עלטערן דאַרף מען זאָגן דעם עמעס, פאַרלייקענען טאָר מען ניט, אָבער דאָס מאָל איז ווירקלעך געווען אַלץ אין אָרדענונג. „עס איז אָלרײַט“, — האָב איך געענטפערט. אַ רויִקער בין איך אוועק פון דער קליניק. ניט באַוויזן קומען אַהיים, מע קלינגט מיר: „דזשעקן איז שלעכט“. איך בין גלײַך געקומען צו פאָרן. דאָס אָרעמע קינד איז שוין געווען טויט. דאָס האַרץ קאָן מען אופלעבן נאָכן קליניִשן טויט. אָבער באַם ייִנגל האָט שוין באַוויזן אָפּצושטאַרבן די קאָרע פונעם מאַרך, און די קאָרע ווידער אופלעבן איז אומעגלעך. עס איז נאָך פאַראַן אַזויפיל געהיימניסן... אייניקע מײַנע קאָלעגן וואָלטן געוואָלט, אַז די צאָל טויט־צופאַלן זאָלן זיך בא מיר פאַרגרעסערן. נאָר לאָמיר וועגן דעם איצט ניט ריידן...

לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך דערמאָנט, אַז מע דאַרף דעם גאַסט מעכאַבעד זײַן, און ער איז מיט האַרין אַראָפּ אפן ערשטן שטאָק, אין רעסטאָראַן. לעוו באָריסאָוויטש האָט שוין דאָרטן געהאַט אַ באַליבט טישל — אין אַ ווײַטערן ווינקל, בא אַ פענצטער, און „זײַן“ אָפיציאַנטקע ניִנאָטשקע, וואָס ווי נאָר ער זעצט זיך אוועק, גייט זי צו, און אויב זי האָט ניט קיין צײַט טייקעף צוגיין, גיט זי אַ קוק אף אים און אַ שאָקל מיטן קאָפּ אַלס אַ סימען, אַז זי האָט אים אין זינען און וועט אים ניט לאָזן לאַנג וואַרטן. איצט איז דאָס באַשטענדיקע טישל געווען פאַרנומען, און ניִנאָטשקע מיט דער ווײַסער קרוין — דער הויב אפן קאָפּ, מיטן דרײַעקיקן פאַרטעכל אפן קלייד און מיט די טופּל אף הויכע, דינע טשוועקלעך, וואָס איין גאָט ווייסט, וויִאַזוי זי גליטשט זיך ניט אויס אפן געוועקסלטן דיל, טראָגנדיק די פולע טאַץ מיט די געריכטן, איז געווען פאַרהאַוועט און פאַרפּלאָמט. פונדעסט־וועגן האָט זי באַמערקט לעוו באָריסאָוויטשן, אַראָפּגעכאַפּט דאָס שילדל «Служебный»[1] פון אַ טישל און דאָרט באַזעצט אירע צוויי קונדן. זי האָט געבראַכט אַ קליינעם גראַפין ווײַן, אַ באַטאַמטן סאַלאַט. אף צוויי ניקלענע פּלאַטכע און לאַנגע טעלער — ביפשטעקסן מיט מערעלעך און צו־געברוינטער ציבעלע. האַרי האָט אָנגעגאָסן ווײַן אין די קעלי־שעקלעך.

— איך מעג דען טרינקען? — האָט לעוו באָריסאָוויטש געמאַכט קלויִ־מערשט אַ פאַרוווּנדערט פּאָנעם.

— און איך, מיינסטו, מעג?

ביידע האָבן זיך צעלאַכט, עלעהיי אַלטע געפערלעכע שיקורים, וואָס האַלטן, — צי טרינקט מען יאָ, צי טרינקט מען ניט, סײַווי שטאַרבט מען.

[1] פאר די מיטארבעטער.

מע האָט אופגעהויבן די קעלישעקלעך, און גרינג און פריילעך, פּונקט ווי יעדן טאָג וואָלטן זיי עס ארויסגעבראכט, האָט זיך באַ די צוויי ברידער אראָפּגעקײַקלט פון דער צונג א הויכער און מונטערער „לעכאַיִם!‟ מע האָט אויסגעטרונקען און מיט גוטן אַפּעטיט פארביסן.

— א שאָד, איך האָב ניט פארכאַפּט די פּיקטשעס פון מײַן פרוי, פון מײַנע קינדער, פון מײַנע אייניקלעך. יאָ, איך האָב שוין אייניקלעך, איך בין א זיידע, — האָט הארי אָן אופגעלייגטער דערציילט. — די טאָכטער, העלען, האָט כאַסענע געהאַט פאר א באָכער, וואָס האָט די ווערט פינף און אכציק טויזנט דאָלער. דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט ניט געוווּסט, ווו צו פארברענגען דעם האָניק־כוידעש. איך זאָל וויסן, אז דאָ איז אזוי רעספּעקטאבעל, וואָלט איך זיי רעקאָמענדירט א רײַזע צום אָנקל. ס'איז וווּנדערפול, מיר גלייבט זיך ניט, אז איך בין אין רוסלאַנד. איך בין געווען אין מאָסקווע באַ ווישניעווסקין אין אינסטיטוט; כ'גלייב, אז דאָ וועל איך זיך באקאַנען מיטן פּראָפעסאָר סקאלאָוו, כ'האָב פיל געהערט וועגן אים. ס'איז אויסגעצייכנט. דו ביסט דאָך א פיזיקער? — האָט ער געפרעגט מיט אזא טאָן, ווי עס וואָלט גאָר ניט געקאָנט זײַן אין דעם קיין צווייפל.

— איך בין א מעטאלורג.

— זייער ווויל, וואָס דו ביסט ניט קיין פיזיקער. פיזיק איז דער שווערסטער ביזנעס אף דער וועלט. פיזיק אַיז א גרויסע קלאָלע. איינשטיין האָט עס גוט פארשטאַנען, און די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן זײַנען באַ אים געווען אָפּגעסאמט פונעם געדאַנק, אז ער האָט מיטגעווירקט צו שאפן די אטאָם־באָמבע... פארשטייסט, ליבער ברודער, — הארי האָט אוועקגעלייגט די האַנט מיט די צעשפּרייטע פינגער אפן ברעג טישל, ווי ער האָט עס פריִער געטאָן באַ לעוו באָריסאָוויטשן אין נומער. ער האָט, ווײַזט אויס, ליב געהאַט באַטראַכטן זי, — די ציוויליזאַציע וואַקסט, די וויסנשאַפט באַ אונדז און באַ אײַך מאַכט גראַנדיִעזע פאָרשריטן, מיר פירן דורך די קאָמפּליצירטסטע אָפּעראַציעס, אונדזערע, אײַערע קאַרדיאָלאָגן, אָנקאָלאָגן טוען פיל אף צו באקעמפן די שווערסטע קרענק. אָבער כ'פרעג דיך, וואָס איז דער אופטו? איך האָב אף מײַן קאָנטע אריבער הונדערט אָפּעראַציעס אפן הארצן. הונדערט מענטשן געראַטעוועט פון א זיכערן טויט. דאָס איז א סאַך. אָבער אין פארלויף פון איין־און־איינציקער שאָ קאָנען דאָך ווערן אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן, די גאַנצע וועלט... וואָס פאר א ווערט האָט דאַן מײַן קליינער כירורגישער סקאַלפּעל, וואָס פאר א ווערט האָבן אונדזערע זוכונגען, אונדזערע עקספּערימענטן, אונדזערע וויסנשאַפטן, אונדזערע אויצרעס, אונדזערע מוזייען מיט לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס און מיקעלאַנדזשעלאָס קונסט־שעדעווערן, אויב עס איז גענוג א קורצער באַפעל פון מאָסקווע אָדער פון וואַשינגטאָן, אז די ריזיקע טויט־סקלאַדן זאָלן ברייט צעעפענען זייערע טויערן... וואָלט דען ניט געווען בעסער, אז די זעלטענע פּלעיאַדע פיזיקער — רעזערפאָרד, נילס באָר, ענריקאָ פערמי, ראָבערט אָפּענהיימער — זיי אַלע, אין דער שפּיץ מיט איינשטיינען, זאָלן ביכלאַל ניט געבוירן ווערן?

— ס׳איז גלײַך צו זען, — האָט לעוו באַריסאָוויטש געזאָגט מיט א שמייכל, — אז דו ביסט ניט באהאוונט אין דיאַלעקטיק. וואָלטן זיי ניט געווען, וואָלטן אף זייער אָרט געווען אנדערע. יעדע אנטדעקונג איז א קינד פון איר צײַט. ווען גאלילײ וואָלט ניט אנטדעקט, אז די ערד איז קײַלעכיק און אז זי דרייט זיך, וואָלט עס אן אנדערער אנטדעקט — שפּעטער א ביסל, אָבער אומבאַדינגט וואָלט עמעצער צו דעם געקומען, פּונקט ווי מע איז געקומען צו דער דערפינדונג פון פײַער; די אטאָם־פיזיק האָט געמוזט קומען, און אויב זי איז געקומען, האָט אין א צײַט פון דער בלוטיקסטער מילכאָמע, פון א מילכאָמע אף לעבן און טויט, אויך געמוזט אנטשטיין די אטאָם־באָמבע. נו, לאָמיר אויסטרינקען נאָך א קעלישעקל.

— לעקאָווער וואָס ווען מיר טרינקען?

— לאָמיר אויסטרינקען פאר דעם, אז באָמבעס זאָלן קיינמאָל ניט פאלן.

— זייער ווויל!

מע האָט נאָכאמאָל אויסגעטרונקען און פארביסן. הארי האָט זאָרגזאם מיט א פאפירן סערוועטל געווישט די שפּיץ פינגער פון די הענט.

— האָסט מיר, פונדעסטוועגן, נאָך גאָרניט דערציילט וועגן דײַן איציקער פאמיליע, — האָט ער דערמאָנט. — וועמען האָסטו?

— א פרוי און א זון.

— זיי דארפן קומען צו דיר?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן? — האָט לעוו באַריסאָוויטש זיך א קנייטש געגעבן אין פארלעגנהײַט. — זעסט דאָך, דערווײַל בין איך אליין.

— הער נאָר, — האָט הארי זיך אָנגעבויגן צו אים, — זאָג מיר דעם עמעס: ווען דו וואָלסט געהאט א מעגלעכקײַט אריבערצופאָרן קיין אמעריקע, וואָלסטו אריבערגעפאָרן? מיר זײַנען געבליבן צוויי ברידער און איין שוועסטער, פארוואָס זאָלן מיר אף די עלטערע יאָרן ניט לעבן צוזאמען? דו ביסט, זע איך, גרינג אף דער פּור. אויב עס האָט דיך ניט געשראָקן סיביר, וועסטו געוויס זיך אויך ניט שרעקן איבערצושווימען דעם אָקעאן.

— עס שרעקט מיך ניט, — האָט לעוו באַריסאָוויטש געענטפערט. — איך וואָלט מיט פארגעניגן זיך באקאנט מיט דײַן מישפּאָכע, איך וויל טאקע זען, ווי דו לעבסט, א קוק טאָן אף דײַן קליניק, ביכלאל א קוק געבן, וויאזוי מע לעבט בא אײַך. איך וויל אויך זייער זיך באקאנען מיט אײַער מעטאַלורגיע. כ׳מיין אָבער, אז אף דעם אלץ וועט קלעקן איין כוידעש.

— עפשער וועט דיר געפעלן ווערן און דו וועסט וועלן בלײַבן אף שטענדיק?

— דאָס ניט, — האָט לעוו באַריסאָוויטש אָפּגעהאקט. — אזעלכס איז אומעגלעך.

— פארוואָס? לעבט זיך דיר שוין דאָ אזוי אידעאל גוט, האָסט ארום זיך בלויז טײַערע פרײַנט, קיין איין אומפרײַנט ניט?

— יאָ, איך האָב טאַקע אַ סאַך פֿרײַנט און עס לעבט זיך מיר גוט, — האָט לעוו באָריסאָוויטש געענטפֿערט. — אָבער ניט נאָר אין דעם גייט עס. כ׳מיין, אַז אין אַמעריקע קאָן מען זיך אויך אײַנשאַפֿן גוטע פֿרײַנט, און אַ מענטש אַ פּאַכמאַן קאָן, מיסטאָמע, מאַכן, ווי מע זאָגט בא אײַך, ביזנעס, ניט שלעכט פֿאַרדינען. פֿאַרשטייסט, הערשל... אייניקע האַלטן, אַז ייִדן זײַנען אַ וואַנדער־פֿאָלק, עס זיצט אין אונדז, קלוימערשט, דאָס ציגײַנער־שע וואַנדער־בלוט... אונדזער מאַמע האָט דרײַסיק יאָר אָפּגעלעבט אין אַ שטעטל ראַגאָווע און איז קיין איין מאָל ניט אַרויסגעפֿאָרן ווײַטער פֿונעם שכיינעסדיקן דאָרף. דער טאַטע האָט אין ראַגאָווע אָפּגעלעבט פֿינף און דרײַסיק יאָר, זיי וואָלטן זיך אין שטעטל אויסגעלעבט די יאָרן, ווען מע וואָלט זיי ניט אַרויסגעטריבן. כ׳וועל געוויס אויסזען בא דיר אין די אויגן סענטימענטאַל... ווען כ׳זאָל קענען מיטנעמען די ערד מיט זיך, די ערד, אויף וועלכער איך בין אויסגעוואַקסן, אויף וועלכער איך האָב געלעבט און דאָס גאַנצע לעבן געאַרבעט, די ערד, אויף וועלכער עס זײַנען צעוואָרפֿן די קוואָ־רים פֿון אונדזערע אייגענע און נאָענטע... איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן אַוועקפֿאָרן. אַפֿילו אין די שווערסטע צײַטן... איך האָב אַ באַשיידע־נעם פֿאַרלאַנג — באַערדיקט ווערן אונטער אַ הויכן סיבירער דעמב אָדער אונטער אַ יאָדלע...

— שרײַבסט שוין אַ צוואָע... צו פֿרי, ברודער.

— עס איז פּאַשעט געקומען צו רייד, און אַן עלטערער מענטש מעג אַ טראַכט טאָן אויך וועגן דעם.

אין רעסטאָראַן איז שוין געווען טומלדיק און פֿריילעך, עס האָבן זיך געלאָזט פֿילן די אויסגעטרונקענע גלעזלעך קאָניאַק, „סטאָליטשנע“, „יעראָפּיי פּאַוולאָוויטש“, „זווערעבאָי“, מע האָט געטאַנצט צווישן די טישלעך. אויף דער קליינער, ענגער בימע האָט געשפּילט אַן אָר־קעסטער.

צום טישל, בא וועלכן עס זײַנען געזעסן די צוויי ברידער, איז צוגע־גאַנגען מאָניקע. זי איז געווען פֿאַרויטלט, צעהיצט, אָקאָרשט האָט זי גע־האַט דעם קאָוועד צו טאַנצן מיט אַ כאַשעווון געלערנטן פֿון פּוילן, און אונ־טערגעמונטערט פֿונעם דערפֿאָלג, האָט זי געהאָפֿט, אַז לעוו באָריסאָוויטש וועט זי אײַנלאַדן צום פֿאָלגנדיקן טאַנץ.

— ביטע, זיצט, מאָניקע, — לעוו באָריסאָוויטש האָט צו איר צוגע־רוקט אַ שטול, מאָניקע האָט מיט פֿאַרגעניגן זיך אַוועקגעזעצט. לעוו באָרי־סאָוויטש האָט זי באַקאַנט מיטן ברודער. מאָניקע האָט מאַיעסטעטיש אויס־געשטרעקט איר דין ראָזעווע הענטל, און האַרי האָט עס צאַרט אַ קוש געטאָן.

— די רוסישע פֿרויען זײַנען וווּנדערלעך־שיינע, — האָט ער געזאָגט.

— איר האָט די מעגלעכקײַט צו זען אַן אויסנאַם, — האָט מאָניקע קאָ־קעטיש זיך אָפּגערופֿן

— פֿאַרקערט, כ׳מוז זאָגן, אַז מײַן ברודער האָט אַ ווווילן געשמאַק — ער האָט זיך אויסגעקליבן אַ צויבערנדיקע סעקרעטאַרן.

— באַ אונדז קלײַבט מען ניט אויס, — האָט מאָניקע דערווידערט. — עס שיקט דער קאַדרען־אַפּטייל.

— דאַן דאַרף איך זאָגן, אַז דער... ווי הייסט ער, דער קאַדרען־אַפּטייל באַציט זיך צו אײַער שעף אויסערגעוויינלעך גוט, — האַרי האָט ליב געהאַט צו זאָגן קאָמפּלימענטן, און מאָניקע מיט אירע שמאָלע אויפגעשטראַלטע אויגן אַפן ליכטיקן צעהיצטן פּאָנעם און מיט איר פעסטער, שטאַלטנער פיגור איז טאַקע געווען רייצנדיק און האָט געקענט אויסנעמען.

דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילן אַן אַלטן פאָקסטראָט, וואָס איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. לעוו באָריסאָוויטש האָט גראָד ליב די אַלטע טאַנגאָס און פאָקסטראָטן, די אַלטע לידער. ער וואָלט גאָרניט געהאַט קעגן, אַז דער אָרקעסטער זאָל שפּילן „קאַטיושאַ״. פאַר דער מילכאָמע האָט ער געטאַנצט „קאַטיושאַ״ מיט סאָניען, און יעדער מאָל, ווען מע שפּילט דעם דאָזיקן ניגון — איצט שוין זייער זעלטן, — פאַרקלעמט אים באַם האַרצן. אומגעריכט פאַר זיך אַליין, האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך אויפגעהויבן און אוועק טאַנצן מיט מאָניקען. עס איז אים פּלוצעם געוואָרן פריילעך. גרינג איז אים געווען צו טאַנצן מיט מאָניקען, די פיס האָבן לײַכט זיך געטראָגן איבערן געוועקסלטן דיל, נאָר די אויגן זײַנען, ווי שטענדיק, געבליבן אַ ביסל טרויעריקע און פאַרזאָרגטע. ער קאָן ריידן די פריילעכסטע זאַכן, הערן די פריילעכסטע מײַסעס, טאַנצן דעם פריילעכסטן טאַנץ, נאָר די אויגן בלײַבן טרויעריקלעכע און עפּעס ווי פאַרזאָרגט. „מיט אַזעלכע אויגן ווערן געבאָרן הומאָריסטן״, — האָט זײַנער אַ קאָלעגע אַמאָל באַמערקט אין אַ שפּאַס.

— כ׳שווער באַ אַלע הייליקע, אַז די פרײַלן איז פאַרליבט אין דיר, — האָט האַרי, אַן אַנציקטער, באַגעגנט דעם ברודער, ווען יענער האָט זיך צוריקגעקערט צום טישל.

— עס ווײַזט זיך דיר אויס.

— מיר ווײַזט זיך קיינמאָל גאָרניט אויס. מיט אַזאַ בליק, ווי זי קוקט אויף דיר, קוקן נאָר הייס־פאַרליבטע. פאַרוואָס האָסטו זי ניט אײַנגעלאַדן צו אונדזער טיש?

— הער אויף, כ׳בעט דיך, צו פּלוידערן, — האָט לעוו באָריסאָוויטש אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. — דו ביסט שיקער.

— ניט מער פון דיר, — האָט האַרי פריילעך געלאַכט.

פונעם רעסטאָראַן זײַנען זיי אַרויס, ווען עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, נאָר פונדעסטוועגן האָט מען נאָך באַשלאָסן אַ שפּאַציר טאָן אין גאַס.

דער אַקאַדעמיקער מעזענצעוו האָט האַרי כאַנינען באַקאַנט מיטן פּראָפעסאָר סקאַלאָוו — איינעם פון די אָנגעזעענע כירורגן פון עקספּערימענטאַל־מעדיצינישן אינסטיטוט אין שטעטל.

טראָפים אנדרייעוויטש סקאלאָוו — א מאנצבל, וואָס איז נאָך ניט אלט קיין פערציק, זייער א הויכער, מיט א ברייט דאַרפיש־פּארברענט פּאָנעם, האָט זיך אזוי באַרימט געמאכט מיט זײַנע אָפּעראַציעס אױף קינדערשע הערצער, אז פון גאַנץ סיביר, פונעם ווײַטן מיזרעך, פון אוראל, ווו נאָר מע האָט געהערט וועגן אים, ברענגען מאַמעס אהער, אין דער קליניק, זייערע קראַנקע קינדער. סקאלאָוו האָט גערעדט ניט שלעכט ענגליש. אז ער רעדט רוסיש, איז בא אים זייער אָנגעלייגט דער „אָ", ער שטאַמט פון יענע רוסישע קאַנטן, ווו מע האָט ליב צו באַטאָנען דעם „אָ" און ברייט אים אַרויסברענגען פונעם מויל. שפּאַצירנדיק איצט מיט האַרי כאַנינען הין און צוריק איבער דער קורצער באַלויכטענער אַליי לעבן האָטעל, האָט סקאלאָוו אין זײַן ענגלישן לאָשן אויך געשטעלט דעם טראָפּ אויפן „אָ", ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. די כאַשעווע פּראָפעסאָרן האָבן צו־ערשט געשמועסט וועגן אַלגעמיינע זאכן — וועגן היגן קלימאַט, וועגן דער אַרקטיקער פאונע און פלאָרע, און ס'האָט געקאָנט דוכטן, אז גראָד דאָס געביט, אין וועלכן זיי אַרבעטן, אינטערעסירט זיי ניט, אָבער נאָכן פּערטן צי פינפטן הין־און־צוריק־גאַנג איבער דער אַליי זײַנען זיי דאָך אַרויף אויף זייער מעדיצינישער טעמע, עס איז אַוועק א רייד וועגן פּאַציענטן. ביידע זײַנען מסכּים געווען, אז די בעסטע פּאַציענטן זײַנען קינדער, גיכער און בעסער פון די דערוואַקסענע דרינגען זיי אַרײַן אין דער ערנסטקײַט פון זייער לאַגע, הערן און פאָלגן, וואָס דער דאָקטער הייסט. טראָפים אנדרייע־וויטש האָט דערציילט וועגן, אז איבערמאָרגן האָט ער אן אָפּעראַציע, ער וועט אָפּערירן אן אכטיאָריק ייִנגל מיט א ניט־קאָמפּענסירטן האַרץ־פעלער.

— איך וויל זייער בײַזײַן, — האָט דער גאַסט זיך אָפּגערופן.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, איר וועט זײַן א בעקאָוועדיקער קאָנסול־טאַנט.

זיי האָבן גענומען דערציילן איינער דעם צווייטן פאַרשיידענע צופאַלן פון זייער פּראַקטיק. לעוו באַריסאָוויטש איז געגאַנגען פון הינטן, אויך ניט אַליין, נאָר אין דער טומלדיקער קאָמפּאַניע פון ניקאָלײַ אָסקאָלצעוון, יאשע קליינערמאַנען, וויקטאָר רעמיזאָוון און מאָניקען — זיי האָבן זיך צו אים פאַרייניקט, ווען ער איז אַרויס אויפן שפּאַציר. אײַנגעהאַלטן, מער פאַרבאָרגנדיק דעם נײַגער, ווי אַרויסברענגענדיק אים, האָבן זיי שטילער־הייט זיך נאָכגעפרעגט בא לעוו באַריסאָוויטשן וועגן ברודער. מאָניקע האָט זיך ניט געקאָנט מויכל זײַן, וואָס זי איז ניט בײַגעווען אין דער ערשטער מינוט פון דער באַגעגעניש. יאשע קליינערמאַן האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט, דוכט זיך, א מומע אין קאַנאַדע אָדער אַר־גענטינע.

די דושנעקײַט, וואָס איז געווען אָנהייב אָוונט, איז שוין אַדורך, און די נאַכט האָט געאָטעמט פריש און פרײַ. די קרעפּטיקע בעריישעסדיקע פרישקײַט, וואָס עס פאַרמאָגט אן אוראַלטער טײַגע־וואַלד, און די מילדע קיל־קײַט, וועלכע עס האָט אן אָקאַרשט־געשאַפענער יאַם, האָבן איצט דורכגע־זאַפּט דאָס גאַנצע שטעטל. די אומדערמידלעכע קאָמאַרלעך, וואָס וויפל

מע טרײַבט זיי, מע ריכערט זיי, מע פארניכטעט זיי מיט כימיקאַטן, קלי־
גערן זיי זיך דאָך אויס אויסצולעבן, און אין די פאַרנאַכטן, דערהויפּט נאָך
א הייסן זומערדיקן טאָג, גוט א זשומע טאָן אין די אויערן און אויך פּײַן א
ביס טאָן, אפילע זיי האָבן שוין געלאָזט דעם אוילעם צורו. גוט איז געווען
אין שטילן וואַרעמען דרויסן. דאָס שטעטל, וואָס איז געגנוג שיין אויך
באַטאָג, איז נאָך שענער באַנאַכט, ווען די אינסטיטוטן זײַנען צוגעשלאָסן
און דאָך ברענט דאָרטן אין אייניקע פענצטער די ליכט, עס זיצן די מאַס־
מידים, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעגאַנגען אין דער לאַבאָראַטאָריע און זיך
ווידער צוגעכאַפּט צום עקספּערימענט, וועלכן זיי האָבן איבערגעריסן,
בייס עס האָט זיך פאַרענדיקט דער אַרבעטסטאָג. עס לויכט זיך אויך
אין אינטערנאַט, ווו עס לעבן די שילער פון דער פיזמאַטשול. דער
דערצײַער זייערער כאַפּט אליין א דרעמל אין זײַן דעזשורנע־צימער,
און די קונדייסים ליגן אין די בעטן און לייזן מאַטעמאַטישע אופ־
גאַבעס.

אלס קונדעס האָט אויך זיך דערפילט לעוו באַריסאָוויטש, ווען ער
איז אַרײַן צו זיך אין צימער און ערשט דאַן, אָנשטאָט זיך לייגן שלאָפן,
זיך אוועקגעזעצט איבערקוקן די פאַרשריבענע בלעטלעך פון זײַן פאַר־
טראָג אף דער פאָרשטייענדיקער קאָנפערענץ. ער איז געזעסן א האלבע שאָ,
מעגלעך, אז מער. עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט צו אים אין דער טיר —
איידל, שטיל, מע זאָל דאָס קלאַפּן ניט הערן אין די שכיינעסדיקע נומערן.
„אים שלאָפט זיך אויך ניט", — האָט לעוו באַריסאָוויטש א טראַכט געטאָן
וועגן האַרין, זײַענדיק זיכער, אז דאָס איז ער. אף דער שוועל איז גע־
שטאַנען מאָניקע, א ביסל א פאַרלוירענע, א פאַרוויטלטע. זי איז
אָבער גיך געקומען צו־זיך, וואָס צו זאָגן האָט זי צוגעגרייט פון
פריער.

— איך האָב געזען, אז אין אײַער פענצטער לויכט זיך נאָך אלץ... איר
דאַרפט שוין מאָרגן האלטן דעם פאָרטראָג? — מאָניקע האָט פון דער שוועל
געמאַכט א פּאָר טריט אין צימער אַרײַן.

— ניין, מאָניקע, מײַן פאָרטראָג וועט זײַן צווישן די לעצטע, אין דריי־
טעג אַרום.

— איך האָב א קלער געטאָן, עפּשער דאַרף מען אים עקסטרע איבער־
דרוקן.

— האלבע נאַכט, מאָניקע? איר וואָלט דאָך מיט אײַער קלאַפּן אלעמען
אופגעוועקט.

— איך קאָן שטיל אויך.

— ניין, מאָניקע, א דאַנק, מע דאַרף ניט.

— אָבער איר האָט אים שוין פאַרטיק?

זי איז צוגעגאַנגען צום טיש, אף וועלכן עס זײַנען געלעגן די פאַר־
שריבענע בלעטלעך.

— כ'וועל אים סײַווי ניט לייענען פון פּאַפּיר. כ'געדענק אים אף
אויסווייניק. איר ווילט א ביסל הערן? — האָט ער אומגעריכט פאָרגעלייגט.
מאָניקע האָט אופגעלויכטן.

— מיט פארגעניגן, נאָר איך וועל, מיסטאמע, גאָרנישט ניט פאַר־שטיין.

— איר וועט אַלץ באַ מיר פאַרשטיין, עס איז גאַנץ פּאָפּולער, צוגענג־לעך פאַר שילער פון צענטן קלאַס. — לעוו באָריסאָוויטש האָט גענומען אין האַנט דאָס ערשטע בלעטל פונעם פּאָרטראַג און נאָר איבערגעלייענט די ערשטע דרײַ ווערטער, וועלכע זײַנען אים געווען פרעמד אַרויסצוברענ־גען און האָבן אים, אַפּאַנעם, געקימערט. „דאַמען און הערן!״ — האָט ער פֿײַערלעך אַרויסגעלייענט פונעם פּאַפּיר. ווײַטער האָט ער שוין ניט אַרײַנ־געקוקט, גערעדט אויסווייניק, בייסמײַסע מיט דער האַנט געצייכנט אינ־דערלופטן די קאָנטורן פונעם אַגרעגאַט פון אומופהערלעכער שמעלצונג. ווער האָט עס געזאָגט, אַז בלויז דיכטער, שרײַבער האָבן ליב פאָרלייענען זייערע ווערק? לעוו באָריסאָוויטש האָט גערעדט ניט ווינציקער פון אַ שאָ. ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָבן אינעם צימער זיך דערהערט אַפּלאָ־דיסמענטן פון דער איין־און־איינציקער צוהערערן.

— מאָניקע, איר זײַט די גאַנצע צײַט געשטאַנען? — האָט לעוו באָרי־סאָוויטש פאַרוואונדערט זי אָנגעקוקט. — פאַרוואָס האָט איר זיך ניט אוועק־געזעצט?

ערשט איצט האָט מאָניקע זיך צוגעזעצט אויפן דיוואַן.

— נו, ווי? אַלץ איז געווען פאַרשטענדלעך? — האָט לעוו באָריסאָוויטש געוואָלט הערן אַ מיינונג.

— אַלץ, — האָט מאָניקע אופריכטיק געענטפערט. איר האָט זיך טאַקע געדוכט, אַז אַלץ האָט זי פאַרשטאַנען, יעדנפאַלס האָט זי, ווי דער פאָר־טרעגער גופע, אויך געדאַנקלעך געזען פאַר די אויגן דעם אומופהערלעכן שטראָם פונעם פײַערדיקן מעטאַל.

— ביסט דאָך גאָר אַ מאָלאַדיעץ, — לעוו באָריסאָוויטש האָט זיך אָנגע־בויגן צו איר און זי געוואָלט, ווי אַ פאָטער אַ גוט קינד, אַ קוש טאָן אין באַק. מאָניקע האָט פלינק די באַק אוועקגעדרייט אין אַ זײַט און אונטער־געשטעלט די ליפּן. ער האָט זי אַרומגענומען, דערפילט די וואַרעמקײַט פון איר אויסגעצויגענעם האַלדז, די שטײַפקײַט פון איר ברוסט. זיי האָבן זיך הייס צעקושט. „זי האָט מיך טאַקע ליב״, — האָט ער אַ גליקלעכער און מאַנצבליש שטאָלצער ארײַנגעקוקט איר אין די פֿײַכטלעכע, גלאַנצנ־דיקע, צונויפגעזשמורעטע אויגן, און זי, אַ פאַרטײַעטע, אַ צוגעלאָזענע, אַ נאָכגיביקע, האָט זיך געטוליעט צו אים. לײַכט און צערטלעך האָט ער זי אָפּגעשטויסן פון זיך.

— טוט נאָר אַ קוק, עס טאָגט שוין, — האָט ער פאַרכידעשט געוואָרפן אַ בליק אויפן ליכטיק געוואָרענעם פענצטער.

מאָניקע האָט זיך אופגעהויבן פון דיוואַן.

— אַ גוטע נאַכט, מאָניקע.

— אַ גוטע נאַכט, לעוו באָריסאָוויטש, — טויבלעך, טרוקן און מיט ביטל האָט דורכגעקלונגען איר קאָל.

מעזענצעוו האָט אײַנגעלאַדן די געסט צו באַזוכן די אינסטיטוטן, באַקאַנען זיך מיט זייער אַרבעט, מיט די אויסשטעלונגען, וואָס זײַנען דאָרט אײַנגעאָרדנט. יעדער גאַסט האָט געשטרעבט פרי̇ער פון אַלץ זיך באַקאַנען מיטן געביט, אין וועלכן ער אַרבעט אַליין און וואָס איז אים אַמערסטן נאָענט, אָבער קיינער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט צו גיין אַ קוק טאָן דעם אי̇יאַף[1], עס איז אַפּילע אַוועק אַהין דער פינישער איכטי̇אָלאָג, וואָס האָט אַלעמען געזאָגט, אַז אים אינטערעסירן נאָר די סיבירער פיש.

אינעם זאַל פון אי̇יאַף, אויפן דריטן שטאָק, ווו עס הענגט אויף אַ וואַנט קורטשאַטאָווס פּאָרטרעט, האָבן די פאַרבעטענע געסט זיך אויסגעזעצט באַם קײַלעכדיקן שוואַרץ־פּאָלירטן שפּיגלדיקן טיש, באַ וועלכן עס קומט, געווײנלעך, יעדן פרימאָרגן פאָר די באַראַטונג פונעם שעף מיט די אָנפירער פון די לאַבאָראַטאָריעס.

דער אויבנאָן פונעם קײַלעכדיקן טיש איז געווען דאָרט, ווו עס איז געזעסן דער שעף פונעם אינסטיטוט, איינער פון די יי̇נגסטע אַקאַדעמיקער אין לאַנד. באַם פינף־און־פערציקיאָריקן געלערנטן זײַנען שוואַרצע יי̇דיש־פאַרזאָרגטע אויגן, אָפטמאָל איז באַ אים אַזאַ פאַרדײַגעטער אויסדרוק אויפן פּאָנעם, פונקט ווי אַמאָל באַ זײַן טאַטן, ווען יענער האָט ניט געוווּסט, ווו נעמען אויף וואַרמעס.

דער אַקאַדעמיקער האָט דערציילט דעם אוילעם וועגן דער אַרבעט און וועגן די פּראָבלעמען, וועלכע שטייען פאַרן אינסטיטוט. די שפּיגלדיקע אויבערפלאַך פונעם טיש האָט, ווי אַ קלאָר וואַסער אין אַ רוי̇קן טײַך, טרײַ איבערגעכאַזערט יעדע באַוועגונג פון זײַנע טונקעלע פעסטע הענט פון אַ באַלמעלאָכע. אינעם זאַל איז געווען טומלדיק, — די געסט האָבן געהאַט איבערזעצערס, — אָבער דער טומל, די שעפּטשערײַ האָט אים ניט געשטערט צו ריידן. אַ שווערערן אויסדרוק, אַ רוסישע אידי̇אָמע, אַ גלײַכוואָרט האָט ער אַליין געהאָלפן איבערזעצן.

גערעדט האָט ער היימיש, אָנפאַרטרוילעך, אַזוי אַז אַ ניט־באַהאַוונטן מענטשן האָט געקאָנט אויסדוכטן, אַז דער גאַנצער איניען איז גאַנץ איינפאַך און עלעמענטאַר. דערהויבענער, פײַערלעכער איז געוואָרן דעם אַקאַדעמיקערס קאָל, ווען ער איז אַריבער צו די קינפטיקע אויסזיכטן פון דער אַטאָם־פיזיק.

— מענטשן שטאַרבן, נאָר די שולן זייערע, די ריכטונגען, וואָס זיי האָבן געשאַפן, האַלטן זיך און לעבן זיי איבער. אַ נײַע באַלערינע קאָן זיך באַווײַזן אויף יעדן נײַעם ספּעקטאַקל, אָבער אַ נײַע באַלעט־שול ווערט ניט געבוירן אויף יעדער פּרעמיערע. אין דענעמאַרק — אַ קליינינק לאַנד — איז געווען אַן אויסגעצייכנטע שול פון פיזיקער, אין דער שפּיץ מיט נילס באָר, אין איטאַליע — ענריקאָ פערמי; אין דײַטשלאַנד איז געווען אַן ערשטקלאַסיקע שול פון פיזיקער, אָבער היטלער האָט זי פאַריאָגט. פון דײַטשלאַנד און פון אייניקע אַנדערע לענדער זײַנען די שולן אַריבער אין די פאַרייניקטע שטאַטן. דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט איז דער

[1] אינסטיטוט פאַר נוקלעאַר־פיזיק.

יאָרהונדערט פון פיזיק, וועלכע מע האָט שוין געהאלטן קימאט אינגאנצן פאר אויסגעשעפּט און אז זי ענדיקט זיך אפן אלטן טראדיציאָנעלן לערנבוך פאר די הויכשולן. די פיזיק, די נוקלעאר־פיזיק האָט פענאָמענאלע רעזולטאטן. ווער עס פילט ניט די ציפער פון א מיליאָן, זאָל ער פּרובירן ציילן ביז א מיליאָן. אין צוואנציק, דרײַסיק יאָר ארום, בין איך זיכער, וועט מען קוקן, ווי אף א קינדער־שפּיל, אף דער בויונג פון הידראָסטאנציעס; פיל איינפאכער, און ביליקער, און לוינבארער וועט זײַן צו בויען אטאָם־סטאנציעס, און ניט נאָר דאפקע גרויסע, זיי וועלן זײַן צוטריטלעך פאר אלעמען און אומעטום. ווען מיר ברענען בענזין, באקומען מיר איין מיליאָנטסיילעך פון דער ענערגיע, וואָס עס איז פאראן אינעם פּראָדוקט. דער קערן פונעם אטאָם גיט אָפּ איין טויזנטל פון זײַן ענערגיע, און מיר דארפן ארויסבאקומען אלע טויזנט...

נאָך דער רעדע, אייגנטלעך נאָכן געמיטלעכן שמועס, האָט דער אקאַדעמיקער אײַנגעלאדן די געסט אראָפּצוגיין אף אונטן און א קוק טאָן אף די אײַנריכטונגען אין די אונטערערדישע זאלן. ער האָט זיי ארײַנגעפירט אין ניט קיין גרויסן הויכן זאל, און די געלערנטע, קאָפּ איבער קאָפּ, האָבן גענומען זיך אײַנקוקן אינעם אייגל פון דער אײַנריכטונג. אינעם לויכטנדיקן שפּעלטל האָט א בליצנדיקער פונק יעדער מאָל געביטן זײַן קאָליר, — אָט איז ער געווען ענלעך אף א זויבער שניילע, אָט רויט, ווי א קײַקעלע בלוט. אינעם צווייטן זאל האָט דער אָנפירער פונעם אינסטיטוט באוויזן די נײַסטע אײַנריכטונג, וואָס העלפט ארײַנקוקן אין דער מאטעריע נאָך טיפער. עס איז דאָך פאראן ניט נאָר א פּראָדוקט, נאָר אויך אן אנטיפּראָדוקט, ניט נאָר א וועלט, נאָר אויך אן אנטיוועלט, אין וועלכער מע דארף ארײַנדרינגען און זי דערלערנען.

נאָכן באזוכן דעם איזאָף איז דער אוילעם זיך פאנאנדערגעגאנגען — ווו וועמען עס האָט געצויגן. הארי כאנין איז אוועק אין ביזאָמעד — אזוי רופט מען פארקירצט אינעם שטעטל דעם ביִאָלאָגיש־מעדיצינישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. באגלייט האָט אים טראָפים אנדרייעוויטש סקאלאָוו. זיי זײַנען געגאנגען פארבײַ די געבײַדעס, וואָס זײַנען ארײַנגעפּאסט אינעם וואלד, ווי אין א גרינער ראַם. ווען די ביידע פּראָפעסאָרן זײַנען ארײַן אין הויף פון דער קליניק, איז די פרוי, וואָס איז געשטאנען דאָרטן אפן גאנעק, האסטיק אראָפּ פון די טרעפּלעך, פרײַ מאכנדיק דעם וועג. טראָפים אנדרייעוויטש האָט זיך מיט איר באגריסט. הארי כאנין האָט אויך פרײַנטלעך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— די מאמעס דעזשורען א קײַלעכיקן מעסלעס, — האָט סקאלאָוו א שעפּטשע געטאָן צו הארין.

— בא מיר איז אויך פונקט אזוי, — האָט כאנין זיך אָפּגערופן.

זיי האָבן אָנגעטאָן ווײַסע כאלאטן, און טראָפים אנדרייעוויטש האָט גענומען ארומפירן דעם גאסט איבער דער קליניק. ווען זיי זײַנען ארײַן אינעם אָפּעראציע־זאל, האָט סקאלאָוו זיך דערפרייט: אף דער פּאָליצע זײַנען געשטאנען פלעשעלעך בלוט. די דאָנאָרס — מערסטנטייל סטו־

דענטן — זײַנען זיך צעפּאָרן אַף קאַניקולן, און די לעצטע פּאָר וואָכן איז א מאנגל אין בלוט. הײַנט האָבן די מיטארבעטער פון דער קליניק גע־פונען אן אויסוועג: זיי האָבן געגעבן זייער אייגן בלוט.

טראָפּים אנדרייעוויטש האָט אַרײַנגעפירט דעם גאַסט אין דער קינ־דער־פּאַלאַטע. די צוויי יינגלעך, וואָס האָבן ארומגעיאָגט א פּילקעלע, האָבן קוים באוויזן אַרײַנצושפּרינגען אין די געלעגערס. די קראַנקע הערצלעך האָבן געקלאַפּט אַף ארויסצופאַלן.

— ווי גייען אונדזערע געשעפטן, סאַלאוואַט? — האָט טראָפּים אנדרייע־וויטש געפרעגט באַם יינגל, וואָס איז סטאַטעטשנע געלעגן מיט דער קאָלדרע איבערגעדעקט ביז די פלאַמענדיקע אויערלעך און ביז די שמאָלע שוואַרץ־פינקלענדיקע אויגן־שפּעלטלעך.

— גו־וט, — האָט סאַלאוואַט געענטפערט, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם.

סקאַלאָוו האָט באוויזן כאַנינען דעם יינגלס קאַרדיאָגראַמע, די אַנאַליזן, דאָס בלעטל, ווו עס איז פאַרשריבן די טעמפּעראַטור.

— ווער זײַט איר, פעטער? — האָט סאַלאוואַט דרייסט געפרעגט באַ כאַנינען. דאָס יינגל איז שוין געקומען צו־זיך, גרינגער געעטעמט און זיך געקאָנט פאַרגינען שטעלן פראַגעס. טראָפּים אנדרייעוויטש האָט גענומען אַף זיך די ראָליע פון אן איבערזעצער.

— איך בין א דאָקטער, — האָט כאַנין געענטפערט.

— איר קאָנט מאַכן אָפּעראַציעס?

— א ביסל קען איך.

— אָבער איר זײַט ניט קיין אונדזעריקער דאָקטער?

— איך בין אן אַמעריקאַנער. האָסטו מוירע פאַר מיר?

סאַלאוואַט האָט א ווײַלע געטראַכט, באַקוקנדיק דעם פרעמדן דאָקטער מיט א שאַרפן בליק פון די שוואַרצע אויגן־שפּעלטלעך.

— זעצט אים, ביטע, טראָפּים אנדרייעוויטש, איבער, — האָט דאָס יינגל זיך אָפּגערופן מיט זעלבסטווירדע, — איך האָב פאַר קיינעם קיין מוירע ניט, איך בין ניט פון די שרעקעוודיקע.

— מאָלאָדיעץ, אָט דאָס הייסט א העלד, ניט אומזיסט רופט מען דיך סאַלאוואַט, — האָט סקאַלאָוו אים א לויב געטאָן.

כאַנין האָט צוגעלייגט דעם סטעטאָסקאָפּ צום יינגלס האַרץ.

— דו ביסט ניט לאַנג צוריק אומגעלאָפן? — האָט ער געפרעגט באַ סאַלאוואַטן, אוועקנעמענדיק דעם אויער פונעם טרײַבל.

— פונוואַנען ווייסט איר?

— דאָס דאָזיקע שוואַרצע טרײַבעלע זאָגט מיר אויס אַלע סוידעס, און דאָס אויך, — כאַנין האָט אָנגעוויזן אַף דער פּילקע, וואָס איז געלעגן באַם פענצטער.

שפּעטער, ווען סקאַלאָוו און כאַנין זײַנען געזעסן און געררייכערט באַ טראָפּים אנדרייעוויטשן אין קאַבינעט, איז אַרײַנגעקומען סאַלאוואַטס מו־טער — אַ עטלעכע־און־דרײַסיקיאָריקע פרוי מיט ברייטע קינבאַקן און

אויך מיט אזא שארפן בליק פון די שווארצע שמאָלע אויגן, ווי בא איר יינגל.

— מיר האָבן באַשלאָסן מער ניט אָפּלייגן, — האָט סקאָלאָוו געזאָגט צו איר. — מאָרגן, אין א גוטער שאָ, וועלן מיר זי דורכפירן. זײַט באקאנט מיטן פּראָפעסאָר כאנין. ער איז בא אונדז צוגאסט, ער וועט בײַזײַן אף דער אָפּעראציע.

די פרוי האָט געגעבן אף דיביידע מאנצבלען א לאנגן שטומען קוק, וואָס רעדט א סאך מער פון ווערטער; די פיל שלאָפלאָזע נעכט, אין וועלכע זי האלט אין איין טראכטן און איבערטראכטן וועגן גורל פון איר קינד, האָבן זי אויסגעמאטערט. אף דער צײַט, וואָס דאָס יינגל ליגט אין שפּיטאָל, האָט זי זיך אײַנגעאָרדנט אין האָטעל אלס דעזשורנע. און ווי נאָר זי באפרײַט זיך פון דער דעזשורסטווע, קומט זי גלײַך אהער צו לויפן, שטייט שאָענווײַז אפן גאנעק, באם ארײַנגאנג אין דער קליניק, אָדער זי זיצט אף דער באנק לעבן דעם טויער, יעדער מאָל באגלייטנדיק סקאלאָוון און די אנדערע דאָקטוירים, ווען זיי קומען און גייען אוועק, מיט א בעטנדיקן ראכמאָנעסדיקן בליק:

— עס איז מײַן איינציק קינד...

טראָפּים אנדרייעוויטש האָט עס ניט געדארפט איבערזעצן, ס'איז אזוי אויך געווען קלאָר דער באדײַט פון די ווערטער, וואָס די מוטער האָט ארויסגעבראכט זייער שטיל, בלויז מיט די ליפּן, אָבער וואָס וואָלטן דײַט־לעך און פארשטענדלעך געווען פאר יעדן, אף וועלכן לאָשן מע זאָל ניט ריידן. „עס וועט זײַן אָלרײַט", — האָט דער פּראָפעסאָר כאנין געוואָלט זי אונטערמונטערן מיטן האָפערדיקן אמעריקאנער וואָרט. ער האָט אָבער א טראכט געטאָן, אז דער „אָלרײַט" וועט דורכקלינגען פרעמד און שניט טאָן דעם אויער פון דער פּאָשעטער פרוי, ארויסרופן נאָך עפשער בא איר א כשאד צום אומגעבעטענעם אויסלענדישן קאָנסולטאנט. דעם עמעס געזאָגט, איז בא אים אפילע אין דער דאָזיקער מינוט דורכגעלאָפן א געדאנק, אז צוליב וואָס מישט ער זיך ביכלאל, צוליב וואָס דארף ער נעמען אף זיך אפילע די מינדסטע פאראנטוואָרטלעכקײַט אין א פרעמד לאנד? אָנשטאָט צו געניסן און האָבן פולע האנאָע פון דער מערקווירדיקער רײַזע, פון דער אויסטערלישער באגעגעניש מיטן ברודער וועט ער גאָר דארפן איבערטראכטן, האָבן אַן איבעריקע איבערלעבונג. פון צופעליקײַטן איז מען דאָך קיינמאָל ניט באוואָרנט.

— ווי מיינט איר? איר האָט עס געזען, מײַן קינד? — האָט די פרוי געפרעגט בא כאנינען, ווײַל זי האָט אופגעכאפּט אינעם אויסדרוק פון זײַן פּאָנעם עפּעס א קווענקלעניש.

— עס וועט זײַן גוט, — האָט כאנין איבערגעכאזערט די ווערטער, וואָס סקאלאָוו האָט געזאָגט דער מוטער.

עס איז געווען איינע פון די אָפּעראציעס, וואָס סײַ סקאלאָוו, סײַ כאנין האָבן שוין דורכגעפירט א סאך מאָל, אָבער קיין געוויינלעכע איז זי ניט געווען, פּונקט ווי עס זײַנען ניט געווען און עס האָבן ניט געקאָנט זײַן קיין געוויינלעכע אלע פריערדיקע.

ביידע פּראָפעסאָרן, אין די ווײַסע מאַסקעס, מע קאָן אפילע גלײַך ניט דערקענען, ווער איז דער און ווער איז יענער, זײַנען געשטאַנען איבער סאַלאַוואַטס צעעפנטן ברוסטקאַסטן, ווו עס האָט שוואַך געפּלאַטערט און געפלעמלט דעם קינדס האַרץ. אָט שלאָגט עס שוין אינגאַנצן ניט. מע האָט אײַנגעשלאָסן דעם אַפּאַראַט, וואָס פאַרבײַט סײַ די לונגען, סײַ דאָס האַרץ. סקאַלאָוו האָט מיטן סקאַלפּעל אופגעשניטן איינע פון די צוויי פאָדער־קאַמערן פונעם האַרצן, און דער שניט האָט זיך פאַרכלינעט אין בלוט. דאָס בלוט האָט מען אויסגעפּאָמפּעט. סקאַלאָוו האָט גענומען צונויפ־נייען דאָס דינינקע ווענטל, די צוים צווישן די קאַמערן. די צאַרטסטע פינ־גער פון אַ פרוי וועלן אַזוי צאַרט און איידל ניט נייען. אַן אויגנבליקלעכע קאָנסולטאַציע מיט כאַנינען, און עס ווערט באַשטימט אַריבערגיין בלויז אַף טײלווײַזער קינסטלעכער צירקוליאַציע, דערנאָך ווערט די קינסטלעכע צירקוליאַציע אַף אַ ווײַלע אויסגעשלאָסן אינגאַנצן. וואָס טוט זיך דאָרטן איצט, אין סאַלאַוואַטס צוזאַמענגענייט האַרץ? צי וועט עס נעמען קלאַפּן? עס קלאַפּט ניט! בא כאַנינען און סקאַלאָוון זײַנען די פּענעמער אונטער די מאַסקעס געוואָרן באַדעקט מיט אַ שווייס. מע האָט ווידער אײַנגעשלאָסן די צירקוליאַציע. נאָכאַמאָל קאָנסולטירן זיך ביידע פּראָפעסאָרן. עס ווערט אָנגעווענדט איין פּרעפּאַראַט, אַ צווייטער... די צירקוליאַציע ווערט אויס־געשלאָסן. ניט אַ שאָ איז שוין איצט אָן אייביקײַט, נאָר אַ מינוט, אַ צענטל מינוט, אַ רעגע. דאָס האַרץ האָט גענומען שלאָגן. עס קלאַפּט דאָס האַרץ!

אין צוויי טעג אַרום איז האַרי כאַנין אַוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט די איבעריקע געלערנטע, וואָס זײַנען געווען צוגאַסט אינעם שטעטל. עס זײַנען געווען אַ סאַך באַגלייטער. אויסער די באַגלייטער, וואָס האָבן גע־האַט די כאַזאַקע אַף אַלעמען, האָט קימאַט יעדער גאַסט געהאַט זײַן ענג קרײַזל מענטשן, מיט וועלכע ער האָט זיך אַמבעסטן באַקענט, געקומען אין באַריר מער, ווי מיט אַנדערע, און אפילע זיך באַפרײַנדעט אין פאַר־לויף פון די דרײַ פולע, לאַנגע זומערדיקע טעג, וואָס מע האָט צוזאַמען פאַרבראַכט. האַרין האָט, נאַטירלעך, באַגלייט זײַן ברודער, און כוץ אים זײַנען אַפן אַעראָדראָם געקומען צו פאָרן טראָפים אַנדרייעוויטש סקאַלאָוו מיט נאָך דרײַ טוער פון בײַאָמעד. סאַלאַוואַטס מוטער איז אויך געקומען. בייסן געזעגענען זיך מיט איר האָט האַרי זי געבעטן אַרויסשיקן סאַלאַ־וואַטס פיקטשע, ווען דאָס ייִנגל וועט נאָך דער אַריבערגעטראָגענער אָפּע־ראַציע זיך פאַריכטן.

שטייענדיק אַפן אייבערשטן טרעפּל פונעם לייטער צום „טו־104", האָט האַרי, איידער ער איז פאַרשוווּנדן אין די אינגעווייד פונעם לײַנער, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ברודער, וואָס איז מיט די איבעריקע באַגליי־טער געבליבן שטיין פון אונטן. די ברידער האָבן אַ לעצט מאָל אַ קוק געטאָן איינער אַפן צווייטן, און באביידן האָבן די שטומע בליקן גערעדט וועגן איינס און דאָס זעלבע:

„אַזאַ אומגעריכטע באַגעגעניש... וועלן מיר ווען־עס־איז זיך זען נאָכאַמאָל?.."

# נאָך איין געזעגענונג

צו גוטס ווערט מען גיך געוווינט. עס איז אוועק ניט קיין סאך צײַט, זינט איטע האָט זיך אַרײַנגעקליבן אין דער נײַער דירע, און איר דוכט זיך שוין, אַז קיינמאָל האָט זי ניט געטראָגן קיין האָלץ פאַרן אויוון, ניט געשלעפּט קיין עמערס וואַסער פון ברינעמער און פון קאַלאָנקעס, ניט געקאָכט אויף קעראָסינקעס, ניט געשטאַנען אין אָטשערעד אין דער ווײַבערשער באָד. איצט, ווען עס טרעפט, אַז אויף אַ האַלבער שאָ הערט אויף צו גיין הייס וואַסער פונעם קראַן, איז זי אויפגעטראָגן און לויפט אין דער הויז־פאַרוואַלטונג זיך דערוויסן, וואָס איז געשען. אין אָוונט גייט איטע אין פּאַרק, צו דער בלומען־אָראַנזשעריי. אַך, וויפל שיינע בלומען עס זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט! וויפל נאָך פאַרשיידענע כריזאַנטעמעס: בלויע, ראָזעווע, רויטע, העל־רויטע, טונקל־רויטע. און וויפל פאַרשיידנקאָליריקע אַסטרעס, און וויפל מינים רויזן! אייניקע פון זיי האָבן עפּעס גאָר מאָדנע נעמען. לעמאָשל, אַ רויז, וואָס הייסט „פּראָו קאַרל־דרוזשקע״, אַ צווייטע — מיט געלבלעכע בלעטלעך — רופט מען „פּרעזידענט הוווער״.

באַ זיך, לעבן דער שטוב, היט איטע טרײַ און וואַכזאַם אָפּ דאָס סעדל, וואָס פריִער איז עס געווען איר אייגנס און איז איצט געוואָרן אַן אַלגעמיין אייגנטום פון אַלע שכנים פונעם גרויסן הויז. עס מאַכט זיך, אַז אַליין איר מאַן, מיכל, ווערט געשטרויכלט, ער קאָן ניט צוקוקן, ווי זײַטיקע, פרעמדע מענטשן רײַסן די פּיירעס פון די ביימער, — כאַפּט ער אויך אַ שטעקן און וואַרפט אָפּן בוים עפּעס אַראָפּצושלאָגן. איטע שרײַט ניט צו אים דורכן פענצטער, עס פּאַסט ניט, זי מאַכט אָף שטומלאָשן צו אים מיט די הענט, און אויך דערנאָך, ווען ער קומט אַרײַן אין שטוב מיט די פּאָר פּיירעס אין דער קעשענע, וואַרפט זי זיך אָף אים ניט אַרוף, זי פרעגט אים אײַנגעהאַלטן, שטיל, ווי עס קאָן זײַן שטיל אַ ווולקאַן, וועלכער פײַערט אינווייניק און פון אויסן רייכערט ער זיך נאָר מיט אַ שוואַרץ רויכל.

— עקסעלע, — זאָגט זי צו אים, — ביסט דאָך ניט קיין קינד... וואָס מאַכסטו מיר אָן ביזיוינעס? איך וועל דיר קויפן אָפּן מאַרק פינף, צען קילאָ, אַ גאַנצן פּוד גרינע עפּל, וועסט זיי פרעסן, ביז די קישקעס וועלן פּלאַצן, נאָר די אָבשטשעסטווענע עפּל ריר ניט אָן.

די באַזונדערע דירעס מיט די באַזונדערע גלעקלעך און שליסלען צו די טירן זײַנען פאַר איטען ניט קיין מעכיצע, זי ווייסט אויסגעצייכנט אַלץ, וואָס באַ די שכיינים טוט זיך, דערבײַ ניט נאָר באַ די נאָענטסטע, מיט וועלכע זי לעבט אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר, נאָר אויך באַ די ווײַטערע שכיינים. איטע האָט זיך אַרײַנגעטאָן אין מאַכן שידוכים צווישן די נײַע אײַנוווינער. פאַרוואָס זאָל, לעמאָשל, אַ צוויי־און־זעכציקיאָריקער מאַנצבל, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ מיניסטעריום, קריגט אַ גוטע פּענסיע און האָט אַ כראָנישן מאָגן־קאַטאַר, פאַרוואָס זאָל ער אָפּקומען איינער אַליין? וואָס איז ער שולדיק, אויב דאָס ווײַב זײַנס איז געשטאָרבן פריִער פון אים?

פאַרוואָס זאָל ער אין אַ מאַזלדיקער שאָ זיך ניט באַקענען מיט אַן אַלמאָנע, אַ ווײַלע, אָנשטענדיקע פרוי, וואָס גייט שוין אויך אַוועק אַף פּענסיע און וואָס וועט מיט פאַרגעניגן קאָכן פאַר אים די שענסטע די:עטישע ייַיכלעך, די בעסטע מאַנע־קאַשעס? פאַרוואָס זאָלן זיי לעבן באַזונדער אין זייערע איינצימערדיקע דירעס? אַז ס׳ווערט ניט גוט באַנאַכט, קאָן מען אויסגיין און סע זאָל ניט זײַן, ווער עס זאָל דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער. די סימכע, ווען עס גיט זיך איטען אײַן דורכצופירן אַזאַ געלונגענעם שידעך, איז אַוואַדע טאַקע אַ סימכע, אָבער עס קומט, פונדעסטוועגן, ניט צו דער פרייד פון צוזאַמענפירן אַ יונג יי:דיש פּאָרל. אויב ניט זי, איטע, איז ווער וועט זיי צונויפירן? עס קאָנען דורכגיין יאָרן, און דאָס יונגע מיידל מיטן יונגן באָכער וועלן אַפילע איינער דעם אַנדערן ניט באַמערקן אין דער געדיכטעניש פון די שטאָקן, אין אײַליקן געלויף — אינדערפרי פון די טרעפּ, אין אָוונט — אַרויף די טרעפּ. דערווײַל האָט איטען בלויז אָפּגעגליקט מיט איין פּאָרל, און דאָס קאַלע־מיידל איז איר אייגענע טאָכטער, ליזע. עמעס, בא איטען איז איצט שוין אַ סאָפּעק, צי דער שידעך מיט וואָלאָדיען איז טאַקע אַ שידעך. ער איז נאָך גאָר אַ יי:נגל, און זײַן אויפירונג איז אַ יי:נגלשע. ער טראַכט ניט און וויל ניט טראַכטן וועגן קיין טאַכלעס. אָבער גראָד ליזע, וואָס האָט פרי:ער ניט געוואָלט הערן וועגן וואָלאָדיען, אָפּגעהאַקט באַם ערשטן וואָרט וועגן אים, פֿירט איצט אַליין אַרויף דעם געשפּרעך אַפן כעוורעמאַן. ווען ליזע גייט דורך פאַרבײַ די פּאָסטקעסטלעך, וואָס הענגען אַף דער וואַנט בא די טרעפּ, איז איידער זי טוט אַ קוק אַף איר אייגן קעסטל, כאַפּט זי אַ קוק אין די לעכעלעך פון כאַנינס קעסטל, דערנאָך קומט זי אַרײַן אין שטוב און זאָגט אָן, אַז אין פינף־און־צוואַנציקסטן קעסטל ליגט אַ בריוו, מיסטאַמע פון וואָלאָדיען.

מע האָט געדאַרפט זען, ווי דאָס מיידל האָט אויפגעשטראַלט, ווען וואָלאָדיע איז געקומען צו פאָרן.

ער האָט זיך באַוויזן אין הויף אָוונט־צו. איטע האָט אים דערזען, נאָך איידער ער איז אַרײַן אין שטוב. „ליזענקע, זע נאָר, ווער עס גייט!“ — האָט זי אויסגעשרי:ען.

ליזע, אַ מידע פון אַ גאַנצן טאָג שטיין באַם וועגעלע מיט די ביכער, האָט גראָד אָקאָרשט געהאַט אָפּגעגעסן וואַרמעס און זיך צוגעלייגט אַפן דיוואַן מיט אַ נײַעם בוך, וואָס זי האָט הײַנט באַקומען צום פאַרקויפן. זי איז אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפן צום פענצטער, אָבער וואָלאָדיע איז שוין אַרײַן אינעווייניק. זי האָט נאָר באַוויזן צו זען דעם קנופּ פון זײַן רוקזעקל. בא איטען האָט אומרו:יק אַ צאַפּל געטאָן דאָס האַרץ, ווען זי האָט דערזען, ווי די טאָכטער האָט זיך אין איין רעגע אינגאַנצן געביטן אין פּאָנעם. זי האָט זיך דערמאָנט די אייגענע אַמאָליקע מיידלשע יונגע יאָרן, און עס זײַנען פאַרשוווּנדן, זאָל זײַן אַפילע ניט אַף לאַנג, די אַלע ניכטערע כעזשבוינעס, די אויסגערעכנטע פּלענער, דאָס אָפּוועגן און אָפּמעסטן, ווי און וואָס און ווי:אַזוי איז בעסער, צי וועט מען זיך ניט אַרײַנאַרן, צי וועט מען ניט פאַרשפּילן...

אין א ווײַלע ארום האָט וואָלאָדיע זיך ווידער באוויזן אין דרויסן מיטן זעקל אף דער פּלייצע און מיט די צעריסענע קעדעס אף די פּיס. ער האָט, אפּאָנעם, געטראָפן א פארשלאָסענע טיר.

— ווײ איז מיר, — האָט איטע אף אים ראכמאָנעס באקומען, — די מאמע זײַנע איז נאָך אוואדע אין דער פּאָליקליניק. מע דארף אים ארײַנפירן צו אונדז און אים אָנהאָדעווען, ער איז געוויס הונגעריק...

ליזע האָט אפגיך אָנגעטאָן אן אנדער קליידל, זיך צוגעקעמט, אָנגעפארבט די ליפּן. צופּיל זיך פּוצן און פארבן האָט מען ניט געטאָרט, עס האָט ניט געשטימט מיטן הוילעך, מיט די צעריסענע קעדעס פונעם אראָפּגעקומענעם גאסט. זי איז אראָפּגעלאָפן צו אים. וואָלאָדיע איז שוין געשטאנען, אן ארומגערינגלטער מיט א כאָפּטע כעוורע פונעם הויף; זיי האָבן אים אויסגעפרעגט וועגן זײַן רײַזע, אָבער ער האָט געענטפערט אָן כיישעק, געוועזן קארג אף אן איבעריק וואָרט. אים איז געוועזן שווער צו ריידן, צו דערציילן. ער האָט געהאט אָן א שיר וועג־אײַנדרוקן, אָבער ניט דאָס איז געוועזן וויכטיק פאר אים. דעם טאטנס קייווער האָט ער טאקע ניט געפונען. אין די טראנסקארפּאטן — אין יעדן דאָרף און יישעוו, ווו ער איז געקומען, האָבן יונגע און אלטע לײַט געהאָלפן זוכן, זיי האָבן אים באגלייט אף דער ווערכאָווינע, אין די בערג, דאָ און דאָרטן האָט ער זיך אָנגעשטויסן אף איינזאמע און אלגעמיינע קוואָרים, און זײַנע באגלייטער האָבן אים דערציילט אלץ, וואָס זיי האָבן געוווסט וועגן די מענטשן, וועלכע האָבן דאָרטן געפונען זייער אייביקע רו. עפּשער איז דעם טאטנס קייווער אין טשעכאָסלאָוואקיע, אין די בעסקיטן־בערג? עפּשער אין רומעניע, אין פּוילן, אין דײַטשלאנד? ווו איז יענץ פּיצל ערד, וואָס איז וואָלאָדיען אזוי נאָענט און טײַער?

פאר דער קורצער צײַט, וואָס וואָלאָדיע איז ניט געוועזן אין דער היים, האָט ער באוויזן א ביסל זיך אויסצױען אין דער הייך, יעדנפאלס האָט ער איצט אויסגעזען העכער, איידער דאן, ווען ער איז אוועקגעפאָרן. ער איז געוועזן לאנג, מאָגער און שטארק פארברענט. די טשופּרינע האָר איז אויך געוועזן ווי אָפּגעברענט. צי עפּשער האָט עס זיך נאָר אזוי געדוכט בא דער שײַן פון דער פאַרגייענדיקער זון? זעענדיק, אז ער אליין איז ניט אופגעלייגט צו ריידן, האָבן די כעוורע גענומען דערציילן זייערע אייגענע נײַס — אָן א שיר נײַס: ווער עס האָט געהאלטן עקזאמענעס און איז אָנגעקומען לערנען, ווער עס ארבעט שוין אף א זאוואָד; זיי האָבן אים צו וויסן געגעבן וועגן די ענדערונגען אין דער פוטבאָל־קאָמאנדע פונעם הויף און וועגן זיבניאָריקן ווונדערקינד דעם שאָך־שפּילער, וואָס געווינט בא אלע פּענסיאָנערן. גענוי האָבן זיי דערציילט די שפּאָגל־לעצטע נײַס וועגן דער גרינער פלאש, וואָס אן עקסקאוואטאָרשטשיק האָט געפונען. ער האָט מיט זײַן קאָווש פארטשעפּעט און ארויסגעשלעפּט א פלאַטשיקע פארפּראָבקעוועטע פלאש, היפּש באוואקסן מיט ליים. באדאכט און פאָרזיכטיק — עס קאָן זיך דאָך אלץ מאכן, עפּשער איז אין דער פלאש אן אופרײַס־שטאָף — האָט ער זי ארײַנגענומען אין דער האנט, זי אָפּגערייניקט פונעם מיסט און פון דער ליים, און דאן האָט ער צוזאמען מיט די

כעוורע, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, דערזען דאָרט אינווייניק שטעקן עפּעס אַ צונויפגעוויקלט טרײַבל. אין מינוטן אַרום זײַנען אַראָפּגעקומען צוויי פּאָרשטייער, אין דער פּולער אוניפאָרם, און דאָס געפינס אוועקגע־נומען מיט זיך. איצט געפינט זיך די פלאַש אין קאָנטקעטענעטיש־מוזיי, און לעבן איר — דאָס פּאַפּיר, וואָס איז דאָרטן געלעגן. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין נאָיאַבער כוידעש 1941, ווען די דײַטשן האָט זיך אײַנגע־געבן דורכצוברײַסן זיך צו מאָסקווע, איז אין די גאָר נאָענטע אונטער־מאָסקווער מעקומעס שוין געווען טעטיק אַ פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד. אינעם פּאַפּיר זײַנען פאַרצייכנט די פאַמיליע־נעמען פון די פאַר־טיזאַנער.

די דאָזיקע נײַס האָט וואָלאָדיע אויסגעהערט מיט אַ געשפּאַנטן אינ־טערעס. „עפּשער, — האָט ער געטראַכט, — וועט מען אַמאָל אויך אַזאַ אויפן געפינען ערגעץ דעם נאָמען פון מײַן טאַטן?..“

— דײַן מאַמע איז, מיסטאַמע, אין דער פּאָליקליניק, — האָט ליזע גע־זאָגט צו וואָלאָדיען, — איך גיי גראָד אַהין, איך דאַרף שוין פון ווען אָן צום ציינדאָקטער.

— אוודאי גיי איך אויך, — האָט ער זיך אָפּגערופן.

אין דער פּאָליקליניק איז, ווי געוויינלעך אָוונט־צו, קימאַט קיינער ניט געווען. די רעגיסטראַטאָרשעס האָבן זיך געלאַנגווײַליקט בײַ זייערע טישלעך. אינעם לאַנגן קאָרידאָר איז בלויז ווו־ניט־ווו לעבן אַ דאָקטערשן קאַבינעט געזעסן אַ כּוילע. דער טעראַפּעווט פּאָלינע יאַקאָוולעוונע כאַניגע איז גראָד אוועקגעפאָרן צו אַ קראַנקן אַהיים, אָבער די מעדשוועסטער, וואָס אַרבעט צוזאַמען מיט איר, האָט געזאָגט, אַז זי וועט נאָך אומבאַדינגט זיך אומקערן אַהער. ליזע און וואָלאָדיע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין עק קאָרידאָר, אויף די צוויי בענקלעך אַנטקעגן דעם קאַבינעט פון לאַרינ־גאָלאָג.

— דערצייל עפּעס, — האָט ליזע אים געבעטן, — האָסט דאָך אַזויפיל געזען. מיר דוכט, אַז דו האָסט אַרומגערײַזט אַ גאַנץ יאָר.

— איך וועל דיר אַלץ דערציילן, נאָר שפּעטער, שפּעטער...

— פאַרוואָס ניט איצט, כאָטשבי אַ ביסל?

— איצט קאָן איך ניט... ביסט ערגעץ אָנגעקומען? — האָט ער אַליין גענומען פרעגן.

— יאָ, אין פלעכאַנאָווקע, — האָט זי געענטפערט מיט אַ פרייד, ווי זי וואָלט נאָר געוואַרט אויף דער פראַגע. — אָפן אָוונטיקן, — האָט זי צוגעגעבן שוין ניט מיט אַזאַ דערהויבנקײַט. — נו, און דו?

— איך, ווייסטו דאָך... איך האָב פאַרשפּעטיקט... זאָג מיר צו, ליזע, — האָט ער פלוצעם שאַרף זיך אויסגעדרייט מיטן גאַנצן פאַרסאַרפּעטן פּאָנעם צו איר און בײַ דער טונקעלער שײַן פון קאָרידאָר אַרײַנגעקוקט טיף אין אירע אויגן. — ווען איך האָב אומגעוואַנדערט איבער די קאַרפּאַטן, האָב איך אָפט זיך דערמאָנט אין דיר... נאָר דאָס איז ניט וויכטיק, ס'הייסט, ס'איז יאָ וויכטיק, — וואָלאָדיע האָט געפּלאָנטערט די רייד, נאָר ליזע האָט

אים אויסגעצייכנט פארשטאנען, און אין א זיסן פֿאַרגעפיל, אַן אנציקטע, א פֿאַרצויבערטע, האָט זי געשלונגען יעדער וואָרט זײַנס.

— זאָגסטו מיר צו? — האָט ער אנטשלאָסן פארענדיקט, פונקט ווי אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, האָט ער שוין זייער קלאָר און דײַטלעך ארויסגעבראכט.

ליזע האָט געוואָרט צו דערהערן עפּעס גאָר אַנדערע ווערטער. איצט האָט זי שוין טאקע ניט פארשטאנען, וואָס ער מיינט.

— וואָס זאָל איך צוזאָגן? — האָט זי געפרעגט מיט פארוווּנדערונג און אפילע מיט אנטוישונג.

— זאָג מיר צו... — וואָלאָדיע האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, — זאָג מיר צו, אַז דו וועסט וואַרטן אויף מיר... איך וועל דאָך אוועקגיין...

— ווּ וועסטו אוועקגיין?

— וואָס הייסט ווּ? אין דער ארמיי, אויף דרײַ יאָר.

פאר ליזען איז עס געווען אינגאנצן אומגעריכט, קיין איין מאָל האָט זי ניט געטראַכט וועגן דעם. זי האָט געשוויגן. וואָלאָדיען האָט זיך גע־דוכט, אַז זי שווײַגט אַן אייביקייט.

— איך זאָג דיר צו, — האָט זי ארויסגעשעפּטשעט.

פונעם קאבינעט איז ארויסגעגאנגען די דאָקטערשע מיטן שפּאַקטיוו, וואָס האָט געשטאַרצט בא איר אפֿן שטערן. זי האָט אומצופרידן א קוק געטאָן אויף די נײַע צוויי שפּעטע כאַלאָיִם, וואָס וואַרטן אויף אן אופנאַם. אבי זי האָט געמיינט, אַז דאָס צעטל איז שוין אויסגעשעפּט. דאָס פּאָרל האָט אָבער האַסטיק זיך אופגעהויבן און געלאָזט זיך גיין איבערן קאָרידאָר. „געפונען א נײַ אָרט, ווּ צו פּראָוועון ליבעס”, — האָט די דאָקטערשע, איצט שוין דאַפקע א צופרידענע, אפילע מיט א ליבן שמייכל, זיי נאָכגעקוקט.

...מיט דער פּאָוועסטקע זיך צו מעלדן פונקט צו צען אזייגער אינ־דערפרי איז וואָלאָדיע אין איינעם א סענטיאַבער־טאָג ארײַנגעקומען אין דער געבײַדע, ווּ עס געפינט זיך דער מיליטער־קאָמיסאַריאַט. ער האָט דאָס צעטל אָפּגעגעבן דעם שעף פונעם פּריזיוו־אָפּטייל און דערנאָך פאר־קערעוועט אין דערבײַיִקן צימער, ווּ די פּריזיוווניקעס האָבן זיך אויסגעטאָן. וואָלאָדיע האָט זיך אויך אויסגעטאָן און א נאקעטער ארײַן אין גערעמען זאַל. בא די טישלעך זײַנען געזעסן די דאָקטוירים, צווישן זיי אויך וואָלאָ־דיעס מאַמע. פאר דער מאַמען האָט וואָלאָדיע מער ווי פאר אלעמען זיך געשעמט מיט זײַן נאקעטקײַט. פּאַרדעקנדיק דאָס לײַב מיט די הענט, איז ער, אַן אומבאהאָלפענער, געשטאַנען פאר איר, און זי האָט בייס־מײַסע געטראַכט וועגן דעם, אַז איצט וועט זי שוין בלײַבן אינגאנצן אליין.

אין א פּאָר טעג אַרום איז דער קליינער הילצערנער וואָקזאַל פון א בײַשטאָטישער אײַזנבאַן־סטאַנציע געווען פול מיט די קורץ־געשוירענע כעוורע. אפֿן דיל זײַנען געשטאַנען זייערע טשעמאָדאַנדלעך. עס האָט נאָכאַנאַנד געשפּילט א האַרמאָשקע. אפֿן קליינעם פּלאַץ לעבן וואָקזאַל, באַם פּלויט, הינטער וועלכן עס ציִען זיך אוועק די אײַזנבאַן־ליניעס, האָט מען

געטאַנצט. ליזע, ניט קיין אויסגעשלאָפענע, א בלייכע, איז געשטאַנען לעבן וואָלאָדיען. אַלע ווערטער, אַלע דערמאָנונגען און אַלע פאַרזיכע־רונגען, אַז מע וועט איינער דעם צווייטן שרײַבן בריוו און אַז מע וועט זיך ניט פאַרגעסן, זײַנען שוין געזאָגט געוואָרן נעכטן, בייס מע איז געזעסן אין דער דירע בא פּאָלינע יאַקאָוולעוונען, באַם געדעקטן טיש.

אײַנגיכן איז אונטערגעקומען דער צוג, און די כעוורע האָבן זיך אַרײַנ־געזעצט אין וואַגאָן. דער צוג איז אָפּגעגאַנגען. די מאַמעס, די קאַלע־מיידלעך האָבן נאָכגעקוקט די אוועקשווינדלענדיקע וואַגאָנעס און, אָפּ־ווישנדיק א טרער, אינדערשטיל זיך געטרייסט:

— קיין מילכאָמע איז דאָך ניטאָ... ס'איז פרידנס־צײַט...

# איינע אליין

י דרײַצימערדיקע דירע, וואָס איז פֿריִער געווען אַפּילע אַ ביסל ענגלעך פֿאַר אַ פֿאַמיליע פֿון דרײַ דערוואַקסענע פֿאַרשוין, האָט איצט אין פֿאַלינע יאַקאָוולעוונעס אויגן אויסגעזען גרויס און פֿרײַ. ווען פֿאַ־לינע יאַקאָוולעוונע קומט פֿון דער אַרבעט — נאָך די דרײַ שאָ, וואָס זי האָט אופּגענומען כּלאָים בײַ זיך אין קאַבינעט אין דער פּאָליקליניק, און נאָך די אַנדערע דרײַ שאָ אַרומפֿאָרן אויף דער סאַניטאַר־מאַשין אָדער אַרומגיין צופֿוס צו די קראַנקע אַהיים, — ווען זי קערט זיך אום אין שטוב, קומט אַרײַן אין איין צימער, אינעם צווייטן, אינעם דריטן, ווערט איר אַזוי אומע־טיק, זי דערפֿילט זיך אַזוי איינזאַם, אַז עס ווילט זיך איר צוריק אַרויס־לויפֿן אין דרויסן. אַלץ איז אין דער דירע אויפֿן אָרט, זי איז גוט באַשטאַט און אַרומגעשטעלט, עס האָט זיך גאָרניט געמינערט. די מענטשן, וואָס זײַנען אַוועקגעפֿאָרן, האָבן קנאַפּ־וואָס מיטגענומען. בײַ לעוו באָריסאָוויטשן האָט דער גאַנצער באַגאַזש זיך אײַנגעלייגט אין אַ טשעמאָדאַן פֿון מיטעלער גרייס, וואָלאָדיע האָט בכלל אַלע זאַכן איבערגעלאָזט. אַ פּריזיוויניק דאַרף נאָר אַוועלכן־ניט־איז בעגעד אויפֿן וועג — אויף קומען אַהין, וווּ מע שיקט; דאָרטן, אין דער קאַזאַרמע, וועט מען אָנטאָן אין אַלעם נײַעם. אויפֿן דעק פֿונעם דיוואַן ליגן וואָלאָדיעס מאַנטלען, דער ווינטערדיקער און דער זו־מערדיקער, אין דער שאַפֿע הענגט זײַן אָנצוג — ער האָט אים אָנגעטאָן געציילטע צוויי מאָל — אויפֿן אַרויסלאָז־אָוונט אין שול און אויפֿן געזעגע־נונגס־אָוונט פֿאַרן אַוועקגיין אין אַרמיי. ווען מע וועט וואָלאָדיען דעמאָ־ביליזירן און ער וועט זיך אומקערן אַהיים, וועלן די מלבושים שוין זײַן קליין אויף אים.

אינעם עסצימער שטייט אויפֿן דיל דער גרויסער זייגער אינעם פּראַכט־פֿולן געשניצטן פּוטליאַר. דער זייגער שלאָגט יעדע פֿערטל שאָ, האַלבע שאָ, דרײַ פֿערטל שאָ, און ווען עס קומט צו די גאַנצע שאָען, מאַכט ער צוערשט אַ ברייטערע הודזשענדיקע צוגרייטונג, האַלט אַ מין שפּילנדיק נעוויִעסדיק פֿאָרוואָרט, און יעדע שאָ, וואָס ער ציילט דערנאָך אָפּ, ווערט אַרויסגעגעבן אויף עפּעס גאָר אַ נידעריקער באַסאָווער סטרונע, באַלעבאַ־טיש, מיט טאַם, מיט פֿיל באַדאַכטקייט און מיט גרויסער גלײַכגילטיקייט. פֿון דער דאָזיקער גלײַכגילט־קלינגערײַ ווערט קאַלט און אומהיימלעך. עס דריקן די ווענט. עס ווילט זיך אַפּילע ניט אַרײַנגיין אין דער קיך מאַכן עפּעס עסן.

אין דער דירע איז שוין פֿאַראַן אַ טעלעפֿאָן. דאָס פֿינקלענדיק־נײַע הימל־בלויע פּלאַסטמאַסעווע אַפּאַראַטל מיטן פֿעמפּיקעוואַטן טרײַבל קלינגט אַזעסדיק־הילכיק, ווי עס וואָלט געדאַרפֿט אופֿוועקן אַ ראָטע סאָלדאַטן. מענטשן פֿרעגן זיך נאָך אויף אַ רעפֿועה, בעטן אַן אייצע, רופֿן דרינגענדיק אַרויס — די געוויינלעכע אויסקומעניש פֿון אַ דאָקטער. נאָר איצט איז פֿאַלינע יאַקאָוולעוונע אַפּילע צופֿרידן, ווען מע קלינגט.

פֿאַרוואָס פֿאָרט זי ניט צום מאַן? וואָס האַלט זי דאָ? אייניקע מאָל, ווען

עס כאפט זי ארום דער אומעט, איז זי גרייט צו לויפן אפן טעלעגראף און קלאפן לעוו באָריסאָוויטשן א דעפעש, אז זי פאָרט ארויס צו אים און זאָל ער זי קומען באגעגענען. זי ווערט אָבער גיך אָפגעקילט, דערמאָנענדיק זיך, אז אין קיין איין בריוו, וואָס זי האָט דערהאלטן פון אים אין מעשעך פון די פינף כאדאָשים, זינט ער איז אוועקגעפאָרן, רופט ער זי ניט צו זיך, דערמאָנט ניט וועגן דעם אפילע מיט א וואָרט. ער שרײַבט גאנץ געַנוי וועגן זײַן ארבעט, וועגן די מערקווירדיקײַטן פונעם שטעטל, ווו ער לעבט, דאפקע ניט קיין טרוקענע און ניט קיין קורצע בריוו, נאָר זיי זײַנען גאָר ניט ענלעך אף יענע, וואָס ער האָט איר געשריבן פריִער, בײַס ער פלעגט אוועקפאָרן אין א צווייוואָכיקער אָדער כוידעשלעכער קאָמאנדירונג. דאן האָט ער פאר די קורצע פאָר וואָכן אָדער פארן כוידעש באַוויזן זיך צו פארבענקען, און דאָס האָט זיך גוט געפילט אין די אײַליקגעשריבענע שורעס פון די קלייניטשקע בריוולעך. איצט איז עס פון די בריוו זײַנע ניט צו זען און ניט צו פילן, עס דוכט אפילע, אז ער פארגעסט גאָר, אז ער שרײַבט ניט צו אבי־ווּעמען, נאָר צו איר, צו פאָליען, זײַן ווײַב. א געלערנטער, וואָס מער ער ווערט געלערנט, קריגט ער, אפאָנעם, אלץ מער מאָדנע שטיק, מעשונעדיקע רעגילעסן. די לעצטע צוויי בריוו זײַנע זײַנען שוין גאָר עפעס מאָדנע. געפאקטע, אָנגעשפיקעוועטע זײַטן. ער פוילט זיך ניט צו באשרײַבן זײַטיקע זאכן, צופעליקע באגעגענישן מיט פארשוינען, וועגן וועלכע ער פארשפרייט זיך אזוי געַנוי, מיט אלע דעטאלן, ווי זיי וואָלטן זײַן נאָענטע לײַבלעכע קרויווים. ווו נעמט ער גאָר צײַט אף דעם? אין איין בריוו באשרײַבט ער באאריכעס זײַן אויסטערלישע באגעגעניש מיט איינער א פרוי אינעם ברויט־מאגאזין, אינעם צווייטן בריוו איז ער מאָלע־סימכע פון זײַן טרעפעניש מיט עפעס א גאנעוול, וואָס האָט אים אמאָל געזאָלט באגאנווענען און ניט באגאנוועט. ער שרײַבט זיי, די בריוו זײַנע, אינעם זעלבן נוסעך, ווי ער רעדט, — מיט דער געווייינלעכער איראָניע און מיטן געוויסן שמייכל זײַנעם. פאָלינע יאקאָוולעוונע שטעלט זיך בוילעט פאָר, ווי ער זיצט באם שרײַבטיש און האלט ארײַנגעטאָן א האנט אין די האָר אפן קאָפ, דרייט זיי ארופצו, אָדער ער כאפט ארײַן עטלעכע אומגליקלעכע הערעלעך און לאָזט זיי ניט צורו, צופט, און הערט זיך אײַן צו דער שטילער קנאקערײַ, וואָס זיי גיבן ארויס. אזא רעגילעס האָט ער בייסן לייענען אָדער שרײַבן. אמאָליקע צײַטן וואָלט ער געווען א יעשיוועבאָכער, — טוט פאָלינע יאקאָוולעוונע א טראכט, און זי דערמאָנט זיך, אז איר טאטע האָט אמאָל געלערנט אין א יעשיווע, ייִנגלווײַז פארלאָזט טאטע־מאמע, די שטוב, אוועקגעפאָרן ווערן א ראָוו, אָבער קיין ראָוו ניט געוואָרן.

פאָלינע יאקאָוולעוונע לייענט נאָכאמאָל איבער די צוויי לעצטע לאנגע בריוו, זי וויל פאָרט געפינען די שײַכעסן, וואָס זיי קאָנען האָבן צו איר.

„א גאנץ לעבן זוך איך, — אזוי הייבט אָן לעוו באָריסאָוויטש זײַן ערשטן בריוו, — און ווען עס גליקט מיר אָפ און איך געפין, פארליר איך גאָר אָפט דאָס געפונענע און זוך ווידער... נאָך דער ארבעט אין דער לאַ־

באַראַטאָריע פאַרענדיקט זיך נאָך, געוויינלעך, ניט מײַן ארבעטסטאָג. איך בין א מיטגליד פון צוויי כאָשעווע קאָמיסיעס, א לעקטאָר פון דער געזעלשאפט „זנאַניע"[1], אַן אָנפירער פון א סעמינאַר... ס'איז ניטאָ דער טאָג, איך זאָל ניט האָבן א זיצונג, אָדער א באַראַטונג, אָדער א לעקציע, אָדער א באַגעגעניש. נאָר שטעל זיך פאָר, אז ווען איך בין שוין מיט אַלץ פאַרטיק, כ'בין שוין פרײַ און קאָן גיין אהיים, בלײַב איך שטיין אינעם ליידיקן וועסטיביול אָדער אף א טרעפּ און וואַרט, אז עמעצער זאָל מיך נאָך פאַרהאַלטן. עס וווּנדערט מיך, וואָס קיינער דאַרף מיך שוין ניט, איך בין א פרײַער פויגל. איך טו א קוק אפן זייגער און זע, אז, אייגנטלעך, איז נאָך גאָרניט שפּעט, דער לאַנגער ווינטערדיקער אָוונט הייבט זיך ערשט אָן. איך לאָז זיך פּאַמעלעך גיין אהיים; אפן וועג האָב איך צוויי מאַגאַזינען, ווו איך בין א שטענדיקער ארײַנגייער. א ביכער־מאַגאַזין און א ברויט־מאַגאַזין. איין קעמאַך, איין טוירע. ווערסט פרעגן מײַן שוועסטער העניען, וועט זי דיר פאַרטײַטשן, וואָס דאָס באַטײַט (איך פרישטיק אין קאַפע־הויז, עס מיטיק אין רעסטאָראַן, די וועטשערע האָב איך ליב צו עסן בא זיך אין שטוב, און צו דער וועטשערע דאַרף מען ברויט). אָבער צוערשט קום איך ארײַן צו די ביכער. עס איז באַקוועמער צו נישטערן און זיך צו פּאָרקען בא די ביכער־טישן און ביכער־פּאָליצעס, ווען פונעם פּאָרטפעל שטאַרצט ניט ארויס דער ברוינער זשליפּעץ פון א באַטאָן אָדער די אייל־גלאַנצנדיקע קאָרקע פון א באָראָדינסקע ברויטל. די מויכער־ספּאָרימניצעס — יונגע, שיינע, געבילדעטע מיידלעך — טוען א קוק אף מיר, און זיי ווייסן שוין, וואָס מע דאַרף פאָרלייגן אַזאַ קונה, ווי איך, א פאַרשוין מיט גראָווע האָר אפן קאָפּ און מיט אַן אַלטן פּאָרטפעל מיט א מאָנאָגראַמע, וועלכע האָט אַמאָל, ווײַזט אויס, גוט געפינקלט און איצט איז דאָס בלעכל צוזאַמען מיט די אויסגעקריצטע געדריידלטע אויסיעס שוין היפּש פאַרטונקלט, מע דאַרף גוט א שײַער טאָן, ס'זאָל ווידער נעמען גלאַנצן. די ליבע יונגע פאַרקויפערנס שטעלן זיך שוין פאָר און ווייסן, וואָס אַזאַ קונה קאָן באַדאַרפן; זיי רוקן אונטער נעענטער צו מײַנע אויגן א פילפאַרביקן פּראַכט־פאָליאַנט „ליימענע געפעס פון די אוראַלטע צײַטן ביז אונדזערע טעג", אף דער גלאַנצנדיקער סופּער־הילע זײַנען אָנגעמאָלט אויסערגעוויינלעך שיינע טעפּ, טעפּלעך, קריגלעך, שיסעלעך, און שטעל זיך פאָר, איך קויף דאָס „געפעס". ווען כ'וועל זײַן אף פּענסיע און האָבן א סאַך פרײַע צײַט, וועל איך עס לייענען, ס'מוז דאָך זײַן אינטערעסאַנט. אין א צווייטן אָפּטייל פונעם מאַגאַזין ליגט מען מיר פאָר צוויי שפּאָגל־נײַע טראַקטאַטן: „צי איז פאַראַן א גאָט אף דער וועלט?" און „ווער זײַנען געווען די נעוויִים?". איך מיש איבער איין ביכל, דאָס צווייטע, לויף דורך מיט די אויגן דאָ און דאָרטן א פּאָר בלעטלעך און נעם די סכוירע אויך, כאָטש מיר דוכט, אז אויב איך וועל לייענען אַפּיקאָרסישע ליטעראַטור, וואָס איז אָנגעשריבן אף אַזאַ ניוואָ, וועל איך אופהערן צו זײַן אַן אַפּיקוירעס. דערנאָך גריבל איך זיך א ביסל אין די בוקיניסטישע ביכער, איך קלײַב אָפּ אַן אַלט פאַרגעלט סייפערל פון

[1] „וויסן" — געזעלשאפט צו פאַרשפּרייטן און פּאָפּוליאַריזירן וויסנשאפטן.

א לאַנג־פֿאַרגעסענעם מעכאַבער. אין דעם פּראַט בין איך א סענטימענטאַלער מענטש. איך קויף דאָס ביכל אויס מיטגעפֿיל צו דער פֿאַרגעסנהייט.

געגעבן צו לייזן דעם ביכער־מאַגאַזין, גיי איך אַרײַן אין דער ברויט־קראָם. צוויי מינים רייכעס זײַנען די געשמאַקסטע אין דער וועלט — דער רייעך פֿון ברויט און דער רייעך פֿון ביכער. אַף די פּילפּאַכיקע רונדע פּאָליצעס, וואָס דרייען זיך, ווי א קאַרוסעל אַרום זייער אַקס, ליגט געבעקס פֿון קאָל־האַמינים. די קוינים, דערהויפּט די קוינעטעס, טאַפּן מיט די גאָפּלען אויס דעם דויפּעק בא די קאָרענע און ווייצענע לעבלעך, בא די כאַלעס מיט די קיטקעס, בא די קאַלאָרײַנע בולקעלעך. אזא נעפּעש, ווי איך, ריר זיך, געוויינלעך, צום גאָפּל ניט צו, איך נעם דאָס, וואָס עס ליגט גלײַך פֿון פֿאַרנט, צו דער האַנט. עפּעס שעם איך זיך מעוואַיעש צו זײַן און וואַרפֿן א כשאַד אַף איינעם פֿון די כײַעסדיקע פּוכקע ברויטלעך, אַז עס איז בא דעם א פֿאַרטריקנטע נעשאָמע, אַן אַלטגעבאַקן האַרץ... הער זשע איצט א געשיכטע. אַנומלטן, טאַקע דאָ, בא דער ברויט־פּאָליצע, האָב איך געהאַט א טשיקאַווע באַגעגעניש, וועגן וועלכער איך מוז דיר דערציילן. מײַן אויפֿמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגן אַן עלטערע פֿרוי, א דאַמע מיט א זאַט גוידערל. זי האָט איבערגעטאַפּט מיטן גאָפּל א צענדליק באַטאָנען, א צענדליק כאַלעס און אַלע פֿאַרבראַקעוועט, זי האָט געפֿאָדערט פֿרישערע, און אַף די פּאָליצעס האָט זיך געשאָטן נײַע סכוירע. ענדלעך האָט זי געפֿרעגן איר אויסדערוויילטן באַטאָן און די אויסדערוויילטע כאַלע און זיך געלאָזט גיין באַצאָלן. איך בין איר נאָכגעגאַנגען, צוזאַמען מיט איר זיך אָפּגעשטעלט באַם טישל, בא וועלכן זי האָט גענומען אײַנלייגן אינעם קוישל די פּראָדוקטן. איך האָב א מײַלע — איך פֿאַרגעדענק פּנעמער, עס מעגן דורכגיין יאָרן. און דאָ אין סיביר גליקט מיר — אומעטום טרעף איך באַקענטע. די פֿרוי האָב איך אויך דערקענט, כאָטש דער כילעק צווישן איר איצטיקן אויסזען און דעם אויסזען פֿון יענעם דאַרן פּנעמל און דעם פֿיגורל, וואָס איך האָב געזען מיט יאָרן צוריק, איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. עפּעס האָב איך אויפֿגעכאַפּט אינעם אויסדרוק פֿון די אויגן. אויגן בײַטן זיך ניט שטאַרק, זיי בלײַבן אין גרונט די זעלבע, אומאָפּהענגיק, צי מע קײַט א סעכערל, צי מע עסט כאַלע.

— אײַך איז ניט אויסגעקומען אַמאָל צו זײַן אין דער שטאָט פּרזשעוואַלסק? — האָב איך, בײַקומענדיק די פֿאַרלעגנהייט, זי א פֿרעג געטאָן.

— יאָ, איך בין דאָרטן געווען, — האָט זי געענטפֿערט, אַפֿגיך א קוק געבנדיק אַף מיר. און איצט בין איך שוין געווען איבערצײַגט, אַז דאָס איז טאַקע זי.

— געדענקט איר די פּרזשעוואַלסקער בולקעלעך? — האָב איך ווײַטער געפֿרעגט.

— בולקעלעך, וואָס פֿאַרא בולקעלעך? — האָט זי זיך פֿאַרוווּנדערט. און איך האָב בײַסמײַסע אין די געדאַנקען זיך אַריבערגעטראָגן אַף א צײַט צוריק, נעמלעך צו יענעם יאָר, ווען נאָך דער פֿאַרוווּנדונג אָפּן פֿראָנט איז מיר א שטיקל צײַט אויסגעקומען צו זײַן אין פּרזשעוואַלסק, אין דער דאָזיקער שיינער הינטערלאַנד־שטאָט, בא דער אָזערע איסיק־קול, ווו די באַרג־לופֿט איז

וווּנדערלעך און עס עטעמט זיך אַזוי גרינג. דערפאַר, מיסטאָמע, האָבן אַלע איַינוווינער דאָרטן געהאַט אַזאַ גוטן אַפּעטיט. די פּיַיקע ברויט האָט קיינעם ניט געקלעקט, און באַם ברויט־מאַגאַזין אַף דער צענטראַלער גאַס, ניט וויַיט פונעם וואָיענקאָמאַט, איז שטענדיק געווען אַ געזעמל. דער רייעך פון ברויט האָט צוגעצויגן שטאַרקער, איידער די רייכעס פון די טאָפּאָלן און קאַשטאַנען אינעם שטאָטישן פּאַרק.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָט זיך באַם מאַגאַזין אויסגעשטעלט גאָר אַ גרויסע ריי, און פון מינוט צו מינוט איז די ריי און די דרענגעניש געוואָרן אַלץ גרעסער. מע האָט געגעבן „קאָמערטשעסקע" וויַיסע בולקעלעך, אָן אַ טאַלאָן פונעם ברויט־קאַרטל, נאָר אַזוי, פּאָשעט, פאַר געלט. צוגעקוועטשט צו דער סאַמע טיר פון דער בולאָטשנע איז געשטאַנען אַ מיידל מיט אַ צונטער־רויט פּאָנעם, דאָס גאַנצע ביסל בלוט אירס האָט פאַרגאָסן די מאָגערע באַקן אירע. זי האָט אַלץ ניט געקענט אַריַינגיין אין קראָם און זיך דערנעענטערן צום געווונטשענעם באַריער, פונוואַנען מע זעט שוין די געבענטשטע האַנט פונעם פאַרקויפער, וואָס דערלאַנגט די בולקעלעך. פאַרקערט, דאָס מיידל האָט זיך נאָך מער דערוויַיטערט, אָפּגעשטויסן געוואָרן אַף צוריק. זי האָט געוואָלט אָפּווישן דעם שווייס פונעם פּאָנעם, זיַינען די הענט אירע געווען צוזאַמענגעדריקט. דערוויַיל האָט מען שוין געמאָלדן, אַז די בולקעלעך ענדיקן זיך, עפּשער וועט נאָך סטיַיען אַף אַ צוואַנציק פאַרשוין. דאָס מיידל איז געבליבן שטיין אַ דערשלאָגענע. עפּעס האָט מיך אָפּן דאָזיקן אומבאַהאָלפענעם נעפּעש אַ קלעם געטאָן באַם האַרצן, און איך האָב באַשלאָסן צו נעמען פאַר איר אַ בולקעלע אויסער דער ריי. פאַר אַ סאָלדאַט האָט מען געהאַט אָפּשיַי. אַ סאָלדאַטיק וויל זיך אַ קוויק טאָן מיט אַ וויַיס בולקעלע — זאָל ער. דערצו איז אַף מיַין גימנאַסטיאָרקע געווען אָנגעניַיט דאָס געלע פּאַסיקל — דער סימען פון אַ פאַרווונדעטן. ווען איך האָב זיך דורכגעשטופּט און אויסגעשטרעקט די האַנט צו באַקומען דאָס קיַילעכיקע פריש־צאַפּלדיקע ברויטל, בלאַס פון אויבן און צוגעברענט פון אונטן, האָט קיינער אַף מיר ניט געהאַט קיין פאַריבל, קיין איין מענטש האָט ניט אַ וואָרטשע געטאָן. איך בין אַרויס מיט מיַין ווארעמען אוצרל פון מאַגאַזין און זיך גענומען אַרומדרייען אין דרויסן. דאָס מיידל האָט נאָך ניט פאַרלאָזט אירע פּאָזיציעס, אומזיסט געשטאַנען און געוואַרט... ענדלעך האָבן די קנאַפּל פון אירע הילצערנע קאָלאָדקעס גענומען קלאַפּן איבערן טראָטואַר. איך האָב זיך אויסגעגליַיכט מיט איר און לעפּישעוואַטע, ווי איך קאָן, אָן ווערטער איבערגעגעבן דאָס ברויטל מיַינס איר אין דער האַנט.

— איר דאַרפט עס ניט? — האָט זי מיט פאַרוווּנדערונג מיך אָנגעקוקט און האַסטיק גענומען זיך באַרבלען אינעם ביַיטעלע מיר צו באַצאָלן.

— איך בין געווינט צו עסן כאַלע, וויַיסע ווי שניי, און די זיַינען עפּעס טונקעלע, — בין איך אָפּגעקומען מיט אַ כאָכמע.

— איר לאַכט פון מיר, — האָט זי געזאָגט. — נאָר כ׳וואָלט באַ איַיך קיינמאָל עס ניט גענומען, ווען דער טאַטע מיַינער זאָל ניט זיַין קראַנק, ער טאָר ניט עסן קיין שוואַרץ ברויט...

אַף דעם האָבן מיר זיך צעשיידט און מער זיך ניט געזען...

— גערענקט איר די פּרזשעוואַלסקער בולקעלעך? — האָב איך בא איר איצט איבערגעפרעגט, און איר ענטפער האָט מיך פּאַשעט געפּלעפט. ניין, זי גערענקט ניט, — האָט זי געענטפערט, — און זי בעט אנטשולדיקונג, זי אײַלט זיך שטארק... דו פארשטייסט, ליבע פּאָליע, זי האָט ניט געהאט קיין צײַט אף זיך צו דערמאָנען... אף אלץ דארף מען דאָך צײַט...”

צוליב וואָס האָט ער אָנגעשריבן די גאנצע מעגילע? — פרעגט בא זיך פּאָלינע יאַקאָוולעוונע. — קלאָר, אז נאָר צוליב דעם, קעדיי נאָכאמאָל מיר דערמאָנען, אז מע דארף ניט, אז מע טאָר גאָרנישט ניט פארגעסן, אז מע דארף אלץ געדענקען. אייגנטלעך, פארוואנדלט זיך שוין דאָס בא אים אין א מין קרענק, א פּסיכאָז, און ער זעט ניט, ער וויל ניט זען, אז אין די אויגן פון זײַטיקע מענטשן קאָן ער מיט זײַן אייביקער זיקאָרן־מאַניע אויסזען פּאַשעט לעכערלעך. בא אלע זײַנע מײַלעס ווערט ער אלץ מער אן אומדערטרעגלעכער שווערער מענטש, ער קאָן אָנווארפן אן אומעט אפילע פונדערווײַטנס, טויזנטער ווערסט ווײַט...

פּאָלינע יאַקאָוולעוונע נעמט דעם צווייטן בריוו זײַנעם, ווו ס'איז ווי־דער באשריבן אן ענלעכע געשיכטע, און לייענט אים מיטן זעלבן פאר־לאַנג, מיט וועלכן זי האָט געלייענט דעם פריערדיקן בריוו, עפּעס־וואָס אויסצוגעפינען און ארויסצולייענען פון די שורעס, אויסער די שוין באקאנ־טע סענטענצן, וואָס ליגן אויבנויף און לאָזן זיך גרינג ארויסדרינגען. דאָס מאָל שרײַבט ער, אז ער איז פּאַשעט גליקלעך געווען, ווען ער האָט געפונען דאָס גאנעוול, וואָס איז אים א שטיק צײַט ניט ארויס פון קאָפּ און ער האָט געדענקט וועגן אים.

„איך האָב פּײַנט צו פארגעסן, — הייבט ער גלײַך אָן מיט א מוסער־האסקל, — און איך מיין, איך בין איבערצײַגט, אז דאָס בעסטע אינעם געבוי פונעם מענטשנס מארך איז דאָס, וואָס ער פארמאָגט א גאנץ פּולקו־מען געדענק־אַפּאראַט, נאָר צום באדויערן, מאכט זיך אָפּט, אז דאָס דאָזיקע אַפּאראַטל ווערט דעם מענטשן צו לאַסט, איבעריק, און ער וויל פון דעם פּאָטער ווערן אָדער כאָטשבי עס קאַליע מאכן... שטעל דיר פאָר מײַן פרייד, ווען אף מײַנער א לעקציע וועגן מעטאַלורגיע האָב איך פּלוצעם אין דער אאודיטאָריע דערזען דאָס פארשווינדל, וואָס האָט מיך אמאָל געוואָלט שטעלן בעדיל־האַדאַל, צונעמען דעם לעצטן ביסן פון מויל. כ'האָב גוט פארגע־דענקט זײַן קלעפּיק הענטל מיט דער אויסגעטאַטויִרטער שיף, אף וועלכער עס איז געווען אָנגעשריבן „וועניאַ גאָלדין”. דער באָכער איז געזעסן פון פּאָרנט, נאָענט צו מיר, אף דער ערשטער באנק. עמעס, ער האָט קנאַפּ־וואָס געקוקט אין מײַן זײַט, נאָר קיין פאריבל האָב איך ניט געקאָנט האָבן אף אים. מײַנע לעקציעס זײַנען אָפענע, פאר פרײַוויליקע, פאר די, וואָס ווילן הערן, און אויב מע הערט מיך שלעכט, בין איך אליין שולדיק. אפּאָנעם, אז דאָס מאָל האָב איך גאָר קנאַפּ אויסגענומען בא די צוהערער, כאָטש איך האָב, ווי געוויינלעך, גערעדט וועגן זאכן, וואָס זײַנען מיר נאָענט און איך קאָן וועגן זיי ריידן באטאָג און באנאכט. דער באָכער, וואָס איז גע־זעסן פון פאָרנט, האָט געהאלטן די האנט מיטן פאַרקאַשערטן ארבל צוגע־לייגט צו דער באַק, און די גאנצע צײַט האָט מיר פאר די אויגן געשווינדלט

די דאָזיקע האַנט, אַף וועלכער עס איז געווען אויסגעטאַטויִרט אַ בלויע שיף און אויסגעקריצט דער נאָמען אַף דער פּאַלובע — וועניאַ גאָלדין. מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיטן דאָזיקן וועניען איז אויך פֿאָרגעקומען אין יענעם מילכאָמע־יאָר אַ ביסל שפּעטער נאָך די פּרזשעוואַלסקער בולקעלעך. איך בין דאַן געפֿאָרן צו דער שוועסטער העניע אַף צאָפּן צו פֿאַריכטן דאָס געזונט — „אַף פּאָפּראַוווקע” האָט עס געהייסן. וואַרטנדיק אין נאָוואָסיבירסק אַף דער שיף, וואָס האָט געזאָלט מאָרגן אינדערפֿרי אָפּגיין, האָב איך דערוויַל זיך אײַנגעאָרדנט איבערנעכטיקן ניט אפֿן טײַך־וואָקזאַל, נאָר אפֿן אײַזנבאַן־וואָקזאַל. איך האָב זיך דאָרטן אײַנגעאָרדנט גאַנץ באַקוועם. קאָן דען זײַן, וועסטו פֿרעגן, באַקוועם אַף אַ וואָקזאַל? די שווערע דעמבענע טירן הערן ניט אויף אַ גאַנצע נאַכט זיך צו עפֿענען און צו פֿאַרמאַכן, און אומעטום, אַף די בענק און אפֿן דיל, ליגן מענטשן, קלומעקעס, זעק, טשעמאָדאַנעס, עס וויינען קינדער, פֿון אַלע זײַטן הערט מען אַ צוגעקילטע טרוקענע הוסטעניש, און פֿונעם הויכן, זייער הויכן סופֿיט הענגט אַראָפּ אַ פּרעכטיקע ליוסטרע, וואָס באַשײַנט אַלץ מיט אַ קאַלטער גלײַכגילטיקער שײַן. פּרוביר כאַפּן אַ דרעמל, ווען די ראַדיִאָ טוט יעדער מאָל אַ נײַעם ליאַרעם און אַ טראַסקע גלײַך אין אויער אַרײַן, אָדער עס וועקט אויף אַ מיליציִאָנער און בעט ווײַזן די דאָקומענטן, צי ביסטו ניט קיין דעזערטיר. אויב ניט די ראַדיִאָ און ניט קיין מיליציִאָנער, טוט דיך אין שלאָף אַ שטויס דער שאָכן פֿון רעכטס, צי די שכיינע פֿון לינקס, אָדער די נעפּאַשעס, וואָס האָבן זיך אײַנגעמאָסטעט בײַ דײַן צוקאָפּנס און צופֿוסנס. זעסטו דאָך, עס איז מיר געווען גוט, און באַקוועם, און וואַרעם, ליגנדיק אפֿן פּיצל שעטעך בײַ דער טיר. דאָ איז געווען פֿרײַער צו עטעמען, עס האָט גוט געבלאָזן. אייגנטלעך, וואָלט איך גאָר ניט געדאַרפֿט ליגן אינעם אַלגעמיינעם זאַל. עס איז געווען נאָך אַ זאַל — פֿאַר מיליטערלײַט, און איך בין ניט לאַנג צוריק אַרויס פֿון שפּיטאָל, אַף מײַן אַלטן שינעל איז אַ שטיק רוקן געווען באַדעקט מיט אַ טונקעלן, פֿאַרבאַקענעם פֿלעק, וואָס אַפֿילע די געניטע אַרבעטזאַמע וועשערנס פֿונעם שפּיטאָל האָבן ניט געקאָנט פֿאַרוואַשן, און דער פֿלעק איז געבליבן, אַלץ נאָך שמעקנדיק מיט עפּעס פֿאַרבאַקנס־געזאַלצנס. בלוט וואַשט זיך שלעכט אָפּ, און דעם רייעך זײַנעם איז שווער צו פֿאַרטרײַבן. צוקאָפּנס איז בײַ מיר געלעגן מײַן ווײַס ציכל, וואָס האָט שוין באַוויזן צו ווערן אויסגעשמירט און קריגן אַ גרויען קאָליר. דאָס ציכל האָט מען מיר געגעבן אין שפּיטאָל, ווען איך האָב זיך פֿון דאָרטן אויסגעשריבן, און אין דעם איז געלעגן מײַן ביסל צײַדע־לאַדערעך — שפּײַז אפֿן גאַנצן וועג — אַ ברויטל, אַ טעפּעלע מאַרגאַרין, אַ שטיקל וווּרשט, אויך אַ דרײַ פּושקעס קאָנסערוון. איך בין אײַנגעשלאָפֿן, און אַזוי שטאַרק, אַז ניט די ראַדיִאָ, ניט די שטויסן, ניט די קלאַפּנדיקע טירן האָבן מיך ניט געוועקט. כ׳האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, ווען מײַן קאָפּ האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין דער הוילער מירמלנער פֿליטקע פֿונעם דיל. אויפֿגעריסן די אויגן, האָב איך דערזען, אַז דאָס ציכל איז אַף דרײַ פֿערטל אַרויסגעשלעפּט פֿון מײַן צוקאָפּנס, דער קנופּ איז אויפֿגעבונדן, דאָס בידנע רעדעלע וווּרשט איז שוין האַלב אין דרויסן, און עס שמײַדט פֿון מיר אַוועק אַ קליין ייִנגל, אַ שקעטל.

איין הויז האָט זיך בא אים פאַרקאַשערט, דאָס היטל איז אויסגעדרייט מיטן דאַשעק אַף הינטן, אָבער ביכלאַל איז דער יונגאַטש אָנגעטאָן ניט שלעכט. דאָס העמדל איז גאַנץ און איבערגעכאַפּט מיט א רימען, אַף די פיס ווילע שטיוועלעך. איך האָב זיך געפוילט אים נאָכצוזאָגן, בלויז א דראָע געטאָן מיט א פויסט, וועלכן ער האָט אפילע ניט געקאָנט זען. רויק, די הענטלעך אין די קעשענעס, איז ער ניט־געײַלט ארויס פון וואָקזאַל. מיינסטו, פּאַליע, אַז דערנאָך האָט ער מיך שוין געלאָזט צורו? די גאַנצע נאַכט האָט ער זיך געדרייט ארום מיר. איך דרעמל איַין און פּיל, אַז עס גליטשט זיך שוין ווידער מיַין גוטס פונעם צוקאָפּנס, באַלד וועט דער קאָפּ מיַינער א פאַל טאָן אַף דער הוילער פּאָדלאָגע און זיך צעקלאַפּן, ווי א קאַוון. איך עפן די אויגן. אהא, דאָס זעלבע באָכערעצל, און ער מאַכט שוין ווידער די פּלייטע פון מיר! דער איניען האָט אפילע מיר גענומען ווערן טשיקאַווע. וואָס האָט אים אַזוי פאַרשמעקט אין מיַין גרויען ציכל, וואָס עס ציט אים צו דעם, מער ווי צו אַלע אַנדערע קלומעקעס און זעקלעך אַפן וואָקזאַל? ענדלעך האָב איך אים געפּאַקט! איך האָב זיך געמאַכט בעקיוון שלאָפּנדיק, און ווען ער איז צוגעקראָכן און אויסגעשטרעקט די האַנט צו מיַין צוקאָפּנס, האָב איך אים געכאַפּט גליַיך פאַר דער שיף, וואָס איז בא אים אַפן הענטל געווען אויסגעטאַטוירט.

— שוין וועסטו גיין מיט מיר אין דער מיליציע! קום! — האָב איך זיך אופגעהויבן און אים מיטגעריסן מיט זיך.

— פּעטערל, לאָז מיך אָפּ, — האָט ער גענומען בעטן און רײַסן זיך פון מיר.

— אַזוי גיך לאָז איך דיך, ווען גע גאָלדין, אָפּ!

— פונוואַנען ווייסט איר, ווי איך הייס? — האָט ער אָנגעשטעלט אַף מיר א פּאָר פאַרוווּנדערטע דערשראָקענע אויגן.

— עס איז דאָך אָנגעשריבן אַף דער פּאַלובע פון דער שיף, — האָב איך אָנגעוויזן אַף זײַן האַנט. — זאָג, וואָס טוסטו דאָ אַפן וואָקזאַל?

— איך פּאָר.

— וווּהין פּאָרסטו?

— קיין כאַרקאָוו.

— כאַרקאָוו איז דאָך בא די דײַטשן.

— דערווײַל וועל איך פּאָרן ניט ביז סאַמע כאַרקאָוו, נאָר נאָענט צו דער שטאָט. אונדזערע וועלן אהין ארײַן, וועל איך דאַן אויך קומען אהין.

— ווו זײַנען דײַנע עלטערן? און ווי קומסטו אהער, ווו לעבסטו דאָ? ביסט אין א קינדערהיים?

— אור־הום.

— ביסטו, הייסט עס, פון קינדערהיים אַנטלאָפן?

— אור־הום.

— „אוהומקע” מיר ניט. קום אין מיליציע, און דאָרט וועט מען באַשליסן, וואָס צו טאָן מיט דיר. דו ביסט הונגעריק? — האָב איך אים צו־לעצט געפרעגט און אליין זיך פאַרשעמט פאַר מיַין נאַרישער פראַגע. דאָס

מענטשל קריכט די גאַנצע נאַכט עפּעס אַרויסלאַקכענען אַף צו עסן, און איך פרעג בא אים, צי ער איז הונגעריק. נאָר עס איז שוין געווען טאָג, דאָ און דאָרטן אַפן וואָקזאַל האָבן די מענטשן שוין פאַנאַנדערגעבונדן זייערע שפּײַז־בינטלעך. און מיר האָט זיך שוין אויך געוואָלט קײַען, איז פאַרוואָס ניט געבן עפּעס פון מײַן האָב־און־גוטס און אָנהאָדעווען אויך דעם כעווורעמאַן? איך האָב אים אַוועקגעזעצט לעבן זיך, אויסגעשפּרייט אַפן דיל אַ צײַטונג און גענומען גרייטן אַ שטיקל סודע. פון מינוט צו מינוט זײַנען מיר געוואָרן מער באַפרײַנדעט. נאָר איידער מיר האָבן גענומען עסן, האָב איך אים געשיקט אויסוואַשן די הענט, וועלכע זײַנען בא אים געווען שוואַרץ, פאַרקויטיקט. „מע זעט דאָך שוין באַלד אַפילע די שיף דײַנע ניט אַרויס פון דער בלאָטע, — האָב איך געזאָגט צו אים, — גיי וואַש זיך אײַן און טייקעף קום צוריק. מיר וועלן עסן”. אַ פריילעך געוואָרענער, מיט אופּגעגלאַנצטע אייגלעך, איז ער אַוועק זיך אײַנוואַשן, און איך בין געבליבן זיצן און וואַרטן אַף אים בא מײַן געגרייטן „טיש” מיט די אָנגעשניטענע ריפּטלעך וווּרשט, מיט די מויצעס ברויט מיט מאַרגאַרין און אַפילע מיט אַ געעפנט פּושקעלע קאָנסערוון. אָבער אָט איז שוין דורך די צײַט, וואָס דאַרף געדויערן אַף אויסצוואַשן אַפילע אַזעלכע פאַרבאַקן־קויטיקע הענט, ווי בא מײַן אוירעך, מע האָט זיי שוין געקענט ריין מאַכן ניט איין מאָל, און ניט צוויי מאָל, און ניט דרײַ מאָל, און דער יונגאַטש באַווײַזט זיך ניט. איך האָב נאָך אַ ביסל אויסגעוואַרט און גענומען פאַרבײַסן איינער אַליין. „אַ פערעאָדאָם, — בין איך געווען אַף אים אופּגעבראַכט, — ער וואָלט זיך מעכײַע געווען”. עס איז מיר געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן מײַן אויסגעוואַרעמט באַקוועם אָרט, וואָס ווי נאָר כ'וועל אַוועקגיין, וועט מען עס גלײַך פאַרנעמען, אָבער כ'האָב זיך אופּגעהויבן און גענומען אַרומגיין איבערן וואָקזאַל, כ'בין, געוויינלעך, אויך אַרײַן אַהין, ווו דאָס יאַטל האָט געזאָלט וואַשן די הענט, — אין ערגעץ איז ניט געווען פון אים קיין זייכער. איך האָב זיך אומגעקערט צו מײַן אַלט אָרט און געפרעגט באַם מאַנצבל, וואָס איז שוין דאָרטן געזעסן צווישן זײַנע זעק און טשעמאָדאַנעס, צי איז ניט געקומען אַהער אַ ייִנגל, אַ שקעטל. „וואָס פאַר אַ ייִנגל? וואָס פאַר אַ שקעטל?” — האָט ער מיך אָנגעקוקט. „נו, אַ ייִנגל, אַ ייִנגעלע... ענלעך אַף אַ גאַנעוול...” — האָב איך ניט געפונען קיין בעסערן סימען.

אַזוי האָב איך טאַקע דאַן אים ניט אָפּגעזוכט, און נאָר איצט, אין אַזויפיל יאָר אַרום... נאָך דער לעקציע האָב איך אים אָפּגערופן אין אַ זײַט, און מיר זײַנען ביידע אַוועק איבער דער אַליי, וואָס פירט פונעם אוניווערסיטעט צום יאַם־פּראָספּעקט. עס איז מיר ניט גאָר געווען באַקוועם אים אויסצופרעגן, נאָר דאָך האָב איך זיך ניט אײַנגעהאַלטן און צום סאָף געפרעגט, צי איז אים אַמאָל אויסגעקומען נעכטיקן אַפן נאָוואָסיבירסקער וואָקזאַל. דערנאָך האָב איך אים איידל דערמאָנט, וויִאַזוי ער איז יענע נאַכט געקראָכן צו מײַן בידנע ציכל מיט די פּראָדוקטן. מיר האָבן ביידע געלאַכט.

— איך געדענק, — האָט ער געזאָגט, — עס האָט מיך דאַן פאַרהאַלטן אַ מיליציאָנער.

איצט איז דער באָכער אפֿן פינפטן קורס פון אוניווערסיטעט. איך האָב
אים אײַנגעלאַדן, און ער איז א פּאָר מאָל געקומען צו מיר צוגאַסט..."

איבערגעלייענט די דאָזיקע צוויי לאַנגע בריוו, ווייסט שוין פּאָלינע
יאקאָוולעוונע זייער גענוי, צוליב וואָס א פאַרנומענער מענטש פאַטערט
צײַט און באַשרײַבט עס אַלץ, זי ווייסט, וואָס ער איז דערמיט אויסן. ער
טוט עס צוליב דעם, קעדיי ווידער איבערצוכאַזערן, אַז ער פאַרגעסט גאָר־
ניט, ער פאַרגעסט קיינעם ניט, אפילע א געוועזן גאַנעוול פון דער גאַס. א
מענטש, וואָס איז מיטן קאָפּ און מיט דער נעשאָמע אינגאַנצן אַרײַנגעטאָן
אין נײַע זוכונגען, נײַע פּראָבלעמען, וויל מאַכן איבערקערענישן אין דער
מעטאַלורגיע, זוכט אומעטום, אפילע דאָרטן, אין ווײַטן סיבירער שטעטל,
די פאַרגאַנגענהײַט, פאַרגעסענע מענטשן, אַלטע, פאַרגעסענע ביכלעך.
אויב זי, פּאָלינע יאקאָוולעוונע, וועט אַריבערפאָרן צו אים, וועט זיך אָנ־
הייבן די אַלטע פריִערדיקע קריג, אייגנטלעך, אפילע קיין קריג ניט. א קריג
קאָן מען ווי־ניט־איז בײַקומען און מאַכן שאָלעם, אָבער בא אים איז עס
דאָך א מעשוגאַס, א מין מאַניע... ער איז דער איינציקער שולדיקער. נאָר
איבער אים איז וואָלאָדיע ניט אָנגעקומען אין אינסטיטוט און זי איז איצט
איינע אַליין. דאָרטן, אינעם שטעטל, וועט זי אויך זײַן אַליין.

די געדאַנקען וועגן מאַן פירן זי ניט ווילנדיק אַרוף אף זײַן שוועסטער
העניען, זיי זײַנען ביידע א פּאָר, טאַקע נאָר ווי בא א שוועסטער מיט א
ברודער איז בא זיי ביידן איינער און דער זעלבער שווערער כאַראַקטער.

פאַר די פינף כאַדאָשים, זינט לעוו באָריסאָוויטש — איז
אַוועקגעפאָרן, איז העניע געוועזן צוגאַסט בא פּאָלינע יאקאָוולעוונען סאַ־
כאַקל געציילטע צוויי מאָל, און דאָס לעצטע, דאָס צווייטע מאָל איז זי
אַוועק א באַרויגעזע, קימאַט מיט א קלאַפּ אין דער טיר. ווי געוויינלעך, איז
זי דאַן, אין יענעם צווייטן מאָל, נאָך וועלכן זי האָט אופגעהערט זיך צו
באַווײַזן, אַרײַנגעקומען אין אָוונט. געוועזן איז עס נאָכן אָקטיאַבער־יאָמ־
טעוו, אין שפּעטן האַרבסט. ס'איז געוועזן קאַלט און ווינטיק, און דער שניי,
וואָס איז אויסגעפאַלן, האָט באַוויזן ערטערווײַז זיך צוגויפּהערודקעווען אין
האַרטע הערודקעלעך. גליטשיקע בערגלעך האָבן באַדעקט דעם טראָטואַר.
צוגאַסט קלײַבט זיך העניע אויס דאַפּקע אין א שלעכטן וועטער, ווען עס
דרייט און עס איז א שטיקל זאַווערוכע אָדער עס איז א גליטש. וואָלט זי
כאָטשבי פריִער אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן, עס קאָן זיך דאָך מאַכן, אַז זי
זאָל אין אַזא ווינט־און־ווייעניש זיך שלעפּן אומזיסט, טרעפן א פאַרשלאָ־
סענע טיר. אפּאָנעם, אַז אַזוינס האָט שוין פּאַסירט מיט איר, נאָר זי דער־
ציילט ניט וועגן דעם. ווען זי איז דאַן אַרײַנגעקומען פון דער דרויסנדיקער
גיפטיקער קעלט, האָט פּאָלינע יאקאָוולעוונע אופגענומען זי מיטן גרעסטן
קאָוועד, געהאָלפן דער שווערער אויסטאָן דעם מאַנטל און פונעם וואַרע־
מען קאָרידאָר גלײַך אַרײַנגעפירט און פּײַן באַזעצט אינעם נאָך מער
וואַרעמען וואָלאָדיעס צימערל, ווו זי, פּאָלינע יאקאָוולעוונע, פאַרברענגט
לעצטנס קימאַט די גאַנצע צײַט, ווען זי איז אין שטוב. זי שלאָפט אויך
טאַקע דאָ, אף וואָלאָדיעס דיוואַן. העניע האָט באַקוקט דאָס צימערל, איין
מאָל א קוק געטאָן אף דער וואַנט, איבערן דיוואַן, אין א ווײַלע אַרום ווידער

אופגעהויבן די אויגן צו דער וואנט, נעמלעך צו יענעם אָרט אונטערן ני־דעריקלעכן סופיט, ווו עס איז געבליבן שטעקן א ליידיק טשוועקל און ארום דעם האָט זיך געזען א טונקל, פארזשאווערט קרײַזל.

— האָסט אראָפּגענומען פון דער וואנט דאָווידס פּאָרטרעט? — האָט העניע געפרעגט מיט דער גאנצער גראָדליניקײַט און הארבקײַט, וואָס איז אייגנטימלעך איר שווערן כאראקטער.

— יאָ, — האָט אין פארלעגנהײַט פּאָלינע יאקאָוולעוונע זיך גענומען פארענטפערן. — איך בין דאָך איצט אין דער גאנצער שטוב אייבינקע אליין. איך זע אין דער פינצטער זײַנע אויגן. ער קוקט גלײַך אף מיר. כ׳האָב געמוזט אראָפּנעמען...

— ער האָט דיר געשטערט צו שלאָפן? — האָט העניע איבערגעפרעגט מיט גרויסער פארוואונדערונג. — נו, און ווען וועסטו אריבערפאָרן צו ליאָ־ווען? צי דו רעכנסט ביכלאל ניט פאָרן?

פּאָלינע יאקאָוולעוונע האָט זיך קוים אײַנגעהאלטן ניט אָפּצוענטפערן שארף און הארב. וואָס פאר א רעכט האָט די שווערן אזוי צו ריידן מיט איר? זיך ארײַנמישן אין יענעמס לעבן? העניען איז שווער אפן הארצן, און זי קאָן ניט אויסקומען ניט צו מאכן אויך יענעם שווער. באלד וועט זי נעמען אופמישן די פארגאנגענע יאָרן מיט אלע פּײַנען, אומגליקן און צאָרעס. ווען עס ציגדט זיך אָן אין אירע האלב־אויסגעלאָשענע אויגן א פּײַערל, איז עס נאָר אף א ברען צו טאָן מיט דער הארבער טײַנע צו אלע־מען, צו דער גאנצער וועלט, האלעמײַ מע לעבט, בייס איר קינד, איר זון, איז שוין וויפל יאָרן טויט.

— העניע, — האָט פּאָלינע יאקאָוולעוונע אָן אופגערעגטע א הייב אוף זיך געטאָן פונעם בענקל און שוין געוואָלט איר ארײַנזאָגן, נאָר באצײַטנס זיך אײַנגעהאלטן. זי איז א דאָקטער, זי דארף היילן מיטן וואָרט, ניט קראנק מאכן. און וואָס איז ביכלאל פאר אן אופטו צו קריגן זיך מיט אן אלטער, צעבראָכענער, אומגליקלעכער פרוי, וואָס זעט ניט קיין ליכטיקן שטראל אין לעבן? קעדיי איבערצורײַסן דעם ניט־געוווּנטשענעם געשפּרעך, האָט זי א זאָג געטאָן, אז זי וועט גיין אין קיך מאכן עפּעס עסן.

— איך וויל גאָרניט עסן. איך האָב ניט לאנג געגעסן מיטיק.

— איז כאָטשבי א גלאָז טיי מיט לימענע.

— ווארט אויס מיט דער טיי. זיץ און אנטלויף ניט... וואָס שרײַבט וואָלאָדיע?

— ער שרײַבט, אז ביסלעכווײַז ווערט ער צוגעוווינט, — פּאָלינע יאקאָוולעוונע האָט דערלאנגט העניען וואָלאָדיעס בריוו. העניע טוט אָן די ברילן, אָבער אלציינס זעט זי ניט קיין איין אָס.

— מיר איז מײַן זון, וואָלאָדיען צו לאנגע יאָר, יענע נאכט געקומען צו כאָלעם, — לייגט זי אוועק דעם בריוו צו זיך אף די קני. — ער האָט געצײַלט, מײַן זון, צו דער באַן, און איך האָב נאָך ניט באוויזן צונויפלייגן אין טשעמאָדאן זײַנע זאכן, און איך דארף אים נאָך פּארטיק מאכן עפּעס עסן. מיטאמאָל לייגט ער ארוף זײַן ווארעמע און ליבע האנט מיר אף דער פּלייצע, איך פיל זי, די האנט, נאָך איצט אף זיך. אָט אָ־דאָ, — העניע האָט

באוויזן אפן רעכטן אקסל. — און ער זאָגט צו מיר, מײַן קינד: „קום, מאמע, אויך. עס וועט דיר זײַן פרײלעכער מיט מיר!" און, ווענסט מיר גלייבן, פּאַ־ליע, עס איז מיר געוואָרן אזוי גרינג, אזוי גוט, אזוי ווארעם אפן הארצן, אז איך קאָן דיר גאָרניט איבערגעבן. „אָט שוין גיי איך מיט דיר, זון מײַ־נער, — האָב איך אים געענטפערט. — אוואדע גיי איך. וואָס האָב איך דאָ צו טאָן אָן דיר, אפילע א האלבע שאָ וויל איך ניט בלײַבן אליין". — איך ווארף ארוף דאָס טיכל אפן קאָפּ, טו אָן דעם מאנטל, איך בין שוין גרייט צו גיין, נאָר פּלוצלינג לאָזט ער זיך לויפן. איך לויף אים נאָך און קאָן אים ניט דעריאָגן. דעם וועג מײַנעם פארצאמט מיר די באן, וואָס קלאפּט איבער די רעלסן. מײַן זון מאכט צו מיר מיט דער האנט איבער די וואגאָ־נעס, ער רופט מיך, און איך שטיי, ווי א גלאָמפּ, גיב זיך ניט קיין ריר...

העניעס אויגן האָבן דאָס מאָל זיך ניט אָנגעגאָסן מיט קיין טרערן, ווי זיי גיסן זיך אָן, ווען זי דערציילט די אומופהערלעכע כאלוימעס אירע. די אויגן אירע זײַנען געווען טרוקן, איבערגעצויגן מיט עפּעס א מאָדנע טרוקן הײַטל, און דריבנע, צעריסענע, צעשפּליטערטע קלאנגען, א מין הוסט אזא, צי עפּשער גאָר אזא אײַנגעבראָכענער, וויסטער, ווילדלעכער געלעכטער האָט זיך געריסן בא איר פונעם האלדז און פונעם מויל, ווי ס'וואָלטן זיך פון דאָרטן געקײַקלט הארטע שטיינדלעך.

„אָט אזוי גייט מען אראָפּ פון זינען", — האָט פּאָלינע יאַקאָוולעוונע געטראכט, דערלאנגענדיק העניען די טאבלעטקע, וואָס דארף קלוימערשט בארויקן.

— ווענסט בלײַבן נעכטיקן בא מיר, — האָט פּאָרגעלייגט פּאָלינע יאַ־קאָוולעוונע.

— א דאנק, פּאָליעטשקע, איך וועל גיין. אף א פרעמד געלעגער וועל איך ניט אײַנשלאָפן.

דערנאָך, ווען זי איז שוין געשטאנען בא דער שוועל אף אוועקצוגיין, האָט זי אומגעריכט זיך צוריקגעקערט, געגומען פּאָליען פעסט אונטער דער האנט און זי צוריק ארײַנגעפירט אין וואָלאָדיעס צימער, וווּ זיי זײַנען ביז איצט געזעסן.

— העגג אוף דאָווידס פּאָרטרעט, — האָט זי א טײַטל געטאָן מיט די פינגער צום הוילן טשוועקל אף דער וואנט. — עס איז ניט גוט אזוי. פאר א געשטאָרבענעם איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן.

— העניע, — האָט פּאָליע ניט אויסגעהאלטן, — איך בין דאָך ניט קיין קינד, כ'פארשטיי אלץ אליין.

— אויב אזוי, איז נאָכאמאָל א גוטע נאכט.

זי איז אוועק, און פּאָלינע יאַקאָוולעוונע איז א פארלוירענע געבליבן שטיין בא דער טיר. „איך האָב ניט געטאָרט לאָזן זי אוועקגיין, זי האלט זיך קוים אף די פיס". — פּאָלינע יאַקאָוולעוונען האָט שטארק פארדראָסן, וואָס עס האָט זיך אזוי באקומען, קימאט זיך צעקריגט, איצט וועט זי שוין אינגאנצן ניט קומען. אָבער וואָס וויל זי? — איז פּאָלינע יאַקאָוולעוונע אופגעבראכט געוואָרן. — זי וויל אָנטאָן איר פּײַן אף דער גאנצער וועלט. אזעלכע מענטשן דארף מען איזאָלירן, זיי זאָלן ניט אָנברענגען קיין כוי־

שעך. און דעם ברודער אירן, וואָס איז אראָפּגעקומען פון אמעריקע און וואָס איז געווען בא איר צוגאסט געציילטע צוויי שאָ, האָט זי דען ניט שווער געמאכט אפן הארצן אזוי, אז ער איז שוין גערן געווען, די באגע־געניש זאָל זיך פארענדיקן וואָס גיכער? האָט זי דען גערעדט, ווי מע דארף ריידן מיט אזא גאסט? ווען זי, פּאָליע, האָט דערהאלטן פון לעבאָרן די טעלעגראם וועגן דער אומגעריכטער באגעגעניש מיטן ברודער פון אמעריקע און אז מע זאָל אים באגעגענען, ווען ער וועט זײַן אין מאָסקווע, איז זי אוועקגעלאָפן צו העניען זיך צונויפריידן, ווי־אזוי און וואָס. מע דארף דאָך גרייטן א טיש, אופנעמען מיט קיבעד. פּאָליע האָט זיך גאָר אנדערש ניט פאָרגעשטעלט, אז די באגעגעניש וועט פאָרקומען בא איר אין שטוב, אין דער נײַער דירע — עס איז שענער, פארנעמלעכער און אויך באקוועמער, ווי אין העניעס קליין צימערל אינעם אלטן קאָמונאלן הויז. אָבער קעדיי ניט צו באליידיקן העניען, האָט זי וועגן דעם לעכאטכילע ניט געזאָגט, באשליסנדיק בא זיך, אז ווען מע וועט זיצן אין דער מאשין, וועט זי געבן דעם שאָפער איר אדרעס און מע וועט פארקערעווען צו איר. אזוי האָט זי טאקע געטאָן, נאָר ווען מע איז שוין געווען גאָר נאָענט פונעם הויז, האָט העניע זיך געכאפּט, אז מע פאָרט ניט אהין, ווו מע דארף.

— א נאפקעמינע דען? — האָט פּאָלינע יאקאָוולעוונע געפּרוווט זי אײַנריידן.

— ניין, ליבע פּאָליע, — האָט זי דערווידערט. — ער איז מײַן ברודער, און ער וועט פארפאָרן צו מיר.

— יעס, יעס, — האָט הארי גערן צוגעשטימט, און ס'איז ניט געווען קיין אנדער ברייִרע, ווי צו ברענגען אים צו העניען. דאָס צימערל איז געווען אופגעראמט, ריין, אָבער זי האָט זיך אפילע ניט באמיט ארײַנצו־קריגן אן איבעריק בענקל, און האריס באגלייטער, דער איבערזעצער, האָט געמוזט זיצן אף א ברעג פונעם בעט. א גליק, וואָס דער איבערזעצער איז ביכלאל געווען אן איבעריקער, מע האָט זיך אין אים ניט גענייטיקט, מע האָט גערעדט אף מאמעלאָשן, און ער איז אוועק שפּאצירן. זי, פּאָליע, האָט זיך אויך דאן געפילט, ווי אן איבעריקע, זי האָט ווינציק־וואָס אָנטיילגענו־מען אינעם געשפּרעך.

די שוועסטער מיטן ברודער האָבן גערעדט אפן ליטווישן ייִדיש — „יע" אָנשטאָט „יאָ" און מיטן סאמעך אָנשטאָט דעם שין. עס איז פּאָשעט געווען צו באוואונדערן, ווי־אזוי דער דאָזיקער דיִאלעקט האָט זיך בא זיי פארהיט אין זײַן אורשפּרינגלעכער פאָרם אין די ווײַטע ערטער מיט די פארשיידענע לעשוינעס, וווהין דער גוירל האָט זיי פארוואָרפן פון קינדווײַז אָן. אין דער סימכע און פרייד פון דער באגעגעניש האָט העניע אף א ווײַלע פארגעסן וועגן איר אומגעקומענעם זון. יעדנפאלס האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אז זי האָט פארגעסן. אלס עלטערע שוועסטער האָט זי שוין גלײַך גענומען אף זיך די זאָרג וועגן הארין, זיך נאָכגעפרעגט, צי רוט ער זיך כאָטשבי גוט אָפּ נאָך יעדער אָפּעראציע, וואָס ער מאכט און וואָס קאָסט אים אזויפיל געזונט. זי האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט אלע גענויקײַטן וועגן זײַן פאמיליע, אָבער ווען הארי האָט א זאָג געטאָן איר, אז זײַן

עלטערע טאָכטער, העלען, האָט כאַסענע געהאַט און אַז דאָס יונגע פּאָרל איז אַוועקגעפאָרן אין אַ לוסט־רײַזע צו פאַרברענגען דעם האָניק־כוידעש, האָט זיך איר פּאָנעם געביטן, די ליפּן האָבן זיך פאַרקלעמט.

די פּאָר שאָ, וואָס מע איז אָפּגעווען צוזאַמען, זײַנען געווען שווערע לאַנגע שאָען. העניע האָט געוויינט און געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן איר זון. באַם גאַסט איז שוין אַזוי געווען געפּאַטערט די שטימונג, אַז ווען זי, פּאַליע, האָט אים געבעטן אַרײַנפאָרן אויך צו איר, אַ קוק טאָן, ווי זי לעבט, האָט ער זיך פאַרופן, אַז ער האָט ניט קיין צײַט, קיין איבעריקע מינוט.

פון דער צעטומלטקײַט, פאַרלוירנקײַט, פון פאַרדראָס אַפן מאַן, אַף דער שווּעגערן און, עפּשער, נאָך מער אַף זיך אַליין, פון דער קלעמענדיקער איינזאַמקײַט אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן ראַטעוועט פּאָלינע יאַקאָוורלעוונען דער טעלעפאָן. טאַקע זייער גוט, וואָס מע האָט איצט אָנגעקלונגען, עמעצער נייטיקט זיך אין הילף, און זי וועט גלײַך מאַסקים זײַן צו פאָרן, גיין צופוס, וווּהין מע דאַרף, וווּהין מע וועט זי רופן, און וואָס ווײַטער, איז אַפילע בעסער.

— איך הער, — האָט זי גענומען אין דער האַנט די פּעמן צו פאַרשרײַבן דעם כוילעס אַדרעס אינעם נאָטיץ־ביכל, וואָס ליגט אָנגעגרייט אַפן טעלעפאָן־טישל. אָבער אינעם טרײַבל האָט זי דערהערט אַ קאָל גאָר ניט פון קיין כוילע אָדער פון אַ מענטשן, וואָס רופט אַרויס צו אַ כוילע. עס איז געווען אַ מונטערע, אַ האָפערדיקע, אַ ביסל אַפילע אַ שפּילעוודיק־גנייווישע שטים פון אַ מאַנצבל, וואָס וויל נויסע־כיין זײַן און איז זיכער, אַז ער פאַרדינט דאָס און אַז מע דאַרף זיך מיט אים דערפרייען, ווי נאָר מ׳וועט זיך דערוויסן, ווער דאָס איז.

— דאָס בין איך, אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש...

וועגן דעם, אַז עס איז מעגלעך אויך אַזאַ טעלעפאָן־קלונג, האָט זי גאָר פאַרגעסן, ריכטיקער — געוואָלט פאַרגעסן, זי האָט אָבער געפילט, אַז ער וועט אומבאַדינגט אָנקלינגען, און ניט מוידע זײַענדיק זיך אַליין, האָט זי אַפן קלונג געוואַרט. זינט לעוו באָריסאָוויטש איז אַוועקגעפאָרן, זעט פּאָלינע יאַקאָוולעוונע זעלטן־ווען עמעצן פון זײַנע באַקאַנטע, און פון איר צאַד, פון אירע באַקאַנטע, זעט זי אויך קימאַט קיינעם ניט. עס ליגט ניט דאָס האַרץ צו גיין צוגאַסט, און אַז מע גייט אַליין ניט, קומט מען צו דיר אויך ניט. אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש איז לעבאָרס אַן אַלטער באַקאַנטער. לעבאָר האָט אים גערופן „דער דובל”, זיי האָבן געזוכט די לייזונג פון איין און דער זעלבער פּראָבלעם און געאַרבעט צוזאַמען; אַ סוואָרע, אַז אַמאָל, גאָר אין אָנהייב, זײַנען זיי געווען אַפילע באַפרײַנדעט, נאָר דערנאָך האָבן זיי זיך דערווײַטערט און אַפילע שוין שטילערהייט זיך פּײַנט באַקומען. פּאָלינע יאַקאָוולעוונע דערמאָנט זיך, אַז לעוו באָריסאָוויטש האָט אין זײַן געוויינלעכן נוסעך, מיטן טמימעסדיקן שמייכל, וואָס דאַרף פאַרווייכערן און פאַרמילדערן יענעמס זינד, דערציילט עפּעס גאָר ניט קיין פּײַנע זאַך, וואָס אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש האָט מיט אים אָפּגעטאָן, בייס ער, לעבאָר, האָט פאַרטיידיקט די דיסערטאַציע. איינער צום אַנדערן איז צוגאַסט ניט

געגאנגען, געגוג, וואָס מע האָט זיך געזען אין אינסטיטוט. נאָר דאָ ניט לאַנג איז אנאטאָלי דאנילאָוויטש אַרײַנגעקומען אין פּאָליקליניק און גראָד אָנגעטראָפֿן אינעם קאַבינעט פֿון דער דאָקטערשע כאנינע. אנאטאָלי דאני־לאָוויטש האָט זיך אַזוי מיט איר דערפֿרייט, אַז ער האָט בײַסמײַסע גאָר פֿאַרגעסן וועגן זײַן גריפּ און וועגן זײַן קאַטער, מיט וועלכן ער איז געקו־מען אין דער פּאָליקליניק. פּאָלינע יאַקאָוולעוונע האָט מיט געוויסער קינע אָנגעקוקט דעם קרעפּטיקן, יאָדערדיקן מאַנצבל, מיט די גלײַכע קוואַדראַטע פּלייצעס פֿון אַן אויסגעשולטן מיליטערמאַן, מיט די רויטע באַקן, ווי ער וואָלט געהאַט פֿערציק גראַד היץ, נאָר קיין היץ האָט ער ניט געהאַט, ס׳איז די נאַטירלעכע פֿאַרב זײַנע פֿונעם פּנים. די טעמפּעראַטור איז בײַ אים געווען אַ נאָרמאַלע. דער אומגעריכטער פּאַציִענט האָט מיט היפּשן נײַגער זיך געגומען נאָכפֿרעגן, וואָס עס מאַכט לעוו באָריסאָוויטש אין סיביר, ווי פֿילט ער זיך דאָרטן און צי איז אים נאָך ניט נימעס געוואָרן און ער רעכנט ניט זיך אומקערן אַף צוריק. פּאָלינע יאַקאָוולעוונע האָבן שאָקירט די דאָזיקע פֿראַגעס, די פֿרײַקײַט און אומגעצווונגענקײַט, מיט וועלכער זיי זײַנען געוואָרן אַרויסגעבראַכט, אָבער עס איז איר געווען אָנגענעם, ווען ער האָט אויך אַ פֿרעג געטאָן, ווי אַזוי פֿילט זי זיך אַליין אין געזונט. בײַ אַ דאָקטער פֿרעגט עס קיינער ניט, יעדערער דערציילט נאָר זײַנע אייגענע צאָרעס. האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט האָט אנאטאָלי דאנילאָוויטש פֿאַר־פֿירט אַ רייד וועגן דעם, אַז די דאָקטוירים, וואָס גיבן גוטע אייצעס, זײַנען זעלבסט פֿאַר זיך שלעכטע אייצעגעבער. צי פֿאָרט זי, צום בײַשפּיל, אַמאָל אין אַ זונטיק, אַרויס הינטער דער שטאָט? הינטער מאָסקווע זײַנען דאָך פֿאַראַן אַזעלכע פּרעכטיקע ערטער, אַזאַ צויבערנדיקע נאַטור. ער, אנאטאָ־לי דאנילאָוויטש, לאָזט ניט דורך קיין איין פֿרײַען טאָג — עס שטייען שוין בײַ אים גרייט די ליזשעס אַף צו פֿאָרן קומענדיקן זונטיק.

— איר זײַט דאָך קראַנק, — האָט באַמערקט פּאָלינע יאַקאָוולעוונע.

— מער ווי דרײַ טעג קרענק איך ניט, און דאָס מאָל, מיט אײַער הילף, האָף איך געזונט ווערן נאָך גיכער, — האָט ער מיט אַ ליבן שמייכל זיך אָפּגערופֿן. — און אָט וועט איר זען, אַז אַף מײַן מאַזל וועט קומענדיקן זונ־טיק אויספֿאַלן אַ גוטער שניי, ס׳וועט נעמען ניט קיין גרויסער פֿראָסט, אַן ערעך פֿון אַ גראַדוס פֿופֿצן... וואָס זשע קאָן זײַן בעסער, ווי דורכפֿאָרן זיך אַף ליזשעס איבערן יונגן שניי אין וואַלד, באַם ערשטן פֿרעסטל? זונטיק אינדערפֿרי זײַנען אַלע וואָקזאַלן שוואַרץ פֿון טוריסטן. קומט אויך צו גיין, האַ? אַפֿילע אָן ליזשעס איז אַ פֿאַרגעניגן צו מאַכן אַ שפּאַציר אינעם ווינטערדיקן וואַלד.

פּאָלינע יאַקאָוולעוונע איז געזעסן בײַ איר טישל מיט די מעדיצינישע מאַכשירים און קאַרטלעך פֿון די כאָלאָיִם, אַ ציכטיקע, אַ ריינע, אין איר זויבער־ווײַסן כאַלאַט, דאָס פּנים בלייכלעך, נאָר דאָס האָט איר ניט גע־שאַט, אַפֿילע געמאַכט זי ייִנגער. ביכלאַל איז פּאָלינע יאַקאָוולעוונע אין איר דאָקטערשן קאַבינעט אַ סאַך מונטערער און זיכערער בײַ זיך, ווי אין דער היים. זי האָט רויִק געהערט די פּלאַפּלערײַ פֿון איר כוילע, געהאַט אַפֿילע אַ ביסל האַנאָע, און ס׳האָט זי בעעמעס פֿאַרדראָסן, ווען איינער פֿון

די אומגעדולדיקע פּאַציִענטן האָט געעפנט די טיר און זיך נאָכגעפרעגט, צי מעג מען שוין אַרײַנגיין.

דעם קומענדיקן זונטיק איז טאַקע אויסגעפאַלן אַ שניי, און ווען פּאָלינע יאַקאָוולעוונע האָט אינדערפרי אַ קוק געטאָן אין פענצטער, האָט זי דערזען אַ ווינטערדיקן, קימאַט דאָרפישן פּייזאַזש. די צאַרטע פרוכטבײמער — דאָס ווײַנשלבײמל און דער באַרנבוים, אויך דער צעוואַקסענער פעסטער לינדנבוים מיטן פייגלשן קעסטל, וואָס איז צוגעשלאָגן אויבן אויפן דיקן שטאַם, און די גאַנצע ערד באַם הויז און אויך ווײַטער איז געווען באַדעקט מיט אַ קלאָר־ווײַסן שניי, בלויז דער שאָסײ־וועג איז געווען אויסגעפלעקט אין שוואַרצן. וויפל דער שניי זאָל אים ניט ווײַסן, דעם וועג, איז ער קיינ־מאָל ניט ווײַס — טאָג און נאַכט באַפלעקן אים די רעדער פון די יאָגנדיקע מאַשינעס. דער גראַדוסניק, וואָס הענגט הינטער דער שויב אויפן באַלקאָן, האָט באַוויזן, אַז עס איז ניט קיין גרויסער פראָסט — פּונקט אַזאַ, ווי ס'האָט פּאָרויסגעזאָגט אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש. און דער שניי איז אויך אויסגע־פאַלן לויט זײַן פּאָרויסזאָגונג. „עפשער טאַקע מאַכן אַ שפּאַציר?" זי האָט אַ קוק געגעבן אויף די ליזשעס אירע, וואָס שטייען מיט די שפּיצן אָנגעשפּאַרט אָנעם בעטאָנענעם דעכל פון באַלקאָן. אַ ליזשנעם קאָסטיום האָט זי אויך, און מוירע האָבנדיק, אַז זי וועט איבערטראַכטן, האָט זי זיך גלײַך גענומען אָנטאָן צום שפּאַציר. מיטן געשטריקטן ווײַסן היטעלע אויפן קאָפּ, אינעם ווײַסן סוויטער, וואָס כאַפּט אַרום מיטן פאַרמאַכטן קראַגן דעם האַלדז ביזן קין, און מיט די ליזשעס, ווי שפּיזן, אויפגעהויבן אַרויפצו, איז זי אַרויס פון שטוב. די שכיינע איטע, וועלכע עפנט גראָד שטענדיק די טיר, ווען מע קאָן זען עפּעס אינטערעסאַנטס, האָט אַזש אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט פון אַנציקונג:

— האַקט מיר אָפּ דעם קאָפּ, פּאָלינע יאַקאָוולעוונע, אויב מע קאָן אײַך געבן מער פון פינף און צוואַנציק, העכסטנס דרײַסיק יאָר. איך זאָל זײַן אַ האָרעלע ייִנגער, וואָלט איך אויך געפאָרן אויף ליזשעס...

אין מעטראָ איז געווען פול מיט ליזשניקעס. די שפּיצן פון די ליזשעס זײַנען געווען פאַרבאַהאַלטן אין ציכלעך פון קאָלערליי קאָלירן. פּאָלינע יאַקאָוולעוונע איז געוואָרן גרינגער, ווען זי האָט דערזען אַלטע לײַט, וואָס האָבן אויף יעדער סטאַנציע, אַזוי ווי די יוגנטלעכע, מיט קוראַזש, מיט ענערגיע און מיט היץ געשטופּט זיך אין וואַגאָן. אין דער אַרומרינגלונג פון באַיאָרטע האָט זי זיך געפילט יונג. בײַ די אײַזנבאַן־קאַסעס איז אויך גע־ווען פול, מע האָט געכאַפּט פון די קליינע פענצטערלעך די בילעטן און געלאָפן, געשפּרונגען מיט די ליזשעס צום פּעראָן.

— פּאָלינע יאַקאָוולעוונע! — האָט זי דערהערט אַן אימפּעטדיקן אויס־געשריי. זי האָט געוווּסט, אַז דאָס איז ער, קיין אַנדערער האָט עס ניט גע־קאָנט זײַן. אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש האָט זיך צוגעגליטשט צו איר אויף איין ליזשע, די אַנדערע האָט ער געהאַלטן אונטערן אָרעם.

— אָבער איך האָב געזאָגט, אַז ס'וועט זײַן אַ ווונדערלעכער טאָג, — ער האָט איידל אַ קוש געטאָן איר די האַנט. — קומט, עס גייט באַלד אָפּ דער צוג!

מיט נאָך אַ סאַך ליזשניקעס זײַנען זיי ביידע דערנאָך אַראָפּגעשטיגן פֿון דער באַן און זיך געלאָזט גיין איבער איינער פֿון די פּילצאָליקע סטעזשקעס, וואָס מע האָט שוין פֿון פֿריִער דאָ באַוויזן אויסצוטרעטן. אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש איז צוערשט מיט אַ ברייטן כוואַטסקן טראָט אַוועק פֿאָרויס, זײַן רוקן האָט זיך דערווײַטערט, ווי אַ זעגל פֿון אַ שיף, דערנאָך, ווען זיי זײַנען אַרויס אויף אַ ברייטערן און פֿרײַערן שעטעך, זײַנען זיי געגאַנגען באַנאַנד, דורכלייגנדיק צוויי פֿרישע שטעגלעך צו די שטיילע אָפּריסן, גרעסערע און קלענערע בערגלעך, פֿון וועלכע מע פֿאָרט אַראָפּ צום טײַך. דער דאָזיקער הויכער און אויסגעשניטענער ברעג טײַך ציט עס טאַקע אַזוי צו די ספּאָרטסמענער, דאָ קאָנען זיי אַרויסבאַווײַזן זייער מײַסטערשאַפֿט.

— קוקט, — האָט אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש אַ זאָג געטאָן און ווייליונגערישׂ, גרינג, גאָר ניט ווי קיין באַיאָרטער מאַן, זיך געלאָזט באַרג־אַראָפּ, אָבער אַרופֿקומענדיק אויפֿן טײַך, ניט אײַנגעהאַלטן זיך אויף די פֿיס און אומגעפֿאַלן, נאָר גלײַך פֿלינק זיך אויפֿגעהויבן און גענומען זיך לוסטיק מאַכן, קרײַזנדיק איבערן פֿאַרשנייטן אײַז.

— נו! — האָט ער קאָמאַנדעוועט אַרופֿצו אין דער הייך, צו פּאָלינע יאַקאָוולעוונען. זי האָט זיך אָבער ניט געקאָנט אַנטשליסן און איז געשטאַנען אָפּגערוקט אַ ביסל פֿונעם ראַנד. דאַן איז אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן באַרג און זיך געשטעלט הינטער איר, ווי ער וואָלט זי געוואָלט אַ שטופּ טאָן.

זיי האָבן פֿאַרקערעוועט אויף דער סטעזשקע, וואָס פֿירט אין וואַלד. ווײַס און שטיל איז געשטאַנען דער ווינטערדיקער וואַלד, אַ באַהאַנגענער און באַלאָדענער מיט ניט־געריירטן שניי, עס האָבן געצוויטשערט די שפּערלעך, נאָר זיי האָט פֿאַרטריבט דאָס געשריי פֿון אַ סטײַע ראָבן, וואָס איז אָנגעפֿלויגן פֿון ערגעץ־ווו און זיך אויסגעזעצט אויף די צווײַגן פֿון עטלעכע דעמבעס. די ראָבן פֿליִען אַוועק אויף איבערווינטערן ניט ווײַט פֿון זייער היים, און אין אַ גוטן וועטער כאַפּן זיי זיך אַראָפּ צוגאַסט, טוען אַ שמעק, אַ נישטער, שרײַען זיך אָן, קעדיי מע זאָל ניט מיינען, אַז מע האָט זיי שוין אויף אייביק געפּאַטערט, און פֿאַרשווינדן אויף אַ צײַט, ביז ס'וועט זיי ווידער אַ צי טאָן צו די נעסטן.

אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש פֿילט זיך אינעם וואַלד, ווי בײַ זיך אין דער היים. אָט איז דער פּניאָק, זײַן פּניאָק, אויף וועלכן ער האָט ליב זיך צוזעצן, ווען ער קומט אַהער. עס איז אַ גוטער ברייטער פּניאָק, אַ פֿאַרטיק בענקעלע, און אָט איז נאָך אַזאַ אונטערגעזעגט בענקעלע. אינעם זעקל, וואָס האָט זיך גאָרניט אָנגעזען, ווען ער האָט עס געטראָגן אויפֿן אַקסל, איז געווען אַלץ, וואָס מע באַדאַרף אויף אונטערצוקרעפּטיקן די קויכעס נאָך אַ גוטן שפּאַציר אויף דער פֿרישער לופֿט. אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש האָט אַלץ פֿאָרויסגעזען — אַפֿילע מיטצונעמען אַ טערמאָס מיט טיי. פּאָלינע יאַקאָוולעוונע האָט נאָך קיינמאָל ניט געטרונקען קיין טיי מיט אַזאַ פֿאַרגעניגן, ווי פֿונעם מיניאַטיורישן טעפּעלע, וואָס ער האָט איר דערלאַנגט, און צו דער טיי זײַנען געווען אַ פּאָר געשמאַקע בוטערבראָדן. אַזוי האָבן זיי, פֿאַרנדיק אויף די ליזשעס און מאַכנדיק לענגערע האַפּסאָקעס אויף אָפּרוען, פֿאַר־

בראכט באַם טײַך און אין דערבײַיִקן װעלדל עטלעכע גוטע שאָ, און אומ־
געקערט האָבן זײ זיך אין שטאָט נאָכמיטיק־צײַט, װען ס'האָט שױן אָנ־
געהױבן דעמערן. פּאָלינע יאַקאָװלעװנע האָט שױן לאַנג אַזױ װױל ניט
אָפּגערוט אין אַ זונטיק־טאָג. נאָר װען זי איז אַרײַנגעקומען צו זיך אין
שטוב, האָט זי לאַנג געװאַשן מיט זײף די הענט, װי זי װאָלט געװאָלט
פּראָפילאַקטיש אַראָפּװאַשן עפּעס איבעריקס, עפּעס אַזעלכס, װאָס קאָן זיך
צוקלעפּן און אַרײַנקריכן אינװײניק, טיפער אונטער דער הױט. אױב דעם
קומענדיקן זונטיק װעט זײַן אַזאַ גוטער װעטער, װי ס'איז געװען הײַנט,
װעט זי געװיס װידער פֿאָרן, אָבער שױן אַלײן. זי װעט זיך פֿאַרנעמען אַף
אַן אַנדער אײַזנבאַן־װעג. זי האָט געטראַכט װעגן דעם, װאָס עס שײדט
אונטער לעבאָרן פֿונעם דאָזיקן מענטשן, אַנאַטאָלי דאַנילאָװיטשן. באַ לע־
באָרן זײַנען די געזיכט־שטריכן פֿיל אײדעלער, דער שמײכל איז אַ װײ־
כערער, דאָס אַרט רײדן און דאָס אױסלײגן געדאַנקען פֿײַנער. ביכלאַל,
װאָס איז גאָר פֿאַראַן צו פֿאַרגלײַכן? װילדע נאַרישקײַטן. זי האָט ניט
געטראַכט און ניט געװאָלט טראַכטן װעגן דאָזיקן אַנאַטאָלי דאַנילאָװיטשן.
נאָר אָט האָט ער, אין לאַנגן, אײנזאַמען אָװנט, אָנגעקלונגען, און זי האָט
זיך היפּשלעך פֿאַרלױרן, דערהערנדיק זײַן שטים. ער האָט צוערשט זיך
דערקונדיקט, װאָס מאַכט זי אין געזונט, דערנאָך אַ פֿרעג געטאָן, צי װעט
זי ניט זײַן אַזױ גוטהאַרציק און אים דערלױבן אַ קוק טאָן אין לעװ באַרי־
סאָװיטשעס ביבליאָטעק, װאָס האָט אַ גוטן שעם צװישן די מעטאַלורגן
אין גאַנץ מאָסקװע. ער גלײבט, אַז לעװ באַריסאָװיטש האָט די ביבליאָטעק
ניט מיטגענומען מיט זיך. ער דאַרף גראָד אַ פּאָר ביכער, װאָס ער קאָן אין
ערגעץ ניט קריגן און װאָס מיסטאָמע זײַנען זײ באַ לעװ באַריסאָװיטשן
פֿאַראַן.

— איך האָף, — האָט אַנאַטאָלי דאַנילאָװיטש צוגעגעבן, — אַז אײַער
מאַן װעט ניט האָבן קײן פֿאַרדראָס, װען ער װעט זיך דערװיסן, אַז מע באַ־
נוצט זיך מיט זײַנע אוניקומס, װאָס זײַנען ניט בענימצע.

— אַװדאי װעט ער ניט האָבן קעגן, — האָט פּאָלינע יאַקאָװלעװנע
צעטומלט געענטפֿערט.

— איך דאַנק אײַך זײער. װעל איך טאַקע באַלד אַרײַנקומען, — האָט
ער האָפֿערדיק אָנגעזאָגט.

— ביטע, — האָט זי זיך נאָך מער פֿאַרלױרן. זי האָט גאָר ניט געװאָלט
האָבן אים פֿאַר קײן גאַסט באַ זיך אין שטוב, אָבער װי אַנדערש האָט זי
אים געקאָנט ענטפֿערן? דאָס טרײַבל האָט זי גיך אװעקגעלײגט, ער האָט,
אַפּאָנעם, נאָך עפּעס געװאָלט זאָגן. „װאָס בין איך אַזױ דערשראָקן פֿון זײַן
קומען, — האָט זי זיך געגומען באַרױקן, — אָט אַזױ, פֿון זיצן אין די אָװנטן
אײנע אַלײן, װערט מען גאָר פֿאַרװילדעװעט, מע נעמט זיך שרעקן פֿאַר אַ
מענטשן".

זי האָט אױסגעטאָן דעם שטוביקן כאַלאַט און, שטײענדיק באַם צעעפֿנטן
טירל פֿון דער קלײדער־שאַפֿע, אַ װײַלע זיך באַטראַכט אינעם שפּיגל, װאָס
איז אינעם טירל אַרײַנגעפּאַסט. ביז הײַנטיקן טאָג זאָגט מען איר נאָך, אַז
זי זעט אױס ייִנגער פֿון אירע יאָרן, די פֿיגור איז װי באַ אַ מײדל, די

קנייטשעלעך אפֿן פּאָנעם זעט מען קימאַט ניט. איין העלפֿט פּאָנעם איז אין דער שײַן פֿון דער ליוסטרע געווען ראָזעווע, אַפֿילע רויט, די אַנ־דערע העלפֿט — בלאַס, שאָטנדיק, פֿאַרטונקלט. דאָס ווײַסע פּאַסמעלע האָר, געווענדט צו דער שײַן, האָט העל געפֿינקלט. פּאָלינע יאַקאָווּלעוונע האָט בעקיוון געגעבן אַ שמייכל, און עס האָבן אַף די באַקן אופֿגעשפּילט די מיידלשע כיינגריבלעך, וואָס וועלן שוין, ווײַזט אויס, בלײַבן באַ איר ביז דער טיפֿער עלטער, אויב ס'איז איר נאָר באַשערט צו אַזאַ עלטער דערלעבן... זי האָט אָנגעטאָן דאָס בלויע קלייד, וואָס אַמאָל איז עס געווען נאָר אַ יאָמטעווודיקס און איצט איז עס האַלב־יאָמטעווודיק, האַלב־וואָכע־דיק. ווען זי ווייסט ניט, וואָס פֿאַר אַ קליידל אָנצוטאָן, טוט זי אָן דאָס בלויע. די טופֿל האָט זי אוועקגעשטעלט נעענטער צו דער טיר, קעדיי, ווען מע וועט אָנקלינגען, גלײַך אַרײַנשטעקן אין זיי די פֿיס. דערווײַל מעגן נאָך די פֿיס זיך לאָזן וווילגיין אין די גרינגע און פֿרײַע שטעקשיך...

## אַ מענטשן גליקט

אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש רײַסקי געהערט צו די מענטשן (יעדנפֿאַלס, ביז די לעצטע פּאָר יאָר האָט ער אַליין זיך אַרײַנגערעכנט אין זייער קאַטע־גאָריע), וועגן וועלכע מע זאָגט, אַז זיי זײַנען געבוירן געוואָרן אין אַ זײַדן העמדל. עס האָט אים שטענדיק געגליקט, אָנגעהויבן שוין פֿון זײַן וווילקלינגעוודיקן פֿאַמיליע־נאָמען — רײַסקי. אַזאַ פֿאַמיליע דערמאָנט גלײַך וועגן עפּעס זייער גוטס, ליכטיקס, גאַניידנדיקס. פֿאַרן באַזיצער פֿונעם דאָזיקן נאָמען איז עס אַ מין פֿאַרטיקער וועקסל, אַז דער גאַניידן קומט אים שוין אַף דער וועלט...

רײַסקי האָט זיך אויך ניט געקאָנט ווינטשן קיין בעסערן פּאָטערנאָמען. דער טאַטע האָט געהייסן דאַניִעל, און אַפֿילע פֿון דער שוועסטער און האַמטנעסטער צונג קײַקלט זיך אַראָפּ „אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש” לײַכט און גרינג, אָן שום פֿאַרטשעפּעניש.

פֿון דער נאַטור איז רײַסקי באַשאָנקען מיט גוטע, זייער גוטע פֿייִקײַטן, און דערצו נאָך מיט אַ וווילער קענטשאַפֿט אויסצונעמען באַ מענטשן, באַ וועלכע עס איז אים ווינטשנסווערט אויסצונעמען און נויטע־כיין זײַן. זײַענ־דיק נאָך אַ שילער פֿון די ערשטע קלאַסן, האָט ער אָפּטמאָל פֿאַרוווּנדערט די לערער מיט זײַן קלוג דורכגעטראַכטער אופֿירונג און האַלטונג. אַפֿן לערערס אַ פֿראַגע, וואָס איז געווען געווענדט צום גאַנצן קלאַס, האָט ער געענטפֿערט בלויז נאָכדעם, ווען אַנדערע שילער האָבן זיך ניט אָפּגערופֿן, און דער לערער, אומבלאָנדזשענדיק מיט די אויגן איבער די שילערישע פּענעמער, האָט די פֿראַגע איבערגעכאַזערט צום צווייטן און צום דריטן מאָל, דאַן האָט טאָליק רײַסקי אופֿגעהויבן די האַנט, ניט הויך, אַזוי ווי ניט זיכער באַ זיך, באַוויזן נאָר אַ שטיקל אויסגעשטרעקטע דלאָניע, און ערשט דערנאָך שוין קלאָר און דײַטלעך אָפּגעטאָקט דעם ענטפֿער, אַרויסווײַזנדיק זײַן קענטעניש אין דער פֿולסטער מאָס. „פֿאַרוואָס זשע האָסטו גלײַך ניט

אופגעהויבן די האנט?" — פרעגט אים פארכידעשט דער לערער. „איך בין ניט געווען זיכער, אז איך ווייס", — לאָזט טאָליק אראָפּ צו דער פארטע די גלאנצנדיקע פריילעכע אויגן, און דערבײַ פילט מען, אז דער כעוורעמאן האָט נאָך וואָס צו זאָגן, נעמלעך, אז ער האָט פּאָשעט ניט געוואָלט ארויסשפּרינגען, זיך ארויסשטעלן און אויספּײַנען אנטקעגן דעם גאנצן קלאס. אין די זעלטענע פאלן, ווען ער האָט דעם לימעד ניט געוווּסט, זיך ניט צוגעגרייט צו אים, האָט ער דרייסט זיך מוידע געווען אין דעם, אפילע ווען מע האָט אים ניט געפרעגט, נאָר דערבײַ עס פארענטפערט מיט אזא וויכטיקער סיבע, אז עס וואָלט געווען א ווּנדער און א כידעש, ווען דאָס ייִנגל וואָלט יאָ זיך צוגעגרייט און יאָ געוווּסט.

די מיטלשול, דערנאָך דעם אינסטיטוט האָט אנאטאָלי דאנילאָוויטש פארענדיקט מיט אויסצייכענונגען, צו דרײַסיק יאָר באקומען דעם טיטל פון א וויסנשאפטס־קאנדידאט, א ביסל שפּעטער שוין געווען א מיטגליד פונעם געלערנטן ראט אין א גרויסן, זייער כאָשעווען וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט. אָבער נאָך די אלע באשײַמפערלעכע און פילצוזאָגנדיקע דערפאָלגן האָט פונדעסטוועגן אזוי פּאסירט, אז ער האָט, שוין זײַענדיק א פּופּציקיאָריקער מאן, נאָך גאָרנישט ניט אופגעטאָן קיין וועזנטלעכס. זײַן גאנצער וויסנשאפטלעכער באגאזש איז אן איין־און־איינציק פארגעסן און פארגעלט בראָשורל, אָפּגעדרוקט אף א העקטאָגראף, — די קאנדידאט־דיסערטאציע זײַנע. זי ליגט אין דער לענין־ביבליאָטעק, אונטערן בארג דיסערטאציעס, וואָס מע האָט שוין אָנגעשריבן נאָך אים. רײַסקי האָט איצט כאראָטע אף אייניקע זײַנע אומבאטראכטע און ניט גאָר פײַנע גענג, וואָס ער האָט געמאכט אין לעבן. ער אנאליזירט אלץ גענוי, מיט דער גאנצער הארבקײַט פון א באל־טשווּווע, אָן ראכמאָנעס, אָן שום להאָטעס, וואָס זאָלן קאָנען פארווייכערן און פארמילדערן דעם ניט־גינסטיקן לעבנס־באלאנס. ער איז זיך מוידע, אז צוויי שלעכטע אייגנשאפטן פון זײַן כאראקטער האָבן אים געשטערט און ניט געלאָזט דערגרייכן דאָס, וואָס בא זײַנע פײַקײַטן וואָלט ער געוויס געקאָנט יאָ דערגרייכן. די דאָזיקע צוויי אייגנשאפטן זײַנען: קינע און מוירע. אפּאָנעם, איינס דרינגט ארויס פון צווייטן, ביידע גייען האנט־בא־האנט און פלעכטן זיך איבער. ער איז מעקאנע געווען יעדערן, בא וועמען, ווי אים האָט זיך געדוכט, עס לויכט זיך בעסער, איידער בא אים, און ער האָט אייביק מוירע געהאט, טאָמער וועט ער בלײַבן אין שאָטן, א פארטונקלטער דורכן אנדערנס ליכט. יענעמס דערפאָלג האָט ער איבערגעלעבט, ווי א שווערן קלאפּ, אָן אייגענעם ביטערן פארלוסט. די שרעק, אז די ארבעט, מיט וועלכער ער פארנעמט זיך, וועט נאָר עפּשער אָפּגעשאצט ווערן אין דער ווײַטערער פּערספּעקטיוו, און אז דערווײַל וועלן אנדערע, וועלכע זײַנען באשעפטיקט מיט מער דרינגענדיקע פּראָבלעמען, זיך ארויסרוקן פאָרויס און ער וועט בלײַבן אין הינטערגרונט, האָט אים געצווּנגען צו פארלאָזן די באשיידענע, קליינע לאבאראטאָריע אינעם אינסטיטוט, ווו ער האָט צוזאמען מיט לעוו באָריסאָוויטש כאניגען דורכגעפירט די ערשטע עקספּערימענטן.

ווען דער לאבאָראטאָריע זײַנען אין יענער צײַט געגאנגען הייסע

וויקוכים, צי דאַרף מען זי ביכלאַל האָבן, צי פאַרשווענדט זי ניט אומזיסט
קיין מעלוכיש געלט, מע האָט געצווייפלט אין דער צוועקמעסיקייט פון איר
עקזיסטענץ. ער, רייסקי, האָט דאַפקע געגלייבט אין דער וויכטיקייט פון
די אַרבעטן, וואָס ווערן געפירט אין דער לאַבאָראַטאָריע, ער איז געווען
אַפילע פאַרכאַפּט פון זיי, און ניט איין מאָל, ווען די מיטאַרבעטער פון
אינסטיטוט זיינען שוין געגאַנגען אַהיים, איז ער געבליבן מיט לעוו
באָריסאָוויטשן זיצן אין דער אומהיימלעכער פוסטער לאַבאָראַטאָריע, בא
די עטלעכע גלעזערנע קאָלבעס, וואָס האָבן איינפאַך אימיטירט דעם לעפּ:ע־
רעכדיקן אויסזען פון די קאַמערעס, וואָס וועלן בילדן דעם קומענדיקן נייעם
אויוון פון אומופּהערלעכער שטאָל־שמעלצונג. אָבער די אַמביציע, די אייגנ־
ליבע, דער פאַרלאַנג זיך צו זען אויבנאָן און ניט זיין פאַרוקט אין א ווינקל,
פונוואַנען, אויב מע וועט יאָ עפּעס דערהערן, איז נאָר אין יאָרן אַרום,
האָבן רייסקין געשטויסן צו פאַרלאָזן די לאַבאָראַטאָריע. עס האָט זיך אים
איינגעגעבן צו ווערן דער געלערנטער סעקרעטאַר פונעם גאַנצן אינסטי־
טוט (זייער אַן אָנגעזעענע שטעלע). און דאַן טאַקע, — איצט איז ער זיך
מוידע אין דעם, — איז ער באַגאַנגען א גרויסע אוולע קעגן לעוו באָריסאָ־
וויטשן. כוץ דעם, וואָס ער איז אוועק פון אים, איז ער נאָך אַרויסגעטראָטן
אַף א פאַרזאַמלונג און זיך אָפּגעטרייסלט פון זיין געוועזענעם קאָלעגע, ווי
פון עפּעס א לוי־יוצלעך, א דאָן־קיכאָטל, געמאַכט א פּרווו צונישט מאַכן
יענעמס זוכונגען. באַטירלעך, אַז עס האָט לעוו באָריסאָוויטשן דאַן געקאָסט
א סאַך געזונט, אָבער אויך ער, רייסקי, האָט דאָ גאָרניט אויסגעשפּילט.
פאַרקערט, דער סאָף איז געווען, אַז ער האָט געמוזט אוועקגיין פונעם
כאַשעוון וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אַנשטאַלט. ער איז אַריבער אין א
„געוויינלעכן" אינסטיטוט, ווו עס לערנען זיך סטודענטן. ער לייענט דאָרטן
לעקציעס... נאָר מיט א קורצער צייט צוריק, ווען ער האָט פּלוצעם דערזען
דעם אויסגעוואַקסענעם אינטערעס מיצאַד אָנגעזעענע אַנשטאַלטן און פּער־
זאָנען צו דער פּראָבלעם פון אומופּהערלעכער שמעלצונג, האָט אים ווידער
א ציי געטאָן צו די פריערדיקע פאָרשונגען און עקספּערימענטן. ער האָט אין
אינסטיטוט בא דער קאַטעדרע „טערמאָ־אויוונס" געשאַפן א קליינע לאַבאָ־
ראַטאָריע, וואָס פאַרנעמט זיך אויך מיט דער זעלבער פּראָבלעם. צום גליק,
האָבן זיך אונטערגעקליבן גאָר פייַקע כעוורע — סטודענטן, אַספּיראַנטן,
און די ערשטע רעזולטאַטן זיינען צוזאָגנדיקע. באַטירלעך, זיך פאַרמעסטן
מיט לעוו באָריסאָוויטשעס לאַבאָראַטאָריע איז ניט שייַעך, דאָרטן זיינען
געשולטע ספּעציאַליסטן און עס איז שוין אָן אַן ערעך מערער אופגעטאָן,
זיי זיינען שוין ווייט אַוועק, זיי האָבן שוין באַלד דעם נייעם אויוון א פאַר־
טיקן. אָבער אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש האָפט, אַז אויך זיין הילף קאָן צוניץ
קומען און אַז אויך ער, זאָל זיין אַפילע אָפּן לעצטן עטאַפּ, מעג זיין א
שוטעף אינעם איניען. די יונגע מאָסקווער לאַבאָראַטאָריע וועט לויט די
קויכעס נאָך זיך באַמיִען ביישטייערן אין די אופטועו פון דער סיבירער
לאַבאָראַטאָריע. מע וועט האַלטן איינע די אַנדערע אין קורס, מע וועט זיך
אייצען איינע מיט דער צווייטער, א גרופּע סטודענטן וועט סטאַזשירן
אַפן סיבירער מעטאַלורגישן זאַוואָד, ווו דער נייער אויוון ווערט געבויט,

און רײַסקי, אלס אָנפירער, וועט א געוויסע צײַט אויך זײַן דאָרטן, דערבײַ וועט ער האָבן א לעבעדיקן קאָנטאקט מיט לעוו באָריסאָוויטשעס לאבאָראטאָריע. אים, רײַסקין, האָט מען שוין אוועקגעמאכט מיט דער האנט, ווי א מענטשן, אף וועלכן עס איז ניטאָ וואָס צו האָפן, אָבער ער אליין האָט זיך נאָך ניט אנטוישט אין זיך, אין זײַנע פײַיקײַטן און מעגלעכקײַטן.

די באקאנטשאפט, ריכטיקער צו זאָגן, די ווידערבאנײַונג פון דער באקאנטשאפט מיט לעוו באָריסאָוויטשעס פרוי איז געווען אָנגענעם אין א סאך פראָטים. בא אנאטאָלי דאנילאָוויטשן איז אזא געפיל, ווי ער וואָלט צוזאמען מיט דער דאָזיקער באקאנטשאפט דערוואָרבן א לאָטערײ־בילעט, אף וועלכן מע קאָן א סאך אויסגעווינען, אָן דער ריזיקע און אָן דער מוירע עפעס צו פארלירן. נאָכן זונטיקדיקן טאָג, וואָס ער האָט צוזאמען מיט פאָלינע יאקאָוולעוונען פארבראכט אף א שפאציר הינטער מאָסקווע, האָט ער שוין ניט איין מאָל זיך דערמאָנט וועגן דער איידעלער שטילער פרוי, וואָס איז אין די אָונטן געוויס איינע אליין און איר איז אומעטיק. ער האָט געגארט ארײַנקומען צו איר, אָבער בעקיוון דרײַ פולע וואָכן זיך ניט באוויזן און זיך ניט געלאָזט הערן, קיין איין מאָל ניט אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן. אויסדויער, ניט־געײַלטקײַט איז א גרויסע מײַלע. זי וואַרט, אז ער זאָל אָנקלינגען, זי וווּנדערט זיך, פארוואָס ער קלינגט ניט אָן. אָט האָט ער, ענדלעך, זיך דערמאָנט און אָנגעקלונגען. ער האָט באשלאָסן אראָפקומען...

ווען אנאטאָלי דאנילאָוויטש קומט ערגעץ ארײַן, האלט ער דאָס היטל א פאָר איבעריקע ווײַלעס אפן קאָפ, ער אײַלט זיך ניט עס אראָפצוכאפן. ס'איז א שיין ווינטערדיק היטל פון העל־ברוינעם אָנדאטרע־פוטער, מיט א גרויסן, פאָרנעמלעכן פונפאָרנט און מיט אויך אזעלכע גרויסע „אויערן", פארבונדענע ארופצו. עס פאסט אים דאָס היטל צו זײַן קײַלעכיק פול פאָנעם, באזונדערס, ווען דער פראָסט רײַבט אָן די באקן. אנאטאָלי דאנילאָוויטש ווייסט וועגן דעם. ארײַנקומענדיק איצט צו פאָלינע יאקאָוולעוונען, האָט ער אויך זי געלאָזט א רעכטע ווײַלע זיך קוויקן מיט זײַן היטל. דער האלדז איז געווען בא אים ארומגעוויקלט מיט א פוכיקן שארף, און דאָרטן, ווו דער שארף איז געווען א ביסל צענומען, האָבן זיך ארויסגעזען די עקן פונעם שניי־ווײַסן קאָלנער פון העמדל און דער קלייניטשקער קנופ פונעם שניפס. א פײַנער, דינער רייעך פון גוטן אָדעקאָלאָן האָט זיך געלאָזט פילן אין קאָרידאָר.

רײַסקי האָט ליבלעך א קוש געטאָן די האנט פאָלינע יאקאָוולעוונען און זיך אנטשולדיקט, וואָס ער האָט זיך אָנגעבעטן פאר א גאסט.

— איך זאָג אײַך צו, — האָט ער באמערקט מיט א ברייטן שמייכל, וואָס האָט פארכאפט ניט נאָר די ליפן, נאָר אויך די צוגעפרוירענע נאָז, — אז איך וועל זיצן בא די ביכער שטיל, ווי א מײַזל, — איר וועט מיך ניט הערן און ניט זען...

זי האָט אים ארײַנגעפירט אין לעבאָרס ניט־באוווינטן און אומהיימלעך געוואָרענעם קאבינעט, ווו די ווענט זײַנען ביזן סופיט באשלאָגן מיט ביכער־פאָליצעס און אין א ווינקל באם פענצטער שטייט א ביכער־שאפע.

אנאַטאָלי דאַנילאָוויטש האָט גענומען אומגיין פון איין פּאָליצע צו דער צווייטער, יעדער מאָל אַרײַנגענומען אין דער האַנט א נײַעם סייפער, אים באַקוקט, א בלעטער געטאָן און צוריק אַוועקגעשטעלט אָפן אָרט.

— עס איז אַן אוניקאַלע ביבליאָטעק, — איז ער געווען אַנציקט.

פּאָלינע יאַקאָװלעװנע האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל זי אים מעכאַבעד זײַן, אָדער ניט. זי האָט שוין געהאַט געפּריעלט בא זיך, אַז בעסער וועט זײַן — ניט, אָבער גלײַך האָט אַן אַנדער געדאַנק אונטערגעזאָגט, אַז עס פּאַסט ניט אַזוי. ווי׳אַזוי טוט מען פון יויצע־וועגן ניט א לאַד אײַן א מענטשן צום טיש?

זיצנדיק דערנאָך באַם טיש, בא טעפּעלעך שוואַרצע קאַווע און געבעקס, האָט פּאָלינע יאַקאָװלעװנע, צוערשט מיט נײַגער, דערנאָך מיט פאַרוווּנדערונג און שוין אויך אַפילע מיט א געוויסן אומרו געהערט, וואָס אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש האָט פּלוצעם גענומען דערציילן.

— איך באַדויער זייער, — האָט ער געזאָגט מיט אַן אַראָפּגעזעצט, געדעמפּט קאָל, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געקליבן מיסוואַדע צו זײַן, — וואָס א שטיקל צײַט איז צווישן אונדז, כ׳מיין צווישן מיר און לעוו באָריסאָוויטשן, דורכגעלאָפן א שוואַרצע קאַץ. עס איז פאַראַן אַזאַ באַגריף — פאַרעלטערונגס־טערמין. איר האָט אים, פאַרשטייט זיך, פיל מאָל געהערט. מע געברויכט אים אין די צײַטונגען און אָף מיטינגען אין צוזאַמענהאַנג מיט די נאַצישע פאַרברעכער. בענעגייע זיי קאָן טאַקע קיין שום פאַרעלטערונגס־טערמין ניט זײַן גילטיק. אין דעם איז פאַראַן א גרויסער זין און א גרויסע גערעכטיקײַט... אָבער פאַר אַלע איבעריקע מענטשן מיט זייערע קלענערע און גרעסערע טיפּשעסדיקע זאַכן, וואָס זיי טוען אָפּ אָף זייער לעבן, איז דער פאַרעלטערונגס־טערמין זייער צוגעפּאַסט. אַלץ ווערט פאַרעלטערט, אַלץ פאַרלירט די אַמאָליקע באַדײַטונג און מאַמאָשעס, און ס׳בלײַבט נאָר מויכל צו זײַן. עס קומט די צײַט, ריכטיקער געזאָגט, ניט זי קומט — זי גייט אַוועק, און עס ווערט אַלץ פאַרגעסן, און אויב אַפילע ניט פאַרגעסן אינגאַנצן, ווערט עס באַדעקט מיט יענעם געוווּנטשענעם בערגל אַש, וואָס אונטער דעם מעג עס שוין טליען, עס ברענט ניט, עס בריט ניט. פאַר אַלע אונדזערע געגנג און טאַטן איז ווירקלעך ניטאָ קיין בעסערער דאָקטער, ווי די צײַט.

— איך הייב אָן מוירע האָבן פאַר אײַך, — האָט פּאָלינע יאַקאָװלעװנע זיך אָפּגערופן. — איר רעדט עפּעס געהיימניספול.

— לעוו באָריסאָוויטש האָט דען אײַך גאָרניט דערציילט וועגן מיר?

— עפּשער עפּעס יאָ דערציילט, נאָר איך געדענק ניט, און איך ווייס ביכלאַל ניט, צוליב וואָס איז עס נייטיק זיך צו דערמאָנען, — האָט זי געענטפערט מיטן אופריכטיקן פאַרלאַנג איבערצורײַסן דעם מאָדנעם געשפּרעך.

— מיט אײַך, פּאָלינע יאַקאָװלעװנע, ווילט זיך מיר זײַן אָפנהאַרציק. מיסטאַמע איז עס דערפאַר, ווײַל איר זײַט ניט נאָר א גוטער דאָקטער, נאָר אויך א גוטער מענטש...

פּאָלינע יאַקאָװלעװנע האָט צוגעשמייכלט, ווי א פרוי, וואָס ווייסט

גוט די פרײַז פון א וואָלוועלן קאָמפּלימענט, נאָר דאָך איז איר געווען אָנ־גענעם אים צו הערן, און עס האָט זיך נישט איינגאַנצן איר אײַנגעגעבן ניט אַרויסצוווײַזן פאַרן גאַסט די אופלעבונג, וואָס ער האָט אַרײַנגעבראַכט מיט זײַן אַראָפּקומען. ער איז געזעסן אַנטקעגן איר באַם טיש — א הויכער, א געזונטער, מיט רויטע באַקן — א מאַנצבל אין דער פולער רײַפקײַט.

— איר וווּנדערט זיך, וואָס איך רייד אַזוי, — האָט ער פאָרגעזעצט, — איך וווּנדער זיך אַליין. איך זע אויס מיסטאָמע קאָמיש אין אײַערע אויגן, און עפשער ניט קאָמיש, נאָר פּאָשעט ווולגאַר. אָבער עס איז פאָרט אַזוי: אַז מע איז אין אײַער געזעלשאַפט, דערפילט מען זיך ייִנגער, און יונג וויל דאָך זײַן יעדערער...

— אַזויפיל שוואָכים אין איין מינוט, — האָט פאָלינע יאַקאָוולעוונע זיך צעלאַכט, — כ׳מוז פון זיי זיך אָפּרוען א ביסל. כ׳וועל אײַך אַף א ווײַלע איבערלאָזן אַליין.

זי איז אַוועק אינעם אַנדערן צימער. „ווי טרײַבט מען אים אַרויס?״ — האָט זי א שעפּטשע געטאָן צו די ווענט און בײַסמײַסע טיף אין זיך געפילט, אַז זי וויל גאָר ניט, ער זאָל שוין אַוועקגיין. זי האָט געפּרוּווט דערוועקן צו זיך א ראַכמאָנעס־געפיל, א ראַכמאָנעס אַף איר דורכגעגאַנגענעם לעבן, אַף איר גורל, וואָס האָט זי פאַרורטיילט צו זײַן איינע אַליין. דאָס, וואָס מע רופט „באַלזאַקס עלטער״, איז דאָך שוין אויך בא איר לאַנג אַדורך, און וועמען גייט עס אָן, אויב זי האָט, אייגנטלעך, קימאַט נאָך ניט גע־לעבט? ווער איז שולדיק, וואָס דאָס קליינע הײַפל יאָרן, וואָס פאַלט אויס אין קורצן ליבע־לעבן פון א פרוי, איז בא איר אַזוי אומבאַמערקט זיך צע־רונען און עס איז נאָר געבליבן א פּוסטקײַט, וואָס עס איז שוין שפּעט צו פאַרפּולן? ווען לעוו באָריסאָוויטש איז אַפילע געווען אין דער היים, צוזאַ־מען מיט איר, איז ער דאָך אויך געווען פאַר איר ווי אין דער פרעמד, שטענדיק פאַרטאָן אין זײַן אַרבעט, זײַנע פּראָבלעמען, געהאַלטן זיי פאַר דאָס וויכטיקסטע, צוליב וועלכן מע מעג און מע דאַרף ברענגען פאַר א קאָרבן אַלדאָס איבעריקע — די אייגענע פאַמיליע, דאָס אייגענע ווײַב. לע־באָר איז א גוטער און קלוגער מענטש, נאָר עס איז שווער מיט אים, עס איז שווער מיט זײַנע אייביקע דערמאָנונגען, מיט זײַנע אייביקע שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהײַט, מיט זײַן נייגונג אַלץ גענוי צו אַנאַליזירן און סקרופּולעז אַרײַנדרינגען אָפּטמאָל אין קלייניקײַטן. ער וואָלט שוין געוויס ניט געקאָנט אַרבעטן אַלס א דאָקטער אין א פּאָליקליניק, — טוט פאָלינע יאַקאָוולעוונע א שמייכל פונעם געדאַנק, וואָס איז איר געקומען אין קאָפּ, — ער וואָלט אַזוי פונדאַמענטאַל זיך פאַרנומען מיט יעטווידן כוילע, אַז ער וואָלט באַוויזן אופּצונעמען נאָר איין מענטשן א טאָג.

„אָבער וואָס גייט מיר אָן דער דאָזיקער אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש? — האָט זי באַלד ווידער געפרעגט בא זיך. — מע דאַרף מיט אים איידל זיך געזעגענען און אים אַרויסבאַגלייטן״. זי האָט צוגעלייגט די האַנט צו דער באַק. די באַק האָט געפלאַמט. וואָס פלאַמט זי? אפאָנעם, אַז ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין קינדהײַט, בענקען נאָך א שפּילעכל ביז דער טיפער עלטער. אַז מע שפּילט ניט אויס די ליבע אין

דער יוגנט, קוקט מען ארויס און מע יאָגט זיך נאָך איר בלאסן שאָטן ביזן סאָף לעבן.

ווען זי איז אריַין אין לעבאָרס קאבינעט, איז אנאטאָלי דאנילאָוויטש געשטאנען בא דער ביכער־שאפע, אָבער געקוקט האָט ער ניט אף די ביכער, נאָר אין א זיַיט, צווישן דער שאפע און דעם פענצטער. דערזען זי, האָט ער געמאכט א באלעבאטיש־זיכערן טראָט איר אנטקעגן, ווי ניט ער וואָלט דאָ געווען דער גאסט, נאָר פאָלינע יאקאָוולעוונע.

— דערציילט זשע עפעס, פאָלינע יאקאָוולעוונע, — ער האָט זי צארט אָנגענומען באם עלנבויגן און צוגעפירט צום דיוואַן. זיי האָבן זיך ביי־דע אוועקגעזעצט, זי האָט זיך אָפּגערוקט א ביסל וויַיטער פון אים.

— בא מיר זיַינען אומעטיקע געשיכטעס, — האָט זי זיך אָפּגערופן, — איצט איז אָן איבערפאל פון גריפּ. הונדערט כאלאָיִם אין איין טאָג. דער־ציילט בעסער איר, בא איַיך זיַינען געוויס פריילעכערע מיַיסעס.

— דאָס, וואָס איך וועל דערציילן, וועט איר דאָך ניט גלייבן. זינט מיר האָבן זיך געזען אין יענעם זונטיק, האָב איך זיך געהאלטן אין איין דערמאָנען אין איַיך... דאָ ניט־ווען, אפילו בייסן לייענען א לעקציע, זיַיט איר מיר געקומען אפן געדאנק.

— כ׳שטעל זיך פאָר, וואָס פאר א טאם די לעקציע האָט געהאט, — האָט פאָלינע יאקאָוולעוונע זיך צעלאכט. זיי האָבןביידע געלאכט. זיַינע קאָמפּלימענטן, זיַינע אומגעריכטע הארץ־דערקלערונגען זיַינען געווען ענ־לעך אף א נארישער קינדער־שפּיל, נאָר איר האָט כאטשבי א ביסעלע זיך געוואָלט גלייבן אין זיי, אין יעדער גוזמע איז דאָך עפּשער פאָרט פאראן א שטיקל עמעס.

— די יונגע איַילן זיך צו לעבן און צו ליבן, — האָט ריַיסקי גע־מורמלט, — אָבער גראָד זיי האָבן ניט וואָס אזוי צו איַילן. איַילן זיך דארפן די עלטערע, וואָס האָבן, אייגנטלעך, נאָך ניט געלעבט. — ער האָט אומ־געריכט זי צוגעצויגן צו זיך, אריַינגענומען דעם קאָפּ אירן אין זיַינע גע־זונטע מאנצבלשע הענט און געהאלטן, ווי מע האלט א צעַיטיקן קאווין, וואָס מע טאָר ניט דערלאָזן, ער זאָל זיך ארויסגליטשן.

די ערשטע מינוט האָט זי אים ניט אָפּגעשטויסן, אפילו אליין זיך געגעבן מיט דער פלאמענדיק־הייסער באק א טוליע צו זיַין פּאָנעם, דער־נאָך האָט זי אנטשיידן אים געגעבן א שטופּ אָפּ. מיט די פולע און פעסטע פינגער פון אירע הענט האָט זי גענומען פאריכטן די האָר אפן קאָפּ, בלינ־דערהייט, אָנעם שפּיגל, פרווונדיק טרעפן, ווו זיי זיַינען אמערסטן צע־שויבערט.

— איר זיַיט דאָך געקומען צו די ביכער און צוגעזאָגט זיצן שטיל, ווי א מיַיזל, — האָט זי אָן קאַס אים פאָרגעוואָרפן.

זי איז א צוגעלאָזענע, — האָט ער א צופרידענער געטראכט. עס וועט אים געוויס אָפּגליקן מיט איר. ס׳דארף אים נאָך אויך אָפּגליקן אין סיביר, וווהין ער קליַיבט זיך פאָרן צוליב זיַין וויכטיקן איניען.

ווען אנאטאָלי דאנילאָוויטש איז אוועק, האָט פאָלינע יאקאָוולעוונע, ניט געקוקט אף דעם, וואָס עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט און זי דארף

פרי אופשטיין, דאָך זיך אוועקגעזעצט שרײַבן לעבאָרן א בריוו, וואָס זי האָט אלץ אָפּגעלייגט פון הײַנט אף מאָרגן. זי האָט געשריבן אפגיך, ווי עמעצער וואָלט זי געיאָגט, און די שורעס האָבן גרינגער און פליסיקער, ווי געוויינלעך, זיך געלייגט אף די בייגעלעך פאפיר. עס איז געווען א לאנ־גער און כאאָטישער, געפלאָנטערטער בריוו, נאָר זי איז געווען צופרידן מיט אים. צום סאָף פון דעם בריוו האָט זי דערעכאגעוו אָנגעשריבן וועגן דער צופעליקער טרעפעניש אירער מיט אנאטאָלי דאגילאָוויטשן, וועמען ער קען גוט. יענער גיט אים איבער א גרוס.

קעדיי ניט צו פארגעסן אינדערפרי צו פארכאפן מיט זיך דעם בריוו, ווי עס קאָן זיך טרעפן און עס האָט שוין טאקע ניט איין מאָל געטראָפן אין דער פרימאָרגעדיקער אײַלעניש, האָט זי דעם פארקלעפּטן קאָנווערט באַ־צײַטנס ארײַנגעלייגט אינעם קוישל. אײַנגעשלאָפן איז זי דאָס מאָל מיט א גוטן שלאָף, אָן כאלוימעס.

## אינעם הייסן צעך

דער אָנגעגאָסענער און איבערפולטער מיט הארבער קרעפטיקײַט סיבי־רער ווינטער, די שטײַפע, שנײַדיקע דרײַסיק־ און פערציקגראַדוסדיקע פרעסט האלטן זיך א צײַט און פלאצן ניט. לעוו באָריסאָוויטש קומט ארײַן פונעם פראָסט אין מארטען־צעך. באם ארײַנגאנג אין צעך, באם סאמע טויער איז נאָך קילבלעך, אפילע קאלט, אָבער שוין עטלעכע טריט ווײַטער פונעם טויער ווערט ווארעם און דערנאָך אויך הייס. לעוו באָריסאָוויטש צעשפיליעט דעם מאנטל, צענעמט אפן האלדז דעם וואָלענעם שארף. אינעם אנדערן עק פונעם אויסערגעוויינלעך גרויסן צעך, וועלכער נעמט ארײַן אין זיך אריבער א צענדליק מארטען־אויוונס און ס'איז נאָך פאראן ניט ווינציק אָרט, ווו זיך א קערעווע צו טאָן, — אינעם ווײַטן אנדערן עק פארמאָגט לעוו באָריסאָוויטש א ווינקל, זײַן אייגן ווינקל, ווו עס ווערט גע־בויט דער נײַער אויוון פון אומופהערלעכער שמעלצונג. עס ליגט דאָרטן א בארג מאטעריאלן — פײַערפעסטע ציגל, צעמענט, און ס'ארבעט א בריגאדע מויערער. עס הייבן זיך ביסלעכווײַז די ווענט פונעם נײַעם אגרע־גאט, מע זעט שוין די ערשטע קאָנטורן זײַנע. א מענטש אָן א דאך איבערן קאָפּ קוקט ניט אזוי ארויס אפן נײַעם הויז, ווו ער וועט זיך ארײַנקלײַבן, ווי לעוו באָריסאָוויטש מיט זײַנע מיטארבעטער קוקן ארויס אף יעדן דעצימעטער, אף וועלכן עס הייבט זיך אוף זייער דערוואַרטע און געגאר־טע, אויסגעטרוימטע אײַנריכטונג. אינעם צעך באציט מען זיך פארשיידן צום עקספערימענט, און לעוו באָריסאָוויטש דערמאָנט זיך אָפּטמאָל סטראָ־פאָווס ווערטער וועגן דעם, אז אים וועט נאָך אויסקומען בײַצוקומען דעם אזויגערופענעם פסיכאָלאָגישן באריער. עס איז טאקע שווער זיך פאָרצו־שטעלן, אז די דאָזיקע ריזיקע מארטענעס, וואָס בושעווען און פלאמען אין זייער טויזנטגראַדוסדיקער היץ, קאָכן און שמעלצן שוין קאמע וועקאמע יאָרן און יעדע מינוט פון זייער ארבעט איז געגליכן צו גאָלד, עפשער טײַע־

רער נאָך פון גאָלד, — שווער זיך פאָרצושטעלן, אז ס'וועט קומען אזא
צײַט, ווען מע וועט קוקן אף זיי, אף די דאָזיקע פײַערדיקע וועטעראנען, ווי
אף אָפּגעלעבטן אלטווארג, מע וועט זיי צעברעכן, און אינעם זעלבן צעך,
אונטערן זעלבן דאך, וועלן שטיין נײַע אגרעגאטן, לאכלוטן אנדערע, א
מארטען וועט שוין ווערן א מין היסטאָרישער מוזיי־עקספּאָנאט. דער
שטאָלגיסער איוואן וואסיליעוויטש טשאפליגין, וואָס איז מיט לעוו באָריי־
סאָוויטשן באקאנט נאָך פון די מילכאָמע־יאָרן, ווען זיי האָבן דאָ, אין זאַ־
וואָדישן יישעוו, געוווינט א שטוב קעגן א שטוב, פילט זיך אפילע ווי פער־
זענלעך באליידיקט, וואָס זײַן אלטער גוטער באקאנטער און פרײַנט כאנין
האָט גאָר געקענט צו אזעלכס זיך דערטראכטן.
— ווילסט מאכן קאפּוט פון די אייוועלעך? — טוט טשאפליגין א
שטרעק אויס די האנט מיט די ברייט־צעגומענע גראָבהויטיקע און טונקל־
רויטע, ווי אָפּגעסמאליעטע, פינגער צו זײַן מארטען, בא וועלכן ער שטייט
שוין א קײַמעלאָן פון פינף און צוואנציק יאָר. הינטער טשאפליגינס ברייטן
רוקן פינקלט די שילד מיט די פארשיידענע עלעקטראָמעטרישע מאכשי־
רים, וואָס זייערע פילבארע, וויברירנדיקע ווײַזערס און ווײַזערלעך צײַגן
דעם צושטאנד פון דער שמעלצונג אינעם אויוון. אף די אויגן פונעם אלטן
שטאָלגיסער זײַנען אָנגעטאָן טונקעלע ברילן, נאָר מע קאָן זיך מעשאער
זײַן, אז זיי שמייכלען דערבײַ א ביסל איראָניש אונטער.
— דײַן אייוועלע וועט נאָך דינען און דינען, — זאָגט צו אים לעוו באָ־
ריסאָוויטש, — פאר דיר וועט עס נאָך סטײַען, און ניט איין טויזנט טאָן
מעטאל וועסטו נאָך פון דעם ארויסבאקומען, אָבער זיי, — ווײַזט לעוו באָ־
ריסאָוויטש אף די יונגע כעוורע, די „פּאָדרוטשנע", וואָס שפּרינגען, ווי די
מעכאשפים, מיט די קאָטשערעס אין די הענט לעבן אויוון, — די באהעל־
פער דײַנע, וועלן שוין, ווײַזט אויס, שטיין בא אנדערע אויוונס, און ס'וועט
זיי זײַן גרינגער.
לעוו באָריסאָוויטש האָט אנומלטן, אין דער צווישנצײַט פון דער ערש־
טער און צווייטער וואכטע, ווען די ארבעטער נעמען זיך צונויף אינעם
רויטן ווינקל אָפּצוגעבן ראפּאָרטן און אופצונעמען די פארגעבונגען פאר
יעדן אויוון, אויסגענוצט די געלעגנהײַט און בעקיצער דערציילט, וואָס עס
וועט מיט זיך אזוינס פאָרשטעלן די נײַע אײַנריכטונג.
מע האָט אים אויסגעהערט מיט אינטערעס, און פון די פראגן, וואָס מע
האָט אים פארגעבן, און אין די אויגן, מיט וועלכע מע האָט אף אים געקוקט,
האָט ער געפילט, אז אין אלגעמיין געגומען באציט זיך דער אוילעם לײַטזע־
ליק און ווינטשט אים דערפאָלג. דער אוילעם וויל נאָר ניט גלייבן אפּן
וואָרט, און יעדערער וואָלט א באלן געוועז אליין א קוק טאָן, וויאזוי עס
וועט ארבעטן דער נײַער אגרעגאט.
הײַנט איז לעוו באָריסאָוויטש געקומען אפן זאוואָד אינדערפרי, קימאט
אין איין און דער זעלבער צײַט מיט דער ערשטער וואכטע, און, ווי גע־
ווייגלעך, ווען ער קומט ארײַן אין מארטען־צעך, איז בא אים די שטימונג
געווען א ביסל א געהויבענע. אלע פּראָפעסיעס, זאָגט מען, זײַנען גוטע,
נאָר קיין בעסערער פאך, ווי א מעטאלורג, איז ניטאָ, אזוי דוכט לעוו באָ־

ריסאָוויטשן. עס איז א גרויסער גענוס צו האָבן צו טאָן דירעקט, אָדער זאָל זײַן אפילע אומדירעקט, מיטן הייסן צעך. א פעלד מיט קאָרן און ווייץ שמעקט מיט פריש ברויט, א מארטען־צעך שמעקט מיט פרישן שטאָל, עס איז א פארשיקערנדיקער ליבער רייעך, וואָס צו אים איז גאָר קיין גלײַכן ניטאָ, מע דארף זיך נאָר צוגעוווינען צו אים, דאן ווערט דאָ גרינג און גוט צו עטעמען.

ארײַנגעקומען אין צעך, נאָכן קאלטן דרויסן פארשנייט און דורכגעווינ־טיקט, האָט לעוו באָריסאָוויטש דאָס מאָל, דערנעענטערנדיק זיך צו זײַן ווינקל אינעם אנדערן עק, גאָר ניט געפילט די ווארעמקײַט, וואָס שלאָגט אים שטענדיק אין פּאָנעם און נעמט דורך אלע אייוורים. אזוי ווי עס איז אים געוועזן קאלט אין דרויסן, אזוי איז ער אין דער קעלט געבליבן, כאָטש די מארטענעס האָבן געפלאַמט, געבושעוועט, און פון איינעם אן אויוון האָט זיך געגאָסן דער פליסיקער שטאָל, באַלײַכטנדיק און נאָך מער אָנ־היצנדיק א שטיק צעך. קאלט און אומהיימלעך איז לעוו באָריסאָוויטשן געוואָרן דערפאר, ווײַל שוין פונדערווײַטנס, איידער ער איז נאָך צוגעקו־מען צו זײַן ווינקל, האָט ער שוין דערזען, אז דאָרטן איז עפּעס הײַנט גאָר פוסט און ליידיק. די ארבעטער זײַנען אפּן אָביעקט ניט געווען, עס איז אויך ניט געווען דער מאטעריאל — דער פײַערפעסטער ציגל, וואָס לעוו באָרי־סאָוויטשן האָט געקאָסט ניט ווינציק מי, איידער ער האָט אים ארויסבאקו־מען.

— לעוו באָריסאָוויטש, עס האָט אײַך געבעטן ארײַנקומען דער דירעק־טאָר פון זאוואָד דעוויאטקין, — האָט צו אים זיך געווענדט איינער פון די צעך־מײַסטערס מיט אזא געפאלן קאָל, ווי מע רעדט, ווען אין שטוב ליגט א געשטאָרבענער.

אָן אופגערעגטער און אופגעבראכטער, איז לעוו באָריסאָוויטש אוועק אין דער זאוואָד־פארוואלטונג. בא דעוויאטקינען אין קאבינעט איז געוועזן א זיצונג. אומגעדולדיק איז לעוו באָריסאָוויטש אומגעגאנגען איבערן געראַ־מען אופנאם־צימער, ווארטנדיק, ביז די אזויגערופענע צענמינוטיקע אָפּע־ראטיוועקע, וואָס האָט זיך שטארק פארצויגן, וועט זיך סאָפּקאָלסאָף ענדיקן. ווי נאָר עס האָט זיך געעפנט די טיר און דער אוילעם האָט זיך ארויסגע־שאָטן פון קאבינעט, אזוי גלײַך איז לעוו באָריסאָוויטש אהין ארײַן. דע־וויאטקין האָט אים באגעגנט מיט צעשפּרייטע אָרעמס, ארויס פון טיש אים אנטקעגן, שטארק געדריקט די האנט, און אז דער גוואר דעוויאטקין דריקט אפילע ניט אזוי שטארק, פילט מען אויך גאנץ גוט.

— זייער ווויל, לעוו באָריסאָוויטש, וואָס דו ביסט געקומען. איך האָב געוואָלט קלינגען צו דיר אינעם שטעטל, ווײַזט זיך ארויס, אז דו ביסט שוין גאָר דאָ...

— ווער האָט פאראָרדנט אָפּצושטעלן די בויונג אף אונדזער אָביעקט? — האָט לעוו באָריסאָוויטש געפרעגט אן אופגעקאָכטער. — ווער האָט אוועק־גענומען דעם מאטעריאל?

— באדערנאכט זײַנען געקומען טײַוולאָנים און אף זייערע שווארצע פליגל אלץ אוועקגעטראָגן. — האָט דעוויאטקין געפרווט אָפּקומען מיט א

כאָכמע. ער איז געווען אין א גוטער שטימונג, אף זײַן פּאָנעם איז געווען אויסגעגאָסן עפּעס א מין גרויסע צופרידנקײַט און גאָר א באזונדערע לײַטזעליקײַט און גינציקײַט. — עמעס, — האָט לעאָניד סערגײעוויטש צוגעגעבן מיט א ווייכן שמייכל, — די הײַנטצײַטיקע טײַוולאָנים טוען אלץ מיט א דערלויבעניש פון אויבן. איך ווייס, לעוו באָריסאָוויטש, אז איך האָב דיר הײַנט פארשאפט גרויס אגמעסנעפעש, — איז דעוויאטקין אריבער אף אן אָנפארטרוילעכן טאָן. — איך האָב טאקע אליין דערלויבט. וואָס נאָך האָב איך געזאָלט טאָן, אז א מארטען־אויוון האָט מען אָפּגעשטעלט אף רעמאָנט און אז אפן דינאס־זאוואָד, וואָס שטעלט אונדז צו די פוטעראָווקע[1], האָט זיך גראָד געמאכט אן אוואַריע? ווארטן, ביזוואנען דער זאוואָד וועט נעמען ארבעטן אָדער מע וועט ברענגען ציגל פון אן אנדער אָרט, האָבן מיר ניט געקאָנט. עס איז סאָף כוידעש, און דערצו נאָך אויך סאָף קווארטאל. ניט נאָר א טאָג, יעדער שאָ, יעדע מינוט איז בא אונדז גלײַך צו גאָלד, עס קאָן פלאצן אונדזער גאנצער פלאַן.

— אָבער בא אונדז איז דאָך אויך א פלאַן, — האָט לעוו באָריסאָוויטש דערווידערט. — די אײַנריכטונג מוז זײַן פארטיק צום באַשטימטן טערמין.

— ליבער לעוו באָריסאָוויטש, — דעוויאטקין האָט אויסגעצויגן די גרויסע העגט זײַנע אין דער הייך און אף א רעגע זיך פארגונען אויסצוגלײַכן די ביינער, — בא אײַך איז עס פונדעסטוועגן א זאך פון דער ווײַטערער פערספּעקטיוו, א כוידעש פריִער, א כוידעש שפּעטער שפּילט ניט קיין ראָליע, דער אייביקער כאָאָס, וואָס געוועלטיקט אין די מארטען־אויוונס, זינט די מענטשהײַט האָט זיך אויסגעלערנט קאָכן שטאָל, וועט געדויערן נאָך א שטיקל צײַט... וואָס קאָן מען מאכן? — אין דעוויאטקינס רייד האָט זיך געלאָזט פילן א לײַכטע, גרינגשעצערישע באציִונג ביכלאל צום עקספּערימענט, וואָס ווערט בא אים געמאכט אין צעך, און לעוו באָריסאָוויטש איז נאָך מער דערפון געוואָרן אופגערעגט.

— איך פּאָדער, — האָט ער געזאָגט, קוים זיך אײַנהאלטנדיק ניט אריבערצוגיין אף א הויך קאָל, — אז דער גאנצער מאטעריאל זאָל ווידער געבראכט ווערן... עס איז ווילקיר... דאָס קאָן דאָך זײַן א מײַסע אָן א סאָף. מע וועט ווידער נעמען בויען אונדזער אגרעגאט, און ס'וועט ווידער טרעפן אן אומגליק מיט א מארטען...

— זײַ ניט קיין שלעכטער שטערנזעער, לעוו באָריסאָוויטש. עס איז ניט דײַן ראָל. און... מיר וועלן דאָך נאָך צוזאמען מיט דיר ארבעטן, מיסטאמע, ניט איין כוידעש, און דו דארפסט ניט אײַנרײַסן מיט אונדז די גוטע באציִונג. מיר ברענגען. ווייסט דאָך, וואָס עס הייסט בא אונדז ברענען. האָסט אליין געארבעט אפן זאוואָד. דער דריטער מארטען, וועלכן מיר האָבן פארלאָשן, איז דער גרעסטער אויוון, און פאר אונדז איז עס א קאטאסטראָפע. מיר וועלן ניט דערגעבן טויזנטער טאָן שטאָל, מיר וועלן פארלירן דעם גוטן נאָמען. מע וועט בא אונדז אָפּנעמען די אריבערגאנג־פאָן, וואָס מיר האלטן נאָכאנאנד שוין וויפל יאָר. כ'רייד שוין ניט וועגן דעם,

---

[1] פײַערפעסטער ציגל, מיט וועלכן עס איז אויסגעמויערט א מארטען־אויוון.

אַז קיינער פון די אַרבעטער און פון די אינזשעניער־טעכנישע טוער וועט ניט קריגן קיין פּרעמיע, און דאָס איז אַ היפּשער צוגאָב צום אַרבעטסלוין... נו, זאָג, לעוו באָריסאָוויטש, ווי וואָלסטו געהאַנדלט אויף מײַן אָרט? דאַרפסט דאָך מאַסקים זײַן, אַז ניט נאָר די ווײַסנשאַפט פאָדערט קאָרבאָנעס, נאָר זי אַליין מוז אויך אייניקע מאָל ברענגען אַ געוויסן קאָרבן. זי דאַרף דאָך העלפן דער אינדוסטריע...

— אַלץ הייסט העלפן, — האָט זיך צעלאַכט לעוו באָריסאָוויטש, און ס'איז אים געוואָרן שטאַרק פאַרדראָסיק אַפן דאָזיקן געלעכטער זײַנעם. שוין, ער האָט זיך אונטערגעגעבן, ער איז מאַסקים, ער לאַכט פון פאַרגעניגן, וואָס דעוויאַטקין האָט אים אַזוי גרינג אײַנגערעדט און אַלץ דערוויזן.

דעוויאַטקינען האָט מען אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן און, נעמענדיק אין איין האַנט דאָס טרײַבל, האָט ער די צווייטע האַנט פרײַנטלעך אויסגעשטרעקט לעוו באָריסאָוויטשן צו געזעגענען זיך.

— איצט זע איך, אַז דו ביסט טאַקע אַ ווילער מענטש, — האָט ער געזאָגט, — ניין, ניין, כ'מיין ניט אײַך, — האָט דעוויאַטקין אַרײַנגעשריִען אין טרײַבל, — איר וועט גראָד בײַ מיר קריגן אַ האַרבן אויסרייד...

לעוו באָריסאָוויטש האָט פאַרלאָזט דעם דירעקטאָרס קאַבינעט און, אַרויסגייענדיק אין פּראָסטיקן ווינטיקן אינדרויסן, שוין געוואָלט פאָרן אַהיים, אין שטעטל, נאָר עס האָט אים ווידער אַ ציִ געטאָן אין מאַרטענצעך, צום פאַרפּוסטעוועטן ווינקל, אַזוי ציט צו אַ גוטן פרײַנט, וואָס איז געוואָרן אָן אָוול. אָבער אינעם ווינקל איז שוין גאָר ניט געווען אַזוי פּוסט, פאַרקערט, עס איז דאָרטן געווען אַפילע לעבעדיקער, ווי געוויינלעך. אָסקאָלצעוו, גאַגאָבערידזע, קליינערמאַן, רעמיזאָוו, מאַניקע זײַנען אַהער ראַפּטום אַראָפּגעקומען, ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן געשעענעם. און נאָך איידער זיי האָבן זיך געזעגנט מיט זייער שעף, האָבן זיי באַוויזן אַלץ אַרומריידן און געבן באַהאַנדלען.

— איך שעץ מענטשן, וואָס זײַנען פייִיק צו שמייכלען אין אַ צאָרע, שעפן קוויכעס אין אַן אומגליק און געפינען אַ קוואַל פון מוט אין רויִקער באַהאַנדלונג, — האָט ניקאָלײַ אָסקאָלצעוו געפּרוּווט באַרויִקן זײַנע אופגערודערטע קאָלעגן מיט אַן אַלטן אָפּטימיסטישן אַפאָריזם. דערנאָך האָט ער פאַרפירט אַ סיכסעך מיט זײַן שטענדיקן אָפּאָנענט וואַכטאַנג גאַגאָבערידזען. גאַגאָבערידזע האָט געפײַערט מיט די אויגן, געצופּט מיט דער האַנט די פּושקינישע באַקנבאַרדן זײַנע און געטײַנעט נאָר איינס — אַז עס איז אַן אומדערהערטע זאַך. די צוויי כאַוויירים האָבן זיך באַמיט צו ריידן ווי ווײַט מעגלעך שטילער, ווי בײַ זיך, אין דער לאַבאָראַטאָריע, כאָטש דאָ, אין דער נאָענטסטער שכיינעשאַפט מיט דער פלאַמענדיקער הודזשערײַ פון די אויוונס, אינעם גערודער פון די אָנלאָד־מאַשינעס, אינעם געקראַך פון די מולדן, וואָס פאָרן אום הין און צוריק איבערן צעך, קאָן מען שרײַען בעקאָל־ראָם און ס'וועט קיינעם ניט שנײַדן אין אויער. יאַשע קליינערמאַן האָט עפּעס געמורמלט מיט די ליפּן, ער האָט געשאַפן עלעגישע סטראָפעס, צוגעפּאַסט צום מאָמענט.

— אונדזער שעף איז אַ געלערנטער, אַ טעאָרעטיקער, אָבער ניט קיין

פראַקטיקער און אָרגאַניזאַטאָר, — האָט וויקטאָר רעמיזאָוו צום ערשטן מאָל זיך דערלויבט בעפּארהעסיע אין א קריטישן און גרינגשעצערישן טאָן זיך אָפּרופן וועגן לעוו באָריסאָוויטשן, — ניט ער האָט געדאַרפט גיין ריידן מיטן דירעקטאָר.

— ווער זשע? עפּשער איר? — האָט זיך אַריַינגעמישט מאָניקע. זי האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן און דערלאָזן, אז מע זאָל אָף אַזא אויפן ריידן וועגן לעבאָרן, כאָטש דעם עמעס געזאָגט, האָט לעוו באָריסאָוויטש היפּש פאַר־לאָרן אין אירע אויגן נאָך יענעם מאָל, ווען זי האָט באַנאַכט זיך אַריַינגעג־שטעלט מיט א באַזוך צו אים אין נומער און ער האָט זי אָפּגעשטויסן. פון דענסטמאָל אָן לויפט זי שוין ניט מיט איעדער קלייניקייט צום שעף אין קאַבינעט און פאַרהאַלט זיך ניט קיין איבעריקע רעגע דאָרטן. איבדערפרי, בייס לעוו באָריסאָוויטש, קומענדיק אָף דער אַרבעט, גריסט זיך מיט איר, הייבט זי ניט אוף אָף אים, ווי פריִער, די אויגן, וואַרטנדיק, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן...

— אויב ס׳וועט זיך אַזוי ציִען, וועלן מיר געוויס פאַרלירן אונדזער פּריאָריטעט, — האָט רעמיזאָוו פאַרגעזעצט, ניט לייגנדיק קיין אכט אָף מאָניקעס כוצפּעדיקן אַרויסשפּרינגען, ער האָט געהאַלטן נידעריקער פון זײַן קאָוועד צו נעמען זיך אמפּערן מיט א טעכנישער סעקרעטאַרשע, — אָט וועט איר זען, מע וועט אויסכאַפּן בא אונדז, און ערגעץ אַנדערש־ווו וועט מען אויסבויען פּונקט אַזא אַגרעגאַט, ווי אונדזערער. מיר האָבן ניט געהאַט צוליב וואָס צו פאָרן אהער, קיין סיביר.

— דוכט זיך, קיינער האָט אײַך ניט געבעטן, ניט געצווונגען, — האָט זיך ווידער אַרײַנגעמישט מאָניקע. — פאַרקערט, אָף וויפל מיר איז באַ־וווּסט...

— דערפאַר האָט מען אײַך קוים אײַנגעבעטן, — איז רעמיזאָוו געוואָרן אַנגעצונדן.

— בעסער אָפּצוזאָגן זיך פון א שאַרף וואָרט, איידער צו פאַרלירן א פּרײַנט, — האָט אָסקאָלצעוו געפּרוּווט מאכן צווישן זיי שאָלעם, ווידער טאקע מיט אַן אַפאָריזם.

אינעם דאָזיקן מאָמענט האָט זיך באַוויזן לעוו באָריסאָוויטש. אַלע זײַנען געוואָרן שטיל און מיט נײַגער און דערוואַרטונג אויסגעדרייט די פּנעמער צו אים, קעדיי גלײַך אופצוכאַפּן, מיט וואָס פאַר א נײַס ער איז געקומען און וואָס האָט ער זיך דערשלאָגן באַם זאַוואָד־דירעקטאָר.

— מאָניקע, וואָס טוט איר דאָ? — האָט לעוו באָריסאָוויטש, ווי א שטרענגער רעבע, געפרעגט בא מאָניקען. — ווער האָט אײַך דערלויבט צו פאַרלאָזן די לאַבאָראַטאָריע?

מאָניקע האָט אָף אים אָנגעצילט אירע גרינע, לענגלעכע און שמאָלע אויגן, וועלכע האָבן אויסדרוקפול געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט ניט געקאָנט אַרויסברענגען מיטן מויל: „אבי איר האָט שוין געפונען אָף וועמען אויס־צולאָזן אײַער שווער הארץ, אָבער זעט איר דאָך, איך באַליידיק זיך ניט, און אויב ס׳איז אײַך דערפון געוואָרן עטוואָס גרינגער, בין איך אפילע צופרידן״, — און ווי א באַשטעטיקונג צו די ניט־אַרויסגעבראַכטע רייד

האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן מיט אירע ווייַסע פּילצענע וואָליקעס, איין וואָליק אין דעם צווייטן, און פאַרשפּיליעט דעם גרויסן פּערלמוטערנעם קנאָפּ פונעם פּעלצל, פון דעם זעלבן פּעלצל, וואָס זי האָט געהאַלטן לעבן זיך אין אויטאָבוס אין יענעם הייסן זומער־טאָג, ווען זי האָט מיט אַלע איבעריקע פון דער לאַבאָראַטאָריע זיך געזעגנט מיט מאָסקווע און געפאָרן צום אַעראָדראָם.

געקומען צו פאָרן פון זאַוואָד אַהיים, אינעם שטעטל, איז לעוו באָריסאָוויטש פריִער פון אַלץ אַוועק צו מעזשענצעוון, אויסגיסן פאַר אים דאָס האַרץ. דערהערט די נייַעס, האָט באַ אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטשן זיך אויסגעצויגן דאָס פּאָנעם אַזוי, אַז עס איז געוואָרן נאָך מאָגערער און לענגער. ער האָט זיך צוערשט פאַרקרימט, דערנאָך האָט אַ שמייכל דורכגעשניטן די לאַנגע און דינע ליפּן.

— איר זייַט נאָך גאָר טאַקע אַ גרינהאָרן, לעוו באָריסאָוויטש, — האָט מעזשענצעוו זיך אָפּגערופן. — איר מיינט, אַז איר זייַט דער ערשטער? ווען מע האָט דאָ געבויט די הידראָעלעקטראָסטאַנציע, האָבן די בויער צוגענומען באַ אונדז ניט נאָר די מאַטעריאַלן, נאָר אַפילו זיך אויסגעקליגערט אַראָפּצונעמען דאָס געלט פון אונדזער קאָנטע אין דער באַנק. מיר איז אויסגעקומען צו שרייַבן וועגן דעם אין צייַטונג.

— עפּשער זאָל איך אויך אָנשרייַבן? — האָט לעוו באָריסאָוויטש געפרעגט.

— וואַרט נאָך צו אַ ביסל... ווען דעוויאַטקין וועט באַ אייַך צונעמען דאָס צווייטע מאָל... ניין, — האָט אַלעקסאַנדער ניקיפאָראָוויטש אָפּגעיך פאַרטריבן דעם שמייכל פון פּאָנעם, — ניט די בויער, ניט די מעטאַלורגן, ניט עמעצער אַנדערש איז דאָ ניט שולדיק. זיי האָבן זייערע זאָרגן, זייערע פּלענער, און אַפילו באַ זייער בעסטן ווילן קאָנען זיי אונדז אָפּטמאָל ניט העלפן אַזוי, ווי מיר באַדאַרפן. דער אויסוועג איז נאָר אין דעם, — מעזשענצעוו האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, עס האָט זיך אויך אויפגעהויבן לעוו באָריסאָוויטש, און ביידע האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַ דער ניט גרויסער מאַפּע פונעם שטעטל, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט, נעענטער צו דער טיר. די מאַפּע האָט געבלויט מיט יאַם, געגעלט מיט אַ גרויסן זאַמדפּליאַזש, געגרינט מיט טייַגע־וואַלד, צווישן וועלכע עס האָבן זיך ווייַס געשנירלט די גאַסן און פּראָספּעקטן מיט די שוואַרצע רעטוש־געמעלן פון די פּילצאָליקע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן. דער אַקאַדעמיקער האָט אַ טייַטל געטאָן אַפן געדיכטן גרינעם פּאַס, וואָס האָט באַזוימט איינעם פון די ווייַטערע ראַנדן פון דער מאַפּע.

— אָט דאָ וועלן מיר האָבן אונדזער אייגענע פעסטע פּראָדוציר־באַזע, אייגענע קאָנסטרוקטאָר־ביוראָען, אייגענע זאַוואָדן מיט דער מאָדערנסטער אויסשטאַטונג, ווו די נייַסטע אידייען און אַנטדעקונגען פון אונדזערע געלערנטע וועלן ווערן אויסגעפּרוווט און רעאַליזירט דורך הויכקוואַליפיצירטע, גוט־אויסגעשולטע טעכנישע ספּעציאַליסטן; נאָר אַף אַזאַ אויפן וועלן אונדזערע וויסנשאַפטלעכע אופטועך ניט פאַרליגן זיך, ווי עס טרעפט איצט אָפטמאָל, און ניט ווערן פאַרעלטערט, איידער די וועלט האָט זיך נאָך וועגן

זיי דערוווּסט. אגעוו, — האָט מעזענצעוו זיך דערמאָנט, — איז אהער געקומען צו פאָרן אײַערער א קאָלעגע, ער האָט זיך דאָ הײַנט אָף אײַך נאָכגעפרעגט. — אלעקסאנדער ניקיפאָראָוויטש האָט א קוק געטאָן אפן בלעטל פונעם טיש־קאלענדאר און איבערגעלייענט די פאמיליע. — רײַסקי. אנאטאָלי דאנילאָוויטש רײַסקי.

אָפטלעך מאכט זיך אין לעבן אזוי, אז ווען א טונקעלער שאָטן טוט זיך א שפּרייט אויס אין איין זײַט צו דיר, קומט באלד נאָך א שאָטן אין דער צווייטער זײַט, און פון פאָרנט שלײַכט שוין אויך א מין טונקלעניש, עס ציט זיך אוועק א געדיכטער טונקעלער פּאס, עס רוקט זיך אָן א שטיקל צײַט, ווען עס קלעפּט זיך ניט, עס גייט מיט דער פּוטער אראָפּ. נאָך דער פּאסירונג אפן זאוואָד אָט האָסטו דיר גלײַך נאָך אן אומאָנגענעמלעכקײַט. אינעם לעצטן בריוו, וואָס לעוו באָריסאָוויטש האָט געקראָגן פון פּאָלינע יאקאָוולעוונען, האָט אים היפּש פארוווּנדערט דער פּלוצעמדיקער גרוס, וואָס זי האָט אים איבערגעגעבן פונעם דאָזיקן אנאטאָלי דאנילאָוויטשן. און אָט האָט ער אים שוין דאָ, בא זיך, א לעבעדיקן. וואָס האָט אים געבראכט אהער? וועלכער ניטגוטער האָט אים געצוווּנגען ראַפּטום קומען צו פליִען? אבי ער, לעוו באָריסאָוויטש, האָט געמיינט, אז יענער איז שוין אָף שטענדיק פארשוווּנדן פון זײַנע אויגן און ער וועט אים קיינמאָל מער ניט זען. דאָס, וואָס עס האָט מיט אים אָפּגעטאָן אנאטאָלי דאנילאָוויטש, איז גיכער א קאָמישער עפּיזאָד, ווי עפּעס אן ערנסטע זאך. לעוו באָריסאָוויטש דערציילט בא א געלעגנהײַט, ניט אָנרופנדיק אנאטאָלי דאנילאָוויטשעס נאָמען, א טשיקאווע געשיכטע, וועלכע איז נאָך אינטערעסאנט דערמיט, וואָס זי לאָזט מאכן צום סאָף א געוויסן מוסערהאסקל; ער דערציילט אין זײַן טעווע, אין זײַן נוסעך, מיט דער געוויסער איראָניע, וויאזוי אין איינעם אן אָנהייב־פרילינגדיקן אָוונט איז אין דער זעלבער מאָסקווער „וועטשאָרקע”, ווו מיט יאָרן צוריק איז געווען געמאָלדן, אז דער סטודענט ל. ב. כאנין זוכט א ווינקל, ווידער אָפּגעדרוקט געוואָרן א מעלדונג, דאָס מאָל שוין אינעם בעקאָוועדיקן אָפּטייל אונטערן קעפּל «Защита диссертаций»[1]. די צײַטונג איז מודיִע געווען דעם מאָסקווער אוילעם, אז דעם פינפטן אפּרעל, דרײַ אזייגער באטאָג, וועט אין אזא און אזא אאודיטאָריע פון אזא און אזא אינסטיטוט ל. ב. כאנין פארטיידיקן זײַן דיסערטאציע אָף דער טעמע „די מינימאלע און אָפּטימאלע טערמישע רעזשימען פון שמעלץ־אויוונס”. כאנין האָט אויסגעשניטן פון דער צײַטונג די מעלדונג און זי פארבאהאלטן אינעם טײַסטער, ווי מע באהאלט א לאָטעריי־בילעט, וואָס מע איז זיכער, אז ער וועט אויסשפּילן, אָדער עפּשער נאָך בעסער געזאָגט, ווי עס באהאלט א באָכער דאָס ליבע־צעטעלע פון א מיידל, אין וועלכער ער איז הייס פארליבט. זאָל קיינעם ניט שאָקירן דער באנאלער און סענטימענטאלער פארגלײַך. דער שפּאָגל־נײַער דיסערטאנט איז שוין דאן געווען ניט אזוי יונג, און נאָך אלץ אזא, ווי ער איז געקומען פון דער מילכאָמע — א מענטש אָן א פאמיליע, אָן קינד און רינד, — אין לעוו באַ־

[1] פארטיידיקונג פון דיסערטאציעס.

ריסאָוויטשעס קאָל דערפילט מען א טרויעריקלעכע באַפאַרבונג, עס פאַר־שווינדט דער לייַכטער, שפּאַסיקער טאָן, ווען ער באַרירט זייַנע פאַמיליען־אַנגעלעגנהייַטן. איבער דער דיסערטאַציע האָט ער געאַרבעט די ער־שטע נאָכמילכאָמע־יאָרן. ער האָט זיך געקוויקט מיט די עקספּערימענטן, מיט די פּילצאַליקע טאַבעלעס און סכעמעס; טאָמער איז ערגעץ אַף א סכעמע ניט אַזוי גראָד דורכגעפירט א ליניע, איז טייקעף פאַריכט, עס זאָל ניט זייַן די קלענסטע פּעגימע. און די צייַט איז דערווייַל געלאָפן, און מע האָט ניט געדאַרפט זאָרגן וועגן דעם, ווו אַהינצוטאָן די לאַנגע אייַנזאַמע אָוונטן. ווען מע האָט אָפּגעדרוקט די דיסערטאַציע אין א באַזונדער בראָ־שור, איז כאַניין מיטן פאַרבונדענעם פּעקל עקזעמפּליאַרן אַרויסגעגאַנגען פון דער טיפּאָגראַפיע, ווי עס גייט פון א געבורטס־הויז אַרויס א גליקלעכע מוטער, וואָס אָט האָט זי עס שוין, אָט טראָגט זי עס שוין, איר געגאַרט קינד, א לעבעדיקס, א צאַפּלדיקס, באַ זיך אַף די הענט. די מאַמע מיטן קינד וועלן נאָך ניט ווינציק אויסשטיין, מע וועט דאַרפן דאָס אייפעלע טראָגן אַף קאָנסולטאַציע, און מע וועט עס אויסהערן, אויסטאַפּן יעדן אייווער, און ס׳וועט נאָך פּאָקן און מאָזלען. אָבער קיין מאַפּעלע איז עס דאָך ניט — א צייַטיק פּיירעלע, עס וועט דורכגיין און אויסהאַלטן אַלע אויס־פּרוּוון.

אינעם טאָג פון דער פאַרטיידיקונג האָט דער באַלסימכע זיך אויסגעפּוצט אין א שוואַרצן אָנצוג, דעם האַלדז פאַרקלאַמערט אין א האַרט־אָנגעקראַכמאַליעטן, פּינקלענדיק־ווייַסן קראַגן, די פּיס האָט ער פאַרקאָוועט אין נייַע שיך, וואָס וויבאַלד זיי זייַנען נייַע, מוזן זיי דאָך קוועטשן, לעכאָל־האַפּאָכעס איין שוך אַוודע.

ווי געוויינלעך, אַף אַן אָרדינאַרער פאַרטיידיקונג האָט זיך צוזאַמענגע־קליבן א גאַנץ קנאַפּער עולעם. די פּאָרנטיקע פיר־פינף טישן האָבן פאַר־נומען די מיטגלידער פונעם געלערנטן ראַט, ווייַטער, א באַנק איבער א באַנק זייַנען געזעסן אַספּיראַנטן, סטודענטן, און גאָר פון אויבן, אָפּגעזונ־דערט פון די איבעריקע, האָט זיך באַזעצט א דרייַלינג קרויווים פונעם דיסערטאַנט מישע פּאָוואַראָוו, א יונגערמאַן, וואָס האָט אויך אינעם זעלבן טאָג געהאַט זייַן פאַרטיידיקונג. מישע איז געווען ניט נאָר ייִנגער פון כאַנינען, נאָר קליגער אויך. ער האָט זיך אָנגעטאָן לייַכט, פרײַלינגדיק, ס׳האָט זיך אים גרינג געעטעמט. די אייגענע זייַנע זייַנען האָט מען דערקענט, אַז זיי זייַנען אייגענע, לויט דעם, ווי די פּענעמער פונעם אַלטן פּאָרפּאָלק און דאָס מילדע פּאָנעם פונעם יונגן צניִעסדיקן ווייַבל, וואָס איז צווישן זיי געזעסן, האָבן יעדן מאָל אופגעלויכטן און אופגעשייַנט, ווען דער באַל־דאַרשן זייערער האָט גערעדט קלאָר און גוט, און ווי זיי זייַנען געוואָרן פאַרוואָלקנט און פאַרמאָרעשכוירעט, ווען ס׳האָט געטראָפן, אַז מישע פּאָ־וואַראָוו האָט זיך א ביסל פאַרהאַקט, אָנגעהויבן אונטערשטאַמלען, אָדער ווען דער אָפּאָנענט האָט גענומען אָנווייַזן אַף די כעסרוינעס פון דער דיסערטאַ־ציע. נאָך דער געהיימער אָפּשטימונג, ווען עס איז געמאָלדן געוואָרן דער גינסטיקער רעזולטאַט, און נאָכדעם, ווי אַלע האָבן דעם יונגן וויסנשאַפטס־קאַנדידאַט האַרציק באַגריסט, איז מישע פּאָוואַראָוו ערשט אַרייַנגעפאַלן

אין די אָרעמס פון די אייגענע, און די שטארק פינקלענדיקע פריידיקע אויגן זייערע האָבן גערעדט וועגן דעם, אז די עמעסע באלוינונג און באגריסונג וועט ער נאָך האָבן בא זיך אין שטוב, ווען ער וועט זײַן מער פארבאהאלטן פון זײַטיקע בליקן.

אף כאנינס סימכע האָט געזאָלט קומען העניע, די איינציקע שוועסטער זײַנע, עס האָט זיך אָבער אזוי געמאכט, אז זי איז אויך ניט געווען. דאָס איז אפילע בעסער, — האָט לעוו באָריסאָוויטש געטראכט, — זי וועט ניט האָבן קיין איבעריקע איבערלעבונג, און גופע אים וועט אויך בייסמײַסע זײַן רויִקער.

דער פאָרזיצער פונעם געלערנטן ראַט, א כאָשעווער פראָפעסאָר און וויסנשאפטס־דאָקטאָר, האָט פארלאָזט דאָס טישל זײַנס אף דער בינע, קעדיי ניט צו פארשטעלן די טאבעלעס און סכעמעס, מיט וועלכע כאנין האָט פון אויבן ביז אראָפּ פארהאנגען דעם טאָוול און די דערבײַיִקע פרײַע שטיקער ווענט. דער פראָפעסאָר איז שטיל ארומגעגאנגען אונטן, לענגויס דער בינע, ביז ער האָט זיך אף א ברעג באנק צוגעטוליעט צו איינעם פון זײַנע קאָלעגן. כאנין האָט גערעדט, דערציילט, אריבערגעגאנגען מיטן ווײַז־שטעקעלע פון איין צייכענונג צו דער צווייטער, און ווי נאָך קיינמאָל אין לעבן, האָט ער געוואָלט, אז די צוואנציק מינוט, וואָס מע גיט אף דער פארטיידיקונג, צו דערציילן קורץ־געפּרעסט די גרונט־פּרינציפּן און דעם טאָך פון דער דיסערטאציע, זאָלן זיך ציִען וואָס מער, זאָלן אזוי גיך זיך ניט ענדיקן. און טאקע דערפאר, ווײַל זיי זײַנען געווען אזוי טײַער, די צוואנציק מינוט, האָט ער אָפּט געקוקט אפן זייגער.

אף דער ווײַטסטער באנק, אף וועלכער עס זײַנען פריִער געזעסן פאָוואראָווס קרויווים און וואָס זײַנען שוין צוזאמען מיטן באלסימכע אוועק אהיים, איז איצט איינזאם געזעסן אן אומבאקאנטע פרוי אין א געשטריקט קאָפּטל, קאוועקאָליר, און מיט א הויכער פריזור אפן קאָפּ. די פריזור האָט זיך געהויבן יארוסנווײַז, העכער און העכער, און פון פאָרנט האָט, ווי א דיִאדעמע, זיך אויסגעטיילט און געפינקלט א ווײַס בינטל האָר. וואָס גייט זי אים אָן, די פרוי, מיט איר פריזור און מיט דער ווײַסער פאסמע? קיין קרויווע זײַנע איז זי ניט, קיין באקאנטע — אויך ניט. פונוואנען האָט זי זיך גענומען? זײַן דײַגע!.. אָבער ווי נאָר ער האָט א קלער געטאָן, אז עס איז ניט זײַן דײַגע, אזוי האָט ער גלײַך ווידער געמוזט א קוק טאָן אהין, צו יענער באנק. א מענטש קאָן אָפּזיצן א שאָ און צוויי אין איין פאָזע, האלטן, לעמאָשל, א פוס אריבערגעוואָרפן אף א פוס און די קין אָנגעשפּארט אף דער האנט, ער וועט עס ניט באמערקן און ס'וועט אים א האָר ניט זײַן צו לאסט, פארקערט, עס וועט אים זײַן ווויל און גוט. פּרוווט אים אָבער זאָגן, אז ער מוז אזוי זיצן, אזוי און ניט אנדערש, וועט עס ווערן פאר אים א קאטאָרגע, א פּײַנלעכע אָפּקומעניש. „כ'וויל אף איר ניט קוקן", — איז כאנין שוין אפילע בייז געוואָרן אף זיך און טאקע מער ניט געקוקט אין איר זײַט. נאָר איר אופמערקזאמען בליק האָט ער געפילט און ס'האָט אים געשטערט. וואָס קוקט זי, וואָס גייט איר אָן, וואָס קאָנען איר אָנגיין די טערמאָ־אָפּטימיזאציעס, מינימיזאציעס?..

נאָך דער פּאַרטיידיקונג, נאָך די באַגריסונגען און ווינטשעוואַניעס, ווען קימאַט אַלע זײַנען זיך שוין פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, האָט כאַנין זיך פּלוצעם געכאַפּט, אַז ער האָט פֿאַרגעסן וועגן גאָלדענעם מינהעג בא די פּריש־אויסגעבאַקענע קאַנדידאַטן — אײַנצולאַדן די מיטגלידער פֿון געלערנטן ראַט, די אָפּאָנענטן, ביכלאַל די פֿרײַנט און גוטע באַקאַנטע אָף א סודע, א באַנקעט. ער האָט זיך געלאָזט לויפֿן איבערן קאָרידאָר, און יעדן, וועמען ער האָט נאָר באַוויזן צו כאַפּן — דאָסראָוו זײַנען עס געווען סטודענטן, — האָט ער אָנגעזאָגט די פֿריילעכע בסורע, אַז זיי גייען מיט אים אין רעסטאָ־ראַן. ער האָט אויך געפּאַקט, שוין אָף די טרעפּ, די פֿרוי מיט דער פֿרײַ־זור און מיט דער ווײַסער פּאַסמע. דערהערט אײַליקע טריט הינטער זיך, האָט זי זיך אומגעקוקט, דערזען דעם פֿאַרשמײַעטן קאַנדידאַט, זייער ליב־לעך און מילד א נייג געטאָן צו אים דעם שיינעם קאָפּ, ווי זאָגנדיק: „איך באַגריס אײַך מיט אײַער דערפֿאָלג". די האַנט האָט זי ניט אויסגעשטרעקט, נאָר אַזויווי דער באַלסימכע איז געווען ניט זי, נאָר ער, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער מעג דאָסמאָל אויווער זײַן דעם עטיקעט.

— קומט אויך, איך לאַד אײַך אײַן, — האָט ער מאָלע־געדולע אַרײַנגע־כאַפּט אירעביידע הענט אין זײַנער.

— וווּהין? — האָט זי אים מיט פֿאַרווונדערונג אָנגעקוקט.

— וואָס הייסט וווּהין? אין רעסטאָראַן „פּראַגאַ".

א סוואָרע, אַז אין יענעם אָוונט האָט ער פֿאַרטיידיקט נאָך א דיסער־טאַציע, שוין פֿון אַן אַנדער מין. מע איז געזעסן בא א שיין־געדעקטן טיש און זיך מעכאַבעד געווען מיט די דעליקאַטעסן פֿון „פּראַגאַ", געטרונקען קאָניאַק און פֿאַרטרונקען מיט שאַמפּאַניער, און א העלפֿט פֿון אַלע טאָסטן האָט מען, געוויינלעך, אופֿגעהויבן פֿאַרן געלערנטן מעטאַלורג כאַנין, פֿאַר זײַן פּערזאָן, פֿאַר זײַן געזונט, פֿאַר זײַנע דערפֿאָלגן, פֿאַר זײַנע קומענדיקע אופּטועס אין דער וויסנשאַפֿט. לעבן אים, באַם טיש, איז געזעסן זײַן נײַע אומגעריכטע באַקאַנטע, וואָס איז מיט יעדער מינוט אַלץ מער אים געווען געפֿעלן. די פֿרוי האָט געהייסן פֿאָליע, פֿאָלינע יאַקאָוולעוונע. וויאַזוי קומט זי אָף זײַן דיסערטאַציע? פֿאָשעט, זי איז געגאַנגען איבער דער קאַלוזשס־קער גאַס, און עס איז געווען א קאַלטער טאָג, א ווינט און א שניי, ווי עס טרעפֿט אָנהייב פֿרילינג... אפֿן טויער פֿונעם אינסטיטוט האָט זי דערזען א מעלדונג, אַז עמעצער פֿאַרטיידיקט א דיסערטאַציע, איז זי אַרײַנגעגאַנגען זיצן א ביסל אין דער וואַרעם און הערן, וואָס מע רעדט, עלעהיי מע כאַפּט זיך אַרײַן אין א שלעכטן וועטער אין קינאָ אָדער אָף אַן אָפֿענער זיצונג אין געריכט.

נאָכן רעסטאָראַן האָבן זיי ביידע זיך געלאָזט גיין איבערן גאָגאָל־בול־וואַר. הויל זײַנען נאָך געווען די ביימער, פֿאַרשנייט די בענק, אָבער אפֿן האַרצן איז געווען געמיטלעך און וואַרעם. נאָר א קלייניקײַט, טאַקע גאָר א קלייניקײַט האָט א ביסל פֿאַרשטערט די סימכע. ווי ער איז ניט געווען אופֿ־געלייגט, סימכע־וועסאָסן אין יענעם אָוונט, האָט זיך דאָך צו אים אַרײַנ־געכאַפּט און גענומען עסן עפּעס אַן אומאָנגענעמער געדאַנק, געפּיקט, געטאָטשעט, ניט געלאָזט צורו. געוויסע קלייניקײַטן קאָנען, ווי באַוווּסט,

היפשלעך אָפּסאמען דאָס גאנצע ביסל גליק, וואָס עס פאלט אויס א מענטשן
עפשער איין מאָל אינעם לעבן. די מײַסע איז געווען אין דעם, וואָס פון די
פערצן מיטגלידער פונעם געלערנטן ראט, וועלכע זײַנען בײַגעווען אף דער
פארטיידיקונג און אָנטיילגענומען אין דער געהיימער אָפּשטימונג, זײַנען
דרײַצן שטימען געווען פאר און איינע — קעגן. דרײַצן איז אויך גוט,
אפילע זייער גוט, איין שטים קעגן — דאָס איז א מינימום. וואָס קאָן שוין
זײַן ווייניקער? און ווו איז געשריבן, אז דורכויס אלע דארפן שטימען
פאר? אָבער אין קאָפּ האָט זיך ניט אופגעהערט צו דרייען די נארישע,
אומנוצלעכע פראגע: ווער איז דאָס און פארוואָס האָט ער געשטימט קעגן?
פארוואָס איז ער, בייס דער פארטיידיקונג, ניט ארויסגעטראָטן אָפן און ניט
אָנגעוויזן אף די וועזנטלעכע כעסרוינעס, וואָס מאכן די דיסערטאציע צו־
נישט און מע דארף זי אָפּווארפן? אלע, וואָס זײַנען ארויסגעטראָטן, האָבן
די דיסערטאציע געלויבט, אלע, דורכויס אלע, מיטגלידער פונעם ראט האָבן
דערנאָך אים הארציק באגריסט, געדריקט די האנט. ווער זשע קאָן דאָס
זײַן? כאנין האָט אין מויעך איבערגעקליבן איינעם נאָכן צווייטן. קיינער
זאָל קיינמאָל ניט געפּרווט ווערן צו זוכן איינעם און האָבן א פארדאכט
אף יעדן. דער כשאד איז אפילע געפאלן אפן באליבטסטן פּראָפעסאָר, וואָס
פרעגט זיך שטענדיק נאָך בא אים, אינטערעסירט זיך, וויאזוי ער לעבט, ווי
גייט אים אין דער ארבעט. עפשער איז דעם זאָקן, גראָד דאן, ווען ער האָט
געהאלטן אין דער האנט דעם ביולעטען, ארײַן די מאנקאָליע אין קאָפּ און
ער האָט באשלאָסן, אז כאנין מעג נאָך אויסווארטן מיטן קריגן דעם וויסנ־
שאפטלעכן טיטל. „וואָס מאך איך א כאָשעווון מענטשן, אן ערנסטן גע־
לערנטן עפּעס פאר אן אויווערבאָטל, א ניט־געשטעלטן פארשוין, וועלכער
ווייסט ניט, וואָס ער טוט, שיידט ניט אונטער פון יאָ ביז ניין?” — איז כא־
נינען געוואָרן א בושע אף זיך אליין. דער כשאד זײַנער איז אריבער אף אן
אנדער מיטגליד פון ראט, וואָס האָט אף דער פארטיידיקונג פארשפּעטיקט,
ארײַנגעקומען אין דער אאודיטאָריע, זיך אוועקגעזעצט בא א זײַטיק ליידיק
טישל און גענומען גאָר שפּילן זיך מיט עפּעס א צאצקע, וואָס ער האָט ארויס־
געשלעפּט פון פּאָרטפעל. ווײַזט אויס, אז די דיסערטאציע האָט אים ביכלאל
ווייניק וואָס אינטערעסירט. אָבער ער האָט דאָך דערנאָך אזוי הארציק,
פרײַנטלעך אים ארומגענומען און באגריסט... ווער זשע קאָן עס פּאָרט
זײַן?

עטלעכע טעג האָט דער געדאנק וועגן דעם אים געשטערט, ווי א קראנ־
קער צאָן. דערנאָך האָט ער פארגעסן, עס האָט זיך אויסגעמעקט פון זײַן זי־
קאָרן, און ווידער האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם ערשט אין א צײַט ארום.
ריכטיקער צו זאָגן, ניט ער האָט זיך דערמאָנט, נאָר אים האָט מען דער־
מאָנט. געווען איז עס אין אזא יאָר, ווען זײַנע עקספּערימענטן, איינער
נאָכן אנדערן, האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן, די ארבעט האָט ניט געטויגט, עס
איז געווען דער טונקעלער ביין־האשמאָשעס, וואָס איז גוט באקאנט א סאך
וויסנשאפטלעכע, שעפערישע טוער. עס איז געגאנגען דערצו, אז מע האָט
ביכלאל אָנגעהויבן צווייפלען אין אים און מע האָט באשלאָסן באהאנדלען
זײַן ארבעט אף א פארזאמלונג. דאן איז עס ארויסגעטראָטן דער דאָצענט

אנאטאָלי דאַנילאָוויטש רײַסקי, וואָס האָט אַמאָל, ווען לעוו באָריסאָוויטש כאַנין האָט ערשט אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען אין דער פּראָבלעם, מיט וועל־כער ער איז באַשעפטיקט ביז הײַנטיקן טאָג, אַ שטיקל צײַט געאַרבעט מיט אים צוזאַמען. דערנאָך איז אַנאטאָלי דאַנילאָוויטש געוואָרן אין אינסטיטוט געלערנטער סעקרעטאַר, אַ מיטגליד פון געלערנטן ראַט, אַלץ ווייניקער צײַט האָט ער אָפּגעגעבן דער אייגנטלעך־פאָרשערישער אַרבעט, און פאַר אַלעמען זיך באַקלאָגט, אַז די אַדמיניסטראַטיווע אַרבעט עסט אים אויף אַלס געלערנטן, ער האָט זיך אָבער מיט איר ניט געוואָלט שיידן... אויף דער פאַרזאַמלונג האָט רײַסקי מיט זײַן רויִקן לעקטאָרישן קאָל מוידיע געווען, אַז די באַציִונג זײַנע צו כאַנינען האָט ער איבערגעדריקט נאָך מיט אַ צײַט צוריק, ווען ער האָט אויף דער זיצונג פון געלערנטן ראַט געשטימט קעגן אים. די אָפּשטימונג איז, געוויינלעך, געווען אַ געהיימע, דאָך האָלט ער פאַר מעגלעך איצט, אין אַ צײַט אַרום, דערציילן וועגן דעם דער פאַר־זאַמלונג, ווײַל שוין דאַן האָט ער דערפילט אינעם דיסערטאַנט אַ מינדער־ווערטיקייט, אַ מענטשן, וואָס איז ניט ווערט צו טראָגן דעם טיטל פון אַ געלערנטן.

— איר וועט מיר גלייבן, — פאַרענדיקט דערציילן לעוו באָריסאָוויטש אין זײַן נוסעך, און בייסמײַסע פאַרזשמורעט ער אַפילע די אויגן פון פאַר־געניגן, — איך בין דאַן געווען גרייט דעם דאָזיקן נעפעש צו קושן, עס איז אַראָפּ פון מיר אַ האַרבע לאַסט, אַ שווערער שטיין, און ס'איז מיר געוואָרן גרינג. אין האַרצן האָב איך זיך טיף אַנטשולדיקט פאַר די איבע־ריקע דרײַצן, וועלכע איך האָב אַמאָל כאָטש איין מינוט אומזיסט און אומנישט כוישעד געווען...

גייענדיק איצט דורך דער אויסגעטראָטענער וואַלד־סטעזשקע צו זיך אין דער לאַבאָראַטאָריע, האָט לעוו באָריסאָוויטש געפרווּווט טרעפן, וואָס אַזוינס האָט געקענט דעם פאַרשוין אַראָפּברענגען אַהער? נאָך מיט אַ צוויי יאָר צוריק איז רײַסקי אַוועק פונעם אינסטיטוט, ווו ער האָט די גאַנצע צײַט געאַרבעט, און אַריבער אין אַן אַנדערן, ער לייענט דאָרטן לעקציעס און האָט, דוכט זיך, ווידער זיך גענומען צו וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונ־גען. „אויב ער איז קליגער געוואָרן, איז זאָל עס אים ווויל באַקומען", — האָט לעוו באָריסאָוויטש אופריכטיק צוגעווונטשן זײַן אַמאָליקן קאָלעגע, אָבער ער האָט גאָר קנאַפּ כיישעק געהאַט זיך צו באַגעגענען מיט אים. ווײַזט אויס, אַז הײַנט איז שוין אַזאַ טאָג — הוילע אומאָנגענעמלעכקײַטן.

אַרײַנגעקומען אין דער לאַבאָראַטאָריע, האָט לעוו באָריסאָוויטש פונ־דערווײַטן נאָך, אין אָנהייב קאָרידאָר, דערזען אינעם צווייטן עק רײַסקין און רעמיזאָווון, זיי האָבן געפירט צווישן זיך אַ לעבהאַפטיקן געשפּרעך. „איין העכט פילט אַ צווייטן... ווי גיך זיי האָבן זיך עס געפונען איינער דעם אַנדערן", — האָט לעוו באָריסאָוויטש אַ טראַכט געטאָן. דערווײַל איז אַנאטאָלי דאַנילאָוויטש שוין געגאַנגען איבערן קאָרידאָר אים אַנטקעגן, גרייט אַרומצונעמען, ווי דעם בעסטן פרײַנט. לעוו באָריסאָוויטש האָט גע־קוקט אויף רײַסקיס הויכער קרעפּטיקער פיגור, אויף דעם אַלץ נאָך געדיכטן קאַם קורצע שטײַפע האָר און מיט געוויסער קינע געקלערט, אַז ער זעט

אויס ערגער פון רײַסקין, זיך מער אראָפּגערוקט און געעלטערט. אָט איז א מענטש, וועלכן עס נעמט, דוכט זיך, ניט די צײַט...

אין די ערשטע מינוטן פון דער באַגעגעניש האָט לעוו באָריסאָוויטש אפילע ניט געקאָנט ווי געהעריק זיך קאָנצענטרירן און קלאָר באַנעמען, וועגן וואָס דער גאַסט רעדט און וואָס ער וויל פון אים. אנאטאָלי דאנילאָוויטש האָט באַקוועם זיך באַזעצט אפן בענקל, געהאלטן פארוואָרפן דעם קאָפּ אפן ווייכן וועגטל און געררייכערט א סיגארעט. מיט יעדן רינגל רויך, וואָס איז ארויס פון זײַן מויל, האָט ער ניט אנדערש ווי געוואָלט זאָגן: „יעדע מינוט דארף מען קענען לעבן אזוי, אז מע זאָל האָבן פארגעניגן, אניט לוינט ניט דער גאנצער אייסעק".

אנאטאָלי דאנילאָוויטש האָט געזאָגט, אז ער איז געקומען צו פליִען אהער אין שטעטל, ווײַל ער וויל זען דעם ווונדער, מיט וועלכן עס קלינגט די וועלט. דאָס איז ערשטנס; צווייטנס, האָט ער נאָך אן ערנסטן געשעפטלעכן איניען... אָבער וועגן דעם — דערנאָך, שפּעטער. ער וועט זײַן אין שטעטל עטלעכע טעג, און זיי וועלן נאָך האָבן צײַט, וועגן צו ריידן אף דער זאכלעכער טעמע. איצט איז בעסער פון אלץ זיך דורכצוגיין אין א רעסטאָראן און אָפּמערקן די באַגעגעניש... יאָ, ער דארף אָפּגעבן א לעבעדיקן גרוס פון פּאָלינע יאקאָוולעווענע, זי האָט אים באפולמעכטיקט, ער זאָל איר דערנאָך אָפּגעבן א באריכט, וויאזוי איר מאן לעבט דאָ, וויאזוי ער איז אײַנגעאָרדנט...

לעוו באָריסאָוויטש האָט אומדײַטלעך עפּעס א ברומקע געטאָן, עס זאָל הייסן, אז ער האָט געזאָגט „א דאנק". ער האָט איידל זיך אָפּגעזאָגט פון רעסטאָראן און זיך אויך אנטזאגט צו זײַן דער גיד, דער טשיטשעראָנע רײַסקיס איבערן שטעטל.

— אָבער אײַער אײַנריכטונג אפן זאוואָד וועט איר דאָך מיר ווײַזן? — האָט רײַסקי מיט א ליבלעכן שמייכל געפרעגט, און לויטן דאָזיקן פריילעכן שמייכל און דעם פריילעכן בליק פון זײַנע אויגן האָט לעוו באָריסאָוויטש פארשטאנען, אז ער ווייסט, אז קיין שום אײַנריכטונג איז נאָך ניטאָ.

— יאָ, איך וועל אײַך ווײַזן! — האָט לעוו באָריסאָוויטש אויך מיט א פריילעך־אָנגעצונדענעם פונק אין די אויגן הויך און פארשײַט אויסגערופן. — אָבער איר וועט מיר מוזן אנטשולדיקן, איצט בין איך גראָד זייער פארנומען...

דער געשפרעך איז פאָרגעקומען נאָך אינעם זעלבן טאָג, אין אָוונט, אין דער היים בא לעוו באָריסאָוויטשן. לעוו באָריסאָוויטש וווינט אף דער לאָמאָנאָסאָוו־גאַס, אין א באזונדערן קאָטעדזש, וווהין ער האָט דאָ ניט לאנג זיך אריבערגעקליבן פונעם האָטעל. דעם עמעס געזאָגט, האָט ער אָן איבעריקן כיישעק פארלאָזט דעם פּרעכטיקן ליוקס־נומער אין „עווריקא", מיט די אלע באקוועמלעכקײַטן, וואָס האָבן פאר א מענטשן, וועלכער לעבט אליין, ניט קיין קליינע באַדײַטונג. ער איז דאָרטן געווען אף אלעם גרייטן. דער רעסטאָראן איז אפן אונטערשטן שטאָק, און אז דו ווילסט, קלינגסטו

אָן, און מע ברענגט דיר אַרײַן דאָס עסן אין צימער. עס איז ביכלאל הײמלעכער. אָבער װיפֿל קאָן מען װױנען אפֿילע אין דער בעסטער אכ־סאַניע? כאַנין איז נאָר געװען היפּש פֿאַרװוּנדערט, װען מע האָט אים פֿאָרגעלײגט צו באַזעצן זיך אין א קאָטעדזש. צוליב װאָס דאַרף ער אלײן אַזאַ פּאַלאַץ, גענוג א דירעלע אין א פֿילשטאָקיק הױז.

— װען די װײַבער דערװיסן זיך, אַז זײערע מענער האָבן באַזונדערע קאָטעדזשן, קומען זײ גלײַך צו פֿליִען, — האָט געשפּאַסט דער אקאַדעמיקער מעזענצעװ, װאָס אים האָט לעװ באָריסאָװיטש טאַקע געהאַט צו פֿאַרדאַנקען פֿאַרן קריגן די נײַע נאַכלע. די גאַנצע לאַבאָראַטאָריע און, דעריקער, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, מאָניקע, האָט געזוכט פֿאַר לעװ באָריסאָװיטשן א שטוב־אַרבעטערן, װאָס איז אינעם שטעטל ניט געװען בענימצע. מע האָט זי אַראָפּגעבראַכט פֿון דער שטאָט, אַן עלטערע פֿרױ, א פּענסיאָנערקע, װעלכע האָט גלײַך גענומען רופֿן לעװ באָריסאָװיטשן Сынок[1].

בײַ א שטאָטישן מענטשן איז, געװײנלעך, שטענדיק א מאַנגל אין דרײַ זאַכן: עס פֿעלט אים נאַטור, עס פֿעלט אים שטילקײַט, און ס׳פֿעלט אים צײַט. װאָס אָנבאַלאַנגט צײַט, איז זי, אינעם שטעטל פֿון די געלערנטע מער, װי ערגעץ אַנדערשװוּ, אין גרעסטן דעפֿיציט. דערפֿאַר געניסט מען דאָ אין דער פֿולער מאָס פֿון די אַנדערע צװײ געבענטשטע מאַטאָנעס. שטילקײַט — איז דאָ דער ערשטער געבאָט פֿאַר יעדן אײַנװױנער און פֿאַר יעדן דורכגײער. קײן אײן מענטש װעט ניט װאַגן דורכצוגײן אױף דער לאַמאַנאָסאָװ־גאַס מיט א שפּילנדיקן טראַנזיסטאָר אין דער האַנט.

אין א גרינער שטילקײַט זײַנען אײַנגעװיקלט די צװײשטאָקיקע ניט גרױסע ביניאָנים, יעדעס ביניענדל איז טיף אַרײַנגערוקט אינעם הױף, און גופֿע דער הױף איז א העמשעך, א פֿאָרזעצונג פֿונעם זעלבן װאַלד, נאָר אַרומגעצאַמט מיט א פֿײַנעם דינעם פּלױט און מיט א טױער, בײַ װעלכן עס שטײט א הילצערנע באַנק.

נאָכן שװערן טאָג, װאָס האָט געבראַכט בלױז אומאָנגענעמלעכקײַטן און אַגמעסנעפּעש, איז לעװ באָריסאָװיטש אין אָװנט געזעסן אין זײַן קאַבינעט אױפֿן צװײטן שטאָק באַם שרײַבטיש און געאַרבעט. עס איז געװען גוט אַזױ צו זיצן און אַרבעטן אין דער באַרױִקנדיקער שטילקײַט, הערן נאָר, װי עס רעדט די נאַטור, דער װאַלד — בױם מיט בױם. עס איז געװען אַזױ שטיל, אַז כאַנינען האָט געדוכט — ער הערט הינטערן פֿענצטער דעם שאָרך פֿון די הײַפֿעלעך שנײ, װאָס פֿאַלן פֿון די צװײַגן אױף דער ערד. נאָענט צום גרױסן „איטאַליִעניש“ פֿענצטער פֿונעם קאַבינעט, װאָס קומט אַרױס צום הױף־צו, װאַקסט א דרײַלינג — א סאָסנע, א יאָדלע און א בעריאָזע, לעװ באָריסאָװיטשעס ליבלינגען. די בעריאָזע איז איצט נאַקעט. אױף אײן צװײַג הענגען עטלעכע אױסגעביסענע, אױסגעהױלטע בלעטלעך, דער קלענסטער װינט האָט זײ שױן לאַנג געדאַרפֿט אַראָפּרײַסן, אָבער ניט נאָר דער קלענסטער — אפֿילע דער גרעסטער װינט האָט אין משך פֿונעם גאַנצן האַרבסט און פֿונעם שטיק װינטער, װאָס עס איז שױן דורך, זײ ניט

[1] זונעלע.

אראָפּגעריסן; ציטעריקע, גרינגע, דורכזיכטיקע, אָן א פּיצל כּײַעס אין די אָדערן, האלטן זיי זיך פונדעסטוועגן אף דער צווײַג, ווו זיי זײַנען פּאראיאָרן פרילינג געבוירן געוואָרן. די סאָסנע און די יאָדלע האָבן שוועסטערישטרײַ זיך אָנגעבויגן צו דער נאקעטער בעריאָזע, ארומגערינגלט זי און אויסגעשפּרייט איבער איר זייער געדיכטע אייביקע גרינקײַט, די געשטרײַפטע ווײַסקײַט פונעם שטאם פון דער בעריאָזע לויכט ארויס צווישן די גרינע נאָדלען, ווי א ליכטיק, העל פענצטערל. דער גאנצער הויף און הינטער אים — דער וואלד, די טײַגע זײַנען פול מיט אזעלכע שעמערירנדיקע פענצטערלעך; אין א ווינטערדיקן לויטערן אפדערנאכט דוכט זיך, אז מע זעט א דערפל מיט שטיבער, מיט פלויטן, אף די פלויטן — צעהאנגען זויבער־ווײַס, אָנגעבלאָווט גרעט.

דער הילכיקער קלונג פונעם גלעקל האָט געבראָכן די אויסערגעוויינלעכע שטילקײַט. לעוו באָריסאָוויטש האָט גלײַך פארשטאנען, ווער דאָס איז צו אים אראָפּגעקומען. „אָט האָסטו דיר, באָרעכהאבאָ מיטן גאסט״, — האָט ער אומצופרידן אופגעהויבן זיך פון שטול, און גאָר א ייִנגלשער, נארישער געדאנק איז אים דורכגעפלויגן אין קאָפּ — ניט עפענען די טיר, עלעהיי ער איז ניטאָ אין דער היים. אײַ, עס ברענט דאָס ליכט און עס שײַנט אין די פענצטער — קאָן דאָך א צעשטרייטער מענטש אוועקגיין און פארגעסן אויסצולעשן די עלעקטרע. „און עפּשער איז עס ניט ער?״ — האָט לעוו באָריסאָוויטש א טראכט געטאָן מיט האָפענונג. ווען ער האָט אָבער אופגעעפנט די טיר און דערזען טאקע אנאטאָלי דאנילאָוויטשן — א פארשנייטן, מיט אן אופגעשטעלטן קאָלנער, און מיט אן אויסדרוק פון באשײַמפּערלעכער האנאָע אפן פּאָנעם, ווי געווייבלעך, בא א מענטשן, וואָס האָט דערגרייכט אין א פרעמד אָרט צו דער שטוב, ווו ער באדארף און ווו מע ווארט אף אים, האָט לעוו באָריסאָוויטש אפילע זיך דערפילט שולדיק בענעגייע דעם אראָפּגעקומענעם. וויבאלד א מענטש האָט דורכגעמאכט א היפשן גאנג און איז געקומען צו גיין, האָט ער דאָך עפּעס אן איניען. וויאזוי זשע נעמט מען אים ניט אוף, מע הערט אים ניט אויס, וויאזוי זיצט מען ניט מיט אים כאָטשבי א ביסל און מע שמועסט זיך ניט דורך? רײַסקי האָט אראָפּגענומען פון קאָפּ דאָס שיינע היטל פון אָנדאטראָווע פוטער, געהאלטן עס א ווײַלע אין דער האנט, דערנאָך אויסגעטאָן דעם מאנטל. לעוו באָריסאָוויטש האָט אים אײַנגעלאדן ניט צו זיך אין קאבינעט, נאָר אינעם גאסטצימער, אפן ערשטן שטאָק, אָבער אויך דאָ, אינעם צימער, איז געווען זייער באקוועם, ווארעם, ליכטיק. עס איז אלץ ארומגעקוקט און ארומגעזען, ס׳באלעבאטעוועט א טרײַע שטוב־ארבעטערן. לעוו באָריסאָוויטש און רײַסקי האָבן זיך אוועקגעזעצט אין די נידעריקע און טיפע קרעסלעס באם דרײַעקיקן גרינגן „זשורנאלנעם״ טישל, וואָס די גאנצע גרינע אויבערפלאך זײַנע איז גלײַך פארנומען געוואָרן מיט רײַסקיס פּאָרטפעל, פונוואנען דער גאסט האָט ארויסגענומען א פלאש קובינער ראָם; די גרויסע פלאש איז אינעם פּאָרטפעל געלעגן דיאגאָנאליש — אָנגעשפּארט זיך מיט דער דעק אינעם אונטערשטן ווינקל פון פּאָרטפעל און ארויסגעשטארצט מיטן העלדזל בא זײַן אנטקעגנדיקן אייבערשטן ברעג.

— דאָס איז אינגאַנצן איבעריק, — האָט לעוו באָריסאָוויטש אומצופֿרידן געגעבן א זײַטל מיט די אויגן אויף דער מאַשקע, — איך טרינק ניט.

— אז מע טרינקט קובינער ראָם, פֿאַרדינט מען צוויי מיצוועס: מע העלפֿט קובע און מע העלפֿט זיך אַליין. עס איז א געטראַנק, וואָס מע ווערט פֿון דעם געזונט, און דאָס פֿלעשל האָט דורכגעמאַכט טויזנטער קילאָמעטער, מיר זאָלן דאָ צוזאַמען אויסטרינקען! — אויף רײַסקיס פּאָנעם איז געווען אויסגעגאָסן די האַנאָע, וואָס ער קאָן מעכאַבעד זײַן זײַנעם א גוטן אַלטן פֿרײַנט. — צווייבערפֿולי! פּראַקטפֿולי! — האָט רײַסקי, זיצנדיק באַם טישל, געגומען באַקוקן דעם צימער, דערנאָך זיך אופֿגעהויבן און אָפּגעשטעלט זיך אויף א פּאָר רעגעס באַם פֿענצטער, באַמיִענדיק זיך אין דער נאַכטיקער פֿינצטערקײַט אַרויסצוזען עפּעס פֿון דרויסנדיקן פּייזאַזש. — איך בין זיך מודה, — האָט ער, ווי געוויינלעך די לעצטע צײַט, בײַס זײַנע באַגעגענישן מיט אַלטע באַקאַנטע, באַלד אַרופֿגעצויגן אויף זיך זײַן באַליבטן אויסדרוק פֿון א באַלטשוווע, — ווען איך האָב געהערט ריידן וועגן אײַער שטעטל, אז עס פֿאָרן אַריבער אַהין פֿון מאָסקווע און פֿון לענינגראַד אָנגעזעענע געלערנטע, וועלכע איך פֿערזענלעך קען זייער גוט, האָב איך א טראַכט געטאָן: אַבי איך האָב זיי געהאַלטן פֿאַר קלוגע מענטשן. איצט זע איך, אז די, וואָס זײַנען אַהער אַריבערגעפֿאָרן, זײַנען טאַקע קלוג. דאָ איז בעעמעס א גאַניידן פֿאַר געלערנטע.

— איבער וואָס אַרבעט איר איצט? — האָט לעוו באָריסאָוויטש איבערגעריסן מיט א טרוקענער פֿראַגע די באַגײַסטערטע רייד פֿונעם גאַסט.

— יאָ, — האָט רײַסקי זיך פֿאַרכאַפּט, — איך פֿאַרגעס, אז מיר האָבן שוין אַזויפֿיל צײַט זיך ניט געזען, און איר זײַט ניט אינפֿאָרמירט. איך... איך האָב זיך צוריקגעקערט צו די אַמאָליקע אונדזערע אויספֿאָרשונגען, וואָס מיר האָבן דורכגעפֿירט צוזאַמען. מיך פֿרייט, וואָס מיר וועלן קאָנען באַהילפֿיק זײַן איינער דעם אַנדערן.

לעוו באָריסאָוויטש האָט געדאַרפֿט מאַכן איבער זיך אַן אָנשטרענגונג ניט אופֿצושפּרינגען פֿון דער קרעסלע. די פֿרעכקײַט, די האָזע פֿונעם פֿאַרשווין האָט גאָרניט קיין שיר. ער, לעוו באָריסאָוויטש, ווידמעט דער פּראָבלעם פֿון אומופֿהערלעכער שמעלצונג דאָס גאַנצע לעבן, ער האָט זיך געעלטערט און איז גראָוו געוואָרן, טראַכטנדיק און קלערנדיק וועגן איר, ער האָט צוליב דעם געוואָרפֿן דאָס ווײַב, די שטוב, מאָסקווע און אַריבערגעפֿאָרן אַהער, ער אַרבעט דאָ מיט א גאַנצן קאָלעקטיוו, — קומט דער דאָזיקער נעפֿעש, וואָס האָט אַזוי ברוטאַל געהאַנדלט קעגן אים, און רעדט וועגן „באַהילפֿיק זײַן". וואָס פֿאַר א באַהעלפֿער איז ער און ווער נייטיקט זיך אין זײַן הילף?

— מיר נייטיקן זיך ניט אין גאָרניט, מיר האָבן דאָ אַלץ אַפֿן אָרט, — האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך אָפּגערופֿן, קוים אײַנהאַלטנדיק די אופֿגעבראַכטקײַט זײַנע.

— דאָך וויל איך אײַך א ביסל באַהילפֿיק זײַן, נעמט עס ניט אָן פֿאַר אומגוט פֿון מײַן זײַט. איר ווייסט דאָך, מיר איז אויסגעקומען א געוויסע

צײַט זיך צו פֿאַרנעמען אויך מיט אַדמיניסטראַטיוו־אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט... אָבער לאָמיר אויסטרינקען אַ ביסל...

בעיין־ברײַרע האָט לעוו באָריסאָוויטש געבראַכט אַ פּאָר גלעזלעך, ניט באַמרויקנדיק די שטוב־אַרבעטערן אויך אויסגעזוכט עפּעס צום פֿאַרבײַסן — עטלעכע ריפּטלעך וווּרשט און קעז.

— אָט דאָס פֿאַרשטיי איך, עס וועט זײַן בײַ אונדז אַן אַלטבאָכערישע ליאַמע, — האָט אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש אויסגערופֿן ווילליונגעריש און גוטברודעריש.

זיי האָבן אויסגעטרונקען דעם זיסן, קלעפּיקן און גאַנץ שטאַרקן געטראַנק.

— איר האָט געטאָן טויזנט מאָל קליגער פֿון מיר, ניט האָבנדיק איבערגעריסן אויף איין טאָג די וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן צוזאַמען, — רײַסקי האָט גערעדט אַ ביסל גיכער, ווי געוויינלעך, מוירע האָבנדיק, אַז מע וועט אים איבערשלאָגן, — אָבער דערפֿאַר האָב איך עפּשער אין אַן אַנדער פּראַט אַ ביסל מער דערפֿאַרונג, און דאָס דערלויבט מיר צו געבן אײַך געוויסע אייצעס. אויב ריידן גאָר אָפֿן, וויל איך אויסקויפֿן מײַנע אַן אַמאָליקע זינד פֿאַר אײַך. איך זאָג עס מיט דער גאַנצער אופֿריכטיקײַט און מיטן בעסטן מיין. איך ווינטש אײַך בעעמעס גרעסטן דערפֿאָלג, איר האָט אים קאָשער פֿאַרדינט. נאָר כ׳וויל אײַך וואָרענען פֿון מעגלעכע אומאָנגענעמלעכקײַטן. אײַער פֿיליאָריקע מי, אײַערע שלאָפֿלאָזע נעכט קאָנען גאָר אומגעריכט פֿאַרלוירן גיין אומזיסט... — רײַסקי האָט דאָ אויסגעהאַלטן אַ לענגערע פּויזע און דערנאָך געפֿרעגט:

— איר האָט אַוואַדע געהערט וועגן די כאַרקאָווער עקספּערימענטן אויך איבער אַזאַ אויוון, ווי אײַערער?

— אַ ביסל געהערט, — האָט געענטפֿערט לעוו באָריסאָוויטש, ניט האָבנדיק קיין שום כיישעק צו פֿאַרטיפֿערן זיך אין אַן ערנסטן געשפּרעך.

— זעט זשע, אַז די כאַרקאָווער זאָלן פֿריִער פֿון אײַך ניט קריגן דעם פּאַטענט.

— איך טראַכט דערווײַל ניט וועגן פּאַטענטן, — האָט לעוו באָריסאָוויטש אָפּגעהאַקט און געוואָלט אַ סאָך מאַכן צו די ניט־געבעטענע אייצעס און אויפֿקלערונגען.

— נו, אויב כאַרקאָוו אינטערעסירט אײַך ניט און אײַך איז אַלצאיינס, — האָט רײַסקי לײַטזעליק פֿאָרגעזעצט, — וועל איך אײַך אָנרופֿן נאָך אַן אָרט, ווו מע אַרבעט אין דער זעלבער ריכטונג, אויף דער זעלבער פּראָבלעם, און, ווײַזט אויס, מיט היפּשן דערפֿאָלג. עס איז מיר באַוווּסט פֿון זיכערע קוועלן, אַז ניט אין דער ווײַטער צוקונפֿט וועט פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן אין אַן אינפֿאָרמאַציע־ביולעטען די סכעמע פֿון אַן אויוון פֿון אומופֿהערלעכער שמעלצונג.

— אַזוי גאָר? איר אינטריגירט מיך, אַנאַטאָלי דאַנילאָוויטש...

— ניין, אויב אָפּוואַרפֿן די נאַרישקײַט, וואָס איך בין קעגן אײַך אַמאָל באַגאַנגען, בין איך געווען און בין געבליבן אײַערער עמעסער גוטער פֿרײַנט... איר האָט, דוכט זיך, אין אַמעריקע אַ ברודער?

— איך זע, אז איר ווייסט ניט שלעכט מײַן אנקעטע...

— איר פאַרשטייט, לעוו באַריסאָוויטש, איצט איז שוין טאקע, ווי זאָגט מען עס, ניט יענע צײַט, נאָר פונדעסטוועגן... אויב איר מיינט, אז עס זײַנען שוין ניטאָ קיין באַלאַנים אויסטײַטשן יעדע זאַך אויף זייער אויפן, ווי זיי ווילט זיך, האָט איר א טאָעס.

— רעדט קלאָרע דיבורים, איך פאַרשטיי ניט, צוליב וואָס איר זאָגט דאָס מיר.

— איך וויל אײַך איצט זאָגן דאָס, וואָס עס קאָנען אנדערע זאָגן דער־נאָך... אײַער ברודער איז געווען בא אײַך צוגאַסט... צי וועט איר קאָנען דערוויזן, אז די אײַנריכטונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דאָרטן, אין אמע־ריקע, און וואָס וועט, מעגלעך, זײַן, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך אויף אײַערער, סיבירער, אז איר גופא האָט דאָ ניט צוגעלייגט א האנט? איך וויל, אז איר זאָלט מיך ריכטיק פאַרשטיין. אמעריקע איז ניט כאַרקאָוו.

דער ראָם, וואָס האָט פריִער אויף א ווײַלע א זעץ געטאָן אין קאָפּ, צע־גאַסן א ביסל וואַרעמקײַט איבערן לײַב, דערהויפּט אין די פיס, האָט פּלוצעם ווידער זיך געלאָזט פילן, אָבער שוין פיל שטאַרקער, גלײַך ווי לעוו באַריסאָוויטש וואָלט אָקאָרשט אפּסנײַ אויסגעטרונקען, און ניט קיין קעלישעקל, נאָר א גאַנצע גלאָז. א היץ האָט אים א שלאָג געטאָן אין פּאָ־נעם, אין אלע איווורים.

— וואָס זאָרגט איר וועגן מיר? — האָט ער שווער זיך אופגעהויבן פון דער קרעסלע און זיך אוועקגעשטעלט הארט, פּאָנעם־צו־פּאָנעם, אנטקעגן אנאַטאָלי דאַנילאָוויטשן. אָבער יענער איז ניט ניספּאָעל געוואָרן.

— איך וואָלט ניט גערעדט וועגן דעם, לעוו באַריסאָוויטש, נאָר איר טאָרט ניט דערלאָזן, אז מע זאָל אײַך אריבעריאָגן. איר ווייסט, אז די פּראָבלעם, איבער וועלכער איר ארבעט, איז אויך פאַר מיר זייער טײַער. איך בין באַגאַנגען קעגן זיך אן אומדערלאָזבאַרן פאַרברעכן, וואָס איך האָב אויף א שטיקל צײַט פאַרלאָזט די באַליבטע ארבעט... איך בין זיך מוידע אין דעם. איך בין א באַלטשוווע, און א מענטשן, וואָס האָט כאַראָטע, דאַרף מען מויכל זײַן... עס ווילט זיך מיר נאָך עפּעס אופטאָן; אין אינסטי־טוט, ווו איך ארבעט איצט, האָב איך זיך ווידער גענומען באַשעפטיקן מיט דעם, וואָס איך האָב פאַרלאָזט... מײַנע סטודענטן וועלן דאָ סטאַזשירן אפן מעטאַלורגישן זאַוואָד. מיר וועלן ארבעטן האנט־בא־האנט, און איך וויל טאקע באַהילפיק זײַן, — רײַסקי האָט אפגיך ארויסגענומען פונעם פּאָרטפעל א בלויע פּאַפּקע, זי פאַנאַנדערגעבונדן און אוועקגעלייגט אפן טישל א צייכענונג. — כ׳בעט אײַך, קאָלעגע, א קוק טאָן... איך בין צוליב דעם ספּעציעל געקומען צו פליִען.

וויבאַלד לעוו באַריסאָוויטש האָט דערזען פאַר די אויגן עפּעס אזעלכס, וואָס האָט א שײַכעס צו זײַן ארבעט, צו זײַן אויוון, האָט ער שוין ניט געקאָנט ניט כאַפּן אויף דעם אן אופמערקזאַמען בליק, און האָבנדיק באַ־מערקט און אופגעכאַפּט אין דער צייכענונג אזוינס, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זײַן ווערנטלעך, אינטערעסאַנט, האָט ער זיך אָנגעבויגן איבערן טישל און אלץ נאָך מיט רוגזע, מיט א קאָכיקן פאַרדראָס, דאָך זיך

פארטיפערט אינעם וואטמאן־פאפיר, וואָס איז פאר אים געלעגן. בא זײַן גאנצן ווידערגעפיל צום דאָזיקן מענטשן, באם גאנצן פארדראָס אף אים האָט ער אים געמוזט אָפּגעבן רעכט. צו זײַן, לעוו באַריסאָוויטשעס, אויזון האָט רײַסקי צוגעגעבן א פּאָר קלייניקײַטן, טאקע מאמעש קלייניקײַטן, אָבער יעדער געלונגענע קלייניקײַט, וואָס מאכט אף א האָר בעסער, פּול־קומער, איז דאָך שוין ווערט, אז עס זאָל גענומען ווערן אין אכט און מע זאָל עס ניט אוועקמאכן מיט דער האנט.

ווײַטער איז צווישן די צוויי געוועזענע קאָלעגן אוועק א ספּעציעלער שמועס נאָר וועגן דעם נײַעם מין אויזון, און וואָס מער זיי האָבן זיך אין שמועס פארטיפט, ארײַנגעדרונגען גופא אין איניען, אלץ מער האָט כאַניִן זיך באַרויקט, גאָר ווי פארגעסן וועגן זײַנע באַציִונגען מיט רײַסקין. לעוו באַריסאָוויטש האָט אפילע אָן איבעריקער קינע א טראכט געטאָן, אז דאָס, וואָס אים גיט זיך אײַן שווער, מיט האָרעוואניע און מיט פארלוסטן, גיט זיך רײַסקין, ווײַזט אויס, אײַן גרינג, לעכאָלהאפּאָכעס פיל גרינגער, איידער אים. דער דאָזיקער מענטש וואָלט טאקע צוניץ געקומען. אויסער אלעמען, פארמאָגט רײַסקי אָרגאניזאטאָרישע פייִקײַטן, וואָס ער, לעוו באָריסאָ־וויטש, פארמאָגט געוויס ניט אין אזא פולער מאָס. אזא רײַסקין וועט מען טאקע ניט אריבעריאָגן, פארקערט, ער וועט אריבעריאָגן...

— שוין א צײַט, ווי איר ארבעט ווידער אף דעם? — האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך פארינטערעסירט.

— מיט איבעררײַסן, אייגנטלעך, די גאנצע צײַט, נאָר בא מיר איז דאָך יונגווארג, סטודענטן. מײַן טרוים איז, אז מיר זאָלן ווידער ארבעטן צוזא־מען, ניט פאראלעל, נאָר טאקע צוזאמען...

— איר ווילט ווערן א שוטעף?

— כאָטשבי א קליינער, — האָט רײַסקי געענטפערט מיט א ווייכן שמייכל. דער דאָזיקער ווייכער גוטהארציקער שמייכל האָט ווידער ארויס־געפירט פון זיך לעוו באָריסאָוויטשן, אפסנײַ האָט אופגעקאָכט דער פאר־דראָס, און אלץ, וואָס ער האָט אין די לעצטע מינוטן שוין געהאט פאר־געסן אָדער געוואָלט און גרייט געווען צו פארגעסן, ווען ער האָט דורכגעקוקט די צייכענונג, האָט זיך אים ווידער און מיט א נײַער קראַפט דער־מאָנט.

— די בעסטע און געלונגענסטע לייזונג פון די גרעסטע און שווערסטע פּראָבלעמען איז נאָר דאן גוט, ווען זי ווערט דורכגעפירט מיט א ריינער קאוואָנע, מיט א ריינעם געוויסן, — האָט ער געזאָגט, ווי צו זיך אליין.

— איך פארשטיי אײַך ניט, — איז רײַסקי געוואָרן פארכידעשט, — איר באשולדיקט מיך...

— איך באשולדיק אין גאָרניט... נאָר כ׳בין א מענטש, וואָס האָט פײַנט צו פארגעסן. עס איז עפּשער א שלעכטע אייגנשאפט... מע דאַרף יאָ קענען פארגעסן, נאָר אזא בין איך שוין... אָט אזא בין איך!..

די לעצטע ווערטער האָט ער אויסגעשריִען. רײַסקי האָט בעעמעס ניט געקאָנט באנעמען און פארשטיין, וואָס עס איז מיט כאַנינען פּאָרגעקומען, פארוואָס איז ער ווידער ארויס פון די קיילים. זיי האָבן דאָך שוין אזוי

פרידלעך גערעדט צווישן זיך. אָבער אַרײַנטרעטן אין אַ וויקועך איז ניט געווען שײַעך, דער באַלעבאָס האָט דערצו ניט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַרלאַנג, און עס איז שוין טאַקע געווען שפּעט אויך. אַנאַטאָלי דאַנילאָ־וויטש האָט צוגעווונטשן אַ גוטע נאַכט און צוגעזאָגט, אַז ער וועט נאָך אַרײַנקומען אין דער לאַבאָראַטאָריע...

## אַ סאָלדאַט אין די קאַרפּאַטן

עס האָט אַזוי געטראָפן, אַז וואָלאָדיען האָט מען אין דער אַרמיי געשיקט דינען גראָד אַהין, וווּ ער האָט ניט לאַנג צוריק אַ גאַנצן זומערדיקן כּוידעש אַרומגעבלאָנקעט, זוכנדיק דעם קייווער פון זײַן אומגעקומענעם פאָטער. ווען דער צוג מיט די פּריזיוונים האָט זיך געשלענגלט אין די קאַרפּאַטן־בערג, געדונערט אין די טונעלן, געקילט די אָנגעהיצטע רעדער בײַ די האַסטיק־שטראָמענדיקע קאַלטע באַרג־טײַכלעך, און פּאָר אַלע כעוורע איז דער פּייזאַזש געווען אורשפּרינגלעך־נײַ און זיי האָבן מיט אופגעריסענע אויגן געקוקט אַף די קישעפדיקע נאַטור־בילדער, וואָס האָבן זיך געטראָגן פאַרבײַ די וואַגאָן־פענצטער, — איז פאַר וואָלאָדיען דאָס אַלץ שוין געווען באַקאַנט פון פריִער, און אַ געפיל האָט ער געהאַט, אַז ער איז סײַ אַוועק־געפאָרן פון דער היים, סײַ ער פאָרט אַהין, צו דער היים זײַנער, ער פאָרט צו דער ערד, מיט וועלכער ער האָט גאָר אַ נאָענטע קרויווישאַפט. אַף דער סטאַנציע סטרי, וווּ דער צוג איז אָנגעקומען אין אָוונט, האָט פון די הויכע וואָקזאַל־פענצטער געשלאָגן אַ העלע עלעקטרישע שײַן, נאָר די עלעקטרע האָט ניט פאַרטונקלט דאָס אייביקע פײַערל, וואָס פלעמלט דאָרטן אינעם גאָרטן בײַם וואָקזאַל, צוקאָפּנס דעם גרויסן ברודער־קייווער, און דערנאָך, אַף די קלענערע און גאָר קליינע סטאַנציעס, פּאָלוסטאַנקעס, אין די בערג, אין די באַרג־שפּאַלטן האָבן די פײַערלעך פון די באַשיידענע הוצולישע שטיבער דאָ און דאָרטן בלאַס און שטיל באַלויכטן אָן איינזאַמע פּיראַמידע, וואָס איז באַקרוינט מיט אַ רויט שטערנדל פון אויבן. די פּיל־צאָליקע צעוואָרפענע ברודער־קוואָרים האָבן זיך דאָ אײַנגעפונדעוועט אײַ־נעם באַרגיקן באָדן אַזוי גוט, ווי די מעכטיקע הונדערטיאָריקע דעמבן פון די קאַרפּאַטן.

אינעם וואַגאָן האָט וואָלאָדיען געקימערט, וואָס קיין איינעם פון זײַנע כאַווײרים האָט מען ניט געשיקט דינען אינעם זעלבן טייל, וואָס אים, עס זײַנען געווען אַלץ נײַע פרעמדע כעוורע. אָבער נאָכדעם, ווי מע איז אַראָפּגעקומען אַפן אָרט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די היימישע מאַלבושים, אײַנגעוויקלט זיי אין אַ פּעקל און אָפּגעגעבן דעם קאַפּטענאַרמוס, ער זאָל דערווײַל אַלץ, ביז ס׳וועט אָפּגעשיקט ווערן אַהיים, אויסהיטן אין זײַן קאַמער, און אָנגעטאָן נײַע, פון דער נאָדל אַרויס, גימנאַסטיאָרקעס, הויזן־גאַליפּע, קירזאָווע שטיוול, — זײַנען די פרעמדע באָכערים אויך געוואָרן אייגענע. אייגן איז געוואָרן דער גרויסער אַרומגעצוימטער הויף אַפן ראַנד שטאָט מיט די קאַזאַרמעס, דער קלוב, דאָס רויטע ווינקל, דאָס קלייטל,

ווי מע קאָן קויפן א נאשעריַי, דער אויסגעפּלאַסטערטער פּלאַץ, ווו יעדן פרימאָרגן נאָכן אופשטיין און יעדן אָוונט פאַרן לייגן זיך שלאָפן שטעלן זיך אויס די ראָטעס. דער פּלאַץ איז וואָלאָדיען שוין אַזוי גוט באַקאַנט, ווי דער דיל פון זײַן צימערל אין דער מאָסקווער דירע.

א פלינקער באָכער, א פיזקולטורניק, וואָס איז געווינט נאָך פון דער פריִער שול־באַנק צו מאַכן קונצן אַפן טורניק, שפּרינגען איבער די קאָזלעס, זומער־צײַט, ווען עס נעמט נאָר טאָגן, זיך לאָזן מיט א קאָמפּאַניע אין א טוריסטישן מאַרש מיט אַן אָנגעפּאַקעוועט רוקזעקל אַף די פּלייצעס, — א געווינטער צו דעם אַלעמען, איז וואָלאָדיע, זײַענדיק אין דער היים, געווען זיכער, אַז דינען אין אַרמיי וועט אים ניט זײַן שווער. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז עס איז יאָ שווער, איבערהויפּט איז געווען שווער די ערשטע וואָכן, ווען ער איז נאָך געווען אינעם אַזויגערופענעם קאַראַנטין.

— אופשטיין! — דער הילכיקער אויסגעשריי צעטראָגט זיך, ווי א שטורעם־גלאָק, איבער דער קאַזאַרמע, פּונקט זיבן אַזייגער אינדערפרי, גראָד דאַן, ווען בא וואָלאָדיען אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך א זיסער כאָלעם, — אין דער יוגנט זײַנען דאָך מערסטנטייל די כאַלוימעס זיסע. די אויגן זײַנען נאָך פאַרשלאָפן, נאָר די פיס שטייען שוין אַפן דיל. די אייבערשטע מאַלבושים ווערן אין געציילטע רעגעס אַרופגעצויגן אַף זיך. קומט אָבער צו די אָנעטשעס, פאַרבייגן זיי זיך ניט אַזוי, ווי מע דאַרף, אַזוי ווי ס׳האָט געלערנט דער סטאַרשינא פּעדאָרטשוק, עפּעס באַקומט זיך פון דער אָנעטשע א באַרג אַפן פוס און עס קריכט ניט דער שטיוול. די פינף און פערציק סעקונדעס, וואָס זײַנען געגעבן אַף זיך אָנצוטאָן, זײַנען שוין דורך, און וואָלאָדיע פּאָרקעט זיך נאָך אַלץ מיטן רעכטן שטיוול. דאַן באַפוילט דער סטאַרשינא:

— אויסטאָן זיך!

וואָלאָדיע טוט זיך ווידער אויס, און גלײַך קומט די קאָמאַנדע, ער זאָל זיך אָנטאָן, און ווידער איז ניט אויסגעפּילט די צײַט־נאָרמע. איין טרייסט איז נאָר, וואָס בא די אַנדערע נאָוואָבראַנצעס איז אויך אַזוי. צאָרעס ראַבים כאָצי נעכאָמע. נאָר ווען ער שטעלט זיך אין „סטראָי״, איז ער שוין פאַרשוויצט, ווי ער וואָלט אָפּגעטאָן א שווערע אַרבעט. דערנאָך — גימנאַסטיק און דרײַ קילאָמעטער לויפן אַרום דעם פּלאַץ... נאָכדעם ווי וואָלאָדיע האָט אַרײַנגעכאַפּט איין מאָל א נאַריאַד און א צווייט מאָל — געוואַשן אויסער דער ריי דעם דיל אין דער קאַזאַרמע און געשיילט קאַרטאָפּליעס אַף דער קיך, האָט ער אין איינעם אַן אָוונט, אין דער פרײַער צײַט, פּרובירט אויסגיסן דאָס האַרץ אין א בריוו. צוערשט האָט ער אָנגעשריבן „טײַערע ליזעו!״, נאָר גלײַך צעריסן דאָס בלעטל און גענומען אַן אַנדערס. אָנגעשריבן „טײַערע מאַמעו!״. אַראָפּריידן זיך פון האַרצן איז פונדעסטוועגן בעסער און גרינגער פאַר דער מאַמען.

„דו ביסט דער אייִנציקער מענטש, — האָט ער געשריבן צו איר, — וועמען איך קאָן שרײַבן...״ ער האָט אָבער אויך צעריסן דאָס דאָזיקע בלעטל, און עס איז אים געוואָרן מיִעס פאַר זיך אַליין. וואָס קלאָגט ער זיך? די אַרמיי איז ניט קיין קוראָרט, ניט קיין פאַרווײַלונג. בא יעדער געלעגנהײַט

כאַזערן די קאָמאַנדירן אײַן מיט די סאָלדאַטן, אַז שווער איז די לערע, דערפאַר וועט גרינגער זײַן דערנאָך אין דער שלאַכט...

נאָך דער מיליטערישער שוווע, דאָס הייסט נאָכדעם, ווי וואָלאָדיע איז שוין געוואָרן אַן עמעסער סאָלדאַט, האָט מען אים, צוזאַמען מיט אַנדערע כעווערע, פון צײַט צו צײַט אָנגעהויבן אָפּלאָזן פון דער קאַזאַרמע אַף אַ שפּאַציר אין שטאָט. ער האָט געגומען קריגן „אוווואָלניטעלנע״.

וואָלאָדיע גייט אום איבער דער שטאָט, און ער איז צופרידן, וואָס מע האָט אים דאַפקע געשיקט אַהער. דאָ איז אַלץ ווי עפּעס אייגנס. ווען מע הייבט זיך אוף אַפן הויכן באַרג, וועלכן מע רופט „דער שוואַרצער״ און אַף וועלכן עס שטייט דער מיטלאַלטערלעכער פּרויען־מאָנאַסטיר, זעט מען זי, די שטאָט, מיט אַלע אירע איינשטאָקיקע, צוויישטאָקיקע און פילשטאָקיקע הײַזער, מע זעט דעם טײַך מיט זײַנע אויסגעשניטענע ברעגן און שטיינערנעם דעק. פרילינג־צײַט, ווען פון די בערג פליסט אַראָפּ דאָס מוטנע שניי־וואַסער, זעען זיך די שטיינער ניט אַרויס, דערפאַר זומער און האַרבסט, אין אַ רויִקן לויטערן טאָג, לויכטן זיי און פינקלען דורכן וואַסער, ווי דימענטן. וואָלאָדיע קוקט זיך אײַן אין דער שטאָט, ווי ער וואָלט געוואָלט נאָך עפּעס דאָרטן דערזען, אויסער די שטיבער, אויסער דעם טײַך, אויסער דעם פּאַרק מיט די ברייט־צעוואָרפענע ווערבעס, וואָס בילדן פון די צווײַגן אַ דאַך, ווי אַ קופּאָל פון אַ צירק, מיט די ווײַסע יאַוואָרן און שוואַרצע טאָפּאָלן, מיט די אויסגעצויגענע צום הימל פאַרשפּיצטע טויעס, מיט די ביימער, וואָס הייסן „אײַזערנע״ און זיי זײַנען טאַקע אײַזנפעסט — אַ קליינער גראָבער שטאַם, וואָס טראָגט אַף זיך נאָך אַ צענדליק שטאַמען, נאָר עטוואָס דינערע. שטייענדיק אַפן באַרג, זעט ניט וואָלאָדיע דעם אָבעליסק אַפן ברודער־קייווער, וואָס שטייט אינמיטן שטאָט. דער דענקמאָל איז פאַרשטעלט און פאַרהילט פון די ביימער, אָבער צוזאַמען מיטן ווינט פונעם גרינעם טאָל, מיט די שטילע וועלן פונעם טײַך, מיטן רויש פון די נאָענטע און ווײַטע אַלייעס דערטראָגט זיך אַהער דער רייעך פון די פרישע בלומען, וואָס ליגן דאָרטן, אויך פון דעם בינטעלע בלומען, וואָס ער, וואָלאָדיע, לייגט אַוועק אַפן נאָמענלאָזן קייווער יעדער מאָל, ווען ער קומט אין שטאָט.

פונעם באַרג, אַף וועלכן וואָלאָדיע שטייט און באַקוקט דעם אַרום, איז שוין ניט אַזוי ווײַט צו אָלענע פענטשוק. וואָלאָדיע האָט צוויי אַדרעסן, וווהין צו קומען מיט אַ וויזיט, בייס ער האָט די „אוווואָלניטעלנע״. איין אַדרעס איז דאָס נאָענטע בײַשטאָטישע דאָרף, ווו עס לעבט אָלענע פענטשוק, דער צווייטער אַדרעס איז דער פעטער קאָליע. אינעם דאָרף קען מען שוין דעם יונגן סאָלדאַט, וואָס באַווײַזט זיך צומאָל אין אַ שאַבעסדיקן אָדער זונטיקדיקן טאָג און וואָס לאָזט זיך גלײַך גיין פונעם אוטאָבוס, דורכן קאָלווירטישן פּלאַץ, צום הויף פון די פענטשוקס. געוויינלעך, טרעפט ער ניט די באַלעבאָסטע און דעם באַלעבאָס אין דער היים. זומער־צײַט איז אָלענע זונטיק, ווי יעדן טאָג פון דער וואָך, אַפן פעלד, בא דער קוקורוזע און בא די זונרויזן, און ווינטער, ווען זי איז ניט אַפן באַצירק, זיצט זי אויך ניט אין שטוב, עס איז פאַראַן גענוג בא איר געגנג און אַרבעטן. דער

מאַן איז אַף דער פּערמע, ער האָט צו טאָן מיט לעבעדיקע באַשעפֿענישן, וואָס ווילן אויך ניט וויסן פֿון זונטיק, מע דאַרף זיי האָדעווען און אַרומגייַן נאָך זיי טאָגטעגלעך, אַזוי אַז ביידע, סײַ ער, סײַ זי, קומען אַהיים שפּעט, שוין אָוונט־צו. אָבער וואָלאָדיען איז ניט אומעטיק צו וואַרטן. מאַרינקע, זייער טאָכטער, איז גראָד יאָ אין דער היים, און לויט דעם, ווי זי באַגעגנט דעם גאַסט, ווי׳אַזוי אירע העלע אויגן גיבן פֿריילעך אַ לײַכט און אַ שײַן אויף, ווען זיי דערזעען אים, קאָן וואָלאָדיע זיך מעשאַער זײַן, אַז זי איז צופֿרידן, וואָס ער איז געקומען, אַז ס׳איז, אייגנטלעך, אַפּילע גוט, וואָס טאַטע־מאַמע זײַנען ניטאָ און זי מיט וואָלאָדיען וועלן זײַן אַליין. מאַרינקע פֿילט זיך היימיש מיט וואָלאָדיען, זי בעט אים אַפּילע העלפֿן לייזן אַן אויפֿגאַבע, וואָס מע האָט אין קלאַס פֿאַרגעבן אַף מאָרגן און פֿון וועלכער זי ווייסט ניט, ווי׳אַזוי אַרויסצוקריכן. וואָלאָדיע לייזט די אויפֿגאַבע זייער גיך, מאַרינקע זיצט לעבן אים, אַן אַנציקטע פֿון זײַנע קענטענישן, און בייסמײַסע דוכט זיך דעם באָכער, אַז קיין בעסער, שענער, פֿריילעכער, לעבעדיקער מיידל פֿון מאַרינקען איז ניטאָ. „און לייזע?״ — טוט וואָלאָדיע זיך אַ דערמאָן און ס׳גיט אים עפּעס אַ קלעם באַם האַרצן, פּונקט ווי ער וואָלט לייזען פֿאַראַטן, פֿאַרגעסן דאָס וואָרט, וואָס ער האָט איר געגעבן. אָבער די דערמאָנונג איז אַ ווײַטע און די קלעמעניש ניט קיין שטאַרקע. ס׳איז עפּעס אַ גאַנץ שוואַך, מעטושטעשדיק געפֿיל. איצט זעט ער פֿאַר זיך נאָר מאַרינקען און ס׳איז אים זייער גוט מיט איר.

ער גייט אַרויס מיט מאַרינקען אין הויף, און פֿון דאָרטן, דורך דער קליינער קאַליטקע, טרעטן זיי אַרויף אַפֿן גאָרטן — אַן אויסגעצויגענער, שמאָלער פּאַס ערד צופֿוסנס פֿון אַ באַרג. די בערג האַלטן דאָס דאָרף פֿעסט פֿאַרקלאַמערט, לאָזן זיך ניט רוקן ווײַטער, דערפֿאַר טאַקע איז דאָ יעדעס פּיצל ערד אַזוי טײַער. די פּלאַנצונגען קלעטערן אַרויפֿצו אַפֿן באַרג, ווי ווײַט נאָר זיי קענען. און העכער פֿון אַלע האָבן זיך פֿאַרקליבן די ווײַנטרויבן־לאָזעס. איצט סטאַרטשען נאָר די פּאַראַיאָריקע שטעקעלעך, אַ סאַך פֿון זיי ליגן אומגעוואָרפֿן פֿונעם ווינט, וואָס האָט דאָ געהוליעט. אײַנגעטראָמבעוועט אינעם באָדן זײַנען די פּאַראַיאָריקע בלעטער, אָבער די ווײַנשלביימער הייבן שוין אָן צו קווען מיט זייערע קנאָספּן, און אײַנגיכן וועלן זיי אויפֿברויזן און אויפֿקאָכן מיט שניי־ווײַסן צוויט.

— דו האָסט נאָך ניט געזען, ווי עס בליִען בא אונדז די סעדער... אַלץ איז ווײַס... — מאַרינקע פֿאַרמאַכט די אויגן, און דאַן זעט זי אַליין אויס ווי אַ צוויטענדיק יונג ביימל. וואָלאָדיע טוט זיך אַ בייג צו איר, נעמט זי אַרום און גיט איר אַ קוש אין די ליפּן. אַף דעם האָט זיך דאָס מיידל אינגאַנצן ניט געריכט. און עס ווילט זיך איר נאָך האַלטן די אויגן פֿאַרמאַכט, נאָר זי עפֿנט זיי, און קעדיי דער באָכער זאָל זען, אַז זי איז אַ זעלבשטענדיקער מענטש, אַ באַלעבאָסטע, נעמט זי אים ווײַזן די באַלעבאַטישקײַט — דעם שפּײַכלער, די שטעלעכלעך, באַקענט אים מיטן הונט, וואָס הייסט „ביס״. מאַרינקע גלעט „ביסן״, צערטלט אים. דערנאָך לויפֿט זי אַרײַן אין שטוב, נעמט אַרויסשלעפּן פֿונעם אײַז־קעלטער פֿאַרשיידענע פֿאַרבײַסעכצן, און ווען וואָלאָדיע פּרובירט זיך אָפּזאָגן, גיט זי באַפֿוילעריש אַ זאָג: „וואָ־

לאָדיע, צום טיש!״ — עס קלינגט קימאט אזוי שטרענג, ווי די קאָמאַנדעס אין דער קאזארמע, וואָס ניט אויספּילן זיי איז ניט שײַעך.

גיך, אומבאמערקט לויפט דורך די צײַט. אָט איז שוין אָוונט. וואָלאָדיע דאַרף זיך שוין אינגיכן אומקערן אין דער קאזארמע. ער דאַרף דאָך נאָך פאָרן מיטן אווטאָבוס, אָבער ער ווארט. מארינקע הייסט אים ווארטן. באלד, זאָגט זי, וועט ארײַנקומען די מאמע, זי דאַרף שוין קומען. און ווען וואָלאָדיע איז שוין גרייט אוועקצוגיין, באַווײַזט זיך אָלענע אף דער שוועל. זי איז אלץ אזא איידעלע, א טונקעלע, א פארברענטע, עס איז נאָך ניט אראָפּ פונעם פּאָנעם די פאראיאָריקע פארברענטקײַט, און עס האָט זיך שוין ארופגעכאפּט און צוגעקלעפּט די פרישע אָנהייב־פרילינגדיקע זון. דאָס גרויסע קאָפּטיכל איז אפן האלדז פארבונדן מיט א קנופּ, וואָס צעשפּרייט פון זיך צוויי לענגלעכע שארפע עקן, פונקט ווי אף איר ביוסט, וואָס שטייט אינמיטן דאָרף. ווען זי קומט ארײַן אין שטוב און דערזעט וואָלאָדיען, זאָגט זי נאָר איין וואָרט: „פיינא״, דאָס הייסט „גוט״, עס איז גוט און זי איז צופרידן, וואָס ער איז געקומען. און אין דער דאָזיקער רעגע איז די מאמע שטארק ענלעך אף איר טאָכטער, אָדער ריכטיקער צו זאָגן, די טאָכטער — אף דער מאמען... ווי זי וואָלט זיך פארענטפערט און אנטשולדיקט, וואָס זי האָט געצוווּנגען ווארטן, דערציילט אָלענע, ווו זי איז געווען.

— איך בין געפאָרן צוגאסט צו די בלינדע, — דערציילט זי וואָלאָדיען, — זיי האָבן מיך געבעטן קומען צו זיי אין אינטערנאט, זיי ווילן א טאפּ טאָן מײַנע הענט, זען, וואָס פאר א וווּנדער סע שטעקט אין זיי. און שטעקן שטעקט אין זיי גאָרניט, אויסער האָרעוואניע, — אָלענע האָט אויסגעצויגן אירע קליינע שטארק פארברוינטע הענט מיט די הארטע אָדערן, וואָס ציִען זיך צו די פינגער און ווערן פארפאלן אונטער זייער גראָבער, ניט־געקנייטשטער הויט. — בא דער קוקורוזע און בא די זונרויזן קומט נאָך אויס פיל צו האָרעווען מיט די הענט, די מעכאניזאציע איז דאָ נאָך א גאנץ שוואכע... נו, דערצייל זשע, ווי אזוי לעבט זיך דיר? ווי גייט עס? האָסט זיך שוין א ביסל צוגעוווינט? — אָלענע קוקט זיך אײַן מיט א זאָרגזאמען בליק אין וואָלאָדיען. — פון דער היים האָסטו בריוו?

— די מאמע שרײַבט, דער שטיפטאטע שרײַבט אויך, ער איז אין סיביר, און... — וואָלאָדיע האָט זיך שיר ניט ארויסגעכאפּט, אז ער קריגט אויך בריוו פון ליזען. מארינקע זיצט בא איר טישל איבערן לערנבוך, אָבער אירע אויערן זײַנען אָנגעשפּיצט ניט דורכצולאָזן קיין איין וואָרט פון דער מאמעס געשפּרעך מיט וואָלאָדיען. עס איז איר ניט אזוי טשיקאווע צו הערן דער מאמעס פראגעס, ווי דעם באָכערס ענטפערס.

— אינגיכן, — דערציילט אָלענע מיט איר געוויינלעך שטיל קאָל, — וועט בא אונדז אין דאָרף פאָרקומען א פּראָצעס איבער דרײַ מענוואָלים, וואָס זײַנען געווען פּאָליצײַען אין דער צײַט פון דער אָקופּאציע. צוויי פארעטער זיצן שוין אין טפיסע, און מע דאַרף אראָפּברענגען דעם דריטן אויסוואורף, זייער קאָמפּאניאָן. ווען אונדזער ארמיי איז ארײַן אין די

קאַרפּאַטן, האָבן זיי געווילדעוועט אין די בערג, אומגעבראַכט ניט ווייניק סאָוועטישע שלאַכטלײַט און פּאַרטיזאַנער... איך מיין, אַז דיר וועט זײַן אינטערעסאַנט בײַצוזײַן אַפן געריכט...

— איך וועל אומבאַדינגט זײַן!.. — האָט וואָלאָדיע זיך אָנגעכאַפּט פאַרן פאָרשלאַג. — אויב מע וועט מיר דערלויבן.

— איך וועל בעטן, מע זאָל דיך אָפּלאָזן...

— א דאַנק, אָלענע מיכײַלאָוונע.

— מיר צו דאַנקען איז גאָר ניטאָ פאַר וואָס.

וואָלאָדיע טוט א קוק אַפן זייגער — דעם זייגער, וואָס אָלענע האָט אים געשאָנקען און וואָס ער נעמט אים ניט אראָפּ פון דער האַנט אפילע בייסן לייגן זיך שלאָפן. דער זייגער איז שוין אויסגעוווען מיט אים אין א סאַך מאַרשן. וויפל מאָל איז ער געפאַלן מיט אים, געטוקט זיך מיט אים אין וואַסער, און גאָרניט, עס נעמט אים ניט, ער ווערט ניט קאַליע און גייט צו דער מינוט. עס קומט נאָר צו אַן איבעריקער ריץ אַפן גלעזל, אָבער די ווײַזערס אַפן ציפערבלאַט לויכטן גאָלדיק־ריין באַטאָג און באַנאַכט. איצט האָט דער זייגער באַוויזן, אַז אויב וואָלאָדיע וועט אין א רעגע אַרום ניט פאַרלאָזן די גאַסטפרײַנטלעכע שטוב, וועט ער שוין אומבאַדינגט פאַר־שפּעטיקן אין דער קאַזאַרמע. אָלענע האָט אים אַרויסבאַגלייט פונעם טויער, און מאַרינקע איז געגאַנגען מיט אים ביזן קאָלווירטישן פּלאַץ, ווו עס שטעלט זיך אָפּ דער אווטאָבוס. וואָלאָדיע איז געגאַנגען גיך, און מאַרינקע האָט זיך באַמיט צו גיין מיט אים אין פוס. נאָך צוויי קלענערע טריט איז זי אונטערגעלאָפן און געשטעלט א פּאָר גרויסע שפּרײַז, א ביסל אָפּגע־שטאַנען און אָפּסנײַ אונטערגעלאָפן. ווען וואָלאָדיע זאָל איצט האָבן א ביסל מער צײַט... מיט וואָס פאַר א פאַרגעניגן וואָלט ער שפּאַצירט מיט מאַרינקען.

— די מאַמע האָט דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט דעם קומענדיקן זונטיק ווידער קומען? — פרעגט בעכיפּאָזן מאַרינקע, ווען וואָלאָדיע שטייט שוין אַפן טרעפּל פון אווטאָבוס. וואָלאָדיע שאָקלט פריילעך מיטן קאָפּ. אוואדע וועט ער קומען, אויב מע וועט אים נאָר אָפּלאָזן... דער לאַמטערן, וואָס לײַכט אָף דער אווטאָבוס־סטאַנציע, באַשײַנט זייערע יונגע אופגעלעבטע פּענעמער.

אָבער דעם קומענדיקן זונטיק, ווי ס'האָט אים ווידער ניט געצויגן אין דאָרף, צו מאַרינקען, האָט וואָלאָדיע באַשלאָסן אָפּצושטעקן א וויזיט דעם פעטער קאָליען. דער פעטער קאָליע וווינט אין עק שטאָט, סאַמע לערמאָנ־טאָוו־גאַס, בײַשכיינעס מיטן ציגײַנערישן טאַבאָר. דער נאָמען „טאַבאָר" דריקט דאָ ניט אויס דעם אייגנטלעכן באַטײַט פונעם דאָזיקן וואָרט. די זעלבע שטיבער, קלענערע און גרעסערע, אַזעלכע ווי אָף דער גאַנצער גאַס, דער כילעק איז נאָר, וואָס זיי זײַנען ניט אַרומגעצוימט, ווי יענע, מיט קיין פּלויטן. קיין סימען ניט פון קיין בײַדל, פון קיין פורן מיט פערד. אײַנדערפרי שיטן די מאַנצבלען זיך אַרויס פון די הײַזער און גייען אָף דער אַרבעט, די קינדער מיט די רענצעלעך לויפן אין שול אַרײַן, די באַ־

לעבאָסטעס לאָזן זיך גיין מיט די קאָשעקעס אין די מאגאזינען און אפֿן מארק. עס איז אַן אײַנרעגולירט פֿארפונדעוועט לעבן, ווי בא די איבעריקע שטאָט־אײַנוווינער, נאָר אין די אָוונטן איז דאָ פֿריילעכער, טומלדיקער. מע זינגט, מע טאנצט, און אויב עמעצער האָט געוווּנען אף א לאָטערײ־בילעט, איז דער גאנצער טאבאָר זיך מעסאמייעך און אלע צוזאמען פֿאר־טרינקען דאָס געווינס.

איידער וואָלאָדיע איז נאָך צוגעקומען צום פּעטער קאָליעס הויף, האָט א ציגײַנערל אָנגעכאפּט די קליאמקע פֿון דער פֿאָרטקע און גענומען שרײַען, הילכיק אָנזאָגנדיק די בשורע:

— באטשי קאָליא, עפּנט, מע גייט צו אײַך!

ווען וואָלאָדיע איז ארײַן אין הויף, איז דער פּעטער קאָליע געשטאנען אפֿן גאנעק פֿון זײַן שטוב, מיט דער קוליע אונטערן רעכטן אָרעם און מיטן שווערן שטעקן אין דער לינקער האנט. אף זײַן ברייט געקארבט פּאָנעם איז געווען אויסגעגאָסן א צופֿרידנקײַט.

— מאָלאָדיעץ, בראטאָק, וואָס דו ביסט געקומען, — האָט ער א קלאפּ געטאָן מיטן שטעקן איבערן צעמענטענעם דיל פֿונעם גאנעק און ארײַנגע־לאָזט פֿאָרויס פֿון זיך דעם גאסט אינעם פּאָדערשטן צימער. אין א ווײַלע ארום זײַנען זיי שוין ביידע — דער פּעטער קאָליע און וואָלאָדיע — געזעסן איינער אנטקעגן דעם אנדערן באם טיש. די באלעבאָסטע שטעלט אוועק אפֿן טיש אלץ, וואָס זי האָט גרייטס, נאָר דאָס ביסל מאשקע פֿארגעסט זי צו דערלאנגען. דער פּעטער קאָליע דערמאָנט איר וועגן דעם. אין זײַן קאָל הערט זיך סײַ געבעט, סײַ פֿאָדערונג:

— מאשענקע, לעקאָוועד אונדזער ארמיי!

נאָכן ערשטן גלעזל הייבט ער אָן דערציילן זײַנע אָנצאָליקע פֿראָנט־און מילכאָמע־געשיכטעס, ער איז א מײַסטער צו דערציילן, און וואָלאָדיע איז א באלן צו הערן. דאָס מאָל האָט זיך אָבער אזוי געטומלט אין דרויסן בא די ציגײַנער, עס איז דאָרטן געווען אזוי פֿריילעך, אז דער דערציילער האָט געמוזט זיך אָנשטרענגען און ריידן הויך. וואָלאָדיע איז געווען נײַ־געריק צו וויסן, וואָס עס איז אינעם טאבאָר אזעלכס געשען. דער פּעטער קאָליע האָט אזש א קרעכץ געטאָן פֿון פֿארגעניגן, וואָס ער האָט הײַנט נאָך א טשיקאווע מײַסע, מיט וועלכער ער קאָן אָנהאָדעווען זײַן ליבן גאסט.

— ווען ניט דער איבערגעבראָכענער פֿוס, וואָלט איך אויך דאָרטן גע־ווען איצט, — ער האָט מיטן שטעקן אָנגעוויזן אף די שטיבלעך פֿונעם טאבאָר, וואָס האָבן זיך געזען אנטקעגן, דורכן פֿענצטער. — איך וואָלט געטאנצט ניט ערגער פֿון זיי, געוויזן זיי, וואָס איך קען. און די סימכע איז טאקע אזא, וואָס עס לוינט זי אָפּצומערקן. נאָר איך וועל דיר דערציילן אלץ פֿון אָנהייב. מאשענקע, אין קעמערל שטייען, דוכט זיך, צוויי פֿלעש־לעך ביר, דערלאנג זיי אהער.

דאָס ווײַב האָט געבראכט די פֿלעשלעך ביר, דער פּעטער קאָליע האָט ארײַנגעגאָסן דאָס געטראנק אין די פּוזשערן און ניט־אײַלנדיק גענומען

דערציילן. אָנגעהויבן האָט ער פונדערווײַטנס, ביכלאל פון דער שטאָט, ווו ער וווינט איצט און ווו עס דינט וואָלאָדיע. א שטאָט, ווי א שטאָט, ווי אלע שטעט. עס איז פאראן א מעבל־פאבריק, וואָס לאָזט ארויס פײַן מעבל. עס איז דאָ א ליזשע־פאבריק, ווו מע מאכט גוטע, פעסטע ליזשעס; דער ספּאָרטסמען, וואָס פאָרט אף זיי, איז שוין אף האלב באוואָרנט, אז אויב ער וועט נים נעמען קיין פּריז, וועט ער אָבער אפן לעצטן אָרט אויך נים זײַן, די ליזשעס אליין וועלן אים שוין ווי־עס־איז ארויסטראָגן אף א מער בעקאָוועדיק אָרט. „ווען דו וועסט ענדיקן דינען און פאָרן אהיים, — האָט דער פעטער קאָליע געייצעט וואָלאָדיען, — זאָלסטו מיטנעמען פונדאנען א פּאָר ליזשעס, וועסט מיר זאָגן א דאנק. די גרעסטע מײַסטערס פאָרן אף זיי”. נו, און עס איז נאָך פאראן אין דער שטאָט א טאבאק־פאבריק. איצט ארבעט זי נים. טאבאק־פלאנטאציעס זײַנען דאָ דאפקע היפּשע. און מענטשן, וואָס רייכערן, איז, ווי אומעטום, אויך פאראן גענוג, פונדעסטוועגן בלײַבן נאָך טויזנטער קאסטנס אף אוועקצופירן אין אנדערע שטעט. איז אָבער נים ווײַט פונדאנען, אין דער אנדערער שטאָט, אויך פאראן א טאבאק־פאבריק. און ווײַטער — איז ווידער דאָ, און א ביסל נאָך ווײַטער איז שוין קיִעוו, וואָס האָט גאָר א גרויסע טאבאק־פאבריק — פאר גאנץ אוקראַינע. האָט מען באשלאָסן אָנשטאָט דער פאבריק אויסבויען אין שטאָט א זאוואָד, וואָס זאָל ארויסלאָזן עלעקטרע־מאכשירים. דער פּלאץ איז זייער א גוטער, אן עמעסער פּארק, די צעכן, די קאָרפּוסן זײַנען געראמע, און מע וועט צובויען נײַע. טויזנטער מענטשן וועלן קריגן ארבעט. אין א סאך שטעט פעלן אויס ארבעטער. צום בײַשפּיל, אין דער שטאָט קאלינין זײַנען די ווענט באקלעפּט און באהאנגען מיט מעלדונגען, אז מע נייטיקט זיך אין ארבעטס־קראפט; דאָ אין שטאָט — נים. ערטער, ווו צו פארדינען, איז פאראן קנאפּ, מע דארף פארלאָזן די היים און פאָרן ערגעץ אנדערשווו. די גאנצע שטאָט איז, נאטירלעך, זייער צופרידן, וואָס עס וועט זײַן א זאוואָד. א נאפקעמינע דען, פון וועלכער פאבריק עס איז דער פּאפּי־ראָס, וואָס דו רייכערסט, אבי דו האָסט דאָס פּעקעלע בא זיך אין קעשענע...

דער פעטער קאָליע האָט ארויסגענומען א סיגארעט פון א פּעקל „ווער־כאָווינע”, באקוקט עס ארום־און־ארום, ווי ער וואָלט שוין געדארפט מיט דעם אף אייביק זיך צעשיידן. ער האָט פארייכערט, טיף ארײַנגעצויגן דעם רויך און זיך פארהוסט.

— מאשענקע, — האָט ער דורכן הוסט א רוף געטאָן די פרוי, — גיב עטוואָס דוכצושווענקען דעם האלדז.

— איז הער זשע ווײַטער, בראטאָק, — האָט דער פעטער קאָליע פאָר־געזעצט, נאָכדעם, ווי ער האָט דערהאלטן די נעשאָמע מיט א נײַ ביסל מאשקע, וואָס מאשע האָט אויסגעזוכט און געבראכט. — די מײַסע הייבט זיך ערשט אָן. די טאבאק־פאבריק האָט געהאט זייער א גוטן דזשאז־אָר־קעסטער, און די סאָליסטקע איז דאָרטן געווען א יונג מיידל, וואָס מע רופט קארמען. איר עמעסן נאָמען ווייס איך נים און קיינער אין שטאָט ווייסט נים, אלע רופן זי קארמען, קארמענסיטע. האָסט אוודע געזען אין מאָ־

סקווע די אָפּערע „קארמען״. איך האָב זי געזען נאָך פאר דער מילכאָמע, אין קאלינין, נו, און אין דער ראדיאָ גיט מען זי אָפט איבער, און אין טע־לעוויזאָר ווײַזט מען זי... איז אונדזער קארמען א ייִנגערע שוועסטער פון יענער. די אויגן ברענען, דער קאָפּ — שווארצע געקרויזטע לאָקנס, די ליפּן — גראָבלעכע, אָבער ניט שטארק, אזוי, אז עס מאכט ניט אויס, אָבער די אופירונג איז בא איר גאָר ניט קיין גאָלדענע. די דרוזשיניקעס האָבן אין זייער וויטרינע אופגעהאנגען איר פּאָרטרעט צווישן די, וואָס פאר־מיִעסן די שטאָט. זיי האָבן זי פארנומען פון דער גאס א שיקערע. דערנאָך האָט מען זי איינגעאָרדנט אף דער טאבאק־פאבריק, און זי האָט גענומען זינגען מיטן אָרקעסטער, זי צוקט און ווארפט מיט די פּלייצעס, ווי אן עמעסע ארטיסטקע, ווי ליאליא טשאָרנאיא. האָסט געזען ליאליא טשאָר־נאיא?.. און זינגען זינגט זי ציגײַנערשע לידער, און אוקראַיִנישע, דעם „קיִעווער וואלס״, „טשערעמשינא״. אז זי ציט אויס „טשערעמשינא״, הערט מען ווײַט אין דרויסן. ייִדישע לידער זינגט זי אויך. איר טאטע און איר מאמע זײַנען ייִדישע, דאָס הייסט ניט דער עמעסער טאטע און ניט די עמעסע מאמע. ס'איז ווידער א גאנצע געשיכטע. זי האָט געטראָפן די איצ־טיקע מאמע אירע מילכאָמע־צײַט, אין די בערג. ביידע זײַנען דאן געווען פאריאָגטע, אויסגעהונגערטע, אויסגעצערטע, שווארץ, ווי די ערד. דאָס מיידעלע האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער פרוי און פון איר ניט אָפּגעשטאנען, עס איז געווען א קלוג מיידעלע. און דער פרוי האָט זי דערמאָנט דאָס איי־גענע טעכטערל אירס, וואָס איז אויסגעגאנגען בא איר אף די הענט און וואָס זי האָט עס באהאלטן אין א גרוב, וועלכע זי אליין האָט אויסגעגראָבן אפן בארג. די קארפּאטן, בראטאָק, זײַנען פארזייט ניט נאָר מיט ברודער־קוואָרים פון סאָלדאטן, נאָר אויך מיט קוואָרים פון קליינינטשקע קינדער... טרינק, וואָס טרינקסטו ניט דעם ביר? איך זע, אז איך האָב דיך שוין פאר־מאטערט מיט מײַן דערציילן. מיר וועלן באלד ארויסגיין פון הויף, און כ'וועל זי דיר ווײַזן, אונדזער קארמען. הער זיך אײַן, דאָס זינגט זי...

אינעם צימער, וווּ עס זײַנען געזעסן דער פעטער קאָליע און וואָלאָ־דיע, האָט זיך ארײַנגעריסן א נידעריקע זאפּטיקע מיידלשע שטים, אזא, וואָס מע רופט אָן א „ברוסטיקע״. דאָס געזאנג איז טאקע געגאנגען פון דער סאמע ברוסט, פּונקט ווי עס וואָלט עפּעס אף א ווונדערלעכן אויפן אויסגעמיטן דעם האלדז. אינעם טאבאָר האָט מען אופגעהערט טומלען און עס איז געוואָרן שטיל, נאָר די מאשינעס און די פורן, וואָס זײַנען געפאָרן איבער דער גאס, האָבן געשטערט דעם געזאנג, אָבער אויך זיי האָבן, דוכט זיך, באמיט אײַנצוהאלטן א ביסל דעם געלויף און די טראס־קערײַ און זיך צוגעהערט צו דעם שיינעם און שטארקן זינגענדיקן קאָל.

— גוט, האַ? — דער פעטער קאָליע האָט אויסגעצויגן דאָס פּאָנעם צום פענצטער און זיך צוגעהערט. — איך האָב ליב, ווען מע זינגט גוט, עס ווערט גרינגער דער ווייטעק אין די פיס. איז הער זשע ווײַטער, בראטאָק, איך ענדיק שוין. ווען די טאבאק־פאבריק האָט זיך פארמאכט, איז דער אָרקעסטער זיך צעפאלן, און קארמען איז נעלעם געוואָרן. דער אָנפירער

פונעם אָרקעסטער האָט באַשלאָסן אוועקפאָרן קיין מאָסקווע, און איר האָט זיך פאַרוואָלט פאָרן מיט אים. „איר קאָנט מיך אַרויסגאַנווענען״, — האָט זי צו אים געזאָגט. זי האָט ליב אַזעלכע קונצן. אין מאָסקווע איז זי געווען אַ וואָך אָדער צוויי. די עלטערן זײַנען שיר פון זינען ניט אַראָפּ פון בושע און פון ווייטעק. און אָט האָט זי זיך אומגעקערט און געקומען צוגאַסט צו די ציגײַנער, זי איז בײַ זיי ווי אין דער היים.

דער פעטער קאָליע האָט שווער, מיט אַ היכץ זיך אופגעהויבן פונעם בענקל, אונטערכאַפּנדיק די קוליע אונטערן אָרעם און דעם שטעקן אין דער האַנט. ער איז אַרויס מיט וואָלאָדיען אין דרויסן.

עס איז שוין צוגעפאַלן דער אָוונט. אין די שטיבער אויף דער גאַס האָט שוין געברענט עלעקטרע, נאָר אין דער ריי הײַזער פונעם טאַבאָר איז נאָך געווען פינצטער, און בלויז די גאַסן־לאָמפּן האָבן טונקל באַלויכטן דעם געדיכטן מענטשן־געזעמל אויפן ניט גרויסן פּלאַץ, לעם דעם שאָסיי־וועג. מיט קאָוועד און אָפּשײַ האָט מען פאָרן פעטער קאָליע און פאַרייַנוועגס פאַר זײַן באַגלייטער געמאַכט אַ פרײַען דורכגאַנג צום סאַמע מיטן פונעם געזעמל. וואָלאָדיע האָט זיך לעכאַטכילע פאַרלאָרן צווישן בונטן אוילעם פונעם טאַבאָר און ער האָט ניט געקאָנט געפינען די זינגערן, נאָר פּלוצעם האָט ער ניט פאַרויס פון זיך, נאָר פון הינטן דערהערט איר קאָל. זי האָט, נאָך אַ האַפּסאָקע, ווידער גענומען זינגען. וואָלאָדיע האָט זיך אויסגעדרייט און זי דערזען לעבן זיך פּאָנעם צו פּאָנעם. זי איז געווען אין אַ לאַנג זײַדן קלייד מיט קאָלערליי גרויסע בלומען, אין די אויערן — לאַנגע ווײַסע קליפּסן, אויף די פיס — זילבערקאָלירקע פּאַנטאָפל, ווי בײַ אַן עמעסער אַרטיסטקע. קיין גרויסן אײַנדרוק האָט זי אָבער אויף וואָלאָדיען ניט געמאַכט. „טאַקע אַ ציגײַנערטע״, — האָט ער אַ קלער געטאָן, נאָר וואָס מער זי האָט געזונגען און בײַסמײַסע געקוקט נאָר אויף אים, אויפן סאָלדאַט, אַלץ מער איז וואָלאָדיע געווען אין פאַרלעגנהײַט. דער פעטער קאָליע האָט עס אַפילע באַמערקט און אים אַ שטורכע געטאָן אין דער פּלייצע: „זע, זײַ פאָרזיכטיקער... זי וויל שוין דיך אײַנליבן אין זיך...״

Чорнії брови, карії очі,
Темні, як нічка, ясні, як день.
Ой, очі, очі, очі дівочі,
Де ви навчились зводить людей?..[1]

זי האָט געזונגען, און דאָס קאָל האָט נידעריק און פול זיך געשפּרייט איבער די שינדל־דעכער פונעם טאַבאָר, איבערן שאָסיי־וועג און נאָך ווײַטער, אריבערקלעטערנדיק איבער די פּלויטן אויף יענער זײַט גאַס.

— אַנו, סאָלדאַט, באַווײַז, וואָס דו קענסט, — האָט מען גענומען שרײַען צו וואָלאָדיען, ווען קאַרמען האָט פאַרענדיקט איר ליד. וואָלאָדיע האָט געפּרוּווט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ניט אים מיינט מען, נאָר קאַרמען האָט

[1] שוואַרצע ברעמען, קאַרע אויגן, שוואַרץ, ווי די נאַכט, קלאָר, ווי דער טאָג. אוי, אויגן, אויגן, מיידלשע אויגן, ווו האָט איר זיך אויסגעלערנט פאַרפירן מענטשן?.. (אוקר.).

צו אים אויסגעשטרעקט די הענט, רופנדיק צו זיך. די שווארצע אויגן אירע און די ווײַסע ציין האָבן מילד און פאַרפירעריש געשמייכלט. וואָלאָדיע האָט א קלאַפּ געטאָן איבערן אספאלט מיט איין קנאַפּל פונעם שטיוול, מיטן צווייטן, דער אקאָרדעאָן האָט מיט דער גאנצער ברייטקייט און גוטסקייט פון זײַן פריַיער זינגענדיקער נעשאָמע זיך צעפּעכערט און צעשפּרייט. די אַלטע, און די יונגע, און די קינדער — אלע האָבן שוין געטאַנצט. נאָר וואָלאָדיע האָט געפילט, אז די אופמערקזאמקייט פונעם אוילעם איז געווענדט אף זיי ביידן — אף אים און קארמען, און ער האָט זיך באמיט, ווי ווײַט ער האָט געקאָנט. טאנצנדיק, האָט דאָס מיידל זיך געהאלטן אין איין רייצן מיט אים — פארנארט צו זיך און אָפּגעשטויסן, געשעפּטשעט „סערעטע"[1] און „ניטש"[2], און וואָלאָדיע, ווי זי וואָלט אים טאקע עפּעס פארקישעפט, — האָט געשײַנט פון פרייד.

— דער סאָלדאט איז שוין א פארפאלענער.

— ווילסט אים ניט אוועקנעמען פון איר! — האָבן זיך געטראָגן שפּאַסיקע אויסגעשרייען.

— ווילסט ניט פארשפּעטיקן אין דער קאזארמע? — האָט דער פעטער קאַליע דערמאָנט וואָלאָדיען, ווען יענער איז נאָכן טאנצן, א פארמאטערטער און שײַנענדיקער, געבליבן שטיין לעבן קארמען.

וואָלאָדיע האָט זיך געכאפּט, אז טאקע, ער קאָן פארשפּעטיקן, אויב ער האָט שוין ניט פארשפּעטיקט. ער האָט זיך אפּגיך געזעגנט מיט קארמען, און ווען זי האָט אים ארײַנגעקוקט אין די אויגן, איז ער אין יענער מינוט געווען זיכער, אז זי איז פארליבט אין אים. און ער?.. אָבער ווי קאָן דאָס זײַן? — האָט ער, א פארלוירענער, זיך געפרעגט. צי דען איז ער אפּדערעמעסן אזא לײַכטזיניקער נעפעש, וואָס ווי נאָר ער גיט א קוק אף א מיידל, פארליבט ער זיך? יענעם זונטיק, אין דאָרף, איז ער געווען פארליבט אין מארינקען...

שפּאַנענדיק מיט גרויסע טריט איבער די אָוונטיקע גאסן פון דער שטאָט, האָט וואָלאָדיע געפּרוווט זיך פאנאנדערקלײַבן, וואָס, אייגנטלעך, שטעלט ער מיט זיך פאָר, וואָס איז ער פאר א מענטש. קלערנדיק אזוי, האָט זיך אים דאָך מער פון אלץ געוואָלט אומקערן צוריק אין טאבאָר און נאָכאמאָל זען לעבן זיך דעם אויסטערלישן ווען, וואָס הייסט קארמען. „איך בין איר געפעלן", — האָט ער מיט האנאָע און מאנצבלשן שטאָלץ געטראכט.

אין דער קאזארמע איז ער געקומען מיט דרײַ מינוט שפּעטער, איידער עס איז אָנגעוויזן אין זײַן צעטעלע. די קומענדיקע וואָך וועט מען שוין אף קיין שפּאציר אין שטאָט ניט לאָזן, גאנץ מעגלעך, אז ער וועט נאָך אויך ארײַנכאפּן א נאריאַד. אף דער טומבאָטשקע לעבן זײַן בעטל איז געלעגן פאר אים א בריוו. ער האָט אים א כאפּ געטאָן און אוועק מיט אים צום ווײַטן פענצטער פון דער קאזארמע, ווו עס איז געווען שטילער און רויקער. און א מאָדנע וווּנדערלעכע זאך איז ווידער מיט אים געשען. ער האָט שוין ניט געטראכט און ניט געקלערט וועגן קיין שום קארמען, וועגן

---

[1] איך האָב ליב; [2] ניין (אונגאריש).

קיין שום מאַרינקען. דער בריוו איז געווען פון ליזען. לייענענדיק דעם בריוו, האָט ער געזען פאַר זיך ליזען, איר פּנים, אירע אויגן, איר פיגור אַזוי בוילעט, ווי זי וואָלט געשטאַנען לעבן אים און ווי ער וואָלט ניט געלייענט, נאָר זי אַליין וואָלט מיט אים גערעדט. ער האָט געהערט איר שטים, און יעדעס וואָרט אירס וועגן איר לעבן, וועגן איר אַרבעט, וועגן אינסטיטוט, וועגן הויז איז געווען רעגונגספול און באַדײַטנדיק. עס האָט זיך אים שטאַרק פאַרבענקט אַהיים, און די היים איז געווען פאַר אים — פריער פון אַלץ ליזע. „ניין, ליזען האָב איך טאַקע ליב", — האָט ער געזאָגט צו זיך אַ דערפרייטער, ווי ער וואָלט צוריק דערוואָרבן דאָס טײַערסטע, וואָס ער האָט געהאַט אָדער געזאָלט האָבן פאַרלוירן. און אינדערפרי, ווען דער דעזשורנע האָט מיט זײַן אויסגעשריי Подъем![1] אויפגעהויבן די סאָלדאַטן פון די בעטן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די געוויינלעכע אַלטעגלעכע סאָלדאַטסקע האָרעוואַניע, האָט וואָלאָדיען דאָס דאָזיקע פריידיקע געפיל אַלץ ניט פאַרלאָזן...

## אַ נײַער פאַרשוין — ניאָמע

צו דער היפּשער צאָל ליבהאָבער פון ביכער, וואָס ווי זיי אײַלן ניט אינדערפרי, גייענדיק אויף דער אַרבעט, מוזן זיי אָפּן וועג כאַפּן אַ קוק אין דער וויטרינע פונעם ביכער־מאַגאַזין, וועלכער איז נאָך דאַן, אין דער פריער שאָ, פאַרזיגלט אויף אַ שלאָס, און דערנאָך, אָוונט־צו, ווען זיי גייען אַהיים, אַרײַנכאַפּן זיך טאַקע אין מאַגאַזין גופא, אָדער לעכאָלהאַפּאָכעס זיך אָפּשטעלן אין דרויסן בײַ אַ ביכער־פּורגאָן, לעמאָשל, בײַ אַזאַ פּורגאָנדל, ווי בײַ דער יונגער פאַרקויפערן ליזע פרילוצקע, — צו דער דאָזיקער היפּשער צאָל שטענדיקע קונים, מעסוקענע ביבליאָפילן, איז צוגעקומען נאָך איין קונה — אַ הויכוווקסיקער יונגערמאַן, מיט אַ ברייטן אויסגעפוקלטן שטערן, אַ געדיכט פירקאַנטיק בערדל, און אין ברילן, הינטער וועלכע עס גלאַנצן אַ פּאָר גרויסע אויגן — מידע, רויטלעכע, אַפּאָנעם פון אַ סאַך לייענען.

דרײַ טעג נאָכאַנאַנד, אין איין און דער זעלבער שאָ, וואָס מע רופט געוויינלעך „די שאָ פּיק", ווען אומעטום — אויף דער גאַס, אין די אווטאָבוסן, אין מעטראָ, אין די מאַגאַזינען איז געפּאַקט מיט מענטשן, וואָס האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט, איז בײַ ליזעס טישל מיט דער פאַנאַנדערגעלייגטער סכוירע, צווישן אַנדערע קונים אויסגעוואַקסן דער דאָזיקער באָכער. יעדן טאָג האָט ער געקויפט וואָסער־עס־איז בוך און מיט די ווערטער „דאָס מוז זײַן אינטערעסאַנט" אַרײַנגעלייגט אים אין פּאָרטפעל, וואָס איז די גרייס פון אַ מיטעלן טשעמאָדאַן. ליזען האָט עפּעס גענומען דוכטן, אַז ער קויפט די ביכער ניט אַזוי, ווײַל ער דאַרף זיי, נאָר ווײַל ער וויל איר, דער פאַרקויפערן, טאָן צוליב און געבן לייזן, ער קויפט, ווײַל ער האָט

---

[1] אויפשטיין!

האנאָע, קוקנדיק, וויאַזוי זי וויקלט איַין אקוראט דאָס סייפערל אין א פּאַ־פּיר און דערלאנגט עס אים מיט א מילדן, העפלעכן „פּאָזשאלוסטא". ליזע זעט, זי פילט, אז דער באָכער וויל א רעד טאָן מיט איר, זאָגן א פּאָר ווער־טער, זי האלט א לענגערע ווײַלע געווענדט צו אים דאָס טונקל־ראָזעווע לענגלעכע פּאָנעם. זי וויל פון הינטער זײַנע ברילן ארויסלייענען דאָס, וואָס ער וויל איר זאָגן און זאָגט ניט, ווײַל באם טישל איז א מענגע מענטשן.

ענדלעך האָט ער געפּאקט די זעלטענע מינוט, ווען באם טישל איז קיינער ניט געווען, איַיליק אריבערגענומען דעם פּאָרטפעל פון דער רעכ־טער האנט אין דער לינקער און די ארויסבאפרײַטע האנט מעגושעמדיק און בערישעוואטע אויסגעשטרעקט צו ליזען אף שליסן מיט איר באקאנט־שאפט:

— ניאָמע.

— ליזע, — האָט דאָס מיידל א פארווונדערטע און רויט־געוואָרענע אים אויך דערלאנגט די האנט. אף דעם האָט זייער ערשטע באקאנטשאפט זיך געשלאָסן — צום טישל זײַנען צוגעגאנגען קוינים... ניאָמע איז נאָך א היפּשע ווײַלע געשטאנען, געבלעטערט די ביכער, געווארט, אז דער אוי־לעם זאָל זיך צעגיין, אָבער זיך ניט דערווארט, אופגעהויבן דעם פּאָרטפעל איבערן טישל, א פּאָך געטאָן מיט אים, דאָס זאָל הייסן, אז ער האָט זיך געזעגנט מיט א סאליוט. ליזע האָט א ביסל שפּעטער א פּאָר מאָל א קוק געטאָן, צי ער דרייט זיך ניט ארום ערגעץ דאָ אין דער נאָענט אף דער גאס אָדער אין שכיינעסדיקן געסל. ניין, ער איז טאקע אוועק. עס איז איר געוואָרן א ביסל פארדראָסיק און גלײַכצײַטיק אויך גרינגער. גוט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעטראָגן און דרייט איר מער ניט דעם קאָפּ. דער מיסכער איז געגאנגען זייער לעבעדיק, צווישן די אנדערע נײַע ביכער האָט זי געהאט צו פארקויפן צוויי לידער־זאמלונגען פון צוויי ניט גאָר באוווסטע דיכטער. זי האָט געמיינט, אז זי וועט בלײַבן שטעקן מיט זיי, נאָר די דינינקע ביכעלעך האָט מען דאפקע גערן געקויפט און ס'האָט איר געקי־מערט, פארוואָס זי האָט ניט מיטגענומען פון מאגאזין מער עקזעמפּליארן. די דיכטער האָבן גוט געגעבן צו לייזן, געהאָלפן אויספילן דעם פּלאן. דער־נאָך, ווען זי האָט פארשלאָסן דעם פורגאָן און אים אָפּגעפירט אין מאגאַ־זין, איז זי אוועקגעלאָפן אפן דזערזשינסקי־פּלאץ אין דער אווטאָמאטישער קאפע, ווו מע ווארפט ארײַן אין א שראנק א זשעטאָנדל און מע קריגט ארויס עפּעס־וואָס איבערצוכאפּן און זיך אונטערצוקרעפטיקן. די דרײַ טעג אין וואָך, ווען זי גייט אין אָוונט אף די לעקציעס אין אינסטיטוט, זײַנען שווערע, אָנגעשטרענגטע טעג, עס איז ניטאָ קיין פרײַע מינוט. אין פול־געפּאקטן וואגאָן פון מעטראָ, א צונויפגעפּרעסטע פון אלע זײַטן, האָט זי זיך אויסגעקליגערט ארײַנצוכאפּן פונעם לערנבוך א בלעטל ענגלישע גראמאטיק.

ווען מאָדנעם באָכער, וואָס הייסט ניאָמע, האָט זי שוין געהאט איבע־גאנצן פארגעסן, עס איז פּאָשעט ניט געווען קיין צײַט צו קלערן וועגן אים. נאָר אף מאָרגן, ווען ער האָט זיך ניט באוויזן אין דער באשטימטער שאָ,

אין וועלכער ער וואקסט אויס געוויינלעך בא איר טישל, און ער איז אויך ניט געקומען אין די ווײַטערדיקע צוויי טעג, האָט ליזע זיך דערמאָנט, אז עס פעלט איר דער קוינע. ווו איז ער פארפאלן געוואָרן, וואָס איז געשען, וואָס ער קומט ניט? נאָר אָט האָט ער זיך שוין ווידער באוויזן, ווידער גע־קויפט א בוך און געהאט קענטלעכע האנאָע, ווען זי האָט עס אים דערלאנגט מיט איר ווייך־קלינגענדיקן „פּאָזשאלוסטא"... געפּאקט די מינוט, בייס דאָס טישל איז ניט געווען באלאגערט, נאָר אן איין־און־איינציק יונגל איז דער־בײַ געשטאנען, ארומלויפנדיק מיט די נײַגעריקע אייגלעך איבער די פאר־ביקע הילעס פון די קינדער־ביכלעך, איז ניאָמע ארויס מיט א מין אנטשול־דיקונג, פארוואָס מע האָט אים ניט געזען דרײַ טעג: ער איז אין די אָוונטן געזעסן אין לייענזאל און געלייענט. נאָך דער דאָזיקער דערקלערונג האָט ער אומגעריכט און ניט ווייניקער אומגעלומפּערט, ווי דאָס פריִערדיקע פלו־צעמדיקע אויסשטרעקן די האנט צו באקאנען זיך, ראפּטום פאָרגעלייגט:

— מאָנטיק ארבעט איר, דוכט זיך, ניט, וועל איך מאָנטיק ווארטן אף אײַך אָן א פערטל זיבן לעבן קינאָ־טעאטער „ראָסיאַ".

ליזע האָט זיך פארלוירן און ניט געפונען אין דער ערשטער רעגע, וואָס אים צו ענטפערן דערויף. א מענטש פרעגט אפילע ניט, צי זי וויל, צי זי האָט דעם מינדסטן כיישעק זיך באגעגענען מיט אים, זיי האָבן צווישן זיך נאָך ניט אויסגערעדט קיין צוויי ווערטער... ער איז, אפּאָנעם, זיכער, אז זי וועט גלײַך לויפן. עמעס, — האָט זי געפונען פאר אים א שטיקל זכוס, — ער האָט געמוזט ריידן קורץ, ער וואָלט נאָך עפּעס געזאָגט און גערעדט אנדערש, ווען עס זאָל ניט זײַן אף דער גאס, בא דער אָפענער קלייט... אָבער וואָס איז ער שוין אנטלאָפן?..

אין דער היים האָט ליזע דערציילט וועגן מעשונעדיקן קוינע דער מאמען. צו איר ווונדער האָט די מאמע עס אופגענומען גאָר ניט אזוי, ווי זי, ליזע, האָט גערעכנט. זי האָט געמיינט, אז די מאמע וועט ווערן אופגעבראכט און דער־צאָרנט אפן נאכאלנעם יונג, וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו איר טאָכטער. הייבט זיך ניט אָן. זי האָט גענומען אויספרעגן, וויִאזוי זעט ער אויס און וויפל איז ער אלט? און צי מאכט ער דעם אײַנדרוק פון א לײַטישן, באלעבאטישן מענטשן?

— הערסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, טאָכטער, — האָט איטע זיך אָנגע־רופן, נאָכדעם, ווי זי האָט אויסגעהערט ליזעס ענטפערס. — איך האלט זיך באם קלאל, אז ביכער קויפט ניט אבי־ווער, נאָר א קולטורנער מענטש. פאר וועמען עס איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן. וועדליק דו מאָלסט אים אויס, דארף ער זײַן גאָר ניט קיין שלעכטער באָכער...

איטע האָט נאָך געוואָלט זאָגן, אז ווער ווייסט, עפּשער איז עס א זי־וועג, נאָר דאָס האָט זי שוין ניט געוואגט ארויסצוברענגען פון מויל. ליזע איז נאָך, כאָלילע, ניט קיין פארזעסן מיידל, און זי האָט א יינגל, זי שרײַבט זיך דורך מיט וואָלאָדיען, קריגט פון אים אקוראט בריוו, און פון יעדער בריוול לויכט זי, די טאָכטער, און שײַנט אוף. מיכל, דאָס עקסעלע, טײַ־נעט: לאָז די קינדער צורו. זיי שרײַבן זיך בריוולעך, זאָלן זיי שרײַבן. עפּ־שער איז ער גערעכט? עפּשער וועט טאקע עפּעס ארויסקומען? וואָלאָדיע

איז דאָך גאָר ניט קיין שלעכטער כעווּרעמאַן, ער האָט גופע באַ איר, איטען, נוויסע־כיין געווען גלײַך פונעם ערשטן מאָל, ווען זי האָט אים דערזען. און וואָס קאָן זיך ווינטשן נאָך בעסערס אַזאַ ייִדענע, ווי זי, וועלכע האָט אַ קראַנקע לעבער — אַז עס כאַפּט אָן דער ווייטעק, איז ניט ניכע דאָס לעבן אױף דער וועלט, און כוץ דעם זײַנען נאָך פאַראַן אַ צענדליק אַנדערע אָפּגעשפּאָרטע כאַלאַסן, מע זאָל פון זיי ניט הערן און ניט וויסן, — וואָס קאָן אַזאַ איטע ווינטשן זיך בעסערס, ווי צו האָבן אַ מעכוטענעסטע אַ דאָקטערשע, אַן אייגענעם טעראַפּעווט, וואָס ווען נאָר מע וויל, האָט מען אים פאַר אַ גאַסט באַ זיך אין שטוב, מע זיצט באַם טיש, מע טרינקט טיי צוזאַמען, מע דערציילט אויס אַלץ. עס איז ניט אין דער פּאָליקליניק, ווו מע קומט אַרײַן מיטן טאַלאָנטשיק און יענער טוט אַ קוק, אַ פאַרשרײַב אין דער קאַרטאָטשקע, אַ שרײַב אויס דעם רעצעפּט און ער רופט שוין אין קאַבינעט דעם צווייטן כוילע. אָבער אַז איטע טוט זיך אַ טראַכט אַרײַן טיפער, זי באַרעכנט זיך און באַקלערט זיך, זעט זי, דער שידעך איז פּאָרט קיין שידעך ניט. ליזע טאָר ניט וואַרטן אױף וואָלאָדיען, און מע דאַרף באַצײַטנס זי אָפּווענדן פון אים. וואָס ס'איז ניט, איז ניט. ווען וואָלאָדיע וועט זיך אומקערן פון אַרמיי, וועט ער אַלט זײַן צוויי און צוואַנציק יאָר; ביז ער וועט ענדיקן אַן אינסטיטוט, אויב ער וועט נאָך אָנקומען, וועט אים שוין זײַן אַכט און צוואַנציק, ליזע וועט שוין לאַנג האָבן פאַרענדיקט דעם אינסטיטוט און ער וועט זײַן באַ איר אױף קעסט. דאָס איז איינס אַוועק. ווײַטער איז אַ רעטעניש פאַר איטען דער קומענדיקער מעכוטן אירער, פּאָלינע יאַקאָוולעוונעס מאַן. אַ סוואָרע, אַז דאָס פּאָרפּאָלק לעבט ניט גוט צווישן זיך, ער איז אַוועקגעפאָרן און אײַלט זיך ניט אומצוקערן. איטע וואָלט אַ סאַך באַצאָלט, זי זאָל קאָנען וועגן דעם זיך דערוויסן גענויער. אָבער פּאָלינע יאַקאָוולעוונע שווײַגט, ווי אַ פיש. מע קאָן זיך אָנשטויסן, אַז אָפּן האַרצן איז באַ איר ניט פריילעך. נאָר אויב אַזוי, ווײַבאַלד דער מאַן קומט ניט צו פאָרן צו איר, וועט זי דאָך מיסטאַמע מוזן פאָרן צו אים, און זי, איטע, האָט שוין טאַקע געהערט ניט איין מאָל זאָגן, אַז די דאָקטערשע כאַנינע קלײַבט זיך אַרויסצופאָרן, פון פּאָלינע יאַקאָוולעוונען אַליין האָט זי עס אויך געהערט. וועט דאָך ליזע וואָלאָדיען אַפילע ניט זען, נאָכן דינען וועט ער אַוועקפאָרן צו די עלטערן. באַ אַ מיידל איז אַ ווינט אין קאָפּ, אָבער באַ אַ מאַמען דאַרף דער קאָפּ זײַן ניכטער און זיך ניט לאָזן פאַרפירן.

אַזוי טראַכטנדיק, קומט איטע צו דער מיינונג, אַז ס'וועט ניט זײַן קיין קרומע זאַך און ניט קיין בייז, אויב די טאָכטער וועט דערווײַל זיך באַקענען מיט נאָך עמעצן. וואָס קאָן עס שאַטן? עס וועט זײַן פון וועמען אויסצוקלײַבן.

— מאָנטיק איז גראַדע גוט, — האָט זי צוגעשטימט. — דו ביסט דאָך טאַקע דאַן פרײַ. און מאָנטיק איז ניטאָ קיין אָטשערעד אין קינאָ.

— אַלץ ווייסטו, מאַמע. פונוואַנען ווייסטו, אַז עס איז ניטאָ קיין אָטשערעד? — האָט ליזע זיך צעלאַכט.

— פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן? איך בין קיינמאָל ניט געגאַנגען אין

קינאָ, ניט געזען טשאַפּליעווען און טשאַרלי טשאַפּלינען, ניט געקוקט „אַגני באַלשאָוואָ גאָראָדאַ"?[1]

— אייצעסטו מיר, מאַמע, יאָ גיין? — איז ליזע געוואָרן, קלוימערשט, געהאָרכזאַם, ווי אַ מיידעלע, וואָס האָט באַשלאָסן אין אַלץ פאָלגן די עלטערן. זי איז ווידער געוואָרן אופגעלייגט און פרייליך. זאָל ער טאַקע שטיין, דער דאָזיקער ניאָמע, און וואַרטן באַם קינאָ־טעאַטער... ער וועט זיך דערוואַרטן... אין אַ יאָר אַרום. קומען וועט זי טאַקע, נאָר זי וועט ניט צוגיין צו אים, זי וועט שטיין פונדערווייַטנס, ער וועט זי ניט זען און זי וועט זיך בייסטמייַסע קוויקן, וויאַזוי ער זוכט זי אין אַלע זייַטן. אַזוי האָט זי טאַקע באַשלאָסן — זי וועט גיין. אָבער קעדיי די מאַמע זאָל זיך נאָך אַ ביסל היצן, אויסטייַנען און אונטעריאָגן, האָט זי מאָנטיק, ווען עס איז שוין צייַט געווען זיך צו קלייַבן אין וועג, ערשט אוועקגעזעצט זיך באַם טישל גרייטן די לעקציעס אין אינסטיטוט, זי האָט זיך אַרומגעלייגט מיט העפטן און ביכער.

— וועסט ניט פאַרשפּעטיקן, ליזעטשקע, אַפּן סעאַנס? — האָט איטע דערמאָנט.

— ניין, מאַמע, עס איז נאָך פרי, איך וועל אַ ביסל לערנען.

— אָבער עס ווערט שוין טאַקע שפּעט, — האָט איטע אין אַ האַלבער שאָ אַרום ווידער דערמאָנט. — ביז וואַנען דו וועסט זיך אָנטאָן, און דו דאַרפסט דאָך פאָרן אַפּן אווטאָבוס און אין מעטראָ...

— אָט שוין, מאַמע... לאָמיך נאָר ענדיקן דאָס קאַפּיטל.

פּאַוואָליע, בעקיוון ניט־געייַלט, האָט ליזע זיך גענומען אָנטאָן. אין דער ווייַסער „ציגייקע", אינעם היטעלע, וואָס איז באַזוימט מיט ווייַסן פוטער, און אין די שטיוועלעך, וואָס זייַנען אויך ווייַסע, האָט זי אויסגעזען, ווי באַשאָטן פון קאָפּ ביז די פיס מיט שניי. אין דרויסן איז טאַקע געפאַלן אַ שניי, נאָר דער אָוונט איז געווען אַ וואַרעמער, אַ שטילער, גאָר ניט קיין ווינטערדיקער. אפּאָנעם, אַז דער שניי וועט אפילע אין די ערטער, ווו מע באַטרעט אים ניט, אויך לאַנג זיך ניט האַלטן, און די קינדער ווייסן וועגן דעם, דערפאַר האָבן זיי אין מיקראָ־ראַיאָן אַזוי באַלאַגערט ווו נאָר אַ בערגל, אַ העכערן אָנשיט, גליטשן זיך אָן אופהער אַף שליטלעך, כאַפּן אַרייַן דעם אויסגעפאַלענעם שניי.

פאָרנדיק אין אווטאָבוס, האָט ליזע געטראַכט וועגן דעם, וויאַזוי זי וועט אין אַ בריוו צו וואָלאָדיען באַשרייַבן די דאָזיקע נאַרישע געשיכטע, קיינע סוידעס באַהאַלט זי ניט אויס פון אים. דער בריוו דאַרף זייַן וואָס מער אַ קאָמישער, ער זאָל האָבן פון וואָס צו לאַכן. ניין, האָט זי זיך אין אַ ווייַלע אַרום באַקלערט, עס איז שוין צו נאַריש, צו קינדעריש, מע זאָל קאָנען וועגן דעם שרייַבן. זי איז אַראָפּגעשטיגן פונעם אווטאָבוס אַפּן פּושקין־פּלאַץ, פאַרבייַגעגאַנגען דעם פאַרשנייטן דענקמאָל פּושקינס, די פאַרשנייטע בענק, נאָר אָנשטאָט צו לאָזן זיך גיין צום קינאָ־טעאַטער, וואָס

[1] „די פייַערן פון אַ גרויסער שטאָט".

האָט גלײַך אנטקעגן אירע אויגן אויסגעשפּרייט זיך מיט זײַן ריזיקן פאַסאַד און פאַרצאַמט דעם בולוואַר, איז זי אַריבער די גאַס און גענומען באַקוקן די פאָטאָ־בילדער, וואָס זײַנען אויסגעשטעלט אין די גרויסע שויפענצטער פון דער רעדאַקציע „איזוועסטיאַ”, אין איינער א וויטרינע זײַנען אַף די פאָטאָס באַוויזן געוואָרן סאָלדאַטן פון א מיליטערישן טייל, ווי אַזוי זיי גייען אין א מאַרש, זייערע מאַנעווערס, זייער אָפּרו, און ליזע האָט זיך ווידער דערמאָנט אין וואָלאָדיען. איינער א סאָלדאַט, וואָס האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט פונעם ליוק פון א טאַנק, איז אַפילע געווען ענלעך אַף אים. עס איז אָבער פונדעסטוועגן געווען אויך אָנגענעם, וואָס געציילטע שפּאַן פונדאַנען, לעבן קינאָ־טעאַטער, וואַרט אַף איר אומגעדולדיק א באָכער, און זי מאַכט זיך ניט וויסנדיק, זי אײַלט שוין גראָד ניט, זי האָט ניט צו וועמען צו אײַלן. עס איז דאָך בא איר ניט מער, ווי א שפּיל. עס איז איר געווען פריילעך און גוט, דער פאַרדראָס אַף דער נאַרישער מאַמען איז אויך איינגעאַנצן זיך צערונען. מיט קליינע טריט איז זי צוגעגאַנגען צום טעאַטער — ניט צום פאַסאַד און צו דעם הויפּט־אַרײַנגאַנג, נאָר פון דער זײַט, זיך אוועקגעשטעלט אין א שטילערן ווינקל און פון דאָרטן גענומען פאָרזיכטיק זיך אַרומקוקן, וואַרפן א בליק אַף די באָכערים און מיידלעך, וואָס שטייען פון פאָרנט אַף די ברייטע שטיינערנע טרעפּ און אויבן, אַפּן נאַסן גלאַנציקן מירמלשטיין, בא די פּאַראַדנע טירן. ווען א קינסטלער זאָל כאָטשבי אײַליק אָנצייכענען אין זײַן בלאָקנאָט די דאָזיקע וואַרטנדיקע יונגעלײַט, דעם אויסדרוק אַף זייערע פּענעמער, דעם קלוימערשטן לאַנגווײַל און גלײַכגילט און דעם פאַרבאַהאַלטענעם אומגעדולד, מיט וועלכן זיי קוקן אַרויס, דעם אופלײַכט און אופשײַן, בייס מע דערזעט זיך און מע גייט איינער דעם אַנדערן אַנטקעגן, מע טוט א וואָרקע עפּעס איינער צום צווייטן, מע דערלאַנגט זיך די הענט און מע פאַרשווינדט הינטער די מאַסיווע טירן פונעם קינאָ־טעאַטער...

עס איז שוין געווען דער דריטער קלונג, אַלע וואַרטנדיקע האָבן זיך דערוואַרט, פּוסט זײַנען געוואָרן די טרעפּ... ליזע איז אַרויס פון איר באַהעלטעניש, א רוק געטאָן זיך נעענטער צום פאַסאַד. ווו זשע איז ער, דער כאָסנבאָכער? ער איז ניטאָ. קומט גאָר אויס, אַז ניט זי, נאָר ער האָט אָפּגעטאָן דאָס שפּיצל און זי געשטעלט צום נאַר. ליזע האָט זיך דערפילט באַליידיקט, אַף אַזאַ זאַך האָט זי זיך ניט געריכט. „וואָס זשע שטיי איך? כאַפּט אים דער טײַוול! זייער גוט!” — זי איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ, און ווען זי איז שוין געווען אונטן, האָט זי אים דערזען. ער איז געגאַנגען מיט א ברייטן טראָט, בייסמײַסע געפּרוווט פאַריכטן די גרויע וואָלענע פּאַטשיילקע, וואָס איז אַראָפּגעפאָרן בא אים פון האַלדז און איין עק אירער האָט זיך געבאָמבלט פון אויבן, איבערן צעשפּיליעטן קורצן און גרינגן מאַנטל.

ניאָמע ווײַנשטיין איז אַלט אַכט און צוואַנציק יאָר, און שוין עטלעכע יאָר, ווי די מאַמע זײַנע זוכט פאַר אים א קאַלע. אויב זיך פאַרלאָזן אַף אים, ביז ער וועט אַליין געפינען זײַן באַשערטע, איז זי זיכער, וועט ער קיינמאָל ניט כאַסענע האָבן. ווו עס קומט איר ניט אויס צו זײַן און צו

רײדן, פרעגט זי זיך נאָך, צי האָט מען ניט עפּעס א רעכט מײדל פוןאירטוועגן, דאָס הײסט פאר איר זון.

— עס איז דען שווער צו געפינען א גוט מײדל, קארג מײדלעך זײַנען דאָ? — וווּנדערט מען זיך.

— אוואדע זײַנען מײדלעך פאראן, און זײ לויפן ניאָמען נאָך, אזא טײַערער באָכער, נאָר...

— וואָס „נאָר"? — פארינטערעסירט מען זיך צו וויסן.

דער „נאָר" איז אזא, וואָס מע דארף רײדן און רײדן, איז שוין בעסער שווײַגן. און זי ווערט טאקע, די מאמע, אנשוויגן. אלץ אויסדערצײלן, ווער ניאָמע איז און וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר, איז דאָך ניט שײַעך, דאָס מײדל, וואָס ער וועט נעמען, וועט געוויס זײַן גליקלעך בא אזא מאן. ער האָט, ניאָמע, גאָלדענע הענט. געגוג א קוק טאָן אף דער ביכער־שאפע, וואָס ער אלײן האָט געמאכט לויט דער לעצטער מאָדע — אָן אײן טשוועקל, אָן אײן זאוועסקע, אלץ נאָר אײַנגעשרויפט און צוגעשרויפט מיט שרײַפלעך, די פּאָליצעס פארמאכן זיך מיט גלעזערנע שײַבלעך. כוץ דער שאפע, האָט ער אויסגעמײַסטרעוועט פון אן אלטן צעבראָכענעם מאגניטאָפאָן א נײַעם — ניט ערגער פון די נײַסטע מאגניטאָפאָנען, וואָס מע פארקויפט אין מאגאזין. ניאָמעס טאטע האָט ארײַנגעזונגען אין די דרײַענדיקע רעדלעך „הוליעט־הוליעט, בײזע ווינטן" און דאָס „קראנקע שנײַדערל"; זי, ניאָמעס מאמע, האָט אויך ארײַנגעזונגען עפּעס א פארצײַטיק לידל, ניאָמעס יינגערער ברודער האָט זיך ניט געלאָזט מאטריען זײַן און גלאט „אראָפגעשריבן" פון א פּלאסטינקע א געפערלעך־ליארעמענדיקן טאנץ. בלויז ער, ניאָמע, האָט גאָרניט פארשריבן, ער קוויקט זיך, קוקנדיק, ווי עס דרײען זיך די רעדלעך מיט די טאשמעס און עס זינגען אנדערע... פאראיאָרן האָט ער אײַנגעהאנדלט אן אלטן „מאָסקוויטש", דוכט זיך נאָר צוליב דעם, קעדײ ער זאָל קאָנען פּאָרקען זיך יעדן טאָג אן איבעריקע שאָ באם אווטאָמאָביל. ער איז געבוירן געוואָרן, ניאָמע, צו זײַן א בויער, אן אינזשעניער, דערפאר וווּנדערט מען זיך אזוי, ווען מע דערוויסט זיך די עמעסע פּראָפעסיע זײַנע, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן. ווען מע זאָל עמעצן זאָגן, אז ניאָמע האָט פארענדיקט דעם פיזקולט־אינסטיטוט און איז א לערער פון באָקס, אָדער אז ער האָט זיך אויסגעלערנט אף א קאָנדיטער און ער איז עס דער זעלבער, וואָס פארטיקט אויס די שײנע כאסענעטאָרטן, וואָס האָבן א שעם אין גאנץ מאָסקווע, וואָלט מען זיך קנאפּ געכידעשט. פארוואָס ניט? א געזונטער באָכער, פלינקע הענט, וואָס טויגן צו אלץ. אָבער ניאָמע איז גאָר עפּעס אנדערש. ניט קײן סטאָליער, ניט קײן ראדיאָ־טעכניקער, ניט קײן אינזשעניער, ניט קײן לערער פון באָקס, ניט קײן קאָנדיטער... ער האָט פארענדיקט דעם ארכיוו־אינסטיטוט און ארבעט אין אײנעם פון די מאָסקווער ארכיוון. עמעס, אין ארכיוו־אינסטיטוט איז ער אָנגעקומען גאנץ צופעליק, נאָכדעם ווי ער האָט ניט אויסגעהאלטן אין אוניווערסיטעט, נאָר צוביסלעכווײַז האָט ער אלץ מער זיך פארינטערעסירט און זיך ארײַנגעצויגן אינעם קרײַז אינטערעסן פון זײַן קומענדיקן פאך. בײסן לערנען האָט ער פראקטיקירט אין פארשײדענע

גרויסע אַרכיוון, וואָס געפינען זיך אין מאָסקווע, געהאָלפן דאָרטן פאַנאַנדערקלײַבן די מאַטעריאַלן, צונויפשטעלן די „פאָנדן”: אַ סאַך בײַגעלעך פּאַפּיר, פאַרגעלטע, צומאָל מיט אָפּגעבערענטע בּרעגעס און אַזעלכע טרוכליאַווע, אַז אָט וועלן זיי זיך צעשיטן אונטער די פינגער, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ הײַפל שטויב, האָט ניאָמע שוין איבערגעהאַלטן אין די הענט, זיצנדיק בײַ דער אָדער יענער פּאָליצע אינעם גרויסן אַרכיוו־זאַל מיט די לאַנגע אַנצאָליקע סטעלאַזשן, פאַרפּולטע מיט קאַרטאָנענע קעסטלעך און באַלויכטענע מיט נאַקעטע, אָן אַבאַזשורן, גרויסע לאָמפּן, וואָס ווי ליכטיק זיי ברענען ניט, ווערט זייער ליכט צעשווומען און פאַרפאַלן אין די אומגעהײַערע לאַבירינטן, און עס איז טונקל. אים איז אויסגעקומען צו העלפן באַאַרבעטן די אַרכיוון פון אייניקע שרײַבער, דראַמאַטורגן, פאַנאַנדערקלײַבן זייערע מאַטעריאַלן, און אָפטמאָל האָט ער זיך אַזוי פאַרטיפט, אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן, אַז אים האָט געדוכט — ער זיצט צוזאַמען מיטן מעכאַבער בײַ זײַן שרײַבטיש, ער איז געקומען אין טעאַטער אויף ספּעקטאַקל, וואָס איז אָנגעוויזן אין דער אַלטער אַפישע, וועלכע ער האַלט איצט אין האַנט. ער האָט געלייענט פּיעסן פון באַוווּסטע און אומבאַוווּסטע מעכאַברים, פּיעסן, וואָס זײַנען אויפגעפירט געוואָרן אָדער וואָס האָבן קיינמאָל ניט געזען די בינע־שײַן, רעזשיסערישע פּלענער פון באַרימטע בינע־מײַסטערס, זייערע בריוו און צעטעלעך, זייערע אַרויסטרעטונגען און לעקציעס. די לעצטע צײַט אַרבעט ניאָמע איבערן פאָנד נומער 2275, דער פאָנד האַלט אַריבער הונדערט אָנגעפּאַקטע קעסטלעך, די אַלגעמיינע וואָג זייערע (נעטאָ) באַטרעפט 265 קילאָגראַם. אַ פּאָר צענדליק קעסטלעך פאַרנעמען גופא די שריפטן פונעם מעכאַבער, די איבעריקע זײַנען אַנדערע מאַטעריאַלן, דער שרײַבער איז געווען זייער פּאָפּולער, און בײַ זײַן לעבן, באַזונדערס בייס דער מילכאָמע און די ערשטע צײַט נאָך דער מילכאָמע, האָט ער יעדן טאָג דערהאַלטן אַזאַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ, אַז זי אַליין האָט באַם בריוועטרעגער פאַרנומען אַ העלפט פונעם גרויסן פּאָטשטאַליאָנישן בײַטל. עס האָבן געפלייצט העפטן — טאָגביכער, זײַטעלעך — בריוו. פון וועמען נאָר ניט? מע האָט זיי אים געשיקט מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט זיי עפּשער פאַרעפנטלעכן אָדער אויסנוצן אין זײַנע ווערק. אָבער בײַ זײַן גאַנצן גוטן ווילן איז עס געווען איבער זײַנע מעגלעכקײַטן, און נאָר ווו־ניט־ווו, אין זײַנעם אַ ראָמאַן, אַ דערציילונג האָט אַמאָל דער אָדער יענער פון די פּילצאָליקע קאָרעספּאָנדענטן זײַנע געקאָנט איבערלייענען אַן עפּיזאָד, אַן ענלעכן צו דעם, וועגן וועלכן ער האָט אים געשריבן, אָדער אַ פּאָר בוכשטעבלעכע שורעס פונעם טאָגבוך, פונעם בריוו, וואָס ער האָט אים אַמאָל געשיקט, אָבער די שורעס זײַנען שוין, געוויינלעך, געווען אין שײַכעס מיט די אויסגעטראַכטע ליטעראַרישע העלדן.

איצט לייענט זיי, די טאָגביכער און די בריוו, דער יינגערער וויסנשאַפטלעכער טוער פונעם אַרכיוו — ניאָמע ווײַנשטיין. קעדיי צו מאַכן אַ פאַרנאָטירונג, וועגן וואָס עס גייט דאָרטן אַ רייד, איז גענוג איבערצוקוקן עטלעכע זײַטלעך פונעם העפט, דורכלויפן מיט די אויגן אַ פּאָר שטעלן פונעם אָנגעשפּיגעוועטן בריוו. ער טוט טאַקע אַזוי, אַניט וועט ער דעם

פאָנד ברענגען אין אָרדענונג און אים קאַטאַלאָגיזירן עפּשער אין צוויי יאָר אַרום. אָבער זייער אָפּט טרעפט, ער הייבט אָן לייענען און לייענט ביזן סאָף. אים דוכט, ער וועט באַגיין אָן אוולע, אויב ער וועט נאָר אויבנאויפיק כאַפּן אַ קוק, אַ מיש איבער די בלעטלעך... ער איז דאָך דער איינציקער לייענער, און כוץ אים, יעדנפאַלס אין דער נאָענטער צײַט, וועט עס קיינער מער ניט לייענען, ס'וועט ליגן אין די קעסטלעך... אַ סאַך קסאַוויאַדן זײַנען געשריבן מיט אַ בלײַער, די אויסיִעס האָבן זיך היפּש אָפּגעריבן, און די בלעטלעך, וואָס זײַנען געשריבן מיט טינט, זײַנען אויך שוין גוט אָפּגעבליאַקעוועט. נאָר ווען מע לייענט זיך אַרײַן אין די דאָזיקע אויסגעריבענע און אָפּגעבליאַקעוועטע העפטן, פּערטעלעך פּאַפּיר, ווערט אַלץ גרעסער דער מוט איבערצולייענען ביזן סאָף. איז דען מעגלעך אוועקצומאַכן מיט דער האַנט אַ העפט פון אַ מענטשן, וואָס באַשרײַבט, וויִאַזוי אָן אויסגעטאָנענער ביזן העמד, אויסגעשמירט אין בלוט און אין מאַרך, וואָס איז אַרופגערונען אויף אים פון די צעשאָסענע, וועלכע זײַנען געלעגן אין דער גרוב אונטער אים און איבער אים, איז ער באַנאַכט, דורך אַ נעס אַ לעבן־געבליבענער, אַרויסגעקראָכן פונעם פילטויזנטדיקן ברוד־דער־קייווער און בײַ דער לעוואָנע־שײַן געצומען זוכן זײַן טאַטע־מאַמע, זײַנע צוויי שוועסטער, זײַן זיבניאָריק קינד? עפּשער האָט מיט זיי אויך געשען דער נעס, די דײַטשן האָבן ניט געטראָפן מיט דער קויל און זיי ליגן לעבעדיקע אין דער גרוב... דער מענטש איז דערנאָך געלאָפן אין דער נאַכט אַרײַן, און אַליין די נאַכטיקע שאָטנס האָבן זיך געשראָקן פאַרן מעשונעדיקן געשפּענסטער.

ניאָמע טראַכט וועגן דעם, אַז אויב מע זאָל די קסאָווים צונויפנעמען אין איין בוך, וואָלט עס געווען דער שוידערלעכסטער בוך אין דער וועלט, און אויב ליטעראַטור איז דאָס, וואָס מאַכט אויפטרייסלען מענטשלעכע הערצער, איז עס ליטעראַטור פון העכסטן גראַד. נאָכן אָפּזיצן דעם טאָג בײַ די פּאָליצעס מיט די קעסטלעך, אויף וועלכע עס איז אויפגעקלעפּט דער נומער 2275, זעט ניאָמע אויס פאַרכאָלעמט, מיד, דאָס פּאָנעם בלייך, די אויגן — רויטלעך, גאָר ניט ענלעך אויף זיך אַליין, און ווען ער נעמט עפּעס מײַסטרעווען אין שטוב, איז עס צוליב אָפּווענדן זיך פון די העפט־לעך, וואָס פאַרפאָלגן אים אויך דאַן, ווען ער האָט זיי שוין פאַרמאַכט.

די עלטערן זײַנען באַאומרויִקט, וואָס ער איז פאַרקראָכן אין אַזאַ אַר־בעט, די פּראָפעסיע האָט שוין באַוויזן אויף אים אַרופצולייגן אַ געוויסן שטעמפּל, און די יאָרן גייען דערווײַל. נאָר דרײַ מאָל אין יאָר גיט זיך אײַן דעם יִינגערן ברודער עדיקן — אַ באָכער אַ לעבן־יונג — צו פאַרשלעפּן ניאָמען אויף אַ וועטשערינקע — לעקאָוועד דעם ערשטן מײַ, דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און נײַ־יאָר. דאַן טוט ניאָמע אַ הוליע און אַ טאַנץ מיט מייד־לעך, זיי קלינגען אים דערנאָך אויף דער אַרבעט אין טעלעפאָן, און ווײַטער פונעם טעלעפאָן גייט עס ניט. ער ווײַזט ניט אַרויס קיין שום גוסט, קיין שום ווילן צו ווערן אַ פאַמיליען־מענטש, און די מאַמע יאָגט אונטער, דערמאָנט אָפט, אַז עס איז צײַט כאַסענע האָבן. אַ יִינגל איז טאַקע ניט קיין מיידל, עס ברענט ניט אַזוי און מע דאַרף שטאַרק זיך ניט אײַלן, און

וואָס איז שלעכט בא דער מאמען, וואָס וואשט, און קאָכט, און דערלאנגט... אָבער אריַינפאָרן אין אלטבאָכערישקיַיט איז דאָך אויך ניט גוט, ער האלט שוין בא די דריַיסיק, עס איז שוין ציַיט איר, דער מאמען, ניאנטשען אן אייניקל. ווען זי זאָל נאָר וויסן, די מאמע, וויאזוי איר זון האָט איצט געיַילט צום קינאָ־טעאטער, צום מיידל, וואָס האָט אויסגענומען בא אים... זי זאָל אים פרעגן, די מאמע, מיט וואָס האָט דאָס מיידל אויסגענומען, וואָלט ער אוודאי ניט געקאָנט ענטפערן. א מיידל קאָן דאָך אויסנעמען נאָר מיט א קוים באמערקבארן שמייכל אף די שיינע ליפן, מיט אירן אן איַיליקן שעמעוודיקן קוק.

— איך האָב פארשפעטיקט, — האָט ער געזאָגט מיט א שולדיקלעכער מינע אפן פּאָנעם. — נאָר אויב עס זיַינען נאָך פאראן בילעטן, וועלן מיר גיין אין קינאָ.

זיי זיַינען ביידע אריַין אין גערואמען זאל, ווו עס געפינען זיך די קאסעס. קיין בילעטן זיַינען ניט געווען. איבער די קאסע־פענצטערלעך איז געהאנגען אן אנשלאג, אז אלע בילעטן זיַינען אויספארקויפט.

— איצט דארף מען באקלערן, ווו נאָך קאָן מען גיין, — האָט ניאָמע זיך געווענדט צו ליזען.

— איך וועל גיין אהיים, — האָט דאָס מיידל אָן איבעריקע קלערענישן געענטפערט.

— שוין אזוי גיך אהיים? — האָט ניאָמע איבערגעפרעגט און זיך צעלאכט. ליזען איז געפעלן געוואָרן זיַין אומיטלבארקיַיט, עס איז גיך פארשווונדן די אָנשטרענגונג, וואָס לאָזט זיך מערקן בייס אן ערשטער באגעגעניש.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין איבער דער ברייטער אויסגעטראָטענער סטעזשקע פון דער בולוואר־אליי צום טומלדיקן און ברייטן טרובנע־פלאץ. באם ארויסגאנג פון דער אליי איז א שטיק פלאץ געווען באלאגערט מיט גרויע טויבן, וואָס האָבן פליַיסיק געפיקט די שטיקלעך בולקע, וואָס א גוטהארציקער אלטער מאן האָט געצופּט פון דער מאנטל־קעשענע און געוואָרפן אף דער ערד.

— די סיזיאקעס זיַינען ווינציק ענלעך אפן וויַיסן טיַיבל, וואָס עס האָט אָנגעמאָלט פּיקאסאָ, — ניאָמע האָט אָנגעוויזן אף די באשעפענישן, וואָס האָבן כשיוועסדיק איבערגעוואָרפן מיט די פול־געפּאקטע קערפּערלעך, געטרייסלט מיט די שווערע עקן און שטיל געוואָרקעט, ניט אָפּשטופּנדיק איינס דאָס צווייטע פון די ברעקלעך.

— מיר דוכט, — האָט ליזע זיך אָפּגערופן, — אז יעדע טויב — א וויַיסע צי א גרויע, — קיין אונטערשייד ניט, איז א ליבע, אָנגענעמע און פרידלעכע באשעפעניש.

— ניין, ניט אלע. — ניאָמע האָט מיט דער האנט א שטארקערן פּאָך געטאָן אף די טויבן, און זיי זיַינען זיך אף א וויַילע צעפלויגן נידעריק איבער דער ערד, דערנאָך גלייַך ווידער זיך צוזאמענגענומען אין זייער פריערדיקן געדיכטן געזעמל. — די סיזיאקעס קומען ניט צו די טורמאנען און ווערטיוטינס, זיי זיַינען פוילע, אָפּגעפרעסענע ברוים.

— איר האָט אמאָל, מיסטאמע, געטריבן טויבן?

— איך האָב מער געקוקט, ווי אנדערע טרײַבן. נאָר געלייענט האָב איך וועגן זיי.

— געוויס, ברעמס „דאָס לעבן פון די באַלעבכײַים" און באבעלס „די געשיכטע פון מײַן טויבנשלאק"? — האָט ליזע ארויסבאוויזן איר אָנגעלייענטקײַט.

— יאָ, ברעמען און באבעלן, און אויך האָב איך, געוויינלעך, געהערט וועגן נויעכס טויב. אין דער ביבל ווערט ניט געזאָגט, אז עס איז דאפקע געווען א ווײַסע טויב, נאָר מיר גלייבן פּיקאסאָן.

די רייד זײַנע, א ביסל פארשפּיצטע און פארשארפטע, ברענגט ער ארויס בענימעסדיק, מיט א מילדן אויסדרוק. ליזע האָט באמערקט, אז א פּאָר מיידלעך האָבן זיך אף אים אומגעקוקט; צוערשט האָבן זיי געגעבן א קוק אף אים און דערנאָך שוין אף איר, שאצנדיק, אפּאָנעם, צי האָט זי אים די ווערט.

— לאָמיר גאָר זיך דורכפאָרן אף דער מאשין, — האָט ניאָמע פלוצעם פאָרגעלייגט.

— אף א וועלכער מאשין? — האָט ליזע אים אָנגעקוקט.

— אף מײַן „מאָסקוויטשל". עס שטייט דאָ ניט ווײַט. די אַנדערהאַלבן שאָ, וואָס מיר וואָלטן געדארפט אויסזיצן אין קינאָ, וועלן מיר מאכן א שפּאציר אין דער מאשין איבער מאָסקווע, — ער האָט ליזען געגומען אונטערן אָרעם און אוועקגעפירט זי צום אָרט, ווו עס איז געווען א מאָקעמעמענוכע פאר די מאשינעס.

— אָט איז מײַן פערדל, — האָט ניאָמע א גלעט געטאָן דאָס בלויע דעכל פון א „מאָסקוויטש", וואָס איז געשטאנען צווישן צוויי טײַערע שכיינים — א „וואָלגע" און א „טשײַקע".

ער האָט גוט געפירט זײַן „מאָסקוויטשל". בא די אָפּט רויטע סוועטאָפאָרן געהאלטן געדולדיק די הענט מיט די לאנגע פינגער אף דער באַראנקע, אָדער אף א ווײַלע זיי אוועקגענומען פונעם רעדל, צוגעטראָגן צו די אויגן, קעדיי אפגיך אראָפּנעמען די ברילן און זיי א וויש טאָן. אָן די ברילן האָט ער אויסגעזען יינגער, אפילע יינגלשדיק, און ווי אלע באַברילטע, ווען זיי טוען אויס די ברילן, האָט ער אויסגעזען אומבאהאָלפן.

— איך האָב זיי ניט לאנג אָנגעטאָן, — האָט ער ווי זיך פארענטפערט. — עס קומט אויס א סאך צו לייענען.

— אינטערעסאנטע זאכן?

— ס'הייסט, אינטערעסאנט? דער באגריף אינטערעסאנט איז דאָ ניט צוגעפּאסט און מע קאָן אים ניט באנוצן. איך לייען מאנוסקריפּטן, טאָגביכער.

א מענטשן, וואָס זיצט באם רעדל פון דער מאשין און פאָרט איבער די מאָסקווער גאסן, איז שווער עפּעס־וואָס צו דערקלערן געגויער, בעהאדראָגעדיק. אף יעדן שריט און טריט — פון הינטן, פון פאָרנט, פון די זײַטן לויערן געפארן פון א צוזאמענשטויס, פון, זאָל ניט אויסגערעדט זײַן, עמעצן איבערפאָרן, מע דארף זײַן באזונדערס אופמערקזאם און געהיט, מע טאָר זיך ניט אָפּוועגדן. ניאָמע האָט געקוקט דורך דער ברייטער שויב

אפן וועג, וואָס האָט זיך געשפּרייט און געוויקלט פון אונטער די רעדער, און גערעדט צו אים, צום דאָזיקן באַלעבטן, טומלענדיקן ברייטן אַספאַל־טירטן וועג:

— אינטערעסאַנט איז שעקספּיר, אינטערעסאַנט איז טאָלסטאָי, אינטע־רעסאַנט איז האָמער. זיי זײַנען געניאַל. זייערע ווערק זײַנען פול מיט שפּאַנונג, מיט עכטע איבערלעבונגען, עמעסע מענטשלעכע טראַגעדיעס. אָבער זינגט איך לייען די העפטן, די זײַטלעך פּאַפּיר, פאַרשריבענע מיט שלעכט פאַרשניצטע בלײַערס, אָדער מיט וואַסערדיקן טינט, — מע האָט געדאַרפט אַרויסנעמען זיך די אויגן בײַסן לייענען זיי נאָך דאַן, ווען זיי זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן, ניט אין יאָרן אַרום, — זעען אויס מינדער־ווערטיק די איבערלעבונגען פון אַ מאַדאַם באָוואַרי, פון אַן אַנאַ קאַרענינאַ, אַפילו די געשעענישן פון דאַנטעס „גיהנום". מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט אַן עלטערע פרוי מיר געבראַכט אין שטוב אַרײַן איר טאָגבוך און געבעטן אים אַוועקלייגן אין אַרכיוו. איך אַרבעט אין אַן אַרכיוו...

ליזע איז געזעסן אין דער קאַבינע לעבן אים און געהערט מיט אָנגע־שפּיצטע אויערן. ניאָמען איז געפעלן געוואָרן, וואָס זי איז אַ גוטע צו־הערערין.

— אָט זײַנען מיר שוין געקומען צו פאָרן, — האָט ניאָמע פאַרקערעוועט די מאַשין פונעם ברוק צום טראָטואַר און אָנגעוויזן אַפן הויכן נײַנשטאָ־קיקן טורעם, וואָס איז געשטאַנען אין הינטערגרונט, די אייבערשטע שטאָקן זײַנע האָבן זיך אַרויסגעזען פון אַריבער דער פאָרנטיקער געבײַדע, וואָס איז געווען אַ סאַך אַ קלענערע און האָט מיט אירע אָפּגעלישעטע קאָלאָנעס באַם אַרײַנגאַנג און פאַרטונקלטע שניצערײַען בא די פּיצינקע גאַנעקעס אויסגעזען זייער אַלטערטימלעך.

ניאָמע האָט געבעטן ליזען אַרײַנצוגיין מיט אים אין שטוב, נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט. ניין, זי וועט שוין פאָרן אַהיים. אַ גוטע נאַכט.

— וואָס הייסט אַ גוטע נאַכט? עס איז דאָך נאָך ניט נאַכט, נאָר סאַמע אָוונט. קומט אַרײַן צו מיר אין שטוב, כאָטשבי אויף צוויי מינוט. איך וויל, אַז מײַן מאַמע זאָל אײַך זען.

— אַן אַנדערשמאָל.

— פאַרוואָס ניט הײַנט? נו, אויב איר ווילט ניט אַרײַנגיין, וועל איך אַליין אויף אַ פּאָר מינוט אַרײַנלויפן, כ'וועל זיך גלײַך אומקערן, — ער איז אַרויס־געשפּרונגען פון דער מאַשין און פאַרשוווּנדן אין הויז. ליזע איז אויך אַרויס פון דער מאַשין און גענומען אומשפּאַצירן הין און צוריק איבערן טראָטואַר.

ניאָמעס מאַמע — אַ מאַמע, וואָס דאַרף שוין זײַן אַ באָבע, האָט שוין לאַנג ניט געזען דעם זון אירן אַזאַ אופגעלעבטן, אין אַזאַ געהויבענער שטי־מונג, ווי איצט, ווען ער איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב. זײַן אופגעלעבטקייט און מונטערקייט האָט גלײַך זיך איבערגעגעבן איר, און זי האָט אויך אופגע־שײַנט, אופגעלויכטן מיט אַלע אירע קנייטשן און קנייטשעלעך בא די ליפּן, אויף די איידעלע באַקן, בא די בלוילעכע אויגן. ניאָמעס טאַטע איז ווי אַ קוואַדראַטע הליבע געזעסן באַם טיש און מיט זיך אַליין געשפּילט אַ פּאַרטיע שאָך — איבערגעגרוקט מיט די קורצע און גראָבע פינגער די פיגורן און גע־

רעדט הויך אף א קאָל, צום אויסגעדאכטן קעגנער: „ביסטו, הייסט עס, גע־גאנגען אזוי, וועל איך גיין אָט וו׳אזוי...״ ניאָמע האָט א גלעט געטאָן דעם אלטנס פּלייצע:

— ווער געווינט? — האָט ער געפרעגט.

— זעסט דען ניט? — האָט דער טאטע זיך אָפּגערופן מיט גרויס פרייד. — זעץ זיך צו און כאפּ ארײַן א מאט...

— ניטאָ קיין צײַט, טאטע. שפּיל דערווײַל מיט סמיסלאָוון... מע וואַרט אף מיר, — האָט ניאָמע אָנגעוויזן מיט א האַנט אפן פענצטער, און טאטע־מאמע זײַנען, ווי קינדער, צוגעפאלן צו דער שויב.

— ס׳איז זי, — האָט ניאָמע געזאָגט שטיל, קימאַט שעפּטשענדיק, פּונקט ווי דאָס מיידל, וואָס גייט אום איבערן טראָטואַר, קאָן אים דערהערן דורכן פארמאכטן פענצטער.

— ווו, ווו איז זי? — האָט די מאמע מיט ברענענדיקן נײַגער אויסגעקוקט די אויגן. — פאַרוואָס האָסטו זי ניט ארײַנגעפירט אין שטוב?

— כ׳וועל זי נאָך ארײַנפירן, מאמע... — ניאָמע האָט א קוק געטאָן אף זיך אין שפּיגל, א פּוץ געטאָן די שיך און ארויסגעלאָפן.

— ער וואָלט כאָטש באוויזן די שאפע, וואָס ער האָט געמאכט, — האָט די מאמע באדויערט און, טיפער אָפּעטעמענדיק, צוגעגעבן. — דוכט זיך, א שיין מיידל.

— האָסט שוין אזוי גיך דערזען דורכן פארטויײַקטן פענצטער, אז זי איז א שיינע? — דער שאָכשפּילער האָט מיט א היכצנדיק געלעכטער ווידער זיך אוועקגעזעצט שפּילן.

— בא מיר זײַנען ווילע אלטיטשקע, א שאָד, וואָס איר זײַט ניט ארײַן, — האָט ניאָמע פּוילבלעך, ווי אלץ נאָך וואַרטנדיק, אז דאָס מיידל וועט איבער־קלערן און ס׳וועט זיך איר פאַרוועלן ארײַנגיין, אוועקגעלייגט די הענט מיט די לאנגע פינגער אף דער באראנקע פון דער מאשין. ער האָט אויסגעקערע־וועט די מאשין אף אָפּצופירן ליזען אהיים.

„איך האָב ניט געדארפט קומען״, — האָט ליזע, זיצנדיק לעבן ניאָמען, געטראכט. זי האָט געפילט, אז עפּעס אזעלכס, וואָס זי דאַרף ניט און וויל ניט, הייבט זי אָן צו באלעסטיקן און זי מוז זיך פון דעם באפרײַען. וואָס גי־כער, איז בעסער. באלד וועט זײַן א מעטראָ־סטאנציע, זי וועט בעטן אָפּ־שטעלן די מאשין און זיך געזעגענען מיט אים. נאָר איין מעטראָ־סטאנציע איז פאַרבײַגעפלויגן נאָך דער צווייטער און זי האָט גאָרנישט ניט געזאָגט ביז דער גאַס, ווו עס געפינט זיך איר הויז.

— נו, אויב איר אײַלט אזוי... איז ווען זעען מיר זיך ווידער? — האָט ניאָמע געפרעגט.

ליזע האָט געשוויגן.

— גוט, — האָט ער זיך געגעבן אן אייצע. — וועלן מיר זיך ווידער בא־געגענען דאָרטן, ווו שטענדיק, בא די ביכער...

אלעמען, אפילו די נאָענטסטע באקאנטע שעמט זיך ליזע אויסצוזאָגן, אז זי איז בעסאכאקל א פאַרקויפערן, נאָר אים וואָלט זי דעם סאָד, ווען ער זאָל אליין זיך ניט דערוויסן, אָן שום קווענקלעניש גלײַך אויסגעזאָגט...

אז זי וויל לאכלוטן ניט געווינען אין זײַנע אויגן, פארקערט, עס ארט זי ניט, אויב זי וועט פארשפילן. דאָס, אייגנטלעך, פארלאנגט זי טאַקע.

— מיר זײַנען דאָך קאָלעגן, — האָט ניאָמע זיך אָנגערופן, ווי ער וואָלט געלייענט אירע געדאנקען. — נאָר איר האָט צו טאָן מיט געדרוקטע ביכער, און איך מיט קסאוויאדן.

אין שטוב איז ליזע ארײַנגעקומען אין גרויסער פארלעגנהײַט. זי האָט געוואָלט אופהערן קלערן וועגן דער דאָזיקער אומגעריכטער באגעגעניש און ניט געקאָנט, נאָכאמאָל און ווידער איבערגעכאזערט פאר זיך, אז עס איז געווען א גרויסע נארישקײַט, וואָס זי איז געלאָפן צום קינאָ־טעאַטער.

איטע איז, געוויינלעך, אויסגעגאנגען צו דערוויסן זיך, צי האָט ליזע זיך געזען מיטן באָכער און אויב זיך געזען, איז ווי איז דאָס אלץ פאָרגעקומען, וואָס האָט מען גערעדט און וואָס פאר אן אײַנדרוק האָט ער געמאכט, און צי האָט מען באשטימט ווידער זיך זען? אָבער וויאזוי טרעט מען צו צום אויס־פרעגן דאָס אלץ? ליזע איז גלײַך ארײַן אין איר צימערל און זיצט דאָרטן, זאָגט ניט קיין וואָרט. סאָפּקאָלסאָף האָט די מאמע ניט אויסגעהאלטן:

— דערציילֹ זשע. איר האָט זיך געזען?

— זיך געזען! געזען!

— א וויילֹ ייִנגלֹ?

— א ווילי! א ווילי! ביסטו שוין צופרידן? — און גאָר פלוצעם האָבן בא ליזען זיך באוויזן טרערן אף די אויגן.

— וואָס זשע וויינסטו, נארעלע?

— מאמע, וועסט מיך אמאָל אופהערן פײַניקן?

— מער קיין וואָרט, טאָכטער, וועל איך ניט פרעגן בא דיר. איך וויל נאָר, דו זאָלסט מיך א ביסל אויסהערן. א מאמעס הארץ, זאָגט מען, איז בלינד, נאָר פונדעסטוועגן בלינדערהייט זעט עס אויך.

איטע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אפן דיוואן, געהאלטן אן עלנבויגן אָנגע־שפארט אינעם צוקאָפּנס־קישעלע. ליזע איז א פארטראכטע געזעסן אפן שטול באם טישל. אין מיידלשן צימערל איז געווען ריין אופגעראמט. אפן טיש זײַנען געלעגן לערנביכער און אף די ביכער — א טעניס־ראקעטקע מיט א פילקעלע, וואָס האָבן ווי געוואָרט, אז זייער יונגע באלעבאָסטע זאָל זיי כאפן אין האנט און מיט זיי ארויסלויפן אין דרויסן שפילן.

— אז דו קערסט זיך ניט אום אמאָל, ליזעטשקע, אזוי גיך אהיים פון דער ארבעט, צי באנאכט פון אינסטיטוט, אָדער נאָך א וועטשער, ווו דו פאר־האלטסט זיך, גיי איך דאָך אראָפּ פון זינען, — האָט איטע אָנגעהויבן מיטן פארלאנג צו צעשטרייען בא ליזען איר אומעט, לינדערן איר אופגערעגט־קײַט. איר האָט זיך געדוכט, אז איצט איז גראָד דער פאסיקער מאָמענט צו נעמען דערציילן א געשיכטע. און וואָס קאָן זײַן אינטערעסאנטער און רירנ־דיקער פון דעם, וואָס עס איז פארלאָפן אין די מילכאָמע־יאָרן? זי האָט אזוי־פיל צו דערציילן, איטע, נאָר עס קומט עפּעס אלץ ניט אויס, אָדער ס'איז ניטאָ קיין צײַט, אָדער ס'איז ניטאָ דער צוהערער... אָבער דערציילן דאַרף מען פונדעסטוועגן, דעריקער די קינדער. עלטערן עלטערן זיך, א מענטש לעבט ניט אייביק, גייט אוועק, און פאר א קינד בלײַבן א סאך זאכן א סאָד.

ליזע ווייסט א ביסל. פארוואָס זאָל זי ניט וויסן מער? און פארוואָס איז זי אליין פארשלאָסן פאר דער מאמען, די מאמע איז דען איר א סוינע?

— דו ביסט, טאָכטער, געבוירן געוואָרן סאכאקל אין א יאָר ארום נאָך דער מילכאָמע, — האָט איטע אָנגעהויבן וויקלען א ווײַטן פאָדעם, — עס זײַנען נאָך דאן געווען די קארטאָטשקעס אף פּראָדוקטן, נאָר מיר האָבן דיך גוט געהאָדעוועט, גאָרניט געזשאלעוועט, דו זאָלסט ניט אויסוואקסן קיין שוואכינקע. מײַנע מיט דײַן טאטנס טאלאָנעס האָבן מיר געביטן אפן מארק, זאָלסט געניסן פון א געשמאקער זאך, אופעסן אן עמעס אייעלע, ניט דעם פארטריקנטן אייער־פּראָשעק, די מאנע־קאשקע זאָל זײַן אף פּוטער, ניט אף ליארד. אן איינציק קינד. ס׳הייסט, דו ביסט געוואָרן דאָס איינציקע. טײַבעלען האָב איך געהאט א וואָך פאר דער מילכאָמע, איך האָב עס ניט אויסגעהיט, מײַן קינד...

ליזע האָט אומגעדולדיק גענומען זיך רוקן אפן שטול, נאָר די מאמע האָט עס ניט באמערקט.

— אָט דאָ־אָ, זעסטו, — האָט איטע מיט דער האנט אראָפּגעווישט א פּאָר טרערן פון די אויגן און זי אויסגעשטרעקט צום פענצטער, — אָט דאָ־אָ, עטוואָס ווײַטער פון אונדזער איצטיקן באלקאָן און פון אונדזער פריִערדיק שטיבל, איז געווען אונדזער באָמבע־אובעזשישטשע. מיר האָבן זיך צונויפגענומען א פיר־פינף באלעבאטים פון אייגענע שטיבלעך און צוזאמען אויסגעגראָבן די באהעלטעניש, פארפעסטיקט זי מיט דרענגלעך, באלייגט מיט גראָז און מיט צווײַגלעך, אז די פינצטערע אעראָפּלאנען זאָלן זי פון אויבן ניט דערזען און ניט נעמען באָמבארדירן. אין דעכל איז געווען ארײַנגעשטעקט צוויי ביימלעך, עס זאָל אויסקומען א מין וועלדל. איך בין נאָר ארויס פון דער ראָדילניע, ניט באוויזן ארײַנצוגיין אין שטוב, און שוין געמוזט מיטן אייפעלע אף די הענט ארײַנקריכן אין דער וויסטער לאָך. נאָר די טרעוואָגע איז נאָך דעמלט געווען א פאלשע. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן עמעסע טרעוואָגעס. אלע מאָל, פּונקט ווי אף צולאָכעס, ווען איך האָב געגעבן טײַבעלען זויגן. איך וויל אָפּרײַסן דאָס מײַלכל פון דער ברוסט, לאָזט עס ניט, האלט פארקלעמט מיט די ליפּן, און איך לויף פון שטוב, ווי א מעשוגענע, מיטן קינד באם אָפענעם בוזעם, אפילע קיין טרוקן ווינדעלע אף איבערצובײַטן ניט פארכאפּט מיט זיך. שפּעטער בין איך געוואָרן קליגער. עס איז בא מיר געלעגן אָנגעגרייט א קאָלדערקע, א לײַלעכל, אלץ וואָס איך דארף, כ׳זאָל גלײַך ווי ס׳וועט א וואָיע טאָן די סירענע, האָבן אלץ אונטער דער האנט. אָבער א מענטש ווערט צו אלץ געוווינט. שפּעטער א ביסל זײַנען די טרעוואָגעס שוין געווען אזוי אָפט, אז זיי זײַנען געוואָרן א געוויינלעכע זאך. די אעראָפּלאנען פליִען, די זעניטקעס קנאלן, די סירענעס יאָמערן, און איך שטיי מיר אין מײַן שטיבל, אין פירהויז, קאָך אף דער קעראָסינקעווארמעס. אז דער מענטש ווייסט סײַוויסײַ ניט, ווו ס׳ווארט אף אים דער טויט, ווו עס יאָגט אים נאָך דער מאלעכהאמאָוועס. אָבער איינמאָל האָט שוין עפּעס גאָר שטארק גענומען בלינצלען, עס איז געוואָרן א מעסוקענער גערודער, איך האָב א קוק געטאָן אין אונדזער הייפל און דערזען, אז דער הימל שפּאלט זיך, עס איז א געהענעם. אן אומברענגעניש, איבער די דעכער, אף דער

גאַס, רײַכערט זיך, עס ברענט שוין, ווײַזט אויס. האָב איך געכאַפּט דאָס קינד און זיך געלאָזט לויפן. אינמיטן הויף האָב איך זיך דערמאָנט, אַז כ׳האָב ניט פאַרלאָשן די קעראָסינקע, און זיך געמוזט אומקערן, דערנאָך בין איך ווידער געלאָפן, די פּראָזשעקטאָרס האָבן געשמיסן גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, פאַרבלענדט די אויגן, קוים אַ לעבעדיקע בין איך אַרײַנגעשפּרונגען אין דער באַהעלטעניש, ווו מע האָט שוין אַף מיר געוואַרט און איבערגעקלערט, פאַרוואָס איך בין ניטאָ. אין דער גרוב, געווײנלעך, איז אַן ענגעניש, אַ דרענגעניש, אַ שטיקעניש, עס איז אַ באָמבע־ און אַ גאַז־אובעזשישטשע צוזאַמען. אָבער אַז מע איז צווישן מענטשן, איז היימלעכער. די קלענערע קינדער ווײנען, די גרעסערע קינדער, די ייִנגלעך, שטורכען זיך מיט די עלנבויגנס, אַלץ ווײַסן זיי, אַ סאַך מער פון די מאַמעס. און דאָ האָט זיך נאָך צוגעשלאָגן און געוואָרן אונדזערער אַ קוואַרטיראַנט אײנער אַ ייִד, וואָס איז געקומען צו לויפן פון פּוילן אָדער פון ליטע, כ׳געדענק שוין ניט גענוי פונוואַנען, דאַכט זיך טאַקע, אַז פון ליטע, און ער דערציילט גראָד ניט וועגן די אומגליקן, וואָס ער האָט שוין באַוויזן דאָרטן זיך אָנצוזען, — ער האַלט נאָר אין אײן זאָגן, אַז ער איז מאָשיעך, אַז ער וועט אַף אײביק אויסלייזן די ייִדן פון אַלע פּײַנען, פון אַלע צאָרעס, פון אַלע היטלערס. „אָט דאָ איז בײַ מיר אַלץ פאַרשריבן, וויאַזוי דאָס וועט ווערן געטאָן“, — נעמט ער אַרויס פון דער בוזעמקעשענע אַ פּעקל פאַרשריבענע בלעטלעך, און די אויגן ברענען, די פּייעס גלאַנצן פונעם שווייס, וואָס האָט זיי באַדעקט. אַפילע די קינדער האָבן ניט געלאַכט פון אים. אין אַזאַ צײַט איז דען אַ שווערע זאַך, אַז אַ מענטש זאָל זיך רירן פון די געדאַנקען? דערנאָך איז ער נעלעם געוואָרן, מיסטאָמע אַרײַנגעטראָפן אין אַ מעשוגאָים־הויז...

אָבער די בעסטע צײַט, ווען עס פלעגט ווערן אַ ביסל גרינגער אַפן האַרצן, איז געווען דאַן, ווען דער גאַס־דעזשורנע האָט גענומען שרײַען, אַז מע מעג שוין אַרויסקריכן פון דער באַהעלטעניש. מע קריכט אַרויס, מע עטעמט פרײַ אָפּ, מע הייבט אויף די אויגן אין דער הייך און מע דערזעט אַ ריינעם, אַ שטילן הימל. די גאַס, די הויפן, די שטיבער, די לאָנקע אין עק גאַס, וווהין די קינדער זײַנען אַוועקגעלאָפן זיך שפּילן, אַלץ זעט אויס נײַ, און עס איז ליב יעדעס פּיצל ערד, וואָס דו טרעטסט אַף דעם... ס׳זײַנען געשטאַנען קלאָרע, וואַרעמע טעג, עסן איז געווען וואָס, אַף פּרעאָבראַזשענקע פלעג איך קויפן אַן אָף — אַ פּעטע, אַ וואָגיקע, אַ קאַפּאָרע היטלער. דעם טאַטן האָט מען נאָך דערווײַל ניט גענומען אַפן פראָנט, און איך האָב אים אונטערגעביטשעוועט, ער זאָל האָבן קויעך, ווען ס׳וועט קומען די שאָ און מע וועט אים נעמען. נאָר מיט יעדן טאָג איז אין די שטיבער אַלץ ווייניקער געוואָרן מאַנצבלען; צו וועלכער שכײנע כ׳קום ניט אַרײַן, לייגט מען דאָרטן צונויף די זאַכן פאַרן מאַן, צי פאַרן זון, צי פאַרן אײדעם, און די ראַדיִאָ זינגט, די מוזיק שפּילט, פונעם נאַכאַנאַנדיקן קאָנצערט רײַסט באַם האַרצן אַף אויסצוגיין. איך בין אַרײַן צו דער שכײנע פייגע, אַלעהאַשאָלעם, איצט האָט זי שוין געפונען איר אײביקע רו אין וואָסטריאַקאָווע, אַ שײנע מאַציײווע איז בײַ איר אַפן קייווער, זי האָט די מאַציײווע בײַ די קינדער ערלעך פאַרדינט, אַלעמען אויסגעהאָדעוועט, — ווען איך בין אַרײַנגע־

קומען צו איר, איז זי געזעסן אָנגעבויגן איבער איר גרויסן הילצערנעם קאַסטן און אויסגעקליבן פון דאָרטן פאַרשיידענע נייטיקע קלייניקייטן מיטצוגעבן די יינגלעך אפן וועג. צוויי זין פאַראַמאָל האָט זי געדאַרפט ארויסבאַגלייטן אפן פראָנט. „אייער מיכלען רופט מען ניט?“ — האָט זי מיך געפרעגט. און האלעמיי זאָל איך דיר, ליזע, ליגן זאָגן, אומעטום האָט מען עס גענומען פרעגן בא מיר, דיין טאַטע האָט אלעמען געשטאָכן די אויגן. ביז מע האָט אין „טאָרג“, אין זיין אָרגאַניזאַציע, ניט צונויפגעשטעלט א צעטל, ווער עס וויל גיין אין דער אָפּאָלטשעניע, און ער האָט מיר שוין געבראַכט אהיים דאָס פּאַפּירל, ווו עס איז אויסגערעכנט, וואָס ער דאַרף מיט זיך מיטנעמען: צוויי פּאָרלעך וועש, א האַנטעך, א גאָלמעסער, א שטיקל זייף...

— מאַמע, — האָט ליזע זיך אופגעהויבן פון שטול, — קיין איבעריקע צייט האָב איך ניט, איך דאַרף לערנען.

— זיץ נאָך, טאָכטער, א ביסל און הער, — האָט איטע געבעטן, און ליזע האָט מיט אן אומעטיק פּאָנעם ווידער זיך אוועקגעזעצט. — איך דול דיר ניט א קאָפּ מיט נעכטיקע טעג, מיט נעכטיקע געשיכטעס גלאַט אזוי, איך וויל, אז דו זאָלסט וויסן...— איטע האָט זיך אומגעקוקט אף דער טיר, מוירע האָבנדיק, אז עמעצער וועט אריינקומען און זי איבערשלאָגן. — בא וואָס זשע האַלט איך, בא וואָס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט?.. האָב איך דעם טאַטן ארויסבאַגלייט. און איך זיץ מיר אזוי אין איינעם א טאָג, איך געדענק עס, ווי היינט, אפן טרעפּל פון גאַנעק, און איך דערהער א קאָל פון דער גאַס: „מיכל פּרילוצקי גייט! מיכל פּרילוצקי האָט זיך אומגעקערט!“. ווען ער איז אריינגעגאַנגען אין הויף, האָב איך אים גלייך אפילע ניט דערקענט אין די גרינע סאָלדאַטסקע קליידער, מיט דער פּילאָטקע אפן שפּיץ קאָפּ, מיט די שוואַרצע וויקלשנורן אף די פיס. נאָר שיעך צו זאָגן — ניט דערקענט. און ווען ער וואָלט זיך אָנגעטאָן ווי א מאַרשאַל, וואָלט איך אים אינמיטן דער נאַכט ניט דערקענט? עס האָט מיך געגעבן א הייב אוף פון עם אָרט, איך בין אים אוועקגעלאָפן אנטקעגן, אים ארומגעכאַפּט און ארייַנגעפירט מיט א געוויין אין שטוב. „ביסט געקומען אף א צייט?“ — „ניין, איך מוז גלייך אוועקגיין אף צוריק, — האָט ער געענטפערט. — אין אָוונט מוז איך שוין זיין אפן אָרט, מיר פאָרן ארויס פון מאָסקווע“, — און ער האָט גענומען אף די הענט טייבעלען, דאָס קינד איז געווען צאַפּלדיק, מילכיק, שיין, ווי די וועלט, מיטן פּיצינקן נעזל און מיט די דריי הערעלעך אפן קאָפּ, מיטן גראָבן געזעסל, וואָס עס איז ניטאָ קיין געשמאַקערע זאַך, ווי עס א קניפּ צו טאָן. טייבעלע האָט געקוויטשעט, און ער, דער טאַטע, האָט געקנייפּט. ער האָט אויסגעקושט די אייגעלעך דעם קינדס, איינגעזויפט זיך מיט די ליפּן אין די ראָזעווע בעקלעך, אינעם גלאַטן בריליאַנטענעם שטערנדל, ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט, אז ער קושט עס צום לעצטן מאָל, אז מיר וועלן עס אף אייביק פאַרלירן. הער זשע ווייטער, טאָכטער.

אין א כוידעש צי אין א ביסל מער ארום קריג איך פון מיכלען א בריוו. ער האָט געבעטן ארויסשיקן ניט קיין גרויסע פּאָסילקע. איז מיר געוואָרן א

ביזאָיען און א פארדראָס, פארוואָס האָב איך זיך אליין ניט דערטראכט, אז
מע דארף שיקן א פּאָסילקע. אף קיראָווסקע גאס, אפן פּאָטשטאמט איז
געווען א גאנצע פאבריקע, ווײַבער אף ווײַבער, ניטאָ קיין אָרט באם טיש,
ווו אוועקצושטעלן דאָס קעסטעלע. מע פּאקעוועט, מע קלאפּט, מע זעגט, מע
וועגט, מע שרײַבט די אדרעסן, מע קריכט אָן אָן אָטשערעד. פון פּאָטשט־
אמט בין איך ארויס א באגאָסענע מיט שווייס, נאָר, געוויינלעך, האָב איך
געהאט א גרויסע פרייד, וואָס איך האָב אוועקגעשיקט... פאָרנדיק אין אווי־
טאָבוס, האָב איך זיך צערעדט, און א סאך פרויען האָבן זיך גענומען בא
מיר נאָכפרעגן, ווי־אזוי מע שיקט, און וואָס מע שיקט. האָב איך אלעמען
דערקלערט, און אלע זײַנען געווען צופרידן פון מײַנע ענטפערס. נו, דער־
ווײַל האָט זיך שוין אָנגערוקט דער טיפער הארבסט, די לאגע אין מאָסקווע
איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער, איבערבלײַבן אין שטאָט איז געוואָרן
א געפערלעכע זאך. אָבער אוועקפאָרן האָב איך ניט געוואָלט. וווהין וועל
איך פאָרן מיטן אייפעלע? איך האָב געקראָגן צעטעלעך פונעם „טאָרג", אז
איך זאָל קומען אהין מיט די זאכן, עס וועט זײַן א מאשין. נאָר איך האָב
זיך געלייגט קאלטע פייגעלעך אין בוזעם און זיך ניט גערירט פון אָרט.
פארבײַ אונדזער שטיבל האָבן אָן אופהער מענטשן זיך געצויגן אפן פראָנט,
פרויען מיט קינדער און מיט פעק — צו די וואָקזאלן... כ׳בין אזוי לאנג
געזעסן, ביז עס איז ניט ארײַנגעקומען די דאָקטערשע פון דער קינדער־
קאָנסולטאציע. „איר זיצט נאָך? — האָט זי זיך צעשרי׳ען אף מיר. — איר
זײַט נאָך ניט אוועקגעפאָרן? לויפט, ווײַל איר קענט! איר ווייסט ניט, וואָס
עס טוט זיך", — און זי האָט זיך צעוויינט. מאָדנע, זייער מאָדנע האָט
אויסגעזען דער דאָקטערשעס געוויין. א דאָקטער דארף ניט, א דאָקטער טאָר
ניט וויינען. עמעס זאָג איך, ליזעטשקע?

— דאָקטוירים זײַנען דען קיין מענטשן ניט? מאמע, ווערסט ענדיקן אָן
אנדערשמאָל, — האָט ליזע זיך ווידער אופגעהויבן.

— ניין, הער שוין, טאָכטער, אויס ביזן סאָף, — איז איטע באשטאנען. —
גאָר קיין סאך איז שוין ניט געבליבן... עס זאָל דיר, קינד מײַנס, קיינ־
מאָל ניט אויסקומען איבערצולעבן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. אזוי
גרינג איז ווארפן א שטוב? איך האָב אײַנגעפּאקעוועט פאר איין שאָ צײַט —
ווו א קישן, א פענדל, א סקאָוואָראָדקע, א בעזעם, א קוואָרט — אלץ
ארײַנגעשטופּט אין די זעק אף איבערצולאָזן, און אף מיטצונעמען מיט זיך
האָב איך נאָר געהאט איין טשעמאָדאן און א צוויי־דרײַ פּעקלעך. אין דער
גרויסער אײַלעניש און כאפּעניש האָב איך פונדעסטוועגן אָפּגעקאָכט א
טעפּל קארטאָפליעס אפן וועג. און כ׳בין אוועקגעלאָפן צו איינעם א באַ־
קאנטן יונגן כעוורעמאן, א מאָנטיאָר, ער פלעגט מיר שטענדיק פאריכטן
די עלעקטרע, ווען זי איז קאליע געוואָרן. ער האָט גענומען א וועגעלע און
זיך געלאָזט צו מיר, געמיינט אוואדע, אז איך נעם מיט ווער ווייסט וויפל
זאכן. מיט אים האָט זיך נאָכגעשלעפּט זײַן מאמע. זי האָט ארומגעקוקט
די שטוב מײַנע, וואָס עס בלײַבט דאָרטן איבער. דערזעען אין דער קיך
דעם גרויסן קעסל צו קאָכן גרעט, האָט זי געפרעגט, צי זי קען אים נעמען.
זאָג איך: „ווי דו ווילסט. איך פאָר אוועק". — „דעם שפּיגל לאָזסטו אויך

איבער?״ — „אז ס׳וועט זײַן א לעבן, וועט זײַן אין וואָס צו קוקן, — האָב
איך געענטפערט, — דערווײַל דאַרף איך אים ניט״. האָט זי געזאָגט, אז זי
נעמט אים, געשאָנקען מיר דערפאר א „זײַ־געזונט״ און געהייסן דעם זון
אירן, אז ער זאָל אַפּצוריקוועגס מיט דער ליידיקער טאַשקע ארײַנפאָרן
נאָך די זאכן. „שלעפּ זיי אליין״, — האָט דער באָכער מיט קאס א מאַך
געטאָן צו איר. עס איז אים געווען א ביזאָיען פאר זײַן מאמען. די ווערט
פון א מענטשן, וואָס אזעלכס ער שטעלט מיט זיך פאָר, דערוויסט מען זיך
גרינטלעך אין דער צײַט פון א בעהאָלע, אן אומגליק, א סרייפע, א מיל־
כאָמע, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן. איך האָב זיך געלאָזט גיין מיטן קינד אף
די הענט נאָכן וועגעלע, און עס האָט מיך באגלייט, כ׳וועל ניט זאָגן, אז די
גאנצע גאס, יעדערער האָט געהאט גענוג אייגענע צאָרעס, עס איז שוין
ניט געווען קיין שטוב אף אָונדזער גאס, וווּ עמעצער זאָל ניט פעלן, אין
א צאָל שטיבער האָט מען שוין באוויזן צו קריגן דאָס טרויעריקע קוויטל,
אז דער מאן, צי א זון, צי א ברודער זײַנען דערהארגעט געוואָרן, נאָר אז
מע ווינט אָפּ א לעבן צוזאמען, בישכיינעס... איך בין געגאנגען איבערן
שטיינערנעם ברוק, — די גאס איז נאָך דאן ניט געווען אספאלטירט, —
און איך האָב געפילט אונטער די פיס יעדעס שטיינדל, געזעגנט זיך מיט
דעם. ווער ווייסט, ווען וועל איך עס ווידער באטרעטן?.. איך קוק זיך אום
אף די שטיבער פון ביידע זײַטן טראָטואר און טראכט: וויי־וויי, מע זאָל
גאָר דארפן לויפן פון מאָסקווע? ווער האָט זיך געקאָנט אף אזעלכס ריכטן?
און עפשער דארף מען גאָרניט לויפן, נאָר זיך אומקערן אהיים, ניט אלע
פאָרן דאָך אוועק. איך גיי איבער דער גאס מיט טײַבעלען צוגעדריקט צום
הארצן, עטלעכע ווײַבער גייען מיט מיר, באגלייטן ביז פּרעאָבראזשענקע,
ווּו עס שטעלט זיך אָפּ דער טראַמווײַ. מע האָט געקושט מײַן קינד,
און איך האָב זיך אויך צעקושט מיט די ווײַבער בייסן געזעגענען
זיך.

געקומען אפן קאזאנער וואָקזאל — טאטעניו אין הימל! ער איז באלא־
גערט און באקלעפּט מיט מענטשן. האָב איך זיך אוועקגעזעצט אינמיטן
שטוב אין א ווינקעלע — גלײַך אינמיטן זאל. איך האָב זיך צוגעמאָסטעט
צו איינער א פרוי, אוועקגעלייגט מײַנע זאכן אף אירע און אוועק עפּעס
וואָס זיך דערוויסן. כ׳האָב זיך קוים דערשטופּט צו דער דעזשורנע, און
פון איר האָב איך זיך דערוווּסט, אז די מאמעס מיט די קינדער פונעם
„טאָרג״ זײַנען נעכטן אוועקגעפאָרן. „וואָס זשע זאָל איך איצט טאָן?״ —
פרעג איך זי. „וועגן דעם האָט איר געזאָלט פריִער טראכטן, — האָט די
דעזשורנע געענטפערט. — איצט וועט איר שוין ניט אוועקפאָרן!״ א בייזע
דעזשורנע, דאָס פּאָנעם איז בא איר געווען רויט, ווי דער אַקאָלישעק פון
איר היטל. אזוי ווי א געליימטע בין איך געבליבן שטיין אנטקעגן איר.
דערווײַל הער איך, ווי די ראַדיאָ גיט איבער, אז ווער עס האָט ניט קיין
בילעט, זאָל ארויסגיין פון וואָקזאל. צו מיר, געוויינלעך, קלעפּט זיך עס,
ווי אן ארבעס צו דער וואנט. איך האָב זיך אומגעקערט אף מײַן אָרט און
גענומען אויסקוקן עפּעס א ווינקעלע, ווּו בעסער זיך אײַנצואָרדענען. מיט־
אמאָל אין א נאָוועגע איז געוואָרן א טרעוואָגע, מע האָט געהייסן איבער־

לאָזן די זאַכן און גײן זיך באַהאַלטן אין מעטראָ. די ראַדיאָ און די דעזשורנע האָבן געשריִען: „פּריִער — מיט די קינדער! לאָזט פֿאָרויס די מאַמעס מיט די קינדער!” בין איך געווען צווישן די ערשטע. אַרײַנגעקומען אין מעטראָ אויף „קאָמסאָמאָלסקע”, האָט מען ווידער איבערגעגעבן, אַז פֿרויען מיט קינדער זאָלן אַרײַנגײן אין די וואַגאָנעס. זיץ איך אַזוי אין וואַגאָן, ווען די טרעוואָגע האָט זיך שוין אפֿילו פֿאַרענדיקט. דאָ איז פֿרײַער, גוט, ליכטיק, וואַרעם. גײט דורך פֿאַרבײַ מיר אײנער אַ מיליטערמאַן, אין די מיטעלע יאָרן, טוט אַ קוק אויף מיר, שטעלט זיך אָפּ, בייגט זיך אָן און פֿרעגט: „גראַזשדאַנאָטשקאַ, וואָס זיצט איר? די טרעוואָגע האָט זיך שוין געענדיקט”. ווײַז איך אים די ספּראַווקע, אַז מײַן מאַן איז אין אַרמײ, און זאָג אים, וווהין איך דאַרף פֿאָרן, אַז מײַן אָרגאַניזאַציע, דער „טאָרג”, איז שוין אין וועג, און כ׳האָב זיך ניט ווו אַהינצוטאָן, סײַדן זיך לייגן אויף די רעלסן. האָט ער צוגערופֿן אַ טרעגער מיט אַ בליאַכע אויפֿן פֿאַרטעך. „אַנו, קום נאָר אַהער טײקעף מיטן וועגעלע און נעם די זאַכן פֿון אָט דער פֿרוי און העלף איר זיך אַרײַנזעצן אין אַ פּאָיעזד”. דער טרעגער האָט געכאַפּט מײַן טשעמאָדאַן מיט די בינטלעך, אַרופֿגעוואָרפֿן אויפֿן וועגעלע, איך בין אים נאָכגעלאָפֿן און האָב אַליין ניט באַמערקט, וויאַזוי ער האָט מיך אַרײַנגעשטופּט אין באַן. אַלע פּאָלקעס זײַנען געווען פֿאַרנומען. איך האָב ווי־עס־איז אוועקגעלייגט די זאַכן אויף אַן עק פּאָלקע. אויף דער באַנק איז געזעסן אַ ייִדישער באָכער, מע האָט אים גערופֿן וואָלאָדלען. אָנגעטאָן אין אַ גימנאַסטיאָרקעלע, אין גרינע הויזן־גאַליפֿע. ער איז געפֿאָרן זיך לערנען אויף קורסן צו זײַן אַ קאָמאַנדיר. געווען איז ער נאָך טאַקע גאָר אַ יונגער, אַ ייִנגל. כ׳געדענק אים, ווי כ׳וואָלט אים געזען הײַנט. נאָכן אָפּפֿאָרן פֿון מאָסקווע האָט מען גענומען שרײַבן אַ צעטל, וועמען אַרויסצוגעבן סוכאַרעס, מע האָט פֿאַרשריבן נאָר די מיליטערלײַט. וואָלאָדלען האָט גענומען די סוכאַרלעך און זײ מיר אָפּגעגעבן, ער האָט מיר אָפּגעטראָטן זײַן אָרט אויף דער באַנק און זיך אַליין אויסגעבעט אויפֿן דיל, צווישן די בײדע פּאָלקעס. אויף מאָרגן אינדערפֿרי האָט ער מיר געגעבן ברויט מיט וווּרשט; אויף די סטאַנציעס איז ער געלאָפֿן נאָך הייסער וואַסער, און דאָרטן, ווו מיר זײַנען געשטאַנען לאַנג, האָט ער מיר געבראַכט אַ מיטיק. אַ מלאך פֿון הימל איז ער געווען פֿאַר מיר, און דאָס קינד, דײַן שוועסטערל, האָט ער ליב באַקומען, ווי דאָס לעבן אַליין. איך בין טאַקע געווען פֿאַרכוישעכט און פֿאַרשוואַרצט, נאָר דאָס קינד האָב איך אויפֿגעהאַלטן ריין, ציכטיק. וואָלאָדלען פֿלעגט עס נעמען בײַ מיר און זאָגן: „אוי, אַזעלכס האַלטן אויף די הענט איז אַ פֿאַרגעניגן”. און איך האָב בײסמײַסע זיך געטראַכט, אַז אַזאַ מין ייִנגל מעג זיך ווינטשן יעדע מאַמע צו האָבן פֿאַר אַן אײדעם.

אין וועג האָב איך אויסגעהיט טײַבעלען — עס זאָל זיך ניט צוטשעפּען צום קינד עפּעס אַ קרענק, עס זאָל ניט כאַפּן דאָס בײַכל, דאָס מאָגנדל. די באָמבאַרדיראָווקעס, דאַנקען גאָט, האָבן אונדז אויך אויסגעמיטן, בעשאָלעם זײַנען מיר געקומען צו פֿאָרן אין קירגיזיע... גרינג איז ניט געווען, נאָר מע האָט געלעבט. דאָס קינד איז געוואַקסן, דאָס קינד איז געווען אַרומגעזעץ. אָבער אַז עס איז ניט באַשערט... ווען עס איז אַלט געוואָרן דאָס

דריטע יאָר און גענומען ארומגיין, ארומקריכן אומעטום... איך בין גראָד ארויס פון שטוב און זיך פארהאלטן. איך האָב געמעגט אויסברעכן זיך ביידע פיס, איידער איך בין אוועק און געלאָזן דאָס ברעקל אליין. טײַבעלע איז ארויסגעלאָפן אין דרויסן, און ס׳דארף דאָך אזעלכס טרעפן. אַן עלעקטרישער דראָט האָט זיך גראָד אראָפּגעריסן פון א סלופּ, גלײַך לעבן טויער. טײַבעלע איז ארויף אָף אים, און אין איין רעגע איז דאָס קינד געוואָרן אויס. פארברענט, פארקוילט... הא, וואָס זאָגסטו, טאָכטער, אָף דעם? — האָט איטע מיט א שלוקערץ געפרעגט און אנשוויגן געוואָרן.

ליזע האָט שוין פריִער געהאט געהערט, וויאַזוי עס איז אומגעקומען איר שוועסטערל. בא ביידן — בא ליזען און בא דער מאמען — זײַנען איצט געווען טרערן אין די אויגן, נאָר איטע איז געווען צופרידן, וואָס זי האָט א ביסל אויסגעגאָסן דאָס הארץ און די טאָכטער האָט זי אויסגעהערט.

א קינד דארף וויסן און געדענקען, ווי עס איז טײַער בא דער מאמען, ווי שווער ס׳איז אָנגעקומען עס אויסצוהאָדעווען... אז טאָג און נאכט ציטערט די מאמע איבער איר, דער איין־און־איינציקער. „הער מיך אוף צו פײַניקן!‟ — האָט ליזע פריִער אויסגעשריִען. אָבער די מאמע ווינטשט דאָך נאָר גוטס. עפשער איז דער באָכער, מיט וועמען זי האָט הײַנט זיך געטראָפן, טאקע בעסער פון וואָלאָדיען? ער איז עלטער, ער האָט שוין געענדיקט אַן אינסטיטוט, האָט א פאך אין דער האנט. ליזע איז אים, אפּאָנעם, זייער געפעלן געוואָרן. עפשער איז ער טאקע איר באשערטער? ווער קאָן וויסן?..

## אין אורלויב

בא א סאָלדאט איז אזוי: דאָס ערשטע יאָר דינען אין ארמיי איז שווער, דאָס צווייטע יאָר איז שוין גרינגער, עס ווערט גרינגער, ווען עס קומען אָן נײַע פריזיוווניקעס, און דו ביסט שוין דער „וויטעראַגאָדניק‟, קימאט א וועטעראַן, קענסט שוין לערנען דעם נײַינקן, דעם אָקאָרשט־אָפּגעשאָרענעם, ווײַזן אים, ווו אײַן און ווו אויס, און ביישמײַסע אין הארצן אפילע א ביסל זיך איבערנעמען מיט דער אייגענער געשולטקײַט און געניטקײַט, קענטשאפט און בעריעשאפט.

איין זאַך, אפּאָנעם, ווערט מיט דער צײַט ניט גרינגער, נאָר, פארקערט, עפשער נאָך שווערער: דאָס ווארטן, דאָס ארויסקוקן אָף א בריוו פון דער היים. איבעם ארמייִשן לעבן איז פאראַן א סאַך אויסטערלישע מאָמענטן, און איינער פון די סאמע אויסטערלישע איז דאָן, ווען עס קומט פון שטאָט, פון דער שטאָטישער פאָטשט דער סאָלדאטסקער פאָטשטאליאָן מיטן טשעמאָדאָן בריוו אין דער האנט. אָך, איז ביטער, ווען דו ווארטסט אָף א בריוול, און באקומסט עס ניט. ס׳איז אַן עמעסע פּײַן, דערפילסט זיך פארלאָזן, פארגעסן פון די נאָענטסטע מענטשן דײַנע, זיי דארפן דיך ניט, דערמאָנען זיך ניט אָן דיר, גייסט זיי לאכלוטן ניט אָן.

וואָלאָדיע האָט אופגעהערט קריגן בריוו פון ליזען. פריִער האָט זי געשריבן רעגולער — איבער א וואָך, אייניקע מאָל אויך אָפטער. איצט איז שוין אוועק צוויי כאָדאָשים, ווי זי שוויַיגט. און וויבאלד זי שוויַיגט, שוויַיגט ער אויך. זי האָט ניט געענטפערט אף צוויי בריוו, וואָס זשע וועט ער זיך מאכן נאריש און שרייַבן?

וועלנדיק פארטויבן די בענקעניש נאָכן בריוול, כאָטשבי נאָר עטלע־כע געציילטע שורעס, איַילט וואָלאָדיע אין זונטיקדיקן טאָג, ווען ער קריגט די „אוּוואָלניטעלנע", אין דאָרף, זיך זען מיט מארינקען. וואָלאָדיע האָט שוין אפילע באשלאָסן בא זיך, אז מארינקע איז שענער און בעסער פון ליזען. ווען ער וועט ענדיקן דינען, וועט מארינקע שוין האָבן פארענדיקט די מיטלשול און זיי וועלן ביידע אָנקומען לערנען אין אוזשגאָראָד, אין אוניווערסיטעט. זיי וועלן זיך לערנען צוזאמען, אף איין קורס, דערנאָך... דערנאָך וועט מען זען. ער וועט, מעגלעך אף שטענדיק, בלייַבן אין דער טראנסקארפּאטער געגנט. אים איז אזוי גוט און געמיטלעך צו פארברענגען מיט מארינקען, עס פליִען דורך מיט איר די אורלויב־שאָען, ווי מינוטן, מע באוויַיזט נאָר ארויסצוגיין אינעם סעדל, א קלעטער טאָן אפן בארג, וואָס הייבט זיך אָן גלייַך הינטערן גאָרטן, און מע דארף זיך שוין געזעגענען, שוין אוועקפאָרן. אין וועג אָבער נעמט ער ווידער טראכטן, צי וועט ער אין דער קאזארמע געפינען א בריוו פון ליזען אָדער ניט, און פונקט, ווי דאָס וואָלט פאָרגעקומען ערשט נעכטן, דוכט אים, אז ער הערט אלץ, ווי ליזע שעפּטשעט צו אים, זי שווערט זיך, אז זי וועט ווארטן. עפשער איז דאָס נאָר געווען א קינדער־שפּיל? ניט־באטראכטע, נארישע, קינדערשע גענג דארף מען פארגעסן, און זי טוט טאקע קלוג, וואָס זי פארגעסט. ער דארף אויך פארגעסן. וואָלאָדיע גיט זיך ווידער און ווידער דאָס וואָרט מער ניט טראכטן וועגן קיין בריוו פון איר, נאָר יעדער מאָל, ווען ער לייגט זיך שלאָפן, גיט ער אפּסנייַ מיט אגמעסנעפעש און מיט האָפענונג א קלער: עפשער וועט מאָרגן פאָרט זייַן א בריוול?

פון דער מאמען און פונעם שטיפטאטן — וואָלאָדיע רופט אים לעצטנס פאר זיך נאָר מיטן נאָמען לעבאָר — קריגט ער בריוו רעגולער. די מאמע שרייַבט קורץ און איַילנדיק, אף שמאָלע בלעטעלעך, ווי זי וואָלט גע־שריבן רעצעפּטן. וואָלאָדיען זעען אויס גאנץ קאָמיש דער מאמעס שטענ־דיקע נאָכפרעגענישן וועגן זייַן געזונט. א סאָלדאט איז געזונט. אויב ער איז קראנק, איז ער ניט קיין סאָלדאט. זי שרייַבט וועגן גריפּ, וועגן צו־קילונגען. ווען זי זאָל נאָר זען, די מאמע, וואָס פארא איַיז־קאלטע בארג־טייַכלעך ער איז אין דער פולער אמוניציע אריבערגעשווו־מען.

לעבאָר שרייַבט דאפקע לאנגע בריוו. עס קומען אָן פון אים אזעלכע געפּאקטע קאָנווערטן, אז די גאנצע קאזארמע וווּנדערט זיך. ער געפינט אויס יעדן מאָל צו באשרייַבן נייַע מערקווירדיקייטן פונעם שטעטל פון די געלערנטע, ער שרייַבט וועגן דעם אוניווערסיטעט, וואָס געפינט זיך דאָרטן און ווו עס לייענען לעקציעס די גרעסטע פּראָפעסאָרן. וואָלאָדיע ווייסט, אז לעבאָר האָט דאָ א באשטימטן מיין, ער וויל, אז נאָך דער ארמיי זאָל

וואָלאָדיע אָנקומען לערנען אין סיבירער אוניווערסיטעט. ער האָט אים צוגעשיקט די אופגאבעס, וואָס מע האָט אין אוניווערסיטעט פארגעבן די אביטוריענטן אף די אופנאם־עקזאמענעס, און, כוץ דעם, נאָך צוגעטראכט עטלעכע אייגענע, ספעציעל פאר אים, ער זאָל זיך א ביסל מער א ברעך טאָן דעם קאָפּ. „פּרוביר זיי לייזן, — שרײַבט ער, — אין דעם קומענדיקן בריוו וועל איך דיר, צוזאמען מיט די ענטפערס, ארויסשיקן די מעגלעכע וואריאנטן פון דער לייזונג און נאָך א פּאָר אינטערעסאנטע אופגאבעס, וואָס מע האָט פארגעבן אף דער פיזיש־מאטעמאטישער אָלימפּיאַ־דע...״

און לעבאָר שיקט די ענטפערס, און די וואריאנטן פון דער לייזונג, און נאָך אופגאבעס, און וואָלאָדיע זיצט אין דער פרײַער אָוונטיקער שאָ אינעם רויטן ווינקל און שטודירט לעבאָרס בריוו, וואָס אייניקע זײַטלעך זייערע זײַנען ענלעך אף א מאטעמאטישן לערנבוך, און די דאָזיקע מעלאָ־כע איז אים דאפקע צום הארצן, ער לערנט מיט האסמאָדע.

אינעם שטיפּטאטנס בריוו זײַנען אָבער אויך פאראן שורעס, וואָס וואָלטן גאָר גיכער געפּאסט, אז עס זאָל זיי שרײַבן די מאמע. „איך וויל דיך שוין זייער זען. כ׳האָב זיך שוין פארבענקט נאָך דיר, זון מײַנער...״ וואָלאָדיע דערפילט אין די דאָזיקע ווערטער די עלנטקײַט פון אן עלטערן מענטשן. לעבאָר איז שוין אלט, — טראכט וואָלאָדיע, — און ער איז איינער אליין. עס כאפּט אים ארום א ראכמאָנעס־געפיל צום מענטשן, וואָס ער האָט פון דער פריסטער קינדהײַט געהאלטן פארן נאָענטסטן און באליבטסטן אין דער וועלט, נעענטער און באליבטער אפילע פון דער מאמען, און נאָר די לעצטע פּאָר יאָר האָט ער, וואָלאָדיע, זיך אליין דערווײַטערט פון אים און געוואָרן צו אים אָפּגעפרעמדט. אייגנטלעך וואָלט ער, דער דערוואקסענער זון, זיך געדארפט ארײַנמישן און זען, אז די מאמע זאָל אוועקפאָרן צו לע־באָרן, אָדער לעבאָר זאָל קומען צו איר. וואָס לעבן זיי, אף די עלטערע יאָרן, פונדערווײַטנס?

אינעם לעצטן בריוו האָט לעבאָר אָנגעשריבן, אז עס וואָלט גוט געווען, מע זאָל וואָלאָדיען דערלויבן קומען זיך זען מיט די עלטערן. ער, לעבאָר, איז די לעצטע צײַט עפּעס ניט אינגאנצן געזונט. וואָלאָדיע האָט דעם בריוו באקומען גראָד דאן, ווען ער האָט זיך אָקאָרשט געהאט אומגעקערט פון א מארש, אין וועלכן ער האָט צוזאמען מיט אנדערע סאָלדאטן זיך אויסגעצייכנט און באקומען א דאנק פון דער קאָמאנדשאפט.

— גיי און ווײַז דעם בריוו, — האָט וואָלאָדיען צוגערעדט זײַן בעסטער פרײַנט, סאשקאָ, מיט וועלכן ער טיילט זיך, געוויינלעך, מיט אלע זײַנע קווענקלענישן און זאָרגן. — טרעטסט אף אן אײַזערנער בריק. ווײַבאלד דו האָסט געקראָגן א דאנק, וועט מען דיר דערלויבן. און דו ביסט דאָך שוין ניט קיין יונגער סאָלדאט. אפן צווייטן יאָר גיט מען אורלויב...

וואָלאָדיע האָט פונדעסטוועגן געצווייפלט. ווען די מאמע וואָלט אָנ־געשריבן די ביטע, וואָלט גרינגער געווען צו גיין און ווײַזן דעם בריוו וועמען מע דארף. ניט נאָר דער קאָמאנדיר און דער סטארשינא פונעם

ווזוואָד, נאָר אויך די עלטערע קאָמאַנדירן — פון דער ראַטע, פונעם באַ־טאַליאָן ווייסן, אַז וואָלאָדיעס טאַטע איז אומגעקומען אין די קאַרפּאַטן, און ווען מע מאַכט אַ מאַרש אין די בערג און מע טרעפט אָן אָף אַן אייַנזאַמער פּיראַמידע מיט אַ רויטן שטערנדל איבער אַ בערגל, וואָס זעט זיך קוים אַרויס צווישן דער וואַלד־געוויקסעניש, טוט מען אַ קוק אָף וואָלאָדיען, ווי וועלנדיק פרעגן בא אים, צי איז ניט דאָס בערגל, דער נאָמענלאָזער קייווער אין ענגסטער קרוויוועשאַפט מיט אים? וועגן שטיפטאַטן ווייסט קיינער ניט, אַכוץ אַ פּאָר כעווריע, מיט וועלכע ער איז באַזונדערס באַפרייַנדעט. וואָלאָדיען דוכט אַלץ, אַז דער שטיפטאַטע וועט פאַרשטעלן און באַקריוודען דעם עמעסן טאַטן זייַנעם, און ער מייַדט אויס צו דערציילן, אַז ער האָט אַ לעבאָר. איצט איז אים געווען אומבאַקוועם און אומאָנגענעם צו גיין און ווייַזן פּלוצעם לעבאָרס ביטע.

— גיי און ווייַז, זאָג איך דיר! — איז באַשטאַנען סאַשקאָ, און די קורץ־אונטערגעשוירענע שטייענדיקע האַרטע הערעלעך אָפן כעוורעמאַנס קײַלעכיקן קאָפּ האָבן בייסמיײַסע זיך געוויגט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט מאַכן אַ ווינט, וואָס זאָל העלפן וואָלאָדיען זיך אָוועקטראָגן מיטן בריוו צום קאָמאַנדיר.

— ווילסט גאָר די אייגענע ניט זען? עס האָט דאָך דיר פּאָשעט צוגעשפּילט. אַ דאַנק האָסטו געקראָגן, איצט האָסטו קימאַט אָן אָפּיציעלע מעלדונג פונעם טאַטן, כ׳מיין, פונעם שטיפטאַטן, — האָט סאַשקאָ אין געוויסער פאַרלעגנהייַט זיך פאַריכט, — וואָס זשע דאַרפסטו נאָך? איך קאָוויר, אַז מע וועט דיך אָפּלאָזן אָף פולע צוויי וואָכן. מע האַלט פון דיר. בייסן מאַרש האָסטו באַוויזן...

דער דרייַטאָגיקער מאַרש, פון וועלכן מע האָט זיך אומגעקערט אין דער קאַזאַרמע זייער אופגעלעבטע, געקרעפטיקטע און אויך שטאַרק פאַרמאַטערטע, האָט בא וואָלאָדיען, ווי בא אַלע אַנדערע, וואָס האָבן אין אים אָנטיילגענומען, גוט זיך פאַרקריצט אין זיקאָרן, ער וועט אים אַזוי גיך ניט פאַרגעסן, דעם דאָזיקן מאַרש.

...דער אַליאַרעם־סיגנאַל האָט אַלעמען אופגעהויבן פון די געלעגערס האַלב צוויי באַנאַכט, און אין מינוטן אַרום האָבן די ראָטעס, די באַטאַליאָנען — דער גאַנצער פּאָלק אין דער פולער באַוואָפענונג אַרויסמאַרשירט פונעם מיליטערישן שטעטל און זיך אַוועקגעצויגן דורך דער שלאָפנדיקער שטאָט צו די בערג. שוין ניט דאָס ערשטע מאָל הייבט מען אוף באַנאַכט פון די בעטן און מע לאָזט זיך גיין אין אַ מאַרש, נאָר דאָס מאָל האָט דער אַליאַרעם זיך אונטערשיידט פון די פריערדיקע. וואָלאָדיען איז שווער געווען צו באַשטימען נעמלעך, אין וואָס איז דער אונטערשייד, נאָר אַז ער איז דאָ, האָט ער גוט געפילט. דער אונטערשייד האָט, ווייַזט אויס, געשפּירט זיך נאָך מער דערפאַר, ווייַל די נאַכט איז געווען אַ שטאַרק פינצטערע — אַזעלכע שטאָקפינצטערע נעכט האָט וואָלאָדיע דאָ, אין די טראַנסקאַרפּאַטן, נאָך ניט געזען, דער גאַנצער הימל איז פאַרפאַלן געוואָרן אין די בערג, זיי האָבן אים אייַנגעשלונגען, ווי אין אַ כוישעכדיקן אָפּגרונט. אָף איינעם אַ באַרג־שפּיץ האָט אַ בלינצל געטאָן אַ רויטע ראַ־

קעטע, זי האָט אַף א רעגע באהעלט די כאשכעס און באוויזן, אז א שטיקל הימל איז פונדעסטוועגן נאָך יאָ פאראן. שטרענגער, ווי געוויינלעך, — אזוי האָט זיך וואָלאָדיען אויסגעדוכט — האָבן די קאָמאנדירן געהיט די שטילקייט, מע זאָל אין די קאָלאָנעס ניט אויסריידן א וואָרט. איינעם מארש האָט אָנטיילגענומען די גאנצע דיוויזיע. מיט איר מעכטיקער טעכניק. עס האָבן אוועקגערודערט פאָרויס די טאנקען, די ארטילעריע פון אלערליי קאליברען, עס האָבן דורכגעהודזשעט אין דער פינצטערניש רעאקטיווע עראָפלאנען. דאָס מיליטערישע שטעטל האָט מען פארלאָזט מיט האקל־פאקל. עס איז מיטגעפאָרן די פעלד־קיך, דער סאניטאר־אָפטייל מיט מאשינעס, אָנגעלאָדענע מיט טראָגבעטלעך און פארשיידענע אנדערע זאכן, וואָס מע זאָל נאָר צו זיי ניט דארפן אָנקומען. „עפשער איז א מילכאָמע? אָן עמעסע מילכאָמע?“ — וואָלאָדיע האָט בייסן מארש א פאָר מאָל אויסגעדרייט דעם קאָפ אַף צוריק, א קוק טאָן אַף דער שטאָט, וואָס זיי האָבן פארלאָזט. די שטאָט איז רויק געשלאָפן. פארוואָס וועקט מען זי ניט אוף?

פארטאָג, ווען די בארג־שפיצן האָבן זיך גענומען אויסשיילן אין דער אופשפראָצנדיקער בלויקייט פון דער לופט, איז וואָלאָדיען גרינגער געוואָרן אַפן הארצן. ער האָט דערהערט דאָס וואָרט „גרינע“. מע דארף אָנגרייפן אַף די „גרינע“. „גרינע“ זיינען נאָר אין א שפיל. און די שפיל האָט זיך פארטאָג אָנגעהויבן, זי האָט געדויערט דריי טעג, וואָס זיינען געוועזן זייער ענלעך אַף מילכאָמע־טעג. עס האָט געקנאלט אין די בערג, מ'האָט פאָרסירט א טייך, וואָס די שטראָמענדיקע בארג־וואסערן האָבן איבערגעפולט און פארפלייצט זיינע ברעגן; דורך די פעלדזיקע אָפהאנגען האָט מען זיך דערקליבן צו די הויכע פאָלאָנינען[1]. די „רויטע“ האָבן אָנגעגריפן אַף די „גרינע“, און גוט איז געווען יעדער מאָל זיך צו דערמאָנען, אז דער טעאטער פון די קריגס־אָפעראציעס איז טאקע ניט מער, ווי א טעאטער, און מע שטארבט דאָרטן אַף דער בינע ניט אפדערעמעסן. די אופגייענדיקע באגינענס אין די בערג האָבן געבלויט, די דעמבן, די בוקן האָבן געגרינט, די פאָלאָנינעס זיינען געווען באדעקט מיט א יאם פריליגנדיקע קוויטן, און די לאָקאטאָרס אינעם דאָזיקן עקסטן מייערוודיקן גרענעץ־ווינקל האָבן באוויזן א ריינעם הימל.

ווען מע האָט זיך אומגעקערט אין דער קאזארמע, האָבן געמיטלעכעו' אויסגעזען די לאנגע רייען אייזערנע בעטלעך, דער הילצערנער דיל, דער וויים־געקאלכטער סופיט. עס איז אלץ געוואָרן עפעס היימישער און נעענטער נאָך די עטלעכע טעג, וואָס מע האָט דאָס שטעטל געהאט פארלאָזט, און די סאָלדאטן, אַף ווען עס האָט נאָך געווארט א בריוו, האָבן שוין טאקע גאָר זיך דערפילט, ווי אין דער היים.

וואָלאָדיע איז סאָפקאָלסאָף בייגעקומען זיינע קווענקלענישן און ער האָט באוויזן דעם ווזוואָדנעם קאָמאנדיר, דעם לייטענאנט כוואָסטאָוון לעבאָרס בריוו, נעמלעך יענץ אָרט אינעם בריוו, ווו ער בעט דעם זון קומען זיך זען

[1] לאָנקעס צווישן בערג.

מיט די עלטערן. דער לייטענאנט כוואָסטאָוו איז קימאט אזוי יונג, ווי די סאָלדאטן, מיט וועלכע ער קאָמאנדעוועט, ער איז נאָך אין יענעם גע־בענטשטן עלטער, ווען מע וויל, אז דאָס קנאפּע הויקערל יאָרן, וואָס מע טראָגט אויף זיך, זאָל וואָס גיכער זיך פארגרעסערן, מע זאָל אויסזען סאָלי־דער.

— אײַער ביטע וועט ווערן איבערגעגעבן לויט דער סובאָרדינאציע, — האָט קורץ און שטרענג געענטפערט כוואָסטאָוו. און אין א פּאָר טעג ארום, ווען וואָלאָדיע האָט געקראָגן אורלויב אויף צוויי וואָכן, האָט דער לייטענאנט גלײַך אים אופמערקזאם געמאכט אויף דער פּינקטלעכער שאָ, ווען ער דארף זיך אומקערן. צולעצט האָט אָבער כוואָסטאָוו ניט אויסגעהאלטן די קאָמאנ־דירישע אָפיציעלקײַט, א קלאַפּ געטאָן וואָלאָדיען איבער דער פּלייצע:

— נו, גריס מאָסקווע און די געלערנטע פון סיביר!

א סאך פּאָר אויגן האָבן וואָלאָדיען לײַטזעליק און א ביסל אויך מיט קינע ארויסבאגלייט פון דער קאזארמע. ניט אלעמען פאלט אויס אזא גליק!

— האָסט גאַרניט פארגעסן? דעם ליטער, דעם טרוקענעם פּאיאָק? — האָבן די סאָלדאטן דערמאָנט.

ניין, ער האָט גאַרניט פארגעסן, דער ליטער אויף צו קריגן א להאָטנעם בילעט איז בא אים אין קעשענע, דאָס לעבל קאָרענע ברויט, דאָס רעדל פּעטע ווורשט, די גראָבע ציגעלעך צוקער און נאָך עפּעס אנדערס, וואָס עס קומט ארויסצוגעבן א סאָלדאט אפן וועג, ליגט בא אים אינעם נײַעם טשע־מאָדאן, וואָס ער האָט לעקאָוועד דער נעסיע אײַנגעשאפט אין א שטאָטישן מאגאזין. כוץ דעם, האָט ער אין טשעמאָדאן ארײַנגעלייגט א פּאָר סווועניר, אויסגעשניצט פון האָלץ. אויף האָלץ־שניצערײַ איז מען אין די טראנסקאַר־פּאטן גרויסע מײַסטערס. פאָרן מיט דער באן האָט וואָלאָדיע ניט געטאָרט — דער וועג וועט אופעסן א שטיק פונעם קורצן אורלויב, אָבער גראָד איצט זײַנען די קארפּאטן־בערג געשטאנענע פארכמורעטע, געוועזן פארצויגן מיט שווערע וואָלקנס, און די עראָפּלאנען זײַנען געפלויגן ניט רעגו־לער.

— ביז מאָסקווע וועט דיר אויסקומען פאָרן מיט דער באן, — האָט סאש־קאָ אים מיטגעפילט און דערבײַ געטרייסט דערמיט, וואָס פון מאָסקווע קיין סיביר וועט ער שוין פליִען אומבאדינגט אויף א מעכטיקן „טו", וואָס הייבט זיך אוף אינדערלופטן אפילע אין א שלעכטן וועטער.

דער מעסלעס פאָרן ביז מאָסקווע איז דורך גיך, און פארגעדענקט האָט זיך וואָלאָדיען אין דער נעסיע איינער אן עפּיזאָד, וואָס מע האָט געענוי, אין אלע פּראָטים, ארומגערעדט אין גאנצן וואגאָן. ס'איז א געשיכטע, וואָס זעט אויס צו זײַן אן אויסשליסלעכע, נאָר ביכלאל איז דאָ אויסשליסלעכס פאראן ווייניק. ס'איז פּאָשעט נאָכווייעניש פון דער מילכאָמע, וואָס באגעגענען זיך נאָך אומעטום, אויף שריט און טריט.

אויף דער סטאנציע פּאָדוואָלאָטשיסק, ווי אויף יעדער סטאנציע, איז די קאָנדוקטאָרשע — א פרוי אין די מיטעלע יאָרן, געשטאנען פון אונטן, בא די טרעפּלעך פון איר וואגאָן און, אונטערלײַכטנדיק מיטן עלעקטרישן האנט־

לאמטערנדל, קאָנטראָלירט די בילעטן בא די נײַע פּאסאזשירן, וואָס האָבן זיך אופגעזעצט צו פאָרן. עס איז גראָד געווען א שטיקל ריי באם וואגאָן, און פון דער אײַזנבאַן־קאסע זײַנען אונטערגעלאָפן נאָך מענטשן, אזוי אז עס איז שוין אפילע געוואָרן א ביסל א געדרענגעניש. קיין צײַט אָנצוקוקן די פּאסאזשירן איז ניט געווען, מע האָט געדאַרפט גיכער דורכקוקן די בי־לעטן. איינער א מאנצבל האָט דערלאנגט פיר בילעטן פאראמאָל. ער האָט זיך אופגעהויבן אף די וואגאָן־טרעפּלעך מיט א שווערן טשעמאָדאן, אײַליק אים אוועקגעשטעלט לעבן זיך אין טאמבור און אויסגעשטרעקט, ווי א פּאָר פליגל, זײַנע לאנגע הענט איבער דער קאָנדוקטאָרשעס קאָפּ צו זײַנע בניי־באיס, וואָס האָבן זיך טייקעף א לאָז געטאָן נאָך אים — אלע מיט קלומעקעס אין די הענט. „נו, גאָט צו דאנקען, פאָרן מירו!״ — האָט דער מאנצבל מיט זײַן כאליאסטרע זיך גענומען דורכרוקן אין וואגאָן. און ערשט איצט האָט די קאָנדוקטאָרשע, צי דערפאר, ווײַל דעם מאנצבלס שטים האָט איר א קלונג געטאָן אין אויער, ווי א באקאנטע, אָדער איבער עפּעס אנדערש, זיך אומ־געקוקט און דערזען אים אין דער ליכטיקער וואגאָן־שײַן. „סעמען!״ — האָט זי ניט מיט איר קאָל א געשריי געטאָן. דער מאנצבל האָט זיך האסטיק אויסגעקערעוועט, דורכגעשטופּט זיך דורכן ענגן טאמבור אף צוריק, אראָפּ־געלאָזט זיך אף א טרעפּל צו איר, און זי האָט זיך אופגעהויבן אף א טרעפּל ארופצו צו אים. זיי האָבן זיך אָנגעבויגן איינער צום צווייטן, א רעגע זיך אָנגעקוקט, פריידיקע, מעוווּלוועלע. ער האָט זי ארומגעכאפּט, אײַנגעקרעמ־פּעוועט זיך מיט די ליפּן אין אירע פארווינטיקטע טרוקענע ליפּן. זי האָט צוגעטוליעט דעם קאָפּ אינעם קײַלעכיקן היטעלע צו זײַן ברוסט און מיט א ציטערנדיקער, זיך איבעררײַסנדיקער שטים געמורמלט: „סעמען... סעמען״, האָבנדיק די גרעסטע האנאָע שוין נאָר פונעם ארויסברענגען דעם דאָזיקן נאָמען, און ער האָט געקושט דאָס ברייטבאקיקע הארטהויטיקע פּאָנעם אירס, דעם האלדז אינעם ווײַסן קעלנערל פון דער טוזשורקע און איבערגעכאזערט: „אניע... אניע...״, ווי וועלנדיק דערמיט פּויעלן און באשטעטיקן פאר זיך אליין, אז עס איז ניט קיין כאָלעם. אזויפיל יאָרן שוין דורך, ווי מע האָט זיך געהאט פארלוירן, געשריבן אין צענדליקער ערטער — אין ערגעץ ניט גע־פונען, און אָט האָסטו דיר, אין א וואָכיקן אָוונט, אף דער סטאנציע פּאָדוואָ־לאָטשיסק, אין איר וואגאָן... בא ביידן זײַנען די אויגן געווען פּײַכט, בא ביידן האָבן געפינקלט טרערן אף די באקן. אין א ווײַלע ארום האָט זי גענו־מען דורכקוקן די בילעטן בא די ווײַטערדיקע אין דער ריי. דעם אײַליקן קסאוו פון דער אײַזנבאַן־קאסירשע איז אזוי אויך שווער צו פאנאנדער־קלײַבן, איצט האָט זי ביכלאל ניט געזען אף די בילעטן קיין איין ציפער... דערנאָך, ווי נאָר דער צוג האָט זיך גערירט, האָט זי מעכאניש, מיט דער געניטער האנט, פארדעקט די טרעפּלעך מיט דער שווערער אײַזערנער דעק, פארשלאָסן די דרויסנדיקע טיר און אוועקגעלאָפן אהין, צו יענער פּאָלקע, ווו ס'האָט זיך באזעצט איר סעמען...

— נו, דערצייל, וויאזוי דו לעבסט, — האָט ער זי גענומען אויספרעגן, אוועקזעצנדיק זי אף דער באנק לעבן זיך, און זי האָט אים געפרעגט דאָס זעלבע, אָבער קיין שמועס האָט זיך ניט אָנגעקניפּט, עס האָט זיך עפּעס ניט

גערעדט, ניט דערציילט. אינעם הארטן גרויען וועגמאנטל, וואָס ער האָט נאָך ניט באוויזן אויסצוטאָן, א פארשוויצטער, מיט אן אָפּגעשטעמפּלטן פון דעם היטל רויטן פּאס אפן שטערן, האָט ער געהאלטן א האנט אף איר אקסל, און דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען אי א פריידיק־אופגעיובלטס, אי אין א פארלעגנהײַט און פארלוירנקײַט. אף דער זעלבער באנק איז געזעסן דאָס צווייטע ווײַב זײַנס און געשמייכלט, זי האָט ווי מוירע געהאט אף איין רעגע אופצוהערן שמייכלען, און אנטקעגן איז געשטאנען א מיידעלע פון א יאָר צען־עלף, אין א מאנטל, פארשפּיליעט אף אלע קנעפּלעך, און הינטער איר — א כעווערעמאַן, א ביסל עלטער פון איר. בא די קינדער זײַנען געווען אויס־געצויגענע, פארוווּנדערטע פּענעמער.

— דאָס איז נאטאשע, און דאָס זײַנען די קינדער, — האָט סעמען בא־קאנט געמאכט אניען מיט זײַן נײַער פאמיליע.

— נו, איז ווי זשע לעבסטו פּאָרט? — האָט ער ווידער גענומען זיך נאָכפרעגן בא אניען. — ווי׳אזוי קומסטו פאר א קאָנדוקטאָרשע? ביסט דאָך א נייטערן, א צושנײַדערן.

— זעסטו דאָך, אז מע פּאָרט ארום...

און ווידער איז דער געשפּרעך געוואָרן אָפּגעהאקט.

צערעדט האָבן זיי זיך ביידע דערנאָך, זיצנדיק בא איר אין דעם „סלוי־זשעבנעם״ ווינקל. דאן ערשט האָבן זיך א גאָס געטאָן ווערטער פון הארצן.

— איך האָב דיך אזויפיל געזוכט. איצט וועלן מיר זיך שוין ניט צע־שיידן, — האָט ער גערעדט צו איר.

— האָסט דאָך א פאמיליע.

— די קינדער זײַנען שוין ניט קיין קליינע. איך וועל זיי העלפן. און זי ארבעט. זי פארדינט גוט, זי איז אן אינזשעניער.

— און איך בין א פּאָשעטע קאָנדוקטאָרשע.

— אניע, איך האָב די גאנצע צײַט ניט אופגעהערט צו טראכטן וועגן דיר... איך האָב כאסענע געהאט מיטן טנײַ, אז אויב איך וועל דיך געפינען, וועל איך זי פארלאָזן...

דער צוג האָט זיך געטראָגן... דאָס ווײַסע פאָרהענגל אפן פענצטער האָט לײַכט, קוים צו באמערקן, זיך געוויגט, צופאלנדיק צו דער שויב און אָפּ־פאלנדיק פון איר, און דורך דער אייבערשטער שויב האָט מען געזען, ווי עס וויגן זיך אין הימל די שטערן.

אינדערפרי איז סעמען מיט נאטאשען און מיט די צוויי קינדער אראָפּ־געשטיגן אף דער סטאנציע נעזשין, און די קאָנדוקטאָרשע אניע איז לענגער, ווי עס פּאָדערן די אײַזנבאן־קלאָלים, געשטאנען דערנאָך בא דער אָפענער טיר פון וואגאָן און געפּאָכט מיטן פענדל אין דער ציטערנדיקער האנט.

די דאָזיקע אומגעריכטע באגעגעניש האָבן דערנאָך די פּאסאזשירן גענוי, אין אלע פּראָטים, ארומגערעדט. וואלאָדיע האָט זיך צוגעהערט צו די רייד... מע האָט דערציילט איינער דעם אנדערן פארשיידענע וווּנדערלעכע גע־

שיכטעס, וויִאזוי מענטשן, וואָס מע האָט שוין לאַנג געהאַלטן פאַר אומגעקומענע, האָבן זיך מיטאַמאָל אָפּגעזוכט, זיי זײַנען גאַנץ און געזונט. עפּשער האָבן די דאָזיקע געשיכטעס מיטן גליקלעכן סאָף אויך א שײַכעס צו זײַן טאַטן? א סאַך אומבאַוווּסטע קוואָרים האָבן אויפגעהערט צו זײַן אומבאַוווּסט, טויזנטער מענטשן זוכן און געפינען אויס די פאַרלוירענע נעמען... ער, וואָלאָדיע, האָט דאָך געזוכט און מע האָט אים געהאָלפן זוכן. אויב ער האָט ביז איצט ניט געפונען, איז עס, מעגלעך, צום גוטן. און אפשר האָט א האָפענונג אופגעשטראַלט אין האַרצן. ווײַבאַלד אַזעלכע געשיכטעס זײַנען ניט קיין אויסטראַכטעניש און זיי טרעפן אײַנדערעמעסן, קאָן זיך דאָך אויך מאַכן, אַז ער וועט נאָך אַמאָל זען דעם טאַטן זײַנעם א לעבעדיקן. „מיר וועלן זיך ניט דערקענען... וואָס הייסט ניט? — האָט וואָלאָדיע מיט פאַריבל אָפּ זיך אַליין גלײַך אָפּגעטריבן דעם געדאַנק. — פונעם ערשטן וואָרט, וואָס ער וועט צו עמעצן ארויסברענגען, פונעם ערשטן בליק, וואָס ער וועט אומגערן א וואָרף טאָן אָף מיר און איך אָף אים, וועלן מיר זיך דערקענען. איך בין דאָך ענלעך אָף אים..."

אין וועג איז וואָלאָדיע שוין געשלאָפן א סאַך ווינציקער, ווי ער האָט זיך גערעכנט, ווינציקער פון דער געוויינלעכער סאָלדאַטסקער נאָרמע, כאָטש קיינער האָט ניט געוועקט און דער רעדער־געקלאַנג האָט גוט אײַנגעוויגט.

אָט איז שוין דער מאָסקווער וואָקזאַל. און אין דרײַ פערטל שאָ ארום איז וואָלאָדיע ווידער געוועזן אין זײַן מיקראָ־ראיאָן, אָף זײַן גאַס, אין זײַן הויף, לעבן זײַן שטוב. פאַרן ארײַנקומען אין שטוב האָט וואָלאָדיע פאַריכט דעם רימען אָף דער גימנאַסטיאָרקע, א קוק געטאָן אָף די שטיוול — זיי זײַנען געוועזן ריין, ער האָט זיי געפּוצט פאַרן ארויסגיין פון וואַגאָן, דאָך האָט ער, לויט דער סאָלדאַטסקער געוווינשאַפט, וואָס האָט שוין באַוויזן אײַנצוואָרצלען זיך אין אים, ארויסגענומען פון דער קעשענע די סאַמעטקע, וועלכע ליגט דאָרטן אָנגעגרייט אין א זעקעלע, און פלײַסיק א פּוץ געטאָן מיט איר די כאָלעוועס און די נעז. דערנאָך האָט ער פון דער קליינטשקער פאָרנטיקער קעשענקע פון די גאַליפע־הויזן, וווּ מילכאָמע־צײַט האַלט דער סאָלדאַט דעם מונדשטוק מיט די בייטיקע קורצע יעדיִעס וועגן זיך, — ארויסגענומען דאָס שליסעלע פון דער דירע. דרײַ שליסלען פאַרמאָגט זי, די דירע. איין שליסל האָט מיטגענומען לעבאָר, דעם צווייטן האָט די מאַמע מיטגעגעבן וואָלאָדיען, זאָל ער ליגן באַם זון און זאָל ער געדענקען, אַז ער האָט א שטוב; ווען ער וועט ענדיקן דינען, וועט ער זיך אומקערן, ווי א באַלעבאָס, אָן א קלונג אין דער טיר. דאָס דריטע שליסעלע איז, געוויינלעך, בא איר גופע, בא דער מאַמען. וואָלאָדיע האָט אופגעשלאָסן די טיר, אָנגעצונדן אין קאָרידאָר דאָס ליכט. אין ענגלעכן קאָרידאָר האָט ער דערפילט, אַז פאַר דער צײַט, וואָס ער איז דאָ ניט געוועזן, האָט ער זיך א הייב געטאָן, פאַרברייטערט זיך אין די פּלייצעס, אונטערגעוואַקסן. ער האָט אָף טשיקאַוועס אופגעהויבן אין דער הייך א האַנט, און גאָר א קליינינקײַט האָט געפעלט צו דערגרייכן מיט די פינגער די סטעליע. נאָך ניט ארײַנגייענדיק צו זיך, אין זײַן צימערל, נאָר א קוק געבנדיק אהין דורך דער צעעפנטער טיר, האָט ער באַמערקט,

אז איבערן דיוואן הענגט ניט דעם טאטנס פּאָרטרעט. דאָס צוועקל האָט געסטאַרטשעט א ליידיקס, ארומגענומען מיט א געדיכט־געל, אזוי ווי א צוגעבּרוינט, קרײַזל, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אף די טאַפּעטן. ווײַטער איז אלץ אינעם צימער געווען ווי פריִער. אפן פענצטער — דער זעלבער פאָרהאַנג מיט די געאָמעטרישע פיגורן, ער איז נאָר א ביסל געוואָרן אָפּגע־בליאַקעוועט, די שווארצע דרײַעקן האָבן שוין ניט אזוי שאַרף קאָנטראַסטירט מיט די גרינע ראָמבן. אינעם ווינקל הינטער דער שאַפע זײַנען געלעגן די האַנטעלן, וואָלאָדיע האָט א פּאָר מאָל זיי א הייב געטאָן ארופצו און אראָפּ־געלאָזט, זיי האָבן זיך אים אויסגעוויזן אזוי גרינג, אז עס פּאַסט גאָרניט האָבן צו טאָן מיט אזא קינדער־שפּילכל און ער האָט זיי גלײַך צוריק אוועק־געלייגט אפן אָרט. ער האָט א קוק געטאָן אין די אנדערע צימערן. אלץ, ווי פריִער, דער זעלבער טעפּיך אף דער וואנט אינעם גאַסט־צימער, די זעלבע קילימלעך אפן דיל, און אין דער קיך אף דער גאַז־פּליטע די זעלבע סקאָ־וואָראָדקע מיט א פאַרקילט שטיקל פּײַנקוכן — אזא, ווי ער, וואָלאָדיע, פלעגט איבערלאָזן אינדערפרי פאַרן אוועקלויפן אין שול. די מאַמע האָט, ווײַזט אויס, איבערגענומען זײַן מידע. זי לויפט אויך אוועק אינדערפרי, ניט פאַרענדיקנדיק עסן.

אין לעבאָרס קאַבינעט אפן גרויסן מאַסיוון שרײַבטיש זײַנען געלעגן ביכער וועגן מעטאַלורגיע. „לעבאָר איז געקומען צו פאָרן", — האָט וואָלאָ־דיע זיך דערפרייט. אָבער ווי קומט אן אש־בעכער מיט פּאַפּיראָסן־אָפּשניצ־לעך? לעבאָר רייכערט דאָך ניט. „איז ער געזעסן און געאַרבעט מיט א צווייטן, וואָס רייכערט יאָ", — איז וואָלאָדיע געקומען צום אויספיר. ער איז נאָכאַמאָל זיך דורכגעגאַנגען איבער די צימערן, ווו אלץ איז געווען אזוי, ווי פריִער, און אזוי גוט באַקאַנט, און דאָך האָט אים דאָ איצט אלץ אויס־געוויזן עפּעס פרעמדלעך. ער איז ארויסגעגאַנגען און געבליבן שטיין בא די טרעפּ. עס האָט זיך אים זייער געוואָלט זיך אופהייבן אף א שטאָק העכער, ארײַנגיין צו ליזען, אָבער ער האָט ניט געוואַגט. ער איז שוין א געניט פאַרהאַרטעוועטער סאָלדאַט, נאָר דאָ האָט ער זיך געפילט שוואַך און אומ־באַהאָלפן. ער איז לאַנגזאַם אראָפּ פון די טרעפּ און ארויס אין דרויסן. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט אין הויף קיינעם פון די נאָענט־באַקאַנטע בעוורע ניט באַגעגנט און ס'איז ניט געווען ווער עס זאָל אים, צווישן אנ־דערע נײַסן, גלײַך אָנזאָגן אויך די בסורע, אז ליזע שפּאַצירט מיט א צווייטן. ער דאַרף זי פריִער אליין זען... צעשטרייט האָט ער גענומען ארומגיין איבער די קוואַרטאַלן פונעם מיקראָ־ראַיאָן. איבער דער גאַס איז דורכגעפאָרן א סאַניטאַר־מאַשין. און ווי דאָס הארץ וואָלט וואָלאָדיען אונטערגעזאָגט, האָט ער ארײַנגעקוקט צום שאָפער אין דער קאַבינע און דערזען דאָרטן די מאַמע. ער האָט ראַשיק אופגעהויבן די האַנט, די מאַשין האָט נאָך עטלעכע מעטער זיך א קײַקל געטאָן מיט די רעדער איבערן אַספאַלט און זיך אָפּגעשטעלט האַרט באַם טראָטואַר. און דאָ אף דער גאַס, באַם אָפענעם טירל פון דער קאַבינע, איז פאָרגעקומען די באַגעגעניש פונעם זון מיט דער מאַמען. אינעם מיקראָ־ראַיאָן קען מען גוט דעם טעראַפּעווט פאָלינע יאַקאָוולעוונע כאַנינע, און די פאַרבײַגייער האָבן איצט בעפּיירעש האַנאָע געהאַט, צוקוקנדיק, וויִאַ־

זוי די דאָקטערשע אין איר מאַנטעלע איבערן כאַלאַט און אינעם הויכן ווײַסן היטעלע אויפן קאָפּ האָט אַן אופגעשײַנטע, מיט טרערן פון פרייד אויף די אויגן, ארומגעכאַפּט און זיך צעקושט מיט דעם ווזקיקן, שייגעם סאָלדאַט. טאָקע גליַיך דאָ אַפן אָרט האָט מען זי באַגריסט:

— אַין אַ גוטער שאָ מיטן ליבן גאַסט!

— אָט אַזוי וואַקסן זיי אויס, אונדזערע קינדער!

נאָך די פּראָגנעס, צי איז ער אַף לאַנג געקומען און ווי ער איז דערפאָרן, האָט פאָלינע יאַקאָוולעװנע אים געפרעגט, צי ער איז שוין געווען אין שטוב, און דער אויסדרוק פון ראַשיקער פרייד און נאַכעס אַף איר פּאָנעם איז מיטאַמאָל ווי פאַרטונקלט געוואָרן, אינעם בליק פון די גלאַנצנדיקע פאַר־טרערטע אויגן האָט זיך עפּעס געענדערט. דער בליק איז געוואָרן אַ מין שולדיקלעכער, אַזאַ, וואָס בעט, מע זאָל פאַרשטיין און מוחל זײַן.

— איך וועל אינגיכן קומען, איך האָב הײַנט ניט קיין גרויס צעטל, סאַ־כאַקל פערצן כאַלאַים, — זי האָט זיך ווידער אַרײַנגעזעצט אין דער קאַבינע, און עס האָט געקאָנט זיך אויסדוכטן, אַז זי איז אַפּילע אַ ביסל צופרידן, וואָס זי טאָר איצט אַ לענגערע ווײַלע זיך ניט פאַרהאַלטן, עס וואַרטן אַף איר קראַנקע מענטשן. זי איז אָוועקגעפאָרן, און וואַלאָדיע האָט פאַרגעזעצט זײַן שפּאַציר. אינגיכן האָט ער געהאַט נאָך אַ באַגעגעניש — מיט איטען, ליזעס מאַמע. די אַלטע איז אַרויס פון מאַגאַזין „מיאַסאָ — ריבאַ"[1] מיט אַן אולטראַ־מאָדערנעם קוישל פון העל־בלויען סינטעטישן שטאָף, וואָס פאַרמאַכט זיך אַף אַ בלאַנקענדיקן שלאָס. „מיסטאַמע איז עס ליזעס קוישל", — האָט וואָ־לאָדיע געגעבן אַ קלער. אָנגעטאָן איז איטע געווען נאָך ווינטערדיק — אין אַ לאַנגן וואַרעמען מאַנטל, און אַף די פיס — טיפע שיך מיט אויסערגעוויינ־לעך גראָבע פּאָדעשוועס. וואַלאָדיע האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל ער צוגיין צו איר אָדער אָפּלייגן די באַגעגעניש אַף שפּעטער, אין אַן אַנדער אָרט, ניט פאַר די אויגן פון אַן אוילעם אַף דער גאַס. די באַריידעוודיקע מומע איטע וועט מיסטאַמע אַלץ גלײַך אויסשיסן פאַר אים, גאָרניט פאַרטײַען, ער וועט זיך דערוויסן דעם גאַנצן עמעס, און ער וויל אים, דעם עמעס, פון קיינעם ניט הערן, כוץ פון ליזען גופע.

איטע איז אַראָפּ פון די שטיינערנע טרעפּלעך פון מאַגאַזין, וואָס זײַנען באַ די קאַנטן אויסגעשטשערבעט. ווען זי איז געווען אַפן לעצטן טרעפּל, האָט וואָלאָדיע זי אונטערגעהאַלטן מיט זײַן האַנט.

— אַ דאַנק, טײַערינקער, — האָט זי אויבנויפיק געגעבן אַ קוק אַפן העפּ־לעכן סאָלדאַט און געלאָזט זיך גיין ווײַטער, שטײַפער פאַרקלעמענדיק אין די פינגער די לאַנגע הענטלעך פונעם קוישל.

— מומע איטע! — האָט וואָלאָדיע זי אַ רוף געטאָן. זי האָט זשוואוו, לעַ־בעדיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים און פון אומגעריכטקײַט וואָלט זי געוויס זיך אויסגעגליטשט און אומגעפאַלן, ווען וואָלאָדיע און נאָך איינער

[1] פליייש — פיש.

א פּאַרבײַגייער וואָלטן זי ניט אונטערגעכאַפּט. דער פּאַרבײַגייער איז אוועק, און וואָלאָדיע איז געבליבן שטיין אַנטקעגן איר.

— איר דערקענט מיך? — האָט ער געפרעגט.

— וואָלאָדינקע, דו? — האָט זי פריידיק אויסגעשריִען אַף דער גאַנצער גאַס, אַרומגענומען אים מיט דער איינציקער פרײַער האַנט און זיך אונטער־געהויבן א ביסל אַף די ציפּקעס צו דערגרייכן מיט די ליפּן וואָלאָדיעס באַק.

— ווי דו ביסט, קיין אײַנהאָרע, אויסגעוואַקסן! סאַראַ געזונטער, שיינער באָכער געוואָרן...

וואָלאָדיע האָט גענומען פון איר האַנט דאָס קוישל, און זיי זײַנען אוועק צוזאַמען.

— האָסט שוין אָפּגעדינט? ביסט געקומען אַף שטענדיק? ווי ביסטו דער־פאָרן? און די מאַמע האָסטו שוין געזען? — האָט איין פראַגע בא איטען נאָכגעיאָגט די צווייטע. וואָלאָדיע האָט קוים באַוויזן צו ענטפערן, און ער האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז זי זאָל עפּעס אויך זאָגן וועגן איר טאָכטער, דערמאָנען איר נאָמען, זי האָט אָבער קיין וואָרט וועגן ליזען ניט אַרויסגעבראַכט.

— גוט, וואָס דו ביסט געקומען כאָטשבי אין אורלויב. מיר האָבן זיך אַלע פאַרבענקט נאָך דיר.

— ווער איז דאָס „מיר"? — האָט וואָלאָדיע ניט אײַנגעהאַלטן זיך און געפרעגט.

— וואָס הייסט ווער? ווייסט ניט ווער?

בא וואָלאָדיען איז אַראָפּ א שטיין פון האַרצן. הייסט עס, אַז ליזע האָט אים ניט פאַרגעסן, זי בענקט, זי וואַרט. אָבער פאַרוואָס האָט זי אופגעהערט צו שרײַבן? ער האָט שוין געוואָלט הערן נאָך א פּאָר ווערטער וועגן ליזען, אָבער איטע איז אַנשוויגן געוואָרן, נאָר עפּעס א טיפן זיפץ געטאָן.

דער אומגעריכטער זיפץ, וואָס האָט בא איטען זיך אַרויסגעריסן, האָט געהאַט ניט ווינציק צו זאָגן. דער באָכער, וואָס שפּאַצירט מיט ליזען, איז א ווילער באָכער, נאָר א מאָדנער, זייער א מאָדנער. ער אַרבעט עפּעס אין אַן אַרכיוו און דערציילט ליזען שרעקלעכע געשיכטעס, וואָס ער לייענט דאָרטן איבער. ליזע הערט אים מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, דערנאָך שלאָפט זי שלעכט באַנאַכט, עס כאָלעמען זיך איר אַזעלכע כאַלוימעס, וואָס קומען ניט צו כאָלעם אפילע אַלטע לײַט. אַזוי קאָן מען, כאָלילע, מעשוגע ווערן, זיך רירן פון די געדאַנקען. לעמאָשל, אַנומלטן האָט ליזע דערציילט, אַז זי האָט געזען אַזא ווילדע זעעניש: א קאַרנאַוואַל פון טויטע. א גאַנצע שטאָט איז געוואָרן אומגעבראַכט און איז באַפעלקערט נאָר מיט טויטע נעפאַשעס, בלויז די וועקסענע פיגורן־מאַנעקענען אין די קליידער־מאַגאַזינען און אין די שניטקראָמען זײַנען לעבעדיקע. זיי באַאָבאַכטן און קוקן דורך די פענצ־טער־וויטרינעס אַף די באַרמינענס, וואָס זײַנען אַרויס פון די גריבער און שפּאַנען איבער די גאַסן. זי, ליזע, איז אַרײַנגעלאָפן אין א מאַגאַזין, און א וועקסענע פיגור האָט זי אויסבאַהאַלטן אין די פאַלדן פון איר זײַדן קלייד, דערוואַרעמט מיטן וועקסענעם אָטעם. ליזע האָט אופגעהערט צו ציטערן,

עס האָט זיך אָטכּײַעט די נעשאָמע, נאָר עמעצער האָט זיווידער א שלעפּ געטאָן אױף דער גאַס, אפּן ברוק — און זי גליווערט שוין ווידער, קאָן ניט גײן, און גײט...

— דו ווייסט, מאמע, — האָט ליזע געזאָגט, — ביז ניט לאַנג צוריק האָב איך גאָרניט געוווּסט, איך האָב געהערט, נאָר עס איז צו מיר ניט דערגאַנגען. איצט, וואָס איך זאָל ניט טאָן, וואָס איך זאָל ניט זען, דערמאָן איך זיך און עס פאַרבינדט זיך בא מיר מיט גאָר עפּעס אַנדערש... איך זע, א מאמע צערטלט א קינד, קושט עס, היט עס אָפּ, פירט עס אין פּאָליקליניק, טו איך א טראַכט: וואָס האָבן געפילט יענע מאמעס, בא וועלכע מע האָט די קינדער אַרויסגעריסן פון די הענט און פאַר זייערע אויגן צעשאָסן, געשלײַדערט לעבעדיקע אין די גריבער, צעשמעטערט אױף די שטיינער?..

בא איטען אליין איז פאַרגליווערט געוואָרן דאָס בלוט אין די אייוורים פון אזעלכע ווערטער. און וועמ רעדט עס? צי דאַרף ריידן און טראַכטן וועגן דעם א צוואַנציקיאָריק מיידל, וואָס די צײַט אירע איז נאָר צו לעבן און צו ליבן? זי איז א צאַרטע נעשאָמע, און ער, דער באָכער, געפעלט איר דאָפקע, שלינגט זי דאָס, וואָס ער דערציילט איר. איטע האָט געפּרוווּט מיט אים א רעד טאָן, זיך דערוויסן, וואָס טראַכט ער ביכלאַל. ווײַזט זיך אַרויס, ער טראַכט וועגן אַלץ, נאָר ניט וועגן כאַסענע האָבן... דערפאַר האָט איטע אופ־ריכטיק זיך אזוי דערפרייט מיט וואָלאָדיען. „עס איז נאָר א זיוועג“, — האָט זי צום אלעם ערשטן א קלער געגעבן, ווען זי האָט אים דערזען. די באַריי־דעוודיקע איטע האָט אָבער געמוזט זיך היטן ניט אַרויסצוכאַפּן זיך מיט אַן איבעריק וואָרט, און זי האָט באַשלאָסן בעסער שווײַגן. וואָלאָדיען האָט שטאַרק פאַרוווּנדערט, וואָס זי האָט אים ניט אײַנגעלאַדן אַרײַנקומען צו־גאַסט. זי, די מומע איטע, וואָס האָט פריִער ניט איין מאָל געשריִען דורכן פענצטער: „וואָלאָדינקע, קום אַרײַן!“. אים איז געוואָרן שווער מיט איר צו גײן, דאָס קוישל, וואָס ער האָט בא איר איבערגענומען צו טראָגן ביז דער שטוב, איז אויך געוואָרן שווער און אומבאַקוועם אין דער האַנט, עס האָט אים שוין פאַרדראָסן, וואָס ער איז אוועק צוזאַמען מיט איר, אָנשטאָט גלײַך פאַרקערעווען אין דער זײַט.

אָבער איטע אליין האָט אים אינגיכן אַרויסגעהאָלפן, זי איז אַרײַן אין א צווייטן מאַגאַזין.

— וועלן מיר זיך זען, וואָלאָדיע! — האָט זי ליבלעך זיך געזעגנט מיט אים, און לויטן אויסדרוק פון ראַכמאָנעס אױף איר פּאָנעם האָט וואָלאָדיע אױף זיכער באַשלאָסן, אַז ליזע איז פאַרליבט אין א צווייטן, זי האָט אַן אַנדערן, זי איז געזונט, מיט איר האָט גאָרניט געטראָפן, פּאָשעט, זי האָט געפונען אַן אַנדערן און אים דאַרף זי ניט.

„מע דאַרף גײן אהיים“, — האָט וואָלאָדיע געזאָגט צו זיך אליין, נאָר אהיים איז ער ניט אוועק. אהיים וועט ער קומען שפּעטער, ווען פון דער אַרבעט וועט זיך אומקערן די מאַמע, דערווײַל האָט ער דאָרטן ניט וואָס צו טאָן. ער האָט ווידער גענומען אומבלאָנקען איבער די קוואַרטאַלן ניט ווײַט פון זײַן הויף, מיט דער האָפענונג צו טרעפן אומגעריכט ליזען, ווי ער האָט

געטראָפן די מאמע און איטען. און ער האָט טאקע זי געטראָפן, עמעס, ניט אזוי גיך, נאָר אין א צײַט ארום, שוין אָוונט־צו. וואָלאָדיע האָט אפן ארומגע־צאמטן ספּאָרט־פּלאַץ אין עק פונעם הויף געכאפּט מיט די כעוורע א שפּיל אין פוטבאָל, בייסמײַסע פארגעסן וועגן אלץ אין דער וועלט, כוץ דעם טויער, וואָס איז נאָכאנאנד געוואָרן אטאקירט און ער האָט אים פארטיידיקט מיט ברען און מעסירעסנעפעש. ער איז געווען דער גאָלקיפּער. פּלוצעם, ווי עמע־צער וואָלט אים דערצו געצווּנגען, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ אף הינטן און דורך די טונקל־רויטע ראָמביקעס פון דער אײַזערנער צאם זי דערזען. אין דער זעלבער רעגע איז אין זײַן טויער ארײַנגעשאָסן געוואָרן די פּילקע, און אין א מינוט ארום איז די פּילקע געלעגן דאָרטן נאָכאמאָל. מע האָט דעם גאָלקיפּער עקסטרע פארביטן מיט אן אנדער שפּי־לער.

וואָלאָדיען האָט זיך אויסגעדוכט, אז ליזע האָט אים אויך דערזען, ווען זי איז געגאנגען פארבײַ דעם שמאָלן כאָלעל צווישן די אָנגעבויטע גאראזשן און דעם ספּאָרט־פּלאַץ, אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער פילט איר פארוווּנ־דערטן בליק בא זיך אפן רוקן. אז זי איז ניט אליין, האָט ער ניט באמערקט, ער האָט ניט געקאָנט באמערקן, ווײַל דער דורכגאנג, די סטעזשקע איז אזא שמאָלע, אז מע גייט דאָ נאָר איינציקווײַז, איינער הינטערן אנדערן. ווען איר גאנג איבער דער סטעזשקע האָט זיך פארענדיקט, איז וואָלאָדיע אוועק איר אנטקעגן. אָט זעט ער זי פאר זיך, זײַן ליזען, נאָך וועלכער ער האָט אזוי גע־בענקט, אזוי ארויסגעקוקט אף א בריוו פון איר. דאָס פּאָנעם אירס, וואָס האָט מיט א רעגע צוריק אויסגעזען מיד און בלייכלעך, איז געוואָרן פארגאָסן מיט א העלער רויטקײַט. די אויגן אונטער די לאנגע און דינע ברעמען האָבן אופ־געגלאנצט, זיך אראָפּגעלאָזט און טייקעף זיך ווידער אופגעהויבן.

— ליזע!

— וואָלאָדיע!

איין מינוט, א מינוט אויך ניט, א רעגע, איין קורצע רעגע, איז ליזעס פּאָנעם געווען נאָר אן אויסגוס פון פרייד, דערנאָך איז די לויטערע פרייד פארשוווּנדן.

— און אָט איז ניאָמע... — האָט ליזע האסטיק אָנגעוויזן אפן באברילטן באָכער, וואָס האָט זיך אויסגעגלײַכט און זיך אוועקגעשטעלט לעבן איר.

— יאָ, טאקע ניאָמע, — האָט דער באָכער זיך אָפּגערופן מיט א מילדן, נאַיוון שמייכל, א שמייכל, וואָס פרעגט: „וואָס קאָן מען האָבן קעגן, אויב איך הייס ניאָמע?..“

## כאנינס ווינקל

סאָפּקאָלסאָף איז דען אזא גרויסע נאָפּקעמינע, אין א וועלכן מיקראָ־ראיאָן צו לעבן? אינעם סיבירער שטעטל זײַנען פונקט אזעלכע גאסן, און אזעלכע הײַזער, און אזעלכע הוידלקעס פאר קינדער, ווי דאָרטן, אינעם

מיקראָ־ראַיאָן, וואָס לעוו באָריסאָוויטש האָט פאַרלאָזט אין מאָסקווע. דאָ, ווי דאָרטן, לויפט מען אינדערפרי צו דער מאַשין — אויסשיטן די עמערס מיסט. און אין א פּאָר מינוט ארום, ווער מיט א טשעמאָדאַנדל אָדער מיט א בוך אין דער האַנט, ווער בלויז מיט א פרישטיק אין דער אָפּסטאַרטשענדיקער קעשענע — לאָזט זיך דער אוילעם גיין אין די אינסטיטוטן, אין אוניווערסיטעט, אף די בויונגען. אָן אומופהערלעכע מענגע שפּאַנט צופוס, אָן אומופהערלעכער שטראָם פלייצט צו די אווטאָבוסן. נאָר אָט איז שוין צוויי וואָכן, ווי לעוו באָריסאָוויטש גייט ניט צו דער ארבעט. ער איז א כוילע. גיי ריכט זיך גאָר אף אזא צאָרע. וועגן דעם, אז ער האָט א האַרץ, ווייסט ער שוין פון לאַנג, די דאָקטוירים וואָרענען אים שוין פון ווען אָן, ער זאָל געדענקען, אז ער האָט א האַרץ און זאָל זיך היטן. אָבער אז די פיס זאָלן ניט וועלן דינען, די פיס זאָלן ניט וועלן גיין? אף די פיס האָט ער קיינמאָל זיך ניט געקלאָגט, זיי האָבן אים ניט שלעכט געדינט און זיי האָבן אים ניט אונטערגעפירט ניט ייִנגלווייַז, ווען ער איז געקראָכן רייַסן עפּל אין פרעמדע סעדער, ניט דערוואַקסענערהייט, ווען ס'איז אויסגעקומען צו קריכן אין טראַנשייעס און אָקאָפּעס.

א ביסל פריִער, פאַר דער קרענק, האָט ער שוין געהאַט אפילע באַשלאָסן אָנצושרייַבן פּאָליען א בריוו, זי זאָל אראָפּקומען. אָבער גוט, וואָס ער האָט דעם בריוו ניט אָנגעשריבן. זי וועט שוין בעסער קומען, ווען ער וועט ווידער זייַן געזונט. איצט וואָלט עס אויסגעזען ניט אזוי, ווי ער האָט געמיינט און זיך פאָרגעשטעלט. איצט איז עפּעס אַנדערש. אפילע די גרינגע שטילקייַט, וואָס קלינגט נאָכאַנאַנד אין די אויערן און וואָס ער האָט פריִער געדאָרשט נאָך איר און זי געשעפּט, ווי מע שעפּט פון א לויטערן קוואַל אין א הייסן זומערטאָג, איז אים שוין אויך ניט צום האַרצן.

און געטראָפן האָט דער אומגליק גראָד דאַן, ווען ער האָט אין אוניווערסיטעט געהאַלטן א לעקציע, איינע פון זייַנע פרייַע לעקציעס, אף וועלכע עס זאַמלט זיך צונויף א פאַרשיידענער אוילעם — פּאַכלייַט, און סטודענטן, און נאָך גאָר די יונגע כעוורעלייַט פון דער פיזיש־מאַטעמאַטישער שול, וואָס זייַנען אלץ נייַגעריק צו וויסן, און אומעטום, ווו דער אַרייַנגאַנג איז א פרייַער, זייַנען זיי דאָ. ער איז געשטאַנען אף דער קאַטעדרע, און די האַנט האָט ניט ווילנדיק זיך אויסגעצויגן צו נעמען דעם שטול, וואָס שטייט באַם נעענטערן ברעג טיש. עפּעס אזא ביטערע שוואַכקייַט איז אַרייַן אין די פיס. אָבער ווי זעצט זיך עס א לעקטאָר אינמיטנדערינען אוועק? וואָס וועט עס האָבן פאַר א פּאָנעם? וואָס וועט דערוף זאָגן דאָס ייִנגל, וואָס נעמט ניט אראָפּ פון אים קיין אויג און וואָס איז עפּשער אהער, אינעם שטעטל, געקומען צו פאָרן פון טויזנטער קילאָמעטער די ווייַט, פון ערגעץ א פאַרוואָרפענעם סיבירער יישעוו? ווען ער וועט זיך אומקערן אהיים, וועט ער האָבן צו דערציילן וועגן מעשונעדיקן געלערנטן, וואָס האָט בייס א לעקציע פּלוצעם געכאַפּט א בענקל און זיך אוועקגעזעצט. ער קאָן זיך נאָך הויך צעלאַכן, דער כעווערמאַן. לעוו באָריסאָוויטש האָט א קוק געטאָן אפן זייגער — ביז דער ענדע פון דער לעקציע איז נאָך געווען פינף און צוואַנציק מינוט — א גאַנצע אייביקייַט. בעיין־ברייִרע האָט ער געמוזט אָפּגיין פון דער טריבונע, נעמען דאָס

בענקל און זיך אוועקזעצן. זיצנדיק, האָט ער שוין אין דער לעקציע ניט געפילט קיין שום טאַם, עס האָט אים געקאָסט א גוואַלדיקע אָנשטרענגונג ניט אַרונטערצוריַיסן זי אינגאַנצן. מיט שווייס אויף פּאָנעם האָט ער פונדעסטוועגן וויי־עס־איז די לעקציע פאַרענדיקט, באַ די לעצטע פּאָר שלוס־פראַזעס אפילע ווידער זיך אויפגעהויבן און זיי אַרויסגעבראַכט שטייענדיקערהייט, פּאַטעטיש, באַמיִענדיק זיך, אַז דאָס קאָל זאָל קלינגען זיכער, מונטער, אָן א ציטער. דאָס האָט זיך אים איַינגעגעבן נאָר טיילוויַיז. דערנאָך האָט מען אים געהאָלפן אַראָפּגיין פון די טרעפּ און זיך אַריַינזעצן אין דער מאַשין. די צוויי סטודענטן, וואָס האָבן אים אין דער מאַשין באַגלייט און געבראַכט אַהיים, האָט ער פאַרזיכערט, אַז אים איז גוט. עס איז געווען פּאָשעט א קורצער איבערפאַל, וואָס גייט גיך דורך. אַרויסרופן א דאָקטער? ער וועט אַליין אַרויסרופן, נאָר ער מיינט, אַז ס׳וועט ניט אויסקומען.

איַינגעשלאָפן איז ער מיט דער האָפענונג, אַז מאָרגן אינדערפרי וועט ער אויפשטיין א געזונטער. אין שלאָף גייט א קרענק דורך — דאָס האָט נאָך געזאָגט אַמאָל די מאַמע זיַינע. אָבער דער שלאָף איז געווען א שווערער, אָן אומרויִקער, אָפט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, פּונקט ווי אויף דער אידעאַל־שטילער לאָמאָנאָסאָוו־גאַס וואָלטן דורך דער נאַכט מיט א געפערלעכן רויש און מיט א טראַסקעריַי נאָכאַנאַנד זיך געטראָגן פּילטאָניקע לאַסט־אויטאָמאָבילן.

צוויי וואָכן איז ער ניט אַרויס פון שטוב. מע האָט אים ניט פאַרלאָזט — ער האָט געהאַט ניט ווינציק געסט באַ זיך — סיַי פון דער לאַבאָראַטאָריע, סיַי שכיינים פון דער גאַס, סיַי אַנדערע באַקאַנטע. אין מעשעך פון די לאַנגע, אומעטיקע, ווייטעקדיקע צוויי וואָכן האָט מען יעדן פרימאָרגן, איידער ער האָט נאָך באַוויזן אָנצוקלינגען אין דער לאַבאָראַטאָריע, שוין געקלונגען צו אים. די ערשטע קלינגט מאָניקע. זי זאָגט גוטמאָרגן, דערקונדיקט זיך וועגן געזונט, פרעגט א פּאָר קלייניקייַטן, און ווען ער בעט צורופן עמעצן פון די וויסנשאַפטלעכע טוער, איַילט זי זיך ניט צו רופן. זי האַלט דאָס טריַיבל. באַ איר גאַנצן אויפריכטיקן מיטגעפיל און באַדויערונג, וואָס עס האָט אים אַזעלכס געטראָפן, איז זי דאָך אפילע א ביסל צופרידן פונעם געשעענעם, איצט האָט זי א סאַך מער שליטע איבער אים, זי איז זיַין ווירטן, זיַין באַזאָרגערן, זיַין באַרעמהאַרציקע שוועסטער. יעדן אָוונט קומט זי אים מעוואַקער־כוילע זיַין, פאַרהאַלט זיך, און ווען ער פרעגט, צי זי וועט דערנאָך ניט מוירע האָבן צו גיין אַליין אַהיים, דורכן וואַלד, ענטפערט זי, אַז אויב זי וואָלט מוירע געהאַט פאַרן וואַלד, וואָלט זי ניט געפאָרן קיין סיביר.

מאָניקע פאַרלאָזט זיַין שטוב מיט אַזא שטרענגקייַט אויפן פּאָנעם, ווי זי וואָלט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז מער וועט זי דאָ ניט אַריבערטרעטן די שוועל. מעגלעך, זייער מעגלעך, אַז אַזוי טראַכט זי טאַקע, גייענדיק אַליין איבער דער פוסטער באַנאַכטיקער טויט־שטילער לאָמאָנאָסאָוו־גאַס, וווּ אפילע די שטומע לאַמטערנס רופן צו שטילקייַט. «Соблюдайте тишину!»[1] איז אָנגעצייכנט אויף זייערע מאַטעווע אַבאַזשורן, און אַזוי טראַכט זי אויך עפּשער דערנאָך, ווען זי פאַרקערעוועט אויף דער לאַנגער, איַינגעהילטער אין

[1] היט די שטילקייַט!

געדיכטער פינצטערניש וואלד־סטעזשקע, וואָס פירט ארויס צו דער אנדערער גאס, ווו זי וווינט. אָבער שוין אפמאָרגן פון גאנצפרי פילט ער ווידער איר זאָרג און איר האזשגאָכע. נעכטן האָט ניט אזוי גוט געוואָרעמט די דאמפבאטאריי, איז שוין גלייך דאָ א שלאָסער; צוהילף דער שטוב־ארבעטערן קומט אראָפ די אופראמערן פון דער לאבאָראטאָריע מיט א גאנץ צעטל, וואָס זי דארף עקסטרע אָפטאָן בא אים אין שטוב. אין דער לאבאָראטאָריע פילט אויס יענערס פליכטן מאָניקע.

היינט האָט לעוו באָריסאָוויטש זיך דערפילט גרינגער, ער האָט אָנגעקלונגען אף דער ארבעט און געבעטן צושיקן א מאשין, ער דארף פאָרן אפן זאוואָד. מאָניקע איז געקומען צו פאָרן צוזאמען מיטן שאָפער, זי האָט געהאָלפן לעבאָרן אראָפגיין פון די טרעפ, זיך אריינזעצן אין דער מאשין.

נאָך די טעג, וואָס ער איז אָפגעלעגן אין שטוב, האָט ער איצט זיך איינגעקוקט דורכן פענצטער אף די גאסן, וואָס האָבן זיך דורכגעטראָגן פארביי, און געדוכט האָט זיך אים, אז ער לעבט שוין דאָ, אינעם שטעטל, זייער לאנג, לאנגע יאָרן, אלץ איז אזוי באקאנט — די מויערן פון די אינסטיטוטן, אריינגעפאסטע אין וואלד, דאָס הויז פון די געלערנטע, וואָס זיין פאסאד האָט די פאָרם פון א צעעפנטן בוך, דער אוניווערסיטעט — א ווייסער, א ליכטיקער, אפילע אין א גרויען טאָג מאכט ער ליכטיקער און העלער דעם פלאץ, אף וועלכן ער שטייט, און די בייוואלד־לאָנקע, אין וועלכער ער שפיגלט זיך. „די וויסנשאפט איז אייביקער יאָמטעוו און אייביקער אומרו“, — דערמאָנט זיך לעוו באָריסאָוויטש א פראזע, וואָס ער האָט ערגעץ־ווו ארויסגעלייענט.

די גרויסע שטאָט, וואָס לעבן איר האָט מען אויסגעבויט דאָס שטעטל, זעט אויס וואָכעדיק, זי איז אין טומל, אין גערודער, אין רויש און אין רויך, און, זעלבסטפארשטענדלעך, אז מער פון אלץ איז א רודעריי און וואָלקנס רויך לעבן די זאוואָדן, דערהויפט באם מעטאלורגישן זאוואָד... יעדער מאָל, ווען לעוו באָריסאָוויטש דערנעענטערט זיך צום זאוואָד, איז ער פול מיט האָפענונגען און צווייפלונגען... „אויב דער דירעקטאָר פון זאוואָד דעוויאטקין וועט היינט פראווען שטיק, וועל איך דאָס קומענדיקע מאָל אריינפאָרן צו אים אין קאבינעט גלייך אף א וועגעלע. איך וועל אויסנוצן מיין לאגע פון א קוילע“, — טוט א טראכט לעוו באָריסאָוויטש און שמייכלט צו זיך אליין פונעם נארישן געדאנק.

אריינגעקומען אין מארטען־צעך, האָט לעוו באָריסאָוויטש אָנגעטאָן די פייערפעסטע קאסקע, וואָס ליגט שטענדיק פאר אים אָנגעגרייט אויבן אף דער שאפע אינעם רויטן ווינקל פון צעך, באנאנד מיט נאָך א מענגע אזעלכע היטלען. קעדיי ניט צו פארפלאָנטערן, איז בא יעדערער פון זיי אף דער אינווייניקסטער זייט מיט גרויסע אויסיעס אָנגעשריבן די פאמיליע פון איר באזיצער. בא לעוו באָריסאָוויטשן שיינט דער „ל. ב. כאנין“. ער האָט צוגעפעסטיקט צו דער קאסקע די טונקעלע ברילן און, באגלייט פון א צעך־מייסטער, זייער פאמעלעך זיך געלאָזט גיין פארביי די אויוונס. דורך די פירקאנטיקע, שטארק טונקל־בלויע ברילן זעט דאָס קאָכיקע שטאָל אויס אומנאטיר־

לעך שיין, ווי א פּראָדוקט ניט פון אונדזער וועלט, נאָר פון אנדערע ווײַטערע וועלטן, מיט גאָר אויסטערלישע קאָלירן, ענלעכע צו די פארביקע פּאסן אפן האָריזאָנט, ווען עס פארגייט אף אים נאָכן זומערדיקן טאָג א רויטע זון מיט אן אָנזאָג, אז עס וועט זײַן א געוויטער. עס איז געוויס ניטאָ קיין שענער בילד, ווי דאָן, ווען פון די אויוונס, דורך די פארמאכטע טירלעך, רײַסט זיך, בושעוועט דער פלאם, מע זעט, ווי די נאָך ניט אינגאנצן פליסיקע מאסע קוי־לערט זיך ארויף און אראָפּ, שלאָגט, פּולסירט, ווי א לעבעדיק וועזן, ווי א לעבעדיק הארץ אין א צעעפנטן ברוסטקאסטן. און דאָרטן, אין יענעם ווינקל, וואָס אין די לעצטע כאדאָשים איז ניט געווען קיין איין טאָג, קיין איין שאָ, וואָס לעוו באָריסאָוויטש זאָל ניט געדענקען און ניט טראכטן וועגן אים, שטייען שוין פינף הויכע קאמערעס, ווי פינף שוועסטער, באהעפטע מיט איין מוטערלעכן נאָפּל. די ערשטע דרײַ קאמערעס זײַנען שוין אינגאנצן פארטיק און טריקענען זיך, אינגיכן, גאָר אינגיכן וועט מען שוין קאָנען אָנצינדן דעם אויוון. לעוו באָריסאָוויטש האָט גענוי, סקרופּולעז באטראכט דעם אגרעגאט, און פּונקט ווי מע זעט ניט צוערשט דעם כיסאָרן פון א גראָדער ליניע, וואָס איז לעכאטכילע אוועק עטוואָס קרומלעך, ניט צו באמערקן מיטן הוילן אויג, אָבער וואָס ווײַטער די ליניע ציט זיך, אלץ אָנזיכטבארער ווערט דער דע־פעקט, אזוי האָט ער איצט באשײַמפּערלעך דערזען א געוויסן פעלער, וואָס די קאָנסטרוקטאָרן האָבן דערלאָזט, און די בויער, פון זייער זײַט, האָבן אים נאָך מער פארטיפערט. די שמעלצונג וועט זײַן א פארלאנגזאמטע. אויסער דעם, וועט מען די פערטע קאמערע אָפּט מוזן רעמאָנטירן, ווײַל זי האָט ניט די אנטשפּרעכיקע פּוטעראָווקע, וואָס איז געווען פאר איר אָנגעצייכנט און וועלכע זי דארף האָבן בא דער הויכער טעמפּעראטור, וואָס וועט זיך אין איר אנטוויקלען בײַס דער שמעלצונג.

— ניט שרעקלעך, ניט געפערלעך, — האָט אים געפּרוּווט בארויִקן דע־וויאטקין, וואָס איז אראָפּגעקומען אין צעך, — ס'איז דאָך די ערשטע אײַנ־ריכטונג פונעם דאָזיקן מין, פעלערן זײַנען אומפארמײַדלעך.

— עס וועט אויסקומען די גאנצע קאמערע איבערמאכן, זי אויסבויען אָפּסנײַ, אניט וועט זי אומברענגען דעם גאנצן אגרעגאט, — האָט לעוו באָרי־סאָוויטש געזאָגט מיט דער גאנצער הארבקײַט און קאטעגאָרישקײַט, אף וועלכער ער איז צײַטנווײַז פייִק.

— צי ווייסט איר, וואָס איר רעדט, לעוו באָריסאָוויטש? — איז דעוויאט־קין נישטוימעם געוואָרן, — איר האָט דאָך שוין א פארטיקע זאך. און וואָס פאר אן אומגליק, זאָגט מיר, וועט געשען, אויב די פּוטעראָווקע וועט דער־נאָך אויסקומען צו בײַטן א ביסל פריִער, ווי איר האָט דאָס פאָרויסגעזען? ווייסט איר און האָט איר אן אנונג, וואָס איר ווילט? וויפל עס וועט אײַך אויסקומען דערנאָך ווארטן, ביז איר וועט אמאָל דערזען די ערשטע שמעל־צונג? איר פארשטייט דאָך אליין, אז אונדז גופע, כ'מיין דעם זאוואָד, רירט עס קנאָפּ אָן, צו אונדזער גרונטיקן פלאן האָט עס קיין שײַכעס ניט, נאָר עס איז מיר פּאָשעט א... — דעוויאטקין האָט, א קוק געבנדיק אף לעוו באָריסאָ־וויטשן, אף דער האנט זײַנער, וואָס האָט מיט קענטלעכער אָנשטרענגונג זיך אָנגעשפּארט אפן שטעקן, שוין, אפּאָנעם, געוואָלט ארויסברענגען דאָס

וואָרט „ראַכמאָנעס", נאָר זיך צוריקגעהאַלטן און עס פאַרביטן אויף אַן אַנדער וואָרט. — ס'איז מיר פּאַשעט אַ פאַרדראָס, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב אײַך געגעבן דעפיציטן מאַטעריאַל, אַראָפּגענומען אַרבעטער פון אַן אַנדער אָביעקט און אַוועקגעשטעלט זיי אויף אײַערן...

— איך בין אײַך זייער דאַנקבאַר דערפאַר, לעאָניד סערגייעוויטש, נאָר פונדעסטוועגן וועט אויסקומען איבערצומאַכן, — איז כאַנין באַשטאַנען אויף זײַנעם. דעוויאַטקין האָט אַ קנייטש געגעבן מיט די פּלייצעס, ווי געזאָגט: מיט אַקשאָנים־מעשוגאָים זאָלן אַנדערע האָבן צו טאָן. ער האָט זיך געלאָזט אַוועקגיין, אָבער זיך אומגעקערט, גענומען דעם אַקשן אונטער דער האַנט און אָפּגעפירט ווײַטער, צום טויער פון צעך, ווו עס איז ניט אַזוי טומל־דיק.

— איך אייצע דיר, לעוו באָריסאָוויטש, ניט מאַך קיין פוילע שטיק, — האָט ער געפּרוּווט אַ לעצט מאָל אים נעמען אײַנריידן, ווי אַן אַלטן, גוטן כאַווער, וועלכן מע ווינטשט נאָר גוטס. — מיר זײַנען ביידע מעטאַלורגן ניט דעם ערשטן טאָג. ניט איין דאַמנע און ניט איין מאַרטען האָט מען אָנ־געצונדן אויף אונדזערע אויגן. געדענקסט כאָטש אין איינציק מאָל, ווען עס זאָל גלײַך פון אָנהייב אַלץ זײַן גלאַט? עס גייען אַוועק דערנאָך כאַדאָשים, ביז דער אויוון ווערט טאַקע אַן אויוון, מיט אַן אײַנרעגולירטן רעזשים, מיט אַן אויסגעאַרבעטער טעכנאָלאָגיע. דאָס, וואָס דו לייגסט איצט פאָר, איז אַן אומ־זין. די ערשטע פּראָבע איז קיינמאָל ניט די בעסטע. דו וועסט נאָר פאַטערן צײַט.

— גראָד פון דער ערשטער פּראָבע איז זייער פיל אָפּהענגיק, — האָט לעוו באָריסאָוויטש ניט נאָכגעגעבן. — מיר מאַכן דאָך ניט קיין עקספּערי־מענט אויף אַ קראָליקל, וואָס גלײַך האָט מען דעם צווייטן. אונדזער אויוון דאַרף זײַן ווי ווײַט מעגלעך פולקום גלײַך פון אָנהייב. מיר טאָרן ניט קאָמ־פּראָמעטירן אַ גוטע אידיי.

— נו, מער מיש איך זיך ניט, — האָט דעוויאַטקין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, קוים אײַנהאַלטנדיק דעם צאָרן. — טוט, ווי איר ווילט. איר וועט אַליין קריגן מאַטעריאַל, אַליין אופזוכן אַרבעטער. קיינע פּאָדערונגען קאָנט איר צו מיר ניט האָבן... איך וועל נאָר קומען, אויב איר וועט מיך אײַנלאַדן אויף דער סימכע פון דער ערשטער שמעלצונג, וואָס אײַער אויוון וועט אַרויס־געבן, — האָט דעוויאַטקין, זעענדיק, אַז לעוו באָריסאָוויטש איז ניט בעקאָוו־האַבריִע, פאַרענדיקט מיט אַ פּאָר ווייכערע ווערטער, צו פאַרמילדערן דאָס פריִער געזאָגטע.

פונעם זאַוואָד איז לעוו באָריסאָוויטש אַוועקגעפאָרן ניט אַהיים, נאָר אין דער לאַבאָראַטאָריע, ווו ער איז שוין אויך ניט געווען די לעצטע צוויי וואָכן. פאַרהעלטעניסמעסיק גרינג האָט ער זיך אופגעהויבן איבער די טרעפּ אופן צווייטן שטאָק. עס האָבן אים אַרומגערינגלט די מיטאַרבעטער, געגריסט זיך מיט אים, אויסדריקנדיק אין זיך די צופרידנקײַט, וואָס די פיס זײַנע גייען שוין. אין קאַבינעט איז ער גלײַך ניט אַרײַן, זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ טיש אין גרויסן לאַבאָראַטאָריע־צימער.

בא לעוו באָריסאָוויטשן איז א פון לאַנג אײַנגעפירטער קלאַל, וואָס ער האָט געיאַרשנט בא זײַן לערער סטראָפּאָוו, אַז וויכטיקע פראַגן, וואָס האָבן א שײַכעס און רירן אָן דעם גאַנצן קאָלעקטיוו, ווערן ניט געלייזט, ווען די מער־הײַט איז מאַסקים, — ניין, אַלע, ביז איינעם דאַרפן מאַסקים זײַן. אויב איינער איז ניט מאַסקים, דאַרף דער אָנפירער און אַלע איבעריקע וויסנשאַפטלעכע טוער יענעם איינציקן דערווײַזן און איבערצײַגן, אַלץ אויסזוכן נײַע אַרגו־מענטן און מאָטיוון, אַזוי לאַנג, ביז ער וועט דערזען און פאַרשטיין זײַן טאָעס. אַזאַ מעטאָד האָט די מײַלע, וואָס דערווײַזנדיק יענעם, קאָנטראָלירט מען בייסמײַסע נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל זיך גופע, דעם אייגענעם שטאַנדפּונקט, מע באַטראַכט אים אַלזײַטיק און אין דער פולער מאָס. אַזוי איז אויך געווען איצטיקס מאָל. פראַגן האָבן זיך אָנגעקליבן גענוג און זיי האָבן געדאַרפט געלייזט ווערן מיטן העסקעם און מיט דער אײַנשטימונג דורכויס פון אַלע וויסנשאַפטס־טוער פון דער לאַבאָראַטאָריע. לעוו באָריסאָוויטשן האָט, דוכט זיך, ווינציק געאַרט און ער האָט גאַנץ קאַלטבלוטיק זיך באַצויגן צו דעם, וואָס דעם אויוון וועט מען אָנצינדן א ביסל שפּעטער, ווי מע האָט פּלאַנירט. דער נײַער מין אויוון איז פאַר די וויסנשאַפטלעכע טוער פון דער לאַבאָראַ־טאָריע פאַקטיש שוין א פאַרטיקע זאַך, די בויער וועלן די בלויזן פאַריכטן. איצט איז די וויכטיקסטע פראַגע געווען: די ווײַטערדיקע טעמאַטיק. אין דער לאַבאָראַטאָריע, בא דער גאַנצער צוזאַמענגעלעבטקײַט און צונויפגעאַרבעט־קײַט פון די וויסנשאַפטלעכע טוער, האָט זיך דאָך שוין געגומען מערקן א געוויסע פאַרטאַרמאָזירטקײַט, וואָס טאָר ניט זײַן אין א קאָלעקטיוו, ביפּראַט אין א וויסנשאַפטלעכן. דער אויוון פון אומופהערלעכער שמעלצונג האָט גע־געבן גלענצנדן שטאָף פאַר צוויי דיסערטאַציעס, עס אַרבעטן איבער זיי אָס־קאָלצעוו און גאָגאָבערידזע. די צוויי אייביקע פרײַנט־אָפּאָנענטן אייפערן אַפילע איצט איינער דעם אַנדערן, היטן זיך, אַז איינער זאָל ניט אַרײַנטרעטן און ניט פאַרכאַפּן עפּעס פונעם געביט, וואָס עס האָט געגומען פאַר דער די־סערטאַציע דער צווייטער. יאַשע קליינערמאַן, יעוודאָקיִע פּאַוולאָוונע, אָדער ווי מע רופט זי פּאַשעט אין דער לאַבאָראַטאָריע — דוסיע, האָבן נאָך ניט קיין טעמעס, און לעוו באָריסאָוויטש פילט זיך שולדיק אַנטקעגן זיי, ער האָט ניט אונטערגעזאָגט, ניט סטימולירט. געוויינלעך, טעמעס זײַנען פאַראַן א סאַך, אָבער מע דאַרף דאָך וויכטיקע, וואָגיקע, נוצלעכע. בא לעוו באָריסאָוויטשן איז פאַראַן א גאַנצער פּלאַן, וואָס כאַפּט אַרום וועזנטלעכע פּראָבלעמען פון דער מעטאַלורגיע אין סיביר. דעם פּלאַן דאַרף ער צושטעלן אינעם פּרעזידיום פון דער אַקאַדעמיע, אָבער פריִער מוז ער דאָך באַהאַנדלט ווערן און קריגן א באַגיטיקונג גופע אין דער לאַבאָראַטאָריע.

אין אָנהייב האָט מען, אַפּאָנעם, געשאַנעוועט לעוו באָריסאָוויטשן און מע האָט געראַדעט אײַנגעהאַלטן, ניט אַרויסגעוויזן די היציקע טעמפּעראַמענטן. מאָניקע האָט אַפילע אַרײַנגעשעפּטשעט אין די אויערן אָסקאָלצעוון און גאָ־גאָבערידזען, אַז זיי זאָלן זיך ניט אַמפּערן און געדענקען, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט א כוילע.

— יינגלעך, זײַט קלוג, — האָט זי זיי געבעטן. — איר וועט אים אוועק־האַרגענען מיט אײַערע שטרײַטן.

די „ייִנגלעך" האָבן עפּשער טאַקע געוואָלט זײַן קלוג. האָט אָבער ניט געוואָלט לעבאַר, ער האָט אונטערגעהיצט און ארויסגערופן אַף א דיס־קוסיע.

דערנאָך, ווען ער איז געזעסן בא זיך אין קאַבינעט, האָט מאַניקע אים אָנגעזאָגט א בסורע:

— לעוו באָריסאָוויטש, עס פרעגט זיך נאָך אַף אײַך א סאָלדאַט.

זי האָט זיך אָנגעשטויסן, ווער דער סאָלדאַט איז, וואָס פאַר א שײַכעס ער האָט צום שעף. עס איז איר געווען זייער אָנגענעם איבערצוגעבן די פריי־דיקע נײַס, דערבײַ האָט זי א לענגערע ווײַלע געהאַלטן אָפן די טיר פון קאַ־בינעט, געשטאַנען אַף דער שוועל, ניט קאָנענדיק זיך אָפּזאָגן פונעם פאַר־געניגן בײַצוזײַן די ערשטע מינוט פון דער באַגעגעניש פונעם טאַטן מיטן זון. לעוו באָריסאָוויטש האָט בייסמײַסע געזוכט עפּעס א פּאַפּיר אינעם טיש־קעסטל, ניט געקאָנט געפינען און אומצופרידן אונטערגעמורמלט, אַז א דריטל לעבן גייט בא אים אוועק אַף זוכן. ער האָט ניט גלײַך אופגעהויבן דעם קאָפּ פון טיש, נאָר א שאָקל געגעבן מיט אים, ווי געזאָגט: „גוט, גוט, זאָל מען זיך נאָכפרעגן, און איך וועל נאָך א ביסל זוכן".

דערווײַל איז שוין וואָלאָדיע געגאַנגען פון דער טיר צום טיש. בלויז דער ערשטער טראָט — פון דער שוועל איז באַם גאַסט געווען א האַרטער, א געמאָסטענער, א סאָלדאַטסקער, די איבעריקע צוויי־דרײַ טריט, וואָס ער האָט נאָך געדאַרפט מאַכן אינעם ניט־גרויסן צימער ביז צום אויבנאָן, זײַנען שוין געווען שטילערע, ווייכערע.

דערזען וואָלאָדיען, האָט לעבאַר אופגעשטראַלט, ראַשיק זיך א הייב אוף געטאָן, ער האָט אים אַרומגעכאַפּט און זיך צעקושט מיט אים.

— זע נאָר, ביסט דאָך טאַקע א סאַך העכער פון מיר, — לעבאַר האָט מיט דער האַנט דורכגעפירט א ליניע פון זײַן שפּיץ קאָפּ צו וואָלאָדיעס פּלייצע.

— ניט העכער, נאָר לענגער, — האָט וואָלאָדיע זיך צעלאַכט.

איידער לעבאַר האָט בא וואָלאָדיען עפּעס געפרעגט, האָט ער זיך צו־געײַלט אַרײַנפירן אים אין גרויסן צימער און באַקאַנען מיט די מיטאַרבע־טער, קאָלזמאַן זיי זײַנען נאָך ניט אוועק אהיים. ער האָט געוואָלט, אַז אלע זאָלן וויסן וועגן זײַן סימכע.

— איך נעם זיך הײַנט א טאָג אורלויב, — האָט ער מיט א געהויבן קאָל געמאָלדן, גאָר האָבנדיק פאַרגעסן, אַז ער איז א כוילע, און אַז ביכלאל האָט זיך שוין דער אַרבעטסטאָג פאַרענדיקט. — אויב מע וועט קלינגען און זיך נאָכפרעגן, ענטפערט, אַז בא מיר איז א גאַסט, עס איז צו מיר אראָפּגעקומען מײַן זון.

די מאַשין, מיט וועלכער ער איז געפאָרן אָפן זאַוואָד, האָט געוואַרט אַף אים אנטקעגן מויער, ווו עס געפינט זיך די לאַבאָראַטאָריע. לעבאַר און וואָ־לאָדיע האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין איר, מאַניקע האָט זיך אַרײַנגעשמוגלט אין שאָפערס קאַבינע. מע דאַרף דאָך עפּעס צוגרייטן יאָמטעוודיקס פאַרן גאַסט. צוויי מאַנצבלען, אָן איר הילף וועלן זיי זיך ניט באַגיין. לעוו באָריסאָוויטש

האָט צוגעפירט זי צו איר שטוב און איידל זיך געזעגנט מיט איר. מאָניקע האָט זיך געמוזט מוידע זײַן, אז אזוי איז טאקע בעסער. דער זון מעג ניט וויסן וועגן אירע געפילן.

בא לעוו באָריסאָוויטשן אין קאָטעדזש איז געוואָרן היימלעכער, ווי נאָר וואָלאָדיע איז אהין ארײַנגעקומען, און אליין וואָלאָדיע האָט אויך גלײַך זיך דאָ דערפילט זייער היימלעך, עס האָט אף אים א ווייע געטאָן מיט יענער ליבער עמעסער היימישער ווארעמקײַט, וואָס מע שפּירט נאָר, קומענדיק נאָך א דויערנדיקער צעשיידונג צו זייער אן אייגענעם מענטשן, עפּשער דעם סאמע אייגנסטן און נאָענטסטן אף דער וועלט. פונעם רעסטאָראַן באם הויז פון די געלערנטע האָט מען געבראַכט צוויי געשמאקע ווארמעסן, לעבאָר און וואָלאָדיע זײַנען געזעסן באם טיש אינעם גאסטצימער, האָבן צוגעביסן און געפירט א שמועס.

— האָסטו שוין באשלאָסן, ווו דו וואָלסט געוואָלט אָנקומען לערנען נאָך דער ארמיי? — האָט לעבאָר א פרעג געטאָן.

— איך וויל אָנקומען אין אוניווערסיטעט.

— אויסגעצייכנט. אף א וועלכן פאקולטעט?

— אפן מאטעמאטישן.

— דו ביסט געראָטן אין מיר. איך האָב אויך ליב מאטעמאטיק. ברעכסט זיך גוט דעם קאָפּ אף די אופגאבעס, וואָס איך שיק דיר?

— עס קומט אויס... אָבער איך לייז זיי.

לעבאָר האָט געשײַנט.

— מאטעמאטיק, ברודער־לעבן, איז די מוטער פון אלע וויסנשאפטן. איי־נער אן אלט־גריכישער געלערנטער האָט אף דער טיר פון זײַן שטוב אָנגע־שריבן, אז די, וואָס ווייסן ניט קיין געאָמעטריע, זאָלן צו אים ניט ארײַנקו־מען... נו, און ווו... כ׳מיין, אין אוועלכער שטאָט וועסטו זיך לערנען? — האָט לעבאָר ווײַטער זיך נאָכגעפרעגט. זײַן פארלאנג איז, געוויינלעך, געווען, אז וואָלאָדיע זאָל לערנען דאָ, אין שטעטל, און זײַן מיט אים צוזאמען, אָבער צוריידן האָט ער ניט געקאָנט. דאָס וואָלט באטײַט באגיין אן אוולע קעגן פּאָליען, וואָס קוקט ארויס, ווען דער זון וועט זיך אומקערן פון ארמיי און זי וועט אופהערן זײַן איינע אליין.

— איך וועל פּרוּוון האלטן עקזאמען אין מאָסקווער אוניווערסיטעט... אין אוזשגאָראָד איז אויך פאראן אן אוניווערסיטעט, ס׳איז ניט ווײַט פונעם אָרט, ווו איך דין איצט, — וואָלאָדיע האָט זיך דערמאָנט אין מארינקען, אָלענע מיכײַלאָוונעס טאָכטער, וואָס פלאנירט נאָכן צענטן קלאס פאָרן קיין אוזש־גאָראָד, אָבער האָבנדיק זיך דערמאָנט וועגן מארינקען, איז אים גלײַך ארוף אפן געדאנק ליזע, ער האָט זיך אָנגעכמורעט און אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צום טיש.

— עס דארף זײַן א שיינער קאנט די טראנסקארפּאטן, — האָט לעבאָר איבערגעביטן די טעמע פונעם געשפּרעך.

— זייער א שיינער. ווען דו וועסט האָבן... טאטע, אורלויב, קום צו פאָרן. איך בין דאָרטן אויסגעוועון אומעטום, אין אלע בערג... כ׳האָב דאָך געזוכט...

א היפּשע ווײַלע איז באַם טיש געווען שטיל. דערנאָך האָט וואָלאָדיע געגומען דערציילן וועגן פּראָצעס איבער געוועזענע פּאָליצײ־לײַט, אַף וועלכן ער איז בײַגעווען. ביז דאַן איז אים נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זײַן אַף אַ געריכט, ביפראַט אַזאַ גרויסן, אַף וועלכן עס איז געקומען אַן אוילעם אַפילע פון די אַנדערע, שכיינעסדיקע געגנטן — סטאַניסלאַווער געגנט, לוואָווער, און פאַרגעקומען איז דער מישפּעט ניט אין דער געריכט־געבײַדע, נאָר אין איינעם פון די גרעסטע זאַלן אין דער שטאָט. אַף דער באַשולדיקונגס־באַנק איז געזעסן אַ דרײַלינג, דרײַ מענוואָלים, וואָס האָבן נאָך דער מילכאָמע זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע ווײַטע ערטער, אין דער טיף פון לאַנד, אונטער פאַלשע נעמען, מיט פאַבריצירטע פּאַספּאָרטן. אַפן פּראָצעס איז געווען אָלענאַ מיכײַלאָווגאַ פּענטשוק.

— ווער איז זי? — איז לעבאָר נײַגעריק געווען צו וויסן.

— זי איז אַ קאָלווירטניצע, אַ רינגלערן... זי האָט געהאָלפן אופזוכן אַ סאַך אומבאַוווּסטע קוואָרים...

ווידער איז געוואָרן שטיל אין צימער. צווישן די צוויי מענטשן באַם טיש איז אַזוי ווי די גאַנצע צײַט געווען אַ דריטער — מע האָט אים ניט געזען, נאָר ער איז געווען מיט זיי און, דוכט זיך, צוגעהערט זיך צו יעדן וואָרט, וואָס זיי ברענגען אַרויס.

וועגן דער מאַמען האָט וואָלאָדיע אויסגעמיטן צו ריידן, נאָר איבערגעגעבן אַ גרוס און געזאָגט, אַז זי זעט אויס גוט. לעבאָר איז אויך אָפּגעקומען מיט קורצע פּראַגעס וועגן דעם, וואָס הערט זיך אין שטוב. דערנאָך איז וואָלאָדיע אַוועק אַף אַ שפּאַציר אַ קוק טאָן דאָס שטעטל. ער איז געגאַנגען איבער די פּראָספּעקטן, איבער די גאַסן, פאַרקערעוועט אין וואַלד, ווו די זאָרגזאַמע אײַנוווינער פונעם שטעטל האָבן אַף די ביימער אופגעהאַנגען געפּלאָכטענע קוישלעך מיט פאַרביקע שילדלעך „גאַסטראָנאָם — טשיק־טשיריק", „האָטעל — אַהער, מײַן פייגעלע", מיט אַ סאַך קעמערלעך פון אויבן און אַ „רעסטאָראַן" פון אונטן. די „גאַסטראָנאָמען" און „האָטעלן" האָבן קיין „קליִענטן" איצט קימאַט ווי ניט געהאַט — עס איז זומער. די פייגעלעך נייטיקן זיך ניט, מע זאָל זיי באַדינען און אונטערטראַגן, זיי געפינען אַליין אַף דער גרינער בליִענדיקער ערד אַלץ, וואָס זיי באַדאַרפן...

די וואַלד־סטעזשקע האָט וואָלאָדיען אַרויסגעפירט צום יאַם, צום פּליאַזש, וואָס איז געווען פול מיט יוגנטלעכע, אַפּאָגעם סטודענטן. דאָס וואַסער איז געווען קאַלט, נאָר מע האָט זיך געבאָדן. וואָלאָדיע האָט זיך אויך אָפּגעפרישט, זיך אַ הוידע געטאָן אַף די כוואַליעס פונעם נײַעם קינסטלעכן יאַם, דערנאָך האָט ער זיך געוואַרעמט אַ ביסל אַפן גאָלדענעם זאַמד, זיך אָנגעטאָן און פאַרגעזעצט דעם שפּאַציר. מיט נײַגעריקײַט און פאַרכאַפּטקײַט האָט ער צוגעקוקט זיך צום נײַעם אָרט, ווו קיינמאָל פריִער איז זײַן פוס ניט געטראָטן, און דערבײַ האָט ער געהאַט אַ געפיל, אַז דאָ, אין סיביר, פונקט, ווי דאָרטן, אין די קאַרפּאַטן, פאַרמאָגט ער עפּעס אייגנס, דאָ און דאָרטן האָט ער אַ שטיק אייגן לעבן. דאָס דאָזיקע געפיל האָט זיך באַ אים נאָך מער פאַרשטאַרקט,

ווען ער איז אין אַ פּאָר טעג אַרום צוזאַמען מיט לעבאָרן געקומען צו פֿאָרן אפֿן זאַוואָד. דאָרטן, אפֿן זאַוואָד, אין מאַרטען־צעך, הינטער די צוועלף מאַר־טענעס, איז פֿאַראַן נאָך אַן אויוון, מע רופֿט אים כאַנינס אויוון, און דאָס ווינקל, וווּ דער אויוון שטייט, הייסט כאַנינס ווינקל. וואָלאָדיען איז אויסגעקומען הערן, ווי איין אַרבעטער האָט געזאָגט צו אַ צווייטן: „טו אַ קוק אין כאַנינס ווינקל, גיב אַ זוך לעבן זײַן אויוון...״

וואָלאָדיע וועט ניט בײַזײַן אױף דער סימכע, ער וועט ניט זען די ערשטע שמעלצונג. אָבער ער שטעלט זיך פֿאָר: כאַנינס אויוון וועט, ווי די איבעריקע אויוונס, קאָכן שטאָל, ס׳וועט שטראָמען פֿון אים אַ שטאָלענער טײַך — אָן אופֿהער, אָן איבערײַס, אינדערוואָכן און אום יאָמטעוו, אייביק...

# יאָרן ווײַטע,
# יאָרן נאָענטע



## דערציילונגען

# א דערציילונג פון דער קינדהייט



א לעבנס־באשרייבונג הייבט מען אָן געוויינלעך פון דער קינדהייט. מע שלעפּט דעם וואָגן פון העט־העט ווייט, פון ארונטערן בארג, ווו מיט יאָרן צוריק איז געשטאנען דאָס וויגעלע און באם וויגעלע — די מאמע, וועלכע האָט געזונגען וועגן צוקער־זיסע ראָזשינקעס מיט מאנדלען. וואָס מער בארג־ארויף, ווערט דער וואָגן שווערער. אונטערוועגנס כאַפּן זיך אין אים אריין נייע פּארשוינען, מיט וועלכע דער מעכאבער איז גוט באקאנט, ניט איין מאָל אפן לעבנס־וועג זיך מיט זיי געטראָפן, צוזאמען פארבראכט, געטרונקען א גלאָז טיי, א גלעזל וויין, געזונגען צוזאמען און געזיפצט צו־זאמען. ווי קאָן מען אזעלכע פּאסאזשירן ניט ארופנעמען, צווינגען זיי מיט די פּעקלעך און בינטלעך זיך שלעפּן צופוס? ביטע, זעצט זיך אוף, ווער נאָר עס וויל! אָרט איז דאָ פאר אלעמען, און בא מיר איז א קלאל: וואָס גרעסער

דער אוילעם, אלץ גרעסער די סימכע. האלט נאָר די הענט פעסטער בא די דראבינעס פונעם וואָגן — ניט ארויסצופאלן.

אין צוויי זאכן דארף איך זיך מודע זײַן. ערשטנס, אז, לויט דער אלטער טעווע, האָב איך ערטערווײַז עפּעס א קלייניקײַט צוגעטראכט, ניט צום שאָדן דעם וואָרהאפטיקן יאָדער; פארקערט, אף בעסער און בוילעטער דעם עמעס ארויסצוברענגען. יעדע מעלאָכע האָט אירע סודעס, איר טעכנאָלאָגיע. ס'איז ניט קיין גרויסער קונץ אליין צונויפשלאָגן א טיש פון דרײַ ברעטער און פיר סטויפּטשיקעס, אָבער זיצן בא אזא אנטיקל איז אָפּטמאָל א קנאפּער פארגע־ניגן. דער טיש איז קרום, שאָקלט זיך, ער איז ניט ארומגעטעסעט. דער באל־מעלאָכע גיט ניט צו קיין איין ברעטל, קיין שפּענדל, ער פארפעסטיקט אים נאָר גוט, הובלט ארום, פּאָלירט אָפּ — און ס'איז גאָר אן אנדער טיש. דאָס זעלבע, אף זײַן אייגנארטיקן אופן, טוט א שרײַבער. ער טעסעט, הובלט, פּאָ־לירט. ניט ווינציק טײַערער מאטעריאל גייט דערבײַ אין ניוועץ, אלץ מיט דער גוטער קאוואָנע, עס זאָל זײַן וואָס בעסער. אויסער דעם אלעמען, וואָס איז דאָס פאר א שרײַבער, וואָס טראכט גאָרניט צו?

צווייטנס, האָב איך זיך דערלויבט צו ענדערן די עמעסע נעמען אף אויס־געטראכטע. כ'האָב דאָ טרײַ נאָכגעפאָלגט אנדערע מעכאברים.

אלזאָ, נאָך די פּאָר קליינע באמערקונגען לאָמיר ניט פאטערן קיין צײַט און אָנהייבן די יאזדע. דאָס פערדל איז אויסגערוט; זאָל עס אונדז טראָגן א ביסל גיכער, לעכאָלהאפּאָכעס אף די ערשטע סטאנציעס... אין א גוטער שאָ. אין וועג ארײַן.

## היגע און בעזשענצעס

די גריכן, וואָס האָבן מיט פיל יאָרן צוריק זיך באזעצט אין דער שטאָט וואָלנאָוויסק אף דאָרעם־אוקראינע, האָבן געהאט א גוסט צו שיינע, קלינגענ־דיקע נעמען. זיי האָבן אָנגערופן די גאסן: מעטראָפּאָליוס, עלאדאָס, קאָלי־זייוס. אפן ווײַבערשן לאָשן רופט מען די דאָזיקע גאסן: מעטריטשעסקע, לאָ־טשעסקע, קאָזיינע. פאראן אין דער שטאָט אן „איטאליאנסקע" גאס אָן איין איטאליענער און א „פראנצוזסקע" אָן איין פראנצויז. אין וואָלנאָווי־סקער האפן גייען ארײַן שיפן פון פארשיידענע לענדער, נאָר, ווײַזט אויס, די איטאליענישע און פראנצויזישע יאם־לײַט האָבן מער פון אנדערע גע־פונען כיין בא די אײַנוווינער, דערהויפּט בא די פרויען.

די הויפּט־גאס הייסט יעקאטערינינסקע. אף איין עק אירן איז דער שטאָ־טישער סקווער מיטן בראָנזענעם ייִנגעלע, פון וועלכן עס שפּריצן צוויי שטראָמעלעך וואסער, איינס פונעם פאראָסטעטן צעשפּאָלטענעם מײַלכל, דאָס צווייטע — פון עפּעס נאָך אן אָפּגעריבן גלידל. אפן אנדערן עק גאס איז דער קלויסטער מיטן ברייטן פּלאַץ פון פאָרנט און מיטן מארק און דעם „טאָל־טשאָק" פון הינטן. א פרום ייִדיש ייִנגל טאָר ניט קוקן אף דער טומע, ער דארף אפגיך פארבײַגיין, דערבײַ דרײַ מאָל ארויסמורמלען א געוויסן פּאָסעק. אָבער ניט ווילנדיק פארײַסט ארקע די אויגן ארופצו און פארהאלט דעם בליק

אף די גאָלדיק־פינקלענדיקע צלאָמים און געדיכט־גרינע ציבעלקעס, וואָס איינע פון זיי איז גאָר א גרויסע, די צווייטע אף א העלפט קלענער און די דריטע זעט שוין אויס קעגן דער ערשטער ווי א ליליפוטל.

פון אויבן איז דער קלויסטער שיין, וואָס נידעריקער צו דער ערד פאלט די שיינקייט זײַנע און ער ווערט אלץ געמיינער. די „הייליקע" בילדער אף די דרויסנדיקע ווענט פוןביידע זײַטן אריינגאנג זײַנען אָפּגעבליאקעוועט, מע זעט ניט קיין איין גאנצע צורע; די שטיינערנע טרעפּ זײַנען שטענדיק באלאגערט מיט קאליקעס און בעטלערס. צווישן דעם קלויסטער און דעם סקווער ציִען זיך אוועק צוויי רייען מויערן, די גרעסטע און די שענסטע אין דער שטאָט. יעקאטערינינסקע איז די איינציקע גאס, ווו ס'איז גוט צו גיין באָרוועס, זי איז געפלאסטערט מיט גלאטע שטיינדלעך. אף דרײַ גרעסערע שטיינער פונעם ברוק זײַנען אויסגעקריצט אויסיִעס. א באזונדער פארגעניגן איז צו טרעטן איבער די דאָזיקע בוכשטאבן, אָבער וויפל מע רײַבט ניט, פארמעקן זיי זיך ניט.

ארקע כאיִט וווינט אף דער ווײַטלעך־פארוקטער מעטריטשעסקער גאס, אין א גרויסן הויף. דאָס פאָדערשטע הויז, צו דער גאס־צו, איז אָנשטענדיק־פײַן, מיט שיינע גארדינען אף די פענצטער. די פאראדנע טיר איז שטענדיק פארמאכט, דער ארײַנגאנג איז דורכן הויף. לעבן גאנעק מיט די געשניצטע זײַלעכלעך שטייט א הינטיש בײַדל, וואָס פוסטעוועט געווייגלעך. דער מע־שונע־צעוואקסענער דיקער הונט איז אזוי פויל, אז ער וויל זיך ניט מאטריִען זײַן אָנבייגן און ארײַנקריכן אינעם בײַדל. בילן בילט ער מיט א וויינענדיק קאָל. ס'איז א שטילער געיאָמער, א ראכמים־געבעט, מע זאָל אים ניט טשע־פּען און לאָזן רויִק ליגן בא דער שיסל, וואָס איז קיינמאָל ניט ליידיק. פאר דער גאנצער צײַט, וואָס ער איז הונט אין הויף, האָט ער א ביס געטאָן א מענטשן סאכאקל איין מאָל, אויך — ניט ווילנדיק, נאָך דעם, ווי א פּאָר כעווערלײַט האָבן אים גוט אָנגעררייצט אף ארקען און ער האָט ניט געהאט קיין אנדער ברײַרע, ווי א צופּ טאָן דעם יינגעלעס דארן זײַט מיר מויכל. דעם הונט האלט מען אף אָנסטראשען די קונדייסים, זיי זאָלן ניט קלינגען אין גלעקל. ווער עס דארף צו דער טיר מיטן געל־בלאנקענדיקן קופּערנעם שילדל И. Г. Хиной[1], קלאפּט פריִער אָן אינעם דרויסנדיקן פענצטער און וואַרט, ביז דאָס דינסטמיידל אָדער אליין די באלעבאָסטע וועלן אים בעשאָ־לעם ארײַנפירן אין שטוב. בייסמײַסע שרײַען זיי „טוזיק, נא מעסטאָ!"[2], כאָטש טוזיק ליגט זייער רויִק, פּרוווט אפילע ניט זיך א ריר טאָן פון אָרט. דער באלעבאָס פונעם הויז און פונעם הונט איז איסאַק גריגאָריעוויטש כינוי, א רײַך־געוואָרענער ייִד, אן אייגנטימער פון אן אײַזנווארג־סקלאד.

וואָס טיפער אין הויף — געמיינער די געבײַען. אין טאמע עק, אין נאָענ־טער שכיינעס מיטן מיסטקאסטן, האָט זיך באזעצט די מישפּאָכע כאיִט. זי פארנעמט א געבײַדע, ווו מע האָט פריִער געהאלטן אויבס און קארטאָפל. א זויער־זיסלעכער מלאָסנער רייעך האָט אף אייביק — ניט ארויסצושלאָגן — דורכגעזאַפּט דעם ערדענעם דיל, די מעשופּעדיקע סטעליע, די שטיינערנע

---

[1] אי. ג. כינוי; [2] טוזיק, גיי אף דײַן אָרט!

ווענט און טרעפּלעך, אַפילו די אײַזערנע גראַטעס, מיט װעלכע עס זײַנען באַשלאָגן די פענצטערלעך, טיף אַרײַנגעהאַקטע אין דער גראָבער וואַנט; די פענצטער זײַנען ענלעך אױף שיס־לעכער פון אַ פאַרצײַטיקער פעסטונג.

לויט דער גרייס איז די וווינונג אָנגעמאָסטן פאַר דער מישפּאָכע פון צען נעפאַשעס. זיבן קינדער פון די אַכט, וואָס די בעזשענקע באַסיע האָט געהאַט אין דער אַלטער היים, אינעם ווײַטן ליטווישן שטעטל, זײַנען צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע און מיט דער באָבען לעבעדיק און גאַנץ אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין וואָלנאָוויסק. דאָס אַכטע קינד האָט קוים באַוויזן אַ קוק טאָן אויף דער וועלט, און גלײַך האָט אַ יונג פון דער כעוורע קאַדישע עס אַרײַנגעלייגט אין דער פאָלע פונעם מאַנטל און אײַליק אַוועקגעטראָגן אַפּן בעסוילעם, ווו ס'איז אויסגעוואַקסן דער לעצטער קייווער צווישן דער היפּשער צאָל קוואָרים, וואָס עס האָט אינעם שטעטל איבערגעלאָזט די אַלטע פאַרצווײַגטע מישפּאָכע כאַיִם.

די וואָלנאָוויסקער אײַנוווינער וווּנדערן זיך, וואָס בײַ די בעזשענצעס זײַנען אַזוי־פיל קינדער. „ווי קאָן מען עס פאַרדיען אַזוי־פיל?" — זײַנען איבעראַשט די היגע דאַמען, וואָס האָבן בלויז צו צוויי קינדער, און פּונקט ווי באַשטעלט: אַ ייִנגל מיט אַ מיידל.

„היגע" און „בעזשענצעס" — די צוויי ווערטער הערט אַרקע הונדערט מאָל אַ טאָג. די היגע קלאָגן זיך, אַז זיי שלאָפן ניט דורך די נעכט, די בעזשענצעס האָבן אָנגעטראָגן פליי און וואַנצן; צוליב די בעזשענצעס איז געוואָרן אַ יאַקרעס אַפן מאַרק; עס איז נאָך קיינמאָל אין שטאָט אַזוי ניט געווען קאַלט — די ליטוואַקעס האָבן אָנגעטראָגן אַ קעלט.

אַרקע איז אַ קליין בעזשענעצל. ער איז אַלט פינף יאָר. אַרקע פּרובירט זיך פאָרשטעלן, וויאַזוי מע טראָגט אָן קעלט. די מאַמע, די שוועסטער, די ברידער, די באָבע זעצן זיך אַרויף אויף דער גרויסער פור, און בײַ יעדן איז פאַרבאַהאַלטן אין די בוזעמס אַ ביסל ליטווישע קעלט. דער טאַטע, וואָס גייט הינטער דער פור, האָט זי אויך פאַרכאַפּט אונטערן זשילעטל. געקומען קיין וואָלנאָוויסק, האָט מען זיך צעשפּיליעט און אַרויסגעלאָזט די קעלט אויף די היגע גאַסן.

יעדן פרײַטיק טוט אָן די מאַמע דאָס שוואַרצע סאַמעטענע קלייד, וואָס איז, צום גליק, אין וועג ניט פאַרפאַלן געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע זאַכן. זי קעמט זיך אָקוראַט צו, טוט אַפילו אַ קוק אינעם אָנגעשפּאָלטענעם שפּיגל.

— וווּהין גייסטו, מאַמע?

— איך גיי צו דער קוקלע.

איינמאָל האָט די מאַמע אַרקען מיטגענומען מיט זיך. ער האָט אויסגעקוקט די אויגן, געזוכט אַ קוקלע, אַ ליאַלקע, אָבער אינעם צימער, וווּהין ער איז אַרײַנגעקומען צוזאַמען מיט דער מאַמען און געבליבן שטיין בײַ דער טיר־שוועל, האָט ער בלויז געזען זיצן באַם טישל אַ יונגע שיין געקליידטע פרוי מיט אַ מילד פּאָנעם. די העל־בלאָנדע האָר אירע זײַנען ניט געווען פאַרפלאָכטן אין אַ צאָפּ אָדער אויסגעלייגט אין אַ בייגל, נאָר אָנגעהויפנט, ווי אַ באַרג. בײַ יעדער דריי, וואָס די פרוי האָט געטאָן מיטן קאָפּ, איז געווען

א געפאר, אז די האָרנאָדלעך וועלן ארויסשפּרינגען און דער בארג וועט זיך צעשיטן. ארקע האָט יעדע רעגע געוואַרט אַף דעם. די פרוי האָט גערייכערט. ארקען איז זייער געוועזן געפעלן, וויִאזוי זי לאָזט ארויס דעם רויך דורך א זייַט מויל, ער האָט געקוקט און אַלץ געהאָפט, אז זי וועט דעם רויך נאָך ארויסלאָזן דורך די נאָזלעכער, פונקט ווי דאָס טוט זייַן ברודער יאָסקע און ווי ער אליין האָט שוין פּרובירט איינמאָל טאָן, עמעס, ניט געלונגען.

די מאמע ווישט דערווייַל מיט אן עק פאטשיילע די טרערן פון די אויגן, אָבער ווי פלייַסיק זי טוט עס ניט, בלייַבן טראָפּנס הענגען אַף די אייַנגעפאלענע צעפלאמטע באקן. זי דערציילט די געשיכטע, וואָס ארקע ווייסט שוין אַף אויסווייניק, ווייַל מע כאזערט זי איבער אלע טאָג פאר יעדן, ווער ס׳קומט נאָר אריַין אין שטוב אָדער מע באגעגנט אין גאס. א טרויעריקע געשיכטע, וויִאזוי מע איז געלאָפן פונעם שטעטל, און דער פור־מאן צוזאמען מיט דער פור, אַף וועלכער עס זייַנען געלעגן אלע זאכן, איז ערגעץ צווישן ווילישקיס און קיידאַני נעלעם געוואָרן.

— געבליבן הויל און נאקעט, — וויינט די מאמע, — ניטאָ וואָס אָנצוטאָן אפן לייַב. די איינמאָליקע שטיצע, וואָס מע האָט געגעבן, האָט געקלעקט אַף איין הונגעריקער וואָך. דער מאן האָט ניט קיין ארבעט, די קינדער...

— וויפל דושעס[1] איז בא אייַך? — שלאָגט איבער די פרוי.

— וואָס? — פארשטייט ניט די מאמע.

— אָ, האָספּאָדי[2], — טוט די פרוי א שארפערן דריי מיטן קאָפּ, און ס׳גיט זיך אַף אים א טרייסל דער גאנצער בארג האָר, — דושעס, יעדאָקעס...

— וואָס הייסט דאָקעס? — פארשטייט ווידער ניט די מאמע.

— סטראַני נאראָד עטי בעזשענצי[3], — לאָזט יענע, צו ארקעס גרויס פארגעניגן, ענדלעך ארויס דעם רויך דורך די נאָזלעכער, — כ׳מיין מייַלער. יעדער יעדאָק האָט א מויל, ניע טאק לי?[4]

— מייַלער אַף צו עסן האָב איך, קיין אייַנהאָרע, גענוג, — דערגייט סאָפּקאָלסאָף צו דער מאמען דער זין פון דער פראגע, וואָס מע פרעגט בא איר, און זי טראָגט ווידער צו אן עק פאטשיילע צו די אויגן, — ריבוינעשע־לוילעם, ווו נעמט מען צום לעבן?

— וועסט גיין אין פּריִוט? — הייבט זיך אוף די פרוי פונעם פליושענעם בענקל, גייט צו צו ארקען און טוט אים מיט דער איידעלער האנט א גלעט איבער דער באק.

קיין מער שרעקלעך וואָרט, ווי „פּריִוט", ווייסט ארקע ניט. ווען דער טאטע, די מאמע אָדער די באָבע ווערן אַף עמעצן פון די קינדער אין קאס, דראָען זיי גלייַך:

— מיר וועלן דיך אָפּגעבן אין פּריִוט!

די קינדער, ווען זיי צעקריגן זיך, זאָגן אויך איינער צום צווייטן:

— וועסט גיין אין פּריִוט!

איצט האָט ארקע פון שרעק פארבאהאלטן דאָס פּאָנעם אין דער מאמעס קליידל.

---

[1] נעפּאשעס; [2] אָ, גאָט מייַנער; [3] א מאָדנער אוילעם אָט די פּלייטים; [4] ניט אזוי?

— זאָל ער נאָך א ביסל אונטערוואקסן, — האָט די מאמע זיך אָפּגערופן, — כ׳האָב, ניט צו פארזינדיקן, עלטערע פון אים.

מיט צוגעזשמורעטע אויגן זעט ארקע, ווי די פרוי דערלאנגט עפּעס א פּאפּירל דער מאמען. די מאמע כאפּט אָן דער פרויס האנט און וויל זי נעמען קושן, אָבער יענע לאָזט ניט. אז מע איז ארויסגעגאנגען אין קאָרידאָר, טוט ארקע א בעט:

— ווײַז מיר, מאמע, די קוקלע.

— אָקאָרשט זײַנען מיר דאָך בא איר געווען... ניין, זי איז גאָרניט קיין קוקלע, זי האָט א הארץ... נאָר דאָס, וואָס זי רייכערט... און די פּריטשאָסקע איז עפּעס א ווילדע... — רעדט די מאמע פארטראכטערהייט, ווי ווען־דיק עפּעס אויסקלאָרן פאר זיך אליין.

אין שטוב האָט ארקע פּײַנט צו זײַן. אין א זוניקן טאָג לייגט ער זיך אוועק אף דער מעשופּעדיקער טיר פונעם קעלער, וואָס איז א פּאָר שפּאן פון דער שטוב. די ברעטער, פון וועלכע די טיר איז צונויפגעשלאָגן, זײַנען גוט אָנגעווארעמט, נאָר די פּאסיקלעך ערד הינטער די ראנדן פון דער טיר זײַנען קאלט און פּײַכט. א זשוקל, מוישע־ראביינוס קיִעלע מיט ווײַסע שפּרענקעלעך אפן טונקל־ברוינעם סאמעטענעם שטײַפן קערפּערל, באמיט זיך אריבערצוקריכן פון דער ערד אף א קאנט פון דער טיר. ארקע נעמט דאָס קיִעלע און יאָגט עס ארופּצו ביזן סאמע אויבן, דערנאָך טוט ער עס א לאָז אָפּ, און דאָס קיִעלע קײַקלט זיך איבער מיטן בײַכל ארוף, עס צאפּלט אומבאהאָלפן מיט די פיסעלעך; דאן קריגט ארקע אף דעם ראכמאָנעס און האלט דאָס באשעפענישל אף דער דלאָניע א לענגערע ווײַלע. צו דער טיר דערנעענטערט זיך א הינדל, גיט א גראבל מיטן שנאָבל די ערד און, גאָרניט געפינענדיק, פליט עס אָפּ אנטוישט אין א זײַט.

ס׳מאכט זיך, אז עס פארבלאָנדזשעט אהער ריווקע — א מיידעלע אין איין עלטער מיט ארקען. ריווקע איז אזוי פארמורזעט, די פיס אירע זײַנען אזוי פארוואקסן מיט בלאָטע, אז ארקע צווייפלט, צי איז זי טאקע א היגע, ווי זי גיט זיך אויס. ער צווייפלט, צי זײַנען היגע אירע עלטערן, אזוי ווינציק שיידן זיי זיך אונטער פון די בעזשענצעס. אין ארקעס פאָרשטעלונג, וואָס האָט זיך בא אים געשאפן פון דער מאמעס רייד, איז די היגע גוט, ווי די וועלט: זיי זײַנען פון ערגעץ ניט געלאָפן, לעבן אין שיינע דירעס, אלץ האָבן זיי און זיי זײַנען אויסערגעוויינלעכע צוכטן. ריווקעלע שטייט א ווײַלע באם קעלער, דערנאָך טוט זי א זאָג מיט אזא מינע, ווי זי וואָלט געטאָן א גרויסע טויווע:

— לאָז מיך. איך וויל זיך קאטײַען אף דער טיר.

ארקע מאכט זיך ניט הערנדיק. דאן טוט זי אים א שלעפּ פארן פוס. דער כעוורעמאן שפּרינגט אוף, גרייט זי צו מיימעסן.

— פו, אין אזא שמוציק אָרט וואלגערט זיך נאָר א בעזשענעץ, — שרײַט ריווקע, אנטלויפנדיק פון אים.

— ווער האָסטו געזאָגט? — יאָגט ארקע איר נאָך.

— א בעזשענעצל! א בעזשענעץ, — האסטיק דרייט זי אויס צו אים די פארפלאמטע שמוציקע צורע און שטעקט ארויס די צונג.

ער װעט, פֿאַרשטײט זיך, מיט איר זיך אָפּרעכענען; איר גליק, װאָס זי לױפֿט גלײַך אַרײַן צו זיך אין שטוב.

אַרקע קערט זיך אום צום קעלער, ציט זיך װידער אױס אױף דער טיר, אָבער דאָס פֿריִערדיקע פֿאַרגעניגן האָט ער שױן ניט, עס ליגט זיך ניט. װעלנדיק זיך אַלײן װײַזן, אַז ער מאַכט ניט קײן װעזן דערפֿון, װאָס ריװקעלע האָט אים באַלײדיקט, גײט ער אַרײַן אין שטוב, מונטער, אונטערפֿײַפֿנדיק, אָבער דאָ גײט ער ביכלאַל קײנעם ניט אָן. מע האָט גאָר פֿאַרגעסן אין אים, קײנער װיל ניט װיסן, אַז ער איז הונגעריק. די מאַמע לױפֿט אַרום. זי האָט אײן זאָרג: װוּ טוט מען אַהין די קינדער? יעדעס מאָל, װען זי קומט פֿון ערגעץ, דערצײלט זי נײַס: אײנער אַ בעזשענעץ האָט זײַן עלטער ייִנגל אָפּגעגעבן צו אַ שנײַדער; אַן אַנדער בעזשענעץ האָט אין זײער אַ פֿײַן הױז אײַנגעאָרדנט די אונטערגעװאַקסענע טאָכטער פֿאַר אַ דינסטמײדל. דער פֿריִװט איז פֿול, נאָר מע ברענגט נאָך אַלץ אַהין נײַע קינדער. די מאַמע דערצײלט עס, און בײסמײַסע נעמט זי הײצן דעם זומערדיקן אױװן, װאָס איז פֿון עטלעכע ציגל צונױפֿגעלײגט לעבן דער שטוב. זי שטופּט דעם קאָפּ אין פֿינצטערן כאָלעל פֿון דער פֿאָדװואַלע. די שטענגלעך פֿון די זונרױזן, װאָס איר האָט זיך אײַנגעגעבן צונױפֿנעמען ערגעץ אין אַ גאָרטן, זײַנען רױ, פֿײַכט און ברענען ניט, עס ברענט אױך ניט דער פֿרישער קיזיק. די מאַמע בלאָזט אַרױס פֿון זיך די נעשאָמע, זי בלאָזט אַזױ לאַנג, ביז אַ װאָלקן שװאַרץ־גרױער שטיקנדיקער רױך פֿאַרפֿולט דעם גאַנצן אױװן, רײַסט זיך דורך דורך די פֿאַרמאַכטע רעדלעך פֿון דער פֿליטע, דורך די שפּאַלטן, װוּ ס'איז אָפּגעפֿאַלן די לײם. דער רױך שלאָגט דער מאַמען אין פּאָנעם. זי פֿאַרדרײט זיך אין אַ זײַט, נאָר גײט ניט אַװעק און הײבט זיך ניט אױף. זי זיצט אױף די אונטערגעבױגענע פֿיס און װאַרט, אַז פֿונעם רױך זאָל װערן אַ פֿלאַם. זי װיל שױן הערן מיט אַן אױער, װי ס'נעמט אין אױװן הודזשען, אָבער עס פֿלאַמט ניט און ס'הודזשעט ניט, עס „קורעט" זיך[1] נאָר. די מאַמע װערט אין קאַס, און זי הײבט אָן דעם קאַס אױסצולאָזן אױף װעמען עס מאַכט זיך. די ערשטע כאַפּט פֿון איר אַ שמיץ די קאַץ, װאָס לעכצט שױן אױסצוציִען זיך לעבן װאַרעמען אױװן, אװעקלײגן זיך אױף אַ זײַט אָדער גאָר אױפֿן רוקן, מיטן בײַכל און מיט די פֿיסלעך אַרױפֿצו, װי זי טוט געװײנלעך, װען זי איז פֿול מיט האָפֿענונגען, אַז ס'װעט איר צופֿאַלן אַ ביסל געקעכץ אין דער צעבראָכענער שאָל. די קאַץ איז אַ היגע. זי האָט זיך צוגעשלאָגן אַהער אין שטוב, ניט װיסנדיק, װאָס פֿאַרא צאָרעס און אױסקומעניש זי װעט האָבן בײַ די בעזשענצעס. איר געשטרײַפֿט פֿעלצל איז אָפּגעקראָכן. דאָס צאַרטע װײַסע פֿאַסיקל אױפֿן שטערן איז געװאָרן גרױ.

— װער פֿײַפֿט עס, װי אין אַ װאַלד? דו, מאַמזער? — נעמט זיך די מאַמע פֿאַר אַרקען. קײנעם מײַדט איר צאָרן ניט אױס. דעם טאַטן אױך ניט, אַפֿילע ניט די באָבע. בײס די מאַמע הײצט דעם אױװן, באַמיט זיך דער טאַטע ניט זײַן אין שטוב, ער שלײַכט זיך אַרױס, מיטן אײנציקן ציל — ניט ברענגען צו אַ קריג. אין שטעטל האָט דער טאַטע געהאַט צװײ מעלאָכעס — ער

---

[1] רײכערט זיך

איז געווען א לערער, געלערנט מיט דריַי געציילטע נעגידישע קינדער אריפמעטיק און רוסיש, און געווען אַן אײַנבינדער. דאָ, אין וואָלגאָוויסק, זײַנען פאַר אים ניטאָ קיין קינדער, וועלכע מע דאַרף לערנען, און קיין ביכער, וואָס מע דאַרף אײַנבינדן. זינט מע איז געקומען אהער, האָט ער געהאַט אײַנצובינדן צוויי געמאָרעס און איין טײַטש־כומעש. די ספאָרים זײַנען געווען צעפליקט, אויסגעפלעקט, מיט אָפּגעריסענע ברעגעס. דער טאטע האָט ליב צו אייסעקן זיך מיט אזעלכע פארפײַניקטע נעשאָמעס, ארופצי̇ען אף די אלטע טראנטעס א נײַע הויט, אויסגלײַכן, אויסבייגן יעדעס קנייטשל. ווען ער האָט זיך גענומען צום שטיקל ארבעט, האָט ער אלע קינדער אָפּגעטריבן פון טיש. „אוועק, שטערט ניט״, — האָט ער א זאָג געטאָן אָן שום געבייזער אין קאָל; די כעוורע האָבן געפילט, אז אויב זיי וועלן טאקע אוועקגיין, וועט אים ווערן אומעטיק. ארקע האָט א פּאָר מאָל אפילע אליין גענומען דאָס פענדזל, אײַנגעטונקט עס אינעם שיסעלע מיטן פאפּ און געגעבן א שמיר איבערן רוקן פונעם אײַנבונד. א טראָפּן איז געפאלן אף א זײַטל. דער טאטע איז געוואָרן אָנגעצונדן, דערלאנגט ארקען א פלאם אין באק, פּאָרזיכטיק, מיט א שפּיץ נאָגל פונעם מיטלסטן פינגער האָט ער דעם פלעק אזוי אראָפּגענומען, אז עס איז ניט געבליבן קיין סימען פון אים.

מיט די אײַנגעבונדענע ספאָרים אונטערן אָרעם, האָט דער טאטע א ווײַלע זיך פארהאלטן אף דער שוועל, געגעבן א קוש די מעזוזע, אויס־געדרייט דאָס פּאָנעם, אף וועלכן עס האָבן געברענט א פּאָר שווארצע אויגן, און געזאָגט צו אלעמען און צו קיינעם ניט:

— איך גיי אָפּטראָגן די ארבעט...

אין דער כאבאד־שול, ווו דער טאטע דאוונט, האָט ארקע געזען אין די אָפענע אלמערס א סאך צעריסענע געמאָרעס. ער האָט זיך צוגעקוקט צו די סידורים באם אוילעם, קימאט בא אלעמען זײַנען זיי צעריסענע, אָבער קיינער גיט זיי ניט דעם טאטן אײַנבינדן.

ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן, זיצט דער טאטע א האלבן טאָג אין שול, דערנאָך, ווען ער קומט אהיים, גייט ער אום פון איין עק צימער צום צווייטן. צוקומענדיק צום עק, ווו דער סופיט איז הויך, שטרעקט ער אויס, געוויינ־לעך, א האנט און פארוואַרפט דעם האלדז ארופצו; באם צווייטן עק, ווו דער באלקן פּאָרט מעשופּעדיק אראָפּ, בייגט זיך דער טאטע אײַן, אָפּטמאָל רוקט ער ארונטער די האנט אונטער א זײַט פונעם היטל, ווי וועלנדיק א טאפּ טאָן און זיך איבערצײַגן, אז דער קאָפּ האָט ניט געכאפּט קיין בײַל.

— ריבוינעשעלוילעם, וואָס וועט זײַן? — רעדט ער צו זיך אליין. — וואָס טוט מען? איך טו דאָך גאָרניט. א מענטש זאָל גאָרנישט ניט טאָן!

שטיל, קיינער זאָל ניט וויסן, איז ער געוואָרן א סטאַראָזש פון כינויס אײַזנווארג־סקלאד, דעם זעלבן כינוי, וואָס ווינט אין הויף, אין דעם פּאָ־דערשטן הויז. פּונקט ווי ניט ער וואָלט געהיט פון גאנאָווים, נאָר ער אליין איז דער גאנעוו, גייט דער טאטע ארויס פון שטוב, ווען ס'איז שוין פינצטער־לעך, שפּאנט אײַליק דורך דעם הויף, דערנאָך די פּאָר גאסן, מיטן איינציקן פארלאנג, אז קיינער זאָל אים ניט אָפּשטעלן און גאָרנישט ניט פרעגן. דער

דאשעק פונעם היטל איז נידעריק אראָפּגערוקט אפן שטערן. אינדערפרי קומט דער טאטע אהיים נאָך דעם, ווי ער האָט שוין אָפּגעדאווענט אין שול, וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פונעם סקלאַד.

— כ׳פארשטיי ניט, — זאָגט די מאמע, אײַנקוקנדיק זיך אינעם טאטנס געענדערט פּאָנעם, אף די אָפּגעצערטע באקן, וואָס זײַנען ניט בלייך, ווי געוויינלעך, נאָר רויטלעך, פארווינטיקט, בלויז דער שארפער קנאָפּ פונעם האלדז איז געבליבן בלייך, ער גייט אום, ווי א שטוצער אין א לאָקאָמאָטיוו, און ס׳דוכט, אז אלע אומגליקן שטאמען פון אָט דעם קנאָפּ, — כ׳פארשטיי ניט, צוליב וואָס מע דארף היטן שטיקער אײַזן, אײַזערנע באלקעס? ווער וועט זיי אוועקשלעפּן?

— איך פארשטיי אויך ניט, — ענטפערט געלאסן דער טאטע, — אָבער וואָס ארט עס דיך? אײַזנס איז גרינג צו היטן, מע קאָן כאפּן באנאכט א דרעמל. כינוי האָט ניט געקאָנט קריגן קיין אנדער סטאַראָזש אָנשטאָט מיר? און ווער האָט אים געצווונגען ארײַנצולאָזן אונדז אין דער ווינונג? ביסט קיינמאָל, באסיע, ניט צופרידן!

— איך בין צופרידן, זייער צופרידן, — מורמלט די מאמע, — לייג זיך צו און דעק זיך גוט אײַן. די נעכט זײַנען שוין לענגער. לאנגע נעכט און קאלטע... אף וואָס מיר זײַנען דאָ איבערגעקומען!

כינוי דאוונט אין דער כאבאד־שול. ארקע זעט אים דאָרטן יעדן שאבעס און יאָמטעוו. כינוי זיצט ניט אויבנאָן, אף די פאָדערשטע בענק, בא דער מיזרעך־וואנט, נאָר גלײַך באם ארײַנגאנג, בא דער סאמע טיר, ווו מע האָט פאר אים אוועקגעשטעלט א שטענדער. ווער עס קומט ניט ארײַן, כאפּט א קוק אפן קליינוווקסיקן, געפּאקטן, קײַלעכיקן מענטשל מיטן זײַדענעם טאַ־לעסל — א שמאָלע פאטשיילקע, וואָס פארדעקט קוים די אקסלען. ווען דער גאבע הייבט אָן צו האנדלען מיט אליִעס, רופט אויס: „פינף גילדוין א מאפּ־טיר״, הייבט מען אָן פון פארשיידענע עקן שול, דערהויפּט פון די, וואָס זײַנען נעענטער צום אָמעד און צום אָרנקוידעש, ארופצוווארפן דעם מעקעך, עס טראָגן זיך קולעס: „צען״... „צוואנציק״... „פינף און צוואנציק״... אָבער וואָס ווײַטער, ווערן לענגער די האפּסאָקעס, דער מיסכער ווערט פארשוועריקט, דער גאבע ציט אלץ מער אויס דעם „דוין״, ער קלאפּט מיט דער האנט אפן טיש בא דער פאנאנדערגעוויקלטער סייפערטוירע: „דרײַסיק גיל־דוי־ן — איינס, דרײַסיק גיל־דוי־וין — צוויי, דרײַסיק גיל־דוי־וי־וין״... ער איז שוין גרייט א קלאפּ טאָן דאָס אנטשליסנדיקע דריטע מאָל, אָבער די האנט בלײַבט הענגען: עפּשער וועט עמעצער הייבן די פּרײַז? שטיל. קיינער רופט זיך ניט אָפּ. קיין באלן איז ניטאָ, נאָר די האנט טוט אלץ ניט קיין קלאפּ. דער גאבע דרייט אויס דעם קאָפּ און גיט א קוק אף הינטן. אין דער זעלבער רעגע דער־הערט זיך פון סאמע בא־דער־טיר א דין קעלכל, עס קלינגט אזוי אָנגע־נעם, פונקט ווי עס וואָלטן זיך געקײַקלט די געשטיגענע „גילדוינס״. כינוי ווארפט ניט ארוף איינעם אָדער צוויי גילדנס, נאָר גלײַך א צענדליק. די יידן, וואָס האָבן ניט קיין „שטעט״ און טאָפּטשען זיך אין ענגשאפט באם ארײַנגאנג, אויסקערנדיק די פּאָדלאָגע מיט די אָפּגעריבענע לאנגע טאלייסים, מאכן א וועג, און רעב יִיצכאָק בען צווי מיט דעם זײַדענעם שאלכל, וואָס

ער האלט אונטער מיט די שפּיץ פינגער, ס׳זאָל זיך ניט אראָפּגליטשן פון דער פּלייצע, הייבט זיך אוף, שווער עטעמענדיק, אַף דער בימע. בא כינויען איז אַן אסטמע. דערפאר טאקע זיצט ער בא דער אָפענער טיר — ער דאַרף פרישע לופט.

כינויס סקלאַד האָט דער טאטע געהיט ניט קיין סאך צײַט. ער איז קראנק געוואָרן.

— פריִער האָט ער זיך אָנגעשלונגען מיט די מילבן פון די ספאָרים, — זאָגט די מאמע, — דערנאָך האָט ער זיך צוגעקילט בא די אײַזנס, פון וועלכע עס שלאָגט באַנאַכט א קעלט. דערצו האָט ער געהאַט הארצווייטעק, וואָס ער דאַרף זיך מעווײַעש זײַן פאר א שטאָט ייִדן. וואָלט כאָטש געווען דער סקלאַד פּארוקט, איז נײַן, ער איז גלײַך לעבן דער שול.

ארקע האלט, אז ער איינער ווייסט די עמעסע סיבע, פאַרוואָס דער טאטע איז געוואָרן קראַנק. דער טאטע האָט זיך געבאָדן אין יאם, און עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד, ווי נאָר ער איז ארויסגעקראָכן פונעם וואסער, האָט ארקע אַף אים געשאָטן זאמד און דער טאטע האָט געמוזט ווידער גיין זיך שווענקען. אינעם ייִנגל איז עפּעס ארײַן א רועך, ער האָט געקײַכט פון געלעכטער, שיטנדיק אַפּן ציטערנדיקן, נאַקעטן טאטן הײַפלעך זאמד. פון דעמלט אָן ליגט דער טאטע קראַנק.

אין איינעם א גרויען פרימאָרגן האָט די מאמע אופגעהויבן די קינדער פון די געלעגערס און צוזאמען מיט זיי אוועקגעלאָפן אין שול. זי האָט ניט פארקערעוועט, ווי געוויינלעך, צו דער זײַטיקער טיר, דורך וועלכער די ווײַבער קומען ארײַן צו זיך אַף דער שאלקע, נאָר גלײַך ארײַנגעשלײַכט אין דער גרויסער „מאַנצבלשער״ טיר, האלטנדיק פאר די הענט די ייִנגערע קינדער — ארקען און גאָלדען. די איבעריקע קינדער זײַנען געלאָפן הינטער איר. ניט אומקוקנדיק זיך אין א זײַט, איז זי האסטיק דורך פארבײַ די בענק, ארוף אַף די טרעפּלעך פון אָמעד און נעלעם געוואָרן אינעם טונקעלן כאָלעל — צווישן הויכן ווענטל פון אָמעד און אָרנקוידעש. ס׳האָבן א גרילץ געטאָן די רינגלעך, אַף וועלכע עס איז אָנגעטאָן דער פּאָרויכעס. דערנאָך גלײַך האָבן מיט א שארפן סקריפּ זיך צעעפנט די געשניצטע טירלעך פונעם אָרנקוידעש. פאר דער מאמעס אויגן האָבן מעטושטעש א בליאסקע געטאָן די פּורפּורנע העמדלעך פון די רייניקײַטן.

— ריבוינעשעלוילעם, העלף! — האָט זיך איבער דער שול פאנאנדער־געטראָגן א יאָמערלעך געשריי. — איך שטיי דאָ מיט מײַנע קינדער און בעט בא דיר: מאַך זיי ניט פאר קיין יעסוימים. מײַן מאן הייסט אווראָם, איך גיב אים נאָך א נאָמען — כאַים. כאַים — הייסט לעבן. נעם אים ניט צו פון מיר און פון די קינדער, טאטעניו אין הימל!

די אלטע כאבאַד־שול, וואָס איז אזוי שיין אין א יאָמטעוו, ווען ס׳זײַנען אָנגעצונדן אלע מענוירעס און די עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס בא יעדערן פון זיי הענגט א שנור, מע זאָל קענען אופהייבן דעם לאָמפּ הויך, ביז צו דער סאמע סטעליע, און אראָפּלאָזן גאָר נידעריק, ער זאָל הענגען איבערן קאָפּ, — די גרויסע, געראמע שול איז געווען פארטונקלט און פארמאָרע־שכוירעט. אפילע די פארשיידנפארביקע שײַבלעך פון די פענצטער אונטער

דער סטעליע האָבן געהאט אן איינטאָניקן מוטנעם קאָליר און ניט דורכגעלאָזט גאָרניט, אויסער גרויקײַט. אין שול איז געווען ליידיקלעך, א געציילטער מיניען.

— זאָל אײַך גאָט העלפן, — האָבן צוגעווונטשן די ייִדן, איבעררײַסנדיק דאָס דאווגען.

ס׳האָט ניט געהאָלפן.

דער וועג צום בעסוילעם איז פאר די בעזשענצעס נאָך געווען נײַ. דאָס פּורל, אויף וועלכן מע האָט ארופגעזעצט די קינדער, איז לאנגזאם דורכגעפאָרן פארבײַ דעם אָפענעם סקווער און דעם צוגעשלאָסענעם שטאָטישן גאָרטן מיט די עטלעכע ליים־שטיבלעך, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זײַן הינטערשטער וואנט. דערנאָך האָט זיך אויסגעשפּרייט א ראכוועס, א פעלד מיט א שמאָלן אײַנגעטרעטן וועג איבערגעבוועטן אינמיטן. ווי ארקע האָט זיך ניט באמיט צו זײַן טרויעריק און ניט געמורמלט צו זיך מיט דער בעסטער קאוואָנע: „דער טאטע איז געשטאָרבן, דער טאטע איז ניטאָ“, האָט ער זיך געפילט ניט שלעכט, געווען צופרידן פון דער אומגעריכטער רײַזע. די פּיס האָט ער געהאלטן נידעריק, ארויפגעלאָזט איבער דער אקס פון דער פור און אָפּט פארטשעפּעט מיט די באָרוועסע פינגער א גרעזל, א שטויס געטאָן מיט דער פיאטע א קוסטיקל, וואָס וואקסט באם וועג. א פּאָר מאָל האָט ארקע ארויסגעריסן בלימעלעך, דערבײַ זיך אזוי אָנגעבויגן צו דערגרייכן זיי, אז ער איז שיר ניט ארויסגעפאלן פונעם וואָגן. ער האָט צונויפגעוויקלט א בלעטעלע און א קיצל געטאָן מיט דעם אין אויער שיפקען. שיפקע האָט ארויסגעכאפּט דאָס בלעטל, אוועקגעשמיצט און שוין געוואָלט ארקען דערלאנגען א פלאם אין באק, אָבער זי האָט זיך אָפּגעהאלטן און די האנט אפגיך צוגענומען. ארום און ארום איז געווען גוט, פרײַ, די זון האָט ניט געבאקן, ווי אין שטאָט, נאָר אָנגענעם געצערטלט מיט א ווינטל. צום ערשטן מאָל האָט ארקע געזען ווינטמילן און א צײַט ניט אראָפּגענומען די אויגן פון זיי.

דער אײַזערנער טויער פונעם בעסוילעם איז געווען אָפן, א סאך סטעזשקעס האָבן געפירט צו די נאָענטע שיינע מאציייוועס און צו די ווײַטערע פּאָשעטע קוואָרים. ווען מע איז אראָפּגעגאנגען פון דער פור, האָט ארקע אומבאמערקט פאר זיך אליין זיך אָפּגעטיילט פון דער לעווײַע און גענומען ארומגיין פּאזע דער ברייטער און הויכער בעסוילעם־וואנט, וואָס איז אויסגעלייגט פון האלב־רונדיקע ציגל. צוויי אזעלכע ציגל בילדן איין רויטן בייגל, פון אזעלכע בייגל באשטייט די גאנצע וואנט. ארקע האָט ארײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין כאָלעל פון איין ציגלנעם בייגל, פון א צווייטן, א קוק געטאָן, ווי דורך ברילן, אפן סטעפּ, הינטער דער וואנט, אף די ווינטמילן, וואָס האָבן פּונקט, ווי פריִער, ווען מע איז זיי פארבײַגעפאָרן, לאנגזאם און פויל געדרייט מיט די פליגל, דערנאָך האָט ארקע זיך צוגעזעצט אפן גראָז, וואָס איז דאָ זייער הויך געוואקסן; ארום האָבן פלײַסיק געארבעט פארשיידענע באבעלעך — געזשומעט, געפּאָכט מיט די פליגעלעך. ארקע האָט ניט געזען, ווי מע האָט דעם טאטן אראָפּגעלאָזט אין גרוב. דער עלטערער ברודער, הירשל, האָט ארקען אָפּגעזוכט, אָנגענומען שווײַגנדיק פאר א האנט און צוגעפירט צום קייווער. ער האָט אים צוגעשטופּט צום פאָדערשטן ראנד

און געהייסן שיטן ערד. ארקע האָט גענומען פון אויבן, פונעם בערגל, א פּייַכטע שווערע הרודקע ליים און זי געהאלטן אין האנט, ניט אנטשליסנדיק זיך זי צו ווארפן. דאן האָט עמעצער לייַכט א שטויס געטאָן די האנט זייַנע, און דאָס הייַפעלע ליים, וואָס האָט זיך שוין באוויזן א ביסל אָנצוווארעמען אין דער דלאָניע, האָט זיך ארויסגעשאָטן און געטראָפן דאָרטן, ווו עס איז דעם טאטנס קאָפּ. צום ערשטן מאָל פארן גאנצן טאָג האָט ארקע איצט אָף אָן עמעס זיך צעוויינט — פריִער הילכיק, דערנאָך שטיל, מיט א כליפּ, ער האָט געווישט מיט דער אויסגעשמירטער האנט די טרערן, און זיי האָבן ניט אופגעהערט צו גיין.

ווען מע האָט זיך אומגעקערט פונעם בעסוילעם, האָט די באָבע אלעמען אָנגעהאָדעוועט מיט א גרויסן רויטן קאַוון. מע איז געזעסן באם טיש מיט זיס־פארקלעפּטן, פארטריקנטן זאפט אף די ליפּן און אף די באקן.

— פארגעדענקט, קינדער: פיר טעג אין טאמעז איז יאָרצייַט, — האָט די באָבע געזאָגט.

די מאמע איז געלעגן אף דער קאנאפּע א האלב־טויטע, ניט געהאט קיין קויעך ניט צו וויינען, ניט צו ריידן. נאָר ווען די באָבע האָט דערמאָנט וועגן יאָרצייַט, האָט זי זיך אָפּגערופן מיט א צעבראָכן הייזעריק קאָל:

— איצט זייַנען מיר שוין אויך היגע... מיר האָבן שוין דאָ א גרויסן ביילעק... היגע אף אייביק.

## ארקע האָט א „טאָג”

צווישן די ברידער איז דער מיזיניק ארקע, צווישן די שוועסטער איז די מיזינקע כאוועלע. דער מיזיניק מיט דער מיזינקע הויזן ניט. ארקע קאָן ניט פארשטיין, מיט וואָס איז כאוועלע ייִכעס גרעסער פון זייַנעם? פאר־וואָס רופט מען אים קיינמאָל ניט פארצויגן „ארעלע” — סייַדן, ווען ער ווערט קראנק. און כאוועלע איז שטענדיק „כאוועלע”, — אפילע דאן, ווען זי איז געזונט.

דער עלטסטער ברודער, הירשל, וואָס לערנט זיך בא א קאמאשן־שטעפּער, האָט געבראכט א פּאָר צוגעשניטענע געלע „העמדלעך” פון שיך.

— איצט, — האָט ער געזאָגט, — דארף מען קריגן א שטיקל לעדער אף פּאָדעשוועס, און כאוועלע וועט האָבן א פּאָר סאפּאָזשקעס.

— און איך, איך דארף דען ניט קיין שטיוועלעך? — האָט ארקע אָנגע־וויזן אף די באָרוועסע צעקלאפּטע פיס.

— דו וועסט אויסוואַרטן.

הירשל נעמט כאוועלען אף די פּלייצעס, טראָגט זי ארום אין הויף, שפּרינגט מיט איר, ברענגט זי צו צו א בוים, זי ברעכט אָפּ א צווייַגל און שרייַט: „וויאָ!”

ארקע לויפט נאָך:

— איצט נעם מיך אפן רוקן.

— וואָס נאָך ווילסטו? — טרייַבט אים הירשל אָפּ. — מארש פונדאנען!

די מאמע כאפּט ארויס פון דער סקאָווראָדע א פּאָר צוגעברוינטע ריפּטלעך קארטאָפל, טוט אָף זיי מיטן מויל א בלאָז און דערלאנגט כאוועלען.

— איך האָב אויך האָלט צוגעברוינטע, — שרייַט ארקע.

— פאר אלעמען האָב איך ניט, — ענטפערט די מאמע. — באלד וועלן מיר זיך זעצן צום טיש, וועסטו פרעסן.

ארקע פילט זיך באליידיקט און באקריוודעט. בלויז איין מענטש — דער מיטלסטער ברודער יאָסקע רויבט ניט אָפּ בא אים די רעכט פון א מיזיניק. ער נעמט אים אומעטום מיט, אלע טאָג גייען זיי צוזאמען איבער דער יעקאטערינבסקע גאס און קלייַבן אָפּשניצלעך, „ביטשקעס“, פון פּאפּיראָסן. די הילזע איז אויסגערייכערט, און דאָס שטיקעלע, וואָס איז געבליבן, איז אָנגעטראָטן, צוגעפּלעטשט, אָבער עס געלט דאָרטן א ביסל טאבעק. יאָסקע פארייכערט. דעם רויך פונעם ערשטן ציִ לאָזט ער ארויס דורך דער נאָז. ווו קומט אהין דער רויך פונעם צווייטן ציִ, איז ארקען ניט גאָר קלאָר. יאָסקע זאָגט, אז ער לאָזט אים ארויס דורך די אויגן. אפּאָנעם, אז אזוי איז עס טאקע. די גרינע שקאָצישע אויגן יאָסקעס ווערן אָף אן עמעס בייסמייַסע טינקעלער, ווי פארצויגן מיט א רויכל. יאָסקע גיט ארקען אויך א ציִ טאָן, ער הייסט אים ניט אָטעמען, אָבער ארקע טוט אן אָטעם, און דער רויך צוזאמען מיט א הוסט קנוילט זיך ארויס אפן סאמע געווייַנלעכסטן אומווירדיקן אויפן — דורכן מויל. יאָסקע האלט, אז אפן גאס קאָן מען געפינען ניט נאָר „ביטשקעס“ פון פּאפּיראָסן, נאָר פיל מער ווערטפולע זאכן, אפילע גאָלדענע פינפערלעך און צענערלעך. יאָסקע זאָגט, אז ער האָט געזען א גאָלדן פינפערל — עס איז אזוי קליין, אז מע קאָן עס לייַכט פארלירן, ארויסווארפן פון קעשענע. א צענערל איז צוויי מאָל גרעסער, די לאָך אין קעשענע דארף אויך זייַן צוויי מאָל גרעסער. אָבער ס'מאכן זיך דען ניט קיין גרויסע לעכער? עטלעכע טעג נאָכאנאנד האָבן די ייִנגלעך געזוכט, דערהויפּט זייַנען זיי אומגעגאנגען אפן יאם־פּליאזש, ווו מע קאָן לייַכט עפּעס פארלירן, ווען מע טוט זיך אויס. אָבער קיינער האָט גאָרניט פארלאָרן. נאָר דער יאם האָט מיט יעדער כוואליע ארויסגעשווענקט אפן זאמד אומגוצלעכע מויערקעפּלעך און פאָלירטע שטיינדלעך.

יאָסקע לערנט ארקען ניט מוירע צו האָבן פאר קיין הינט:

— ווען א הונט הייבט דיר אָן נאָכלויפן, דארפסטו זיך דרייסט אויסקערעווען צו אים מיטן פּאָנעם און רופן צו זיך: „נא, נא“... טו אים אפילע א גלעט. ווייַז אים נאָר ניט די ציצעס פונעם טאלעסקאָטן, זיי צערייצן אים. אויב ער האָט דיך אָנגעכאפּט פאר א הויז און וויל א בייַס טאָן, ווייַז אים, אז דו האָסט זיך ניט איבערגעשראָקן, טו אים גלייַך א קוק אין די אויגן, אָבער גיב ניט קיין פּינטל מיט זיי.

אינגיכן איז ארקען אויסגעקומען אָנווענדן יאָסקעס אייצעס. דאָס איז פאָרגעקומען אין עטלעכע וואָכן ארום נאָך דעם, ווי ארקע האָט גענומען לערנען אין בעזשענסקן כיידער. ס'איז געווען שאבעס. צוויי כעווערלייַט, עלטערע פון ארקען, זייַנען שוין באשטאט געוואָרן אָף א שאבעסדיקן ווארמעס; ארקע איז געבליבן איינער אליין לעבן שאמעס, דאָס הארץ האָט בא אים געצאפּלט, ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געגעסן בא קיין פרעמדן טיש. עס

האָט זיך אים געוואָלט אַנטלויפן, נאָכיאָגן יאָסקען, וואָס האָט, ווי נאָר מע האָט פאַרענדיקט דאַוונען, אים צוגעפירט צום שאַמעס און אַליין אַוועק. אַרקע האָט מוירע געהאַט אופצוהייבן די אויגן און א קוק טאָן אויף די ייִדן, וואָס גייען דורך פאַרבײַ; אייניקע האָבן אָפּגעגעבן דעם שאַמעס זייערע טאַלייסים און סידורים. „באַלד וועט ער א בעט טאָן, מע זאָל מיך נעמען", — האָט אַרקע די גאַנצע צײַט געטראַכט. אָבער דער שאַמעס האָט גאָר פאַרגעסן אָן אים. ווען ער האָט זיך געכאַפּט, איז שוין קימאַט דער גאַנצער אוילעם זיך צעגאַנגען.

— ראַבויסײַ, — האָט ער אײַליק אויסגערופן און אונטערגעהויבן בא אַרקען דעם דאַשעק פונעם היטל, וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם, — ראַבויסײַ, ווער וועט נעמען אויף שאַבעס אָן אָרעם ייִנגל, א בעזשענעץ? זײַן פּאָטער איז ניט לאַנג געשטאָרבן, געווען אַן איש־עלויהים.

אין דער זעלבער מינוט האָט עמעצער א ריר געטאָן אַרקעס פּלייצע. אַרקע האָט זיך אומגעקוקט און דערזען פאַר זיך כינויען — דעם זעלבן כינוי, וואָס דאַוונט אין שול בא דער טיר און וואָס אַרקעס טאַטע האָט בא אים אין סקלאַד געדינט פאַר א סטאָראָזש. כינוי האָט דערלאַנגט דעם שאַמעס דאָס שיין אויסגענייטע זעקל מיטן טאַלעס און דעם סידער — א פײַנינקן קליינטשינקן טאַלעמאָטערל — און גענומען אַרקען פאַר דער האַנט. דער אויסגעבלייכטער שאַמעס האָט א קוק געטאָן אויף כינויען, ווי געזאָגט: „פאַר אײַך וואָלט איך געפונען א בעסערע סכוירע, ווי אָט דעם צוציק. איך אַליין וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון א שאַבעסדיקן מיטיק באַם גוויר".

ייִדן האָבן אָפּגעגעבן כינויען „גוט־שאַבעס" און פאַרווּנדערט אָנגעקוקט דאָס ייִנגל אינעם לאַנגן רעקל, וואָס איז ווי א שאָטן געגאַנגען באַנאַנד מיט אים.

אַרײַן אין הויף, האָט אַרקע גלײַך געוואָלט אַנטלויפן צו זיך אַהיים, אָבער דער מאָגן האָט אַזוי געגנאָגט, אַז ער איז געהאָרכזאַם צוזאַמען מיט כינויען אַרויף צו אים אויפן גאַנעק. כינוי האָט אופגעעפנט די טיר און איז אַרײַן אין שטוב, איבערלאָזנדיק אַרקען אַליין אויפן גאַנעק, וואָס איז געווען אינגאַנצן פאַרטונקלט פון די ליזאַנעס, וואָס האָבן זיך געצויגן איבער די דינע דרעטלעך פון אונטן ביז אַרופצו. דער הונט, וואָס איז געלעגן לעבן בײַדל, האָט זיך אופגעהויבן, אַוועקגעשטעלט די פאָדערשטע פּאָר לאַפּעס אויפן ערשטן טרעפּל, פוילבלעך א ריטשע געטאָן, דערמיט וואָלט ער מיסטאָמע זיך באַנוגנט, נאָר בייסמײַסע האָט אַרקע דערזען ריוווקעלען, זי איז אומגעלאָפן איבערן הויף און גראַד אין דער מינוט זיך דערנעענטערט צו כינויס שטוב. אַרקען האָט זיך פאַרוואָלט אַרויסווײַזן זײַן דרייסטקײַט, אָנ־ווענדן יאָסקעס אייצעס. „נאַ, נאַ", — האָט ער פונדערווײַטנס אויסגעשטרעקט א האַנט צום הונט און מיט א טראָט זיך דערנעענטערט צו אים. טוזיק איז ניט גיספּאָעל געוואָרן און שוין מיט מער געבייזער אופגעהויבן זיך אויפן צווייטן טרעפּל, דערנאָך אויפן דריטן. בא אַרקען איז אײַנגעפאַלן דאָס האַרץ. „נאַ, נאַ!" — האָט ער געשריִען, ביז דער הונט איז אויף אים ניט אַרופגעשפּרונ־גען און א כאַפּ געטאָן פאַר א הויז. אַרקע האָט א געשריי געטאָן ניט מיט זײַן קאָל. עס האָט זיך געעפנט די טיר.

— טוזיק, נא מעסטאָ! — האָט זיך דערהערט כינויס קאָל. — קום, יינ־געלע, וואָס ביסטו געבליבן שטיין? האָסט זיך איבערגעשראָקן פאַרן הינטל? ס'בייסט ניט.

כינוי האָט דורכגעפירט ארקען דורך איין צימער, א צווייטן, א דריטן. אין איין צימער איז געשטאַנען א שווארץ־גלאַנצנדיקער קאַסטן מיט א סאַך ווייסע ציינער אין איין ריי און שווארצע — אין דער אנדערער, אייבער־שטער ריי. עפּעס א מאַנצבל האָט געקלאַפּט מיט די פינגער איבער די ציי־נער, און זיי האָבן ארויסגעלאָזט קלאַנגען. ארקע האָט נאָך קיינמאָל אזעלכס ניט געזען. אן אנדערשמאָל וואָלט ער זיך גענויס פאַרקוקט אויף דעם, אָבער איצט האָט ער נאָר א זייטל געגעבן מיט איין אויג אפן מאָדנעם קאַסטן. אייַנגע־וואַשן די הענט און געמאַכט א בראָכע, האָט ארקע געפּרוווט זיך אוועקזעצן אפן בענקל, וועלכן מע האָט אים אָנגעוויזן באַם ברעג טיש, אָבער ער איז גלייַך צוריק אופגעשפּרונגען.

— א מאָדנע יינגל. זעץ זיך, — האָט צו אים געזאָגט די באַלעבאָסטע.

ארקע האָט זיך אוועקגעזעצט אף א שפּיץ, נאָר אלץ ניט געקאָנט זיצן און געהאַלטן זיך אין איין דרייען.

באַם טיש זייַנען געזעסן א מאַן צען. ארקען האָט זיך געדוכט, אז אלע זייַנען נאָר פאַרנומען דערמיט, וואָס מע קוקט, וויאַזוי ער עסט. פון די געשמאַקע רייכעס, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די מייַכאָלים, האָט אים גע־שווינדלט אין קאָפּ. ער האָט געגעסן ווייניק, עפּעס האָט געשטיקט אין האַלדז.

ווען ער איז אַרייַנגעקומען אין שטוב און די מאַמע האָט זיך דערוווּסט, באַ וועמען ער האָט געגעסן מיטיק, איז זי געווען שטאַרק איבעראַשט. צוזאַ־מען מיט דער באָבען האָט זי גענומען אים אויספרעגן:

— א גאָלדענע יויך איז געווען?

ארקע האָט געשוויגן, ניט וויסנדיק וואָס צו ענטפערן.

— האָסט געגעסן, און דו ווייסט ניט וואָס?

— די יויך איז געווען מיט מאַנדעלעך? מיט פאַרפל? מיט לאָקשן?

— גאָט מייַנער, פונוואַנען זאָל ער טאַקע וויסן, — האָט די מאַמע א זיפץ געטאָן. — זינט מיר זייַנען געקומען אהער, האָב איך נאָך קיין איין מאָל קיין גאָלדענע יויך ניט געקאָכט. און א שטיקל אָף האָט מען דיר געגעבן? — האָט זי זיך ווייַטער נאָכגעפרעגט. — א פולקע, ביילעק? אך, סאַרא ביילעק עס האָבן געהאַט די הינער אין שטעטל! ווייַס, ווי מילך, און ווייך, ווי פּוטער, עס עסט זיך א מעכייַע. און געפילטע פיש, און א טשאָלנט איז געווען?

ארום ארקען שטייט די גאַנצע מישפּאָכע, מע באַקוקט אים, צי האָט ער זיך ניט פאַריכט פון די אלע שיינע געריכטן, וואָס ער האָט נאָרוואָס געגעסן. יאָסקע קריכט אפילע אַרייַן צו ארקען אין קעשענקע, זען, צי ליגט דאָרטן גאָרניט. ער טאַקע האָט באַמערקט דער ערשטער, אז א הויז איז באַ אים צעריסן.

— האָסט געזאָגט דעם הונט „נא, נאו!"? — האָט יאָסקע אפגיך א פרעג געטאָן.

— געזאָגט, דרייַ מאָל געזאָגט. — באַ ארקען האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— אן אומגליקלעך קינד, אַלע הינט רײַסן אים, — דערהערט זיך דער באָבעס קאָל פון איר ווײַטלעכן געלעגער. — מע האָט דיר כאָטשבי געהייסן קומען נאָכאַמאָל?

די מאַמע דערלאַנגט צום טיש א פאַשעטע יויך, צוגעפּראַוועט מיט א געפּרעגלטער ציבעלע, און דערנאָך דערלאַנגט זי קליינע שטיקלעך פיש, פול מיט ביינער. אַרקע עסט מיט אזא אַפּעטיט צוזאַמען מיט אַלעמען, אז די מאַמע טוט א פליעסקע מיט די הענט:

— זעט נאָר, ווי איז מײַנע סאָנים, ער איז דאָך גאָר הונגעריק!

## „דאַלאָי ניקאָלקע!"

אין 1917 יאָר האָט אין וואָלנאָוויסק דער פרילינג זיך אָנגעהויבן אזוי: צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָט פון די דאָנעצער סטעפּעס, וועלכע טרעטן פון צוויי זײַטן צו דער שטאָט, זיך געטראָגן איבער די גאַסן א טרוקע־נער ווינט, פול מיט קוילן־שטויב; נאָכדעם איז געקומען א פײַכטער ווינט — פון יאַם. ווי צוויי גוטע האַרעפּאַשניקעס, האָבן די ביידע ווינטן אַרויסגע־שטויסן פון דעם הויכן באַרגיקן טייל שטאָט און פון דער נידעריקער סלאָ־באָדקע די הײַפלעך שניי, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער קאַלטער אויסקומעניש פון די בערגלעך און טאָלעכלעך, מיט וועלכע עס איז פול די יאַם־שטאָט. פונדערווײַטנס, פון דאָרטן, וווּ דער יאַם ווערט קיינמאָל ניט פאַרפרוירן, האָבן זיך צוגעשלאָגן צום ברעג שפּליטערס פון צעבראָכענע שיפלעך, צעריסענע נעצן, שטריק. מעדוזעס האָבן געפינקלט אויפן נאַסן טונקל־ברוינעם זאַמד. דער וואַרעמער יאַם־ווינט האָט אַראָפּגעבראַכט א שלאַקסרעגן, וואָס איז ניט געווען ענלעך אף די פוילע קאַלטע רעגנדלעך, איבערגעמישטע מיט שניי, וועלכע האָבן א גאַנצן ווינטער זיך געזיפּט פונעם הימל. דער רעגן האָט אָנגעהויבן פלייצן שפּעט באַנאַכט, ס'האָט זיך געדוכט, אז ער וועט אַוועקטראָגן אין יאַם די גאַנצע שטאָט, אָבער אינדערפרי האָט ער אופגעהערט און ס'האָט זיך צעשײַנט די זון — א העלע, אן אָנגעגאָסענע מיט פרילינגדיקער צאַרטער וואַרעמקייט. ווי געוויינלעך, האָט די זון צוערשט א בליאַסקע געטאָן אפן אײַזערנעם דאַך פון דער „ווײַסער דאַטשע", וועלכע שטייט באַם ברעג יאַם. ס'איז דאָס העכסטע אָרט אין שטאָט — העכער פונעם פײַערלעשער־טורעם און פונעם צײלעם אפן קלויסטער.

די פרילינגדיקע גאַסן זײַנען איבערפולט מיט מענטשן.

— שרײַ „ניקאָלקע, דאַלאָי ניקאָלקע!", „נעמאַ ניקאָלקע!" — הייסט יאַס־קע אַרקען.

ביידע טאָפּטשען זיך אפן פּלאַץ, לעבן צירק.

— מע מעג שרײַען וועגן קייסער, וואָס מע וויל. שרײַ „ניקאָלקע — טי־פּעשו!", „ניקאָלקע — גאַנעוו!".

אין צירק גייט איצט ניט קיין פאָרשטעלונג, און דאָך איז דאָרטן אזוי געפּאַקט, אז מע קאָן זיך ניט דורכשלאָגן. ס'איז א טומל, א געשריי. יאַסקע זינגט:

וואר א קיניג א גרויסער יאָלד...

— א העלד, — פאריכט אים ארקע, וואָס ווייסט גוט די ליד. ער האָט זי געהערט ניט איין מאָל זינגען אין שטוב.

— ניט קיין העלד, נאָר א יאָלד... — באשטייט יאָסקע אף זײַנס. — כ׳זע, אז דו פארשטייסט נאָך גאָרניט.

יאָסקע און ארקע גייען ניט אין כיידער. ארקע האָט באוויזן גיין אין כיידער סאכאקל צוויי וואָכן. דער געלער רעבע, וואָס קיין מער מעכטיקער מענטש איז פאר ארקען ניט געווען אף דער וועלט, האָט זיך אפילע ניט שטארק צעבייזערט, ווען איינער פון די כיידער־ייִנגלעך, וואָס האָט באַ־שלאָסן, אז אויב מע מעג שרײַען „דאָלאָי ניקאָלקעו!״, מעג מען זיך פארגינען אויך עפעס אנדערש, האָט מיט גרויס היץ אויסגעשריִען: „דאָלאָי געלער רעבעו!״

— ווי האָסטו געזאָגט? — האָט דער רעבע פאנאנדערגענומען די באָרד אזוי, אז זי האָט זיך צעשפרייט איבער א האלבן טיש. די כיידער־ייִנגלעך זײַנען געוואָרן שטום־שטיל, געמיינט: אָט נעמט ער דעם קאָנטשיק. אָבער גאָר אומגעריכט האָבן זיי צום ערשטן מאָל דערזען בא אים א שמייכל אף די בלאסע ליפן. — וויִאזוי האָסטו, מאמזער, געזאָגט? הייסט עס, פריִער דער קייסער, דער מיילעך, דערנאָך גלײַך דער רעבע? צווישן איז שוין מער קיינער ניטאָ, ניט פאראן קיין בילכערס, האָ? גוט, מאסקים. אויב איר ווילט, איז זאָל זײַן אזוי. גייט, הולטײַעס, אהיים. הײַנט לערנען מיר ניט. שפילט אין „מעסערלעך״.

אליין דער רעבע זאָל הייסן שפילן אין „מעסערלעך״! מאָלע־סימכע איז מען ארויסגעלאָפן אין הייפל, צום בערגל פארהארטעוועטע ליים, וואָס איז אויסגעקאלופעט און אויסגעשטאָכן.

פונקט ווי די שפילן אין „קלאסן״, אין „קאץ און מויז״, געהערט די שפיל אין „מעסערלעך״ צו יענע קינדערשע פארווײַלונגען, וואָס גייען איבער — מיט נײַע פאָקוסן און קונצן — פון דאָר צו דאָר. דאָס קלינגל פונעם מעסערל דארף, פון אוועלכער מעשונעדיקער לאגע מע זאָל עס ניט ווארפן, אפילע פון ארונטערן אויער, ארײַנגעשטעקט ווערן, ווי א שפיז, אין דער ערד. דער כעוורעמאן, וואָס פארשפילט, מוז אמווייניקסטנס דרײַ מאָל זיך צורירן מיט די ליפן צום זאמד, דערבײַ האלט מען דעם באשטראָפטן צוגעדריקט דעם קאָפּ — ער זאָל בעסער „עסן״.

אָנגעגעסן זיך געגנוג מיט זאמד, איז ארקע אוועקגעלאָפן אהיים. ארײַנ־קומענדיק אין הויף, האָט ער דערזען, אז לעבן שטיבל, ווו עס וווינט ריווקע, איז לעבעדיק. ריווקעס טאטע — ער הייסט מיכל — האָט פארקאשערט די הויזן אריבער די קני, און ער קנעט מיט די פיס א געדיכטע מאסע, פון וועלכער עס טראָגט מיט א שארפן רייעך. פון צײַט צו צײַט קריכט מיכל ארויס, נעמט אָן פון דער דייזשקע אן עמער וואסער און פליוכעט ארײַן אין דעם קוואטש. ריווקעס מאמע, כײַע, פורעמט אויס גראָבע ציגל, און ריווקעלע מאכט דינע פלעצלעך, „באקט לאטקעס״. ארקע האָט גרויס כיישעק צוצוגיין, נאָר ער געדענקט זייער גוט, אז ריווקע האָט אים געבייצט און אז

ער איז איר א באלכויוו. ער בלײַבט שטיין פונדערווײַטנס אזוי לאנג, ביז ער באשליסט, אז אָנשלאָגן זי וועט ער באוויַזן אין אלע צײַטן. ניט זיכער נעמט ער זיך רוקן אלץ נעענטער, שטעקט ארײַן אין דער קופּע מיסט פּריזער איין פוס, דערנאָך דעם צווייטן.

— לערן זיך, יינגעלע, אינעם לעבן קומט אלץ צוניץ, — האָט אים מיכל ניט אָפּגעטריבן, נאָר פארקערט, נאָך אונטערגעמונטערט. — בא איַיך אין שטעטל האָט מען, מיסטאמע, מיט אזא טינעף ניט געהייצט. מיר זײַנען שוין געוווינט. מיר זײַנען דאָ אויסגעוואקסן.

און שוין ווי פאר זיך צוגעגעבן:

— דעם קייסער האָט מען טאקע אראָפּגעוואָרפן, אָבער הייצן וועט מען דארפן אלציינס.

געמאכט עטלעכע פּלעצלעך און זיי אוועקגעלייגט טריקענען לעבן גא־נעקל, איז ריווקען נימעס געוואָרן דער אייסעק.

— דארפסט זיך ארומוואשן, — האָט זי פון אויבן־אראָפּ באקוקט אר־קען, — ביסט זייער שמוציק.

ווי א גרויסע, האָט זי גענומען ארקען פאר א האנט און זיך געלאָזט לויפן מיט אים אראָפּ־בארג, צום סטאוואָק. ביידע זײַנען ביז די קנעכלעך ארײַנגע־גאנגען אין קאלטן וואסער און ארויסגעשפּרונגען צוריק.

— מיינסט, מײַן טאטע מאכט נאָר קיזיק? — האָט זי א זאָג געטאָן און, אויסשטרעקנדיק די האנט, אָנגעוויזן אף א סאך הויכע קוימענס, וואָס האָבן אין דער ווײַט, הינטערן סטאוואָק און הינטער די אײַזנבאן־ליניעס, גע־שטארצט אינעם הימל. דאָרטן האָבן זיך געזען מאָדנע מויערן, ניט ענלעכע אף קיין הײַזער, אין וועלכע מע וווינט. אין די לאנגע און שמאָלע פענצטער זײַ־נען פיל שויבן געווען אויסגעשלאָגן, און די פאראנענע שויבן זײַנען געווען שטארק פארייכערט. אין איין אָרט האָט עפּעס געבלינצלט און גע־פײַערט.

— אָט ווו עס ארבעט מײַן טאטע, — האָט ריווקע געזאָגט.

— וואָס טוט ער דאָרטן?

— דאָס ווייס איך אליין ניט, — איז ריווקע זיך מוידע געווען.

ארקען האָט זיך פלוצעם פארוואָלט ווײַזן ריווקען, וואָס ער קאָן. ער איז ארופגעשפּרונגען אפן שטיין, אף וועלכן די ווײַבער שלאָגן אויס דאָס גרעט, און גענומען דארשענען. עס איז געווען א געמיש פון די רייד, וואָס ער הערט אין גאס, אין כיידער, אין שטוב. אלץ איז געוואָרן מעשוּנעדיק איבערגע־פלאָכטן און איבערגעפּלאָנטערט. ער האָט געמאכט מיט די הענט, מיט די פויסטן, געדרייט זיך אין אלע זײַטן, טאנצנדיק אפן שטיין:

— ראבויסײַ! דאָלאָי ניקאָלקע! דאָלאָי רעבע! דײַטע כליעבא! מיר גייען אפן פראָנט!

ריווקעלע האָט דעם רעדנער א שטופּ געטאָן, און ער איז ארײַנגעפאלן אין וואסער. זי אליין האָט אים געהאָלפן ארויסקריכן.

זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט העכער, אפן בערגל, זיך ווארעמען. פון אר־קען איז געגאנגען א פּארע. אומגעקערט האָבן זיי זיך אהיים באפרײַנדעט און צופרידן איינס מיטן צווייטן.

# אפילע אזא

אָפּגעגרינט און אָפּגערוישט האָבן דרײַ פרילינגס און זומערס. אין בלעטערפאל און אין רעגנס זײַנען דורך דרײַ הארבסטן; אין שנייען און האָגל — דרײַ קאלטע ווינטערס. געווען זײַנען אין שטאָט די אווסטרי־אקעס, די דעני־קינצעס, די מאכנאָווצעס. געווען זײַנען אָבלאוועס, רויבערײַען, פּאָגראָמען, מע האָט גערויבט און געשניטן. אפן ביסל שפּײַז, וואָס עס האָבן ניט באוויזן אופצופרעסן און ארויסצופירן די פרי־ערדיקע באנדיטן, האָבן זיך, ווי היישעריקן, ארופגעוואָרפן די שפּעטערדיקע.

די רויטע זײַנען אין דער שטאָט סאכאקל עטלעכע כאדאָשים. ווו זיי טועו ניט א בליק, זעען זיי כורוועס, רוינעו, הונגער. אין איין האנט האלט דער רויטארמייער די ביקס, מיט דער אנדערער דערלאנגט ער א שמאכטנדיקן קינד אן אָקרײַעץ ברויט...

---

ווען ארקע זאָל האָבן וואָס אָנצוטאָן און קאָנען ארויסגיין אפן גאס, וואָלט ער פאר קיין הונט ניט געדארפט מוירע האָבן. קיין איין מעשוגענער און קלאָרער הונט איז אין שטאָט ניטאָ. ארום דער „בורזשויקע" זיצן פינף קינדער — שיפקע, כאוועלע, מירל, צירל און ארקע. די „בורזשויקע" — דאָס איז א טשוהון־קעסעלע אף צוויי דינע אײַזערנע פיסלעך מיט א טרויב, וואָס איז ארײַנגעשטעקט אין פענצטער. די קינדער האלטן די דלאָניעס אויסגעשטרעקט צום אייוועלע, קוויקן זיך מיט דער היץ, וואָס עס שלאָגט פון דעם. די פּענעמער זײַנען רויט־צעפלאמט, ארום די בײַכלעך איז הייס, נאָר אין די פיס איז קאלט.

אינעם ווינקל, וואָס איז אמווײַטסטן פון די בלאָזנדיקע פענצטער און פון דער טיר, ליגט אפן טאָפּטשאַן יאָסקע. „דעקט מיך אײַן",— בעט ער. אלע זאכן, וואָס זײַנען פאראן אין שטוב, ליגן אף אים, א גאנצער בארג, און אים איז קאלט. די קעלט גייט פון אינווייניק, פון די אײַנגעצויגענע, פארטריקנטע געדערים. דער עלטסטער ברודער, הירשקע, ליגט אין שפּיטאָל.

די „בורזשויקע" גיט גיך אָפּ איר ווארעמקײַט; דער קעסל, אף וועלכן עס זײַנען אומגעלאָפן, ווי לעבעדיקע אייגלעך, ווײַסע פונקען, איז געוואָרן גרוי, טויט. איצט טראָגט ער שוין קעלט, ווי א שטיק אײַזן. די רויטקײַט פון די קינדערשע פּענעמער פארשווינדט, די באקן ווערן ערדיש־טונקל, אויסגעלאָשן, ווי דאָס אייוועלע. די פיס, צוגעצויגענע, ווי מיט א מאגניט, צו דעם ערדענעם דיל, קאָן מען די ערשטע מינוט ניט רירן פון אָרט. דאָס הייסט — „מע האָט זעלצערוואסער אין די פיס". ס'איז טאקע אזא אײַנדרוק, ווי אין די פיס וואָלט עפּעס קאלטס געשטראָמט און געיוירט, פונקט ווי ס'גיסט זיך פון א סיפאָן.

די קינדער ווארטן אף דער מאמען. אינעם טאטנס מאנטל, וואָס ווען זי טוט אים אָן, זעט זי אויס זייער א קלייניטשקע, איז זי צוזאמען מיט ריווקעלעס מאמע, מיט וועלכער זי האָט זיך לעצטנס שטארק צונויפגעכאווערט, גאנצפרי־

אוועק אין „אָטשערעד". „אָטשערעד" איז דאָס פּאַרשפּרייטסטע וואָרט אין שטאָט. לענגויס גאַנצע קוואַרטאַלן ציט זיך אַ מענטשן־מענגע צו דער „בור־לאַטשנע", וווּ אַף דער אַלטער שילד זײַנען אָנגעמאָלט בולקעלעך און בייגל. די מאַמע ברענגט אַ פונט קוואַטשיק, רוי, שוואַרץ ברויט, וואָס שמעקט אויסערגעוויינלעך גוט און האָט אַ מאָדנע אייגנשאַפט זיך צו פאַרמינערן, נאָך איידער מע טראָגט עס צו צום מויל. פריִער פון אַלעמען, און עפּשער מיט אַ לויט מער, גיט די מאַמע אַ כיילעק ברויט יאָסקען. זי בעט אים, ער זאָל ניט שלינגען. יאָסקע האָט אַ טעווע צונויפקוועטשן דעם כיילעק ברויט זײַנעם אין פויסט, אַלע מאָל אַרויסרוקן אַ שפּיץ און אים אָפּבײַסן. איצט וויל ער אויך טאָן אַזוי, אָבער די האַנט איז צו שוואַך אַף צונויפנעמען די פינגער.

אײַנגעטיילט יעדערן צו אַ ביסן ברויט, לויפט די מאַמע ווידער אַוועק אין „אָטשערעד" — אַף טאָרהאָווע גאַס גיט מען סופּ מיט פערדן־פלייש. זי קערט זיך אום אַהיים שפּעט אין אָוונט. זיצנדיק אַף די געלעגערס, זופּן די קינדער דאָס שיטערע לעבלעכע געקעכץ. קיין פלייש האָט שוין ניט געקלעקט.

אין איינעם אַ טאָג האָט די מאַמע גענומען אַרקען אַף די הענט און זיך געלאָזט מיט אים גיין. די שכיינע כײַע האָט געהאַלטן אַף די הענט ריווקעלען. אַרקע און ריווקע האָבן זיך אַ פּאָר וואָכן ניט געזען און געקוקט איינער אַפן צווייטן מיט נײַגער. באַ ביידן האָט געשווינדלט אין קאָפּ פון דער פרישער לופט. די נאַטור האָט פון קיין הונגער ניט געוווּסט. אָנגעגאָסן זײַנען געוואָרן די קנאָספּן פון די ביימער, פריילעך האָט אין די קאַליוזשעס אַפן טראָטואַר געשפּיגלט זיך די זון. אַפן ראָג פון דער געוועזענער יעקאַטערינינסקע, איצט „פּראָספּעקט רעספּובליקי", איז זיי אַנטקעגנגעקומען פּעסיע — אַן אַלט מיידל מיט אַ גאָלדענער נעשאָמע, וואָס פילט אַלעמען מיט און וויל אַלעמען העלפן.

— גאָט איז מיט אײַך, ווײַבער! — האָט זי אויסגעשריִען. — זיי זײַנען דאָך שוין, קיין אײַנהאָרע, גרויסע קינדער, און איר שלעפּט זיי אַף די הענט. געדענקט, מיט אײַערע מעשוגאַסן וועט איר זיך אומברענגען פון דער וועלט.

— עס איז אַ נעץ, זיי קאָנען זיך, כאָלילע, צוקילן, — האָבן די מאַמעס נאָך בעסער אײַנגעדעקט באַ זייערע קינדער די פיס און ניט אַראָפּגעלאָזט זיי אַף דער ערד.

מע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע ריידן. אַרקעס מאַמע האָט דערציילט וועגן הירשקען, וואָס ליגט אין שפּיטאָל, דאָרטן ראַטעוועט מען זיך, מע גיט דרײַ מאָל אין טאָג עסן.

— כ'וועל הײַנט זײַן באַם דאָקטער קליאַטשקאָ, וועל איך אים בעטן, ער זאָל נעמען יאָסקען אויך, — זאָגט פּעסיע צו. זי קען אַלע דאָקטוירים אין שטאָט און טשעפּעט זיך פון זיי ניט אָפּ, ביז זיי קומען ניט צום קראַנקן מיט אַ וויזיט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אָן אומזיסטיקן.

צוזאַמען לאָזט מען זיך גיין ווײַטער, ביז מע דערשלעפּט זיך צום העכסטן און שענסטן מויער אַף דער גאַס — צום האָטעל „קאָנטינענטאַל". איצט גע־

פינט זיך דאָ דער קאָלעקטאָר. זעלטן־ווער אין שטאָט ווייסט, וואָס עס באַטײַט דאָס דאָזיקע וואָרט, נאָר אַלע ווייסן, אַז מע נעמט דאָ צונויף פֿאַרוואָרלאָזטע קינדער, קײַלעכיקע יעסוימים און, אַלס אויסנאַם, אויך האַלבע יעסוימים, וואָס גייען, פּונקט ווי די קײַלעכיקע, אויס פֿון הונגער. אין קאָלעקטאָר גייען שוין אַרקע און ריווקע צופֿוס, די מאַמעס ציִען זיי פֿאַר די הענטלעך און לאָזן ניט זיך פֿאַרקוקן אויף די נאַקעטע אָנהענטיקע מעשונעדיקע געצקעס, וואָס זײַנען צעשטעלט בײַ די טרעפּ.

אַלע פֿינף, מיט פּעסיען אינדערמיטן, הייבן זיי זיך אויף איבער די אָנגעטראָטענע, נאַסע מירמלנע טרעפּ אויפֿן צווייטן שטאָק. אין אַ ווינקל פּונעם לאַנגן טונקעלן קאָרידאָר לאָזן די מאַמעס איבער די קינדער. מע הייסט זיי שטיין און וואַרטן. די פֿרויען לויפֿן לאַנג אום איבער די פֿאַרשיידענע צימערן, ביז זיי קומען ניט צוריק מיט נאָך איינער אַ פֿרוי, וועלכע נעמט גלײַך אַרקען פֿאַר איין האַנט, ריווקעלען פֿאַר דער צווייטער און פֿירט זיי האַסטיק אַוועק.

נאָכן טונקעלן קאָרידאָר איז אינעם צימער, וווּ מע פֿירט אַרײַן די קינדער, זייער ליכטיק. אין צוויי גרויסע פֿענצטער שײַנט אַרײַן די זון. אַ כאָפּטע יינגלעך און מיידלעך שטייען אַ ביסל אינדערווײַטנס פֿון די צוויי שערער, וואָס אַרבעטן פֿלײַסיק מיט די שער־מאַשינקעס. ריווקעלע האָט גלײַך אַרופֿגעלייגט די הענט אויף די צעפּלעך, ווערלנדיק זיי אויסבאַהאַלטן. מיט שרעק האָט זי געקוקט אויף די שערער, — אַ מינוט, און ס׳איז פֿאַרטיק אַ „קאָפּ“, עס וואַלגערט זיך שוין אויפֿן דיל נאָך אַ קודלע, נאָך אַ בערגל פּאַסמעס. די האָר זײַנען לעבעדיקע, פֿול מיט אינזעקטן. עמעצער האָט אַרקען געגעבן אַ שטופּ אונטער פֿון הינטן, און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געזעסן אויף דער טאַבורעטקע. אויפֿן צווייטן בענקל האָט זיך געזעצט ריווקעלע. זי האָט אויסגעשאָסן אַ געוויין — אירע צעפּלעך האָט מען אָפּילע ניט צעפּלאָכטן, נאָר, ווי מערעלעך פֿון אַ בייטל, אָפּגעשניטן גאַנצערהייט. צו אַרקעס קאָפּ האָט דער באָכער דער שערער זיך גענומען, ווי אַ באַלעבאָסטע אינעם קורצן פֿרײַטיק צו אַ היפּשל קרויט: קיין צײַט איז ניטאָ, מע דאַרף בראָקן וואָס גיכער. אַרקע האָט געפֿילט, ווי עס ווערט אויפֿן קאָפּ לופֿטיקער, גרינגער, עס האָט אָנגענעם געקיצלט, אָבער אויך געפֿערלעך געביסן, ווי אין אַן אופֿגעריירטן בינשטאָק. אַן אָפּגעשוירענעם האָט מען אַרקען אַוועקגעפֿירט זיך באָדן. אינעם וואַנע־צימער האָט ער איבערגעלאָזט זײַנע בגאָדים. דער קלאַדאָווושטשיק, וואָס איז דערבײַ געשטאַנען, האָט פֿאַרוווּנדערט אַ קוק געטאָן אויפֿן טאַלעסקאָטן.

— קינדער טראָגן עס אויך בײַ אײַך? — האָט ער געפֿרעגט.

ער האָט געגעבן אַרקען אַ לאַנג, איבער די קני, העמד און געהייסן גיין, אָבער דאָס יינגל איז געשטאַנען ווי אַ צוגעשמידטער, ניט גערירט זיך פֿון אָרט. וויאַזוי וועט ער עס גיין אין איין העמד? די יינגלעך וועלן דאָך מאַכן פֿון אים אַ געלעכטער. און ווי וועט ער זיך באַווײַזן פֿאַר ריווקען?

— מײַנע הויזן, — האָט אַרקע אַרויסגעכליפּעט.

— שפּעטער, שפּעטער. אַז מע גיט אײַך הויזן, אַנטלויפֿט איר, — האָט דער מאַנצבל אים אַרויסגעפֿירט.

ארקע איז אריַין אין א גרויסן ליכטיקן זאל. דאָ האָט ער א ביסל גרינגער אָפּגעאָטעמט. עפּשער הונדערט קינדער, און אלע זיַינען אָנגעטאָן אין העמ־דער, ווי ער. ריוועקע — אויך.

— קומט, קינדער, זינגען! — האָט פאַרגעלייגט די פרוי, וואָס איז געזעסן אינמיטן זאל אין א וויַיסן כאלאט. די אויגן אירע האָבן ארומגעבלאָנדזשעט איבער איין קופּקע כעוורע, איבער א צווייטער, א דריטער, וואָס האָבן זיך געהאלטן אָפּגעזונדערט איינע פון דער אנדערער. — איר קענט דאָס ליד „פּרי לוזשקע״?[1]

קיינער עפנט ניט דאָס מויל. דאַן הייבט אָן די דערציִערן אליין, הייזעריק און פארצווייפלט:

> עך, פּרי לוזשקע, פּרי לוזשקע
> קאָני נאפּוואלי...[2]

— אין קלאדאָווקע איז פאַראַן מאקוכע, גיט אונדז א רעדל, וועלן מיר זינגען, וויפל איר ווילט, — ריַיסט עמעצער איבער דאָס איינזאמע גע־זאנג.

באַם וואָרט „מאקוכע״ דערפילט ארקע א קלעפּיקע זיסקיַיט אין מויל; די ציין, דוכט זיך, ביַיסן שוין א שטיקל נאָך א שטיקל די שמעקנדיקע, באשאָ־טענע מיט גריַיפּעלעך, גלאנצנדיקע הארטע מאקוכע.

— אינגיכן וועלן מיר עסן ווארמעס, — רופט זיך אָן די דערציִערן. אירע איַינגעפאלענע באקן, דער אויסגעצויגענער האלדז ריידן וועגן דעם, אז זי ווייסט אויך גוט דעם טאם פון הונגער.

איינער פון די יִונגלעך האָט ערגעץ געקראָגן א ביסל שאָלעכץ פון קאר־טאָפל און ער בראָט עס ביַיגנייווע אפן הויכן איַיזערנעם אויוון, וואָס שטייט אינעם עק צימער. ווען די שאָלעכץ ווערט צוגעטריקנט, כאפּט ער דאָס גע־בראָטנס אריַין אין מויל. די קינדער, וואָס שטייען דערביַי, נעמען פון אים ניט אראָפּ די אויגן, קוקן, ווי ער בריט זיך די ליפּן, הערן זיך צו, ווי עס טרעשטשעט בא אים צווישן די ציין, און זיַינען אים שטארק מעקאנע.

ענדלעך הייסט די דערציִערן זיך אויסשטעלן פּאַרנוויַיז. ארקע שטעלט זיך לעבן ריוועקעלען. זיי האלטן זיך ביידע פאר די הענט. באַם טיש זעצן זיי זיך אויך איינס לעבן אנדערן. דער טיש איז זייער א לאנגער. ער ציט זיך פון איין עק עס־זאל ביזן צווייטן. יעדן קינד דערלאנגט מען א טעלערל הירזשע־נעם סוּפּ, אפן דעק ליגט א שטיקל פלייש. א באָכערל, וואָס אף זיַין גורל זיַינען אויסגעפאלן אלע פּריווילעגיעס — ער איז ניט אָפּגעשוירן, טראָגט הויזן און אין זיַין רעשוס געפינט זיך א טאַץ מיט אָנגעשניטן ברויט, — צעטיילט די כאלאָקים. די קינדער ווארטן מיט אומגעדולד, ער זאָל צוגיין. אָט איז ער צוגעגאנגען צו ארקען. ארקע זעט, ווי דער כעווערעמאַן קניַיפּט אָפּ א שטיקל זשליפּעץ פון זיַין, ארקעס, כיילעק און כאפּט עס אריַין צו זיך

[1] לעם דער לאָנקע; [2] עך, לעם דער לאָנקע, לעם דער לאָנקע האָט מען פערד געפּאָיעט...

אין מויל. בא ארקען שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. ער גיט עפּעס א מרוקע. דאן טוט אים יענער א שנעל איבער דער נאָז, דערנאָך א בייג און א קוועטש צו דעם קאָפּ צום טעלער. ארקע דערמאָנט זיך, אז ער איז אָן א היטל. אפן לעבן האָט ער ניט געגעסן אָן קיין היטל. אין מעשעך פון איין טאָג — אזוי־פיל אוויירעס: אָפּגעשאָרן די פּייעס, אויסגעטאָן דעם טאַלעסקאָטן, עסט טרייפס, און גייט אָן א היטל. אויב ער וועט באלד אופּעסן דאָס שטיקל טריי־פע פלייש, וואָס ליגט אין טעלער, וועט ער אייביק ברענען אין גיהע־נעם.

דערוויַיל האָט שוין ריוווקעלע אויסגעזופּט איר געקעכץ, און אפּאָנעם פארגעסן, ווו זי האלט אין דער וועלט, שטופּט זי איר לעפל אין ארקעס טע־לער. ארקע קריצט מיט די ציין און שוויַיגט. נאָך דעם, ווי זי פּאָרט אריַין מיטן לעפל צום דריטן מאָל, האלט ער ניט אויס, פארדעקט דעם קאָפּ מיט דער דלאָניע פון דער לינקער האנט, און מיט דער רעכטער נעמט ער טראָגן צום מויל איין לעפל נאָכן צווייטן — גיכער אָפּצוקומען מיט דער אווירע.

דער זעלבער באָכערעץ, וואָס האָט בייסן מיטיק אָפּגעקניפּט פון ארקעס ביילעק ברויט, טוט אָפּ דאָס זעלבע שפּיצל אויך בא דער וועטשערע. דער־נאָך, אז מע לייגט זיך שלאָפן, געפינט ער ארקען אין דער לאנגער ריי בעט־לעך, ווו אונטער די קאָלדרעס איז, דוכט זיך, אומעגלעך אונטערשיידן איי־נעם פונעם צווייטן, זעצט זיך צו לעבן ארקען און הייבט זיך אָן צו רייצן מיט אים.

ארקע באהאלט דעם קאָפּ אונטער דער קאָלדרע, און אין דער זעלבער רעגע גיט מען אים א קלאַפּ. דער קלאַפּ איז ניט קיין שטארקער. ארקע ווארט אף נאָך און האָט ניט קיין טאָעס. עס קומט א צווייטער קלאַפּ, א דריטער. ניט ווארטנדיק אפן פערטן, שמיצט ארקע אראָפּ די קאָלדרע, שפּרינגט אוף און ווארפט זיך מיט די שטעקלדיקע הענטלעך אף זיַין פאר־פאָלגער.

— או, סארא גיבער! — צעלאכט זיך יענער. — אָ, א ביס געטאָן! — כאפּט זיך דער כוליגאן באקוקן דעם עלנבויגן.

אין שלאָפצימער ווערט לעבעדיק, עס נעמט זיך ראַשן אין אָן אנדער עק. דאָרטן שלאָגט מען זיך ניט אף קאַטאָוועס. דערנאָך ווערט פּלוצעם שטיל. ארקע שטיקט אין זיך דאָס געוויין, ביז ער ווערט אנדרעמלט. האלבע נאכט כאפּט ער זיך אוף, קוקט פארכושט אף די ארומיקע בעטלעך. עס גייען דורך עטלעכע וויַילעס, ביז ער באנעמט, ווו ער איז אין דער וועלט, און ס'כאפּט אים ארום א שרעקלעכע בענקשאפט. פארוואָס קומט ניט די מאַמע? ארקע האָט אף איר ארויסגעקוקט דעם גאנצן טאָג. עפּשער וועט זי שוין קיינ־מאָל ניט קומען? דער דאָזיקער געדאנק טוט אים א הייב אוף פונעם גע־לעגער. ער מוז זיַין אין דער היים, זען די מאַמע. ער וועט פונדאנען אנט־לויפן. ער נעמט אין דער פינצטער זוכן וואָס אָנצוטאָן און דערמאָנט זיך, אז ער האָט גאָרניט. א באַרוועסער, אין דעם איינציקן העמד, שליַיכט ער זיך צו צו דער טיר פונעם שלאָפצימער, עפנט זי שטיל, לויפט דורך דורכן גרויסן זאל, ווו עס בליאסקעט אין דער טונקל די מוירעדיקע באשעפעניש, וועלכע

הייסט ראָיאל, עפּנט נאָך א טיר, וואָס פירט ארויס צו די טרעפּ. אויבן ברענט שוואך א גאז־לאָמפּ, ארומגענומען מיט אײַזערנע דרעטלעך. אין טויט־שרעק שמײַעט ארקע דורך פארבײַ די אָנהעננטיקע נאקעטע פיגורן, באלד, דוכט זיך, כאפּן זיי אים, אזוי שפּירן זיי נאָך נאָך זײַן געלויף. נאָר אָט איז ער שוין אין דרויסן. די באָרוועסע פיס האָבן אים געראטעוועט. אויסער די טויטע פארזעענישן אונטן, בא די טרעפּ, האָט אים קיינער ניט געזען און ניט געהערט. א פרישער שנײַדנדיקער ווינט כאפּט ארקען אונטער און העלפט אים לויפן איבער דער נאכטיקער גאס, פארבײַ די הײַזער, וואָס זעען איצט אויס גאָר אנדערש, ווי באטאָג. זיי זײַנען אומבאקאנט און פרעמד. הויך אינעם אויסגעשטערנטן הימל זײַנען ארײַנגעשניטן די צלאָמים פונעם קלויסטער. איבערכאפּנדיק שווער דעם אָטעם, נאָר אף א רעגע זיך ניט אָפּגעשטעלט, פּונקט ווי נאָך אים וואָלט זיך געיאָגט א גאנצע מאכנע, פליט ער דורך די איטאליאנסקע גאס, דעם אלטן מארק, אָפּקלאפּנדיק די פיס אין די שטיינער. גוט איז, וואָס אינעם הויף, ווו ער וווינט, איז ניטאָ קיין פלויט — מע האָט אים פון לאנג אויסגעהייצט, — מע קאָן צוקומען צום פארוקטן קעלערשטיבל מיטן קירצסטן וועג. ארקע קומט ארײַן אין פירהײַזל, ווו עס שטייען געוויינלעך אף א באנק צוויי עמערס. פונעם אימפּעטדיקן ארײַנגיין פאלט מיט א דונער איין עמער אראָפּ. אן אָפּגעפליוכעטער, טאפּט ארקע אָן אין דער פינצטער די קליאמקע פון דער אינוויינניקסטער טיר. א גרויער פארטאָגיקער פאס ליכט זיפּט זיך ארײַן אין די שמאָלע פענצטער. דאָס יינגל קוקט זיך ארום. אין בעט ליגט אינגאנצן אן אומבאקאנטער מענטש מיט אן אופגעלאָפן, געשוואָלן געזיכט. דער מענטש קוקט אף ארקען און גיט ניט קיין פינטל מיט די וואסערדיקע אויגן. ער פּרוווט זיך אופהייבן פון געלעגער און טוט לײַמיק שווער ווידער זיך א וואלגער. צי דען איז עס די מאמע? א פארגליווערטער שטעלט זיך ארקע אָפּ אף א האלבן שפּאן פון דעם בעט. דערנאָך מאכט ער דעם האלבן שפּאן, פאלט צו צו דער מאמען, ניורעט אײַן דעם קאָפּ אינעם בארג שמאטעס, מיט וועלכן זי איז צוגעדעקט.

— די מאמע קאָן זיך ניט רירן, — דערהערט זיך פון טאָפּטשאן שיפּקעס קאָל, — צוליב וואָס ביסטו געקומען? דאָרטן איז שלעכט?

ארקען איז אויסערגעוויינלעך קאלט, ער ציטערט מיט אלע אייוורים.

„קריך ארײַן, וועסטו זיך אָנווארעמען", — ווײַזט אים די מאמע מיט א שוואכער באוועגונג פון דער האנט אף אן אָרט לעבן זיך.

ארקע קריכט ארײַן, און ער פילט זיך, פּונקט ווי ער וואָלט ארײַנגעשווומען אין א שטייענדיק וואסער. די איבערלעבונגען פון דער נאכט, די אויסערגעוויינלעכע מידקײַט רופן זיך אָפּ, ער ווערט אינגיכן אנשלאָפן. ווען ער כאפּט זיך אוף, וויל ער פריִער פאר אלץ באפרײַען זײַן האנט, אף וועלכער די מאמע האָט זיך שווער אָנגעוואלגערט מיט דער פּלייצע. ער וויל די האנט ארויסציִען און קאָן ניט.

— מאמע, הייב זיך אונטער, — בעט ער.

קיין ריר.

— מאמע!

ארקע קוקט זיך אײַן א ווײַלע אין דער מאמעס פּאָנעם, און מיט א גע־פּערלעכן געשריי שפּרינגט ער ארויס פון בעט.

ארקע האָט איצט נאָר איין אָרט וווהין צו לויפן: אין דער כאבאד־שול, ווו עס פלעגט דאוונען דער טאטע. אין שול איז קאלט, טונקל, אומ־היימלעך. עטלעכע ייִדן, צעוואָרפן אין פארשיידענע ווינקעלעך, דאוונען. ארקע שטעלט זיך אויך דאוונען. דאָס איינציקע מאָל אין לעבן דאוונט ער אזוי מיט הארץ און מיט געפיל.

— זאָגסט קאדעש, ייִנגעלע? — פרעגט אים איינער א ייִד.

— עס איז נאָך גוט, וואָס עס איז געבליבן א קאדעש־זאָגער, — גיט צו א צווייטער.

ארקע זאָגט קאדעש נאָכן טאטן און נאָך דער מאמען און נאָכן עלטערן ברודער הירשל, וואָס איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל.

ווען ארקע קערט זיך אום אהיים, אייסעקט זיך שוין דאָרט פעסיע. צו־זאמען מיט איר גייט ער אפּן בעסוילעם. א פרעמדער מאנצבל פירט אף א וועגעלע דעם טויטן קערפּער. פעסיע טרײַבט ארקען, ער זאָל זיך אומקערן, ער וועט ניט האָבן קיין קויעך צו גיין צופוס אזא מעהאלעך, נאָר ארקע פאָלגט ניט, טרעט ניט אָפּ. אמאָל שפּאנט ער זיך אײַן אין וועגעלע פון פאָרנט, אמאָל העלפט ער שטופּן פון הינטן. אָט זײַנען די ווינטמילן, אָבער אָן פליגל, פונקט ווי עס וואָלט זיי דער ווינט אוועקגעטראָגן. דער רויט־ציגל־נער פארקן פונעם בעסוילעם איז אויך כאָרעוו. עס ליגן שטיקלעך צעבראָ־כענע ציגל. דער אײַזערנער טויער איז פארבליבן, ער הענגט אינמיטן פעלד. א בעסוילעם אָן ציגן, אָן בעטלערס, אָן קלאָגערנס. צוגעקומען איז נאָר א היפּש ביסל קוואָרים.

* * *

אין דרײַ טעג ארום איז ארקע ווידער געווען אין קאָלעקטאָר. פונדאנען שיקט מען פאנאנדער די יעסוימים אין פארשיידענע קינדערהיימען. א קאָ־לעקטאָר, ווײַזט זיך ארויס, איז נאָר א קורצווײַליקער איבערשיק־פּונקט, און מע פארהאלט זיך דאָ ניט. ארקע און ריווקעלע האָבן אָנגעטראָפן אין אן אנדער קינדערהיים, וואָס געפינט זיך אף א שטילער פארוקטער גאס.

אין איינעם א טאָג האָט זיך אין דעם דאָזיקן קינדערהיים באוויזן א מע־שונעדיקער נעפעש, פון קאָפּ ביז די פיס אין לעדער. א לעדערן היטל, א לעדערנער מאנטל, און ניט נאָר די טופליעס זײַנען געווען לעדערנע, נאָר, דוכט זיך, אפילע די שקארפּעטן... א לעדערן רימענדל איז בא אים געהאנגען איבער דער פּלייצע. ער איז געקומען מיט א פאָטאָ־אפּאראט אף א דרײַפוס און געבעטן די פארוואלטערן פונעם קינדערהיים אויסזוכן די אמערסטן אויס־געצערטע קינדער, אָדער, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „קאנדידאטן אף יענער־וועלט”. ער איז א רעפּאָרטיאָר און וויל זיי פאָטאָגראַ־פירן.

אויסגעטריקנטע פענעמער, אויסגעצערטע גופימלעך האָט זיך אָנגעקליבן א היפּש ביסל. ארקע איז געווען צווישן ערשטן צענדליק. מע האָט אים אוועקגעשטעלט אין דער פאָדערשטער ריי.

ריווקעלע האָט זיך צוגעשארט צו ארקען און זיך געשטעלט לעבן אים. די פארוואלטערן האָט זי אוועקגעטריבן.

— פאראַן מאָגערערע פון דיר, דו וועסט אוועקפאטערן די פאָטאָגראפיע.

— איך בין דען ניט קיין קאנדידאט? — האָט ריווקע, אויסצי̇ענדיק דאָס אומפארשטענדלעכע וואָרט, שיר זיך ניט צעוויינט, און אין לעצטן מאָמענט, ווען דער פאָטאָגראף פארבאהאלטן האָט דעם קאָפּ אונטערן שווארצן טוך, האָט זי פונדעסטוועגן זיך אויך אוועקגעשטעלט.

— איר זײַט געווען קאנדידאטן, נאָר איצט וועט איר שוין אלע לעבן... אפילע אזא... — האָט די פארוואלטערן געזאָגט און אָנגעוויזן אף ארקען...

# א פּאָשעטע געשיכטע



## 1

פֿון אונדזער אַרויסלאָז־קורס פֿאָרן מיר צווייען אָפּן ווײַטן מיזרעך: איך און בינימין לעקעך. איך בין צופֿרידן, וואָס איך פֿאָר מיט לעקעכן, ער איז נישקשה פֿון אַ מענטש, אַ גוטמוטיקער, עמעס, אַ ביסל אַ נודניק. ווען ער הייבט זיך אָן „אַרויסזאָגן", פֿאַרגעסט ער צו ענדיקן.

— געװוּג, זייער גוט, — פּרוּבירט אים אָפּשטעלן דער אָנפֿירער פֿונעם סעמינאַר. אָבער לעקעך הערט אים ניט און רעדט ווײַטער. די דינהויטיקע באַקן פֿלאַמען, עס פֿינקלען די ברילן־גלעזלעך, וואָס האָבן קיין רעמעלעך ניט און זענען דעריבער אויס נאַקעטלעך און עפּעס צו גרויס.

לעקעך איז עלטער פֿון מיר אויף פֿינף יאָר. פֿאַרן אָנקומען אין אינסטיטוט

האָט ער געאַרבעט אַלס לערער אין באָריסאָוו, דאָרטן האָט ער כאַסענע געהאַט. אין מעשעך פון דרײַ יאָר איז ביניאָמין געווען דער איינציקער כאַ־סענע געהאַטער אין אונדזער גרופּע. אַפן פערטן קורס זײַנען נאָך עטלעכע סטודענטן געוואָרן פאַמיליען־מענטשן, זיי קענען זיך אָבער ניט גלײַכן צו לעקעכן. ער איז שוין אַ טאַטע. יעדע וואָך באַקומט ער אַ בריוו פונעם ווײַב. אינעם קאָנווערט ליגן געוויינלעך צוויי בלעטלעך — איינס איז געדיכט פאַר־שריבן, אַפן צווייטן בלעטל זײַנען אָנגעמאָלט די קאָנטורן פון פינף קינדער־שע פינגערלעך. ווען לעקעך דערזעט זיי, פאַלן באַ אים פון סימכע אַראָפּ די ברילן פון דער נאָז. ס׳מאַכט זיך אויך, אַז אין קאָנווערט ליגט אַ פאָטאָ־קאַרטל, ווו זײַן באַסיעכידקע איז אָפּגעפאָרטרעטלט מיטן נאַקעטן פּופּיקל אָדער מיטן געזעסל אַרוף. ביניאָמין טוט עס גלײַך אַ קוש. ווען עס זײַנען ניטאָ ניט קיין פינגערלעך, ניט קיין פּופּיקל און ניט קיין געזעסל, איז פאַראַן אַ טינט־פלעק מיט אַ צושריפט, אַז די קליאַקסע האָט געמאַכט עלאָטשקע. דאָס איז פולשטענדיק געגנוג אַרײַנצוברענגען דעם גליקלעכן טאַטן אין היס־פּײַלעס.

וויפל מאָל אַ טאָג מיר זעען זיך ניט מיט לעקעכן, און זען זעען מיר זיך אַ מאָל הונדערט, קלאַפּט ער מיך איבער דער פּלייצע, ווי אַן עלטערער אַ יינגערן:

— פאָרן מיר, זאָגסטו?

מיר, די קינפּטיקע ווײַטמיזרעכניקעס, פילן זיך ווי דאָס אייבערשטע פון שטייסל. אין דער פּילטיראַזשקע פונעם אינסטיטוט איז אָפּגעדרוקט די פאָ־טאָגראַפיע פון די, וואָס פאָרן אַפן ווײַטן מיזרעך און קיין סיביר. דרײַ מיידלעך, דרײַ באָכערים און איין באַווײַבטער (לעקעך) זיצן אין דער ערשטער ריי. איך בין אין דער צווייטער. די צווייטע ריי זיצט ניט — זי שטייט. אַלע זעען מיר אויס זייער לאַנג, און איך — לענגער פון אַלעמען. פאַר מײַן טשופּרינע האָט ניט געסטײַעט קיין אָרט, און זי איז אין צײַטונג ניט אַרײַן. אין דעם אייבערשטן קעשענקעלע פון מײַן ביליקן פּידזשאַקל בלאַנקט דאָס פּערלמוטער־ווײַסע היטעלע פונעם בלײַער. אונטער דער פאָטאָ איז אָפּגעדרוקט: „זיי פאָרן אַרבעטן אַפן ווײַטן מיזרעך און קיין סיביר״. מיט פּעטיט זײַנען איבערגערעכנט אונדזערע פאַמיליעס.

דער פּראָפעסאָר לינגוויסט, וואָס פאַרטראַכט זיך ניט און שטעלט אַ „צוויי״ דעם אייגענעם ווײַב (זי לערנט זיך צוזאַמען מיט אונדז), איז אַפן אַרויסלאָז־עקזאַמען געווען צו אונדז ווייך און צוגעלאָזט, אונטערגעהאָלפן בעשאָלעם זיך אויספּלאָנטערן פון אַלע קאָמפּליצירטע גראַמאַטישע צאָרעס, פון די קאָפּלשמוינעדיקע סינטאַקסישע און לעקסישע סכעמעס. ער האָט אונדז אוועקגעשטעלט אַ „פיר״.

— „פינף״ שטעל איך קיינעם ניט, אַף אַ „פינף״ ווייסט עפּשער איין מענטש, — האָט ער אין פאַרלעגנהײַט אַ ברומקע געטאָן און זיך פאַרקוקט אַף דעם אייגענעם שפּיץ נאָז.

דער פּראָפעסאָר האָט אונדז געבעטן צוהערן זיך אין נײַ־אַמורסק צו די פאַרשיידענע דיאַלעקטן — דאָרטן זײַנען דאָך אָנגעפאָרענע פון דעם גאַנצן לאַנד. מיר דאַרפן פאַרשרײַבן פאַרשיידענע דיאַלעקטיזמען, אידיאָמעס,

גלײַכוווערטלעך און זיי אים ארויסשיקן. פאר דער טירכע וועט ער אונדז דערמאָנען אינעם פֿאָרוואָרט צום נײַעם בוך, וואָס ער שרײַבט.

מיר האָבן אים צוגעזאָגט עס צו טאָן.

דער דעקאן פונעם ליטעראריש־לינגוויסטישן פאקולטעט וויל זיך דער־מאָנען, וואָס פאר א זינד ער איז קעגן אונדז אמאָל באגאנגען. אזא שטילן, באשיידענעם מענטשן, ווי ער, איז שווער צו געפינען. מאכן א סטודענט אן אויסרייד איז פאר אים קימאט אזוי אומעגלעך, ווי וואַרפן א שטיין אין קאָפּ. צײַטנווײַז דערלויבט ער זיך עטוואָס אויסמוסערן דעם יונגן אוילעם, דער־נאָך ווײַזט זיך אים אויס, אז ער האָט איבערגעכאפּט די מאָס און עמעצן באליידיקט.

— צווישן אונדז זײַנען, מעגלעך, אמאָל געווען רײַבונגען, מיספאר־שטייענישן, — האָט ער צו מיר מיט לעקעכן זיך געווענדט מיט זײַן ווייכער, בעטנדיקער שטים, — איז פארגעסט וועגן דעם, אײַך שטייט פאָר אן אינ־טערעסאנטע און נוצלעכע ארבעט. איך ווינטש אײַך דעם גרעסטן דערפאָלג. פארגעסט קיינמאָל ניט אײַער אלמא מאטער.

מיר האָבן אים פארזיכערט, אז קיין שום רײַבונגען זײַנען צווישן אונדז ניט געווען און אז די אלמא מאטער וועלן מיר ניט פארגעסן. א בארויקטער איז ער אוועק אין צימער פון דעקאנאט.

מיר קריגן צום לעצטן מאָל סטיפּענדיע — פאר אלע זומערדיקע כאדאָ־שים מיטאמאָל. כוץ דעם, גיט מען רײַזע־געלט — „פּאָדיאָמנע”. מיר לאָזן זיך אראָפּ פון די אנטערעסאָלן פונעם צווייטן שטאָק און גייען אין בופעט.

לעקעך איז קארג, און מיר ווילט זיך דאפקע מאכן א שטיקל סודע.

— א ווינעגרעט און א בוטערבראָדל איז שוין א דורכגעגאנגענער עטאפּ, — פּרוביר איך לעקעכן אײַנריידן, — האָסט געזען, וואָס פאר א טאָץ מיט קאָלטווו עס האָט אוועקגעטראָגן סאָקאָלאָווסקי דער אספּיראנט? אייגנט־לעך, איז ער דער זעלבער ספּעציאַליסט, וואָס איך מיט דיר.

— זאָג ניט, ברודערקע, — ענטפערט ביניאָמין און נעמט צונויפשארן דאָס מינץ אין די קעשענעס, — מיר וועלן ניט באווײַזן זיך ארומקוקן, ווי דאָס געלט וועט זיך צעקריכן. דו פארגעסט, אז ביז אונדזער ערשטן געהאלט איז נאָך צוויי מיט א האלבן כוידעש און איך בין א פאמיליען־מענטש.

ביסלעכווײַז גיט ער זיך אונטער. די באברילטע אויגן קוקן אין די ווײַטע ווינקלען פון דער אָנגעגלאָזטער בופעט־וויטרינע, אף די טעלערלעך מיט גע־שמאקן סאלאט־אָליוויע, שפּראָטן, ריפּטלעך פלייש, באלייגטע מיט גרינע אר־בעסלעך. דער אפּעטיט וואקסט בא אונדז ביידן. צום סאָף דריקט לעקעך שוין אויס אפילע א געוויסע באדויערונג, וואָס אין בופעט איז ניטאָ קיין בראנפן.

— עס איז פאראן ביר, — גיט א ווײַז די בופעטשיצע אף די טונקעלע פלעשער, וואָס שטייען פון אויבן, אף דער וויטרינע.

מיר נעמען אפילע פּיראָזשנעס צו דער קאווע. לעקעך פּאקט אף ביידע באקן און זאָגט, אז ס'איז זייער געשמאק.

אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען, ווי קיינמאָל פאר די פיר יאָר, הייבן מיר זיך אוף פון טישל. „זיך אופהייבן” דארף מען ניט פארשטיין בוכשטעבלעך. אינעם בופעט עסט מען שטייענדיק.

מיר גייען איבערן קאָרידאָר, פאַרבײַ די ווענט, וואָס זײַנען באַהאַנגען מיט מעלדונגען וועגן פאַרזאַמלונגען, באַראַטונגען, קאָנפערענצן, ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, עקסקורסיעס. דאָס אַלץ האָט שוין צו אונדז ניט קיין שײַכעס. דורכגייענדיק פאַרבײַ דער דרויסנדיקער טיר, ווו עס זיצט די וואַכטיאָרשע מיט אַ קנײַלכל וואָל אױף די קני (אונדז דוכט זיך, אַז אין מעשעך פון יאָרן שטריקט זי איין און דאָס זעלבע קאָפּטל), באַגעגענען מיר אַ בלאָנד מיידל מיט אַ פּאָרטפעלכל. פונעם ערשטן קוק דערקענט מען, אַז זי האָט זיך אָקאָרשט צעשיידט מיט דער שול־באַנק און וויל אָנקומען אין אינסטיטוט. מיט ריינע, בלויע אויגן, וואָס האָבן מיסטאָמע קיינמאָל נאָך ניט געזען קיין סטודענטישע אַאודיטאָריע, טוט זי אַ בלאָנדזשע איבער אונדזערע צופרידענע זאַטע פּנעמער און פרעגט, ווענדנדיק זיך דעריקער צו ביניאָמינען — ער איז מער סאָליד, — צי ווייסן מיר ניט צופעליק, ווו עס געפינט זיך די אופנאַם־קאָמיסיע.

— צופעליק ווייסן מיר, — ענטפערן מיר ביידע, און קינדעריש־זאָרגלאָז, ניט ווי עס פּאַסט פאַר מענטשן מיט דיפּלאָמען, נעמען מיר דאָס מיידל — איך אונטער איין אָרעם, דער סאָלידער לעקעך — אונטערן צווייטן — און פירן זי אוועק אין דער קאַנצעליאַריע, צום טישל, ווו מע נעמט אָן די דאָקומענטן. בייסמײַסע כאַפּט אונדז ביידן אַרום עפּעס אַן אומעט, וואָס איז באַקאַנט יעדן סטודענט נאָכן אָפּגעבן דעם לעצטן עקזאַמען, ווען אַלפּי־סייכל, דוכט זיך, דאַרף מען זיך גאָר פרייען.

מיט יעדער שאָ ווערן אַלץ שוואַכער די פּעדעם, וואָס האַלטן אונדז דאָ, אין דער גרויסאַרטיקער ליכטיקער געבײַדע מיט די גערעמע אַאודיטאָריעס, מיטן קײַלעכיקן וועסטיביול, וואָס איז באַהאַנגען מיט פּאָרטרעטן פון די קאָריפייען פון דער וויסנשאַפט און ליטעראַטור, מיט די הויכע אַנטרעסאָלן, ווו פאַרן אַרײַנגיין אַפן עקזאַמען לייגט מען אױף דער פּאָרענטשע אַוועק דעם לערנבוך און מע הייבט אָן פײַנלעך האַסטיק בלעטערן: אַך, ווען מע זאָל וויסן די פּראַגעס, וועלכע מע וועט שטעלן...

אין דער צוזאַמענוווינונג האָבן מיר שוין אָפּגעגעבן די לײַלעכער און די ציכלעך. עס איז איבערגעבליבן דער הוילער אײַנגעפּאַלענער געפּאַסע־וועטער מאַטראַץ און דאָס האַרטע קישעלע מיט דער צונויפגעוואַלגערטער וואַטע. מיר פאַרלאָזן דיך, סטודענטיש בעטל, האָסט אונדז טרײַ געדינט. די פּרוזשינעס האָבן ערטערווײַז געפּלאַצט און געשטאָכן אין די זײַטן, אָבער קיין גרויסער כיסאָרן איז דאָס ניט געווען. אַ האַרט געלעגער שאַט ניט קיין יונגעלײַט. מיר געזעגענען זיך מיט דיר, גרויסער מעכטיקער „טיטאַן"[1], האָסט אונדז יעדן פרימאָרגן געפּאָיעט מיט ניט־פאַרקאָכטער טיי. אַדיע, איר לאַנגע קאָרידאָרן, ווו מע קאָן שפּאַצירן ווי איבער אַ בולוואַר, און צימערן, צימערן, פּוסטע און שטילע באַטאָג, טומלדיקע און פריילעכע אין אָוונט, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אין דער פרײַער האַנט פון דער אופראַמערן שטופּ איך אַרײַן אַ דרײַערל. אין דער אַנדערער האַנט האַלט זי אַ נאַסע שמאַטע. זי טוט פאַרוווּנדערט

[1] אַ טיי־קעסל.

אף מיר א קוק, פאַרויטלט זיך, ווי א יונגע. „מע דאַרף ניט״,— גיט זי א שעפּטשע און קוועטשט צונויף דאָס פּאַפּירל אינעם געלן פאַרמעטענעם פויסט. שפּעטער א ביסל לייענט לעקעך מיר דורך א קליינע לעקציע, פון־וואַנען עס נעמט זיך דער פּאַסקודנער מינהעג צו געבן „טיי־געלט״.

— האָסט מיִעסע שטיק, ברודערקע,— האָט ער געזאָגט,— אויסער אלע־מען, שטעלט דער מענטש, וואָס גיט, אין אן אומאָנגענעמער לאַגע דעם, וואָס גיט ניט. מע דאַרף דיך נאָך לערנען און לערנען.

יעדערער פון אונדז איַילט אף זײַן וואַקזאַל. איך — אפן קורסקער, לע־קעך — אפן ווײַסרוסישן. ביזן ערשטן אווגוסט וועל איך פאַרברענגען אין כאַרקאָוו, לעקעך — אין באָריסאָוו, בא ווײַב און קינד.

— איז פונקט דעם ערשטן טרעפן מיר זיך דאָ,— ריידן מיר זיך צו־נויף,— און פונדאַנען פאָרן מיר ביידע אהין!..

כ׳ווייס ניט, פונוואַנען האָט זיך גענומען צו מיר אזא בערייִשקײַט. דער טראַמוויִ גייט שוין האַסטיק, נאָר איך כאַפּ אָן מיט א האַנט דאָס פּאָרענטשל, שפּרינג ארויף אפן טרעפּל. לעקעכן שטערט דאָס בײַכל. איין פוס איז בא אים אינדערלופטן, נאָר ער האַלט זיך פעסט.

אינגיכן שטײַג איך אראָפּ. פונדערווײַטנס, איבער די קעפּ פון די פּאַסאַ־זשירן, טו איך א לעצטן ווונק צו מײַן קאָלעגע — איך געזעגן זיך מיט אים.

קימאַט אלע סטודענטן פאָרן אהיים. מיך טראָגט דער צוג קיין כאַרקאָוו. דאָרטן האָב איך גאָר א ווײַטע קרויווע, וואָס גיט מיר אָפּ אף די זומער־קאַניקולן איינס פון אירע צוויי צימערלעך. דאָס צימערל, וואָס איך פאַר־נעם, קוקט ארויס מיטן פענצטער אפן מוטנע־גרינבלעכן טײַך לאָפּאַן, וואָס וויפל מע רייניקט אים ניט און וויפל מע אייסעקט זיך ניט מיט אים, וויל ער ניט ווערן קיין לײַטישער טײַך, מיט וועלכן די שטאָט זאָל זיך מעגן גרויסן. כאַרקאָוו איז ניט קיין קוראָרט, נאָר מיט פרייד פאַרברענג איך דאָרטן דעם זומער. יעדן יאָר וואַרט איך מיט אומגעדולד און אומרו אף די קאַניקולן.

איך האָב ליב אין כאַרקאָוו ארײַנצוגיין אין קינדערהיים, ווו איך בין אויסגעוואַקסן, זיך זען מיט די כעווערלײַט, וועלכע זײַנען געקומען אהער נאָך גאָר קליינינקע, און איצט גרייטן זיי זיך שוין אויך ארויס אין דער גרויסער וועלט; איך האָב זייער ליב די שול אף ריבנע, ווו איך האָב זיך געלערנט קינדווײַז, די פּראָפּטעכשול אף אלטמאַסקווער גאַס, וווהין עס פאָרן זיך צונויף יִונגלעך און מיידלעך פון גאַנץ אוקראַיִנע. א סאך פון זיי גייען דערנאָך ארבעטן אפן „סערפּ און האַמער״, אפן עלעקטראָ־זאַוואָד, טראַק־טאָר־זאַוואָד. א וואַרעמקײַט נעמט ארום אלע גלידער, ווען כ׳באַגעגן די אלטע לערערס. זיי נעמען מיך אויספרעגן, וויִאזוי איך לערן זיך, און קעדיי זיי אָנטאָן פאַרגעניגן, דערלויב איך זיך אָפּטמאָל איבערטרײַבן מײַנע סטו־דענטישע דערפאָלגן.

איך האָב א סאך גוטע באַקאַנטע אין כאַרקאָוו, אָבער ניט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס מיך ציט אזוי אהין.

פון זעקס יאָר אָן בין איך אין קינדערהיים געוואַקסן צוזאַמען מיט א מיידעלע, וואָס האָט געהייסן כײַקע. דערנאָך האָט זיך געפונען א פּאָרפאָלק,

וואָס האָט זי גענומען צו זיך פאַר אַן אייגן קינד. די נײַע עלטערן האָבן כּײַקען אַ נאָמען געגעבן סמענאַ[1]. אייניקע עלטערן האָבן ליב אויסטערלישע נעמען. מע רופט אָן די קינדער ספּאַרטאַק, מאַראַט, קים, אָקטיאַברינע...

אין שול האָבן מיר סמענען געררייצט:

— סמענע, ווען וועט זײַן די פּערעמענע?

אין איין טאָג האָב איך מיט כּײַקעלען־סמענען פאַרענדיקט זיבן קלאַסן, דערנאָך האָבן מיר צוזאַמען געלערנט אין דער פּראָפטעכשול און זײַנען צוזאַמען אָנגעקומען אַרבעטן אין טאָקער־צעך פונעם לאָקאָמאָטיוו־זאַוואָד. מיט פיר יאָר צוריק בין איך מיט סמענען געפאָרן קיין מאָסקווע האַלטן עקזאַמענעס. איך — אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, זי — אין מעדיצינישן. באַזונדערס האָט אונדז געפרייט, וואָס דער אַדרעס פוןביידע אינסטיטוטן איז איינער און דער זעלבער, אפּאָנעם, זיי געפינען זיך ניט נאָר אויף איין גאַס, נאָר אין איין הויף. באַגלייטנדיק אונדז אויפן וואָקזאַל, האָט מײַן ווײַטע קרויווע זיך געקושט מיט סמענעס נײַער מאַמען, ווי זיי וואָלטן שוין געווען מעכוטענעסטעס. ביידע האָבן געוויינט די אויגן.

אין דרײַ וואָכן אַרום בין איך מיט סמענען געשטאַנען אין וועסטיביול פונעם מעדיצינישן אינסטיטוט און פיבערהאַפט געזוכט איר פאַמיליע אינעם צעטל, וואָס די סעקרעטאַרשע האָט נאָרוואָס מיט גראַציעזער רויִקײַט צוגעפּעסטיקט מיט קנאָפּקעלעך צו דער וואַנט. „יעסט״[2], — שרײַט אויס מיט פרייד אַ באָכערל, וואָס האָט שוין געפונען זײַן נאָמען. אַנדערע באָכערים און מיידלעך, נאָכדעם, ווי זיי האָבן דעם לאַנגן פּאַפּירענעם לײַוונט איבערגענישטערט פון אויבן־אַראָפּ און פון אונטן־אַרויף, גייען שווײַגנדיק אָפּ מיט פאַרמאָרעשכוירעטע פּענעמער. איינער אַ כעוורעמאַן וויל פאַרטויבן דעם ווייטעק און ביזאָיען מיט אַ וווּליוונגערישער העפקערדיקער פּײַפערײַ, אָבער עס פּײַפּט זיך ניט.

אינעם צעטל פון די אָנגעקומענע אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט האָב איך גלײַך געפונען מײַן פאַמיליע. אין אַלע רעשימעס, וואָס ווערן צונויפגעשטעלט לויטן אַלעפבייס, בין איך צווישן די ערשטע. סמענעס פאַמיליע איז רובינטשיק, זי דאַרף זײַן ערגעץ אינמיטן.

פּונקט ווי ס׳וואָלט גאָרנישט ניט געשען, איז סמענע רויִק, אָן איין וואָרט אַוועקגעגאַנגען פון דער וואַנט. איך האָב איבערגעלייענט אַלע צעטלען פון אַלע פאַקולטעטן. עפּשער האָט זי אָנשטאָט דעם טעראַפּעווטישן פאַקולטעט פאַרבלאָנדזשעט אויפן כירורגישן, גינעקאָלאָגישן? עפּשער איז רובינטשיק אַרײַנגעפאַלן צווישן די סאַמעכס, צווישן די פּייען? ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איך געפין די פאַמיליע רובינטשיק!

סמענע איז געשטאַנען פונדערווײַטנס, מיטן רוקן צום צעטל. איך האָב נאָר געזען, ווי ס׳הענגען אַראָפּ די צוויי צעפּ אירע, וואָס זײַנען פאַרבונדן, ווי אַף קאַטאָוועס, מיט אַ מאָנטשינקע סטענגעלע. דאָס איז סמענעס און עפּשער, נאָך מער, איר מוטערס אַן אײַנפאַל. דאָס סטענגעלע דאַרף געבן צו פילן די וואָגיקײַט פון די צעפּ.

---

[1] אומבײַט; [2] פאַראַן.

— נו, אָט בין איך זיך דורכגעפאָרן קיין מאָסקווע, — האָט זי א זאָג געטאָן, ווען מיר זײַנען ארויס אין דרויסן, — איך בין געווען אין טרעטיאַ־קאָווקע, באזוכט א פּאָר אויסשטעלונגען, געזען דוראָוון אין צירק, קאַטײַעט זיך אַף די עסקאלאטאָרן אין מעטרא, איצט מעג איך זיך אומקערן צוריק. כ׳וועל נאָר ארײַנגיין און אָפּשערן די צעפּ, עס זאָל נאָך בלײַבן אן אָנדענק פון א מאָסקווער פאריקמאכערסקע.

— פּרווו נאָר, — האָב איך אָנגענומען מיט א האנט אירע ביידע צעפּ, — די מאמע דײַנע וועט דיך ניט ארײַנלאָזן אין שטוב.

— פארקערט, זי וועט זײַן צופרידן.

אינעם מיידל איז ארײַן עפּעס א דיבעק. ווען עמען וויל זי טאָן אפּצולאָכעס? מיר? צי עפּשער זיך אליין? אָדער דעם פאָטער אירן, דעם קאָנסטרוקטאָר, וואָס האָט צו טאָן מיט די נײַסטע מאשינעס און האלט זיך בא אלטע מאָדעס?

זי איז ארײַן אין א שערערײַ אַף דער גאָרקי־גאַס. אויסגעשטאנען דאָרטן צוויי שאָ אין דער ריי און ארויס מיט געקרײַזלטע קורצע לאָקן, וואָס האָבן קוים פארדעקט דעם נאקן. ס׳איז געווען ניט זי, ניט סמענע, עפּעס אן אנדער מיידל, מיט א נײַ פּאָנעם און א נײַעם קאָפּ אַף די פּלייצעס.

— איך געפעל דיר ניט? — האָט זי א טרייסל געטאָן מיט די לאָקן.

— דו געפעלסט מיר, נאָר דײַנע מעשוגאסן — ניט.

אינעם זעלבן טאָג איז זי אוועקגעפאָרן.

— ערגער וואָלט געווען, ווען ס׳זאָל זײַן פארקערט, איך זאָל אויסהאלטן, און דו ניט, — האָט זי געזאָגט א מינוט פאַרן אָפּגיין פונעם צוג.

פון אָנהייב האָב איך זיך דערפילט אפילע גרינגער, פרײַער. בא סמענען איז אזא כאראקטער, אז מע קאָן ניט וויסן, וואָס פאר א שפּיצל וועט זי אָפּטאָן אין א מינוט ארום. צוויי מאָל האָב איך געמוזט פארקויפן בילעטן אין טעאטער, ווײַל זי האָט אין דער לעצטער רעגע איבערגעטראכט און ס׳האָט זיך איר פארוואָלט גיין ערגעץ אנדערש. מיר האָט זיך געדוכט, אז זי טוט עס נאָר אפּצולאָכעס. זי רייצט זיך, ווערלנדיק, אפּאָנעם, נעמען רע־וואנש בא מיר פאר אלע יינגלעך, וואָס האָבן אמאָל זיך גערייצט מיט איר. פאר דער קורצער צײַט, וואָס מיר זײַנען געווען צוזאמען אין מאָסקווע, האָבן מיר ניט ווינציק זיך געקריגט. אָפטמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז זי האָט מיך פײַנט און איך זי אויך.

איצט איז זי אוועקגעפאָרן, און ס׳איז מיר געוואָרן גרינגער.

דערנאָך איז געוואָרן אומעטיקלעך, וואָס ווײַטער — אלץ מער. עפּשער האָב איך געדארפט אוועקפאָרן מיט איר? איך האָב אָנגעהויבן ציילן די טעג, עס איז אוועק א לאנגער כוידעש, דער לענגסטער כוידעש אין מײַן לעבן, ביז איך האָב באקומען פון איר א בריוו. ס׳איז געווען א פריילעכער, א מונטערער בריוו. זי איז אָנגעקומען ארבעטן אפן טורבינען־זאוואָד, ווו עס ארבעט איר טאטע. אפן זאוואָד זײַנען זייער ווױלע כעווריע, גוטע מיידלעך. צוויי זונטיקן נאָכאנאנד איז מען ארויסגעפאָרן אַף „מאסאָווקעס״ און ווויל פארבראכט. צום סאָף האָט זי געשריבן: „כ׳ווארט, דו זאָלסט קומען אַף די קאניקולן...״

## 2

דרייַ זומערס זייַנען בא מיר געווען גליקלעכע. דרייַ זומערס נאָכאַנאַנד האָב איך פאַרבראַכט די קאַניקולן מיט סמענען. אויסערגעוויינלעך ליב האָב איך די מינוט, ווען די באַן הייבט אָן גיין לענגויס דעם פּעראָן, און די מענטשן, וואָס באַגעגענען דעם צוג, ציִען אויס די העלדזער, בלאָנדזשען מיט די אויגן איבער די פֿאַמעלעך פֿאַרבייַפֿאָרנדיקע פֿענצטערלעך, וואָס זייַנען באַקלעפּט מיט קעפּ פֿון די פּאַסאַזשירן. סמענע איז קליגער, זי שטייט פֿונדערווייַטנס, אָפּגעזונדערט פֿונעם איבעריקן אוילעם. דערפֿאַר דערזע איך זי גלייַך. ווען איך שטייַג אַראָפּ פֿון וואַגאָן, הייבן מיר ביידע אָן ניט געפֿילט גיין איינער אנטקעגן אַנדערן, מיר נעמען ניט אַראָפּ איינס פֿונעם אַנדערן די אויגן. וויִאַזוי איך זע אויס אין דער דאָזיקער גליקלעכער רגע, ווייס איך ניט, — כ׳פֿיל נאָר אויף די ליפּן מייַן נאַרישעוואַטן שמייכל און אויף די אויערן די צונטערע רויטקייַט. זיי זייַנען א ביסל אָפּגעפֿרוירן און ברענען ניט נאָר ווינטער, נאָר אויך זומער. סמענע האַלט אין דער האַנט א בלימל, א ווייַסע ראָמאַשקע. וויל איך, מעג איך מיינען, אַז דאָס בלימל איז לעקאָוועד מיר. עס קאָן אָבער אויך אויסזען, אַז זי האַלט עס גלאַט אַזוי. איך לאָז ניט אַרויס פֿון דער האַנט דעם טשעמאָדאַן. עס פֿאַלט מיר ניט איַין, אַז מע קאָן אים אוועקשטעלן אויף דער ערד. מיט דער פֿרייַער האַנט נעם איך זי אַרום, טו זי א ציִ צו זיך. מיר צעקושן זיך. דער קוש איז א פּולער, א זאַפּטיקער, אַפֿן גאַנצן זומער.

ווו זייַנען מיר ניט אויס מיט איר, ווען איך קום צו פֿאָרן! אונדזערע מאַרשרוטן כאַפּן אַרום די גאַנצע שטאָט. מיר הייבן זיך אויף אויפֿן העכסטן שטאָק פֿונעם אינדוסטריע־הויז, מיר זיצן אינעם סקווער אַנטקעגן שעווטשענקאָס דענקמאָל, שפּאַצירן איבער דער שיינער סומסקאַיאַ, און אין אָוונט — איבער די אַלייען פֿונעם שטאָטישן פּאַרק. מיט יעדן זומער ווער איך אויף צוויי־דרייַ סאַנטימעטער לענגער, א ביסל ברייטער אין די פּלייצעס. די קרויווע מייַנע האַלט, אַז איך וואַקס, ווי אויף הייוון. איך זע עס ניט. דערפֿאַר זע איך, וויִאַזוי עס ווערט שענער סמענע. נאָר די צעפּ אירע טוען מיר נאָך אַלץ באַנק און כ׳קאָן זיך ניט צוגעוווינען צו אירע פֿריזורן, וועלכע זי בייַט זייער אָפֿט. ווען איך גיי מיט איר, האָב איך דעם אָנבליק פֿון א פּראָווינציִאַל, און זי — ווי זי וואָלט אָקאָרשט אַרויס פֿון א מאָסקווער אַטעליִע. איך טראָג ברייטע הויזן, וואָס זייַנען שוין אַרויס פֿון דער מאָדע, א פּידזשאַקל מיט גרויסע לאַצקענעס און צוויי רייען קנעפּ. זי איז אָנגעטאָן אין א זייַדן ווייַס קאָפּטעלע און אין א פּליסירט בלוי קליידל ביז די קני. די קנאַפּל פֿון אירע טופֿליעס ווערן יעדן זומער עטוואָס העכער.

איצטיקס מאָל, פֿאָרן אוועקפֿאָרן פֿון מאָסקווע, ווען איך בין שוין א מענטש מיט א דיפּלאָם, האָב איך באַשלאָסן באַרייַכערן מייַן „גאַרדעראָב״. איך בין אַוועק אין „צום״ און פֿריִער פֿון אַלץ געקויפֿט א פּעטראָווע הוט און א שניפּס — צוויי זאַכן, וועלכע איך קאָן ניט אַריבערטראָגן. דערנאָך בין איך לאַנג געזעסן אויף א נידעריק בענקעלע און געמאָסטן שיך. מייַנע פֿיס האָבן זיך געפֿילט גוט נאָר אין שיך מיט ברייטע נעז, פֿונדעסטוועגן האָב

איך געגומען מיט שמאָלע. איך האָב אויך געמאָסטן אָן אָנצוג, וואָס איז געווען אויפגעניייט לויט די לעצטע מוסטערן, נאָר אַף דעם האָט שוין ניט געסטייעט קיין געלט.

אין וואַגאָן, א שאָ פאַרן קומען קיין כאַרקאָוו, האָב איך זיך אויסגע־פּוצט. צי וועט זי מיך אָבער באַגעגענען אויך איצט, צום פערטן מאָל, ווען איך קום אַף מײַנע לעצטע קאַניקולן? אייגנטלעך, איז עס שוין אפילע ניט קיין קאַניקולן, נאָר אורלויב, א כוידעש אורלויב ערעוו א ווײַטער נעסיִע. איך האָב איר אָנגעשריבן א בריוו און דאָס ערשטע מאָל, זינט מיר שרײַבן זיך דורך, ניט באַקומען קיין ענטפער.

דער צוג איז אָנגעקומען קיין כאַרקאָוו פאַרטאָג. א נעפּל שפּרייט זיך איבערן פּעראָן, הענגט אַף די טורעמלעך פון די פאַרמאַכטע קיאָסקן, אַף די וואַקזאַל־געבײַדעס. ס'ווילט זיך מיר גלייבן, אַז דער נעפּל האָט פאַרהילט און פאַרשטעלט פון מיר דעם מענטשן, וואָס דאַרף מיך באַגעגענען. איך וואַרט. דערנאָך שלעפּ איך זיך אַוועק אינעם לאַנגן טונקעלן טונעל און גיב אָפּ דעם טשעמאָדאַן אין דער שאַצקאַמער.

די אַרבעטערן פון דער קאַמער פרעגט: וויפל שאַץ איך מײַן גוטס?

— טויזנט רובל.

— וויפל? — פרעגט זי איבער מיט כויזעק, נעמענדיק דעם טשעמאָדאַן פאַרן אויסגעריבענעם הענטל און באַקוקנדיק די פאַרזשאַווערטע שלעסלעך.

— טויזנט רובל, — כאַזער איך איבער.

— פונמײַנעטוועגן, זאָל אפילע זײַן הונדערט טויזנט, — שטופּט זי מיר אַרײַן א קוויטאַנציע, — פאַרגעסט נאָר ניט קומען אָפּנעמען.

א כוצפּע פון א פרוי! איך זאָל ניט פאַרגעסן! זי וואָלט עס ניט געוואַגט צו זאָגן, ווען זי זאָל האָבן אַן אַנונג, וואָס עס ליגט דאָרטן. עס ליגן אַלע, אַלע מײַנע קאָנספּעקטן. פאַרליר איך זיי, ווייס איך ניט, וויאַזוי אָנצוהייבן דעם ערשטן לימעד. אין קאָפּ איז בא מיר פּוסט. די פּראָפעסאָרן האָבן פיר יאָר געגאָסן ווײַן אין א רינענדיק פעסל, אַלץ איז אויסגערונען, ס'איז נאָר געבליבן א זויערלעכער רייעך. די גאַנצע פּעדאַגאָגיק, פּסיכאָלאָגיע, גראַ־מאַטיק איז פון מיר אַנטרונען געוואָרן, אַוועקגעשווומען אינעם יאָמטעווודיקן טומל פון די לעצטע אַרויסלאָז־טעג און געזעגענישן. אויסער דעם, ליגן אַפּן דעק פונעם טשעמאָדאַן דערציילונגען און לידער. וועלכער סטודענט, אײַ־בערהויפּט נאָך פון א ליטעראַריש־לינגוויסטישן פאַקולטעט, טרוימט עס ניט צו פאַרייביקן אין דער צוקונפט זײַן נאָמען? ווער קוויקט זיך ניט דערנאָך יאָרנלאַנג מיט די אייגענע ערשטע פּרוּוון, אַרויסנעמענדיק זיי פון צײַט צו צײַט בישטיקע פון דער באַהעלטעניש און דערמאָנענדיק מיט א זיסער קלע־מעניש אין האַרצן די „יוגנט־זינד"?

אין יעדער וואַקסנדיקער שטאָט איז שווערלעך מיטן טראַנספּאָרט. די טראַמווײַען מיט די אווטאָבוסן זײַנען פון זעקס ביז זיבן אינדערפרי און פון דרײַ ביז פיר באַטאָג באַקלעפּט און באַהאַנגען מיט מענטשן.

איך בין מיסטאַמע געווען אַפּן וואַקזאַל־פּלאַץ דער איינציקער, וואָס האָט זיך ניט געײַלט. אַן אומופּהערלעכע קלינגערײַ און הודזשערײַ האָט זיך געטראָגן איבערן פּלאַץ, נאָר איך האָב זיך געלאָזט לאַנגזאַם גיין צופוס,

אלע ווײַלע אומגעקוקט זיך אַף הינטן, פּונקט ווי עמעצער וואָלט מיך געדאַרפט אָניאָגן. אייגנטלעך, האָט זיך דען ניט געקאָנט מאַכן, אַז זי זאָל פּאָשעט פאַרשפּעטיקן? עס נעמט שוין ביסלעכווײַז טראָגן א היץ פונעם אַספאַלט, וואָס האָט זיך נאָך, אַפּאָנעם, ניט באוויזן גוט אָפּקילן פון נעכטן. די היץ פילט זיך שוין פון גאַנצפרי, עס וועט זײַן א הייסער טאָג.

פּאַוואָליע דערנעענטער איך זיך צו א שטילער גאַס. אין דער גרעסטער שטאָט איז פאַראַן א מאָקעם־מיקלעט — געסלעך און ליקן, וואָס מע דאַרף נאָר א ביסל זיך פאַרטיפן אין זיי, פאַלט מען אַרײַן אין דער רויִקײַט און שטילקײַט פון א דאָרף, מיט האָנען־געקריי און מיט נײַגעריקע ווײַבערישע פּענעמער, וואָס קוקן דורך די בומאַזייענע פאָרהענגלעך אַף יעדן פאַרבײַגייער.

אָט איז שוין באַלד מײַן הויף. מיט צען שפּאַן פאַר מיר, אַפּן איבערקרייץ פון צוויי געסעלעך, באַווײַזט זיך פלוצעם זייער א באַקאַנטע פיגור. זי גייט אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס איך. אַפּאָנעם, טאַקע צו מײַן קרוויווע. דאָס איז כאַנע, די טרײַסטע כאַווערטע און פרײַנדן פון מײַן מאַמען. עס זײַנען פאַראַן מענטשן, וואָס קיינמאָל ענדערן זיי זיך ניט, יעדנפאַלס, ווײַזט זיך אונדז אויס אַזוי. ווען מיר זײַנען נאָך געלעגן אין די וויגעלעך, זײַנען זיי שוין געווען אַלטע לײַט. אָבער א מאָדנע זאַך, מיר זײַנען שוין לאַנג דערוואַקסענע, און זיי זײַנען די זעלבע אַלטע, ווי געווען.

זינט איך געדענק, האָט כאַנע א גראָווען קאָפּ האָר און רויטלעכע געקנייטשטע באַקן. כאַנע הויקערט זיך ניט, גייט גלײַך, אַפּן קאָפּ טראָגט זי איר גרינע פאַטשיילע מיט די פרענדזעלעך. איין עק פאַטשיילע איז פאַרבויגן, און זי האַלט דאָרטן עפּעס אונטער מיט דער האַנט. דער בייג און דאָס אונטערהאַלטן איז מיר באַקענט שוין אויך אַן אייביקײַט.

כאַנעס יוגנט־יאָרן זײַנען דורך בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. די מילכאָמע האָט זיך געצויגן, דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגערקריג, די מיידלשע יאָרן זײַנען געגאַנגען. די ניט־אויסגעזונגענע מיידלשע ליבע איז אַריבער אין א ליבע צו מענטשן ביכלאַל. אַן עלנטע, ווי א שטיין, האָט זי אין א קורצער צײַט אַרום נאָכן אַראָפּקומען פונעם שטעטל קיין כאַרקאָוו שוין געהאַט אין שטאָט א סאַך באַקענטע, אַלץ אַזעלכע, וועמען זי פלעגט מיט עפּעס העלפן. א פּאָר צענדליק ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס זײַנען געוואַקסן קײַלעכיקע יעסוימים, לאָזט זי ניט אַרויס פון אויג ביז איצט.

איך מאַך עטלעכע גרעסערע טריט און גלײַך זיך אויס מיט איר. צאַרט ריר איך זי אָן באַם עלנבויגן און גיב אַף שטיל דעם „גוטמאָרגן”.

— כאַצקעלעו! — כאַפּט זי מיך אַרום מיט דער פרײַער האַנט אַזוי אימפּעטדיק, אַז ס׳טוט זיך א פליעסקע דאָס, וואָס זי האַלט אײַנעם בייג פון דער פאַטשיילע. זי פאַרגיט עטלעכע פראַגן און זאָגט צו טייקעף קומען צו אונדז. זי דאַרף נאָר אַף א ווײַלע אַרײַנגיין אין א שטוב, מעוואַקער־כוילע זײַן א באַקענטן.

איך עפן די קאַליטקע און לאָז זיך גיין אין דער טיף פון הויף, צו יענער העלפט פונעם גאַנעקל, וואָס איז איבערגעצאַמט מיט א דיקטן ווענטל, און צו יענע טרעפּלעך, אויך איבערגעצאַמטע, וווּ עס וווינט מײַן קרוויווע

באסיע. פון יענער זײַט טיר הערט זיך, ווי מאן און ווײַב ווערטלען זיך דורך אפן ניכטערן מאָגן — עפּעס פאלט אפילע אפן דיל. איך בין אין דער מינוט ווי א גוטער מאלעך. מיט מײַן ארײַנקומען ווערט דער סיכסעך אָפּגע־האקט. מע קושט מיך און מע האלדזט. ד׳ער קרויוועס מאן — נאָך מער פון דער קרויווע גופע. עמעס, ווען איך זאָג, אז כ׳האָב געזען כאנען און אז זי וועט באלד ארײַנקומען, לויפט דורך איבער כאִימס שײַנענדיקן פּאָנעם א מאָרעשכוירעדיק וואָלקנדל.

„מײַן״ צימערל איז גאָר א קליינס. פאראיאָרן נאָך האָט דאָס פֿענצטער געקוקט אפן טײַך, איצט איז אנטקעגן אויסגעוואקסן א טויבע ציגלנע וואנט פון עפּעס א נײַעם געבײַ. ס׳איז טונקל, ביין־האשמאָשעסדיק. מע זאָל מיך קאָנען בעסער ארומקוקן, צינדט מען אָן די שײַן.

איידער באסיע נעמט עפּעס צוגרייטן צום טיש, צווינגט זי מיך צו־לייגן זיך אָפּרוען. איך פארזיכער, אז אין וואגאָן בין איך אויסגעצייכנט געשלאָפן, אָבער עס העלפט ניט. איך מוז זיך לייגן. נאָר אינגיכן קומט צו גיין כאנע, און אויסער כאנען האָב איך נאָך געסט. עס גייט ארײַן א פּאָר־פאָלק, וואָס האָט נאָך דער כאסענע זיך באזעצט אין אונדזער הויף: דער לערער גריגאָרי לאזארעוויטש און די דערצ׳יערן פון אונדזער קינדערהיים פאִינע כאנאניעוונע. ער איז געווען אן אלטער באָכער, זי — א מיידל אין די יאָרן. אין קינדערהיים האָב איך קיינמאָל ניט געזען, אז פאִינע כאנאנ־יעוונע זאָל אויסריידן א וואָרט מיט גריגאָרי לאזארעוויטשן. דאָס עלעגאנט געקליידטע מיידל האָט קוים געשאָנקען א פונויבנאראָפּיקן בליק דעם קליינ־ווּקסיקן שטילן לערער מיט די גרויסע, געזונטע געלבלעכע ציין. ווען זיי ביידן פלעגט אויסקומען אין קינדערהיים צוזאמען דעזשורען, האָבן זיי זיך געהאלטן ווי פרעמדע — ער איז געזעסן בא די יינגלשע שלאָפצימערן, זי — בא די מיידלשע, און דארף איינער עפּעס פרעגן אָדער זיך דערוויסן באם צווייטן, שיקט מען א קינד. איצט האָט ער זי פּאָשעט גערופן פייגע, זי אים, ווי פריִער, — גריגאָרי לאזארעוויטש, אָבער מיט גאָר אן אנדער טאָן.

זיך דערוווסט, אז איך פאָר אפן ווײַטן מיזרעך, האָט פאִינע כאנאניעוונע א קוק געטאָן אף מיר מיט אנציקונג, ווי זי וואָלט געזאָגט: „אָט אף וואָס עס זײַנען פייִק די קינדער, וועלכע איך האָב דערצויגן״, און איר מאן האָט מיט א שמייכל, וואָס האָט באכיינט די ציין זײַנע, ארויסגעמורמלט: „מיר האָבן זיך אויך געקליבן, נאָר ס׳וועט אויסקומען צוווארטן״. ליבלעך־פאר־שעמט האָבן זײַנע ווארעמע אויגן זיך אראָפּגעלאָזט. ערשט איצט האָב איך באמערקט, אז זײַן פרוי איז שוואנגער.

עס זײַנען געקומען פיר כעווערלײַט, מיט וועלכע איך האָב צוזאמען געלערנט. זיי האָבן דערציילט א סאך נײַס וועגן אונדזערע אלגעמיינע באקאנטע, גערופן מיך שפּאצירן. איך הער זיך בייסמײַסע צו צו יעדן שאָרך הינטער דער טיר. מיר דוכט אלץ, אז באלד וועט זי ארײַנקומען. ארויס־באגלייט די כאווירים, גיי איך שפּאצירן איינער אליין. איך דריי זיך ארום באם מויער אף דער בארגיקער טשערנאָגלאזאָווסקער גאס און קוק גנייוויש אף דעם צווייטן שטאָק, צו די צוויי פענצטער, פון וועלכע סמענע קאָן יעדע מינוט ארויסשטעקן דעם קאָפּ.

זיצנדיק בא אן אלגעמיינעם טיש, האלט איך דאָסראָוו די אויגן אראָפּ־געלאָזט צום טעלער און נעם זעלטן־ווען אָנטייל אינעם געשפּרעך, איך באָמקע נאָר אונטער — אַף יויצע צו זײַן. אָבער ווי אפּצולאָכעס, דאַפקע דערפאַר, ווײַל איך האָב פּײַנט, מע זאָל מיך מעכאַבעד זײַן, איז ווו איך קום ניט אַרײַן, טרעף איך אָן, ווען מע עסט מיטיק אָדער וועטשערע, אָדער מע בײַסט ביכלאַל צו.

לויט מײַן כעזשבן האָט מען איצט בא סמענען געדאַרפט גראָד עסן מיטיק. איך לייג אָפּ מײַן באַזוך אַף פופצן מינוט, נאָך אַף פופצן, נאָך אַף צען מינוט. „אויב כ׳וועל אַזוי צי׳ען, — טו איך א טראַכט, — וועל איך אַרײַנ־פאַלן אין דער וועטשערע”.

איך הייב זיך אוף אַף די טרעפּ, עפן די טיר און גיי איבער א שטאָקפינצ־טערן קאָרידאָר, טאַפּ מיט די הענט די לופט, ביז איך שטויס זיך אָן אַף א קליאַמקע.

אינעם צימער, ווו איך קום אַרײַן, טוט מיר א שנײַד אין די אויגן א העלע שײַן. באַם טיש זיצן סמענעס עלטערן און עפּעס א געזונטער שיינער באָכער אין מײַנע יאָרן. סמענע איז ניטאָ.

— א גאַסט! — איז בא אַנע סעמיאָנאָווגע געבליבן דער גאָפּל הענגען אין האַנט אַפן האַלבן וועג צווישן דער סקאָווראָדע און דעם מויל. דאָס קניידעלע, וואָס האָט געשטעקט אַפן גאָפּל, האָט אָבער אַזוי געראייצט, אַז זי האָט עס געמוזט אַרײַנכאַפּן און אַראָפּשלינגען.

— סמענע איז קראַנק, — האָט זי גלײַך נאָכדעם אָנגעזאָגט מיט א זיפץ, — א צוקילונג. א גאַנצן זומער איז זי א צוגעקילטע. די ערשטע אין גאַנץ כאַרקאָוו הייבט זי זיך אָן צו באָדן, ווען דאָס וואַסער איז נאָך אײַז־קאַלט.

— אָבער ווו איז זי? — פרעג איך אומגעדולדיק.

— ששש... זי איז נאָרוואָס אײַנגעשלאָפן, — ווינקט אַנע סעמיאָנאָווגע אַף דער פאַרמאַכטער טיר, וואָס פירט אין צווייטן צימער.

איך האָב זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. איך קוק פאַרוווּנדערט אַף די מענטשן, וואָס עסן אַזוי געמיטלעך, רו׳יק, בייס סמענע ליגט אינעם שכיינעסדיקן צימער קראַנק. איך וואַרג זיך מיטן ביסן, וואָס איך נעם.

— ניט געפערלעך, זי וועט געזונט ווערן, — הייבט זיך אוף פון טיש איסאַק מיכײַלאָוויטש, סמענעס פאָטער, און טוט פאַרזאָרגט און מיט־לײַד א קוק אַף מיר, פונקט ווי דער עמעסער כוילע וואָלט איך געווען. ער דריקט מיר מיט האַרץ די האַנט און גייט שווײַגנדיק אַרויס. איך באַקען זיך מיטן באָכער. ער הייסט ספּאַרטאַק. אין עטלעכע מינוט אַרום ווייס איך שוין, אַז ספּאַרטאַק האָט פאַרענדיקט דעם אָוונט־אינסטיטוט, אַרבעט אַפן טורבי־נען־זאַוואָד, אין איין צעך מיט סמענען, וווינט אינעם זעלבן הויז, ווו סמענע. זײַן פאָדלאָגע איז איר סטעליע, ער וווינט אַף א שטאָק העכער.

— ער ברענגט איר אַלע נײַטיקע רעפּועס, — האָט אַנע סעמיאָנאָווגע מילד א קוק געטאָן אַף ספּאַרטאַקן, ווי וועלנדיק זאָגן: „אָט דאָס איז א יי׳נגל — מיט אַלע מײַלעס”.

— קיין גרויסער פאַרדינסט מײַנער איז דאָ ניט פאַראַן, — האָט ספּאַרטאַק באַשיידן באַמערקט, — פּאַשעט, מײַן מאַמע איז א פּראָוויזאָרן.

18*

ער האָט גענומען דערציילן וועגן היינטיקן פוטבאָל־מאַטש פון כאַרקאָ־ווער „לאָקאָמאָטיוו“ מיט מאָסקווער „דינאַמאָ“. ער איז, פאַרשטייט זיך, א פאַרברענטער „לאָקאָמאָטיוויסט“.

ער רופט מיך אויפן מאַטש. ווען ער גייט אוועק, זע איך אים געדאַנקלעך א צייט פאַר די אויגן, און דערביי ווער איך אין די אויגן בא זיך קליין. איך שאַץ זיך ניט איבער. ווי קום איך צו אַזא גיבער און צו אַזא שיינעם באָכער, ווי ספּאַרטאַק!

אנע סעמיאָנאָוונע פירט מיך אַריין אינעם צווייטן צימערל, ווו דעם רייעך פון רעפּועס לינדערט א צווייטער רייעך — פון שטאַרקן אָדעקאָלאָן. עס קיצלט אין דער נאָז. אויפן ווענטל פון א בענקל הענגט סמענעס ווייס קאָפּטל, אין וועלכן זי האָט מיך באַגעגנט פאַראַיאָרן. מיט מוירע דריי איך זיך אויס צום ווינקל, ווו עס שטייט דאָס בעט. א שולדיקער שמייכל טראָגט זיך מיר אַנטקעגן. סמענע רוקט אַרויף דעם קאָפּ א ביסל העכער אויף דער קישן, פּרוּווט זיך אונטערהייבן. איך גיי צו, בייג זיך אָן צו איר. זי נעמט אַרויס א האַנט פון אונטער דער קאָלדרע. די האַנט איז א ברי̇ענדיק־הייסע.

— אין דריי טעג אַרום וועל איך זיין געזונט, — זאָגט זי מיט די טרוקענע ליפּן. — ס'איז בא מיר אַזא אָרגאַניזם: ווי נאָר עפּעס, באַקום איך הויכע טעמפּעראַטור. איך שרעק אַלעמען איבער.

איר פּאָנעם איז רויט, די באַקן ברענען, די אויגן גלאַנצן, — זיי זיינען ווי פאַרצויגן מיט א נעפּל. איך זעץ זיך צו אויפן ברעג פונעם בעט.

— האָסט געוואַרט אויף מיר אויפן וואָקזאַל?

— איך האָב געוואַרט, — ענטפער איך.

— א צייט?

— א צייט.

— ווי נאָר איך וועל ווערן געזונט, — שעפּטשעט זי ווייטער, — נעם איך זיך גלייך גרייטן אין וועג...

ווען עס זאָל דערביי ניט שטיין אנע סעמיאָנאָוונע, וואָלט איך סמענען איצט א קוש געטאָן אין אירע טרוקענע ליפּן. זי האָט ניט פאַרגעסן, וועגן וואָס מיר האָבן זיך צונויפגערעדט נאָך לאַנג־לאַנג צוריק: אַז פאָרן אַרבעטן וועלן מיר צוזאַמען. אומבאַדינגט צוזאַמען.

— כ'האָב דאָך צוגעזאָגט, — זאָגט זי שטיל, אָבער כ'הער זייער גוט. דער „צוגעזאָגט“ טוט מיר עפּעס א שניט, ער געפעלט מיר ניט.

— נאָר דערפאַר, ווייל דו האָסט צוגעזאָגט?

אין די אויגן פון א קראַנקן מענטשן קאָן מען איבערלייענען מער, ווי אין די אויגן פון א געזונטן. סמענע פאַרמאַכט די אויגן, און אנע סעמיאָ־נאָוונע, א צופרידענע, וואָס דעם וויזיט קאָן מען האַלטן פאַר פאַרענדיקט, נעמט מיך, ווי א קינד, פאַר דער האַנט, און מיר גייען אַרויס צוזאַמען פונעם צימערל.

— איר וועט זיך נאָך אָנריידן, — זאָגט זי.

אינעם פּאָדערשטן צימער זעצט מיך אנע סעמיאָנאָוונע אוועק לעבן זיך אויפן דיוואַן. אויף איר פּאָנעם איז ניט קיין אָנגענעמע ליבלעכע מינע, פון וועלכער ס'ווערט קאַלעמוטנע.

— אלץ רופט זיך אָפּ אויף די עלטערע יאָרן. דאָ טוט וויי, דאָרט טוט וויי. בא איסאַק מיכײַלאָוויטשן איז א קראַנק האַרץ און ראַדיקוליט. איך בין שוין אויך ניט קיין גיבערטע. האַרגענען האַרגעט אָבער אוועק דעם מענטשן ניט אַזוי די קרענק זײַנע, ווי זײַן עלנט, — מורמלט אַנאַ סעמיאָנאָוונע, און כ׳קאָן ניט פאַרשטיין, אויף וואָס גיט זי מיר אָנצוהערן. — איר זײַט אויף לאַנג געקומען? — טוט זי פּלוצעם א פרעג.

— אפן זומער... דאָס הייסט, ניט אפן גאַנצן — איך דאַרף דאָך שוין פאָרן אַרבעטן.

— איך ווייס, איך ווייס, — רופט זי זיך אײַליק אָפּ, ווי געוויינלעך, ווען מע רירט אָן א טעמע, וועגן וועלכער עס ווילט זיך ניט ריידן.

ווען איך גיי איצט דורכן קאָרידאָר, איז שוין דאָרטן זייער ליכטיק, אָבער מיר וואָלט געווען בעסער, ווען ס׳זאָל, ווי דאַן, ווען כ׳בין אַרײַנגעקומען, זײַן פינצטער. שווער דריקט עפּעס אפן האַרצן און ס׳בעטן זיך טרערן אויף די אויגן — נאַרישע קינדערשע טרערן, וועגן וועלכע מע טאָר קיינמאָל קיינעם ניט דערציילן. מער פעלט מיר ניט, אַז מע זאָל מיך זען וויינען! אייגנטלעך, וואָס האָט פּאַסירט? פונוואַנען האָב איך גענומען, אַז סמענע וועט מיט מיר ניט פאָרן, אַז כ׳וועל פאָרן אַליין?

## 3

מײַנע לעצטע קאַניקולן שטופּ איך דורכ אַבי־ווי. סמענע איז געזונט געוואָרן און אוועקגעפאָרן אין אַן אָפּרו־הויז. אויף צוויי פּוטיאָווקעס — 24 טעג. פאַר איר אָפּפאָרן האָבן מיר שפּאַצירט אינדרײַען. איך, זי און ספּאַרטאַק. איך בין דער אומגליקלעכער ווינקל פונעם באַנאַלן ליבע־דרײַעק.

אין מאָסקווע קער איך זיך אום מיט א וואָך פריִער, ווי איך דאַרף. מיטן אַלט־באַקאַנטן טראַמווײַ לאָז איך זיך גלײַך פאָרן צום סטודענטישן שטעטל אויף סטראָמינקע, אָבער באַם אַרײַנגאַנג פאַרהאַלט מען מיך, דער וועכטער פאָדערט וויַזן דעם סטודענטישן בילעט, וועלכן איך האָב שוין ניט. כ׳וואַרט אויס אויף א פּאַסיקן מאָמענט און שמוגל זיך דורך צוזאַמען מיט א כאָפּטע כעוורע און מיידלעך, וואָס האָט נאַרוואָס א פּלייץ געטאָן פון א צוגעקומענעם טראַמווײַ. איך גיי אַרײַן אינעם צימער, ווו איך האָב פריִער געוווינט. אַלע בעטלעך זײַנען פאַרנומען מיט נײַיִנקע, וואָס זײַנען געקומען האַלטן עקזאַמענעס. א נײַער דאָר סטודענטן באַלעבאַטעוועט שוין דאָ. איך דערפיל זיך, ווי אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט צווישן נאָוואָבראַנצעס. די איבערלעבונגען ערעוו יעדן נײַעם עקזאַמען, די ערשטע באַקאַנטשאַפטן פון די יינגלשע צימערן מיט די מיידלשע — אַלץ איז מיר גוט באַוווּסט. א מענטש א דערפאַרענער, גיב איך די „גרינע״ כעוורע פּראַקטישע אייצעס, ווו מע דאַרף זיך אוועקזעצן אין סטאָלאָווע, מע זאָל גיכער אָפּעסן, מיט וועלכן טראַמווײַ איז בעסער צו פאָרן, און וויאַזוי מע קאָן אַרײַנגיין אין טעאַטער אָן א בילעט. מיט א היפּשלעכן אַפּלאָמב, קימאַט ווי מײַן גלײַכן, כאַראַקטעריזיר איך געווי די פּראָפעסאָרן און דאָצענטן.

צופעליק באגעגן איך אף די טרעפ מישע לאָזאָוואָיען — מײַנעם א גוטן כאווער, וועלכער האָט פארענדיקט דעם כימישן פאקולטעט און איז געבליבן לערנען אין דער אספיראנטור. מע האָט אים געגעבן א באזונדער צימערל, און פון גרויס סימכע האָט ער גלײַך כאסענע געהאט. אין צימער שטייט איין בעט. מישע איז אזוי גוט, אז באנאכט שיקט ער דאָס ווײַב שלאָפן צו אירע כאווערטעס, און איך לייג זיך צוזאמען מיט אים. מיר איז די דאָזיקע זעלבסטאָפּפערונג ניט צום הארצן, אָבער ווען איך כאפּ זיך אוף באנאכט, זע איך, אז דער קאָרבן איז שוין ניט אזוי גרויס: אין בעט בין איך אליין.

דעם ערשטן אווגוסט קומט אראָפּ לעקעך. ער האָט געבראכט פון דער היים זיסע זאכן.

— ביסט טאקע ַזיס, ווי לעקעך, — דאנק איך אים פארן געשמאקן פלעצל, מיט וועלכן ער איז מיך מעכאבעד.

מיר גייען אום איבער די מאגאזינען און קויפן אײַן פּראָדוקטן אפן לאנגן וועג. מיר קויפן אויך שווארצע פעלצלעך פון היגטישע פעלכלעך, ווינטערדיקע היטלען און וואָליקעס. די פעלצלעך, זאַגט מען, האָבן צוויי מײַלעס: זיי זײַנען ביליק און זיי ווארעמען גוט. די צווייטע מײַלע איז בּאַ מיר אונטער א סאָפעק: אויב זיי ווארעמען גוט, פארוואָס זשע זאָגט מען: „ער פרירט, ווי א הונט”?

— ניט אלץ, וואָס מע זאָגט, — דערקלערט מיר לעקעך, — שפּיגלט אָפּ פולקאָם די רעאלע וועלט.

איך טראָג א פולן זאק, און לעקעך — א זאק. אין טראמוויַ גיב איך אומגערן א פארטשעפּע מיטן זאק דעם פוס פון איינער א פרוי, און יענע מאכט א גוואלד אפן גאנצן וואגאָן:

— ספעקוליאנטן, מיליציע דארף מען צו זיי! אָנגעשטאָפּט זעק!

בא לעקעכן פאלן פון אופרעגונג אראָפּ די ברילן פון דער נאָז, איך הייב זיי אפגיך אוף, קאָלזמאן מע האָט זיי ניט צעטראָטן. לעקעך נעמט די ברילן אין דער האנט, נאָר ער טוט זיי ניט אָן. זײַנע ראָזעווע מיידלשע בעקלעך פלאמען. ער האָט, דוכט זיך, נאָר געווארט אף א געלעגנהײַט, ער זאָל זיך קאָנען אָנהייבן ארויסזאָגן. ער דערציילט, אז מיר פאָרן ארבעטן אפן ווײַטן מיזרעך, דערבײַ כאפּט ער ארויס פון דער בוזעם־קעשענע און נעמט ווײַזן די דאָקומענטן.

עס הערן זיך גוטמוטיקע, פריילעכע שטימען:

— מיר גלייבן, לייגט צוריק ארײַן די דאָקומענטן, איר וועט נאָך פאר־לירן.

מיט א זיגערישן אויסזען שטײַגט לעקעך אראָפּ פונעם טראמווײַ, אנט־קעגן יאראָסלאווער וואָקזאל. איך גיי נאָך אים.

— בא דיר איז א פאסיווער צוגאנג צו דערווירקלעכקײַט, — הייבט לעקעך אָן באנײַס א לעקציע, איצט שוין ספּעציעל פאר מיר, — האלטסט פון פארשווײַגן. איך האָב אופגעהויבן א טומל, און דו ביסט זיך געשטאנען און געשוויגן, ווי ס׳וואָלט דיך גאָרניט געארט. עס הייסט: קיינער קען אונדז ניט און מיר קענען קיינעם ניט. א נאפקעמינע, וואָס מע וועט וועגן אונדז טראכטן, מיר פײַפן אף דער וועלט. ניין, זאָג עס ניט, ברודערקע, כ׳זע, אז

דו ביסט נאָך גאָר א רויער, כאָטש דו האָסט, פּונקט ווי איך, א דיפּלאָם. ווו דו זאָלסט ניט זײַן, זײַ א מענטש ניט נאָר בא זיך אין די אויגן, נאָר באמי זיך אויך פאַרטיידיקן דײַן מענטשלעכע ווירדע אין די אויגן בא די ארומיקע. איך פאַרטראָג ניט קיין אינדיפערענטקײַט און אינדעטערמיניזם. דאָס זײַנען פילאָסאָפישע קאַטעגאָריעס, וועלכע דו דאַרפסט גוט וויסן...

דער טומל אפן יאַראָסלאַווער וואָקזאַל שלינגט אײַן לעקעכס לעצטע ווערטער.

אפילע מיטן שנעלצוג פאָרט מען פון מאָסקווע ביז וולאַדיוואָסטאָק אריבער א וואָך. מער פון הונדערט סטאנציעס, טויזנטער פאָלוסטאנקעס, ראזיעזדן. א מענטש, וואָס האָט ניט דורכגעמאכט דעם וועג אפן ווײַטן מיזרעך, האָט ניט קיין פולע פאַרשטעלונג וועגן דעם, וואָס עס הייסט א ווײַטער מעהאלעך. אפן דאָזיקן וועג ליגט די קאַלטע קאַטאָרזשנע פאַרגאַנגענהײַט פון סיביר און עס יוירן די וואַרעמע אויצרעס פון איר צוקונפט. 9334 געמאָסטענע קילאָמעטער, אויסער די אָנצאָליקע אָפּצווײַגן, וואָס צעשטראָמען זיך, ווי די ארבל פון א מעכטיקן טײַך, אין אלע זײַטן — אף מאגניטאָגאָרסק און קוזנעצק, בארנאול און טאָמסק, און נאָך און נאָך — ניט איבערצורעכענען.

אינעם קאַסע־זאַל שלענגלט זיך א ריי. אף די טאָוולען לעבן די קליינע פענצטערלעך ווערן יעדעס מאָל אויסגעמעקט די ציפערן, וועלכע ווײַזן די פרײַע צאָל ערטער, און ס'באווײַזן זיך אנדערע ציפערן, קלענערע, נעענטערע צו נול.

אפן קוריער־צוג נומער איינס זײַנען שוין קיין בילעטן ניטאָ. אפן איין־און־פערציקסטן — א פּאָר צענדליק; א סאך בילעטן איז פאראן אפן צוג, וועלכן מע רופט „דער העפּלעכער" — ער שטעלט זיך אָפּ אף יעדן פּאָלוסטאנעק, לאָזט דורך פאָרויס יעדן צוג, אפילע פראכט־עשעלאָנען.

מיר לויפן צום דעזשורנעם, פּאָכן מיט אונדזערע דאָקומענטן, אָבער אזעלכע יאכסאָנים, ווי איך און לעקעד, זײַנען פאראן נאָך. דער דעזשורנע גייט ארויס און זאָגט דרײַ געציילטע ווערטער: Вагоны не резиновые[1].

מיר שטעלן זיך אין ריי. עס גליקט אונדז אָפּ. מיר קריגן בילעטן אפן איין־און־פערציקסטן. עמעס. זײַטיקע פּאָלקעס. ווען די קאַסירשע דערלאנגט מיר דעם בילעט, לייג איך איר אוועק אפן פענצטערל צוויי גוטע קאָנפעטן אין פּאַפּירלעך. קיינער קאָן מיך אין גאָרניט כוישעד זײַן, איך בין ערלעך אויסגעשטאנען די ריי, און מײַן געוויסן איז ריין. נאָר לעקעד, ווי ער איז ניט פאַרשוויצט און פאַרמאַטערט, הייבט אָן צו לערנען מיט מיר באָלעק:

— דו האָסט מיִעסע שטיק, א בוילעט אויסגעשפּראָכענע נייגונג צו געבן כאַבאַר. כאַבאַר גיבן זשוליקעס, פאַרברעכער, ספּעקוליאַנטן, ניט קיין ריינע מענטשן. ווען מיר וועלן זיצן אין וואַגאָן, וועל איך מיט דיר געבן א רעד טאָן אף דער טעמע. מע דאַרף דיך, ברודערקע, נאָך לערנען און לערנען.

מיט די זעק אף די פּלייצעס און די טשעמאָדאנען אין די הענט, לויפן מיר

[1] די וואַגאָנען זײַנען ניט פון גומי.

צום צוג. לעקעך בעריעט זיך דערבײַ נאָך אונטערהאַלטן די ברילן. ער לויפט און שרײַט צו מיר:

— ס'איז א נאַרישקײַט. וואָס איז דאָ צו לויפן? מיר האָבן דאָך פּלאַצ־קאַרטעס!

אינעם וואַגאָן איז קיל. עס שמעקט מיט פּאָליטורע, דערנאָך, ווען דער וואַגאָן ווערט געפּאַקט, קומען צו נאָך רייכעס.

מיט אונדז פאָרן א סאַך יוגנטלעכע — קיין כאַבאַראָווסק. עס פּאַרט אויך א גאַלעך זוכן א נײַע איידע, אין דער אלטער האָט ער זיך אנטוישט. ער ליגט אויסגעצויגן אף דער צווייטער פּאָלקע און כאַפּט צו יעדן מאָל די אראָפּהענ־גענדיקע פּיס — ווער עס גייט ניט דורך, פאַרטשעפּעט זיי ניט ווילנדיק. פון צײַט צו צײַט קריכט ער אַרוף אף דער דריטער פּאָלקע, אונטער דער סאַמע סטעליע, און באַשעפטיקט זיך מיט די צוויי טשעמאָדאַנעס, וואָס ער פירט מיט זיך. דאַוונען דאַוונט ער אינעם דורכגאַנג צווישן איין קופּע און דער צווייטער — אף א קאָל און מיט געפּיל.

עס פאָרט מיט אונדז א שרײַבער צי א זשורנאַליסט, ער גייט אַרום, פרעגט אויס, פרעגט איבער, דערנאָך זעצט ער זיך אף זײַן געלעגער און שרײַבט אין בלאָקנאָטל. א צײַט שמועסט ער מיט א מוליער, וואָס דערציילט אים וועגן א נײַעם קוימען, וועלכן מע דאַרף רייניקן איין מאָל אין צען יאָר.

מײַן און לעקעכס נאָענטסטער שאָכן איז א פאַרשוין מיט א שיינער לאַנ־גער באָרד, די פליישיקע ליפּן שטאַרצן אַרויס פון דער געוויקסעניש, ווי פון א געפּענקעניש. די אויגן זײַנען מיט טײַוועדיקע פּײַערלעך. ער אינטערע־סירט זיך נאָר מיט פרויען. אף יעדער ווײַבל, יונגער פון פופציק יאָר, קוקט ער ווי אף אן אָביעקט פון ליבע. שטעלט זיך נאָר אף א ווײַלע אוועק א פרוי באַם וואַגאָן־פענצטער, שאַרט ער זיך גלײַך צו צו איר. אף איינער א סטאַנ־ציע האָט מען אים דערלאַנגט א טעלעגראַם פון לענינגראַד: „מײַן קלאָלע וועט דיך נאָכפּאָלגן אומעטום. אפן ווײַטן מיזרעך וועסטו זיך אויך ניט אויס־באַהאַלטן. לענאַ". אף אן אנדער סטאַנציע האָט מען אים אַרײַנגעבראַכט א פיל ליבערע דעפּעשע: „איך בענק, טרוים וועגן דער מינוט, ווען מיר וועלן זיך ווידער זען. דײַן אייפּעלע מוסיק". פון די טעלעגראַמעס — די שלעכטע, ווי די גוטע, מאַכט ער ניט קיין סאָד און ווײַזט זיי אַלע־מען.

צו אונדזער ביזאָיען, איז ער מײַנער און לעקעכס א קאָלעגע. ער איז אויך א לערער. לעקעך האָט באַשלאָסן אים איבערדערציִען. ער האָט אים אוועק־געזעצט לעבן זיך און פאַרגעבן די ערשטע פראַגע:

— איר זײַט א פאַרהייראַטער?

— ניין, — האָט יענער קאַטעגאָריש א שאָקל געטאָן מיט דער באָרד און ניט געוואָלט מער הערן.

א מעסלעס נאָך א מעסלעס — אַלץ ווײַטער אף מיזרעך. סטאַנציעס, יִישו־ווים, דערפער, פעלדער און וועלדער — אָן א ברעג און אָן א שיר. אף די מאַרק־טישן באַ די וואָקזאַלן — וואָלוועלע אויפּעס און א יאַקרעס אף עפּל.

— אר־וואו! — שפרינגט לעקעך אָפּ, ווי אַן אָפּגעבריטער, ווען פאַר א הײַפּל עפּעלעך וויל מען אַזויפיל, וויפל ער איז געווינט צו צאָלן פאַר א פולן עמער אין באָריסאָוו.

אויף דער סטאַנציע בײַיקאַל איז דער צוג געשטאַנען מער, ווי ער דאַרף, און מיר, די פּאַסאַזשירן, וואָס זײַנען צום אָנהייב געווען אַזוי אַנציקט פון דער פּראַכטפולער אָזערע און פון די ריזיקע פעלדזן, וואָס הענגען אַראָפּ גלײַך איבער אונדזערע פענצטער, האָבן סאָפּקאָלסאָף מיט אומגעדולד גענומען קוקן אויפן זייגער, ווען וועט שוין די באַן פאַרלאָזן דאָס וווּנדער־שיינע אָרט. אין שײַכעס מיט דעם האָט לעקעך דורכגעלייענט א קליינעם טראַקטאַט אויף דער טעמע וועגן שיינקײַט.

— דער דאָזיקער צופאַל, — האָט ער געזאָגט, — באַשטעטיקט דעם גע־דאַנק, אַז שיינקײַט איז א רעלאַטיווער באַגריף און איז אָפּהענגיק פון דער מאַדרייגע פון דער מענטשלעכער מאַטעריעלער און גײַסטיקער אַנטוויקלונג אין דער געגעבענער צײַט. מע קאָן ברענגען הונדערטער בײַשפּילן, ווי אַזוי זאַכן, וועלכע מע האָט אַמאָל געהאַלטן פאַר אויסערגעוויינלעך שיינע, זײַנען דערנאָך געוואָרן אין מענטשנס אויג מיִעס, און פאַרקערט...

ער האָט גענומען אויפגיך בלעטערן ספּינאָזעס „עטיק”, וועלנדיק פון דאָרטן ברענגען א בײַשפּיל צו זײַנע רייד.

דער וועג זאָל זיך ניט ציִען אַזוי לאַנג, האָב איך גענומען אויף טשיקאַוועס באַשרײַבן די נאַטור, וואָס איך זע דורכן פענצטער. לעקעך האָט אויף א ווײַלע אַרײַנגעשטופּט די נאָז אין מײַן העפט און זיך א קנייטש געטאָן:

— דו אינדיווידואַליזירסט ניט... אָגיוסט קאָנט ווײַזט ריכטיק אָן, אַז אין דער נאַטור זײַנען ניט פאַראַן קיין צוויי געוויקסן, צוויי באַשעפענישן, צוויי שטיינדלעך, וואָס זאָלן זײַן אַבסאָליוט אַלצייִנס. די אָביעקטיוועווירקלעכ־קײַט איז אויסערגעוויינלעך פאַרשיידנאַרטיק, און דו האַלטסט אין איין איבערכאַזערן: א וועלדל, א וואַלד, יאָדלעס, סאָסנעס. וווּלגאַרע פאַקטאָגראַ־פיע, אַפילע קיין רעכטער נאַטוראַליזם ניט.

באַקומען אַזא גאָב פון לעקעכן, וואַרף איך אַוועק דאָס שרײַבעכץ און לייג זיך אויף דער פּאָלקע. איך מאַך צו די אויגן און וויל אין דימיען אַרויס־רופן סמענעס געשטאַלט. כ׳וויל זי זען. אָבער א מאָדנע זאַך: מיר דוכט, כ׳האָב פאַרגעסן, וויאַזוי זי זעט אויס. עפּשער איז עס דערפאַר, ווײַל איך טראַכט מער וועגן זיך, ווי וועגן איר? בא אַן עמעסער ליבע איז פאַרקערט. צי האָב איך זי ליב? צי האָב איך זי ליב געהאַט דאַן, ווען נאָך די עקזאַמענעס אין מאָסקווע האָב איך זי אַרײַנגעזעצט אין וואַגאָן און זי איז אַליין אַוועקגע־פאָרן? און הײַנטיקן זומער, ווען זי האָט מיך ניט באַגעגנט אויפן וואָקזאַל, איז מיר אַפילע ניט אײַנגעפאַלן, אַז עפּשער איז זי קראַנק. דערנאָך בין איך הענ־דעם־פענדעם אַנטלאָפן פון כאַרקאָוו, נאָר דערפאַר, ווײַל אַנע סעמיאָנאָוונע וויל ניט, אַז זי זאָל פאָרן מיט מיר... „און ספּאַרטאַק וויל ניט, — זאָגט מיר אונטער א קאָל, — און זי אַליין — אויך ניט”. נאָר איך וויל ניט הערן דאָס דאָזיקע קאָל, איך פאַרטרײַב עס. „פון נײַ־אַמורסק וועל איך סמענען אָנ־שרײַבן א בריוו, — באַשליס איך. — כ׳וועל זען, וואָס זי וועט ענט־פערן...”

## 4

אין א וואָך ארום, מיטיק־צײַט, איז דער צוג ארײַנגעפאָרן אין די ווײַט־מיזרעכדיקע טויערן. אױף דער ערשטער סטאנציע העלפן מיר דאָ אן עלטערן ייִדן ארויסשלעפּן פון וואגאָן זײַנע זאכן — א גרויסן קאסטן מיט א גרויסן פאראָסטעטן שלאָס און צוויי זעק, וואָס האָבן פיל ארויסשטארצנדיקע שאר־פע שפּיצן.

— טאטע!

— טאָכטערקע!

מע קושט זיך זשעדנע און געשמאק, מיט א הילכיקער טשמאָקערײַ...

כ'האָב באמערקט, אז אױף די ווײַטמיזרעכדיקע סטאנציעס איז שטענדיק פול מיט שפּאצירנדיקן עולם, מע גייט ארום איבער דער פּלאטפאָרמע, ווי איבער א בולוואר. די נײַע טוישעווים ציט א קוק טאָן אױף די, וואָס האָבן אָקאָרשט דורכגעמאכט דעם זעלבן וועג, וועלכן זיי אליין האָבן דורכגעמאכט מיט א געוויסער צײַט צוריק און וואָס האָט זיך פארגעדענקט אפן גאנצן לעבן. מעגלעך, אז עס טרײַבט אהער אויך א שטיקל בענקעניש נאָך דער אלטער היים.

פּונקט ווי מיט א קיוון, אז אפן פּעראָן (וועלכן מע האָט דערווײַל בלויז באוויזן צו באשיטן מיט גאלקע־שטיינדלעך און נאָך ניט אספאלטירט) זאָל ארויסגיין די גאנצע שטאָט, קליין און גרויס, איז דער צוג אָנגעקומען קיין נײַ־אמורסק אין אָנהייב פון א פרעכטיקן, שטילן, בלויען שאבעסדיקן אָוונט, ווען ווײַט־ווײַט הינטער אונדזער לעצטן וואגאָן איז פארגאנגען אױף מײַרעוו די זון און אפן מיטן הימל האָט זיך באוויזן א קליין שערבל פון דער לעוואָנע. נאָכן לאנגן הוידען זיך אױף דער באנק אין וואגאָן שווינדלט אין די אויגן. ס'דוכט זיך, אז די לעמפּלעך אױף דער סטאנציע טראָגן זיך נאָך אלץ פארבײַ. עס גייט דורך א פּאָרע מינוט, ביז די איליוזיע פארשווינדט, די לעמפּלעך הערן אויף זיך צו באוועגן. „איר זײַט אין דער היים", — ווינקען זיי צו אונדז.

קיין טרעגערס מיט בלעכלעך אױף די פארטעכער זײַנען ניטאָ, נאָר העל־פערס — געננג.

אין א האלבער שאָ ארום האָבן מיר שוין צוויי בעטלעך אין א גאסט־הויז — אן איינשטאָקיקע לאנג־אויסגעצויגענע הילצערנע געבײַדע גלײַך פון פּאָרנט, באם אײַזנבאַן־וועג. דאָ איז טומלדיק, ניט ווייניקער ווי אין וואגאָן. א פרוי האלט אין איין זוכן אירע קינדער. געפונען איינס, פארלירט זי גלײַך דאָס צווייטע, עס קלינגט איר אומרויִק קאָל איבערן גאנצן קאָרידאָר, אין אלע צימערן.

די פרוי איז א געזונטע, א יאָדערדיקע, מיט א הויכן בוזעם. אונדזער אל־טער באקאנטער — „די באָרד" טרעט שוין ניט אָפּ פון איר, העלפט זוכן די קינדער. צו זײַן גליק (אָדער צום אומגליק), ווערט פּלוצעם פארלאָשן די ליכט. אין א ווײַלע ארום דערהערט זיך אין דער שטאָקפינצטערניש א פּלאָם אין באק און אן אויסגעשריי — פון דער זעלבער פרוי, וואָס האָט פריִער געזוכט די קינדער. ווען די ליכט צינדט זיך אָן, זיצט „די באָרד" לעבן אונדז, אױף לעקעכס בעטל. די שווארצע אויגן זײַנע גלאנצן.

— אָט א נויעף! — שרייַט די פרוי און קוקט אַף לעקעכן.

ביניאָמין הייבט זיך אוף, פאַרפעסטיקט אַף דער נאָז די ברילן און שטעלט זיך אוועק אנטקעגן „דער באָרד״.

— איך בעט אייַך אַף מייַן בעט ניט זיצן, — זאָגט ער איידל, נאָר גלייַך האלט ער ניט אויס די העפּלעכקייַט און גייט איבער אַף מער מאַמאָשעס־דיקע רייד. — אומווירדיקער נידעריקער נעפעש, קיין בושע האָט איר ניט!..

ווי מיר זייַנען ניט פאַרמאַטערט פון וועג, נאָר עס שלאָפט זיך ניט. א ביסל שטערן אויך די באַפולמעכטיקטע, די פאַרשטייער פון פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, וואָס זוכן באַלמעלאָכעס, גייען ארום איבער די צימערן און פרעגן זיך נאָך אַף סטאָליערס, באָנדערס, מוליערס. צוליבן מוליער, וואָס האָט אין וואגאָן דערציילט וועגן זייַנע נייַע קוימענעס, קריגן זיך צוויי באַ־פולמעכטיקטע אזוי לאנג, ביז דער פאַרוואלטער פונעם גאַסט־הויז איזביידן ניט מעשאַלייעך.

ווען מע פרעגט מיך מיט לעקעכן, ווער מיר זייַנען, ענטפערט לעקעך:

— פילאָלאָגן.

— ווער?

— פילאָלאָגיע איז א וויסנשאפט... — הייבט לעקעך אָן דערקלערן, און די באַפולמעכטיקטע גייען גלייַך מיט רעספּעקט אוועק פון אונדז.

נאָך דער ערשטער, קימאַט שלאָפלאָזער נאכט קומט אָן אונדזער ער־שטער, פול מיט זאָרגן און האָפענונגען, טאָג אין נייַ־אמורסק. לעקעך וואשט זיך א ביסל מאָדנע: ער נעמט אריַין דאָס וואסער אין די דלאָניעס און טוט עס א שמיץ אפּן פּאָנעם, דערנאָך רייַבט ער די באקן, ביז עס ווערן אַף זיי רויטע פּליאמעס. אייַנגעוואשן זיך, פּוצן מיר זיך אויס. אלץ בלאנקט אַף אונדז. מיר רייַבן לאנג די שיך מיט דער סאמעטקע, וואָס ביניאָמינען האָט ניט פאַרגעסן מיטצוגעבן זייַן זאָרגזאם ווייַבל, דאן קרעפּטיקן מיר זיך אונ־טער אין דער דערבייַיִקער גאָרקיך מיט א פּלאָטסקע באָרשטש, וואָס מע דער־לאנגט דאָ פון גאנצפרי, און לאָזן זיך גיין אין בילדונגס־אָפּטייל.

עס איז גראָד געווען די צייַט, ווען לויטן בוך „דער ווייַטער מיזרעך, זייַן נאטור און זייַן קלימאט״ האָט איצט, אין אווגוסט כוידעש, געדארפט גיסן א גוסרעגן, נאָר ס׳האָט דאפקע געשייַנט א העלע זון. זי האָט געפלייצט מיט ליכט אַף די קוסטעס און נאָדלביימער, וואָס וואקסן אַף דער ניט־הויכער סאָפּקע אינמיטן שטאָט. הינטער איר קייטלט זיך א גאנצע ריי סאָפּקעס — אלץ ווייַטער און ווייַטער, ביז זיי פאַרשווינדן אין די בלוילעכע רויכלעך באַם האָריזאָנט.

קיין שטאָט האָט מען, אייגנטלעך, נאָך ניט געזען. קליינע הייַזקעס מיט פענצטערלעך, וואָס קוקן אראָפּ אַף דער הילצערנער קלאַדקע, וועלכע ראַטע־וועט מענטשן פון אייַנגעזונקען צו ווערן אין דער בלאָטע, וואָס טריקנט דאָ, אַפּאָנעם, אפילע ניט אויס אויך זומער. נאָר איין־און־איינציקע גאַס איז מיט נייַע צווייִשטאָקיקע הייַזער. דאָ איז שוין די קלאַדקע א ברייטערע, צוויי מענטשן, וואָס קומען אָן איינער דעם אנדערן אנטקעגן, גייען זיך גאנץ פרייַ פאַנאנדער, אָנרירנדיק זיך בלויז מיט די עלנבויגנס. די קינפטיקע שטאָט האָט מען נאָר געקאָנט זיך פאַרשטעלן. פונדערווייַטנס, הינטערן פרייַען פּוסטן

פעלד, האָבן געקוקט די נאָך ניט אָנגעגלאָזטע פענצטער פון א פירשטאָקי־קער ציגלנער געבײַדע.

כ׳ווייס ניט, וועגן וואָס עס האָט געטראַכט לעקעך, גייענדיק פאַר מיר איבערן שמאָלן הילצערן טראָטואַרל; אָף מיר איז אָנגעפאַלן א לירישע שטימונג.

גוט איז אַן אַלטע שטאָט, האָב איך געטראַכט, ווו די הײַזער שטייען שוין הונדערטער יאָרן, א שטאָט מיט אַלטע דענקמעלער, מיט אַן אַלטן מוזיי, א שטאָט אָן אײַנגעפונדעוועטע, מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן, א שטאָט, ווו ס׳איז א גאַנצע געשעעניש, ווען די עלעקטראָסטאַנציע שליסט אויס אָף פופצן מינוט די ליכט, אָדער ווען אָף א הויכן שטאָק הערט אויף א ווײַלע צו גיין וואַסער פון דער וואַסערלייטונג, א שטאָט מיט האָטעלן, מיט א גוטן פּאַרק, ווו אָף די זעלבע בענק, אָף וועלכע עס זיצן איצט די קינדער, זײַנען אַמאָל געזעסן די עלטערן; א שטאָט, ווו אַלטע לײַט פּלאָנטערן די נעמען פון די גאַסן און רופן זיי, ווי זיי האָבן געהייסן נאָך אַמאָל.

גוט איז אַן אַלטע שטאָט, אָבער ניט ווינציקער גוט און ליב, עפשער נאָך ליבער איז א שטאָט א יונגע, א שטאָט, ווו דער עלטסטער אײַנוווינער, דער וועטעראַן, איז דער, וואָס וווינט אין איר א האַלב צענדליק יאָר; א שטאָט, ווו גאָרניט איז נאָך ניטאָ און אַלץ וועט זײַן.

אינעם בילדונגס־אָפּטייל זײַנען זיך פאַרן נײַעם לערניאָר צונויפגעקומען די אַלטע און נײַע לערער. מע שטייט אין קאָרידאָר און אינעם אופנאַם־ציי־מער, ווו ס׳איז ניטאָ קיין איבעריק בענקל אָף זיך אוועקצוזעצן. די אַלטע לערער ריידן וועגן די לערן־רעשימעס, וועגן דער צאָל שאָען, וועגן אומ־דיסציפּלינירטע קינדער, פון וועלכע מע האָט פאַראיאָרן געהאַט א סאַך צאָרעס.

די נײַע לערער ווייסן נאָך דערווײַל ניט ווו אײַן און ווו אויס און פאַר־לאָזן זיך אינגאַנצן אָף זייער גורל און אָפּן גוטן ווילן פונעם בילדונגס־אָפּ־טייל, וואָס וועט שיקן אין א גוטער שול. צום פאַרוואַלטער פונעם אָפּטייל איז א היפּשע ריי. לעקעך שאַרט זיך אַרײַן אין קאַבינעט פריִער פון מיר און קײַקלט זיך אַרויס פון דאָרטן א שײַנענדיקער. מע שיקט אים אַלס לעקטאָר אין היגן פּעדטעכניקום. דאָס וואָרט „לעקטאָר״ שטרײַכט ער אַזוי אונטער, אַז אַלע הערן דאָס. אייניקע פרויען טוען א קוק אָף אים מיט אינטערעס.

— איך וועל זײַן אָף דער פּאָטשט, — האָט ער דורך א פענצטער אָנ־געוויזן אָפּן בלויען קעסטל, וואָס איז געהאַנגען אָף דער טיר פון דער אַנט־קעגנדיקער געבײַדע, און אוועקגעלאָפן.

ווען איך בין אַרײַן צום פאַרוואַלטער פונעם בילדונגס־אָפּטייל, האָט ער א קוק געטאָן אָף מיר, אָף מײַן דיפּלאָם און צעפּירט מיט די הענט:

— איך האָב דאָך געפּאָדערט באָטאַניקער און געאָגראַפן. פון אַלע אינ־סטיטוטן שיקט מען מיר מאַטעמאַטיקער און ליטעראַטן. פאַראיאָרן איז געווען פונקט פאַרקערט, — צוויי פאַרמאַטערטע אויגן האָבן געקוקט אָף מיר, ווי בעטנדיק, איך זאָל זאָגן, ווו מיך אַהינטאָן.

— דײַטש קענט איר? — האָט ער געפרעגט מיט האָפענונג.

— א ביסל, אין די ראַמען פון דער פּראָגראַם.

— געאָגראַפיע? — האָט ער ווײַטער געפרעגט.

— אויך אין די ראַמען.

— הם... מע דאַרף וויסן מער, ווי אין די הוילע ראַמען. נו, זאָגט מיר, ווו זאָל איך אײַך באַשטאַטן? גוט, איר וועט אַרײַנקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. איך וועל עפּעס געפינען. ניט אַלע לערער זײַנען זיך נאָך צונויפגעפאָרן, עפּ־שער וועט עמעצער ניט קומען.

אַף אַזאַ באַרעכהאַבע האָב איך זיך אײַנגאַנצן ניט גערעכט. איך בין געווען אופגעבראַכט, אין מיר האָט אַלץ געקאָכט, און נאָר דערפאַר, ווײַל דער פּאַרוואַלטער האָט אויסגעזען בלײַך און שטאַרק פאַרמאַטערט, האָב איך אים געשאָנעוועט און ניט געמאַכט קיין טומל. הערט אַ מײַסע: איך פאָר פּרײַווי־ליק אַפן ווײַטן מיזרעך, מע שרײַבט וועגן מיר אין דער אינסטיטוטישער צײַטונג, אין אַלעמענס אויגן בין איך קימאַט אַ העלד, איך לאָז איבער — און דאָס ווייס איך שוין נאָר איינער אַליין — דאָס טײַערסטע אין מײַן לעבן... ווען כ׳זאָל ניט אַוועקפאָרן פון כאַרקאָוו, וואָלט, מעגלעך, אַלץ נאָך געקאָנט זײַן אַנדערש — און ס׳לאָזט זיך אויס, אַז כ׳האָב געמעגט ניט קומען. כ׳בין אַן איבעריקער, מע דאַרף מיך ניט. אויב ס׳וועט מיר אָפּגליקן און עפּעס אַ לערערל אַ דעזערטיר וועט זיך ניט צוריקקערן, דאַן וועל איך פאַרנעמען זײַן אָרט. ביז איצט האָב איך נאָך קיין איין מינוט זיך ניט געפילט פאַר קיין איבעריקן אַף דער וועלט. אַן אופגערעגטער בין איך אַרײַן אַף דער פּאָטשט. לעקעך איז דאָרטן געזעסן אינמיטן צימער, באַם גרויסן טיש, און איז געווען אַרײַנגעטאָן אין שרײַבן זײַן בריוו. איך בין ראַשיק צו צו אים, אַ שטויס געטאָן אין עלנבויגן.

— שטילער אַ ביסל. איך האָב איבער דיר געמאַכט אַ פלעק. אָט שוין ענדיק איך, וועלן מיר גיין.

ער האָט געשריבן גיך, געשמייכלט און געמורמלט צו זיך. איך זאָל ניט אַרײַנקוקן, האָט ער דאָס בלעטל פאַרשטעלט מיט אַ האַנט, נאָר באַלד זי צוגענומען.

— קיין סודעס שרײַב איך ניט. מעגסט לייענען.

ווען מיר זײַנען אַרויס פון דער פּאָטשט, האָב איך לעקעכן דערציילט וועגן מײַנע גליקן.

— נאָר אָן פּאַניקע, — האָט ער זיך אָפּגערופן, — אָן פּעסימיסטישע נאָט־קעס. עס איז אומאָנגענעם, אָבער קיין שרעקלעכס האָט ניט געטראָפן. וואָל־טער זאָגט, אַז עמעסע מוטיקײַט ווערט אַנטפּלעקט בײַס אַ צאָרע. איך קוק אַף דיר אָפּטימיסטיש. וואַרט אויס אַף מיר עטלעכע מינוט, כ׳וועל נאָך אַרײַנ־לויפן אַפן טעלעגראַף. דער בריוו וועט גיין צוויי וואָכן, און אַ טעלעגראַם וועט עסטערל באַקומען הײַנט...

ער איז נעלעם געוואָרן, און איך בין געבליבן שטיין אַף דער גאַס. דער זעלבער נײַ־אַמורסק מיט דער סאָפּקע אינמיטן שטאָט, מיט דער איינציקער גאַס און מיט דער הילצערנער קלאַדקע, וואָס האָט מיט אַ שאָ צוריק אַזוי נויסע־כיין געווען באַ מיר, אַז איך האָב פאַרפאַסט לעקאָוועד דעם אַלעמען אַ גאַנצע דעקלאַמאַציע, האָט איצט פאַרלוירן אין מײַנע אויגן אַף אַזוי־פיל, אַז כ׳בין גרייט געווען גיין אַף דער סטאַנציע, נעמען אַ בילעט און פאָרן צוריק. וויבאַלד מע דאַרף מיך דאָ ניט, האָב איך דאָ ניט וואָס צו טאָן.

איך בין צוגעגאנגען צום דערבײַיקן הויז אפן ראָג און גענומען לייענען די פילצאָליקע שילדלעך, מיט וועלכע עס זײַנען פון אויבן ביז אראָפּ געווען באהאנגען די ווענט פון ביידע זײַטן טיר. אין עטלעכע מינוט ארום בין איך שוין מיט מײַן קריוודע געווען אין דער רעדאקציע פון דער ראיאָנישער צײַטונג. די טיר פון דער רעדאקציע איז געווען אָפן, און פון דער טיף פונעם צימער האָט זיך געהערט אן אָנגענעמער זאפטיקער באס, לויט וועלכן מע שטויסט גלײַך זיך אָן, אז דער מענטש דארף קענען זינגען. אינעם צימער זײַנען געשטאנען דרײַ טישן. אף א ברעג פונעם מיטלסטן טיש איז געזעסן, פארוואָרפן א פוס אף א פוס, א מאנצבל מיט געדיכטע גראָוולעכע האָר אפן גרויסן קאָפּ. אזא טשופּרינגע רופט מען אין דער ליטעראטור לייבן־גריווע. די אימפּאָזאנטע, גרויזאמע גריווע האָט באשיינט א פּאָנעם, ווו ס׳איז ניט געווען קיין איין הארבער שטריך, קיין איין שארפע ליניע, אלץ איז ווייך, פארקײַלעכיקט. די ווייכע באקן גיסן זיך צונויף מיט דער ווייכער קין, און די קין גייט אריבער אין א צווייעגדיק גוידערל אפן האלדז. ס׳איז א גוידערל ניט פון קיין אָפּגעפרעסענעם נעפעש, נאָר אן איידלס, א גוידערל פון גוטסקײַט. דער שטערן איז א ברייטער, אָבער אָן שארפע הוילע ווינקלען, דורך וועלכע בא אייניקע שפּריצט אזוי ווי דעמאָנסטראטיוו ארויס די קלוגשאפט. לעבן אים זײַנען געשטאנען צוויי יונגעלײַט און אן אלטע פרוי מיט א בעזעם. זי האָט, אפּאָנעם, פארגעסן, צוליב וואָס האלט זי אים אין דער האנט. דער קליינער אוילעם האָט מיט קאָנטיקן אינטערעס געהערט די פריילעכע מײַסע, וואָס דער גראָווער מאן האָט דערציילט, איבערײַסנדיק אָפּט זיך אליין, קעדייי ארײַנצוגעמען אין מויל און א קײַ טאָן א שווארצן אײַנגעשרומפּענעם ווילדן ווײַנטרויב. אפן טיש איז געלעגן א היפּש שטענגל.

אינעם ווינקל, לעבן פענצטער, באקרוינט מיטן שילדל „פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר", איז געזעסן א געזונטער יונג, בלוט און מילך, מיט אָנגעגאָסענע באקן, די פיס זײַנען בא אים אונטערן טיש געווען ברייט צעשטעלט, ווי בא א קאוואלעריסט, וואָס וויל מיט די שפּאָרעס אונטערטרײַבן דאָס פערד, עס זאָל בעסער טראָגן. אומדערמידלעך האָט ער עפּעס געשריבן מיט א דינינק שילעריש הענטלפען. ער האָט די פען ניט צוגענומען פון די גרויע זײַטלעך פּאפּיר אפילע דאן, ווען ער האָט זיך געווענדט צום מענטשן, וואָס איז געזעסן אפן טיש. דער באָכער איז געווען מיט אים אף „דו", כאָטש ער איז געוויס צוויי מאָל יינגער פון יענעם.

— כ׳בעט דיך, הער אוף באטלענען, גיי אהיים און שרײַב דאָס ליטעראטיקל, איך דארף עס אָפּשיקן אין טיפּאָגראפיע.

דער „באטלען" האָט אָבער אזוי געשמאק גערעדט, אז גופע דער באָכער האָט, עמעס, מיט אן אומצופרידענער, זויערער מינע, דאָך אָנגעהויבן אים הערן, אפילע אראָפּגענומען די ברילן, ווי באשלאָסן, אז די אויגן דארפן זיך א ביסל אָפּרוען. באלד אָבער האָט ער זיך געכאפּט, אז עס טויג ניט אזוי, און א ברום געטאָן אונטער דער נאָז מיט היפּשער רוגזע:

— שטערסט פּאָשעט ארבעטן.

— עס איז גוט, ווען ס׳איז פאראן א גרייטער הינטערכיילעך, וועלכן מע קאָן שמײַסן, ווען מע וויל, פאר אלעמענס זינד, — האָט דער מענטש מיט

דער לייבן־גריוווע געמאכט אַן אומגעריכטן סאַכאַקל צו זײַנע רייד, אַפילע דערבײַ א זיפץ געטאָן און זיך אופגעהויבן פון טיש. ער האָט א קוק געטאָן אַף מיר, ווי וואַרטנדיק, איך זאָל א שאָקל טאָן מיטן קאָפּ און באַשטעטיקן די ריכטיקײַט פון זײַן אויספיר.

— איך דאַרף צום רעדאַקטאָר, — האָב איך אין פאַרלעגנהײַט זיך געווענדט צו אים.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רעדאַקטאָר איז טאַקע ער אַליין. אויסגעהערט, וואָס איך האָב אים געהאַט צו דערציילן, האָט ער מיך אוועקגעזעצט באַם זעלבן טישל, אַף וועלכן ער איז פריִער געזעסן רײַטנדיק, און געהייסן אַלץ באַשרײַבן.

מײַן צאָרן און מײַן קאַס האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן. אין דער קעשענע נאָך א וואָרט בין איך ניט געקראָכן. פּעך און שוועבל האָב איך געשאָטן אַף די ביוראָקראַטן, וואָס שיקן ספּעציאַליסטן, ניט באַמיִענדיק זיך פריִער צו דערוויסן, צי דאַרף מען די פאַכלײַט אין געגעבענעם אָרט, אָדער ניט, אַבי אַראָפּאַטערן אַן אָל. עס גייען זיי ניט אָן די געפילן, די פרייד, די דערהויבענע שטימונג, די גרייטקײַט אַפילע צו זעלבסטאָפּפערונג, מיט וועלכער די יוגנט פאָרט אַפן וויַיטן מיזרעך.

דער רעדאַקטאָר איז איבערגעלאָפן מיט די אויגן מײַן הייסע נאָטיץ.

— הם... גוט, גאַנץ גוט... עפּשער וועלן מיר אים גאָר נעמען צײַטווײַליק צו זיך? — האָט ער דערלאַנגט מײַן פאַרשריבן בלעטל דעם פאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר. יענער האָט גלײַך געמומען לייענען, אויסגעשטראָכן עטלעכע שורעס, אַרײַנגעשריבן נײַע, דערנאָך א קוק געטאָן אַף מיר, אַפן רעדאַקטאָר און עפּעס א מורמל געטאָן אונטער דער נאָז. איך האָב ניט דערהערט און ניט פאַרשטאַנען דאָס, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט יאָ דערהערט.

— געוויס, געוויס, — האָט ער זיך אָנגערופן, — זאָל דער באָכער זיך דורכגיין איבער דער שטאָט, אָנשרײַבן א בילדל, אַן עטיודל. טו א קוק מיט א פרישן אויג, — האָט ער שוין דירעקט זיך געווענדט צו מיר, — אַף דער לענין־גאַס בויט מען צוויי נײַע הײַזער, גיב א רעפּאָרטאַזש. דערווײַס זיך, פאַרבײַגייענדיק, וועגן דער צוגרייטונג צום נײַעם לערניאָר. א קליינע פאַרצייכענונג האָבן מיר געגעבן אין פאָריקן נומער, אָבער עס איז ווייניק.

מיט א נײַעם בלאָקנאָט אין דער האַנט בין איך אַרויס אַף דער גאַס, גרייט פיקסירן אַלץ, וואָס עס וועלן זען די פרישע אויגן. איך האָב אָפּגעשטעלט א פּאָר מיידעלעך און געפרעגט, ווי זיי פילן זיך ערעוו דעם נײַעם לערניאָר. זיי האָבן זיך פאַרטראַכט און ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— פרעגט בא אונדזער לערערקע, — האָבן ביידע קינדער אָנגעוויזן אַף א יונגער פרוי, וואָס איז געגאַנגען אַף דער אַנדערער זײַט גאַס.

— א גוט־מאָרגן, יעלענע יעפימאָוונע, — זײַנען זיי צוגעלאָפן צו איר.

אַף א מעהאַלעך פון עטלעכע שפּאַן האָט יעלענע יעפימאָוונע מיט פאַרוווּנדערונג געמומען מיך באַקוקן. אויסגעזען האָט זי אויסגערוט און אויסגעקעכלט — דעם לאַנגן לערערישן זומער־אורלויב האָט זי מיסטאָמע פאַרבראַכט בא דער מאַמען אַף אוקראַיִנע. דאָס פּאָנעם אירס איז געווען אַזוי

טונקל, אז געוויס האָט עס געפּײַערט און געבראָטן ניט נאָר די ווײַטמיזרעכ־דיקע זון, נאָר אויך די דאָרעמדיקע.

איך בין צוגעגאַנגען צו איר, זיך פאָרגעשטעלט. פאַרטרײַבנדיק די אײַנגעבוירענע שעמעוודיקײַט, האָב איך געפרעגט בא איר, ווי זי פילט זיך ערעוו דעם נײַעם לערנִיאָר.

— בא אונדז האָט ער עס אויך געפרעגט, — האָט דאָס קליינוואַרג אויס־געשריִען מיט אַנציקונג.

— איך פיל זיך גוט. אויסגעצייכנט, — האָט די לערערקע מילד געענט־פערט.

איך האָב עס גלײַך פאַרנאָטירט און אוועקגעלאָפן ווײַטער, איבערלאָזנ־דיק די לערערן מיט אירע שילערנס נאָכקוקן דעם מאָדנעם באָסערוועדאָם, וואָס האָט זיך באַוויזן אין זייער שטאָט.

די פראַגע „ווי פילט איר זיך?" איז מיר אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז איך האָב זי געשטעלט נאָך אַ צענדליק מענטשן. איינער אַ מאַנצבל, וואָס איז אַרויס פון אַפּטייק, האָט בייז אַ מרוקע געטאָן, אַז ווען עס פילט זיך, וואַרפט מען אַרויס.

איך בין אַריבערגעקראָכן איבערן געהילץ, וואָס איז געלעגן קופּעסווײַז צעוואָרפן אַפן פרײַען, ניט אַרומגעצוימטן פּלאַץ, ווו ס'האָט זיך געבויט אַ גרויס הויז. פאַרקרעמפּעוועט בא ביידע ברעגן מיט שמאָלע טראָסן, האָט אײַנדערלויפטן לאַנגזאַם זיך געוויגט אַ קלאָץ, געהוידעט זיך מיט איין עק, מיטן צווייטן, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אין זײַן אייביקן מאָקעם־מענוכע און זיך אַרײַנגעלייגט אין דער וואַנט. איך האָב פאַרשריבן די ערשטע שורע פון מײַן קומענדיקער נאָטיץ וועגן דער דאָזיקער בויונג: „די אַרבעט קאָכט".

— איר זײַט אַ קאָרעספּאָנדענט? — האָט, דערזעענדיק מײַן בלאָקנאָט, איינער פון די באַלמעלאָכעס געפרעגט. ער האָט אוועקגעלייגט די האַק, זיך צוגעזעצט אַף די ברעטער. — פאַרשרײַבט, אַז אַלץ איז גוט, נאָר ס'וואָלט געמעגט זײַן בעסער. ביטער איז, ווען עס איז ניטאָ קיין באַלעבאָס. אַ גוטער באַלעבאָס, איידער ער נעמט בויען, מאַכט ער פריִער אַ פּאַרקן, צוימט אַלץ אַרום, און דאָ איז העפקער אַ וועלט. באַנאַכט קאָן מען שלעפּן וויפל מע וויל. אייניקע האָבן שוין פון אונדזער בויונג זיך פאַרגרייט הייצונג אַפן גאַנצן ווינטער.

— נו, און ווי פילט איר זיך ביכלאַל? — האָב איך זיך ניט אײַנגעהאַלטן און אים אויך פאָרגעבן מײַן באַליבטע פראַגע.

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? ביכלאַל איז ניט שלעכט, נאָר ווידער טאַקע... פאַרוואָס זשע פאַרשרײַבט איר ניט? — האָט ער געפרעגט.

— כ'וועל עס אַזוי געדענקען, — האָב איך טיפער אַרײַנגערוקט דעם בלאָקנאָט אין קעשענע.

מיט מײַנע פרישע אויגן, וואָס זײַנען געווען אָנגעצילט אַף צו זען נאָר יאָמטעוודיקס, האָב איך זיך אַרופגעוואָרפן אַף דער קינדערישער מוזיק־שול. איך האָב זיך אָנגעשטויסן אַף איר גאָר אומגעריכט. גייענדיק קימאַט איבער אַ פּוסט אָרט, ווו ס'האָבן זיך, ווײַטלעך אָפּגערוקט איינער פונעם צווייטן, געהויקערט עטלעכע אַלטע הילצערנע שטיבער, האָב איך דערהערט

מוזיק. מע האָט געשפּילט אַף א פּיאַנע, אויך אַף א פידל. ווי א קאוואלעריע־פערד אפן שאל פונעם האָרן, האָב איך זיך געלאָזט אהין, פונוואנען עס האָבן זיך געטראָגן די קלאנגען. איך בין אריַין אין א שטיבל, וואָס האָט זיך אויסערלעך מיט גאָרנישט אויסגעטיילט פון די שכיינעסדיקע, אָבער ווי געמיטלעך, גוט און פריילעך איז דאָ געווען! איך האָב באקוקט די צוויי קלאסן, א דרינזשע געטאָן מיט מײַנע הילצערנע פינגער „טשיזשיק־פיזשיק" אַף דער פּיאַנע. די קינדער, וואָס זײַנען געשטאנען דערבײַ, האָבן זיך הויך צעלאכט, דערפאר האָט די פארוואלטערן געהערט מײַן שפילן מיט אזא ערנסטער מינע און אופמערקזאמקײַט, ווי כ'וואָלט אויסגעפילט בעטהאָווענען. פון דער מוזיק־שול האָב איך זיך ניט געאײַלט אוועקצוגיין, פארשריבן די ביאָגראפיע פון דער פארוואלטערן, פון די לערערס און קימאט פון אלע שילער. די קינדער האָבן דעמאָנסטרירט זייער קונסט, און מײַן סייפער־האזיכרוינעס איז פול געוואָרן מיט היספּײַלעס: „באָריע ניסעלעוויטש, אלט 11 יאָר — שפּילט מאָצאַרטס „טערקישן מארש". ווונדערלעך". „וואניע מיראָנאָוו. זײַן טאטע איז א יעגער. א היי־געבוירענער. שפּילט אפן פידל טשײַקאָווסקיס „לעבעדיינאָיע אָזעראָ". הערנדיק אים, ווילט זיך טאנצן". „עלווירא ספּיוואק, געקומען פון פּאָלטאווע, דער טאטע — א שנײַדער. די מאמע — א שטוב־באלעבאָסטע. שפּילט אַף אן אקאָרדעאָן. אייגענע קאָמפּאָזיציעס. א גרויסער טאלאנט".

מיר האָט געדוכט, אז כ'האָב געפּאקט דאָס, וואָס מע דארף, און זייער א צופרידענער האָב איך זיך אומגעקערט אין רעדאקציע. עס איז שוין געווען שפּעטלעך. כוץ דעם סעקרעטאר, וואָס איז געזעסן, ווי צוגעשמידט, אַף זײַן אָרט, איז קיינער ניט געווען. ער האָט אופגעהויבן אַף מיר א פּאָר רויטע פארמאטערטע אויגן, אראָפּגענומען און אויסגעווישט מיט א שטיקל פּאפּיר די פארהוכקעטע ברילן.

— נו, פאראן מאטעריאל?

— זייער אינטערעסאנטער.

ניט פּאטערנדיק קיין צײַט, האָב איך זיך אוועקגעזעצט שרײַבן. געשריבן אזוי לאנג, ביז מע האָט פון דרויסן פארשלאָסן די טיר און כ'בין געבליבן נעכטיקן אין רעדאקציע אַף א טיש, מיט א קאָמפּלעקט צײַטונגען צוקאָפּנס. אַף מאָרגן אינדערפרי האָב איך, ווי א מענטש, וואָס האָט גוט אָפּגעהאָרעוועט און איז זיכער, אז די האָרעוואניע איז עפּעס ווערט, אוועקגעלייגט אפן סעקרעטארס טיש א פּעקל אָנגעשפּיקעוועטע בלעטלעך. אן אויסגערודערטער און א צוגעלאָזטער, האָט דער באָכער, גלײַך ווי ער איז געקומען אַף דער ארבעט, א קוק געטאָן אַף מײַן ווערק.

— אן אומגליק, — האָט ער זיך א קנייטש געטאָן, — מיר קאָנען דאָך ניט דרוקן אלע טאָג וועגן דער מוזיק־שול. מיט צוויי נומערן צוריק האָבן מיר איר געווידמעט א גאנצע זײַט.

פונדעסטוועגן האָט ער איבערגעלייענט, אפילע א ביסל געמעקט, פאריכט, דערנאָך אלע בלעטלעך אריַינגעוואָרפן אין קאָרב.

— הוילע פּאטעקע. איך וועל דיר געבן א צעטל, וועגן וואָס דו זאָלסט ניט שרײַבן, לעכאָלהאפּאָכעס, די נאָענטסטע פיר וואָכן: וועגן די ווונדערקינדער — מוזיקאנטן באָריע ניסעלעוויטש, וואניע מיראָנאָוו און עלווירע ספּי־

וואק; וועגן גערטנער אלעקסיי טיכאָמיראָוו און דעם איינציקן עפּלבוים, וואָס וואקסט בא אים אין סאָד; וועגן דער בעהיימע דער רעקאָרדיסטקע „קראסו־ליע" פונעם בײַשטאָטישן קאָלווירט. דרײַ מאָל האָבן מיר שוין געגעבן איר פאָטאָגראַפיע, מער קאָן מען ניט... עפּשער וועסטו פּרובירן אָנשרײַבן א פעליעטאָן? — האָט ער אומגעריכט מיר פאָרגעלייגט.

איך בין זיך מוידע געווען, אז אין דעם דאָזיקן געביט האָב איך ניט קיין דערפאַרונג, ביכלאַל בין איך ניט גענייגט צו הומאָר.

— מע דאַרף ניט קיין הומאָר, מע דאַרף זײַן בײַסיק. — דער סעקרעטאַר האָט אף מיר א קוק געטאָן מיט אזא גוטמוטיקן, מילדן אויסדרוק אפן פּאָנעם, אז ס'האָט זיך ניט געגלייבט, ער אליין זאָל אויך קאָנען זײַן בײַסיק.

פונקט ווי פריִער צו דער מוזיק־שול, האָב איך זיך דאָס מאָל צוגעכאַפּט צום קאָמונאַלן אָפּטייל — דעם אייביקן אומויסשעפּלעכן קוואַל פאַר אלע אָנ־פאַנגער פעליעטאָניסטן. די ציל־ברעטער פאַר מײַנע גיפטיקע פײַלן זײַנען געוואָרן די וועשערײַ, די שערערײַ און די באָד. צו מײַן גליק, האָב איך אָנ־געטראָפן אין באָד, ווען דאָרט איז געגאַנגען נאָר הייס וואַסער. דער דירעק־טאָר פון די קאָמונאַלע אונטערנעמונגען האָט געשוואָרן, אז אזעלכס טרעפט נאָר, ווען עס קומען זיך באָדן קאָרעספּאָנדענטן.

מיט פלאַם־און־פײַער האָב איך גלײַך אָנגעשריבן „אייצעס פון א גוטנברו־דער", רעקאָמענדירט אלעמען, וואָס גייען אין באָד, מיטנעמען, כוץ זייף מיט א בעזעמל, אויך א שעפּל קאַלט וואַסער.

— מע וואָלט געדאַרפט א ביסל בײַסיקער, נאָר מיילע. מע קאָן דרוקן.

די דאָזיקע פאָר ווערטער פונעם שטרענגן סעקרעטאַר האָבן מיך אזוי באַפליגלט, אז איך בין אוועקגעלאָפן זוכן לעקעכן — דערציילן אים, ווי־אזוי איך וועל אינגיכן פאַרשיטן נײַ־אמורסק מיט פעליעטאָנען און מיט אייצעס.

— דו וועסט זיך דיסקוואַליפיצירן אלס פּעדאַגאָג, — האָט לעקעך מיט פאָרוואורף א זאָג געטאָן.

ביניאָמין האָט שוין באוויזן זיך אריבערקלײַבן אינעם „לערער־הויז", ווו מע האָט אים געגעבן א באַזונדער צימער.

— איך רוף אינגיכן ארויס דאָס ווײַב מיטן טעכטערל, אויך די יינגערע שוועסטער, זי האָט האַיאָר פאַרענדיקט א פּעדשול, — האָט ער מיר אָנגע־זאָגט.

מיר האָבן זיך געזעגנט. ער איז אוועקגעלאָפן אף א סעמינאַר; איך האָב זיך געלאָזט גיין „קלײַבן מאַטעריאַל".

דאָס גרין־געפאַרבטע איינשטאָקיקע הויז מיט די נידעריקע, ברייטלעכע דרײַ פענצטער און צעפּראַלטע לאָדנס, וואָס זײַנען אויך גרין געפאַרבט, איז מיסטאמע די געמיטלעכסטע געבײַדע אין דער שטאָט. זי שטייט אין סאַמע מיטן אף דער רעכטער זײַט פון דער לענין־גאַס. די לינקע זײַט איז נאָך פּו־סטלעך, ווינציק פאַרבויט. צום שיינעם גאַנעק פונעם הויז פירן צוויי ברעטער.

ווער עס גייט דורך און טוט א קוק אין די פענצטער, זעט א פאָר בעקאָ־וועדיקע פּליכן, א סאך טשופּרינעס און צעפּ. אלטע לײַט לייענען א בלאַט־צײַטונג, יוגנט קאָנספּעקטירט אין גראָבע העפטן. באטאָג און אין אָוונט ברענט דאָ די עלעקטרישע שײַן, און עס שטראָמען אף דער גאַס, באַזונדערס

אין ניט קיין העלן טאָג, ליכטיקע סטעזשקעלעך. ס'דוכט זיך, אַז די דאָזיקע ביבליאָטעק מיט איר לייענזאַל, מיט די מענטשן, וואָס זיצן דאָרטן, — אַלץ איז שוין דאָ פֿון פֿיל־פֿיל יאָרן.

דער פֿאַרוואַלטער — נאָך אַ גאַנץ יונגער, קרעפּטיקער מאַנצבל מיט גרויסע האָריקע הענט און זייער האַסטיקע ענערגישע באַוועגונגען — איז געוועזן מער ענלעך אויף אַ דירעקטאָר פֿון אַ זאַוואָד אָדער אַ פֿאַבריק, ווי אויף אַ באַשיידענעם ראַיאָנעם ביבליאָטעקער. ריידן רעדט ער הויך, אַפֿילו אין לייענזאַל.

— אין דער נײַער געבײַדע וועט דער לייענזאַל זײַן פּונקט צען מאָל גרעסער, — זאָגט ער אויף אַ קאָל, אַרומכאַפּנדיק מיט אַ פֿײַערדיקן בליק פֿון די שיינע שוואַרצע אויגן די זעקס טישלעך, אַרײַנגערעכנט שוין אויך דאָס טישל, בײַ וועלכן עס זיצט די ביבליאָטעקערן.

אײַלנדיק פֿירט ער מיך אַוועק אין דער טיף פֿון הויף, שליסט אויף אַ קאַמער און באַווײַזט בערג מיט ביכער:

— ליגן און פֿוילן. מיר האָבן ניט וווּ אַהינצוטאָן. אין דער נײַער געבײַדע וועלן מיר האָבן סטעלאַזשן אויף הונדערט טויזנט עקזעמפּלאַרן.

אַלע טרוימען, אַלע האָפֿענונגען, אַלע פֿאַרלאַנגען זײַנען, ווײַזט אויס, בײַ דעם דאָזיקן מענטשן געווען פֿאַרבונדן מיט דער נײַער געבײַדע.

— מיר ווערן דערשטיקט, ניטאָ וווּ אַהינצוטאָן די פֿאָנדן, ניטאָ וווּ צו מאַכן קיין אויסשטעלונג, דורכפֿירן אַן אָוונט. איך וויל, אַז איר זאָלט מיט מיר זיך דורכגיין אויף דער בויונג פֿון דער נײַער געבײַדע.

מיט אַ מעטאַלענער שטים האָט ער אָפּגעגעבן עטלעכע פֿאַראָרדענונגען זײַן מיטאַרבעטערן, און מיר זײַנען אַוועק צום פּלאַץ, וווּ באַנאַנד מיטן שוין האַלב פֿאַרטיקן „הויז פֿון די סאָוועטן" איז געווען פֿאַרלייגט נאָך אַ בנין.

— אָט איז זי! — האָט ער ווי אויף אַ לעבעדיקן וועזן אָנגעוויזן אויפֿן פֿונדאַמענט, וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף אַ מעטער פֿון דער ערד.

ער האָט מיך באַקאַנט מיט די אַרבעטער, מיטן טעכניקער, מיטן פּראָראַב, דערבײַ האָט ער מיך די גאַנצע צײַט דורכגעלאָזט פֿאָרויס, ווי זייער אַ קאַשעווע פּערזאָן. ער האָט עס געטאָן ניט אָן אַ מיין. יעדעס מאָל, ווען ער האָט מיך פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ פֿאָרשטייער פֿון דער רעדאַקציע, האָט ער צוגעגעבן:

— די פּרעסע נעמט די בויונג אונטער אַ ספּעציעלן קאָנטראָל.

גייענדיק צוריקוועגס, האָט ער זיך דערוווּסט בײַ מיר, אַז איך וווין אין גאַסט־הויז.

— איר וועט וווינען בײַ מיר, — האָט ער טייקעף באַשלאָסן, — ס'איז אײַנגאַנצן אַ ליידיקער צימער. איר וועט קאָנען שרײַבן אַ גאַנצע נאַכט.

פֿון דער ווײַטערדיקער אײַנגעהאַלטענער דערקלערונג זײַנער האָב איך געמאַכט דעם אויספֿיר, אַז אויסער דער נײַער ביבליאָטעק־געבײַדע, האָט ער פֿונדעסטוועגן אַנדערע באַגערן אויך.

ער האָט מיך אַרײַנגעפֿירט צו זיך אין צימער, באַוויזן אויפֿן אײַזערנעם בעטל און אויפֿן דיוואַנדל: „איר מעגט זיך לייגן, וווּ איר ווילט". ער האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער פֿונעם גראַפֿין, דאָרשטיק זי אויסגעטרונקען, און צו־

זאָגנדיק, אז מאָרגן אינדערפרי וועט ער אַרײַנקומען, געוווּנטשן א גוטע נאַכט און פאַרשוווּנדן.

מיד פון א גאַנצן טאָג אַרומגיין, האָב איך מיט פאַרגעניגן זיך אויסגעצויגן אױפן דיוואַן. ניין, אײנער אַליין אין א צימער טאָר איך ניט זײַן. אַלץ די זעל־בע איבעריקע, אומגוצלעכע געדאַנקען קריכן אין קאָפּ. סמענע שפּאַצירט איצט מיט ספּאַרטאַקן אויף דער שיינער, ליכטיקער סומסקאַיאַ, זיי גייען אַרײַן אין פּאַרק, זיצן אין סקווער אַנטקעגן שעווטשענקאָס דענקמאָל. איך נעם טראַכטן וועגן דעם בריוו, וואָס איך וועל איר אָנשרײַבן. כ׳שרײַב אַרטיקלען, גיב אײצעס טויזנטער מענטשן, און זיך אַליין קאָן איך קיין אײצע ניט געבן, כ׳קאָן אַפילע ניט אָנשרײַבן קיין בריוול. „עס דאַרף זײַן אַן אײַז־קאַלטער בריוו, אָן איין וואַרעם וואָרט״, — באַשליס איך. „אויב אַזוי, איז בעסער אינ־גאַנצן ניט שרײַבן. זי דאַרף וויסן, אַז איך טראַכט וועגן איר, אַז... נאָר וואָס גייט איר אָן מײַן טראַכטן?״

די אויגן קלעפּן זיך, אין קאָפּ באַמבלען זיך ווערטער פון מײַן קומענדיקן בריוו — נאַרישע, אומבאַהאָלפענע ווערטער. ענדלעך ווער איך אַנשלאָפן. איך כאַפּ זיך אויף פון א געררודער, עפּעס פאַלט, עפּעס ווערט צעבראָכן.

— אַן אומגליק, כ׳האָב פאַרגעסן, אַז צוועלף אַזייגער לעשט מען אויס די עלעקטרע... ניט גענומען קיין שוועבעלעך, איר וועט מוזן ווי־עס־איז זיך לייגן אין דער פינצטער... כ׳וועל נאָר אָנטאַפּן, ווו עס שלאָפט דאָ מײַן כאַ־ווער — אױפן בעטל, צי אױפן דיוואַן, — שעפּטשעט דער ביבליִאָטעקער און כאַפּט אָן מיט דער האַנט מײַנעם א פוס.

ער נעמט אַראָפּ די צײַטונג, מיט וועלכער ס׳איז פאַרהאַנגען דאָס פענצ־טער, אָבער אין צימער ווערט ניט ליכטיקער. אײַנגעהילט אין וואַרעמע וואָלקנס, ליגט אין נײַ־אַמורסק, ווי א שוואַרצער קנויל, די סאָף־אַווגוסטדיקע נאַכט. א נאַכט אָן א לעוואָנע, אָן שטערן און אָן עלעקטרע.

— גוט, גוט... באַאומרויִקט זיך ניט... איך זע גוט אין דער פינצטער, — הער איך אַן אָנגעגעמע ברוסטיקע פּרויען־שטים.

— אַנטשולדיקט, וואָס עס האָט זיך אַזוי באַקומען... בא מיר איז א פרײַער צימער... נו, א גוטע נאַכט, — טוט דער ביבליִאָטעקער א סקריפּע מיט דער טיר.

— א גוטע נאַכט, — ענטפערט אים די פרוי.

אין דער פינצטער רײַצט און רעגט יעדער שאָרך, יעדער מינדסטער רויש. איך הער, ווי מײַן אומגעריכטע שכיינע לייגט אַוועק די קליידער אױפן בענקל צי ערגעץ אַנדערש־וווּ. איך נעם זיך אַרויס די אויגן א קוק צו טאָן, וויִאַזוי זעט זי אויס: אַלט, יונג? איך באַשליס צו וויסן געבן וועגן זיך, נעם הוסטן, דרייען זיך אױפן דיוואַן.

— אײַך איז ניט גוט, כאַווער?

— ס׳איז מיר גוט, זייער גוט, — ענטפער איך און זוך אָפּ א פראַגע אויף אָנצוביינדן א שמועס: — ווי איז אײַך געפעלן די שטאָט?

— כ׳האָב נאָר באַוויזן אַרײַנצופאַלן אין א קאַנאַווע, — לאַכט זי.

— מיט וועלכן צוג זײַט איר געקומען? — פרעג איך ווײַטער.

לויט דעם, מיט וועלכן צוג מע פאָרט, קאָן מען אורטיילן, צו א וועלכער

קאַטעגאָריע עס געהערט דער מענטש. א פאַרוואַרבירטער פּאָרט מיטן „העפּלעכן" צוג; דער איין־און־פּערציקסטער פּירט קאָמאַנדיראָוואָטשנע, יונגע ספּעציאַליסטן, אַזעלכע ווי איך און לעקעך; אין די בלויע שלאָף־וואַגאָנען פֿונעם שנעלצוג נומער איינס הוידען זיך געלערנטע, מיליטערלײַט, פּאָליאַרניקעס...

ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז זי איז געקומען מיטן ערשטן נומער, איז מײַן נײַגער נאָך מער אויסגעוואַקסן. ווער איז זי?

— איר ווייסט ניט, כּאַווער, ווו עס שטייט דאָ וואַסער? עס ווילט זיך א טרונק.

— אָט שוין דערלאַנג איך, איר אַליין וועט ניט געפינען, — האָב איך מיט דער בעסטער קאַוואַנע זיך אופגעהויבן, אַרופגעוואָרפן אף די פּלייצעס די קאָלדרע, און מיט איין האַנט אונטערהאַלטנדיק זי, אויסגעשטרעקט די אַנדערע האַנט אין דער ריכטונג, ווו עס דאַרף שטיין דער גראַפין מיט וואַסער. איך מאַך א טראָט און כאַפּ א נערעק פון עפּעס א שאַרפער זאַך. נאָך א קליינער טראָט — און ס'פאַלן ביכער, ווי שטיינער. איך רוק זיך אַנטשלאָסן פאָרויס, טרעט אף ווייכס, זײַדנס, ווײַזט אויס, איך טאָפּטשע ווײַבערשע זאַכן. ענדלעך פּאַק איך אים, דעם גראַפין, אָט איז אויך די גלאָז. איך גיס אין דער גלאָז וואַסער, מער, נאַטירלעך, גיסט זיך אפן טיש. איצט איז געבליבן א קלייניקייַט — דערטראָגן בעשאָלעם די וואַסער צום אַדרעסאַט, ניט צעפּליעסקען זי און ניט צעברעכן די גלאָז. איך טראָג. די הענט האַלט איך אין דער הייך. ווידער פאַלט עפּעס, דאָס גאַנצע צימער איז אָנגעשטעלט מיט זאַכן.

איך בין גליקלעך, ווען די גלאָז גייט איבער פון מיר צו איר. עס איז מיר אַזוי אָנגענעם צו הערן, ווי זי טרינקט. אַפּצוריקוועגס — ווידעראַמאָל א זעץ אין א קנעכל. ווידער עפּעס אומגעוואָרפן. ביז איך האָב דורכגעמאַכט דעם וועג אף צוריק — צום דיוואַן, האָב איך פאַרשאָלטן דעם ביבליאָטעקער מיט זײַן וווינונג.

אופגעשטאַנען בין איך, ווען מײַן צופעליקע שכיינע איז אין צימער שוין ניט געווען. דאָס בעטל איז געווען אַקוראַט פאַרבעט, דאָס איינציקע קישעלע — גוט אופגעשלאָגן. מיט פאַרוווּנדערונג האָב איך געקוקט אפן ליידיקן צימער, וואָס איז באַנאַכט געווען אַזוי פול אָנגעשטעלט. באַשיידן איז געשטאַנען אין ווינקל די עטאַזשערקע מיט ביכער — אָן א סימען, אַז זיי זאָלן ווען פאַלן; א לעדערנער פּאָטערשטול, וואָס מע קאָן, דוכט, ניט רירן פון אָרט. ווו זײַנען זיי, די זאַכן, וואָס האָבן באַנאַכט געלויערט און מיך געצוקט פון אַלע זײַטן? לעבן ליידיקן גראַפין האָט דער טישטעך זיך נאָך ניט איבערגאַנצן אויסגעטריקנט.

כ'האָב ניט באַוויזן אַרויסצוגיין אין דרויסן, איז מיר אָנגעקומען אַנטקעגן דער ביבליאָטעקער מיט צוויי פרויען פון ביידע זײַטן. די עלטערע פרוי, מיט רויטע האָר אפן קאָפּ, האָט ער מיר פאָרגעשטעלט אַלס אינספּעקטאָר פון קולטור־אָפּטייל, זי איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען קאָנטראָלירן, וויאַזוי עס גייט די בויונג פון דער נײַער ביבליאָטעק־געבײַדע.

— גאָר פאַרגעסן, אַז איר זײַט שוין באַקאַנט, — האָט ער צוגעגעבן.

די פרוי האָט מילד א שמייכל געטאָן:

— א דאנק פארן טרונק.

אין דער שטאָטישער גאָרקיך האָב איך געטראָפן לעקעכן. מיר האָבן זיך דערפרייט, ווי מיר וואָלטן זיך ניט געזען א יאָר.

— ווו ווערסטו פארפאלן? — האָט ער מיר א זעץ געטאָן איבער דער פלייצע. — איך האָב גערעדט וועגן דיר. פעדאגאָגישע ארבעט ווערסטו האָבן. נו, — האָט ער געשאָטן ווײַטער, זייער א צופרידענער, וואָס ער האָט ווידער פאר וועמען זיך ארויסצוזאָגן, — איך בין נעכטן ארויסגעטראָטן אף דער לערער־קאָנפערענץ, זיך געטיילט מיט מײַן אמאָליקער פעדאגאָגישער דער־פארונג אין באָריסאָוו. מאָרגן וועל איך האלטן א לעקציע. די פרעסע וועט, פארשטייט זיך, זײַן?

— אויב זי וועט ניט זײַן פארנומען מיט וויכטיקערס, — האָב איך מיט ווירדע געענטפערט.

5

עס לויפט די צײַט, עס איז שוין מארט כוידעש, איך בין שוין אין נײַ־אמורסק קימאט אן אלטער טוישעוו, כ׳לעב דאָ אריבער א האלב יאָר, איך קען אלעמען, און אלע קענען מיך. איך האָב א טוץ פסעוודאָנימען — „א. פריילעכער״, „א. בײַסיקער״, „א. קאָטשקער״ (איך ווין אף יענער זײַט אײַזנבאן־ליניע, הינטער די קאָטשקעס, וואָס פארנעמען א היפּשן שעטעך).

איך פארדין זייער גוט, קיין פאמיליע אף אויסהאלטן האָב איך ניט, און פונדעסטוועגן ווער איך מיט יעדן טאָג מאָגערער. איך האָב ניט נאָך וועמען צו בענקען, אָבער די בענקשאפט נאָגט מיך און עסט מיך אוף. איך האָב אוועקגעשיקט קיין כארקאָוו א בריוו, צען מאָל אים געשריבן, צען מאָל צע־ריסן און פונדעסטוועגן אוועקגעשיקט. איך וואַרט אף אן ענטפער. ער וואָלט שוין געדארפט זײַן. יעדן טאָג, ווען עס קומט אָן אין רעדאקציע די פּאָטשט, לויף איך ארײַן אינעם בריוו־אָפּטייל גרייט ארויסצוכאפּן דעם בריוו ספּעציעל פאר מיר, און גיי ארויס נאָר מיט א פּעקל פארשריבענע זײַטלעך — קאָרעס־פּאָנדענצן, וועלכע מע דארף ליטעראריש באארבעטן.

דער גוירל און דער ווינונגס־אָפּטייל פונעם שטאָט־סאָוועט האָבן מיך צוזאמענגעפירט מיט „דער באָרד״, וואָס איז מיט אונדז געפאָרן אין איין וואגאָן. איך ווין מיט אים צוזאמען אין איין צימער. עס שטייען דאָרטן אונדזערע צוויי בעטן. דער מענטש איז מיר שטארק דערווידער, און דאָך דוכט מיר אייניקע מאָל, אז איך וואָלט געוואָלט זײַן אזא, ווי ער. פארוואָס קאָן איך ניט זײַן אזוי העפקערדיק, אזוי גרינג לעבן, ווי ער? יעדן אָוונט פארליבט ער זיך אין א צווייטער.

צו אונדז קומט ארײַן א פרוי, וואָס נעמט אף אהיים וואשן גרעט. „די באָרד״ טוט צו מיר א ווונק, איך זאָל ארויסגיין. אלץ קאָכט אין מיר, איך בין אופגעבראכט, נאָר, ווי א שמאטע, פאָלג איך און גיי ארויס. כ׳קום אייניקע מאָל אין אָוונט, ס׳איז נאָך ניט שפּעט, נאָר די טיר איז פארקייטלט, מײַן קלאָפּן העלפט ניט. ווי א נאר גיי איך ארום אין דרויסן, זידלענדיק מײַן שאָכן אף וואָס די וועלט שטייט.

דערנאָך זיצט ער באַם טיש, טרינקט טיי און סמאַקעוועט, דערציילט זײַנע שטיק.

— איך קוק אױף אײַך און שטױן, — זאָגט ער צו מיר. — דאַר זײַט איר, ווי א שפּיזל, איר עסט זיך, אפּאָנעם, אַליין אױף. א מענטש לעבט דאָך איין מאָל אױף דער וועלט. איז דען פאַראַן א גרעסערער פאַרגעניגן, ווי צו ליבן א פרױ? עס איז בעסער פון ווײַן, בעסער פונעם שענסטן בוך, איבער וועלכן איר זיצט אָפּ א לאַנגע נאַכט. פון פּלאַטאָנישער און אײביקער ליבע האַלט איך ניט, ס'איז פּוסטע מײַסעס. און מיינט איר, וואָס? איך קוש נאָר, איך קוש אַפילע מיט גוואַלד, ווײַל קיין העזעק האָט דאָ קיינער ניט. איך גיי אַרײַן אין א קאַנצעליאַריע. ליידיק, פּוסט. באַם טישל זיצט א יונג שיין מיידל און באַקוקט די נעגעלעך אירע. ווי׳אַזוי טוט מען ניט אַזא צאַרט נעפּעשל א קוש? די פרויען, מיט וועלכע איך בין געווען באַקאַנט, שרײַבן מיר בריוו, קלאַפּן אַפילע דעפּעשעס...

— און פאַרשעלטן אײַך דאָס געביין, — האָב איך אַרײַנגעשטעלט.

— אייניקע שעלטן טאַקע... נו, איז וואָס?

— איר זײַט אַן אַנאַכראָניזם אין א יונגער רײַנער שטאָט, וואָס דאַרף ניט וויסן פון אַלטן שמוץ, פון אויסגעלאַסנקײַט, — האָב איך אָנגעהויבן, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם. — איר מיינט, אַז דאָ איז א העק, דער ווײַטער מיזרעך, און מע וועט זיך צו אײַך ניט דערקלײַבן...

ער האָט אָנגעשטעלט אױף מיר זײַנע בוימל־גלאַנציקע אויגן און געשמאַק זיך פּאַנאַנדערגעלאַכט:

— איר זײַט ניט געווען קיין יעשיוועבאָכער? צי עפּשער איז אײַער טאַטע געווען א ראָוו?

„לאַך, לאַך, איך וועל, פאַרשויך, זיך נעמען צו דיר, — האָב איך באַשלאָסן, — איך וועל אױף אײביק בא דיר אָפּשלאָגן דעם כיישעק זיך צו פאַרנעמען מיט מ׳עסע שטיק".

איך בין אַוואַדע געווען דער ערשטער פעליעטאָניסט, וואָס קוקט אױף זײַן העלד און שרײַבט גלײַך אַראָפּ פון אים זײַן פּאָרטרעט. כ'געדענק ניט, איך זאָל האָבן ווען־עס־איז אַזא פאַרגעניגן פונעם שרײַבן. א געפּערלעכע זאַך, ווען די פּען צעלאָזט זיך. איך האָב אים געמאַכט אויסצודרייען, געריסן פון אים שטיקער, און ער האָט בייסמײַסע אומשולדיק און טמימעסדיק געטרונקען טיי, געלייענט די בריוו, וואָס זײַנען אים אָנגעקומען; בא איין בריוו — ליבלעך אַרײַנגעשמייכלט אין דער באָרד, צוגעברומט א לידל, בא דעם אַנדערן — זיך געריבן די באַק, דערנאָך צעריסן דאָס בלעטל, אַרײַנגעוואָרפן צוזאַמען מיטן קאָנווערט אין אויוון, וואָס ווארט אױף א קאַלטן טאָג, ווען מע וועט די קאָרעספּאָנדענץ פון גאַנצן זומער סאָפּקאָלסאָף פאַרברענען. ער איז צוגעגאַנגען און זיך געשטעלט הינטער מײַן פּלייצע.

— האָט געדולד, איר וועט לייענען אין דער צײַטונג, — האָב איך פאַרשטעלט מיט דער האַנט די בלעטלעך.

אױף מאָרגן האָב איך דעם פעליעטאָן באַוויזן דעם רעדאַקטאָר. פּאַטערלעך האָט ער א פּיר געטאָן מיט דער ווייכער וואַרעמער האַנט איבער מײַנע האָר,

צעשויבערנדיק זיי נאָך מער. זיי זײַנען געוואַקסן בא מיר, ווי דראָט, — אין דער הייך און בא די זײַטן.

— דו האָסט א מיידל? — האָט ער געפרעגט שטיל, די איבעריקע מיטאר־בעטער בא די טישלעך זאָלן ניט הערן. — פאראן אין נײַ־אמורסק זייער שיינע מיידלעך, און אלע טאָג קומען אָן נײַע, — האָט ער צוגעגעבן מיט א געוויסן אומעט פון אן עלטערן מענטשן, וועמענס צײַט ס׳איז שוין אוועק.

איך בין מיסטאמע גוט רויט געוואָרן. כ׳ווייס אליין ניט פארוואָס, נאָר איך האָב זיך דערפילט אין עפּעס באליידיקט און צוגענומען די פארשריבענע בלעטלעך.

— אָנגעשריבן איז עס ניט שלעכט, — האָט ער באמערקט. — שילדערנ־דיק גוטס אָדער שלעכטס, מוז מען אָבער זיך קאָנען צוימען... דו באשרײַבסט אזוי דעם העלד, פונקט ווי מע וואָלט אים געדארפט שיסן... מאך בעסער א פריילעך בילדל פון א נײַעם דאָן־זשואַן אפן ווײַטן מיזרעך.

— איך וויל נאָר בעטן איין זאך, — האָב איך זיך אָפּגערופן, — העלפט מיר קריגן אן אנדער וווינונג.

פארפונדעוועט זיך אין נײַ־אמורסק הייסט ניט האָבן א גוטע דירע, א גוטע ארבעט, ווײלע באקענטע, א פולע שטוב מיט מעבל. דאָס אלץ איז נאָך ניט גענוג, מע זאָל ניט בענקען נאָך דער אלטער היים און אין א שיינעם טאָג, מיט די טשעמאָדאנעס אין די הענט, זיך ניט ארײַנזעצן אין וואגאָן.

פארפונדעוועט הייסט מען דאן, ווען מע ברענגט אראָפּ דאָס ווײַב מיט די קינדער. א ווײַבל ווערט ניט צוגעבונדן, נאָר צוגעזאָטן צום אָרט, ווו זי שלאָפט איבער א נאכט. דעם מאנס נײַע היים ווערט נאָך מער איר היים, דער קלענסטער כיילעק, וואָס דער מאן האָט אין דער בויונג פון דער נײַער שטאָט, ווערט בא איר אין די אויגן א כיילעק גאָר א גרויסער. אויסער אלע־מען, איז דער וועג מיט די קינדער זייער א לאנגער און ניט קיין לײַכטער. פּרובירט אים דורכמאכן נאָכאמאָל...

לעקעך איז שוין פארפונדעוועט. ער האָט ארויסגעפּאָדערט דאָס ווײַב מיטן קינד, און מיט א פּאָר וואָכן צוריק איז אויך אראָפּגעקומען זײַן יינגערע שוועסטער, וואָס האָט פארענדיקט די האָמליער פעדשול. זי הייסט ליובע. באקאנט האָב איך זיך מיט איר ניט בא לעקעכן אין שטוב, נאָר אין בילדונגס־אָפּטייל, ווהין מע האָט מיך דרינגענדיק ארויסגערופן.

ווען איך בין ארײַן צום פארוואלטער פונעם אָפּטייל אין קאבינעט, האָט ער אָן איבעריקע פּאָרעדעס מיך צוגעפירט צו דער מאפּע, וואָס איז געהאנ־גען אף דער וואנט.

— אָט דאָ דארפן מיר לערער, — האָט ער באוויזן אף א קרײַזעלע, גאָר ווײַט פון נײַ־אמורסק. דאָס קרײַזעלע האָט ער עטלעכע מאָל ארומגעפירט מיט א רויטן בלײַער, אזוי אז צום סאָף האָט עס גענומען אויסזען ווי א קראָך.

— יאָ, יאָ, — האָט ער מיך ניט געלאָזט אויסריידן א וואָרט, — אלע ווילן

נאָר ארבעטן אין שטאָט. איז אײַך דען, יונגערמאַן, ניט אלציינס ווו? אדע־ראבע, אין א קלענער אָרט וועט איר קאָנען ארויסווײַזן מער איני־ציִאטיוו.

אוועקגעשטעלט זיך אױף דער שוועל, האָט ער באקוקט דעם ליידיקן אופ־נאם־צימער און א פרעג געטאָן בא דער סעקרעטארשע:

— כאווערטע לעקעך איז שוין אוועק? כאווערטע לעקעך! — האָט ער ארויסגעשריִען מיט א פרימאָרגנדיק־הייזעריקלעך קאָל.

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן.

— די כאווערטע לעקעך פאָרט אויך אהין. איר וועט ארבעטן אין איין שול.

אינגיכן האָב איך דערזען מײַן קינפטיקע קאָלעגע.

— אָט איז זי! — האָט די סעקרעטארשע אָנגעוויזן אפן מיידל, וואָס איז פארהאוועט ארײַנגעלאָפן אין צימער.

דאָס קײַלעכיקע געמיטלעכע פּאָנעם מיט די ראָזעווע דינהויטיקע באקן און די ברילעכלעך אױף די אויגן האָבן מיר גלײַך דערמאָנט לעקעכן.

מיר האָבן זיך דערלאנגט די הענט. איר קלײַענדיק הענטל האָט גאנץ פילבאר א דריק געטאָן מײַן האנט. מיר האָבן שווײַגנדיק אָנגעקוקט איינס דאָס אנדערע. איך בין געווען אין מײַן רעגנמאנטל, וואָס האָט שוין באוויזן זיך היפּשלעך אויסצורײַבן און אָפּצווועלקן און באקומען דעם קאָליר פון אויסגעזויגענער טיי, וואָס מע דארף ארויסגיסן. בא איר איז דער מאנטל געווען א נײַער, פון דער פּארטיע סכוירע, מיט וועלכער מע האָט די ערשטע עטלעכע טעג געהאנדלט, ווען ס'האָט זיך געעפנט דער נײַער אוניווערמאַג, א פײַנער מאנטל — לויט דער לעצטער מאָדע. פונעם צעשפּיליעטן מאנטל האָט ארויסגעבלאנקט א פרילינגדיק ווײַס קאָפטל, אױף די פיס — שטיוועלעך מיט א ביסל צעשוווּמענע נעזער.

פון דעם ערשטן בליק האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז דאָס איז זייער אן אומבאהאָלפן וועזן, א קינד, וואָס איז פארוואָרפן געוואָרן אױף צען טויזנט קילאָמעטער און מע וויל איצט פארווארפן נאָך ווײַטער, צעשיידן מיטן איינציקן ברודער. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך דערפילט, ווי ס'איז גוט צו זײַן אן עלטערער און נעמען עמעצן אונטער די פליגל. ליובע לעקעך איז דער אָביעקט, וואָס נייטיקט זיך אין מײַן הילף.

איך האָב איר דערציילט, אז איך בין זייער גוט באקאנט מיט איר ברודער. מיר האָבן געלערנט צוזאמען. ער איז מײַן בעסטער פרײַנט.

— מיט אים איז קיינמאָל ניט לאנגווײַליק, — האָט ליובע געזאָגט, — ער ווייסט זייער א סאך, און זײַנע קענטענישן האָט ער ליב איבערצוגעבן אנדערע.

— איך האָב געהאט די מעגלעכקײַט צו איבערצײַגן זיך אין דעם פיר יאָר, טאָג נאָך טאָג, — האָב איך גערן צוגעשטימט.

דעם גאנצן טאָג האָבן מיר זיך ניט צעשיידט. ביסלעכווײַז האָב איך זיך געכאפּט, אז ניט איך פיר אָן מיט איר, נאָר זי מיט מיר.

— מיר דארפן דען ניט קיין לערנביכער, קיין גלאָבוסן? — האָט זי מיך ארײַנגעפירט אין ביכער־מאגאזין. — אין דער טײַגע וואקסן זיי ניט.

דערנאָך האָט זי מיך אוועקגעשלעפּט אין מעטאַדישן קאַבינעט אויף א קאָנסולטאַציע און אויף א מוסטער־לימעד פון דער בעסטער לערערן אין שטאָט.

דריי װאָונטן האָב איך פאַרבראַכט בא איר ברודער, אין זיין געמיטלע־כער דירע אינעם לערערישן הויז. דאָס ווייב זיינס האָט מיך מעכאַבעד גע־ווען מיט איינגעמאַכטס, וואָס זי האָט געבראַכט פון באָריסאָוו.

איך האָב געהאַלטן אויף די קני לעקעכס טעכטערל. דאָס מיידעלע האָט מיך געפּאַטשט אין די באַקן, געקלאַפּט מיט די פּיסלעך, געקראָכן אויף מיר, ווי איבער א קלאָץ, פאַרניכטנדיק די לעצטע אויסגעפּרעסטע סימאָנים פון מיין אָנצוג. לעקעך האָט געקליבן נאַכעס:

— א לעבעדיק מיידעלע, האַ? א ברען!

ליובע לעקעך האָט א קוש געטאָן די קליינינקע פּלעמעניצע און מיר אויך געשאָנקען א קאָמפּלימענט:

— קינדער האָבן אייך ליב. ס'וועט אייך זיין גרינג מיט זיי צו ארבעטן.

אפן פּערטן אָוונט בין איך מיט ליובען שוין געזעסן אין באַן, מיט וועלכער מיר האָבן געדאַרפט פאָרן סאַכאַקל עטלעכע שאָ ביז כאַבאַראָווסק, און פון דאָרטן זיך איבערזעצן אויף א שיף.

מיט דער ברייטקייט פון א מענטשן, וואָס האָט א פּויטעקע, באַשטעל איך אין וואַגאָן־רעסטאָראַן אַזויפיל מייכאָלים, אַז איך מיט ליובען וועלן ניט דאַרפן אופהערן עסן און טרינקען דעם גאַנצן וועג. בא די טישלעך איז ליידיק, די פּאַסאַזשירן, וואָס פאָרן פון מאָסקווע, האָבן, ווייזט אויס, זיך שוין אויסגעבייטלט.

גוט איז צו זיצן בא א ליכטיק טישל, לעבן פענצטער, הינטער וועלכן עס ליגט אַן איינזאַמע נאַכט; פונעם ערשטן קעלישעקל בראַנפן האָט זיך בא מיר געהויבן די שטימונג, און, שיקערלעך, האָב איך גענומען ליובען דערציילן וועגן א מיידל, וואָס האָט א מאָדנעם נאָמען — סמענע און וואָס וווינט אין כאַרקאָוו. קיין שום איינדרוק האָבן מיינע רייד ניט געמאַכט אויף איר. ווי וועגן א זאַך, וואָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזוי מוז זיין, האָט זי נאָר געפרעגט:

— ווען וועט זי קומען צו פאָרן?

— מעגלעך, אַז קיינמאָל ניט, — האָב איך געענטפערט.

— פאַרליבטע לערער זעען אויס קאָמיש אין די אויגן פון די שילער, — האָט זי באַמערקט מיט דער שטרענגקייט און ערנסטקייט פון א פיל דער־פאַרענער קלאַסנער דאַמע.

איך פּרוּוו פאַרגלייכן דאָס דאָזיקע מיידל מיט סמענען. ס'איז גאָר קיין פאַרגלייך ניט. בא סמענען איז פול מיט כיין יעדער שטריך, יעדע באַווע־גונג, און די איז עפּעס גאָר א מאָדנע בריזע.

אויף די פאָר פרייע שאָ, וואָס מיר האָבן ביזן אָפּגיין פון דער שיף, שלעפּט זי מיך אוועק אין כאַבאַראָווסקער קאַנטישן מוזיי, פירט מיך אום איבער די זאַלן, עס פעלט איר נאָר א שטעקעלע אויף צו זיין אַן עקסקורסיע־אָנפירערן. זי דערציילט אויס, וואָס זי ווייסט, וועגן דער יאַפּאַנישער און

אמעריקאנער אינטערווענץ נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אפּן ווײַטן מיזרעך, וויאזוי מע האָט די אינטערווענטן אַרײַנגעשלײַדערט אין שטילן אָקעאַן.

И на Тихом океане
Свой закончили поход [1], —

האָט זי אפילע ציטירט די באַוווּסטע ליד.

ארומגייענדיק מיט איר, האָב איך געטראַכט, אַז ווען דאָס זעלבע זאָל מיט מיר אײַנקנעלן ביניאָמין, וואָלט איך די מינוט אנטלאָפן, און זי... זי הער איך פונדעסטוועגן.

אָנגעשפּיקעוועט מיט מענטשן און מיט פאַרשיידנסטע סכוירעס, אפילע מיט א בעהיימע, וועלכע מע האָט אַפּגעצאַמט אין עקסטן ווינקל, איז אונדזער שיף אָפּגעשווומען פונעם כאַבאַראָווסקער האַפן. אַפן ברעג איז געבליבן כאַבאַראָווסק — א צעוואָרפענע שטאָט, מיט א סאַך שיינע קוואַרטאַלן און אויך פּוסטע שטאָכים, וואָס וואַרטן, מע זאָל זיך נעמען צו זיי. אַף דער שיף זײַנען געפאָרן אַלטע אַמורער טוישוּווים, וועמענס אורעלטערן עס האָבן זיך דאָ באַזעצט נאָך מיט פיל יאָרן צוריק, מענטשן, וואָס ווייסן, וויאזוי עס הייסט יעדער בוים אין דער טײַגע און יעדעס פישל אין טײַך, זיי איז באַקאַנט יעדער בייג פונעם אמור. פעסטע, געזונטע לײַט, ווי די דעמבעס. די ווײַבער נעמען פאַנאַנדערבינדן די קלומעקעס, שפּרייטן אויס טיכלעך אַף די צעשטעלטע קני און לייגן ארויס שטיקער כאַזער, פיר פינגער די גרעב, מע שיילט אַפּ הארטע אייער און מע נעמט זיך צו דער אכילע, פאַרטרינקענדיק מיט בראַגע.

עס פאָרן נײַע אײַנוווינער פונעם קאַנט, א נײַער דאָר מענטשן. עס האָט זיי שוין געגעסן דער גנוס, דאָס קאָמאַרל, פון וועלכן עס איז ניטאָ קיין רו, זיי ווייסן שוין, וואָס עס הייסט א פאַרפלייצעניש און א פאַרטרינקעניש זומער, און א ברענענדיקער פראָסט מיט א שנײַדנדיקן ווינט — ווינטער. זיי באַמיִען זיך אויסגלײַכן מיט די עמעסע אַמורצעס, באַ א געלעגנהײַט ווײַזן זיי ארויס זייערע קענטעניש אין הילכעס טײַגע, הילכעס געיעג און פישפאַנג. די אַלטע טוישוּווים שטימען צו, שאָקלען מיט די קעפּ, און עמעצער פון זיי, וואָס האָט שוין פאַרזוכט א ביסל בראַגע אָדער א שטאַרקער געטראַנק און ס'האָט זיך באַ אים צעבונדן די צונג, הייבט אָן דערציילן אַזעלכע ניסים־וועניפלאָעס, אַז אפילע אַף אים, דעם גיבער, איז שווער צו גלייבן, ער זאָל קאָנען האָבן אַזעלכס אופּגעטאָן אין דער טײַגע אָדער אַפן טײַך. אָבער די פּאַסאַזשירן הערן אַלצייַנס מיט אַנציקונג.

ליובע לעקעך רופט צו א יִינגעלע, ווישט אים אָפּ מיט איר טיכעלע די נאָז און מוסערט אים אויס. זי איז גרייט צו מוסערן אפילע דעם קאַפּיטאַן. זי האָט געשלאָסן קאָנטאַקט מיטן עקיפּאַזש פון דער שיף, און זי איינע האָט א פרײַען צוטריט צום קאַמבוז[2], זי עסט ניט קיין הארטע אייער, זי מאַכט א פּײַנקוכן; אַז זי טראָגט אים א שיפּענדיקן, א לעבעדיקן אַף דער סקאָוואָ־

---

[1] און באַם שטילן אָקעאַן פאַרענדיקט האָבן זיי דעם מאַרש; [2] קיך.

ראַדקע איבער דער שיף, עטעמען אלע פּאסאזשירן אײַן אין זיך דעם גע־שמאַקן רייעך.

— עסט! — איז מיך ליובע מעכאבעד און צעשנײַדט דעם פּײַנקוכן אף דער העלפט.

איך עס מיט פארגעניגן מײַן באליבט מײַכל און טראכט בייסמײַסע, אז ביניאָמין לעקעך האָט א גאנץ ווילע שוועסטער.

אין יישעוול זײַנען מיר אראָפּגעקומען פארנאכט. צו אונדז איז צוגע־גאנגען א יונג — יעדער אייווער יאָדערדיק און פעסט, די נאָז פלייישיק, אקוראט ס׳וואָלט זי ארופגעלייגט אף די וואַגשאָלן פונעם פאָנעם א גע־וויסנהאפטער קאצעוו; דער נאקן — רויט און ברייט. ער האָט א קוק געטאָן אף ליובען פון א זײַט, אף איר שפיץ אויער.

— מאַן און ווײַב? — האָט ער אויסגעברומקעט, פּונקט ווי אין קאַס.

— כאָלילע, — האָט ליובע געענטפערט.

— איר וועט דערוויַיל ווינען אין מײַן צימער, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר. זײַן קאָל האָט, דוכט זיך, געקלונגען ווייכער, ווי פריִער.

דאָס איז געווען דער פאָרזיצער פון קאָלווירט סיאָמע פרישמאַן. ליובען האָט זיך אונטערגענומען אײַנאָרדענען דער פאָרזיצער פון יישעוו־סאָוועט. איידל־דזשענטלמעניש האָט ער געטראָגן ליובעס טשעמאָדאַן, אונטערגע־קרעכצט און געזוכט וועמען אים איבערצוגעבן. אָן אנדער מאנצבל האָט געטראָגן ליובעס בעטגעוואנט.

פּריש איז געווען די לופט, ווייך — די ערד. א מאָדנעם אײַנדרוק האָט געמאכט די איינציקע גאַס. די רעכטע זײַט אירע איז געווען קימאַט א שטאָטישע, פארבויט מיט דרײַ שיינע צווייִשטאָקיקע הײַזער, געטינקעוועט און אָפּגעפארבט; עס איז געווען פארלייגט דער פונדאמענט פון נאָך א הויז, אָבער זעט אויס, מע האָט די בויונג שוין א היפּשלעכע צײַט פארלאָזט — ארום דעם פונדאמענט האָבן זיך ארויסגעשלאָגן גראָז־בעזעמלעך מיט הויכע שטענגלעך און קראָפּעווע. די אנדערע זײַט גאַס — א געווייִנלעכע דאָרפישע, מיט נידעריקע שטיבלעך און פּלויטן. אף דער דאָרפישער זײַט — די שול, א ביסל גרעסער פון די אנדערע הײַזער און געדעקט מיט שיפער. איין עק גאַס האָט געקוקט צום טײַך, דער צווייטער עק — אין סטעפּ ארײַן, ווו ס׳האָבן זיך געזען צוויי סקירדעס היי, צוגעפרעסטע מיט פלאָקנס.

דאָס צימער, ווו סיאָמע פרישמאַן וווינט, איז געווען ריין אופגעראַמט, דאָס אײַזערנע בעטל פארשפרייט מיט א גרינער בײַקעווער קאָלדרע. עס איז געשטאַנען נאָך א באנקבעטל, ווײַזט אויס, ספּעציִעל פאר באפולמעכטיקטע און קאָמאנדירטע, וואָס קומען אראָפּ אין יישעוו. ארײַנקומענדיק אין אזא ווינונג, דערפילט מען גלײַך, אז דער באלעבאָס קומט אהער נאָר איבער־נעכטיקן. די אופראַמערן פונעם יישעוו־סאָוועט האָט ארײַנגעבראכט און אועקגעשטעלט אפן טיש א גראַפין וואסער. זי האָט אויך אויסגעוואשן און אויסגעווישט די גלאָזן.

— וואַרט ניט אף אים און לייגט זיך שלאָפן, ווען איר וועט וועלן, — האָט זי א ווונק געטאָן אפן באנקבעטל. — דער פרעצעדאטעל קומט שפּעט.

## 6

א קורסאַנט פון א פּליִער־שול הייבט זיך אויף אינדערלופטן, ער האַלט דעם שטורוואַל, אָבער לעבן אים זיצט דער אינסטרוקטאָר, א דערפאַרענער פּילאָט, וואָס איז גרייט יעדע מינוט קומען צוהילף. א באָכערל קומט אָן אויף א זאַוואָד, מע שטעלט אים אוועק אַרבעטן בא א גרויסן ווערקשטעל, נאָר עס נעמט ניט אַראָפּ פון אים דאָס אויג דער געניטער מײַסטער. ווער אָבער שטייט לעבן א יונגן לערער, וואָס פירט דורך דעם ערשטן לימעד זײַנעם?

מײַנע קלאַסן זײַנען ניט קאָמפּלעקטירט. דער יִישעוו וואַקסט, קינדער וואַקסן אונטער, מיט דער צײַט וועלן אַפילע זײַן פּאַראַלעלע קלאַסן, אָבער דערווײַל זײַנען בא מיר אַכט פּאַרטעס אינעם פינפטן קלאַס ליידיקע, אין זעקסטן פּוסטעווען נאָך מער, און אינעם זיבעטן זעצן זיך אויס אַלע שילער אויף פיר פּאַרטעס.

מיך וווּנדערט, ווי אויף דער גאַנצער וועלט זײַנען די יִינגלעך די זעלבע קונדייסים. ווען זיי וואַקסן אויס, שרײַבן זיי אַפילע אָן אַמאָל א האַרציקן בריוו דעם לערער, דאַנקען און זינגען א לויבגעזאַנג, אָבער דערווײַל דער־גייען זיי אים גוט די יאָרן.

בערל זינגערמאַן, א פּאַרשײַטער כעוורעמאַן פונעם זעקסטן קלאַס, האָט אויף מײַן לימעד באַשלאָסן מאַכן אַן עקספּערימענט. מיט די פינגערלעך זײַנע האָט ער אונטער דער פּאַרטע עפּעס אויסגעמײַסטרעוועט, דערנאָך האָב איך קוים באַוויזן צו באַמערקן דאָס פּלעמל פון א שוועבעלע, ווי ס׳האָט זיך דערהערט אַן עמעסער אופּרײַס, עס האָבן א קלונג געטאָן די שויבן. ליובע איז פון איר קלאַס אַרײַנגעפלויגן צו מיר, שיר ניט פאַר אַלע קינדער אין די אויגן אַרומגעכאַפּט קושן, ווען זי האָט מיך דערזען א לעבעדיקן.

דער זעלבער בערל מיט די ווייכע זײַדענע האָר, וואָס פאַלן אַפּן שיינעם ווײַסן שטערן, איז דערנאָך מיט אַן אומשולדיקער מינע געשטאַנען אין דעם לערער־צימער, וועלכער דינט אויך אַלס קאַנצעליאַריע. ס׳איז ניט געווען צו זען, אַז ער זאָל טאַקע האָבן כאַראָטע. ער האָט געטײַנעט זײַנס:

— עס איז אינגאַנצן אומגעפּערלעך. ס׳גיט נאָר א דונער. מער וועל איך עס אויף די לימודים ניט טאָן.

— אין קאָרידאָר דונערסטו אויך, — האָט די שול־פּאַרוואַלטערן יעווגע־ניע מיכײַלאָוונע אָנגעגריפן אויף אים מיט איר שטרענג קאָל און שטרענגן אויסזען.

קיין אופּרײַסן זײַנען מער אין קלאַס ניט געווען, אָבער אין אַנדערע ערטער הערן זיי ניט אויף. דאָ און דאָרט צעשפּרייט זיך מיטאַמאָל א גיפטי־קער רויך, עס טוט א פּלאַם. עס קאָכט. אינעם פיזישן קאַבינעט, וואָס איז אַזוי אויך באַשיידן אויסגעשטאַט, ווערן פּאַרשווונדן פּאַרשיידענע זאַכן. דער לערער פון פיזיק און איך, דער קלאַסן־אָנפירער, ווייסן, פּאַרשטייט זיך, וועמענס אַרבעט עס איז. איין טרייסט האָבן מיר: בערל זינגערמאַן וועט אָנטיילנעמען אין דער ראַיאָנישער אָלימפּיִאַדע און ער וועט ניט מעוויײַעש זײַן ניט זיך, ניט אונדזער שול.

א האלבער קלאס מײַנער זײַנען קאָלעקציאָנערן, איינער קלײַבט מאַר־קעס, א צווייטער — עטיקעטקעס, א דריטער — מאטבייעס. ווילי פּאַרמאַגט אפילע אן ארגענטינער פּעסאָ, אן אמעריקאנער צענט, א דײַטשישן פּפעניג...

אפן לימעד האָב איך מיט די קינדער געקנעלט װעגן אדווערב. ווילי און זײַן כאַווער ליאָווע האָבן זיך פּאַרנומען מיט זײַטיקע זאכן, נאָר אלע מאָל, ווען כ׳האָב זיי געוואָלט פּאקן דערבײַ, האָבן זיי אף מיר אויסגעשטעלט אזעלכע אומשולדיקע קוקערס און די אויערלעך זײַנען אזוי אָנגעשפּיצט געווען צו הערן יעדער וואָרט מײַנס, אז מיר אליין האָט זיך געגומען דוכטן, אז כ׳האָב א טאָעס. נאָר אָט האָט זיך א ווײַס מאטבייעלע פּארקײַקלט אונ־טער דער פּאָדערשטער פּארטע, לעבן מײַן טישל. ווילי בייגט ארונטער דאָס קעפּל, ציט אויס די האַנט אף צו דערלאנגען דעם אויצער. בייסמײַסע טוט דאָס שטילע מיידעלע, וועלכע הייסט מײַע, א פּארשטעל די מאטבייע מיטן פּיסל. ווילי שטופּט דאָס פּיסל מיט זײַן פוס. צוהילף מײַעטשקען קומט איר שכיינע לענע, זי שטעלט ארויף א פוס אף מײַעס פוס. יענע טוט זיך א קנייטש פון ווייטעק, אָבער שא־שטיל, מע הערט ניט קיין פּיפּס. אף א ווײַלע פּאַר־געס איך אליין, ווו איך האלט מיטן אדווערב און מיט זײַנע פּאַרמען, און פּאָלג נאָך מיט א ספּאָרטיוון אינטערעס, וואָס וועט זײַן ווײַטער. די קולמי־נאציע קומט דאן, ווען ווילין געלינגט אונטערצוהייבן מײַעס שוך און ארונ־טערשטעקן א פּאָר פינגער אף ארויסשארן די מאטבייע. אין דער דאָזיקער רעגע לאָזט מײַעטשקע אומבעראכמאָנעסדיק אראָפּ דעם קנאפּל אף זײַן האַנט, און דער כעוורעמאן טוט אזא ווילדן וויי־געשריי, וואָס ניט דערהערן אים קאָן איך שוין ניט.

— כאזער איבער, וואָס איך האָב געזאָגט, — ווענד איך אָן צו ווילין מײַן אויסגעפּרוווטן פּעדאגאָגישן מעטאָד, וואָס כ׳לאָז יעדן מאָל אין גאנג, האָבנדיק צו טאָן מיט ניט־דיסציפּלינירטע שילער.

ס׳איז פּאָשעט א וווּנדער, נאָר דער יונגאטש כאזערט אלץ איבער, וואָרט אין וואָרט. איך רוף אים ארויס צום טאָוול. ער שרײַבט, און אן אייגל זײַנס קוקט אלץ אפן אָרט, ווו עס ליגט די מאטבייע.

— איצט גיי ארויס פון קלאס, — זאָג איך דערנאָך רויִק, אָן שום גע־בייזער, — נאָכן לימעד וועסטו ארײַנגיין אין לערער־צימער, צו יעווגעניע מיכײַלאָווגען.

יעווגעניע מיכײַלאָווגע מוסערט ווילין. פיל שטרענגער מוסערט מיך ליובע לעקעך:

— בא אײַך טומלט מען אזוי, אז מע הערט אין מײַן קלאס. בא אײַך איז די ערגסטע דיסציפּלין. מײַן ברודער ביניאָמין פרעגט זיך נאָך אין די בריוו וועגן אײַערע דערפּאָלגן, כ׳וועל אים מוזן אָנשרײַבן דעם עמעס.

מיט מיטגעפיל און אפילע א ביסל מיט הארצווייטעק זאָגט זי מיר:

— איר וועט האָבן גרויסע אומאָנגענעמלעכקײַטן. צי דען האָט מען אײַך אין אינסטיטוט ווינציקער געלערנט, ווי אונדז, אין דער פּעדשולע?..

אויסער אריפמעטיק און שפּראך, פירט ליובע אויך דעם לימעד פון געזאנג. אין פּעדשול האָט זי זיך אויסגעלערנט א ביסל שפּילן פּיאנע, נאָר מיט קיין שטים איז זי ניט געבענטשט. ליובע עפנט דאָס דעקל פון דער

פיאַנע, וואָס ריגער אַרבעטער האָבן אַלס מאַטאָנע צוגעשיקט דעם יִשעוו.
ס'איז אַ נײַער, גוטער אינסטרומענט, יעדער ריר מיטן קלאַוויש רופֿט זיך אָפּ נאָכגיביק און קלאָר. אַ פֿאַלשער טאָן, אַ ניט־ריכטיקער קלאַפּ מיטן פֿינגער טוט גוואַלדיק אַ שניט אין אויער. ליובע בעט, איך זאָל זי פֿאַר־הערן. זי רעפּעטירט דעם וויזאַמאַרש „אַלץ העכער":

> אונדז איז באַשערט די ברייט און ווײַט באַזיגן,
> דעם וווּנדער־טרוים פֿאַרוואַנדלען אין אַ וואָר.
> ס'האָט אונדז פֿאַרשטאַנד געגעבן ברייטע פֿליגל,
> אָנשטאָט אַ האַרץ — אַ פֿלאַמיקן מאָטאָר.
> אַלץ העכער, און העכער, און העכער...

איך העלף ליובען אויסצײַען „אַלץ העכער" און אײַלצע איר טרינקען גאָגאָל־מאָגאָלס.

אַפֿן געזאַנג־לימעד קומט אַרײַן דער פּאַרזיצער פֿרישמאַן. ס'איז זײַן בעסטער אָפּרו, — זאָגט ער. ער אײנער האַלט, אַז בא ליובען איז אַ גוטע שטים און אַז זי קאָן זינגען. ער הערט זי קימאַט מיט אַנציקונג. אומגעריכט האָבן זיך אויף דער שול אַ שאָט געטאָן אַזעלכע טויוועס, וועגן וועלכע מיר האָבן נאָר געקאָנט טרוימען. דער סטאָליער, וואָס איז פֿאַרוואָרפֿן מיט אַר־בעט אין קאָלווירט, איז געקומען אין שול און פֿאַריכט אַלע טירן און פֿענצטער; אַ מוליער האָט אויסגערייניקט די אויוונס; אײנע נאָך דער אַנ־דערער האָט מען געבראַכט פֿורן מיט האָלץ — אויף גאַנצן ווינטער.

צום ערשטן מאָל האָט מען געזען סיאָמע פֿרישמאַנען אין קלוב בײַס אַ קינאָ־סעאַנס. אין דער פֿינצטער האָט ער זיך געשאַרט בא די שמאָלע בענק, ביז ער האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן ליובען, — צום גרויסן באַדויערן פֿון די, וואָס זײַנען געזעסן הינטער זײַן ברייטער פּלייצע. דאָס יִנגל, וואָס איז געזעסן לעבן ליובען, האָט ער געגומען אויף די קני.

אויף מאָרגן איז בא ליובען אין קלאַס אויפֿן טאָוול געווען אָנגעשריבן: „פֿרישמאַן + לעקעך = ליבע".

ליובע האָט דאָס מאָל קײנעם ניט געמוסערט, זי האָט אָפּגעווישט דעם טאָוול און דערנאָך עטוואָס לענגער, ווי געווײנלעך, געווישט די ברילעכלעך.

ליובע קוקט איצט אויף מיר ווי אַ שולדיקע, ווי זי וואָלט מיך פֿאַראַטן. אַפּאָנעם, אויף צו באַרויִקן מיך געפֿינט זי אין סיאָמע פֿרישמאַנען אַלץ נײַע בעסרוינעס:

— וואָס איז ער, אַן אינספּעקטאָר, וואָס ער קומט זיצן אויף די לימודים? קאַרג האָט ער אַרבעט אין קאָלווירט? ער ברענגט נאָר אַרײַן אין אַ פֿאַר־לעגנהײַט די קינדער...

אַן אַנדערשמאָל זאָגט זי מיר אָן:

— פֿרישמאַן האָט אויף דער זיצונג פֿון ראַיִיספּירקאָם ווידער באַקומען אַן אויסרייד.

אויף נײַ־יאָר האָבן מיר אין שול געמאַכט אַ יאָלקע. פֿרישמאַן האָט זיך ערגעץ פֿאַרהאַלטן און גלײַך פֿון וועג, אין דער דאָכע און אין די וואָליקעס, אַרײַנגעקומען אין זיבעטן קלאַס, ווו עס איז פֿאַרגעקומען די סימכע. די פּאַרטעס זײַנען געווען צונויפֿגעשטעלט אין אַ ווינקל, אײנע אויף דער צוויי־

טער, ביז דער סטעליע. אינמיטן איז געשטאַנען די יאָלקע, א פאַרשוויצטע, ווי מיר אלע, פון דער אָנגעהייצטער הרובע. סיאָמע האָט אראָפּגעוואָרפן די דאָכע, פאַריכט דעם ברייטן סאָלדאַטסקע רימען אף דער אלטער בלויער גימנאַסטיאָרקע, א וואָרף געטאָן די טשופּרינע פונעם שטערן אף ארופצו און מיט א געמאָסטענעם טראָט צוגעגאַנגען צו אונדזער אײנציקער יונגער דאַמע — ליובע לעקעך, זיך פאַרנייגט פאַר איר און אײַנגעלאַדן טאַנצן. ער האָט אזוי פלינק און גוט געטאַנצט, אז ער איז קיין איין מאָל ניט ארופגעקראָכן מיט די וואָליקעס אף אירע טופליעס. דערנאָך זײַנען מיר אינדרײַען, איך, סיאָמע און ליובע, געגאַנגען איבערן פאַרשנייטן ייִשעוו, וואָס פון איין עק גאַס נעמט אים דורך דער ווינט פון סטעפּ, און פון דער אַנדערער — דער ווינט פון פאַרקאָוועטן טײַך, און עס דרייט און ווימלט, וואַרפט פון די פיס. פונדעסטוועגן האָט סיאָמע זיך נאָך אָפּגעשטעלט און פאַרהאַלטן ליובען לעבן הויף, ווו זי וווינט. אהיים איז ער געקומען, ווען איך בין שוין געלעגן אײַנגעניורעט אונטער דער קאָלדרע. אין אונדזער באָכערישן צימער איז ניט איבעריקס וואַרעם.

— איר שלאָפט שוין? — האָט ער זיך פאַרוווּנדערט, פונקט ס׳וואָלט געווען ניט פיר אזייגער פאַרטאָג, נאָר פיר פאַרנאַכט. — לאָמיר א ביסל ריידן. אזוי איז קיינמאָל קיין צײַט ניטאָ, און איר שווײַגט עפּעס אויך... ליובע זאָגט, אז איך דערשאַץ ניט די דאָרפישע אינטעליגענץ...

ער האָט זיך צעלאַכט, גאָר ניט ווי א סאָלידער קאָלווירט־פאָרזיצער, וואָס איז פון פרי ביז שפּעט פאַרטאָן, פאַרזאָרגט און פאַרהאָרעוועט. ער האָט זיך צעלאַכט פריידיק און גליקלעך, ווי א יונג באָכערל, וואָס ווייסט נאָך, אייגנטלעך, גאָרניסט און הייבט ערשט אָן פילן דעם פאַרגעניגנדיקן טאַם פונעם לעבן.

איך האָב זיך געמאַכט, אז איך וויל שלאָפן, און האָב ניט געוואָלט ריידן. איך בין געלעגן און געקלערט וועגן דעם, אז ליובע וואָלט פאַר מיר געווען ניט קיין שלעכטע פּאָר. איך האָב זיך צוגעוווינט צו איר און זי איז מיר געפעלן. נאָר אזוי באַקומט זיך שוין — ווי נאָר מיר געפעלט, כאַפּט מען אויס.

דעם ערשטן מײַ האָבן ס׳יאָמע מיט ליובען כאַסענע געהאַט. צוויי טעג האָט דער בוכהאַלטער פון קאָלווירט, וואָס האָט א גוטע, קימאַט קאַליגראַפישע האַנטשריפט, געשריבן אײַנלאַדונגען פאַר כאָסנס־צאַד, דאָס הייסט פאַר אלע קאָלווירטניקעס. אין לערער־צימער פון דער שול איז געזעסן יעווגעניע מיכײַלאָוונע, וואָס האָט אויך ניט קיין שלעכטע האַנטשריפט, און געשריבן אײַנלאַדונגען פאַר קאַלעס־צאַד — דעם גאַנצן פּעדאַגאָגישן און טעכנישן פּערסאָנאַל. אף דער כאַסענע איז אראָפּגעקומען לעקעך — מיט אן אויסגעוואַקסן בײַכל, אין נײַע, סאָלידערע ברילן — ניט מיט קיין שמאָלע ליכטיקע האָלאָבליעס, נאָר מיט טונקעלע און ברייטע. מע האָט אים אופגענומען ווי א באַרימטן לעקטאָר. אין מעשעך פון די דרײַ טעג, וואָס ער האָט בא אונדז פאַרבראַכט, האָט ער דורכגעלייענט דרײַ לעקציעס — איינע פאַר די עלטערן פון די שילער, די צווייטע — פאַר די קאָלווירטניקעס, די דריטע — פאַר די אײַנוווינער פונעם ייִשעוו. דאָס איז געווען איינע און די זעלבע

לעקציע פאר איינע און די זעלבע צוהערער, נאָר דער קלוב איז יעדן מאָל געווען פול.

— נו, ברודערקע, ווען וועסטו זיך פארפונדעווען? — האָט ביניאָמין א פרעג געטאָן, זיצנדיק לעבן מיר אף דער כאסענע. — א געוויסע פאסיווקייט צו אלץ האָב איך בא דיר נאָך באמערקט אין אינסטיטוט. פאסיווקייט, ווי דו ווייסט, איז ניט קיין באשטענדיקע קאטעגאָריע. געטע האָט אמאָל געזאָגט, אז א פאסיוו לעבן איז א פריצייטיקער טויט, און סענעקע האלט, אז דאָס לעבן איז לאנג, אויב עס איז פול... פאסיווקייט, ווי לעמאָשל...

איך האָב אפגיך אָנגעגאָסן אונדזערע קעלישעקלעך.

— לאָמיר, לעקעך, אויסטרינקען לעכאַים!

## 7

איך פאָר אין אורלויב. א בילעט האָב איך דערווייַל גענומען ביז מאָסקווע. אין וועג וועל איך באטראכטן, צי זאָל איך פאָרן קיין כארקאָוו.

אין מאָסקווע האָב איך קיינעם ניט. די סטודענטן, מיט וועלכע איך האָב צוזאמען געלערנט, זיינען זיך צעפאָרן. כ׳ווייס נאָך דערווייַל ניט, ווו כ׳וועל איבערנעכטיקן, נאָר ווען די ראדיִאָ אין וואגאָן גיט איבער, אז מיר דער־נעענטערן זיך צו דער הויפטשטאָט, כאפט מיך ארום א פריידיק געפיל. עס איז ניטאָ דער מענטש, וואָס זאָל בלייַבן גלייַכגילטיק, ווען מע רופט אָן מאָסקווע.

אָפּגעגעבן די זאכן אין באגאזש־קאמער און גענומען א בעטל אינעם האָטעל פון וואָקזאל, האָב איך באשלאָסן זיך דורכפאָרן אין מעטראָ. איך בין גע־גאנגען איבער די וועסטיביולן און קאָרידאָרן פון דער סטאנציע „קאָמסאָ־מאָלסקאיא" און געפירט מיט דער האנט איבערן מעכטיקן־קילן בלישטשענ־דיקן מארמאָר פון די ווענט. מיט א גערודער און קלאפערייַ, פון וועלכער איך בין שוין אָפּגעוווינט, האָט דער מעטראָ־צוג זיך געטראָגן דורך די טונעלן, פון אויבן ביז אונטן באלייגטע מיט מאסיווע איזאָלירטע דראָטן און באלויכטענע מיט קליינע עלעקטרישע לעמפלעך. מילד און אלט־באקאנט איז די סטאנציע „קראסניִע וואָראָטא". דער רויטער מירמלשטיין איז דורכגע־וועבט מיט ווייַסע פעדעם: מע האָט אים געבראכט פונעם קאנט, פון וועלכן איך קום איצט אָן; עס צערטלט דאָס אויג די רויִקע באטאָגיקע שייַן פון די עלעקטרע־טרייַבלעך אף דער סטאנציע „קיראָווסקאיא".

אף „אָכאָטני ריאד" גיי איך אראָפּ. דער קורצינקער עסקאלאטאָר הייבט מיך אין איין אויגנבליק ארוף צום ארויסגאנג, און אָט זע איך שוין דורך דער טיר די מאָסקווער זון. זי שטראָמט אנטקעגן דער מענטשן־מענגע.

אף דער גאָרקי־גאס, אין א גרויסער ברויט־קראָם, קויף איך קליינינקע גוט־אויסגעטריקנטע בייגעלעך „סושקעס", וואָס טרישטשען אונטער די ציין, און, ווי א פראָווינציִאל, גיי איך און קייַ, איך קוק זיך צו צו דער גאס, הער זיך איַין אין דעם גרויסשטאָטישן טומל. אפן פושקין־פלאץ האָב איך זיך

אוועקגעזעצט אַף אַ באַנק אַנטקעגן פּושקינס דענקמאָל, און אַלע וויַילע נאָכאַמאָל געקוקט אָפּן גרויסן רוסישן דיכטער, אַף זײַן פּרײַער פּאָזע. על־טערע מענטשן שטרענגען אָן די ריִע איבערצולייענען די שורעס, וואָס זײַנען אויסגעקריצט אַף אַלע פיר זײַטן פונעם פּאָסטאַמענט; קינדער, וואָס ווילן ניט וויסן פון מעכיצעס, טרעטן אַריבער די קייט, מיט וועלכער ס׳איז אַרומגענומען דער דענקמאָל, און שפּילן זיך באַ אים צופוסנס.

זינט איך בין געקומען צו פאָרן, האָב איך נאָך מיט קיינעם ניט אויסגע־רעדט קיין וואָרט, און ריידן, דורכשמועסן זיך ווילט זיך. איך קויף אין אַנטקעגנדיקן קינאָ־טעאַטער צוויי בילעטן, און מאַכנדיק אַ זויער פּאָנעם, קלוימערשט דער מענטש, וואָס האָט געדאַרפט קומען, האָט מיך אונטערגע־פירט, גיי איך צו ניט־דרייסט און באַשיידן צו אַ מיידל, וואָס שטייט אַ ביסל אָן אַ זײַט פון דער קאַסע. דאָס כיינעוודיקע פּענעמל איז מיט עפּעס אומצופרידן, אפילע טרויעריקלעך.

— וווּהין איַילט איר אַזוי? — האָב איך געפרעגט און זיך פאַרהאַקט, זי האָט באַשײַמפּערלעך אין ערגעץ ניט געאיַילט. מײַן פראַגע האָט זי אָנגענו־מען פאַר אַ ווילער כאָכמע און באַוויזן אַ פול מויל מיט וויַיסע לאַכנדיקע ציינדלעך. צי האָט זי שוין אַ בילעט? ניין נאָך. זי וואַרט.

— איך וואַרט אויך.

מיר האָבן געוואַרט ביזן גלעקל, דערנאָך צוזאַמען אַריַין אין זאַל.

כ׳מיין, אַז די קינאָ־טעאַטערן וועלן שטענדיק זײַן פול. עס וועט אייביק ציִען אַהין ניט נאָר יונגע פּאָרלעך, נאָר מיט פאַרגעניגן וועלן זיך אַהין אויך אַריַינכאַפּן באַיאָרטע מענטשן, אָפּטער פון אַלץ איינער אַליין, מיטן אומשולדיקן פאַרלאַנג אַ ביסל זיך אָפּרוען, זיצן אין דער וואַרעמקיַיט, וואָס עס גיט אַ פּילקעפּיקער אוילעם. ווילסטו קוקן אָפּן עקראַן — קוק; ווילסטו — איז ווי אָנגעמאָסטן אין דער פינצטער צו כאַפּן אַ דרעמל.

ווונדערלעך, וויִאַזוי אין פאַרלויף פון אָנדערהאַלבן שאָ קאָן אַ פרעמדער מענטש, וועלכן מע האָט קיינמאָל ניט געזען און ניט געקענט, ווערן אייגן. ווען ס׳האָט זיך אָנגעצונדן די שײַן, האָב איך מיט אָן עמעסן אומעט אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט צעשייד איך זיך מיטן מיידל און כ׳בלײַב ווידער איי־נער אַליין. מיר וועלן פאַרשווינדן — צוויי טראָפּנס אינעם גרויסן מאָסקווער יאַם, אַף קיינמאָל מער זיך ניט באַגעגענען. איינער ווייסט אפילע ניט וועגן צווייטן, ווי ער הייסט.

— ווי רופט מען איַיך?

— טאַמאַרע.

— אַ גוטער נאָמען.

— וואָס איז אין אים די גוטסקיַיט?

— מיר געפעלט. ווי קוקט איר, טאַמאַרע, מיר זאָלן צופאָרן אין גאָרקי־פּאַרק?

— ניין...

— פאַרוואָס ניין?

— איך איַיל זיך.

— וווּהין איַילט איר?

טאמארע שווײַגט א ווײַלע, זי טראכט צו, וווהין זי זאָל אײַלן. זי קוקט זיך אופמערקזאם אײַן אינעם פארשוין, וואָס האָט זיך צו איר צוגעבונדן. ווער ווייסט אים?

— ניין, איך קאָן ניט, — רויטלט זי זיך און דריקט צו דאָס שווארצע לאקירטע בײַטעלע פעסטער צום אָרעם. — איך אײַל אהיים. די מאמע ווארט אף מיר.

— טאמארע, וואָס אַרט אײַך, אויב מיר וועלן א שאָ אָדער צוויי פאר־ברענגען צוזאמען אין פארק. כ׳וויל זיך מיט אײַך ניט צעשיידן.

— א מאָדנער מענטש... איר האָט דען ניט קיין באקאנטע מיידלעך?

— דאָ האָב איך ניט.

— ווו זשע?

— ווײַט פונדאנען... אין כארקאָוו...

— און אין מאָסקווע האָט איר קיינעם ניט?

— קיינעם ניט.

זי ווערט מילדער. זי לאָזט זיך סאָפקאָלסאָף אײַנבעטן. מיר גייען אין פארק. מיר גייען איבער דער צענטראלער אליי, פארבײַ דעם עשעלאָן וועגעלעך, פון וועלכע מע האנדלט מיט הייס און מיט קאלטס. ברייטהארציק בין איך מעכאבעד טאמארען און זיך אויך, דערנאָך פארווײַלן מיר זיך אף די אטראקציאָנען. מיט דער ערנסטער און סאָלידער הייזעריקלעכער שטים פון א לערער א פראָפעסיאָנאל פרעג איך זיך נאָך בא טאמארען, ווו איז דער צימער, ווו מע וויל לאכן. איך וויל לאכן. מיר רוקן זיך פון איין שפיגל צום צווייטן — אָט ווערן מיר לאנג, קורץ, ברייט, שמאָל, אײַנגעפאלן, אופגע־שוואָלן. עס איז פונדעסטוועגן מאָדנע, ווי א שטיקל לינזע קאָן מאכן אויס־צודרייען פונעם מענטשן! דערנאָך זעצן מיר זיך אף דער קארוסעל; איך כאפ אָן א בופלאקס פאר די הערנער, און ער טראָגט מיך; טאמארע רײַט אף א קעמל. פון דער קארוסעל גייען מיר ארײַן אין דער קײַלעכיקער גע־בײַדע, ווו א מאָטאָציקליסט קריכט אף די גלײַכע ווענט. עס קלאפט און הילכט אזוי, אז ס׳דוכט, דער מאָטאָציקליסט און צוזאמען מיט אים אלע צושויער דארפן זאָגן ווידע.

— איצט לאָמיר זיך פון די אטראקציאָנען א ביסל אָפרוען, — זאָג איך צו טאמארען, און מיר זעצן זיך צו אף א באנק. איך עטעם אײַן דעם רייעך פון היי, פון פרישע פעלד־בלימעלעך. דער רייעך גייט פון אירע האָר, פון איר פאָנעם, ס׳איז פאָשעט דער אָדעקאָלאָן „לאנדיש” אָדער „סירען”. דער ביליקער פארפום פארשיקערט מיך.

אף די הויכע שטאנגעס פונעם אטראקציאָן, וואָס הייסט „דער טויטער שלייף”, לעשט זיך אויס דאָס ליכט. עס לעשט זיך אויס די עלעקטרע אור־מעטום, ס׳בלײַבן נאָר אף די אלייען דעזשורנע לאָמפן. מיר הייבן זיך אוף אוועקצוגיין. פארן אוועקגיין עפנט טאמארע איר בײַטעלע און נעמט מיר צאָלן געלט — אומצוקערן די הויצאָעס, וואָס איך האָב געהאט פארן אָוונט.

— א בילעט אין קינאָ, סמעטענע מיט פרישע בולקעלעך, עסקימאָ, אט־ראקציאָנען. איר זײַט גאָר ניט מעכוייעוו אויסצוגעבן אזויפיל אף מיר, — שטופט זי מיר א פאָר פאפירלעך.

— טאמארע, ערשט הײַנט בין איך געקומען פון ווײַטן מיזרעך, און פון דאָרטן קומט מען ניט אָן גלעט. איך האָב געקראָגן געהאלט פאר דרײַ כאַדאָשים.

— איך האָב אויך הײַנט געקראָגן די פּאָלוטשקע... אויב איר ווילט, אז עס זאָל בא מיר ניט בלײַבן א שלעכטער נאָכטאם פונעם הײַנטיקן אָוונט, איז נעמט.

געזעגנט האָבן מיר זיך לעבן איר שטוב — א צוויישטאָקיק אלט מויערל מיט פארשיידענע באפוצונגען. אמאָל האָט דאָ מיסטאמע געלעבט א מאָסקווער פּריצע, עפשער ניט פון די גאָר רײַכע, נאָר מיט היפּשע מעשוגאסן.

— איך ווינטש אײַך א גליקלעכע רײַזע קיין כארקאָוו... איר פאָרט שוין מאָרגן?

— קאָן זײַן, — האָב איך ניט זיכער געענטפערט.

אינעם צימער פון האָטעל איז א היפּשלעכע צײַט מיר נאָכגעגאנגען א דינער, זיסלעכער רייעך פון לאנדיש, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעהויכט. איך ווער גאָר ענלעך אף „דער באָרד", — האָב איך א טראכט געטאָן, — איך יאָג זיך נאָך יעדן מיידל. מאָרגן פאָר איך קיין כארקאָוו, — מיטן דאָזיקן געדאנק בין איך אײַנגעשלאָפן א פארמאטערטער נאָכן לאנגן וועג, נאָכן לאנגן שפּאציר און נאָכן צענדליק אטראקציאָנען.

אופגעשטאנען בין איך שפּעט, אָפּגעפרישטיקט און ארויס זיך דורכשפּאצירן אינעם ניט־ווײַטן פונעם וואָקזאל לערמאָנטאָוו־סקווערל. א מאסע קינדער און אויך דערוואקסענע האָבן פארגאפט געקוקט אפן הויכן צעצווײַגטן טאָפּאָל, איבער וועלכן עס איז אומגעשפּרונגען א ווערווערקעלע, איר שמאָל קעפּעלע און דאָס עקעלע, וואָס איז גרעבער און לענגער פון איר אינגאנצן, האָבן געשווינדלט פון איין צווײַג אף דער צווייטער, זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אפן שטאם גאָר נידעריק צו דער ערד, גלײַך א הייב געטאָן זיך אף ארוף, אוועקגעזעצט זיך אף א ווײַלע אף א סוקל און באקוקט מיט די פּיצינקע שארפע אויגן־שפּעלטלעך דעם אוילעם, ווי געזאָגט: „אנו, כאפּט מיך!", און דערנאָך ערגעץ נעלעם געוואָרן, ווידער זיך באוויזן — שוין גאָר אף אן אנדער בוים.

— אָט איז זי! אָט איז זי! — האָט דאָס קליינוואַרג געשרײַען מיט אנציקונג.

איך בין אויך געשטאנען און געקוקט, ווי די ווערווערקע מאכט אירע קונצן. דערנאָך האָט מיך א טראָג געטאָן: „וואָס שטיי איך? איך דארף דאָך פאָרן!"

## 8

די ווײַטערדיקע צוויי וואָכן זײַנען דורך בא מיר ווי איין א כאָלעם. אין כארקאָוו בין איך געווען איין מעסלעס, און גלײַך גענומען דורכמאכן מײַן לאנגע רײַזע אף צוריק: פון כארקאָוו קיין מאָסקווע, פון מאָסקווע קיין נײַ־אמורסק, פון נײַ־אמורסק קיין כאבאראָווסק און פון כאבאראָווסק — מיט

דער שיף — צום קליינעם ייִשעוול, וואָס איך האָב סאַכאַקל צוריק מיט א טעג פופצן פאַרלאָזט, אוועקפאָרנדיק אין אורלויב.

וואָס איז געשען? וואָס בין איך אַזוי העגדעם־פּענדעם געשפּרונגען? פאַרוואָס האָב איך דעם זומער ניט פאַרבראַכט בא מײַן קרויווע באַסיע אין כאַרקאָוו — דאָס צימערל איז געווען פאַר מיר גרייט; פאַרוואָס האָב איך דער אַלטער ליבער כאַנען — דעם בעסטן פרײַנט פון אונדזער מישפּאָכע, די יוגנט־כאַווערטע פון מײַן מאַמען, געצוווּנגען האָבן איבעריקן האַרצווייטעק? ניט באַוויזן זיך באַגעגענען מיט איר, בין איך שוין געלאָפן זיך געזעגענען, און זי האָט אף מיר געקוקט מיט טיפער באַדויערונג:

— די מאַמע דײַנע, אָלעהאַשאָלעם, האָט נאָר איין מאָל אין לעבן דורכגעמאַכט א רײַזע... ביסט דאָך שוואַרץ, ווי די ערד. אין כאַרקאָוו זײַנען די מאַגאַזינען פאַרשאָטן מיט פרוכטן, עס איז פאַראַן מילך און סמעטענע. אָסער, אויב איך וועל דיך לאָזן אוועקפאָרן פריִער, ווי דו וועסט דאָ אָפּזײַן א כוידעש. דאַלני וואָסטאָק וועט ניט אַנטלויפן. אָט שוין גיי איך צו באַסיען.

און זי איז טאַקע געגאַנגען... נאָר איך בין שוין ניט געווען אין שטאָט.

פאַרוואָס האָב איך ניט געפונען קיין צײַט זיך דורכשמועסן, ווי געוויינלעך, מיט מײַן געוועזענעם לערער גריגאָרי לאַזאַרעוויטש און מײַן געוועזענער דערציִערין פאַיִנע כאַנאַניעוונע? איך האָב זיי באַגעגנט אין גאַס. פאַיִנע כאַנאַניעוונע האָט אף די הענט געהאַלטן אַן אייפּעלע. דאָס פאָרפאָלק האָט מיך גענומען פאַנאַנדערפרעגן וועגן ייִשעוו, ווו איך וווין, וועגן דער שול, ווו איך אַרבעט. עס האָט זיי שטאַרק אינטערעסירט, וויִאַזוי, מיט וועלכע מעטאָדן איך האַלט די דיסציפּלין אין קלאַס און צי שטעל איך ניט צופיל „פינפן“ — זיי ווייסן, אַז בא מיר איז א ווייכער כאַראַקטער... איך האָב זיך ניט אַרײַנגעלאָזט אין לאַנגע דיבורים, געענטפערט נאָר אף אָפּצוקומען. זיי האָבן מיך אײַנגעלאַדן אף א סימכע, — גראָד מאָרגן ווערט דאָס קינד זייערס אַלט א יאָר, — און איך האָב זיך געשעמט צו זאָגן, אַז כ'וועל ניט קומען, אַז איך פאָר טייקעף צוריק.

מײַן מעשוגאַס האָט זיך גענומען פון סמענעס אייביקע מעשוגאַסן. ווען זי איז געווען קליין, האָט זי געמאַכט קליינע קונצן, איצט מאַכט זי קונצן גרעסערע. קיין בריוו האָט זי מיר ניט געשריבן, קיין טעלעגראַמעס ניט געקלאַפּט. איך בין צו איר אַרײַנגעקומען אין שטוב אף טשערנאָגלאַזאָווסקע, ווי געוויינלעך געטראָפן דאַפקע דאַן, ווען מע איז געזעסן באַם טיש. פּונקט ווי פאַראַיאָרן זומער, האָט סמענעס מאַמע, אַנע סעמיאָנאָוונע, געהאַלטן אפן שפּיץ גאָפּל א קניידעלע. דאָס קניידעלע מיטן צוגעברוינטן הײַטל האָט זיך געבעטן אין מויל אַרײַן, אָבער יענץ מאָל האָט זי עס טייקעף אַראָפּגעשלונגען, און איצט ראַשיק צוריק אַוועקגעלייגט אף דער סקאָוואָראָדקע און אופגעשפּרונגען פון אָרט. סמענעס פאָטער — דער שווײַגנדיקער, קאַלטבלוטיקער איסאַק מיכײַלאָוויטש, וואָס האַלט ניט איבעריקס פון פרישטיקן — ער גייט אַוועק אף דער אַרבעט, האָבנדיק איבערגעביסן מיט צוויי דינע מויצקעס ברויט מיט פּוטער און א גלאָז קאַווע, דערפאַר אָבער איז בא אים זייער כאָשעוו דער מיטיק: ער וועט זיך ניט אופהייבן פון טיש, קאָלזמאַן ס'איז ניט פאַרענדיקט מיט אַלע געריכטן, — איז איצט, ווען ער האָט מיך

דערזען, אויך אופגעשפרונגען און צוגעלאָפן צו מיר.ביידע האָבן מיך באטראכט, ווי איך וואָלט אראָפּגעפאלן פון הימל.

— ווי קומסטו אהער?

— סמענע איז אוועקגעפאָרן אהין... צו דיר.

א מער אומגעלומפּערטע לאגע איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, נאָר עס איז מיר געוואָרן ווארעם אין די אייוורים. א גרויסע פרייד האָט א פלייץ געטאָן אין אלע מײַנע אָדערן. זי איז אוועקגעפאָרן צו מיר! כ׳האָב זיך אָבער גלײַך דערמאָנט עפּעס אזעלכס, וואָס האָט מיר פארשטערט דעם גאנצן פארגעניגן פון דער אומגעריכטער גוטער בסורה.

— נו, און ספּארטאק?

איסאק מיכײַלאָוויטש האָט זיך א קנייטש געטאָן, א קוק געטאָן אף זײַן פרוי, ווי אייגער רעדט: מער האָט ער איצט ניט וועגן וועמען צו טראכטן.

אינעם זעלבן אפּדערנאכט האָט דאָס פּאָרפאָלק מיך ארויסבאגלייט אין וועג ארײַן, ווי אן אייגענעם זון, — מיט טרערן אין די אויגן, מיט ווינטשע־וואניעס און מיט אן אָנזאָג, אז איך זאָל היטן סמענען.

אין צען טעג ארום בין איך אראָפּגעקומען אינעם יִשעוו, ווו איך האָב נאָך אזוי ווינציק געוווינט, אָבער קיינמאָל, קיינמאָל האָט מיך נאָך אין ערגעץ אזוי ניט געצויגן, ווי אהער... פּונקט ווי כ׳וואָלט דאָ אויסגעוואקסן.

פונעם מאָסקווער צוג בין איך אראָפּגעשטיגן אין ניי־אמורסק. איך האָב זיך פארהאלטן גאָר ווייניק, זיך נאָר געטראָפן מיט לעקעכן. ער האָט מיר באוויזן א לאנגע טעלעגראַם, פון אריבער הונדערט ווערטער, וואָס ער האָט דערהאלטן פון זײַן שוועסטער ליובען, אז ווי נאָר איך וועל זיך באווײַזן אין שטאָט, זאָל ער מיך טייקעף אָפּשיקן אינעם יִשעוו, עס איז געקומען מײַן קאלע, אף קווארטיר איז זי בא ליובען.

— ווערסט א לײַט, פארפונדעוועסט זיך, — האָט לעקעך צופרידן מיר א קלאפּ געטאָן איבער דער פּלייצע, — ניט אומזיסט האָב איך די גאנצע צײַט מיט דיר גערעדט וועגן דײַן פּאסיווקײַט. קאלדעראָן האָט אמאָל געזאָגט, אז דער גרעסטער ניצאָכן איז דער ניצאָכן איבער זיך אליין, און דער אלטער סאמועל סמײַלס, — כ׳גלייב, אז דו האָסט נאָך ניט פארגעסן, אז עס איז דאָ אזא ענגלישער שרײַבער, — האָט זיך אין זײַן צײַט אויסגעדריקט, אז יעדע מינוט לעבנס־אקטיווקײַט איז ווי אן עמעסער אָפּגעהאלטענער זיג. א שאָד, וואָס דו האָסט ניט די מעגלעכקײַט צו באזוכן מײַן סעמינאר, די גאנצע שטאָטישע אינטעליגענץ קומט אף אים, איך פּלאנץ אײַן אין מײַנע צו־הערער...

— איך בין זיכער, ליבער בינאָמין, אז דו פּלאנצסט נאָר גוטס, — האָב איך זיך געפּרוווט אויסדרייען פון אים, נאָר ער האָט מיך פארהאלטן אף צוויי שאָ, געשאָטן מיט ציטאטעס, געמאכט היסטאָרישע און ליטעראַרישע פּאראלעלן, געשטעלט פאר איידעס די גרעסטע מענטשן פון אלע צײַטן.

איך האָב שיר ניט פארשפּעטיקט אפן צוג, וואָס קומט אָן קיין כאבא־ראָווסק אקוראט צו יענער צײַט, ווען מע קאָן גלײַך פאָרן ווײַטער מיט דער שיף.

אין יִשעוו בין איך אראָפּגעקומען שפּעט באַנאַכט. איך בין געגאַנגען איבער דער שלאָפנדיקער גאַס, אפילע די הינט האָבן ניט געבילט. באַטאָג אָדער פאַרנאַכט איז, ווײַזט אויס, דורכגעגאַנגען א גוטער רעגן. די ערד און די לופט זײַנען געווען אָנגעזאַפּט מיט א שטאַרקן געמישטן רייעך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די ווײַטע סאָפּקעס און פונעם נאָענטן פעלד, ווו עס צײַטיקט שוין די טווּע, א רייעך, ווי שטאַרקער ווײַן, פול מיט בלויער ספּירטאָווער קרעפּטיקײַט, באַטאָג פילט מען אים קיינמאָל ניט אזוי גוט, ווי באַנאַכט, טיף באַנאַכט.

ווען איך בין פאַרבײַגעגאַנגען פרישמאַנס שטוב, האָב איך זיך ניט אײַנגעהאַלטן און אָנגעקלאַפּט אין טיר. מיר האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט, אז ס'איז א כאָלעם, א נאַרישער שפּאַס, קיין שום סמענע איז דאָ ניטאָ. ווי קומט זי אהער, צען טויזנט קילאָמעטער פון כאַרקאָוו?

— ליג, איך וועל אליין עפענען, — האָב איך דערהערט ליובעס קאָל, — א גוטער פאָרזיצער בויט אויס א קאָלווירטיש הויז, אז מענטשן זאָלן האָבן ווו ארײַנצופאָרן, — האָט דאָס יונגע ווײַבל דרײַ אזייגער באַנאַכט געגומען מוסערן דעם מאַן אירן.

די טיר האָט זיך געעפנט, און בא דער לעוואָנע־שײַן האָב איך דערזען ליובעס צעשויבערטע רויטלעכע האָר און דאָס קלײַנדיקע נעזל. די צוגע־זשמורעטע אויגן, אָן די ברילן, זײַנען אינגאַנצן געווען ווי בלינדע. זי האָט מיך ניט דערקענט.

— ליובע, — האָב איך געזאָגט.

אין שטוב איז געוואָרן ליכטיק. ליובע האָט אָנגעטאָן די ברילן און זיך איבערצײַגט, אז דאָס בין איך טאַקע. סיאָמע פרישמאַן האָט פאַרשלאָפע־נערהייט א שמייכל געטאָן צו מיר, עפּעס ארויסגעברומט פונעם ברייטן פאָרפאָלקישן בעט און גלײַך ווידער אײַנגעשלאָפן, א מידער נאָכן לאַנגן זומערדיקן טאָג מיט די אייסאָקים און זאָרגן, וואָס פאַלן אויס אױף א קאָל־ווירט־פאָרזיצער.

איך בין א צעטומלטער געשטאַנען אינמיטן צימער. דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט, האָב איך ניט געקאָנט פרעגן.

— א גרוס דיר פון ביניאָמינען, — האָב איך געפונען וואָס צו זאָגן.

— ווי האַלט עס בא אים מיט זײַן דיסערטאַציע? — האָט ליובע מיך געגומען אויספרעגן מיט איר מעיושעוודיקער שטים, וואָס קלינגט אינמיטן דער נאַכט פונקט אזוי דײַטלעך און קלאָר, ווי אינמיטן העלן טאָג. — בא ביניאָמינען זײַנען געווען שוועריקײַטן, ווען ער האָט געשריבן דאָס קאַ־פּיטל וועגן די געמיינזאַמע שפּראַך־וואָרצלען פון די קליינע ווײַטמיזרעכ־דיקע פעלקער — נאַנײַצעס, ניווכן, אודעגייער, עווענקן... ער האָט איבער־געאַרבעט א באַרג מיט ליטעראַטור. אייניקע ביכער האָט ער אויסגעשריבן פון דער מאָסקווער לענין־ביבליאָטעק...

אָן אומגליק מיט די לעקעכס. אױף מײַן לעבן האָב איך ניט געזען, אז א ברודער מיט א שוועסטער זאָלן זײַן אזוי ענלעך אייגער אפן צווייטן. איך האָב געוואָלט ליובען ארופאַלן אפן האַלדז און זיך בעטן ראַכמים, זי זאָל מיך ניט מאַטערן.

ענדלעך איז ליובע אריבער צו דעם, וואָס עס האָט מיך אינטערעסירט.

— דײַן כאַווערטע איז בא אונדז, — האָט זי אָנגעוויזן אױף דער טיר פונעם צווייטן צימער. — דער כאַוועד פרישמאַן האָט געוואָלט זי באַזעצן אין דײַן צימער, נאָר איך האָב קאַטעגאָריש דערווידערט. ס'איז ניט עטיש, און ס'קאָן ארונטערײַסן ניט נאָר דײַן אווטאָריטעט, נאָר אונדזער אַלעמענס. מיר זײַנען פּעדאַגאָגן, און מיר טאָרן ניט...

איך האָב געוואָלט דערהערן כאָטשבי א שאָרך פון דעם צווייטן צימער, נאָר ליובעס ריידערײַ האָט געשטערט. סאָפּקאָלסאָף איז ליובע דאָך געקומען צום סייכל, און שליאָפּענדיק מיט סיאָמעס ריזיקע שטעקשיך, וואָס זי האָט ארופגעכאַפּט אױף די פיס, איז זי אוועקגעלאָפן אין שכיינעסדיקן צימער, באַלד זיך אומגעקערט און מיר געהייסן וואַרטן:

— זי טוט זיך אָן.

איך האָב געוואַרט אן אייביקײַט. וויפל צײַט דאַרף מען עס זיך אָנטאָן? ס'איז, אפּאָנעם, ווידער סמענעס א שפּיצל — אױף אויסצופּרווון מײַן געדולד. נאָר אָט האָט זי זיך באַוויזן אױף דער שוועל פונעם צימער. זי האָט זיך אָנגעטאָן אזוי, פּונקט ווי ס'וואָלט געווען אָנהייב אָווגט אין כאַרקאָוו און זי קלײַבט זיך גיין אין קולטור־פּאַלאַץ אױף א יוגנטלעכן באַל.

כ'האָב געקוקט אױף איר עלעגאַנט זשאַקעטל, ניט וואַגנדיק א קוק צו טאָן איר אין פּאָנעם. כ'האָב ניט געזען, נאָר געפילט דעם העלן גלאַנץ פון אירע אויגן. מיר האָבן זיך דערלאַנגט די הענט.

— ווי־אַזוי ביסטו דערפאָרן? — האָב איך געפרעגט.

— אויסגעצייכנט. און דו?

— אויך אויסגעצייכנט, — האָב איך געענטפערט.

— איך בין זייער צופרידן, וואָס דײַן כאַווערטע איז געקומען, — האָט זיך ארײַנגעמישט ליובע. — זי וועט זיך בא אונדז אקלימאַטיזירן. איך האָב איר דערציילט וועגן די פּערספּעקטיוון פונעם יישעוו, געגעבן לייענען די געהעריקע ליטעראַטור וועגן ווײַטן מיזרעך...

אין צימער איז געווען דושנע, און איך מיט סמענען זײַנען ארויס אין דרויסן און זיך געלאָזט גיין איבער דער גאַס.

מיר האָבן געהאַט וועגן וואָס צו ריידן. איך האָב געדאַרפט בא איר פרעגן, פאַרוואָס זי האָט אין מעשעך פון א גאַנץ יאָר מיר געענטפערט אױף מײַנע בריוו סאַכאַקל צוויי מאָל — מיט טרוקענע קאַלטע בריוולעך אױף אָפּצוקומען? פאַרוואָס האָט זי אפילע ניט אָנגעשריבן, אז זי קומט צו פאָרן? אזא רײַזע, וואָס זי האָט געמאַכט, איז דאָך ניט קיין נעסי־עלע פון כאַרקאָוו קיין קאַראַטשאָווקע אָדער מערעפע? סמענע האָט געוויס אויך געהאַט וואָס צו פרעגן בא מיר. א מאָל צוואַנציק זײַנען מיר געגאַנגען הין און צוריק איבער דער איינציקער גאַס. עס האָט אָנגעהויבן שאַרי־ען אױף טאָג. עס איז געוואָרן קילבלעך. פון די שטאַלן האָט זיך שוין געטראָגן דער פרימאָרגנדיקער אויסגערוטער רוף פון די בעהיימעס, וואָס ווילן, מע זאָל גיכער אָפּנעמען בא זיי דאָס גוטס, וואָס האָט זיך פאַר דער נאַכט אָנגע־קליבן אין די אײַטערס. אהין, צו דער מילך־פערמע, האָבן שוין געאײַלט די מעלקערנס, מיט מאַרליענע טיכלעך אױף די קעפּ.

— ווי געפעלט דיר דאָ? — האָב איך סמענען געפרעגט.

— זאָג נאָר דײַן ליובען, זי זאָל מיר אופהערן לייענען לעקציעס. איך וועל זיך אקלימאטיזירן אָן איר. איך שטעל זיך ניט פאָר, ווי׳אזוי דער מאן אירער, וועלכן זי רופט ניט באַם נאָמען, נאָר „כאווער פרישמאן“, האלט אויס פון איר.

— זי איז א טײַער מיידל, — האָב איך ליובען גענומען אונטער מײַן שוץ, — און זי האָט א גאָלדענעם ברודער.

מיר זײַנען צוגעגאנגען צום הויז, ווו איך ווין, און זיך אָפּגעשטעלט לעבן נידעריקן פּלויט; דערנאָך האָבן מיר זיך אומגעקערט צו פרישמאנס שטוב און זיך ווידער אָפּגעשטעלט. ס׳איז שוין געווען גאָר ליכטיק.

צוויי באלמעלאָכעס — איינער מיט א זעג, דער צווייטער מיט א האק און מיט א קעסטל געצײַג — זײַנען דורכגעגאנגען פארבײַ אונדז. סיאָמע פרישמאן איז ארויס פון שטוב און זיך געלאָזט גיין צו דער געבײַדע פון דער קאָלווירט־פארוואלטונג.

— ווו וועלן מיר מאָרגן... כ׳מיין, הײַנט זיך טרעפן? — האָב איך גע־פרעגט און אליין זיך פאנאנדערגעלאכט פון מײַן נארישער פראגע.

וואָס הייסט ווו? א ליבער און נאָענט געוואָרענער, איז דער קליינינשקער ייִשעוו מיט זײַנע עטלעכע צענדליק הײַזער געלעגן פאר אונדזערע אויגן, ווי אף דער דלאָניע...

# אין דער היימשטאָט

## בלעטלעך פון א טאָגבוך




30 אווגוסט 1960.

טאָגביכער האָבן בא מיר ניט קיין מאזל. די ערשטע צוויי־דריי טעג בין איך א מאסמיד, אף דער הילע פון א גראָבן העפט שרייַב איך אָן מיט שיינע אויסיִעס „טאָגבוך”, נעם אריַין דאָס וואָרט אין א פייַן רעמל, דערנאָך, אף דער ערשטער זייַט, אינעם אייבערשטן ווינקל, פארצייכן איך די דאטע, דערביַי ניט בלויז דעם טאָג, כוידעש, יאָר, נאָר אויך די שאָ. גע־

ווינלעך איז דאָס א שאָ א באנאכטיקע, ווען די שטוביקע לײַט און די שכייינים שלאָפן שוין. ס׳איז א געבענטשטע צײַט — אין די אויערן קלינגט די שטילקײַט און דײַן גאנצע וועלט האָט זיך באשטאט אינעם ליכטיקן היימלעכן קרײַז פונעם טיש־לאָמפּ. מיסטאמע א גוטע העלפט פון אלע אנטדעקונגען, געני׳אלע היפּאָטעזעס, טאלאנטפולע דערפינדונגען זײַנען געבוירן געוואָרן אין די שטומע נאכט־שאָען אָדער קאיאָר, פארן זון־אויפגאנג. איך האָב גאָרנישט ניט אנטדעקט, ניט דערפונדן, נאָר דעם באגינען זע איך דורכן פענצטער יעדן טאָג, שוין א סאך יאָרן נאָכאנאנד.

גיך ווערט בא מיר פארשריבן א זײַטל נאָך א זײַטל. איך פארצייכן פלײַסיק פון אלעף ביז טאָף אלץ, וואָס עס איז געשען אין פארלויף פונעם מעסלעס, פארשרײַב באאריכעס אלע מײַנע באגעגענישן, ראיוינעס, קלוגע (אָפטער — נארישע) רייד. דאָס הארץ איז אָפן, און די פעדער לויפט איבערן פּאפּיר... אפן דריטן אָדער פערטן טאָג ווערט די האסמאָדע קלענער, עס באווײַזט זיך א פארדעכטיקע נייגונג צו קורצקײַט, צו לאקאָנישקײַט. דער האסטיקער שטראָם, וועלכער האָט פארגאָסן די זײַטלעך, פארוואנדלט זיך אין א שטיל טײַכל, וואָס פוילט זיך צו פארכאפּן אן איבעריק שטיינדל אפן וועג. ווו איז אהינגעקומען דער אימפּעט, די ענערגיע? עס גייען דורך נאָך עטלעכע טעג, און דאָס קורצע לעבן פונעם טאָגבוך איז אָפּגעהאקט אף א האלב וואָרט. צוזאמען מיטן קאָמפּלעקט אלטע צײַטונגען טראנספּאָרטיר איך אים „אין ארכיוו״, דאָס הייסט אין קעמערל, ווו עס וואלגערט זיך פארשיידן אלטווארג.

די צײַט — דער בעסטער שרײַבער — דערשרײַבט אף איר אויפן דאָס פארוואָרפענע העפט. זי באדעקט מיט א גרויען שיכט שטויב און נעמט צייכענען אף דעם אלץ, וואָס איר ווילט זיך. די קארטאָנענע הילע ווערט אופגעבלאָזן, דאָס עטיקעטל — פארגעלט און פארגרינט, די ברעגעס פון די זײַטלעך וויקלען זיך צונויף אין אן אויסגעגעסענעם, נאסלעך־קלעפּיקן קנויל. אזא פּאפּיר ברענט ניט אפילע אין אויוון.

אָנגעהויבענע און אוועקגעוואָרפענע טאָגביכער זײַנען שוין פאראן בא מיר א גוטע טוץ. נאָר כ׳פאל ניט אראָפּ בא זיך און הייב אָן אפסנײַ, מיט דער באשיידענער האָפענונג, אז עס וועט עפשער האָבן א ביסל מער קיִעם פון די פרי׳ערדיקע, יעדנפאלס וועט עס עקזיסטירן אין מעשעך פון מײַן איצטיקער קורצער קאָמאנדירונג.

די דאָזיקע רײַזע איז מיר זייער צום הארצן. ערשטנס, אימפּאָנירט מיר, וואָס אזא גאנץ געווינלעכן וויסנשאפט־טוער, ווי איך, קאָמאנדירט מען אף א פאראנטוואָרטלעכער באראטונג, ווו מע וועט באהאנדלען די פראגן פון מעכאניזירן און אווטאָמאטיזירן א גרויסן מעטאלורגישן זאוואָד. צווייטנס, איז די שטאָט נעווינסק — מײַן היימשטאָט. דורך יאָרן און יאָרן פאָר איך צו מײַן אָרעמער קינדהײַט און האלב־הונגעריקער יוגנט. דאָ זײַנען אינעם שווערן 1920 יאָר געשטאָרבן מײַן טאטע־מאמע, און אין הארבסט 1941, בייס דער היטלעריסטישער אָקופּאציע, זײַנען דאָ אומגעקומען מײַן ווײַב און מײַן טאָכטער.

א שלאל דערינערונגען האָט מיך ארומגעכאפּט, ווען דער דירעקטאָר פון אונדזער וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט טימאָפּיי אלעקסאנדראָ־וויטש גאווריליאָוו האָט מיר דערלאנגט די צײַגעניש, אז איך ווער קאָמאנ־דירט אין דער שטאָט נעווינסק, אפן זאוואָד „יוזשסטאל״.

— ווי געפינט זיך נעווינסק? — האָט מיט מיטגעפיל א פרעג געטאָן די יונגע סעקרעטארשע, באמערקנדיק מײַן צעטומלטקײַט. און דער אינזשע־ניער יאנאָווסקי, וואָס קומט שטענדיק צו גיין אין קאנצעליאריע רייכערן, האָט בייסמײַסע א שפּאס געטאָן:

— זאָרגט זיך ניט, אפן אזאָווער פליאזש ווארט אף אים א בארעמהאר־ציקע שוועסטער...

איך הער זיך אָבער ניט צו צו דער פּלאפּלערײַ, איך גיי זיך קלײַבן אין וועג ארײַן: צונויפלייגן דאָס טשעמאָדאנדל, קויפן אין מאגאזין א געבראָטן הינדל — דאָס אויסגעפּרווטע מײַכל פון אלע פּאסאזשירן מיט א קאָמאנדירונג־שײַן אין בוזעם־קעשענע.

31 אווגוסט, 1 באנאכט, צוג מאָסקווע — נעווינסק, 5־טער וואגאָן, איי־בערשטע פּאָלקע.

...אין אונדזער קופּע אף פיר מענטשן פאָרן פינף פּאסאזשירן. דער „איבעריקער״, דער פינפטער, איז א דרײַיאָריקער כעוורעמאן, א שטיפער אײנער אין דער וועלט. אין מעשעך פון עטלעכע מינוט האָט ער באוויזן איבערקערן די וואזע אפן טישל, אראָפּציִען דאָס סערוועטל, אומוואלגערן דאָס לייטערל. זײַן מוטער האָט געקראָגן א „שלעכטן״ בילעט — אף דער אייבערשטער באנק. איך וואָלט געערן זיך געביטן מיט איר, נאָר בא מיר איז אויך אן אייבערשטע. באנק — אהער, באנק — אהין, און מיר ווערן באקאנט. אונדזער קליינינקער קאָלעקטיוו האָט וועגן וואָס צו זאָרגן. ווען עס באווײַזט זיך אין קופּע די קאָנדוקטאָרשע מיט א פּאק בעטגעוואנט, אטאקירן מיר זי פון אלע זײַטן.

— טײַערינקע, מע מוז העלפן א מוטער מיט א קינד, — האָט זי אָנגע־כאפּט פאָרן ארבל אײנע פון אונדזערע אלטיטשקע (מיר האָבן צוויי אין קופּע).

— עפשער זאָל איך קלעטערן אין דער הייך? — האָט די אנדערע זקיינע אופגעהויבן צו דער סטעליע איר גראָוון קאָפּ.

— לאָזט מיך, כאווײרים פּאסאזשירן, זיך ארומקוקן, אלץ וועט זײַן רעכט, — האָט אונדז בארוּיקט די קאָנדוקטאָרשע, אראָפּרײַסנדיק די פלאָמ־בעס פון די בינטלעך ווײַסע לײַלעכער און ציכלעך, וועלכע האָבן געשמעקט א ביסל מיט פײַכטקײַט און מיט זייף.

ווירקלעך, אין א קורצער צײַט ארום האָט די צווייטע אייבערשטע באנק אין אונדזער קופּע פארנומען א יונג א ריז מיט צוויי גרויסע טשעמאָדאנעס, וועלכע ער האָט, ווי א פעדערל, ארופגעוואָרפן אפן „באגאזשניק״. אין דער קופּע, פונוואנען ער איז צו אונדז אריבער, האָט ער שוין באוויזן קריגן

גוטעפּרײַנט. „קום אַרײַן, פֿאַרגעס אונדז ניט“, — האָט מען פֿון דאָרט צו אים געשריִען.

אָפּגעטרונקען טײ און זיך דורכגעשמועסט וועגן אַלץ צוביסלעך, האָבן מיר פֿאַרנומען אונדזערע געלעגערס. קעדײ גיכער אײַנשלאָפֿן, האָב איך אויסגעזוכט בײַ דער קאָנדוקטאָרשע אַ גראָבן בוך מיט דער רעשימע פֿון אַלע אײַזנבאַן־סטאַנציעס און אָנגעהויבן אים בלעטערן.

וואָס פֿאַראַ סטאַנציעס זײַנען נאָר ניט פֿאַראַן אויף דער וועלט! פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס שוין אַליין זייער נאָמען מאַכט אַ גוטע שטימונג, לאַדט אײַן די פּאַסאַזשירן צו פֿאַרברענגען דאָרטן. למשל, אַ סטאַנציע, וואָס הייסט „דאָבראָיע אוטראָ“, אָדער „ווסטרעטשאַ“, „מילאָיע“, „רײַ“, „סאָלאָוויי“, „אוטיעשעניע“... די נעמען פֿון אַנדערע סטאַנציעס זײַנען נאָך אַ זייכער פֿון אַמאָל, און עס ווילט זיך, מע זאָל זיי גיכער אומבײַטן אויף שענערע: „בעזליודאָווקאַ“, „סאַמאָליובאָווקאַ“, „סאַמאָזוואַנאָווקאַ“, „זשאַבאַ“...

איך האָב אַוועקגעלייגט דעם אײַזנבאַן־פֿאָליאַנט אין אַ זײַט. אַנטקעגן מיר איז שוין געשמאַק געשלאָפֿן אונדזער נײַער שכן. וואָס ווײַטער, האָט ער אַלץ שטאַרקער געכראָפּעט. אים האָבן צוביסלעך אונטערגעזונגען די אונטערשטע בענק. מיר האָט זיך שלאָפֿן ניט געוואָלט, איך בין אַרויס אין קאָרידאָרל און געשטעלט זיך בײַם פֿענצטער.

אַמאָל האָט לעוו טאָלסטאָי באַמערקט, אַז אין דער ערשטער העלפֿט וועג זײַנען דעם רײַזנדערס געדאַנקען דעריקער געווענדט צום אָרט, פֿונוואַנען ער איז אַרויסגעפֿאָרן, די אַנדערע העלפֿט — אַהין, וווּהין ער פֿאָרט. איך בין אָפּגעפֿאָרן אַ קליין שטיקל וועג, נאָר אַלע מײַנע געדאַנקען זײַנען שוין געווען געריכטעט אַהין. ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל באַהערשן מיך דערינערונגען. אין דער שוואַרצער שויב פֿינקלט דאָס מעטאַלענע הענטל פֿונעם טירל פֿון אונדזער קופּע און עס בלינצלען די לעמפּלעך פֿון דער סטעליע. אַרופֿגעשנורעוועטע אויף אַן אומבאַמערקבאַרן פֿאָדעם, באַוועגן זיך די פּײַערלעך צוזאַמען מיט מיר אין דער נאַכט אַרײַן.

פּאַראַלעל מיט אונדז טראָגט זיך אַ פֿראַכט־צוג. ביידע לאָקאָמאָטיוון גייען ווי אין אַ געוועט — ווער גיכער. דער פֿראַכט־צוג, וואָס איז אַ ביסל אָפּגעשטאַנען אונטערוועגנס, דעריאָגט אונדז אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע, און קאָלזמאַן מיר שטייען, שווינדלט ער פֿאַרבײַ מיטן גאַנצן האַקל־באַקל, דערנאָך דעריאָגן מיר אים ווידער און הייבן אָן איבעריאָגן. דאָס איז ענלעך אויף אַ קינאָ־בילד, וואָס מע וואָלט אָנגעהויבן דרייען, ווי געווינלעך, פֿון אָנהייב, דערנאָך פֿון סאָף און אין אַ ווײַלע אַרום ווידער פֿון אָנהייב. אינעם ליכטיקן פֿענצטערל פֿונעם לאָקאָמאָטיוו פֿון פֿראַכט־צוג שווינדלען פֿאַרבײַ דער קאָפּ און אַן אַקסל פֿונעם מאַשיניסט, זײַן היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק. דערנאָך רודערן דורך אַ פּאָר צענדליק וואַגאָנעס. זיי לויפֿן גיך, נאָר אונדזער צוג לויפֿט נאָך גיכער, און כ׳זע שוין ווידער דעם מאַשיניסט, די באַלויכטענע פֿאָדערשטע רעדער פֿונעם לאָקאָמאָטיוו. איך עפֿן עטוואָס פֿון אויבן דאָס פֿענצטער, און צוזאַמען מיטן ווינט רײַסן זיך אַרײַן פֿאַרשיידענע רייכעס. דער פֿראַכט־צוג איז אָנגעפּילט מיט נאַפֿט

און מיט קלעצער, בעטאָן און אווטאָמאַשינעס. די לאַסט־אווטאָמאָבילן זייַ־
נען שפּאָרעווּדיק צעשטעלט צו דרייַ אַף צוויי פּלאַטפאָרמעס. די פאָדערשטע
רעדער פון איין אווטאָמאָביל זייַנען אונטערגעהויבן און אריבערגעוואָרפן
איבערן הינטערשטן ווענטל פונעם צווייטן. אַף די דרייַ לעצטע פּלאַטפאָר־
מעס זע איך שטאָלענע רולאָנען, זיי ליגן איינער אַפן צווייטן, הוידען זיך
מעיושעוודיק אונטער. א פאַרבייַשווינדלענדיקער לאָמטערן באם אייַזנבאַן־
וועג באַלייַכט זייערע קייַלעכיקע שוואַרץ־בלאָווע רוקנס, אַף וועלכע ס׳איז
פאַרצייכנט די מאַרקע און דער נומער פון „גאָסט”. די רולאָנען האָבן מיר
נאָכאַמאָל דערמאָנט וועגן מעטאַלורגישן זאַוואָד, ווּהין איך פאָר איצט,
און אויך די קליינע געשיכטע פון מייַן ערשטער ליבע, וועלכע מע וואָלט
עפשער ניט געדאַרפט דערמאָנען...

שוין קימאַט צוויי צענדליק יאָר, ווי בראָניע ליגט אינעם ברודער־
קייווער, זי האָט געהאַט דעם ביטערן גוירל פון נאָך זעכצן טויזנט אומ־
שולדיקע מענטשן, וועלכע מע האָט אין נעווינסק דעם 10 אָקטיאַבער 1941
אומגעבראַכט אין די „אָקאָפּעס”. יעטווידע שטאָט, ווּ עס זייַנען געווען די
דייַטשישע פאַשיסטן, האָט זיך איר אייגענעם באַבי־יאַר. אין ווילנע איז
עס — פּאָנאַר, אין כאַרקאָוו — כאָלאָדנאַיאַ גאָרא, אין מייַן היימשטאָט נע־
ווינסק רופט מען עס „אָקאָפּעס”. אין פריִען פרילינג ווערן די שוצגראָבנס
באַדעקט מיט שניי־בלימעלעך, נאָר גיך וועלקן די בלימלעך אָפּ און די ערד
ווערט פאַרשפּרייט מיט א טעפּיך פון זאַפטיקן גראָז, וואָס וואַקסט זיך צום
סאָף זומער אַזוי פּאַנאַנדער, אַז מע זעט קוים אַרויס די באַשיידענע מאַ־
צייווע אַפן ברודער־קייווער. צוליב וואָס נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל ריידן
וועגן דעם, וואָס איז שוין אַף אייביק פאַרלאָרן? נאָר ניט דערמאָנען און
ניט טראַכטן וועגן דעם קאָן איך ניט. אין מייַן העפט זייַנען נאָך פאַראַן
א סאַך פּוסטע זייַטלעך און עס ווילט זיך מיר צוליב זיך אַליין פאַרצייכענען
א פאַרגאַנגען שטיקל צייַט פון מייַן לעבן.

אין 1938 האָב איך, אַן עטלעכע־און־צוואַנציקיאָריקער באָכער, געאַרבעט
אינעם נאָרוואָס אויסגעבויטן וואַלץ־צעך פון „יוזשסטאַל”. דער צעך איז
געווען אויסגעשטאַט לויטן לעצטן וואָרט פון דער דעמלטיקער טעכניק.
אַלע וויכטיקסטע אַרבעטן, אָנגעהויבן פון אַרייַנלייגן די קאַלטע סליאַבעס[1]
אין די אויוונס און פאַרענדיקט מיט צונויפוויקלען אין דער „מאָטאַלקע”
די פייַערדיקע שטאָלענע סטענגע, זייַנען געווען קימאַט אינגאַנצן מעכאַני־
זירט. א ביסל מאָדנע האָט דאָ דעריבער אויסגעזען מייַן מאָגערלעכע לאַנגע
פיגור מיטן נאָך לענגערן אינסטרומענט אין דער האַנט, וואָס איז געווען
ניט מער ווי א פּאָשעטער דראָנג מיט אַן אַרופגעשלאָגענעם אייַזערנעם עק.
מיט דער דאָזיקער „קאָטשערע” האָב איך געהאָלפן „אָנטאָן” דעם רולאָן
אַפן האָקן פונעם הייב־קראַן, דערנאָך פלעג איך דעם קראַן באַגלייטן צו די
פּלאַטפאָרמעס, וואָס זייַנען געשטאַנען באַם טויער פון צעך, און דאָרטן,
ווידעראַמאָל מיט דער „קאָטשערע”, ריכטן דעם רולאָן אַזוי, אַז ער זאָל זיך
ניט צעלייגן אין דער ברייט, ווי אים גלוסט זיך, נאָר פאַרנעמען זייַן פּלאַץ

[1] שטאָל־פּלאַטן, פון וועלכע מע וואַלצעוועט שטאָל־בויגנס.

אקוראַט לעבן די פּריִערדיקע רולאָנען. די אַרבעט איז געווען אַן אײנפאַכע, נאָר זײער אַ הײסע.

דער וואַכטע־מײַסטער, אַ מענטש אָן אַ גאַל, האָט יעדן פרימאָרגן געפּאַטשט מיר איבער דער פּלײצע, ווי ער וואָלט געפרײט זיך, וואָס איך בין נאָך ניט אַנטלאָפן פון מײַן אָרט. די ברעזענטענע ספּעצאָווקע האָט הילכיק געקנאַקט אױף מיר, ווי אַ בויגן בלעך. דער דאָזיקער ליבער מענטש האָט אײנמאָל אַפילע באַוויזן אַ קונץ און אַרײַנגעשטעלט מיך אין די צעטלען אױף פּרעמירן צום... אַכטן מאַרט. שוין אין די לעצטע מינוטן, פאַרן אַרויסרופן אױף דער סצענע, האָט מען דעם טאָעס באַמערקט און אײַליק מיך אַרויסגעכאַפּט פונעם יאַם פּרויען.

אויבן, אין דער קלײנער קאַבינע פונעם הײב־קראַן, האָט זיך געפונען בראָניע קראַוועץ — דאָס ערשטע ייִדישע מײדל פון אונדזער שטאָט אַ קראַן־מאַשיניסט. אין דער קורצער צײַט, צווישן אײן רולאָן און אַ צווײטן, פלעג איך אויסטרינקען אַ גרויס קענדל צוגעזאַלצן וואַסער, אויסווישן מיטן הײסן אַרבל דעם שווײס פון פּאָנעם און דאַן פאַרײַסן דעם קאָפּ אַרופצו, ווי איך וואָלט געוואַרט פון דאָרטן אױף אַן אָנגענעם קיל ווינטל. איך פלעג טאַקע דערפילן אַ דערפרישנדיקע קילקײַט, ווען איך האָב געזען איר לויטער געזיכט, באַלויכטן מיט אַ צווײענדיקער שײַן — פון אויבן, פון דעם גלעזערנעם דאַך, און פון אונטן — פונעם וואַלץ־געשטעל, איבער וועלכן עס שפּרײט זיך די בלענדיק־ליכטיקע, גליִיִקע שטאָלענע סטענגע. אָבער דאָס מײדלשע פּאָנעם האָט זיך נאָך, כוץ דעם, געלויכטן מיט אַן אײגענער, אינעווײניקסטער שײַן, וואָס האָט געשטראַלט פון די גרויסע שוואַרצע אויגן, שטענדיק אַ ביסל פאַרכידעשטע, און פון דער אײדל־טונקעלער הויט. ווען עס פלעגט זיך מיר אײַנגעבן אָן איבעריקע מאַטערנישן, אָן די אויסגעשרײען „וויראַ!“, „מײַנאַ!“ אָפּשיקן דעם קראַן גלײַך צום רולאָן, איז פון דער הײך געפלויגן אױף מיר אַ כּיִעסדיק וואָרט „מאַלאָדיעץ!“ אָפּטמאָל האָט דער קראַן, הוידענדיק זיך אַהין און אַהער, בעשום־אופן ניט געקאָנט טרעפן, וווּהין ער דאַרף, און דאַן האָט זיך פון אונטערן דאַך געלאָזט הערן שוין ניט קײן צאַרט קעלכל, נאָר אַ דונער פון אַ בײזער שטיפמאַמע: „בלײַענער פויגל, וווּהין שטופּסטו?“.

אין אַזעלכע סעקונדעס פלעגט מײַן מײַקע אַזוי זיך צוקלעפּן צום לײַב, אַז דערנאָך פלעג איך זי שיִער ניט צערײַסן באַם אויסטאָן.

— גרישע! — קריגט בראָניע אױף מיר ראַכמאָנעס אין אַ מינוט אַרום. — דערלאַנג אַהער אַ שטיקל אײַז און אַ סיפּאָן זעלצערוואַסער!

— ווערסט זיך צוקילן, — ענטפער איך מיט אַ שפּאַס, און ווידער איז מיר שוין גוט און כ׳האָב האַנאָע פונעם לעבן.

אַזוי האָבן מיר זיך געוואָרטלט און געשפּאַסט טאָג־אויס, טאָג־אײַן. אין צעך האָט מען שוין אונדז, דאָס פּאָרל, גוט געקענט. לויט דעם, ווי איך פלעג ווערן מאָלע־געדולע פונעם „מאַלאָדיעץ“, און כוישעך, ווי די נאַכט, פונעם „בלײַענעם פויגל“, האָבן אַ סאַך זיך אָנגעשטויסן, אַז איך בין צום מײדל ניט גלײַכגילטיק. נאָכן הודאָק האָט, געוויינלעך, ניט נאָר די קורירערשע אָדער די טאַבעלשטשיצע, ווענען מע מעג מויכל זײַן די ווײַבערשע

נײַגעריקײַט, נאָר אפילע דער וואכטע־מײַסטער א קוק געגעבן אף מיר, דערנאָך גלײַך ארופצו, פונקט ווי אלץ, וואָס עס האָט א שײַכעס צו מיר, האָט אויך א שײַכעס צום מיידל אין קאבינע.

פאר א דרײַסיק סעקונדעס מאכט בראָניע דורך די האלבע מייע טרעפּ־לעך פונעם שמאָלן, שטארק געשלענגלטן אײַזערנעם לייטער, און אָט שטייט זי שוין אפן דיל. זי פילט זיך מיסטאמע בייסמײַסע ווי א מענטש, וואָס שטײַגט אראָפּ פון דער שיף אפן ברעג. איך מאך א טראָט איר אנטקעגן. קוים א קוק געטאָן אין מײַן זײַט, לויפט זי אוועק, און אין א קורץ שטיקל צײַט ארום שווינדלט זי פארבײַ, אָקאָרשט ארויס פון „דוש", א ציכטיק איבערגעטאָנענע, אין א גרין קלייד מיט א שנירעלע פערלמוטערנע קנעפּ־לעך אף דער ברוסט. זי פארשווינדט הינטער די טויערן פונעם צעך, און איך בלײַב שטיין, ווי א גוילעם, פילנדיק זיך אינגאנצן אן איבעריקער אף דער וועלט.

— וואָס זשע שטייסטו? — טוט מיך מיטן בעזעם לײַכט א שטויס די אופּראמערן.

איך פלעג אוועקגיין מיטן פעסטן געדאנק אָנצושרײַבן א מעלדונג, מע זאָל מיך אריבערפירן אף אן אנדער ארבעט, אין אן אנדער צעך. נאָר אינדערפרי, ווי נאָר כ'האָב באנײַס דערהערט פון איר דעם „מאָלאָדיעץ" אָדער אפילע ניט אינגאנצן אזא זיס וואָרט, האָב איך אין איין אויגנבליק פארגעסן וועגן אלע מײַנע נעכטיקע טראכטענישן און איבערלעבונגען. ווידעראמאָל בין איך געווען פול מיט די ליכטיקסטע האָפענונגען. בראָניע איז דאָ, לעבן מיר, אף א מעהאלעך פון אוועלכן־ניט־איז צענדליק מעטער! אכט שאָ נאָכאנאנד האָב איך די מעגלעכקײַט יעדע מינוט קוקן אף איר, הערן איר שטים, אויספילן אירע באפעלן. אָבער איינע א ניט־פאָרויסגע־זעענע געשעעניש האָט שיר ניט אוועקגענומען בא מיר מײַנע געציילטע גליקלעכע שאָען.

אין איינעם א סענטיאבער־טאָג, גאנצפרי, ווען די זון האָט קוים א שײַן געטאָן דורכן גלעזערנעם דאך פון צעך און איז גלײַך פארשוווּנדן, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט, אז ס'איז שוין הארבסט און צו גוט טאָר מען ניט זײַן, האָט זיך לעבן מײַן „מאָטאלקע" אָפּגעשטעלט דער שעף פונעם זאַ־וואָדישן אויסשטאטונגס־אָפּטייל. ביכלאל קאָן איך זיך ניט איבערנעמען מיט מײַן זיקאָרן, נאָר זײַן פאמיליע וועליקאנאָוו האָב איך פארגעדענקט, ווײַל זי האָט אינגאנצן ניט אנטשפּראָכן דעם אָנבליק זײַנעם. וועליקאנאָוו איז געווען א מענטש א קליינוווקסיקער, אן אײַנגעשרומפּענער, נאָר געהאט האָט ער צו טאָן מיט זאכן בלויז פון גרויסן מאסשטאב און פון גרויסע גאבאריטן. אין זײַן אָפּטייל פלעגן אָנקומען ריזיקע קאסטנס מיט ווערק־שטעלן, וואלצערס, פארשיידענע מעטאל־קאָנסטרוקציעס, וואָס, שטייענדיק לעבן זיי, האָט וועליקאנאָוו קוים זיך ארויסגעזען. די שעפן פון די צעכן, אינזשעניערן פון דער קאָנסטרוקטאָר־ביוראָ און די מיטארבעטער פון אויס־שטאטונגס־אָפּטייל, דאָס הייסט די מענטשן, מיט וועלכע ער פלעגט אָפטער ווי מיט אנדערע זיך באגעגענען, זײַנען קימאט אלע געווען הויכע, ברייט־פלייציקע; אין זייער קרײַז האָט וועליקאנאָוו אויסגעזען, ווי א קליין קוסטל

צווישן הויכע דעמבן. נאָר דאַפּקע ער, דער קליינינטשקער, איז געווען דער טאָנגעבער, און די מעכטיקע דעמבן־ביימער האָבן גערן געבויגן די הויכע קרוינען, קעדיי בעסער צו הערן דאָס שטילע גערויש פונעם נידעריקן געוויקסל.

ווען וועליקאַנאָוו פלעגט זיך באַוויזן אין צעך מיט אַ פּעקל בלויע צייכענונגען אונטערן אָרעם, איז עס געווען דער בעסטער סימען, אַז גאָר אינגיכן וועלן זײַן נײַס: עפּעס וועט מען אויסשטאַטן, מאָנטירן, איבער־שטעלן.

דורכגערעדט זיך מיטן שעף פונעם וואַלץ־צעך און מיט די אינזשע־ניערן, איז וועליקאַנאָוו אין יענעם פרימאָרגן מיטאַמאָל צוגעגאַנגען צו מיר.

— נו, בראַטאָק, געזעגן זיך מיט דײַן אינסטרומענט, — האָט ער זיך צוגערירט מיט זײַן קליין הענטל צו דער „קאָטשערע“. — אינגיכן וועלן מיר האָבן אַ ראָלגאַנג.

די דאָזיקע בסורע האָט דערפרייט דעם גאַנצן צעך. אַלע האָבן מיך באַגריסט, ווי דעם גרעסטן באַלסימכע. פון טראַנספּאָרט־צעך איז געקומען צו לויפן דער דיספּעטשער, וועלכן איך האָב ביז דאַן קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען. אין איין אָטעם האָט ער אָנגעהויבן אויסגיסן פאַר מיר דאָס האַרץ:

— אַלע מײַנע נערוון האָט פון מיר אַרויסגעצויגן דײַן „מאָטאַלקע“. אַ קײַלעכיקן מעסלעס נאָר מע קלינגט: „פּלאַטפאָרמעס אהער, פּלאַטפאָרמעס אהין“, און דער גאַנצער מאַרשרוט איז די גרייס ווי אַ גענעץ. פון איין טויער — אַרויס, אין צווייטן — אַרײַן. איצט וועלן מיר פרײַ אָפּעטעמען...

גלעטנדיק סאָליד מיט צוויי פינגער די אייבערשטע געגאָלטע ליפּ, איז צוגעגאַנגען צו מיר דער געוועזענער עלטערער מײַסטער אַנטאָן זאַכאַ־ראָוויטש פּאָמעראַנצעוו. ער איז שוין געווען אויף פּענסיע, נאָר ער האָט געהאַט אַ דורכלאָז־שײַן אין אַלע צעכן פונעם זאַוואָד. מע האָט אים אויס־גענוצט אַלס עקסקורסיע־אָנפירער. אָפּטמאָל, שוין גלײַך פון אינדערפרי, האָט מען אים געקאָנט זען אַרומגערינגלט מיט שילער פון דער פּראָפשול אָדער פונעם טעכניקום, אָן אַנדערשמאָל האָט ער געפירט אַ דעלעגאַציע, וואָס איז געקומען פון ערגעץ צו פאָרן, אַ גרופּע טוריסטן. אין יענע מינוטן פלעגט דער אַלטער אויסזען פײַערלעך, זײַן שיין לענגלעך פּאָנעם האָט געשטראַלט, די שטאַלטנע פיגור, שוין עטוואָס געבויגן אונטער דער לאַסט פון יאָרן, איז געווען אונטערגעצויגן און אויסגעגלײַכט.

דערנעענטערנדיק זיך צו אוועלכן־ניט־איז הינטערשטעליקן באַצירק, פלעגט אַנטאָן זאַכאַראָוויטש, אונטערן אויסרייד, אַז באַקוקן אַלץ איז אומעגלעך, היפּשלעך פאַרגיכערן דעם טראָט. דער קלוגער מאַנעווער האָט אָבער ניט שטענדיק זיך אים אײַנגעגעבן.

— און וואָס איז דאָס? צו וואָס נוצט עס? — האָבן געטײַטלט די מער נײַגעריקע עקסקורסאַנטן אויף מײַן שטעקן.

— דאָס איז אַ צײַטווײַליקע זאַך, ניט קעדײַ וועגן דעם צו ריידן, — פלעגט ער ענטפערן, ניט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, און האַסטיק גיין ווײַטער.

איצט האָט פּאַמעראַנצעוו, ווײַזט אויס, שוין פאַרגעשטעלט זיך, אז דאפקע לעבן דער „מאַטאלקע״ וועט ער זיך פארהאלטן לענגער און באַ־ווײַזן נאָך איין בײַשפּיל פון טעכנישן פּראָגרעס.

פארשטעלט מיט א האנט די באק פון דער שלאָגנדיקער היץ, האָט ער אָנגעהויבן מיר דערקלערן די וויכטיקע נוצן פונעם ראַלגאנג אין אזא דערהויבענעם טאָן, אקוראט ער וואָלט שוין גערעדט פאר א כאָפּטע אנציקטע עקסקורסאנטן.

— די רולאָנען וועלן אליין, אָן א קראן, אָן פלאטפאָרמעס, קײַקלען זיך פון אײַער צעך אין צעך פאר קאלטער באארבעטונג... דאָס רופט זיך קאָמפּלעקס־מעכאניזאציע... די קאָטשערע וועסטו מיר אָפּגעבן אף אן אָנ־דענק, — האָט ער אומגעריכט א זיפץ געטאָן, קענטיק דערמאָנענדיק זיך די אומאָנגענעמע מינוטן, וואָס עס האָט אים פארשאפט מײַן ווערק־צײַג.

בא מיר פערזענלעך איז געווען א צווייענדיקע באציִונג צו דער קו־מענדיקער ענדערונג. פון א געוויסער צײַט בין איך אין זאוואָד געוואָרן טרויעריק בארימט. ווען אף א באראטונג אָדער קאָנפערענץ האָט עמעצער געוואָלט באווײַזן, וויאזוי עס לעבט זיך צונויף פאָרגעשריטענע טעכניק מיט קוסטארערײַ, פלעגט ער ארויס אומגעפער מיט אזא לאָשן:

— יעדן פון אונדז, כאַוויירים, איז אויסגעקומען צו זײַן אינעם וואלץ־צעך און דורכגיין פארבײַ דער „מאַטאלקע״. וואָס זשע זעען מיר דאָרטן, כאַוויירים? מיר זעען דאָרטן א טרויעריק בילד. עס שטייט א יונגער אר־בעטער, אונדזערער א יונגער כאַווער, מעגלעך אפילע א קאָמיוגיסט, און א גאנצע וואכטע לאָזט ער ניט ארויס פון דער האנט דעם קיניגלעכן סצעפּטער. איך בעט אנטשולדיקן פארן פארגלײַך, נאָר פונקט מיט אזא פעלדמארשאל־שטעקן האָט נאָך געהאט צו טאָן מײַן אור־אור־אורבאָבע, ווען זי פלעגט דארפן ארויסשארן די טעפּלעך פונעם אויוון.

געוויס האָט זיך מיר זייער געוואָלט בײַטן די ארבעט. צום סאָף פון דער וואכטע פלעג איך בלײַבן אינגאנצן אָן קויכעס. און דאָך זײַנען אָט די הייסע אכט שאָ געווען פאר מיר די סאמע גליקלעכע פון אלע פיר און צוואנציק אין מעסלעס. איך האָב ארופגעקוקט צו דער קאבינקע אונטער דער סטעליע. אָפּטער, ווי געווײנלעך, האָט בראָניע געשריִען „בלײַענער פויגל״, וועלנדיק, ווײַזט אויס, דערמיט א ביסל פארלײַכטערן אונדזער קו־מענדיקע צעשיידונג. נאָר דער ביטערער צונאָמען האָט הײַנט געקלונגען אין מײַנע אויערן קימאט אזוי צארט, ווי דער קאָמפּלימענט „מאָלאָדיעץ״. זאָל זי רופן, ווי זי וויל, אבי נאָר הערן איר שטים, נאָכאמאָל און נאָכאמאָל אינעם מעשונעדיקן איבערפלעכט פון ליכט און שאָטן אונטער דער סטעליע זען איר פּאָנעם, אירע אויגן, איר ברייטן, שיינעם „מאנצבלשן״ שטערן.

מיטיק־צײַט האָט איבערן דאך גענומען קלאפּן א רעגן. געווײנלעך האָבן מיר אים ניט געהערט, פונקט ווי מיר האָבן אויך ניט געהערט קיין

דונער. נאָר איצט איז אין צעך געווען שטיל: מע האָט אָפּגעשטעלט דאָס וואלץ־געשטעל. עס איז אראָפּגעקומען א בריגאדע מאָנטאזשניקעס. דער הויפּט־מעכאניקער האָט לעבן „טיטאן” מיטן געקאָכטן וואסער אופגעהאנגען אן ארבעטס־גראַפיק. אויבן, אינעם לינקן ווינקל פונעם בויגן פּאַפּיר, איז געווען א רעזאָליוציע פונעם זאוואָד־דירעקטאָר: „אויסער יעטווידער ריי, עקסטרע”. דורך די צעעפנטע טויערן פוןביידע עקן צעך האָט א צוגווינט שמייַדיק אוועקגעטראָגן די גאנצע ווארעמקייַט. צוערשט איז געוואָרן אָנגענעם קיל, דערנאָך קאלטלעך.

איך האָב אָנגעטאָן דאָס רעקל און שוין געקליבן זיך גיין אין גאָרקיך עסן, האָט מיך א רוף געטאָן דער שעף פונעם צעך וויקטאָר פּעטראָוויטש אָלכאָוואָי. זייַן קאבינעט האָט זיך געפונען אף דער „גאַליאָרקע”, פּונקט אנטקעגן וואלץ־געשטעל. ווען דאָס געשטעל ארבעט, זייַנען די שויבן פונעם קאבינעט, די ווענט און די סטעליע העל־אָראנזשעווע, ווי דער האָריזאָנט באם זון־פארגאנג. איצט האָט געדוכט, אז ס'איז דאָ פינצטערלעך, כאָטש עס האָט, ווי שטענדיק, געברענט דער לאָמפּ.

וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט מיך געבעטן זיצן און, ווי ער טוט געוויינלעך, ווען ער וויל מיט עמעצן זיך דורכריידן אף א געמיטלעכן אויפן, אראָפּגענומען די ברילן און אוועקגעלייגט זיי אין א זייַט. זייַן פּאָנעם מיט די „באקעטע” צוגעזשמורעטע אויגן איז גלייַך געוואָרן עפּעס היימישער.

— אין צוויי טעג ארום וועלן מיר אים לאָזן, — האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האנט אין פענצטער אפן וואלץ־געשטעל. — אייַער ארבעט, כאָווער, איז איצט געוואָרן איבעריק און זי ווערט אָפּגעשאפט. איר האָט געארבעט גאנץ גוט, — האָט וויקטאָר פּעטראָוויטש פאָרגעזעצט, — און כ'וואָלט וועלן, איר זאָלט זיך ניט פילן באאוולט. איך וועל גערן העלפן צוזוכן פאר אייַך אן אָרט לויט אייַער אייגענעם פארלאנג. דער אויסוואל איז א גרויסער. אין אונדזער צעך איז פאראן ניט קיין שלעכטער טאָקער־ווארשטאט. מיר וועלן אייַך אוועקשטעלן בא א גוטן ווערקשטעל... אויב איר ווילט, לערנט זיך אף אן עלעקטריקער. צי עפּשער געפעלט אייַך זייַן א צייכענער, וועל איך אייַך שיקן אין קאָנסטרוקטאָר־ביוראָ...

אין פארלעגנהייַט האָב איך געהאלטן אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. איך האָב געשוויגן, מוירע האָבנדיק, אז דער שעף פונעם צעך וועט זיך אָנשטויסן, וועגן וואָס איך טראכט. מיר האָט זיך זייער געוואָלט פרעגן, ווו וועט איצט ארבעטן די קראנאָווטשיצע בראָניע קראָוועץ. לויט מייַן האשאָרע, האָט מען גיכער פון אלץ זי געדארפט שיקן אפן גרויסן סקלאד. קראַנמאשיניסטן פעלן דאָרטן שטענדיק אויס.

שטיל האָב איך א בעט געטאָן:

— שיקט מיך אפן סקלאד פון די סליאבעס...

וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט מיט פארוווּנדערונג א קוק געטאָן אף מיר און א שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ אף „ניין”.

— איך אייַצע ניט.

— זאָגט איר, הייסט עס, אַפּ?

— גרינגער פון אַלץ איז אויספּילן אײַער באקאָשע, נאָר איך אייצע אײַך ניט, — האָט ער איבערגעכאַזערט שוין אַ ביסל מיט פאַרדראָס. — אינגיכן וועלן מיר אָנהייבן אויסלאָדן די סליאַבעס מיט אַ מאַגנעט, וועט ווידער אויסקומען אַריבערוואַרפן אײַך אַף אַ נײַ אָרט. איר זײַט דאָך נאָך יונג, צײַט אַ קלער טאָן וועגן אַ פאַך.

איצט, אין אַ סאַך יאָרן אַרום, דערמאָן איך מיט דאַנקבאַרקײַט דעם שטרענגן, אַ ביסל האַרבלעכן שעף פונעם צעך. מיר ווײַזט זיך אויס, אַז ער האָט זיך געהאַט אָנגעשטויסן, פונוואַנען עס קומט מײַן מאָדנער פאַר־לאַנג, נאָר מיט קיין איין וואָרט עס ניט אַרויסגעוויזן.

— אויב אַזוי, וואָלט איך וועלן אַרבעטן בא די טיגלען[1], — האָב איך געזאָגט נאָך אַ געדריקט שווײַגן.

— אָט דאָס זײַנען גאָר אַנדערע ווערטער, — האָט לעבעדיק אונטער־געכאַפּט וויקטאָר פּעטראָוויטש. — איך באַמערק, ברודערקע, עס ציט דיך נאָר צו דער היץ, — איז ער פלוצעם אַריבער אַף „דו״. — וועסט זיך אויס־לערנען צונויפשטעלן אַ ריכטיקע שיכטע, אונטערהאַלטן אין אויוון די נויי־טיקע טעמפּעראַטור, צו דער צײַט אויסגיסן דעם מעטאַל אין די פורעמס, מיט איין וואָרט, וועסט געבן גוטע בראָנזע, וועסטו זײַן דער כאַשעווסטער מענטש אין זאַוואָד...

צום סאָף האָט וויקטאָר פּעטראָוויטש אַרויסגענומען פון דער קליינער ביכער־שאַפע אַ גראָבן בוך אין אַ העלער הילע „שמעלצונג פון קאָלירטע מעטאַלן״ און מיר אים דערלאַנגט.

— טו אַ בעט דעם מײַסטער, ער זאָל מיט דיר אַ ביסל אַ לערן טאָן טעאָריע.

...עס איז דורך אַ יאָר... שוין לאַנג קײַקלט זיך אַ רולאָן נאָך אַ רולאָן אָן שום הילף פון אַ מענטשן. איך האָב זיך פאַר דער צײַט אויסגעלערנט שמעלצן קאָלירטן מעטאַל. בא די טיגלען איז נאָך הייסער, ווי באַם וואַלץ־געשטעל. דער פלאַם הודעט אינעם אויוון, דער מעטאַל קאָכט. איך דריי אָפּ דעם ווענטיל פונעם פעסל מאַזוט, גיב צו אין אויוון ברענשטאָף, דער פלאַם ווערט נאָך שטאַרקער. דורך די טונקעלע ברילן שפּיר איך אופ־מערקזאַם נאָך, וואָס עס טוט זיך דאָרטן אינעם פײַערדיקן טאָפּ. ווען די שמעלצונג איז פאַרטיק, גיב איך אַ רוף מיט דער האַנט, און פונעם אַנדערן עק צעך טראָגט זיך צו מיר דער קראַן. אַף איין סעקונדע גיב איך אַ קוק אַף אויבן, און ווידעראַמאָל, ווי פריִער באַם וואַלץ־גע־שטעל, ווערט מיר קיל און כּיִעסדיק אין די אייוורים. אין דער קאַ־בינקע איז בראָניע. וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט ניט צעשיידט די אַלטע „קאָמפּאַניאָנען״.

דער טראָס פונעם קראַן לאָזט זיך נידעריק אַראָפּ צום אויוון.

---

[1] טיגל — דאָ: אַ קיילע פון פײַערפעסטן מאַטעריאַל, אין וועלכער מע שמעלצט מעטאַל.

ניט באמערקנדיק די פונקען, וואָס שפּריצן ארום מיר, פארקלאמער איך דעם טיגל מיט א ריזיקער צוואנג און זעץ אים ארויף אפן הייב־קראן.

— ווירא! — טו איך א געשריי. און דער טיגל הייבט זיך געלאסן ארויס פונעם אויוון. דער אָפּשייַן פון צעשמאָלצענעם מעטאל דערגרייכט ביז צו דער סטעליע. עס גייען דורך עטלעכע מינוט. דער מעטאל, צעגאָסן אין פארשיידענע פורעמס, ווערט גיך אָפּגעקילט און באדעקט זיך פון אויבן מיט א טונקל הייַטל.

עס איז שוין לאכלוטן ניטאָ צוליב וואָס צו פארהאלטן זיך אין צעך, נאָר איך גיי ניט אוועק, איך ווארט. איצט אנטלויפט שוין ניט בראָניע פון מיר נאָך דער ארבעט. לעבן די פייַערדיקע רולאָנען און קאָכיקער בראָנזע האָט זיך גוט אויסגעוואוּרעמט אונדזער ליבע. אין א שטיקל צייַט ארום האָט מען בראָניען טאקע אריבערגעפירט ארבעטן אפן סקלאד, נאָר דאָס האָט מיך שוין ניט געארט. זי פלעגט קומען צו לויפן אין מיטיק־איבערייַס רופן מיך גיין עסן אין דער גאָרקיך...

אין 1940 האָבן מיר כאסענע געהאט... אמאָל, קינדווייַז, האָב איך גע־הערט זאָגן, אז די פאָטאָגראַפיע פון א געשטאָרבענעם מענטשן ווערט אינגיכן באדעקט מיט א טויטער געלקייַט. גיך איז פארגעלט געוואָרן די פאָטאָ, וואָס בראָניע האָט מיר צוגעשיקט אפן פראָנט. אפן בילד איז זי געוועזן מיט אונדזער צענכאדאָשימדיק טעכטערל אף די הענט. קיין נע־ווינסק בין איך אראָפּגעקומען קימאט גלייַך נאָך דעם, ווי מע האָט באפרייַט די שטאָט. עטלעכע טעג ארומגעבלאָנדזשעט, ווי אין א כאָלעם, איבער די רויִנירטע גאסן, נאָכגעפרעגט זיך, באמיט זיך אלץ צו דערוויסן, נאָר ווי געגוי מע האָט מיר ניט דערציילט, האָב איך ניט געקאָנט און קאָן ביז הייַנטיקן טאָג ניט פאָרשטעלן זיך איר לעצטן וועג מיטן קינד אין דער קאָלאָנע פון די פארורטיילטע צום טויט. א כוישעך, א געדיכטער שווערער נעפל פארדעקט די אויגן...

שווער איז באן צו שרייַבן ליגנדיק, די פען ציטערט אין דער האנט, דאָס העפטל גליטשט זיך אראָפּ פון קישן... און דאָס פענצטער ווערט שוין דורכזיכטיקער, עס נעמט שאַריִען אף טאָג.

אף די סטאנציעס האָבן זיך באוויזן שילדלעך אין צוויי שפּראכן: אוק־ראַיִניש און רוסיש, ארום און ארום שפּרייטן זיך ענדלאָזע אוקראַיִנישע סטעפּעס.

1 סענטיאבער.

א הונדערט קילאָמעטער פאר נעווינסק איז די באן געוואָרן קימאט פּוסט. אף די גרויסע סטאנציעס פון דאָנבאס האָבן זיך ארויסגעפּעקלט א סאך פּאסאזשירן. איך האָב זיך געזעגנט מיטן קוילנגרעבער פון וואָרקוטא, וואָס פאָרט אין אורלויב צו זייַן ברודער אין רוטשענקאָוואָ, אויך א קוילנגרעבער. ארויסבאגלייט האָב איך צו דער טיר אויך די צוויי אלטיטשקע פענסיאָנערקעס, וואָס נוצן אויס די אומבאגרענעצטע פרייַע צייַט

און דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרטע געלט אַף אַרומצופּאָרן צו די קינדער און אייניקלעך. די קאָשעקעס זײַנען באביידע אַלטיטשקע פול מיט קריגעלעך זויערמילך, זויערע אוגערקעס און פרישע עפּל, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין איין צוקויפן אַף די „וואָלוועלע" סטאַנציעס.

עס האָבן זיך אָפּטער געגומען באַוויזן באַקאַנטע „ראַזיעזדן", „פּאָלו־סטאַנקעס". ווידעראַמאָל לאָזן ניט צורו דערינערונגען, וועלכע גריבלען אַרויס פון דער צײַט־טיפעניש פאַרשיידן פאַרוואַלגערט מינץ.

מיט פיל יאָרן צוריק פלעגט מײַן טאַטע פאָרן אַף אַרבעט פון גנעווינסק אַף א נאָענטער סטאַנציע מיט א שיינעם נאָמען „דאָליא". געפאָרן איז ער מיטן אינדערפרײַיקן זעקסאַזייגערדיקן צוג, וועלכן איך האָב געוואָלט כּאָטשבי איין מאָל זען מיט די אייגענע אויגן, נאָר איך פלעג אים שטענדיק פאַרשלאָפן. געוועזן איז מיר דאַן א יאָר פינף. סאָפּקאָלסאָף האָט די עלטערע שוועסטער ראַכמאָנעס געהאַט אַף מיר און איינמאָל מיך אויפ־געוועקט.

איך בין אַרויף אָפן בערגל, פון וועלכן עס האָט זיך געזען די אײַזנבאַן־ליניע, און די אויגן האָבן געגומען לויפן איבער די שווינדלענדיקע וואַגאָנעס. גרויס איז געווען מײַן ווונדער, ווען אַף קיין איינעם פון זיי האָב איך ניט געזען די ציפער „6". פונוואַנען זשע ווייסט דער טאַטע, אז די באַן איז א זעקסאַזייגערדיקע? די ציפער „6" איז מיר געווען גוט באַקאַנט. זי איז ענלעך אַף אַן אָפּגעביסענעם „קרענדעל", צום אונטערשייד פון א גאַנצן, וואָס איז ווי אַן „8". אַגעוו, סײַ אָפּגעביסענע, סײַ גאַנצע האָב איך דאַן אין מויל ניט געגומען, באַנוגענענדיק זיך דערמיט, וואָס איך זע זיי אין דער „בולאָטשנע".

ס'האָט א פינקל געטאָן דער יאַם. מיר, ייִנגלעך, געדענק איך, האָבן שטענדיק געהאַט א ביסל אַגמעסנעפּעש פאַר אונדזער אַזאָווער יאַם. אינעם לערנבוך איז ניטאָ וועגן אים קיין גוט וואָרט, נאָר הוילע כעסרוינעס: דער סאַמע קלענסטער, דער סאַמע פלאַכסטער, מיט א סאַך זאַמדבענק און אַנדערע צאָרעס, וואָס פּאַסן ניט פאַר קיין לײַטישן יאַם. איצט זע איך אים ווידער, אונדזער „באַליידיקטן" יאַם. א גרויער, מיט ווײַסן שוים באַם ברעג, האָט ער א קוק געטאָן אין די פענצטער, און ס'איז מיטאַמאָל גע־וואָרן ווונדערלעך ליכטיק אין וואַגאָן. די טיר פונעם קאָרידאָר איז געווען א ביסל אָפן, און ס'האָט זיך אַרײַנגעריסן א ווינט, דורכגעטראָגן זיך איבער די טישלעך און געלעגערס, אָנגעבלאָזן די גרינע פאָרהענגלעך, צעקלונגען זיך מיט די לעפעלעך אין די ליידיקע גלעזער. פלוצעם איז געוואָרן פינצ־טערלעך. אַף דער אַנדערער פאָר רעלסן איז געגאַנגען א פראַכט־צוג. ווען ער איז אַדורך, האָט מען שוין דעם יאַם ניט געזען, פאַר די אויגן האָט זיך געשפּרייט די פּאַנאָראַמע פון „יוזשסטאַל".

אומגעריכט און בעשעפּע, ווי עס פּאַסט פאַר א געבענטשטן דאָרעמדיקן ווינקל, איז אַוועק א היפּשער רעגן, נאָר דער הימל איבער דער „דאָרעם־מאַגניטקע" איז פאַרבליבן ליכטיק, הויך, אין דורכזיכטיק־לײַכטע, פאַר־שיידנקאָלירקע וואָלקנס.

די שטאָט מאגניטאָגאָרסק רופט מען „הויפּטשטאָט פון דער שווארצער מעטאלורגיע”. מע קאָן נאָך זאָגן, אז קיין איין הויפּטשטאָט אין דער וועלט האָט ניט אזויפיל ייִנגערע שוועסטער, וואָס ווילן זיך אָנרופן לויטן נאָמען פון דער עלטערער: „סיבירער מאגניטקע”, „קאזאכסטאנער מאגניטקע”... אין בכילײַ האָט מען אויסגעבויט אן „אינדישע מאגניטקע”. ליפּעצק און אלטשעווסק, טאגיל און טשוסאָוואיא צינדן אָן נײַע דאָמנעס, מארטען־אויוונס און זאָגן דערבײַ: מיר ווערן א „מאגניטקע”.

און אָט איז זי, מײַן „דאָרעם־מאגניטקע”. אופהייבנדיק זיך שטופּנווײַז אלץ העכער צום האָריזאָנט, דערמאָנט דער זאוואָד א גיגאנטישע שיף. מעגלעך, אז אזא פארגלײַך קומט ארויף אפן געדאנק דערפאר, ווײַל דער זאוואָד איז לעבן יאם. עס דוכט זיך, ער וועט באלד שטיל ארײַנשווימען אינעם יאם־אײַנגוס.

הינטערן הויכן פּלויט, צווישן די שטיינערנע ריזן, האָט דורכגעשווינדלט א קליין הילצערן שטיבל מיט א נידעריק אראָפּהענגענדיקן דאך איבער די פענצטערלעך. איין גאָט ווייסט, צוליב וואָס מע האָט עס דאָ איבערגעלאָזט, עפּשער האָט מען געוואָלט, אז לעם דער כאטקע זאָל נאָך גראנדיעזער אויסזען דער זאוואָד.

הינטערן אײַזנבאַן־אָנשיט שלענגלט זיך א גאנץ ברייטער טײַך מיט פּארלאָזטע ליימיקע ברעגן. אין אן אנדער שטאָט וואָלט אזא טײַך, ווי אונדזער קאלמיוס, געוויס געהאט א ביסל מער קאָוועד, מע וואָלט אים אוואדע ארײַנגענומען אין גראניט, געמאכט לעבן אים א פּײַנעם סקווער אָדער פּארק. נאָר מײַנע לאנדסלײַט האָבן א יאם, א יאם־פּליאזש, און זיי ניצן די בריק איבערן טײַך א סאך אָפטער, איידער גופע דעם טײַך. עמעס, מיט דרײַסיק יאָר צוריק, ווען אפן לינקן ברעג קאלמיוס האָט מען גענומען פּלאנירן דעם זאוואָד, האָבן ניט ווייניק פּאָעטן געווידמעט דעם טײַך זייער אינדוסטריעלע מוזע...

אין שטאָט בין איך ארײַן ניט דורכן וואָקזאל, נאָר, ווי אמאָל, ייִנגלווײַז, דורכגעשמוגלט זיך דורכן שמאָלן ליקל צווישן וואָקזאל און דער באגאזש־קאמער, ווו עס הענגט אן אופשריפט Ход закрыт[1]. אָט אזוי פארבלײַבן ביז די עלטערע יאָרן קינדערשע שטיק. אפן וואָקזאל־פּלאץ — קיין סימען פון דעם, וואָס איז אמאָל געווען. ניטאָ אפילע די שטיינער פונעם ברוק — מע האָט זיי פארביטן אף אספאלט. טראמוויי, אווטאָבוס, טאקסי — אלע מינים טראנספּאָרט זײַנען אין מײַן רעשוס. ווען איך זע עס אין אן אנדער שטאָט, וואָלט עס, פארשטייט זיך, ניט ארויסגערופן בא מיר קיין וווּנדער. נאָר דאָ קוק איך אף דעם, פּונקט ווי איך וואָלט אף מײַן לעבן אזעלכס ניט געזען.

אין טראמוויי פרעג איך בא דער קאָנדוקטאָרשע, וויפל עס קאָסט א בילעט.

---

[1] דער ארײַנגאנג איז פארמאכט.

— ניט טײַערער, ווי אין אנדערע שטעט, — ענטפערט זי און קוקט מיך אָן, ווי כ׳וואָלט פון הימל אַראָפּגעפאלן.

דער טראַמוויַי לויפט, קלינגט, נעמט אַף די סטאַנציעס נײַע פּאַסאַזשירן, ס׳ראָוו פּרויען, שטוב־באַלעבאָסטעס. ס׳איז ארום צען אינדערפרי, און זיי קערן זיך אום פון די קלייטן און פון מארק, יעדערע מיט א היפּשער מאַסע. דער גאָלדענער דאָרעמדיקער הארבסט פארקויפט זײַנע אויצרעס ניט אין קילאָגראַם־פּעקלעך, נאָר עמערוויַיז און אין קעסטלעך. דער טראַמוויַי זאַפּט זיך אלץ מער דורך מיטן טערפּקן רייעך פון צײַטיקע פלוימען, בארן, עפּל. דורך די שפּאַלטן פון די קעסטלעך קוקן ארויס דורכזיכטיק־גרינע און סאַמעט־שווארצע ווײַנטרויבן. איך האַלט דעם קאָפּ ארײַנגעשטופּט אין פענצטער און באַמי זיך צו געפינען באַקאַנטע געבײַדעס, באַקאַנטע שילדן, באַקאַנטע שטיינער, אין וועלכע עס האָבן אַמאָל צעקלאַפּט זיך יינגלשע באָרוועסע פיס.

אַלטע סימאָנים זײַנען פארבליבן זייער ווייניק. אַפן ראָג פון דער ערשטער סלאָבאָדקע־גאַס, ווו אין די אָוונטן פלעגט זיצן אַן אלטע אויס־געדארטע גריכן מיט א קוישל קערלעך, שטייט איצט א פירשטאָקיק הויז. דער קלונג פונעם שול־גלעקל און דער קינדערשער טומל דערמאָנען מיר, אַז הײַנט איז דער ערשטער סענטיאַבער. איך האָב געזען א סאַך נײַע געבײַדעס, נײַע שולן אין אנדערע שטעט, נאָר אין מײַן היימשטאָט קוק איך אַף יעדן נײַעם הויז אַזוי, ווי מע וואָלט מיר געגעבן דאָרט א דירע.

אָט זײַנען די שטיינערנע טרעפּ, וואָס פירן גלײַך צום צענטער שטאָט. דאָ פארקערעוועט דער טראַמוויַי צום האַפן. די באַריקאַדע פון פּרוכטן, וואָס פארשטעלט מיר דעם וועג, קלעטער איך האַסטיק אריבער און שפּרינג אַראָפּ נאָך איידער דער טראַמוויַי שטעלט זיך אָפּ. מיך פארדריסט שוין, לעמײַ איך בין געפאָרן, געדארפט בעסער גיין צופוס.

מיטן קלייגעם טשעמאָדאַנדל אין דער האַנט הייב איך אָן ארופצוגיין אַף די טרעפּ. זיי דערקענען איך, זיי זײַנען געבליבן די זעלבע, ווי אַמאָל. עס זײַנען נאָר צוגעקומען נײַע הילצערנע גרינגעפארבטע פאָרענטשן. קינדוויַיז פלעגט אונדז פארשאַפן א באַזונדער פארגעניגן דאַפקע אויסצו־מײַדן די טרעפּ און לויפן איבער דער שמאָלינקער סטעזשקע, באַם סאַמע ראַנד פונעם טיפן שטיינערנעם טאָל. פונדאַנען, פון די אייבערשטע טרעפּ, האָט זיך באַ די סלאָבאָדקע־יינגלעך אָנגעהויבן די עמעסע שטאָט מיט אלע אירע אויסערגעוויינלעכע גליקן, ווי, לעמאָשל, דער צירק, ווו עס איז איינ־מאָל ארויסגעטראָטן איוואַן פּאָדובני, דער „איליוזיאָן״, אין וועלכן מע קאָן זען מאַקס לינדערן און טשארלי טשאַפּלינען, דער האָטעל „קאָנטינענטאַל״, ארום וועלכן עס שפּאַצירן אויסשליסלעך אויסגעפּוצטע מענער און פרויען, אָפּגערעדט שוין פון דער בעקערײַ, וועלכע פארשפּרייט גאַניידן־רייכעס פון פרישע בולקעלעך און בייגל.

די הויפּט־גאַסן פון אייניקע אונדזערע שטעט זײַנען באַוווּסט אין דער גאַנצער וועלט. ווענן דעם לעגינגראַדער ניעווסקי פּראָספּעקט אָדער קיִע־ווער קרעשטשאַטיק האָט מען געהערט אומעטום. נעווינסק איז ניט קיין

גרויסע שטאָט, און איר הויפּט־גאַס, וואָס הייסט „פּראָספּעקט רעספּובליקי״, איז באַקאַנט נאָר די אָרטיקע איַינוווינער. דאָס איז אַ „געוויינלעכע״ הויפּט־גאַס. אָבער ווי זי האָט זיך געביטן!

איך וואָלט זי ניט דערקענט, ווען ניט די איינציק איבערגעבליבענע אַלטע געבײַדע פונעם מעלוכע־באַנק. אַמאָל איז דער „מעלוכע־באַנק״, מיטן ברייטן פּאַראַד־אַרײַנגאַנג, מיט די גרויסע „איטאַליענישע״ פענצטער, געווענדעט צום סקווער, מיט דער מאַסיווער דעמבענער טיר, וואָס פירט אין אַ גרויסאַרטיקן זאַל און אין שיינע קאַבינעטן, געווען די קרוין פון דער שטאָט. אַ געוויסן כיילעק אין זײַן הויכער רעפּוטאַציע האָט מיסטאַמע געהאַט גופע דער נאָמען — „באַנק״. עס ווירקט געוויינלעך אַף דער פאַנטאַזיע, ביפראַט ווען אין קעשענע איז ניטאָ קיין פּרוטע. איך וועל ניט זאָגן, אַז די געבײַדע האָט זיך מיר איצט אויסגעוויזן נעבעכדיק, — זי איז פּאַשעט געוואָרן די סאַמע קלענסטע אַף דער גאַס, פּונקט ווי דאָס פאַרייִנען־הויז אַף אַכאַטני ריאַד אין מאָסקווע. אין דעם ליגט אויך אַ כיין, ווי אינעם קליינוווקסיקן סאָלדאַט, וואָס שליסט די שערענגע אַפן לינקן פלאַנג.

אַ גלײַכע, ווי אַ פײַל, זעט מען די גאַנצע גאַס פון איין עק ביזן צווייטן. איינדערווײַטנס, אַפן האָריזאָנט, פון יענער זײַט טײַך, שטאַרצן די טרויבן פון „יוזשסטאַל״. צום גליק, זײַנען זיי גענוג ווײַט, און די אײַנוווינער קאָנען האַנאָע האָבן פונעם שיינעם איינדוסטריעלן פּייזאַזש, ניט אַרײַנעטעמענדיק דעם רויך אין די לונגען. אַף אַ מעהאַלעך פון עטלעכע קילאָמעטער פונעם זאַוואָד, פּונקט אַנטקעגן אים, נאָר אַפן אַנדערן עק גאַס, געפינט זיך דער דראַמאַטישער טעאַטער, איינער פון די שענסטע טעאַטערן אין דער רעפּובליק; אייניקע זאָגן אַפילע, אַז ער איז דער שענסטער, נאָר דאָס איז שוין אַ גוזמע פון מײַנע לאַנדסלײַט.

גענוג שוין אָבער צו קוקן אַף די הײַזער. איך נעם זיך אײַנקוקן אין די פּנעמער פון מענטשן, מיר ווילט זיך טרעפן כאָטשבי איין באַקאַנטן. איך האָב ליב האָטעלן, נאָר אין דער אייגענער היימשטאָט וואָלט איך אַ באַלן געווען געפינען אַ נאַכטלעגער בא אַן אַלטן פרײַנט. מידלעך פונעם וועג און פון אַרומגייען, זעץ איך זיך צו אַפן הויכן בענקל לעבן שיכפּוצער. אים דערקען איך, דעם אַלטן גריך, וואָס זיצט שוין דאָ יאָרנלאַנג מיט די בערשטלעך — „טשיסטים־בליסטים״. גראָוע שפּיזיקע הערעלעך רעמלען אַרום זײַן אויסגעטריקנט אַלט פּאָנעם. די געדיכטע שוואַרצע ברעמען גלאַנצן אַזוי, ווי ער וואָלט זיי אויסגעפּוצט מיט זײַנע סאַמעטענע געווענטלעך. ער האָט אַ טעווע: נאָך יעדער פראַזע מורמלט ער צו אַ ניגנדל פון עפּעס אַ מיזרעכדיקער ליד. ריידנדיק און אונטערזינגענדיק, האָט ער מיר דערציילט, ווו עס געפינט זיך דער נײַער מאַרק, דער נײַער טעאַטער און דער אַלטער מוזיי.

— אויב עס וועט ניט זײַן קיין ערטער אין האָטעל, — האָט ער צום סאָף צוגעגעבן, אונטערזינגענדיק אַף זײַן שטייגער, — וועט איר קאָנען איבערנעכטיקן בא מיר... איך נעם ניט טײַער...

2 סענטיאַבער.

נעכטן בין איך געווען אַזוי מיד, אַז איך האָב ניט פאַרענדיקט באַשרײַבן אַלע אײַנדרוקן פונעם טאָג. ווײַזט אויס, איך שרײַב צופיל פּראָטים, נאָר אַזוי איז דאָס שוין בײַ מיר...

אין האָטעל זײַנען קיין פרײַע נומערן ניט געווען. „נאָך מיטיק וועט זיך באַפרײַען אַן אָרט, דאָס טשעמאָדאַנדל לאָזט דערווײַל איבער דאָ",— האָט די אַדמיניסטראַטאָרשע אָנגעוויזן אויף אַווינקל לעבן איר טיש. איך האָב אָוועקגעשטעלט מײַן „באַגאַזש" און בין אַרויס אין דרויסן.

מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ בין איך אַוועק אויף דער גאַס, וווּ איך האָב געוווינט ביז דער מילכאָמע. אָט איז אונדזער הויף. אַ גרינע קאַליטקע, אַ רויטע וואַסער־קאָלאָנקע. וויפל בלוט איז אָוועקגערונען, זינט איך האָב פון אָט דער קאָלאָנקע דאָס לעצטע מאָל אָנגעצאַפּט וואַסער.

דער הויף, ווי די גאַנצע גאַס, איז אויפגעבויט אַפּסנײַ. ער איז אַרומגעקלעפּט מיט ווײַסע הײַזער, באַזוימט מיט וועראַנדעס, באַלקאָנדלעך. לעבן יעדער הײַזקע— אַן אויסגעקאַלכטער „זומערדיקער" אויוון מיט אַ דעכל פון אויבן. אין דער טיף פון הויף האָט אַמאָל געוווינט מײַן אַלטער לערער. אייביק האָט ער קיין צײַט ניט געהאַט, געאײַלט, קיינמאָל האָט קיינער ניט געקאָנט גיין מיט אים „אין פוס", ער פלעגט פאַרלויפן פאָרויס. ניט געאײַלט האָט ער, מיסטאַמע, איין מאָל— אינעם טיפן הארבסט־טאָג פון איין־און־פערציקסטן יאָר, ווען ער איז געגאַנגען מיט דער קאָלאָנע צו די „אַקאָפּעס"— צום טויט.

באַם אויוון לעבן שטיבל, וווּ איך האָב אַמאָל געוווינט, זײַנען געשטאַנען אַ מאַן מיט אַ פרוי און געקאָכט באַקלאַזשאַנעס. דאָס פּאָרפאָלק איז געווען אַזוי פאַרטאָן, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי איך בין צוגעגאַנגען. דער מאַן איז אַ פּאַרפּאַליעטער געשטאַנען איבערגעבויגן איבער דער שיסל און געמישט מיט אַ גרויסן הילצערנעם לעפל. די פרוי האָט פלײַסיק געגרייט אַ גאַנצע באַטאַריי טעפּ און סלאָיקעס: געוואַשן, געווישט, געשטעלט טריקענען. דאָס נײַע הויז האָט אויסגעזען אַ ביסל גראַמער פון מײַן פריערדיקן. דער אַלטער לינדנבוים האָט זיך צוגערוקט גאָר נאָענט צו דער וועראַנדע, און קעדיי ניט אויסהאַקן אים, האָט מען די קרוין געמוזט דורכלאָזן דורכן דעכל, אין אַ ספּעציעלן אויסגעשניטענעם כאָלעל. איך האָב זיך פאַרקוקט אויף דעם בוים, אויף זײַנע האַלב־פאַרגעלטע בלעטער, און אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מע דאַרף עפּעס זאָגן די מענטשן, דערקלערן זיי, נאָך וואָס איך בין אַהער געקומען. איך האָב אַ מורמל געטאָן, אַז אַמאָל האָב איך דאָ געוווינט. די ערשטע פּאָר רעגעס איז דאָס פּאָרל געבליבן שטיין אַ ביסל פאַרכידעשט, דערנאָך געגומען גאַסטפרײַנטלעך מיך רופן אין שטוב אַרײַן, די פרוי האָט שוין אַפילע געוואָלט גרייטן צום טיש. איך האָב אָפּגעדאַנקט פאַר דער אײַנלאַדונג. „אַן אַנדערשמאָל", האָב איך אַ זאָג געטאָן.

אין יעדער שטאָט איז פאַראַן אַ באַליבט אָרט, אַן אַזויגערופענער „פּיאַטאַטשאָק", וווּ עס איז שטענדיק מער אוילעם, ווי אומעטום. אין נעווינסק איז דער „פּיאַטאַטשאָק" לעבן דער פאָטאָגראַפיע, וווּ עס הענגט אַ גרויסע

שילד „דערזשפּאָטאָ נומ. 1”. אין שטאָט איז אײַנגעפּירט אזא מינהעג: נאָכן פאַרעגיסטרירן זיך אין זאגס זעצן זיך כאָסן־קאַלע און די מעכוטאָנים אין א טאַקסי, די פרײַנט און באקאַנטע — אין א גרויסן לאַסט־אוטאָ, ווו עס זאָל זײַן אָרט אף כאַפּן א טענצל. דער קאָרטעזש פאָרט פּאַמעלעך און פײַערלעך דורך דעם „פּראָספּעקט רעספּובליקי” און שטעלט זיך אָפּ לעבן דער פאָטאָגראַפיע.

די שטאָט פאַרמאָגט נאָך ניט קיין פּאַלאַץ פאַר כאַסענעס, ווי, לעמאָשל, לענינגראַד. אלס אזא פּאַלאַץ דינט דאָ דערווײַל די באַשיידענע „דערזש־פּאָטאָ”. אָפּטמאָל, באַזונדערס שאַבעס נאָך מיטיק און זונטיק, שטעלט זיך דאָ אויס א קאָלאָנע מאַשינעס אף דער גאַנצער גאַס. אין שטאָט זײַנען פאַראַן נאָך פיל אַנדערע פאָטאָגראַפיעס, נאָר אלע יונגע פּאָרלעך ווילן זיך פאָטאָגראַפירן דאַפקע דאָ. קאָלזמאַן דער פאָטאָ־אָביעקטיוו „כאַפּט אראָפּ” איין פּאָרל, וואַרט געדולדיק דאָס אַנדערע פּאָרל. די וואַרטנדיקע כאָסן־קאַלע זיצן אין דער פּאָדערשטער אוטאָ, ווי מוירע האָבנדיק זיך א ריר צו טאָן. די אויגן זײַנען אײַנגעשניטן אינעם נאַקן פונעם שאָפער, וואָס פילט זיך אויך גאַנץ יאָמטעוודיק.

ווער עס זאָל ניט פאַרבײַגיין, מוז ער, ווי ער זאָל זיך ניט אײַלן, פאַר־לאַנגזאַמען די טריט דאָ, אפּן „פּיאַטאַטשאָק”, און אויב ער האָט א רעגע פרײַע צײַט, וועט ער אומבאַדינגט זיך אָפּשטעלן א קוק טאָן. אן עלטערער מענטש וועט בייסמײַסע שטיל צו זיך אליין א שמייכל טאָן, דערמאָנענדיק זיך די ווײַטע, פאַרשוווּנדענע יאָרן; א יונג מיידל וועט מיט א פאַרטײַעטן אָטעם דערזען פאַר די אויגן איר אייגענע נאָענטע צוקונפט...

איך האָב זיך אויך אָפּגעשטעלט. עס איז ארויס פון דער פאָטאָגראַפיע א גליקלעך פּאָרל. „אך, סאַראַ ווילינקע”, — האָט זיך דורכגעטראָגן צווישן אוילעם א שעפּטשערײַ. „קענטיק, שוין א מענטש מיט דערפאַרונג”, — האָט עמעצער א זאָג געטאָן וועגן כאָסן און האָט זיך צעלאַכט... איך בין געשטאַ־נען באַם סאַמע אַרײַנגאַנג פון דער פאָטאָגראַפיע און געקאָנט גוט אָנקוקן דעם „יונגנמאַן”, דעם כאָסן. דאָס איז געווען א מענטש פון א יאָר פערציק, מיט א בײַכל, וואָס ער האָט עס, קענטיק, געוואָלט אײַנציִען. זײַן יונגע פרוי האָט ער געהאַלטן מײַסע באַלעבאָס פעסט אונטער דער האַנט, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אז זי וועט פון אים אנט־לויפן. „מיסטאַמע, א יעסוימע”, — האָט א זיפץ געטאָן אן אַלטיטשקע, אויס־ציִענדיק דעם קאָפּ איבער מײַן פּלייצע. איך האָב א קוק געטאָן אף דער קאַלע און געוואָרן דערציטערט. וואָס איז דאָס — א כאָלעם? אן אויסדאַכ־טעניש?

איך בין, דוכט זיך, אינגאַנצן אראָפּ פון זינען. מײַן בראָניע וואָלט איצט אַלט געווען אריבער פערציק יאָר. דער קאַלע איז עפּשער קוים צוואַנציק, אָבער ווי ענלעך זי איז אף בראָניען! דער זעלבער ברייטער „מאַנצבלשער” שטערן, דאָס זעלבע איידל־טונקעלע פּאָנעם, און דערהויפּט — דער שטעל, די שטאַלטנע פיגור, וואָס איז שטאָלץ באַ זיך און גלײַכצײַטיק באַשיידן. אירע אויגן האָב איך ניט געזען, זי האָט זיי געהאַלטן אראָפּגעלאָזט. נאָר

איך בין געווען זיכער, אז זיי זײַנען שווארצע און גרויסע, דאָס איז מײַן טאָכטער, אונדזער טאָכטער! מײַן קינד לעבט!

דערווײַל האָט דאָס פאָרפאָלק באַוויזן ארײַנזעצן זיך אין אווטאָ. דער „יונגערמאן" האָט עלעגאנט אונטערגעצויגן די הויזן אף די קני און באקוועם צוגעוואלגערט זיך מיטן רוקן צום ווענטל פון דיוואן. דאָס מיידל איז געבליבן זיצן, ווי פארגליווערט. דער אייבערשטער עק פון דער וואל האָט זיך א ביסל פארקאשערט און אנטבלויזט די האָר פון קאָפּ. די האָר זײַנען בא איר בלאָנדע. איך האָב זיך אָנגעבויגן, און מיר איז געלונגען דורך דער שויב פונעם טירל א קוק טאָן איר אין די אויגן. די אויגן זײַנען בלויע. בא מײַן טאָכטער זײַנען זיי געווען שווארצע.

כ'בין אוועק פון „דערזשפאָטאָ" און האָב זיך געלאָזט ארופצו איבער דער גאס, דורכגעגאנגען פארבײַ דעם פארק, ווו אף דער פוסטער עסטראדעבינע האָבן פענסיאָנערן געשפילט אין דאָמינאָ. איך האָב געבלאָנדזשעט אזוי לאנג, ביז איך בין ארויס אין פעלד, אויסער דער שטאָט. עס האָט אָנגעהויבן טריפן א רעגן, דער ווינט איז געוואָרן שטארקער. די „אָקאָפּעס" האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט דער ארומיקער לאנדשאפט. אײַנזאם האָט געשטארצט דער ניט־הויכער שטײנערנער דענקמאָל.

נאָך פונדערווײַטנס האָב איך דערהערט א געוויין. צוגעגאנגען נעענטער, האָב איך דערזען א פרוי ליגן אף דער ערד. זי האָט ארומגעכאפּט פון אונטן די מאצייווע און מיט ציטערנדיקע פינגער געגלעט דעם שטיין. איך האָב זיך אויך צוגעשפּארט צום דענקמאָל. אינגיכן האָט מיך אָנגעהויבן דורכנעמען א קעלט. „זי וועט זיך צוקילן",— האָב איך א קלער געטאָן וועגן דער פרוי, אָנגעבויגן זיך צו איר און געזאָגט, אז ס'איז שוין שפּעט. צײַט צו גיין אהיים. זי האָט זיך עטוואָס אונטערגעהויבן, א קוק געטאָן אף מיר מיט טרוקענע גלעזערנע אויגן, ווי באטראכטנדיק עפּעס. „ניין, לאָזט מיך",— האָט זי געזאָגט מאָדנע רויִק, געלאסן, און פּלוצעם אנידערגעפאלן און ווידעראמאָל פארבאהאלטן דאָס פּאָנעם אין דעם נאסן גראָז.

— כ'וועל דיך ניט פארלאָזן, זון מײַנער,— האָט זי געקלאָגט א פארקילטע און הייזעריקע,— כ'וועל ניט אוועקגיין, ביז דו וועסט ניט ארויסגיין פונעם קאלטן קייווער. כ'מוז דיך נעמען אף די הענט. דו לעבסט דאָך, מאלעכל מײַנס, אויג פון קאָפּ... די פאשיסטן האָבן דיך באגראָבן לעבעדיקערהייט. איז קום ארויס, שפּײַ אויס די שטיק ליימיקע ערד, וואָס איז דיר ארײַן אין האלדז, גלײַך אויס די צונויפגעדרייטע הענט און פיס... איך האָב שוין מער קיין טרערן ניט אין די אויגן...

— קומט,— האָב איך זיך ווידעראמאָל געווענדט צו איר. די פרוי האָט זיך ניט גערירט. דאן האָב איך פאָרזיכטיק גענומען זי אופהייבן. די פיס זײַנען בא איר געווען פארגליווערט און זי האָט ניט געקאָנט שטעלן קיין טראָט.

איך האָב זי פּאוואָליע, ווי א קראנקע, גענומען אונטער דער האנט. אן אויסגעוואשענע האלבע לעוואָנע האָט נאָכן רעגן דורכגעשניטן א וועג צווישן די אָנגעהויפנטע וואָלקנס און אונדז עטוואָס צוגעלויכטן. א קוסט, וואָס האָט באוויזן מיט די ערשטע הארבסטיקע ווינטן אראָפּוואַרפן פון זיך

ביז איין בלעטל, האָט אראָפּגעטרייסלט פון זײַן הוילער צווײַג א פארזשא־ווערט ספּראָנדזשקעלע פון א קינדערשן סאנדאלעכל — ווער ווייסט אף אוועלכן אויפן עס קומט אהער...

— ווו וווינט איר? — האָב איך געפרעגט די פרוי.

זי האָט אָנגערופן די גאס. לעבן דער נאפט־באזע האָבן מיר זיך שווײַגנ־דיק ארײַנגעזעצט אין טראמווײַ, און אף דער דריטער צי פערטער סטאנציע איז זי אראָפּ, דערלאנגענדיק מיר באם געזעגענען זיך אן אײַז־קאלטע האנט.

איך בין אראָפּ אין צענטער שטאָט און זיך געלאָזט גיין צום האָטעל. אן אָרט איז שוין דאָרטן פאר מיר געווען. ווען איך בין ארײַן אינעם צי־מער, האָט איינער א פארשוין אופמערקזאם א קוק געטאָן אף מיר, און ניט דרייסט, ווי ער וואָלט לעכאטכילע געווען זיכער, אז כ׳וועל זיך אָפּזאָגן, מיר פאָרגעלייגט שפּילן אין פּרעפערענס. אינגיכן האָב איך זיך דערוווּסט, אז ער איז א „טאָלקאטש". זײַן מלאָכע איז — קריגן דעפיציטע מאטע־ריאלן פאר זײַן אונטערנעמונג. א לאנגער, א מאָגערער, מיט שארפווינקל־דיקע אונטערגעהויבענע פּלייצעס, איז ער ענלעך געווען אף די לאנגע באלקעס, וועלכע ער „שטופּט" פון נעווינסק קיין קערטש. אינעם האָטעל לעבט ער קימאט א קײַלעכיק יאָר. אהיים פאָרט ער בלויז אף די רעליגיִעזע און רעוואָליוציאָנערע יאָמטויווים... הינטער די אויגן רופט מען אים דאָ Король толкачей[1].

אָפּגעגעסן אָוונטברויט אין רעסטאָראן, האָב איך זיך גענומען פארן טשעמאָדאנדל. ארויסגעשלעפּט דאָס העפט, אין וועלכן איך האָב געמאכט פארשיידענע פארנאָטירונגען און אויסרעכענונגען. א סאָפעק, צי איך וועל מאָרגן קאָנען זאכלעך ארויסטרעטן אף דער בעראטונג. מע דארף האָבן א קלאָרן קאָפּ, און איך בין אינגאנצן צעשרויפט. עפּשער האָב איך ניט גע־דארפט נעמען קיין קאָמאנדירונג אין דער היימשטאָט? צו לעבעדיק זײַנען די דערינערונגען, זיי גייען מיר נאָך פוסטריט.

קעדיי גיכער אײַנשלאָפן, האָב איך גענומען באקוקן די קונציקע כינע־זישע געמעלן אף די ראנדן פונעם גרינעם האנטעכל, וואָס הענגט אף מײַן בעטל. נאָר מײַנע געדאנקען האָבן זיך ווידעראמאָל א קערעווע געטאָן אין דער פריִערדיקער ריכטונג.

פארוואָס, אייגנטלעך, בין איך אזוי זיכער, אז די טאָכטער מײַנע לעבט ניט, אז זי איז אומגעקומען צוזאמען מיט איר מוטער? זײַנען דען ניט פאראן קיין פאקטן, ווען א מאמע האָט אָפּגעגעבן דאָס קינד צו פרעמדע מענטשן און יענע האָבן עס געראטעוועט פון די היטלעריסטן, אויסגעהאָ־דעוועט און דערצויגן, ריזיקירנדיק יעדע מינוט מיטן אייגענעם לעבן? בייס איך בין דאָ געווען מיט פופצן יאָר צוריק, האָב איך שוין פולקום געגלייבט, אז דאָס קינד איז אומגעקומען. איצט בין איך גאָר ניט אזוי זיכער אין דעם. איך האָב זיך דערמאָנט אינעם מיידל, וואָס איך האָב הײַנט געזען לעבן „דערזשפּאָטאָ", און דער שלאָף איז ווידער אוועק פון מיר. איך האָב אָנגעהויבן טראכטן וועגן ניט קיין גלײַכע כאסענעס. וויפל

[1] דער קיניג פון די „אונטערשטופּער".

שרײַבער האָבן געשריבן ווערק וועגן דעם! דער אמערסטן פאַרשפּרייטער וואַריִאַנט: אַן אָרעם מיידל, אין קלעם פון ביטערע אומשטענדן, האָט כאַסענע פאַר אַ רײַכן זאָקן. אָבער וואָס קאָן אין אונדזער צײַט צווינגען אַ יונג שיין מיידל נעמען אַ מענטשן, וואָס איז צוויי מאָל עלטער פון איר? ליבע? איך גלייב ניט אין אַזוינע ליבעס. ווען מיר זעען אויף דער גאַס אַזאַ פּאָרפּאָלק, טוען מיר איראָניש אַ שמייכל.

אָט אַזוי, טראַכטנדיק וועגן ניט־גלײַכע כאַסענעס, וואָס האָבן מיך, דעם עמעס געזאָגט, ביז איצט קיינמאָל ניט באַאומרויִקט, בין איך סאָפּקאָלסאָף אײַנגעשלאָפן.

אופגעוועקט האָט מיך די ראַדיִאָ־גימנאַסטיק. איינער פון די פיר שכייניםמײַנע, אַ סאָלידער מאַנספּאַרשוין, וואָס אַרבעט אַלס רעוויזאָר אין געגנטלעכן פינאָפּטייל, האָט געלאָזן אַרויסגעשטעקט פון אונטער דער קאָלדרע אַ נאַקעט הענטל, אַ ראָזעווע פּיסל, אופגעזעצט זיך און געלייגט זיך צוריק, דערבײַ „אײַנגעעטעמט” און „אַרויסגעעטעמט” לויט אַלע קלאָלים. בײַ אים איז אַ גוטמוטיק פּאָנעם, מיט אַ רונדער קין. די שטים זײַנע איז ווייך, ווי אַ פּלוימיק איי. עס גלייבט זיך פּאָשעט ניט, אַז אַזאַ בעניִמעסדיקער שטילער מענטש זאָל קאָנען כאַפּן פאַר דער האַנט אַ גאַנעוו, אופדעקן פאַרשווענדונגען, שווינדלערײַען. אָבער לויט די געשפּרעכן, וואָס מיר איז געכטן אויסגעקומען צו הערן, ענדיקט זיך קימאַט יעדע קאָמאַנדירונג זײַנע דערמיט, וואָס עס ווערן אָפּגעשיקט אין די ווײַטע מעקוימעס אייניקע לײַט, וועלכע האָבן געלעבט צו ברייט אויפן מעלוכישן כעזשבן.

נאָכן רעוויזאָר האָט גענומען מאַכן גימנאַסטיק דער „טאָלקאַטש”. אין אַ מײַקע און אין טרוסיקעס, וועלכע ער האָט פון צײַט צו צײַט אונטערגעהאַלטן מיט אַ פּאָר פינגער, איז ער אימפּעטפול געשפּרונגען פונעם טיש צו דער טיר און צוריק. פון זײַן טופּערײַ האָט אַלץ אַרום זיך געטרייסלט, בעסויכעם אויך מײַן בעטל. אינגיכן האָט ער זיך אויסגעוועפּט און זיך גענומען וואַשן, ראַזירן. צום סאָף האָט ער אופגעהויבן די פּילצענע הוט, וואָס איז בײַ די גימנאַסטישע איבונגען אַראָפּגעפאַלן פון שאַפע, אַ פּאָך געטאָן מיט איר צו אונדז פון דער שוועל און איז פאַרשוווּנדן הינטער דער טיר.

איך האָב זיך אויך אָנגעטאָן און בין אַרויס אויף דער גאַס. אַוטאָבוסן מיטן שילדל „יוזשסטאַל” זײַנען געגאַנגען איינער נאָכן צווייטן. אין אַ פערטל שאָ אַרום בין איך שוין געווען באַם זאַוואָד. אויף זײַן טויער איז אויסגעהאַקט אַ ציפער 1932 — דאָס יאָר, ווען מע האָט אָנגעצונדן די ערשטע דאָמנע. איך באַקום אַ דורכלאָז־שײַן — אַן אַלט באַקאַנט קליין האַרט קאַרטאָנדל מיט אַ סאַך לעכלעך (ביז הײַנטיקן טאָג ווייס איך ניט, צו וואָס דאַרף מען זיי).

ווי אַ ייִנגל פון אַ האַנטווערקער־שול, קוק איך פאַרגאַפט אין די זײַטן, הער ניט דאָס פײַפערײַ פון די לאָקאָמאָטיוון. אַלץ איז דאָ נײַ, אופגעבויט און אופגעשטעלט נאָך דער מילכאָמע. מיר דוכט, אַפילע די רעלסן, וואָס שנײַדן דורך דעם זאַוואָדישן הויף אין דער לענג און אין דער ברייט, זײַנען אויך נײַע.

איך גיי איבערן שמאָלן אַספאַלטירטן טראָטואַרל פאַרבײַ דעם דאָמנעצעך. זעקס דאָמנעס, איינע ייִנגער פון דער צווייטער אויף אַ יאָר־אָנדערהאַלבן.

די „זעקסטע קאָמיוגישע״ איז אַלט סאַכאַקל צוויי וואָכן. זי האָט נאָך ניט באַוויזן זיך צו פֿאַרייכערן און גלאַנצט מיט פֿרישער פֿאַרב. אַנטקעגן די דאָמנעס שטייט דער מאַרטען־צעך.

עס איז נאָך געווען פֿרי. ביזן אָנהייב פֿון דער באַראַטונג האָב איך געהאַט גענוג צײַט, בין איך אַרײַנגעגאַנגען צו די שטאָלגיסער.

דורך די צעעפֿנטע טויערן האָט קאַרג אַרײַנגעזיפּט זיך די טאָגיקע שײַן און באַלויכטן נאָר דעם פֿאָדערשטן טייל פֿונעם צעך. דער צווייטער עק האָט זיך מעטושטעשדיק אַרויסגעזען פֿון הינטער די וואַגאָנעס מיט שיכטע. דער גאַנצער גיגאַנטישער „מיטן״ פֿונעם צעך איז באַלויכטן געווען פֿון פֿײַערדיקע צינגער, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרטן אַרויסגעריסן פֿון די אויוונס.

איך בין געגאַנגען איבערן צעך און ניט געוווּסט, אַז איך וועל דאָ באַלד האָבן אַ רירנדיקע באַגעגעניש מיט מײַן געוועזענעם שעף — וויקטאָר פּעטראָוויטש אַלכאָוואָי, וואָס האָט אַמאָל אַזוי פֿילבאַר צו מיר זיך באַצויגן. איך האָב אים דערזען לעבן דעם לעצטן, צוועלפֿטן אויוון. ער האָט געשמועסט מיטן שטאָלגיסער. אין דער ערשטער מינוט האָט מיך גענומען אַ סאָפּעק, צי איז עס טאַקע ער, מײַן אַלטער באַקאַנטער. ער האָט געטראָגן שוואַרצע ברילן — ניט קיין „שוץ־ברילן״, וועלכע עס טראָגן דאָ אַלע אין צעך, נאָר מיט „נאָרמאַלע״ ביינערנע האָלאָבליעס. אַן עלטערע פֿרוי, מיט קישעלעך אונטער די אויגן און איידעלע בלאַסלעכע באַקן, האָט אים געהאַלטן פֿעסט אונטער דער האַנט, ווײַזט אויס, מוירע געהאַט אָפּצולאָזן אים אַף אַ שפּאַן.

— וויקטאָר פּעטראָוויטש! — האָב איך אַ זאָג געטאָן שטיל. ער האָט האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר. איך האָב אָנגערופֿן מײַן נאָמען, נאָר ער האָט מיך ניט געדענקט. אַ סאַך מענטשן האָבן געאַרבעט אין וואַלץ־צעך, אַלעמען פֿאַרגעדענקען איז ניט שײַעך. האָב איך אים דערמאָנט די קאָטשערע, מיט וועלכער איך בין געשטאַנען בײַ דער „מאָטאַלקע״. ער האָט זיך צעשמייכלט. זײַן האַנט האָט בלאָנדזשענדיק אויסגעשטרעקט זיך צו מײַנער, און איך האָב זי פֿעסט אַ דריק געטאָן.

— אַ־אַ, איך געדענק, — האָט געזאָגט וויקטאָר פּעטראָוויטש, — כ׳געדענק אויך אײַער קראַן־מאַשיניסטן... — און לויט דעם, ווי ער איז מיטאַמאָל אַנשוויגן געוואָרן, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז ער ווייסט וועגן דעם, אַז בראָניע איז אומגעקומען. — דערציילט, וואָס הערט זיך בײַ אײַך? — האָט ער געפֿרעגט אין אַ ווײַלע אַרום. — איך האָב געהערט, אַז איר אַרבעט אין מאָסקווע, אין אַ וויסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישן אינסטיטוט.

איך האָב דערציילט אינקורצן וועגן זיך.

— מיט מיר, ווי איר זעט, האָט געטראָפֿן אַ ביטערע מײַסע, — האָט וויקטאָר פּעטראָוויטש געזאָגט, אָנבייגנדיק עטוואָס דעם קאָפּ. — כ׳בין געווען בײַ פֿילאַטאָוון, און אין העלמהאָלצס קליניק אין מאָסקווע, די גרעסטע פּראָפֿעסאָרן האָבן זיך מיט מיר פֿאַרנומען, נאָר גאָרניט געקאָנט העלפֿן. אויסגעברענט ביזן דעק... מיט אָט דעם־אָ פֿײַערל, — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פֿונעם הודענדיקן אויוון.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, ווי־אַזוי די טרויעריקע געשיכטע איז געשען. אינעם וואַלץ־צעך איז געווען אַן עקסקורסיע פֿון שילער. אַ מיידל

האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער גרופּע און איז נאָענט צוגעגאנגען צום וואלץ־געשטעל. גראָד אין דער מינוט האָט זיך פונעם געשטעל ארויסגעריסן א בינטל פונקען, וואָס זײַנען געפלויגן גלײַך אף איר. וויקטאָר פּעטראָוויטש איז צוגעלאָפן, א שלעפּ געטאָן די שילערן אין א זײַט. און דאָ האָט אים אליין א ברי געטאָן אין ביידע אויגן. ער איז לאנג דערנאָך געלעגן אין שפּיטאָלן, א שטיק צײַט אפילע ארײַנגעפאלן אין ייִעש, נאָר גויווער געווען זיך. וויקטאָר פּעטראָוויטש קומט איצט אָפט אין זאוואָד מיט זײַן פרוי יעקאַטערינע איוואַ־נאָוונע, ער פירט דורך עקספּערימענטאלע שמעלצונגען...

— איר זײַט באקאנט מיט דער קערטשער פּראָבלעם? — האָט ער אומגע־ריכט געפרעגט בא מיר.

די „קערטשער פּראָבלעם"! עס איז מיסטאמע ניטאָ קיין איין מעטאלורג אפן דאָרעם פון אונדזער לאנד, וואָס זאָל ניט זײַן מיט איר באקאנט. זאָל נאָר דער אָדער יענער אספּיראנט זיך ווענדן צום דירעקטאָר אָדער הויפּט־אינ־זשעניער פונעם זאוואָד מיט א ביטע העלפן אים אונטערקלײַבן א טעמע פאר א דיסערטאציע, וועלן יענע אים טייקעף, ניט פארטראכטנדיק זיך, אייַצענען:

— נעמט די קערטשער פּראָבלעם... זי איז גענוג וויכטיק, מע זאָל מיט איר ארײַן אין די טעמפּלען פון דער וויסנשאפט...

— מיך פרייט עס זייער, — האָט וויקטאָר פּעטראָוויטש זיך אָפּגערופן, דערהערנדיק, אז איך בין מיט דער פּראָבלעם באקאנט. — איך וועל אײַך בעטן, אז איר וועט זיך אומקערן קיין מאָסקווע, ארײַנגיין אין דער לענין־ביבליאָטעק אָדער אין דער טעכנישער... עפּשער וועט זיך אײַך אײַנגעבן צו געפינען דעם בוך „מארטען־רעלסן אף דער באזע פון קערטשער ארץ" און נאָך אייניקע ביכער...

מיט פארגעניגן האָב איך זיך אונטערגענומען אויספּילן די קליינע ביטע זײַנע. הארציק געזעגנט זיך מיט אים און מיט זײַן פרוי, בין איך ארויס פון צעך.

ס'איז שוין געווען בא צען אזייגער. אינעם סקווערל לעבן דער זאוואָד־פארוואלטונג האָט זיך צוזאמענגעקליבן א היפּשער אוילעם, דער וועטער איז געווען א זוניקער, אָן א ווינט. די אָנטיילנעמער פון דער בעראטונג זײַנען געזעסן אף די גרינע בענק און שטיל געשמועסט צווישן זיך. עס האָט זיך געדוכט, אז מע איז געקומען זיך אָפּרוען אונטער די פארשטויבטע געלבלעכע ביימלעך. נאָר אָט האָט דער דירעקטאָר פונעם זאוואָד וואָראָ־נאָוו גענומען מיט צוויי פינגער פון דער לינקער האנט דאָס שול־גלעקל. גרופּעסווײַז און איינציקווײַז האָט מען אָנגעהויבן ארײַנגיין אינעם געראַ־מען זאל.

עס האָבן זיך פארזאמלט פאָרשטייער פון אריבער צוואנציק „פּאָדריאד"־אָרגאניזאציעס, אינזשעניערן־ספּעציאליסטן און הויכקוואליפיצירטע ארבע־טער. א שעפּטשע זיך געטאָן מיטן הויפּט־אינזשעניער, וואָס איז געזעסן לעבן אים אין פּרעזידיום, האָט סטעפּאן אלעקסאנדראָוויטש וואָראָנאָוו נאָכ־אמאָל א קוק געגעבן אפן אוילעם און שטיל, קימאט ווי פאר זיך, אָנגע־הויבן זײַן רעדע. זייער גיך איז די שטים בא אים געוואָרן פעסטער. ער האָט

געגרעדט וועגן ליקווידירן אין מעשעך פון די נאָענטסטע צוויי־דרײַ יאָר די שווערע פיזישע ארבעט אין „יוזשסטאל״.

אינעם זאל איז געזעסן דער „כאָסן״, וועלכן איך האָב געזען לעבן „דערזשפּאָטאָ״, און ווידעראמאָל האָט ער בא מיר ארויסגערופן אן אומ־פריַינטלעך געפיל, כאָטש שוין ניט אזוי שטארק, ווי נעכטן. א פּאָר מאָל האָט ער זיך אופגעהויבן פון אָרט און אריַינגעטראָגן גאנץ זאכלעכע פאָר־שלאָגן. בא מײַן שאָכן האָב איך זיך דערוווסט, אז דאָס איז דער שעף פון דער זאוואָדישער רעלסן־לאבאָראטאָריע.

נאָך דער זיצונג האָבן מיר אָפּגעגעסן א געשמאקן מיטיק אין דער זאָ־וואָדישער גאָרקיך און צוגעטראָטן צו דער ארבעט אין די סעקציעס און גרופּעס, מע איז זיך צעגאנגען איבער פארשיידענע צעכן. אונדזער גרופּע פון פינף מענטשן איז אוועק אין רעלסן־צעך. דורכגעגאנגען דורכן שמאָלן ברײַענדיקן קאָרידאָרל צווישן וואלץ־געשטעל און די שטאבעלן ניט־אָפּגע־קילטע רעלסן, זײַנען מיר ארײַן אינעם פוסטן קאבינעט פונעם עלטערן מײַסטער, אָדער, ווי מע רופט אים דאָ לויט דער אלטער געוווינהייט, אָבער־מײַסטער.

איך האָב ליב די דאָזיקע פּראָסטע קאבינעטן פון דער צעך־נאטשאלסטווע, ווו אָנשטאָט שטולן שטייט געווײנלעך א לאנגע שמאָלע באנק, און אפן טיש ליגן צייכענונגען, סכעמעס און גראפיקעס מיט שווארצע פינגער־פלעקן אף זיי. אומזיסט קלינגט דער טעלעפאָן — דער מײַסטער איז קיינמאָל ניטאָ אפן אָרט און קיינער נעמט ניט דאָס טרײַבל.

פיר מענטשן אין אונדזער גרופּע זײַנען היגע, מיטארבעטער פון זאָ־וואָד. איך איינער בין א „פרעמדער״. א קורצע צײַט איז מיט אונדז געזעסן א קיִעווער שרײַבער, ער האָט זיך אלץ נאָכגעפרעגט, צי האָבן מיר ניט קיין קאָנפליקטן. ער דארף א קאָנפליקט פאר זײַן קומענדיק ווערק.

3 סענטיאבער.

אז מע האלט שוין בא די פּופּציקער, טוט זיך צומאָל ניט ווילנדיק א טראכט וועגן טויט. ווי ווײַט איז ער נאָך, דער אומגעבעטענער גאסט? ער לאָזט אונדז גריסן מיט א מיקראָ־אינסולטל, מיט אן אָפּטן גריבלען זיך אין די אלטע וווּנדן. און ס׳איז מיסטאמע ניטאָ אזא מענטש, וואָס זאָל וועלן ניט שטארבן בא זיך אין דער היים און ניט געפינען זײַן רו לעבן די קוואָ־רים פון די אייגענע. וואָס איז דאָס פאר א קישעף־וואָרט „היים״, „היימ־לאנד״, וואָס מיר טראָגן עס דורך דורכן גאנצן לעבן אונדזערן? די דיכטער פארגלײַכן עס מיט דער מוטער, וואָס האָט אונדז געבוירן, אויסגעהאָדעוועט און ארויסגעפירט אין לעבן ארײַן. פונעם ערשטן ביזן לעצטן אָטעם טיילן מיר מיטן היימלאנד אלע פריידן און ליידן.

אין א פרײַער מינוט ציט מיך אף „מײַן״ גאס. פונוואנען נעמען זיך אזעלכע סענטימענטן בא א באיאָרטן מאן, א סאָלידן אינזשעניער? פארוואָס ווילט זיך מיר אזוי דורכגיין פארביַי אונדזער הויף, א קוק טאָן אף דער וואסער־קאָלאָנקע, זען דעם אלטן לינדנבוים? הײַנט האָב איך זיך נאָכאמאָל איבערצײַגט, אז ניט איך איינער בין אזא.

גייענדיק איבער דער גאַס, האָב איך באַגעגנט אַ מענטשן, וואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו זײַן באַקאַנט. ער האָט אַ פּאַרווינטיקט פּאָנעם פון אַן אַלטן באַלמעלאָכע, וועמען עס קומט אָפּט אויס צו אַרבעטן אין דרויסן. נאָר ניט געקוקט אויף די סימאָנים, וועלכע עס האָט אויף אים אַרופגעלייגט די צײַט, האָב איך אופגעכאַפּט אַ פּאָר שטריכן, וואָס איך האָב נאָך, דוכט זיך, געזען אין מײַן קינדהײַט אָדער יוגנט. אין זײַנע אויגן האָב איך באַמערקט יענץ פײַערל, וואָס ברענט דאָס גאַנצע לעבן אַ ביסל מיט אַן אומעט, אַ ביסל מיט אַ שפּאָטישן שמייכל, אָבער מער פון אַלץ מיט האָפענונג. צו מײַן פאַרוווּנדערונג האָב איך זיך דערמאָנט אַפילע זײַן נאָמען. מע רופט אים הירשל גוטיס. מיך געדענקט ער שוואַך, נאָר לויט זײַנע רייד נאָך האָט ער געקענט גוט מײַנע עלטערן.

— ווי לעבט זיך? — האָב איך געפרעגט בא אים.

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט ער מיך געבעטן זיך צוזעצן אויף דער באַנק לעבן זײַן שטיבל, וואָס גייט אַרויס מיט צוויי פענצטער אויף דער גאַס. ער האָט אַ הוסט געטאָן איין מאָל, אַ צווייט מאָל, און לויט אָט דעם פּאַוואָליע־דיקן אויסהוסטן זיך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער מענטש האָט פײַנט אָפּצוקומען מיט איין וואָרט.

— אײַך איז באַקאַנט דאָס אַלטע לידל „גדיע עטא אוליצא, גדיע עטאָט דאָם?"[1] — האָט ער טרויעריק אַ שמייכל געטאָן, — ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אהער נאָך דער באַפרײַונג פון דער שטאָט, האָבן מיר ניט געפונען ניט קיין גאַס און ניט קיין שטוב. בלויז די שטיינער פונעם ברוק זײַנען געבליבן, און יעדער שטיין האָט געבריט דעם טראָט, יעדעס גרעזעלע, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט פון אונטער די כורוועס, איז געווען דורכגעזאַפּט מיט בלוט. צום אַלטן בעסוילעם איז צוגעקומען אַ נײַער. פאַר איין טאָג האָט מען דאָרטן אומגעבראַכט אַזויפיל מענטשן, וויפל מע האָט ניט מעקאַבער געוועזן אַפן אַלטן פאַר די הונדערט יאָר, זינט עס שטייט די שטאָט. „אָקאָ־פּעס" — רופט זיך דער גרויסער ברודער־קייווער. אייגנטלעך, זײַנען דאָס ניט קיין אָקאָפּעס, נאָר ס'איז דער קעגנטאַנקען־ריוו, וואָס די באַפעלקערונג האָט אויסגעגראָבן אויף צו באַשיצן די שטאָט. די היטלעראָווצעס האָבן אַרויסגעזעצט דעסאַנטן פון דער לופט און פון יאַם, אָפּגעשניטן אַלע וועגן, און די מענטשן, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו עוואַקוירן זיך, האָבן אינגיכן פאַרפולט דעם דאָזיקן ריוו מיט זייערע קערפּערס...

גוטיס איז אויף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן פרײַער אין איין פענצטער פון זײַן שטיבל, דערנאָך אינעם צווייטן, ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערצײַגן, אַז קיינער הערט ניט אונטער.

— געווען בין איך דאַן נאָך יונג, — האָט ער פאָרגעזעצט, שוין ניט אַרײַנקוקנדיק, ווי פרײַער, מיר אין פּאָנעם, — איך בין געווען ייִנגער אויף זעכצן יאָר... איצט בין איך נאָך אויך ניט קיין זאָקן, ביז פּענסיע איז נאָך ווײַטלעך, און גראָווע האָר זײַנען הײַנטיקע צײַטן ניט קיין באַווײַז פון אַלטקײַט...

---

[1] ווו איז דאָס געסעלע, ווו איז די שטוב?

איז אָט, איך דערמאָן זיך איצט די צײַט, ווען כ'האָב זיך אָקאָרשט אומ־געקערט אהיים, דאָס הייסט אף דער קופּע מיסט, וואָס איז געבליבן פון דער היים. קוים באַוויזן צו זײַן אף קייוועראָוועס, אף די „אָקאָפּעס", ווו עס זײַנען אומגעקומען אלע אייגענע און נאָענטע, — און וואָס זשע מיינט איר?

עס גייט דורך א כוידעש־צוויי, אפן הארצן איז שוין ניט נאָר צאָרעס און פּײַן — עס האָט זיך דאָרטן געעפנט עפּעס א ליכטיק שפּארונקעלע. איך גיי ארום און באמערק גאָר ניט, ווי איך מורמל דאָס לידל „גדיע עטא אולי־צא, גדיע עטאָט דאָם?".. אייניקע מאָל פארגעס איך אפילע, ווו איך בין אף דער וועלט, און הייב אָן זינגען קימאַט אף א קאָל. דורכגייער קוקן מיך פארוווּנדערט אָן, נאָר מיך ארט עס ניט. אין דער זעמליאנקע, וואָס מע האָט געמאכט אפן אָרט פון אן אופגעריסן הויז, האָט צײַטווײַליק זיך באזעצט גיטע סלוצקע מיט איר נײַנצניאָריקער טאָכטער צירל, — מיר דוכט, ווען ס'וואָלטן געלעבט אלע טויזנטער מיידלעך, וועלכע זײַנען אומגעבראכט גע־וואָרן, וואָלט איך אלציינס אויסגעקליבן זי, צירלען...

איך בין געוואָרן אן אָפטער ארײַנגייער אין דער זעמליאנקע. אזוי לאנג, ביז צירלס מאמע האָט ניט אויסגעהאלטן און שוין אליין געפרעגט, פארוואָס שווײַג איך. דעמלט האָב איך איר ווי־עס־איז געענטפערט, און זי האָט מיך ארומגעכאפּט, דערנאָך ארומגענומען די טאָכטער, און, באגיסנדיק זיך מיט טרערן, אונדז געווונטשן מאזל־בראָכע...

אף דער כאסענע זײַנען געווען פארבעטן פון מײַן צאד סטאָליערס און טעסלערס פון „יוזשסטאלסטראָי", פון איר צאד — סעקרעטארשעס און מאשיניסטקעס. צירל האָט דאן געארבעט אלס א מאשיניסטקע אפן זאוואָד. דעם עמעס געזאָגט, האָבן מיר געוואָלט מאכן א שטילע כאסענע, נאָר דאָס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. אין די מאגייפע־יאָרן האָבן מענטשן געזען נאָר לעווײַעס, האָבן זיי זיך אויסגעבענקט נאָך א כאסענע, ווי מע בענקט זיך אויס אין א טריקעניש־יאָר נאָך א רעגן. דאָס איז געווען די ערשטע כא־סענע אף אונדזער רויִנירטער גאס.

גוטיס האָט ארויסגענומען א סיגארעטל, א דריי געטאָן דעם שפּיץ צווישן די פינגער און שוין פון לעכאטכילע א ביסל זיך פארהוסט.

— נאָך דער כאסענע האָב איך געשלאָסן שותפעס מיטן זייגערמאכער גדאליע באָקסערמאן און אָנגעהויבן בויען א שטוב. מיר א צימער, אים א צימער און אן אלגעמיינע קיך. הענט האָב איך, ניט צו פארזינדיקן. כוץ דעם, וואָס איך בין א סטאָליער, בין איך נאָך א שטיקל מוליער, און א בלע־כער, און א גלעזער. אלץ האָב איך געמײַסטרעוועט אליין. ווען מע האָט געדארפט אונטערהאלטן א קלאָץ, אוועקשטעלן אפן אָרט, האָבן מיר גע־האָלפן גדאליע און מײַן ווײַבל. אָבער גדאליע איז געווען שוואך אין גע־זונט, אָשווענטשים האָט אויסגעזויגן בא אים די קויכעס, און צירלען האָב איך איינגיכן פון דער ארבעט אינגאנצן באזײַטיקט... ניט באוויזן ארומקוקן זיך און — שוין, פארטיק... זי האָט מיר אָנגעזאָגט די גליקלעכע בסורע...

דערהערט אזא נײַס, האָב איך זיך געגעבן דאָס וואָרט: איידער נאָך עס

וועט געבוירן ווערן אונדזער יוירעש, דארף שוין דאָס שטיבל זײַן אויס־געבויט. איך האָב געארבעט דורך די נעכט, בא דער שײַן פונעם גאַס־לאַמ־טערן. ווען איך בין צוגעקומען צו די סטריכעס, איז בא מיר געווען א גאַנ־צער יאָמטעוו. ארומנייען דעם דאַך איז שוין א שפּײַ. כאָטש אליין בין איך א סטאָליער, נאָר איך דאַרף אײַך זאָגן, אַז דאָס סאַמע פרײלעכע באַם בויען איז דעקן דעם דאַך. דו שטייסט זיך אין דער הייך, באַגוצסט זיך דערמיט, וואָס קיינער הערט ניט, ווי דײַן שטים פאַלשעוועט, און זינגסט זיך מיט האַנאָע א לידל. מיטאַמאָל דערהערט זיך גדאַליעס קאָל, גלײַך ער וואָלט מיר אויסגעשאָסן אין סאַמע אויער אַרײַן:

— קריכט גיכער אַראָפּ! אײַער ווײַב איז געוואָרן ניט־גוט!

דעם עמעס געזאָגט, בין איך ניט איבעריקס געווען צופרידן מיט מײַן שוטעף. אָף דער גאַנצער גאַס, מעגלעך אַפילע אין דער גאַנצער שטאָט האָט מען ניט געקאָנט געפינען אַזא מאָרעשכוירעניק, ווי גדאַליע באָקסערמאַן. אַלע האָבן מיר מילכאָמע־צײַט געגוג אָנגעבידעוועט זיך, נאָר ער, אינעם טויטן־לאַגער, האָט איבערגעלעבט נאָך מער. פאַר זײַנע אויגן זײַנען שטענ־דיק געשטאַנען די אויוונס פון אָשווענטשים. אין זײַנע אויערן האָבן קע־סיידער געהערט זיך געשרייען. א שטיק צײַט איז ער אין לאַגער געווען אין דער קאָמאַנדע באַגרעבער.

דער רייעך פון טויט האָט בא גדאַליען פאַרטריבן אַלע רייכעס פון לעבן. אין זײַן לאָשן זײַנען פאַרבליבן נאָר די ווערטער: „צאָרעס", „אומגליק", „טויט". די שטוב האָט ער אויך געבויט צוליב דעם, קעדיי גיכער אַרײַנ־קריכן צו זיך אין כיידערל, עלנט פאַרברענגען די פרײַע צײַט נאָך דער אַרבעט און מאַטערן זיך אין די לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט. ער האָט געהאַט צו טאָן מיט זייגערס, נאָר די צײַט האָט ער ניט געוווּסט. זי האָט זיך אָפּ־געשטעלט בא אים. אין זײַן אָנוועזנהײַט האָט מען ניט געטאָרט געבן קיין שמייכל, זאָגן א וויץ. „שוין פאַרגעסן? אַלץ פאַרגעסן?" — פלעגט ער בייזן א בורטשע טאָן, קוקנדיק מיט פאַרנעפּלטע אויגן פון אונטערן גרויסן דאַשעק, וואָס איז שטענדיק געווען אַזוי נידעריק אַראָפּגערוקט, אַז מע האָט ניט געזען דאָס פּאָנעם.

גדאַליע איז געווען דער איינציקער מענטש, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קומען אָף מײַן כאַסענע. „אָף סימכעס בין איך ניט קיין מעכוטן", — האָט ער זיך אָפּגעדרייט פון מיר. און איצט דאַרף גראָד ער, גדאַליע, אָנ־זאָגן די בסורע, אַז צירלען איז געוואָרן שלעכט. אין זײַן מויל האָט די נײַעס געקלונגען, ווי א גרויס פונעם מאַלעכהאַמאָוועס. דאָס בלוט האָט בא מיר גע־נומען קלאַפּן אין די שלייפן און עס האָט זיך מיר פאַרדרייט דער קאָפּ. ניט טויט, ניט לעבעדיק בין איך אַראָפּ פון דאַך און אַרײַנגעלאָפן אין שטוב... וואָס זאָל איך אײַך זאָגן?.. איצט, אַז מיר איז שוין אויסגעקומען ניט איין מאָל, נאָר גאַנצע דרײַ מאָל אָפּפירן צירלען אין ראָדילניע, ווייס איך גוט, אַז ס'איז ניט אַזוי שרעקלעך... ווען דאָס ווײַבל זאָגט „אוי", פאַל איך ניט אין כאַלאָשעס, — איך נעם א טאַקסי, און מיר פאָרן לויטן באַקאַנטן אַדרעס צום הויז מיטן שילד „ראָדדאָם". נאָר דעמלט, צום ערשטן מאָל, ווען איך האָב זי דערזען, ווי זי קאָרטשעט זיך פון ווייטעק, ווי דאָס פּאָנעם ברענט, די

אויגן — צוויי מאָל אזוי גרויס, האָב איך זיך איבערגעשראָקן ניט אף קאַ־טאָוועס.

— וואָס זשע שטייסטו, קונילעמל? — האָט זי א זאָג געטאָן. — פיר מיך.

דערהערט „קונילעמל", איז מיר א ביסל אָפּגעגאנגען דאָס הארץ. ווען איך טו עפּעס ניט ווי מע באדארף, רופט זי מיך קונילעמל. נו, טראכט איך מיר, וויבאלד זי האָט נאָך קויעך רופן מיך מיטן צונאָמען, איז ניט גע־פערלעך.

אפן אנדערן טאָג שפּעט באנאכט האָט מען מיך אין „ראָדדאָם" באגריסט מיט א זון... איך דערצייל אײַך עס אלץ דערעכאַגעוו... ניט דאָס איז דער איקער און ניט דאָס וויל איך זאָגן. איר האָט געדארפט זײַן, ווען איך האָב זיך באוויזן אף אונדזער גאס מיט מײַן געזינדל. דער פורמאן האָט געפירט דאָס פערדל באם צײַמל, איך בין געזעסן פון פאָרנט אף די קאָזלעס, און צירל מיטן אייפעלע אפן הויכן, ווייך אונטערגעשפּרייטן היגטערשן בענקל. דער בענאָק האָט גאנץ פײַן געליאַרעמט, ווי ער וואָלט באשלאָסן מוידיע זײַן דער גאנצער שטאָט, אז עס איז צוגעקומען נאָך א היגער בירגער. מיר זײַנען ארויס פונעם פאַעטאָן און אוועק צופוס. געטראָגן דאָס קינד, פאַר־שטייט זיך, האָב איך. מיט יעדער מינוט האָט מען אלץ מער געקוקט אף אונדז. די פאָרזיצערן פון גאס־קאָמיטעט, אן עלטערע רוסישע פרוי, האָט גענומען צירלען פאַר דער האנט און א שטיק וועג געגאנגען מיט איר באַ־נאנד. דער לערער פון אוקראַיניש, בא וועמען איך פלעג אמאָל אָפּט כאַפּן א „צוויי", האָט צום ערשטן מאָל אף זײַן לעבן מיך א לויב געטאָן:

— עפּעס וואָס באקומט זיך בא אײַך אף א „פינף", כאַוועך גוטיס.

מיט וואָס איז געווען צו פאַרגלײַכן מײַן פרייד, מײַן גליק! אין איין טאָג האָב איך פאַרלוירן אלע אייגענע, אלע ברידער און שוועסטער, איצט האָב איך געטראָגן אף די הענט א נײַ לעבן...

נאָר מײַן פרייד איז שיר ניט פאַרשטערט געוואָרן. א פּאָר צענדליק טריט פון דער שטוב איז אונדז אנטקעגנגעקומען גדאליע. איך דארף אײַך זאָגן, אז איך גלייב ניט אין זאבאַבאָנעס, שרעק זיך ניט פאַר קיין שוואַר־צע קעץ, ליידיקע עמערס, האלט ניט פון קיין שלעכט־אויג. איך האָב נאָר ניט ליב געהאט, ווען עס גייט מיר איבער דעם וועג גדאליע. דאָס הארץ האָט א טיאָכקע געטאָן, איך האָב א צי געגעבן צירלען פאַרן ארבל, זי זאָל זיך אָפּרוקן אין א זײַט און אויסמײַדן די מאָרעשכוירע. אָבער גדאליע איז געגאנגען גלײַך אף אונדז. דער דאשעק פון זײַן היטל איז געווען אופגע־הויבן. געוויינלעך איז ער בא אים אראָפּגעלאָזט נידעריק איבערן שטערן. עס האָט זיך גוט געזען דאָס גריבעלע אויבן בא דער נאָז, צווישן די צוי־בויפגעוואקסענע ברעמען, — דאָס סאמע פינצטערע אָרט אף זײַן פּאָנעם. ניט ארויסזאָגנדיק קיין איין וואָרט, האָט ער אומגעריכט, מײַסע־באַלעבאָס, מיט א פעסטער האנט פאַרהויבן דעם אייבערשטן עק פונעם קאָלדרעכל און דורכגענומען דאָס אייפעלע מיט א שארפן בליק. בא מיר איז אינווייניק אלץ פאַרקילט געוואָרן... נאָר... די ליפּעלעך באם קינד האָבן זיך עטוואָס צענומען. צירל האָט אין דעם דערזען א סימען פון א שמייכל און א געשריי געטאָן צו גדאליען:

— זעט נאָר, דאַפקע צו אײַך!..

און דאָן האָב איך דערזען — אויך צום ערשטן מאָל — עפּעס ענלעכס אַף אַ שמייכל אַף די טרוקענע, בלוילעכע ליפּן גדאַליעס. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער זייגערמאַכער האָט אַרײַנגעשטעלט אין זײַן אייגענעם אַלטן, אָפּגעבליאַקעוועטן זייגער אַ נײַעם ציפּערבלאַט און עס האָט גאָר אַנדערש אַ ליכט געטאָן די גאַנצע מאַשינעריע...

פאַרמאַטערט פון אַ סאַך ריידן, איז גוטיס אַנשוויגן געוואָרן. קאַלזמאַן מיר זײַנען געזעסן, איז דער שאָטן פון אונדזער באַנק געוואָרן צוויי מאָל לענגער און האָט דערגרייכט ביזן בוים, וואָס איז געשטאַנען באַם ברעג טראָטואַר. דער שאָטן פונעם בוים האָט שוין איבערגעבראָכן זיך און אַרופּגעשפּאַנט אַפן אַנטקעגנדיקן פּלויט. אַף דער גאַס האָט מען אָנגעצונדן עלעקטרע.

— קומט אַרײַן אין שטוב, — האָט מיך גוטיס אײַנגעלאַדן.

אין צימער, לעבן איינעם פון די פענצטער, איז געזעסן באַ אַ טישל אַ וווּקסיק יאַטל, קענטיק אַ שילער פון אַכטן אָדער נײַנטן קלאַס, און געמאַכט די שול־פאַרגעבונגען. אַפן גאַנעקל האָט אַ ייִנגל און אַ פּיצינק מיידעלע עפּעס געמײַסטרעוועט.

— וואָס מאַכט אײַער שאָכן? — האָב איך געפרעגט, דערהערנדיק הינטער דער וואַנט עמעצן ריידן. גוטיס האָט אַ זיפץ געטאָן:

— מיט דרײַ וואָכן צוריק געשטאָרבן פון אַ געשווילעכץ... אַף דער לעווײַע האָט מען זיך אָפּגעשטעלט לעבן זייגער־וואַרשטאַט, ווו ער האָט געאַרבעט. מע האָט געהערט, ווי עס קלאַפּן די זייגערס — זייער אַ סאַך זייגערס. עס האָט געדוכט, זיי באַגלייטן אים אַרויס אין לעצטן וועג.

...אין האָטעל האָב איך זיך אומגעקערט שפּעט אין אָוונט. דער „טאָלקאַטש” האָט אין וועסטיביול געשפּילט אַ פּרעפּעראַנס, די אַנדערע שכיינים מײַנע זײַנען זיך צעגאַנגען ווער־וווּהין. אינעם צימער איז געווען שטיל, און איך האָב גענומען לייענען רעמאַרקס ראָמאַן, וועלכן כ'האָב נאָך אָנגעהויבן אין מאָסקווע, — „די צײַט צו לעבן און די צײַט צו שטאַרבן”. געלייענט ביז צוויי באַנאַכט. דער אײַנדרוק — אַ ווידערשפּרעכלעכער. גוט געשריבן, נאָר אַזאַ טיפער אומגלויבן אינעם מענטשלעכן לעבן... די העלדן זוכן, וואַרפן זיך, שטרעבן, און סאָפקאָלסאָף שטאַרבן זיי אַף אַן אומזיניקן אופן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך פאַרצווייפלונג און פּוסטקײַט. באַ דעם דאָזיקן שרײַבער נעמט דער טויט שטענדיק דעם אויבנאָן איבערן לעבן. צי איז עס טאַקע אַזוי אין דער ווירקלעכקײַט? אינעם אייביקן געראַנגל צווישן טויט און לעבן זיגט דאָך דאָס לעבן!..

4 סענטיאַבער.

נאָך דער פרימאָרגן־זיצונג, אַף וועלכער מע האָט ווײַטער באַהאַנדלט דעם פּלאַן פון אַרבעט, בין איך אַרײַן אין דער צענטראַלער לאַבאָראַטאָריע פאַר אויטאָמאַטיזאַציע און מעכאַניזאַציע (פאַרקירצט רופט מען זי „צלאַם”). די פּאָסטנס פון די מיטאַרבעטער קלינגען דאָ מאָדנע פאַרן אויער פון אַ זאַוואָד־מענטש: אינזשעניער־פיזיקער, אינזשעניער־מאַטעמאַטיקער... טיף

אין הארצן וויל איך, אז דער דירעקטאָר זאָל מיר פֿאַרלייגן איבערבלײַבן ארבעטן אין „צלאם". וואָס שטערט מיר אליין א בעט טאָן אים וועגן דעם? ווײַזט אויס, דאָס ביסל אייגנליבע. עס קאָן זיך שאפֿן אן אײַנדרוק, אז אין אינסטיטוט בין איך אן איבעריקער אָדער אז איך האָב א שווערן כאראַקטער, לעב זיך ניט צונויף מיט קיין מענטשן און פֿלי פֿון איין אָרט אויף א צווייטן. נארישקײַטן, שטענדיק טראַכט איך וועגן דעם, וואָס עס וועלן זאָגן און קלערן אנדערע... און עפשער האלט מיך גאָר אָפּ ניט דאָס?

דאָ, אין דער היימשטאָט, איז מיר ארײַן אין קאָפּ א געדאנק, וואָס ווערט, ווײַזט אויס, מיך שוין ניט פֿאַרלאָזן, ביז כ'וועל פֿונדאנען ניט אוועקפֿאָרן, — א געדאנק, אז מײַן טאָכטער לעבט, אז מע האָט זי געראטעוועט. אָט האָט מען דאָך געראטעוועט צירלען, הירשל גוטיסעס פֿרוי, עס האָבן זי אויסבאַהאלטן פֿויערטעס פֿון דער סלאָבאָדקע.

אין אָקטיאבער 1941 איז מײַן קינד אלט געווען עטוואָס מער פֿון א יאָר; איז דען ניט מעגלעך, אז אין דער לעצטער רעגע זאָל זי עמעצער האָבן ארויסגעריסן פֿון די נעגל פֿונעם טויט? מיט נײַגעריקײַט, וואָס קאָן זיך אויסווײַזן צו זײַן ניט אָנשטענדיק, קוק איך אויף יונגע מיידלעך. אינגיכן וועט מען מיך דאָ האלטן פֿאַר א שטיקל דאָן־זשואַן. ווו איך זאָל ניט זײַן — אין זאוואָד, אויף דער גאַס, אין סקווער, אין אווטאָבוס, — דוכט זיך מיר, אז אָט וועל איך א דריי טאָן דעם קאָפּ און דערזען מײַן טאָכטער, און מיר וועלן זיך ביידע דערקענען.

אין שטאָט־סאָוועט האָט מען מיר באוויזן א לאנג צעטל פֿון אדאָפּטירטע קינדער. איך האָב ארויסגעשריבן די מיידלעך. צווישן די עלטערן, וואָס האָבן גענומען קינדער אויף דערציִען, האָב איך געפֿונען דרײַ פֿאמיליעס פֿון מענטשן, וועלכע ארבעטן אין „יוזשסטאל" און זײַנען מיר גוט באקאנט. זיי געהערן צו פֿארשיידענע דורות: דער אינזשעניער סאָלאָוויאָוו איז אלט זיבעציק יאָר, דער דאָמנע־בויער באראבישעוו — בא די פֿופֿציק, דער שטאָלגיסער ניקאָלײַ רעוווזין — קוים דרײַסיק.

אָנגעהויבן האָב איך פֿון רעוווזינען. זײַן אדרעס האָט מיר, לויט דער קאָמפּליצירטקײַט, דערמאָנט די טשעריאָמושקער אדרעסן אין מאָסקווע, ווען מע האָט דעם דאָזיקן באַרימטן ראיאָן ערשט אָנגעהויבן בויען: אזא און אזא באצירק, אזא און אזא קווארטאל, קאָרפּוס א, ב... אאַוו. צום גליק, האָב איך ניט לאנג געבלאָנדזשעט. א מיידעלע, וואָס האָט געשפּילט אפֿן טראָטואר אין „קלאסן", האָט מיר באוויזן דאָס הויז און דעם ארײַנגאנג.

געעפֿנט האָט מיר רעוווזינס מוטער — ווערע אנדרייעוונע (איר נאָמען האָב איך שוין געוווּסט פֿון פֿריִער). די ארבל זײַנען געווען בא איר פֿאַרקאַשערט, דער פֿארטעך אויסגעשמירט, דער קאָפּ פֿארבונדן מיט א טיכל. איך האָב גלײַך פֿארשטאנען, אז איך בין געקומען ניט צו דער צײַט. ווער ווייסט ניט, אז בייס מע ראַמט, איז אָנגעוואָרפֿן און עס איז אן אומאָרדענונג? פֿונדעסטוועגן וועט יעדע באלעבאָסטע גיכער דרײַ טעג ניט עסן און ניט טרינקען, איידער אין אזא רומל אופֿנעמען געסט. „דער טײַוול האָט דיך איצט אראָפּגעבראַכט", — האָב איך איבערגעלייענט אויף ווערע אנדרייעוונעס צעהיצט פּאָנעם.

— ניקאָלײַ, מע איז געקומען צו דיר, — האָט זי א זאָג געטאָן, פאַרשטעלנדיק מיטן רוקן דאָס קאָרידאָרל, פונוואַנען עס האָבן זיך ארויסגעזען צעעפנטע טירן. אָף דער שוועל האָט זיך באַוויזן ניקאָלײַס ברייטפּלייציקע פיגור. א פּאָר רעגעס איז ער געשטאַנען און געטראַכט, וווהין זיך מיט מיר אהינטאָן. דערנאָך, עטוואָס אונטערהינקענדיק, געלאָזט זיך צו דער קיך. ער האָט מיר דערציילט, אַז מיט עטלעכע מינוט פאַר מײַן קומען איז מיט אים געשען א קלײנע „אַוואַריע". אראָפּטאַנצנדיק פונעם בענקל, האָט ער א ביסל אויסגעלונקען א פוס, נאָר איצט פילט ער שוין ניט קיין ווייטיק.

ביידע צוזאַמען האָבן מיר אראָפּגענומען דאָס געפּעס פונעם טישל און זיך צוגעזעצט. דער טשײַניק אָף דער פּליטע האָט, קימאַט ווי אין די ביכער בא דיקענסן, געזונגען א לידל, שאַפנדיק א געמיטלעכע שטימונג. דערצו נאָך האָט מיטאַמאָל גענומען קלאַפּן א רעגן איבערן קיך־פענצטער. פון אײביק אָן איז באַוווּסט, אַז א שלעכטער וועטער אָף דער גאַס מאַכט הײמלעכער א געשפּרעך אין שטוב...

מיר איז געפעלן געוואָרן ניקאָלײַס שטים, צווישן א באַריטאָן און א באַס. אָבער ניט קיין אַלגעמיינע געשפּרעכן האָבן מיך איצט אינטערעסירט. איך האָב אים געהערט, ווי דורך א כאָלעם. איצט, ווען מיר איז שוין אַלץ באַוווּסט, ווילט זיך מיר דאַפקע פאַרשרײַבן וועגן ניקאָלײַען אין מײַן טאָגבוך. דערנאָך וועט מיר זײַן אָנגענעם צו בלעטערן די דאָזיקע זײַטלעך און דערמאָנען זיך וועגן אונדזער באַגעגעניש.

...דעם עלפיאָריקן קאָליע רעוווזין איז ניט געפעלן געוואָרן דער סאָף פונעם פילם „פּראָפעסאָר מאַמלאָק". צו יענער צײַט האָט דאָס ייִנגל שוין באַוויזן צו זען „טשאַפּײַעוו", „שטשאָרס" און אַנדערע קינאָ־פילמען. אָפן עקראַן פלעגן צומאָל באַוויזן ווערן גאַנץ טראַגישע געשעענישן, אָבער דער פינאַל אין יעדן פילם איז שטענדיק געווען א גערעכטיקער. טשאַפּײַעוו קומט אום, נאָר א מעכטיקע קאַנאָנאַדע פון אונדזערע האַרמאַטן צעשמעטערט די סאָנים, איידער עס באַווײַזט זיך אָפן עקראַן דאָס וואָרט „סאָף". אין „פּראָפעסאָר מאַמלאָק" איז באַגאַנגען געוואָרן איין פאַרברעכן נאָכן צווייטן. פאַשיסטן האָבן רויִבירט און געטייט, געטאָן די שרעקלעכסטע מײַסים, און — געבליבן אומבאַשטראָפט, די גערעכטיקײַט איז געלעגן א צעטראָטענע אונטערן פאַשיסטישן שטיוול. דאָס ייִנגל איז ארויס פון קינאָ א פאַרוווּנדערטער. אין א האַלב יאָר אַרום האָט ער דערזען דײַטשישע מאָטאָציקליסטן אָפן „פּראָספּעקט רעספּובליקי"... ער האָט אויך דערזען, ווי זיי האָבן אָף דער אַרטיאָם־גאַס דערשאָסן א סאָוועטישן מענטשן.

ווען מאַלינאָווסקיס און טאָלבוכינס מיליטער האָט באַפרײַט נעווינסק, איז ניקאָלײַען געגאַנגען דאָס פערצנטע יאָר. ער האָט זיך ווידער געזעצט אָף דער שול־פּאַרטע אינעם פינפטן קלאַס. אַלע שילער, אויסער עטלעכע ערשטקלאַסניקעס, זײַנען געווען איבערגעוואַקסענע. ווידער האָט זיך באַוויזן אָף דער וועלט דאָס אַלטע לערנבוך פון אַריפמעטיק, נאָר די קינדער האָבן שוין ניט ערגער פון זייערע לערער געוווּסט דאָס לעבן, און נאָך בעסער האָבן זיי געוווּסט, ווי־אַזוי עס זעט אויס דער טויט. אין סקווער און אינעם קולטור־פּאַרק זײַנען איצט געווען גרויסע ברודער־קוואָרים. אָף דער קאַרל־

מארקס־גאס האָט רעוויזין אופגעהויבן א פארוואלגערט שילדל, וואָס מע האָט אראָפּגעריסן פון דעם הויז, ווו עס האָט געוווינט דער דײַטשישער שעף פונעם זאוואָד „יוזשסטאל״ „Fried Krupp AC Werk״.

...א זעכצניאָריק באָכערל איז ניקאָלײַ אָנגעקומען אפן זאוואָד. דאָס איז געווען א גליקלעכע צײַט, ווען די סוידעס פון שטאָלגיסערײַ האָט שוין קיינער ניט געהיט. מע האָט זיי אויסגעזאָגט אלעמען, ווער נאָר ס׳איז געווען נײַגעריק צו וויסן. רעוויזין האָט פאר איין יאָר דורכגעמאכט דעם וועג פון א שווארצארבעטער ביז א שטאָלגיסער.

די מארטען־אויוונס פון „יוזשסטאל״ זײַנען אָריגינעל געמאכט. אז עס קומט די צײַט ארויסלאָזן דעם שלאק, בייגן זיי זיך אָן און הייבן זיך אָן צו וויגן. די ערשטע צײַט האָט ניקאָלײַ רעוויזינען זיך אויסגעוויזן, אז דער אויוון וועט זיך איבערקערן אף אים. דעם יונג האָט זיך געוואָלט אנטלויפן פונדאנען, ווי פון א פײַערדיקן קראטער. נאָר אינגיכן האָט ער דערפילט, אז די „אייוועלעך״ קענען ניט נאָר בראָטן און בריִען — זיי זײַנען אויך פול מיט לעבנס־זאפט, זיי נעמען דורך דאָס גאנצע לײַב און די נעשאָמע מיט א ווארעמקײַט, אָן וועלכער דאָס לעבן האָט שוין דערנאָך קיין טאם ניט.

קאָלזמאן מיר האָבן געשמועסט, האָט זיך אָנגערוקט דער אָוונט.

— גיי ארײַן מיטן כאווער אין צימער, — האָט געזאָגט ווערע אנדרייעווו־נע, ארײַנקוקנדיק צו אונדז, — געננוג שוין צו זיצן אין קיך.

מיר זײַנען ארײַן אין א ריין אופגעראמטן צימער, וואָס האָט געשמעקט מיט נאָרוואָס אויסגעוואשענעם דיל און מיט פרישע אויסגעפּרעסטע פאָר־האנגען. אין א ווינקל זײַנען אף איינעם פון די שטולן געלעגן פּאָטאָגרא־פיעס, וועלכע מע האָט בייסן ראמען, ווײַזט אויס, אראָפּגענומען פון די ווענט. איך האָב געבעטן א דערלויבעניש, און מיט געמאכטן גלײַכגילט גע־נומען איבערקלײַבן זיי, ביז אין מײַנע הענט האָט זיך ניט באוויזן א פאר־ביקע פּאָטאָ פון א מיידל. ווי א לעבעדיקע האָט זי מיר א קוק געטאָן גלײַך אין די אויגן. מיר האָט זיך אויסגעדאכט, איך הער, ווי מיט אירע עטוואָס צעעפנטע ליפּן פרעגט זי, צי דערקען איך זי...

— ס׳איז מײַן שוועסטער, זי לערנט זיך אין דניעפּראָפּעטראָווסק אין אינסטיטוט, — האָט ניקאָלײַ געזאָגט א ביסל פארוווּנדערט, וואָס איך קוק אזוי אופמערקזאם אף דער פּאָטאָ. אין א ווײַלע ארום האָט ער אוועקגע־שטעלט די פּאָטאָ אפן טעלעוויזאָר און צוגעשפּארט זי צו דער וואנט. ווען ווערע אנדרייעוונע איז ארויס אין צווייטן צימער, בין איך איר נאָכגעגאנ־גען און אויג־אף־אויג מיט איר זיך דורכגעשמועסט. אָט וואָס איך האָב זיך דערוווּסט:

אין די ערשטע כאדאָשים פון דער מילכאָמע, ווען נעווינסק האָבן פאר־נומען די דײַטשן, איז אין גרויס נויט געשטאָרבן איר מאן — א שלאָסער פון „יוזשסטאל״. ווערע אנדרייעוונע איז דעמלט געלעגן קראנק אין א ניט־געהייצטן צימער. אין איינעם פון די דאָזיקע פינצטערע טעג, זי געדענקט ניט פּינקטלעך די דאטע, נאָר געווען איז עס אין טיפן הארבסט, — האָט זי אוועקגעשיקט דאָס יִינגל פארקויפן אפן „טאָלטשאָק״ דעם מאנס רעקל — איינע פון די געציילטע זאכן, וואָס זײַנען נאָך פארבליבן אין שטוב.

ווען קאָליע איז אוועק, האָט זי זיך גענומען באומרויִקן און שוין כּאראַ־טע געהאַט, האַלעמײַ זי האָט אים געלאָזט גיין. מע וועט בא אים צונעמען די זאַך און דערצו גוט אָנשלאָגן, אויב ס׳וועט ניט געשען נאָך עפּעס ערגערס.

מיט מאַטערניש אַראָפּגעקראָכן פון בעט און זיך אָנגעטאָן, איז זי אַרויס אַף דער גאַס און גענומען פּאַוואָלינקע גיין, האַלטנדיק זיך בא די פּלויטן, עס זאָל זי ניט אומוואַלגערן דער שטאַרקער ווינט. גייענדיק אַזוי, האָט זי דערזען, ווי פון צווייטן עק גאַס, פון הינטערן קלויסטער, האָט זיך אָנגע־רוקט א מענטשישע מאַסע. עס האָבן זיך דערהערט הייזעריקע געשרייען, און אײַנגעהאַלטן געוויין; ווערע אַנדרייעוונע האָט געוואָלט זיך אומקערן צוריק אַהיים, נאָר ס׳האָט זיך איר אַזוי פאַרדרייט דער קאָפּ, אַז זי האָט ניט געקאָנט מער שטעלן קיין טראָט. לעבן טרעסט „יוזשסטאַלסטראַי״ האָט זי זיך, ווי אַן אונטערגעהאַקטע, אַוועקגעזעצט גלײַך אַפן טראָטואַר און איז צוגעפאַלן מיטן רוקן צו די שטאַכעטן פונעם אײַזערנעם טויער. פאַר די אויגן האָבן געשווינדלט פּיס, טויזנטער פּאָר פּיס, דערנאָך האָט זיך אַלץ צונויפגעמישט און ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי זעט איין גרויסן, ריזיקן שטיוול, וואָס שפּאַנט גלײַך אַף איר. מיט די לעצטע קויכעס האָט זי זיך אופגעהויבן און, קוים גייענדיק, פאַרקערעוועט אין דער נאָענטסטער זײַטיקער גאַס, וואָס הייבט זיך אָן מיט א סקווער.

ניט דערגייענדיק עטוואָס ביז דער נאָענטסטער באַנק, האָט זי זיך ווי־דער אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד. אין סקווער איז ניט געווען קיין לעבעדי־קער נעפעש. שטיל זײַנען פון די ביימער געפאַלן די בלעטער. פון דער גרויסער גאַס האָט טויבלעך זיך דערטראָגן אַהער דאָס זעלבע טופּערײַ פון פּיס, דאָס געוויין און העכער פון אַלץ — די דײַטשישע אויסגעשרייען. און מיטאַמאָל, אינגאַנצן באַזונדער פונעם גערודער און געוויין, האָט גאָר נאָענט, באַם סאַמע אויער, זיך צעוויינט א קינד. א פאַרציטערטע האָט ווערע אַנדרייעוונע זיך אומגעקוקט. דאָס געוויין האָט זיך געהערט אַלץ דײַטלע־כער, אַלץ העכער. עס האָט זיך געטראָגן ווי פון אונטער דער ערד. אײַנגע־בויגן זיך פאָרויס־צו און דערשלעפּט זיך ביז דער באַנק, האָט ווערע אַנ־דרייעוונע מיט איין האַנט אַרומגעכאַפּט דאָס פיסל פון דער באַנק און מיט דער אַנדערער אָנגעהויבן אַרומטאַפּן אַרום זיך די ערד. דערנאָך איז זי צוגעקראָכן צו די הינטערשטע פּיסלעך פון דער באַנק, און דאָ, אונטער די אײַנגעלעגערטע בלעטער, האָט זי אָנגעטאַפּט א האַרטלעך פּײַכט קנוילעכל. ווערע אַנדרייעוונע האָט געפּרוּווט דאָס אופהייבן און איז אומגעפאַלן מיט דעם צוזאַמען. דאָס קינד, אַקוראַט און גוט פאַרוויקלט, איז געווען א גאַנץ היפּשלעכס. ווי אַזוי און פונוואַנען האָט זיך עס אַהער גענומען, איז געבליבן פאַר ווערע אַנדרייעוונען א סאָד ביז הײַנטיקן טאָג. צוגעטוליעט עס און פאַרדעקט מיט דער פאַטשיילע, האָט זי אָנגעהויבן אײַנקוקן זיך אין די זעל־טענע דורכגייער, קעדיי א בעט טאָן עמעצן, מע זאָל איר העלפן אופהייבן זיך און נעמען אַף די הענט דאָס קינד.

עס איז דורכגעגאַנגען א יונגע פרוי אין א הוט מיט א פעדער. ווערע אַנדרייעוונע האָט זי א רוף געטאָן. יענע איז צוגעגאַנגען און האָט איר אַרײַנגערוקט אין האַנט א קופּערנע מאַטבייע. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט

זיך אָפּגעשטעלט א מאדאם, וואָס האָט געפירט א ליידיק קינדערש וועגעלע. אז עס איז א ליידיקס, האָט מען געזען דערפון, וואָס די פרוי האָט עס ניט געשטופּט, ווי געוויינלעך, פאָרויס, נאָר געשלעפּט פון הינטן, ווי מע שלעפּט א שליטל. „מע וועט קאָנען אהין אריַינלייגן דאָס קינד", — האָט ווערע אנדרייעוונע זיך דערפרייט. נאָר אין א מינוט ארום האָט זי שוין כאראָטע געהאט. בא דער פרוי איז געווען אן אָנגעזויפּט פּאָנעם פון א שיקערטע און קליינע בייזע אייגלעך. „עס איז ניט קיין יידל? היט זיך, אלטע, עס זאָל דיר טיַיער ניט קאָסטן"... — האָט זי א שיפּע געטאָן און אזא ריס געגעבן דאָס וועגעלע, אז עס זיַינען שיר ניט צעטראסקעט געוואָרן די רעדלעך. מער האָט ווערע אנדרייעוונע שוין קיינעם ניט געוואגט צו פרעגן. זי וואָלט, מיר־סטאמע, פארגליווערט געוואָרן צוזאמען מיטן קינד, ווען עס וואָלט זיך ניט באוויזן אירע א באקאנטע. ניט אנדערש, א גוטער מאלעך האָט זי אהער געבראכט. די דאָזיקע פרוי האָט גראָד געהאט א פּיצל קינד, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט אין דער היים. אזויארום האָט זי געקאָנט אָן גרויסער ריזיקע טראָגן דאָס אייפעלע איבער דער גאס. ניט פרעגנדיק קיין איין וואָרט, האָט זי געניט א כאַפּ געגעבן דאָס קינד אף איין האנט, מיט דער אנדערער געהאָלפן אופהייבן זיך ווערע אנדרייעוונען. געקומען אהיים, האָט מען גוט פארמאכט די טיר און פאנאנדערגעוויקלט דאָס קינד. קאָליע, וואָס האָט צו יענער צײַט באוויזן בעשאָלעם אומקערן זיך אהיים, איז ערגעץ אוועקגעלאָפן און געבראכט א ביסל מילך.

מע האָט דאָס אייפעלע אָנגעהאָדעוועט, אריַינגעלייגט עס אין בעט. לעבן קינד האָט זיך צוגעלייגט ווערע אנדרייעוונע און גענומען וואַרעמען דאָס קליינע קערפּערל. זי איז געלעגן און אלץ געטראכט, וואָס טוט מען, ווע־מען עס אָפּגעבן?

אין יענעם טאָג האָט ווערע אנדרייעוונע צום ערשטן מאָל דערפילט, אז זי האָט שוין א דערוואקסענעם זון, אן אָנשפּאר אין לעבן און אן אייצע־געבער. דאָס ייִנגל האָט שוין מיַיסע־עלטסטער, מיט דער זעלבער מוטיקייַט, מיט וועלכער עס פּלעגט שטענדיק אויסצייכענען זיך זיַין טאטע, א זאָג געטאָן:

— מאמע, מיר וועלן דאָס מיידעלע איבערלאָזן בא זיך. שכיינים זיַינען בא אונדז ניט קיין שלעכטע... ווי־ניט־איז וועלן מיר עס אויסהאָדעוועז... אָט האָב איך היַינט געקראָגן א האלבן עמער קארטאָפל... פארן טאטנס רעקל, — האָט ער טרויעריקלעך צוגעגעבן.

אזוי האָט זיך בא קאָליע רעוויזינען באוויזן א ייִנגער שוועסטערל. פאר פרעמדע מענטשן האָט מען געזאָגט, אז דאָס איז א קינד פון ווערע אנד־רייעוונעס פּלעמעניצע, וואָס וווינט אין דאָרף. מיט עטלעכע כאדאָשים פאר דער מילכאָמע איז טאקע די פּלעמעניצע געקומען צו פאָרן מיט א קינד צוגאסט צו די רעוויזינס...

בייס ווערע אנדרייעוונע האָט דאָס אלץ דערציילט, האָט ניקאָליַי דער־וויַיל אינעם אנדערן צימער צעהאנגען די פּאָרטרעטן אף די ווענט. ווידערא־מאָל האָט מיר דאָס מיידל געקוקט אין די אויגן און, דוכט זיך, געבעטן, איך

זאָל אנטפּלעקן די רעטעניש, וואָס איז אויסערגעוויינלעך וויכטיק סײַ פאַר מיר, סײַ פאַר איר.

— ווי־אַזוי הייסט זי בײַ אײַך? — האָב איך געפרעגט מיט אַ ציטער אין קאָל.

— אויסטראַכטן האָט מען ניט באַדאַרפט, — האָט ווערע אַנדרייעוונע געענטפערט, — אויפן אַרבל פון עם קליידעלע איז געווען אויסגענייט און אויף דער לינקער זײַט כאַליעווקע פונעם שיכל איז מיט אַ בלײַען בלײַער געשריבן: „נינאַ".

— מײַנע האָט מען גערופן ניט אַזוי... דאָס שוואַרץ־אויגיקע מיידל, וואָס קוקט אויף מיר פון דער פאָטאָ, איז ניט מײַן טאָכטער. נאָר דעם דאָזיקן לאַנגן אָוונט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט בײַ די רעוויזיגס, וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך בין אוועקגעגאַנגען מיט אַזאַ געפיל, ווי איך וואָלט ניט בלויז געקראָגן נײַע גוטע באַקאַנטע, נאָר געשלאָסן מיט זיי עפּעס ווייער אַ נאָענטע קרויוועשאַפט...

5 סענטיאַבער.

אויפגעשטאַנען גאַנצפרי, נאָך פאַר דער ראַדיאָ־גימנאַסטיק. דער „טאָלקאַטש" איז געשלאָפן, אַרײַנגערוקט דאָס פּאָנעם אין קישן. דאָס מילדע ראָזעווע פּענעמל פונעם רעוויזאָר האָט זיך געבאָדן אין די ערשטע זונשטראַלן. אויפן גאַס האָט אַ פרימאָרגן־ווינטל געשטיפּט מיט די הויף־וועכטערנס, אויפגעבלאָזן בײַ זיי די ווײַסע פאַרטעכער. לעבן מעבל־מאַגאַזין אויפן „פּראָספּעקט רעספּובליקי" איז געשטאַנען אַ ריי. ניט ווײַט פונעם קינאָ־טעאַטער האָט איינזאַם געשטאַרצט די פיגור פון מײַן אַלט־באַקאַנטן שיכפּוצער. געעפנט דאָס שאַפקעלע, האָט ער פּאַוואָליע פאַנאַנדערגעלייגט די בערשטלעך און סאַמעטקעס. איך האָב זיך באַגריסט מיט אים. אָנשטאָט אָן ענטפער האָט ער באַוויזן מיט די אויגן אויפן בענקעלע און אײַנגעלאַדן מאַכן אַ „פּאָטשין". איך האָב געהאָרכזאַם אוועקגעזעצט זיך, כאָטש פונקט מיט פופצן מינוט צוריק, פאַרן אַרויסגיין פון האָטעל, האָב איך די שיך אָפּגעפּוצט. אַלץ אָבער הייסט פּוצן! דער מײַסטער האָט באַשלאָסן מיר באַווײַזן זײַן גאַנצע קונסט. מורמלענדיק אונטער דער נאָז די אייביקע צוויי־דרײַ טאַקטן פון עפּעס אַ מיזרעכדיק לידל, האָט ער מײַנע שטיבלעטן פאַרוואַנדלט אין אַ קישעף־שפּיגעלע, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם הימל און די ערד.

איך האָב זיך געלאָזט גיין צום זאַוואָד מיטן קירצסטן וועג, דורכן געוועזענעם מאַרק־פּלאַץ, וואָס איז איצט פון צוויי זײַטן פאַרוואַלגערט מיט בוי־מאַטעריאַלן.

אינעם שוואַך באַלויכטענעם קאָרידאָר פון דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג האָבן צוויי־דרײַ פּרי־ע באַזוכער פאַרבראַכט די צײַט בײַם לייענען די אויסגעהאַנגענע באַפעלן און פאַראָרדענונגען. וואָס מער עס האָט זיך דערנענטערט די אָפּראַמערן מיטן עמער און מיט דער באַרשט אין דער האַנט, אַלץ ווײַטער זײַנען די לייענער אָפּגעטראָטן אין הינטערגרונט. די טירן האָבן אין ערגעץ ניט געקלאַפּט. בלויז אין צוויי צימערן — אין באַזאָרגונגס־אָפּטייל און אין דעם אָפּטייל פאַר אַרבעטס־אָרגאַניזירונג („אָאָט") — האָט

זיך געפּילט אַן אופלעבונג. עס האָט געקלונגען דער טעלעפאָן און ס׳האָבן זיך געהערט אַ פּאָר שטימען — הילכיקע, אויסגערוטע, ווי געוויינלעך באַ מענטשן אינדערפרי.

איך האָב געעפנט די טיר אין „אָאָט". באַ אַ גרויסן טיש איז געזעסן אַ באַיאָרטער דיקער מאַנצבל, וועלכן איך האָב איין מאָל אָדער צוויי מאָל באַמערקט אַף אונדזער באַראַטונג. ווײַזט אויס, אַז ער האָט מיך דאָרטן אויך געזען, און דעריבער האָט ער איצט פרײַנטלעך, ווי צו אַ באַקאַנטן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס פּאָנעם זײַנס איז אין עטלעכע ערטער געווען צוגעפּוצט מיט פרישע לילאָווע דראַפּינקעס, וואָס זײַנען גוט באַקאַנט יעדן שלימאַזל, וועלכער ראַזירט זיך מיט אַ טעמפּן גאָלמעסער.

— אַלעקסאַנדער טיכאָנאָוויטש מינײַעוו, עלטערער אינזשעניער פאַר סאַצגעוועט און דערפאַרונגס־אויסטויש, — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, ווען איך בין צוגעגאַנגען צו אים.

דעם עמעס געזאָגט, האָט מיך אַ ביסל פאַרוווּנדערט זײַן פּאָסטן. וואָס באַטײַט „עלטערער אינזשעניער פאַר סאַצגעוועט"? וועלכע פונקציעס האָט ער?

מיט אַ פלינקײַט, אַן אומנאַטירלעכער פאַר אַזאַ דיקן מענטשן, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם שטול באַ דער מאַשיניסטקע, וועלכע איז אַף אַ ווײַלע אַרויס פון צימער, אוועקגעזעצט מיך לעבן זיך און אָנגעהויבן צעשטרייען מײַנע ספּייקעס, וואָס ער האָט, קענטיק, אופגעכאַפּט אין מײַן בליק.

— אַלעמען וווּנדערט מײַן שטעלע, — האָט ער געזאָגט מיט אַן אומעטיק קאָל, ווי וועגן אַ זאַך, וואָס איז אים שוין דערעסן צו דערקלערן, — מע דאַרף דאָ זײַן ניט קיין אינזשעניער, נאָר אַ פּראָפעסאָר. איר רייכערט ניט? אויסגעצייכנט, איך רייכער אויך ניט. קיינער וועט אונדז ניט טרײַבן אין קאָרידאָר. זעט איר, — האָט ער פאָרגעזעצט, צורוקנדיק זיך נעענטער צו מיר, — די זאַך איז ניט אַזוי פּאַשעט. קומט אַמאָל אַף טשיקאַוועס צו אונדז אין זאַווקאָם, ווען מע פירט אונטער די סאַכאַקלען פון דער פאַרמעסטונג. דער שעף פונעם דאָמנע־צעך דערווײַזט, אַז דאָס ערשטע אָרט געהערט אים. דער מאַרטען־צעך טײַנעט דאָס אייגענע פאַרקערט. איך האָב פאַרענדיקט אַן אינסטיטוט, און דאָך פאַרליר איך זיך צומאָל אין די כעזשבוינעס פון די אַלע פּליוסן און מינוסן. הײַנט איז גראָד דער פינפטער סענטיאַבער, עס וועט זײַן אַ זיצונג פון זאַווקאָם. בין איך שוין דאָ פון פינף אַזייגער פאַרטאָג. נעמט, לעמאָשל...

מינײַעוו וואָלט, קענטיק, נאָך לאַנג גערעדט, נאָר עס האָט זיך אומגעקערט די מאַשיניסטקע און מיט אַ שטומען פאָרוואורף אַ קוק געטאָן אַף איר שעף. איך האָב אײַליק אָפּגעגעבן איר דאָס בענקל, און אַף דעם האָט זיך אונדזער שמועס איבערגעריסן. איך בין נאָך אַ ביסל געשטאַנען לעבן מינײַעוו און געהערט, ווי ער קלינגט אין טעלעפאָן, בעט ראַכמים, אַז די צעכן זאָלן גיכער צושיקן אין „אָאָט" די לעצטע „סוואָדקעס". צווישן איין קלונג זײַנעם און אַ צווייטן האָב איך אים געגעבן די האַנט און בין אוועק.

עס איז שוין געווען אַרום נײַן אַזייגער. אַף די הענגערס אינעם אופּנאַמצימער פונעם דירעקטאָר האָב איך דערזען אַ צוויי צענדליק היטלען און

עטלעכע קאפעליושן. אינעם פאָרגטיקן ווינקל איז געזעסן א יונגע סעקרעטארשע. לויט דער טעווע, וואָס איך האָב דאָ ניט לאנג געקראָגן, האָב איך אף איר א קוק געטאָן מער אופמערקזאם, ווי עס וואָלט געפאסט, נאָר זי האָט אפילע ניט אופגעהויבן דעם קאָפ.

— באם דירעקטאָר איז א בעראטונג, — האָט זי געזאָגט מיט א פערטל מויל, — אן אָפעראטיווקע...

כ'מיין, אז ניט נאָר מיר איז אויסגעקומען צו פארטראכטן זיך, פארוואָס די יונגע שיינע סעקרעטארשעס, מיט א צויבער־שמייכעלע, ווען זיי זיַנען צווישן פריַנט און כאוויירים, באווייַזן אָפטמאָל אזא אָנגעדראָדלט פאָנעם אונדז, די פאָשעטע באזוכער? פארוואָס האָבן די דאָזיקע לאכערקעס, פלוידערקעס, וואָס קאָנען א האלבע שאָ ריידן דורכן טעלעפאָן מיט א כאווערטע, מוירע אויסצורעדן אן איבעריק וואָרט מיט א „זיַטיקער פערזאָן"? ווען איר וואָלט וויסן, ליבע מיידלעך, וויאזוי מיט אייַערע פארשנירעוועטע ליפעלעך פאטערט איר אָפטמאָל די שטימונג בא א ווילן מענטשן... געזונט זאָלט איר מיר זיַן, ענטפערט, אז דער נאטשאלניק איז ניטאָ און וועט ניט זיַן, ער איז פארנומען, אוועקגעפאָרן, נאָר זאָגט עס ניט מיט א קאס און מיט א מעטאלענער שטים. זי פאסט אייַך ניט...

עס האָט זיך געעפנט די מאסיווע טיר, און פונעם דירעקטאָרס קאבינעט האָבן זיך, טומלענדיק, ארויסגעשאָטן די שעפן פון די צעכן און פון די אָפטיילן. א סאך פון זיי זיַנען מיר שוין באקאנט פון פריער. אראָפנעמענדיק פון די הענגערס די היטלען, האָבן זיי דערוויַל הויך גערעדט צווישן זיך, ווי געווייַנלעך נאָך א בעראטונג אָדער פארזאמלונג, ווען מע קאָן שוין ריידן אָן א רעגלאמענט און אויסזוכן נייַע באווייַזן לעטויוועס דער פריער ארויסגעזאָגטער מיינונג.

דאָס אופנאם־צימער איז שוין געווען אינגאנצן ליידיק, ווען פונעם קאבינעט איז מיט אן אויסגעשריי: „מארטינענקאָ!" מיט אימפעט ארויסגעלאָפן אין קאָרידאָר א הויכער מאָגערלעכער מענטש אין א טעניסקע, מיט א בלאָנדן פאס האָר, וואָס איז געפאלן אפן שטערן. ער האָט אויסגעזען אזוי ספאָרטסמעניש יונג, אז אין דער ערשטער מינוט האָב איך אים ניט דערקענט און געפרעגט בא דער סעקרעטארשע, צי קאָן מען אריַנגיין צום דירעקטאָר.

— אָט איז ער דאָך ארויסגעלאָפן, — האָט זי געענטפערט מיט אן איראָנישן שמייכל.

ווען סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש האָט זיך אומגעקערט, האָט ער זיך פריַנטלעך באגריסט מיט מיר, געכאפט מיך אונטער דער האנט און אריַנגעפירט אין קאבינעט.

— באם הויפט־אינזשעניער איז גריפ, — האָט ער א זאָג געטאָן, פארבינדנדיק עס, קענטיק, מיט דעם, וואָס ער איילט אזוי און טוט אלץ בעכיפאָזן.

דער גרויסער קאבינעט האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי באקאנט, כאָטש איך בין קיינמאָל אין אים ניט געווען. דורך די פענצטער האָט זיך געזען דער דאָמנע־צעך, ריכטיקער די ערשטע דאָמנע, און דער בראָנזענער דענק־

מאָל סערגאָ אָרדזשאָניקידזען. אין א טוזשורקע און אין הויכע שטיוול, וואָס שרעקן זיך ניט פאַר קיין שלעכטן וועטער, האָט סערגאָ געהאלטן אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום יונגן דירעקטאָר, ווי ער וואָלט אים געוואָלט זאָגן: „עס איז דיר ניט גרינג, ברודערקע? די ערשטע דירעקטאָרן איז געווען עפּשער נאָך שווערער...״

אוועקגעזעצט זיך באַם שמאָלן טישל, וואָס איז געשטאַנען צוגערוקט צום גרויסן שרײַבטיש, האָב איך אָנגעהויבן ריידן וועגן יענע פּונקטן פונעם ארבעטס־פּלאַן פון „יוזשסטאל״, וועלכע האָבן א שײַכעס צו אונדזער אינסטיטוט. סטעפּאַן אלעקסאַנדראָוויטש האָט מיך זייער אופמערקזאַם אויסגעהערט, דערנאָך אומגעריכט געזאָגט:

— ווי קוקט איר אָף דעם, איר זאָלט בלײַבן בא אונדז אפן זאַוואָד? איר וועט ארבעטן אין דער וואלץ־גרופּע פון „צלאם״. עפּשער זאָל איך פאַנאַנדערשיפרירן אײַך, מיט וואָס מע עסט דאָס, אָדער ס׳איז ניט נייטיק?..

איך האָב געענטפערט, אז איך ווייס, וואָס „צלאם״ באַטײַט, און אז איך בין שוין אפילע דאָרט געווען.

— צענטראַלע זאַוואָדישע לאַבאָראַטאָריע פאַר אווטאָמאַטיזירונג און מעכאַניזירונג, — האָט ער פונדעסטוועגן פאַנאַנדערשיפרירט. דאָס האָט אים, ווײַזט אויס, פאַרשאַפט פאַרגעניגן. — אײַערע טעמעס, מיין איך, וועט לײַכטער זײַן צו לייזן ניט פונדערווײַטנס, נאָר אינייִנעם מיט די קאָנסטרוקטאָרס פונעם זאַוואָד. יעדע אידיי קאָנט איר גלײַך דורכקאָנטראָלירן אין צעך... עמעס?

— עמעס, — האָב איך צוגעשטימט, א דערפרייטער פונעם פאָרשלאָג, אָף וועלכן איך האָב געוואַרט. ווײַזט אויס, בלויז צוליב דעם, איך זאָל ניט מאכן דעם אײַנדרוק פון א לײַכטזיניקן מענטשן, האָב איך פונדעסטוועגן צוגעגעבן: — „נאָר״...

— עס הייבט זיך שוין אָן א „נאָר״, — האָט זיך צעלאַכט סטעפּאַן אלעקסאַנדראָוויטש, — איך ווייס אויסגעצייכנט, אז אלע „נאָרן״ זײַנען וויכטיקע און וואָגיקע. דעריבער בעט איך אײַך: באַקלערט, וועגט אָפּ, און אין א פּאָר טעג ארום וועט איר מיר געבן אן ענטפער... עס זאָלן ניט זײַן קיין שום אומקלאָרקײַטן, — האָט ער צום שלוס געזאָגט, — איז לייגט צו צו אלע „נאָרן״ נאָך איינעם: אין די זאַוואָדישע לאַבאָראַטאָריעס זײַנען די געהאלטן א ביסל קלענערע, ווי אין די צעכן און ווי, מיסטאמע, בא אײַך אין אינסטיטוט. דאָס איז געוויס אן אוולע. אָבער מע וועט עס אינגיכן אײַנרעגולירן...

ווען איך בין ארויס אין קאָרידאָר, זײַנען דאָרטן געשטאַנען א פּאָר אינזשעניערן. דערזען, אז איך בין צעשטרייט, האָט איינער פון זיי א צי געטאָן דעם צווייטן פאַרן ארבל און אָנגעוויזן אָף מיר:

— מע מעג שווערן, אז ער האָט אים אויך פאָרגעלייגט... ווי נאָר עפּעס א גרעסערע באַראטונג אין זאַוואָד, כאַפּט ער פאַר זיך ארויס א פּאָר מענטשן...

מײַן אײגנליבע װאָלט זיך געמעגט פילן א ביסל אָנגערירט. איך האָב געמײנט, אז נאָר מיר אײנעם לײגט מען פּאָר בלײַבן אפן זאװאָד... לוינט דען אָבער צו ערגערן זיך איבער אזא קלײניקײַט?..

6 סענטיאַבער.

די בעראטונג איז געענדיקט. אלע פּונקטן פונעם פּלאן זײַנען קאָאָר־דינירט צװישן זאװאָד און די „פּאָדריאַד"־אָרגאניזאציעס, די מערהײַט פראגן — אײַנרעגולירט. און אָט בין איך װידער אין װאגאָן, אף דער אײבערשטער באנק. איך פּאָר אװעק אף עטלעכע טעג, דערנאָך װעל איך זיך אומקערן קײן נעװינסק, שױן ניט אין א קאָמאנדירונג, נאָר אף שטענדיק. די קאַרגע װאָך, װאָס איך בין דאָ געװען, האָב איך געלעבט קימאט מיט הױלע דערינערונגען, איצט קלער איך װעגן דער צוקונפט. איך זע „יוזשסטאל" אזא, װי ער װעט זײַן אין עטלעכע יאָר ארום, װען עס װעט אינגאנצן ארױסגעשטױסן װערן די האנט־ארבעט. צוזאמען מיטן זאװאָד װעט נאָך בעסער, שענער װערן מײַן הײמשטאָט. דער גורל פון דער שטאָט איז פון לאנג איבערגעפלאָכטן מיטן גורל פונעם זאװאָד. דער טאָג, װען מע האָט אופגעהױבן די ערשטע לאָפּעטעס ערד אף דער בױונג פונעם „יוזשסטאל", איז אױך געװאָרן א נײַער טאָג פארן אלטן, שטילן נעװינסק. עס איז ניטאָ די געשעעניש אפן זאװאָד, װאָס זאָל ניט אָנרירן טיף די שטאָט, און פארקערט... אין די יאָרן פון דער פאשיסטישער אָקור־פּאציע, װען די דאָמנעס און די מארטען־אױװנס זײַנען געװען אופגעריסן און דער הימל האָט ניט געפלאקערט פון די טשוהון־שמעלצונגען, איז געװען טױט אױך די שטאָט.

...מײַן שװאכע האָפענונג צו געפינען די טאָכטער מײַנע צװישן די לעבעדיקע װעט, װײַזט אױס, שױן קײנמאָל ניט פארװירקלעכט װערן. דאָס קינד ליגט אין די „אָקאָפּעס" באנאנד מיט איר מוטער...

עטלעכע שאָ פארן אָפּפאָרן, האָבנדיק שױן א בילעט אין קעשענע, בין איך ארײַנגעגאנגען נאָך צו צװײ לאנדסלײַט, װאָס האָבן בײַס דער מיל־כאָמע געראטעװעט ײדישע קינדער. דאָס זײַנען דער אינזשעניער סאָלאָ־װיאָװ און דער מאָנטאזשניק באראבישעװ. בײדע האָבן זײ מיר אָנגע־רופן די פאמיליעס פון זײערע אדאָפּטירטע. סײַ דער, סײַ יענער האָבן גוט געקענט די עלטערן פון די קינדער. פון נאָך צװײ האָפענונגען מײַנע האָט זיך אױסגעלאָזט א טײַך...

דער צוג טראָגט זיך אלץ האסטיקער, און ס׳איז שװער צו שרײַבן, דערצו איז שױן טאקע צײַט צו כאפּן א דרעמל. מײַנע מיטרײַזנדע אין קופּע שלאָפן שױן מיט א שטארקן שלאָף. דאָס זײַנען דרײַ יונגע אינדזשע־נער, װאָס האָבן פּראקטיקירט אפן „יוזשסטאל" און קערן זיך איצט אום דורך מאָסקװע צו זיך אהײם, אין בכילײַער קאָמבינאט. אפן טישל ליגן צװײ גראָבע בענדער — „געשיכטע פון דער סאָװעטישער מעטאלורגיע", װאָס די ארבעטער פונעם מארטען־צעך האָבן באם געזעגענען זיך אונ־טערגעטראָגן די אינדזשאנער א מאטאָנע. לעבן די ביכער — א בוקעט הארבסטיקע בלומען. אים האָבן אין די לעצטע מינוטן פארן אָפּגײן פונעם

צוג אריַינגעבראכט די סטודענטן פון נעווינסקער מעטאלורגישן אינסטי־טוט.

אָט זײַנען מיר שוין פאַרבײַגעפאָרן די ערשטע סטאַנציע „דאָליא". א גליקלעכע דאָליע, א גליקלעך מאזל אײַך, טײַערע מײַנע לאַנדסלײַט. אינ־גיכן וועלן מיר זיך ווידער זען...

26 אפּרעל 1961.

נאָך א היפּשלעכן איבעררײַס האָט מיך ווידער א צי געטאָן צו מײַן טאָגבוך. אינעם פריִערדיקן העפט איז פאַרבליבן ניט ווינציק פּוסטע זײַטלעך, נאָר כ'האָב גענומען א נײַ העפט. כ'האָב ליב אָנהייבן פון אַן ערשט בלעטל. „אָן אַן אָנהייב איז ניטאָ קיין סאָף", זאָגט א גלײַכ־ווערטל.

אייגנטלעך, צוליב וואָס שרײַב איך? מײַנע העפטן לייען איך ניט. ווען עס קומט אָבער פאָר עפּעס א געשעעניש, אַן ענדערונג אין לעבן, ווילט זיך דורכריידן מיט זיך אליין. איך פאַרגין זיך דעם לוקסוס און נעם די פּען אין האַנט.

איבער פאַרשיידענע אומשטענדן האָט זיך מײַן אָפּפאָרן פאַרהאַלטן אָף העכער זיבן כאָדאָשים. איצט בין איך גרייט, איבערמאָרגן פלי איך ארויס.

נעכטן אינדערפרי, ווען איך בין ארײַן אין דער לאַבאָראַטאָריע, האָט שוין אָף מיר געוואַרט די לאַבאָראַנטקע זובאַריעוואַ — א גוטהאַרציקע פרוי, וואָס האָט א טעווע אָנצוזאָגן בסורעס. זי איז גרייט קומען אָף דער אַרבעט מיט א שאָ פריִער, אַבי קאָנען די ערשטע דערציילן עפּעס א נײַס. וועגן אַלע כאַסענעס און, לעהאַוודל, וועגן אַלע אינפאַרקטן דערוויסט מען זיך בײַ לענאָטשקע זובאַריעווען.

— גריגאָרי מיכײַלאָוויטש, — האָט זי זיך געלאָזט מיר אַנטקעגן, — כ'קאָן אײַך אָנזאָגן א בסורע. דער פּראָפקאָם האָט באַשלאָסן מאַכן א געזעגענונגס־אָוונט. אָנהייב — פּונקט זיבן אזייגער.

די ערשטע מינוט איז מיר אפילע ניט אײַנגעפאַלן, אז דער יאָמטעוו איז לעקאָוועד מיר. איך בין געגאַנגען אָפּן אָוונט מיטן געפיל פון א פאַרשוין, וואָס מע מאַכט אים א יובילײ פאַר דער יובילײ־דאַטע. א היפּש שטיקל לעבן, א בינטל יאָרן, וועגן וועלכע עס ווערט געזאָגט „בען שלוי־שים — לעקויעך, בען אַרבאָ׳ִים — לעבינאָ", זײַנען בײַ מיר פאַרבונדן מיט די מענטשן פון אונדזער אינסטיטוט. מיט א סאַך מיטאַרבעטער בין איך באַפרײַנדעט, מיט אייניקע אפילע גאָר נאָענט. מיר האָבן צוזאַמען געזוכט, געפאָרשט, אַמאָל זיך געאַמפּערט איינער מיטן אַנדערן. אין ער־געץ, דוכט זיך, זײַנען ניט אזוי הייס די שטרײַטן, ווי אין די שטילע צימערן און קאָרידאָרן פון א וויסנשאַפטלעכן אַנשטאַלט. אָט האָט מען אַרײַנגעטראָגן עפּעס נײַס, און מע לאָזט זיך שוין זוכן גרעסערס, וויכטי־קערס, וואָס רײַפט אין די מויכעס דערווײַל נאָך אומקלאָר און מעטוש־טעש, אָבער דאָס גרעסערע וועט אומבאַדינגט אַנטדעקט ווערן, פּונקט ווי ס'ווערן אַנטדעקט די פעלנדיקע עלעמענטן אין מענדעלייעווס טאַבעלע.

געוויס האָט זיך מיר זייער געוואָלט מיט אַלעמען אין אינסטיטוט געמיטלעך און וואַרעם זיך געזעגענען, כ׳האָב נאָר א ביסל מוירע געהאַט, אַז דער זעלבער אוטאַר, וואָס האָט וועגן מיר אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אין דער וואַנטצײַטונג, וועט אַפּן אָוונט אויך האַלטן אַ דראָשע טאַם־כאַלאָשעס. ער געהערט צו די לײַט, וואָס געפינען גלײַך דעם געהעריקן פּאָסעק: „ענגע פאַרבינדונג מיט דער פּראָדוקציע".

איך האָב אַ סאַך געטראַכט און איבערגעטראַכט, צי איז דער געדאַנק וועגן אַריבערפאָרן ניט קיין צופעליקער, צי ער איז ניט אופגעשוווּמען אונטערן אײַנפלוס פון געוויסע אײַנדרוקן און צײַטווײַליקע שטימונגען. ווען האָב איך דאָרטן אין דער שטאָט, אויסער ווידעראַמאָל און אָבער־אַמאָל זיכרוינעס? באַ אַ מענטשן דאַרף די פאַרגאַנגענהײַט פאַרנעמען וויניק פּלאַץ. באַ מיר פאַרנעמט זי אָפּטמאָל צופיל.

דער אָוונט איז דורך באַשיידן און פײַן. מיר האָבן זיך צוזאַמענגענומען ניט אינעם גרויסן קאָנפערענץ־זאַל, נאָר אין קלענערן קײַלעכדיקן זאַל, ווו עס ווערן געוויינלעך אָפּגעמערקט געשעענישן און סימכעס ניט פון די גאָר וויכטיקע. באַם טיש איז געזעסן דער דירעקטאָר פון אינ־סטיטוט גאַווריליאָוו. אין זײַן אָנוועזנהײַט ווערט דער פּלאַמיקסטער באַל־דאַרשן אײַנגעהאַלטענער און פאַרמאַכט די שליוזן פון זײַנע נײַן מאָס רייד.

די יונגע בופעטשיצע, וואָס לאַנגווײַליקט זיך אַ גאַנצן טאָג באַם פאַר־קויפן בוטערבראָדלעך די קאַנדידאַטן און דאָקטאָרס, האָט אַפּן אָוונט גע־האַט די מעגלעכקײַט צו זען און הערן, ווי איר געלערנטע קליענטור איז זיך מעסאַמייעך, זינגט אַ סטודענטיש לידל, וויצלט זיך און פאַרגיסט ווײַן אַפּן טישטעך. נאָכן אַנדערן גלעזל האָט דער אינזשעניער יאַנאָווסקי גע־האַלטן אַ ספּיטש, צום סאָף האָט ער מיך אַ טשמאָקע געטאָן אין באַק. זובאַריעווא האָט אָנגעזאָגט אַ בסורע, אַז דער פּראָפקאָם באַלוינט מיך מיט אַ ווערטפולער מאַטאָנע.

אַהיים האָב איך זיך אומגעקערט שפּעט. די ווענט פון צימער זײַנען ווײַס, דער דיל — ריין, דער טיש — פאַרשפּרייט. עס פעלט נאָר אַ ביסל היימלעכקײַט. דוכט זיך, קליינינקײַטן, — די קישנס ליגן אַפּן בעט ניט אופגעשלאָגן, נאָר צוגעפּלעטשט, באַ דער דעקע איז איין ברעג לענ־גער, ווי דער אַנדערער, — נאָר מע דערקענט גלײַך, אַז דאָ פעלט אַ פרויען־האַנט.

שלאָפן האָט זיך מיר ניט געוואָלט, און איך האָב צוביסלעך גענומען פּאַקן די זאַכן. הײַנט איז אויך אוועק אַף דעם קימאַט דער גאַנצער טאָג. אין קעמערל האָב איך זיך אָנגעשטויסן אַף מײַן סאָלדאַטסקער אַמוניציע. די גימנאַסטיאָרקע האָט אַף דער פּלייצע אַ מוטנע־רויטלעכן פלעק, וואָס מע האָט ניט געהאַט פאַרוואַשן אין שפּיטאָל. אין דער קעשענקע פון די אָפּגעבליאַקעוועטע גאַליפע־הויזן האָב איך אָנגעטאַפּט עפּעס האַרטס, אַרײַנגערוקט אַ פּאָר פינגער און אַרויסגעשלעפּט דעם שוואַרצן פּאַטראָן מיטן צעטעלע, ווו ס׳איז פאַרשריבן מײַן פאַמיליע און אַדרעס. איך האָב אַרויסגערופן דעם אוטילשטשיק, און ווען ער האָט אַרײַנגעשטופּט אין

אווטאָפּורגאָן דאָס ביסל זעלנערישע אלטווארג, איז בא מיר געווען א געפּיל, ווי כ׳וואָלט עס אָקאָרשט אראָפּגענומען פון לײַב...

לעזיקאָרן האָב איך איבערגעלאָזט דעם רוקזאק — די צײַט האָט אף אים קיין שליטע ניט, ער איז נאָך פעסט, ווי אײַזן. כ׳האָב געפּרוווט, צי קאָן איך מיט דער אמאָליקער געשיקטקײַט אים פארבינדן און מאכן א קנופּ. ס׳איז, דוכט זיך, גאָרנישט מיט נישט, נאָר אין 1941 האָב איך זיך א היפּש ביסל אָנגעמאטערט, ביז כ׳האָב זיך אויסגעלערנט די טוירע.

דער גרעסטער באגאזש מײַנער זײַנען די ביכער. איך לייג זיי צונויף אין פּעקלעך, עס נעמט אָפּ אָן א שיר צײַט. אָט קוקן אף מיר פון דער הילע ברייט־צעעפנטע שווארצע מילדע אויגן. אין זיי איז אזויפיל ליבע צום לעבן, א יאם טרוימען און טיף־טיפער צאר, פּונקט ווי דאָס מיידלשע הארץ וואָלט שוין געהאט א פאָרגעפיל פון דעם טרויעריקן סאָף. א גוטן בוך קאָן מען לייענען צוויי מאָל און דרײַ מאָל. נאָר דאָס „טאָגבוך פון אנא פראנק״ נאָכאמאָל לייענען איז קימאט אומעגלעך. מײַן טאָכטער האָט ניט געלעבט אפילע אזויפיל, וויפל אנא פראנק. זי איז אומגעקומען אן אייפעלע. און עפשער... ווידער און ווידעראמאָל כאפּן מיך ארום ספּייקעס, הונדערט, טויזנט שאנסן זײַנען קעגן, אָבער ס׳איז דאָך מעגלעך, אז איינער איז — פּאר. כ׳וויל זיך ניט שיידן אפילע מיט דער אילױזיע.

אָן באזונדערן הארצוויייטעק צעשייד איך זיך מיט דער פרוי, מיט וועלכער איך בין עטלעכע יאָר געווען אין נאָענטע באציִונגען. איך זוך אין איר ניט קיין כעסרוינעס צו בארעכטיקן מײַן גלײַכגילט און קאלטקײַט. ווײַזט אויס, איך געהער צו דעם מין מענטשן, וואָס קאָנען ליב האָבן נאָר איין מאָל אין לעבן. ביז הײַנטיקן טאָג מורמל איך פון שלאָף: „בראָניע״...

רײַע איז הײַנט געקומען באטאָג. דערזען מײַן פּאקעווען זיך, איז זי געבליבן שטיין אף דער שוועל. די גאנצע צײַט האָט זי ניט געגלייבט, אז איך קלײַב זיך טאקע אף אן עמעס אוועקפאָרן.

— ווידער א קאָמאנדיראָווקע? — האָט זי געפרעגט.

דעם אָוונט האָבן מיר פארבראכט צוזאמען. מיר זײַנען ביידע געשטאנען באם פענצטער. אין צימער איז געווען פינצטער, ס׳האָבן נאָר ארײַנגעלויכטן די נעאָן־טרײַבלעך פונעם מאגאזין אף דער קעגניבערדיקער זײַט גאס. כ׳ווייס ניט, וו׳אזוי די פרויען פון ניו־יאָרק אָדער פאריזש גיבן זיך אן אייצע מיט דער אומלויפנדיקער, אומטאנצנדיקער, אומשפּרינגענדיקער שײַן פון די רעקלאמעס, וואָס פרישט אָפּ פארלעגערטע סכוירע און עלטערט מענטשלעכע פּענעמער. רײַע האָט אין דער מינוט אויסגעזען עלטער פון אירע יאָרן. די באקן און די ליפּן זײַנען געווען אײַנגעטונקט אין דער בלוי־ציטערנדיקער נעאָן־ליכט. ס׳איז געווען א מאָמענט, ווען כ׳האָב געוואָלט נעמען איר אײַנריידן, מיר זאָלן פאָרן צוזאמען. זי האָט, דוכט זיך, געווארט אף דעם. אָבער אין דער זעלבער צײַט האָב איך גוט געוווּסט, אז זי וועט ניט פאָרן. ניט איך און ניט זי דארפן עס. די רייד וואָלטן עפשער בלויז א ביסל געשטילט איר אייגנ־

ליבע. רויק האָבן מיר זיך געזעגנט. זי האָט מיר פאַרויסגעזאָגט א קאַלטן פרילינג, א רעגנדיקן זומער און א ווינטיקן האַרבסט.

— וואָס נאָך פאַר א גוטס קאָנסטו פאַרויסזאָגן?

— אז דו וועסט כאַראָטע האָבן און קומען צוריק...

29 אפּרעל.

דרײַ שאָ פליִען — און איך בין אפן אָרט. ווי אין סענטיאַבער פאַריקן יאָר, האָט די שטאָט מיך באַגעגנט מיט א רעגן — דאָס מאָל א פרילינג־דיקן. מיר האָבן קוים באַוויזן אַראָפּנידערן, ווי איבער די פליגל פון אַעראָפּלאַן האָט געגומען קלאַפּן א שלאַקסרעגן. א באַדעקטע מיט דורכ־געווייקטן יונגן העל־גרינעם גראָז, איז די ערד געווען ווייך און נאָכגי־ביק, זי האָט געשמעקט מיט אַלע אירע אוראַלטע זיסע און ביטערע ריי־כעס, וואָס דער שטאַרקסטער ווינט קאָן זיי ניט אוועקטראָגן, דער גרע־סטער רעגן — ניט אַראָפּשווענקען.

אינעם קליינעם אַעראָוואָקזאַל האָט מיך באַגעגנט א מענטש פון דער זאַוואָד־דירעקציע. ער האָט טייקעף דערקענט דעם, וועמען ער דאַרף, און זיך געלאָזט אַנטקעגן מיט אזא אימפּעט און גדולע, ווי כ׳וואָלט אַראָפּגע־שטיגן פון דער לעוואָנע.

— דער לײַנער האָט פאַרשפּעטיקט אף אכט מינוט, — האָט ער א קוק געטאָן אף זײַן זייגערל, און פון דעם דאָזיקן קוק איז געווען צו זען: די מינוטן קאָסטן אים פּודן געזונט.

אין דער מאַשין האָט דער פאַרשוין מיר דערציילט, אז ער מוז נאָך זײַן הײַנט אין צוואַנציק ערטער. איך האָב פאַרזיכערט, אז קיין סאָך צײַט וועל איך בא אים ניט אָפּנעמען, זאָל ער מיר נאָר ווײַזן מײַן דירע און אָפּגעבן דעם שליסל. ער האָט צוגעשוויגן מיט אזא מינע אפן פּאָנעם, ווי איינער זאָגט: „אזוי גרינג טשעפּעט מען זיך אָפּ פון אײַך! מע דאַרף זײַן א באַלן אַראָפּקומען פּונקט ערעוו ערשטן מײַ, בייס עס איז אפילע ניטאָ ווען איבערצוכאַפּן דעם אָטעם".

דורכן פענצטערל פון אווטאָמאָביל האָט מען שוין טאַקע געזען סי־מאָנים פון ערעוו־יאָמטעוו. פרויען האָבן זיך ניט פאַרגונען איבערצו־וואַרטן דעם רעגן און זײַנען געלאָפן מיט די קאָשעקעס איבער דער גאַס, אף די טירן — אויפשריפטן[1] «Осторожно, окрашено!». אף די פראָנטאָנען פון די הײַזער — לאָזונגען.

די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן א פירשטאָקיקן מויער, אַנט־קעגן דער גרויסאַרטיקער געבײַדע פונעם דראַמאַטישן טעאַטער. אין דעם דאָזיקן הויז בין איך שוין געווען. דאָ וווינט דער מאָנטאַזשניק באַראַבי־שעוו.

— א דירע א פּראַכט! איר מעגט גלײַך אַרויספאָדערן די מישפּאָכע! — מיט די ווערטער איז מײַן אומגעדולדיקער באַגלייטער פאַרשוווּנדן, און איך בין געבליבן איינער אַליין אין דער נײַער וווינונג.

[1] פאַרזיכטיק, פריש געפאַרבט!

איך האָב געעפנט די פענצטער. איינס גייט ארויס אף דאָרעם, מע זעט פון אים דעם זאוואָד. דאָס צווייטע איז געווענדט צום פעלד. ערגעץ דאָרטן, אין ווײַטלעכן נעפּל, הינטער די רעגן־שטראָמען, געפינט זיך דער שטיין אפן גרויסן ברודער־קייווער, אין א לויטערן וועטער וועל איך אים מיסטאמע פונדאנען זען.

איך בין ארויס אף דער גאס. ס'איז צוגעקומען אן אווטאָבוס, און איך בין אוועקגעפאָרן אפן זאוואָד.

ווען איך בין ארײַן צום דירעקטאָר, האָט ער גערעדט מיט קיִעוו. געשריִען אינעם טרײַבל, אז ארץ פאר די דאָמנעס איז בא אים געבליבן אף צוויי טעג. פונקט ווי פריִער, האָט סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש מיך פארוואונדערט מיט זײַן יוגנטלעך־ספּאָרטסמענישן אויסזען. דאָס פּאָנעם בא אים האָט שוין באוויזן א ביסל אָפּצוסמאליען זיך אף דער פרילינגדיקער זון. געווען איז ער אין א טעניסקע. די מוסקולן האָבן געשפּילט. דאָס רעקל איז היימיש געהאנגען אפן שטול.

— אויסגעצייכנט, וואָס איר זײַט געקומען, — האָט ער זיך אופגעהויבן פון טיש מיר אנטקעגן, — איר האָט זיך שוין אײַנגעאָרדנט? העכער צוויי וואָכן, ווי מיר האלטן פארבראָנירט די דירע...

פאראן א גלײַכווערטל: א הארץ פילט א הארץ. סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש איז מיר געפעלן, און איך האָב, ווײַזט אויס, בא אים אויך נויסעכיין געווען. ער האָט מיר גלײַך אָנגעזאָגט וועגן זײַן פּלאן, איך זאָל אָנפירן מיט דער רעלסן־לאבאָראטאָריע. מיך האָט עס פארוואונדערט, ווײַל פריִער איז געגאנגען א רייד וועגן דעם, כ'זאָל זײַן פּאָשעט א מיטארבעטער פון דער לאבאָראטאָריע. דעם שעף אירן קען איך — ס'איז דער „כאָסן", וועלכן איך האָב צום ערשטן מאָל געזען לעבן „דערזשפּאָטאָ" מיט זײַן יונגער פרוי. דאן האָט ער אף מיר ניט געמאכט קיין געהויבענעם אײַנדרוק, אָבער פארנעמען זײַן אָרט בין איך גאָר קיין באלן ניט. איך האָב גענומען קאטעגאָריש זיך אָפּזאָגן פון דער שטעלע: כ'בין ניט קיין אָנפירער, גיכער — א קאבינעט־געלערנטער.

— הײַנטיקע קאבינעט־געלערנטע! — האָט סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש זיך צעלאכט. — דער הויפּט־טעאָרעטיקער פון קאָסמאָנאווטיק איז אויסגעבונדן מיט אלע זאוואָדן, דער אקאדעמיקער פּאטאָן איז בא אונדז אן אָפטער גאסט... מיר דוכט, איר טויגט זיך יאָ אויס פאר אזא ארבעט. צופיל באשיידנקײַט איז אויך ניט קיין מײַלע. דעם איצטיקן שעף פון דער רעלסן־לאבאָראטאָריע באאוולען מיר ניט, — האָט ער צוגעגעבן, גלײַך ווי ער וואָלט איבערגעלייענט מײַנע געדאנקען, — פארקערט, אויב כאָווער לעווין וויל, קאָן ער די נײַע שטעלע זײַנע האלטן אפילע פאר א העכערער.

— מיט אײַך צוזאמען וועט ארבעטן וויקטאָר פּעטראָוויטש אָלכאָוואָי, — האָט פאָרגעזעצט סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש, — איר האָט, מיסטאמע, געהערט וועגן אים. ער שרײַבט א דיסערטאציע. פארעכנט איז ער אין שטאט פון דער לאבאָראטאָריע. ביכלאל האָבן בא אײַך זיך צוזאמענגענומען גאָלדענע כעוורע.

צוזאמען מיט סטעפּאַן אַלעקסאַנדראָוויטשן און מיטן הויפּט־אינזשע־ניער בין איך אוועק צום נײַעם וואַלץ־געשטעל. איבערמאָרגן, צוועלף באַטאַג, וועט דער סעקרעטאַר פֿון געגנטלעכן פּאַרטיי־קאָמיטעט אָדער אַן אַנדער פֿאַראַנטוואָרטלעכער טוער איבערשנײַדן מיט א שערל די סטענגעס לעבן דעם נײַעם אַגרעגאַט, און ס'וועט אָנהייבן רוישן און פֿײַערן, ס'וועט שפּילן מוזיק, און ס'וועלן זײַן אַפּלאָדיסמענטן. דערווײַל אָבער האָט מען יעדעס מאָל געפֿונען א נײַע צאָרע: דאָ איז ניט קעשורע, דאָרטן איז ניט אין אָרדענונג. ווידער קאָנטראָלירט, אָפּסנײַ געפּרוּווט. צוזאַמען מיט נאָך אינזשעניערן האָב איך זיך פֿאַרנומען מיטן פּולט, און ס'האָט מיך געפֿרייט, וואָס אַרבעט וועט סטײַען אַף א גאַנצער נאַכט.

אין צעך האָב איך געטראָפֿן מײַן שאָכן, דעם מאָנטאַזשניק באַראַבײַ־שעוו. זײַן אַרבעט האָט ער אָפּגעטאָן, נאָר רויִק איז ער ניט געווען. ער האָט זיך אומגעדרייט אין צעך מיט זײַן גאַנצער בריגאַדע, דאָס הייסט מיט דער מישפּאָכע — דרײַ זין, דרײַ טעכטער און אַן איידעם, וואָס אַרבעטן מיט אים צוזאַמען.

זײַן אַדאָפּטירטע טאָכטער, סימע, האָט געקוקט אין דער הייך צו די קראַנען, ווי וואַרטנדיק, מע זאָל זי א רוף טאָן צוהילף. און איך האָב בייסמײַסע זיך פֿאַרקוקט אַף איר.

אַהיים בין איך אוועק, ווען ס'האָט שוין געטאָגט. סטעפּאַן אַלעקסאַנ־דראָוויטש האָט מיר פֿאָרגעלייגט זײַן אויטאָמאָביל, נאָר מיר האָט זיך געוואָלט דורכגיין צופֿוס. ס'איז געווען א שטילער וואַרעמער באַגינען מיט א לויטערן הימל און א בליִענדיקער ערד. איך בין פֿאַוואָליע געגאַנ־גען פֿאַרבײַ דעם מאַרק־פּלאַץ, איבער די פּוסטע גאַסן, דערנאָך אַרײַן אינעם שטאָט־גאָרטן, ווו עס האָבן נאָך אַלץ שפּאַצירט יונגע פּאָרלעך. דער פּאַרק פֿאַרענדיקט זיך בא אַן אָפּריס, פֿונוואַנען עס זעט זיך דער יאַם. דאָ, בא דער באַלוסטראַדע, שטייען, ווי אַמאָל, אין א האַלב־קרײַז גרינע בענק. עמעס, איצט ניט אַף אײַזערנע, נאָר אַף ברייטע בעטאָנענע פּיסלעך. וויפֿל מאָל זײַנען מיר דאָ געזעסן, איך מיט בראָניען, און גע־קוויקט זיך מיט דער פֿינקלענדיקער בלויער רויִקײַט, וואָס איז צעגאָסן אַרום און אַרום.

אייניקע האַלטן, אַז א גוטער זיקאָרן איז ניט אַזאַ גרויסע מײַלע. איך אָבער וויל אַלץ געדענקען. נאָר דאַן, ווען איך געדענק, פֿיל איך, אַז איך לעב.

1 מײַ.

הײַנט איז געווען אַן אויסטערליש שיינער טאָג, בעעמעס אַן ערשט־מײַיִקער. נאָך א צוואַנציקיאָריקן איבעררײַס בין איך אַף דער דעמאָנסטראַ־ציע ווידער געגאַנגען אין דער קאָלאָנע פֿון „יוזשסטאַל".

אָט פּאָרט לאַנגזאַם א פֿאַרפּוצטער לאַסט־אויטאָמאָביל, וואָס באַווײַזט די פּאַנאָראַם פֿון דעם זאַוואָד, ווי ער וועט אויסזען אין עטלעכע יאָר

ארום. אַף א צווייטער לאַסטמאַשין האָט מען געפּירט אַ מאָדעל פון אַ קאָסמישער שיף, אין וועלכער ס'איז געזעסן אַ פינף־זעקסיאָריק ייִנ־געלע, אַ קליין גאַגאַרינדל, ווען אַלע ייִנגלעך זײַנען געווים געווען שטאַרק מעקאַנע.

ווען מיר זײַנען דורכגעגאַנגען די בריק איבערן טײַך קאַלמיוס און אַרײַן אין די שטאָטישע גאַסן, איז די קאָלאָנע אַליין געוואָרן ענלעך צו אַ טײַך, וואָס פליסט צווישן דעם האַמוין אַף ביידע זײַטן גאַס. פּלוצעם האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז צווישן דער מענגע מענטשן זע איך אַזאַ נאָענט, טײַער געזיכט... עס האָט באַ מיר אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן דאָס האַרץ. די אופגעהויבענע הענט מיט די טראַנספּאַראַנטן האָבן גלײַך פאַר־שטעלט דאָס ליבע פּאָנעם, און איך האָב עס פאַרלאָרן. איך בין אַרויס־געלאָפן פון דער קאָלאָנע, געגומען זיך דורכשטופּן צווישן אוילעם צום טראָטואַר און קוקן אין אַלע זײַטן. אָבער וויפל איך האָב ניט געזוכט, האָב איך ניט געפונען.

איך האָב מער ניט געזען די יאָמטעוודיקע גאַס מיט די אָרקעסטערס, מיט די דופּטיקע בינטלעך פרילינגדיקע בלומען. אַן אַנדער קאָלאָנע, אַ טרויעריקע און פינצטערע, האָט אופגעטויכט אין די געדאַנקען. ווײַזט אויס, אַז איך האַלט שוין גאַנץ שמאָל, אויב ס'פאַרפאָלגן מיך האַליוצינאַ־ציעס. מע דאַרף, אומבאַדינגט דאַרף מען, זיך נעמען אין די הענט.

אין אָוונט איז צו מיר אַרײַנגעקומען פּאַוועל סערגייעוויטש באַראַ־בישעוו מיט דער פרוי. מיר ווינען אַ טיר קעגן אַ טיר. דאָס פּאָרפאָלק האָט אַזוי גענומען בעטן, כ'זאָל אַרײַנגיין צו זיי, אַז ס'איז ניט מעגלעך געווען זיך אָפּצוזאָגן. ער איז געווען אונטערן גלעזל, די גרינע אויגן האָבן געגלאַנצט. ווי טאָג פון נאַכט האָט ער זיך אונטערשיידט פונעם פאַרזאָרגטן, אויסגעשמירטן באַראַבישעוון, וואָס כ'האָב געזען אין צעך.

אין אַ ווײַלע אַרום בין איך שוין געזעסן באַ זיי אין עסצימער, באַ אַ שיין געדעקטן טיש. בײַס אַ יאָמטעוו טרינקט מען אין מײַן היימשטאָט, דוכט זיך מיר, צוויי מאָל אַזויפיל, וויפל אין אַנדערע שטעט. מע טרינקט פאַר די יאָמלײַט, וואָס זײַנען אין יאַם, און פאַר די טשוהון־ און שטאָל־גיסער, וואָס שטייען באַ די דאָמנעס און מאַרטענעס. איך האָב אויך געמאַכט צוויי מאָל אַ לעכאיִם און פאַרביסן מיט מעכײַעדיקער גע־וויאָנדזלטער טאַראַנקע, וואָס דער טאַם אירער ליגט באַ מיר אין מויל נאָך פון די קינדער־יאָרן. כ'געדענק, ווי מיר פלעגן אַף איר אַרופאַלן, ווען די מאַמע פלעגט זי ברענגען פונעם מאַרק.

מיר איז אויסגעקומען בײַזײַן אַף פאַרשיידענע סימכעס און באַנקעטן, נאָר אַזוי געמיטלעך האָב איך זיך לאַנג שוין ניט געפילט. סימע איז געזעסן לעבן מיר, און אין מײַן פאַרשיקערטן מויעך האָט זיך געפּלאָנ־טערט אַ געדאַנק, אַז דאָס איז מײַן טאָכטער.

די באַראַבישעווס זײַנען אודמורטן. סימע שיידט זיך פון זיי אונטער מיט איר לענגלעך פּאָנעם, מיטן שניט פון די אויגן. די צעפּ און די ברע־מען זײַנען באַ איר און באַ די איבעריקע באַראַבישעווס טעכטער פעך־שוואַרצע.

איך האָב אפילע געכאַפּט א טענצל. ווען איך האָב געטאַנצט מיט סי־מען, האָט זיך מיר פאַרדרייט דער קאָפּ און כ׳האָב געמוזט איבעררײַסן אינמיטן. סימע האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר מיט א מינע, ווי ניט איך, נאָר זי איז עס אזוי פאַרמאַטערט.

באַראַבישעוו האָט אַרויסגעצויגן דעם אונטערשטן שופלאָד פון דער שאַפע און אָנגעהויבן באַווײַזן זײַנע גראַמאַטעס און אָרדענס. איך בין אים ניט כוישעד, אז ער האָט עס געטאָן אף זיך אויסצופּײַנען. ווען ס׳איז גוט און יאָמטעוודיק אפן האַרצן, איז שטענדיק אזוי. א סאָלדאַט א פראָנ־טאָוויק ווײַזט זײַנע אָרדענס און מעדאַלן און דערקלערט דערבײַ: „אָט דאָס איז פאַר מאָסקווע״, „פאַר קורסק״, „פאַר בערלין״. באַראַבישעוו האָט אַרויסגענומען א לענין־אָרדען און מיט זײַן ניט ריין־רוסישער האַרט־לעכער אויסשפּראַך געזאָגט: „פאַר דער דאַמבע אין טשוסאָוואַיאַ״, א צווייטן אָרדען אוועקגעלייגט אף דער האַנט — „פאַרן אייוועלע אין ליסווע״, אָרדענס און מעדאַלן פאַר זלאַטאָוסט, טאַגיל, קוזנעצק. אף זײַנע ניט־גרויסע דלאָניעס האָט געפינקלט און שעמערירט דאָס גאַנצע לאַנד, אָן אַרומגעוואַקסנס מיט מעטאַלורגישע גיגאַנטן.

געווייגלעך שטעלט מען זיך פאָר, אז מאָנטאַזשניקעס, וואָס אַרבעטן העט הויך — „ווערכאָלאַזן״, זײַנען ווּקסיקע גיבוירים און שוין געוויס יונגע. באַראַבישעוו איז נידעריקער פון מיטלוווּקס, די האָר אפן קאָפּ — היפּשלעך גראָוו. „די אויגן שרעקן זיך, און די הענט טוען״, — ווערטלט זיך פּאַוועל סערגייעוויטש. דער דאָזיקער מענטש איז זײַן גאַנץ לעבן א וואַנדערער. פּערצן דאַמבעס אויסגעבויט. פּונקט אזויפיל מאַרטען־אויוונס. די גאַנצע מישפּאָכע זײַנע אַרבעט מיט אים אין איין בריגאַדע און וואַנ־דערט די גאַנצע צײַט צוזאַמען מיט אים.

דאָ איז ער געבליבן שטעקן, ווײַל ווי נאָר עס ווערט פאַרטיק איין אָביעקט, הייבט מען אָן בויען א צווייטן. אזוי לאַנג, זאָגט ער, האָט די בריגאַדע נאָך אין ערגעץ זיך ניט פאַרהאַלטן. די שטאָט געפעלט אים.

צום סאָף האָט ער מיר באַוויזן דעם דיפּלאָם פון א לאַורעאַט פון דער לענין־פּרעמיע. אינעם דיפּלאָם שטייט געשריבן: „פאַר פאַרפולקומען די מעטאָדן פון בויען דאַמבע־אויוונס אין סאָוועטנפאַרבאַנד״.

כ׳בין זיך מוידע: כ׳וואָלט זייער וועלן, אז מײַן נאָמען זאָל אויך אמאָל זײַן אַרײַנגעשריבן מיט גאָלדענע אויסיעס אין אזא דאָקומענט. פאַר־וואָס ווילט זיך עס מיר אזוי, ווייס איך אליין ניט. צו רום און קאָוועד בין איך גאַנץ גלײַכגילטיק, וועגן לאָרבער־קרענץ טרוימען געוויינלעך יונגעלײַט... וועלן דען אונדזערע אורייניקלעך וויסן וועגן דעם, וויפל געזונט עס האָט אונדז געקאָסט און וויפל נאַכעס עס האָט אונדז פאַר־שאַפט אפילע א קליינער דערפאָלג אין אזא וואָכעדיקער זאַך, ווי טערמיש פאַרהאַרטעווען רעלסן — די רעלסן, פון וועלכע ס׳וועט אין דער ווײַטער צוקונפט מיסטאַמע אף דער ערד קיין שפּור ניט בלײַבן. די דינע שטאָ־לענע פעדעם דאַרפן איצט אויסהאַלטן די לאַסט פון מעכטיקע לאָקאָמאָ־טיוון, הונדערטטאָניקע וואַגאָנעס, עקספּרעסן, וואָס לויפן מיט דער שנעל־קײַט פון הונדערט זעכציק קילאָמעטער א שאָ. איך טראָג זיך אַרום

מיט א געדאנק וועגן א נײַעם אויפֿן פֿון העכערן די שטאַנדהאַפֿטיקייט פֿון רעלסן, אָבער וועגן דעם איז נאָך פֿרי צו שרײַבן אַפֿילו אינעם טאָגבוך. א זאַך, וואָס ווערט אָנגעשריבן, פֿאַרלירט שוין איר נײַקייט, ווערט וואָכעדיקער. איך וויל דעם געדאַנק פֿאַרהיטן דערווײַל אין זײַן גאַנצער ערעוו־יאָמטעוודיקייט...

3 מײַ.

די ערשטע באַקאַנטשאַפֿט מיט די מיטאַרבעטער פֿון דער לאַבאָראַ־טאָריע האָב איך געשלאָסן דעם ערשטן מײַ אויף דער דעמאָנסטראַציע. הײַנט האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער וואָכעדיקע צוזאַמענאַרבעט.

די רעלסן־לאַבאָראַטאָריע געפֿינט זיך אין א נײַער געבײַדע אויפֿן צווייטן שטאָק. מיר פֿאַרנעמען א היפּשן זאַל, ווו אויסער א האַלבן טוץ טישן, זײַנען אָנגעשטעלט א סך פֿאַרשיידענע אַפּאַראַטן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש, ווו עס איז געזעסן דער פֿריִערדיקער שעף.

מײַן אַלטמאָדיש שפּיצעכיק בערדל, וואָס יעדעס מאָל, ווען איך גיי אַרײַן אין שערערײַ, וויל איך זיך שיידן מיט דעם, נאָר איך טו א טראַכט, אַז דאָס פּאָנעם וועט עפּעס ווערן צו נאַקעט, און גיב א מורמל: „עטוואָס אונטערקירצן", קירצט מען אַזוי לאַנג, ביז עס בלײַבן דרײַ הערלעך; דער געוויסער פֿאַרזאָרגטער, טרויעריקער קוק פֿון מײַנע אויגן, וואָס מיר אַליין ווערט פֿון אים קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן, ווען כ'זע זיך אין שפּיגל; לעסאָף, די געוווינשאַפֿט, וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט די לעצטע צײַט: ריידן מיט זיך אַליין, — דאָס אַלץ מאַכט אויף אומבאַקאַנטע ניט גאָר קיין פֿויגלדיקן אײַנדרוק. עס דאַרף דורכגיין א שטיקל צײַט, ביז מע נעמט מיך האַלטן פֿאַר בישקאָשע פֿון א מענטשן.

מיט א קליינעם קאָלעקטיוו איז פּונקט אַזוי שווער אָנצופֿירן, ווי מיט א גרויסן. אַלע נאַטשאַלניקעס ווייסן עס שוין מיסטאַמע פֿון לאַנג. איך האָב וועגן דעם א קלערער געטאָן נאָר איצט. יעדן מיטאַרבעטער קען מען, ווי זיך אַליין. ס'איז גרינג זיך אונטערצוגעבן סוביעקטיווע סימפּאַטיעס, אַנטיפּאַטיעס...

כוץ מיר, אַרבעטן אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿיר באָכערים און צוויי פֿרויען.

גלײַך פֿון ערשטן קוק איז מיר זייער געפֿעלן סערגיי סובאָטין. ס'איז א פֿאַרגעניגן צו קוקן, ווי ער מײַסטרעוועט א מאָדעל. סובאָטין האָט מיך אײַנגעלאַדן צו זיך אַהיים. ער וויל ווײַזן א זאַך, וואָס געהערט זיך ניט אָן דירעקט צום טעמאַטישן פּלאַן פֿון דער לאַבאָראַטאָריע.

ניט צעקײַט האָב איך דערווײַל דעם אַנדערן קאָלעגע, וועלכן מע רופֿט מיטיע. די מינוטן, וואָס מיטיע זיצט באַם טיש, איז ער פֿאַרטאָן אין די געדאַנקען, די פֿינגער רײַבן דעם נידעריקן שטערן, דערנאָך שפּרינגט ער אויף און נעמט אַרומגיין איבערן זאַל פֿון טיש צו טיש, רעדט און שטערט אַרבעטן, שנײַדט די אויגן מיט זײַן אויבערהעמדל, וואָס איז אינגאַנצן אויסגעמוסטערט מיט בונטע קוואַדראַטלעך, ראָמבן און אַנדערע

געאָמעטרישע פיגורן. זײַנע באַליבטע ווערטער זײַנען „אָטליטשנאָ" און „בעזוסלאָוונאָ"[1].

ווײַזט אויס, דער יעיצערהאָרע וויל גלײַך פון אָנהייב מיך אויספּרוּוון, אונטערשטעלן א פּיסל. אנטקעגן מיר זיצט דאָרע בינדער. זי נעמט אויס מיט דער שטילער, מעיושעוודיקער שיינקײַט פון א פרוי, בא וועלכער די יוגנט איז שוין פאַרבײַ, נאָר צו דער עלטער איז נאָך ווײַט. דאָרע שטייט אָנגעבויגן איבערן וואַטמאַן־פּאַפּיר: כ'זע די אייבערשטע העלפט פונעם פּאָנעם, די קליינע אויערן מיט די אוירינגלעך. דער שטערן איז גלאַט, בלויז אראָפּצו, אין דער קליינער פאַרטיפונג צווישן די ברעמען נעמען זיך צונויף א פּאָר קנייטשעלעך. לויט דער רוּיִקײַט, מיט וועלכער דאָרע מעקט אלע ווײַלע מיט דער גומקע, איז צו זען, אז זי פאַרמאָגט א יאַם געדולד. געדולד איז א מײַלע. נאָך מיטיעס געאָמעטריש אויבערהעמדל רוען אָפּ די אויגן אף דאָרעס ווײַסן קאָפּטל.

כ'האָב א שלעכטע טעווע — גלײַך ווערן אנציקט און דערנאָך פּונקט אזוי שנעל זיך אנטוישן.

די יאָרן גייען. הונדערטער טויזנטער מענטשן, בא וועלכע עס זײַנען אומגעקומען די מישפּאָכעס, האָבן אויסגעבויט א נײַ לעבן. איך וואַנדער נאָך אלץ איבער די רוּיִנען. אף וואָס האָף איך און אף וואָס וואַרט איך? איך כאָלעם וועגן א ליבע, וואָס זאָל זײַן אזוי ריין און שיין, ווי מײַן ערשטע ליבע. איז עס דען מעגלעך? איז עס ניט קיין פּוסטע פאַנטאַזיע, ווי די האָפענונג צו געפינען מײַן טאָכטער? אָבער קיין אנדער ליבע דאַרף איך ניט, און די מינדסטע האָפענונג איז גוט דערמיט, וואָס זי איז געווענדט אין דער צוקונפט, ניט אין דער פאַרגאַנגענהײַט.

א פּאָר מאָל האָב איך געפילט אף זיך דאָרעס בליק. ס'איז ניט מער, ווי נײַגעריקײַט צו א פרישן מענטשן. פון די אנדערע לאַבאָראַטאָריעס האָט מען אויך געהאַלטן אין איין אַרײַנקומען צו אונדז, יעדערער האָט געכאַפּט א קוק אף מיר.

עס איז אַרײַנגעקומען דער פריִערדיקער שעף, וועלכן איך רוף נאָך אלץ פאַר זיך „דער כאָסן". ער הייסט נאַטאַן סאַמוילאָוויטש לעווין. הײַנט האָבן מיר „אָפיציִעל" זיך באַקאַנט און זיך געדריקט די הענט. ער האַלט זיך גרויסלעך. ווײַזט אויס, דער ציל פון זײַן באַזוך איז געווען צו דערציילן, אז אף דער נײַער אַרבעט איז אים בעסער, ער קריגט מער געהאַלט, אויסער דעם גיט מען דאָרט שטענדיק פּרעמיעס, בײַס דאָ פּרעמירט מען נאָר צו א יאָמטעוו. ער האָט גערעדט הויך, אלע זאָלן הערן. אַפּאָנעם, אין האַרצן פאַרדריסט אים די מײַסע, וואָס מע האָט אים פונדאַנען צוגענומען, און איך פיל אויך א שטיקל פאַרלעגנהײַט. מיר האָט זיך געוואָלט פרעגן בא אים, וואָס מאַכט זײַן יונגע פרוי.

אומגעריכט האָט ער מיר אַײַנגערוימט אין אויער אף מאַמעלאָשן:

— אונדזערע ייִדעלעך...

[1] „אויסגעצייכנט" און „אומבאַדינגט".

גאָרניט אף דער וועלט האָב איך אזוי ניט פײַנט און קאָן ניט פאַרלײַדן, ווי דאָס דאָזיקע „אונדזערע ייִדעלעך”. ווען מע דערציילט מיר וועגן א מישפּעט איבער א ייִדן א גאַנעוו, וואָס האָט געשלעפּט סכוירע פון ארטעל, א ספּעקוליאַנט, וואָס האָט איבערפאַרקויפט זאכן, א וואַליוטשיק, וואָס האָט געהאנדלט מיט גאָלד, און מע גיט דערבײַ צו „אונדזערע ייִדעלעך”, מאכט מען מיך פאר א שוטעף צו די נישטיקע נעפאַשעס, וואָס האָבן ניט קיין שום שײַכעס צום פאָלק, צו די מיליאָנען קדוישים, וואָס ליגן אין די ברודער־קוואָרים, און צו די מיליאָנען לעבעדיקע, וואָס מיִען זיך טרײַ און ערלעך.

— זאָגט מיר, ביטע, וואָס האָט איר געמיינט מיט „אונדזערע ייִדעלעך”? — האָב איך געפרעגט בא לעווינען.

— איר דאבערט אף ייִדיש? — האָט ער זיך אָנגעבויגן צו מיר ווידער מיט א שעפּטשערײַ.

— איך דאבער ניט, איך רייד, — בין איך געוואָרן אלץ מער אופגעבראכט.

— איך האָב ניט געוווּסט, אז איר זײַט אזא היציקער, — איז ער אַפּגיך אָפּגעגאנגען פון מיר.

סאָף טאָג האָבן זיך אלע אוועקגעזעצט לעבן מײַן טיש און מיר האָבן דורכגעפירט א בעראטונג וועגן דעם פּערספּעקטיוו־פּלאן פון אונדזער לאַבאָראטאָריע. איך האָב זיך באמיט צו ריידן קאָנקרעט, זאכלעך, נאָר פונדעסטוועגן א ביסל פארפאָרן אין א זײַט, פארגעסן, אז איך פיר ניט קיין סעמינאר מיט יונגע סטודענטן. מײַן יוגנט איז אדורך אין די יאָרן פון ערשטן פינפיאָר. די קעסלגרוב פארן פונדאמענט פון דער ערשטער דאָמנע, וואָס קוקט אף אונדז דורך די פענצטער פון דער לאבאָראטאָריע, האָב איך געגראָבן מיט א לאָפּעטע, די ערד האָט מען ארויסגעפירט אף פורלעך. גייענדיק אין גאָרקיך נאָכן ביסל שיטערן זופּ און הירזשענער קאשע, פלעג איך קוים זיך אײַנהאלטן ניט אײַנצושלינגען באם ווארמעס דעם כיילעק ברויט, וואָס האָט געדארפט קלעקן אפן גאנצן טאָג...

מײַן גאנץ לאנגע רעדע האָט פאר די זעקס געציילטע מענטשן געקלונגען צו פּאטעטיש, און איך האָב מיסטאמע אויסגעזען א ביסל קאָמיש.

סערגיי סובאָטין האָט מיך געהערט, — די הענט אף די קני, פארקלאַמערט א פינגער אין א פינגער. אזוי, ווײַזט אויס, רוט ער אמבעסטן אָפּ. מיטיע האָט געצייכנט מענטשעלעך אף א בלעטל פּאפּיר. א פּאָר מאָל האָט ער מיך איבערגעשלאָגן און מיט זײַן ווייכן טענאָר ארויסגעבראכט: „בעזוסלאָוונאָ”. דאָרע האָט די גאנצע צײַט געקוקט אף מיר, נאָר ווען כ׳פלעג אף א רעגע אנשוויגן ווערן, זוכנדיק דאָס פּאסיקע וואָרט, פלעגט זי אראָפּלאָזן די אויגן, פּונקט ווי זי וואָלט מוירע געהאט, אז כ׳וועל באלד ארײַנבראָקן א נארישקײַט.

נאָך דער זיצונג איז דאָרע צוגעגאנגען צו מיר און געזאָגט, אז מאָרגן וועט זי קומען אף דער ארבעט שפּעטער, זי דארף ארויסרופן א דאָקטער צו איר מוטער.

איך טראַכט וועגן דעם, אַז אין די נאָענטסטע פּאָר וואָכן וואָלט איך באַדאַרפֿט זײַן בײַ אַלע מײַנע מיטאַרבעטער אין דער היים. כ׳וויל אָבער ניט, עס זאָל טראָגן דעם כאַראַקטער פֿון אָפֿיציעלע וויזיטן. בעסער פֿון אַלץ איז קלוימערשט צופֿעליק אַרײַנגיין. כ׳זאָל זיך ניט שעמען, וואָלט איך צו דאָרען אַרײַן נאָך הײַנט...

6 מײַ.

ווען אינעם צימער זײַנען אַלע טישלעך פֿאַרנומען און נאָר איינס איז פֿרײַ, וואַרפֿט זיך אין די אויגן גראָד דאָס דאָזיקע פּוסטע טישל. דאָרע קומט ניט דעם דריטן טאָג. סערגיי סובאָטין האָט מיר איבערגעגעבן פֿון איר אַ צעטעלע. זי שרײַבט, אַז זי האָט ניט אויף וועמען איבערצולאָזן די קראַנקע מוטער. דאָס צעטעלע האָב איך אַרײַנגעלייגט אין טײַסטער. צוליב וואָס? ניט אומזיסט זאָגט מען: אַ באָרד איז אויסגעוואַקסן און קיין סייכל איז ניט צוגעקומען.

וואָס פֿאַרא געדאַנקען קריכן ניט אַ מענטשן אין קאָפּ אַרײַן! אָקאָרשט האָב איך געבראָכן דעם מויעך איבער אַ קאָמפּליצירטער מאַטעמאַטישער פֿאָרמולע, פֿיבערהאַפֿט געזוכט אַ נײַעם קער און ווענד אין אַ וויכטיקער קאָנסטרוקציע, און אָט טראַכט איך שוין גאָר וועגן עפּעס אַנדערש, שיידים ווייסן וועגן וואָס. ווײַזט אויס, דער מויעך דאַרף אויך האָבן אַ שפּאַ־רונקעלע, אַ מין פּאַפּענס ווענטיל, וואָס לאָזט אַרויס פֿונעם קעסל דעם איבעריקן דאַמף.

עטלעכע מאָל האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ווען איך טו אַ טראַכט וועגן דאָרען, קומט מיר גלײַך אַרויף אויפֿן זינען סערגיי סובאָטין. נעכטן נאָך דער אַרבעט האָב איך אים פֿאָרגעלייגט, מיר זאָלן ביידע צוגיין צו דאָרען אַהיים. ער האָט זיך פֿאַרלוירן, אַפֿילו פֿאַרויטלט זיך, הײַנט האָט ער געבראַכט פֿון איר דאָס צעטעלע... כ׳דערמאָן זיך, אַז דעם ערשטן טאָג האָב איך געזען, ווי ער האָט געדולדיק געוואַרט אויף דאָרען, קעדיי צוזאַמען מיט איר גיין עסן מיטיק. אָבער וואָס אינטערעסירט עס מיך? כ׳קלײַב זיך ניט פֿאַרליבן, ווי אַ יינגל, פֿירן ראָמאַנען מיט די מיטאַרבעטערנס. סובאָטינען סימפּאַטיזיר איך פֿון דער ערשטער מינוט אָן. אויב ס׳איז בײַ זיי ביידן אַן עמעסע ליבע, איז זייער גוט. איך האָב אָנגעשריבן די ווער־טער „זייער גוט״ און טראַכט איצט, צי איז עס אופֿריכטיק? נו, גענוג וועגן דעם.

אין אָוונט בין איך געווען אין מעטאַלורגישן אינסטיטוט, וווּ מײַן אַל־טער באַקאַנטער, דער געוועזענער שעף פֿונעם וואַלץ־צעך וויקטאָר פּעט־ראָוויטש אַלכאָוואָי האָט פֿאַרטיידיקט זײַן דיסערטאַציע. איך בין בײַגעווען אין מאָסקווע אויף צענדליקער פֿאַרטיידיקונגען פֿון דיסערטאַציעס, נאָר אויף אַזאַ, ווי די הײַנטיקע, איז מיר אויסגעקומען צו זײַן דאָס ערשטע מאָל.

כ׳ווייס ניט, צי דאָס איז געווען אַ מײַלע, נאָר די גרעסטע אַודיטאָ־ריע פֿון אינסטיטוט איז געווען געפּאַקט. אַ היפּשע צאָל מענטשן זײַנען אַראָפּגעקומען פֿון אַנדערע שטעט. ס׳זײַנען געווען קאָרעספּאָנדענטן, ס׳האָבן געלויכטן די פּראָזשעקטאָרס פֿון דער קינאָ־כראָניק.

וויקטאָר פּעטראָוויטש איז די שוואַרצע ברילן און אין בלויען אָנצוג, וועלכן כ'האָב געזען אויף אים פֿאַראַיאָרן, האָט זיך קענטיק נערווירט. ער האָט ניט געזען און א ביסל פֿאַרלוירן געענטפֿערט אויף די באַגריסונגען פֿון אייניקע אומגעדולדיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך צוגעאײַלט אים באַגריסן פֿאַר דער צײַט. אין זאַל איז געווען פֿײַערלעך און יאָמטעוודיק. ס'האָט זיך ניט געבונדן מיט דער פֿאַרשטייענדיקער ערנסטער, אַלזײַטיקער באַהאַנדלונג פֿון א וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט. ס'איז מיר שווער געווען זיך פֿאָרצושטעלן, וויאַזוי ס'וועלן באַ אַזאַ געהויבענער שטימונג דורכגיין די דעבאַטן. אויף א סאַך פּנעמער האָט מען געקאָנט איבערלייענען די מיינונג, אַז ווי שוואַך די דיסערטאַציע זאָל ניט זײַן, וועט קיין איין מיטגליד פֿונעם ראַט ניט וואַגן אַרײַנצוואַרפֿן א „שוואַרצע קויל". וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט געוויס געפֿילט די פֿײַערלעכע אַטמאָספֿער, און דאָס האָט אים פֿאַרשאַפֿט אַגמעסנפּעש.

אַלכאָוואָיס דיסערטאַציע איז א דיק בוך, דערווײַל נאָר אָפּגעדרוקט אויף דער מאַשינקע אין צוויי עקזעמפּליאַרן. צום סאָף פֿונעם בוך איז אָנגעגעבן א צעטל פֿון ליטעראַטור, מיט וועלכער דער אַוטאָר האָט זיך גענוצט. די רעשימע אַנטהאַלט העכער הונדערט נעמען. דעם דאָזיקן באַרג ביכער האָט אַלכאָוואָיען געלייענט די פּרוי זײַנע, נאַטאַליע איוואַנאָוונע, ער האָט דאָס אַלץ ניט בלויז געדאַרפֿט פֿאַרגעדענקען, נאָר אַנאַליזירן און מאַכן פֿון דעם אויספֿירן.

איך האָב געלייענט די דיסערטאַציע. פֿאַראַן אייניקע שוואַכע ערטער, אומקלאָרקײַטן, אָבער אַזאַ אַרבעט — האַלעווײַ אויף אַלע זעעוודיקע געזאָגט געוואָרן.

די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן, און איך האָב פֿאַרגעסן וועגן אַלע מײַנע ספּייקעס בענעגייע דער שטימונג, דער אַטמאָספֿער, וואָס הערשט אין זאַל. איצט האָט זיך מיר שוין גאָר ניט געדוכט, אַז די באַגײַסטערונג, דער יאָמטעוו, די דערהויבנקײַט זײַנען איבעריק. ס'איז טאַקע געווען א יאָמטעוו, א טריומף פֿון מענטשלעכן געדאַנק און ווילן. וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט פֿון אָנהייב שטיל, מיט א ציטערנדיקער שטים, דערנאָך הויך, מיט א פֿעסט, זיכער קאָל געגומען דערציילן וועגן די רעזולטאַטן פֿון זײַנע אויספֿאָרשונגען. אָפּערירט דערבײַ מיט א סאַך זייער קאָמפּליצירטע פֿאָרמולעס, מיט פֿאַרשיידענע אָנגאַבן און מיט די אַנאַליזן פֿון אַריבער פֿופֿציק עקספּערימענטאַלע שמעלצונגען, וועלכע ער האָט דורכגעפֿירט אין מאַרטען־צעך.

דער אָפֿיציעלער אָפּאָנענט, א כאַשעווער פּראָפֿעסאָר, האָט געשײַנט. ער האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן און האָט ניט אָנגעוויזן אויף קיין איין כיסאָרן. זײַן אַרויסטרעטונג איז געווען הויכער לויבגעזאַנג. דאָס האָט א ביסל אָפּגעשוואַכט דעם אַלגעמיינעם אײַנדרוק. אָבער גאַנץ מעגלעך, אַז ווען איך זאָל זײַן דער אָפּאָנענט, וואָלט זיך באַ מיר אויך ניט געעפֿנט דאָס מויל אָנצוווײַזן אויף די שוואַכערע שטעלן. סאָפֿקאָלסאָף איז ניט פֿאַראַן אַזאַ ווערטפֿולער שטיין, וועלכן מע זאָל שוין מער ניט דאַרפֿן און ניט קאָנען שלײַפֿן.

וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט לויט דער אַלטער געוווינשאַפט געווישט די ברילן, האַלטנדיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן. נאָר איין מאָל, אַף איין רעגע, האָט ער אופגעהויבן די אויסגעברענטע לעכער, ווי ער וואָלט וועלן מאַכן פאַר מעגלעך דאָס אומעגלעכע און אַ קוק טאָן אָפן זאַל.

שפּעט אין אָוונט האָט מען געמאָלדן, אַז וו. פּ. אָלכאָוואָי האָט באַקומען דעם טיטל קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן. צענדליקער מענטשן האָבן זיך דורכגעשלאָגן צו וויקטאָר פּעטראָוויטשן, קעדיי אַ דריק טאָן די האַנט אים און זיין פרוי. נאַטאַליע איוואַנאָוונע איז געשטאַנען האַרט לעבן אים. אַלע איבערלעבונגען, אַלע פריידן און אַלע ליידן פון איר מאַן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אַף איר אויסגעמאַטערט פּאָנעם. אין די אויגן זיינען געשטאַנען טרערן.

איך האָב זיך אויך דורכגעשטופּט און באַגריסט מיין פריינט. כ׳האָב שוין געוואָלט אוועקגיין, נאָר וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט אַ מאַך געטאָן צו מיר מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט מיך וועלן פאַרהאַלטן. מיר האָבן זיך ביידע פאַרשטאַנען, זיך אַרומגענומען און צעקושט.

מאָרגן וועל איך אומבאַדינגט באַ אים זיין. מיר האָבן וועגן וואָס צו ריידן.

פונעם אינסטיטוט בין איך, ווי מיין טעווע איז, אוועק צופוס. איך בין געגאַנגען איבער דער גאַס, ווו עס וווינט הירשל גוטיס. די פענצטער פון זיין שטיבל האָבן געלויכטן, און ס׳האָט זיך מיר געוואָלט אַריינגיין, נאָר ס׳איז שוין געווען שפּעט, און כ׳האָב בלויז זיך צוגעזעצט אַף דער באַנק לעבן דער קאַליטקע. דערנאָך אונטערגעיאָגט דורכן פייכטן יאַם־ווינט, וואָס האָט מיר געבלאָזן אין רוקן, האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים.

7 מײַ.

היינט איז זונטיק. די שטאָט רוט, נאָר די רו איז אַ פאַרשטערטע. לאַנגזאַם טראָגט זיך פון גאַנצפרי טרויעריקע מוזיק — דער אָרקעסטער פון „יוזשסטאַל״ שפּילט מאָצאַרטס „רעקוויעם״.

אינעם היינטיקן נומער „זאַ מעטאַל״ איז אָפּגעדרוקט אַ ידיעה וועגן דעם אומקום פון דעם יונגן אַרבעטער פון „יוזשסטאַל״ דעם דרוזשיניק יעפים כאַיט. דעם באָכער האָב איך ערשט אייערנעכטן געזען אינעם עקספּערימענטאַלן צעך, כ׳האָב אים באַוויזן די צייכענונג פון איינער אַ דעטאַל פאַר אונדזער לאַבאָראַטאָריע, דערנאָך בין איך אַ ווײַלע געשטאַנען לעבן אים און צוגעקוקט, ווי ער אַרבעט. אַן אַכצן־ניינצניאָריקער כעווראָמאַן מיט ווייסע ברעמען, מיט אַ העלן פוך, וואָס באַשאָטנט די אייבערשטע ליפּ. ער האָט מיר געזאָגט, אַז פאַראַיאָרן האָט ער פאַרענדיקט צען קלאַסן און רעכנט לערנען ווײַטער אין אינסטיטוט.

איצט ליגט ער אַ טויטער אין קולטור־פּאַלאַץ פון די מעטאַלורגן אַף דער לענין־גאַס.

די טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין קאַפּע אָפן ברעג יאַם באַם האָפן. דערשטאָכן האָט אים אַ צעבושעוועטער כוליגאַן, וועלכן די דרוזשי־

ניקעס האָבן געפּרוּווט פאַרהאַלטן. דאָס באַכערל איז אין שפּיטאָל אויס־געגאַנגען, ניט קומענדיק אַפילו צום באַוווּסטזײַן.

אַף א לאַסטמאַשין לעבן קולטור־פּאַלאַץ שטייט א זילבערנע פּיראַמידע. אין איר איז אײַנגעפאַסט יעפּימס פאָטאָגראַפיע. ס'איז א העלער, זוניקער טאָג, און אַף דעם באַכערס פּאָנעם שײַנט א ליכטיקער אויסגוס פון שטראַלן. ווען עס לויפט אָן א וואָלקן, וואַרפן זיך פריִער פאַר אַלץ אין די אויגן די ווײַסע ברעמען, ווי אויסגעבערעגטע אַף דער זון. אונטערן פאָרטרעט איז אויסגעקריצט דער נאָמען און צוויי דאַטעס מיט אַן אינ־טערוואַל צווישן זיי פון נײַנצן יאָר.

דורך דער טיר פון קולטור־פּאַלאַץ פליסט אַן אומענדלעכע קאָלאָנע, אָן א ברעג און סאָף.

איך קוק אַף יעפּימס פאָטער — יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש, וואָס שטייט צוקאָפּנס פונעם אָרן. פאַר איין טאָג איז ער געוואָרן א זאַקן, דער קאָפּ — אַראָפּגעלאָזט, די אויגן — געשלאָסן. אָט עפנט ער זיי, טוט מיטן גאַנצן גוף א ציטער, ווי ער וואָלט וועלן פון די אײַנגעבויגענע פּלייצעס אַראָפּטרייסלען א שווערע אומגעהייערע לאַסט, און מיט א פאַרשטיקטער כליפּערײַ פאַרמאַכט ער ווידער די אויגן.

דער אַלטער בעסוילעם האָט אַמאָל זיך געפונען ווײַט הינטער דער שטאָט, הינטער די ווינטמילן. פון די מילן מיט די הילצערנע פליגל איז שוין לאַנג קיין זייכער ניטאָ. איצט קאָן מען צום בעסוילעם צופאָרן מיטן טראַמווײַ. עס פירט אַהין א גלײַכע גאַס מיט הויכע מויערן. א קליינע לאָנקע איז די מעכיצע צווישן די לעבעדיקע און טויטע.

דער שוימער — א קרעפּטיקער ייִד מיט רויט־אָנגעשפּיקעוועטע באַקן — האָט געפאַרבט די אײַזערנע שטאַכעטן אַרום א קייווער. לעבן אים איז געשטאַנען א פרוי, וואָס האָט, אַפּאָנעם, שוין באַוויזן גוט זיך אויסוויינען אַפן בערגל ערד. זי האָט געקוקט אַף דער אַרבעט פונעם מאַליער און מיט א הייזעריקער געבראָכענער שטים אים געבעטן, ער זאָל זיך נאָכאַמאָל דורכגיין מיטן פּענדזל.

נאָך דעם, ווי מע האָט מעקאַבער געווען יעפּים כאַיִטן, בין איך אוועק צום אָרט, וווּ עס זײַנען געווען די קוואָרים פון מײַנע עלטערן. כ'האָב זיי ניט געפונען. די געוויקסן האָבן זיך אַזוי איבערגעפלאָכטן איינער מיטן צווייטן, אַז עס איז שווער געפינען א סימען פון א בערגל.

א טויט־מידער האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים. עס האָט מיר גע־שווינדלט אין קאָפּ, ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז דאָס האָב איך הײַנט גע־בראַכט צו קווורע מײַן טאַטער. איך האָב געטראַכט וועגן דעם, אַז וויניציק ווער פון מײַן דאָר, פון די, וואָס זײַנען די ערשטע אַוועק אַף דער מילכאָמע, איז געשטאָרבן מיט זײַן נאַטירלעכן טויט.

פאַרנאַכט האָב איך זיך געלאָזט גיין צו כאַיִטן מענאַכעם־אָוול זײַן.

אין דער טיר האָט מען ניט געדאַרפט אָנקלאַפּן, זי איז געשטאַנען אָפן. אין צימער איז געווען היפּשלעך מענטשן, מע איז אַרײַן שוועײַגנדיק, גע־שטאַנען א ביסל און אַרויס. כאַיִטס שוועגערן האָט געהאָלפן די פאַרשלאָ־פענע קינדער, צוויי קליינע ייִנגעלעך, זיך אויסטאָן און האָט זיי, קושנדיק

און גלעטנדיק, ארײַנגעלייגט אין די בעטלעך. יאַקאָוו מיכײַלאָוויטשעס ווײַב איז געזעסן אַפֿן דיוואַן, ארומגערינגלט מיט פּרויען. ער אליין איז ארומגעגאנגען פֿון ווינקל צו ווינקל און יעדעס מאָל זיך אָנגעשטויסן אַף אַן אנדער זאַך, וואָס האָט אים באַנײַס אָפּגעבריט מיט פרישער דער־מאָנונג.

— בייס ער איז געווען א קליינער, האָט ער ליב געהאַט צושפּיליען צום העמדל מײַנע מעדאלן. איך פּלעג הייסן זיי גלײַך אראָפּנעמען, ווײַל דאָס זײַנען ניט קיין שפּילכלעך, איך האָב א סאַך מאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן, און מיך האָט דער מאַלעכהאַמאָוועס געשוינט...

כאָיט האָט נערוועז עפּעס גענומען זוכן צווישן א בארג העפטן. ענדלעך געפונען און מיט ציטערנדיקע פינגער מיר דערלאַנגט אַן אויפגעמישט העפט.

— טוט נאָר א לייען, וואָס דאָס ייִנגל האָט אין צענטן קלאַס געשריבן.

„איך וויל זײַן ענלעך אַף זייער א סאַך מענטשן. כ׳וויל קענען שפּראַכן, ווי דער אַקאַדעמיקער מאַר, פיזיק — ווי דער אַקאַדעמיקער יאָפע. כ׳וויל לויפן, ווי וולאַדימיר קוץ, און קענען די גאנצע וועלט, ווי דער אַקאַדעמיקער אָפּאַרין. אָבער דאָס איז דאָך אומעגלעך, ווײַל איך כאָטש זײַן ענלעך אַף איין מענטשן — אַף מײַן טאַטן״.

איך האָב עס איבערגעלייענט, און א הארט קנײַלכל האָט פון סאַמע הארצן זיך אופגעהויבן און געבליבן שטעקן אין האַלדז.

און נאָכאַמאָל האָב איך זיך פאַרטראַכט וועגן מײַן טאָכטער. פון איר איז ניט געבליבן קיין שום אָנדענק. כ׳ווייס ניט, אַף וועמען זי האָט גע־וואָלט זײַן און אַף וועמען זי איז געווען ענלעך...

9 מײַ.

טיפע נאכט. דאָס גרויסע הויז איז אײַנגעהילט אין רו און שטילקײַט. בלויז פון איין זײַט — פון דער דאָרעמדיקער, ווו עס געפינט זיך דער זאַוואָד, דערגרייט אהער א טויבלעך גערודער. דער וועכטער פונעם מאַגאַזין מאַטערט זיך, ווײַל בײַקומען דעם דרעמל, וואָס באַפאַלט אים אין אָט דער שפּעט־נאכטיקער שאָ, ערעוו באַגינען. א פאַרצײַטיק לאָקאָמאָטיוול — די „קוקושקע״, וואָס וויל נאָך אַלץ לעבן אַף דער וועלט, וואַרט יעדעס מאָל א ביסל אויס, ביז די אויגן באַם וועכטער שליסן זיך, און דאַן גיט עס א הילכיקן פײַף: „שלאָף ניט״.

אינעם הויכן הימל צייכענען זיך די סילועטן פון די זאַוואָדישע קאָרפּוסן. די פאַרטאָגיקע גרויקײַט האָט אײַנגעהילט דעם קוימען פון דער עלעקטראָסטאַנציע, א שאָטן ליגט אַף דער טומבע, וואָס איז באַקלעפּט מיט מעלדונגען און אַפישעס.

פריִער פאַר אַלץ דערזעט מען דעם קאַיאָר אַף די יונגע, ניט לאַנג פאַרזעצטע ביימלעך אינעם סקווער. זיי שאָקלען מיט די דינע שטאַמען און ס׳ציטערט אַף זיי יעדער בלעטעלע. די פירשטאָקיקע מויערן זעען אויס גרינג און איידל, די קאַרניזן אַף דער מיזרעך־זײַט ווערן ליכטיק. באַלד וועט זיך באַווײַזן אַף זיי דער ערשטער זונענשטראַל.

קורץ זײַנען די מײַ־נעכט. איך דערמאָן זיך דעם ערשטן שאָלעם־באַגינען, דעם ערשטן פרידלעכן פרימאָרגן, די זאַלפּן לעקאָוועד דעם ניצאָכן, דאָס אויסגעטראָגענע, אויסגעליטענע, אויסגעוואַרעמטע און אויסגעטרוימטע, בלוטיק־פאַרהאָרעוועטע וואָרט „פּאָבעדאַ“, וואָס האָט זיך דורכגעקײַקלט איבערן ערדקײַלעך מער ווי מיט אָנדערהאַלבן צענדליק יאָר צוריק.

נאָך דער מילכאָמע האָב איך ניט ווינציק דערגרייכט. איך זאָל נאָר קאָנען אײַנשלאָפן און נאָכן אופכאַפּן זיך דערזען אַ לעבעדיקע די טאָכטער! אַזוי ווינציק און אַזוי פיל דאַרף אַ מענטש, ער זאָל זיך פילן גליקלעך.

לעקאָוועד יאָמטעוו האָב איך הײַנט זיך אויסגעקליבן צו מײַן אַלטן באַקאַנטן, מיט וועלכן, זינט כ׳בין געקומען צו פאָרן, גריס איך זיך נאָר פונדערווײַטנס. ווען כ׳גיי אַף דער אַרבעט, הער איך, ווי דער יאַם טײַנעט אַף זײַן אייניאַרטיק־ברומענדיקן לאָשן: „נו, ברודער־לעבן, ווען וועסטו זיך אַראָפּכאַפּן צו מיר? האָסט גאָר פאַרגעסן דעם בעסטן פרײַנט פון דײַן קינדהײַט, דעם טרײַסטן כאַווער פון דײַנע יוגנט־יאָרן?“

דעם אָנהייב און דעם סאָף פון אַ יאַם זעט מען געוויינלעך ניט. באַ מיר הייבט ער זיך אָן, ווי אַמאָל, הינטער דער אײַזנבאַן־סטאַנציע, ריכטיקער, הינטער די וואַגאָנעס, וואָס שטייען שטענדיק, ווי אַפּצולאָכעס, אַף די ליניעס און פאַרשטעלן דעם וועג. איך בין דורכגעקראָכן אונטער איין וואַגאָן, אונטער אַ צווייטן, אויסגעטאָן די שיך, פאַרקאַשערט די הויזן און גענומען גיין לענגויס דעם ברעג.

וועגן אַ יאַם איז ביכלאַל ניט שײַעך צו זאָגן, אַז ער האָט זיך געביטן. דער קונץ פון אַ יאַם איז, וואָס אייביק איז ער דער זעלבער און יעדע ווײַלע — אַן אַנדערער. איין שטילע כוואַליע נאָך דער צווייטער האָט געשווענקט דעם זאַמד און אָנגענעם געגלעט מײַנע פיס. דאָס וואַסער איז געווען דורכזיכטיק־גרינלעך. אַפילע אַ צוויי־דרײַ מעטער פונעם ברעג האָט מען געזען דעם דעק.

דער פּליאַזש איז געווען פול. די זון האָט געבראָטן, און דער יאַם האָט געקילט מײַנע לאַנדסלײַט.

א קינאָ־עקספּעדיציע האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט אַפן זאַמד מיטן גאַנצן האַקל־באַקל. זי דרייט אַ פילם „באַם ברעינג־יאַם“. די קינאָ־אָפּעראַטאָרס זײַנען אָפּגעגאַנגען מיט שווייס, זוכנדיק אַפן מילדן דאָרעם פּייזאַזשן, וואָס זאָלן פּאַסן פאַרן ווײַטן צאָפן. זיי האָבן געדאַרפט אַ גרויסע כוואַליע און האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט, עס זאָל זיך שטאַרקן דער ווינט. אַ בלאָנדהאָריק ייִנגל האָט רעפּעטירט זײַן ראָל: געלאָפן צום איבערגעקערטן שיפל, וווּ ס׳האָבן זיך, ציטערנדיק פון קעלט און פון שרעק, אויסבאַהאַלטן צוויי יונגע מיידלעך, זיך אָנגעבויגן צו זיי און מאָלע־געדולע אויסגעשריִען צום מאַנצבל, וועלכן ער האָט מיט זיך געבראַכט: „פּעטערל, אָט זײַנען זיי!“. דעם רעזשיסער איז ניט געווען געפעלן, וויאַזוי ער זאָגט עס, און דאָס ייִנגל האָט איבערגעכאַזערט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די זעלבע פראַזע. די קינאָפּטיקע צושויער פונעם פילם, וואָס זײַנען דערבײַ געשטאַנען, האָבן אים אונטערגעהאָלפן. אַ האַלבער פּליאַזש מענטשן האָט איבערגעכאַזערט:

„פּעטערל, אָט זײַנען זיי!”. ס׳איז געווען א ביטערער ראכמאָנעס אפן יינגל, אָבער, ווי זאָגט מען עס, קונסט פּאָדערט קאָרבאָנעס. דערפאַר, ווען ער האָט שוין ארויסגעבראכט „פּעטערל, אָט זײַנען זיי!” ווי ס׳באדארף צו זײַן, האָט ער אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס שאָפּענע פּעלצל, די הויכע אונטעס און איז א גליקלעכער ארײַנגעשפּרונגען אין יאם זיך אויסבאָדן.

זײַן באם יאם און ניט קלײַבן שטיינדעלעך און מויערקעפּלעך? אלע ווײַלע האָב איך זיך אָנגעבויגן און אופגעהויבן עפּעס א נײַ אויצערל. א פארטראָגענער אינעם אייסעק, האָב איך ניט באמערקט, ווי כ׳בין ארײַנגע־פאלן אין די אָרעמס פונעם „טאָלקאטש”, מיט וועלכן איך האָב פאראיאָרן געוווינט אין איין צימער אינעם האָטעל. פאר דער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען, איז ער געוואָרן נאָך העכער און נאָך דארער. ער האָט מיך מיט אזא סימכע צוגעדריקט צו זײַן הארטער, נאסער ברוסט, פּונקט ווי ער האָט דאָ געפּאקט א דעפיציט שטיקל סכוירע.

— וואָס טוט איר דאָ ווידער? — איז ער נײַגעריק געווען צו וויסן.

איך האָב געענטפערט און דאָסגלײַכן זיך פארינטערעסירט, וואָס טוט ער.

— שוין די דריטע וואָך, ווי איך קאָן ניט ארויסבאקומען קיין אײַ־זערנע פּרענטעס, — האָט ער דערציילט, — איצט שליס איך זיך איבער אף שפּונטן און שרויפן.

דער אָפּטימיזם פון דעם דאָזיקן מענטשן איז גאָר איין־לעשאער.

די מײַלע און דער כיסאָרן פון ניט קיין גרויסער שטאָט איז דאָס, וואָס אף שריט און טריט טרעפט מען באקאנטע. קימאט אלעמען, וועמען איך קען שוין, האָב איך געזען אפן פּליאזש. ניט ווײַט פונעם „טאָלקאטש” איז בימכילע מיטן פּופּיק ארוף געלעגן לעווין. איך האָב געוואָלט פאר־בײַגיין, נאָר כ׳האָב דערזען זײַן פרוי. זי איז געזעסן לעבן אים אונטער א שירעם, און, כ׳ווייס אליין ניט פארוואָס, איבערן לײַב איז בא מיר דורך א ציטער, ווי דאן, לעבן „דערזשפּאָטאָ”.

— וווהין שפּאנט איר עס אזוי צילגעווענדט? — האָט לעווין איראָניש געפרעגט, פאריכטנדיק אפן קאָפּ די ווײַסע טיובעטייקע. — איך האָב באַ־מערקט, אז עפּעס שפּאצירט איר שטענדיק אליין. מע דארף אים צוזוכן א באגלייטערן, — האָט ער א ווונק געטאָן צו זײַן פרוי.

איך האָב אין פארלעגנהײַט געקוקט אף איר. וווּנדערלעך, ווי זי איז, פונדעסטוועגן, ענלעך אף מײַן בראָניען.

מיר האָבן זיך באקאנט. זי הייסט ליע. זי איז מיך מעכאבעד געווען מיט סאָדע־וואסער אין א פּאפּירן טעפּעלע. דאָס וואסער איז געווען קאלט און געשמאק.

איך האָב געבלאָנקעט אזוי לאנג, ביז כ׳האָב באמערקט, אז דאָס וואסער באם ברעג איז געוואָרן טונקעלער, דער זאמד — שווארץ. פּלוצעם האָט מיר א גרילץ געטאָן אין די אויערן, ווי מע וואָלט אויסגעשאָסן. ערגעץ גאָר נאָענט פון מיר האָבן קרעפּטיקע מאנצבלשע שטימען הויך גערעדט דײַטש. איך בין געווען אזוי פארטיפט אין דערינערונגען, אז כ׳האָב אינסטינקטיוו זיך א כאפּ געטאָן מיט דער האנט פאר דער פּלייצע —

אראָפּצונעמען דעם אווטאָמאַט, מיט וועלכן איך האָב זיך צעשיידט מיט א סאך יאָרן צוריק. אין א האלבער מינוט ארום בין איך שוין געקומען צו־זיך און ווידער געקליבן שטיינדעלעך. דײַטשישע מאטראָסן האָבן גע־לאָדן א שיף און געפירט צווישן זיך א פרידלעכן געשפּרעך. א ביסל ווײַטער איז געשטאנען א גריכישע שיף. איינער א גריך, פון קאָפּ ביז פיס, דוכט זיך, אויסגעפּרעגלט אין בוימל, איז מיר אָנגעקומען אנטקעגן, א שטויס געטאָן אין עלנבויגן און געפּרעגט, צי דארף איך ניט קיין סו־ווענירן: בראָשקעלעך, בראסלעטן, ער האָט אויך אנדערע זאכן. איך האָב א טרייסל געטאָן מײַנע קעשענעס.

צוליב וואָס דארף איך די פרעמדע אויצרעס? פּראָסטע פּאָלירטע שטיינ־דעלעך זײַנען פאר מיר די בעסטע סווועניר אין דער וועלט.

15 מײַ.

ארבעט איז פאראן א סאך, כ׳קום אהיים שפּעט און לייג זיך שלאָפן. כ׳שלאָף גיך אײַן אָן ליומינאַל, באנאכט כאַפּ איך זיך ניט אויף.

אנומלטן בין איך געווען צוגאסט באַם אינזשעניער סאָלאָוויאָוו, מיט וועלכן איך האָב זיך באקאנט פּאָריקס יאָר. עס ציט מיך פּאָשעט צו אים אין שטוב. פּונקט ווי דער מאָנטאַזשניק באראבישעוו, האָט ער אן אדאָפּטירטע טאָכטער. איך ווייס גוט, אז זי איז ניט מײַן קינד, נאָר עפּעס א נארישער פארלאנג שטויסט מיך אלעמאָל צו כאַפּן א קוק אף איר. ווען איך זע צוואַנציקיאָריקע מיידלעך, טוט אין מײַן הארצן ווידער א צאַפּל די האָפענונג. עס כאַפּט מיך ארום ניט נאָר א טרויער — אויך א בענקשאַפט. אז מע בענקט, הייסט עס, גלייבט מען, אז ניט אלץ איז פארלאָרן.

אנדריי וואסיליעוויטש סאָלאָוויאָוו איז אוועק אף פּענסיע מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק. ער האָט זיך געקויפט א שטיבל אף דער שטילער סאדאָ־ווער גאס. ווען איך בין ארײַן צו אים אין פאָדערצימער, האָב איך דערזען א סאך דראָטן אף איינער פון די ווענט. אונטער דער סאמע סטעליע זײַ־נען געהאנגען צוויי לעמפּלעך, א גרינס און א רויטס, לעבן זיי — א גלעקל. אלץ קימאט ווי אין גײַדארס דערציילונג „טימור און זײַן קאָמאנדע״, דער אונטערשייד איז, וואָס דאָרט האָבן דאָס אלץ געמאכט קליינע יִינגלעך אפּן בוידעם, און דאָ האָט געמײַסטרעוועט בא זיך אין צימער אן אלטער מאַן, אן אינזשעניער.

— דאָס איז אזוי־זיך, פון ניט האָבן וואָס צו טאָן, נארישקײַטן, — האָט אנדריי וואסיליעוויטש אין פארלעגנהײַט א מאך געטאָן מיט דער האנט, באמערקנדיק מײַן פארוואונדערונג. — ווען א כעווערמאַן שטעלט נאָר ארײַן א פוס אין סעדל, צינדט זיך אָן דאָס גרינע לעמפּעלע און דאָס גלעקל קלינגט. קריכט דער באַכער ווײַטער, צינדט זיך אָן דאָס רויטע און עס קלינגט נאָך שטארקער. אָבער די סיגנאַליזאציע ווערט ניט אויסגענוצט, — האָט ער צוגעגעבן מיט א שמייכל, — די יִינגלעך האָבן מיך אין דער לינקער פּיאטע.

אָנגעצייכנט לויט אַלע קלאָלים — מיט טוש אַף וואַטמאַן־פּאַפּיר — איז אַפן טיש געלעגן א סכעמע פון דער שטוביקער באַהייצונג. אַנדריי וואַסיליעוויטש האָט אַזוי היציק גענומען מיר דערקלערן די אָריגינעלע קאָנסטרוקציע פונעם הייץ־אַגרעגאַט, וועלכן ער וויל בא זיך אין שטוב איינאָרדענען, אַז איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן, צי וועט ער צוזאַמען מיט זײַן איין־און־זיבעציקיאָריקער פרוי און זעקס־און־נײַנציקיאָריקער מוטער ניט פירן ווינטער צוליב די דאָזיקע עקספּערימענטן? דערבײַ האָב איך נאָך א טראַכט געטאָן, ווי לאַנגווײַליק עס מוז זײַן א מענטשן, אויב ער פאַרנעמט זיך מיט אַזא מין דערפינדערײַ. אַך, ווי די יאָרן פלִיִען! גלײַך נאָך דער מילכאָמע, געדענק איך גוט, איז אין אַלע צײַטונגען געווען באַשריבן, וויאַזוי מע האָט אַף „יוזשסטאַל״ אויפגעשטעלט א דאָמנע, וועלכע די דײַטשן האָבן ניט באַוויזן אינגאַנצן צו פאַרניכטן. די שאַכטע פון דער דאָמנע האָט זיך געהאַט טיף אַראָפּגעזעצט. געדוכט האָט, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר דעמאָנטירן זי און בויען א נײַע. דער אינזשעניער סאָלאָוויאָוו צוזאַמען מיט נאָך צוויי אינזשעניערן האָבן באַשלאָסן די דאָמנע אויפהייבן אַף אַן אָריגינעלן אויפן, און דער דרייסטער פּלאַן איז גלענצנדיק אויסגעפילט געוואָרן.

— איך קום ערשט פונעם יאַריד. געווען איז מײַן יאַריד א גרויסער און, מע קאָן זאָגן, א מאַזלדיקער, נאָר ס׳איז אַוואַדע בעסער צו פאָרן אַפן יאַריד, איידער פון אים... מײַן לעצטע בויונג איז די זעקסטע קאָמיוגישע דאָמנע אַף „יוזשסטאַל״. זי האָט געגעבן דעם ערשטן טשוהון פונקט אינעם טאָג, ווען אונדזער אַניע איז אַלט געוואָרן נײַנצן יאָר...

געזאָגט די דאָזיקע ווערטער, איז אַנדריי וואַסיליעוויטש אַנשוויגן געוואָרן, ווײַזט אויס, ניט געוואָלט מיר מאַכן שווער אַפן האַרצן מיט איבעריקע דערמאָנונגען.

סאָלאָוויאָוו האָט דערציילט פאַרשיידענע געשיכטעס, און איך האָב אים פאַרשאַפט האַנאָע און אויפמערקזאַם געהערט. איך אַליין בין דאָך אויך א באַלן אַף דערמאָנונגען. צום סאָף האָב איך מיט אים געהאַט א זאַכלעכן שמועס: איך האָב אים פאָרגעלייגט צו ווערן אונדזער קאָנסולטאַנט. ער איז גערן מאַסקים געווען.

אָפּגעזעגנט זיך מיט אים, מיט דער טאָכטער און מיט איינער פון די זקיינעס (די אַנדערע, די עלטערע, האָב איך ניט געוואָלט באַאומרויִקן, זי ליגט אין בעט), בין איך אַוועק צו אַלכאָוואַיען, בא וועמען איך פאַרברענג די לעצטע וואָך יעדן אָוונט.

ווונדערלעך, ווי וויקטאָר פּעטראָוויטש האָט זיך שוין אויסגעלערנט „זען״ מיט די הענט, אָבער דאָס איז אים ניט גענוג.

— איך מוז, איך מוז עס זען מיט די אויגן, בלויז אָנטאַפּן איז ווינציק, — האָט ער אַנומלטן אויסגעשריִען מיט פאַרצווייפלונג אין קאָל, ווען כ׳האָב אים באַוויזן עפּעס א נײַע זאַך. — מיר דוכט, אַז דאַן, ווען כ׳בין געווען א זעעוודיקער, האָב איך ווייניק געזען, ווינציק זיך באַמיט צו פאַרגעדענקען. איך האָב געדאַרפט אַלץ פאַרקריצן אין זיקאָרן. ווי וואָלט דאָס מיר איצט צוניץ געקומען! אַמאָל נעמט זיך מיר אויסווײַזן,

אז כ׳האָב פאַרגעסן, ווי עס זעט אויס אַ רולאַן, אַן אָנגעגליטעטער רעלס, פּליסיקער טשוהון. ס׳באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שווייס. איך פאַרשרײַב אָפּגיך, וואָס איך געדענק, און בעט דערנאָך בײַ דער פרוי איבערלייענען, ב׳זאָל זיך קאָנען איבערצײַגן, אַז איך האָב ריכטיק פאַרגעדענקט. אין שלאָף זע איך אַלץ גוט. פונדעסטוועגן איז מיר בעסער איידער די, וואָס זײַנען בלינדע געבוירן געוואָרן.

ווען מיר ווערן מיד, גייען מיר אַרויס אויף דער וועראַנדע, פון וועלכער עס זעט זיך דער יאַם. נאַטאַליע איוואַנאָוונע איז מעכאַבעד מיט שטאַרקער טיי. וויקטאָר פּעטראָוויטש נעמט אַראָפּ די שוואַרצע ברילן. ביכלאַל טוט ער זיי אויס זעלטן. ער ווענדט דאָס פּאָנעם אַהין, פונוואַנען עס דער־טראָגט זיך דער רויש פון די כוואַליעס, און פרעגט שטיל, קינדעריש־בענימעסדיק:

— ער איז איצט גרין צי בלוי?..

19 מײַ.

אין אונדזער לאַבאָראַטאָריע, אויפן פענצטער, הינטער מײַן טיש, האָט זיך באַוויזן אַ וואַזע מיט בעז. ווער ס׳קומט ניט אַרײַן, פאַרקערעוועט צו דער וואַזע און כאַפּט אַ שמעק. די בלומען האָט געבראַכט דאָרע בינ־דער. כ׳שטעל זיך אַליין אַ ייִנגלשע פראַגע: פאַר וועמען איז ער, דער בוקעט, — פאַר אַלעמען, צי פאַר איינעם? מער פון אַלעמען שמעקט דעם בעז דאַפקע דער ערנסטער, אייביק פאַרנומענער סערגיי סובאָטין, בייס־מײַסע קוקט ער אויף דאָרען.

סערגיי איז פאַרליבט. מע דאַרף ניט זײַן קיין גרויסער פיזיאָנאָמיסט אַראָפּצולייענען עס פון זײַן פּאָנעם. און ווי האַלט עס מיטן צווייטן צאַד? פרויען קענען בעסער פון מאַנצבלען אויסבאַהאַלטן זייערע געפילן. דער שידעך איז, דוכט זיך, אַ גוטער. און כ׳וואָלט וועלן, אַז מע זאָל גיכער שפּילן די כאַסענע. אַ כאַסענע איז פאַר איינעם אַן אָנהייב און פאַר אַ צווייטן — אַ סאָף. איך פרעג זיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל: וואָס טראַכט איך גאָר אַזויפיל וועגן דעם? וואָס שטופּ איך זיך אײַנמיטן? איז מיר דען סאָפּקאָלסאָף ניט אַלציינס די ליבע פון צוויי יונגע וועזנס, וואָס לויט זייער עלטער בין איך פאַר זיי אַ טאַטע?

סובאָטין איז אַ גרויסער האָרעפּאַשניק. איך בין געווען בײַ אים אין דער היים. דער גרויסער און שיינער טיש, וואָס איז צו אים אַריבער בעירושע פון טאַטן, איז אין הוילע לעכעלעך, פלעקן, קאַרבן. דער טיש איז אַ לאַבאָראַטאָריע, אַ וואַרשטאַט, אַ גאַנצער עקספּערימענטאַלער צײַג. איין קאָנסטרוקציע ווערט צעשטערט, די אַנדערע הייבט אָן געבוירן ווערן. וווּנדערלעך, ווי בײַ אָט דעם יונגן מענטשן איז ניטאָ קיין שום כילעק צווישן זײַן אַרבעט אין זאַוואָד און אין דער היים. אין איין אָרט זעצט ער פּאָשעט פאָר צו טאָן דאָס, וואָס ער טוט אין דעם צווייטן.

אין דער לאַבאָראַטאָריע בלײַבן מיר אָפט נאָך די זיבן אָפּגעאַרבעטע שאָ. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, ווי אַזוי אַ פאָרשער, אַן עקספּערימענ־

טאטאָר קאָן ארבעטן פונקט פון אזויפיל אזייגער ביז אזויפיל. אונדזערע עקספערימענטן ענדיקן זיך קיינמאָל ניט גלײַך מיטן זאוואָדישן הודאָק.

געוויינלעך בלײַב איך און סערגיי. זעלטענער — דאָרע. בא איר איז די מאמע נאָך אלץ קראנק. ווען מיר בלײַבן מיט איר זאלבעצווייט, פיל איך זיך א ביסל געבונדן, עפּעס שטערט עס מיר. נעכטן זײַנען מיר דעם גאנצן אָוונט געווען אליין. זי האָט געצייכנט, איך האָב זיך פארנומען מיט מײַנע אנאליזן. פון אונדזערע ווײַטע ווינקלען האָבן מיר זיך דורכגערעדט איינער מיטן צווייטן. זי האָט מיר א ביסל דערציילט וועגן איר לעבן. איך איר — וועגן מײַנעם. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, איז דאָרע אלט געווען אכט יאָר. איצט איז איר אכט און צוואנציק.

— שוין אַן אלטע, — האָט זי אָף א ווײַלע ארויסגעלאָזט פון האנט די רייספעדער. — ווען איך זאָל זײַן נאטשאלניק, — האָט זי אומגעריכט צוגעגעבן מיט א שמייכל, — וואָלט איך גענומען שעפּטום איבער אײַך, געטריבן אײַך בייסן מיטיק־איבערײַס עסן ווארמעס. איר האָט דאָך הײַנט ניט געגעסן, עמעס? כ'וואָלט זיך אפילע ניט געפוילט און געקומען צו אײַך אהיים א קוק טאָן, ווי איר האָט זיך אײַנגעאָרדנט.

— פארוואָס קאָנט איר עס ניט טאָן, אויב איר זײַט אפילע ניט קיין נאטשאלניק? ביטע, איר וועט זײַן אן אָנגעלייגטער גאסט.

— איר זײַט דאָך, מיסטאמע, קיינמאָל ניטאָ אין דער היים, — האָט זי געפונען וואָס צו ענטפערן.

בא אונדז איז ארוף דער געשפּרעך אָף סערגייען. איך האָב אים גענומען לויבן.

— א טאלאנטפולער מענטש, — האָט זיך איר שטים קוים דערטראָגן צו מײַן ווינקל, — און זייער יונג. דער ייִנגסטער אין אונדזער לאבאָראטאָריע.

— יונגקײַט איז ניט קיין כיסאָרן. ערגער איז, ווען מע איז אלט, — האָב איך אויסגעדראָשן־ריכטיק געענטפערט און זיך דערפילט אין פארלעגנהײַט, ווי כ'וואָלט געזאָגט א ליגן.

כ'ווייס ניט, צוליב וואָס בין איך צוגעגאנגען צו איר. מיר זײַנעןביידע געשטאנען אָנגעבויגן איבערן וואטמאַן־בויגן. מיט געמאכטער אופמערקזאמקײַט האָב איך געקוקט אָף דער איינפאכער צייכענונג. דערנאָך, ווי מיר וואָלטן זיך צונויפגערעדט, האָבן מיר ביידע גלײַכצײַטיק זיך אויסגעגלײַכט און אופגעהויבן איינער אפן אנדערן די אויגן. אירע אויגן האָבן מיך פארכידעשט. איך בין, באָרעכהאשעם, ניט הײַנט געבוירן געוואָרן. איך ווייס, וואָס עס באטײַט אָט דער ווארעמער, ווייכער, פארנעפּלטער בליק פון א פרוי. איך האָב זי ארומגענומען. זי האָט געמאכט א שוואכן פּרווו אוועקצונעמען מײַן האנט און איז געבליבן שטיין אנטקעגן מיר, ניט רירנדיק מיט קיין אייווער. איך האָב געפילט אָף מײַן שלייף איר ווארעמען אָטעם.

אָף די עלטערע יאָרן איז א מענטש געבענטשט דערמיט, וואָס אים איז גרינגער זיך צו באהערשן.

— אָט דאָ, — האָב איך אָנגעוויזן אָן אָרט אַף דער צייכענונג, — איז ניט אַלץ אין אָרדענונג.

— וואָס זשע דאַרף מען דאָ טאָן? — דער בלײַער אין איר האנט איז פוילבלעך אוועקגעקראָכן איבערן בויגן פּאַפּיר, די אויגן האָט זי מער ניט אופגעהויבן.

ווען איך האָב זיך אומגעקערט אהיים, האָב איך געטראָפן לעבן דער טיר לעווינען. ער איז געווען צופרידן, וואָס אים איז ניט אויסגעקומען צו וואַרטן ביז האַלבער נאַכט. אין די אָוונטן לייענט ער לעקציעס אַף קורסן, הײַנט איז ער גראָד פרײַ, און דעם אָוונט האָט ער באַשלאָסן פאַר־ברענגען בא מיר.

איך האָב אים אַרײַנגעפירט אין מײַן וווינונג, וועלכע איז נאָך אַלץ ניט אויסמעבלירט; כ'לייג אָפּ פון איין זונטיק אַפן צווייטן דאָס אײַנ־האַנדלען די פּאָטערשטולן, דעם טאָרשער און די אַנדערע זאַכן, וואָס מע קאָן קריגן אין מעבל־מאַגאַזין.

אַ ביסל פאַרכידעשט אָנגעקוקט די ליידיקלעכע דירע, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, אַוועקגעלייגט די הוט אַף די קני, און אָן איבעריקע ווער־טער, ווי איינער, וואָס פאַטערט ניט אומזיסט קיין צײַט, מיך געבעטן אָנרופן די פאַמיליעס פון די מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אוטאָמאַ־טיזירן דעם רעלסן־צעך. די ביטע האָט מיך היפּש פאַרוווּנדערט, — ער אַליין אַרבעט דאָך אינעם טעכנישן אָפּטייל און איז גוט אינפאָרמירט. איך האָב אים בעקיצער דערקלערט, אַז עס נעמען אָנטייל די מיטאַרבע־טער פון דער לאַבאָראַטאָריע, אויך אָלכאָוואַי און סאָלאָוויאָוו.

— און אַלע וועלן שטיין אינעם צעטל? — האָט ער איראָניש גע־פרעגט.

איך האָב אָנגעשטעלט אַף אים אַ פּאָר אויגן: פון קיין שום צעטל האָב איך קיין אַנונג ניט געהאַט. דאָס ערשטע מאָל האָב איך פונעם „כאָסן" דערהערט, אַז מיר וועלן, וואַרשײַנלעך, פאַר אונדזער אַרבעט גוט פּרע־מירט ווערן, עס גייט אַ רייד וועגן דעם.

— כ'גלייב, איר וועט מיך אויך אַרײַנעמען אין דער כעוורע? — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, ווי אַ מענטש, וואָס איז זיכער, אַז אָן אים וועט זיך די כאַסענע ניט באַגיין.

איך האָב אים גאַנץ טרוקן געענטפערט, אַז דערווײַל איז נאָך זייער פרי צו טראַכטן וועגן דעם. מיר זײַנען אָקאָרשט אַרײַנגעקראָכן אין דער אַרבעט, נאָר אויב מע וועט אַמאָל יאָ דאַרפן אופשטעלן אַ צעטל, וועלן אין אים, פאַרשטייט זיך, פיגורירן נאָר די, וואָס האָבן פאַקטיש אָנטייל־גענומען אין איר.

— לאָמיר זיך ניט מאַכן נאַריש און זיך ניט פאַרנעמען מיט קיין פוסטע דיבורים, — האָט ער אַ גלעט געטאָן דעם ראַנד פון זײַן הוט און אַריבערגעלייגט זי פון איין קני אַף דער צווייטער. — ווען ניט דער בליג־דער אָלכאָוואַי, וואָלט קיינעם אין קאָפּ ניט געקומען דער געדאַנק וועגן פּרעמיעס... איר זײַט, ווײַזט אויס, גאָר ניט קיין נאַר, איר האָט געוווּסט, מיט וועמען זיך אײַנצושפּאַנען... אויסגערעכנט מאַטעמאַטיש פּינקטלעך...

— וואָס האָב איך אויסגערעכנט? — האָט אין מיר אַלץ אופגעקאָכט.
די ארבעט מײַנע, וואָס כ׳האָב נאָך אָנגעהויבן א צײַט פריִער, אין מאָסקווע, און וואָס איז, אייגנטלעך, דער גאנצער זין און אינטערעס פון מײַן לעבן, די האַרעוואניע און שעפערישע ערלעכקײַט פון אלע מײַנע מיטארבעטער, די לאנגע אָוונטן צוזאמען מיט אַלכאָוואָיען, ווו יעדע קלענסטע דערגרייכונג קומט אָן מיט אַזויפיל מאטערניש און מעסירעס־נעפעש, יעדער געדאנק, אײַנפאל, אָנדײַט, וואָס פארשאפט פרייד, און אָפטמאָל, ווען ס׳באקומט זיך ניט, עמעסן צאַר, — דאָס אַלץ האָט באקומען בא אָט דעם מענטשן גאָר אַן אנדער אויסטײַטשונג, א געמיינעם זין.
— מיינט ניט, אז בא אונדז זײַנען אלע נאַראָנים און נאָר איר איינער, אַן אָנגעפּאָרענער, זײַט א כאָכעם! — האָבן זײַנע זאפּטיק־פולע ליפּן זיך פארקרימט.
דאָ האָב איך ניט אויסגעהאלטן, אָנגעכאפּט אים פארן עלנבויגן און א שטופּ געטאָן צו דער טיר.
פון מײַן קונץ איז ער געוואָרן אזוי איבערראשט, אז ער האָט זיך א לאָז געטאָן פון די טרעפּ מיט אזא אימפּעט, פּונקט ווי איך וואָלט אים נאָך אַלץ אונטערגעשטויסן. אונטן, באם ארויסגאנג, האָט ער עפּעס אויסגעשריִען.
דער דאָזיקער צופאל האָט אפילע אופגעהויבן בא מיר די שטימונג. נאָך דעם „כאָסנס״ לעך־לעכאָ האָב איך א היפּשע ווײַלע אומגעשפּאַנט היין און צוריק איבערן צימער און מונטער געברומט א לידל...

20 מײַ.

יעדן טאָג, צען אזייגער אינדערפרי, איז באם דירעקטאָר אין קאבינעט אַן אָפּעראטיווקע. עס נעמען זיך צונויף אָף א קורצער באראטונג די אָנפירער פון די צעכן און פון די וויכטיקערע אָפּטיילן. הײַנט האָט מען מיך אויך אײַנגעלאָדן אָף דער זיצונג. ווו ווער עס זיצט, איז אײַנגעשטעלט נאָך פון פאר דער מילכאָמע. דאָס איז שוין א טראדיציע. ווען מע האָט זיך אומגעקערט פון דער עוואקואציע, האָט מען ווידער זיך אויסגעזעצט אין דער זעלבער אָרדענונג, ווי מע איז געזעסן פריִער, פּונקט ווי מע וואָלט אין ערגעץ ניט געהאט אוועקגעפאָרן. איבנאָן זיצט, געוויינלעך, דער דירעקטאָר. צו זײַן שרײַבטיש איז צוגעשפּארט א צווילינגל — צוויי טישלעך פון די שטעלפארטרעטערס, דערנאָך ציט זיך לענגאויס דעם גערוימען צימער דער טיש, וועלכן עס פארנעמען די קאָמאנדירן פון דער אונטערנעמונג. אפן ערשטן שטול פון רעכטס זיצט דער שעף פון דאַמנע־צעך, אנטקעגן אים — דער שעף פון מארטען־צעך, אאוו. סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש האָט מיר אָנגעוויזן אָף מײַן אָרט, איך זיץ א צונויפגעפּרעסטער צווישן בליומינג און רעלסן־צעך.
לויט דעם נאָך, ווי מע זיצט, גיט יעדער שעף אָפּ זײַן ראפּאָרט. ער הייבט אָן פונעם צושטאנד פון דער זיכערהײַט־טעכניק. ס׳איז געוואָרן אָנגענעם צו הערן פון יעדן איינע און די זעלבע פראזע: „קיין אומגליקס־צופאלן און טראוומעס זײַנען ניט געווען״.

מאכמעס דעם, וואָס איך בין דאָ צום ערשטן מאָל, האָב איך זיך דער־לויבט ריידן א ביסל מער. דערעכאגעוו האָב איך געזאָגט, אז איך האָב שוין געהאט די מעגלעכקייט צו באמערקן בא אייניקע מענטשן א געוויסע גרינגעשעצונג צו דער לאבאָראטאָריע, און דאָס איז זייער שלעכט. צו דער לאבאָראטאָריע דאַרף מען זיך באציִען פונקט אזוי, ווי צו די וויכ־טיקע צעכן.

— דאָס מיינט ער אייַך, — האָט סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש אויסגע־דרייט דעם קאָפּ צום שעף פון באזאָרגונגס־אָפּטייל, וואָס זיצט בא א באזונדער טישל לעבן פענצטער. די מערהייט טייַנעס און אָנקלאָגעס זייַ־נען געווען צו אים. ער הייסט נאָום געדאליעוויטש, אָפּטמאָל רופט מען אים פּאָשעט — געדאליטש. ער האָט אן איידל, בלייכלעך פּאָנעם, א הויכן שטערן און א קלוגן שמייכל. אפן טישל ליגט בא אים א מאָנטשינגק בלאָקנאָטל, ווו ער פארצייכנט פון צייַט צו צייַט עטלעכע ווערטער מיטן רויטן אָדער בלויען שפּיץ פונעם בלייַער. דערבייַ איז בא אים א גוטהאַר־ציקע, א ביסל איראָנישע מינע פון א מענטשן, וואָס איז שוין געוווינט, אז אין אלץ איז ער שולדיק. א רויִקערן, א מער געלאסענעם פארשוין האָב איך אין מייַן לעבן ניט געזען. ס׳איז גאָר שווער זיך פאָרצושטעלן, אז דער דאָזיקער קאלטער לונג־און־לעבער טראָגט אף זיך דעם אָל פון באזאָרגן מיט אלעם בייטיקן אזא גיגאנטישע ווירטשאפט, ווי „יוזשסטאל״.

איך האָב אויסגערעכנט די אפּאראטור, וועלכע אונדזער לאבאָראטאָ־ריע דאַרף דרינגענדיק האָבן.

— איין העלפט וועט איר קריגן סאָף וואָך, — האָט געדאליטש א גראבל געטאָן אין זייַן פינקעסל מיטן רויטן שפּיץ בלייַער, — די צווייטע העלפט אף דער אנדערער וואָך, — האָט ער א דראפּע געטאָן מיטן בלויען שפּיץ.

— פון אייַער מויל אין גאָטס אויערן.

— צווייפלט ניט, נאָום געדאליעוויטש איז בא אונדז א וואָרט־מענטש, — האָט סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש מיך בארויִקט.

— זעלטן־ווען געדאליטש פירט אונטער, — האָט מיר אריַינגעדונערט אין אויער מייַן שאָכן, דער שעף פונעם בליומינג.

א געבענטשטער „סנאבזשענעץ״, האָב איך א טראכט געטאָן, געווייַנ־לעך זידלט מען זיי נאָר און קיינער פארטיידיקט ניט. ס׳איז בא די באזאָרגער שוין אזא ביטערע מעלאָכע.

נאָך דער אָפּעראטיווקע, ווען איך בין צוזאמען מיט אלעמען ארויס אין קאָרידאָר, האָט סטעפאן אלעקסאנדראָוויטש מיט זייַן געוויינלעכן אימפּעט און האסט אָנגעיאָגט מיך און אריַינגערופן צו זיך אין קאבינעט.

— וואָס איז דאָרטן פאָרגעקומען בא אייַך מיט לעווינען? — האָט ער פריילעך געפרעגט, לעכאטכילע זיכער, אז ער וועט דאָ באלד אויסהערן א טשיקאווע מייַסע.

— ס׳איז ווייניק אינטערעסאנט. א קליינער סיכסעך...

איך האָב בעקיצער דערציילט, אין וואָס עס האנדלט זיך.

— אָן אַלטע געשיכטע, — האָט סטעפּאַן אַלעקסאַנדראָוויטש זיך צע־לאַכט. — איך האָב מוירע, אַז ס'וועלן זיך געפינען נאָך באַלאָנים צו ווערן שוטפים צו אַ פּרעמיע. טרײַבט זיי אין האַלדז־און־נאַקן...

15 אַווגוסט, שטאָטישער שפּיטאָל, פּאַלאַטע נום. 3.

גאָר אומגעריכט האָב איך זיך שיִר ניט אַריבערגעפּעקלט אַף יענער־וועלט. כ'האָב זיך צוגעקילט, און דאַפּקע גאַנץ שטאַרק, מיט ברעכעניש, שטעכעניש און אַזאַ נאָכווייעניש ווי אַ לונגען־אָנצינדונג. דרײַ טעג האָב איך זיך געמאַכט ניט וויסנדיק, בישטיקע אונטערגעהוסט, געווישט מיטן טיכל די געשוואָלענע נאָז, און געטײַנעט, אַז „כאַנעקע איז ניט קיין יאָמטעוו און אַ קאַטער איז ניט קיין קרענק". כ'האָב געמיינט, אַז די צוטשעפּעניש וועל איך ווי־עס־איז איבערקומען אַף דער אַרבעט.

אין אָוונט בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דער לאַבאָראַטאָריע און, ווי געוויינלעך, געוואָלט אופהייבן דעם קאָפּ און אַ קוק טאָן אַפן הימל. יעדער איינער פון די צוואַנציק דאָמנע־ און מאַרטען־אויוונס האָט דאָרטן, אַפן הימל, אַ וואָלקנדל פון אַ באַזונדער קאָליר — אַ ראָזעווון, אָן אָראַנזשעוון, אַ פּורפּורנעם... ס'איז אַ הימל, וואָס איז אַ קײַלעכיקן מעסלעס אַ שפּיגל פון דער ערד. כ'האָב ליב דעם דאָזיקן ערדישן הימל. כ'האָב ליב אַ ביסל לענגער פאַרהאַלטן אַף אים דעם בליק, נאָר דאָס מאָל זײַנען מײַנע אויגן געוואָרן פאַרנעפּלט, און דער קאָפּ איז גלײַך שווער אַראָפּגעפאַלן צו דער ברוסט.

בײַ דער שנײַדנדיקער שײַן פון דער שמעלצונג, וואָס איינע פון די דאָמנעס האָט אָנגעהויבן אַרויסלאָזן, האָב איך זיך געלאָזט גיין צום טויער, נאָר עס האָבן זיך מיר געבויגן די פיס, און איך האָב פאַרקערעוועט צום זאַוואָדישן מעדפּונקט. די דעזשורנע דאָקטערשע, וואָס האָט, ווײַזט אויס, דעם אָוונט זיך געלאַנגווײַליקט אָן פּאַציִענטן, האָט מיך אויפגענומען, ווי אַ לאַנג געגאַרטן גאַסט. אויסהערנדיק מיך, איז זי אַרויס מיט אַ טײַנע, האַלעמײַ בין איך ניט געקומען פריִער.

אַ סאַניטאַר־מאַשין האָט מיך אָוועקגעפירט אין שפּיטאָל. די מעד־שוועסטער, וואָס האָט מיך געהאַט באַגלייט, האָט מיר צוגעווונטשן אינגיכן געזונט ווערן און איז אָוועקגעפאָרן. מיילע, מילכאָמע־צײַט, אַז איך בין געלעגן אין שפּיטאָל, זײַנען עס געווען כאָשעווע ווונדן. איצט האָט מיך אָוועקגעוואַלגערט אַף אַ בעטל אין פּאַלאַטע עפּעס אַ גאָרנישט מיט אַ נישט — אַ שטיקל קאַטער.

כ'האָב גאָר ניט געטראַכט, אַז כ'פּאַרמאָג שוין אין דער שטאָט אַזוי־פיל נײַע באַקאַנטע, וואָס זאָלן מיך וועלן מעוואַקער־כוילע זײַן. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די צײַט פון באַזוכן, האָט מען גענומען גיין צו מיר. אין מעשעך פון די פּאָר וואָכן, וואָס איך ליג, איז געווען בײַ מיר אַריבער אַ צענדליק מענטשן, עס זײַנען געקומען דרײַ טײַערע מיידלעך, וואָס כאָטשבי איינע פון זיי האָט געוויס געמעגט זײַן מײַנע אַ טאָכטער.

ווערע אַנדרייעוונע רעוווזינע איז געקומען צוזאַמען מיט נינען. נינע האָט שוין פאַרענדיקט דעם דניעפּראָפּעטראָווסקער אינסטיטוט, און מע

האָט זי געשיקט אַף אַרבעט אין „יוזשסטאַל״. איך האָב נאָר איין מאָל געזען איר פּאָרטרעט אַף דער וואַנט. נאָר איצט, ווען זי איז אַרײַן אין דער פּאַלאַטע, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זי איז אויסגעוואַקסן אַף מײַנע הענט און אַז מיר האָבן קיינמאָל זיך ניט צעשיידט אפילו אַף אַ טאָג.

זונטיק האָבן זיך אַרײַנגעשטעלט מײַנע שכנים — די באַראַבישעווס. דאָס פּאָרפאָלק האָט מיט זיך פאַרכאַפּט אַ פּאָר טעכטער. מיך צו פאַר־ווײַלן, האָט סימע באַוויזן אַ ליד, וואָס אַ זאַוואָדישער דיכטער האָט איר געווידמעט. ס׳לידל איז אָפּגעדרוקט אין דער פּילטיראַזשקע.

שווער טעמפּעראַמענטיק איז אין פּאַלאַטע אַרײַן דער מעגורשעמדיקער סאָלאָוויאָוו, און הינטער זײַן ברייטן רוקן — די איידעלע אַניעטשקע מיט אַ פּעקל וויטאַמינען און אַ קוישל פּראָדוקטן. שוין אין אָוונט, ווען דער אופנעם האָט זיך געענדיקט, האָט מען פאַר צוויי באַזוכער געמאַכט אַן אויסנאַם. נאַטאַליע איוואַנאָוונע האָט געבראַכט צו פירן וויקטאָר פּעט־ראָוויטש אַלכאָוואָיען. עס איז מיר פּאַשעט אַ כאַרפּע, וואָס מײַן קרענק האָט אַלעמען אַזוי אויפגערודערט.

מײַן שאַפעלע איז פול מיט קאָלטווו. ס׳וועט סטײַען פאַר דער גאַנ־צער פּאַלאַטע אַף אַ כוידעש.

פון דער לאַבאָראַטאָריע קומט מען צו מיר זאַלבעצווייט, נאָר סערגיי און דאָרע — איינציקווײַז. ווען זי איז בא מיר, שטייט ער, אַפּאָנעם, אַף דער גאַס און וואַרט. כ׳נעם עס דערפון, וואָס קימאַט טייקעף נאָך דעם, ווי זי גייט אַרויס, גייט ער אַרײַן. ער האָט געבראַכט צו שלעפּן אַ גאַנצן געבײַ, אַרײַנגעשטעלט אין אַ קויש, — אַ שאַרפזיניקע קאָנסטרוקציע אַף צו אויטאָמאַטיזירן ווײַטער די באַאַרבעטונג פון די רעלסן. סערגיי האָט גענומען דעמאָנסטרירן די מאָדעל. ווי אַ קינד זיך געפרייט, ווען דאָס אַנטיקל האָט פונקציאָנירט, און יעדעס מאָל געשריגן: „אָט אַ טײַוול!״, בייס עס פּלעגט זיך אַף אַ ווײַלע פאַרהאַקן.

בלײַבן מיט דאָרען אַליין איז מיר שווערלעך. זי זעצט זיך אַפן ראַנד פון מײַן בעטל, זאָגט אַ פּאָר אַלגעמיינע פראַזן וועגן געזונט און ווערט אַנשוויגן. בא איר איז אַזאַ אויסדרוק, ווי זי וואָלט וועלן, כ׳זאָל איר זאָגן עפּעס זייער וויכטיקס. זי ריכט זיך אַף דעם, נאָר איך בין שטום. וואָס קאָן איך איר זאָגן? איך בין ניט קיין צאַדיק און ניט קיין צוויאַק, נאָר כ׳גיב זיך אָפּ ערלעך אַ דינוועכעזשבן. צי וועט זי זײַן מיט מיר גליק־לעך? אַמאָל ווײַזט זיך מיר אויס, אַז איך בין שוין פּאַשעט אַ שיוורע־קיילע, צו אַלט שוין, צופיל איבערגעלעבט אַף אָנצוהייבן אַפּסנײַ אַ קאָן. וויפל צײַט, וויפל יאָרהונדערטער דאַרף לעבן אַ מענטש, ער זאָל נאָך אַזאַ גרויסן אומגליק ווידער זיך פילן גליקלעך! איך רעד אַ סאַך און טראַכט וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט. וואָס זאָל איך טאָן, אַז די פאַרגאַנגענ־הײַט בלוטיקט אין האַרצן ביז הײַנטיקן טאָג? דאָרע זיצט אַ ביסל און גייט אַוועק. הײַנט איז זי ניט געווען. ס׳איז געקומען סערגיי. זײַן מאָדעל האָט ניט געאַרבעט, נאָר ער איז געווען אַפן זיבעטן הימל, ער האָט גע־לויכטן און געשײַנט...

10 אָקטיאבער.

מיט דער צײַט, ווען איך וועל זײַן אױף פּענסיע, וועל איך פירן א טאָגבוך טאָג נאָך טאָג, פּינקטלעך פאַרצייכענענדיק, וואָס איך האָב געגעסן אױף מיטיק, וואָס פאר א וועטער ס'איז געווען און וויפל מאָל האָב איך געוווּנען אין דאָמינאָ. דערווײַל האָב איך מײַן העפט פארלאָזט. אָפּקומען מיט דרײַ ווערטער איז א כאַרפּע, און אױף לאַנגע דיבורים איז ניטאָ קיין צײַט. איין בלעטעלע פארן שלאָף וועל איך הײַנט דאָך אָנשרײַבן.

דער היגער אינסטיטוט צוזאַמען מיט דער וויסנשאַפטלעך־טעכנישער געזעלשאַפט „מעטאַלורג" האָבן באַשלאָסן פּאָפּוליאריזירן די ארבעט פון אונדזער לאַבאַראַטאָריע. אױף דער זיצונג האָט מען עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, אז מיר קאָנען ווערן קאַנדידאַטן אױף צו קריגן די בעקאָוועדיקסטע פּרעמיע. ס'איז אוואַדע געווען אָנגענעם צו הערן, נאָר איך פונדעסטוועגן האַלט, אז ווי וויכטיק און אין א געוויסער מאָס נײַ עס זאָל ניט זײַן אונדזער אופטו, איז נאָך פרי צו ריידן וועגן הויכער באַלוינונג. מיר דאַרפן נאָך האָרעווען און האָרעווען. אָבער ס'פרייט מיך און איך בין גליקלעך, וואָס מיט אונדזערע זוכונגען און עקספּערימענטן טוען מיר, וואָס מע דאַרף, און מיר זײַנען אָפּן ריכטיקן וועג. אייניקע אונדזערע ארבעטן וועלן זײַן פאַרעפנטלעכט אין א זשורנאַל.

א קאָרעספּאָנדענט פון דער שטאָטישער צײַטונג, א יונג מיידל, וואָס וויל אַלץ וויסן און האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט בײַצוקומען די אײַנגעבוירענע שעמעוודיקײַט און ארײַנקריכן יענעם אין די געדערים, האָט איידל מיך אויסגעפרעגט וועגן מײַן ביאָגראַפיע. ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אז איך בין א היגער א געבוירענער, האָט זי א צופרידענע א מאַך געטאָן: „ס'איז א וויכטיקע דעטאַל. איך וועל זי אין דער פאַרצייכענונג אויסנוצן". אזוי שעמעוודיקערהייט האָט זי מיך געמאַטערט א גוטע שאָ. פּוילבלעך, אָן שום טאַם, האָב איך געענטפערט אױף אירע פראַגן. מיר אַליין האָט זיך געוואָלט אויספרעגן, פונוואַנען איז זי, פונוואַנען שטאַמט זי.

הײַנט, אינעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג, זינט די פאַשיסטן האָבן בא אונדז אין שטאָט אומגעבראַכט זעכצן טויזנט אומשולדיקע מענטשן, איז בא די „אָקאָפּעס" זיך צונויפגעקומען א גרויסער אוילעם. מיר האָבן אופגעהאָנגען א בראָנזענעם טאָוול, וואָס מע האָט אויסגעשמאָלצן אין זאַוואָד. נעכטן האָט ווידעראַמאָל, ווי מיט יאָרן צוריק, א ווייע געטאָן אױף מיר דאָס הייסע קאָלירטע פּײַערל פון די טיגלען. אינײַנעם מיטן מײַסטער האָב איך צוזאַמענגעשטעלט די שיכטע און נאָכגעשפּירט, ווי עס גייט די שמעלצונג. דעם טאָוול האָבן מיר צוגעפּעסטיקט צו צוויי פינף־און־צוואַנציקמעטערדיקע רעלסן, אוועקגעשטעלט ווערטיקאַל. אן עלטערער ייִד א גראַווירער, בא וועמען ס'איז אומגעקומען, ווי בא מיר, די גאַנצע מישפּאָכע, האָט אפּן טאָוול אויסגעקריצט: „עס זאָל זיך קיינמאָל ניט איבערכאַזערן!"

אין שטאָט האָב איך זיך אומגעקערט צוזאַמען מיט גוטיסן. מיר זײַנען אַרײַן אין פּאַרק און אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ באַנק אין דער אַלײ, פֿון וועלכער עס זעט זיך גוט דער יאַם. אינדערוויַיטנס זײַנען די פֿײַערלעך פֿונעם האַפֿן יעדעס מאָל דערטרונקען געוואָרן אין אַן אָנגעלאָפֿענער יאַם־כוואַליע און גלײַך ווידער געגומען שעמערירן אויף דער אויבערפֿלאַך. אויף דער שוואַך באַלויכטענער סטעזשקע לעבן אונדזער באַנק האָבן זיך רויִק געוויגט די שאָטנס פֿון די הוילע צווײַגן, געצייכנט אויף דער ערד מעשונע־דיקע פֿיגורן.

עס איז געווען אַ וואַרעמער שטילער אָוונט, נאָר די נאַקעטע ביימער און דער באַרג אָפּגעפֿאַלענע בלעטער אונטער אונדזערע פֿיס האָבן דער־מאָנט, אַז ס׳איז שוין טיפֿער האַרבסט...

# שײַן
# און
# אָפּשײַן



נאָוועלך

# פיגורן אפֿן זאמד



צווישן די זעקס הונדערט מענטשן, וואָס רוען יעדן כוידעש אינעם אָפּרו־הויז „פּריבאַלטיקאַ", איז האַרבסט־צײַט געווען אײנער א ליבהאָבער א סקולפּטאָר — איסאַק באַבראָוו. לויט דער גרונט־פּראָפעסיע איז באַבראָוו א מאַטעמאַטיקער, ער אַרבעט אין נאָוואָסיבירסק אין א וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

נאָך מיטיק און נאָך דער אַזויגערופֿענער שטילער שאָ גייט באַבראָוו אַרויס אפֿן פּליאַזש מיט א שטעקל אין דער האַנט. אָנגעטאָן איז ער אין קורצע לײַוונטענע הייזלעך — שאָרטן, און אין א ברייט־אויסגעשניטענער מײַקע, וואָס וואָלט מער געפּאַסט פֿאַרן גיבער יורי וולאַסאָוו, זי דעקט ניט אַזויפֿיל צו, וויפֿל זי אַנטבלויזט. עס שטאַרצט פֿון איר אַרויס דרײַ

פערטל פונעם האָריקן ברוסטקאַסטן צוזאַמען מיט די שאַרפֿע שליסל־ביינער. דעם ברוסטקאַסטן האָט די זון שוין עטוואָס צוגעברוינט, און ער גלאַנצט, ווי ער וואָלט באַדעקט געווען מיט ראָזלעכן עמאַל.

א סוואָרע, אַז די פּוטיאַווקע איז באַבראָוון טאַקע נייטיק געווען, ער דאַרף זיך אומבאַדינגט פּאַריכטן, אַרופֿציִען עטלעכע קילאָ, דאַן וועלן די פֿיס ניט אויסזען אַזוי לאַנג און די געקרײַזלטע הויכע טשופּרינע וועט מער אַנטשפּרעכן זײַן פּאָנעם מיט די איידעלע קינבאַקן. עמעס, ער איז נאָך יונג, אין יענעם עלטער, ווען וועלכן מע זאָגט: אַבי די ביי־נער זײַנען גאַנץ, פֿלייש וועט אָנוואַקסן...

עס דוכט, אַז באַלד וועט ער זיך אָנשליסן צו איינער פֿון די קאָמפּאַ־ניעס און קאָמפּאַניעלעך, וואָס שפּאַצירן אַרום איבער דעם נאַסלעך־ווייכן גוט־אײַנגעטראָטענעם ברוינעם זאַמד־פּאַס, האַרט באַם ראַנד פֿון יאַם, אָדער אַז ער וועט בימכילע אַראָפּוואַרפֿן די שאָרטן און די מײַקע און נעמען שפּאַלטן דעם יאַם־סוף.

איינע פֿון די מײַלעס פֿונעם ריגער שטראַנד איז דאָס, וואָס עס איז דאָ אומעגלעך דערטרונקען צו ווערן: מע דאַרף גיין אַ קילאָמעטער, ביז דאָס וואַסער דערגרייכט צו די קנעכל, און קומט מען צו צום אָרט, ווו עס איז טיפֿער און מע קאָן אָנהייבן שווימען, זײַנען צעשטעלט אָן אַ שיר צייכנס, וועלכע וואָרענען, אַז ס׳איז געפֿערלעך און אַז מע דאַרף זיך אומקערן צוריק.

ניין, באַבראָוו לאָזט זיך ניט אַף קיין שפּאַציר און שפּרינגט ניט אין יאַם אַרײַן. ווי אַף קאַטאָוועס, שפּילנדיק זיך, טוט ער מיטן שטעקעלע אַ ריק איבערן זאַמד, פֿירט דורך איין ליניע, אַ צווייטע, און אין געציילטע מינוטן זײַנען שוין פֿאַראַן די קאָנטורן, דער סילועט פֿון אַ מענטשלעכער פֿיגור. דער זאַמד נעענטער צום ראַנד פֿון יאַם איז פֿײַכט, דין און פֿילבאַר. דאָס שטעקעלע אין דער האַנט רירט זיך נאָר צו, ווערט אַ גריבל, אַ בערגל. די אַרבעט גייט פֿלײַסיק. דער קאָפּ פֿון דער פֿיגור איז נאָך ניטאָ. נאָר עס זײַנען שוין פֿאַראַן די פֿיס. לויט די פֿינגער, וואָס שטאַרצן אַרויפֿצו, איז צו זען, אַז דער מענטש ליגט אַפֿן רוקן. עס זײַנען שוין אויך דאָ אָנשוילעכע סימאָנים, אַז ס׳איז אַ פֿרוי.

דער שפּאַצירנדיקער אוילעם הייבט זיך אָן אינטערעסירן. די מאַנצ־בלען גייען צו נעענטער, אייניקע אַזוי נאָענט, אַז זיי שטערן באַבראָוון אַרבעטן. די פֿרויען בלײַבן צניִעסדיק שטיין פֿונדערווײַטנס, זיי שטעלן זיך פֿאָר, אַז דער באַכער מײַסטערוועט מיסטאָמע ניט גאָר קיין פֿײַנע צאַצקע, אַניט וואָלטן די מאַנצבלען אַזוי אים ניט באַפֿאַלן און זיך פֿריי־לעך ניט איבערגעוווּנקען איינער מיטן צווייטן. בלויז איין עלטערע דאַמע, אַ לאַנגע און אַ פּלאַכע, ווי אַ ברעט, האָט מיט דער געוואַגטקײַט פֿון אַן אויסגעדינטן סאָלדאַט, וואָס גאָרניט שרעקט אים ניט, פּאַרקערעוועט צום מאַנצבלשן רעדל און דרייסט זיך אײַנגעשלאָסן אין דעם. דורך די טונ־קעלע זון־ברילן האָט זי גלײַך באַמערקט, אַז בא דער פֿיגור איז איין ברוסט העכער פֿון דער צווייטער, זי האָט אויך דערזען אַ פּאָר אַנדערע

בלויזן און פּאַכמענעריש אָנגעוויזן אויף זיי. ביכלאַל איז זי געווען אַ ביסל אַנטוישט, זי האָט זיך געריכט אויף עפּעס אַנדערש.

דער יונגערמאַן האָט זיך דערווײַל געטאָן זײַנס, קיינעם ניט געהערט. ער האָט נאָר געבעטן די מענטשן, וואָס שטייען צוקאָפּנס, ניט פאַרשטעלן די שײַן.

וואָס מער עס פורעמט זיך אויס בײַ אים די פיגור, אַלץ ווייניקער וויצן, אַלץ ערנסטער די פּנימער. די פרוי האָט אויסגעטאָן די טונקעלע ברילן און מאַכט שוין מער ניט קיין באַמערקונגען. אַלע קוקן שוין מיט אַנדערע אויגן, מיט אַן אַנדער אינטערעס. גראַציעז האָט זיך באַקומען דער קערפּער. איצט קלעפּט ער דעם קאָפּ — אַ שיינעם שטאָלצן קאָפּ, וואָס ליגט אָנגעשפּאַרט אויף דער דלאָניע פון דער רעכטער האַנט. די צווייטע האַנט איז פרײַ אָפּגעוואָרפן אין אַ זײַט. פּונקט ווי אַ לעבעדיקע, ליגט אַ יונג מיידל אויפן פּליאַזש און רוט.

אין אָפּרו־הויז, אַרויף־באַרג, קלינגט מען צום אָוונטברויט. נאָר דער סקולפּטאָר האָט נאָך ניט געענדיקט די אַרבעט. און מיט אים צוזאַמען פאַרהאַלטן זיך די צושויער. עס גייט זיי שוין אָן יעדער נײַער שטריך, יעדע נײַע ליניע. דערבײַ איז מען ניט קאַרג אויף קאָמפּלימענטן:

— מאָלאָדיעץ!

— אַן עמעסער סקולפּטאָר!

— ער וואָלט זיך געדאַרפט לערנען אין אַ קינסטלערישער אַקאַדע־מיע.

— זיך לערנען? ער איז שוין אַ געלערנטער!

עס פאַרגייט די זון. עס באַווײַזט זיך אויפן מײַרעוודיקן הימל־ראַנד, נאָענט צום ברעג, אַ רעגנבויגנדיק לייטערל, און דער רויטער זון־קײַלעך לאָזט זיך צוערשט אַראָפּ אויפן אייבערשטן טרעפּל, פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע, טוט זיך אַ גליטש אויפן צווייטן, דערנאָך אויפן דריטן טרעפּל און אַלץ ווײַ־טער, נידעריקער און נידעריקער, ביז אַ ניט־געמינערטער אויף אַ האָר, אַ גאַנצער און פולער, אָנגעגאָסן מיט רויטער זאַפטיקײַט, ווערט דער קײַלעך דערטרונקען צוזאַמען מיטן לייטערל.

באַבראָוון טוען שוין ווי די הענט, וואָס האָבן אַזוי פּאַוואָליע מיטן שטעקעלע איבערגעגראָבן אַ היפּש ביסל זאַמד. עס ציִען די פיס, וועלכע ער האָט עטלעכע שעה געהאַלטן אײַנגעבויגן. ער רייניקט אָפּ די שאָרטן, גלײַכט זיך אויס, כאַפּט אַ לענגערן בליק אויף דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט, בייגט זיך ווידער אָן, פאַריכט עפּעס. אַרום איז ציכטיק־ריין, ווי אויף אַ גוט אָרגאַניזירטער בויונג. קיין איין הײַפל זאַמד גייט ניט לעיִבעד. איז דאָס אויף איין אָרט איבעריק, טראָגט ער עס איבער אַהין, וווּ עס איז נייַ־טיק. ענדלעך דרייט ער זיך אויס מיטן רוקן צו דער פיגור און לאָזט זיך גיין אַרופצו איבער די הילצערנע טרעפּלעך, וואָס פירן צו די קאָר־פּוסן און צו דער אויסגעצויגענער איינשטאָקיקער גאָרקיך. אים באַגלייט אַ גאַנצע קאָמפּאַניע נײַע אָנהענגער און פאַרערער.

בײַ איין טיש מיט איסאַקן זיצט עלזע קאַלנין — אַ ריגער מיידל, וואָס האָט פריִער קנאַפּ אויפמערקזאַמקײַט געווענדט אויף איר שאָכן, גע־

האט אפילע פארדראָס, האלעמײַ עס איז איר ניט אויסגעפאלן א שענערער, פריילעכער און ייִנגערער שוטעף באם טיש, איידער דער דאָזיקער געלבלעכער מאנספארשוין, וואָס מע קאָן ניט פארשטיין, צי איז ער געל פון דער נאטור, צי די זון האָט עס אים אזוי אָנגעבראָטן, צי עפשער איז ער ביכלאל אזא פון א ניט גרינג לעבן. ער איז א באשיידענער, זייער א העפלעכער, שמייכלט אײַנגעהאלטן און שווײַגט. די מײַכאָלים מאכט ער גיך פארטיק מיט א גלענצנדיקן אפעטיט, אָבער ער האלט פון עטיקעט און הייבט זיך קיינמאָל ניט אוף פריִער פון די איבעריקע, דערבײַ איז בא אים אזא מינע אפן פּאָנעם, ווי ער וואָלט אלעמען פארהאלטן, און שוין גאָר קינדעריש קומט אויס דער „דאנק״, וואָס ער זאָגט נאָכן עסן צו אלעמען און צו קיינעם ניט. עלזע האָט ניט ליב אזעלכע שטילע איידעלע פארשוינען. ארום איר טומלט זיך שטענדיק. דאָרט, ווו זי איז, איז לעבעדיק און פריילעך. גאנצפרי לויפט זי ארויס אינעם בלויען באָד־קאָסטיום אפן פּליאזש מיט א רייף אין דער האנט און הייבט אָן מאכן אזעלכע שטיק, אז אלע שטוינען: אָן עמעסע צירק־ארטיסטקע. די רייף דרייט זיך בא איר ווי א וויכער — צווערשט ארום דער ברוסט, דערנאָך לאָזט זי זי אראָפּ נידעריקער, און די רייף דרייט זיך אפן בויך, ווײַטער — אף די קנעכלעך — און פאלט ניט אראָפּ. דער באָד־קאָסטיום מינעט זיך און גלאנצט, ווי די ליסקע פון א צאפּלדיקן פיש. ווען עמעצער פון די מאנצבלען וויל איבערכאזערן די זעלבע קונצן און ס׳באקומט זיך ניט בא אים, ווײַזט עלזע, וויִאזוי מע דארף עס טאָן, דערבײַ מאכט זי א פּאָר אזעלכע באוועגונגען, אז דער אוילעם גאפט.

מיט קיינעם פון די יונגעלײַט שפּאצירט זי ניט באזונדער, זי האָט א סוויטע, אָבער קיין אויסוואל האָט זי נאָך ניט געמאכט, זי זוכט איר פּאסיקע פּאָר. איצט, ווען זי האָט באם טישל דערהערט די סענסאציאָנעלע נײַס וועגן איר שאָכן, אז ער איז א סקולפּטאָר, האָט זי גרויסארטיק, ווי א קיניגן, וואָס ווייסט, אז איר פאָרשלאָג וועט מיט פארגעניגן אָנגענומען ווערן, א זאָג געטאָן צו באָבראָוון:

— קומט, איר וועט מיר ווײַזן אײַער מאכערײַקע, — און האָט אים גענומען אונטער דער האנט.

אלע זומערשפּרענקלעך, וואָס ווערן געוויינלעך אין אָוונט בלאסער און ניט אזוי אָנזיכטיק בא באָבראָוון אפן פּאָנעם, האָבן איצט זיך צעברענט, ווי אין א העלן באטאָג. ער איז ארויס מיט איר פון דער גאָרקיך, באגלייט זי ביזן בערגל, פון וועלכן מע גייט אראָפּ צום יאם, און זיך אָפּגעשטעלט.

— אָט דאָרט איז זי... די מאכערײַקע, איר וועט זי געפינען, — האָט ער מיט א פינגער אָנגעוויזן אין דער טונקל.

— אך, סארא איידלמאן איר זײַט, — האָט זי איראָניש באמערקט, — אײַך קומט אפילע ניט אפן זינען, אז איך קאָן זיך איבערשרעקן אף טויט? מע זאָגט, אז די פיגור איז ווי א לעבעדיקע...

זי האָט אים לײַכט א צי געטאָן צו זיך, און ביידע זײַנען אוועק לענגויס דעם ברעג. מיטאמאָל — א ביסל מיט א קיוון, א ביסל טאקע איב־

דערעמעסן א דערשראָקענע, — האָט עלזע א געשריי געטאָן. זי איז שיר ניט ארופגעטראָטן אף א מענטשן.

א באגאָסענע מיט אָראנזשעווער לעוואָנע־שײַן, האָט די פיגור אפּן זאמד איצט נאָך מער, איידער פריִער, געהאַט דעם אָנבליק פון א לעבע־דיקן וועזן. די אויסגעהוילטע אויגן האָבן געפינקלט, די באשאָטנטע פינ־גער פון די הענט און פון די פיס האָבן, דוכט, עטוואָס זיך באוועגט.

ניט־געײַלט האָבן זיי זיך געלאָזט גיין ווײַטער און ניט פארקערע־וועט אף צוריק דאָרטן, ווו דער אוילעם פארענדיקט געווייגלעך דעם אָוונטיקן שפאציר און קערט זיך אום. דורכגעמאכט א גוט שטיקל וועג, האָבן זיי זיך צוגעזעצט אף איינער פון די בענק, וואָס זײַנען מיט סימעטרישער פּינקטלעכקײַט צעשטעלט לענגויס דעם פּליאזש. די באנק איז געווען פײַכט, באדעקט מיט אָוונט־טוי. עלזען איז געוואָרן קאלט, און זי האָט זיך ארונטערגערוקט אונטער באָבראָווס רעקל. באָבראָוו האָט שוין געוווּסט, אז זי איז געווען א כאסענע־געהאַטע, אז זי האָט זיך געגעט און איצט קלײַבט זי זיך ווידער כאסענע האָבן, נאָר דער נײַער כאָסן אירער געפעלט איר ניט. עלזע האָט אָן אופהער געפּלאפּלט.

— איך האָב אן עקלהאפטן כאראקטער, — איז זי זיך מוידע געווען. — נאָר איין זאך האָב איך שטענדיק ליב — די רייף. זי ווערט מיר קיינמאָל ניט דערעסן.

בא באָבראָוון האָבן געקלאפּט די אָדערלעך אף די שלייפן און ס׳האָט געטיאָכקעט דאָס הארץ. ער איז געווען איבערראשט פון דער צוטריטלעכ־קײַט פון דער שיינער יונגער פרוי, וואָס זיצט לעבן אים. ער האָט זיך באמיט ארויסרופן אין דימיען זײַן איידל־צניִעסדיק ווײַבל, ווײלכער ער האָט ביז איצט ניט פאראטן אפילע אין געדאנק.

— דערציילט מיר כאָטש עפּעס... פון אײַער שווײַגן בין איך שוין פארפרוירן געוואָרן. — עלזע האָט זיך צונויפגעצויגן אין א קנײַלכל, ווי זי וואָלט אף אן עמעס געציטערט פון קעלט. — איר זײַט שוין לאנג א סקולפּטאָר?

— איך בין ביכלאל ניט קיין סקולפּטאָר, — האָט באָבראָוו געענטפערט מיט זײַן געווייגלעכער באשיידנקײַט. — ס׳איז בא מיר ניט מער ווי א בײַזאך. איך האָב צו טאָן מיט ציפערן, און נאָך א טאָג ארבעט, ווען די אָנצאָליקע ציפערן הערן ניט אוף צו שווינדלען פאר די אויגן, איז בא מיר די בעסטע זאך נעמען א שטיקל ליים און קלעפּן. כ׳קלעפּ אלץ, וואָס עס קומט אפּן זינען — מענטשן, כײַעס, שיידים... ס׳איז אן אויסגע־צייכנטער אָפּרו. בא אונדז אין אינסטיטוט, אָנגעהויבן פונעם דירעקטאָר ביזן פראָגראמיסט און לאבאָראנט, האָט זיך יעדערער זײַן מעשוגאַס. איינער איז א פישפאנגער, דער אנדערער איז א יעגער, דער דריטער איז א מוזיקאנט אף א בלאָז־אינסטרומענט, בלאָזט ארויס די נעשאָמע, אלע צעלויפן זיך, ווען זײַן טראָמבאָן נעמט רעווען, צוויי זייער כאָשעווע וויסנשאפט־דאָקטוירים קלײַבן מארקעס, קאָנקורירן צווישן זיך מיט די קאָלעקציעס. א זעכציקיאָריקער געלערנטער ווארט מיט אומגעדולד אפּן

זומערדיקן אורלויב — ער וויל שוין גיכער קלעטערן אַף די בערג. אַז מע האָט ליב די גרונט־פּראָפעסיע, די גרונט־אַרבעט...

— מײַן אַרבעט איז אַזאַ, אַז עס איז ניטאָ וואָס ליב צו האָבן, — האָט עלזע אַ צוק געטאָן מיט אַן אַקסל.

— אויב ס'איז ניט קיין סאָד... — האָט באַבראָוו זיך פֿאַרינטערעסירט.

— קיין שום סאָד ניט. איך בין אַ פֿאַריקמאַכערשע. אין מאַנצבלשן זאַל.

— כ'שטעל זיך פֿאָר, וויפֿל אומשולדיקע מאַנצבלשע קעפּ איר צעקאַליעטשעט פֿאַר אַ טאָג, — האָט באַבראָוו זיך אַ וויצל געטאָן.

— דערווײַל האָט אַף מיר קיינער זיך ניט געקלאָגט. עמעס, ס'טרעפֿט, אַז אַ נערוועזער קלײַענט טוט זיך אַ קנייטש, ווער איך ניט איבעראַשט...

עס איז שוין געווען שטאָקפֿינצטער. פֿאַרשוווּנדן איז דער אונטערשייד צווישן יאַם און ברעג, אַלץ האָט זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין געדיכטער בלויער מאַסע.

— צײַט זיך אומצוקערן, — האָט באַבראָוו זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער פּײַכטער באַנק.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, ווידער זייער פֿאַמעלעך, איבערן אײַנגעטראָטענעם זאַמד האַרט באַם יאַם־זוים. אין אָפּרו־הויז זײַנען זיי געקומען, ווען אין די קאָרפּוסן איז שוין געווען אויסגעלאָשן די ליכט און די טירן — פֿאַרמאַכט.

עלזע האָט געהייסן באַבראָוון אונטערשטעלן דעם רוקן. זי איז פֿלינק אַרופֿגעשפּרונגען אַף אים און דורכן פֿענצטער אַרײַנגעקראָכן אין איר פּאַלאַטע.

אויפֿגעשטאַנען איז עלזע זייער פֿרי, אַפֿילו פֿרײַער פֿונעם האַרמאָניסט, וואָס וועקט און רופֿט צו דער פֿרימאָרגנדיקער גימנאַסטיקע. שטיל איז געווען דער יאַם, קיין מינדסט וועלכל האָט ניט באַאומרויִקט די שעמערירנדיקע אומענדלעכע איבערפֿלאַך. די מעוועס זײַנען אויך געפֿלויגן שטיל און נאָענט צום ברעג, שטיל זיך אַראָפּגעזעצט, ווי מוירע האָבנדיק אויפֿצווּודערן דעם אַרום. די זון, אַ קאַלטע, אַן אויסגעוואַשענע, איז אַרויסגעשוווּמען פֿונעם וואַסער, ווידער מיט איר רעגנבויגנדיקן לייטערל, איצט שוין צוליב אויפֿהייבן זיך אַרופֿצו, אַפֿן הימל. עלזע האָט זיך אויסגעבאָדן, אַ פּאָר מאָל אַ דריי געטאָן די רייף אַרום די לענדן. פּלוצעם זיך אין עפּעס דערמאָנט און ראַשיק זיך געלאָזט לויפֿן איבערן זאַמד. זי איז געלאָפֿן און געזוכט. צי דען האָט זי פֿאַרגעסן דאָס אָרט?

די פֿיגור איז ניט געווען. נאָך פֿרײַער פֿון עלזען איז אַפֿן פּליאַזש געקומען די אויפֿראַמערן און מיט דער לאָפּעטע און מיטן בעזעם געמאַכט פֿון דער פֿיגור אַ בערגל, דערנאָך איז דורכגעפֿאָרן אַ לאַסטמאַשין, וואָס נעמט צונויף דעם שמוץ פֿון די אורנעס, און דאָס בערגל אויסגעגלײַכט. עס איז נאָר געבליבן אַ טונקעלער שפּור אַפֿן זאַמד. עלזען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דעם פּליאַזש פֿעלט עפּעס זייער אַ גוטע, אויסטערלישע זאַך. זי האָט אָנגעכאַפּט איינעם אַ דיקלעכן מאַנצבל, וואָס האָט אין אַ בלויער טיובעטייקע און אין אַ בלויען כאַלאַט געשפּאַנט מײַסע קאָמענ־

דאנט איבערן ברעג, און אַן אופגעקאָכטע אים געטומען דערוויַיזן, וואָס פּאַר אַ פאַרברעכן מע איז באַגאַנגען:

— עס איז דאָך געווען אַן עמעס קונסט־ווערק, אַלע זײַנען געווען אַנציקט!

— אַף זאַמד בויט מען ניט, — האָט יענער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

גופא דער סקולפּטאָר איז אויך געבליבן גלײַכגילטיק און ניט געהאַט קיין שום פּאַרדראָס. ער איז געווען אפילו צופרידן. „די נעכטיקע האָט ניט געטויגט״, — האָט ער אַ ברומקע געטאָן מער צו זיך אַליין, ווי צו עלזען, ווען יענע איז אַ צעהיצטע אַרײַנגעקומען צו אים גלײַך אין דער פּאַלאַטע און אָנגעזאָגט די טרויעריקע נײַס. נאָך פרישטיק האָט ער פּאַ־וואָליע מיטן שטעקעלע זיך גענומען צו דער אַרבעט. דאָס מאָל האָט ער אויסגעקלעפּט אַ מיידל, וואָס ליגט און לייענט. די פיגור האָט זיך אים זייער אײַנגעגעבן און ווידער בײַ אַלעמען אַרויסגערופן אַנציקונג. אָבער זי האָט עקזיסטירט נאָך ווייניקער, ווי די נעכטיקע. ווען דער אוילעם איז אַוועק עסן מיטיק, איז אַ כוואַרעמאַן אַ צולאָכעסניק אַרופגעטראָטן צוערשט אַף דער האַנט פון דער פיגור, דערנאָך אַפן האַלדז, ווײַטער האָט ער זיך גענומען צום קאָפּ, צום בויך און אַזוי צוביסלעך אײַנגעזאַנצן זי כאַרעוו געמאַכט.

די קנאַפּע פיר וואָכן, וואָס באַבראָוו איז געווען אין אָפּרו־הויז, האָט ער יעדן טאָג געמײַסטרעוועט, אָבער קיין איין ווערק זײַנס האָט ניט עקזיסטירט אפילו איין מעסלעס. די לעצטע פיגור, וואָס ער האָט געמאַכט פּאַרן אָפּפאָרן, האָט עלזע באַשלאָסן צו פאַרהיטן ווי ווײַט מעגלעך לענגער. זי איז אופגעשטאַנען, ווי נאָר ס׳האָט גענומען שאַרײַען, און אַוועקגעלאָפן אַפן פּליאַזש, אפילו פאַרגעסן מיטצונעמען די רייף. זי האָט געײַלט קומען פריִער פון די אופּראַמערנס, פריִער פון דער מאַשין און פון אַלע אַנדערע אַנשיקענישן. דאָס מאָל האָט זיך אָבער באַמיט גופא דער יאַם. אינמיטן דער נאַכט האָט ער אַ ביסל פרײַער אַן אָטעם געטאָן, אַרופגעלאָזט די כוואַליע העכער אַפן ברעג און אָפּגעלעקט די פיגור. טרעטנדיק איבערן נאַסן זאַמד, האָט עלזען זיך געדוכט, אַז דער זאַמד סקריפּעט בײַ איר אַף די ציין. „אָט אַזוי ווערט אַלץ אַראָפּגעשווענקט, — האָט זי אַ טראַכט געטאָן, — און ס׳בלײַבט גאָרניט. הוילער נאַסער זאַמד״. אַ מאָדנער אומבאַ־קאַנטער אומעט האָט זי אַרומגעכאַפּט. זי האָט אַף אַ ווײַלע צוגעמאַכט די אויגן, און ווען זי האָט זיי געעפנט, האָבן זיי גלײַך בײַ איר אופגעלויכטן און זיך צעשײַנט. פון די טרעפּלעך, אַף דרײַ פּערטל פאַרגראָבענע אין זאַמד, האָט פריילעך און מונטער, מיט אַ לידל, געשפּאַנט באַבראָוו, אָנ־געטאָן אין אַן עלעגאַנטן אָנצוג פון לאַווסאַן, מיט אַ פּעטראָוון הוט אַפן קאָפּ. צום לעצטן מאָל איז ער אַרויס אַ קוק טאָן אַפן יאַם און אַרײַנוואַרפן אין אים אַ מאַטבייע — אַזוי איז שוין אײַנגעפירט. די גרעסטע אַפּיקאָרסים טוען עס פּאַרן אָפּפאָרן אַהיים.

— אַראָפּגעשווענקט, — האָט עלזע אָנגעוויזן אַפן אָרט, וווּ עס איז געווען די פיגור.

— דער זאמד איז איצט גוט און עס איז קיל. ס׳וועט זײַן גרינג צו ארבעטן. — באַבראַוו האָט, ניט פארטראַכטנדיק זיך, אויסגעטאָן דאָס רעקל, געפונען א פאסיק שפּענדל, וואָס דער יאם האָט ארויסגעוואָרפן, און זיך גענומען צו דער מלאָכע.

— איר דארפט דאָך שוין אוועקפאָרן, — האָט זיך עלזע געוווּנדערט.

ווען דער אוילעם פונעם אָפּרו־הויז האָט ארויסגעשאָטן אפן יאם־ברעג, איז שוין דאָ געווען א נײַ פּרעכטיק געשטאַלט פון זאמד — א מיידל מיט א רייף. אלע האָבן גלײַך דערקענט עלזען.

— איצט זײַט איר שוין פאררייביקט, — האָט מען מיט דער לעבעדיקער עלזען גענומען שפּאסן.

— העכסטנס אף א מעסלעס, — האָט זי זייער ערנסט און טרויעריק געענטפערט. — אלציינס בלײַבט קיין זייכער ניט.

א סוואָרע, אז א זייכער איז דאָך געבליבן.

דער גאנצער פליאזש האָט באַבראַוון באגלייט א שטיק וועג, און עלזע איז געקומען מיט אים אף דער סטאנציע, געשטאנען אף דער פּלאטפאָרמע אזוי פארומערט, אז באַבראַוו האָט צוליב איר דורכגעלאָזט צוויי עלעקטראָ־צוגן.

— זיי גייען אלע ווײַלע, — האָט זי זיך פארענטפערט, דערבײַ האָבן בא איר די אויגן פײַכט געגלאנצט.

— איך זעץ זיך אוף באלד ווי איך שטיי און גיי און פאָר מיט דיר, — האָט זי אין דער לעצטער רעגע, ווען באַבראַוו איז שוין געשטאנען אפן טרעפּל פון וואגאָן, געגעבן א הייסן שעפּטשע צו אים.

— נארעלע, ווי׳אזוי איז דאָס מעגלעך? — האָט ער באפרײַט זײַן האנט פון אירער און פאַרזיכטיק זי אָפּגערוקט פונעם וואגאָן, ווײַל דער צוג האָט זיך גערירט.

...יעדן אָפּרו־טאָג קומט עלזע אראָפּ פון ריגע אפן פליאזש. עס מאכט זיך, אפילע שפּעטלעך אין אָוונט. זי שפּאצירט איינע אליין. דערבײַ קוקט זי זיך יעדן מאָל אום, ווי זי וואָלט אפן זאמד עפּעס געזוכט און קאָן עס בעשום־אויפן ניט געפינען.

# אין האָטעל „אינטוריסט״




ווידער און ווידער קומט אהער צו פאָרן דער אינזשעניער זכאריע דאווידאָוויטש לעווינסקי. אייגנטלעך, איז ער מער טוישעוו דאָ, אין וואָלנאָוויסק, ווי אין קיִעוו, ווו עס לעבט זײַן פאמיליע און ווו ער ארבעט אין א וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. זינט דער אינסטיטוט האָט זיך אונטערגענומען צו העלפן אווטאָמאטיזירן אייניקע אגרעגאטן אפן וואָלנאָוויסקער מעטאלורגישן זאוואָד, קריכט לעווינסקי ניט ארויס פון די קאָמאנדיראָווקעס. איצט איז ער שוין פון דער היים קנאפע זעקס וואָכן, ער וווינט אין „אינטוריסט״ — א קליין האָטעלכל, וואָס געפינט זיך אין איינעם פון די זאוואָדישע קאָמונאלע הײַזער און באשטייט סאכאקל פון פינף צימערן, וועלכע די זאוואָד־דירעקציע האלט פאר אויסלענדישע געסט. אויסלענדער זײַנען ניט שטענדיק פאראן, — לעבן אין די קאָמפאָרטאבעלע

נומערן קאָמאַנדיראָוואַטשנע פֿון אַ גאַנץ יאָר. לעווינסקי פֿאַרנעמט אַ פּרעכטיקן נומער „ליוקס“ מיט צוויי פֿענצטער, דורך וועלכע עס זעט זיך אַ שטיקל גאַס, אַ שטיקל סקווער און אַ שטיק יאַם. אינעם צימער איז פֿאַראַן אַ שאַפֿע, וואָס פֿאַרנעמט אַ גאַנצע וואַנט. באַטאָג הענגט אין איר עלנט און איינזאַם לעווינסקיס ייִדענע פּיזשאַמע.

דער דירעקטאָר פֿון האָטעל האָט ליב צו וואָרענען די איַינוווינער, אַז זיי וועלן אײַנגיכן זיך דאַרפֿן אַרויסקלײַבן, ווײַל ס'קומט אַראָפּ אַ דעלעגאַציע. לעווינסקין, וואָס האָט היפּשלעך זיך דאָ פֿאַרהאַלטן, האָט ער שוין אַ פּאָר מאָל געגעבן אָנצוהערן:

— מיר וואַרטן אויף געסט.

צוויי מענטשן ווילן, אַז זכאַריע דאַווידאָוויטש זאָל אָוועקפֿאָרן: דער דירעקטאָר פֿונעם האָטעל און דער הויפּט־עלעקטריקער פֿון דאַמבע־צעך. איינער וויל סטאַם אַזוי, אָן אַ פֿאַרוואָס, בלויז דערפֿאַר, ווײַל ער וואָלט שוין געוואָלט זען אַן אַנדער פּאַרשוין אין זײַנע אַפּאַרטאַמענטן. דער צווייטער האָט יאָ אַ סיבה, און אַ גאַנץ וועזנטלעכע. ער קוקט אויף לעווינסקין, ווי אויף אַ זײַטיקן פּאַרשוין, וואָס שטערט דער אַרבעט: עפּעס אַן אַראָפּגעקומענער וויסנשאַפֿט־טוער, אַ קאַבינעט־געלערנטער, מישט זיך אין די פּראָדוציר־איניאַנים, האָט שטענדיק טײַנעס און פּאָדערונגען.

לעווינסקין איז לעצטנס אויסגעקומען איבערצולייענען אַ פּאָר הײַנטצײַטיקע ראָמאַנען אינעם ליטעראַרישן זשורנאַל, וועלכן ער שרײַבט רעגולער אויס. די ווערק דערציילן דעריקער וועגן נאָוואַטאָרן און קאָנסערוואַטאָרן, דערבײַ גאַנץ סכעמאַטיש און פֿאַרײנפֿאַכט. אָבער גראָד מיט אַזאַ איינפֿאַכער, וווּלגאַרער סכעמע האָט ער זיך איצט צוזאַמענגעשטויסן ניט אין קיין בוך, נאָר אין לעבן, אינעם קאָמפּליצירטן, פֿילאַרטיקן און פֿילפֿאַרביקן לעבן, וואָס די שרײַבער, האַלט מען, שילדערן אַזוי שוואַך אָפּ. בײַ זײַן גאַנצער באַשיידנקייט מוז זיך זכאַריע דאַווידאָוויטש מודה זײַן, אַז אין געגעבענעם פֿאַל איז ער — דער פֿאָרגעשריטענער, דער נאָוואַטאָר, און דער הויפּט־עלעקטריקער איז טאַקע דער הונדערטפּראָצענטיקער קאָנסערוואַטאָר, וועמען עס קימערט ווייניק דער טעכנישער פּראָגרעס.

— איר זײַט אַ מאָדנער מענטש, — זאָגט דער הויפּט־עלעקטריקער צו לעווינסקין, — מיר האָבן אָנגענומען בײַ אײַך דעם וואָג־וואַגאָן? אָנגענומען. מיר האָבן פֿאַרשריבן, אַז ס'איז אַלץ אין אָרדענונג? פֿאַרשריבן. איצט איז שוין ניט אײַער דאגה, ווען מיר וועלן אים אָנהייבן נוצן. דאָס איז אונדזער אייגענע אינערלעכע זאַוואָדישע זאַך. די קלייניקייטן וועלן מיר אַליין פֿאַריכטן.

— גוט. אויב אַזוי, פֿאָר איך אַוועק, — טוט לעווינסקי אָן דאָס קײַלעכיקע בלויע היטעלע אויפֿן קאָפּ און פֿאַרשפּיליעט דאָס אייבערשטע קנעפּל פֿון פּידזשאַקל מיט אַזאַ אימפּעט, אַז עס דוכט — גלײַך לויפֿט ער אויפֿן וואָקזאַל נאָך אַ בילעט. אָבער מע ווייסט שוין, אַז מאָרגן, פּונקט מיטן הודאָק, עפּשער נאָך אַ ביסל פֿריִער, וועט ער זיך ווידער באַווײַזן אינעם טונקעלן כאָלעל, ווו עס שטייט אויף רעלסן דער אויטאָמאַטיזירטער

וואגאָן, אין וועלכן אלץ איז גוט און ריכטיק, נאָר, פונדעסטוועגן, ארבעט ער ניט. עס ארבעט דער אלטער וואגאָן, וואָס איז ניט פארפולקומט און ניט אווטאָמאטיזירט. ער דינט שוין פופציק יאָר, ווי א סאָלדאט א וועטעראן, וואָס האלט זיך בא זײַן פארעלטערטן „אוסטאוו" און פארצײַטיק ביקסל. אן אויסגעשמירטער, ווי א טײַוול, שטיקנדיק זיך פון די רויכן און פונעם שטויב, וואָס זאמלט זיך צונויף צווישן די צוויי זאוואָדישע קאָרפּוסן, ווו עס שטייט זײַן וואגאָן, קריכט לעווינסקי, אײַנגעבויגן אײַנדרײַען, טאפּט אויס יעדע דעטאל. עס פעלן נאָר קלייניקײַטן, אז דער נײַער וואגאָן זאָל אָנהייבן פונקציאָנירן, ווערן אן אויסגעצייכנטער, ארבעטספייִקער אגרעגאט, וואָס וועגט און מעסט מיט גרויסער פּינקטלעכקײַט אלץ, וואָס עס פאָדערט זיך פאר דער דאָמנע.

צוזאַמען מיט לעווינסקין מאטערן זיך נאָך צוויי מענטשן: אן אינזשעניער פון דער זאוואָדישער לאבאָראטאָריע און איינער א יונגער ארבעטער, נאָך וועלכן עס קומט יעדן טאָג מיטיק־צײַט צו לויפן פונעם עלעקטרע־צעך א ווײַסהאָריק צעפּאטלטער כעוורעמאן און שרײַט: „פּטאכא, הײַדא עסן!".

— אינעם אידעאלסטן פּראָיעקט איז אומעגלעך אלץ פאָרויסצוזען, — פארענטפערט זיך לעווינסקי פאר זײַנע געהילפן. — עס לאָזן זיך פילן פארשיידענע פאקטאָרן; אזא פאקטאָר, לעמאָשל, ווי די אויסערלעכע טעמפּעראטור פון דער לופט, בא וועלכער דעם אגרעגאט קומט אויס ארבעטן, אָדער אפילע דער שטויב, וואָס פאלט אף אים. אזעלכע קלייניקײַטן טוען אָן דערנאָך ניט ווינציק צאָרעס.

— צאָרעס אפן פוד, — איז מאסקים פּטאכא.

פונעם זאוואָד קערט זיך לעווינסקי אום זייער א מידער און אויך זייער אן אומצופרידענער. ער נעמט ארויס פון דער שאפע די פּיזשאמע, טוט זי אָן און גייט ארײַן אין וואנע־צימער. דאָ שטעלט ער אונטער דעם קאָפּ און דעם נאקן אונטערן קראַן. דאָס וואסער פּלייצט, זכאריע דאווידאָוויטש שלינגט מיט דער נאָז ראשיק די לופט, פּליושקעט זיך, פּאטשט זיך איבערן קארק און ברומקעט בײַסמײַסע: «По военной дороге...»[1].

אן אָפּגעפרישטער לייגט ער זיך צו אפן ברייטן דיוואן, ווו עס איז דאָ אָרט פאר פיר אזעלכע לעווינסקיס. ער נעמט לייענען נאָרבערט ווינערס בוך „איך בין א מאטעמאטיקער". ס'איז אים געבליבן צו פארענדיקן א פּאָר צענדליק זײַטלעך, נאָר עפּעס לייענט זיך ניט.

„מע דארף טאקע פאָרן אהיים, — טראכט ער, פּונקט ווי אָט דער געדאנק איז גאָר פריִער אים קיינמאָל ניט געקומען אפן זינען, — זאָל אראָפּקומען אהער דער אינזשעניער פושקאריאָוו. ער איז ייִנגער און האָט גוטע עלנבויגנס. ער וועט זיך אלץ דערשלאָגן".

לעווינסקי האָט זיך אופגעהויבן מיטן באשלוס שיקן אין אינסטיטוט א טעלעגראמע, אז ער פאָרט ארויס און אז ער בעט, מע זאָל אף זײַן אָרט שיקן פושקאריאָוון.

[1] א שורע פון א פּאָפּולערער ליד — „איבער דעם מילכאָמע־וועג"...

ער האָט ניט געהערט, ווי מע האָט אָנגעקלאַפּט. עס איז אַרײַנגעקומען דער דירעקטאָר פונעם האָטעל — אַזאַ אופגעלעבטער, מיט אַזאַ שײַנענדיק פּאָנעם, אַז לעווינסקי איז שוין גרייט געווען אויסהערן די בסורע, אַז עס קומט אַ דעלעגאַציע און ער דאַרף זיך אַרויסקלײַבן. גלײַך נאָכן דירעקטאָר איז אין צימער אַרײַן נאָך אַ פּאַרשוין — אַ יונגער, שיינער, עלעגאַנט געקליידטער באָכער מיט אַ בלאַנקענדיק־נײַעם טשעמאָדאַן אין איין האַנט און מיט אַן אימפּאָזאַנטן געלן פּאָרטפעל אין דער צווייטער.

— איך האָב אײַך געבראַכט אַ שאָכן. כ׳האָף, אַז ער וועט אײַך ניט שטערן, מיר וועלן דאָ אוועקשטעלן נאָך אַ בעט, — האָט דער דירעקטאָר האַפּערדיק געזאָגט, און אַ צופרידענער פונעם שידעך, וואָס ער האָט געמאַכט, איז ער מיט אַן אונטערטאַנצנדיק געגנגל אַרויס.

זכאַריע דאַווידאָוויטש האָט גרינג אָפּגעעטעמט. עס האָט אים געפרייט, וואָס ער דאַרף ניט פאַרלאָזן דעם נומער און זיך פּעקלען אין אַן אַנדער אָרט. וועגן דעם, אַז אָקאָרשט האָט ער געהאַט באַשלאָסן אוועקפאָרן, האָט ער שוין פאַרגעסן.

דער יונגערמאַן האָט דערווײַל אוועקגעשטעלט די זאַכן אין אַ ווינקל און אופגעהויבן אָפּן מענטשן אין דער פּיזשאַמע אַ פּאָר קײַלעכיקע הימל־בלויע אויגן מיט שיטערלעכע ברעמען, ווי ער וואָלט געוואָרט, יענער זאָל עפּעס פרעגן אָדער זאָגן. זכאַריע דאַווידאָוויטש האָט מיט היפּשן אינטערעס אָנגעקוקט דעם נײַעם אוירעך און געוואָלט לויטן ערשטן בליק טרעפן, ווער ער איז און פונוואַנען. די שווײַגנדיקע פּויזע האָט זיך געצויגן, ביז דער יונגערמאַן האָט זיך דער ערשטער פאָרגעשטעלט.

— פראַנץ מיולער, — האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט אַן אונטערכריפּענדיקן רייש און אויסגעשטרעקט די האַנט, אַ באַדעקטע פון אויבן מיט קליינטשינקע בלאָנדע הערעלעך. אָפּן מיטלסטן פינגער האָט ער געטראָגן אַ רונג.

— לעווינסקי, — האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש מיט געוויסער פאַרלוירנקײַט אים דערלאַנגט די האַנט.

פראַנץ מיולער האָט אופגעעפנט דעם טשעמאָדאַן, אַרויסגענומען אַ שיין עלעקטריש גאָל־אַפּאַראַטל און אַנדערע פײַנע מיניאַטיורע טואַלעט־כפייצים, אַלץ פאַנאַנדערגעלייגט פּונקט אָף אַ העלפט פּאָליצע אינעם וואַנע־צימער, דערנאָך האָט ער אופגעהאַנגען אין דער שאַפע פאַרשיידנקאָליריקע העמדלעך, צום סאָף אוועקגעלייגט אָפּן טיש צוויי גראָבע בי־כער — אַ דײַטשיש־רוסישן ווערטערבוך און אַ רוסיש־דײַטשישן. די גאַנצע צײַט, וואָס ער איז געווען פאַרנומען מיט באַשטאַטן זײַן פאַרמעגן, האָט ער באַדאַכט, פּאַוואָליע גערעדט, אָפּגעשטעלט זיך נאָך יעדעס וואָרט אָף אונטערצוקלײַבן דאָס צווייטע, דערבײַ יעדן מאָל מיט אַן אַנטשולדיקונגס־שמייכל געפרעגט, צי האָט ער ניט געמאַכט קיין טאָעס אינעם סופּיקס, אין דער בייג־פאָרם? אין אַלגעמיין האָט ער ניט שלעכט גערעדט אָף רוסיש. ער האָט דערציילט, אַז ער האָט פאַרענדיקט דעם בערלינער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט און אַז ער איז געקומען אַהער סטאַזשירן אָפּן

מעטאַלורגישן זאַוואָד. צוויי זײַנע כאַווײרים וועלן סטאַזשירן אויפֿן דאָניעצקער זאַוואָד.

מיט אַ שווערער געפֿיל האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש זיך צוגעהערט צו די פּאַוואָליע רייד פֿון זײַן אומגעריכטן שאַכן, וואָס האָט יעדן מאָל זיך אָפּגעשטעלט און געפּרעגט, צי האָט ער ריכטיק געבויט די פֿראַזע, צי זאָגט מען אַזוי אין רוסיש. שווערע בלוטיקע דערמאָנונגען זײַנען אופֿגעשווומען און האָבן פֿײַנלעך צונויפֿגעפּרעסט דאָס האַרץ. שוין צוואַנציק יאָר, ווי די מילכאָמע האָט זיך פֿאַרענדיקט. ער האָט שוין לאַנג אַ צווייטע פֿאַמיליע. אַ גוטע פֿרוי, דערוואַקסענע, געראָטענע קינדער. אָבער די אַלטע ווונד פֿאַרהיילט זיך ניט און וועט, ווײַזט אויס, זיך קיינמאָל ניט פֿאַרהיילן. מילכאָמע־צײַט איז לעווינסקיס גאַנצע מישפּאָכע — דאָס ווײַב, דאָס יאָריקע קינד, צוויי שוועסטער — אומגעבראַכט געוואָרן. לעבעדיקערהייט האָט מען זיי אַרײַנגעשלײַדערט אין גרוב, דרײַ קילאָמעטער הינטער וואָלאָוויסק; די גרוב איז געוואָרן אַ קאָלאָסאַלער ברודער־קייווער. ער, לעווינסקי, אַליין איז צוויי מאָל געווען פֿאַרווונדעט, דערבײַ, דאָס צווייטע מאָל, אַזוי שווער, אַז ווען מע האָט אים אויסגעשריבן פֿון שפּיטאָל, האָט דער דאָקטער זיך מוידע געווען: ער האָט קנאַפּ געגלייבט, אַז דער כוילע זאָל לעבן בלײַבן. אָן אַ צאָל קליינטשינקע שפּליטערס שטעקן ביז איצט בײַ לעווינסקין אין ביידע לאָפּעטקעס, עס איז זיי אוממעגלעך אַרויסנעמען.

מיט טיפֿן נײַגער און אינטערעס האָט ער זיך איצט אײַנגעקוקט אינעם יונגן דײַטש, אין זײַן פֿריש פּאָנעם, וואָס איז גוט אָפּגעברענט אויף דער זון, אין די העל־בלויע בלימלדיקע אויגן, וואָס וואָלטן מער געפּאַסט אַ מיידל. וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אָט דער יונגערמאַן? וועגן וואָס קלערט ער? וואָס פֿאַרא שטרעבונגען האָט ער, וואָס פֿאַרא אידעאַלן? נאָך דער מילכאָמע איז לעווינסקין עטלעכע מאָל אויסגעקומען זיך צו טרעפֿן און ריידן מיט מענטשן פֿון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, ער איז געווען צוזאַמען מיט זיי אויף אַ צווישנפֿעלקערלעכער קאָנפֿערענץ און אויף אַ סימפּאָזיום, ער האָט זיך באַקאַנט מיט אַ בעקאָוועדיקן דײַטשישן פּראָפֿעסאָר, וואָס אַרבעט שוין אַ סאַך יאָרן איבער די זעלבע פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס איז באַשעפֿטיקט אין אינסטיטוט דער אָפּטייל, מיט וועלכן לעווינסקי פֿירט אָן. דאָס זײַנען אָבער אַלץ געווען גאַנץ קורצווײַליקע באַגעגענישן, דערהויפּט מיט באַיאָרטע לײַט, אַלגעמיין־באַקאַנטע אויסגעפּרוווטע אַנטיפֿאַשיסטן. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך באַגעגנט, און אַזוי נאָענט, מיט אַ יונגן מענטשן פֿון נײַעם דײַטשלאַנד. צי האָבן די זין באַנומען די גאַנצע שולד פֿון זייערע פֿאָטערס, וואָס האָבן געטראָטן אונדזער ערד, גערויבט, געמאָרדעט, פֿאַרגאָסן טײַכן בלוט, פֿאַרלוירן יעטווידן שפּור פֿון מענטשלעכן געפֿיל, פֿאַרלוירן דעם מענטשלעכן אָנבליק, זיך פֿאַרוואַנדלט אין עמעסע כײַעס, ערגער פֿון כײַעס. זכאַריע דאַווידאָוויטש האָט געהאַט אַ גרויסע באַדערפֿעניש גוט זיך דורכשמועסן מיטן באָכער, אויספֿרעגן אים, זיך דערוויסן זײַנע געדאַנקען.

דערווײַל האָט זיך צעפּראַלט די טיר פֿונעם נומער און מע האָט אַרײַנגעטראָגן אַ בעט, פּונקט פֿון אַזאַ ברייט, ווי בײַ לעווינסקין. אַזוי אַז דעם

טיש, וואָס איז געשטאַנען צווישן די צוויי פּענצטער, איז אויסגעקומען איבערוקן אין א ווינקל. א פּרוי מיט א מילד פּאָנעם און געניטע הענט האָט פיַין פּאַרבעט, פּאַריינוועגס אופגעשלאָגן די קישנס אַף לעווינסקיס געלעגער, צולעצט האָט זי צוגעווונטשן גוט זיך אָפּרוען און איז אַרויס.

— פּאַרלאַנגט איר ניט זיך אויסבאָדן אין יאַם? — האָט מיולער געפרעגט לעווינסקין און גלײַך ארופגעוואָרפן אַף אַן אַקסל דעם האַנטעך. — אייגנטלעך, האָב איך נאָך אַף מײַן לעבן קיין יאַם גוט ניט געזען; בלויז דורכפּאַרנדיק, דורכן פּענצטער פון דער באַן, — איז ער זיך מוידע געווען.

זכאַריע דאַווידאָוויטש האָט א טראַכט געטאָן, אַז זינט ער איז געקומען אין וואָלנאָוויסק, האָט ער זיך סאַכאַקל געבאָדן איין מאָל און אַז מע דאַרף כאָטשבי זיך אויסבאָדן א צווייט מאָל.

אין א ווײַלע אַרום זײַנען ביידע געגאַנגען איבער דער אָוונטיקער פּרונזע־גאַס, ווו אין די סאַמע זוניקע הייסע טעג איז טונקל און קיל. די צווײַגן פון די הויכע לינדנביימער פון איין זײַט טראָטואַר פלעכטן זיך געדיכט איבער מיט די צווײַגן פון די ביימער פון דער אַנדערער זײַט און בילדן אויס א טונקעלן קאָרידאָר, אין וועלכן עס זיפּן זיך קוים דורך די פינקלענדיקע גרײַפּעלעך פון דער זון. עס זײַנען געשטאַנען וואַרעמע, זייער וואַרעמע טעג. אָבער די בלעטער, כאָטש זיי האָבן זיך נאָך פעסט געהאַלטן אַף די צווײַגן, זײַנען שוין געווען געלבלעך. זיי האָבן שטיל גערוישט און געציטערט, וואָרענענדיק זיך אַליין וועגן דער געפאַר אַראָפּ־געשמיסן צו ווערן פונעם ערשטן שטאַרקערן ווינט.

פון דער פּרונזע־גאַס האָבן לעווינסקי און מיולער פאַרקערעוועט צו דעם אַראָפּבאַרגיקן טייל שטאָט, ווו עס ליגן די פיר סלאָבאָדקע־געסלעך, איין געסל נידעריקער פונעם אַנדערן. מיט יעדן טראָט לאָזט זיך דאָ שאַרפער פילן דער פײַכטער יאַם־ווינט, אַלץ דײַטלעכער הערט זיך די אייביקע פּלאַפּלערײַ פון די כוואַליעס.

אונטער דער לאַסט פון איינער א דערמאָנונג האָט זכאַריע דאַווידאָ־וויטש פּלוצעם זיך פאַרוואָלט דערציילן, וויאַזוי ער איז פון דער דאָזי־קער שטאָט אוועק אַף מילכאָמע, וויאַזוי די דײַטשן האָבן דאָ אומגעריכט אַרויסגעזעצט א דעסאַנט.

— אין אָט דעם ראַיאָן איז פאָרגעקומען א בלוטיקע שלאַכט, — האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש אָנגעוויזן אַף די אײַנגעטונקענע אין גרינס סלאָ־באָדקע־הײַזער.

— מיר איז די שטאָט אויך באַקאַנט, כאָטש כ'זע זי צום ערשטן מאָל, — האָט מיולער זיך אָפּגערופן. ער האָט עס אַרויסגעמורמלט ניט דײַטלעך, — ווען איך בין אַלט געווען דרײַ יאָר, האָבן מיר דערהאַלטן א נאַכריכט, אַז מײַן פאָטער, דער זעלנער אָטאָ מיולער, איז אומגעקומען אפן אָסט־פראָנט, אין דער שטאָט וואָלנאָוויסק.

— האַ, ווען איז דאָס געווען? — האָט זיך האַסטיק, מיטן גאַנצן קער־פּער אויסגעדרייט צו אים זכאַריע דאַווידאָוויטש.

— דעם צווייטן אווגוסט 1941. די דאטע איז בא אונדז פּינקטלעך פאַרשריבן.

— ריכטיק. דעם צווייטן אווגוסט 1941 יאָר, — האָט פאַר זיך איבער־געכאַזערט זכאַריע דאַווידאָוויטש.

פּונקט ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געשען, האָט ער געדאַנקלעך דער־זען פאַר די אויגן: פון א הייפל אף דער דריטער סלאָבאָדקע־גאַס, פונעם זעלבן הייפל, וועלכן ער איז אָקאָרשט מיט מיולערן פאַרבײַגעגאַנגען, איז דאַן גלײַך אף אים ארויסגעשפּרונגען א נידעריק־געזעצטער קרעפּטיקער דײַטש — יענער האָט, אפשר, ניט געקענט אזוי גלײַך זיך צונויפשטויסן מיט א סאָוועטישן סאָלדאַט. ניט דער דײַטש, ניט לעווינסקי האָבן ניט באַוויזן אויסשיסן, און ביידע האָבן זיך א וואָרף געטאָן אין א האַנט־געפעכט. ארויסגעהאָלפן האָט לעווינסקין זײַן קליינע שווארצע לאַפּעטקע. פלינק האָט ער מיטן אײַזן יענעם דערלאַנגט אינעם שלייף. דער דײַטש איז אומגעפאַלן. ווער ווייסט, עפּשער איז עס געווען דער זעלבער אָטאָ מיולער?

שווײַגנדיק, יעדערער פאַרטיפט אין די אייגענע געדאַנקען, זײַנען זכאַריע דאַווידאָוויטש און פראַנץ מיולער געגאַנגען ווײַטער. ווען זיי זײַנען שוין געווען גאָר נאָענט צום פּליאַזש, האָט לעווינסקי אָנגעכאַפּט מיולערן פאַרן עלנבויגן. יענער האָט מיט פאַרוווּנדערונג זיך אויסגעדרייט צו אים.

— ניין, צום יאַם וועלן מיר גיין שפּעטער, — האָט לעווינסקי געזאָגט, — פריִער דאַרפט איר דאָ זען עפּעס אַנדערש.

פאַרגרעסערט דעם טראָט, האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש אוועקגעפירט זײַן מיטגייער צו דעם אײַזנבאַן־וועג, וואָס פאַרשטעלט מיטן הויכן אָנשיט דעם פּליאַזש. דערנאָך זײַנען זיי ביידע געפאָרן מיטן טראַמוויַ ביז דער לעצטער סטאַנציע אין עק שטאָט, און פון דאָרט א היפּשלעכן מעהאַלעך נאָך געגאַנגען צופוס. זיי זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען די נאַפט־באַזע מיט די גרויסע ציסטערנעס, וואָס זײַנען אויסגעשטעלט אין א האַלבקרײַז, איבער־געשניטן א שטיק ווייצן פעלד און ארוף אף א שמאָלער גוט־אײַנגעטראָ־טענער סטעזשקע אין א יונג, ווײַזט אויס גאָר ניט לאַנג פאַרפּלאַנצט, דעמבן וועלדל. די סטעזשקע האָט געפירט צו א געבערגלטער אויבערפלאַך, הינטער וועלכער עס האָט זיך געצויגן א טאָל, באַוואַקסן מיט הויך גראָז, דאָרטן האָט זיך, פון צווישן גראָז, ארויסגעהויבן א זיבנמעטערדיקער דענקמאָל, אויסגעפורעמט פון שטאָלענע בויגנס, פון די זעלבע בויגנס, וועלכע עס לאָזט ארויס דער וואָלנאָוויסקער מעטאַלורגישער זאַוואָד.

צוגעגאַנגען האַרט צום אָבעליסק, האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש שווער איבערגעכאַפּט דעם אָטעם. עס האָבן זיך אים אונטערגעהאַקט די פיס, דער גאַנצער קערפּער האָט אים געבראָכן, און פײַנלעך שאַרף האָבן זיך גע־לאָזט פילן די מינען־שפּליטערס, וואָס ליגן נאָך אַלץ בא אים אין די לאַפּעטקעס. ער האָט געמוזט מאַכן א גרויסע אָנשטרענגונג אף ניט אומ־

צופאלן. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט מיטן קאָפּ און מיטן גאַנצן קערפּער צום קאַלטן שטאָל.

— פאַרגעדענקט דאָס דאָזיקע אָרט, — האָט ער מיט א הייזעריק, טויב קאָל געזאָגט צו מיולערן, — אין אָט דעם טאָל האָט מען אומגעבראַכט צוועלף טויזנט מענטשן. צוועלף טויזנט אינגאַנצן אומשולדיקע מענטשן. מע האָט געשלײַדערט אהער קינדער. דאָ ליגט מײַן יאָריק קינד. דאָ איז מײַן גאַנצע מישפּאָכע. איר הערט, פראַנץ מיולער, פאַרשרײַבט עס אין אײַער טוריסטישן טאָגבוך!

מיולער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נאָר באַ די לעצטע ווערטער לעווינסקיס האָט ער זיך געגעבן א גלײַך אויס, אימפּעטדיק צעשפּיליעט דאָס העמדל און שטאַרק פאַרקאַשערט דעם קאָלנער, אַנט־בלויזנדיק דעם נאַקן און א שטיק פּלייצע. ווען ער וואָלט עס ניט געטאָן, וואָלט מען אַלציינס דורכן דורכזיכטיקן ניילאָן־שטאָף געקאָנט זען א רויטן צונויפגעצויגענעם שראַם, עטוואָס העכער פונעם שליסלביין.

— איך געהער ניט צו די, וועלכע האָבן גאָרניט געלערנט, — האָט ער שטיל געזאָגט. — ווען אונדזער רעפּובליק האָט אופגעשטעלט אין בערלין די גרענעץ־וואַנט, בין איך געשטאַנען מיט וואָפן אויף דער וואַך. פון וועסט־בערלין האָט מען אין מיר געשיקט א קויל...

— איר זײַט לאַנג געלעגן אין שפּיטאָל? — האָט געפרעגט לעווינסקי.

— צוויי כאָדאָשים.

אויף צוריקוועגס האָט לעווינסקי פאַרקערעוועט צום יאַם — ניט אַזוי צוליב זיך, ווי צוליב זײַן באַגלייטער. ביידע האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן און צונויפגעלייגט אין צוויי בערגלעך די זאַכן אויפן זאַמד.

דער זאַמד איז נאָך געווען וואַרעם, דאָס וואַסער — אָנגענעם־לעבלעך, ווי אָקאָרשט אויסגעמאָלקענע מילך. איבערן יאַם איז געהאַנגען א דין האָרנדל פון דער לעוואָנע. די לעוואָנע־שײַן האָט שוואַך שעמערירט איבער די קוים באַמערקבאַרע כוואַליעס — טונקעלע, קימאַט שוואַרצע אינדערווײַטנס, באַם האָריזאָנט, און אַלץ ליכטיקערע און ליכטיקערע נעענטער צום ברעג.

שפּילנדיק מיטן מוסקולדיקן קערפּער, א ביסל אונטערציטערנדיק, איז פראַנץ מיט א געדולע אַרײַן אין יאַם. גלײַך נאָך אים, אויך מאַכנדיק פאַרשיידענע ראַשיקע באַוועגונגען, איז אַרײַנגעשפּרונגען לעווינסקי, און מיטן שטײַגנדיקן אימפּעט, וואָס מע דערפילט, ווען איין כוואַליע גרײַפט אָן נאָך דער צווייטער, האָבן ביידע גענומען לייגן „קלאַפּטער". צוערשט האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש איבערגעיאָגט פראַנצן, אָבער אינגיכן האָט זיך זײַן קוראַזש אויסגעלאָזט. עס האָט אים גענומען פאַרפעלן אָטעם, און ער האָט אָנגעהויבן שווימען געלאַסענער.

לעווינסקין איז דער יאַם גוט באַקאַנט נאָך פון די קינדער־יאָרן. ער ווייסט, אַז א פּופּציק קלאַפּטער פונעם ברעג ווערט מיטאַמאָל אַזוי פלאַך דער דעק, אַז מע קאָן זיך שטעלן. דאָס וואַסער דערגרייכט, בימכילע, ביזן פּופּיק, דערנאָך ווערט ווידער טיף, אָבער אויף א קורצן מעהאַלעך

ווײַטער כאַזערט זיך איבער דאָס זעלבע — פּונקט ווי אומיסטן האָט די נאַטור געמאַכט זאַמדבענק, קעדיי די שווימער זאָלן האָבן וווּ זיך אָפּצו־רוען. צווישן דער צווייטער און דער דריטער זאַמדבאַנק האָט מיולער זיך אָנגעטרונקען מיט דער געזאַלצענער וואַסער. ער האָט זיך פאַרכלינעט און אָנגעהויבן מאַכן מיט די הענט און מיט די פיס אַזעלכע מעשוגעדיקע באַוועגונגען, אַז דאָס האָט נאָר געקאָנט באַטײַטן: „ראַטעוועט, איך טרינק זיך".

זכאַריע דאַווידאָוויטש איז צוגעשווומען, אַרומגעכאַפּט אים מיט דער האַנט.

— רויִקער, רויִקער, באַלד איז אַ זאַמדבאַנק, — האָט ער אים אונטער־געגעבן מוט.

אָנגעהויבן פון דער דאָזיקער מינוט האָט לעווינסקי שוין געקוקט אויף פראַנצן, ווי אויף אַ באָכער, וואָס נייטיקט זיך אין דער שטענדיקער אופזיכט פון אַן עלטערן, באַהאַוונטן מענטשן. בעשאָלעם אַרויס מיט פראַנצן אויפן ברעג, האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש מיט אים אויסגערעכנט, אַז מער וועט ער אַזוי ווײַט ניט קריכן. דערנאָך, אומקערנדיק זיך פון יאַם, האָט לעווינסקי אונטערוועגנס אַרײַנגעפירט אים אין אַ מילך־פּאַוויליאָן, און ביידע האָבן אויסגעטרונקען צו פלעשלעך קעפיר. דערבײַ האָט זכאַריע דאַווידאָוויטש באַמערקט, אַז מעדיקער האָבן אויסגערעכנט: טויזנט בוטלען זויערמילך פאַרלענגערן דעם מענטשנס לעבן אויף פינף מינוט.

— לוינט עס דען? — האָט פראַנץ געפרעגט.

— אויב דער מענטש איז אַ גוטער, לוינט, — האָט זכאַריע דאַווידאָ־וויטש געענטפערט.

אין האָטעל זײַנען זיי געקומען שפּעט אין אָוונט, ביידע זייער פאַר־מאַטערטע. פראַנץ האָט זיך גלײַך אַרײַנגעלייגט אין בעט. לעווינסקי האָט פאַרהאַנגען דעם טיש־לאָמפּ מיט אַ צײַטונג ניט צו שטערן אים שלאָפן. דאָס פאַרהענגען איז ביכלאַל געווען אַן איבעריקע זאַך, — פראַנץ איז טייקעף אײַנגעשלאָפן מיטן שטאַרקן שלאָף פון אַ געזונטן יונגן מענטשן, וואָס האָט זיך נאָך דערצו אויסגעבאָדן אין יאַם. ער האָט געכראָפּעט, ניט איבערקלײַבנדיק די ניגונים. זכאַריע דאַווידאָוויטש האָט געכאַפּט אַן ערשטן דרעמל, דערנאָך, אַן אופגערודערטער פון עפּעס אַ ווילדן כאָלעם, זיך אופגעכאַפּט און שוין ניט געשלאָפן קימאַט די גאַנצע נאַכט. דורכן בלאַסן שאָטן פונעם פאַרשטעלטן לאָמפּ האָט ער זיך אײַנגעקוקט אין פראַנצס פּאָנעם, אין יעדן שטריך זײַנעם, און ווידער געקלערט וועגן אים, וועגן זיך, וועגן דער פאַרגאַנגענער בלוטיקסטער מילכאָמע, וועגן פעלקער, וואָס ווערן אָנגערייצט איינס אויפן אַנדערן און וואָס קאָנען און דאַרפן לעבן אין רו און אין פרידן, ער האָט געקלערט וועגן דער אָנגעשטרענגטער אַט־מאָספער פון די צוויי וועלטן, אין וועלכער עס קומט אויס צו לעבן אַזאַ באָכער, ווי פראַנץ מיולער.

אינדערפרי האָט דער דירעקטאָר פון האָטעל באַגעגנט לעווינסקין אין וועסטיביול און, ווי געוויינלעך, שוין געוואָלט אים אָנזאָגן, אַז עס קומט

אראָפּ א דעלעגאציע, נאָר דערזען זײַן טונקל פּאָנעם מיט די רויטע, ניט־אויסגעשלאָפענע אויגן, האָט ער כאראָטע געהאט און באשלאָסן אים דערפרייען גאָר מיט אן אנדער מין בסורע:

— דער סטאזשאָר לאָזט אײַך, מיסטאמע, ניט צורו, הוליעט א גאנצע נאכט? — האָט ער געפרעגט מיט מיטגעפיל. — עס האָט זיך גראָד באפרײַט אן אָרט, און כ׳נעם אים צו פון אײַך.

— ניין, ער שטערט מיר ניט, — האָט זכאריע דאווידאָוויטש דערוויי־דערט, — פארקערט. ער איז אן אינטערעסאנטער שאָכן, און מיר האָבן וועגן וואָס צו שמועסן...

# די בעסטע מיטיקן



לויט זײַן אײנפּאכן כעזשבן נאָך, האָט רוּוון ליפּמאַן אין מעשעך פֿו־
נעם ביסל יאָרן, וואָס ער לעבט אַף דער וועלט, לעפּ׳ערעך אופּגע־
געסן א צוואַנציק טויזנט מיטיקן. נאַטירלעך, מיטיקן מיט גילדענע יויכן, היגערשע פּולקעס, געפּילטע פֿיש זײַנען געווען ווייניקער פֿון צוואַנציק טויזנט. צווישן די פּעטע מיטיקן, מיטיקן־יאכסאָנים, מיטיקן־סימכעס, בײַס דער יעיצערהאָרעדיקער מאָגן, וועגן וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז ווען ניט ער, דער זוילעל־וועסויוועניק, וואָלטן מענטשן געגאַנגען אָנגעטאָן אין גאָלד, איז שוין אַזוי אָנגעזעטיקט, אַז די אויגן ווילן מער ניט קוקן אַף די פֿאַרגעניגנדיקע מײַכאָלים, וואָס ווערן נאָך און נאָך דערלאַנגט צום טיש, צווישן די פּאָרנעמלעכע, געהויבענע מיטיקן גייט א דיקער גרונ־

טאָוונער שיכט פון ווארמעסן וואָכעדיקע, מיטיקן געמײנלעכע, אַזוי־זיך מיטיקן. ניט יעדער טאָג איז יאָמטעוו. אַ הירזשענער זופּ, ווו די הירזשעלעך דאַרף מען יאָגן מיט אַ בײַטש, און אַ טרוקענע פּערלגרויפּענע קאַשע „שראַפּנעל״ האָט גאַנץ אָפט אין די יונגע יאָרן אויך געהייסן אַ ווארמעס. און אַוואַדע איז אויך אַ ווארמעס איצט, אַף די עלטערע יאָרן, אַ דיעטישער זופּ מיט אַ פּאָר פאַרבראָקטע סוכאַריקעס, אַ ניט־דערזאַלצענער און ניט־דערפּרעגלטער קאָטלעט און אַ גלאָז רויטע פּליסיקײַט — „שיפּאָווניק״, וואָס מע מוז אויסטרינקען, ווײַל אַזוי הייסט דער דאָקטער. דער עמעס איז, אַז אַף די עלטערע יאָרן בענקט זיך ניט אַזוי נאָך אַ גרויסאַרטיקן ווארמעס, ווי דאַפּקע נאָך אַ פּאָשעטן — אין דער סטודענטישער גאָרקיך, וווהין מע לויפט אַרײַן, מע פאַרכאַפּט צוזאַמען מיט נאָך דרײַ באָכערימלעך פון דײַן קורס אַ טישל, און פאַר צען מינוט פאַרטיקט מען זיך אָפּ מיט די געריכטן און, ניט געדענקענדיק, וואָס מע האָט אײַנגעשלונגען, פליט מען אַרויס אין גאַס.

אַזוי צי אַנדערש, נאָר פון די יאָמטעוודיקע, וואָכעדיקע, פליישיקע, פּאַרעווע מיטיקן, וואָס רוווין ליפּמאַן איז זויכע געוועזן ווען־עס־איז צו עסן, האָבן אים מער פון אַלע אַנדערע זיך פאַרגעדענקט בעסאַכאַקל דרײַ. איינער אַ מיטיק איז געווען אַפן פראָנט, אין טיפן האַרבסט 1941, הינטער מאָסקווע, ווען דער באַטאַליאָן, ווו רוווין האָט געדינט, האָט צוויי מעסלעס ניט געזען די פעלד־קיך אין די אויגן און מע איז אָפּגעקומען מיטן טרוקענעם פּאַיאָק. דעם באַטאַליאָן האָט מען דאַן עקסטרע אַריבערגעוואָרפן אין אַ וועלדל, וואָס האָט געפירט צום „נייטראַלן פּאַס״ — אַ דורכגעווייקט שטיק פעלד, הינטער וועלכן עס זײַנען געווען די דײַטשישע טראַנשייעס. אין אָוונט, געציילטע מינוטן פאַרן אָנהייב פון דער אַטאַקע, ווען מע האָט שוין געדאַרפט אַרויסגיין פונעם וועלדל, זיך לייגן און נעמען קריכן איבערן פעלד אײַנצונעמען די דײַטשישע טראַנשייעס, האָט רוווין זיך אָנגעשטויסן אַף אַ בידאָן, וואָס די פעלד־קיך האָט אומבאַוווּסט וויאַזוי און פאַרוואָס דאָ איבערגעלאָזט. אין אַזעלכע בידאָנען האַלט מען, געוויינלעך, מילך, אָבער אַפן פראָנט פירט מען אין זיי זופּ און קאַשע. דאָס דעקל איז געווען אופגעעפנט, און רוווין האָט אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ אינעם ניט־ברייטן העלדזל אַ קוק צו געבן אינווייניק. ער האָט נאָר געזען אַ פינצטערן כאָלעל, עס האָט אָבער גוט געשמעקט, אַ ווארעמער, פאַרדומפּענער רייעך האָט געדיכט געשלאָגן פון די נאַקעטע ווענטלעך. מיט דער האָפענונג עפּעס פאָרט אַרויסצוקריגן פונעם דעק, האָט רוווין גענומען דעם הילצערנעם לעפל, וואָס איז שוין צוויי טעג ניט געווען אין געברויך און אָן אַ נוצן געשטעקט פון אויבן אין דעם וויקלשנור אַפן לינקן פוס, און אים מיט דער גאַנצער האַנט ביזן אַקסל אַראָפּגעלאָזט אין די בידאָן־אינגעווײדן. אַפן דעק זײַנען נאָך געווען אויצרעס! יעדעס מאָל האָט דער לעפל, אַ געזונט אין אים, אַרויסגעבראַכט פונעם פינצטערן כאָלעל אַף דער ליכטיקער וועלט אַ נײַעם מאַיאָנטעק פאַרלעגערטע, צוגעברענטע, עטוואָס זויערלעכע הריקענע קאַשע, איבערגעמישט מיט שטיקלעך רינדנפליש. ער האָט דאַן, רוווין, געמאַכט די עמעסע סודע. אַ גליק נאָר,

וואָס בייס דער אטאקע האָט די קויל געטראָפן ניט אין בויך, זי וואָלט דאָרט געבליבן שטעקן, אין דער הריקע, ווי אין א פעסטונג.

דער צווייטער וואַרמעס, וואָס האָט זיך זייער גוט פאַרגעדענקט רווענען, איז געווען אפן ווײַטן צאָפן, אין נאָרימער קרײַז, נאָך א לאַנגער נעסיע אף א קליינער טײַך־שיף, וואָס מע רופט זי „פּאוזאָק". זי איז געשווומען, די שיף, צווישן אומענדלעכע הוילע ברעגן, הינטער וועלכע עס האָט זיך געשפּרייט אויך פּונקט אזא אומענדלעכע טײַגע מיט נידעריקע ביימער, וואָס קריגן ניט גענוג וואַרעמקייט און ליכט פון דער זון אין הימל און ניט גענוג זאַפטן פון דער ערד, קעדיי אויסצוּוואַקסן ברייטער און מעכטיקער. אף די זעלטענע קליינע האַפנס זײַנען געלעגן אָנגעזאַמעטע קלעצלעך האָלץ, וואָס די פּאַסאַזשירן האָבן געהאָלפן ארופטראָגן אפן פּאוזאָק. אין ערגעץ איז ניט געווען קיין זייכער פון א בופעט אָדער א מאַרק. דאָס ביסל שפּײַז, וואָס רווון האָט געהאַט מיטגענומען, האָט זיך אויסגעלאָזט אפן דריטן מעסלעס פון דער נעסיע, און די רײַזע האָט געדויערט פינף מעסלעס. דערפאַר האָט ער דערנאָך אין שטוב, בא זײַן קרויווע, צו וועלכער ער איז אראָפּגעקומען צוגאַסט, זיך געלאָזט ווילגיין. מע האָט אים טאַקע אופגענומען מיט אָן אָפענער האַנט, אָנגעהאַדעוועט מיט אַלץ, וואָס מע האָט פאַרמאָגט — אוועקגעשטעלט אפן טיש א טאָפּ קאַרטאָפּליעס און א טעפּעלע ליארד. די קאַרטאָפּליעס זײַנען געווען אייגענע, אויסגעכאָוועטע און אראָפּגענומענע פונעם קאָלעקטיוון גאָרטן אפן צווייטן יאָר פון דער מילכאָמע. דאַפקע דאָ, אפן אָרעמען זאַמדיקן באָדן, וואַקסן זיי גוט, און זיי האָבן נאָך די מײַלע, וואָס זיי צעקאָכן זיך גלײַך, און די יויך איז אָנגעצויגן און באַטאַמט, מע דאַרף גאָר ניט ארײַנלייגן קיין שום פעטס. רווונס קרויווע, וואָס האָט זיך עוואַקויִרט אהער פון דאָנבאַס און איז שוין דאָ געוואָרן א שטיקל באַלעבאָסטע מיט א ווירטשאַפט, האָט געשײַנט, וואָס זי איז אימשטאַנד אים גוט אופצונעמען, זי האָט נאָר געבעטן:

— כאַפּ ניט, רווון, מע טאָר ניט, עס קאָן זיך לייגן אונטערן האַרצן. עס געזונטערהייט, וויפל דו ווילסט, נאָר פּאַוואָליע.

דער דריטער וואַרמעס האָט זיך אײַנגעשניטן אין זיקאָרן אפּילע מער פון די ערשטע צוויי, אייגנטלעך, איז עס געווען ניט איין וואַרמעס, נאָר עטלעכע, א סעריע וואַרמעסן, אלע טאָם־גאַניידן, א זיסער כאָלעם אף דער וואָר. רווון האָט זיי געגעסן, די דאָזיקע מיטיקן, אויך טאַקע דאָרטן, אינעם זעלבן צאָפנדיקן קאַנט, אין איינעם פון די ברייט צעוואָרפענע ראַיאָנען, ווו ער איז אָנגעקומען ארבעטן אין דער ראַיאָנישער צײַטונג «Наш Север»[1]. ער איז געווען דער איינציקער מאַנצבל אין דער רעדאַקציע און אין דער דרוקערײַ, און ער האָט זיך באַמיט ניט צו פאַרלירן אין די אויגן פונעם פרויען־קאָלעקטיוו — פון דער שטרענגער רעדאַקטאָרשע, פון דער מילדער סעקרעטאַרשע און פון די צוויי טײַערע מיידלעך, ליוסיע און דוסיע, וואָס איינע פון זיי איז געווען

[1] „אונדזער צאָפן".

אַ זעצערן, די אַנדערע אַ דרוקערן. ער האָט אָן אַ שיר געשריבן, געשאָטן מיט נאָטיצן, אַרטיקלען, פֿאַרצײַכענונגען, פֿעליעטאָנען, אַפֿילע לידער און עפּיגראַמען געשריבן. כּוץ דעם, האָט ער נאָך אויך געדרוקט דעם טיראַזש פֿון דער צײַטונג — געדרייט מיט דער האַנט די ראָד פֿון דער מאַשין. די מיטאַרבעטערנס זײַנען געווען אַנציקט פֿונעם סאָלדאַט, דעם פּראָנטאָוויק, מיטן אַרופֿגעגנייטן אַף דער גימנאַסטיאָרקע געלן פּאַסיקל, וואָס באַטײַט, אַז ער איז געווען פֿאַרוווּנדעט, עס האָט זיי נאָר געקימערט, וואָס ער איז עפּעס שטאַרק מאָגער און פֿאַריכט זיך ניט, דער סאָלדאַט. די באַקן זײַנען אײַנגעפֿאַלענע, דער רימען האַלט זיך קוים אַפֿן בויך. זיי האָבן אים געפּרוּווט אונטערהאָדעווען — אַלעמאָל אײַנגעלאַדן צו פֿאַרזוכן עפּעס פֿון דעם, וואָס זיי ברענגען פֿון דער היים, אַמאָל איז עס אַ געשמאַקע זאַך, אַ שטיקל אייגן געבעקס, אויסגעפּאַרטיקט אַף מאַרגאַרין. ער איז זיך מעכײַע געווען, געזאָגט אַ דאַנק, און... געבליבן הונגעריק. די צאָרע איז געווען, וואָס ווײַט ניט יעדן טאָג איז אים אויסגעקומען עסן וואַרעמס. ער איז דאַפֿקע געווען צוגעפּעסטיקט צו דער גוטער גאָרקיך פֿונעם פֿישקאָמבינאַט, אָבער אָפּט האָט ער דורכגעלאָזט די מיטיק־צײַט און פֿלעגט אַהין אַראָפּקומען, ווען די טיר איז שוין געווען פֿאַריגלט, און דורכן פֿענצטער האָט מען בלויז געזען, אַז די שטולן, מיט די פֿיסלעך אַרויף, שטייען אַף די טישן, און די אופֿראַמערן יאָגט די נאַסע שמאַטע איבערן אָנגעטראָטענעם דיל אין דעם ליידיקן עס־זאַל. מיט דער צײַגעניש אין קעשענע, אַז ער איז אַ קאָרעספּאָנדענט, פֿאָרט ער, שווימט ער, פֿליט ער איבער די דערפֿער און יישוּווים פֿונעם גרויסן צעוואָרפֿענעם ראַיאָן, וואָס האַלט אַזוי די גרייס, ווי אַן אַנדער מעלוכע. קעדיי דערגרייכן צו די ווײַטערע פּונקטן, קומט אים ניט זעלטן אויס נאָכן שווימען מיטן פּאַוזאָק אַרײַנזעצן זיך אין אַ מאַשין, פֿון דער מאַשין איבערקריכן אַף אַ פֿור, און ערשט דערנאָך, מיט וואַלד־סטעזשקעס, וועלכע זײַנען ערטערווײַז פֿאַרוואַלגערט מיט אומגעפֿאַלענע און איבערגעבראָכענע ביימער, זיך דערקלײַבן צופֿוס צו אַ יישעוו. אין די שטיבער, ווו ער קומט אַרײַן, לייגט מען אים פּאָר ניט זעלטן עפּעס צובײַסן, לעכאָלהאַפּאָכעס אויסטרינקען אַ גלאָז טיי, נאָר רוּוון זאָגט זיך אײדל אָפּ. ער האָט שוין צוגעביסן, ער האָט שוין געטרונקען. ווי זשע אַנדערש זאָל ער זאָגן? אַז אַ שטיקל צוקער גיט מען אַרויס אַפֿן קאַרטל, יעדעס פּיצל ברויט איז פֿון עמעצנס אַ כיילעק. פֿאַרקערט, ער פֿילט זיך שולדיק, וואָס ער האָט ניט אין דער קעשענע עטלעכע צוקערקעס מעכאַבעד צו זײַן די קינדער, וואָס ווו ער גייט ניט אַרײַן אין אַ שטוב, נעמען זיי פֿון אים ניט אַראָפּ די אויגן, טרעטן ניט אָפּ פֿונעם טיש, באַ וועלכן ער זיצט און שרײַבט עפּעס אין בלאָקנאָט. אַלץ נעמט זיך, דעריקער, פֿון זײַן צעטראָגנקײַט, ער פֿאַרגעסט פֿאַרן אוועקפֿאָרן רעאַליזירן די טאַלאָנעס פֿונעם קאַרטל, אָדער עס איז טאַקע ניטאָ קיין צײַט און ער פֿאַרלאָזט זיך, אַז ער וועט עס טאָן שפּעטער, אינעם אָרט, וווּהין ער וועט קומען.

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן, ווען רוּוון איז געקומען אַף דער אַרבעט אין רעדאַקציע, האָט די רעדאַקטאָרשע אים באַגעגנט מיט אַ ליבלעכן און

גוטהארציקן שמייכל, וואָס האָט גערעדט וועגן דעם, אז זי האָט שוין געוואוסט אַף אים און זי וויל אים וואָס גיכער אונטערטראָגן א גוטע נײַס, מאכן אן אָנגענעמענעם סורפּריז. די מילדע, כיינעוודיקע סעקרעטאַרשע און די צוויי ליבע מיידלעך פון דער דרוקערײַ זײַנען געשטאַנען בא דער רעדאַקטאָרשעס טיש. ווײַזט אויס, זיי האָבן שוין געוווּסט, וואָס פאר א נײַס און וואָס פאר א סורפּריז איז צוגעגרייט, און זײַנען געווען דערפון צופרידן — דאָס האָט מען ארויסגעזען פון זייערע שײַנענדיקע פּענעמער. איצט האָבן זיי נאָך געוואָלט זען, וואָס פאר אן אײַנדרוק דאָס וועט מאכן אַף אים.

— מיר האָבן פאר דיר אן אויסגעצייכנטע קאָמאַנדירונג, — האָט יעלענע מיכײַלאָוונע, די רעדאַקטאָרשע, זיך געווענדט צו רוווענען, — מע דאַרף אָנשרײַבן א קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער בעסטער גאָרקיך אין ראַיאָן, זי געפינט זיך גראָד אין א פארוואָרפענעם וואלד־ייִשעוו פונעם „לעספּראָמ־כאָז". וועסט אהין צופאָרן, אָנשרײַבן אן ארטיקל, און דערמיט וועלן מיר אָנהייבן אין דער צײַטונג א גרויסן קאַמף פאר הויכקוואַליטאַטיווער גע־זעלשאַפטלעכער דערנערונג, מוסטערהאַפטער באדינונג און סאַניטאַרן צושטאַנד. כוץ דעם, — האָט זי צוגעגעבן שוין ניט אָפיציעל, נאָר מיט היימישקײַט, — וועסטו זיך דאָרטן פאריכטן. עס איז אהין געפאָרן א טוער פונעם אויספּירקאָם, האָט ער זיך אומגעקערט ווי פון א קוראָרט, ער זאָגט, אז די מיטיקן אין דער גאָרקיך זײַנען גאָר אן אנטיק... מעגסט זיך דאָרטן פארהאלטן אַף א וואָך אָדער אפילע אַף צען טעג, מיר יאָגן דיך ניט אונטער, מיר וועלן דאָ ווי־עס־איז אויסקומען...

דער נאָכאנאנדיקער „מיר", וואָס האָט, געווײנלעך, ניט אזוי אָפט זיך געלאָזט הערן פון יעלענע מיכײַלאָוונעס מויל, האָט אונטערגעשטראָכן, אז די נעסיִע איז באטראכט און באווילִיקט געוואָרן דורך אלע מיטאַר־בעטער, עס איז א קאָלעקטיווער ווילן און באשלוס. גופע בא רוווענען האָט די פאַרשטייענדיקע יאזדע גראָד ארויסגערופן קנאַפּע באגײַסטערונג. פאָרן אין אויסרײַסעניש צוליב א מאטעריאל וועגן א גאָרקיך, ער האָט אפילע זיך געפילט אָנגעגרירט אין זײַן קאָווענד, וואָס מע קאָן אזוי לײַכט אוועקשיקן און אויסקומען אָן דעם פארפאסער פון פעליעטאָנען און פאר־צייכענונגען, אָן דעם הויפּט־דרייער פון דער ראָד בא דער דרוקמאשין.

— פאָר, וועסט ניט האָבן קיין כאראָטע, — האָט יעלענע מיכײַלאָוונע, באמערקנדיק זײַן קווענקלעניש, אים אונטערגעמוטיקט.

— פאָר! — האָט אונטערגעהאלטן די סעקרעטאַרשע יעווגעניע וואסי־ליעוונע.

— אוואדע פאָר! די מאשין וועלן מיר אליין דרייען! — האָבן געזאָגט ליוסיע און דוסיע פון דער דרוקערײַ.

אז אלע זאָגן, דאַרף מען פאָרן. אין א שאָ ארום איז רווון שוין געווען אין וועג. ער האָט זיך ארופגעכאפּט אַף א שיף, וואָס איז פּונקט אָנגע־קומען אין האפן און געשטאַנען סאכאקל א צען מינוט. אפן מערקל, ניט ווײַט פונעם האפן, ווו בא איין לאַנגן טיש שטייען עטלעכע פויערטעס און האנדלען מיט דער סכוירע, וואָס זיי קלײַבן צונויף אין וואלד, האָט

ער געקויפט צוויי גלעזער קלייניקנקע, האַרטלעכע ווײַמפּערלעך, אַרײַנ־געשאָטן זיי אינעם שקאַרמיצל, וואָס ער האָט געמאַכט פון אַ צײַטונג «Наш Север», און די קנױע אַרײַנגעשטעקט אין אַ קעשענע אַף צו שלעפּן פון דאָרטן די זויערע יאַגעדעס און ווי־עס־איז שטילן מיט זיי דעם הונ־גער. אויך דאָס מאָל האָט ער ניט באַוויזן צו קויפן עפּעס אַף די קאַרטלעך.

אַף מאָרגן, אין דער אַנדערער העלפט טאָג, איז די שיף בעשאָלעם צוגעשוווּמען צום וואַלד־יִישעוו. די בלויע שילד «Столовая»[1] איבערן פראָנטאָן פון אַן אויסגעצויגענער אין דער לענג ניט־געטינקעוועטער היל־צערנער געבײַדע מיט אַ האַלב צענדליק גרויסע פענצטער קימאַט גלײַך פונעם פלאַכן דאַך ביז דער זאַוואַלינקע, האָט רוּוון נאָך דערזען, שטייענ־דיק אַפן שיף־דעק. דער יִישעוו מיט דער קנאַפּער צאָל הײַזער, מיט דער שטוב פונעם יִישעוו־ראַט, אַף וועלכער עס איז געהאַנגען אַ פאָן, און מיט דער גאָרקיך — אין צענטער, איז געלעגן אַפן הויכן ברעג טײַך, ווי אַף דער דלאָניע. די בלויע שילד האָט געוווּנקען, ווי אַ לײַכט־טורעם. רוּוון האָט שוין באַצײַטנס צוגעטראַכט אַ קעפּל פאַרן אַרטיקל, וואָס ער וועט אָנשרײַבן: „קומט עסן צו אונדז, איר וועט בלײַבן צופרידן". עס איז אַ ביסל צו לאַנג, דערפאַר אָבער האָט עס גוט אויסגעדריקט דאָס, וואָס ס'האָט געפילט זײַן זינגענדיק האַרץ און דער זינדיקער הונגעריקער מאָגן. ער איז געווען הונגעריק, ווי אַ וואָלף. אָבער נאָכן אַראָפּשטײַגן פון דער שיף האָט נאָך געדויערט אַ גאַנצער אָוונט מיט אַ גאַנצער נאַכט, ביז ער איז אַרײַנגעקומען אין דער גאָרקיך, וואָס איז געשטאַנען אַזוי נאָענט צום ברעג.

טאַקע די זעלבע שיף, מיט וועלכער רוּוון איז געקומען, האָט גע־בראַכט פּראָדוקטן. און דעם פאַרוואַלטער פון דער גאָרקיך האָט רוּוון גלײַך געטראָפן אַפן ברעג, יענער איז געקומען נאָך דער סכוירע און בייסמײַסע שוין אויך געהאָלפן זי אויסלאָדן. דער פאַרוואַלטער איז גע־ווען זייער אַ הויכער, מיט אַ טונקל פּאָנעם און אַ ברייטן נאַקעטן שטערן מיט אַ רויטן פּאַס אינמיטן — פונעם דאַשעק פון דעם היטל, וואָס ער האָט איצט בייסן טראָגן די קאַסטנס און די זעק אַראָפּגעוואָרפן פון קאָפּ. געוווּנען איז ער אַזוי מאָגער און דאַר, ווי רוּוון, געהאַט לאַנגע דאַרע הענט מיט גרויסע טרוקענע אָדערן. ווען ער האָט גענומען אַף דער פּלייצע אַ קאַסטן אַראָפּצוטראָגן אים פון די שטיגן, וואָס מע האָט אַריבערגעוואָרפן פון דער שיף צום ברעג, האָט זיך געדוכט, אַז די הענט זײַנע וועלן זיך איבערברעכן, ווי שטעקנס. רוּוון האָט אויך זיך אײַנגעשפּאַנט און גענומען העלפן טראָגן. מער קיין מאַנצבלען האָט מען ניט געזען, און די ווײַבער זײַנען, אַפּאָנעם, געווען פאַרנומען אַף דער קיך.

פאַרמאַטערטע, קוים שלעפּנדיק די פיס, האָבן רוּוון און דער פאַר־וואַלטער פאַרענדיקט די אַרבעט שוין שפּעט אין אָוונט, האָבנדיק באַ־וואָרנט די פּראָדוקטן אין אַ ספּעציעלער קאַמער אַפן האַפן, קעדיי מאָרגן,

[1] גאָרקיך.

ווען עס וועט זײַן א מאשין, זיי אריבערפירן אין דער גאַרקיך. דערוויַיל האָט דער פארוואלטער אײַנגעלאדן דעם גאסט צו זיך אהיים.

— קיין גאַסטיניצע האָבן מיר דאָ ניט, — האָט ער געזאָגט צו רוּ־ווענען, — וועט איר איבערנעכטיקן בא מיר.

ער האָט אים אַרײַנגעפירט צו זיך אין שטוב, וואָס איז באשטאנען פון א פיצינקן פירהויז און אן איינציק קליין צימערל מיט א טיש, מיט צוויי שטולן באם פענצטער און א שמאָל בעטל בא דער וואנט. אפן טיש איז געלעגן א קאָנטאָר־בוך, א כעזשבן־ברעט.

— מיר וואָלטן אוואדע געדארפט עפעס איבערכאפן, — האָט דער פאר־וואלטער מיט א שולדיקער מינע זיך געווענדט צו רוווענען, — אָבער בא מיר איז פייסעכדיק...

מע האָט זיך געלייגט שלאָפן אָן וועטשערע. דער באלעבאָס האָט זיך אויסגעבעט אפן טיש און רוווענען אָפגעגעבן דאָס בעט. רוווּן האָט זיך געפרוווט אָן אמפּער טאָן. ער וועט זיך לייגן אפן טיש — ער איז יינגער און ער איז א סאָלדאט און איז געוווינט צו קאָלערלײַ נאכטלעגערס, נאָר ער האָט גאָרנישט ניט געפּויעלט.

— איר זײַט בא מיר א גאסט, — האָט געזאָגט דער באלעבאָס, — און שפּארט זיך ניט. געגוג, וואָס איר לייגט זיך בא מיר שלאָפן א הונגע־ריקער...

ליגנדיק אף די געלעגערס, האָט מען זיך צערעדט. עס האָט זיך ארויס־געוויזן, אז דער פארוואלטער פון דער גאָרקיך איז א פּוילישער ייִד, ער איז אנטלאָפן פון פּוילן, ווען די פאשיסטן זײַנען אהין ארײַן.

— איר וועט פרעגן, וויִאזוי קום איך צו זײַן א פארוואלטער פון א גאָרקיך? — האָט ער זיך אונטערגעהויבן און אָנגעשפּארט דעם עלנבויגן אף דער כעזשבן־ברעט, וואָס איז געלעגן בא אים צוקאָפּנס, — אין דער היים איז בא מיר געווען א שטיקל רעסטאָראַציע — היימישע מיטיקן. בא אונדז האָבן זיך געשפּײַזט א צוויי־דרײַ סטודענטן, א פּאָר באיאָרטע לײַט... געקאָכט האָט, געוויינלעך, דאָס ווײַב מײַנס, איך האָב נאָר אײַנ־געהאנדלט די פּראָדוקטן... דאָ, אין ייִשעוו, האָב איך וועגן דעם א פּלאפּל געטאָן, און מע האָט מיך ארויסגערופן אין ראַיויספּירקאָם. וויבאלד איך האָב שוין א שטיקל דערפארונג... איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט גאָר־ניט, קיין פּענעצל ניט ארײַנברענגען צו זיך אין שטוב, ס׳זאָלן קיין איבעריקע רייד ארום דעם ניט זײַן. עס איז עפּשער א נארישקײַט, נאָר אזוי איז רויִקער. די גאָרקיך ארבעט דרײַ מאָל אין טאָג, און ס׳איז מיר גענוג. עמעס, אייניקע מאָל, אזוי ווי היַינט, לעמאָשל, ווען מע פארהאלט זיך ערגעץ, וועט מען דאָך פאר מיר איינעם ניט פאנאנדערלייגן ווידער א קיך... איז אויך ניט געפערלעך. וואָלט געלעבט מײַן ווײַב, מײַנע קינדער, וואָלט איך אוואדע געדארפט...

אף א צײַט איז ער אנשוויגן געוואָרן, און רוווּן האָט געמיינט, אז ער איז אײַנגעשלאָפן. ער, רוווּן אליין, האָט אײַנשלאָפן ניט געקאָנט, כאָטש ער איז געווען אויסערגעוויינלעך מיד. עס האָט שטארק געקלעמט דאָס הארץ, און ווי נאָר ער האָט געכאפּט א דרעמל, האָט עס אים גלײַך

ווידער אופגעריסן און געצווונגען עפענען די אויגן. אין צימערל איז געַ־וועז פינצטער, בלויז אף דער וואנט האָט זיך געהוידעט עפּעס א ליכטי־קער פלעק.

— אך, סארא מײַכאָלים מיר פלעגן בא אונדז אין דער היים דער־לאנגען צום טיש, — האָט דער פארוואלטער נאָכן לאנגן שווײַגן ווידער אָנגעהויבן ריידן, — שאבעס איז געווען שאבעסדיקס, און יאָמטעוו איז דאָך אָפּגערעדט. איך דערמאָן זיך דעם טשאָלנט מיטן קוגל, וואָס מײַן כאנעלע פלעגט ארויסנעמען פונעם אויוון. די קונדן האָבן געלעקט די פינגער. יעדער קארטאָפליע איז צוגעברוינט, גלאנצט פון אויבן און פון אונטן. דאָס פלייש איז ווייך, מע דארף גאָר ניט האָבן קיין ציין אף צו צעקײַען, עס שלינגט זיך אליין אראָפּ. צום פארבײַסן פלעגן מיר דער־לאנגען געהאקטע לעבער. מע דארף ניט מוירע האָבן ארײַנצוגיסן אינעם לעבער א ביסל מער יויך — פון א גענדזל איז די יויך גוט, נאָר פון א הון איז בעסער, איידעלער. דערנאָך דערלאנגט מען דעם טעלער יויך מיט פארפעלעך, אָדער מיט מאצעלעך, אָדער מיט לאָקשן, ס'איז אויך ניט שלעכט, יעדער לאָקשל איז געל, דורכזיכטיק, באטאמט. נו, און נאָך דער יויך קומט ערשט דאָס רעכטע געדיכטע — דאָס צווייטע הייסע געריכט. אן עסיק־פלייש אָדער אפילע פּאָשעט א קאשע פון רײַז אף גענדזן־שמאלץ מיט א שטיק ביילעק, אָדער מע שטעלט גאָר אוועק אפן טיש א טאָפּ לאטקעס — עסט, וויפל איר ווילט, אָדער מע דערלאנגט ווארעניקעס מיט קעז, זומער־צײַט מאכט מען ווארעניקעס מיט ווײַנשל. דאָ, בא מיר אין דער קיך, וועט איר, פארשטייט זיך, קיין ווארעניקעס און קיין קרעפּלעך ניט האָבן, נאָר א געשמאקן באָרשטש צי א סוף כארטשאָ און א גוטע קאשע מיט א שטיק סאָנדעק־פיש אָדער א גוליאש, אָ שניצעל...

— כ'בעט אײַך, ווערט אנשוויגן! — האָט רוון זיך געבעטן ראכמים, — פילנדיק די אלע מײַכאָלים בא זיך אינעם טרוקענעם מויל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אפּאָנעם, אז דער מיטיק, וואָס רוון האָט „געגעסן", ליגנדיק יענע נאכט אפן בעטל, איז טאקע געווען דער בעסטער... א סימען, ביז איצט פילט ער דעם טאם זײַנעם אף די ליפּן.

# טעוויע און גאָלדע



ביט קיין גרויסער יידישער אנסאמבל פאָרט אום אף גאסטראָלן. מע נעכטיקט איבער א פאָר נעכט אין א האָטעל — און ווײַטער אין וועג מיט די טשעמאָדאנעס, ווו עס ליגט פארפאקעוועט טעוויע דעם מילכיקערס אלטע קאפאָטע, שימעלע סאָראָקערס בײַער זשיליעט מיטן גאָלדענעם זייגער און אנדערער ארטיסטישער רעקוויזיט. פונעם צאָפנדיקן ארכאנגעלסק לאָזט מען זיך צום דאָרעמדיקן דאָניעצק, א פאָר וואָכן איז מען געסט אין כארקאָוו, דניעפראָפעטראָווסק, דערנאָך גיט מען אף „טו־114" א שפרונג אפן ווײַטן מיזרעך — קיין כאבאראָווסק, ביראָבידזשאַן.

רעזשיסער פונעם אנסאמבל איז לייב וואסערמאן — אן אלטער אק־טיאָר, א וועטעראַן פון דער בינע. ניטאָ די פּיעסע, אין וועלכער וואסער־מאַן זאָל ניט האָבן געשפּילט, אין די יונגע יאָרן — צווייטראנגיקע ראָלן: א מאָטל קאמזויל, א מיסטער קוואָטשקע, און שפּעטער — גרעסערע און גאָר גרויסע ראָלן: באר־קאָכבא, שימעלע סאָראָקער, דער טויבער, דער גאזלען בויטרע.

ניט גרינג גיט זיך איַין צו געפינען דאָס נייַערע, שענערע און בעסע־רע. גוטס און שיינס האָט ניט קיין גרענעץ. א שרייַבער טרוימט אָנצו־שרייַבן א בוך, וואָס זאָל באקרוינען אלע זיַינע ווערק; א מאָלער — אָנצו־מאָלן א בילד, וואָס זאָל זיך אויסטיילן פון זיַינע הונדערטער פריִערדיקע בילדער; אן אקטיאָר, וויפל אויסגעצייכנטע ראָלן ער זאָל ניט האָבן אויסגעשפּילט, שטרעבט צו א נייַער ראָל, וווּ ער זאָל ערשט ארויסווייַזן זיַינע מעגלעכקייַטן און פייִקייַטן, אויסשפּילן זי אזוי, אז איין דאָר אנציקטע צושויער זאָל וועגן דעם איבערגעבן דעם צווייטן.

לייב וואסערמאן האָט א סאך יאָרן זיך געצויגן צו דער ראָל פון טעוויע דעם מילכיקן. די מענגע פּערסאָנאזשן, וואָס ער האָט פאַרקערפּערט אף דער סצענע, זיַינען געווען פאר אים א מין טראמפּלין צו טעוויען. טעוויעס ווערטלעך, טעוויעס טנועס, טעוויעס געדאנקען, טעוויעס זאָרגן האָט וואסערמאן אין זיך איַינגעזאפּט א צייַט פריִער, איידער ער איז אין דעם דאָזיקן געשטאלט ארויס אף דער בינע. ער האָט געזען, וויאַזוי עס האָט געשפּילט טעוויען דער גענִיאלער מיכאָעלס. אייפערזיכטיק האָט ער נאָכגעשפּירט נאָך דער שפּיל פון אנדערע באַוווּסטע אקטיאָרן, אזעלכע, ווי רודאָלף זאסלאַווסקי, און דער גרעסטער פארלאנג זיַינער איז געווען — ארייַנברענגען אן אייגענעם כיילעק אין דער סצענישער טעוויע־גאַלעריי.

ווען לייב וואסערמאן האָט צום ערשטן מאָל ארויסגעבראכט אף דער בינע טעוויעס מאָנאָלאָג: „אך טי, ריבוינעשעלוילעם, גאָטעניו טי נאַש, וואָס איז אזוינס א ייִד און וואָס איז אזוינס ניט קיין ייִד? פאַרוואָס האָסטו, גאָט, באשאפן ייִדן און ניט־ייִדן, און אויב דו האָסט יאָ באשאפן ייִדן און ניט־ייִדן, פאַרוואָס זשע דארפן זיי זיַין אָפּגעווייַטערט איינס פון דאָס אנ־דערע, ניט קאָנען אָנקוקן איינס דאָס אנדערע, גלייַך די זיַינען פון גאָט און די זיַינען ניט פון גאָט? ס'פאַרדריסט מיך, פאַרוואָס בין איך ניט קלאָר אזוי אין די ספרים, אין די ביכער, איך זאָל דאָרטן קאָנען גע־פינען עפּעס א רעכטן טערעץ אף דעם...” — ווען ער האָט ארויסגעבראכט דעם דאָזיקן מאָנאָלאָג, האָט בא אים געציטערט דאָס קאָל, ווי בא א ייִנגל; ער האָט שוין געמיינט, אז אלץ איז פארפאלן, ער האָט דורכגע־וואלגערט דעם ספּעקטאקל. אין יאָרן ארום האָט נאָך איין מאָל, ווי אן אָנגעצויגענע סטרונע, א ציטער געטאָן זיַין קאָל, טאקע באם „אך טי, ריבוינעשעלוילעם” — אף דער פּרעמיערע פון „טעוויע דער מילכיקער” אינעם נייַ־געשאפענעם אנסאמבל.

ווו קומט אהין באם אלטן מאן די מידקייַט פון וועג, די צעבראָכנקייַט נאָך די ניט־דערשלאָפענע נעכט? ניט קיין היכוווקסיקער, מיט אן איידל ראָזלעך פּאָנעם און מיט אויגן, וואָס פרעגן, דוכט זיך, שטענדיק „ווו

קריגט מען אַ גוטע הײַנטצײַטיקע פּיעסע?", טראָגט ער זיך אַרום מיט זײַן קלײנעם כאָ:ל — פֿינף אַרטיסטן — און נעמט אײַן אײן שטאָט נאָך דער צווײטער. וואַסערמאַן פֿאַרגעטערט ניט דעם צושויער, ער דערקלערט זיך ניט אױף שריט און טריט אין פֿלאַמיקער ליבע צו אים, נאָר יעדעס מאָל, ווען פֿאַרן אָנהײבן דעם ספּעקטאַקל טוט ער אַ קוק דורכן לעכעלע אין פֿאָרהאַנג און דערזעט דעם פֿולגעפּאַקטן זאַל — די ייִדן און ייִדענעס, וועלכע זײַנען געקומען אַהער, ווי אױף אַן עמעסן יאָמטעוו; די רוסישע מענטשן, וואָס קומען געװײנלעך אױך אין אַ היפּשער צאָל און בעטן באַצײַטנס בײַ די ייִדישע שכנים, מע זאָל זײ איבערזעצן די רעפּליקעס; די יונגע באָכערים און מײדלעך, וועלכע האַלטן זיך טרײַ בײַ דער אַלטער טראַדיציע און פֿאַרנעמען דעם אײבערשטן יאַרוס, — ווען ער דערזעט דעם דאָזיקן אױסגעקלײדטן, פֿילקאָליריקן וואַרטנדיקן זאַל, כאַפּט אים אַרום אַ גוט באַקאַנט געפֿיל, וואָס ווערט ניט אָפּגעטעמפּט אין מעשעך פֿון צענדליקער יאָרן, — אַ קאָמפּליצירט געפֿיל, אין וועלכן אַלץ איז פֿאַראַן צוביסלעך: אומרו, צווײפֿל, פֿרײד...

„נו, קינדערלעך, מיר הײבן אָן", — טוט ער אַ זאָג צו זײַנע פֿינף אַרטיסטן, און יעדן אײנעם פֿון זײ באַשענקט ער אַ בליק מיט אַן אונטערמונטערנדיקן, האָפֿערדיקן בליק.

צוזאַמען מיט לײבן פּאָרט אַרום זײַן ווײַב עסטער. ער שפּילט טעוויען, זי — גאָלדען. אָפּאָנעם, אַז טאַקע „טעוויע דער מילכיקער" האָט זײ נאָך אַמאָל געהאָלפֿן צום שידעך. מיט קײן שום אַנדערער „גאָלדע־סערדצע" איז וואַסערמאַנען ניט געווען אַזױ גרינג און אָנגענעם צו שפּילן, ווי מיט עסטערן. זי האָט אים אױסגעצײכנט געהערט אױף דער בינע — אַ מײַלע, וואָס עס באַזיצן ניט אַלע שױשפּילער. אײניקע זײַנען אײַנגעוווינט בלויז צו הערן זיך אַלײן. עסטער האָט אים גוט געהערט און פֿאַרשטאַנען אױף דער בינע, און פּונקט אַזױ גוט אינעם לעבן. ווי סאַנטשאָ־פּאַנסאָ בײַ דאָן־קיכאָטן, האָט זי ווײַבעריש־וואָכעדיק אַרופֿגענומען אױף זיך דאָס גאַנצע פּעקל שטײגערישע זאָרגן. ווען מע פֿרעגט זי וועגן איר געזונט, הײבט זי אָן רײדן וועגן זײַן געזונט. ווי ער זאָל ניט זײַן פֿאַרגרימירט, דערזעט זי בײַ אים אַ בלײכקײַט אױפֿן פּאָנעם, זי היט אים, האַלט אױף אַ דיִעטע, זעט, ער זאָל שלאָפֿן בײַנאַכט און כאַפּן אױך אַ דרעמל בײַטאָג, ער זאָל זיך אױסרוען פֿון וועג.

טרעפֿט אין אײנער אַ שטאָט בײַ דער וואָלגע אַזאַ געשיכטע.

דער אַנסאַמבל איז, ווי געוויינלעך אומעטום, אַהער געקומען באַצײַטנס, מיט צוויי טעג פֿאַרן אָנהײבן די ספּעקטאַקלען. אױפֿן וואָקזאַל האָט די אַרטיסטן באַגעגנט אַ פֿאָרשטײער פֿון דער פֿילהאַרמאָניע, אָפּגעפֿירט אין האָטעל, אונטערוועגנס איבערגעגעבן די ידיִעה, אַז אַלע בילעטן זײַנען אױספֿאַרקױפֿט. אין אַ האַלבער שאָ אַרום איז דער צימער, וואָס לײב מיט עסטערן האָבן פֿאַרנומען אין האָטעל, געווען אינגאַנצן ענלעך אױף זײער צימערל אין דער מאָסקווער דירע, ווו ס'איז שטענדיק אױסערגעוויינלעך לעבעדיק. קוים באַוויזן אַ קוק טאָן אױף די בעטלעך אין זײערע צימערן, זײַנען די אַרטיסטן גלײַך זיך צונױפֿגעקומען אין וואַסער־

מאנס נומער. „פערטשיק“ האָט אפילע ארײַנגעטראָגן זײַן טשעמאָדאן, עס זאָל ניט אויסקומען לויפן יעדער מאָל צו זיך. לייב האָט זיך צוגע־לייגט אפן בעט, עסטער האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אינעם פאָטערשטול. מער ווי געוויינלעך האָט זי זיך דאָס מאָל געפילט מיד פונעם וועג. דער איבעריקער אוילעם האָט זיך אויסגעזעצט ווער וווהין: „האָדל“ — בא וואסערמאנען צוקאָפּנס, „ביילקע“ — צופוסנס, דער „קאצעוו לייזער־וואָלף“ — אפן טיש, און ס'איז אוועק א געשפּרעך, וואָס מע קאָן נאָר הערן בא אקטיאָרן, — מיט נאָכמאכונגען, מיט קונצן, מע האָט שוין קאָפּירט די אדמיניסטראטאָרשע פון האָטעל און איינעם א קאָמאנדיראָוואָטשנעם, וועלכן מע האָט באוויזן צו זען, דורכגייענדיק אין קאָרידאָר.

א ביסל זיך אָפּגערוט, איז מען אוועק אין רעסטאָראן, אָפּגעגעסן וואַרמעס און דערנאָך זיך געלאָזט פאמעלעך גיין צום קולטור־פּאלאץ, וווּ דער אנסאמבל וועט ארויסטרעטן. בײַסמײַסע האָט מען באקוקט די שטאָט, וועלכע האָט זיך ברייט פאנאנדערגעלייגט אףביידע ברעגן פון דער וואָלגע. הינטער די הילצערנע איינשטאָקיקע הײַזער מיט די פּאליסאדני־קעס, וואָס קוקן דאָרפיש־געמיטלעך ארויס פון די געפארבטע פּלויטן, און הינטער די פילגאָרנדיקע בעטאָנענע הײַזער מיט מאגאזינען אף די אונטערשטע שטאָקן האָט מען געזען די קאָרפּוסן פון די טעקסטיל־פאבריקן, מיט וועלכע די שטאָט איז פון לאנג בארימט. לעבן דער דעקאָ־ראטיוו־אויסגעפוצטער וואסער־סטאנציע האָבן באם ברעג זיך געהוידעט פארשיידענע שיפלעך, בא דער עסטאקאדע איז געשטאנען מיט די צע־האנגענע פענדלעך א טײַך־טראמוויי, א ביסל ווײַטער האָט זיך אויסגע־צויגן א שניי־ווײַסע „ראקעטע“.

יעדע שטאָט האָט איר באזונדער כיין און אייגנארט, איר באזונדערן כאראקטער. עס איז געווען אזייגער דרײַ באטאָג, און א היפּש ביסל מענטשן, דערהויפּט פרויען, וואָס זײַנען אראָפּגעשטיגן פונעם טראמוויי, האָבן געטראָגן קוישן, עמערס, רוקזעק און פּאָשעטע זעק, אָנגעפילטע מיט שוועמלעך. דאָ און דאָרטן האָבן ארויסגעשטארצט די שוועמלשע סאמע־טענע היטעלעך און די פעסטע ווײַסע פּיסלעך. עס האָט געדוכט, אז די שטאָט איז פארפלייצט מיט מאסליאטעס, ליסיטשקעס, די לופט איז געווען אָנגעזאפּט מיט א וואלדיקן קילן רייעך; א ווינטל האָט ארײַנגעשעפּטשעט אין די אויערן: „עסט שוועמלעך... ס'קומט צו א שטיק געזונט“.

געזונט איז א דעפיציטער מײַכל. און מער פון אלעמען האָט עס איצט אויסגעפעלט עסטערן. זי האָט אָנגעשטרענגט אלע קויכעס ניט ארויס־צוווײַזן די שוואכקײַט. נאָר דערפילט האָט זי זיך ניט גוט נאָך פאָרנדיק אין וואגאָן. האלבע נאכט האָט איר אזוי געגומען קלאפּן דאָס הארץ, אז זי האָט געמיינט — שוין, אן עק. זי האָט געוואָלט אופוועקן לייבן, וואָס איז געשלאָפן אף דער אנטקעגנדיקער פּאָלקע. דערנאָך איז געוואָרן גרינגער, און ווען מע איז געקומען צו פאָרן און זי האָט אין האָטעל זיך אוועקגעזעצט אפן פאָטערשטול, האָט זי זיך שוין געפילט גאנץ נישקאָשע. עס האָבן נאָר געצויגן די פיס. איצט, אף דער גאס, זײַנען די פיס געווען אָנגעגאָסן ווי מיט בלײַ. זיי האָבן, דוכט זיך, געשפּאנט ניט איבערן גלאטן

אספאַלט, נאָר זיך געשלעפּט און געזונקען אין אַ בלאָטע. דער רוקן איז געווען נאַס, אין קאָפּ האָט געשווינדלט. „נאָר ניט ווערן קראַנק, — האָט זי מיט גרויל געקלערט, — מער פעלט אים ניט. ער וועט זיך אויך אַוועק־לייגן".

— פילסט זיך ניט גוט? — האָט לייב אַלץ אויפמערקזאַמער און פאַר־זאָרגטער זיך איינגעקוקט אין עסטערס בלאַס פּאָנעם.

— גאָרניט, גאָרניט, אַ ביסל מיד געוואָרן. ס'וועט דורכגיין, — האָט זי אים באַרויִקט, — לאָמיר נאָר אַף אַ פּאָר רעגעס זיך צוזעצן.

מע האָט זיך צוגעזעצט אין אַ דערבײַיִקן סקווער, פאַרנומען אַ גאַנצע באַנק אינעם שאָטן פון אַן אַלטן קליאָן, וואָס האָט ברייט צעוואָרפן זײַנע צווײַגן. עס איז געווען סאָף אָקטיאַבער, די צײַט, ווען די נאַטור, איידער זי ציט אַרויף אַף זיך דעם ווינטער, איז באַזונדערס ברייטהאַרציק. זי שפּרייט אונטער די פיס גאַנצע פּלאַכטעס גאָלד, גאָלדענע טעפּיכער. ניט פאַרשטענדלעך, פונוואַנען און פון וועמען האָט מען אין סקווער זיך דערוווּסט, אַז די זעקס מענטשן אַף דער באַנק זײַנען אַרטיסטן, און פון די אַנדערע בענק האָט מען אַף זיי גענומען וואַרפן בליקן. אַ ייִד אַ פּענ־סיאָנער האָט אַפילו איבערגעריסן די שפּיל אין דאַמינאָ, צוגעגאַנגען צו זיי מיט אַ געמאָסטענעם טראָט פון אַן אַלטן סאָלדאַט.

— אונדזער שטאָט איז אַ טעאַטראַלע, — האָט ער געזאָגט, — בײַ אונדז זײַנען געווען לעמעשעוו, איגאָר אילינסקי, די באַלערינע מײַע פּליסעצקע, דאַוויד אויסטראַך, מיראָוו און נאָוויצקי, מיראָנאָווע און מענאַקער... נאָר אַרקאַדי רײַקין קומט עפּעס ניט, — האָט ער מיט באַדויערונג פאַרענדיקט דאָס צעטל.

אַ פּאָר יונגע מיידלעך זײַנען ערגעץ אַוועקגעלאָפן, אין אַ ווײַלע אַרום זיך אומגעקערט און, פאַרויטלטע, אונטערגעטראָגן די אַרטיסטן אַ בוקעט בלומען.

עסטער האָט געשמעקט די האַרבסטיקע בלומען און ניט געפילט זייער דופטיקן רייעך. זי האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז באַלד וועט מען זיך דאַרפן אויפהייבן און ווײַטער גיין און זי האָט ניט קיין קויעך. אויב זי זאָל זיך ווענדן צו אַ דאָקטער, וועט ער געוויס הייסן זיך לייגן אין שפּי־טאָל.

זי האָט זיך אויפגעהויבן באַגלײַך מיט אַלעמען. עס איז איר אַפילו געלונגען צו געבן אַ שוואַכלעכן שמייכל. אינעם קולטור־פּאַלאַץ — אַ ראָז־מירמלנער מויער, וואָס שטייט אַנטקעגן דער בריק איבער דער וואָלגע, — איז, ווי געוויינלעך אין די באַטאָגיקע שאָען, געווען טונקל און פּוסט. אַ קילקײַט איז געגאַנגען פון די ליידיקע רייען אין זאַל און פון דער בינע. וואַסערמאַן האָט גלײַך זיך דערפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. „אַ רעפּעטי־ציע! אַן איבעריקע רעפּעטיציע שאַדט ניט!" — איז ער טייקעף אַרויס מיט זײַן אייביקן דעוויז.

— רו זיך אָפּ, עסטערקע, — האָט ער זיך געווענדט צום ווײַב, — איך וועל שוין אַליין זאָגן דײַנע רעפּליקעס. גיי אין האָטעל, דאָרטן איז איצט רויִק, לייג זיך צו...

עסטער האָט געפאָלגט. זי האָט ניט רעפּעטירט ניט הײַנט און ניט מאָרגן. געלעגן אין צימער און גערוט. „איך דאַרף זיך נאָר אויסרוען, און אַלץ וועט זײַן גוט. עס איז מיר שוין בעסער, אַ סאַך בעסער".

און ס'איז איר שוין טאַקע געוואָרן בעסער, גרינגער. צי עפּעס האָט זיך נאָר אויסגעדוכט אַזוי? צו דער פאָרשטעלונג איז זי געקומען צוזאַמען מיט אַלעמען. אומבאַמערקט זײַנען דורכגעלאָפן די לעצטע הייסע פּאָר שאָ פאַרן אָנהייב, און אָט איז שוין דער זאַל, וואָס נעמט אַרײַן טויזנט צוויי הונדערט מענטשן, געפּאַקט, בײַ די זײַטן זײַנען צוגעשטעלט שטולן. על־טערע מענטשן און שוין גאָר אַלטע לײַט זיצן ווי צוגעשמידט אויף זייערע ערטער, זיי האָבן מוירע דורכלאָזן די מינוט, ווען ס'וועט זיך אויפהייבן דער פאַרהאַנג. מע ווישט מיט גרויסע טיכלעך די הוילע קעפּ, מע הוסט זיך באַצײַטנס אויס. איינער אַ גענעראַל מיט אַ פּופּצן אָרדענס און מעדאַלן אויף דער ברוסט שטייט אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום זאַל, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס אָפּגעבן אַ קאָמאַנדע. אין דער צווייטער ריי הינטערן גענעראַל זיצט דער זעלבער ייִד, דער פּענסיאָנער, וואָס איז צוגעגאַנגען צו די אַרטיסטן אין סקווער; ער איז אַזוי אויסגעפּוצט, אַז אים איז שווער צו דערקענען. אַ נאַפּטאַלין־גערוך שלאָגט פון זײַן אָנצוג. ער האָט שוין באַוויזן צו דערציילן — צוערשט דעם שאָכן פון רעכטס, דערנאָך דער שכיינע פון לינקס וועגן זײַן פּערזענלעכער באַקאַנטשאַפט מיט אַלע אַר־טיסטן, וואָס שפּילן הײַנט.

ווײַטער מיט אַ פּאָר רייען פאַרנעמען צוויי שטולן אַ מאַמע מיט אַ זון. דאָס באָכערל צופּט די אייבערשטע ליפּ מיט די קוים באַמערקבאַרע שפּראָצנדיקע וואָנציקלעך, וואָס ראַטעווען אים אומעטום און האָבן גע־ראַטעוועט אים אויך הײַנט אַלס באַשײַמפּערלעכער באַווײַז, אַז ער איז שוין ניט קיין קינד און אַז ער מעג באַזוכן אַלע אָוונטיקע פאָרשטעלונגען. פון צײַט צו צײַט דרייט דאָס ייִנגל אויס דעם קאָפּ צום באַלקאָן. ווען האָט ער דאָרטן? עפּשער דאָס מיידל, וואָס האַלט די נאַקעטע הענט אָנגע־שפּאַרט אויף דער פאַרענטשע און האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז אַזוי, ווי זי וואָלט זיך געקליבן אַ שפּרונג טאָן צום כעווערעמאַן?

אַלץ אָפּטער פּאַטשט מען אין זאַל מיט די הענט. דער אוילעם ווײַזט אַרויס אומגעדולד. „נו, קינדערלעך, מיר הייבן אָן", — האָט לייב געזאָגט מיט אַ דערהויבנקײַט און פײַערלעכקײַט אין קאָל.

„האָדל" האָט צום לעצטן מאָל אַ פּרווו געטאָן די שטים און גענומען אַ הויכן טאָן. „שטילער, שטילער דאַרף מען — געליבטע שרײַען ניט, זיי שעפּטשען", — האָט „פּעפּערל" מיט האַרץ געגעבן איר צו פאַרשטיין. „לייזער־וואָלף" האָט אַרויסגעשאָטן זײַן לעצטע שפּאָגל־נײַע כאָכמע — ער שיט כאָכמעס איינע נאָך דער צווייטער, — און די באַשיידענע „צייטל" האָט אים אַ פּאַטש געטאָן איבער די ליפּן. די אַרטיסטן זײַנען אַוועקגעלאָפן הינטער די קוליסן. עסטער איז נאָך אַ רעגע געבליבן שטיין, אַ לענגערן קוק געטאָן אויפן מאַן, ווי זי וואָלט געוואָלט אים עפּעס זאָגן, און אַליין פאַר־מעלעך אַוועק פון דער בינע.

ס׳האָט זיך אופגעהויבן דער פאָרהאנג.

א גוטער אקטיאָר שפילט גוט אלע ראָלן. ער באזיצט די שווערע קונסט פון קענען ארופציִען אף זיך יענעמס הויט און ארײַנקריכן אין יענעמס נעשאָמע. און בעסער פון אלע גיבן זיך אים אײַן יענע פארשויִנען, וואָס זײַנען אים ליב און נאָענט. אין טעוויען — דעם קלוגן פאָלקסמענטשן, וואָס שטייט אויס אלע צאָרעס און פאלט בא זיך ניט אראָפּ, איז שטענדיק מונטער און פול מיט האָפענונגען, — לייגט דער ארטיסט וואָסערמאַן ארײַן זײַן גאנצע נעשאָמע, און דערפאר עפשער דוכט יעדן מאָל, אז הײַנט האָט ער די ראָל געשפילט בעסער, ווי נעכטן. באזונדערס גוט האָט ער געשפילט איצטיקס מאָל בייס די אופטריטן צוזאמען מיט „גאָלדען”. וויסנדיק, אז עסטער איז ניט אין בעסטן געזונט, האָט ער יעדעס וואָרט, יעדע רעפּליקע אונטערגעטראָגן אזוי, אז ווי שטיל זי האָט אים ניט געענטפערט, האָט מען געהערט אין יעדן ווינקעלע. איר ענטפער האָט מען שוין געפילט לויט די באוועגונגען זײַנע, לויט די הענט, וואָס יעדער זשעסט זייערער רעדט פאר זיך, לויט דער גאנצער גאמע שטומלאָשן, וואָס ווערט ניט ארויסגעבראכט פון מויל און פונדעסטוועגן איז עס אויסדרוקפולער פון דער גרעסטער שיינריידערײַ. לייב האָט געשפילט ניט נאָר פארן צושויער, נאָר אויך פאר איר, פאר זײַן עסטערל, אונטערמונטערנדיק זי און מיטציִענדיק מיט זיך, און זי האָט אים מיט אלע כושים און אייוורים געהערט, יעדע רעפּליקע זײַנע האָט געפונען אן אָפּקלאנג ניט בלויז אין דער מימיק אירער, נאָר טיף אין הארצן. ווען טעוויע האָט גענומען דערציילן זײַן בארימטן כאָלעם, וויִאזוי עס איז צו אים געקומען לייזער דעם קאצעווס פארשטאָרבן ווײַב פרומע־סאָרע און געזאָגט, אז זי וויל ניט, אז טעוויעס טאָכטער זאָל זי יארשענען, טראָגן אירע קליידלעך, נוצן זיך מיט איר גוטס, — טעוויע האָט בייסמײַסע ארומגעכאפּט מיט די הענט דעם האלדז אף צו ווײַזן, ווי פרומע־סאָרע האָט אים אין כאָלעם געשטיקט, — האָט עסטער זיך דערפילט אזוי, ווי מע וואָלט זי אליין געשטיקט, עס האָט איר פארכאפּט דער אָטעם און זי האָט ניט געקאָנט ארויסברענגען קיין וואָרט. די שלאבעריקע, אָפּגעשוואכטע הענט האָט זי אויך צוגעטראָגן צום האלדז. ס׳איז מיטאמאָל איר געוואָרן שטארק ניט גוט, די בינע האָט זיך א וויג געטאָן און געשטעלט זיך אין דער קווער, און ווי עס וואָלטן ניט צוויי פּראָזשעקטאָרס, נאָר הונדערט געשלאָגן מיט שײַן אינעם ווינקל, ווו זי זיצט מיט טעוויען, האָט זי אין אן אויסערגעוויינלעכער העלקײַט דערזען דעם גאנצן זאל — ריי נאָך ריי און מענטש נאָך מענטש: דעם ייִדן דעם פענסיִאָנער, וואָס איז צוגעגאנגען צו זיי אין סקווער, דעם גענעראל מיט די אָרדענס, דעם באַכער מיט די שפּראָצנדיקע וואָנציקלעך, דאָס מיידל, וואָס האלט אראָפּגעהאנגען דעם קאָפּ איבערן באריער פון באלקאָן... אלע און אלץ האָט מיטאמאָל א בלענד און א שניט געטאָן אין די אויגן.

— טעוויע, —האָט זי ארויסגעמורמלט מיט בלויז געוואָרענע ליפּן, אראָפּגליטשנדיק זיך פון דער באנק, אף וועלכער זי איז געזעסן. ער איז צוגעפאלן צו איר, זי אונטערגעכאפּט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער שפּילט ווײַטער. פּאָרט ווידער אום פון שטאָט צו שטאָט. און פּונקט ווי אַמאָל, כאַפּט אים אַרום אַן אומרו און אַ פרייד, ווען ער טוט אַ קוק דורכן לעכעלע אין פּאָרהאַנג און דערזעט דעם פולן זאַל. און אַנדער „גאָל־דע־סערדצע" שפּילט אין „טעוויע דעם מילכיקן", און ווען ער זאָגט אין געהעריקן אָרט פון ספּעקטאַקל „געשטאָרבן מײַן גאָלדע, אירע לעצטע ווערטער זײַנען געווען: „ווער וועט דיר קאָכן וועטשערע?", באַווײַזן זיך בײַ אים טרערן, ביטערע, עמעסע, ניט אַקטיאָרישע טרערן. אָבער גלײַך באַהערשט ער זיך.

טיף אין האַרצן ווינטשט ער זיך, אַז ווען עס וועט שלאָגן די שאָ זײַנע, זאָל ער שטאַרבן מיט טעוויעס אַ קלוג ווערטל אויף די ליפּן...

# דער יובילײ



## 1

דער שרײַבער מיכל פּאָנעוועזשער זיצט אין זײַן קאַבינעט באַם טיש און שרײַבט א דערציילונג. ער אַרבעט פלײַסיק. די פעדער רוט ניט. רייעלעך שורעס לייגן זיך אפן פּאַפּיר. דער מעכאַבער איז אַרומגערינגלט מיט זײַנע העלדן, און פאַר יעדן איינציקן לעבט ער איבער, ווי א טאַטע פאַר אַן אייגן קינד. אפן פּערטן זײַטל איז אים אויסגעקומען צעשיידן מאַן און ווײַב, — איז אים געוואָרן אומעטיק אפן האַרצן. אין א פּאָר זײַטלעך אַרום האָט א באָכער צום ערשטן מאָל געקושט א מיידל, — ליגט דער קוש אף די אייגענע ליפּן. וואָס פאַר א קישעף שטעקט אין דער פּעדער! ווי א שטערנדל פון הימל, שיקט זי אַראָפּ יעדן פאַרשוין זײַן מאַזל

און גורל, און וואָס טיפער דאָס שטערנדל לויכט אַרײַן אין דער נעשאָמע, איז אַלץ בעסער. אָבער גאָר פּלוצעם פאַראַקשנט זיך די קישעף־פּעדער און וויל מער ניט אָנשרײַבן קיין איין וואָרט. די העלדן פאַרשווינדן פון די אויגן, און מיכל בלײַבט נאָר מיט איין העלד: מיט זיך אַליין. „לאָמיר נאָר א קוק טאָן, וואָס דו האָסט דאָרטן אָנגעשמירט”, — זאָגט ער צו זיך, ווי צו א פרעמדן, און הייבט אָן לייענען. ער לייענט און מעקט, מעקט אומבעראַכמאָנעסדיק, ביז פונעם אָנגעשריבענעם בלײַבן עפּשער צען שורעס.

מיכל נעמט זיך ווידער צו דער מעלאָכע, נאָר דער מויעך איז שוין פאַרמאַטערט, ס׳קריכן אַלץ זײַטיקע געדאַנקען, און עס שרײַבט זיך ניט. ער הייבט אָן באַקוקן די פּאָרטרעטן אויף די ווענט פונעם קאַבינעט. דער בליק פאַרהאַלט זיך אויף שאָלעם־אַלייכעמס פאַרקײַלעכיקט בערדל, אויף פּע־רעצעס אימפּאָזאַנטע וואָנצעס. אַרײַנקוקן די גרויסע שרײַבער אין די אויגן וואַגט ער ניט. זיי נעמען, די אויגן, דורך און דורך, אַפילע ווען זיי זײַנען א ביסל צוגעזשמורעט, ווי, לעמאָשל, בא שאָלעם־אַלייכעמען.

מיכל נעמט אַראָפּ א בוך פון דער פּאָליצע, טוט עס א בלעטער און שטעלט אוועק צוריק אויפן אָרט; עפנט אויף דאָס טיש־קעסטל, וווּ עס ליגן אָנגעהויבענע קסאָווים, אַלטע בריוו און ניט־אויסגענוצטע אײַנלאַדונגס־בילעטן; דערנאָך טונקט ער ווידער אײַן די פעדער און האַלט זי אַרופּצו, ביז דער טינט ווערט אויסגעטריקנט. ניין, ווײַזט אויס, פונעם זיצן וועט שוין קיין פּולע ניט זײַן, מע מעג אופשטיין פון טיש.

אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן, ווען דער שרײַבער האָט אָנגעשריבן סאַ־כאַקל איין זײַטעלע און איז, ווי געוויינלעך, ניט געווען איבעריקס מיט זיך צופרידן, האָט אים דער גוטעריאָר מיטאַמאָל געטאָן א שטויס אַרײַנ־צוקוקן אינעם פּאַס, וואָס ער האָט שוין א צײַט ניט געהאַלטן אין די הענט. ס׳קומט פּאָשעט ניט אויס. דער פּאַס איז שפּאָגל־נײַ, די טעוועלעך שטײַף און הארט, ווי אָקאָרשט פון דער נאָדל. עס בלאַנקט דער הערב מיטן סערפּ און האַמער און מיטן קראַנץ פולע אָנגעגאָסענע זאַנגען. אויף דער אַנדערער זײַט פונעם טאָוועלע איז אָנגעשריבן „בעזסראָטשני”. דה. אַבי געזונט, מיטן זעלבן פּאַס מעג מען שוין אויסלעבן די יאָרן, בײַטן דאַרף מען אים ניט.

ווי א זאַך, וואָס מע קען גוט אויסווייניק, איז מיכל דורכגעלאָפן מיט די אויגן די פאַמיליע, דעם נאָמען און פאָטערנאָמען, די דאַטע פון גע־בוירן... ער האָט אופגעמישט דאָס צווייטע זײַטל און דאָס דריטע, צו־לעצט דאָס זײַטעלע, וווּ עס איז פאַרצייכנט דער אַדרעס, און דאַן זיך ווידער אומגעקערט צום ערשטן זײַטל, פונקט ווי ער וואָלט דאָרטן עפּעס געהאַט פאַרזען. ער האָט באַנײַס א קוק געטאָן אויף דער דאַטע. הערט נאָר א מײַסע. לויטן פּאַס קומט אויס, אַז אין דרײַ כאַדאָשים מיט דרײַ טעג אַרום ווערט ער אַלט פופציק יאָר. די דאַטע איז ניט קיין ריכטיקע, אַן אויסגעטראַכטע. די מעטריקעס זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן בײַיס דער ער־שטער וועלט־מילכאָמע, ווען מיכל, דאַן א פּיצל קינד, האָט נאָך אַליין ניט געוווּסט, אַז ער הייסט „בעזשענעץ” און אַז קיין מער שלימאַזלדיקע נע־

פאשעס, ווי די בעזשענצעס, איז ניטאָ אױף דער וועלט. אלץ פארלירן זיי אין וועג, אפילע דעם געבורטסטאָג. אין „פּריזוט", ווו ער איז אינגיכן אָנגעקומען, זײַנען אויך די איבעריקע קינדער געווען אָן מעטריקעס. די דאָקטערשע פונעם פּריזוט האָט, שײַנענדיק מיט אירע פערלמוטער־ווײַסע ציין, באטראכט יעדער קינד, געטאפּט די אויסגעדארטע אייוורים, באקוקט דאָס ראכיטישע בײַכל, די זיך־קרישלענדיקע ציינדלעך און לויט די דאָזיקע טרויעריקע סימאָנים פון דער הונגעריקער, גרויזאמער צײַט באמיט זיך פעסטצושטעלן דעם קינדס עלטער. שפּעטער, נאָכן בירגערקריג, ווען דאָס לעבן איז געוואָרן א ביסל גרינגער, האָט מען זיך ארומגעקוקט, אז בא די קינדער זײַנען נאָר אָנגעוויזן די יאָרן, אָן די כאדאָשים און טעג. די פארוואלטערן פונעם קינדערהיים האָט צוזאמען מיט די דערציִערנס גע־נומען פארפולן די בלויזן. א העלפט קינדער איז גלײַך געבוירן געוואָרן דעם 1 מײַ און דעם 7 נאָיאבער; די אנדערע העלפט איז געקומען אױף דער וועלט אין איין כוידעש און אין איין טאָג מיט בארימטע מענטשן, וואָס זייערע נעמען שטייען אין קאלענדאר. א יִינגל, וואָס ווײַזט ארויס פייִקײַטן צו מאָלן, איז אומבאדינגט געבוירן געוואָרן אין איין כוידעש און אין איין טאָג מיט רעפּינען; א מיידעלע, וואָס דעקלאמירט שיין, — אינעם געבורטסטאָג פון דער אקטריסע קאָמיסארזשעווסקאיא. דער קינפּ־טיקער שרײַבער מיכל פאָנעוועזשער האָט אין יאנוואר 1924 אָנגעשריבן דאָס ערשטע נאָטיצל אין דער וואנטצײַטונג. די נאָטיץ איז געפעלן גע־וואָרן, פון דעמלט אָן האָט ער געשריבן אין יעדן נומער, און דערפאר איז ער זויכע געווען געבוירן צו ווערן אין איין טאָג מיט דער „פּראוו־דא" — דעם 5 מײַ.

דאָן איז עס געווען א מין קינדער־שפּיל, נאָר אָט איז שוין וויפל צײַט, ווי די דאָזיקע דאטע איז פארשריבן אינעם פאס און געכאסמעט מיטן גרויסן מעלוכע־שטעמפל. סאָפקאָלסאָף איז שוין ניט אזוי וויכטיק, מיט א טאָג, צי מיט א כוידעש אָדער אפילע מיט א יאָר פריִער אָדער שפּעטער ביסטו געבוירן געוואָרן. יעדער מענטש איז דאָך ווען־עס־איז געבוירן געוואָרן, און אויב ער לעבט, דערלעבט ער צו פופציק יאָר...

מיכל האָט צוריק אוועקגעלייגט דעם פאס, אָפּגערוקט אין א זײַט דעם העפט מיט דער ניט־פארענדיקטער דערציילונג און פארטראכט גענומען קוקן אין פענצטער. פופציק יאָר לעבן, דרײַסיק יאָר שרײַבן... אין דער פריִער יוגנט האָט צו אים די „מוזע" אראָפּגענידערט אין ביגדיי־מאלכעס, פול געמאכט דאָס הארץ מיט האָפענונגען און טרוימען, געוועקט אינמיטן דער נאכט צו דער אווידע, געצוווּנגען צו כאָלעמען באטאָג. יעדער שרײַ־בער פארגעדענקט אפּן גאנצן לעבן די ווערטער, וואָס עס האָט אים אין אָנהייב פון זײַן וועג געזאָגט די אָדער יענע בארימטהײַט.

Старик Державин нас заметил
И, в гроб сходя, благословил...[1], —

[1] דער אלטער דערזשאווין האָט אונדז באמערקט און פארן שטאַרבן אונדז גע־בענטשט...

האָט פּושקין געשריבן. דאָסטאָיעווסקי פלעגט ליב האָבן דערמאָנען, ווי׳אַזוי נעקראַסאָוו האָט אים האַרציק אַרומגענומען נאָכן איבערלייענען זײַן ערשט ווערק „בעדנ׳ע ליודי״. עס לעבן נאָך יִדישע שרײַבער פונעם עלטערן דאָר, וועמען עס האָבן דערמונטערט די וואַרעמע אָפּרופן פון מענדעלען, פּערעצן, שאָלעם־אַלייכעמען. מיכל האָט ניט באַוויזן צו זען די יִדישע קלאַסיקער. איינער אַ קריטיקער האָט איבערגעלייענט זײַן ערשט ביכל און געפּסקנט: „איר וועט זײַן אַ שרײַבער״. אין אַ מינוט אַרום נאָכן אַרויסברענגען די דאָזיקע ווערטער האָט דער קריטיקער שוין געהאַט אָנגעבויגן דעם לענגלעכן קאָפּ מיטן גרויסן שאַרבן איבערן שרײַבטיש און, קרימענדיק די דינע ליפּן, מיט רוגזע פאַריכט עפּעס אַן אַרטיקל, געקוילעט דאָרטן שורע נאָך שורע. אים איז שוין ניט געלעגן אין זינען דאָס נײַנצניאָריקע באָכערל — דער אָנפאַנגער. פונדעסטוועגן איז פון זײַן קאַבינעט מיכל אַרויס אַ גליקלעך־באַפליגלטער, און ביז הײַנטיקן טאָג, אין גוטע מינוטן און אין שלעכטע, דערמאָנט ער זיך וועגן דעם, וואָס דער אויטאָריטעטער קריטיקער האָט אים אַמאָל געזאָגט.

טשעכאָוו האָט באַשריבן אַ מענטשן, אויף וועלכן מע לייגט האָפענונגען. דער פּאַרשוין איז, קיין אײַנהאָרע, שוין אַלט פערציק יאָר, פופציק יאָר, נאָר מע שמועסט נאָך אַלץ וועגן אים, אַז „ער וועט זײַן...״ מיכל האָפט אָנצושרײַבן אַ רעכטע זאַך, וואָס זאָל אים ברענגען באַפרידיקונג פאַר זײַן פּיליאָריקער ערלעכער, אומדערמידלעכער, אָבער שטילער, צו שטילער און צו באַשיידענער שאַפונג. ווען ער לייענט אַ גרויסן שרײַבער, איז דער פאַרגעניגן און די אַנציקונג שטענדיק בײַ אים איבערגעמישט מיט קווענקלעניש און ספּייקעס בענעגייע זיך אַליין, די אייגענע מעגלעכקײַטן. עס איז אָנגענומען צו האַלטן, אַז אָן די קליינע שרײַבער וואָלטן ניט געווען קיין גרויסע, דער פּאַרנאַס דאַרף האָבן אַ צופוסנס. אָבער וועלכער קינסטלער שטרעבט עס ניט אַרופצוקלעטערן אין דער הייך? אַ שרײַבער טאָר ניט זײַן מיטלמעסיק, יעדער ווערק זײַנס, אַפילע גאָר אַ קליינס, מוז אינעם מענטשנס נעשאָמע אָנרירן עפּעס אַ סטרונע, און זי דאַרף, די סטרונע, אָפּקלינגען ריינער, לויטערער, איידער זי האָט געקלונגען פריִער.

טראַכטנדיק אַזוי, האָט מיכל אַ רוף געטאָן פון דער קיך זײַן פרוי, און קאָלזמאַן זי איז געגאַנגען צו אים מיט אירע שטילע טריט, האָט ער אויף איר אויפמערקזאַם געקוקט. ער האָט אַ קלער געטאָן, אַז, אייגנטלעך, איז זײַן יובילײ אויך איר יובילײ, מער פון אים האָט זי פאַרדינט אַ פּאָר גוטע וואַרעמע ווערטער. זיצנדיק באַם שרײַבטיש, איז ער מיילעך, ער הערשט איבער הימל און ערד, זײַנע שיפן שווימען, וווּ אים גלוסט זיך, די עראָפּלאַנען פליִען, וווּ ער הייסט. זי אָבער איז אַ פּאָשעטע יִדענע און זי געוועלטיקט נאָר אין די צימערן און אין דער קיך פון איר שטוב. זי האָט זיך אירע כעזשבוינעס מיט דער וועלט. איר וועלט — דאָס איז פריִער פון אַלץ דער הויף, וווּ זי וווינט מיט אַ פּאָר צענדליק שכיינים. פאַראַן גוטע שכיינים און ניט אַזוינע גוטע. איינע אַ שכיינע, לעמאָשל, האַלט, אַז אַ שרײַבער, וואָס האָט ניט קיין ראָיאַל, איז ניט קיין שרײַבער.

מיכל לאכט דערפון, נאָר עסטערן פאַרדריסט עס. אַף איר מעג מען זאָגן, וואָס מע וויל, זי וועט עס איבערטראָגן, נאָר אַפּן מאָן?.. וואָס מע דאַרף, זאָגט זי אים אַליין גוט אַרײַן...

גאָר אַמאָל, ווען זיי זײַנען נאָך געווען כאָסן־קאַלע און אויך די ערשטע צײַט נאָך דער כאַסענע, פֿלעגט זי זײַנע קסאָווים לויבן אין טאָג אַרײַן. די ליבע צום מעכאַבער האָט בלינד געמאַכט איר קריטיש אויג. פֿון די רעדאַקציעס איז מיכל אָפּטמאָל געקומען ניט אין קיין געהויבענער שטימונג. מע האָט אים דאָרטן אָנגעוויזן, אַז עס פֿעלט געשטאַלט, בילד, זאַפֿטיקײַט, און דאָן — אַ שרײַבער איז אויך ניט מער, ווי אַ מענטש, — האָט ער גענומען האָבן צו איר אַ טײַנע: „אַבי דו האָסט געליאַרעמט, אַז ס'איז אַ מעכײַע". מיט דער צײַט האָט עסטער זיך אויסגעלערנט געפֿינען כעסרוינעס. זי האָט אָנגעהויבן בראַקעווען מער, ווי דער רעדאַקטאָר. „אָנשטאָט אופֿצוהייבן, אונטערגעבן מוט, וואַרפֿסטו גאָר אַראָפּ", — איז מיכל ווידער געווען אומצופֿרידן. איבערלייענען זײַנע אַ זאַך איז פֿאַר עסטערן געוואָרן אַ שווערע מעלאָכע. זי וויל אים ניט אָנטאָן קיין אַגמעס־נעפֿעש, נאָר וואָס פֿאַר אַ ווײַב געפֿינט עס ניט קיין פֿעלערן באַם מאָן?

ווען זי איז איצט צוגעגאַנגען צו זײַן שרײַבטיש, האָט ער מיט געמאַכטן גלײַכגילט איר דערציילט וועגן זײַן „אַנטדעקונג", אַז ער ווערט אַלט פֿופֿציק יאָר.

— קיין פֿרישערע נײַס האָסטו ניט פֿאַר מיר? — האָט זי אָפּגעענטפֿערט און שוין געוואָלט אוועקגיין, נאָר, ווי דער שטייגער אירער, נאָכן ערשטן טריטעלע ווידעראַמאָל אַף אים זיך אומגעקוקט. איר זײַטיקער בליק האָט זיך צוזאַמענגעטראָפֿן מיט זײַנעם.

— יובילאַר מײַנער, — האָט זי שטיל געזאָגט, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ צו זײַן גראָוון שלייף.

— אָט האָסטו דיר, — האָט ער בייזלעך געגעבן אַ מורמל. — איך האָב שוין אַ נאָמען „יובילאַר"... איך בעט דיך וועגן מײַן יובילײ קיינעם ניט זאָגן. איך האַלט ניט פֿון יובילייען...

— נו־נו, — איז עסטער קלוימערשט מאַסקים געווען, און פּלוצעם, גאַרניט, דוכט זיך, אין שײַכעס דערמיט, וועגן וואָס מע האָט אָקאָרשט גערעדט, האָט זי אָנגעוויזן דורך דער אָפֿענער טיר אַפֿן טישל אינעם צווייטן צימער:

— ער האָט נעכטן ביז שפּעט נאַכט געשריבן.

— ווער? — האָט מיכל די ערשטע רעגע ניט פֿאַרשטאַנען, וועגן וועמען עס גייט די רייד.

— ווייסט ניט ווער? עליע. ער זיצט און שרײַבט.

מאָן און פֿרוי זײַנען אַף אַ ווײַלע געוואָרן אַנשוויגן. בא עסטערן אַף די ליפּן האָט געשײַנט אַ שמייכל פֿון אַ גליקלעכער מאַמען, וואָס האָט אַן אויסגעשפּילט קינד. בא מיכלען איז געווען אַן אויסדרוק אַפֿן פּאָנעם, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „אַף איין פֿאַמיליע צוויי שרײַבער איז, דוכט, אַ ביסל צופֿיל..."

עסטער איז אַוועק, און מיכל איז געבליבן זיצן באַם טיש. ער האָט

זיך פֿאַרטראַכט וועגן זײַן זון עליק, אָדער, ווי די קינדער אין שול און אין הויף רופֿן אים, — „איליוכאַ“. דאָס ייִנגל איז אַלט צוועלף יאָר און גייט אין פֿינפֿטן קלאַס. ער איז אַ באַלן צו ראַנגלען זיך מיט יעדן כעוורעמאַן. ווען מע שפּילט אין „קאַוואַלעריסטן“ און אים פֿאַלט אויס דאָס גליק צו זײַן דער „רײַטער“, קלאַמערט ער זיך אײַן מיט די שטעקלדיקע הענט און פֿיס אינעם צווייטן רײַטער, און שלעפּט יענעם אַזוי לאַנג, ביז ביידע פֿאַלן אַראָפּ פֿון די „זאָטלען“. דער קאַמף ווערט פֿאָרגעזעצט אויף דער ערד, מע קײַקלט זיך אין שטויב, מע רײַסט די בגדים, ביז איינער פֿון די צוויי בלײַבט אַ „טויטער“ ליגן אויף די לאָפּעטקעס. גאַנץ אָפֿט איז דער באַזיגטער איליוכאַ.

— ער האָט ווינציק וואָג, — פֿאַרענטפֿערן אים די כעוורע, וואָס שטייען דערבײַ, — אַניט וואָלט ער געוויס גענומען.

עסן עסט עליע, קיין אײַנהאָרע, אַ סאַך, און דער גרעסטער פֿאַרגעניגן איז בײַ אים — בייסן עסן לייענען. אָבער די מאַמע געדענקט, אַז דער אַקאַדעמיקער פּאַוולאָוו רעקאָמענדירט ניט בײַם עסן פֿאַרנעמען זיך מיט זײַטיקע זאַכן, און זי פֿאַרמאַכט מיט אַ קנאַק דעם בוך, וואָס שטייט, צוגעטוליעט צו דער וואַנט, אַנטקעגן עליעס טעלער. דער כעוורעמאַן ווערט אופּגעבראַכט. די געשיכטע זאָל אַראָפּ גלאַט, אָן אַ פֿאַרשטערטן וואַרמעס, — מוז זיך אַרײַנמישן דער טאַטע. עסטער קוקט בייסמײַסע מיט ביטערן פֿאָרוווּרף אויפֿן מאַן: „די שיינע מידע האָט ער איבערגענומען בײַ דיר“.

עליק לייענט אַ יאַם, וואָס עס מאַכט זיך, ער איז ניט קיין איבערקלײַבער. גופֿע ער, מיכל, האָט אַ פּאָר צענדליק ביכער, וואָס זײַנען בײַ אים אויסדערוויילט פֿון אַלע איבעריקע און וועלכע ער לייענט פֿון צײַט צו צײַט איבער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. זײַן באַליבטער שרײַבער איז הוגאָ. לייענענדיק באַנד נאָך באַנד וויקטאָר הוגאָס געזאַמלטע ווערק, טראַכט ער, מיט וואָס ציט הוגאָ אַזוי צו? „נאָטר־דאַם“, „די פֿאַרשטויסענע“, „דער מענטש, וואָס לאַכט“. ווי ווײַט דאָס איז פֿון אונדזער איצטיקער וועלט — אַ וועלט פֿון אַטאָם־ענערגיע, קיבערנעטיק און פֿוטבאָל. נאָר, ווײַזט אויס, אַ גרויסער שרײַבער געפֿינט אַן אייביקע סטעזשקע צום מענטשנס האַרצן. דאָס האַרץ איז די גרייס ווי אַ פֿויסט, זײַן פֿאַרנעם בײַט זיך ניט, אָבער אייביק וועט עס זײַן אָפֿן פֿאַר אַלדאָס שיינס און גוטס.

איבערגעלייענט אַנדערסענען, מײַן־רידן, בעלײַעוון, גײַדאַרן, האָט עליק זיך צוגעכאַפּט צו שאָלעם־אַלייכעמס זעקסבענדיקער רוסישער אויסגאַבע, וואָס שטייט אינעם טאַטנס ביכער־שאַפֿע. ער האָט זיך אוועקגעלייגט מיט „ריאַבטשיקן“ און איז אופּגעשטאַנען מיט „מעסושעלעכן“, אײַנגעשלונגען „דרײַ קעפּלעך“ צוזאַמען מיטן „מעלאַמעד באַיאַז“, געשעפּט האַנאָע פֿון „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“. אין די „בלאָנדזנדע שטערן“ האָט ער זיך אַ ביסל פֿאַרבלאָנדזשעט און אַ צאָל זײַטן איבערגעהיפּט. זעענדיק, ווי דער טאַטע פֿאַרגלײַכט אָפּטמאָל די איבערזעצונגען מיטן אָריגינאַל, האָט זיך עס עליען אויך פֿאַרוואָלט טאָן. אָבער, ווי געווייב־לעך, אַ קינד, וואָס האָט נאָר ליב אַ זאַך, ווען זי איז נײַ און טשיקאַווע,

איז דער אײסעק אינגיכן אים דערעסן. ער האָט זיך אַרײַנגעטאָן אין אַן אַנדער מעלאָכע.

אומקוקנדיק זיך אין די זײַטן, צי קײנער זעט ניט, שלעפּט ער אַרויס פֿונעם דעק פֿון טישקעסטל אַ העפֿט און הײבט אָן שרײַבן. בײסמײַסע לאָזט ער קײנעם ניט צו צו זיך. אַפֿילע די קאַץ זעט אים אויס צו זײַן פֿאַרדעכטיק, און ער טרײַבט זי אַוועק, ווי נאָר זי וויל זיך באַזעצן מיט אים בײַשכײנעס. באַזונדערס באַהאַלט ער זיך אויס פֿאַרן טאַטן. „נאַרע־לע, — זאָגט דער טאַטע, — איך זע דאָך ניט אָן די ברילן”. אַף אַ ווײַלע באַרויִקט זיך דאָס ייִנגל, נאָר אין אַ מינוט אַרום בעט ער אים פֿונדעסט־וועגן אָפּגײן אַ ביסל ווײַטער...

וואָס מער עליע שרײַבט, אַלץ גרעסער איז באַם שטוביקן אוילעם דער נײַגער. מע וויל וויסן, וואָס שרײַבט ער, פֿאַרוואָס האָט ער מוירע, עמע־צער זאָל אַ קוק טאָן? די מאַמע האָט זיך דערוווּסט, אַז עליע גיט זײַנע „ווערק” לײענען אײנעם אַ כאַווער. „פּרעמדע מענטשן ווײַזסטו, און די אײגענע ניט?” — מוסערט זי אים. אָבער עס העלפֿט ניט. ער לאָזט זיך ניט בײגן און איז האַרט ווי שטאָל. „זאָלסט מיר אַפֿילע צוצאָלן, וועל איך אויך ניט לײענען”, — טרעט די מאַמע אָפּ מיט אַ קלוימערשט שטאָלצער מינע.

נאַריש ייִנגל! וויפֿל מאָל באַנאַכט, ווען ער איז שוין פֿאַרמאַטערט און די אײגלעך קלעפּן זיך, לײגט ער אַוועק דאָס דינע העפֿטל זײַנס אין טיש־קעסטל גאָר אויבנויף. דאַן האָבן זײַנע עלטערן אַ פֿאַרלאַנג צוגײן און איבערלײענען, וואָס ער שרײַבט, נאָר זײ טוען דאָס ניט. אָפּנאַרן אַ קינד איז ערגער פֿון גנייווע. מיט דער צײַט וועט דער זון אַלײן ווײַזן...

— עליק, — האָט מיכל איצט אַ רוף געטאָן דאָס ייִנגל פֿון הויף, ווו ער האָט געשפּילט מיט נאָך קינדער.

עליע איז געקומען צו לויפֿן, אָפּגעשטעלט זיך אַ פּאַרסאָפּעטער באַם טאַטנס טיש, מיט „באָמבעס” שנײ אויף פּוטערנעם היטל און אויף מאַנטל, וואָס איז פֿאַראיאָרן געוועזן צו לאַנג און האָר געוואָרן קורץ. אין די הענט האָט ער געהאַלטן אײנע פֿון זײַן צענדליק הילצערנע שווערדן, וועלכע ער האָט אַלײן געמײַסטרעוועט.

נאָך דעם טאַטנס באַמערקונגען, אַז מע דאַרף בימכילע אויסווישן די נאָז און אָפּרײניקן דעם שנײ פֿון זיך, איז עליע אַרויסגעלאָפֿן אין קאָרי־דאָר, אָפּגעטאָן דאָרט, וואָס מע האָט געהײסן, און זיך אומגעקערט צוריק.

— דערצײל, עליע, אַף וועלכע לימודים האָט מען דיך נעכטן אַרויסגעע־רופֿן?

— אַף רוסישער שפּראַך, אַף ענגליש און אַף מאַטעמאַטיק.

— האָסטו גוט געענטפֿערט?

— אַף רוסיש האָב איך געקראָגן אַ „פֿינף”, אַף ענגליש אויך אַ „פֿינף”.

— זײער גוט. נו, און אַף מאַטעמאַטיק?

עליע שוויַגט. די אויגן קוקן אַף דער שווערד, ווי זיי וואָלטן בא איר געזוכט דערמוטיקונג.

— האָסטו גוט געוווּסט מאַטעמאַטיק? — פרעגט דער טאַטע איבער און דערפילט בייסמײַסע צום קינד א ראַכמאָנעס.

— איך האָב באַקומען א „דרײַ". אלץ האָב איך געוווּסט, נאָר אין לעצטן בײַשפיל דערלאָזט א טאָעס.

דער טאַטע אָטעמט גרינגער אָפּ: ער האָט געמיינט, אז ס'האַלט ערגער. פונדעסטוועגן באַשליסט ער דערמאָנען דעם יונגאַטש, אז אַף א זאַך, וואָס גיט זיך אײַן שווערער, דאַרף מען מער אַרבעטן. מיכל ווייסט אויסגעצייכנט, אז קינדער פאַרטראָגן ניט, ווען מע לייענט זיי „מאָראַל", און ער מאַכט דאָס בעקיצער. געזאָגט עטלעכע ווערטער וועגן דער וויכטיקײַט פון מאַטעמאַטיק, פאַרענדיקט ער גאָר אומגעריכט מיט א ביטע:

— איך וויל, עליק, זען, וואָס דו שרײַבסט.

דער כעווערעמאַן בײַט זיך אין פּאָנעם, מיט דער פרײַער לינקער האַנט קריכט ער אַרײַן אין דער געדיכטער טשופּרינע, וואָס ער וויל זי בעשום־אויפן ניט אונטערשערן, האַלטנדיק, אז זי מאַכט אים פאַר א דערוואַקסענעם באָכער; איין שוך קריכט אַרויף אַפן צווייטן שוך און רײַבט דאָס אומגליקלעכע אָפּגעריבענע נעזל, וואָס האָט אַזוי אויך אויסצושטיין פון אַלע כאָקיי־קײַקעלעך און פילקעס אַף דער וועלט. עליע קוקט מיט די גרויסע גרויע אויגן אינעם „אייגל" פונעם צעקווייטלטן, פאַרהוכקעטן פענצטער און שלאָגט זיך, ווײַזט אויס, מיט דער דייע — ווײַזן צי ניט ווײַזן.

— ווײַז מיר, — בעט דער טאַטע נאָכאַמאָל.

עליע רירט זיך ניט פון אָרט. שוין ניט קיין ראָזעווע, נאָר א רויטע פאַרב שלאָגט זיך דורך דורך דער טונקעלער הויט און באַדעקט די איידעלע לענגלעכע באַקן. „וואָס מאַטער איך דאָס קינד?" — וויל שוין דער טאַטע אים אָפּלאָזן, נאָר עליע לויפט פּלוצעם אַוועק און ברענגט צו טראָגן דאָס העפטל. א פאַרטײַעטער בלײַבט ער שטיין באַם ברעג טיש.

מיכל טוט אָן די ברילן און הייבט אָן צו לייענען אין זיך. „שוואַך, גאַנץ שוואַך", — טוט ער א קלער נאָכן ערשטן זײַטל, נאָר גלײַך דערמאָנט ער זיך, אז ווען ער איז געווען אין עליעס יאָרן, האָט ער אויך בעסער ניט געשריבן, עפּשער נאָך ערגער. אַפן דריטן זײַטל איז גאָרניט שלעכט געוויזן, וויאַזוי קינדער מאַכן א בריקל אַף אַריבערצוגיין א זומפּ און וויאַזוי איין כעווערעמאַן פאַלט שיר ניט אַרײַן אין דער בלאָטע, דאָס זעלבע ייִנגל שפּילט דערנאָך בייסן „פּריוואַל" אין וואַלד א פּאַרטיע שאָך און פאַרשפּילט. עס איז קאָנטיק, אז עליע באַשרײַבט זיך אַליין. גאַנץ געלונגען האָט ער אויפגעכאַפּט און פאַרצייכנט א פּאָר אייגענע שטריכן. „אויב ס'איז יאָ פאַראַן א פּונק, דאַרף מען אים ניט פאַרלעשן", — טראַכט דער טאַטע שוין ווײַטער, און ס'פאַרווילט זיך אים א ביסל א שמועס טאָן מיטן זון וועגן דעם, וואָס עס הייסט זײַן א שרײַבער, זאָל ער

וויסן פון דער קינדהייט אָן, וואָס פאר א דערהויבענע און גלייכצייטיק שווערע, אויסערגעוויינלעך שווערע מעלאָכע דאָס איז. א סטאָליער ווייסט אף זיכער, אז דער טיש, וואָס ער מאכט, וועט זײַן א טיש. א שרײַבער ווייסט קיינמאָל ניט אפריער, צי עס וועט „עפּעס" ארויס. שוין האָבנדיק אָנגעשריבן „קריג און פרידן", „אנא קארענינא", האָט לעוו טאָלסטאָי געזאָגט, אז יעדער מאָל זעצט ער זיך שרײַבן מיט אזא געפיל, פונקט ווי ער וואָלט נאָך קיינמאָל ניט געהאלטן א פעדער אין דער האנט. דער מעכאבער פון דער „מענטשלעכער קאָמעדיע" באלזאק איז זיך מוי־דע געווען, אז ער מוז זיך צובינדן צום בענקל, קעדיי ניט אנטלויפן פונעם שרײַבטיש, ווי נאָר ער זעצט זיך אוועק בא אים. עס ווילט זיך זייער דערציילן עליען, וויאזוי זײַן טאטע, ניט אזא אָנגעזעענער שרײַבער, מאטערט זיך איבער יעדער דערציילונג, באמיִענדיק זיך אויסצופילן מענ־דעלעס געבאָט: „שלייפן און שלייפן..." א סאך האָט מיכל צו זאָגן זײַן זון, אָבער דערווײַל איז נאָך פרי, זאָל דאָס יינגל אונטערוואקסן. איצט האָט ער נאָר געטאָן א זאָג:

— אָט ווערט דײַן טאטע אלט פופציק יאָר...

— דאָס איז א סאך? — פרעגט עליע מיט ריינער קינדערשער נאַיִוו־קײַט.

— א סאך און ווינציק... זאָג מיר, עליע, אין אײַער קלאס האָט מען שוין געשריבן אף דער טעמע „ווער וויל איך זײַן"?

עליע טוט א שאָקל מיטן קאָפּ אף „יאָ".

— וואָס זשע האָסטו אָנגעשריבן?

— כ'האָב אָנגעשריבן, אז כ'וויל זײַן א „וואָדאָלאז".

— גאָר אזוי, — צעשמייכלט זיך דער טאטע.

— דאָס האָב איך געוואָלט זײַן אמאָל. איצט ווייס איך ניט, — כאפּט עליע שעמעוודיק א קוק אפן העפטל און לאָזט אראָפּ די אויגן.

— כ'וועל עס אלץ איבערלייענען, — זאָגט דער טאטע, — דערנאָך וועלן מיר א שמועס טאָן. גיי, עליע, זיך שפּילן.

אין א פּאָר מינוט ארום זעט שוין מיכל, ווי זײַן איליוכא צוזאמען מיט נאָך כעווערע מאכן א ריזיקע שניי־באָבע. נאָך שניי קריכט מען אין אויסרײַסעניש, כאָטש די סכוירע איז פאראן איבערגענוג אונטער די פיס.

מיכל קוקט אף זײַן זון און טראכט:

„פערעץ האָט אמאָל געשריבן, אז א קינד אף די אקסלען פונעם טאטן איז העכער פונעם טאטן. ווער און וואָס, קינד מײַנס, דו זאָלסט ניט זײַן, ווינטש איך דיר איבערשטײַגן דײַן פאָטער אין קענטעניש, פּאכמענע־רישקײַט, און ניט צו פופציק, נאָר שוין צו דרײַסיק יאָר זאָלסטו האָבן פיל מער אופגעטאָן פונעם טאטן און מער דערגרייכט. און נאָך ווינטש איך דיר, איליוכא מײַנער, זײַן באשיידן אין לעבן און דרייסט און גע־וואגט אין דער שאפונג, ווײַל וואָס פּאָר א געביט דו וועסט ניט אויס־קלײַבן, דארף מען זײַן אין אים א שעפער".

# 2

דער טאָג איז שוין געווען א פּאַרפאַלענער. זײַטיקע געדאַנקען האָבן אַלץ מער אָפּגעווענדט און אוועקגעפירט פון דער ניט־פאַרענדיקטער דערציילונג, וואָס איז געלעגן אפן טיש. מיכל האָט געפרווּט צונויפנעמען דאָס פּעקל העלדן, נאָר אפילע די סאַמע פּאָזיטיווע פאַרשווינען האָבן היינט ניט געהערט און ניט געפאָלגט, אַנטלאָפן פון אים, ווי זיי וואָלטן מיטן מעכאַבער גאָר קיינמאָל ניט געווען אפילע באַקאַנט.

ווי געווייינלעך די לעצטע צײַט, איז נאָך מיטיק אַרײַנגעקומען נאָכעם שפּיגלמאַן, אַן עלטערער ייִד, א פּענסיאָנער, וואָס זינט ער האָט אופגעהערט צו האַלטן אין דער האַנט די שער און דעם אײַזן, האָט ער זיך גענומען צו אַן אַנדער קלייזײַען — צו דעם העגטלפען.

האָפערדיק באַגריסט זיך מיט מיכלען און פאַרנומען זײַן טישל באַם פענצטער (עס זאָל זײַן ליכטיקער צו לייענען), שלעפּט נאָכעם אַרויס פון דער בוזעם־קעשענע א פּאַק פאַרשריבענע בלעטלעך, איבערלאָזנדיק נאָך אַזויפיל שטאַרצן אין דער צווייטער קעשענע, דערבײַ טוט ער זיך א כאָכמע, אַז אין דער יוגנט האָט ער ניט געהאַט אַזויפיל האָר אפן קאָפּ, וויפל בלעטער פּאַפּיר ער האָט שוין אויסגעשריבן אף דער עלטער.

שפּיגלמאַנס אַלע קסאָווים האָבן איין נאָמען — „פון פינצטערן אַמאָל“. מיכל קוקט אף אים, אף זײַן פיגור, וואָס האָט ניט קיין איין שאַרפן ווינקל, אַלץ איז פאַרקײַלעכיקט, ווייך, ווי אויסגעבעט מיט קישעלעך; ער הערט, וואָס יענער לייענט, און טראַכט בייסמײַסע, אַז ווען ניט די גראַפאָמאַנען, וואָלטן שרײַבער ניט געוווּסט, צי זיי זײַנען שרײַבער. „איך וואָלט בא אים אַראָפּגענומען א האַלבע פענסיע“, — טוט מיכל א קלער נאָך דעם, ווי שפּיגלמאַן מאַטערט אים אָפּ מיט זײַן לייענען שוין אַנדערהאַלבן שאָ. „ניין, אינגאַנצן די פּענסיע אַראָפּנעמען“, — באַשליסט ער, ווען דאָס לייענען ציט זיך שוין די דריטע שאָ, א היפּשע צאָל זײַטן זײַנען שוין אף דער זײַט, אָבער נאָך מער איז געבליבן. אָנגעשפּיגעוועטע זײַטן, ווי זאַמד אינעם טויטן מידבער, אָן איין מעק, אָן איין גרײַז און אָן איין לעבעדיקן געדאַנק.

— איך האָב אײַך, דוכט מיר, א ביסל פאַרמאַטערט, — כאַפּט שפּיגלמאַן איבער דעם אָטעם, באַנעצט די ליפּן מיט א זופּ טיי, וואָס עסטער האָט אַרײַנגעבראַכט, און נעמט גלײַך לייענען ווײַטער.

ענדלעך איז איבערגעמישט דאָס לעצטע בלעטל. שפּיגלמאַן ווישט די ברילן און קוקט טמימעסדיק מיט די אומבאַוואָפנטע אויגן. ער וואַרט אף א מיינונג. א גליקלעכער, וואָס די עקזעקוציע האָט זיך פאַרענדיקט, איז מיכל שוין געשטימט א סאַך גוטמוטיקער, איידער פריִער. ער זעט בא שפּיגלמאַנען ניט נאָר די הויכע פּלייצעס, וואָס זײַנען אונטערגעבעט מיט וואַטע־קישעלעך, נאָר אויך די עמעסע קישעלעך אונטער די אויגן.

מיכל מורמלט עפּעס מיט א האַלבן מויל. איידל, אויסקלײַבנדיק די ווערטער, נעמט ער א ביסל קריטיקירן. שפּיגלמאַן שאַקלט צו מיטן קאָפּ,

און ס׳איז בא אים אזא אויסדרוק אפן פּנעם, פּונקט ווי דאָס, וואָס מע זאָגט אים דאָ, איז אלץ אזעלכע קלייניקײַטן, אף וועלכע עס איז ניט קעדײַ צו לייגן די אופמערקזאמקײַט.

— מע קען עס זייער לײַכט פאריכטן, — האלט ער.

מיכל טוט א שווערלעכן זיפץ. שפּיגלמאן הייבט זיך מונטער אוף, כאפּט א קוק אף טאָלסטאָיען, וואָס הענגט אף דער וואנט אנטקעגן שרײַב־טיש.

— לעוו ניקאָלײַעוויטש האָט, דוכט זיך, אויך געקאָנט שרײַבן, — גיט ער גוטברודעריש א ווונק אפן פּאָרטרעט.

ווי א גוטע באלוינונג פאר די עטלעכע שאָ מאטערניש, קומט אראָפּ נאָך שפּיגלמאנס אוועקגיין זייער אן אָנגענעמער גאסט — זעליק קאץ, א זעקס־זיבן־און־צוואנציקיאָריקער באָכער, וואָס גייט אום ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, אָן א היטל און מיט א צעשפּיליעטן קאָלנער. דאָ ניט לאנג האָט זעליק פארלאָזט א באָרד מיט באקנבארדן. פרײַ פון דער געוויק־סעניש זײַנען נאָר א פּאָר ריפּטלעך פון די באקן און די קורצע הארטע נאָז. זעליק איז אן אָנפאנגער — אן איבערזעצער, ער האָט פארענדיקט דעם אינסטיטוט פאר אויסלענדישע שפּראכן און קען גאנץ גוט שפּאניש. אלס ערשטן פּרווו האָט ער גענומען איבערזעצן מיכלס א דערציילונג, ווו די האנדלונג קומט פאָר אין שפּאניע. זעליק שוויצט איבער דער איבערזעצונג פיל מער, ווי דער מעכאבער גופא האָט געארבעט איבערן אָריגינאל. יעדעס נײַע זײַטל, וואָס ער מאכט, מוז ער גלײַך ברענגען צו טראָגן און איבערלייענען דעם אווטאָר אין דער הייך, כאָטש אליין דער אווטאָר פארשטייט ניט קיין וואָרט.

— עס קלינגט? — פרעגט זעליק.

— הם... יאָ, אוואדע, — דערמוטיקט אים מיכל, און דער יונגער אי־בערזעצער שעפּט פארגעניגן.

גלײַך נאָך זעליקס אוועקגיין דערהערן זיך אף די טרעפּ שטילע טריט. עס דוכט: ניט מע גייט, נאָר מע גאנוועט זיך. א פּאָר פינגער קלאפּן איידל אָן אין דער טיר. מיכל ווייסט, ווער עס קלאפּט. ס׳איז שיפרע, וואָס וווינט אפן אונטערשטן שטאָק. אָפּטמאָל, ווען מע גייט פארבײַ איר איינזאם צימערל, הערט מען פון דאָרטן א שטיל געזאנג.

זי קומט ארײַן אין מיכלס קאבינעט, דערלאנגט א דינע, צארטע האנט, וואָס איז שטענדיק א קאלטע, און זעצט זיך צו אפן ברעג פון דיוואן. א היפּשע ווײַלע שווײַגט זי, קוקט אף מיכלען, דערנאָך טוט זי א בעט „עפּעס דערציילן״.

— דערציילט איר בעסער, — רופט זיך מיכל אָפּ, — איך זיץ איצט גאנצע טעג באם טיש און זע קימאט קיינעם ניט. וואָס הערט זיך בא אײַך אף דער ארבעט?

ער וואָלט געמעגט ניט פרעגן. באלד וועט שיפרע אָנהייבן שיטן „פּעך און שוועבל״ אף אירע מיטארבעטער. איינער איז א קאליקע, דער צווייי־טער — א טויגעניכץ, דער דריטער —א גראָבער יונג. דערהויפּט איז זי

פלאם־פײַער אַף אײנעם א נאַי איסײַעוויטש, וואָס איז, לויט אירע רייד, פארליבט נאָר אין געלט. זי רופט אים ניט אנדערש, ווי „יאַניטש״.

— עס פעלט אים א דראָזשקע און א קייטל איבערן זשיליעט, ער זאָל זײַן פונקט ווי טשעכאָווס יאַניטש...

שיפרע לאכט הילכיק, הויך, נאָר דער געלעכטער איז בא איר א בייז־לעכער, ניט קיין גוטער, ניט קיין מילדער געלעכטער.

א סוואָרע, אז פריִער האָט זי דעם זעלבן נאַי איסײַעוויטשן, וואָס זי מאכט איצט צונישט, גאָר ניט אזוי פײַנט געהאט, מע האָט זיי אפילע געזען צוזאמען שפאצירן. איצט שפאצירט נאַי איסײַעוויטש מיט אן אנדער־רער, און שיפרע, האָבנדיק זיך אָפּגענארט און אנטוישט אין איין מענטשן, קוקט שוין מיט פארדאכט אויך אַף אלע איבעריקע.

— איך בין א נעגאַטיווער פערסאָנאַזש? — פרעגט זי באַם שרײַבער מיט א טרויעריקלעכן שמייכל.

— א נעגאַטיווער, וואָס וועט צום סאָף פון דער דערציילונג ווערן א פּאָזיטיווער, — לאכט מיכל.

— בא אײַך זײַנען נאָר ליטעראַרישע אסאָציִאַציעס... נו, און דער יונגערמאַן, וועלכער גייט צו אײַך, כ'מיין אײַער איבערזעצער... ער איז א פּאָזיטיווער? — פארגיט זי פּלוצעם א פראגע, און פון דער דאָזיקער פּלוצעמדיקײַט איז צו זען, אז דער באָכער אינטערעסירט זי און צוליב דעם איז זי אריַינגעקומען טאקע, קעדיי א רעד טאָן וועגן אים.

— אף וועמען איז ער ענלעך? — וויל שיפרע וויסן. — איר זײַט דאָך אויסגעבונדן מיט אלע ליטעראַרישע העלדן...

„כלעבן, — טוט מיכל א טראכט, קוקנדיק אַף שיפרעס פארויטלטע באקן, — זעליק — פאר איר, און זי פאר זעליקן איז גאָרניט קיין שלעכטע פּאָר״.

...אָט אזוי, אינעם שווינדל פון טאָג, אין שטילער טומלעניש פון אופנעמען געסט, אין פארשיידענע טראכטענישן און געוויינלעכע וואָ־כיקע אייסאָקים איז מיכלען אינגאנצן ארויס פון קאָפּ דאָס, וואָס עס האָט אים אינדערפרי אזוי אָנגערעגט און פארכאפּט. נאָר שפּעט באנאכט, אופגעכאפּט זיך נאָכן ערשטן שלאָף, האָט ער זיך דערמאָנט וועגן זײַן נאָענטן יובילײ און אז ער האָט מיט עסטערן אָפּגערעדט: קיינעם קיין וואָרט ניט זאָגן וועגן דעם, דאָס בעסטע וועט זײַן — אָנשרײַבן צו יענער צײַט עפּעס א גוטע זאך, א בעסערע פון אלע פריִערדיקע.

מיטן דאָזיקן געדאנק איז ער אין דרײַ שאָ ארום ווידער אײַנגע־שלאָפן...

3

מעגלעך, אז מיכלס פרוי האָט טאקע קיינעם ניט געזאָגט וועגן יובי־ליי, און עפּשער האָט זי זיך יאָ ארויסגעכאפּט מיט א וואָרט; ס'קאָן אויך זײַן, אז אליין דער באלסימכע האָט עמעצן א זאָג געטאָן; אָדער עפּשער גאָר אן אלטער פרײַנט, א ליבהאָבער צו שיקן באגריסונגס־טעלעגראמעס,

האָט אמאָל צופעליק פארשריבן די דאטע בא זיך אינעם סייפערל־האַ־זיכרוינעס און איצט אין אים ארייַנגעקוקט... ווי דאָס זאָל ניט זייַן, נאָר שוין מיט א וואָך פארן געבורטסטאָג האָט מען דעם יובילייאר אָנגעהויבן באגריסן. דעם פינפטן מייַ האָט אינעם דרייַשטאָקיקן הויז, ווו מיכל וווינט, געראשט זיך מער, ווי אלעמאָל. דאָס הויז, אף איינער פון די שטאָטישע ראנד־גאסן, איז באזוימט פון אלע זייַטן מיט באַלקאָנען און וועראנדעס, ארומגערינגלט מיט צעוואקסענעם בעז, ווייַטער א ביסל שטייען סאָסנעס, יאָדלעס און בערעזעס. די לופט איז אָנגעזאפט מיט א דופטיקן אראָמאט, און ווען מע גייט ניט ארויס אין דרויסן, זומער און ווינטער, ווילט זיך זאָגן נאָר דרייַ ווערטער: „אך, סארא מעכייַע!". אין די גרויסע שויבן פונעם הויז שפּיגלען זיך דורך די גרינע צווייַגן די פענצטער פון דער אנטקעגנדיקער קלענערער שטוב. אין הינטערגרונט, באם פלויט פון הויף האָט זיך צוגעטוליעט נאָך א געבייַ — שוין גאָר א קליין כאטקעלע. אינעם הויף לעבן אָן אָנדערהאלבן צענדליק פאמיליעס. אמאָל איז דאָ געווען א צוזאמענווויַנונג פון יונגע דרוקער־ארבעטער. די באָכערים פון די דרוק־מאשינעס האָבן גיך געפונען א וועג צו די הערצער פון די לינאָטיפּיסטקעס און האנט־זעצערנס. אף דער פרייַער לופט האָט מען נאָך דער ארבעט שפּאצירט, געפירט ליבעס, געפראוועט כאסענעס. אין מעשעך פון עטלעכע זומערס זייַנען דערשינען פון „דרוק" א ריי פּולקומסטע „ווערק", וואָס נאָר אינעם מענטשנס קויעך איז צו באשאפן. צו דער צוויטשערייַ פון די שפּילפויגלען, וואָס נעסטן זיך אונטער די קרוינען פון די הויכע ביימער, איז צוגעקומען א געפּילדער און זשומערייַ פון א כאָפּטע קינדער־לעך. אויסער פּאָליגראפיסטן, לעבן אין הויף א שלאָסער, א שאָפער, א יוריסט, א מאטעמאטיקער, א שרייַבער.

דער שרייַבער — דאָס איז טאקע ער, מיכל, אליין. אָפטמאָל וווּנדערט אים, פארוואָס ער האָט נאָך ביז איצט ניט באשריבן זייַן הויז. ער פאָרט אין שעפערישע קאָמאנדירונגען, זוכט העלדן, בייס די אייגענע שטוב גיט געבויג שטאָף פאר א גרויסן ראָמאן. מיכל איז דאָ פון די עלטסטע אייַנוווינער. ווען ער האָט זיך דאָ באזעצט, האָט אָט די בערעזע פארן פענצטער קוים ארויסגעשפּראָצט פון דער ערד, און איצט איז זי אין איין הייך מיט די אנטענעס, וואָס שטארצן אפן דאך פונעם הויז. ס'איז דער העכסטער בוים אינעם הויף. דער שטאם זייַנער, מיט ווייַסע און ברוינע פאסן קאָרע, איז זייער דין; ער וואקסט בא דער צאָפּנדיקער וואנט פון הויז און רייַסט זיך פון קינדווייַז אָן מיט די צווייַגן אין דער הייך, צו דער זון, קלעקט אים שוין ניט קיין זאפטן זיך צו פאנאנדערוואקסן אין דער ברייט. דער אויסגעיידלטער שטאם שאָקלט זיך שטום, דעם רויש פון די בלעטער אף דער קרוין הערט מען ניט אפילע בייס א שטארקן ווינט.

אלע שכיינים, אָן אויסנאם, זייַנען געווען פארבעטן אף דער יאָמטעוודיקער סודע. פון גאנצפרי האָט אין דער קיך אפן צווייטן שטאָק געשוויצט א ספּעציעלער קעכער, ער איז געשטאנען מיט פארקאשערטע ארבל און געבראָקט, און געמישט, און געפּרעגלט, דונערנדיק מיט די

טעפּ און מיט די סקאָווערדעס. אויפן ערשטן שטאָק, אינעם צימער, וווּ עס ווינט די אַלמאָנע פאַניע זיסקינד, האָט דער טיש, און דער דיל, און אַלץ ארום געטרייסלט זיך פונעם האַקן מיטן האַקמעסער. פאַניע איז אַ גרויסע בעריע אויף צו מאַכן געפילטע פיש, אָבער געוויינלעך מאַכט זי פיש פאַר זיך און פאַרן איינציקן זון, און היינט האָט זי זיך אונטערגענומען וויַיזן איר קונסט פאַר קיין איינהאָרע אַ פופציק פאַרשוין, דערביַי האָט זי קיינעם ניט צוגעלאָזט, מע זאָל איר העלפן. אין די אַנדערע דירעס איז אויך געווען טומלדיק. די, וואָס האָבן נאָך ניט צוגעגרייט קיין מאָטאָנע, האָבן געהאַט אַן אַרבעט טראַכטן און איבערטראַכטן, וואָס צו קויפן.

די לעצטע צוגרייטונגען גייען צום שלוס. אין דער ליוסטרע ברענען אַלע לאָמפּן, כאָטש דער לאַנגער מיַיקער טאָג האָט זיך נאָך ניט אויסגעלאָשן, אויף מיַירעוו ברענט נאָך אַ שטיק זון. דער גרויסער טיש און דער קלענערער קינדער־טיש זיַינען זייער שיין געדעקט; מיכלס פרוי איז פאַרפלאַמט, פאַרטאַראַראַמט. פאַניע זיסקינד טראָגט פונעם אונטערשטן שטאָק אויפן אייבערשטן איין טעלער פיש נאָכן צווייטן. עסטער פאַרזוכט, שפּיַיט אויס איין ביינדל, אַ צווייטס. ווײ, די פיש זיַינען מיט ביינדלעך! פאַניע איז גרייט צו שטעכן מיט אַ מעסער זיך צוזאַמען מיטן יובילאַר און מיט דער יובילאַרשע. וואָס פאַרא ביינער? דאָס ערשטע מאָל מאַכט זי פיש?

אויף איר איז אַ ראַכמאָנעס צו קוקן, זי עקט זיך.

— מיר וועלן זען, — באַרויקט זי עסטער, — צוערשט וועט דער אוילעם איבערכאַפּן עפּעס־וואָס אַנדערס... די פיש וועלן ניט אַנטלויפן...

מיט אַ שווערן טראָט גייט פאַניע אַראָפּ צו זיך אויפן אונטערשטן שטאָק. עס הערט זיך, ווי מיט איר זינגעוודיק אויסגעצויגן קאָל טיַינעט זי דאָרטן איַין מיט איר שכיינע פונעם אַנטקעגנדיקן צימער, רעוועקע גריגאָריעוונען, צו וועלכער מע גייט מיט אַלע שווערע הערצער.

— מע וועט די פיש אויפעסן און מע וועט בליַיבן גאַנץ, — פּאַסקנט רעוועקע גריגאָריעוונע.

איין מישפּאָכע נאָך דער צווייטער הייבט זיך אויף אויפן צווייטן שטאָק און קומט אַריַין צו מיכלען אין דער יאָמטעוודיק־אויסגעפּוצטער דירע. באַשיידן, אָבער דאָך עס זאָל ווערן באַמערקט און ניט פאַרפלאָנטערט מיט די אַנדערע, לייגט יעדערער אוועק זיַין מאַטאָנע אויפן טישל אין קאָרידאָר. אינעם הויף האָט זיך אָקאָרשט צעבליט בעז, און קיינער פאַרגעסט ניט אַריַינטראָגן אַ בוקעט. מע האָט שוין אַריַינגעבראַכט אַזויפיל בוקעטן, אַז ס׳איז ניטאָ וווּ צו שטעלן און צו לייגן.

אויסער די שכיינים, זיַינען געקומען שריַיבער, און צווישן זיי אַ קירגיזישער דיכטער, וואָס האָט אַמאָל צוזאַמען מיט מיכלען פאַרבראַכט באַ דער אָזערע איסיק־קול. ער איז איצט, זיַיענדיק אין מאָסקווע, אַראָפּגעקומען צו אים און פונקט אָנגעטראָפן אויף דער סימכע; געווען איז אויך, נאַטירלעך, נאָכעם שפּיגלמאַן. ווען ער איז צוגעגאַנגען באַגריסן מיכלען, האָט דער יובילאַר מיט אַ גרויל באַמערקט, אַז אין דער בוזעם־

קעשענע שטארצט בא אים א העפט, די גרייס פון א פינף־פונטיקן לעקעך.
„כ׳מוז אומבאדינגט ארויסגאנווענען דעם העפט, אניט זײַנען מיר פאר־פאלן!“ — האָט מיכל באשלאָסן בא זיך.

זעליק קאץ איז אראָפּגעקומען מיט א שאכטל שאָקאָלאד־קאָנפּעטן אונ־טערן אָרעם, ער האָט זיך אוועקגעזעצט באם טיש צווישן צוויי מאנצבלען, אף א קילאָמעטער פון שיפּרען, וועלכע איז געזעסן לעבן רעוועקע גרי־גאָריעוונען. דער יובילאר האָט געבעטן רעוועקע גריגאָריעווגען זיך איבערזעצן אף אן אנדער פּלאץ, עס וועט איר, כאָלילע, אָנבלאָזן פון פענצטער. „דאָ קען זיצן א יונגער באָכער, וואָס האָט ניט מוירע פאר קיין צוגווינט. נו, כאָטשבי איר“, — האָט ער זיך געוועגדט צו קאצן. זע־ליק האָט גענומען רוקן מיט די שטולן און זיך דורכשטופּן אהין, ווו מע האָט אים אָנגעוויזן. שיפּרע האָט ניט געקוקט אף אים, אָבער מיט אלע כושים געפילט יעדן קליינטשינקן שפּאן זײַנעם, וואָס דערנעענטערט אים צו איר. „איך וואָלט גאָר געקאָנט זײַן א שאדכן“, — האָט מיכל געטאָן א שמייכל צו זיך אליין און דערבײַ ווידער א טראכט געטאָן, אז, מעגלעך, צוליב איר טאקע, צוליב שיפּרען, איז ער עס סאָפּקאָלסאָף אײַנגעגאנגען אפן גאנצן טומל מיטן יובילײ.

אָפּגערוקט אף א האלבן מעטער פונעם גרויסן טיש פאר דערוואקסענע, שטייט דער קינדערשער טיש. כעוורע זיצט מיט פריש־אויסגעוואשענע אויערלעך און העלדזעלעך. אייניקע האָבן צוליב דער סימכע אפילע זיך אונטערגעשוירן. לעבן יעדן קינד שטייט א טעלערל מיט קאָלטווו. דעם אויבנאָן פארנעמט דאָ באם טיש עליק. לעבן אים אף א שפּיץ בענקל ליגט א העפטל, און אלע ווײַלע קוקט זיך דער כעווערעמאן אומרויִק אום אף דעם, עליע האָט עפּעס אָנגעשריבן, און ס׳טיאָכקעט אין אים דאָס הערצל. הײַנט וועט ער צום ערשטן מאָל ארויסטרעטן פאר אן אוי־לעם.

מיכל האָט זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט מיט א פולן בעכער אין האנט, און גלײַך האָבן א פינקל געטאָן אנטקעגן דער פארגייענדיקער זון א האלבע מייע אָנגעגאָסענע בעכערס. שכיינים, וואָס זײַנען צעקריגט צווישן זיך, האָבן פארגעסן אלטע כעזשבוינעס און געקלונגען מיט די גלעז־לעך... דער באלסימכע האָט געבעטן אויסטרינקען פאר דער ליטעראטור, פאר גוטע ראָמאנען און פּאָעמעס. מע האָט געגרן זײַן ביטע אויסגעפילט, אויסגעטרונקען, צוגעביסן און גענומען זינגען „לאָמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם אונדזער טײַערן שרײַבער מעקאבל־פּאָנעם זײַן“...

ווײַטער איז מען מעקאבל־פּאָנעם געווען אלע געסט, לויטן עלטער נאָך. די אלטע, אָבער נאָך זייער זשוואווע רעוועקע גריגאָריעווגע האָט צוזאמען מיט אלעמען אויסגעזונגען „לאָמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם רעוועקע גריגאָריעווגען מעקאבל־פּאָנעם זײַן“, באם רעפרען האָט זי זיך אָבער געכאפּט, אז זי דארף דאָס מאָל שווײַגן, און אופגעהערט זינגען. זי האָט אראָפּגעלאָזט דעם גראָוון קאָפּ, און דער אוילעם איז ניט געווען פויל, און ניט קיין צוויי מאָל, נאָר דרײַ מאָל איבערגעכאזערט איר נאָמען.

מע איז מעקאבל־פּאָנעם געווען דעם שאָפער אנדריי, אָדער, ווי מע רופט אים אין הויף, אנדריושע (כאָטש ער איז שוין אלט זעקס און פערציק יאָר און האָט אן אויסגעגעבענע טאָכטער). דערהערט זײַן נאָמען, האָט אנדריושע געצומען פינטלען מיט די בלויע אויגן און מאכן מיט די הענט אזעלכע באוועגונגען, ווי ער וואָלט געזעסן אין זײַן קאבינע און דארף ארויספירן די פארבלאָנדזשעטע מאשין מיט די פּאסאזשירן אף א דערעך. רעוועקע גריגאָריעוונע האָט זיך אָנגעבויגן צו אים און געצומען איבערזעצן, וואָס מע זינגט. דערבײַ, ווי די טעווע איז פון א סאך איבערזעצערס, האָט זי אויך צוגעגעבן א ביסל אייגנס. באַ איר אין מויל האָט דער „מעקאבל־פּאָנעם" געקלונגען לעפּ׳ערעך אזוי:

— לאָמיר אלע ארומנעמען אונדזער טײַערן שאָפער פון דער אווטאָבאזע נומער דרײַ, דעם מיטגליד פון אונדזער גאס־קאָמיטעט, אונדזער ליבן שאָכן אנדריי וואסיליעוויטש קאָראבעלניקאָוו.

זי האָט עס אים הויך ארײַנגעזונגען אינעם אויער און בייסמײַסע צוגעפּאטשט מיט די שפּיץ פינגער פון די רויטע געקארבטע הענט. אנדריושע האָט זיך אופגעהויבן פונעם בענקל און, בײַקומענדיק די אײַנגעבוירענע שעמעוודיקײַט, געזאָגט עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן זייער גערירט דעם יובילייאר.

— ווי פרי איך שטיי ניט אוף, — האָט ער אָנגעהויבן, דרייענדיק אין פארלעגנהײַט א ברויט־קײַקעלע צווישן די פינגער, — זע איך, אז עס לײַכט זיך שוין אפן צווייטן שטאָק, אין פענצטערל... אונדזער אימעניניק ארבעט א סאך, און אויב א מענטש ארבעט, מוז זיך באַ אים עפּעס באַקומען. כ׳לאד אײַך אײַן, מיכאיל לאזארעוויטש, דורכפאָרן זיך מיט מיר אין א ווײַטן רייס. צוערשט וועלן מיר האָבן א גלײַכן, אספאלטירטן וועג, דערנאָך וועלן זײַן אומוועגן, בלאָטיקע זומפּיקע ערטער, נאָר איר מעגט זײַן זיכער, כ׳וועל אײַך דורכפירן דורך אלע געפארן, און א גאנצן, און א געזונטן ברענגען אהיים. איר וועט באשרײַבן, וואָס איר וועט זען.

— מאסקים, אפילו מאָרגן, — האָט מיכל א דריק געטאָן אנדריושען די האנט און זיך צעקושט מיט אים.

פאניע מיט אירע פּיש האָט דערווײַל ניט גערוט. רײַבנדיק דאָס נײַע טונקל־רויטע זײַדענע קלייד אָן דער וואנט, האָט זי זיך דורכגערוקט צום אָרט, ווו ס׳איז געזעסן מיכל, און פּאָדערנדיק און בעטנדיק, אין טיפן אגמעסנעפּעש, ארויסגעשעפּטשעט:

— איך דערלאנג די פּיש!

אין א פּאָר ווײַלעס ארום האָט זיך באוויזן א מאיאָנטעק פּיש. ניט טויט, ניט לעבעדיק איז מיכלס פרוי געלאָפן פון איין גאסט צום צווייטן און אײַנגערוימט אין אויער:

— פּאָרזיכטיקער, עס מאכן זיך ביינדלעך!

גאָט צו דאנקען, קיינער האָט זיך ניט דערוואָרגן, נאָר באַ זעליקן קאצן האָט זיך עפּעס געשטעלט אין האלדז, אָבער שיפרע האָט אים געגעבן א גוטן קלאפּ מיטן פויסטל איבערן רוקן און ס׳איז גלײַך אדורך.

שיפּרען איז געווען גוט. יעדער שטריך פון פּאָנעם, יעדע באַוועגונג פון איר האַנט, יעדער שמייכל האָט אויסגעזאָגט, אַז זי פילט זיך גוט היינטיקן אָוונט, אַז ס'איז איר פריילעך, און אַלע אַרום זײַנען גאָלדענע מענטשן. קאַץ האָט אונטערגעלייגט שיפּרען אין טעלערל פאַרשיידענע דעליקאַטעסן. געראָדט האָט ער מיט איר האַלב אויף שפּאַניש, און זי האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען יעדער וואָרט.

נאָר איין מענטש — דעם יוביליאַרס זון, זעליק, האָט דערווײַל ניט געהאַט קיין האַנאָע פון דער גאַנצער שׂימחה. לעבן אים אויפן בענקל איז געלעגן דאָס העפטל, וואָס ער דאַרף באַלד לייענען. צוערשט האָט איינער אַ נאָוועליסט מיט טיף־זיצנדיקע אויגן, וואָס קוקן אַרויס ווי פון זייער ווײַט און דאָך זעען זיי און באַמערקן אַלץ, איבערגעלייענט אַ קליינינקע דערציילונג, וואָס האָט געהייסן „פּופּציק יאָר" און איז געווען געווידמעט מיכלען. דערנאָך האָט זיך פאַר דער קעשענע געגומען נאָכעם שפּיגלמאַן. אַלע באַם טיש זײַנען געבליבן זיצן, ווי די טויטע. נאָכעם האָט אַרויס־געשלעפּט אַ פּאַק, וואָס האָט געזאָלט סטײַען צו לייענען אויף אַ גאַנצער נאַכט, און געגומען זוכן אין די קעשענעס די ברילן.

— זע, טאַקע ניטאָ, צי דען האָב איך זיי איבערגעלאָזט אין דער היים? ווי קומט עס, האַ?

דער אוילעם האָט לײַכט אָפּגעעטעמט.

זעליק האָט געלייענט עטלעכע מיגוט. דאָס קעלכל האָט געציטערט, אייניקע ווערטער האָט ער אײַנגעשלונגען אין זיך, און די צוהערער איז שווער געווען אויפצוכאַפּן דעם פאָדעם פון דעם סיפּער־האַמײַסע. דערצו איז שוין די שׂימחה געווען אין אַזאַ סטאַדיע, ווען ס'ווילט זיך ניט הערן יענעם, נאָר אַליין ריידן. בלויז דער טאַטע האָט ניט אַראָפּגענומען פון זעליקן די אויגן, און נאָכן קינדס לייענען אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:
— כלעבן, ניט שלעכט... פאַראַן, דאַכט זיך, אַ קערנדל...

טענץ זײַנען קימאַט ניט געווען, ווײַל דער דיל איז שוין אין די יאָרן, דערצו איז ער דאָך ניט בלויז אַ דיל, נאָר אויך אַ סטעליע פאַר די אײַנוווינער פון אונטערשטן שטאָק. דעריקער האָבן געטאַנצט צוויי פּאָרלעך — רעוועקע גריגאָריעווונע מיט אַנדריושען און זעליק מיט שיפּרען. די ערשטע איז אַרויס רעוועקע גריגאָריעווונע, נאָכשלעפּנדיק נאָך זיך אַנדריושען, וואָס האָט פוילבלעך און ווי פאַרשלאָפן זיך אָוועקגעשטעלט אויפן פּרײַ־געמאַכטן פּלאַץ לעבן דער טיר און געקוקט אין די זײַטן מיט פאַרגעפּלטע אויגן, דערנאָך האָט ער פּאַוואָליע געמאַכט אַ פּאָר טריטע־לעך אַהין און צוריק, אײַנגעבויגן די פּיס אין די קני און מיטאַמאָל אונטערגעשפּרונגען אין דער הייך מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער אַלטער דיל איז טאַקע שיר ניט אײַנגעבראָכן געוואָרן. אַנדריושע איז אַוועק אין אַ וויכערדיקן האָפּאַק, רעוועקע גריגאָריעווונע איז שטיל געשוווּמען אים אַנטקעגן, אונטערזינגענדיק מיט די ליפּן אַ ניגנדל פון „מאָלדאַוואַנעסקו". זעליק קאַץ האָט וואַלסירט מיט שיפּרען, ער האָט זיך געדרייט מיט איר, ווי אַ מאַזלדיק כאַנעקע־דריידל, וואָס פאַלט שטענדיק אויפן „גימל".

עס איז שוין געווען שפּעט, ווען די געסט האָבן גענומען זיך פאַנאַנ־דערגיין. זעליק איז אַוועק צווישן די לעצטע, און שיפרע איז געגאַנגען אים באַגלייטן.

ווײַזט אויס, אַז דער אויטאָבוס איז לאַנג ניט געווען, ווײַל זי האָט זיך אומגעקערט ערשט אין אַ צײַט אַרום. דערנאָך האָט זי אין איר צימערל געזונגען.

„זי האָט, דוכט מיר, קיינמאָל אַזוי ניט געזונגען", — האָט מיכל אַ טראַכט געטאָן, און מיטאַמאָל האָט גופא באַ אים אין די אויגן זײַן יובילײ באַ־קומען גאָר אַן אַנדער כיין. געוויס קלערט איצט ניט שיפרע וועגן יובי־ליאַר, וועגן זײַנע פופציק יאָר און גראָווע האָר, אָבער אָט דער אָוונט וועט זיך איר פאַרגעדענקען אויף לאַנג, קאָן זײַן אויף שטענדיק. אויב ס׳איז איר באַשערט אַן עמעסע ליבע, איז, מעגלעך, אַז די ליבע האָט זיך אָנגע־הויבן הײַנט... און אויב אַ פּאָר שכיינעס אין הויף וועלן מאָרגן שוין ניט בלאָזן זיך איינע אויף דער אַנדערער, האָבן זיי זיך איבערגעבעטן הײַנט באַ אים אין צימער...

אָט האָסטו דיר אַ דערציילונג מיט אַ פײַנעם מוסער־האַסקל. דער מו־סער־האַסקל איז: אַ מענטש דאַרף שטענדיק שטרעבן צו טאָן גוטס, ער דאַרף עס טאָן אויף אַלע אויפאַנים, באַ יעדער מעגלעכקײַט, באַ יעדער גע־לעגנהײַט, און אַוואַדע אויך באַ דער געלעגנהײַט פון אַ יובילײ. יעדער אייגן שטיקל סימכע האָט נאָר דאַן אַ געוויסן זין און ווערט, ווען זי ברענגט אַ ביסל גענוס און פריידּ נאָך עמעצן.

מיכל נעמט אַרויס דאָס נאָטיץ־ביכל און שרײַבט אײַליק עפּעס אַרײַן. ער איז צופרידן, ער האָט אַ פאַרטיקן סוזשעט, לעבעדיקע העלדן, אַ גוטן מוסער־האַסקל. וואָס נאָך דאַרף אַ שרײַבער?..

# אינהאלט

*Ген Тевье Григорьевич*

# НАШИ ВРЕМЕНА

*(На еврейском языке)*

М., «Советский писатель», 1972, 448 стр. План выпуска 1972 г. № 183. Художник *Г. З. Перкель.* Редактор *М. Я. Шульман.* Худож. редактор *Е. Ф. Капустин.* Техн. редактор *Р. Я. Соколова.* Корректор *А. Б. Стрельник.* Сдано в набор 1/XI 1971 г. Подписано к печати 18/VII 1972 г. А 05951. Бумага 84×108$^{1}/_{32}$. № 1. Печ. л. 14 (23,52). Уч.-изд. л. 27,36. Тираж 3 000 экз. Заказ 873. Цена 1 руб. Издательство «Советский писатель» Москва К-9, Б. Гнездниковский пер. 10. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» Главполиграфпрома Комитета по печати при Совете Министров СССР г. Москва, пер. Аксакова, 13.

7-3-3
183-72